בס"ד.

## פתח דבר

בתודה ושבח להשי"ת, הננו מוציאים לאור בהוצאה חדשה עם הוספות את ספר שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א ה'תשל"ט חלק ג' (הכולל "הנחות" מכל השיחות שנאמרו מר"ח סיון עד ליל ערב ראש השנה), והוא חכרך הארבעים ואחד בסדרת ה"הנחות" (רשימות השומעים) משיחות קודש כ"ק אדמו"ר שליט"א שיצאו לאור בעזהי"ת.

בהוצאה זו השתדלנו להשלים (עד כמה שהי' באפשרותינו) את כל השיחות החסרות[1] בהוצאות קודמות, וכמבואר בפרטיות בה"פתח דבר" לכרך הראשון - שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א תש"י-י"א.

* * *

בכרך זה נוספו:

א) בתחילת הספר - מפתח כללי.

ב) בפנים הספר - שיחות שונות[2], מהם הנחות פרטיות שלא י"ל ע"ע. ומהם - התוועדויות שבימי החול - שנרשמו בפעם הראשונה ע"פ סרט הקלטה, ולשלימות הדבר יבואו גם שיחות החסרות שהופיעו בלקו"ש וכיו"ב.

ג) בסוף הספר - ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א - בזמנים שונים - מרשימות פרטיות של אחדים מהת'.

ד) לתועלת הלומדים והמעיינים - הוספנו בתחלת הספר מפתח מפורט לכל התוועדות בפני עצמה, תוכן השיחות דהתוועדות זו.

ה) בסוף הספר - רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א והמקומות שנדפסו שם[3].

* * *

יש להדגיש שוב ושוב, שהנחות אלו נרשמו עפ"י זכרון השומעים (בהתוועדויות שבימי החול - ע"פ "סרט הקלטה"), ואינן מוגהות ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, ולכן אינם אלא על אחריות הרושמים בלבד, ואפשר שיש בהם טעויות ואי-הבנות.

ובמיוחד הדברים אמורים לגבי ה"הנחות פרטיות" שבהוצאה זו, שהיות ונרשמו ע"י אנשים פרטיים ולא עברו אפילו הגהה של בר סמכא, יתכן מאד שיש בהם טעויות הן בסגנון והן בהבנת הדברים.

* * *

תודתנו נתונה לכל אלו שמסרו את השיחות שבידם ע"מ לפרסמן, ולכל אלו שעזרונו בכל שלבי ההכנה לדפוס.

ויה"ד שנזכה להו"ל בקרוב את כל השיחות קודש, ע"פ התכנית המיוחלת, לרוות צמאונם של אחינו בנ"י בכל העולם כולו.

המוציאים לאור

יו"ד שבט, ה'תשמ"ו.

ברוקלין, נ.י.



---

1) ע"פ "מפתח מאמרים שיחות ומכתבים" שבעריכת הרה"ת י.י. שגלוב שי' (קה"ת, תשמ"א).

2) ר"ח סיון - לנשי חב"ד, שיחות אור לערב חג השבועות, י"ב תמוז.

3) ולהעיר, לפעמים צויין בהשיחות ביחס לקטע מסויים "י"ל בפ"ע", והכוונה (בכמה מקומות) ללקוטי שיחות שצויינו ברשימה זו.

# מפתח

## תשל"ם חלק ג'

## הוספות



* * *

## מפתח ענינים

### תשל"ט חלק ג'

### ר"ח סיון - לנשי חב"ד



### ג' סיון



### אור לועש"ק ערב חגה"ש

יום ב׳ דחג השבועות

## מוצאי ש"פ נשא



## כ"ו סיון, למסיימות

## מוצאי ש"פ שלח מבה"ח תמוז



## מוצאי ש"פ חו"ב, י"ב תמוז

## י"ג תמוז

שיחה א':

ע"ד ג' תקופות בעבודת אדמו"ר מהוריי"צ אחר עלותו לנשיאות: בן מ', בן נ', בן ס'.

שיחה ב':

המשך ביאור ג' התקופות בחייו.

שיחה ג':

צ"ל התוועדויות די"ב תמוז בפירסום הכי גדול.

שיחה ד':

יתרון האור מן החושך בגאולה; ע"ד המצב בארה"ק; הקשר לפ' השבוע, "חיבת הארץ" דבנות צלפחד וכו'.

שיחה ה':

ע"ד "מעדיטיישאן" (מדיטצי').

שיחה ו':

מגאולת י"ב תמוז לגאולה העתידה.

## ט"ו תמוז

שיחה א':

שיחה ב':



שיחה ג':



שיחה ד':



### קטע ט"ו תמוז



### שבעה עשר בתמוז

מוצאי ש"פ מטו"מ, סבה"ח מנ"א

## ליל ט"ו באב



## כ' מנחם-אב

ד' אלול



ו' אלול - לתלמידות מחנה "אמונה"



ח"י אלול

ש"פ נצו"י



ז"ך אלול - לנשי ובנות ישראל

## ליל ערב ר"ה



* * *

בס"ד. שיחה להמשתתפות בכינוס של אגודת נשי ובנות חב"ד תחיינה,
יום א', ר"ח סיון תשל"ט. **הנחה פרטית בלתי מוגה**

בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען, זאגט דעמאלט תורת חיים - אונזערע תורה, וואס די באשרייבט און ווייזט אן די אמת'קייט און די נשמה פון יעדער זאך און פאסירונג, אז די עצם צוזאמענקלייבן פון אידן, דאס ברייננט אראפ נאך מער אנטפלעקונג פון געטלעכקייט פון דעם אויבערשטן אין וועלט.

כאטש אפילו בשעת מען קוקט אין וועלט איינפאכט מיט די אויגן זעט מען דאך גשמיות'דיקע זאכן, ווארום די אויג קאן דאך ניט זען רוחניות, זי זעט נאר א זאך וואס מען קען אנטאפן, אדער וואס מאכט א טומל, אדער וואס פארנעמט א פלאץ, אבער ניט קיין רוחניות'דיקע זאכן, האט מען אבער די תורת אמת - די אנווייזונג, אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט מיט אלע זאכן וואס זיינען דא אין וועלט, און ווימנדיק אז דאס איז אזוי אין יעדער זאך וואס מען זעט, ניט נאר אז דאס באהאלט ניט די רוחניות - די נשמה פון די זאך, נאר פארקערט, בשעת מען טראכט זיך ארייין פארשטייט מען אז לויט די אנווייזונגען פון די תורה אז דאס איז א באווייז - א הוכחה אויף די מעכטיקייט - אויף די כוח פון דעם אויבערשטן וואס האט אלץ באשאפן.

און ווי דוד המלך זאגט אין נאמען פון יעדן אידן, און פון אלע אידן, וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "נעים זמירות ישראל", אז די זמירות - די תהלים וואס ער האט געזאגט, האט ער געזאגט אין נאמען אלע פארשטייער פון יעדן אידן און אלע אידן פון אלע דורות, "מה רבו מעשיך" און "מה גדלו מעשיך", אז בשעת "אראה שמיך מעשה אצבעותיך", בשעת ער האט געזען די הימל, נאך דערזען אויך די זאכן וואס זיינען דא אונטן - אין די וועלט, האט דאס אים געבראכט צו נאך מער און נאך א טיפערער אנערקענונג, פון דעם אויבערשטן און זיין גרויסקייט און אז די גרויסקייט באשטייט אין דעם אז ער געפינט זיך סיי בשמים ממעל סיי בארץ מתחת, סיי אין די הויבט זאכן און אזוי אויך אין די זאכן וואס לויט א מענטשליכע אפשאצונג זיינען זיי גאר נידעריקע זאכן, ווארום ווי געזאגט - האט ער באשאפן סיי די הימלען און סיי די ערד. וואס דאס איז אויך א רמז און א אנדייטונג אז אין די וועלט גופא איז דא זאכן וואס די וועלט האט באטראכט אלץ "המיליי" זאכן - אלץ הייליקע זאכן, און אלץ גוטע זאכן, אלץ רוחניות'דיקע זאכן, איז דא זאכן וואס ווערן באטראכט אלץ ערדישע זאכן כאטש אפילו מען נויטיקט זיך אין זיך אין דעם, ווארום אויב ניט וואלט דער אויבערשטער זיי ניט באשאפן, אבער דאס אין די נויטיקייט גופא אויפן ערשטן קוק איז דאס ניט רוחניות'דיקע נאר א גשמיות'דיקע.

ווארום ווי א ביישפיל - די אונטערשייד בשעת א מענטש עסט און טרינקט אדער בשעת א מענטש טוט א גוטע זאך, ווי א צדקה אדער א מצוה ווי ענליכעס, יעדער מענטש פארשטייט אז די באציאונגס און די עדך און די אונטערשייד צווישן די צוויי זאכן איז - אז עסן און טרינקען מוז מען טאקע האבן, אז די נשמה זאל זיין פארבונדן מיט דעם גוף. אבער דאס איז גשמיות און ארץ לגבי די הויכקייט און טלימות... פון א מענטשן ווען ער טוט א מצוה בכלל און די מצוה פון צדקה בפרט.

האט מען אונז אנגעוויזן, אז בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען כאטש אז יעדערער איז א באזונדערע מציאות, און זיי קלייבן זיך צוזאמען וואס דאס באווייזט אויף די פארבונדן'קייט און די איינציקייט וואס ברייננט זיי אלע צוזאמען, איז די זאך אליין פאר זיי האבן זיך עפעס צו טאן און אויסנוצן די צוזאמען קלייבן אויף גוטע זאכן - איז שוין דער באווייז אויף די געטליכע פונקט, אויף די געטליכע נשמה וואס איז דא ביי יעדן אידן.

און מצד דערויף דערקלערט דער אלטער רבי בפרטיות אין זיין ספר תניא

אין די 32 פרק אין תניא

[וואס דער אמת אין דעררויף איז דאך, אז 32 אין לשון הקודש - אין די הייליקע שפראך - איז דאך לב, וואס דאס באווייזט אויף די הארץ, וואס פונקט אזוי ווי די הארץ, וואס דאס באלעבט די גוף און דאס פארבינדט אלע איברים פון די גוף צוזאמען, כאטש עס איז צווישן זיי גאר גרויסע אונטערשיידען, ווי די אונטערשייד פון די קאפ מיט די פיס, מיט נאך פרטים וואס דערפאר איז דא מערערע איברים און טיילינג פון די איברים. און די הארץ - אלע הארבעט איז אויף צוזאמענבינדן די אלע איברים צוזאמען, ביז וואנעט אז עס ווערט איין און איינציקע גוף. איז אזוי אויעך אין די 32 פרק אין תניא דערקלערט ער]:

אז אלע אידן כאטש זיי זיינען פאנאנדערגעטיילט אין באזונדערע גופים, און דאס נאך מער וויכטיקער - אז די האבן פארשידענע נשמות. וואס דערפאר איז די חילוק פון כהנים לוים ישראלים, די חילוק - ווי די פסוק רעכענט זיי אויס - פון "ראשיכם שבטיכם" די וואס די אויבערשטער האט זיי געשיקט אין דער וועלט און געגעבן זיי די מעגלעכקייט, און מיט די כשרונות אז זיי זאלן זיין אנפירער פון א משפחה, אנפירער פון א שטאט, אנפירער פון א קהילה און ווייטער, ביז "שואב מימיך" אט רער וואס זיין שליחות איז אז ער זאל שטעלן פרישע וואסער און ריינע וואסער און גוטע וואסער, אין יעדער הוידזוואס עס געפינען דארטן די אויבערשטערס באשפענישן.

וואס דאס איז אויכעט א וויכטיקע שליחות, אבער מען קען דאס ניט גלייכן צו די שליחות פון אנפירען און בפרט אנפירן מיט א סאך אידן, איז פון ווערן זיי אלע פאראייניצקט (ווי די אלטע רבי פארקלערט דארטן בארוכה מיט א לענגערע ערקלערונג) ביז וואנעט אז עס ווערט "גוי אחד בארץ" איין און איינציקן פאלק.

ובפרט אז פון דעם צוזאמענקומען זיך קומט דערנאך ארויס דורך די באשלוסן וואס מען מאכט ביי דעם צוזאמענקומען, עבינים פון טוב און קדושה קומען ארויס באשלוסן פון צוגעבן און טאן נאך מערער אין אלע ענינים פון גוט און טוב און רוחניות, איז אט דעמולט ווערט אין דעררויף אנטפלעקט די געטליכע פונקט וואס איז דאך ביי יעדען אידן נאך מערער. און ס'ווערט נאך דעם די פעולה נמשכת סיי ווערט אויס פארגיזעצט אז בשעת דערנאך אין די משך פון די גאנצע יאר ביז די צווייטע מאל צוזאמען קומענזאך, איז יעדער פעולה טובה יעדער גוטע זאך וואס מען טוט לויט די באשלוס פון די צוזאמענקומען האט דאס א פארבונדנקייט און דאס איז אויכעט אנטפלעקט דעמולט די גוטסקייט און די וויכטיקייט פון דעם צזואמענקומען, מיט דעם עזר פון די אויבערשטער מיט די הילף וואס די אויבערשטער האט געגעבן אז מען זאך אנעמען גוטע באשלוסן און דערנאך דורך פירן בפועל וואס "המעשה הוא העיקר", אז א גוטע באשלוס - די שלימות זיינע (די גוטסקייט זיינע) קומט ארויס בפועל אז ער ווערט דורכגעפירט דערנאך אין די טאג טעגליכן לעבן, האט עס אין זיך דערנאך די שטארקייט, האט זיי אין זיך די אויבערשטערס ברכה והצלחה במשך פון די גאנצע יאר, ווי מ'האט דאס באקומען במשך פון די צוזאמענקלייבן זיך.

און בפרט אז די צוזאמענקלייבן זיך איז געווען אין א מקום קדוש - אין א ארט וואו אידן דאווענען צום אויבערשטן, און אין א ארט וואו אידן לערנען דעם אויבערשטערס תורה, און אין א ארט וואו אידן טוען מצות צדקה און (ענלעכס), וואס דאס אלע איז נאך מער מוסיף - דאס גיט נאך מער צו, ס'מאכט נאך מער גלוי-אנטפלעקט, ווי דאס איז די אינערקייט, די פנימיות פון יעדער אידן, איז ווי יעדער פארשטייט זיך "גופם טפל ונטמתם עיקר", יעדער פארשטייט אז כאטש די גוף זיינען קען ער אנטאפן און ער זעט אים און פארנעמט א ארט און אזוי ווייטער, אבער ער פארשטייט אז די וויכטיקע טייל אין אים איז די נשמה - וואס באלעבט די גוף. כאטש די נשמה, ניט ער קען זען מיט פליישיקע אויגען, ניט ער קען אנטאפן מיט גשמיות'דיקע האנט, איז דאס אבער קיין ספק ניט. און דאס באווירקט אויף זיינע גאנצע אויפפירן - אז ער דארף זען אז די "נשמה שנתת בי - טהורה היא",

אז די ריין און ליכטיקע נשמה וואס די אויבערשטער האט אים געגעבן, זאל זי זיין אין איר גאנצע ריינקייט, און זי זאל אנפירן מיט די גוף, ביז אין אזא מיט אופן אז די גוף און די נשמה זיינען ניט צוויי באזונדערע זאכן, נאר אז פון ביידע שטעלט זיך צוזאמען דער איד אין זיין שלימות - אין זיין גאנצקייט. און ס'ווערט א געזונטער איד בגשמיות וברוחניות וואס פירט דורך זיין שליחות וואס די אויבערשטער האט אים געגעבן, אויף דורכפירן דעם אויבערשטערס וויל און רצון אין יעדער ארט ווי ער געפינט זיך - אנהויבנדיק פון זיי הויז און זיין משפחה און אן אזא מין אופן אז דאס זאל באלייכטן זיין טייל בעולם אין וועלט וואו ער קען משפיע זיין און ווירקן זאל אויך דארטן דורכפירן זיין שליחות - דורך דערויף וואס מען וועט דערקענען, אז דאס איז א וועלט ניט קיין הפקר ח"ו, נאר "יש בעה"ב לבירה זו", אז די וועלט האט א בעה"ב וואס דאס איז די אויבערשטער, און דערפאר פירט זיך אויף זיין חלק, און אזוי אויך א חלק פון א צווייטן אידן, און אזוי אויך די גאנצע וועלט ווי די רצון פון אויבערשטער.

און בשעת אידן וועלן פארענדיקן דעם שליחות וועט אין די וועלט אנטפלעקט ווערן די ענין פון משיח, דורך דערויף וואס משיח וועט קומען. וואס זיין ענין איז "לתקן עולם במלכות שד-י" - אוועקשטעלן די וועלט אז אלע זאלן זען, אפילו עמי הארץ - אנדערע פעלקער, אז די וועלט געהערט און געפינט זיך אונטער די אנפירונג פון די אויבערשטן וואס די צוגרייטונג דערצו, הייבגט אפ אין יעדערע פון אונז און פון כלל ישראל. און אז מען טוט דאס בשמחה ובטוב לבב מיט א פרייליכקייט, און מיט דיג אבצע הארצן וואס דאס איז דאך א אידשע הארץ א טוב לב, ווערט דאס אפגעטאן שנעלער, ווטי ער ווערטיס, און דאס רייבגט שנעלער די גאולה פון משיח, ווי מען האפט און ווי מען זאגט ב"אני מאמין" אז ער וועט קומען און אונז ארויסנעמען פון גלות און ברייבגען די אמת'ע גאולה.

וויבאלד אז יעדער זאך איז פארבונדן מיט די אויבערשטער, ווארום ער האט באשאפן יעדער זאך, איז דערפון פארשטאנדיק בנוגע דער פאסירונג, בפרט ווי א וויכטיקע זאך ווי צוזאמען קלייבן אידן צוזאמען, כן תרבינה פון א גרעסערע צאל אידן, איז זיכער אז יעדער פרט דערפון איז בשגחה פרטית - אז די אויבערשטער האט דאס אזוי אויסגעקליבן אז מען זאך זיך צוזאמען קלייבן אין דער באשטימטע צייט.

און אין דערויף געפינט מען אן אפלערנונג - ווי די בעש"ט טייטש דאס אפ - איז אין יעדער זאך אין וועלט וואס א איד דערהערט אדער דערזעט איז אין דערויף דא אן אנווייזונג - א תורה והוראה פאר א אידן, וואס דאס גיט אים צו נאך מער ליכטיקייט ווי אזוי ער דארף זיך פירן. וואס זיין פירונגס און זיין שליחות איז, ווי געזאגט פריער, זיין א שליח פון די אויבערשטער מאכן די וועלט בעסער און הייליקער. און אין דערויף וואס דאס ברייבגט אויך שלום און רויקייט, ווי זיי איז געווען איידער ער האט געטאן די זאכן וואס ער גייט טאן במעשה אדער אפילו בדיבור - דורך זייבע רייד, אדער אפילו דורך זייבע טראכטן [וואס די מחשבה פון א מענטשן זיך דערנאך זיין רעדן און זיין טאן אז זיי זאלן זיין ווי עס דארף זיין הויבט זיך אן דערפון ווי זיי טראכטן איז ווי עס דארף זיין].

וואס הייבטיקע יאר איז אויסגעקומען אז מען קלייבט צוזאמען, די התוועדות, איז דאס "בחודש השלישי ביום הזה באו" אין די דריטע חודש לויט די ציילן ביי אידן וואס די ערשטע חודש איז ניסן און דערנאך קומט חודש אייר און דערנאך חודש סיון, ו"ביום הזה" אין דעם טאג וואס ס'הויבט זיך אן "בחודש השלישי" וואס דאס איז ר"ח סיון - דעם טאג פון ר"ח פון די 3טע חודש. וואס יעדער טאג האט זיין וויכטיקייט און הוראה, ווי געזאגט פריער, וואס מען דארף דערפון אפלערנען.

די אפלערנען פון ר"ח פון חודש השלישי, ווערט דערציילט אין חומש גאר אין אן אנטפלעקטע אופן, אז דאס איז געווען דעם טאג וואס אידן האבן געקומען באענט צו הר סיני "ויחן שם ישראל נגד ההר", און דארטן האבן זיי באזעצט אין א קביעות אופן אנטקעגן הר סיני.

וואס דער ענין פון סיני איז אז דארטן האט מען געגעבן די תורה. וואס דערפאר ווערט די דריטע חודש אויך אנגערופן דער חודש וואס די אידן האבן באקומען די תורה.

די חודש ווערט אנגערופן מיט די נאמען אז דאס איז די דריטע חודש, און ווי די גמרא אונטערשטרייכט אז דאס האט א וויכטיקייט - וואס דאס איז די דריטע חודש. אין צוזאמענהייט מיט די צענטראלע פונקט (מיט צענטראלע זאך) וואס האט געטראפן אי דעם חודש, וואס דאס איז מתן תורה - וואס אידן האבן באקומען תורה. און מען אונטערשטרייכט אז תורה איז געגעבן געווארן אין דעם דריטן חודש, געגעבן געווארן אין אזא מין אופן אז זי ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף דריי חלקים - אויף חומש נביאים וכתובים. געגעבן געווארן פון א מענטשן וואס זיין נאמען באשטייט אויכעט דורך דריי אותיות - דורך משה רבינו. וואס דער נאמען האט דריי אותיות, און ער איז געווען די דריטע קינד ביי זיינע עלטערן - עס איז געווען מרים אהרן און משה איז געווען די דריטע. און געגעבן געווארן צו די אידישע פאלק וואס ער איז אויכעט געטיילט אויף דריי חלקים כהנים לוים און ישראלים.

וויבאלד אז תורה אונטערשטרייכט די וויכטיקייט פון דריי איז פארשטאנדיק אז אין דערויף איז אן אפלערנונג. וואס דאס וועט מען פארשטיין פארבונדן מיט נאך א פראגע - נאך א שאלה, וואס איז דא אין דעם:

דאס וואס מען זאגט אז די חודש איז החודש השלישי, איז אחוץ דערויף וואס דאס איז די דריטע חודש, האט זי אין זיך נאך פילע זאכן, ער ווערט אויכעט אנגערופן חודש סיון, ווי מען זאגט אין ברכת החודש (ווען מען בענטשט די חודש - דערמאנט מען חודש סיון). ער האט נאך פארשידענע פאסירונגען וואס זיינען געווען אין דעם חודש, ביז וואנעט וואס מען זאגט אז אנהויבנדיק - אעכענענדיק - פון ראש השנה, איז דאס ניט די דריטע חודש, נאר גאר די ניינטע חודש. אזוי אויכעט אז מען זאגט אז אידן זיינען אנגערופן א דרייענדיקען פאלק, דערפאר וואס זיי טיילן זיך אויף כהנים לוים ישראלים - געפינט מען זיך אויכעט אז אידן טיילן זיך אויכעט אויף 12 שבטים, ביז וואנעט אז זיי ווערן געטיילט אויף זעקס רבוא - 600,000 איינצלהייטן, און נאך מערער - ווי מען האט געלייענט אין דעם סדרה דעם שבת די צאל וואס מען האט געציילט אידן. און ניט אז די סדרה אונטערשרייכט אז אידזל זיינען געווען אין א אופן פון דריי, פון דריי סוגים פון דריי קאטיגאריא'ס, נאר ווי זיי זיינען פאנאנדערגעטיילט אויף 12 שבטים מיט א 13 שבט - שבט לוי, פאנאנדערגעטיילט אויף הונדערטער טויזענט באזונדערע מענטשן.

על דרך זה אויכעט אז מען זאגט אז תורה איז "אוריין תליתאי" אז תורה וואס ווערט געטיילט אין דריי סוגים - געפינט מען אויכעט אז תורה ווערט געטיילט אויך אין אנדערע אופנים. עס האט פינף חומשים, האט 24 ספרי קודש, האט 60 מסכתות, און נאך פארשידענע פאנאנדערטיילונגען, און דא אונטערשטרייכט מען די זאך וואס תורה איז געטיילט אויף דריי חלקים -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז צו די זאך פון באקומען תורה, איז דאך וויכטיק אט די זאך וואס איז פארבונדן מיט די צאל פון דריי.

וואס איז די אפלערנונג און די הוראה וואס מען קען דערפון ארויסנעמען בנוגע צו די מענטשן'ס אויפפירן דורכן גאנצע יאר? דער אויפטו פון דריי איז:

אז ווען ס'איז איינער - דארף מען ניט קיין השתדלות, מען האט ניט וואס צוטאן צו זען אז עס זאל זיין שלום (ניט קיין מחלוקת), דערפאר וואס מלכתחילה איז דא ניטא מער ווי איין זאך, איין שיטה, איין סברא און איין מעגלעכקייט. בשעת אז עס איז דא צוויי, באווייזט דאס אז עס איז א ענין, א מצב און א צושטאנד, אז דאס ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף צוויי זאכן. וואס דאס באווייזט היפך פון השם אחד, וואס ער איז אן איין און איינציקן, און ער האט געגעבן די תורה (ווי געזאגט פריער אז כאטש ער איז פאנאנדערגעטיילט אויף דריי, האט זי נאך פארשידענע

פאנאנדערטיילונגען, אבער דער עיקר איז אז דאס איז) תורה אחת אן איין און איינציקע תורה. בשעת עס קומט די זאך פון צוויי, איז דא א מעגלעכקייט אז אנשטאט דעם, אז פון די צוויי זאל מען מאכן אן איינציקייט,

ווי געזאגט פריער, אז די נשמה או די גוף זיינען צוויי באזונדערע זאכן, און די וויכטיקייט פון מאכן דערפון איין און איינציקע זאך. וואס דאס טוט אויף - בשעת עס ווערט - די זאך פון דריי, וואס די דריטע איז זיין תפקיד, זיין שליחות, אז ער זאל מאכן שלום צווישן די צוויי וואס זיינען געווען פאר דעריף. אז ניט נאר עס זאל ניט זיין קיין מחלוקת צווישן זיי, און ניט נאר עס זאל ניט זיין אפילו קיין מחלוקת נאר יעדער איז א באזונדערע זאך, נאר זאל זיין פון צוויי (דורך זיין באטיילונג אין דער זאך זאל ער מאכן אז עס זאל ווערן) איין און איינציקע זאך וואס ווערט אנגערופן שלישי.

בשעת מען זאגט "חודש השלישי" איז ניט די טייטש אז דאס איז דריי חדשים, דאס איז איין און איינציקע חודש, נאר ער איז די חודש וואס קומט אלץ א דריטער. אזוי אויך ווען מען זאגט אז תורה ווערט אנגערופן "ארייז תליתאי", דערפאר וואס זי האט תורה נביאים כתובים, איז ניט דער טייטש אז דאס איז דריי באזונדערע זאכן, נער פון חומש אין תורה און פון נביאים און כתובים מאכט מען אן איין און איינציקע תנ"ך א תורה אחת.

וואס לויט דעם קומט אבער אויס, אז איינץ איז נאך בעסער ווי די זאך פון דריי, ווארום דארטן קען ניט זיין די מעגלעכקייט אז עס זאל זיין א מחלוקת, און ווייניקסטן, זאל עכ"פ זיין א פאנאנדערגעטיילט.

זאגט מען אבער, אז די שליחות פון א אידן איז - אז ער זאל טאן, און אויפטאן, אז בשעת ער קומט פון אזא מין מעמד ומצב וואס דארטן איז מער ניט ווי איין און איינציקן זאך - וואס דאס איז די צושטאנד פון די אידישע נשמה איידער ער קומט אראפ דא למטה אין גוף,

[וואס דארט געפינט ער אין די הימלען תחת כסא הכבוד - לעבן דעם אויבערשטן. און ווי די אויבערשטן אליין (פארשטייט מען זיך די שלימות, די גאנצקייט, די הייליקייט ווי מען איז דעמולט), פונדעסטוועגן זעט מען, אז די אויבערשטער האט אראפגעשיקט די נשמה פון תחת כסא הכבוד - פון דעם ארט וואו עס האט זיך געפונען, וואס דער ארט איז אן איין און איינציקע זאך - עולם האחדות - איינציקייט]

און האט עס אראפגעשיקט אין א וועלט וואו מען דארף האבן א גרויסע הארעוואניע, ווארום די וועלט באשטייט פון מערערע טיילן, וואס יעדער טייל אין וועלט לגבי די איבעריקע וועלט, איז דאס ווי צוויי באזונדערע זאכן. און דאס וואס די נשמה ווערט געשיקט "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא" - פון די העכסטן ארט וואס קען זיין, ביז צו דעם טיפסטן ארט - צו דעם עולם הזה התחתון שאין תחתון למטה הימנו - אין די נידעריקסטע ארט - ווארום דארט איז דא די גרעסטער מעגלעכקייט אז עס זאל זיך די היפך פון שלום (וואס אויך די אפטייטש פון גאנצקייט) וואס דארט זאל א איד דורכפירן זיין שליחות מאכן פון צוויי - איינע, און ס'איז דאך צוויי זאכן וויל פון פון יעדער זאך וואס ער גייט צו, זעט ער אז ער דארף טאן מיט דער ענין פרטי (מיט דער ספעציעלער זאך), ווארום די גאנצע וועלט איז א באזונדערע זאך, איז במילא דא צוויי צדדים, און קומט ער אלץ א דריטער און ער מאכט פון די צוויי צדדים, מאכט ער בחודש השלישי, אז דאס ווערט אן איינציקייט.

און די איינציקייט קומט ניט דערפאר וואס ס'איז באמת געווען אן זיין השתתפות, און במילא ער האט ניט געדארפט אויף דערויף הארעווען, נאר דאס קומט אלץ א דריטער צושטאנד ווארום פריער איז געווען א צושטאנד פון צוויי באזונדערע זאכן, און ער האט געמאכט פון די צוויי זאכן אז עס זאל ווערן אן איינציקע זאך אן איינהייט, וואס אין דער איינהייט איז ניכר און ער דערקענט, אז אין דערויף איז געווען די פעולה (די אויפטו) פון א אידן. וואס ער האט געמאכט

פון די ענין פון מחלוקת וויינקסטן אויב זי איז שוין דא אויס מחלוקת, אבער ס'איז דא פירוד - מען שטייט באזונדער.

יעדער מענטש באטראכט זיך אז ער איז פאר זיך, און דער גאנצע וועלט איז א צווייטער זאך, וואס ער דארף איר אויסנוצן, און דארף פון איר האבן הנאה מיט אלע פרטים וואס קומען אלץ א תוצאה אלץ א גאנסיקוועגץ פון אזא סארט טראכטן -

האט ער אויפגעטאן, דורך דערויף וואס ער האט באקומען די תורה, וואס אין איר איז אויך אזוי - פון דריי זאכן ווערט אן איין און איינציקע זאך דוכך די עיקר וואס דאס איז חומש [און וואס דאס איז די מקור אויך אויף נביאים און כתובים, וואס דערפאר זאגט מען "מי איכא מידי דלא רמיזי בכתובא" אז עס קען ניט זיין א זאך וואס שטייט אין נביאים און כתובים סיידן זי האט א רמז, א שורש און מקור אין תורה. וואס דאס איז דער עיקר אלץ איין און איינציקער זאך, פונדעסטוועגן האט מען גענומען פון דעם חומש, און עס איז דא אויך נביאים און כתובים, און פון דריי (אלע דריי זאכן) ווערט איין און איינציקע זאך].

וואס דאס איז אויכעט, אז אידן קלייבן זיך צוזאמען, וואס יעדער איד איז א עולם מלא - א גאנצער וועלט פאר זיך, און דעמולט קען קומען דער יצר און איינרעדן אז דא איז דא צוויי באזונדערע זאכן, זיין וועלט זיינע ענינים און זיינע אינטעראסטען און דערנאך איז דא די אלע איבעריקע פארזאמלטע. וואס אמת ער רעדט מיט זיי, ער טוט מיט זיי, ער איז מיישב מיט זיי, מיט אלע פרטים וואס קומען דערפון ארויס. ער באטראכט דאס אבער - אז דאס איז צוויי באזונדערע זאכן, נאר די באזונדערע זאכן זיינען ניט באופן מלחמה ח"ו, אפילו ניט מחלוקת אפילו ניט פירוד - ס'איז אבער ניט געווארן אן איין און איינציקע זאך - א שלום אמיתי. קומט צו גיין תורה און לערנט אידן, אז בשעת מען קלייבט זיך צוזאמען, איז דאס א זיכערער זאך אז אידן קלייבן זיך צוזאמען, איז דאס כדי אז זיי זאלן ווערן נענטער איינער צום צווייטער. וואס איז שולל ס'איז ניטא קיין מעגלעכקייט אויף אנרירן א צווייטער, דאס איז אבער ניט גענוג ווארום די אידן יעדער איד האט מען געגעבן די געוואלדיקע כוחות אז ער קאן שולל זיין אז עס קען זיין קיין מחלוקת צווישן איין אידן און אלע אידן און מיט קיין איד וואס איז חוץ ממנו א צווייטן אידן ער האט די מעגלעכקייט און מען האט אים געגעבן די כוחות אז ס'זאל אפילו ניט זיין קיין פירוד, קיין פאנאנדערגעטיילט אז "שלי שלי ושלך שלך" אז ער רירט ניט טאקע דעם צווייטער'ס ניט אז ער האלט אבער אז זיינע איז זיינע, און דעם צווייטן איז דעם צווייטן'ס, און דאס איז צוויי באזונדערע זאכן, וואס דערפאר איז גם אומרים עס קאן זיין א געדאנק אז אזוי פירט זיך די וועלט און אזוי זאל דאס בלייבן.

זאגט גלייך די משנה, אז דערנאך זאל מען וויסן זיין, אז בשעת מען טראכט זיך אין דערויף אריין איז דאס די היפך וואס די אויבערשטער וויל פון אים, ביז וואנעט אז דאס איז שולל ער זאל האבן א מציאות און א קיום - זיין אידישקייט זאל האבן די גאנצקייט - אויב ער פירט ניט די שליחות צוזאמען וואס ער האט אין די גאבצער "פורפעקט פארם" ווי געזאגט פריער, כאטש עס זיינען דא כהנים לוים ישראלים ווערט דאס אבגערופן אן איין און איינציקע אומה, אבער דאס איז א "אומה תליתאי" דאס איז ביכר אז זי האט דורכגעפירט איר שליחות דורך דערויף וואס זי האט געמאכט א דריטער זאך פון די אלע דריי זאכן, איז געווארן אן איין און איינציקע זאך, און אזוי אויכעט די צוזאמענקלייבן האט אויפגעטאן אז דאס איז א זיכערער זאך אז מען רירט ניט אן א צווייטע ס'איז א זיכערער זאך אז מען העלפט ארויס די צווייטן אין אלע אופנים, אין אלע מעגלעכקייטן וואס מען האט,

דאס איז אבער ניט אין דערויף באשטייט דער אויפטו פון א אידן, ניט דורך דעם נוצט ער אויס די געטליכקע כוחות וואס מען האט אים געגעבן מיט די גאנצע שטורעם זייערע,

ביז וואנעט ער מאכט פון זיך און אלע אידן ארום זיך ביז וואנעט עס ווערט אלע צוזאמען א "אומה תליתאי" איין און איינציקע זאך וואס זי איז געווארן, און האט אין זיך די גאנצקייט (די שטארקייט) און די מסירת נפש די איבערגעגעבנקייט צו אידישקייט אויף מאכן די אלע זאכן אן איין און איינציקע זאך, וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע משה, וואס מער מ'זאגט אז ער איז געווען דער דריטער איז מודגש אז משה איז געווען אן איין און איינציקער.

וויל, וואס דארף מען אונטערשטרייכן אז ס'איז געווען נאך צוויי קינדער, דער אויפטו פון משה וואס ער איז געווען "זכרו תורת משה עבדי" וואס ער האט געגעבן תורה צו אידן,

נאר דער אויפטו פון משה איז ווי עס איז געווען דער ענין מיט תורה, ווי געזאגט פריער, אז עס ווערט סאקע צוטיילט אויף דריי זאכן אבער די אלע דריי זאכן פאראייניציקן זיך ביז וואנעט אז עס ווערט א תורה אחת - וואס מען קען גאר ניט פארנאנדערטיילן, אזוי געפינט מען אויכעט ביי משה, אז ער איז געווען לכאורה אויפן ערשטן קוק - א דריטע קינד, איז זיין ענין געווען אויך אלץ א קינד פון זיינע עלטערן פון עמרם און יוכבד אז אפילו דעמולט ווען אהרן און מרים זיינען געווען ניט צופרידן פון זיין אויפפירן און זיי האט זיך אויסגעוויזן אז דאס איז א זאך וואס על פי תורה על פי יושר, דארף דאס זיין אין און אנדער אופן, איז ניט נאר האט דאס אים ניט געבראכט אויף ווערן אפגעטיילט פון זיי, ניט נאר דאס האט אים ניט געבראכט ח"ו צו א ברוגז, נאר ער האט אזוי געטאן און אזוי גע'פועל'ט און אזוי אויסגעקומען ביז וואנעט אז ער איז געווארן די תליתאי, אז אין אים איז אויך פאראייניציקט אהרן און מרים איין זאך מיט משה רבינו, ביז וואנעט ווי די גמרא זאגט אז יעדער איינער פון זיי האט געהאט א באזונדע שליחות וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן "שלשה הרועים", יעדערער פון זיי האט צוגעשטעלט אידן א באזונדערע ענין וואס אידן האבן אין דערויף געגויטיקט זייענדיק אין מדבר,

וואס דאס איז געווען די "ענני הכבוד" וואס איז געקומען דורך אהרן, וואס זיי האבן באשיצט אידן פון אלע זאכן פון א מדבר, פון א ווילדערניש אז זיי זאלן בלייבן גאנץ און אדרבא זיי זאלן מאכן פון א מדבר אז דארטן זאל וואקסןביימער, ווי גערעדט, און אויך דערמאנט אין דער בריוו וועגן דעם.

מרים האט צוגעשטעלט לעבעדיקע וואסער און פרישע וואסער און וואסער וואס האט געזונט געמאכט יעדער אידן און אלע אידן, און אזוי אויכעט אויף אלע דורות, ווי ער דערציילט אין מדרש, וואס דאס איז דורך "בארה של מרים" דורך די קוואל וואס גערופן געווארן אויף מרים'ס נאמען, דערפאר וואס זי האט דאס געבראכט אויף אירע זכות.

ס'איז געווען אויכעט דער מן, וואס דאס האבן אידן געמוזט האבן אין מדבר, ווארום דארט האט ניט געוואקסן קיין חטה ושאורה, וואס דאס איז געקומען ב"זכותו של משה", און דערנאך האבן אלע דריי פאראייניציקט אין משה ווי דער גמרא דערקלערט דאס.

וואס אויף דערויף זאגט מען, אז דאס איז די שליחות צו יעדער אידן אז ער זאל וויסן זיין, אז דאס גופא וואס די נשמה איז אראפגעקומען אין דער וועלט וואס בשעת מען קוקט אויפן ערשטן קוק אויף יעדער זאך אין וועלט זעט מען איין זאך, און מען ווייסט אז ס'איז דא נאך א צווייטער זאך וואס דאס איז די איבעריקער וועלט, איז ניט ח"ו ער זאל דאס לאזן בלייבן ווי דאס איז, און ער וועט זיך פארנעמען מיט זיינען זאכן אלץ א דריטער, נאר פון די אלע <u>דריי</u> זאכן דארף ער אויפטאן עס זאל ווערן אן איינציקייט דורך "אוריין תליתאי", דורך דערויף וואס ער גייט אין די וועג און אנווייזונגען פון אונזערע הייליקע תורה, וואס אין איר איז אויכעט אין אזא מען מין וועג - ווי געזאגט פריער - אז מ'מאכט פון די אלע דריי זאכן איין זאך.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

און דאס איז ווי געזאגט פריער בנוגע צו אלע אידן, יעדער איד יעדער פון אונז און יעדער פון אייך און יעדערע פון כלל ישראל, האט זיך פארשידענע זאכן וואס ער דארף דורכפירן אלס דעם אויבערשטערס א שליח אין די וועלט.

ביז וואנעט אז מען זאגט אז דאס ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף 613 מצוות וואס א איד דארף מקיים זיין, דא איז אבער וויכטיק דער נקודה הפנימית (די צענטראלע נקודה) וואס איז דא אין תורה, וואס דאס איז געגעבן געווארן אין די חודש השלישי איז די וויכטיקייט אז דאס איז א זיכערער זאך אז ער דארף מקיים זיין מצוות און מערערע מצוות וואס הרבה להם תורה ומצוות, ס'איז א זיכערער זאך אז ער דארף וויסן אז ס'איז דא קיין עין הרע 600,000 מאנסבול און נאך מערער פרויען מיט קינדער, און ס'איז דא (ווי געזאגט פריער) אז אין די וועלט איז דא א גרויסער וועלט "מה גדלו מעשיך ומה רבו מעשיך",

תורה סוט אבער אויף מיט דעם אידן און באווייזט אים און מאכט אים ליכטיק, ער זאל וויסן אין וואס באשטעלט זיין עיקר שליחות אז פון די אלע דריי זאכן פון די אלע מערערע זאכן וואס זיינען דא, דארף ער מאכן אן איין און איינציקער זאך, דורכדך ערויף וואס ער לעדנט צוויי באזונדערע זאכן, ווי געזאגט פריער דער ביישפיל ביי זיך אליין פון די גוף און די נשמה, און מישט אין דערויף ארייןן די כוח און די שליחות וואס ער האט פון די אויבערשטער, ווערט דאס א רריי זאכן וואס מאכן אלע צוזאמען אן איין און איינציקער זאך - א גאנצער אידן.

און אט אזוי אויכעט קומט דאס און דריקט זיך אויכעט אויס אין די זמן (אין די צייט) ווען מען האט געגעבן די תורה, אז ס'איז אויך געווען אין אזא מין חודש וואס ער האט פארשידענע ענינים פארשידענע נעמען, ער האט אבער דער באמען וואס באווייזט דער נקודה וואס איז פארבונדן מיט די שליחות פון א אידן, ווי אנגעוויזן אין די תורה - איז דאס דאך די חודש השלישי.

ס'איז דא אויך די אנווייזונגען, אז דאס איז געווען די ראש חודש ווי דער אלטער רבי טייטש אפ בנוגע דאס וואס עס ווערט אנגערופן ראש השנה און ראש חודש, אז דאס איז ווי די דוגמא ווי א קאפ פון א מענטשן אזוי אויך די קאפ פון יעדער זאך דארף אנפירן מיט די אלע איבדים און מיט אלע ענינים וואס איז דא אין די זאך אין דעם גאנצן גוף, אזוי איז אויכעט דאש חודש, איז דעמולט שוין געווען "ויחן שם ישראל נגד ההר", בשעת א איד דערזעט דעם בארג סיני און ער ווייס, ווארום משה רבינו תורה האט אים איבערגעגעבן אז אויף דעם בארג וועט מען באקומען די תורה איז די ערשטער רגע וואס ער שטייט אנטקעגן דעם בארג, איז שוין "ויחן" און ווי רש"י טייטש אפ דאס איז לשון יחיד, אז כאטש זיי זיינען געווען אזיפיל און אזויפיל מענטשן און געווען פאנאנדערגעטיילט אין י"ב שבטים און געווען פאנאנדערגעטיילט אין כהנים לוים ישראלים,

איז זענענדיק אז מען שטייט (מען האט געקומען צו דעם) ביי באדג, ההר מיט א ה"א הידיעה, איז אט דעמולט האט עס גלייך גע'פועל'ט ביי אידן אז זיי זיינען געווארן איין און איינציקן פאלק פאראיינציקט דורך תורה אחת, כדי צו מקיים זיין שליחות פון השם אחד פון הוי' אחד, וואס איז א איין און איינציקער.

און דאס איז אויכעט די הוראה וואס מען לערנט אפ אין צוגאב וואס מיר געפינען זיך איצט אין חודש השלישי, און אין דעם חודש געפינט מען זיך אין אנהויב פון חודש:

אז גלייך ביי ערשטער וואס עס הויבט זיך אן אט דער חודש השלישי פארשטייט יעדער איד, וואס אויף יעדער פון זאגט מען אז ער געהערט זיך צו "עם חכם ונבון" - אז ער האט א פארשטאנד און פארשטייט וואס דער אויבערשטער וויל פון אים, במילא פארשטייט ער אויך אז די וועלט איז לאמיתו (ניט ווי אנדערע פעלקער באטראכטן די וועלט), איז גלייך בא דער ערשטעד רגע פון דעם חודש, וואס דאס איז דאך בר"ח, ווייס ער טוין זיין שליחות, און ער שטייט שוין כאיש אחד בלב אחד - ער

הנחה פרטית בלתי מוגה

שטייט שוין אנגעגרייט נגד ההר, אויף דורכפירן זיין שליחות במשך פון דעם חודש,

און אין אזא מין אופן אז דאס זאל דערנאך ווירקן אויף די חדשים וואס קומען נאכדעם, און ווירקן אויך אויף די יארן וואס קומען נאכדעם, אז ער וועט גיין מחיל אל חיל אלץ מערער און העכער און ריינער און מיט מער הצלחה אין דורכפירן דעם אויבערשטן'ס שליחות פון לעשות לו דירה בתחתונים, אז מ'זאל זען אז די וועלט איז א דירה פאר דעם אויבערשטן - וואו נאר מ'גיט זיך א קער, איז אין וואס פאר א זאך עס זאל נאר זיין אין דער וועלט, דערקענט מען אז דאס געהערט צו דעם אויבערשטן, ווארום דאס איז זיין דירה.

און ווי אזוי פירט מען דאס דורך, אז ער הויבט דאס אן פון זיך אליין, פון זיין משפחה און פון זיין קהילה און פון זיין סביבה, און ווי יעדער ליכטיקע זאך אז די ליכטיקייט פארשפרייט זיך ארום זיך ביז דאס ווערט אן אור אין סוף, ס'האט קיין ענדע ניט וואו ליכטיקייט קען דערגרייכן; אויב דאס איז נאר די אמת'ע ליכטיקייט פארשפרייט זיך דאס איבער אלע יארן אין זיין לעבן, און אין אלע ווינקלען אין דער וועלט, וואו נאר ס'איז דא עפעס אן ענין אין וועלט - דערגרייכט דארטן די ליכטיקייט און איז ממלא זיין שליחות.

ביז וואנעט אז ס'ווערט כולו אור - עס ווערט איינגאנצן ליכטיק, און ניטא קיין זאך וואס טונקעל מאכן (זיכער ניט פינסטער מאכן ח"ו), ווארום אלץ ווערט באליכטן פון נר מצוה ותורה אור - מיט די עטליכקע ליכטיקייט, וואס איז א נצחיות (אן אייביקע) זאך און האט ניט קיין באגרעניצן, ביז וואנעט אז דאס ווערט אור עולם - אן אייביקער ליכטיקייט.

און דאס ווערט אויפגעטאן דורך די פעולות וואס עס טוט יעדער איד פאר זיך, דאס איז אבער ניט גענוג, ער ווערט אויכעט א שותף, און ער ווירקט אויך אויף א צווייטע איד וואס ער קען אים נאר דערגרייכן (ווי ווייט ער זאל ניט זיין), אז אויך די צווייטער איד זאל אזוי טאן, און אזוי נאך א דריטער איד בידוואנעט עס ווערט ניט נאר א שותפות סתם, נאר זייער צוזאמען-ארבעט איז אין אזא אופן אז מען דערקענט גארניט אז דאס איז געטאן געווארן דורך באזונדערע מענטשן, ווערט דאס געטאן אין א אופן כאילו דאס וואלט געטאן איין און איינציקע מענטש, ווארום אלע האבן די זעלבע כוונה.

און האבן אויכעט די ברכה און הצלחה פון די אויבערשטן, יעדער טאקע אין זיין באזונדערן ענינים אבער אין א וועג וואס מאכט פון זייערע ענינים דעם אמת'ן שלום, און די אמת'ע שלימות, די אמת'ן גאנצקייט, וואס די שלום איז אויכעט די כלי מחזיק ברכתו של הקב"ה, אז דאס גיט צו נאך מער אין די ברכות ביז וואנעט אז עס ווערט ברכות לויט די מאס און די כוח פון די אויבערשטן כביכול, און האט די אלע ענינים יעדער אין זיין פערזענלעכן לעבן, ווארום דאס ווערט א לעבן צוזאמען מיט די לעבן פון די גאנצע לעבעדיקע אידישע פאלק, ביז וואנעט אז עס ווערט גוי אחד, אן איין און איינציקע פאלק, כאטש אפילו אז פריער איז געווען פאנאנדערגעטיילט און איצטער איז פאנאנדערגעטיילט לויט די שליחות'ן וואס יעדער טוט זיך זיינע שליחות.

בשעת מען האט אנגעקומען לעבן בארג סיני ר"ח, און דערנאך האט מען יעדער טאג געשטויגן אלץ העכער און העכער, גרייטן זיך אויף מקבל זיין די תורה, האט די אויבערשטער אנגעזאגט משה רבינו, און ער האט געהייסן משה רבינו, ער זאל דאס אריינשרייבן אין תורה, כדי דאס זאל בלייבן אן אייביקער אנווייזונג פאר אידן אויף אלע דורות, אפילו פאר די אידן וואס האבן נאך אלץ ניט קיין שייכות אויף צו פארשטיין תורה שבעל פה, וואס דאס קומט דאך שפעטער (די התחלה הויבט זיך אן פון תורה שבכתב (געשריבן), און אין תורה גופא - חומש):

אז די הכנה אויף צו מקבל זיין די תורה אין אן אופן ווי דער אויבערשטער וויל, איז דארף זיין באופן פון "תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל" - די התחלה

דארף זיין אז צום אלעם ערשטן איז משה רבינו אנגעזאגט געווארן ער זאל רעדן, צוגרייטן און דערציילן די אידישע פרויען פון זיין צייט, מקטן עד גדול - די עלטערע מיט די מיטלע מיט די יונגערע מיט די גאר יונגערע, אין וואס עס באשטייט די זאך פון מתן תורה, און דערנאך "ותגיד לבני ישראל" - אז ערשט דערנאך זאל ער גיין ריידען מיט די מענער.

און ווי די מדרש ערקלערט אז אין דערויף הייבגט אפ כדי עס זאל זיין אין א גוטן און א שלימות און א הצלחה'דיקן אופן די קבלת התורה, דארף מען צוגרייטן די עקרת הבית, אט דער וואס אין איר הייבגט אפ די אויפפירונג אין הויז, און אין איר הייבגט אפ דער דערציונג פון די קינדער, פון אנהויבס, און גלייך ווי די קינד ווערט געבוירן אז זיי זאלן וויסן די שליחות זייערן, און די זכות זייערע וואס זיי האבן אין צוגרייטן די גאנצע אידישע פאלק אויף צו אויפנעמען תורה און נאך דערויף, און נאך דערויף וואס ער האט שוין צוגעגרייט ערשט נאך דערויף, איז ער געגאנגען לויט די אויבערשטערס אנווייזונגען און ער האט גערעדט מיט די מענער.

ווי געזאגט פריער, ניט נאר די אויבערשטער האט אים אנגעזאגט ("כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל"), נאר ער האט אים אנגעזאגט אז דאס זאל ווערן א טייל פון תורה שבכתב, כדי אז יעדער איד זאל וויסן אז וויבאלד "התורה היא נצחית", אין יעדער פלאץ און אין יעדער צייט, זאל זיין אנגעוויזן אויף א קלארן אופן אז בשעת מען דארף צוגרייטן צו קבלת התורה ובפרט צו א צענטראלע - קבלת התורה פון א גאנץ יאר

[באמת יעדער טאג דארף מען פירן (ווי געזאגט פריער) ווי תורה ווייזט אן, כדי אבער אז מ'זאל באקומען באנייטע כוחות און באנייטע באגייסטורן אין אויפפירן זיך על פי התורה - זעט מען די טבע פון א מענטשן אז בשעת ער האט א באזונדערע טאג אין יאר, וואס דעמולט שטייט די שליחות זיינער (דער כלל און דער שליחות איז) ספעציעל אויסגעטיילט, גיט דאס אים באנייטע כוחות און לעבעדיקייט אויף פירן זיך מיט נאך מער חיות אין דורכפירן אט די שליחות, וואס דאס איז די זמן מתן תורתינו אין חג השבועות]

- איז די צוגרייטונג דערצו (ווערט אנגעשריבן אין תורה) דארף זיין באופן אז עס הויבט זיך אן דערפון וואס אידישע פרויען און אידישע טעכטער נעמען אויף די אנווייזונגען פון תורת משה, וועגן דערויף אז תורה איז "אוריין תליתאי", א תורה וואס ווערט א דריטער, ווארום זי מאכט פון די צוויי זאכן (פון רוחניות און גשמיות (פון וועלט) און א גוף ונשמה (פון אים אליין)) - איין זאך, דורך דערויף וואס זי האט דעם דריטן - "הקב"ה עוזרו", די אויבערשטער ווערט פון די אלע דריי איין זאך, ביז וואנעט אז מען קען גאר ניט פאנאנדערטיילן צווישן זיי.

דאס איז ספעציעל שליחות וואס האט יעדער אידישע פרוי און יעדע אידישע טאכטער גלייך ווי זי ווערט געבורען, און עס קומט אריס לגילוי מיט אונטערשטראכן ווען זי ווערט מערער ערוואקסן און מערער פארשטאנדיק, קומט צו אלץ מערער פארשטאנד און חיות אין דעם.

ובפרט אין די טעג וואס מען גרייט זיך אויף קבלת התורה, דורך דערויף וואס זיי זיינען גרייט אנבעמען אויף זיך וואס תורת משה האט זיי איבערגעגעבן, אז מען גייט מקבל זיין די תורה, און אז די תורה איז געגעבן געווארן אין דעם וועלט כדי מען זאל די וועלט איבערמאכן, און ממילא האט די אויבערשטער אויכעט געגעבן כוחות יעדע אידישע פרוי און טאכטער אויף איבערמאכן איר אייגענע וועלט, און די וועלט ארום זיך, אז דאס זאל ווערן א דירה לו יתברך.

און בשעת פרויען זיינען מחליט נעמען אן די באשלוסן וואס פירן צו די מילוי השליחות, צו מקיים זיין דעם אנזאג פון תורת משה, אט דאס גיט אויכעט

כוח און דאס גרייט צו אויכעט די מענער, אז עס זאל אויכעט זיין "תגיד לבני ישראל", אז זיי זאלן טאן זייער טייל אין דעם, און ביידע צוזאמען שטעלן אויף, דור ישרים יבורך, שטעלן אויף קינדער, וואס דעמולט ווערט עס אויכעט די דרייענדיקע זאך - א פאטער און א מוטער און קינדער, וואס פון די אלע דריי זאכן ווערט אן איין און איינציקע זאך, א גאנצע איינציקע משפחה, וואס זי ווערט א טייל פון די גאנצע אידישע הייליקע פאלק, אויף מקיים זיין תורה דורך דערויף וואס מען איז מקבל תורה.

און דורך דערויף, גלייך נאך די באשלוס, ווערט שוין אויכעט צוגעגרייט אויף מקבל זיין בקרוב ממש פני משיח צדקנו, משיח'ן וואס ער וועט קומען און ארויסנעמען יעדערן פון אונז און פון כלל ישראל, אין די גאולה האמיתית והשלימה, און די אמת'ע גאולה, און אין די גאנצע גאולה - אויסליידן אויכעט די גאנצע וועלט, אין וועלכע אידן זיינען געזוען אזא לאנגע צייט, און זיינען געווען אין א צושטאנד פון גלות.

- וואס לכאורה (מיט מענטשליכע אויגען) זיינען זיי ניט געווען די בעלי בתים, נאר די שבעים אומות די פעלקער פון די וועלט, וואס זיי זיינען גרויסער אין צאל - שבעים זאבים, און דאס איז א כבשה אחת, איין און איינציקע פאלק,

וואס זיין כוח איז לא בכוח ולא בחיל - ניט וואס ער האט אזא מין גרויסע ארמיי, און ניט אז די איז גרויסער פון אלע אנדערע ארמיי, און איבעריקע כוחות וואס אנדערע האבן, נאר ער האט אט דעם "וועפן" און אט די ארמיי וואס שטעלט אויף אידישע קינדער, אז יעדער פון זיי ווייס אז זיי זיינען א טייל פון "צבאות השם", פון די אויבערשטערס ארמיי, וואס ער האט זיי געשיקט אויף דעם "באטעל פרונט" פון די וועלט, אויף איבערמאכן אז עס זאל ווערן אויס מלחמה און אויס מחלוקת און אויס פירוד, נאר אלע זאלן אנערקענען השם אחד ושמו אחד -

איז דורך דערויף ברייגנט מען אראפ די גאולה פאר די גאנצע וועלט, דורך דערויף וואס די איד ברייגנט די גאולה צו זיך, און צו זיין משפחה, און צו אלע אידן ארום זיך, ווערט אויכעט אויסגעלייזט די וועלט פון איר גלות, און אלע צוזאמען אנערקענען "כמו שאני נכתב כך אני נקרא", אז פונקט ווי די אויבערשטער איז ארייגעשריבן געווארן אין תורה, אזוי ווערט ער אנגערופן דורך די גאנצע וועלט, מיט אלע ענינים פון די וועלט.

און מען טוט דאס אין אן אופן ווי דאס איז געווען בשעת מתן תורה צום ערשטן מאל, און ווי די גמרא טייטש אפ "אל תקרא חרות אלא חירות" אז די אויבערשטער באפרייט יעדן אידן און אלע אידן פון אלע זאכן וואס זיינען מבלבל, ווי ס'איז געווען דעמולט אז מען האט פריער ארויסגענומען פון מצרים, און פון אלע ענינים וואס זיינען מבלבל, און דערנאך איז "תעבדו את האלקים על ההר הזה", האט מען געגעבן תורה.

אזוי אויכעט אז א איד באשליסט אז ער גייט מקיים זיין די אויבערשטערס שליחות ווי אנגעוויזן אין די תורה, באפרייט אים די אויבערשטער - "מבטלין מעליו עול מלכות", מען נעמט פון אים אראפ אלע בלבולים און אלע דאגות, און דער אויבערשטער גיט אים מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, אלע זיינע באדארפענישן, ווי די רמב"ם ערקלערט, כדי ער זאל קענען אפגעבן מיט זיין אמת'ע שליחות, צו מאכן פון די וועלט א ליכטיקע וועלט, און א גאנצע וועלט,

דורך דערויף וואס ער לערנט דער אויבערשטער תורה און איז מקיים די אויבערשטערס מצוות, און בנוגע בפרט צו אידישע פרויען און טאכטער, אדער די עלטערע אכטער אדער די קלענערע טאכטער וואס זי העלפט ארויס צוזאמען מיט די מוטער, מאכן פון די הויז א "ושכנתי בתוכם", אז מ'זעט דארטן דער אויבערשטער בגלוי.

גיט מען די כוחות אז מען זאל דאס קענען דורכפירן אן בלבולים אן דאגות ח"ו, ואדרבא בשמחה וטוב לבב, פונקט ווי ס'איז געווען די ערשטע מאל חירות,

הנחה פרטית בלתי מוגה

באפריים פון אלע ניט געוואונטשענע זאכן, ווארום דאס איז פארבונדן מיט "(חרות (תקרי חירות)) על הלוחות", מיט די לוחות וואס זיי האבן כולל געוועזן די גאנצע תורה, מען האט דאס געגעבן יעדן אידן אלץ איינצלהייטן, וואס דערפאר איז עשרת הדברות געזאגט געווארן בלשון יחיד "אשר הוצאתיך", "אלקיך", ניט אין א לשון רבים, ווארום יעדן אידן האט באקומען די גאנצע תורה פון די אויבערשטער אליין, ווי געוועזן דאמאלסט, און אזוי באקומט ער דאס יעדן טאג בכל יום כחדשים, יעדער איד באזונדער פון קליין ביז גרויס, די גאנצע תורה פון דער אויבערשטער אליין, און מיט א באנייטע אופן אין זמן מתן תורתינו.

דאס איז אבער אויך אנגעדייט אז ס'ווערט "הוי' אלקיך אשר הוצאתיך" לשון יחיד, אז אלע אידן ווערן א יחיד, ווי אן איין און אייינציקע זאך, ווי געזאגט פריער.

און אזוי ווי דאס איז געוועזן די ערשטע מאל, איז כן תהי' לנו, האט מען די הבטחה פון תורה, אז בשעת א אידישע טאכטער און א אידישע מוטער, באשליסט ווי געזאגט פריער אנצונעמען די אנווייזונגען, און מ'באשליסט צו פירן אזוי די הויז, און מכל שכן זיך אליין, במשך פון די גאנצע יאר,

איז אט דער באשלוס אליין, ברענגט שוין די אויבערשטערס ברכות, אז ס'ווערט באפרייט פון עול מלכות, פון אלע זאכן וואס זיי קענען א אידן מבלבל זיין, אדער באשאפן א דאגה וכיוצא בזה, און ס'ווערט א ענין פון שלום, וואס תורה ניתנה לעשות שלום בעולם, אט דאס איז די תפקיד און שליחות פון תורה, און פון יעדער אידן, וואס ווי געזאגט האט ער באקומען די גאנצע תורה מיט אלע אירע פרטים, און דאס ווערט געטאן אין א אופן אז דערנאך ווערט דאס נמשך און פארגעזעצט במשך פון די גאנצע יאר, אז דאס איזא תורה יאר, צוזאמען מיט א שנת אור - א ליכטיקע יאר, צוזאמען דערמיט א שנת ברכה - א געבענטשטע יאר, צוזאמען דערמיט א שאנת גאולה - א יאר וואס מען וועט אויסגעלייזט ווערן במהרה בימינו ממש יאר אין גיכן, דורך משיח צדקינו בגאולה האמיתית והשלימה.

און די אויבערשטער זאל בענטשן יעדערער פון אייך, און יעדערע פון אונז (אין א אופן, אז עס ווערט אזוי ווי געזאגט פריער איין און אייינציקע זאך), מיט די לשון ווי די רבי נשיא דורנו פלעגט בענטשן פאר שבועות, אויף מקבל זיין די תורה - "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות", מיט אמת'ע פרייד און מיט אמת'ע פנימיות.

וואס אט דעמולט האט מען ווי געזאגט פריער אז פאר דערויף די צוגרייטונג דערצו שמחה ופנימיות, מיט אלע אויבערשטיירס ברכות און מען גייט לבטח דרכו, זיכערהייט ווארום די אויבערשטער איז אים מצליח, און בענטש אים אז ער זאל טאן די אלע זאכן, און מצליח זיין אין דעם אויף מאכן זיך אליין און די אייגענע הויז און די גאנצע וועלט און זיכער די גאנצע אידישע פאלק, פאר די אמת'ע דירה פאר דער אויבערשטער.

אויב דאס איז אזוי אין חוץ לארץ, על אחת כמה וכמה אז ברכת השם ווערט אויכעט אנטפלעקט אין ארץ הקודש, אין אונזערע הייליקן לאנד אין ארץ ישראל, אז ח"ו אימיצער זאל דאס קאנען אנרירן, און אז אידן שטיין פעסט אויף פירן אין ארץ הקודש לויט די תורה הקדושה דורך דערויף וואס מען לערנט תורה הקדושה בפועל, מען איז מקיים מצוות.

איז אט דעמולט בלייבט די שלימות הארץ, בלייבט יעדער טייל פון די וועלט, יעדער קליין פיצל פון די לאנד, בלייבט זי הייליק, ווארום זי געהערט צו גוי קדוש, צו יעדער אידן, וואו די איד זאל זיך ניט געפינען, איז ער א פולע בעל הבית אויף גאנץ ארץ ישראל, ווארום אזוי פסק'נט אפ תורה און זאגט אלץ איינונג, און אלץ א פסק דין, אז ארץ ישראל געהערט צו עם ישראל, צו אידן וואס זיי ביידע צוזאמען פירן זיך על פי תורת ישראל ווי די אידישע תורה,

און אט דעמולט איז "וראו כל עמי הארץ כי שם השם נקרא עליך", אז די פעלקער ארום זען, אז אידן וואו זיי געפינען זיך דערקענט מען אויף זיי שם הוי', אז ער איז איינער פון א פאלק וואס דאס איז די אויבערשטערס פאלק, איז ניט נאר אז זיי טשעפן ניט אידן, נאר אדרבא - "ויראו ממך", זיי האבן מורא פאר אידן,

און מרא בפשטות, אז דאס זאל זיי ניט שאטן. און דורך דערויף קומט די יראה של כבוד, אז זיי אנערקענען אז זיי דארפן אפגעבן יעדער אידן און אלע אידן כבוד, ווארום זיי זען אז אידן האלטן זיך שטארק ביי די תורה ניט קוקנדיק וואס מען געפינט זיך אין גלות, וואס אט דעמולט האבן זיי (אין די יראה) אויכעט שלימות הענין פון יראת הכבוד, ווערט דעמולט "מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך", זיי האלטן פאר זיך פאר א כבוד אויף אארויסהעלפן אידן אין אידישקייט בכלל, און בפרט אין ארץ ישראל, אז ס'זאל ניט זיין קיינע בלבולים,

על אחת כמה וכמה אז ס'זאל ניט זיין "לא תעבור חרב בארצכם" ח"ו, קיין נישט געוואונטשענע זאך, קען גאר ניט אהין אריין גיין, דערפאר וואס "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמורו", מען פירט זיך לויט דעם ווי תורה האט אנגעוויזן בכלל און בפרט בהנוגע צו די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט ארץ הקודש, אז מען שטייט גרייט אז דאס זאל בלייבן הייליק.

וואס הייליק איז דורך דערויף וואס עס געהערט צו הייליקע פאלק, וואס זי האט דאך די גאנצע בעל הבית'שקייט ווארום ער איז ניט קיין זאך פאר זיך, ער פירט דורך די שליחות פון די אויבערשטער וואס ער האט אים געגעבן די בעל הבית'שקייט צו די עם הנבחר,

ווי ער זאגט אין מכילתא אז אין דעם טאג וואס ער האט אויסגעקליבן אידן פון אלע פעלקער, האט ער זיי געגעבן דעם בעל הבית'שקייט אויף דעם לאנד, וואס ער האט אויסגעקליבן פון אלע לענדער.

און דאס איז די איינציקע וועג אז "השם עוז לעמו יתן", אז אידן האלטן זיך מיט תורה, און האלטן זיך מיט תורה אין אן אופן אז עס ווערט זייער שטארקייט, אז זייער אנווייזונג ווי צו פירן זיך, איז דעמולט איז ווי דעם פסוק איז מסיים אז דאס איז די וועג און דאס איז מכריח און דאס ברענגט בקרוב ממש אז "השם יברך את עמו בשלום", דאס איז די איינציקע וועג עס זאל זיין א שלום בארץ "ושכבתם ואין מחריד", דורך דערויף וואס "ואולך אתכם קוממיות", אז אידן שטייט מיט אן אויפגעהויבענע קאפ, זיי ווערן פון קיין זאך וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט מיט תורה ומצוות - ניט נתפעל.

און מ'האלט זיך דערביי, און מען פירט זיך אזוי, און ער שעמט ניט מיט, אדרבא, מען באווייזט זיך אז אויכעט גוים, אנדערע פעלקער, דערזען דאס, און ווי געזאגט פריער באקומען זיי אויך יראת הכבוד - אז זיי גיבן אפ כבוד צו אידן.

און א זיכערע זאך אז ס'ווערט אויך שלום אין וועלט, ווי דערציילט אין מדרש, אז בשעת ס'איז געווען מתן תורה די ערשטע מאל, איז געווארן א שטורעם אין די גאנצע וועלט, האבן די פעלקער דערשראקן ניט וויסנדיק וואס דאס איז, בשעת מען האט זיי דערציילט "השם עוז לעמו יתן" די אויבערשטער גיט אידן תורה, און תורה ווי תורה ווערט אנגערופן "עוז" שטארקייט", איז דעמולט "יברך את עמו בשלום", איז געווארן שלום אין די גאנצע וועלט,

וואס דאס איז (ווי געזאגט פריער) אריינגעשריבן געווארן און אריינגעזאגט געווארן אין תורה שבכתב און תורה שבעל פה, כדי די איד זאל האבן תורה עוז, זאל באלייכטן זיין וועג, אז ער זאל זיך וויסן ווי צו פירן זיך, און ער זאל וויסן וואס איז די אמת'ע שלום, און ניט באטראכטן אויף א זאך וואס איז א דורכפאל, אז דאס איז גאר א גוטע זאך,

באלייכט אים תורה די וועג און באוויייזט אים וואס איז גוט, וואס פנן דערפון פארשטייט ער אויכעט וואס ער דארף טאן, און וואס ער דארף ניט טאן, און וואס ער טאר ניט טאן, און כאמור אז דאס איז די וועג אז ס׳זאל זיין "יברך את עמו בשלום" אז אידן ווערן געבענטשט מיט שלום, אומעטום וואו זיי געפינען זיך זיי ווערן געבענטשט מיט שלום, און זיכער (נאך בכל שכן וק"ו) אין ארץ הקודש,

און דאס ברייננגט אויכעט אפ שלום אין אלע פעלקער, ביז אין א וועג "ויראו ממך" אז ניט נאר וואס זיי זיינען ניט ברוגז דערפאר, נאר סוף כל-סוף קומען זיי צו די איבערציגונג, אז זיי מוזן אפגעבן כבוד צו יעדער איד, און צו אלע אידן, כדי אז אידן זאלן קענען דורכפירן זייער שליחות אין וועלט, אין חוץ לארץ, און אין ארץ הקודש, און טאן דאס בשמחה וטוב לבב.

און די אויבערשטער זאל מצליח זיין אז די אידישער פאלק אלץ פאלק, און יעדער איד אלץ יחיד, אנהויבנדיק פון "כה תאמר לבית יעקב", אנהויבנדיק פון א אידישע טאכטער און א אידישע (בעל) עקרת הבית, א אידישע בעל הבית׳טע אין הויז, און פון א אידישע מוטער, א אידישע באבע, אז זיי זיינען מקבל אויף זי די תורה, ווי געזאגט פריער בשמחה ובפנימיות, פירט זיך איד אין זיינע ד׳ אמות, און יעדער קיבוץ א צוזאמענקלייבן יעדער קהילה בשיראל אין די ענינני הקהילה, און א גרעסערע קיבוץ ווי אין ארץ הקודש, אין די ענינים וואס איז נוגע צו ארץ הקודש, פונקט "לא תסור ימין ושמאל" ניט גיין עפעס וואס אנדערש, ווי די אויבערשטער בעל הבית פון וועלט האט אנגעאזגט, און געגעבן כוחות, און צוגעזאגט זיין ברכה והצלחה, אז בשעת מען וועט גיין אין דער וועג, ממלא זיין דער שליחות, וועט מען האבן אלע ברכות,

ווי רש"י טייטש אפ די ערשטע ברכה, און די הויפט ברכה, די ענין פון שלום אויף האבן אן אמת׳ע שלום, און א גוטע שלום, און א שלום וואס איז פארבונדן מיט אמת׳ע כבוד, מיט כבוד אויכעט פון אלע פעלקער ארום זיך, וואס דאס איזמבטל אלע דאגות, און א איד קען זיך אפגעגבן בטלימות, גאנצערהייט און פולערהייט, מיט א גוטער הארץ מיט שמחה, ממלא זיין זיין שליחות און דאס גיט די מעגלעכקייט אויף פארענדיקן די לעצטע טעג פון גלות אין וועלכע מיר געפינען זיך.

וואס מען געפינט זיך נאך אין גלות, חשך כפול ומכופל אין א פינצטער גלות, וואס דערפאר דארף מען נאך אלץ באווארענען אידן פון צו טאן זאכן וואס יעדער פארשטייט אז ס׳איז רחמנא ליצלן אז מען זאל טראכטן טאן אזא מין זאך, וואס בכללות איז דאס יעדער ענין פון עבירה, וואס די טייטש פון עבירה איז עובר זין, איבערגיין ניט ווי די אויבערשטער האט געוואלט, איז פארשטאנדיק בשעת מען פירט זיך ווי די אויבערשטער וויל, איז דעמולט "ונתתי גשמיכם בעתם", מיט אלע ברכות וואס ער רעכנט אויס אין די פרשה,

וואס די ציור אין די לעצטע טעג פון גלות איז, ווי די רביים די נשאים האבן דערציילט איבערגעגעבן און געהייסן מפרסם זיין, אז אין די לעצטע טעג פון גלות, וועט זיין ספעציעל נסיונות, און מען וועט דארפן פאנאנדערקלייבן, צי ס׳איז א געווארנטשענע זאך, אדער ניט קיין געווארנטשענע זאך, און מען דארף האבן דערצו א ספעציעלע אנשטערונגען, און מען האט אים גלייך געזאגט, אז מען דארף ניט שרעקן, און ס׳דארף ניט נעמען קיין לאנגע צייט צו פאנאנדערקלייבן זיך, מען וועט א קוק טוט אין שולחן ערוך, זעט מען א קלארע פסק דין, ווי מ׳דארף זיך פירן ביי יעדער פרט און ביי יעדער ענין.

צוזאמען מיט דעם הבטחה, אז בשעת "את מצותי תשמרו ועשיתם אותם", מען וועט טאן וואס ס׳שטייט אין שלחן ערוך, איז א זיכער זאך אז "ואולך אתכם קוממיות", אז דיאויבערשטער גיט זיין ברכות והצלחה, אז מען שטייט בקומה זקופה, מיט אן אויפגעהויבענע קאפ,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

און מען גייט ארויס פון די גלות דורך משיח צדקינו, וואס ער ברענגט די אתחלתא דגאולה, און די גאולה האמיתית והשלימה, גלייך נאך דערויף ביד רמה, מיט א שטארקייט און מיט אן אויפגעהויבענע האנט, על אחת כמה מיט אן אויפגעהויבענע קאפ, און מען טוט דאס אין א ענין פון שלום, און אדרבא פון יראת הכבוד פון אלע פעלקער ארום זיך, און אדוי אויכעט אין חוץ לארץ, אע"פ וואס אתם המעט מכל העמים, אידן זיינען בכמות אין צאל ווייניקער פון די שכנים וואס זיינען ארום זיך, פועל'ט א איד בשעת ער פירט אין די אידישע וועג אז די שכנים איז "ויראו ממך", זענענדיק אז א איד האלט זיך ביי אידישקייט אויף ניט אנרירן ואדרבא מיט יראת הכבוד ארויסהעלפן אים מיט די אלע זאכן.

און די אויבערשטער זאל העלפן און מצליח זיין דאס אלע זאל אפגעטאן ווערן אין א אופן פון אחישנה, גאר אין גיכן, און גאר אין א זריזות, און מיט אן אמת'ע שמחה, אז מען זאל האבן א אידישע הויז, און א אידישע לעבן, אין יעדער רגע פון טאג, און גיין מקבל זיין די תורה, גרייטן זיך צו זמן מתן תורתינו אין אן אופן פון שמחה ופנימיות, וועט מען אויכעט מקבל זיין די תורה בשמחה ובפנימיות, און ווי דערמאנט פריער מיט אויך מקבל זיין די שמחה בפנימיות משיח צדקנו בגאולה האמיתית והשלימה.

האבן א סאך הצלחה אין די אלע ענינים וואס די "קאנוועגשאן" האט מחליט געווען, און וואס זיי וועלן מחליט זיין, און וואס זיי וועלן צוגעבן אין דעם, און ווי געזאגט פריער גרייטן זיך צו א פריילעכן יו"ט, אויף זמן מתן תורתנו, אלע צוזאמען "בערינו ובזקנינו, בבנינו ובבנותינו" און פון דעם יו"ט למועדים ורגלים אחרים, צו אלע יו"טים וואס נאך דערויף,

און בפרט אז מען געפינט זיך בשנה השעית, וואס דאס איז די הקדמה אז מ'דארף זיך גרייטן צו שבת לה', צו א יאר פון שמיטה, וואס זי ווערט אנגערופן די גאנצע יאר איז זי א הייליקע יאר לגבי אלע איבעריקע יארן, דארף אויך זיין די צוגרייטן דערצו אין א פאסנדיק אופן, און טאן אין די אלע זאכן בשמחה וטוב לבב.

א פריילעכן יו"ט און גוטע בשורות.

--------------- * ---------------

בס"ד. שיחת אור ליום ג׳, ג׳ סיון ה׳תשל"ט.

<u>הנחת הח׳ בלתי מוגה</u>

א. ס׳איז דאך דער לילה וואס איז צווישן שני בסיון מיט שלישי בסיון – וואס רעמולט האבן זיך אידן צוגעגרייט אויף מהן תורה.

ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[1], אז בר"ח סיון זיינען שוין אידן געווען גרייט צו מ"ת[2]. און אזוי איז אויך געווען מצד נותן התורה (ניט נאר מצד אידן, מקבלי התורה), ווי עס שטייט אין מדרש[3] אז ווען דער אויבערשטער האט געזעהן אז "ויחן שם ישראל נגד ההר"[4], "ויחן" לשון יחיד, "כאיש אחד בלב אחד"[5], האט ער געזאגט אז <u>איצטער</u> וועט ער געבן די הורה צו אידן – און דער "ויחן שם ישראל נגד ההר" איז געווען בר"ח סיון[6].

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע[7] אז "מיד אחר ר"ח ההחיל משה להעסק עמהם בענין קבלה ההורה כו׳",

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס שטייט אין חלק האגדה שבתורה, און אעפ"כ ברענגט דאס דער אלטער רבי (ניט אין א מאמר חסידות, וואס דאס איז א פס"ד מצד פנימיות התורה, און איז פארבונדן בעיקר מיט דער נשמה[8], נאר) אין נגלה דתורה, אלס א פס"ד אין שו"ע,

וכידוע אז ענינו פון דעם שו"ע איז – פסקי דינים השוים לכל נפש (בדוגמא ווי דער סידור איז אן ענין השוה לכל נפש)[9], משא"כ די כוונות און די ענינים פון פנימיות התורה וועלכע קומען ערשט לאח"ז (ווארום דער סדר העבודה איז מלמטלמ"ע – עס הויבט זיך אן פון דעם שלב הכי תחתון, דער חלק הפשט, און דערנאך גייט מען אלץ העכער און העכער, ביז אז מ׳קומט אויך צום חלק הסוד), וואס אין דערויף זיינען דא חילוקי דרגות –

און דעם ענין ברענגט דער אלטער רבי אלס א פס"ד אין שו"ע – א פס"ד אין נגלה וואס איז שוה לכל נפש,

און ווי ער רעכנט אויס בפרטיות אז "בשני בשבת הי׳ ר"ח ובשלישי בשבת אמר להם ואתם התיו לי ממלכה כהנים וגו׳[10]

– וברביעי –

---

1) שיחה מוצאי ש"פ במדבר, מבה"ח וער"ח סיון ס"ח.
2) חו"א יחרו סז, ג. 3) תנחומא באבער יהרו ס. ויק"ר פ"ט, ס. דא"ז פ׳ השלום. 4) יחרו יט, ב. 5) מכילהא ופרש"י עה"פ. 6) שבת פו, ב. פרש"י עה"פ יתרו שם, א. 7) או"ח סו"ס הצד. 8) ראה זח"ג עג, א. לקו"ש ח"ה ע׳ 302. ועוד.
9) ראה לקו"ש ח"ד 1149. 10) יתרו שם, ו.

וברביעי אמר להם מצות הגבלה כו׳ ויהיו נכונים ליום השלישי[11] שהוא שבת שבו ניתנה התורה"[12].

ד.ה.[13] אז נאך ר"ח סיון איז אין יעדן טאג געווען אן ענין מיוחד אין דער הכנה צו מ"ת, "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳"[14], אזוי אז יעדן טאג האט מען געהאט די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן אין דעם פריערדיקן טאג, און דערצו קומט נאך צו די עבודה מיוחדת פון דעם טאג.

בדוגמא ווי ס׳איז מבואר[15] בנוגע צו דעם ענין פון ספה"ע, אז מ׳זאגט ניט דעם מספר סידורי, "יום ראשון", "יום שני", "יום שלישי" וכו׳, נאר מ׳זאגט דאס אין מספר הכולל, "שני ימים", "שלשה ימים" וכו׳, וואס דאס באווייזט אז אין דעם צווייטן טאג האט מען אויך די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן אין דעם ערשטן טאג, און דערפאר האט מען איצטער "שני ימים" (דעם ערשטן טאג צוזאמען מיטן צווייטן טאג), ועד"ז "שלשה ימים" וכו׳,

וואס בשעת אז ס׳איז דא דער צירוף פוןביידע טעג צוזאמען, קומט צו א סיוע אין דער עבודה, אין אן אופן נעלה יותר ווי עס וואלט אויפגעטאן געווארן דורך די צוויי טעג ווי יעדערער פון זיי איז בפ"ע - ווי געהערט פריער[16] באריכה אז ווען צוויי מענטשן צוזאמען הויבן אויף א משא, קענען זיי אויפהויבן א סך מער דערפון וואס זיי וואלטן געקענט אויפהויבן ווען יעדערער וואלט אויפגעהויבן בפ"ע[17].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ׳געפינט זיך אין דער לילה וואס איז צווישן שני בסיון (ווען ס׳איז געזאגט געווארן "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו׳") מיט שלישי בסיון (ווען ס׳איז געזאגט געווארן "מצות הגבלה") - דאדף זיין דער "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳", בהתאם צו די ענינים וואס זיינען אויפגעטאן געווארן אין די טעג.

ב. וויבאלד אז דער ענין הנ"ל ברענגט זיך אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א פס"ד וואס איז נוגע לכאו"א,

ווארום דעם אלטן רבי׳נס שו"ע איז ניט אזוי ווי דער "יד החזקה" פון רמב"ם וואס דארטן ווערן אויך געבראכט ענינים וואס זיינען "הלכתא למשיחא"[18] (אזוי ווי די הלכות

- וואס -

------------

11) שם, יא. 12) שבת פו, ב. 13) ראה לקו"ש חי"ג ע׳ 135 ואילך. 14) זח"ג צד, ריש ע"ב. 15) לקו"ת במדבר י, ד. ובכ"מ. 16) שיחה הנ"ל ס"ו. 17) ראה סוטה לד, א ובפרש"י שם. 18) ראה זבחים מה, רע"א.

וואס זיינען פארבונדן מיט ביהב"ח און קרבנות וכיו"ב), נאר דארטן ווערן געבראכט נאר די הלכות וואס זיינען שייך בכל מקום ובכל זמן, אפי׳ אין זמן הגלות, און אין עקבתא דמשיחא.

און אע"פ אז בלילה איז ניט קיין זמן פון עבודה[19],

ובפרט לאחרי תפלת ערבית, וואס "תפלות כנגד תמידין תקנום", און תפלת ערבית איז כנגד דעם הקטר פון "אברים ופדרים"[20], איז וויבאלד אז מ׳האלט שוין לאחרי תפלת ערבית, איז דאך דאס שוין ניט קיין זמן העבודה -

איז אבער פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ׳זאגט אז לילה איז ניט קיין זמן פון עבודה, איז דאס נאר בנוגע צו אן עבודה מסוימת, עבודה אין ביהמ"ק וכיו"ב,

עס איז אבער דא די עבודה פון "אני נבראתי לשמש את קוני"[21] (וואס דאס איז עבודתו של כאו"א מישראל, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך"), וואס די עבודה דארף זיין בכל רגע, כמדובר כמ"פ אז אין יעדער רגע וואס ס׳איז דא דער "אני נבראתי", דארף זיין דער ענין פון "לשמש את קוני".

ובפרט לויט תורת הבעש"ט הידועה[22] אז יעדער נברא ווערט נתהוה בכל רגע מאין ואפס - איז דאך פארשטאנדיק, אז וויבאלד עס איז דא דער "אני נבראתי" בכל רגע (פונקט ווי ס׳איז געווען צום ערשטן מאל - מאין ואפס המוחלט), דארף זיין בכל רגע (ניט נאר א <u>המשך</u> פון דער עבודה, נאר) אן עבודה <u>חדשה</u>.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז בכל רגע פון חיי האדם עלי אדמות, האט ער דעם חיוב (צוזאמען מיטן זכות און נתינת כח, "הקב"ה עוזרו"[23]) פון "לשמש את קוני", מיטן גאנצן שטורעם פון "עבדו את ה׳ בשמחה"[24] -

נאר אין עבודה גופא זיינען דא כמה סוגים פון עבודה,

בדוגמא ווי מ׳געפינט אז ס׳איז דא אן "עבודה תמה" און אן "עבודה שיש אחרי׳ עבודה", וואס די איז ניט קיין "עבודה תמה"[25], וואס די עבודה שאינה תמה איז אויך געווען אן עבודה אין ביהמ"ק, און געטאן געווארן דורך א כהן, מיט בגדי כהונה, און געהאט אלע גדרים פון עבודה, נאר ס׳איז געווען אן אנדער סוג פון עבודה - עבודה שאינה תמה.

- ועד"ז -

---

19) ראה שם צח, א. רמב"ם הל׳ מעשה הקרבנות רפ"ד.
20) ברכות כו, ב. 21) קידושין בסופה. 22) שעהיוה"א פ"א.
23) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 24) תהלים ק, ב.
25) יומא כד, א.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד, אז אפי׳ נאך דער עבודה פון תפלת ערבית (וואס זי איז כנגד דעם הקטר פון "אברים ופדרים"), איז נאך אלץ דא אן ענין פון עבודה, און אן עבודה מיטן גאנצן שטורעם, וויבאלד אז אויך אין דעם רגע איז ער באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, און "אני נבראתי לשמש את קוני".

ג. די עבודה מיוחדת וואס דארף זיין אין די טעג איז - ווי גערעדט אין דער ההוועדות פון מוצאי שבת קודש[26] (וואס דאס איז תחלת וראש השבוע, און איז כולל את כל ימי השבוע), אז אנהויבנדיק פון ר"ח סיון ביז נאך י"ב סיון (דער סיום פון ימי התשלומין פון חגה"ש) זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

וואס מ׳האט דאס פארבונדן דערמיט וואס מ׳דארף באווארענען ענינים בלתי רצויים, ביז אזוינע ענינים אויף וועלכע מ׳וואלט געדארפט מאכן אן ענין של צום, אן ענין פון מיעוט חלב ודם[27] וכיו"ב -

אבער אזוי ווי דער אויבערשטער וויל דאך אז אידן זאלן זיין געזונט בגשמיות כפשוטו, וכידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי׳ן[28] וועגן דער טייערקייט פון א אידישן גוף,

און ס׳איז אויך ידוע די שיטה פון דעם אלטן רבי׳ן (אויך ע"פ נגלה) בנוגע צו דעם ענין פון תעניות (ווי ס׳איז מבואר אין אגה"ת[29]), אז די תעניות דארף מען איבערבייטן אויף אנדערע ענינים - "וחטאך __בצדקה__ פרוק"[30].

ואדרבה: אין דעם ענין פון "בצדקה פרוק" איז נאך דא א מעלה ביתר שאת ויתר עוז לגבי דעם ענין פון תענית:

אן ענין של תענית איז מערניט ווי פאר זיך, דאס טוט אויף מיעוט חלבו ודמו פון דעם מענטשן, משא"כ דער ענין פון צדקה ("בצדקה פרוק"), וואס דאס איז אן ענין וואס איז "טוב לשמים וטוב לבריות" - נוסף אויף דערויף וואס דער ענין הצדקה ווערט געטאן בשמחה, ווארום אין דעם ענין הצדקה איז דא דער תנאי עיקרי אז ס׳זאל געטאן ווערן "בסבר פנים יפות"[31].

ד.ה. אז דער ענין הצדקה טוט אויף מיט אים, און עס טוט אויף מיט דער גאנצער מציאות וואס איז ארום אים ("בריות"), און דאס איז אן ענין של מצוה וואס איז פארבונדן

- מיטן -

------------

26) סי"ז ואילך. 27) ראה ברכות יז, א. טושו"ע או"ח סתקס"ה ס"ד. 28) לקו"ש ח"ו ע׳ 325. 29) פ"ג. 30) דניאל ד, כד. 31) רמב"ם הל׳ מת"ע פ"י ה"ד. טושו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג.

מיטן אויבערשטן ("שמים"), ובפרט אז אין דערויף איז דא דער דריטער שותף פון די "שלשה שותפין" שבאדם[32], וואס דורך דערויף ווערן אויפגעטאן "תולדותיהם של צדיקים" (וואס "עמך כולם צדיקים"[33]) - דער ענין פון "הקב"ה עוזרו".

וואס דאס איז די מעלה וואס איז דא אין דעם ענין הצדקה, אז דאס איז "טוב לשמים וטוב לבריות" - אנהויבנדיק פון "שמים" און "בריות" ווי דאס איז ביי אים אליין: די נשמה מיטן גוף, און דערנאך ווי דאס איז בעבודתו: תומ"צ ("שמים") און "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[34] ("בריות"), ביז צו "טוב לבריות" כפשוטו.

ד. אין דעם ענין פון "בצדקה פרוק" קומט נאך צו די שמחה גדולה ביותר וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "פרוק" -

ווי ס׳איז מבואר אין תניא[35] דער משל פון א בן מלך וואס קערט זיך אום לבית אביו המלך, נאך דערויף וואס מיט א רגע לפנ"ז איז ער געווען אין א מעמד ומצב בלתי רצוי (ווי ער רעכנט אויס בפרטיות אין תניא), וואס אין דערויף איז דא א שמחה גדולה ביותר דערפון וואס ער איז אויסגעלייזט געווארן פון דעם מעמד ומצב בלהי רצוי.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין הצדקה - אז דאס ווערט די הכנה צו דעם ענין פון "מיד[36] הן נגאלין"[37] ("בצדקה פרוק").

און וויבאלד אז דער ענין הצדקה איז די הכנה צו דעם ענין הגאולה, איז פארשטאנדיק אז אין דערויף דארף זיין א מעין און א דמיון צום ענין הגאולה, און נאכמער: וויבאלד אז דאס איז די סיבה וואס איז גורם און ברענגט די גאולה, האט דאס נאך א מעלה לגבי דעם ענין הגאולה, כמבואר בכ"מ[38] אז די סיבה איז נאך שטארקער פון דעם מסובב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין הצדקה קומט צו א שמחה גדולה ביותר, נאכמער ווי דאס איז מצד דעם כללות הענין פון "עבדו את ה׳ בשמחה".

ה. דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל ההכרח און גודל הזכות והחוב וואס מ׳האט - אז מ׳זאל זעהן אז ס׳זאל צוקומען א הוספה אין דעם ענין פון לימוד התורה ("משפט"[39]) און אין דעם ענין פון צדקה,

- אנהויבנדיק -

------------

32) נדה לא, א. 33) ישעי׳ ס, כא. 34) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 35) פל"א (מ, סע"א ואילך). 36) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 37) ראה ב"ב י, א. 38) ד"ה וככה תדל"ז פס"ו. פכ"א (ס"ע כה). 39) לקו"ה ר"פ דברים. ובכ"מ.

אנהויבנדיק פון זיך אליין, ועאכו"כ בנוגע צו "עוללים ויונקים"[40], וואס בא זיי איז עס א "הבל שאין בו חטא"[41].

וואס די הוספה דארף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות בכלל, ובפרט אין מצות הצדקה, וואס זי ווערט אנגערופן בשם "מצוה סתם"[42].

וואס אין דערויף זיינען דא צוויי קצוות: צדקה ווערט אנגערופן בשם "מצוה סתם", און יעדער "מצוה סתם" איז אן ענין של צדקה - ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געגעבן די מעגליכקייט יעדן אידן אז ער זאל קענען זיין בצוותא וחיבור מיטן אויבערשטן (וואס דאס איז דאך דער אויפטו פון יעדער מצוה[43]) - איז אן ענין של <u>צדקה</u>.

און ווי מ׳האט געלערנט אין דעם שבת (אין דער צייט פון רעוא דרעוין) די משנה[44] "רצה הקב"ה <u>לזכות</u> את ישראל לפיכך הרבה להם תומ"צ", ד.ה. אז דער כללות ענין פון תומ"צ איז פארבונדן מיט "<u>לזכות</u> את ישראל" (אן ענין של צדקה).

און ווי דער רמב"ם טייטשט אפ אין פיהמ"ש[45] אז "המצוות בהיותם הרבה אי אפשר שלא יעשה האדם בחייו אחת מהם על מתכונתה ושלימותא", ד.ה. אז דער אויבערשטער האט אויפגעטאן אז ס׳זאל זיין א ריבוי אין תומ"צ ("הרבה להם תומ"צ"), כדי אז בא יעדער אידן זאל זיין לכה"פ "אחת מהם (איינע פון די מצוות) על מתכונתה ושלימותה", וואס דורך דערויף וועט ביי אים זיין דער ענין פון "<u>לזכות</u> את ישראל", אן ענין של זיכוך[46],

ביז צו א זיכוך וואס ווערט די ריכטיקע הכנה צו דעם ענין פון קבלת התורה - וואס דאס איז דאך דער כללות הענין פון לימוד פרקי אבות אין די שבתות שבין פסח לעצרת (וואס בהמשך לזה זאגט מען די משנה "רצה הקב"ה <u>לזכות</u> את ישראל כו׳") - די הכנה צו קבלת התורה[47],

ובפרט דער פרק וואס מ׳האט געלערנט אין היינטיקן שבת - פרק ששי, וואס ער ווערט אנגערופן "קנין תורה"[48],

וואס אין "<u>קנין</u> תורה" איז דא א מעלה מיוחדת לגבי דעם כללות הענין פון לימוד התורה - ווארום דער אפטייטש פון

- "<u>קנין</u>" -

---

40) ל׳ - תהלים ח, ג. 41) שבת קיט, ב. 42) תניא פל"ז (מח, ב). 43) ראה לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 44) מכות בסופה. 45) למכות שם. נתבאר בארוכה בלקו"ש חגה"ש-פרקי אבות ש.ז. ס"ג ואילך. 46) ראה לקו"ש שם רס"ז. 47) ראה מד"ש בהקדמתו למס׳ אבות. 48) ראה מד"ש לאבות רפ"ו.



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

"קנין תורה" איז, אז ער קויפט די תורה[49] און די תורה ווערט זיינע, ד.ה. אז די תורה איז "נקראת על שמו"[50], ביז וואנעט אז דער כבוד התורה ווערט זיין כבוד[51] (מיט אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן בנוגע להלכה), ווי גערעדט פריער[52] בארוכה.

ו. האמור לעיל וועגן דער הדגשה מיוחדת וואס איז דא אין "קנין תורה", איז אויך מודגש אין נוסח הרב בנוגע צו דער ברכה וואס איז פארבונדן מיט חגה"ש - אז ס׳זאל זיין "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות".

וואס דער לשון הרגיל איז דאך "מתן תורה", ווי מ׳זאגט אין נוסח התפלה "זמן מתן תורתנו", וואס דאס איז דאך א מעלה הכי גדולה, וויבאלד אז "כל הנותן בעין יפה נותן"[53] -

אבער אעפ"כ, מצד דעם ענין פון "כעלין בקודש"[54], איז נאך דערויף וואס ס׳איז דא דער ענין פון "מתן תורה", קומט נאך א גרעסערן ענין דערפון - "קבלת התורה", אז דער איד ווערט דער אמת׳ער מקבל פון דער תורה, און די תורה ווערט זיינע א זאך (ע"ד "קנין תורה").

ביז וואנעט אז ער ווערט איין זאך מיט תורה (בדוגמת המבואר[55] וועגן דער מעלה פון אור וכלי), אזוי אז מ׳קען גארניט פאנאנדערטיילן צווישן זיי.

ד.ה. ניט נאר אז די מציאות פון תורה איז דער עיקר, און זיין מציאות איז דער טפל (ע"ד לשון התניא[56] "עושין גופם עיקר ונפשם טפלה", אבער להיפך דערפון), וואס דעמולט זיינען דא צוויי באזונדערע ענינים, נאר איינער פון זיי איז אן "עיקר" און דער צווייטער איז א "טפל" -

נאר זיי ווערן אן איין און איינציקע זאך, אין אן אופן אז ס׳איז גארניט שייך פאנאנדערטיילן צווישן זיי, ביז אין אן אופן פון אחדות הפשוטה, בדוגמא ווי דאס איז בא דעם בורא האדם (וואס "אתם קרויין אדם"[57], "ע"ש אדמה לעליון"[58]).

ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז ס׳איז ניט דער טייטש אז דער גוף פילט זיך פאר א מציאות, נאר א מציאות של "טפל",

- וויבאלד -

------------

49) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1234. 50) ע"ז יט, א. וראה גם קידושין לב, סע"א ואילך. 51) קידושין שם. 52) שיחה הנ"ל סנ"ד-נה. 53) ראה ב"ב נג, א. ועוד. 54) ברכות כח, א. וש"נ. 55) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ד ערך אורות דספירות -ביחס לכלים ס"ב. וש"נ. ועוד. 56) פל"ב. 57) יבמות סא, רע"א. 58) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.

וויבאלד אז די נשמה איז דער "עיקר" - נאר דער גוף איז אינגאנצן נים קיין מציאות פאר זיך, וויבאלד אז ער שטיים אין אן אופן פון אחדות פשוטה צוזאמען מים דער נשמה,

ביז אז עס ווערם די אחדות פשוטה פון דער נשמה מיטן גוף מים "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", און אין אן אופן פון דעת ("דעהו"), וואס דער אפטייטש דערפון איז "יתקע מחשבתו בחוזק"[60], און דאס איז אן ענין תמידי, אין אן אופן אז מתחלתו ועד סופו שטיים דאס אן קיינע שינויים, כמבואר בארוכה אין דעם המשך פון עת"ר[61] ובכ"מ וועגן דעם אויפטו פון דעת.

און דאס איז דער ענין פון "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות" - אז ער ווערם דער מקבל פון תורה, דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "שמחה פורץ גדר"[62], וואס דאס איז מבטל די אלע מחיצות המבדילות בין הגוף והנשמה (ווי דאס איז ע"פ תורה), און דעמולט ווערט דאס גלייך אויך "בפנימיות", וואס פנימיות אמיתיה איז (כמבואר בכמה שיחות פון רבותינו נשיאינו) אז די פנימיות און די חיצוניות ווערן איין זאך, ביז אז דאס ווערם א כלי צו אחדות הפשוטה.

ועד"ז אויך בנוגע לענינינו - אז די הוספה אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה (כולל אויך כל המצוות, וואס זיינען נכלל אין מצות הצדקה[63]) זאל זיין בשמחה ובפנימיות.

ז. און דאס איז די מטרה און די נקודה און די כוונה עיקרית פון דער התוועדות - מדרז זיין נאכאמאל וועגן דער הוספה וואס דארף זיין אין לימוד התורה און נתינת הצדקה,

און איבערקערן די אלע ענינים אויף אן ענין של שמחה, און א שמחה גדולה ביותר - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון צדקה, ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין דעם סיום וחותם פון הל׳ מגילה (וואס דעמולט איז דא די שמחה פון "עד דלא ידע"[64]) וועגן גודל המעלה פון "מתנות לאביונים" (דער ענין הצדקה), אז "אין שם שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים כו׳ שהמשמח לב האומללים האלו דומה לשכינה שנאמר[65] להחיות רוח שפלים ולהחיות לב נדכאים".

און ביתר שאת וביתר עוז זאל מען מדרז זיין דיך און מדרז זיין די אלע וואס זיינען דא און הערן, און מדרז זיין די אלע וואס מ׳וועט זיי איבערגעבן וועגן דעם - בנוגע צו

- דעם -

------------

59) תניא ספ"ג. 60) ע׳ קיב ואילך. 61) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע׳ 49 ואילך. 62) ראה תניא פל"ז (מח, ב). ועוד. 63) מגילה ז, ב. 64) ישעי׳ נז, טו.

דעם זכות הכי גדול וואס מ׳האט צו מרבה זיין סיי בכמות און סיי באיכות אין לימוד התורה וקיום מצוותי׳, ובפרט אין מצות הצדקה, וואס "נקראת בשם מצוה סתם",

ובמיוחד בנוגע צו די "עוללים ויונקים" (וואס "בנינו ערבים אותנו"[65]) - אז בא זיי זאל אויך זיין די הוספה, סיי אין כמות און סיי אין איכות, אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

ח. וכאמור לעיל אז די הוספה זאל זיין אנהויבנדיק פון ר"ח סיון ביז צו "זמן מתן תורתנו", ועאכו"כ אין "זמן מתן תורתנו" אליין [במובן ופשוט אז דעמולט דארף זיין דער ענין הצדקה באופן המותר],

ווי דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו [וואס דער סידור איז דאך א דבר השוה לכל נפש] אז מ׳זאגט ניט קיין תחנון "מר"ח סיון עד י"ב בו ועד בכלל" - וואס פריער איז דאס מערניט ווי א מנהג, אבער דערנאך ווערט דאס א פס"ד, ביז אז עס קומט אראפ למטה מעשרה טפחים בפועל,

ביז אז דאס קומט אראפ אויך צו די וואס פריער האבן זיי ניט געהאט קיין שייכות צו "מנהג ספרד" - ווערט דאס א מנהג (ביז צו "מנהג ישראל תורה הוא"[66]) אויך בא זיי, און עס ווערט בא זיי א תורה שלימה.

ט. און עס ווערט אויפגעטאן בא יעדער אידן דער אויפטו פון תורה "חרות על הלוחות"[67], אז די תורה ווערט איינגעקריצט און זי ווערט א חלק פון דעם אידן,

בדוגמא ווי געדערט פריער (סוס"ה) וועגן דעם ענין פון "קנין תורה", אז די שלימות אין דערויף איז, ווען עס ווערט אוים מציאות בפ"ע, נאר דאס ווערט זיין מציאות,

[בדוגמא ווי מ׳זאגט בנוגע צו דעם דין[68] אז "מה שקנה עבד קנה רבו" - אז גלייך מלכתחלה איז "קנה רבו"[69]],

ד.ה. אז די תורה וואס ער לערנט ווערט זיין מציאות; ער ווערט א לעבעדיקע תורה, אזוי אז תורה נוצט זיך מיט זיינע אברים אז זיי זאלן טאן דאס וואס תורה וויל אז עס זאל געטאן ווערן, ביז אז זיי ווערן אוים מציאוה בפ"ע, נאר זיי ווערן די מציאות פון תורה,

- [בירוע -

---

65) שהש"ר פ"א, ד. 66) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. ועוד.
67) תשא לב, טז. 68) פסחים פח, ב. קידושין כג, ב.
69) רשב"א לקידושין שם.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

[בידוע די ראי׳ אויף דערויף פון הל׳ שבת*, אז בשעת מ׳איז מוציא א כלי צוזאמען מיט אן אוכל, איז דער שיעור פון דער כלי תלוי אין דעם שיעור פון דעם אוכל, וויבאלד אז די מציאות פון דעם כלי איז בטל לגבי דעם אוכל וואס בעפינט זיך בתוכו, און דערפאר איז אינגאנצן ניט נוגע דער שיעור פון דער כלי].

ויה"ר אז פון דעם דיבור און שמיעה זאל דאס אראפקומען אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"*, און דאס זאל זיין די הקדמה פון "נעשה" (צו די אלע ענינים שלאח"ד, ביז צום "נשמע" וואס וועט זיין אין "זמן מתן תורתנו",

אז מ׳זאל מקבל זיין די תורה בשמחה ובפנימיות.

* * *

י. מ׳האט דערמאנט פריער (ס"א) אז דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע די אלע פרטים וואס זיינען געווען אין ימי ההכנה צו "זמן מתן תורתנו" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומען די טעג בכל שנה ושנה, האט מען די הוראה אין שו"ע ווי אזוי מ׳דארף זיך פירן בשנה זו אין דעם חודש און אין דעם טאג.

אנהויבנדיק דערפון וואס "מיד אחר ר"ח התחיל משה להתעסק עמהם בענין קבלת התורה" - וואס דערפון איז דא א הוראה אין דער עבודה פון יעדער אידן:

בא יעדער אידן איז דאך דא א ניצוץ פון נשמת משה רבינו, כמבואר אין תניא* אז דערפאר זאגט מען יעדער אידן "ועתה ישראל מה ה׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה גו׳"*, אז יראה איז א "מילתא זוטרתי"*, וויבאלד אז ביי אים איז דא א ניצוץ פון נשמת משה רבינו, און לגבי משה איז יראה א "מילתא זוטרתי".

און דאס איז ניט אין אן אופן אז ס׳איז דא דער ניצוץ וואס איז מאיר "כמו שמש המאיר מתחת לארץ לששים ריבוא כוכבים" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק*) און דערביי בלייבט דאס - נאר עס קומט אראפ בפועל, אז אידן זיינען מקיים אויך די מצוה פון "כי אם ליראה את ה׳" (וויבאלד אז "עמך כולם צדיקים", און "כל ישראל בחזקת כשרות"*),

און ניט נאר אז מ׳איז מקיים "אויך" די מצוה פון יראה,

- נאר -

---

70) שבת צג, ב במשנה. רמב"ם הל׳ שבת פי"ח הכ"ח.
71) אבות פ"א מי"ז. 72) דפמ"ב. 73) עקב י, יב. 74) ברכות לג, ב. 75) סו"ס ז"ך. 76) רמב"ם הל׳ קדה"ת פ"ב ה"ב.

נאר אדרבה, יראה איז גאר א מצוה עיקרית, וואס זי איז דער יסוד צו קיום כל מצוות כולם,

און דערפון קומט דאס דערנאך אראפ אין פרטים, ביז אין פרטי פרטים - ווי דער פס"ד וואס קומט ארויס פון דעם פסוק "ועתה ישראל מה ה׳ אלקיך שואל מעמך גו׳" - "אל תקרי מה אלא מאה", דער ענין פון מאה ברכות[77],

ד.ה. אז דורך דערויף איז מען ממשיך די ברכות והמשכות (מאה ברכות, "ברכה" מלשון המשכה[78]) ביז למטה מטה, און עס קומט אראפ אין פארשידענע ענינים וואס זיינען מן הקצה אל הקצה - ווארום די מאה ברכות (ווי זיי ווערן אויסגערעכנט בכ"מ, אויך אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע[79]) זיינען ברכות והמשכות אין אלע-ערליי סוגי ענינים וואס זיינען שייך ביז למטה מטה.

און דאס ווערט נמשך - ווי יעדער ענין של ברכה - אין אן אופן פון שמחה, ווארום אפי׳ אויב עס רעדט זיך וועגן א ברכה אויף אן ענין בלתי רצוי, איז וויבאלד אבער אז דורך דערויף איז ער ממשיך דעם אויבערשטן, וואס ער איז דער "עצם הטוב", און "טבע הטוב להטיב[80]", און "עוז וחדוה במקומו[81]", איז דאך פארשטאנדיק, אז עס ווערט דערפון אן ענין של שמחה;

פריער איז עס אין אן אופן אז ער פועל׳ט בא זיך דעם "לקבולי בשמחה[82]", ווארום לכתחלה איז דאס אין אן אופן פון "טוב העליון הגנוז", אבער ע"י עבודתו ווערט דער "צאת השמש בגבורתו[83]", עס ווערט דער "יציאת חמה מנרתקה שהיא מכוסה בו בעוה"ז", און דער "טוב העליון הגנוז" ווערט בגילוי (כמבואר אין תניא[84] און אין אגה"ק[85]).

ביז אז אין ענין יוצא מידי פשוטו - אז עס ווערט נמשך דער טוב הנראה והנגלה, א טוב הכי גדול, למעלה מכל מדידה והגבלה, און דער טוב שטעלט זיך אדיין און שטייט למטה מעשרה טפחים, אין אן אופן אז מ׳זעט דאס בעיני בשר,

ובדוגמא ווי ס׳איז מבואר אין אגה"ק[86] אז "חיי הצדיק אינם חיים בשריים כ"א חיים רוחניים", וואס דאס איז דאך ניט שולל דעם גוף הגשמי, נאר אדרבה, עס קומט צוזאמען דערמיט וואס עס רעדט זיך וועגן א צדיק וואס געפינט זיך אין א גוף גשמי פון רמ"ח אברים ושס"ה גידים -

- איז -

---

77) תניא רבתי רפ"א. מנחות מג, ב. פרש"י שם ד"ה מה. תוס׳ שם ד"ה שואל. שו"ע אדה"ז או"ח סמ"ו ס"א. 78) תו"א מקץ לז, ג. ועוד. 79) שם. 80) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א). ועוד. 81) דה"א טז, כז. 82) ברכות ס, ב. 83) ל׳ הכתוב - שופטים ה, לא. 84) פכ"ו (לג, א). 85) סי"א. 86) ביאור לסי׳ ז"ך (קמו, ב).



הנחת הת׳ בלתי מוגה

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם "טוב העליון הגנוז" וואס קומט אראפ בגילוי - אז עס קומט אראפ אין טוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים, אין אן אופן אז מ'זעט דאס בעיני בשר,

נאר דאס איז אזא טוב וואס איז שלא בערך לגמרי לגבי דעם טוב וואס קומט אראפ מצ"ע אין א כלי און אין א מדידה והגבלה, ניט דארפנדיק אנקומען צו אן ענין של "ופרצת", אז מ'זאל אים פורץ זיין און מהפך זיין לטוב.

און דאס איז וואס מ'זאגט אז בא יעדער אידן איז דא דער ניצוץ פון נשמת משה רבינו, וואס דער ניצוץ נעמט אים דורך אינגאנצן, און עס פועל'ט ער זאל ממשיך זיין די מאה ברכות, און ניט נאר אין "יומין דכאין" און זמנים מסוגלים, נאר בכל יום ויום.

און אויף דערויף זאגט מען אז דער משה שבו קען זיך מתעסק זיין מיט כו"כ עניינים שבו - איז גלייך נאך ר"ח סיון איז זיך דער משה שבו מתעסק מיט אים בנוגע צו דעם ענין פון קבלה התורה, וואס דאס איז די הוראה וואס קומט ארויס דערפון וואס "מיד אחר ר"ח התחיל משה להתעסק עמהם בענין קבלת התורה".

יא. און דערנאך ווערט ביי אים גלייך דער תכלית העילוי - "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו'":

ער ווערט אין אן אופן פון א מלך, ד.ה. אז די גאנצע וועלט האט ביי אים ניט קיין תפיסה מקום, ווארום "אמר מלכא עקר טורא"[88].

וכידוע דער רמז שבזה[89] אז "טורא" גייט אויפן יצה"ר וואס "נדמה להם כהר גבוה"[90], און אויף דערויף זאגט מען "אמר מלכא עקר טורא":

ער דארף ניט אנקומען צו אן אריכות העבודה און דינגען זיך מיט אים, נאר ס'איז געווען דער ענין פון "אמר", אן אמירה בעלמא,

און אויך[**]: די מציאות פון דעם "הר" ווערט ניט נתבטל, נאר עס ווערט דער "עקר טורא", ער איז אים עוקר פון דעם ארט וואו ער איז געווען בתחלת ברייתו, און שטעלט אים אוועק אין א צווייטן ארט, אין מקום הקדושה,

וואס דאס איז דאך תכלית השלימות אין עבודה, אז ס'זאל - זיין -

---

87) ראה ב"ב ג, ב. 88) לקו"ש ח"ט ע' 349 בשוה"ג להע' 11. 89) סוכה נב, א. 90) לקו"ש שם.

זיין "בכל לבבך - בשני יצריך"[91], כולל אויך דעם יצר אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "אשר הרעותי"[92], וואס דעמולט קומט צו א תוקף בעבודתו, וויבאלד אז עס ווערט געטאן "בכל לבבך - בשני יצריך", ע"ד ווי עס שטייט בנוגע צו דעם ענין פון "אחריך נרוצה"[93], לשון רבים, דער נה"ב צוזאמען מיטן נה"א[94], ד.ה. אז עס קומט צו אין נה"א דער תוקף פון נה"ב.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער שטייט אין אן אופן פון "ממלכת כהנים", וואס דעמולט איז "אמר מלכא עקר טורא", ער האט אין דערויף א לייכטע עבודה, ווארום באמת איז עס ניט קיין "הר גבוה", נאר מערניט ווי "חוט השערה"[95], וואס דערפאר איז געגוג אויף דערויף דער ענין פון "אמר מלכא כו׳".

יב. אין דערויף קומט אויך צו דער ענין פון "ממלכת כהנים":

עניינו פון א כהן איז - אז ער האט ניט קיין שייכות צו ענינים פון עוה"ז, ווארום אויף אים זאגט דער אויבערשטער "אני חלקך ונחלתך"[96].

און ווי דער רמב"ם[97] פסק׳נט אפ אז "לא שבט לוי בלבד אלא כל . . אשר נדבה רוחו אותו והבינו מדעו להבדל לעמוד לפני ה׳ לשרתו כו׳ הרי זה נתקדש קדש קדשים ויהי׳ ה׳ חלקו ונחלתו לעולם ולעולמי עולמים".

ביז ווי ער טייטשט אפ אין בעה"ט[98] אז "ממלכת כהנים" מיינט "כהנים גדולים", ד.ה. אז יעדער איד שטייט אין דער דרגא פון א כהן גדול,

וואס א כה"ג טאר דאך ניט ארויסגיין פון ירושלים[99] - וואס ענינה איז דאך שלימות היראה[100], ווי ס׳איז מבואר אין תוס׳[101] אז ווען א איד איז געקומען אין ירושלים, און האט געזען "מקום שכינה וכהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם", האט דאס אים געבראכט צו דעם ענין פון ידאה ה׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דער פעולה פון דעם משה שבקרבו, שטייט ער אין אן אופן פון "ממלכת כהנים",

- און -

-------------

91) ברכות נד, א במשנה. ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ה. 92) מיכה ד, ו. סוכה שם, ב. 93) שה"ש א, ד. 94) ראה לקו"ת ויקרא ב, סע"ד. אוה"ת שה"ש ע׳ נט ואילך. ועוד. 95) סוכה שם, א. 96) קרח יח, כ. 97) סוף הל׳ שמיטה ויובל. 98) עה"פ יתרו יט, ו. 99) ראה רמב"ם הל׳ כלי המקדש פ"ה ה"ז. 100) ב"ר פנ"ו, י. תוד"ה הר - תענית טז, א. לקו"ה ר"ה ס, ב. 101) ד"ה כי מציון - ב"ב כא, א.

און דערנאך ווערט ביי אים דער "וגו׳", אז ער קומט צו צום גמר וסיום העבודה, אז זיין עבודה איז אין אן אופן פון "עבודה תמה", אן עבודה שאין אחרי׳ עבודה, ווארום ער קומט צו צו תכלית השלימות.

יג. און דערנאך קומט דער ענין פון "מצות הגבלה":

נאך דעריויף וואס ער שטייט שוין אין דער דרגא פון "ממלכת כהנים", צוזאמען מיטן "וגו׳", ער האלט שוין בא תכלית השלימות אין עבודה - זאגט מען אים אז אעפ"כ דארף זיין דער ענין פון "השמרו לכם עלות בהר וגו׳"[102], דער ענין פון "מצות הגבלה".

וכידוע די זהירות פון רבותינו נשיאינו אז מ׳זאל זיך ניט אנכאפן אויף אן ענין צו וועלכן מ׳האט ניט קיין שייכות, וכירוע דער סיפור בזה (וואס איז דערציילט געווארן כמ"פ דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר[103]) אז מ׳האט דאס געזאגט אפי׳ בנוגע צו ערב יוהכ"פ, און אפי׳ במעמדו ומצבו פון דעם רבי׳ן נ"ע.

און דערנאך קומען די איבעריקע פרטים וואס ער רעכנט אוים אין שו"ע, ביז צום סיום הענין - דער טאג פון שבת "שבו ניתנה התורה" (וואס דערמיט איז דער אלטער רבי מסיים דעם סימן אין שו"ע - וואס דאס איז א ספר השוה לכל נפש).

יד. עפ"ז איז פארשטאנדיק אז מ׳דארף טאן די אלע הכנות צו "זמן מתן תורתנו" באופן האמור - וויבאלד אז מ׳האלט שוין נאך ר"ח סיון, וואס ער איז כולל אין זיך אלע טעג פון חודש סיון.

ובפרט אז מ׳האלט שוין נאך דעריויף וואס דער משה שבכל או"א האט זיך מתעסק געווען מיט אים בנוגע צו לימוד התורה, און האט גע׳פועל׳ט ביי אים דעם ענין פון "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים",

וואס אין דעם ווארט "תהיו" זיינען דא ביידע אפטייטשן: ס׳איז א ציווי און א בקשה אז אידן זאלן זיין "ממלכת כהנים", און ס׳איז אויך א לשון של הבטחה, אז איר <u>וועט</u> זיין "ממלכת כהנים".

ובפרט לויט ווי גערעדט כמ"פ[104] דעם ביאור פון דעם ראגאטשאווער[105], אז אן ענין וואס שטייט אין תושב"כ, בלייבט

- דאס -

------------

102) יתרו שם, יב. 103) ראה סה"ש תש"ב ע׳ 88. תש"ה ע׳ 21. ועוד. 104) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 240 ואילך ובהע׳ 7 והע׳ 14 שם. ח"ח ע׳ 151 ובהנסמן שם הע׳ 8. 105) צפע"נ למכות יא, א. מצפע"נ לתו"מ קב, א.

דאס קיים באופן נצחי, אפי' אז אין תושב"כ גופא שטייט אז ס'איז געווארן א שינוי אין דעם ענין,

[וואס דאס איז דער ביאור אין דעם דין[106] אז מ'קען מתפיס זיין אין שבועת משה ליתרו, אע"פ אז תורה אליין דערציילט אז דערנאך איז די שבועה בטל געווארן[107] - ווארום וויבאלד אז דאס איז א פסוק אין תושב"כ, איז עס אן ענין וואס איז דא אין מציאות ע"פ תורה (ווי די מציאות פון תורה פועל'ט אין עוה"ז הגשמי), און עס איז קיים באופן נצחי בכל זמן ובכל מקום,

און דערפאר ווען ער איז מתפיס אין שבועת משה ליתרו, האט דאס א קיום, און עס האט דעם גאנצן תוקף פון א שבועה, וואס דער תוקף פון א שבועה איז נאך גרעסער פון דעם תוקף פון א מצוה סתם (וואס דערפאר איז דא דער ענין פון "נשבעין לקיים את המצוה"[108])],

און דער ענין פון "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו'" - איז אן ענין וואס שטייט אין תושב"כ.

סו. ובנוגע לפועל:

מ'זאל ניט אפגיין פון דער נקודה העיקרית - אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה סיי בכמות און סיי באיכות, און מוסיף זיין אין מצות הצדקה סיי בכמות און סיי באיכות.

און די הוספה זאל זיין סיי בנוגע לעצמו, און סיי בנוגע צו קטנים, ביז צו "עוללים ויונקים", וואס בא זיי איז עס א "הבל שאין בו חטא".

און דעמולט האט מען די הבטחה אז עס וועט זיין דער "להשבית אויב ומתנקם"[109], ביז אין אן אופן אז דער "אויב ומתנקם" ווערט נתהפך (ווי דער צווייטער אפטייטש אין "מזמור שיר ליום השבת"[110] - "משביתן שלא יזיקו"[111]) - בדוגמא ווי גערעדט פריער (סי"א) וועגן דעם ענין פון "בכל לבבך - בשני יצריך", און "אחריך נרוצה", לשון רבים, ביז עס ווערט דער "הביאני המלך חדריו"[112].

סז. אויף מקשר זיין דאס מיט אן ענין של פועל - איז אזוי ווי עס געפינען זיך דא כו"כ וואס זיינען נאך קודם דעם גיל פון בר-מצוה, זאל יעדערער פון זיי זאגן "לחיים" אויף אן ענין בשמי (לכאורה),

- און -

---

106) נדרים י, א-ב ובר"ן שם. ירושלמי נדרים פ"א ה"ב.
107) נדרים סה, א. 108) שם ח, רע"א. 109) תהלים ח, ג.
110) שם צב, א. 111) תו"כ עה"פ בחוקותי כו, ו.
112) שה"ש שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

און מהפך זיין דעם ענין גשמי - דורך דער ברכה שלפנ"ז, און דורך זייער מחשבה צו משמח זיין זיך און משמח זיין די אידן וואס געפינען זיך ארום זיי, אין דער שמחה וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה און קיום המצוות וואס וועט זיין לאח"ז,

כולל אויך די הוספה אין לימוד התורה און אין מצות הצדקה וואס וועט זיין ביז י"ב סיון "ועד בכלל", אין אן אופן פון פעולה נמשכת, במשך כל השנה כולה.

און דער גאנצער עולם זאל זיך מצרף זיין צוזאמען מיט זיי מיט א ניגון של שמחה.

און תיכף ומיד זאל זיך אנהויבן די שמחה אין אן אופן פון "ופרצת", וואס דאס וועט פורץ זיין די לעצטע שיריים פון גלות,

אזוי אז "בשעתא חדא וברגעא חדא" וועט דער חושך כפול ומכופל נתהפך ווערן צו אן אור גדול ביותר, און עס וועט זיין דער "ראו אור גדול"[113], בפועל ממש ובפשטות למטה מעשרה טפחים, בכל מקום ובכל פנה ובכל נקודה, און מיטנעמען אין דערויף אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[114].

* * *

יז. נאך דערויף וואס מ'האט גערעדט[115] וועגן דעם אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה, האט מען גערעכנט אז בשעה מ'וועט אויפשטיין אויף מארגן אינדערפרי און מ'וועט א קוק טאן אין די צייטונגען, וועט מען זעהן אז אימעצער האט אריינגעגעבן א מודעה וועגן דעם ענין, וויבאלד אז מ'האט גערעדט אז מ'זאל זעהן אז עס זאל אנקומען וואו מ'קען נאר דערגרייכן - אבער לפועל איז ניט געווען אזוי!

איך האב זיך ארויסגעכאפט מיטן ווארט אז דער טאג וואס איז נאך דער התוועדות איז ניט קיין יום המעשה (וויבאלד אז ס'איז ד"ח) - עס איז טאקע ניט קיין יום המעשה, ס'איז אבער מותר במלאכה - האט מען זיך אנגעכאפט אויפן ווארט אז ס'איז ניט קיין יום המעשה, ובמילא האט מען גארניט געטאן, יעדערער איז אוועקגעגאנגען "תחת גפנו ותחת תאנתו"[116].

און וויבאלד אז "כל ישראל בחזקת כשרות", איז עס מסתמא געווען אן ענין של גפן וועלכן מ'דארף האבן צוליב "יין לקידוש ולהבדלה", האט ער קיין ברירה ניט, ער מוז זיך דערמיט מתעסק זיין,

- ועד"ז -

---

113) ל' הכתוב - ישעי' ט, א. 114) בא י, ט.
115) בשיחה הנ"ל. 116) ל' הכתוב - מ"א ה, ה.

ועד"ז איך בנוגע צו "תחת תאנתו" - כמבואר אין קונטרס עה"ח[117] אז א איד האט בכח צו מהפך זיין דעם ענין פון "תאנה", ביז צו דער גאנצער שלימות וואס איז דא אין דעם בירור וואס מ'טוט אויף מיטן עץ הדעת.

איז אמת טאקע אז מ'האט אנגעפילט די צייט מיט ענינים טובים - עס האט זיך אבער ניט אויפגעטאן דער ענין וועגן וועלכן מ'האט גערעדט אז מ'דארף טאן!

מ'זאגט טאקע אז יעדער מצוה איז כלול פון אלע מצוות, וואס דעדפאר איז דער דין אז "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[118] - איז אבער ניט דומה דער קיום המצוה בפ"ע, צום קיום המצוה ווי זי איז כלול אין אן אנדער מצוה.

און ווי חסידות[119] ברענגט אראפ אז אע"פ אז ס'איז געווען דער ענין פון "העוסק במצוה פטור מן המצוה", אעפ"כ האט מען געזאגט אז מ'האט מריח געווען "בריחא דלבושייכו" אז זיי האבן ניט מקיים געווען די מצוה פון ק"ש[120] - וויבאלד אז ס'איז ניט דומה דער קיום פון מצות ק"ש בפועל, צו דעם ענין ווי מצות ק"ש איז כלול אין אן אנדער מצוה.

ועד"ז בנדו"ד: עס איז טאקע ניט געגאנגען קיין רגע לבטלה, און ער איז געווען פארנומען מיטן גפן, ער זאל האבן יין לקידוש ולהבדלה, און איז געווען פארנומען מיט דער תאנה, אז עס זאלן ארויסקומען תאנים טובים (מיט אלע פרטים וואס זיינען פארשטאנדיק פון דעם ביאור אין קונטרס עה"ח) - עס פעלט אבער דער ענין וואס מ'האט געדארפט מעורר זיין א צווייטן אידן בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות.

איך האב געוווארט איין טאג, און געוווארט דעם גאנצן צווייטן טאג, און ס'איז נאך אלץ "לא חלי ולא מרגיש"[121] - מ'איז אזוי פיל פארטאן אין לימוד התורה וקיום המצוות בנוגע לעצמו, ביז אז מ'פארגעסט אויף דער הוספה וואס מ'דארף מוסיף זיין אין דעם, און עס ווערט "כדיוטגמא ישנה"[122], ועאכו"כ אז מ'פארגעסט אויף דעם וואס מ'דארף און מ'מוז מעורר זיין און מעודד זיין א צווייטן אידן אויף לימוד התורה וקיום מצוותי' - וואס ס'איז דאך א זיכערע זאך אז דורך פרסום הדבר וועט דאס נתקבל ווערן בטוב.

- יח. -

---

117) פ"ה. 118) סוכה כה, א. המשך תרס"ו ע' סח. רסז. תקכב. סה"מ עטר"ת ע' תסג ואילך. תרפ"ט ע' קמג ואילך. ועוד. 119) המשך הנ"ל ע' סח. סה"מ עטר"ת ותרפ"ה שם. 120) זח"ג קפו, א. 121) ל' הש"ס - יומא כב, ב. 122) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן שם, ו.

הנחה הת' בלתי מוגה

יח. מ'פלעגט אמאל זאגן בא חסידים (בשם פון גדולים), אז ווען משיח וועט קומען, וועט מען רעדן וועגן אים אין די צייטונגען.

איז וועגן משיח'ן האט מען שוין גערעדט אין די צייטונגען כו"כ פעמים, איז שוין די מניעה ועיכוב אויך אראפ, קען שוין משיח קומען;

מ'האט נאך אבער ניט גערעדט אין די צייטונגען וועגן דעם ענין וואס מ'האט גערעדט און מ'האט מדגיש געווען כמ"פ אין דעם מוצאי שבת, אז מ'זאל זעהן מעורר זיין יעדער אידן אויף דער הוספה אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

און ווייזט אויס אז די סיבה אויף דערויף איז - דערפאר וואס מ'האט ניט אויסגעטייטשט אז פב"פ זאל גיין און איינגעבן א מודעה אין צייטונג, און די מודעה זאל זיך אנהויבן מיט א "ב"ה", און דערנאך זאל מען זיך אראפלאזן אין פרטי הענינים, און שרייבן אין א לשון וואס איז מובנת לכל (אויף אידיש), אז מ'זאל זעהן אז ערוואקסענע, ועאכו"כ קינדער, ביז "עוללים ויונקים", זאלן מוסיף זיין (סיי בכמות און סיי באיכות) אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

און כדי אז ס'זאל אראפקומען בפועל - דארף מען טאקע צולייגן דעם "טשעק", און דערנאך אנקלינגען אין דער צייטונג און זעהן אז דאס זאל אריינגיין בהקדם הכי האפשרי, און ס'זאל אריינגיין אין אן ארט וואו עס וועט זיין ניכר און עס וועט זיך ווארפן אין די אויגן,

און ניט טראכטן וועגן פארשפארן כספי ציבור וכיו"ב, במילא לייגט מען דאס אריין אין קליינינקע אותיות, אז מ'זאל דאס דארפן זוכן. - ווארום דאס איז דאך אן ענין וואס דארף דערגרייכן לכל מקום וואו מ'קען נאר דערגרייכן, דארף מען זיך ניט אויסרעכענען מיט געלט, און געלט איז אויף דערויף ניט קיין מניעה.

מ'האט טאקע געהערט די רייד, און מ'האט דאס פארשריבן, און געטאן אין דערויף כו"כ ענינים - אבער טאן דעם ענין הכי פשוט, אפדרוקן א מודעה אין צייטונג,

אין אידישע צייטונגען, ענגלישע צייטונגען, פראנצויזישע צייטונגען, שפאנישע צייטונגען, פאדטוגעזישע צייטונגען, און אפי' רוסישע צייטונגען, ועאכו"כ אין צייטונגען וואס זיינען געשריבן אין עברית (אדער בעסער געזאגט - אין לשון הקודש) -

איז בא מיר א ספק צי אימעצער האט אריינגעגעבן א מודעה אין צייטונג;

- יט. -

הנחת הת' בלתי מוגה

יט. דערנאך וועט מען קומען צו מיר מיט א טענה:

אויב דאס איז געוועז די כוונה - איז אז מ'האט געמאטערט דעם עולם דריי שעה נאכאנאנד, האט מען ניט געקענט מעודר זיין אז פב"פ זאל גלייך גיין אנשרייבן א מודעה, און זיך משתדל זיין און זעהן אז די מודעה זאל אפגעדרוקט ווערן אין די צייטונגען?!

איז דא ניט נוגע ווער ס'איז שולדיק - אלע זיינען "צדיקים", דער עיקר איז אבער אז ס'זאל זיין "טאפארו דא פלאחא", עס דארף זיך אפטאן במעשה בפועל.

און עס דארף זיין אין אן אופן אז אפי' צו דעם וואס שטייט אין א מעמד ומצב פון "נדחך בקצה השמים"[123] - זאל דאס אנקומען און דערגרייכן אויך צו אים.

כ. עד"ז איז מיר ניט איינגעפאלן אז מ'דארף באווארענען אז דאס וואס מ'האט גערעדט בנוגע צו דער הוספה אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה בא "עוללים ויונקים", איז נוגע לכל לראש צו די וואס זיינען מלמדים, מחנכים און מנהלים פון תלמוד-תורה'ס, חדרים און ישיבות קטנות (מיט אלע נעמען וואס מ'רופט דאס אן), וויבאלד אז די תלמידים וואס געפינען זיך דארטן, זיינען על אחריותם ועל זכותם.

ס'איז א דבר הפשוט אז גלייך זונטאג פארטאג האט ער שוין געדארפט אויסשטעלן בא זיך דעם סדר בזה, כדי אז גלייך בהתחלת היום זאל ער באווארענען און מפרסם זיין דעם ענין (אז מ'דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה) צו אלע תלמידים (אדער תלמידות - אין א בית-ספר לנערות) פון דעם מוסד וואו ער איז א מלמד אדער אן עוזר למלמד (אן "אסיסטענט" - ווי מ'רופט דאס אן דא),

און אפי' אויב ער איז דארטן מערניט ווי דער וואס קערט אויס די צימערן - איז דאך דער עיקר אין דערויף (ניט אזוי די פרנסה שלו, נאר) אז דער וואס לערנט אין דעם צימער זאל לערנען מיט מערער געשמאק - איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער דערהערט אז דער תלמיד וואס לערנט אין דעם צימער דארף מוסיף זיין סיי בכמות און סיי באיכות אין לימוד התורה און נתינת הצדקה - דארף ער זיך משתדל זיין אז דער תלמיד זאל דאס טאן.

כא. ובנוגע לפועל - איז מען איצטער מעורר נאכאמאל וועגן דעם, צוזאמען מיט דער נתינת כח און א ברכה אויף הצלחה,

- מיט -

------------

123) נצבים ל, ד.



הנחה הה' בלתי מוגה

מיט אלע גוטע זאכן וואס קענען זיין אין דערויף, ביז אין אן אופן פון "מאה ברכות" - אז מה שהי׳ הי׳, אבער עכ"פ מכאן ולהבא זאל מען טאן אין דערויף תיכף ומיד.

און אין אן אופן ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ת[124], אז "הי׳ רגיל לקרות דף אחד יקרא ב׳ דפים לשנות פרק א׳ ישנה ב׳ פרקים" - אז מ׳זאל טאן לכה"פ צוויי מאל אזוי פיל בכמות, ווער רעדט נאך אז מ׳וועט טאן צוויי מאל אזוי פיל באיכות - וועט דאס זיין אן ענין פון "כפלים לתושי׳"[125].

און מ׳זאל זיך ניט פארלאזן אז דעם ענין וועט טאן א צווייטער, און בנוגע צו אן אנדער ענין איז ער א "זקן ואינו לפי כבודו"[126], און ניט זוכן די אלע תירוצים (ועאכו"כ ניט קיין אמתלאות) וואס מ׳קען זאגן אויף דערויף.

און ווי גערעדט פריער אז ס׳זאל זיין בכל מדינה ומדינה בלשון שלה, און ס׳זאל טאקע זיין א מודעה אין ציישונג, נוסף אויפן פרסום וואס קען זיין אין אנדערע אופנים.

וואס דאס איז דאך א מילתא דעבירא לאגלויי: סוכ"ס וועלן דאך אהערצו אנקומען די אלע ציישונגען - וועט דעמולט זיין א בושה פאר א בו"ד דערפון וואס ער האט זיך ניט איינ-געקערט אז ס׳זאל זיין געדרוקט אין ציישונג בעתו ובזמנו (ער האט נאר דערמאנט וועגן דעם, און האט גלייך באווארנט אז דאס איז כאילו ווי ער וואלט גערעדט וועגן דעם "מאה פעמים" ממש).

כב. און בנוגע צו די "עוללים ויונקים" וואס זיינען נאך ניט פארשריבן אין א מוסד תינוך הכשר - איז די וואס זיינען קרובים צום ענין התינוך, די הנהלות, מורים ומורות, מדריכים און מדריכות פון מוסדות התינוך הכשר, דארפן זעהן אז די אלע קינדער וואס געפינען זיך לעת עתה מחוץ להמוסד שלהם (און ניט אין א מוסד דוגמתו) זאלן אריינגעצויגן ווערן אין דעם תינוך הכשר.

כולל אויך בנוגע צו דער הוספה בכמות און באיכות אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה, אין די טעג וואס זיינען פון ד"ח סיון ביז י"ב סיון "ועד בכלל", און אין אן אופן פון פעולה נמשכת, על כל השנה כולה.

והובטחנו אז "יגעת ומצאת"[127] - דער וואס וועט וועלן

- מיט -

------------

124) ספ"ט. 125) ראה שמו"ר רפמ"ו. 126) ראה ב"ב ל, א.
127) מגילה ו, ב.

מיט אן אמת טאן אין די ענינים, וועט דאך זיכער טאן אין אן אופן פון "יגעת", ובמילא וועט ער זיכער מצליח זיין אין אן אופן וואס איז שלא בערך פון זיין יגיעה[128].

ביז צו אזא הצלחה וואס "תורת אמת" רופט אן בשם "מציאה" - ד.ה. אז דורך א טרחא קלה ביותר איז ער קונה די מציאה פון א הון עצום ויקר.

כג. און דאס וועט ברענגען דעם "משכני אחריך נרוצה" - אז די התעוררות וואס דער אויבערשטער גיט אריין יעדערן ("משכני") איז אין אן אופן פון פעולה נמשכת, אז עס וועט דער "הקב"ה עוזרו" אין דעם "אחריך נרוצה" וואס קומט ע"י ההעוררות זו.

און פון "אחריך נרוצה" ווערט דער "הביאני המלך חדריו", ביז ווי עס ברענגט זיך אין דרושי חסידות[129] אז דאס איז א הדר וואס האט אין זיך דעם הרן יקר ונעים, און ער ווערט אויף דערויף דער בעה"

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון מ"ת - אז עס ווערט דער "קנין תורה", און "נקראה על שמו", ביז אז דאס קומט אראפ למטה אין אן אופן נגלה, וואס דערפאר איז עס נוגע צו דינים אין נגלה.

און דעכולט ווערט א שנת אורה, שנה ברכה און שנת גאולה - אז כ׳איז גואל זיך און אלע ארום זיך פון אלע ענינים המצירים המגבילים ומודדים, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך אורה של תורה, וואס בכחה איז מען ממשיך די ברכה פון דער גאולה.

ביז צום אות תי"ו, דער סיום פון אלע אותיות האל"ף-בי"ת (מיט אלע אותיות שבינתיים) - שנת הורה, וואס דאס איז פארבונדן מיט הקדמה עבודת התפלה[130] - שנת הפלה, און פארבונדן מיט שנת תשובה[131],

וואס "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין"[132], בגאולה האמיתיה והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

- כד. -

---

128) ראה לקו"ש ח"ג ע׳ 810. ח"ד ע׳ 1127. 1165. חקת השל"ו ס"ה. חי"ג ע׳ 117. 129) אוה"ת שם ע׳ פד. ועוד. 130) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. 131) ראה לקו"ש ח"ח ע׳ 425. 132) רמב"ם הל׳ תשובה שם.

כד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בחודש השלישי גו׳.

* * *

כה. כדי אז ס׳זאל ניט טרעפן דאס וואס עס האט געטראפן מיטן פארברייינגען פון מוצאי שבת - אז מ׳האט דאס פארשריבן און אוועקגעשטעלט אויף דער פאליצע מיט אלע גוטע זאכן, עס האט אבער געפעלט דער מעשה בפועל, אז מ׳זאל מפרסם זיין דעם ענין האמור, און זיך משתדל זיין אז עס זאל אפגעטאן ווערן בפועל - וויל מען דאס איבער׳חזר׳ן נאכאמאל:

סיי די וואס געפינען זיך דא און הערן דאס, און סיי די וואס הערן דאס בכל מקום ומקום וואו זיי געפינען זיך, און סיי די וואס מ׳וועט זיי דערציילן וועגן דעם - זאלן זיי זעהן אז וואס מערער אידן, ובפרט קינדער, ביז צו "עוללים ויונקים", סיי אינגעלאך און סיי מיידעלאך, זאלן מוסיף זיין, סיי בכמות און סיי באיכות, אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה.

און מ׳זאל זיך ניט פארלאזן אז עס וועט זיין א "קדירא דבי שותפי"[133], אז אפשר וועט דאס טאן א צווייטער וואס איז מער שייך (מער פעאייק וכיו"ב) דערצו וכו׳ - אויב דער צווייטער איז טאקע מער שייך דערצו, דארף ער זיך אויך משתדל זיין אז דער צווייטער זאל ניט אנטשלאפן ווערן, און ניט אפלייגן דאס אויף "מחר לאחר זמן"[134], און אפי׳ ניט אויף מחר כפשוטו, נאר טאן דאס בהקדם האפשרי.

און טאן דאס אין אן אופן אז ס׳זאל זיין בשלימות האפשרית - אז ס׳זאל דערגרייכן צו וואס מערער אידן כן ירבו, סיי "נערינו", סיי "זקנינו", סיי "בנינו" און סיי "בנותנו".

וכמדובר כמ"פ אז ס׳איז ניט נוגע צו מדגיש זיין פון וועמען מ׳האט דאס געהערט, ווי אזוי מ׳האט דאס געהערט און וואו מ׳האט דאס געהערט - דארטן וואו דאס קען ברענגען א תועלת, זאל מען דאס דערמאנען, און אויב ס׳איז א ספק וכיו"ב, זאל מען דאס אנשרייבן אין אזא נוסח וואס דורך דערויף וועט זיך אויספירן די כוונה שבדבר, סיי די כוונה פנימית און סיי די כוונה כפשוטה, אז די זאך זאל זיך אפטאן בפועל, באופן הכי רחב, הכי ארוך והכי עמוק.

ויבוא הענין מכל מקום, אין אן אופן פון "קבל את האמת ממי שאמרו" - אבי אז ס׳זאל ניט זיין די מציאות אז ס׳איז דא ערגעץ-וואו א איד וואס מ׳דארף דערגרייכן צו אים און - דערציילן -

---

133) ראה עירובין ג, סע"א. 134) תנחומא בא יג. מכילתא ופרש"י עה"פ בא יג, יד.

דערציילן אים וועגן דערויף (ווארום מצ"ע וועט ער דאס ניט טאן), און מאיזה סיבה שהי' האט מען דאס ניט געטאן.

און אזוי ווי יעדער ענין דארף דאך זיין באופן מסודר - זאל מען זיך צוזאמענקלייבן און מאכן אן אסיפה, און אויס-קלייבן "קאמיטעטן", און אויסקלייבן א יו"ר מיט א מזכיר מיט אלע ענינים וואס מ'דארף דערצו האבן - אפי' אויב מ'טוט דאס אין אן אופן פון שלא לשמה, ווארום בנוגע צו יעדער דבר טוב, איז דער עיקר אז די זאך זאל זיך אפטאן בפועל, און ס'איז ניט אזוי נוגע די כוונה (בדוגמא ווי דאס איז בא מצות צדקה)[135].

און ס'איז א שאד די צייט צו איבער'חזר'ן דאס נאכאמאל און נאכאמאל, ווארום ס'איז זיכער געגוג דאס וואס מ'האט שוין גערעדט ביז איצטער.

כו. ויה"ר אז אין אלע "פייפער'ס" וואס ס'איז נאר דא די מעגליכקייט אז ס'זאל דארטן זיין געדרוקט - איז אין דעם נעקסטן מאל וואס מ'וועט א קוק טאן אין דעם "פייפער" זאל מען זעהן אז דאס איז דארטן אפגעדרוקט געווארן, און אין אן אופן אז עס וועט זיך ווארפן אין די אויגן.

און דעמולט וועט דאס זיכער פועל'ן א הוספה בא די אלע וואס האבן א שייכות צו ליינען א "פייפער" [וואס עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען ארויס פון דעם גדר אז מ'איז אים חושד ואין בו, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז ער ליינט דעם "פייפער"], ועאכו"כ אז ס'וועט פועל'ן בא די וואס שטייען למעלה מזה, ביז אז ס'וועט אויך פועל'ן בא די וואס שטייען למטה מזה.

וכאמור אז דאס וועט פועל'ן א הוספה בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ, וואס כל התורה ומצוותי' זיינען דאך געגעבן געווארן צו יעדער אידן, ביז ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[136], און דערנאך ווערט דאס א פס"ד אין שו"ע הל' ת"ת[137] [וואס הל' ה"ה הויבט זיך אן מיטן חיוב "ללמד את בנו הקטן תורה"[138]], אז "כל נפש צריכה לתיקונה לעסוק בפרד"ס כפי מה שהיא יכולה להשיג ולידע . . הן בפשטי ההלכות הן ברמזים ודרשות וסודות",

און דער עיקר איז - אז דורך דערויף נעמט עד איין די

- אלע -

------------

135) ראה לקו"ש הצא השל"ז ס"ד ובהערות שם. וש"נ.
136) רסכ"ט. וראה גם קו"א ד"ה ולהבין פרטי ההלכות (קס, א).
137) פ"א ס"ד. 138) ראה בארוכה לקו"ש ואתחנן תשל"ח.

הנחה הה' בלתי מוגה

אלע ד׳ עולמות פון זיין עולם הפרטי, ביז אז ער נעמט איין אלע ד׳ עולמות כפשוטם.

און עס ווערט בדוגמא ווי ס׳איז געווען אין זמן מ"ת צום ערשטן מאל - אז די גאנצע וועלט איז געווען אויס מציאותו, און מכל צד ופנה האט מען געהערט דעם ענין פון "אנכי ה׳ אלקיך" - כן תהי׳ לנו, ובעגלא דידן.

וכאמור לעיל אז "המעשה הוא העיקר" - עס זאל זיך אפטאן בפועל ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הדביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

כז. אזוי ווי ס׳איז א צייט וואס מ׳דארף אלץ באווארענען - דארף מען אויך באווארענען אז דאס וואס מ׳האט גערעדט וועגן דעם פרסום דורך מודעות אין די צייטונגען, איז דאס ניט למעוטי דעם פרסום באופן אחר, נאר עס דארף זיין דער פרסום אין יעדער אופן וואס מ׳קען נאר מפרסם זיין, דורך צייטונגען אדער פלאקאטן וכיו"ב, בכל מקום לפי ענינו.

און אין אן אופן פון "ספיקא לחומרא" (אדער "לקולא" - ווי מ׳וויל דאס אנרופן), אבי אז דער פרסום זאל זיין באופן הכי טוב והכי פעיל, אזוי אז ס׳זאל זיין זיכער אז מ׳איז ארויס פון כל ענינים של ספיקות.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. מלכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ניגן את הניגון צמאה לך נפשי.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

---

139) ראה שמו"ר ספכ"ט. 140) ראה שם פ"ה, ט. הובא בתניא פל"ו (מו, א).

בס"ד. שיחת אור לערב חג השבועות, ה'תשל"ט.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. דער טאג פון חמשה בסיון איז פארבונדן מיט מ"ת, ווי רש"י זאגט בפירושו עה"ת (משפטים כד, ד) אז דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע איז געווען בחמשה בסיון (אע"פ אז עס זייבען דא אנדערע דעות בזה (ראה שיחת חגה"ש סל"ו)).

און ווי די גמרא (שבת פח, א) זאגט "בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע באו ששים רבוא של מלאכי השרת לכל אחד ואחד מישראל וקשרו לו שני כתרים, אחד כנגד נעשה ואחד כנגד נשמע",

ביז ווי ס'איז מבואר בארוכה אין לקו"ת אז דורך הקדמת נעשה לנשמע האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון מ"ת, אז דער אויבערשטער האט געגעבן די תורה לכל אחד ואחת פון בנ"י.

און מידי שנה בשנה ווען עס קומט דער טאג פון חמשה בסיון, איז "הימים האלה נזכרים ונעשים" (אסתר ט, כח. לב דוד להחיד"א) - עס ווערט נאכאמאל אויפגעטאן דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע אזוי ווי ס'איז געווען בחמשה בסיון צום ערשטן מאל,

ואדרבה: דאס ווערט נאך אויפגעטאן מיט אן "אור חדש עליון יותר" - ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק (סי"ד) בנוגע צו ר"ה, אז בכל שנה ושנה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי' מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה", ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צום דעם "ראש" פון יעדער ענין וואס איז פעם אחת בשנה, און דערנאך ווערט ער נמשך אין כל ימות נשנה (אין אלע אברים), אז בכל שנה ושנה איז עס מיט אן "אור חדש עליון יותר".

ב. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע דארף זיין ניט נאר ווען עס קומט דער "זמן מתן תורתנו" פעם אחת בשנה, נאר אלעמאל ווען א איד לערנט תורה, דארף דאס זיין אין אן אופן פון הקדמת נעשה לנשמע.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם סיפור וואס די גמרא ברייבגט אין דער זעלבער סוגיא (שם, סע"א) אז "ההוא צדוקי דחזיי' לרבא דקא מעיין בשמעתא כו' א"ל עמא פזיזא דקדמיתו פומייכו לאודנייכו (איר האט מקדים געווען די אמירה בפה ("נעשה") צו דער שמיעה באוזן ("נשמע")) אכתי בפחזותייכו קדמיתו", ד.ה. אז בשעת רבא האט געלערנט תורה איז בא אים געווען ניכר דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, ביז אז אפילו דער צדוקי האט דאס אויך דערזען.

:ואס רבא איז דאך געווען אין זמן הגלות, און ער איז געווען אין מקום הגלות (אין בבל) - און אעפ"כ איז אין זיין לימוד התורה געווען קענטיק דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע.

און וויבאלד אז דער סיפור איז ארייבגעשטעלט געווארן אין תושבע"פ, איז פארשטאנד אז אויף דעם סיפור איז אויך חל דאס וואס תורה איז מלשון הוראה (זח"ג נג, ב), און דאס וואס "התורה היא נצחית" (תניא רפי"ז) - אז דאס איז א הוראה נצחית לכל אחד ואחת פון בנ"י אז אין דעם לימוד התורה דארף זיין ניכר דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע.

דער אופן פון לימוד התורה ווי ס'איז געווען בא רבא'ן, אז אין זיין לימוד האט מען געזען דעם ענין פן הקדמת נעשה לנשמע (וויבאלד אז "קא מבען אצבעתי' דמא"), איז געווען אויך פאר רבא'ן, נאר דעמולט האט דער צד שכנגד ניט געהאט אזא תוקף אויף צו פרעגן א קשיא.

[ובדוגמא ווי מ'געפינט אין תושב"כ אז מ'באווארענט די קשיא פון "ואם תאמר מה נאכל" (בהר כה, כ), כדי אז ס'זאל ניט מבלבל זיין וכו'.

וכידוע דער דיוק בזה, אז לכאורה איז ניט פארשטאנדיק - צוליב וואס דארף

מען האבן די באווארעניש: היתכן אז א איד זאל פרעגן "מה נאכל"? ובפרט אז דעמולט זיינען נאך אידן געווען אין מדבר, האבן זיי דאך געזען אז ס'איז ניטא קיין שאלה פון "מה נאכל", ווארום זיי האבן געהאט יעדן טאג דעם "מן"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה נצחית וואס דארף דערפון ארויסקומען לכאו"א מבנ"י בכל זמן ובכל מקום - אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן ווי ס'איז געווען בא רבא'ן [וואס ער איז דאך געווען א ראש ישיבה, און ווען עס קומט צו א פס"ד להלכה, זאגט מען אז "הלכה כרבא" (חוץ פון געציילטע ערטער (קידושין נב, ב. וש"נ))] אז אין דערויף דארף זיין ניכר דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע.

ג. נוסף אויף דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, האט מען געדארפט האבן נאך אן ענין אלס הקדמה צו מ"ת:

מ'האט דערמאנט אין די פריערדיקע התועדויות (מוצאי ש"פ במדבר סי"ד) דאס וואס ס'שטייט אין שהש"ר (פ"א, ד) [וואס כללות הענין פון שה"ש איז פארבונדן מיט די אירוסין ונישואין פון דעם אויבערשטן מיט אידן, "ביום חתונתו זה מתן תורה (תענית כו, ב - במשנה)] "בשעה שעמדו ישראל לפני הר סיני לקבל התורה אמר להם הקב"ה . . הביאו לי ערבים טובים שתשמרוה ואני נותנה לכם".

און ווען אידן האבן געזאגט כו"כ סברות ווער זאלן זיין די "ערבים" [וואס די סברות ווערן אויך געבראכט אין תורה, ובמילא זיינען זיי א חלק פון תורה - הוראה] - איז געבליבן די מסקנא אז "בנינו עורבים אותנו", און "על ידיהם אתננה לכם".

ד. און וויבאלד אז מ'גרייט זיך צו קבלת התורה בששה בסיון, און מ'האלט איצטער אין ערב חגה"ש - איז א דבר נכון און א דבר טוב (מערניט ווי יושר) אז ס'זאל זיין א התוועדות וואס התחלתה ועיקרה ונקודתה וועט זיין דער ענין פון "בנינו עורבים אותנו" - קינדער וועלכע זיינען פאר בר-מצוה און פאר בת-מצוה.

ובפרט אז מ'האט זיכער געזען אז די קינדער זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, ובפרט מצות הצדקה (וואס זי איז די נקודה הכללית פון אלע מצוות (תניא פל"ז)) - אין די ימים שלפנ"ז, ועאכו"כ אז זיי וועלן דאס טאן אין דעם טאג פון חמשה בסיון, און אין די ימים שלאח"ז, אין אן אופן פון הולך ומוסיף מיום ליום, לויטן ציווי פון "מעלין בקודש" (ברכות כח, א).

ואשר לכן - וועט די התוועדות זיין צוליב און צוזאמען מיט "בנינו" וואס זיי זיינען "עורבים אותנו", זיי זיינען די "ערבים" אז יעדערער פון אונז (און זיי אויך בכלל זה) זאל באקומען די תורה פון דעם אויבערשטן.

ה. די התחלה פון יעדער ענין דארף דאך זיין אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב - דארף מען אנהויבן מיט א ניגון שמח וואס די קינדער וועלן אנהויבן, און דער עולם וועט זיי מיט העלפן.

און אזוי ווי "אין אומרים שירה אלא על היין" (ברכות לה, א) - זאלן די קינדער זאגן "לחיים" אויף יין (וואס פאר קינדער איז בעסער יין ווי אנדערע ענינים של שמחה).

און נוסף אויף דער שירה און אמירת הברכה, וואס דאס זיינען ענינים פון דיבור - וועט אויך זיין די שתי' פון דעם יין, וואס דאס איז אן ענין של מעשה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בנוגע צו קינדער איז נוגע במיוחד דער ענין פון מעשה בפועל.

ו. וויבאלד אז אין קדושה האט יעדער ענין א מעלה לגבי שאר הענינים - איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א מעלה אין דעם מעשה פון א קטן לגבי דעם מעשה פון א גדול (ווארום מ'קען ניט זאגן אז דאס וואס א קטן יש לו מעשה ואין לו מחשבה ודיבור איז נאר אן ענין של חסרון, און אין דערויף איז ניטא קיין מעלה.

והביאור בזה:

דער אלטער רבי איז מבאר אין דעם דרוש ד"ה אתם נצבים היום כולכם (לקו"ת נצבים מד, א) אז "בבחינה אחת יש יתרון ומעלה להרגלים" אויך לגבי דעם ראש, און דערפאר דארפן אלע אידן (סיי די וואס זיינען בבחינת ראש, און סיי די וואס זיינען בבחינת רגל) זיין באחדות, ביז "מבלי אשר ימצא ראש וסוף".

וואס די מעלה פון דעם רגל על הראש איז בנוגע צו דעם ענין פון מס"נ - אז אין דעם ענין פון מס"נ שטייט דער רגל העכער פון דעם ראש, ווארום מצד דערויף וואס אין דעם ראש איז דא דער ענין פון שכל, איז דער שכל מעלים ומסתיר אויף דעם ענין פון מס"נ, משא"כ אין דעם רגל וואס דארטן איז ניטא דער ענין פון שכל.

און אע"פ אז עס רעדט זיך וועגן שכל דקדושה, וואס דער שכל אליין פארשטייט אז "תכלית הידיעה שלא נדעך" (ראה בחינות ח"ב פ"ב. עיקרים מ"ב פ"ל. של"ה, קצא, ב), ובמילא אנערקענט אויך דער שכל אז עס דארף זיין דער ענין פון מס"נ -

איז עס אבער א צווייטע מציאות (שכל דקדושה) וואס איז מכריח אז עס דארף זיין דער ענין פון מס"נ (וויבאלד אז זי אנערקענט אז זי איז טפל צו אן ענין שלמעלה מהשכל) - און דערפאר קומט דאס ניט צו דער מס"נ וואס איז דא אין רגל, וואס דארטן איז מלכתחילה ניטא דער שכל שבמוח (אדער רגש שבלב) וואס איז מעלים ומסתיר (במקצת עכ"פ) אויף דעם ענין פון מס"נ.

ז. און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס משה רבינו איז געווען "עניו מאד מכל האדם אשר ע"פ האדמה" (בהעלותך יג, ג):

עניבו פון משה רבינו איז - חכמה דקדושה, און ער איז געווען "עניו מאד מכל האדם אשר ע"פ האדמה", ווי דער אלטער רבי און כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו זיינען מבאר אז במיוחד איז עס געווען לגבי דעם דרא דעקבתא דמשיחא, דערזעענדיק די מס"נ פון דעם דרא דעקבתא דמשיחא.

וואס ח"ו צו זאגן אז בא משה רבינו האט געפעלט אין דעם ענין פון מס"נ - נאר בא משה רבינו איז געווען דער ענין פון חכמה דקדושה בכל התוקף, און דערפאר איז אע"פ אז זיין חכמה דקדושה האט מכריח געווען אז דער עיקר איז גאר דער ענין פון מס"נ (ביז אז דאס איז שלא בערך העכער פון חכמה דקדושה ) - קומט דאס אבער ניט צו דער מס"נ פון א פשוט'ן אידן אין דרא דעקבתא דמשיחא, וויבאלד אז ביי אים איז גאר ניטא קיין קס"ד אויף אן ענין של קדושה אויסער דער ענין פון מס"נ, ד.ה. אז ביי אים איז די מס"נ בתקפה ובטהרתה.

ח. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק די מעלה מיוחדת וואס איז דא בא קטנים - בדוגמת מעלת הרגל על הראש, ווארום "רגלי" איז איינער פון די נעמען וואס מ'גיט צו אידישע קינדער (ראה תרגום אונקלוס עה"פ בלק כג, י).

ועד"ז איז פארשטאנדיק די מעלה וואס איז דא אין דעם וואס א קטן יש לו מעשה ואין לו מחשבה ודיבור:

וויבאלד אז די מחשבה ודיבור פון א קטן האט ניט קיין תורה'דיקע מציאות - איז ביי אים ניטא קיין ענין וואס זאל מאכן שוואכער דעם תוקף פון זיין מעשה, ווארום ביי אים ניטא קיין קס"ד אז דער דיבור און מחשבה זיינען דער עיקר (אז מ'זאל דארפן באווארענען אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה" (אבות פ"א מי"ד)).

ט. אזוי ווי דער מעשה פון שתילת לחיים איז א מעשה אין וועלכן דער ענין הקדושה שטייט ניט בהבלטה -

איז בקשר מיט דעם וואס מ'רעדט וועגן דעם ענין פון לימוד התורה און נתינת הצדקה - וועט מען געבן יעדערן פון די קינדער אן ענין וואס איז פארבונדן מיט צדקה: מ'וועט זיי געבן ממון, וואס דער ממון וועט ווערן זייערער, און דערנאך וועלן זיי אפגעבן זייער ממון אויף צדקה - אפגעבן דאס וואס מ'וועט זיי געבן, אדער (מיט די קונצן וואס מ'מאכט אין דעם) איבערביטן אויף אנדערע געלט, און

אפגעבן די אנדערע געלט אויף צדקה.

און מ'וועט אויך געבן יעדערן פון די קינדער א סידור - וואס אין דעם סידור זיינען דאך געדרוקט כו"כ ענינים פון תורה.

וואס אע"פ אז דער עיקר הענין פון א סידור איז דער ענין התפלה - איז דאך אבער עיקר התפלה דער ענין פון שמו"ע (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון כמה דרושים), און נוסף לזה איז דא אין דעם סידור אויך דער ענין פון ק"ש, וואס דאס זיינען דאך פרשיות פון תורה (וואס אויף דערויף דארף מען מאכן ברכת התורה), און אלס הקדמה צו דעם ענין התפלה זאגט מען דאך "איזהו מקומן", וואס דאס איז א חלק פון תושבע"פ.

און נוסף לזה - זיינען דאך געדרוקט אין סידור "פרקי אבות", וואס דאס איז דאך אן ענין פון לימוד התורה, ניט אלס הקדמה צו עבודת התפלה וכיו"ב. ועד"ז זיינען דא אין סידור נאך כו"כ ענינים פון לימוד התורה.

און דערפאר בשעת מ'וועט געבן יעדערן פון די קינדער א סידור און געלט אויף צדקה, און זיי וועלן דאס נעמען און קונה זיין [ווי דער דין איז אז ווען א גדול איז מקנה עפעס דעם קטן, איז עס דער קטן קונה] - וועט דאס זיין א מעשה וואס איז פארבונדן מיט תורה און מיט צדקה,

און דורך דעם סידור וועט דאס אויך זיין פארבונדן מיט דעם ענין פון עבודת התפלה, וואס דער ענין התפלה איז מאחד אלע ענינים פון תורה ומצוותי',

כידוע איינער פון די פירושים אויף דעם וואס דער ענין התפלה איז "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו" (ויצא כח, יב) - אז "עולים" גייט אויף דעם ענין פון מצוות, וואס ענינם איז העלאה מלמטה למעלה, און "יורדים" גייט אויף דעם ענין התורה, וואס ענינה איז המשכה מלמעלה למטה, ווי עס שטייט (יתרו יט, כ) "וירד ה' על הר סיני", אז אין דעם זעלבן אופן ווי דאס איז למעלה קומט דאס אראפ למטה, ווי עס שטייט (ירמיה כג, כט) "הלא כה דברי כאש" - ד.ה. אז אלע ענינים פון תורה ומצוותי' ווערן נתחבר ונתאחד דורך דעם "סולם פון תפלה".

י. און דערפאר איז נאך דעם וואס די קינדער וועלן זינגען א ניגון און וועלן זאגן "לחיים" (און דער עולם וועט זיך משתתף זיין אין דעם) - וועט מען געבן יעדערן פון די קינדער א סידור און געלט אויף צדקה.

כדי אז מ'זאל ניט מבלבל זיין די סדרים,

[ווי מ'איז געוואוינט געווארן אז ווען מ'הויבט אן עפעס געבן, הויבט מען אן ארום-לויפן: צום אלעם ערשטן ווערט מען נעקר פון דעם מקום, און דערנאך ווייסט מען ניט וואוהין צו לויפן - לויפט מען פריער "ימה", דערנאך לויפט מען "קדמה", דערנאך לויפט מען "צפונה", און דערנאך לויפט מען "נגבה" (ויצא כח, יד) - אבי געלאפן! און דערווייליע ווערט העדר הסדר, ביז אין אן אופן פון "עד דלא ידע" (מגילה ז, ב), ווי עס דארף זיין פורים-צייטס],

איז לאחרי ההתוועדות וועט מען איבערגעבן די קינדער דעם גאנצן פלאץ, און זיי וועלן ארויפגיין, און מ'וועט געבן (בלי"נ) יעדערן פון זיי א סידור און א דאלאר אויף צדקה.

און די עלטערע (די וואס זיינען שוין נאך בר-מצוה) וועלן זיכער קיין פאראיבל ניט האבן, וויבאלד אז זיי וועלן קענען גיין שלאפן א סאך פריער, און זיי וועלן ניט דארפן ווארטן אויף די קינדער (אויב ס'דא אימעצער וואס וועט זיי קענען אפפירן אין דער היים).

יא. און וויבאלד אז בנוגע צו מ"ת האבן די נשים א דין קדימה, ווי עס שטייט (יתרו יט, ג ובפרש"י שם) "כה תאמר לבית יעקב - אלו הנשים", און ערשט דערנאך "ותגיד לבני ישראל" - איז עס געזאגט געווארן אויך בנוגע צו די מיידעלעך וואס זיינען פאר בת-מצוה:

אלע מיידעלעך וואס געפינען זיך אין "עזרת נשים" זאלן דארטן זאגן "לחיים" אויף סאדא וכיו"ב, און בשעת די אינגעלעך וועלן זינגען, וועלן זיי צוהעלפן דורך מחיית כפים (כרגיל בכו"כ מסיבות).

און דערנאך (לאחרי ההתוועדות) וועט מען געבן יעדערן פון די מיידעלעך א סידור און א דאלאר אויף צדקה.

וכאמור אז דאס איז געזאגט געווארן מערניט ווי צו אינגעלעך וואס זיינען פאר בר-מצוה, און מיידעלעך וואס זיינען פאר בת-מצוה, און בקבלתם וועלן זיי מוציא זיין כל בני ובנות ישראל בכל מקום שהם.

יב. ויהי"ר אז דאס זאל זיין די צוגרייטונג צו מ"ת, דורך דעם ענין פון "בנינו ערבים אותנו",

[וואס כל האמור לעיל איז ניט קיין ענין של בדיחותא (ווי א טייל נעמט דאס אן) - ערב זמן מ"ת איז ניט קיין צייט אויף צו פראווען אן ענין פון בדיחותא וכיו"ב,

נאר אזוי ווי מאמר המדרש אז "בנינו ערבים אותנו" איז כפשוטו, אן קיינע בדיחותא און צחות, ביז אז דאס ווערט אויך א הוראה נצחית לכל הדורות ולכל הזמנים - איז עד"ז אויך בעניננו],

אז יעדער איד און אלע אידן זאלן מקבל זיין די תורה, וויבאלד אז דער אויבערשטער גיט תורה לעמו ישראל בפנים יפות און פנים צהובות וכו', וויבאלד אז "כל הנותן בעין יפה נותן"(ראה ב"ב נג, א).

און מיטנעמען דעם ענין פון מ"ת על כל השנה כולה, און גיין דערמיט מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו (ראה לקו"ת צו-יז, א), "מקטנם ועד גדולם" (ירמיה לא, לד), במהרה בימינו ממש.

* * *

(כשנהי' קצת בלתי סדר, אמר:) מ'האט אפגעלייגט דעם טיילן די סידורים אויף נאך דער התוועדות, כדי אז ס'זאל ניט ווערן קיין בלתי סדר - מאכט מען שגין א בלתי סדר און א שטורעם קודם כל העניבים!

(ואמר:) מ'קען זיי געבן זאגן "לחיים" און זאגן דעם ניגון - מיט א סדר, מ'דארף נאך האבן ממונים אויף דעם.

(אח"כ אמר:) זאלן די מיידעלעך וואס זיינען פאר בת-מצוה זאגן "לחיים".

כ"ק אדמו"ר שליט"א ענה לכאו"א מהילדים והילדות "לחיים ולברכה".

* * *

יג. יעדן ענין זוכט מען דאך פארבינדן מיט אן ענין של הלכה, ובפרט מיט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פרשת השבוע - כידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן (היום יום ע' קא. ספה"ש תש"ב ע' כו ואילך) אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט.

אין דער פרשה וואס מ'האט געלייבט אין דעם שבת, פ' במדבר, וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי" (זח"ב סג, ב. פח, א), די אלע טעג פון היינטיקע וואך, און אויך אין פ' נשא - רעדט זיך וועגן דעם מנין פון בנ"י.

וואס אין דעם מנין פון בנ"י זיינען געווען צוויי אופנים:

א) דער מנין פון אלע אידן, "מבן עשרים שנה ומעלה כל יוצא צבא" (במדבר א, ג), ב) דער מנין פון בני לוי, "מבן חודש ומעלה" (שם ג, טו), וואס דאס איז געווען דער "לגיון של מלך" (פרש"י שם א, מט).

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

דער ענין פון "לגיון של מלך" איז אן ענין פון פלוגת צבא (ווי מ'זאגט אין ענגליש "לעג'יאן")- איז ווי קומט דאס אז מ'איז מונה דעם "לגיון של מלך" פון "בן חודש ומעלה":

זייענדיק "בן חודש" איז ער דאך ניט שייך צו זיין פון די "שומרי משמרת הקודש" (שם ג, לב), ווארום אפילו ווען ער ווערט שוין בר-מצוה דארף מען נאך אלץווארטן אז ער זאל ווערן בן עשרים שנה, וואס דעמולט ווערט ער פון די "פרחי לוים". און ערשט דערנאך קען ער טאן די עבודה פון די לוים, משא"כ לפנ"ז. וואס דעמולט איז עס היפך פון כבוד הציבור וכו' - איז פארוואס ווערן זיי נמנה פון "בן חודש"?

נאכמער: דער מנין פון די בני לוי וואלט געדארפט זיין גלייך ווען יצא לאויר העולם. נאר אזוי ווי מ'דארף אים ארויסנעמען פון א ספק "נפלי", דארף מען ווארטען 30 טעג, און "משיצא מכלל נפלים הוא נמנה ליקרא שומר משמרת הקודש"!

וואס דערפון זעט מען דעם גודל המעלה פון "לגיון של מלך" - אז גלייך ווען זיין מציאות איז דא בעולם (נאך איידער ער טוט עפעס בפועל), גלייך ווען ער גייט ארויס לאויר העולם, האט ער שוין די קדושה פון שבט לוי - וואס אים האט דער אויבערשטער אליין געגעבן דעם נאמען "לוי" (פרש"י ויצא כט, לד), מיט אלע ענינים וואס ווערן דערציילט אין מדרשי חז"ל וועגן גודל המעלה פון שבט לוי.

און אויף דערויף זאגט מען אז ס'איז ניט קיין נפק"מ צווישן דעם "כח מיטן "פועל" - גלייך ווי ער גייט ארויס לאויר העולם, און מ'ווייסט אז זיין מציאות וועט בלייבן בעולם (דערפאר וואס "יצא מכלל נפלים"), האט ער שוין בכח די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט שבט לוי, און דערפאר איז ער "נמנה ליקרא שומר משמרת הקודש" - וויבאלד אז ס'איז נאר מחוסר זמן, און בכמה ענינים של הלכה האט דאס ניט קיין תפיסת מקום.

יד. און בנוגע צו כללות הענין פון שבט לוי - פסק'נט דער רמב"ם אין "יד החזקה" און "משנה תורה" (סוף הל' שמיטה ויובל) אז "לא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש מכל באי העולם אשר נדבה רוחו אותו כו' לעמוד לפני ה' לשרתו כו' ה"ז נתקדש קדש קדשים ויהי' ה' חלקו ונחלתו לעולם ולעולמי עולמים ויזכה לו בעוה"ז דבר המספיק לו כמו שזכה לכהנים וללוים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די קינדער וואס "עורבים אותנו", דערפאר וואס "נדבה רוחם" אז זיי זאלן האבן צוטאן אין ליגן אין לימוד התורה און אין קיום המצוות (וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה" (ראה קידושין מ, ב)), און דער עיקר וואס איז פארבונדן מיט מ"ת - דער ענין פון לימוד התורה -

האבן זיי א שייכות מיוחדת צו שבט לוי, וויבאלד אז ענינו פון שבט לוי איז - "יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל (ברכה לג, י), דער ענין פון לימוד התורה.

ביז וואנעט אז די קינדער פון אלע שבטים זיינען געווען די וואס "עורבים אותנו" אויך פאר שבט לוי, ניט קוקנדיק אויף די גרויסקייט פון שבט לוי, אז "יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל".

און וויבאלד אז "לא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש כו' אשר נדבה רוחו אותו כו'" - איז פארשטאנדיק אז די קינדער וועלכע "עורבים אותנו" זיינען אויך בכלל אין דעם ענין פון שבט לוי, ובמילא ווערן זיי נמנה פון "בן חודש", און זיי ערן שוין אנגערופן "שומרי משמרת הקודש", ביז אז אפילו די הגבלה פון "בן חודש" איז אויך ניט מצדם, נאר מצד דער הגבלה פון עולם.

טו. עד"ז איז דא אן ענין אין דעם שיעור חומש (איינע פון די שיעורים פון חת"ת) פון היינטיקן טאג, וואס האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון מ"ת:

דער שיעור חומש פון יום החמישי פון פ' נשא הויבט זיך אן מיט "ויהי ביום כלות משה גו'" (פרשתנו ז, א) - זאגט אויף דערויף רש"י (וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא): "כלות כתיב (בפת"ח ולא בשב"א), יום הקמת המשכן היו ישראל ככלה הנכנסת לחופה".

און אין מדרש (שהש"ר פ"ג, ב) ווערט אראפגעבראכט דער פסוק (שה"ש ג, יא) "צאינה וראינה בנות ציון במלך שלמה בעטרה שעטרה לו אמו ביום חתונתו וביום שמחת לבו", אז "ביום חתונתו זה הר סיני, וביום שמחת לבו זה מתן תורה" - און מ'פארבינדט דאס מיט "ויהי ביום כלות משה גו'", אז ס'שטייט "כלת משה" (חסר וא"ו), וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון תורה, אז זי איז "כלת משה", ווי עס שטייט (מלאכי ג, כב) "זכרו תורת משה עבדי".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די תפלות וואס מ'זאגט אין תיקון ליל שבועות (ווי עס ברייינגט זיך בארוכה אין של"ה, און אויך אין דעם זהר וואס מ'זאגט אין תיקון ליל שבועות), אז אין ליל שבועות איז מען מתקן די כ"ד קישוטים פון דער כלה מיט אירע עלמות (די וואס גייען צוזאמען מיט איר), וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם כללות הענין פון לימוד התורה, און דורך דעם לימוד התורה אין ליל שבועות, און דערנאך ברייינגט דאס אראפ דעם ענין פון נתינת התורה און קבלת התורה.

און די אלע ענינים ווערן אויפגעטאן דורך די קינדער. וויבאלד אז "בנינו ערבים אותנו".

טז. בנוגע צו כללות הענין פון אן "ערב" ("בנינו עורבים אותנו") - איז אע"פ אז ע"פ דין קען דער מלוה בעטן גלייך דעם "ערב", אעפ"כ, בשעת דער לוה פירט זיך ווי מ'דארף זיך פירן ע"פ תורה, גיט ער עס אליין אפ, און פארלאזט זיך ניט אז דער "ערב" וועט עס אפגעבן.

ועד"ז בנדו"ד - "בנינו עורבים אותנו":

עס זיינען דא אזוינע וואס רעכענען אז וויבאלד זיי האבן משנה געווען זייער טבע, און האבן אפגעגעבן זייערע קינדער אין חינוך הכשר, ביז אין חינוך על טהרת ה קודש, האבן זיי שוין "ערבים", ובמילא באפרייט דאס זיי אז זיי זאלן ניט דארפן יאגן זיך צו א דבר מצוה "הוי רץ למצוה" (אבות פ"ד מ"ב), און אז בא זיי זאל זיין דער ענין פון "מצוה גוררת מצוה" (שם), און "מעלין בקודש" (ברכות כח, א), אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים וכו'" (קה"ר פ"א, לד), וויבאלד אז זיי האבן "ערבים".

זאגט מען אים אז תורה פארלאנגט און גיט דעם כח אז אע"פ אז ער האט אן "ערב", און א גוטן "ערב", "בנינו עורבים אותונו . . הא ודאי ערבים טובים" - זאל ער אבער אויך מחנך זיין זיך און טאן דאס וואס דער אויבערשטער ערווארט פון אים ווען ער גיט אים די תורה "בעין יפה", און ער זאל דאס אויך טאן "בעין יפה", ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין.

און די התחלה בזה זאל זיין אין אן אופן פון הקדמת נעשה לנשמע - וואס דאס ברייינגט דערנאך דעם ענין פון "בחוקותי תלכו - שתהיו עמלים בתורה" (פרש"י בחוקותי כו, ג), און וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה", ברייינגט דאס אויך צו "ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם", ביז אז ער טוט דאס אין אן אופן של הידור, און מהדרין מן המהדרין.

און דאס ברייינגט דעם ענין הגאולה - אנהויבנדיק פון "ונתתי גשמיכם בעתם" (בחוקותי כו, ד), ווי דער בעש"ט (ראה כש"ט סרנ"ו (לה, א)) טייטשט אפ אז אייערע גשמיות ("גשמיכם") וועט זיין "בעתם", און ווי דער רמב"ן (עה"פ) טייטשט אפ אז דער ענין הגשמים איז כולל כל הברכות כולם,

ביז צו "ואולך אתכם קוממיות" (בחוקותי כו, יג), אז מ'האט די "שתי קומות", סיי די מאה אמה פון דעם יצ"ט, און סיי די "מאה אמה" פון דעם יצה"ר, "בכל לבבך - בשני יצריך"(פרש"י ואתחנן ו, ה), ביז אז ביידע ווערן א "קומה אחת" - לויט דער דעה (דעת ר' יהודה - בב"ב עה, א. סנהדרין ק, א) אז "קוממיות" איז נאר "מאה אמה", בדוגמת ההיכל, ווי עס ברייינגט זיך אראפ אין די דרושים פון והתהלכתי בתוככם.

יז. און דאס ווערט די הכנה קרובה צו בנין ביהמ"ק השלישי, צוזאמען מיטן היכל און מיט אלע פרטים שבו, און "שם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו כו'", אין אן אופן פון "כמצות רצונך".

און אזוי ווי ס'איז געווען אין יצי"מ אז מ'האט מחנך געווען די קינדער אין אן אופן אז "הם הכירוהו תחלה"(סוטה יא, ב), ביז אין אן אופן פון "זה א-לי" (בשלח טו, ב), אז "מראה באצבעו ואומר זה" (שמו"ר ספכ"ג) - איז "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" (מיכה ז, טו), אז אזוי וועט אויך זיין אין דער יציאה פון איצטיקן גלות.

אנהויבנדיק פון די לעצטע טעג (דער סיום וחותם) פון גלות - אז מ'גייט "קוממיות", "בקומה זקופה", אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי'.

און מ'גייט ארויס פון גלות צוזאמען מיט "צבאות ה'", "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו" (בא י, ט), קינדער וואס זיינען פאר בר-מצוה און בת-מצוה, ביז "מבן חודש ומעלה", און אויך פון פריער, תיכף משיצא לאויר העולם, וויבאלד אז דאס איז א דור של קיימא,

און נאכמער - ע"ד ווי ס'איז געווען בא קרי"ס, אז אפילו עוברין שבמעי אמן האבן אויך געזאגט שירה צוזאמען מיט משה ובנ"י, ווי די גמרא זאגט אין דער מסכתא וואס מ'לערנט אין די טעג פון ספה"ע, צווישן התחלת ספה"ע מיטן סיום פון ספה"ע (סוטה ל, ב).

און די אלע ענינים זאלן זיין אין אן אופן פון "זכו" און "אחישנה" - כמבואר בארוכה אין שערי אורה די מעלה וואס איז דא בכל אחד מהם,

און טאנצן בקרוב ממש לקבל פני משיח צדקנו.

יח. אזוי ווי מ'האלט דאך אין דעם סיום פון ספה"ע - דארף מען זאגן א סיום אויף דעם ענין פון ספה"ע (אזוי ווי אלע אנדערע סיומים), און אויך מקשר זיין סופה בתחלתה.

ועד"ז אויך א סיום אויף מסכת סוטה - ווי דער מנהג וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מגלה געווען און מפיץ געווען אז אין די טעג פון ספה"ע זאל מען לערנען מסכת סוטה, אנהויבנדיק פון התחלת ספה"ע ביז ערב חגה"ש, וואס די טעג פון ספה"ע זיינען מ"ט יום, "שבע שבתות תמימות", און אין מסכת סוטה זיינען דא מ"ט דפים.

[וכידוע די קשיא וואס מ'פרעגט - אז אין מסכת סוטה הויבט זיך אן פון דף ב' (און ניט פון דף א'), און בא ספה"ע דארף מען דאך אנהויבן פון "היום יום אחד לעומר"].

און לויט מנהג רבותינו נשיאנו וואס זיי האבן געזאגט מאמרים אין זמן מ"ת - וועט מען חזר'ן זייערער א מאמר (כמנהגנו אנו) וואס איז פארבונדן מיט זמן מתן תורתנו.

יט. בנוגע צו א סיום אויף דעם ענין פון ספה"ע:

מ'האלט דאך שוין נאך ספה"ע פון יום התשעה וארבעים - וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "שבעה שבתות תמימות תהיינה לכם" (אמור כג, טו).

דער ערשטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיט "חסד שבחסד", און דער לעצטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיט "מלכות שבמלכות" (ווי דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו).

און אין דערויף איז דאך אויך דא די דעה וואס ווערט געבראכט אין ספרי קבלה (אנהויבנדיק פון פרע"ח) - אז דער ערשטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיט מלכות שבמלכות, און דער לעצטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיט חסד שבחסד - וואס אין דערויף איז מודגש ווי דער ערשטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיטן לעצטן טאג פון ספה"ע.

און נאכמער: וויבאלד אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים" (עירובין יג, ב. גיטין ו, ב. ועוד), איז פארשטאנדיק, אז סיי אין דער התחלה פון ספה"ע, און

סיי אין דעם סיום וחותם פון ספה"ע, זיינען דא די צוויי ענינים פון "חסד שבחסד" און "מלכות שבמלכות", לויט בײדע דעות שבזה.

כ. דער ביאור אין דעם:

דער ענין פון "מלכות שבמלכות" (וואס לויט איין דעה איז עס פארבונדן מיטן ערשטן טאג פון ספה"ע) איז א דבר השוה לכל נפש - דער ענין פון קבלת עול מלכות שמים, וואס דאס איז דער כללות הענין פון הקדמת נעשה לנשמע.

און ווי דאס איז אויך מודגש אין עשה"ד - ווי עס ברענגט זיך אין מכילתא אז ווען אידן האבן געזאגט צום אויבערשטן "גזור עלינו גזירות", האט זיי דער אויבערשטער געזאגט "קבלו מלכותי ואח"כ אגזור עליכם גזירות", וואס דערפאר איז די התחלה פון עשה"ד מיט "אנכי ה' אלקיך גו'", וואס דאס איז דער ענין פון "קבלו מלכותי", און ערשט דערנאך קומען די גזירות - אין די אנדערע דברות.

וואס דער ענין פון קבלת עול מלכות שמים, איז דאך דער יסוד פון כל המצוות כולם - ביז ווי דער צ"צ ברײנגט אראפ אין סהמ"צ שלו (דרמ"צ מצות האמנת אלקות בתחלתו, הרמב"ן בשם הבה"ג) אז ס'איז דא א סברא אז דער ענין פון האמנת אלקות זאל ניט אריינגיין אין מנין המצוות, וויבאלד אז דאס איז דער יסוד און הקדמה לכל המצוות; און דאס וואס האמנת אלקות גייט אריין אין מנין המצוות, איז עס נאר בנוגע צו די פרטי הענינים פון אמונה, משא"כ אבער דער עצם און פשטות און נקודת האמונה, וואס דאס איז ניט שייך צו מנין המצוות, וויבאלד אז דאס איז דער יסוד פון אלע מצוות.

ועד"ז זעט מען אויך אין דעם ענין פון ספה"ע, אז דער ערשטער טאג פון ספה"ע ("מלכות שבמלכות") איז פארבונדן מיט אלע טעג פון ספה"ע, מיט אלע "שבע שבתות תמימות":

דער דין (שו"ע או"ח סתפ"ט ס"ח) איז אז אויב מ'האט פארגעסן ציילן איין טאג, סיי בלילה און סיי ביום, קען מען מערניט ציילן ספה"ע מיט א ברכה.

און אעפ"כ, ציילט מען דעם ערשטן טאג פון ספה"ע מיט א ברכה (לכל הדעות), אע"פ אז עס קען זיין אז ביי אים וועט ניט זיין די ספה"ע פון אלע "שבעה שבתות תמימות", ווארום עס קען זיין אז ער וועט פארגעסן ציילן איין טאג (און ניט ווי מ'זאגט בנוגע צו אן אנדער ספירה, אז מ'מאכט ניט קיין ברכה "שמא תראה ותסתור") - מיט אלע הסברות וואס זיינען דא אין דעם.

ד.ה. אז אין דעם ערשטן טאג פן ספה"ע שטײען שוין "בכח" אלע טעג פון ספה"ע, די גאנצע "שבע שבתות תמימות", און דערפאר מאכט מען דעמולט די ברכה פון ספה"ע, בלי שום ספק וספק ספיקא - וויבאלד אז מ'האט שוין "בכח" די "שבע שבתות תמימות".

כא. עד"ז זיינען דא נאך ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ספה"ע:

דער אלטער רבי ברײנגט אראפ אין סידור אז יעדער טאג פון די 49 טעג פון ספה"ע איז פארבונדן מיט איין ווארט פון דעם מזמור "למנצח בנגינות מזמור שיר אלקים יחננו גו'" (תהלים סז), וואס פון "אלקים" ביז "ארץ" זיינען דא 49 תיבות.

[און ווי מ'געפינט אין ספרי קבלה (און בכמה סידורים) אז דער מזמור "אלקים יחננו גו'" איז אויסגעשטעלט אין א ציור פון א מנורה בת שבע קנים (ובכמה קהילות איז עס מצויר אויפן עמוד) - וואס דאס איז בדוגמת "שבע שבתות תמימות".

און דאס איז פארבונדן מיט דער מנורה הטהורה וואס זי איז בת שבע קנים - ווי דער אלטער רבי (לקו"ת ר"פ בהעלותך) איז מבאר אז דאס איז כנגד די שבעה סוגים וואס זיינען דא אין דער עבודה פון אידן, פון ספירת החסד ביז ספירת המלכות - בדוגמא ווי דאס איז אין ספה"ע, אז ספה"ע איז פארבונדן מיט אלע ספירות, פון "חסד שבחסד" ביז "מלכות שבמלכות"].

און דא זעט מען אויך דעם פארבונד פון התחלת ספה"ע וסיומה - דער ערשטער ווארט פון דעם מזמור - "אלקים", וואס איז פארבונדן מיטן ערשטן טאג פון ספה"ע, מיטן לעצטן ווארט פון דעם מזמור "ארץ", וואס איז פארבונדן מיטן לעצטן טאג פון ספה"ע:

שם "אלקים" איז פארבונדן מיט דער בריאה פון "ארץ", ווארום ווען די בריאה וואלט געווען פון שם הוי', וואלט ניט געקענט זיין די מציאות פון ארץ, נאר ווייבאלד אז די בריאה ווערט דורך "שמש ומגן הוי' אלקים" (תהלים פד, יב. שעהיוה"א פ"ד), דורך דעם העלם והסתר פון שם אלקים, קען ווערן די התהוות פון ארץ.

און אויך: "אלקים" איז לשון רבים, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון רה"ר, וואס דאס איז דער עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - "ארץ". וואס דאס איז דער קשר צווישן "אלקים" מיט "ארץ".

כב. עד"ז זיינען דא די 49 אותיות פון דעם פסוק "ישמחו וירננו לאומים גו'" (תהלים סז, ה), וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די 49 טעג פון ספה"ע, און דא זעט מען אויך דעם קשר פון דעם ערשטן טאג פון ספה"ע מיטן לעצטן טאג פון ספה"ע:

דער ערשטער אות פון דעם פסוק "ישמחו" (וואס דאס איז פארבונדן מיטן ערשטן טאג פון ספה"ע) איז דער אות יו"ד, און דער לעצטער אות פון דעם פסוק (וואס איז פארבונדן מיטן לעצטן טעג פון ספה"ע) איז דער אות ה"א - וואס יו"ד און ה"א זיינען בדוגמת שם הוי' און שם אלקים, און י-ה איז איינער פון די שבעה שמות הקדושים.

און ווי דער אלטער רבי ברייגנט אראפ אין אגה"ק (ס"ה (קו, ב)) דעם מארז"ל (מנחות כט, ב) אויפן פסוק (ישעיה כו, ב) "כי בי-ה הוי' צור עולמים", אז "בה"א נברא העוה"ז" - אז ה"א עילאה איז דער שורש ומקור "לבוא לבחי' גילוי מהעלם היו"ד", און דערפון ווערט דאס דערנאך נמשך אין ה"א תתאה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אותיות י-ה זיינען כולל דעם גאנצן סדר השתלשלות, ביז צו עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - וואס דוקא אין אים ווערט דורכגעפירט די כוונה וואס נתאווה הקב"ה להיות לו דירה בתחתונים, וואס דאס איז מרומז אין דעם קוצו של יו"ד, און נאך העכער "לא אתרמיז בשום אות וקוץ כלל" (לקו"ת פנחס פ, סע"ב) - וואס פון דארטן קומט דאס אראפ אין עוה"ז התחתון שאין למטה ממנו.

און דאס איז אויך וואס דער אות ה' איז דער סיום פון "סלה":

די גמרא (עירובין נד, א) זאגט אז "כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק", ד.ה. אז "סלה" באווייזט אויף דעם ענין הנצחיות.

וואס דער כללות הענין פון נצחיות איז שייך צו זאגן דוקא אין גדרי הזמן, משא"כ למעלה מן הזמן וואס דארטן איז אינגאנצן ניט שייך דער ענין פון נצחיות, ווייבאלד אז ס'איז למעלה מן הזמן - נאר דער ענין הצחיות איז, ווי דער למעלה מן הזמן ווערט נמשך אין זמן, ביז אז עס ווערט א זמן נצחי (וואס דאס איז פארבונדן מיט "התורה היא נצחי" (תניא רפי"ז)).

וואס דאס איז דער כללות הענין אז אין דעם ה"א איז נכלל דער עוה"ז התחתון אין למטה ממנו, און דארטן ווערט די דירה פאר שם הוי', דער שם העצם, שם המפורש און שם המיוחד, ביז צום קוצו של יו"ד, און נאך העכער: "לא אתרמיז בשום אות וקוץ כלל" - וואס דאס איז דער קשר צווישן דעם יו"ד פון "ישמחו" מיטן ה"א פון "סלה".

און דאס איז אויך וואס דער יו"ד איז דער ר"ת פון דעם ווארט "ישמחו" - וואס שמחה איז פורץ גדר (ראה המשך שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך), און דערפאר קומט דאס אראפ אין דעם אות ה"א, ביז אין ה"א תתאה, ביז ווי דער ה"א שטייט אין סוף וסיום כל סדר ההשתלשלות, אז דארטן זאל ווערן א דירה לו ית', ובמילא

ווערט דאס אן ענין וואס "אין לו הפסק" ("סלה").

כג. עד"ז האט דער אלטער רבי אריינגעשטעלט בסידורו אז עס זיינען דא די ווערטער מיט די ר"ת פון "אנא בכח", וואס זיי זיינען כנגד די 49 טעג פון ספה"ע.

וואס דער ערשטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיטן ווארט "אנא", און דער זיבעטער טאג פון ספה"ע איז פארבונדן מיטן ר"ת אב"ג ית"ץ, ביז צום לעצטן טאג פון ספה"ע, וואס ער איז פארבונדן מיטן ר"ת פון שק"ו צי"ת.

[וואס בשעת ספה"ע דארף מען טראכטן אדער זאגן די ווערטער - לויט ווי מ'פירט זיך אין דערויף - איך האב ניט געהערט קיין הוראה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר ווי מ'פירט זיך אין דערויף].

און אין דערויף איז אויך דא דער קשר צווישן "אנא בכח גדולת ימינך תתיר צרורה" מיט "שועתנו קבל ושמע צעקתנו יודע תעלומות":

ס'איז מבואר אין די דרושים פון פרה אדומה (אנהויבנדיק פון לקו"ת פ' חוקת (נז, ב)), אז "ר"ת אנא בכח גדולת ית"ץ גימטריא תולע", וואס "תולע" גייט אויף דעם ענין פון לימוד התורה, ווארום "תולע" באווייזט אויף דעם ענין הביטול, און בנוגע צו לימוד התורה איז דער סדר אז עס דארף זיין "ונפשי כעפר לכל תהי'", וואס דעמולט קען זיין דער "פתח לבי בתורתך".

ועד"ז "ר"ת שועתנו קבל ושמע צעקתנו יודע תעלומות הוא גימטריא תולעת", "תולעת" לשון נקבה (ניט "תולע"), וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון עבודת התפלה.

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שריפת הפרה, וויבאלד אז דארטן האט מען געדארפט האבן דעם ענין פון "תולעת" -

און וויבאלד אז דארטן געפינט מען ניט דעם ענין פון "תולע" (נאר דער ענין פון "תולעת") - איז ער מבאר אין לקו"ת (שם, א) אז דער ענין פון "תולעת יעקב" גייט סיי אויף דעם ענין פון תפלה און סיי אויף דעם ענין פון תורה:

דער ענין פון "תולעת" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תפלה, כמרז"ל (זח"א קעח, א) "מה תולעת זו אינה מכה ארזים אלא בפי' כך ישראל אין להם אלא תפלה כו'", ועד"ז אויך דער ענין פון לימוד התורה, וואס איז פארבונדן מיט "הקול קול יעקב" (תולדות כז, כב) אין בתי כנסיות און בתי מדרשות, דער ענין פון לימוד התורה בפה.

וואס סיי אין דעם ענין פון תפלה און סיי אין דעם ענין פון לימוד התורה דארף מען האבן הקדמת הביטול (דער ענין פון "תולעת" אדער "תולע") - וואס דאס איז אויך מודגש אין דער תפלה פון "אנא בכח", ווארום "אנא" איז לשון תחנונים, ער האט קיין טעם פארוואס ער זאל קענען מאנען, ווארום "ואנכי תולעת ולא איש" (תהלים כב, ז), ער שטייט אין א תנועה פון ביטול און שפלות, ער איז ניט קיין מציאות פאר זיך, נאר כל מציאותו איז די מציאות האדון.

און וויבאלד אז ער שטייט אין א תנועה פון ביטול און שפלות - ווערט דאס די הכנה והקדמה אויף דעם ענין פון נתינת התורה און קבלת התורה, מצד דעם ענין פון "כח גדולת ימינך".

כד. און דערויף קומט אויך צו דער קשר מיט דעם ענין פון "חסד שבחסד" און "מלכות שבמלכות":

דער ענין פון "חסד שבחסד" איז - אז השפעת החסד איז בתכלית השלימות, אין אן אופן פון בל"ג לגמרי, אפילו צו אזא וואס איז ניט ראוי מקבל זיין די השפעה - וואס דאס איז דער אויפטו פון חסד שבחסד לגבי רחמים.

און דאס איז דער קשר פון "חסד שבחסד" מיט "מלכות שבמלכות" - וויבאלד אז "ואת מי אשכון את דכא ושפל רוח" (ראה ישעיה נז, טו), ד.ה. אז מצד דערויף

וואס עס רעדט זיך וועגן "מרום וקדוש", קומט ער אראפ דוקא אין "דכא ושפל רוח".

און ווי ס'איז מבואר אין חסידות אז וואס גרעסער איז דער "מרום וקדוש", קומט ער אראפ מער אין "דכא ושפל רוח", וויבאלד אז גבוה גבוה ביותר קומט אראפ אין מטה מטה ביותר, אין דעם ענין פון "תולעת".

און דאס איז דער קשר פון "חסד שבחסד" מיט "מלכות שבמלכות" - אז מצד דערויף וואס ער שטייט אין א תנועה פון ביטול ושפלות, "מלכות שבמלכות", פארבינדט ער זיך מיטן "חסד שבחסד", און ער ווערט דער משפיע בכל העולם כולו.

כה. און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון לימוד התורה - וויבאלד אז דורך דעם ענין פון תורה ווערט אויפגעטאן דער **קשר** צווישן תחלה מיטן סוף, ביז אז דער עליון שבעליונים איז יורד צום תחתון שבתחתונים, ביז אין עוה"ז **התחתון** שאין תחתון למטה ממנו:

אויף תורה זאגט מען אז "לא בשמים היא", נאר זי איז געגעבן געווארן און געפינט זיך בארץ דוקא, און אין ארץ גופא איז די תורה פארבונדן מיט אזא ארט וואס "למצרים ירדתם כו'" (שבת פח, ב) - וואס ארץ מצרים איז דאך דער תחתון שאין למטה ממנו אין ארץ גופא, ווי רש"י ברייננגט אראפ בפירושו עה"ת (אחרי יח, ג) בנוגע צו ארץ מצרים און ארץ כנען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז תורה טוט אויף אז דער גבוה גבוה ביותר זאל אראפקומען אין מטה מטה ביותר.

כו. און דורך דעם האט מען אלע "שבע שבתות תמימות", מיט כל הפירושים שבדבר, און מ'גרייט זיך צו דעם ענין פון קבלת התורה -

וואס דער ענין פון "שבע שבתות תמימות" ווערט ערשט אויפגעטאן אין ליל שבועות, און דערנאך דורך דעם תיקון ליל שבועות איז מען מתקן די כ"ד קישוטי כלה, און דורך הקדמת נעשה לנשמע ווערט דער "עמדו הכן כולכם" צו קבלת התורה.

און דעמולט ווערט דער "וירד ה' על הר סיני" (יתרו כ, כ), און עס ווערט דער ענין פון נתינת התורה און קבלת התורה, אין אן אופן פון "מה להלן באימה וביראה ברתת ובזיע אף כאן כו'",

און גלייך ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "חרות על הלוחות"(תשא לב, טז), "א"ת חרות אלא חירות" מיט אלע פירושים שבזה.

וכן תהי' לנו אין שנת תשל"ט, ובדרך ממילא וועט מען פראוועון די אלע ענינים פון מ"ת אין ביהמ"ק, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט מ"ת, ווי געבראכט פריער דאס וואס די משנה זאגט "ביום חתונתו זה מתן תורה, וביום שמחת לבו זה בנין ביהמ"ק", וואס ער איז אין אן אופן פון "נצח סלה ועד", אין אן אופן נצחי.

וואס דער ביהמ"ק השלישי וועט דאך געבויט ווערן בביאת משיח צדקנו, און ביאת משיח צדקנו איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" (אגה"ק הבעש"ט - נדפסה בכש"ט בתחלתו) - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס חגה"ש איז דער יום ההילולא פון דעם בעש"ט.

און שבועות איז אויך דער יום ההילולא פון דוד המלך, "נעים זמירות ישראל", וואס "דוד מלך ישראל חי וקיים".

און כללות הענין פון מ"ת איז פארבונדן מיט משה רבינו, ווי עס שטייט "זכרו תורת משה עבדי", ביז אז "נקראת על שמו" (שבת פט, א), און מ'זאגט אז "משה אמת ותורתו אמת" -

און דעם ענין פון תורה איז משה רבינו ממשיך לכל אחד ואחת מישראל - ע"ד המבואר אין תניא קדישא (פמ"ב) בנוגע צו דעם ענין פון יראה, אנהויבנדיק פון יראה תתאה, וואס וויבאלד אז זי איז למטה מטה, הויבט זיך אויף דעם גאנצן בנין, כולל אויך דעם "ראש" מיטן "גולגולת", מיט די אלע פרטים שבזה.

און דאס אלץ ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "ישמחו וירננו" - אין אן אופן של שמחה, ובנוסח ברכת הרב - "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות", און דערנאך איז מען דאס ממשיך כל כל השנים כולם, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

כז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה צאינה וראינה גו'.

* * *

כח. בנוגע צו פסח שטייט דאך אז מ'דארף מאכן כמה ענינים כדי שלא יישנו התינוקות - און חגה"ש איז דאך פארבונדן מיט חגה"פ,

ובפרט אז מ'דארף טיילן די סידורים מיט די געלט צו די תינוקות, דארף מען דאך טאן אן ענין כדי שלא יישנו התינוקות -

איז דער ערשטער ענין בזה - אז מ'זאל ניט מאריך זיין, וועלן זיי ניט האבן קיין צייט אויף צו אנשלאפן ווערן.

כט. אזוי ווי "מצוה גוררת מצוה" (אבות פ"ד מ"ב) - איז דא נאך אן ענין וועגן וועלכן מ'וויל אויך דערמאנען:

עס פירט זיך מידי שנה בשנה אז עס זיינען דא די וואס קומען צופארן אהערצו [וואס דאס איז פארבונדן מיט "טלטולי דגבראי" וואס "קשי מדנשי" (ראה כתובות כח, א. סנהדרין כו, א)] כדי אז מ'זאל קענען פארברייינגען צוזאמען אין זמן מתן תורתנו -

איז דאך דער ענין וואס "גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני שכינה" (שבת קכז, א. שבועות לה, ב), ווי מ'לערנט דאס אפ פון אברהם אבינו, און דערנאך באקומען דאס אלע אידן אלס "ירושה לנו מאבותינו", פון "אחד הי' אברהם ויירש את הארץ" (יחזקאל לג, כד).

און דערפאר איז אע"פ אז עס קומט טאקע ניט צו גודל המעלה פון תשב"ר ווי די גמרא זאגט (שבת קיט, ב) "אל תגעו במשיחי אלו תינוקות של בית רבן", און זיי זיינען דאך דער "לגיון של מלך" - איז דאך אבער אויך דא דער ענין פון הכנסת אורחים, וואס "גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני שכינה".

ל. און דערפאר זאלן אלע אורחים זאגן "לחיים" און זאגן א פריילעכן ניגון - ובמילא וועלן זיי אויך גורר זיין די היגע פארשלאפענע בעלי-בתים וואס האבן זיך איינגעווארצלט אין די ד' אמות און שלאפן בתרדימה עמוקה (אדער אפילו א תרדימה קלה), און רעכענען אז דאס איז דאס און דאס איז גענוג -

זאל מען זיי אויפוועקן פון שלאף, און דערציילן זיי אז אט קומט משיח, און מ'דארף אים גיין מקבל פנים זיין, דארף מען דאך זיין אנגעטאן - ווארום אויב ער וועט ניט זיין אנגעטאן, און מיטאמאל וועט מען אים אויפוועקן פון שלאף און מ'וועט אים זאגן אז משיח איז געקומען... וועט ער כאפן דעם "גאלסטוק" און ער וועט ניט האבן די אנדערע לבושים!

אמאל האט א מוסר'ניק געהאט א טענה אויף דעם וואס חסידים זיינען מדייק אויף הידורים און בא זיי פעלט אין מצוות עיקריות - אז דאס איז בדוגמא ווי מ'האט אנגעזאגט אימעצן וועגן א שריפה רח"ל, איז פון גרויס טומעלניש האט ער געכאפט און אנגעטאן דעם "גאלסטוק" אויפן האלדז, און האט פארגעסן אנטאן די אנדערע לבושים.

איז דער ביאור בזה:

בשעת זיין עבודה איז אן א חשבון - ער ווייסט אז עס דארף זיין דער ענין פון "סור מרע", ער אנטלויפט פון א שריפה, פון דעם "א-ל זר אשר בקרבך", וואס ער ווערט אנגערופן "נורא..." (ווי די גמרא דערציילט אין קידושים - איז אפילו אז ער כאפט און טוט אן דעם "גאלסטוק" - ווערט דער "גאלסטוק" אזוי גרויס,

און די גשמיות וחומריות ווערט אזוי קליין, אזוי אז דער "גאלסטוק" ווערט אנגערופן בשם "ענק לגרגרותיך" (משלי א, ט).

[איינער פון די מאדערנע האט זיך מיישב געווען אז א "גאלסטוק" דארף מען אנרופן בשם "ענק", ווארום עס שטייט "ענק לגרגרותיך", און דער מנהג העולם איז אז דעם "גאלסטוק" טוט מען אן אויף דער "גרגרת"],

און דאס טוט אויף דעם ענין פון "מצוה גוררת מצוה", וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס יעדער מצוה איז כולל אין זיך אלע מצוות - ביז וואנעט אז ער ווערט אינגאנצן ניצל, און ער קומט צו דער דרגא פון בעלי תשובה, וואס "(ב)מקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אין יכולים לעמוד בו" (רמב"ם הל' תשובה פ"ז הל"ד) - ווי מ'האט גערעדט בפועל בא די וואס האבן געכאפט יעדער זאך וואס איז געווען אונטערן האנט, אפילו אן ענין של הידור וכיו"ב.

ובנדו"ד - דארף מען אויפוועקן די וואס שלאפן, און זאגן זיי אז אט אט קומט משיח, איז אמת טאקע אז בשעת מ'וועט לויפן אנטקעגן אים מיט א "גאלסטוק" וועט ער אויך ניט נוזף זיין, וועט ער זיך אבער שעמען פאר זיך אליין, וויבאלד אז ער וועט זיך כאפן אז דער לבוש פעלט אים, און א צווייטער לבוש איז א פארלאטעטער, און א דריטער לבוש איז צוריסן וכו', ואין כאן המקום להאריך בזה.

און דערפאר דארף מען זיך אוועקשטעלן אין דעם מעמד ומצב וואס אידן זיינען געשטאנען בשעת מ"ת, וואס דעמולט זיינען אלע אידן געווען "תמימים" (גאנצע) - ביז אז אפילו די וואס בא זיי האט געפעלט אין איין אבר (אדער אין כמה אברים), זיינען זיי געזונט געווארן און זיינען געווארן גאנץ, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות, וברוחניות ובגשמיות גם יחד.

און דורך דערויף וואס די אורחים וועלן זיך אליין אויפהויבן, וועלן זיי אויך אויפהויבן די בעלי-בתים.

און האפענטליך אז דאס וועט ניט שאטן די אורחים צו דער "הכנסת אורחים" וואס וואס זיי וועלן האבן בא די בעלי-בתים -

ווארום מ'קען קומען מיט א טענה: אט האט מען אים געזידלט בשעת דעם פארברייינגען, און דערנאך וויל מען אז ער זאל מארח זיין די אורחים בביתו, און געבן זיי אכילה ושתי' ולינה, און טאן דאס בסבר פנים יפות, און ניט קלאגן זיך אז מ'פארביטערט אים דעם לעבן, און אז זיין ווייב זאל אויך זיין צופרידן פון דער "הכנסת אורחים".

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען מכניס אורח זיין משיח צדקנו, און גיין צוזאמען מיט אים מקבל זיין די גאולה האמיתית והשלימה, און מקבל זיין עצמות ומהות ווי ער שטייט בגלוי.

(אח"כ אמר:) ווער וועט זיין דער ערשטער מס"נ-איד פון די אורחים וואס וועט זאגן "לחיים"?!

(ואח"כ אמר:) עס זיינען דא נאך אורחים? אלע זיינען בעלי-בתים? - זאל מען געפינען לכה"פ דריי אורחים.

* * *

לא. בנוגע צום סיום אויף מסכתא סוטה:

עס איז ידוע די קשיא: צוליב וואס רעכנט אויס די משנה און די גמרא די אלע ענינים בלתי רצויים - די אלע ענינים וואס זיינען בטל געווארן וכו'?

די גמרא איז טאקע מסיים "אמר לי' רב יוסף לתנא לא תיתני ענוה דאיכא אנא", און "אמר לי' רב נחמן לתנא לא תיתני יראת חטא דאיכא אנא" - איז דאך אבער דערפון גופא פארשטאנדיק אז אלע אנדערע ענינים וואס די משנה און גמרא רעכענען אויס אז זיי זיינען בטל געווארן, זיינען טאקע בטל געווארן - איז צוליב וואס דארף מען זאגן די אלע ענינים בלתי רצויים?!

לב: וועט מען דאס פארשטיין בהקדם דעם דיוק אין לשון המשנה:

אויף כו"כ ענינים זאגט די משנה דעם לשון "בטל" ("בטל כבוד התורה", "בטל זיו החכמה" וכיו"ב), וועו עס קומט אבער צו "טהרה ופרישות", זאגט די משנה: "מתה טהרה ופרישות" - ניט דעם לשון "בטלה", נאר דעם לשון "מתה"?

[ווי מפרשים שטעלן זיך און זיינען מדייק אז אין משנה זיינען דא ררייי לשונות: "בטל", "פסקו", "מתה" - אבער בנוגע לענינגו איז נוגע דער חילוק צווישן די לשונות "בטל" און "מתה"].

איז דער ביאור בזה:

דער ענין פון מיתה איז - אז עס בלייבט די גאנצע מציאות, נאר ס'איז ניטא דער ענין פון חיות; און דער לשון פון ביטול איז - אז די גאנצע מציאות איז בטל געווארן, ס'איז געווארן אויס מציאות.

און ווי די משנה (אבות פ"ה מכ"ב) זאגט "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - ר.ה. אז פריער איז דא דער ענין פון מיתה, אז די חיות גייט אוועק, אבער די מציאות בלייבט, און דערנאך איז דא דער ענין פון ביטול, אז די גאנצע מציאות ווערט בטל, עס ווערט אויס מציאות.

לג. דער ביאור בזה אין עבודת האדם:

עס איז דא דער לימוד התורה און קיום המצוות אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה", ער לערנט תורה און איז מקיים מצות, ער טוט דאס אבער אן קיין חיות, ד.ה. אז ביי אים איז דא דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות, עס פעלט אבער די נשמה פון דער זאך.

און ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין תניא (פל"ח) דעם מארז"ל (ישועות משיחו יב, א. אברבנאל אבות ב, יג. ועוד) "תפלה בלא כוונה כגוף בלא נשמה" - עס האט דעם "גוף" פון דער תפלה, אבער די נשמה דערפון האט ער ניט, רערפאר וואס די נשמה ליגט אין דעם קיום פון אן אנדער מצוה, ניט אין עבודת התפלה, און דערפאר איז די תפלה "כגוף בלא נשמה".

דער "גוף" פון דער תפלה, די אותיות התפלה וכו', איז בשלימות, עס פעלט נאר דער ענין הכוונה, און דערפאר איז עס "כגוף בלא נשמה".

וואס בנוגע צו דעם ענין פון כוונה, ברייננגט דאך דער אלטער רבי (שו"ע או"ח סימן ס' סעיף ה') דעם פס"ד (רמב"ם הל' ק"ש פ"ב ה"א. שו"ע או"ח סימן ס' סעיף ה'. סימן ס"ג ס"ד) אז כוונה איז מעכב נאר אין פסוק ראשון פון ק"ש און ברכה ראשונה פון שמו"ע, משא"כ בנוגע צו שאר הענינים, וואס בא זיי איז די כוונה ניט מעכב צום קיום המצוה, ס'איז מערניט וואס דאס איז "כגוף בלא נשמה".

און ווי עס ברייננגט זיך בכ"מ אין חסידות דער לשון הזהר "מאן דנפיל מדרגי' אקרי מת": ער איז א גאנצע מציאות, און א לעבעדיקע מציאות, נאר "נפיל מדרגי'", ער שטייט ניט אין דעם זעלבן עולם אין וועלכן ער איז געשטאנען פריער, נאר אין א נידעריקער עולם, אדער אפילו אין דעם זעלבן עולם, נאר אין א נידעריקערע מדריגה - ווערט ער שוין אנגערופן "מת".

דערנאך איז אבער דא אן ענין וואס איז שלא בערך נידעריקער דערפון - אז עס ווערט אינגאנצן בטל דער קיום המצוה, ד.ה. ניט נאר אז דער קיום המצוה איז אין אן אופן פון "גוף בלא נשמה", נאר עס פעלט רח"ל דער גאנצער קיום המצוה.

לד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס זיין מציאות איז דא, נאר עס פעלט די חיות און נשמה שבזה - איז א סאך לייכטער צו מתקן זיין דעם ענין אז ס'זאל ווערן א גוף צוזאמען מיט א נשמה, ווי צו מתקן זיין אן ענין וואס זיין גאנצע מציאות (ניט נאר די נשמה) איז בטל געווארן.

ובפשטות - בשעת אז כל עניני התורה ומצוותי' זיינען ביי אים בשלימות, דער

גוף צוזאמען מיט דער נשמה, נאר ס'איז דאן אן איין און איינציקע מצוה אין וועלבע עס פעלט ביי אים דער ענין הכוונה - איז א סאך לייבטער צו אויפטאן תיכף ומיד אז עס זאל זיין דער ענין הכוונה אויך אין דער מצוה, וויבאלד אז בכללות איז דא ביי אים דער ענין הכוונה בנוגע צו אלע אנדערע מצוות.

וע"ד ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין (צא, א) בנוגע צו תחה"מ, אז "דלא הוו חיי דהוי חיי לא כ"ש", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז לייכטער אויפלעבן א מציאות וואס איז אמאל געווען, ווי צו אויפמאכן א נייע מציאות, ועאכו"כ ווען די מציאות איז דא, נאר מ'דארף איר אויפלעבן.

לה. עפ"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד, אז ווען די משנה זאגט אז "מתה טהרה ופרישות", איז ניט דער טייטש אז עס פעלט די גאנצע מציאות פון "טהרה ופרישות", נאר עס פעלט מערניט ווי דער ענין הנשמה והחיות שבזה - ובמילא איז פארשטאנדיק אז ס'איז א גרינגע זאך צו מתקן זיין און אויפלעבן דעם ענין.

און בשעת די משנה זאגט אויף א געוויסער ענין אז ער איז בטל געווארן, "בטל כבוד התורה" וכיו"ב - דארף מען אנקומען צו א השתדלות גדולה יותר אויף צו מתקן זיין דעם ענין.

און דאס איז די כוונה אין דעם וואס די משנה דערציילט וועגן די אלע ענינים וואס זיינען בטל געווארן - ניט אויף צו מאכן א אידן קאלעמוטנע, דערפאר וואס ער זעט אז "בטל כבוד התורה" און "בטל זיו החכמה" וכיו"ב - נאר כדי אז א איד זאל וויסן אז ער דארף האבן א השתדלות יתירה אויף צו מתקן זיין און אומקערן אויך די ענינים וואס זיינען בטל געווארן.

און ווען ער וועט זיך משתדל זיין עד היכן שידו מגעת, וועט ער מבטל זיין דאס וואס די ענינים זיינען בטל געווארן.

לו. דער ביאור אין דעם וואס בנוגע צו כו"כ ענינים זאגט די משנה אז זיי זיינען בטל געווארן, און ווען עס קומט צו טהרה און פרישות זאגט די משנה "מתה טהרה ופרישות":

מפרשים טייטשן אפ אז דער ענין פון טהרה און פרישות מיינט די פרישות פון ת"ח פון עמי הארץ בנוגע צו ענינים פון טומאה וטהרה.

און דערפאר קען מען ניט זאגן אז "משמת ר"ג הזקן" איז בטל געווארן דער ענין פון טהרה ופרישות, ווארום ר"ג הזקן איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז אויב מ'וועט זאגן אז "משמת ר"ג הזקן" איז בטל געווארן דער גאנצער ענין פון טהרה און פרישות, וואלט מען דאך ניט געקענט מקריב זיין קיין קרבנות וכו'.

און דעריבער מוז מען זאגן אז דער ענין פון טהרה און פרישות איז ניט בטל געווארן, נאר "מתה טהרה ופרישות":

די כוונה און די נשמה שבזה (מיט אלע ענינים וואס זינען דערמיט פארבונדן) איז בטל געווארן, אבער דער עצם הענין פון טהרה און פרישות איז געבליבן, נאר אין אן אופן פון "גוף בלא נשמה".

און אע"פ אז בנוגע צו דעם ענין פון טהרה דארף מען האבן כוונה (ס'איז דא אזא טהרה וואס איז גענוג אויך אן כוונה, אבער דער ענין הטהרה וועגן וועלכן מ'רעדט דא, דארף האבן כוונה) -

איז דער ביאור בזה, אז דאס וואס טהרה דארף האבן כוונה איז נאר מדרבנן, וואס זיי האבן געמאכט די גזירה און די תקנה אז ס'זאל זיין "חומר בקודש מבתרומה", אבער מדאורייתא איז גענוג אויב ער האט זיך טובל געווען אן כוונה;

און דער כללות הענין פון די גזירות דרבנן זיינען געווארן ערשט לאחרי חורבן ביהמ"ק השני, ווי דער אלטער רבי ברייגנגט אראפ אין די דרושים פון תו"א בתחלתו.

לז. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער קשר פון סיום המסכת מיט התחלתה:



הנחה פרטית בלתי מוגה

אין סיום המסכתא רעדט זיך וועגן דעם וואס "מתה טהרה ופרישות", אן ענין פון מיתה, "מאן דנפיל מדרגי' אקרי מית".

און דאס איז פארבונדן מיט התחלת המסכתא - "המקנא לאשתו כו'":

בשעת ס'איז דא דער ענין פון קינוי און סתירה, איז דא די גאנצע מציאות פון דעם בעל, די גאנצע מציאות פון דער אשה, און ס'איז דא דער קשר שביניהם, זיי זיינען א בעל ואשתו מיט אלע דינים שבדבר - עס פעלט אבער דער ענין החיות (אן ענין של מיתה): עס קען ניט זיין קיין יחוד פנימי, וואס אויף דערויף דארף מען האבן א כוונה, ווארום "אין קישור אלא לדעת", ובמילא איז ניט שייך דער ענין פון "פרו ורבו", און דערפאר איז עס אן ענין של מיתה, וויבאלד אז עס פעלט די חיות שבזה, ביז אז דאס ווערט גאר א דבר האסור.

און דעמולט זאגט מען אז "מקנא לה ע"פ שנים", ווי חסידות טייטשט אפ אז די שני עדים זיינען דער עין מיטן אוזן [ווי ס'איז אויך מרומז אין לשון הרמב"ם (הל' יסוה"ת פ"ח ה"א) אז "עינינו ראו לא זר ואזנינו שמע ולא אחר",

און דערנאך איז "משקה לה ע"פ עד אחד או ע"פ עצמו" (ווי דער דין בלייבט) - וויבאלד אז "אם יסתר איש במסתרים ואני לא אראנו" (ירמיה כג, כד).

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "סוטה", אז דערווייילע איז עס אן ענין פון מיתה, "מאן דנפיל מדרגי' אקרי מית" -

ביז אז מ'צייגט זיך איכער אז "ונקתה" - וואס דעמולט איז "ונזרעה זרע" (נשא ה, כח), אז "אם היתה יולדת בצער יולדת בריוח, נקבות יולדת זכרים וכו'" (סוטה כו, א), און נאכמער: "אם היתה עקרה נפקדת" (שם), ביז ווי חנה האט געזאגט "אלך ואסתתר", וואס דעמולט וועט זי זיכער נפקד ווערן (ברכות לא, ב).

וואס"תולדותיהם של צדיקים" - וואס "עמך כולם צדיקים" (ישעיה ס, כא) - איז דער ענין פון תורה ומצוות, וכמארז"ל "מאי פירי מצוות".

לח. עד"ז איז אויך דא דער קשר צווישן די מחלוקת פון ר"י און ר"ע צי "וקנא את אשתו" איז "רשות" אדער "חובה", דערמיט וואס רב יוסף האט געזאגט "לא תיתני ענוה דאיכא אנא", און רב נחמן האט געזאגט "לא תיתני יראת חטא דאיכא אנא":

מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן דעם לשיטתי' פון ר"י מיט ר"ע, אז שיטת ר"י איז אז די תורה איז געגעבן צו דער בעלות פון דעם מקבל, און דערפאר איז עס אן ענין פון "רשות", ד.ה. אז דאס איז תלוי אין דער בחירה פון דעם אידן; און שיטת ר"ע איז אז די תורה איז געגעבן געווארן ווי זי איז מצד הקב"ה, דער נותן התורה, און דערפאר איז עס אן ענין פון "חובה".

און דאס איז פארבונדן מיט די צוויי ענינים פון "ענוה" און "יראת חטא":

דער ענין פון "ענוה" איז, אז ער איז ניט קיין מציאות פאר זיך, ד.ה. אז אין דערויף איז אינגאנצן מודגש דער ענין פון "נותן התורה".

און אין דעם ענין פון "יראת חטא" איז אויך מודגש עניננו פון מקבל התורה:

בשעת ביי אים איז דא דער ענין פון "יראת חטא", טוט ער אויך אזא ענין אין וועלכן ער האט א סברא (און אפילו א ספק און א ספק ספיקא) אז דער אויבערשטער וועט דערפון האבן נחת רוח, ד.ה. אז אע"פ אז מצד הדין איז עס אן ענין פון "רשות", איז דאס אבער ביי אים אן ענין של "חובה", דערפאר וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "יראת חטא".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר צו די צוויי ענינים "ענוה" און "יראת חטא", מיט דער פלוגתא פון ר"י מיט ר"ע וועגן דעם ענין פון "רשות" און "חובה" - גדרי המקבל און גדרי הנותן.

לז. און דאס איז אויך דער קשר צווישן כללות המסכת דערמיט וואס עס האבן געזאגט

"רב יוסף און "רב נחמן":

דער כללות הענין פון מסכת סוטה איז פארבונדן מיט דעם זמן הגלות, ווארום אין זמן הגלות פעלט לכאורה דער ענין פון יחוד פנימי, וויבאלד אז דאס איז "כאשה שהלך בעלה למדינת הים", דערפאר וואס ער איז ניט געווען צופרידן פון דער הנהגה כו', וואס דאס איז דער כללות הענין פון "מפני חטאינו גלינו מארצנו".

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "רב יוסף" און "רב נחמן":

דער ענין פון "יוסף" איז - ווי עס שטייט (ויצא ל, כד) "יוסף ה' לי בן אחר", און ווי דער צ"צ טייטשט אפ אז פון דעם "אחר" מאכט מען א "בן", וואס איז כללות עבודת הגלות - אין דעם ארט וואו עס געפינט זיך דער "אחר".

און דער ענין פון "נחמן" איז - דער ענין פון נחמה, ביז צו נחמה בכפליים (ע"ד "עקיבא נחמתנו עקיבא נחמתנו" (ר"ה כה, א. מכות בסופה)) - וואס צוליב דעריף איז גימאכט געווארן דער גאנצער ענין הגלות.

מ. און דערנאך קומט מען צום סיום המסכת, וואס לויט כמה גירסאות (אין עין יעקב וכו') איז מען מסיים מיט "טהרה מביאה לידי פרישות וכו' ורוח הקודש מביאה לידי תחיית המתים, ותחיית המתים בא ע"י אלי' הנביא זכור לטוב", און מ'איז מסיים "אמן" - אין אן אופן פון "אמת ואמונה".

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות זאל מען שוין ממשיך זיין די אלע ענינים, ווארום מ'וועט זען ווי דער גלות האט אויפגעטאן דעם בירור פון אלע ענינים, נאר מ'דארף דאס מגלה זיין.

וע"ד פס"ד הרמב"ם אז יעדער איד וויל מקיים זיין דעם רצון הבורא, ס'איז מערניט וואס מ'דארף אראפנעמען דעם העלם והסתר דערפון וואס "יצרו תקפו", און דעמולט ווערט נתגלה דער רצון האמיתי פון דער נשמה, און עס ווערט א גוף מיט א נשמה גם יחד.

און עס ווערן בטל די אלע ענינים וואס די משנה רעכנט אויס אז "בטל", "פסק" און "מתה" - נאר אלע ענינים שטייען בתקפם, אין אן אופן פון "כצאת השמש בגבורתו".

און דאס וועט זיין בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש, דורך דעריף וואס עס וועט קומען אלי' הנביא זכור לטוב און וועט אנזאגן און מבשר זיין ("מבשר טוב") אז "הנה זה בא", אז עס קומט משיח צדקנו - יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

מא. איצטער וועט מען זען אז אלע קינדער וואס זיינען פאר בר-מצוה (און דערנאך די מיידעלעך וואס זיינען פאר בת-מצוה) זאלן ארויפגיין אויבן, און מ'וועט זיי געבן די סידורים און די געלט, ווי גערעדט פריער בארוכה.

און מסתמא וועלן די ערוואקסענע זיי ניט מבלבל זיין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן לכאו"א מהילדים סידור (ובתוכו - מכתב) ושטר של דאלאר. ואח"כ להילדות כנ"ל.

לאחרי חלוקת הסידורים והשטרות - אמר:

מ'וועט בעטן די עלטערן פון די קינדער (אדער אן עלטערער ברודער אדער אן עלטערע שוועסטער) אז זיי זאלן צושרייבן דעם נאמען פון דעם קינד אויפן ברייוו וואס איז אריינגעקלעפט אין דעם סידור.

און אויך זען אז אין ערב חגה"ש פאר שקיעת החמה (במשך פון מארגנדיקן טאג) זאל דער קינד אפגעבן דעם דאלאר אין א פושקע של צדקה - אדער דעם פאפירל גופא, אדער איבערבייטן אויף אן אנדער פאפירל און אפגעבן יענעם אויף צדקה.

און דער אויבערשטער זאל העלפן יעדערן און אלעמען מגדל זיין די קינדער לתורה

לחופה ולמעשים טובים, ומתוך הרחבה, און גיין צוזאמען מיט זיי, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", מקבל זיין פני משיח צדקנו, "קהל גדול ישובו הנה", ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. אין אדיר. אתה בחרתנו.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

מב. אזוי ווי מ'האט נאך מארגן א גאנצן טאג ביז חגה"ש - ווערט מען זיכער ניט פארגעסן אז עס דארף זיין דער ענין פון "מבצע תורה" און "מבצע צדקה", ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות.

און טאן אין דערויף בתוככי כללות כל המבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", און "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", וואס מארגן איז דאך ערב יו"ט, און מ'מאכט דאך אויך ברכת "שהחיינו", און "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און זוכה זיין בקרוב ממש צום אויבערשטנ'ס "מבצע" - אז ער וועט גואל זיין עמו ישראל, אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו די פעולות וואס מ'דארף טאן פאר יו"ט - ועד"ז אויך בנוגע צו די ענינים וואס מ'דארף טאן אין חגה"ש, און דערנאך אויך אין ימי התשלומין פון חגה"ש, עד י"ב סיון ועד בכלל, כמדובר לעיל בארוכה.

און דערנאך זאל מען דאס ממשיך זיין על כל השנה כולה, אז ס'זאל זיין א שנת תורה, ובמילא וועט דאס אויך זיין א שנת אורה און שנת ברכה און שנת גאולה, ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

מג. די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

און דאס זאל אויך זיין א ברכה אחרונה אויפן גלות - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

מד. אזוי ווי עס זיינען דא סידורים וואס פון זיי איז ארויסגעפאלן דער בלעטל פון דעם בריוו - איז די וואס פון זייער סידור איז עס ארויסגעפאלן זאלן זיי אריינגיין אין "מזכירות" און באקומען דארטן דעם בריוו, און דערנאך זאל מען אליין אריינקלעפן אין סידור.

און דער עיקר איז - אז מ'זאל דארטן אנשרייבן דעם נאמען פון דעם קינד, כדי ער זאל וויסן אז "לה' הארץ ומלואה" (תהלים כד, א), און דער אויבערשטער האט אים געגעבן דעם סידור כדי ער זאל מתפלל זיין צו אים, און לערנען תורה פאר אים, און ער האט אים געגעבן די געלט כדי ער זאל געבן צדקה פאר אים.

און אויך צו מאכן דאס לייכטער - האט מען דאס אפגעדרוקט אין דעם סידור, און מ'האט דאס אים אפגעגעבן אויף נחלת עולמים, אז ער זאל דערמיט אויסבעטן אלע גוטע זאכן - ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געשריבן אויף די סידורים וואס ער האט געגעבן במתנה, אז שיתקבלו כל תפלתנו - אמן כן יהי רצון.

וכן תהי' לנו - אנהויבנדיק פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם" (תהלים ח, ג), אז ס'וועט זיין דער "והשבתי חי' רעה מן הארץ" (בחוקתי כו, ו), ביז אין אן אופן פון "גם אויביו ישלים אתו" (משלי טז, ז), אז ער וועט

גאר נתהפך ווערן לאוהב וידיד.

ביז ס'וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" (ישעיה מט, כג), אז פאר זיי וועט באטראכט ווערן פארן גרעסטן כבוד דאס וואס זיי קענען ארויסהעלפן א אידן, און זיי וועלן ברענגען אידן אזוי ווי מ'ברענגט א מנחה בכלי שרת ווי ער איז ממשיך אין נבואת הגאולה - בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

טרם צאתו אמר: ס'זאל זיין קבלת התורה בשמחה ובפנימיות.

----------- * -----------

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בס"ד. שיחת יום ב' דחג השבועות ה'תשל"ס.

הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. דעם ענין פון "אתה בחרתנו" זאגט מען אין דער תפלה פון יו"ט דוקא, משא"כ אין תפלת שבת ור"ח, ועאכו"כ אין דער תפלה פון ימות החול, וואס דעמולט זאגט מען ניט דעם ענין פון "אתה בחרתנו".

און דער טעם אויף דערויף איז מבואר אין אבודרהם[1] אז דאס איז דערפאר וואס "במרה נצטוו על השבת"[2] (ווי רש"י טייטשט אפ אויף דעם וואס ס'שטייט אין עשה"ד[3] "שמור את יום השבת לקדשו כאשר צוך ה' אלקיך" - "כאשר צוך קודם מ"ת במרה"), "ועדיין לא בחר בהם הקב"ה עד שנתן להם ההורה", וואס דערפאר זאגט מען ניט בשבת "אתה בחרתנו", וויבאלד אז דער ענין פון שבת איז נאך געווען איידער ס'איז געווען דער ענין פון "אתה בחרתנו" (אין מתן תורה).

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע[4] בנוגע צו "זכירת מעמד הר סיני" וואס דארף זיין בכל יום, אז "כשיאמר ובנו בחרת יזכור מתן תורה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "אתה בחרתנו" איז געווען אין "זמן מתן תורתנו".

ב. אין דערויף איז אבער דא א שאלה:

מ'געפינט דעם ענין הבחירה אויך קודם מ"ת, ווי עס שטייט אין מדרש[5] "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו ר"ח של גאולה" (וואס דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה פון יצי"מ), זעט מען דאך אז ס'איז געווען דער ענין הבחירה אויך קודם מ"ת?

ביז אז אין כללות הענין פון יצי"מ איז מודגש דער ענין הבחירה, ווארום יצי"מ איז געווען אין אן אופן פון "לקחה לו גוי מקרב גוי"[6], וואס אין דערויף איז מודגש דער ענין פון "אתה בחרתנו מכל העמים".

אע"פ אז ס'שטייט "לקחת לוי גוי מקרב גוי", לשון יחיד (און ניט "בחרתנו מכל העמים") - איז דאס אבער אויך כולל דעם "בחרתנו מכל העמים", ווארום דעמולט איז מצרים געווען אין אן אופן פון "מושל בכיפה"[7], און "כל העמים"

- זיינען -

------------

1) סדר קידוש ליל שבה בביהכנ"ס (ס"ע קנ ואילך).
2) שבת פז, ריש ע"ב. סנהדרין נו, ב. 3) ואתחנן ה, יב.
4) או"ה ס"ס ס"ד. 5) שמו"ר פט"ו, יא. 6) ואתחנן ד, לד.
7) מכילתא עה"פ בשלח יד, ה. ועוד.

זיינען געווען אונטער דער מלכות פון מצרים.

וואס דאס איז אויך מתאים דערמיט וואס ס׳שטייט אין מדרש[8] אז "כל המלכיות נקראו על שם מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל" - וואס לויט ווי דער ענין איז כפשוטו, איז עס פארבונדן דערמיט וואס מצרים איז דעמולט געווען אין אן אופן פון "מושל בכיפה".

דערפון וואס "בחר ביעקב" אליין, איז קיין קושיא ניט, ווארום דאס איז נאך ניט געווען בגילוי ובשלימות, ביז וואנעט אז "בחר ביעקב ובניו", און ס׳איז אראפגעקומען אין פועל ממש, אז "קבע בו ר"ח של גאולה";

אבער דער "בחר ביעקב ובניו" (וואס דעמולט איז "קבע בו ר"ח של גאולה") איז אויך געווען קודם מ"ת - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס פארבינדט מען דעם ענין פון "אתה בחרתנו" מיט "זמן מתן תורתנו" דוקא?

ג. לכאורה וואלט מען אויך געקענט פרעגן בנוגע צו ר"ח, אז דעמולט זאל מען דארפן זאגן "אתה בחרתנו", וויבאלד אז דער ענין פון "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו ר"ח של גאולה" איז פארבונדן מיט דעם כללות הענין פון ר"ח, וויבאלד אז דעמולט איז געגעבן געווארן דער ציווי פון קידוש החדשים, "כזה ראה וקדש"[9].

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז מ׳זאגט "אתה בחרתנו" בחגה"ש, אע"פ וואס דער יו"ט פון חגה"ש איז ניט אזוי פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו",

ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[10] אז "בזמן שהיו מקדשין החדשים ע"פ הראי׳ הי׳ אפשר להיות . . חג השבועות . . בשבעה בסיון" אדער "בחמשה בסיון אף שאינו ביום מתן תורה", וויבאלד אז "הכתוב לא תלה חג הזה ביום מתן תורה . . רק בחמשים לעומר", ובלשון הגמרא[11] "פעמים חמשה פעמים ששה פעמים שבעה",

[שלא כדעת הרס"ג[12] אז בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי׳ האט מען אויך דוחה געווען די קביעות, אזוי אז בפועל איז אלע-מאל אויסגעקומען חגה"ש בששה בסיון],

וואס דערפון זעט מען אז חגה"ש איז ניט אזוי פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו",

- איז -

------------

8) ב"ר פט"ז, ה. 9) ר"ה כ, א. פרש"י עה"פ בא יב, ב. 10) או"ח ר"ס תצד. 11) ר"ה ו, ב. 12) הובא ביסוד עולם שער ד׳ פ"ו.

איז עאכו"כ בנוגע צו ר"ת, וואס ר"ת האט א שייכות מיוחדת מיט דעם ענין הבחירה (וויבאלד אז "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו ר"ח של גאולה") - האט מען דעמולט זיכער געדארפט זאגן "אתה בחרתנו"?

איז דער ביאור בזה - אז ווען ס׳איז געווען דער "בחר ביעקב ובניו (וואס דעמולט) קבע בו ר"ח של גאולה", איז געווען מערבים ווי דער ענין פון "כזה ראה וקדש", ס׳איז אבער נאך ניט געווען דער ענין התפלה פון ר"ח [וואדום אפי׳ אויב תפלה איז א מ"ע מה"ת, איז דאך אבער דער נוסח התפלה מדרבנן[13]],

וואס דערפאר ווען עס קומט צו דעם ענין (ונוסח) התפלה פון ר"ת, זאגט מען ניט קיין "אתה בחרתנו"[14].

די שאלה בלייבט אבער בנוגע צו שבת: וויבאלד אז די מצוה פון שבת איז געגעבן געווארן קודם מ"ת, און דעמולט איז שוין געווען דער ענין הבחירה ("בחר ביעקב ובניו כו׳", און דער כללות הענין פון "לקחת לו גוי מקרב גוי") - האט מען געדארפט זאגן "אתה בחרתנו" אויך בשבת?

ד. איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו כללות ענין הבחירה, זעט מען אז אין לשון בני אדם [ניט "עמא דבר", נאר "בני אדם", די וואס "דברה תורה כלשון בני אדם"[15]] זאגט מען דעם ענין פון בחירה אויך אויף אן ענין וואס איז ניט תכלית השלימות אין בחירה, נאר א בחירה וואס איז אויך פארבונדן מיט א טעם.

ע"ד ווי מ׳זאגט "ובחרת בחיים" דערפאר וואס "כי הוא חייך גו׳"[16], וואס דאס איז א בחירה וואס איז פארבונדן מיט א טעם, דערפאר וואס דאס איז דיין חיים, ובכללות איז דאס די עבודה שע"פ טעם ודעת (כמבואר אין תניא[17]).

דערנאך איז אבער דא א דרגא נעלית יותר אין דעם ענין פון בחירה - אזא בחירה וואס איז אינגאנצן ניט פארבונדן מיט קיין ענין של טעם ודעת; אין דערויף זיינען ניט אריינ-געמישט קיינע חשבונות פון טעם ודעת.

וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין פון עבודה מאהבה, "שלא על מנת לקבל פרס"[18], נאר עבודה לשמה, לשם

- התומ"צ -

---

13) ראה רמב"ם הל׳ תפלה רפ"א ובכס"מ שם. דרמ"צ שרש מצות התפלה בתחלתו. 14) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ נשא. 15) ראה תוס׳ סוטה כד, ב. 16) נצבים ל, יט-כ. 17) פמ"ד (סג, א). 18) אבות פ"א מ"ג.

התומ"צ עצמן, וואס דאס איז אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה.

און ווי דער רמב"ם איז מבאר אין הל׳ תשובה[19], אז התחלת העבודה איז אין אן אופן פון שלא לשמה, צוליב אן עניין של שכר [ווי ער איז מאריך אין דעריף אין פיהמ"ש[20] אז ווען ער איז א קטן, זאגט מען אים צו שכר וואס איז פארבונדן מיט ממתקים, ממון וכבוד וכיו"ב, ביז צום שכר פון עוה"ב], ביז אז ער קומט צו הכלית השלימות אין עבודה, עבודה לשמה, וואס דאס איז די דרגא פון "אברהם אוהבי"[21].

ה. און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[22], איז ע"ד ווי ס׳איז דא ביי אידן ("עמך כולם צדיקים"[23]) די צוויי דרגות אין דעם עניין הבחירה, איז עד"ז דא די צוויי דרגות אין דער בחירה וואס דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין אידן:

עס איז דא א בחירה וואס איז פארבונדן מיט אן עניין של טו"ד, און ס׳איז דא א דרגא נעלית יותר אין בחירה, וואס איז ניט פארבונדן מיט קיין עניין של טו"ד, נאר ס׳איז למעלה ממדידה והגבלה.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן דער בחירה וואס איז געווען פאר כ"ה ("בחר ביעקב ובניו כו׳") מיט דער בחירה וואס איז געווען בשעת מ"ת - אז די בחירה וואס איז געווען קודם מ"ת איז געווען פארבונדן מיט אן עניין של טו"ד, משא"כ די בחירה שלאחרי מ"ת, וואס די איז אמיתת עניין הבחירה, א בחירה וואס איז אינגאנצן ניט פארבונדן מיט קיין עניין של טעם ודעה.

ו. והביאור בזה: ·

די בחירה וואס "בחר ביעקב ובניו", איז א בחירה וואס איז פארבונדן מיט אן עניין של טעם ודעת:

ס׳איז קיין פלא ניט פארוואס דער אויבערשטער האט בוחר געווען "ביעקב", ווארום יעקב איז געווען דער "בחיר שבאבות"[24], און "מטתו שלימה"[25], און "האבות הן הן המרכבה"[26], מיט אלע מעלות וואס זיינען דערמיט פארבונדן, ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער בחירה אין "בניו", אז די בחירה אין זיי איז פארבונדן דערמיט וואס זיי זיינען "בניו" פון "יעקב", ד.ה. מצד די מעלה פון "יעקב".

- ועד"ז -

------------

19) פ"י ה"ה. 20) לסנהדרין פ׳ חלק ד"ה וכת חמישית. 21) ישעי׳ מא, ח. וראה רמב"ם הל׳ תשובה שם ה"ב. 22) ב"ר פס"ז, ח. 23) ישעי׳ ס, כא. 24) ב"ר רפע"ו. 25) ויק"ר פל"ו, ה. וראה פסחים נו, א. ועוד. 26) ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער בחירה פון "לקחת לו גוי מקרב גוי", אז דאס איז א בחירה וואס איז פארבונדן מיט טעם ודעת, ווארום אע"פ אז ס׳איז מבואר אין תניא[27] אז דער גוף פון א אידן איז "נדמה בחומריותו לגופי אוה"ע" - איז דאס אבער ניט אינגאנצן בדומה צו גופי אוה"ע, ווארום בנוגע צו אוה"ע זאגט מען אז "בשר חמורים בשרם"[28] (עס הויבט זיך טאקע אן פון מצרים, אבער דערפון ווערט דאס נמשך לכל אוה"ע).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די בחירה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון יצי"מ ("לקחת לו גוי מקרב גוי"), איז ניט קיין בחירה אמיתית, למעלה מטו"ד, נאר ס׳איז אין אן אופן פון "אנוס ע"פ הדיבור" (כביכול):

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט צוגעזאגט צו יעקב "אנכי אעלך גם עלה"[29], מוז ער (כביכול) ארויסנעמען אידן פון מצרים,

וואס דערפאר זעט מען אז ארויסגייענדיק פון מצרים איז "ויקח משה את עצמות יוסף עמו"[30], וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ואנכי אעלך גם עלה", וויבאלד אז יוסף איז דער המשך פון יעקב - "אלה תולדות יעקב יוסף"[31].

בכללות איז געווען דער ענין הבחירה אויך בשעת יצי"מ, דערפאר וואס "אלו עובדי ע"ז ואלו כו׳"[32], אבער בפרטיות יותר איז דאס ניט אמיתית ענין הבחירה, דערפאר וואס "אנוס ע"פ הדיבור".

און בזמן מ"ה האט זיך אויפגעטאן אמיתית ענין הבחירה, אין אן אופן וואס איז למעלה מטו"ד, למעלה ממדידה והגבלה,

ווארום בשעה מ"ת איז געווען דער ביטול הגזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים"[33], און דעמולט איז געווען דער "וירד ה׳ על הר סיני"[34], און "אל משה אמר עלה אל ה׳"[35],

איז דערפון פארשטאנדיק, אז דורך משה רבינו ווערט אויפגעטאן בא יעדער אידן (דורך דעם ניצוץ משה שבו[36]) דער ענין פון "התחתונים יעלו לעליונים", אז ער ווערט איין זאך מיט "עליונים", וואס דאס גייט אויף עצמות ומהות, וואס ער איז אמיתית הא"ס און בלי גבול -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די בחירה וואס איז

- געווארן -

-------------

27) פמ"ט (ע, רע"א). 28) יחזקאל כג, כ. 29) ויגש מו, ד. 30) בשלח יג, יט. 31) וישב לז, ב. וראה פרש"י שם עה"פ. 32) יל"ר עה"פ בשלח יד, כח. 33) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 34) יתרו יט, כ. 35) משפטים כד, א. 36) ראה תניא רפמ"ב. פמ"ד (סג, א).

הנחה הת׳ בלתי מוגה

געווארן בשעת מ"ת, איז א בחירה וואס איז למעלה מכל מדידות והגבלות.

ז. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס זאגט מען ניט בשבת "אתה בחרתנו":

לגבי דרגת הבחירה שלאחרי מ"ת (די בחירה שלמעלה מכל מדידה והגבלה), איז די בחירה שקודם מ"ת (די בחירה וואס איז פארבונדן מיט טו"ד) אן ענין וואס איז שלא בערך כלל,

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[37], און ס׳איז מבואר בארוכה אין ספר החקירה להצ"צ, אז לגבי בל"ג איז מספר אחד מיט אלף אלפים בשוה ממש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס ס׳איז דא דער ענין הבחירה שלאחרי מ"ת (די בחירה שלמעלה מכל מדידה והגבלה), האט ניט קיין ארט צו רעדן וועגן דער בחירה שקודם מ"ת (די בחירה וואס איז פארבונדן מיט טו"ד), ווארום ס׳איז ניט אין אן אופן אז "יש בכלל מאתים מנה"[38], ד.ה. אן ענין וואס איז בערך, נאר צוויי מאל (אדער מער) אזוי פיל, נאר ס׳איז שלא בערך כלל.

און אז מ׳רעדט איצטער וועגן דער בחירה שקודם מ"ת (די בחירה וואס איז פארבונדן מיט טו"ד), איז דאס בדוגמא ווי די גמרא[39] זאגט "משל למלך בו"ד שהיו לו אלף אלפים דינרי זהב והיו מקלסין אותו בשל כסף", וואס דאס איז ניט קיין ענין של שבח, נאר אדרבה, דער היפך השבח.

און דערפאר זאגט מען ניט בשבת דעם ענין פון "אתה בחרתנו", אע"פ אז ווען ס׳איז געווען דער ציווי אויף ענין השבת איז שוין געווען דער "בחר ביעקב ובניו" - וויבאלד אז דאס איז די בחירה שקודם מ"ת, וואס די איז שלא בערך כלל לגבי די בחירה וואס איז געווען במ"ת[40].

ח. עפ"ז וועט אויסקומען א חקירה חדשה:

לויט ווי דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע אז "בזמן שהיו מקדשין החדשים ע"פ הראי׳ הי׳ אפשר להיות . . חג השבועות . . בשבעה בסיון" אדער "בחמשה בסיון" (שלא כדעת הרס"ג אז בפועל איז דאס קיינמאל ניט אויסגעקומען, דערפאר וואס בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי׳ האט מען אויך דוחה געווען די קביעות) -

- וועדט -

------------

37) פמ"ח (סז, ב). 38) ב"ק עד, א. ועוד. 39) ברכות לג, ב. 40) לשלימות הענין - ראה שיחה הנ"ל.

ווערט די שאלה צי מ׳זאגט "אתה בחרתנו" בחגה"ש וואס איז חל בשבעה בסיון אדער בחמשה בסיון, אע"פ אז ס׳איז ניט "זמן מתן תורתנו" (וואס איז געווען בששה בסיון), ועד"ז לאידך - צי מ׳זאגט "אתה בחרתנו" און "זמן מתן תורתנו", בששה בסיון, אע"פ אז דעמולט איז ניט חג השבועות.

וואס בנוגע צו חגה"ש וואס איז חל אין שבעה אדער אין חמשה בסיון (ניט אין "זמן מתן תורתנו"), וואלט מען געקענט זאגן בפשטות אז דעמולט זאגט מען "אתה בחרתנו", דערפאר וואס דאס איז א יו"ט וואס איז לאחרי מ"ת;

דער עיקר השאלה איז אבער בנוגע צו "זמן מתן תורתנו", ששה בסיון, וואס איז ניט בחגה"ש, צי דעמולט קען מען אויך זאגן "אתה בחרתנו" - ווארום עס איז א יום חול, ווערט די שאלה צי מ׳קען מוסיף זיין אין דער תפלה "אתה בחרתנו", ווארום דורך דעם איז ער "משנה ממטבע שטבעו חכמים"[41].

ט. און דאס איז אויך פארבונדן מיט יו"ט שני של גליות - וואס דער צווייטער טאג פון חגה"ש איז דאך בשבעה בסיון, און פונדעסטוועגן זאגט מען דעמולט "אתה בחרתנו", דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו".

ד.ה. אז דאס וואס מ׳זאגט "אתה בחרתנו" אין דעם צווייטן טאג פון שבועות, איז ניט נאר מצד דעם טעם אז "אתי לזילזולי בי׳"[42], נאר דערפאר וואס דאס איז טאקע פארבונדן און א המשך צו "זמן מתן תורתנו".

וכידוע דער דיוק[43] אין דעם וואס מ׳זאגט "זמן מתן תורתנו", און ניט "יום מתן תורתנו", אע"פ אז דער יו"ט פון שבועות איז מערניט ווי איין טאג (ניט אזוי ווי פסח און סוכות, וואס דער יו"ט איז זיבן טעג) - דערפאר וואס "הכתוב לא תלה חג הזה ביום מתן תורה ולא בכמה ימים לחודש רק בחמשים לעומר", און וויבאלד אז תורה האט ניט קובע געווען קיין יום מיוחד אויף דעם יו"ט, זאגט מען "זמן מתן תורתנו", און ניט "יום מתן תורתנו".

וצ"ע פון דעם מאדז"ל[44] "האי יומא דקא גרים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס׳איז דא א הדגשה אויף דעם יום.

י. עס קומט נאך צו אן ענין נוסף בקביעות שנה זו:

- ס׳איז -

---

41) ברכות מ, ב. טור או"ח סקי"ג שו"ע אדה"ז שם ס"ח.
42) טור או"ח סו"ס תצה. ביצה ב, ריש ע"ב. לה, סע"ב. וראה גם שו"ע אדה"ז או"ח סתצ"ה סי"א. 43) מטה משה סתר"צ.
44) פסחים סח, ב.

ס׳איז ידוע דער מארז"ל[45] "דכו"ע בשבת ניתנה תורה לישראל". וואס דאס איז איינער פון די טעמים[46] אויף דעם מנהג וואס מ׳עסט בחגה"ש מאכלי חלב - דערפאר וואס מ"ת איז געווען בשבת, און דעמולט איז געווארן א שאלה אויף דער שחיטה און אויף די כלים וואס זיינען געווען קודם מ"ת, און בשבת האט מען גארניט געקענט טאן, האט מען געמוזט עסן נאר מאכלי חלב.

וואס בזמן הזה קען ניט אויסקומען אז דער ערשטער טאג פון חגה"ש זאל חל זיין בשבת (מערניט בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי׳, כשיטת אדה"ז), ווארום כדי אז דער ערשטער טאג פון שבועות זאל חל זיין בשבת, דארף דער ערשטער טאג פון פסח חל זיין ביום ו׳, און ס׳איז דא דער כלל "לא בד"ו פסח" (אז פסח קען ניט חל זיין ביום ו׳);

עס קען אבער זיין אז דער צווייטער טאג פון חגה"ש זאל חל זיין בשבת (כקביעות שנה זו) - וואס דעמולט שטייט דער ענין פון "בשבת ניתנה תורה לישראל" בגלוי, עכ"פ בנוגע צום צווייטן טאג פון חגה"ש, וואס ער איז אויך פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו", נוסף אויף כללות הענין פון יו"ט שני של גליות.

יא. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

מ׳האט שוין גערעדט כמ"פ[47] אז חגה"ש איז פארבונדן מיט משה רבינו, מיט דוד המלך (וואס "דוד מת בעצרת"), און מיטן בעש"ט (וואס זיין יום הילולא איז געווען ביום א׳ דחגה"ש).

וואס בנוגע צו דוד המלך שטייט אין ירושלמי[49] אז "דוד מת בעצרת", און אין בבלי[50] שטייט אז דוד "מת בשבת".

וואס נוסף לזה וואס מ׳קען זאגן אז עס זיינען מדרשות חלוקות, קען מען אויך זאגן אז וויבאלד מ׳האט מקדש געווען די חדשים ע"פ הראי׳, האט "עצרת" געקענט חל זיין "בשבת".

יב. ויה"ר אז דער ענין פון מ"ת וואס ווערט אויפגעטאן אין "זמן מתן תורתנו", זאל נמשך ווערן על כל השנה כולה,

ובפרט לויט קביעות שנה זו. אז דער צווייטער טאג פון - חגה"ש -

------------

45) שבת פו, ב. 46) בס׳ גאולה ישראל. הובא בלקו"ש מסות תשל"ו ס"ג. 47) לקו"ש ח"ה ע׳ 21 ואילך. 249 ואילך. לקו"ש חגה"ש תשל"ח. ועוד. 48) לקו"ד כרך א לב, א. 49) ביצה פ"ב ה"ד. חגיגה פ"ב ה"ג. הובא בתוד"ה אף עצרת - חגיגה יז, א. דו"ר פ"ג, ב. 50) שבת ל, סע"א. 51) דאה לקו"ש ח"ח שם ובהע׳ 7 שם.

תגה"ש איז חל ביום השבת, וואס "מיני׳ מתברכין כולי יומין"[52],

ביז וואנעט אז שבת איז למעלה מהזמן לגמרי (וואס דערפאר הויבט מען אן נאכאמאל "היום יום ראשון בשבת", וויבאלד אז שבת איז למעלה מהזמן, כמבואר בכ"מ[53]), וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון שבת וואס איז למעלה מהזמן, ווערט דאס נמשך על כל השנה כולה - כללות ענין הזמן,

ובפרט אז דער יו"ט פון חגה"ש איז נאר פעם אחת בשנה, וואס דערפון ווערט דאס נמשך און עס פועל׳ט על כל השנה כולה.

און עס זאל ארויסקומען אין מעשה בפועל בעבודתו של כאו"א, וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[54].

ביז אז מ׳וועט קומען צום מעשה הכי גדול פון דעם אויבערשטן - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש, בעגלא דידן.

* * *

יג. מ׳האט גערעדט פריער (ס"א) אז דער כללות הענין פון "אהה בחדתנו" האט זיך אויפגעטאן אין "זמן מתן תורתנו", ווי דער אלטער רבי ברענגט אין שו"ע אז "כשיאמר ובנו בחרת יזכור מתן תורה".

וואס אע"פ אז נאך פאר דערויף איז שוין געווען דער ענין פון "בחר ביעקב ובניו", קומט דאס אבער ניט צו דער בחירה וואס איז געווען בזמן מ"ת, ווי גערעדט פריער באריכה.

און וויבאלד אז יעדער ענין שפיגלט זיך אפ אין תומ"צ - געפינט מען אויך אין תומ"צ דעם חילוק פון קודם מ"ת מיט לאחרי מ"ת.

יד. והביאור בזה:

מ׳געפינט דאך אז אויך קודם מ"ת איז געווען דער ענין פון לימוד התורה, ווי די גמרא זאגט אין יומא[55] ובכ"מ אז "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה כו׳", ועד"ז בנוגע צו יצחק און יעקב.

אבער דעמולט האט מען געקענט דערגרייכן מערניט וויפל א נברא קען דערגרייכן מצ"ע, ובלשון הקבלה[56] - ביז שורש הנאצלים, דער ענין פון אריך אנפין, וואס דאס איז נאך אלץ

- אן -

---

52) זח"ב סג, ב. פח, א. 53) ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (פ"י) ותש"ה (פ"א). 54) אבות פ"א מי"ז. 55) כח, ב. 56) ראה בכקומות שנסמנו בלקו"ש לך לך תשל"ת הע׳ 1.

אן ענין פון מדידה והגבלה, נאר אין "אנפין" גופא איז דאס אין אן אופן פון "אריך".

און במ"ת האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "וירד ה׳ על הר סיני", און "אל משה אמר עלה אל ה׳" - אז עס איז געגעבן געווארן די אפשריות (ובמילא האט זיך דאס אויפגעטאן בפועל) צוקומען צו א דרגא וואס איז העכער פון שורש הנאצלים, דער ענין פון עתיק, וואס דאס איז למעלה ממדידה והגבלה לגמרי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן דעם לימוד התורה קודם מ"ת מיטן לימוד התורה שלאחרי מ"ת:

אע"פ אז לכאו׳ קען מען זיך ניט גלייכן צו "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה" - איז דאס נאר ווי א איד שטייט מצ"ע, וואס מצ"ע איז ער שלא בערך צו מדריגת האבות,

ווארום "האבות הן הן המרכבה", ביז וואנעט אז זייערע מעשים זיינען געווען אין אן אופן של "מרכבה"[57], ובמכש"כ וק"ו פון מרכבת יחזקאל וואס זי איז ניט שייך צו יעדער אידן, און מדריגת האבות איז נאך העכער דערפון, ווארום זיי זיינען געווען "מרכבתא עילאה"[58];

אבער לאחרי מ"ת האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "כל הקורא ושונה הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[59], ביז אין אן אופן פון "אני המשנה המדברת בפיך"[60], וואס בגילוי איז דאס געווען ביים בית יוסף וכיו"ב, אבער באמת איז דאס אויך בא יעדער אידן -

דורך דערויף וואס "בדכו בתורה תחלה"[61], אז איידער עד לערנט תורה מאכט עד בדכת התורה, "ברוך אתה ה׳ נותן התורה", וואס דער פירוש פון "ברוך" איז מלשון המשכה[62], אז דער "נותן התורה" ווערט נמשך אין לימוד התורה שלו, ביז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה לגמרי.

סז. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק דער חילוק צווישן קודם מ"ת און לאחרי מ"ת, בנוגע צו דעם ענין פון קיום המצוות:

דער רמב"ם איז מבאר אין פיהמ"ש[63], אז דאס וואס מ׳איז איצטער מקיים מצות מילה, איז ניט דערפאר וואס דער

- אויבערשטער -

------------

57) ראה תניא פכ"ג (כח, ב). רפל"ד. 58) תו"א יתרו עא, ב. ועוד. 59) תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד. 60) מגיד מישרים ר"פ ויקרא. ובכ"מ. וראה תו"א שם סח, ג. 61) ב"כ פה, ריש ע"ב. נדרים פא, א. 62) לקו"ת ראה כט, א. ועוד. 63) חולין ספ"ז.

איבערשטער האט אנגעזאגט צו אברהם אבינו, נאר דערפאר וואס אזוי איז משה רבינו נצטווה געווארן בשעת מ"ת.

וואס אע"פ אז די גאנצע אריכות וועגן מצות מילה, דער ענין פון "ברית עולם", און די י"ג בריתות[65] וכו', איז מבואר אין דעם ציווי צו אברהם אבינו (נאר דערנאך זיינען דא פרטים נוספים וואס מ'לערנט אפ פון פ' תזריע וכיו"ב) - איז אבער דא א חילוק כללי צווישן קיום מצות מילה וואס איז געווען ביי אברהם אבינו, מיט קיום מצות מילה לאחרי מ"ת:

וויבאלד אז קודם מ"ת איז געווען די גזירה אז "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים", איז פארשטאנדיק, אז דער קיום פון מצות מילה קודם מ"ת, איז שלא בערך לגבי דעם קיום פון דער מצוה לאחרי ביטול הגזירה, וואס דעמולט איז דאס אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה לגמרי, אז די "תחתונים" ווערן "עליונים" ממש.

אין קיום מצות מילה ע"י אברהם אבינו איז טאקע דא א צד השוה מיט קיום המצוות שלאחרי מ"ת[66], וואס דערפאר געפינט מען בא מילה דעם ענין פון שבועה בנקיטת חפץ[67], משא"כ אין שאר המצוות וואס אברהם אבינו האט מקיים געווען, וואס בא זיי איז נים געווען דער ענין פון חפצא דקדושה,

[וואס "קיים אברהם אבינו את כל התורה כולה עד שלא ניתנה, שנאמר[68] וישמור משמרתי מצותי חקותי ותורתי"[69], ביז וואנעט אז ער האט מקיים געווען אפי' די מצוה פון "עירוב תבשילין"[70] (וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו קביעות שנה זו)],

עס קומט אבער נים צום אופן פון קיום מצוה זו ווי ס'איז לאחרי מ"ת, לאחרי ביטול הגזירה[71].

און ווי עס שטיים אין מדרש[72] אז "כל המצוות שעשו לפניך האבות ריחות היו, אבל אנו שמן תורק שמך".

טז. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק דער אויפטו פון מ"ת בנוגע לכל העולם כולו[65]:

קודם מ"ת האט מען נים געקענט משנה זיין און מעלה

- זיין -

---

64) נדרים לא, ב. ועוד. 65) ראה לקו"ש ח"א ע' 41. ח"ג ע' 757 ואילך. ח"ה ע' 79. ע' 88 ואילך. ועוד. 66) ראה פרש"י עה"פ חיי שרה כד, ב. 67) תולדות כו, ה. 68) יומא שם. קידושין פב, א. 69) יומא שם. 70) ראה לקו"ש ח"ה ע' 80 הע' 26. ע' 89 הע' 22-24. ועוד. 71) שהש"ר פ"א, ג. 72) ראה במקומות שנסמנו בהע' 65.

זיין גשמיות העולם, ביז אז אפי׳ בשעת קיום המצוה איז די גשמיות דערפון אויך ניט נשתנה געווארן;

משא"כ לאחרי מ"ת וואס דעמולט האט זיך אויפגעטאן אז די "חפצא" מיט וועלכע מ׳איז מקיים די מצוה זאל ווערן אן עניין של קדושה (כמבואר באדוכה אין די דרושים[73] אויפן פסוק[74] שמן הורק שמך), ביז וואנעט אז דורך דעדויף וואס א איד ווערט נתעלה (דורך קיום התומ"צ), איז ער מעלה את כל העולם כולו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער אויפטו פון מ"ת איז - שולל זיין דעם עניין פון מדידה והגבלה אין עניינים וואס מצ"ע זיינען זיי במדידה והגבלה:

כללות העניין פון קיום המצוות, איז פארבונדן מיט אן עניין פון מדידה והגבלה, ווארום יעדער מצוה איז פארבונדן מיט מדידה והגבלה און שיעורים וכו׳, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בספרו תניא קדישא[75],

און ווי מ׳זעט אויך בפשטות אז יעדער מצוה איז במדידה והגבלה, ע"ד מצות תפילין (וואס "הוקשה כל התורה כולה להפילין"[76]), וואס עס דארפן זיין ד׳ פרשיות דוקא (ניט ג׳ און ניט ה׳), און ס׳איז מוגבל אין דעם קלף און ציור האותיות וכו׳;

און דוקא אין דעם דבר המדוד והמוגבל, איז מען ממשיך אן עניין וואס איז למעלה ממדידה והגבלה - דער עניין פון "עליונים", ביז וואנעט אז דורך דערויף איז מען ממשיך דעם עניין שלמעלה ממדידה והגבלה אין כללות העולם כולו.

יז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז לאחרי מ"ת דארף זיין דער עניין פון לימוד התורה (און וויבאלד אז "הלמוד מביא לידי מעשה"[77] - אויך קיום המצוות) אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה,

ווארום מ"ה האט דאך אויפגעטאן אן עניין וואס איז שלא בערך אפי׳ לגבי דעם לימוד פון "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל דער עניין פון מ"ת דארף אויפטאן בא סתם א אידן, במכש"כ וק"ו פון דעם אויפטו לגבי "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען זיין אן עבודה אין אן אופן של א"ס און בל"ג ביי א נשמה וואס געפינט זיך למטה אין א גוף מוגבל?

- און -

---

73) ד"ה לריח שמניך תש"ו. ועוד. 74) שה"ש א, ג.
75) אגה"ק ס"י (קטו, א). 76) קידושין לה, א. 77) שם מ, ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און מ'זעט דאך אז אין פרשה ראשונה דק"ש מאנט מען אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן פון "בכל מאדך"[78], אן ענין פון בל"ג[79], וואס אויך דעמולט בלייבט ער א נשמה בגוף (און ער איז שייך צו פרשה שני' דק"ש) - איז ווי איז שייך אז ביי א נשמה בגוף זאל זיין אן עבודה אין אן אופן פון בל"ג?

איז דער ביאור בזה - אז מ'רעדט ניט וועגן דעם ענין פון כלות הנפש בפועל, נאר מערניט ווי בכח, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער איז משנה די רגילות שלו,

אז זיין לימוד התורה איז אין אן אופן פון "__עמלים__ בתורה"[80], ביז אז ער לערנט "מאה פעמים ואחד"[81], אע"פ אז זיין רגילות (וואס "הרגל נעשה טבע"[82]) איז לערנען יעדער זאך "מאה פעמים"[83].

ועד"ז בנוגע צו קיום המצוות, ובפרט מצות צדקה, אז אע"פ אז ס'איז דא די הגבלה פון חומש, אדער עכ"פ מעשר, גיט ער אבער מער דערפון, יותר מרגילותו, כמבואר אין אגה"ק[84] און אין אגה"ת[85] ווי אזוי ס'איז ניט קיין סתירה מיט "תקנת אושא"[86].

וואס בשעת אז דער לימוד התורה וקיום המצוות איז אין אן אופן וואס איז יותר מרגילותו, ווערט דאס אנגערופן "בכל מאדך - מאד שלך"[87], אז ביי אים איז דאס אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה.

עאכו"כ דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן אין דעם ענין פון מס"נ וכו', כמבואר בארוכה אין ספרי מוסר און אין ספרי חסידות.

יח. האמור לעיל (אז דער לימוד התורה און קיום המצוות דארף זיין למעלה ממדידה והגבלה) איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות, אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת צדקה יותר מכפי הרגיל.

ווארום וויבאלד אז מ"ת טוט אויף אן ענין וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, דארף זיין דער לימוד התורה אויך אין

- אזא -

------------

78) ואתחנן ו, ה. 79) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ה' (בכל לבבך, נפשך ומאדך) ס"ד. וש"נ. 80) תו"כ ופרש"י ר"פ בחוקותי. 81) חגיגה ט, ב. 82) ראה שבילי אמונה נ"ד ש"ב. תניא פמ"ג (סג, ב). ועוד. 83) תניא פט"ו. 84) שם (קטו, ב). 85) פ"ג (צג, א). 86) כתובות סז, סע"ב. 87) ראה בהנסמן בספר הערכים שם ע' תכט הע' 213-214.

אזא אופן - מיט א ריבוי לגבי זיין רגילות, און אין אן אופן פון "עמלים בתורה".

ועד"ז דארף אויך זיין א הוספה אין מצות הצדקה, יותר מכפי רגילותו - וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון מ"ת:

אויפן פסוק[88] "ויתן אל משה ככלתו גו׳" - וואס דאס גייט אויף דעם ענין ההורה וואס זי ווערט אנגערופן "כלה"[89] - ברענגט זיך אראפ אין מדרש[90] באריכה דער ענין פון "מתן אדם ירחיב לו"[91], וואס דער ענין פון "מתן אדם" בפשטות איז - דער ענין פון צדקה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מ"ת איז פארבונדן במיוחד מיט א הוספה אין מצות הצדקה - "מתן אדם ירחיב לו".

יט. און מ׳זעט בפועל אז בשעת מ׳וויל פועל׳ן אן ענין פון יציאה ממדידה והגבלה - איז דאס גרינגער צו פועל׳ן (ניט בא דעם וואס עבודתו איז אין דעם ענין פון שכל, נאר) בא דעם וואס עבודתו איז אין דעם ענין פון רגש, און נאכמער: בא דעם וואס עבודתו איז דער ענין פון קב"ע, ווי גערעדט פריער באריכה[92].

וואס בא יעדער אידן דארפן זיין די אלע אופני עבודה, ווארום עבודתו פון יעדער איד דארף זיין כלול פון אלע דרגות: ווען עס קומט דער זמן פון ר"ה, איז עיקר העבודה דער ענין פון מס"נ און קב"ע, ועד"ז בכל יום אין התחלת היום; און דערנאך איז דא די עבודה וואס איז במשך כל השנה כולה, וואס זי איז אן עבודה שבמדידה והגבלה.

[ועד"ז איז דא די עבודה וואס איז למטה ממדידה והגבלה - וואס אין הודאה גופא איז דא א הודאה שלמעלה ממדידה והגבלה, און א הודאה שלמטה ממדידה והגבלה, וואס דאס איז דער חילוק צווישן די הודאה שקודם ההתבוננות מיט דער הודאה שלאחרי ההתבוננות, וואס אין כאן המקום להאריך בזה].

און אזוי ווי בא יעדער אידן איז דא די חילוקי דרגות הנ"ל, איז עד"ז אויך אין כללות הקומה פון בנ"י - אז ס׳זיינען דא די חילוקי דרגות אין עבודה, צי די עבודה איז מצד קב"ע און מס"נ, אדער אז די עבודה איז פאדבונדן מיט דער מדידה והגבלה פון טעם ודעת כו׳.

- און -

------------

88) תשא לב, יח. 89) פרש"י עה"פ. ועוד. 90) שמו"ר פמ"א, ב. ועוד. 91)ממשלי יח, טז. 92) שיחת אור לערב חג השבועות.

און מ׳זעט בפועל אז ביי א קינד איז גרינגער פועל׳ן א תנועה שלמעלה ממדידה והגבלה מער ווי דאס איז ביי אן ערוואקסענעם - ווארום א קינד פארלאזט זיך מער אויף דעם וואס איז עלטער פון אים (צי דורך התבוננות אדער ניט דורך התבוננות), און ביי אים זיינען ניטא די מדידות והגבלות פון דעם שכל, וויבאלד אז זיין שכל איז נאך ניט בתוקף,

[וואורום אפי׳ אויב ער איז א קטן שהגיע לחינוך, ביז צו די דרגות הכי עליונות אין הגיע לחינוך - איז אבער זיין שכל נאך ניט בתוקף],

איז בשעת מ׳איז אים מסביר אז עס דארף זיין א התפעלות אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה, נעמט ער דאס אן מיט א תמימות, און ער טוט דאס בפועל אויך מיט א תמימות.

ובדוגמא ווי מ׳זעט אין ענינים בלתי רצויים, אז א קטן איז "מתכעס ומתקצף מרברים קטנים"[93] און ווערט גלייך ברוגז - איז דאך "מרובה מדה טובה כו׳"[94], אז ס׳איז גרינג פועל׳ן אויף אים ער זאל שטיין אין א תנועה פון התפעלות, אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

כ. דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע להמדובר לעיל וועגן דער הוספה אין לימוד התורה און נהינת הצדקה ביז י"ב סיון ועד בכלל (וואס ביז דעמולט ווערן נמשך ימי התשלומין פון חגה"ש), ועד"ז אויך לאח"ז, וואס במיוחד דארף דאס זיין בנוגע צו קינדער, וויבאלד אז זיי זיינען די "ערבים" אויף כללות הענין פון מ"ת[95] -

אז בא קינדער איז גרינגער צו פועל׳ן דעם ענין, און זיי טוען דאס מיט א תמימות, און דאס בלייבט בא זיי אויך א זמן ארוך יותר, ביז אין אן אופן אז ראס נעמט זיי דורך בכל הנהגתם, אז "כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ה׳"[96].

כא. און דורך דער הוספה אין לימוד התורה און נהינת הצדקה, ובמיוחד די הוספה דורך אידישע קינדער - וועט מען זוכה זיין גיין צוזאמען מיט די קינדער מקבל זיין פני משיח צדקנו וללמוד תורתו,

וואס תורתו של משיח וועט דאך זיין אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה לגבי די תורה וואס מ׳לערנט איצטער, ווי עס שטייט אין מדרש[97] אז "תורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח",

- ועד"ז -

---

93) תניא רפ"ו. וראה גם דרמ"צ קסא, סע"א ואילך. ד"ה אחרי מות תרמ"ט פ"ג. 94) סוטה יא, א. ועוד. 95) שהש"ר שם, ד. 96) ישעי׳ סא, ט. 97) קה"ר פי"ט, ח. וראה גם שם פ"ב, א.

ועד"ז בנוגע צו קיום מצות צדקה, אז דעמולט וועט דאס זיין באופן נעלה יותר, ווארום אע"פ אז עס וועט מקוים ווערן דער יעוד "אפס כי לא יהי׳ בך אביון"[98] - וועט אבער זיין דער ענין פון גבילות חסדים, וואס גמ"ח איז "בין לעניים בין לעשירים"[99].

און דער ענין פון נתינת הצדקה האט א שייכות מיוחדת צו חגה"ש - וויבאלד אז בא חגה"ש שטייט[100] "ועשית חג שבועות לה׳ אלקיך מסת נדבת ידך אשר תתן כאשר יברכך ה׳ אלקיך", ד.ה. אז לויט דער ברכה דלמעלה אזוי ווערט למטה דער "מסת נדבת ידך"[101], ביז אין אן אופן אז ס׳איז ניטא די הגבלה פון דעם לב, נאר דאס איז "נדבת ידך", דער יד אליין גיט מצ"ע, בדוגמא ווי די גמרא[102] זאגט אז "כרע מגרמי׳".

און דאס וועט ממשיך זיין די גאולה האמיתית והשלימה, וואס די איז אויך א גאולה וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, ווארום ס׳איז א חידוש אמיתית, א גאולה שאין אחרי׳ גלות[103],

וואס "כבר הי׳ לעולמים מעין זה בשעת מתן תורה"[104], אבער לע"ל וועט דאס זיין בגילוי ובשלימות ובקביעות, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

כב. צוה לנגן ואמר ד"ה ועשית חג שבועות לה׳ אלקיך גו׳.

* * *

כג. מ׳האט גערעדט כמ"פ בארוכה אז אין חגה"ש, "זמן מתן תורתנו". האט זיך אנגעהויבן דער חינוך פון אידן, ווארום "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[105], און גמר הגירות פון אידן איז געווען אין מ"ה[106] - קומט דאך אויס אז דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ענין החינוך.

וואס אע"פ אז די הכנה צו מ"ה האט זיך אנגעהויבן לפנ"ז, ווי געבראכט פריער (בהמאמר) דאס וואס ס׳איז מבואר אין זהר[107] אז גלייך נאך יצי"מ האט זיך אנגעהויבן די עבודה פון ספירת העומר,

און ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים,

- ווארום -

---

98) ראה טו, ד. 99) סוכה מט, ב. 100) ראה טז, י. 101) ראה פרש"י עה"פ. 102) ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ד. וראה גם תוד"ה עיון - שבת קיח, ב. 103) תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 104) תניא פל"ו (מו, א). 105) יבמות כב, א. וש"נ. 106) שם מו, א ואילך. כריתות ט, א. 107) ח"ג צז, סע"א ואילך.

ווארום מ׳איז ארויסגעגאנגען פון מצרים אין אן אופן אז "גם צידה לא עשו להם"[108], וואס אויף דערויף זאגט מען "זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולותיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה"[109],

ביז וואנעט אז קודם מ"ת איז מען שוין נצטווה געווארן במרה אויף דעם ענין פון שבת, מיט נאך כו"כ מצוות, ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[110] -

פונדעסטוועגן, דער עיקר ענין החינוך פון אידן, האט זיך אנגעהויבן ערשט לאחרי מ"ת, ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות.

ווארום בדוגמא ווי ס׳איז דא דער ענין החינוך וואס מ׳איז מחנך א צווייטן אידן, איז אויך דא דער חינוך וואס מ׳איז זיך מחנך, וואס דאס דארף זיין אין דעם זעלבן אופן וואס מ׳איז מחנך דעם צווייטן,

ד.ה. אז ער שאצט אפ זיינע הכונוה אָן קיין ענין של שוחד, ער איז ניט מגזים אין זיינע מעלות, און ער רעדט זיך ניט איין קיין מעלה שאין בו, אדער אז ער ווייסט שוין אלץ און ער דארף ניט אנקומען צו קיין ענין של חינוך (אדער א הוספה אין דעם חינוך) - נאר חינוך אמיתי איז, ווען ער איז זיך מחנך אן קיינע נגיעות, מערניט אז ער זאל זיין א מחונך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ע"ד ווי ער איז מחנך א צווייטן -

בשעה מ"ת זיינען געווען ששים ריבוא אידן וואס זיינען געווען "יוצאי צבא בישראל" (פון "בן עשרים שנה"), וואס בא זיי איז געווארן דער ענין פון "גר שנתגייר כקטן שנולד", ובמילא האט זיך בא זיי געדארפט אנהויבן דער ענין החינוך.

און ווי עס שטייט אין מדרש[111] אז ווען אידן זיינען אוועקגעגאנגען פון הר סיני, איז דאס געווען בדוגמת התינוק וואס איז בורח מבית הספר, כמדובר כמ"פ בארוכה.

כד. בנוגע צו כללות ענין החינוך - איז אע"פ אז א איד דארף זיך מחנך זיין בכל יום פון ימי חייו,

ווי די משנה[112] זאגט "איזהו חכם הלומד מכל אדם", לשון הוה, ניט אז ער האט אמאל געלערנט ("שלמד"), נאר אז איצטער איז ער "לומד מכל אדם", ד.ה. אז בכל יום ויום זאגט מען א אידן, אז כדי ער זאל זיין א "חכם", אזא וואס געהערט צום

- עס" -

108) בא יב, לט. וראה מכילתא ופרש"י עה"פ. 109) ירמי׳ ב, ב. 110) עה"פ בשלח טו, כה. 111) הוס׳ שבת קטז, רע"א. ירושלמי העניה פ"ד ה"ה. 112) אבות רפ"ד.

"עם חכם ונבון"[113], דארף ער שטיין אין א מעמד ומצב פון "לומד", לשון הוה, אז ער זאל זיך שטענדיק מחנך זיין, און "לומד מכל אדם", כתורת הבעש"ט הידועה[114] -

איז אבער דא דער ענין החינוך במובן המצומצם והפרטי - דער חינוך פון א קטן וקטנה וואס זיינען קודם בר-מצוה און בה-מצוה.

[בדוגמא ווי דאס איז אין אלע מצוות, אז אע"פ אז יעדער מצוה איז כולל אין זיך אלע מצוות[115], אעפ"כ איז אבער דא אן ענין מיוחד וואס שטיים בגלוי אין דער מצוה דוקא, און אין די אנדערע מצוות שטיים דאס בהעלם -

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין החינוך, אז נוסף אויפן ענין החינוך במובן הרחב (דער חינוך פון יעדער אידן בכל יום מימי חייו), איז דא דער ענין החינוך במובן פרטי יותר - דער חינוך פון קטנים וקטנים וקטנות כפשוטו, וואס אין דערויף איז נאכמער נוגע די הדגשה אויף דעם ענין החינוך].

און דאס איז וואס מ'האט גערעדט פריער בארוכה, וועגן דער השתדלות מיוחדת אין דעם ענין החינוך פון קטנים וקטנות וואס דער ענין פון מ"ת דארף פועל'ן - וויבאלד אז "בנינו ערבים אותנו"[116],

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז וויבאלד אז "בכל יום יהיו בעיניך חדשים"[117], דארף מען נאכאמאל האבן די "ערבות" פון "בנינו" - וואס פון "זמן מתן תורתנו" ווערט דאס נמשך על כל יום ויום[118].

כה. וויבאלד אז יעדער ענין דארף זיין פארבונדן מיט אן ענין של מעשה בפועל, א "מעשה רב"[119] (ביז וואנעט אז אפילו בנוגע צו לימוד התורה זאגט מען אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "ערוכה ברמ"ח אברים"[120]) -

זאלן די קטנים וואס געפינען זיך דא זאגן לחיים, וואס דאס איז אן ענין של עשי׳, צוזאמען מיט א ניגון של שמחה, און זיי זאלן טאנצן מיט אלע רמ"ח אברים, אין אן אופן פון "כל עצמותי תאמרנה"[121],

- וואס -

------------

113) ואתחנן ד, ו. 114) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות צ. 115) ראה המשך תרס"ו ע׳ סח ואילך. תקכב. ועוד. 116) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. 117) ראה לקו"ש חי"ג ע׳ 167 בהערה. 118) ראה שבת כא, א. ושנ"נ. 119) עירובין נד, רע"א. וראה תניא פל"ד (מז, א). 120) תהלים לה, י. וראה ירושלמי ברכות פ"ד ה"ג. תניא שם.

וואס דורך דערויף וועלן זיי דורכנעמען זייערע מדריכים און מחנכים, צוזאמען מיט די אלע וואס געהערן צום "עם חכם ונבון", סיי די וואס געפינען זיך דא, און סיי די וואס געפינען זיך בכל מקום שהם,

וואדום וויבאלד אז אידן זיינען "קומה אחת שלימה"[121], איז פארשטאנדיק, אז ווען איין חלק פון דער "קומה אחת" טאנצט בתוקף, טאנצן-מיט אויך אלע רמ"ח אברים, ביז וואנעט אז אפי׳ אויב ס׳איז דא אן אבר וואס שלאפט, וועקט מען אים אויף דורך דעם ריקוד.

וכן תהי׳ לנו - בנוגע צו דעם ריקוד פון די קטנים כפשוטו, צוזאמען דערמיט וואס ס׳וועט זיין דער ענין פון "להזהיר גדולים על הקטנים"[122], אז די גדולים זאלן זיי ארויס-העלפן מיטן זינגען און טאנצן, ביז אז זיי וועלן טאנצן על דעת עצמם.

כו. ויה"ר אז פון דעם טאנצן זאל מען טאנצן לקבל פני משיח צדקנו,

דורך דער הדגשה אויף דעם ענין פון "מבצע חינוך", וואס דאס וועט אויך ברענגען צו אלע אנדערע מבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳",

און "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", ובפרט אז מ׳קומט פון דעם שבת ויו"ט פון חגה"ש, וואס דעמולט האט מען אויך געמאכט די ברכה פון "שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה",

און "מבצע כשרות האכו"ש", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט חגה"ש, ווי דערמאנט פריער (ס"י) אז איינער פון די טעמים אויף דעם וואס מ׳עסט מאכלי חלב בחגה"ש איז פארבונדן מיט דעם ענין פון כשרות האכילה ושתי׳,

און "מבצע טהרת המשפחה", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט חגה"ש, וואדום דעמולט איז געווען דער ענין הטבילה פון אלע אידן צוליב דעם ענין פון גירות (ווי מ׳לערנט דאס אפ דערפון וואס "אין הזאה בלא טבילה"[123]).

כן תהי׳ לנו - אז בקרוב ממש זאל מען טאנצן אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, בעגלא דידן.

כ"ק אדמו"ר שליט"א עמד מלא קומתו ורקד משך זמן.

* * *

- כז. -

---

121) לקו"ת ר"פ נצבים. ובכ"מ. 122) יבמות קיד, סע"א. הו"כ ופרש"י ר"פ אמור. 123) יבמות מו, ב. כריתות שם.

כז. עס ווערט דערציילט אין מדרש[124] אז בשעה ס׳איז געווען א קס"ד אז ס׳זאל זיין א דבר בלתי רצוי אויף אידן, ביז צו אן ענין של גזידה -

איז בשעת מ׳האט געטראפן אין גאס א אידיש קינד, און מ׳האט אים געזאגט "פסוק לי פסוקיך", האט ער געזאגט "אל תירא מפחד פתאום ומשואת רשעים כי תבוא"[125], און דער צווייטער האט געזאגט "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[126], און דער דריטער האט געזאגט "ועד זקנה אני הוא גו׳ ואני אסבול ואמלט"[127],

וואס דעמולט האט מען געוואוסט אז ס׳וועט זיין אזוי ווי אידן ווילן - ווי ס׳איז טאקע געווען בפועל דער "עוצו עצה <u>והופר</u>", דערפאר וואס "עמנו א-ל".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה וואס קומט דערפון ארויס - אז מ׳דארף מחנך זיין א אידיש קינד אין אן אופן אז ער זאל האבן מן המוכן ענינים פון תורה בעל-פה, אזוי אז אפי׳ ווען א ניט-איד טרעפט אים אין גאס, און פרעגט ביי אים צי ער ווייסט אן ענין פון תורה - זאל ער אים גלייך קענען זאגן אן ענין פון תורה.

און ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[128] וועגן גודל המעלה פון תינוקות של בית רבן, אז די גמרא[129] זאגט אז זיי ווערן אנגערופן בשם "משיחי".

כח. און ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז די אלע החלטות וואס אידן נעמען אן אויף זיך בנוגע צו דער התעסקות אין דעם ענין החינוך - איז דער עיקר דערויף אז ס׳זאל אראפקומען בפועל ממש, און דער מחונך זאל באקומען דעם חינוך המתאים.

ווארום כל זמן אז עס קומט נאך ניט אראפ אין מעשה בפועל, קען ער האבן די כוונה הכי טובה, און כלפי שמיא גליא אז ער האט א כוונה טובה, ובמילא וועט ער באקומען שכר אויף דערויף - אבער כדי אז דער מחונך זאל עפעס האבן דערפון, דארף מען האבן "טאפארו דאפלאחא" - מעשה בפועל.

נאכמער: אפי׳ אויב ביי אים איז ניט געווען קיין החלטה טובה צו טאן אין דעם ענין החינוך, אבער א צווייטער איז אים מכריח (בדברים, אדער באיזה אופן שיהי׳) ער זאל טאן אין דעם ענין החינוך על טהרה הקודש - איז נוגע בעיקר דער מעשה בפועל.

- ובדוגמא -

------------

124) אסת"ד פ"ז, יג. 125) משלי ג, כה. 126) ישעי׳ ח, י. 127) שם מו, ד. 128) שיחת מוצאי ש"פ במדבר, מבה"ח ועד"ח סיון ס"ל ואילך. 129) שבת קיט, ב.

ובדוגמא ווי דאס איז אין מצות הצדקה, אז וויבאלד ס׳איז געווען דער החיית את נפש העני[130] בפועל, איז קיין נפק"מ ניט וואס איז געווען זיין כוונה; וויבאלד אז דער עני האט באקומען די צדקה בפועל ממש, האט ער מקיים געווען מצות הצדקה, און ער באקומט דעם שכר אויף דערויף[131].

ועד"ז בנדו"ד - אז ס׳איז נוגע בעיקר דער מעשה בפועל, אז ער זאל פועל׳ן אויף א צווייטן (וואס האט ניט פארשטאנען די נחיצות און גודל ענין החינוך) ער זאל האבן דעם ענין החינוך כדבעי,

דורך דערויף וואס ער נעמט א מלמד וואס איז א ירא שמים און א שומר תומ"צ, און דער מלמד לערנט מיט די קינדער אזוינע ספרי חינוך וואס זיינען על טהרת הקודש, און אין אן אופן אז אינגעלעך זיינען באזונדער און מיידעלעך זיינען באזונדער, אן קיינע חשבונות פון "מה יאמרו הבריות" וכיו"ב.

און דער חינוך ווערט א פעולה נמשכת - ווארום דער מלמד איז אים מסביר, אז דער תכלית איז ניט נאר דער לימוד אליין, נאר דער לימוד דארף זיין אין אן אופן אז "מביא לידי מעשה", אין זיין הנהגה בחיי יום-יום.

כט. וכאמור לעיל אז דער חינוך דארף זיין אין אן אופן אז אפי׳ ווען ער גייט אין גאס, האט ער בא זיך מן המוכן ענינים פון תורה,

ביז וואנעט אז אפי׳ ווען ער טרעפט אן אינו-יהודי, ביז צו אזא ווי המן הרשע, וואס ער ווייסט אז אחשורוש האט אים ממנה געווען "על כל השרים אשר אתו"[132], מיט אלע ענינים וואס זיינען געווען בא המן - כוז המן א פרעג-טאן וואס האבן די קינדער געזאגט, ער האט קיין ברירה ניט,

און דעמולט ווערט נתגלה דער אמת - אז "אל תירא מפחד פתאום גו׳", ווארום עס האט ניט קיין ממשות, און "עוצו עצה והופר", ד.ה. אז אפי׳ אויב מ׳האט געמאכט אלע-ערליי "קאמיטעטן" מיט אלע-ערליי עצות וואס זיינען היפך הענין פון "כי עמנו א-ל" - איז א דבר ברור אז "עוצו עצה ותופר",

א הפרה אין אן אופן פון "עקירת הנדר מעיקרו"[133], בדוגמת ההרה החכם וואס ער איז "עוקר את הנדר מעיקרו"[134],

- וויבאלד -

------------

130) תנחומא משפטים טו. 131) ראה ספרי עה"פ תצא כד, יט. לקו"ש הצא תשל"ז ס"ז ובהערות שם. 132) אסתר ג, א. 133) רמב"ם הל׳ נדרים פי"ג ה"ב. שו"ע יו"ד סרל"ד סל"ז. וראה השמטה לשיחת י"ב אדר ש.ז. - נדפסה בסוף לקו"ש ויקרא ש.ז. 134) כתובות עד, ב.

וויבאלד אז ס׳זיינען דא אידישע קינדער וואס ווייסן פסוקים פון דער תורה, און זיי רעכענען זיך ניט מיט די חשבונות פון "מה יאמרו הבריות",

און וואס זיי קען מען ניט משחד זיין אז מ׳וועט זיי געבן א פאר לירות פאר חינוך הכשר, און דערפאר זאל מען מוותר זיין (ניט אום שבת ויו"ט גערעדט, און ניט פאר קיין אידן געדאכט) אויפן חינוך פון אנדערע אידישע קינדער.

ביז צו "וועד זקנה אני הוא גו׳ אני אסבול ואמלט" - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ס׳שטייט אין מדרש[135] "כשנגלה הקב"ה על ים סוף . . נראה להם כו׳ כבחור כו׳ וכשנגלה הקב"ה על הר סיני . . נראה לכם כו׳ כזקן".

און נאך פאר דערויף זאגט מען גלייך "עוצו עצה ותופר", און כ׳דארף ניט אנקומען צו די טעמים אז מ׳האט אן ארמיי, מ׳האט שרים און דיפלאמאטן וכו׳, נאר דער טעם אויף דערויף איז - "כי עמנו א-ל".

ל. און דער חינוך דארף זיין אין אן אופן אז מ׳זאל מחנך זיין אלע אידישע קינדער, און ניט אז מ׳זאל פארקויפן אידישע קינדער צוליב א פאר לירות וואס מ׳וועט באקומען פאר דעם חינוך פון אנדערע קינדער,

ווארום ס׳איז דא א פס"ד אין שו"ע[136] אז "אין דוחין נפש מפני נפש", ועאכו"כ ווען ס׳איז ניטא דער גאנצער חשבון, וויבאלד אז מ׳וואלט געקענט מציל זיין אידישע קינדער כמ"פ ככה, וואס אפי׳ נפש אחת מישראל איז אויך אן "עולם מלא"[137], און געבן זיי א חינוך הכשר אין אן אופן אז ס׳זאל זיין בר-קיימא, אזוי אז זיי זאלן זיין געזונטע קינדער בגשמיות וברוחניות.

ויה"ר אז ס׳זאל זיין "יערה עליו רוח ממרום"[138], און מכאן ולהבא זאל ער זיך ניט מישן אין דעם ענין פון חינוך, ובמילא וועט ער ניט מקלקל זיין, וואס דעמולט איז "יצא שכרו בהפסדו"[139].

און סוכ"ס וועט ער זיכער חשובה טאן - מ׳דארף אבער האבן אז ס׳זאל זיין בגלוי, וויבאלד אז ער דארף באווארענען די אלע וואס הולכים בעקבותיו - מצד דערויף וואס ער איז געווארן אין אן אופן פון "כל המיצר לישראל נעשה ראש"[140],

- און -

------------

135) פס"ר פכ"א (פ׳ עשה"ד) פיסקא ו. 136) חו"מ סתכ"ה ס"ב. 137) סנהדרין לז, א במשנה. 138) ע"פ ל׳ הכתוב - ישעי׳ לב, טו. 139) ל׳ המשנה - אבות פ"ה מי"א-יב. 140) גיטין נו, סע"ב.

און ער איז געווארן דער מחלק פון די כספים וכו׳, וואס איך כאן המקום להאריך בזה - דארף מען האבן אז ער זאל תשובה טאן און באווארענען די אלע וואס הולכים בעקבותיו, אז זיי זאלן זיך ניט פירן באופן כזה.

וכמדובר כמ"פ אז איך דערמאן מלכתחלה ניט קיין נעמען, און איך בין מוחל די טובות וואס מ׳טוט מיר דערמיט וואס מ׳זאגט פירושים אין מיינע ווערטער, ווען איך האב געמיינט וכו׳ - רעם ווען מ׳מיינט ווייסט דערפון, און דאס איז גענוג, און צו אנדערע איז דאס ניט נוגע.

לא. ויה"ר אז מ׳זאל זעהן בעיני בשר ווי עס ווערט מקוים בא יעדערן דער "אל תירא מפחד פתאום גו׳", וואס דער ענין פון "אל תירא גו׳" איז ס׳י א ציווי, און ס׳י א הבטחה אז עס וועט זיין "אל תירא".

און עס וועט מקוים ווערן דער "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום", דערפאר וואס "כי עמנו א-ל", ע"ד ווי ס׳איז געווען דעמולט דער ענין פון "ונהפוך הוא"[141].

און וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין "זמן מתן תורתנו", וואס דעמולט איז "נראה להם כו׳ כזקן" - נעמט מען דערפון דעם כח אז ס׳זאל זיין "ועד זקנה אני הוא גו׳ אני אסבול ואמלט" - אז דער אויבערשטער נעמט אויף זיך אלע ענינים, און ער נעמט ארויס אלע אידן פון דעם גלות.

און עס ווערט דער "ונהפוך הוא", וויבאלד אז "נפל פחד היהודים עליהם"[142], ביז אז "מנשאים את היהודים כי נפל פחד מרדכי עליהם"[143], וואס "מרדכי שקול בדורו כמשה רבינו"[144], און ער איז געווען פון די ראשי הסנהדרין[145],

ביז אז מרדכי ווערט "משנה למלך אחשורוש"[146], "הקב"ה שאהריה וראשית שלו"[147] - ווערט ער א "משנה למלך", און ווערט א בעה"ב אויף דער וועלט,

כולל אויך דעם ענין כפשוטו - אז אחשורוש איז ממנה א אידן וואס איז שוכר תומ"צ (בדוגמת מרדכי) אויף "בית המן"[148], און עס ווערט דער "ונהפוך הוא גו׳".

און ס׳זאל זיין "אורה ושמחה וששון ויקר"[149], ס׳י כפירוש חז"ל[150] "אורה זו תורה שמחה זה יו"ט ששון זו מילה

- ויקר -

------------

141) אסתר ט, א. 142) שם ח, יז. 143) שם ט, ג.
144) ראה אסת"ר פ"ו, ב. 145) ראה מגילה טז, ב.
146) אסתר י, ג. 147) מאו"א מע׳ א׳ אות קפב. 148) אסתר ח, א-ב. 149) שם, טז. 150) מגילה שם.

ויקר אלו תפילין", און סיי "אורה ושמחה וששון ויקר" כפשוטו, למטה מעשרה טפחים, זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[151],

און "מסמך גאולה לגאולה"[152] - צו דער גאולה פון "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[153].

און מ'וועט ארויסגיין פון גלות צוזאמען מיט אלע "תינוקות" וואס אפי' ווען זיי גייען אין גאס האבן זיי מן המוכן עניינים פון תורה, און זיי קענען זאגן "פסוק לי פסוקיך", און זיי האבן ניט מורא פון קיין שר וכו', וויסנדיק אז "עמנו א-ל",

און גיין מיט די "צבאות ה'", "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[154], מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

לב. וויבאלד אז עס דארף זיין "מדה טובה מרובה" פון דער מדה הפכית[155] -

איז אזוי ווי מ'זעט אז עס ווערט דער היפך פון "מצוה גוררה מצוה"[156], אז דער וואס האט פארקויפט דעם חינוך פון 80% פון אידישע קינדער צוליב דעם חינוך פון 20% פון אידישע קינדער - איז ער נתדרדר געווארן און שלעפט אריין אידן אין א מעמד ומצב פון פקו"נ, אז ס'זאל זיין "הארץ נוחה ליכבש לפניהם"[157] היל"ת.

ער איז מסלף די עובדות, און דערציילט דעם מצב באופן הפכי פון דעם אמת, וויסנדיק אז דורך דערויף איז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" היל"ת, און עס קען דערפון ארויסקומען אן עניין פון פקו"נ היל"ת, און "לא תקום פעמיים צרה"[158] - אזוי ווי ס'איז בעווען אין דער מלחמה וואס ווערט אנגערופן "מלחמת יום הכפורים" (דערפאר וואס זי האט זיך דעמולט אנגעהויבן).

און ער איז מפתה און מסית אנדערע - דערפאר וואס ער איז משוחד פון די געלט וואס ער באקומט, און וויל נושא חן זיין בא די וואס גיבן אים די געלט -

איז פארשטאנדיק אז די עצה אויף דערויף איז - אז מ'זאל מוסיף זיין אין צד הקדושה כמ"פ ככה.

- און -

---

151) שם יד, א. 152) שם ו, סע"ב ובפרש"י שם ד"ה גאולה.
153) מיכה ז, טו. 154) בא י, ט. 155) סוטה יא, א. ועוד.
156) אבות פ"ד מ"ב. 157) ל' שו"ע אדה"ז או"ח סכ"ט ס"ו.
158) נחום א, ט.

און ניט נתפעל ווערן פון אלע מלעיגים (צי ס'איז דא א מספר מועט פון מלעיגים, אדער א מספר מרובה פון מלעיגים), ווארום ס'איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע[159] אז "אל יתבייש מפני בני אדם המלעיגים".

און ווען מ'זעט א אידן וואס איז משוחד וכו' - זאגט מען אים שטילערהייד: זעה וואס פאר א רחמנות איז אויף דיר, און אין וואס פאר א "שאול תחתית" דו געפינסט זיך, אז דו שלעפסט אריין אידן אין אן ענין פון פקו"נ ממש,

וואס דאס איז איינע פון די דריי ענינים אויף וועלכע מ'דארף זיך מוסר נפש זיין, וואס די אלע דריי ענינים זיינען דאך פארבונדן זב"ז, ואין כאן המקום להאריך בזה.

וכאמור לעיל אז מ'דארף מוסיף זיין אין עניני קדושה, ניט קוקנדיק אויף די אלע ענינים האמורים.

און דאס וועט מבטל זיין דעם "עוצו עצה" און "דברו דבר" - דאס וואס מ'האט מחליט געווען על יסוד דעם וואס פלוני בן פלוני האט דערציילט היפך האמת (זייענדיק א משוחד) און מ'האט מקבל געווען דבריו.

וכאמור אז מ'זאל מוסיף זיין אין דעם "ילכו מחיל אל חיל"[160], אין אן אופן פון "מצוה גוררת מצוה", און בדרכי נועם ובדרכי שלום וועט דאס ברענגען אז ס'וועט זיין "עוצו עצה והופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל".

לג. בנוגע לענינינו:

ס'איז דאך איינגעפירט אז גלייך נאך "זמן מתן תורתנו" זאל מען מאכן א "כינוס תורה".

וואס דער "כינוס תורה" קומט פאר נאך דערויף וואס מ'האט שוין געמאכט הבדלה, מיט א ברכה וכו', מיט אלע לשונות וואס מ'זאגט אין הבדלה, וואס דעמולט הויבט זיך שוין אן די הנהגה באופן אחר, ניט ווי די הנהגה פון שבת ויו"ט -

קלייבט מען זיך אבער צוזאמען, אויף צו באווייזן אז גלייך נאך "זמן מתן תורתנו" איז מען ממשיך ביתר שאת וביתר עוז אין דעם ענין פון לימוד התורה, און אין אן אופן פון לימוד התורה דרבים, וואס "זכות הרבים מסייעתם", און אין אן אופן פון "כינוסן של צדיקים" וואס "הנאה להם והנאה לעולם"[161].

- וואס -

---

159) או"ח בהתחלתו. 160) תהלים פה, ה. 161) סנהדרין עא. ב במשנה. במדב"ר פט"ו, יח.

וואס בקביעות שנה זו אז דער צווייטער טאג פון חגה"ש איז ביום השבת, גלייכט זיך אויס חו"ל מיט אה"ק אין דעם אז גלייך נאך מ"ת איז מען ממשיך אין לימוד התורה ביתר שאת וביתר עז, וויבאלד אז "אסרו חג" איז געווען ביום השבת -

דארטן איז דאס אבער ניט קיין חידוש, ווארום מ׳לערנט אפ[162] פון "ויקהל משה", אז משה רבינו האט מקהיל געווען קהילות בשבת, אויף צו לערנען תורה מיט אידן;

דער חידוש איז אבער, אז נאך "זמן מתן תורתנו", ווען מ׳גייט שוין אריבער אין ימי החול, קלייבט מען זיך צוזאמען נאכאמאל, און מ׳איז מוסיף אין לימוד התורה ביתר שאת וביתר עוז.

און פון תורה ווערט דאס דערנאך נמשך אין וועלט, וויבאלד אז כל עניני התורה זיינען ענינים של חסד, און כללות התורה איז "ניתנה לעשות שלום בעולם"[163], ועאכו"כ אז מצ"ע איז ענינה דער ענין פון "שלום",

וואס דאס איז פארבונדן מיטן קו האמצעי (דער ענין פון רחמים), וואס איז העכער פון דעם ענין החסד, ווארום דאס איז אין אן אופן פון בלי גבול, כמבואר בארוכה אין דרושי חסידות[164],

וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון סעודה שלישית, וואס זי איז אין דעם זמן פון "רעוא דרעוין", און ענינה איז "נחלה בלי מצרים"[165].

לד. און מ׳איז דאך רגיל בכל שנה, אז אלס א השתתפות אין דעם "כינוס תורה", זאגט מען אן ענין אין נגלה, עכ"פ בקיצור,

ויה"ר אז פון דעם קיצור, זאל מען קומען צו אן אריכות אין לימוד התורה, צוזאמען מיט כל עניני התורה, ביז צו דעם ענין פון "בכל דרכיך דעהו"[166], און עכ"פ[167] דער ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[168] - אויך אין עניני הרשות.

און מ׳זאל זעהן בגילוי דעם אמת - אז תורה איז דער בעה"ב אויף וועלט, אפי׳ אז מ׳געפינט זיך אין זמן הגלות, ועאכו"כ ווען מ׳ווערט שוין קרוב צום גילוי אור המשיח -

דורך דעם גילוי אור און הפצת המעיינות פון דעם בעש"ט

- וואס -

------------

162) יל"ש ר"פ ויקהל. שו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ב.
163) רמב"ם סוף הל׳ חנוכה. 164) ראה לקו"ת תזריע כג, ג. ובכ"מ. 165) ראה שבת קיח, סע"א. 166) משלי ג, ו.
167) ראה לקו"ש ח"ג ע׳ 907. ועוד. 168) אבות פ"ב מי"ב.

וואס זיין הילולא איז ביום א' דחגה"ש, און דערנאך דורך דער הפצה פון תורת חסידות חב"ד, וואס די ברענגט די מעיינות פון תורת הבעש"ט אין אן אופן פון "יתפרנסון"[169],

און דורך עבודת התפלה - וואס דאס איז ענינו פון דוד המלך, "נעים זמירות ישראל"[170] - קומט דאס אויך אראפ אין נגלה דתורה,

וואס דאס איז כללות ענינו פון משה רבינו, ווי ס'שטייט[171] "זכרו תורת משה עבדי", וואס בפשטות גייט דאס אויף נגלה דתורה,

און דאס איז אויך כולל פנימיות התורה, ווארום מ"ת איז דאך געווען מערנים ווי איין מאל[172], און דעמולט איז געגעבן געווארן כל התורה כולה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה,

ואדרבה: בשעת מ"ת זיינען געגעבן געווארן די ענינים פון פנימיות התורה (ניט אין אן אופן של לימוד, נאר) אין אן אופן פון ראי', ווארום דעמולט איז געווען דער ענין פון "ויחזו את האלקים"[173], וויבאלד אז ס'איז געווען דער "וירד ה' על הר סיני" צוזאמען מיט דער גאנצער "מרכבה", כמבואר אין מדרשים[174] - וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער הפטרה פון חגה"ש, וואס די איז אין "מעשה מרכבה" פון מרכבת יחזקאל.

און דאס טוט אויף אז בקרוב ממש זאל זיין דער ענין פון "לא יכנף עוד מוריך"[175], וואס דאס איז נאך העכער פון גילוי המרכבה, ווארום ס'איז בדוגמת האדם העליון שעל הכסא (אויף דער מרכבה),

וואס יעדער איד ווערט אנגערופן בשם "אדם"[176], "על שם אדמה לעליון"[177], און אזוי ווערט ער אנגערופן זייענדיק א נשמה בגוף.

און עס וועט מקוים ווערן די נבואת הגאולה[178] "ונבאו בניכם ובנותיכם", ווארום ס'וועט זיין "אשפוך רוחי על כל בשר", בקרוב ממש ובעגלא דידן.

- לה. -

---

169) ל' התקו"ז ת"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ד ע' 206 ובהערות שם. 170) ראה לקו"ש חגה"ש תשל"ח סי"א.
171) מלאכי ג, כב. וראה שמו"ר פ"ל, ד. ועוד. 172) הכשך תרס"ו ע' כג. תקמו. ר"ה ויאמר משה תש"ס פ"ו. ועוד.
173) משפטים כד, יא. 174) ראה תנהומא תולדות ב. שמו"ר פכ"ט, ב. ועוד. 175) ישעי' ל, כ. וראה הניא פל"ו (מו, א).
176) יבמות סא, רע"א. 177) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.
178) יואל ג, א.

לה. עס איז דא אן ענין אין נגלה וואס איז פארבונדן דערמיט וואס די גמרא זאגט "דכו"ע בשבת ניתנה תורה לישראל" - וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו קביעות שנה זו אז שבעה בסיון (דער צווייטער טאג פון חגה"ש, וואס ער איז אויך "זמן מתן תורתנו") איז חל ביום השבת.

וואס אין דערויף איז דא א שאלה כללית:

במ"ת זיינען אידן געווארן גרים, און אן אופן אז "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי", איז ניט פארשטאנדיק: ווי האבן זיך אידן געקענט מגייר זיין בשבת (דורך דערויף וואס "דכו"ע __בשבת__ ניתנה תורה לישראל"), דער דין[179] איז דאך אז מען איז ניט מגייר בשבת, און עס קען דאך ניט זיין אז זייער גירות איז געווען אין אן אופן וואס איז היפך הדין?!

לכאורה וואלט מען דאס געקענט מבאר זיין בפשטות:

די גמרא[180] לערנט אפ אז אין דעם גיור פון אידן בשעת מ"ת איז געווען דער ענין פון טבילה, דערפון וואס ס׳שטייט[181] "ויקח משה את הדם ויזרוק על העם", און "גמירי דאין הזאה בלא טבילה", און דעמולט איז אויך געווען אמירה "נעשה ונשמע"[182], וואס דאס איז דער ענין פון קבלת מצוות - און דער ענין פון מילה איז שוין געווען אין מצרים[183].

און רש"י[184] זאגט דאך אז דער גאנצער ענין פון "וישכם בבוקר ויבן מזבח גו׳ ויעלו עולות גו׳ נעשה ונשמע גו׳ ויקח משה את הדם ויזרוק על העם"[185], איז געווען "__בחמשה__ בסיון" - קומט דאך אויס אז דער גיור האט זיך אויפגעטאן __בערב__ שבת (ווארום ששה בסיון איז געווען בשבת, און חמשה בסיון איז געווען בערב שבת).

לו. עפ"ז איז אבער ניט גלאטיק:

א) פון פשטות סוגית הגמרא איז משמע אז דער ענין פון טבילה און הזאה און קבלת מצוות איז נשלם געווארן בששה בסיון, צוזאמען מיט דעם ענין פון מ"ת, און ניט אז דאס איז געווען בחמשה בסיון.

ב) לדעת רש"י איז דאס טאקע געווען בחמשה בסיון, עס

- איז -

------------

179) שו"ע יו"ד סרס"ח ס"ד. רמב"ם הל׳ איסו"ב פי"ג ה"ו.
180) יבמות מו, ב. כריתות ט, א. 181) משפטים שם, ח.
182) שם, ז. 183) רמב"ם שם ה"ב. 184) עה"פ שם, ד.
185) שם, ד-ח.

איז דאך אבער דא די דעה פון ר׳ יוסי[186] אז "בו ביום נעשו כל המעשים", ד.ה. אז די הזאה און טבילה וכו׳ איז געווען בששה בסיון.

[עס איז דא די דעה פון ראב"ע און דער רמב"ן[187] אז דער גאנצער ענין פון "וישכם בבוקר ויבן מזבח גו׳ ויזרוק על העם" איז געווען בשבעה בסיון -

דאס האט אבער נים קיין שייכות צו דער שקו"ט, ווייל דעמולט קומט אוים אז דאס איז געווען לאחרי מ"ת].

וואס לוים דער דעה אז דאס איז געווען בששה בסיון, איז נים פארשטאנדיק: ווי אזוי האט געקענט זיין די טבילה און הזאה וכו׳ ביום השבת - דער דין איז דאך אז מ׳איז נים מגייר בשבת?

אין פשש"כ מוז רש"י זאגן אז דאס איז געווען בחמשה בסיון, און נים בששה בסיון, ווארום אויב מ׳וועט זאגן אז דאס איז געווען בששה בסיון, ווערט גלייך קושית המפרשים (וואס דאס איז אויך א קושיא בפשטות): ווי באלד אז דאס איז געווען בשבת. איז ווי האט געקענט זיין דער ענין פון "ויבן מזבח גו׳ ויעלו עולות ויזבחו זבחים"? - און דערפאר מוז רש"י לערנען אין פשוטו של מקרא, אז דאס איז געווען בחמשה בסיון.

מ׳דארף דאס אבער אויך פארענטפערן לוים דער דעה אז דאס איז געווען בששה בסיון.

לז. איז דער ביאור בזה:

איידער ס׳איז געזאגט געווארן דער ציווי פון "זכור את יום השבת לקדשו"[188] אין די עשה"ד, זיינען שוין אידן נצטווה געווארן אויף דעם ענין פון שבת, ווי געבראכט פריער (ס"א) דאס וואס רש"י טייטשט אפ אויף "שמור את יום השבת כאשר צוך ה׳ אלקיך", "קודם מ"ת במרה".

ד.ה. אז נאך איידער ס׳איז געווען דער ציווי פון שבת אין עשה"ד, נאר גלייך בתחלת היום, איז שוין ביי אידן געווען דער ענין פון שבת.

עס איז דאך אבער דא א חילוק צווישן דעם ציווי פון שבת וואס איז געגעבן געווארן במרה מיטן ציווי פון שבת וואס איז געגעבן געווארן אין עשה"ד -

- וואס -

------------

186) מכילתא עה"פ יתרו יט. י-יא - ע"פ הלקח טוב עה"פ שם. י (ראה תו"ש מילואים לכרך יט אות כ"ז (ע׳ שיג)). 187) עה"פ משפטים שם, א. 188) יתרו כ, ח.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

וואס דער כללות החילוק איז - אז דער ציווי וואס איז געגעבן געווארן במרה איז געווען פארבונדן מיטן "מן", וואס אויף דערויף איז געווען דער ציווי "את אשר תאפו אפו ואת אשר תבשלו בשלו גו׳"[189], און "אל יצא איש ממקומו ביום השביעי"[190], כמרנים ווי דער איסור פון אפי׳ ובישול און הוצאה ממקום למקום וכיו"ב: משא"כ די אלע אנדערע פרטי דינים פון שבת, וואס זיי זיינען נתחדש געווארן אין עשה"ד, אדער אז מ׳לערנט זיי פון די פסוקים אין פ׳ כי תשא וכיו"ב, וואס דאס איז אלץ געווען לאחרי מ"ת.

ועפ"ז י"ל בנדו"ד אז אין דעם טאג פון מ"ת, איידער ס׳איז געווען נתינת התורה, האט געמעגט זיין דער ענין הגיור:

אויף דערויף וואס עס טאר ניט זיין קיין טבילה לשם גירות בשבת, זיינען דא צוויי טעמים: א) "תיקוני גברא בשבת לא מתקנינן"[191], ב) "גר צריך ג׳ משפט כתיב בי׳"[192], און אין דנין בשבת[193].

קען מען זאגן אז די פרטי דינים פון שבת (אז "תיקוני גברא בשבת לא מתקנינן", און "אין דנין בשבת") זיינען נתחדש געווארן ערשט אין מ"ת, משא"כ איידער ס׳איז געווען דער ענין פון מ"ת, וואס דעמולט האט מען געמעגט טאן די אלע ענינים.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק ווי אזוי עס האט געקענט זיין בשעה בפיון (יום השבת) דער ענין פון "ויבן מזבח גו׳ ויעלו עולות", און אמירת "נעשה ונשמע", וואס דאס איז דער ענין פון קבלת מצוות, און "ויקח משה את הדם ויזרוק על העם", צוזאמען מיט דעם ענין הטבילה, וואס "אין הזאה בלא טבילה".

לה. דער ביאור איז אבער נאך אלץ ניט מספיק, ווארום ס׳איז ניט מתחבר צו זאגן אז אין דעם זעלבן יום השבת האט מען געטאן אזוינע ענינים אויף וועלכע מ׳איז דערנאך (אין דעם זעלבן טאג) נצטווה געווארן אז מ׳טאר זיי ניט טאן.

וואס אע"פ אז כל זמן וואס מ׳איז ניט מצווה אויף דערויף, פועל׳ט דאס ניט קיין פגם למעלה - און קודם מ"ת איז געווען די גזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים", האט דאס ניט פוגם געווען, דערפאר וואס די "עליונים" זיינען געבליבן במקומם, ובמילא האט מען דעמולט געמעגט טאן בשבת די אלע ענינים,

- בדוגמת -

------------

189) בשלח טז, כג. 190) שם, כט ובפרש"י. 191) יבמות שם, ובהוד"ה תיקוני שם. כ"ז יו"ד שם סקי"א. 192) יבמות שם. שו"ע ורמב"ם שם. 193) ביצה לז, א. שו"ע (ואדה"ז) או"ח סשל"ט ס"ד (ס"ג).

[בדוגמת המבואר בכ"מ וועגן דעם ענין פון מילה, אז דער דין פון "מל ולא פרע כו׳ כאילו לא מל"[194], האט זיך אויפ-געטאן ערשט ווען ס׳איז געווארן דער ציווי פון פריעה, משא"כ לפנ"ז וואס מ׳איז ניט נצטווה געווארן אויף דערויף[195].

ביז וואנעט אז אפי׳ לאחרי מ"ת געפינט מען אז עס זיינען געווען ענינים וואס מ׳האט אנגעזאגט ערשט בשנת הארבעים, און ביז דעמולט איז מען ניט נצטווה געווען אויף זיי],

אבער אעפ"כ, איז שכל הפשוט לייגט זיך ניט צו זאגן אז אין דעם זעלבן טאג האט מען געטאן ענינים פון מעשה בפועל וועלכע זיינען גלייך דערנאך נאסר געווארן.

לט. איז דער ביאור בזה:

די ענינים פון טבילה און הזאת דמים און הקרבת הקרבנות, האט מען דאך געטאן מערניט ווי צוליב דעם ענין הגירות (וואס האט זיך פארענדיקט במ"ת), ווי משה רבינו האט מדגיש געווען אנהויבנדיק פון ר"ח סיון אז אידן זאלן זיך צוגרייטן צו קבלת התורה,

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע[196] אז "מיד אחר ר"ח התחיל משה להתעסק עמהם בענין קבלת התורה", און ווי ער רעכנט אויס אלע פרטים שבדבר, אז "בשלישי בשבת אמר להם ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו׳ וברביעי אמר להם מצות הגבלה כו׳", ביז "ויהיו נכונים ליום השלישי שהוא שבת שבו ניתנה התורה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין הטבילה וכו׳ בפ"ע, טוט נאך ניט אויף דעם ענין פון "תיקוני גברא", ווארום די טבילה איז ניט צוליב דעם ענין פון טהרה (ווארום דער ענין פון טהרה איז דאך ניט שייך בא בני נח), נאר צוליב דעם ענין פון גיור (ע"ד מלאכה שאינה צריכה לגופה - טהרה, נאר צוליב דעם ענין הגיור) -

און לגבי דעם ענין פון גיור, איז די טבילה מערניט ווי א חלק פון מלאכת הגיור ("תיקוני גברא"), וויבאלד אז צוליב דעם ענין הגיור דארף מען האבן כו"כ ענינים (מילה, הזאה און קבלת מצוות), אדער אז דאס איז א חלק פון מילוי הציווי "וקדשתם גו׳"[197] - און אויף א חלק פון א מלאכה איז מען ניט חייב בשבת.

- מ. -

---

194) שבת קלז, ריש ע"ב במשנה. 195) ראה יבמות עא, ב.
196) או"ח סו"ס תצד. 197) יתרו יט, י.

מ. עס בלייבט אבער די שאלה בנוגע צו דעם ענין פון קבלת מצוה:

קבלת מצוות איז דאך דער עצם ענין הגירות, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס קבלה מצוה מוז זיין בפני ג' און ביום דוקא, און ס'איז מעכב אפי' בדיעבד (משא"כ בא מילה וטבילה וואס דאס איז נאר לכתחלה[198]) - איז דאך דאס ניט קיין <u>חלק</u> פון דער מלאכה, נאר דאס טוט אויף דעם "תיקוני גברא", איז ווי האט דאס געקענט זיין בשבת?

איז דער ביאור בזה:

פאר מ"ת האט דער אויבערשטער געזאגט צו אידן "אם שמוע תשמעו בקולי גו' והייתם לי סגולה מכל העמים גו' ואתם תהיו לי ממלכת כהנים גו'"[199], וואס דער ענין פון "שמוע תשמעו בקולי גו'", איז דער ענין פון קבלת מצוות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון קבלת מצווה איז נאך געווען פאר מ"ת, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע אז "בשלישי בשבת (שני בסיון) אמר להם ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו'"

מא. עס איז אבער ניט פארשטאנדיק:

ווי קען מען זאגן אז "אם שמוע תשמעו בקולי גו'" איז דער ענין פון קבלה מצווה - דעמולט האבן נאך אידן ניט געוואוסט וועלכע מצווה די זיינען מקבל אויף זיך, זיי האבן נאך אפי' ניט געוואוסט די עשרה הדברות?!

וואס אע"פ אז די גמרא זאגט אז "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה", און אויף אים זאגט מען[200] "למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו'", און "מימיהן של אבותינו לא פרשה ישיבה מהם כו' במצרים"[201] - איז דאך אבער ניט קיין הכרח אז <u>אלץ</u> וואס אברהם אבינו האט געוואוסט איז דערנאך אריבערגעגאנגען צו אלע אידן, און אז <u>אלע</u> אידן (ניט נאר שבט לוי[202]) זיינען געזעסן און געלערנט תורה.

וואס דערמיט ווערט פארענטפערט דאס וואס מ'געפינט בנוגע צום "מן", אז ווען ס'איז געווען "ביום הששי לקטו לחם משנה", זיינען געקומען "כל נשיאי העדה ויגידו למשה", "שאלוהו מה היום מיומים"[203], און רש"י זאגט אויף דערויף "מכאן יש ללמוד שעדיין לא הגיד להם משה פרשת שבת כו'" -

- וואס -

------------

198) שו"ע יו"ד שם ס"ג ובנו"כ. 199) יתרו שם, ה-ו. 200) וירא יח, יט. 201) יומא כח, ב. 202) ראה הזקוני עה"פ שמות ה, ד. 203) בשלח טז, כב ובפרש"י.

וואס לכאו׳ איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק - צוליב וואס האבן אידן געדארפט אנקומען אז משה זאל זיי אנזאגן פרשה שבת:

אברהם אבינו האט דאך מקיים געווען כל התורה כולה, אפי׳ עירוב תבשילין (וואס דאס איז פארבונדן מיט "כבוד שבת"[204], ווי גערעדט אין א פריערדיקן מאל[205]), און אויף אים זאגט מען "וישמור משמרתי גו׳ ותורתי - להביא תורה שבעל פה"[206], ד.ה. אז ער האט געלערנט כל התורה כולה, און ער האט דאך דאס איבערגעגעבן לבניו אחריו -

איז ווי קומט דאס אז אידן זיינען געקומען מיט א תמיהה צו משה רבינו און געפרעגט "מה היום מיומיים", אפילו איידער משה רבינו האט זיי איבערגעגעבן פרשת שבת, האבן זיי געדארפט דערפון וויסן נאך פון פריער?!

זעט מען דאך דערפון, אז אע"פ אז אברהם אבינו האט מקיים געווען כל התורה כולה, און האט דאס איבערגעגעבן צו זיינע קינדער וכו׳ - האבן אבער ניט אלע אידן געוואוסט כל התורה כולה, נאר עס זיינען געווען א סאך אידן וואס מ׳האט זיי געדארפט אנזאגן אויף פרשת שבת וכיו"ב.

איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז דער ענין פון קבלת מצוות האט זיך אויפגעטאן ווען דער אויבערשטער האט געזאגט "ועתה אם שמוע תשמעו בקולי" - ווען אידן האבן נאך ניט געוואוסט די מצוות וועלכע זיי גייען מקבל זיין אויף זיך?

מב. איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו קבלת מצווה איז ניטא קיין הכרח אז מ׳זאל אים גלייך מודיע זיין אלע הרי"ג מצוות - נאר ווי דער פס"ד אין שו"ע[207] אז "מודיעים אותו מקצת מצוות קלות ומקצת מצוות חמורות".

און אע"פ אז מ׳רעדט וועגן דעם זמן וואס איז געווען קודם עשה"ד - געפינט מען שוין אז ס׳זיינען געווען ענינים וואס גייען אריין אין דעם גדר פון "חמורות", ביז צו אן ענש פון היפך החיים,

ווארום דעמולט איז שוין געווען דער חיוב פון קרבן פסח. וואס בשעת ס׳איז מחוייב אין קרבן פסח און ס׳איז אים

- ניט -

---

204) ביצה טז, ב. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ז ס"ב.
205) בהברכה להה׳ שיחיו ליל א׳ דחגה"ש ס"ז. 206) תולדות כו, ה ובפרש"י. יומא שם. 207) יו"ד שם ס"ב.

ניט מקריב, איז מען חייב כרת[208], ועד"ז זיינען געווען די שבע מצוות בני נח, וואס דער עונש אויף זיי איז אן עונש הכי המור - אן ענין פון היפך החיים[209].

און אפי׳ אויב מ׳וועט זיך וועלן דינגען און זאגן אז דער עונש המיתה אויף די שבע מצוות דב"נ איז ניט די מיתה הכי חמורה, כשא"כ דער עונש המיתה וואס איז פארבונדן מיט חילול שבה, איז די מיתה הכי חמורה -

קען מען זאגן אז דער עצם הענין פון אמירת "נעשה ונשמע", ועד"ז דער ענין פון "אם שמוע תשמעו בקולי", אפילו אויב מ׳ווייסט ניט די פרטי הציוויים, איז דאס אויך אן ענין פון קבלת מצוות, כולל אויך די קבלה אויף די "חמורות", ווארום ער האט מקבל געווען אויף זיך מקיים זיין אלע מצוות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ לויטן מ"ד אז די טבילה און הזאה איז געווען בשבת, קען מען זאגן אז דער ענין פון קבלת מצוות איז געווען לפנ"ז - ווען דער אויבערשטער האט געזאגט "אם שמוע תשמעו בקולי"[210].

מג. אין דערויף איז דא נאך א נקודה:

דער גיור וואס איז געווען בשעת מ"ת, איז געווען בנוגע צו אלע אידן, מקטנם ועד גדולם, וואס ביי אלעמען איז געווען דער "גר שנתגייר כקטן שנולד".

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: דער דין[211] איז, אז א קטן שנתגייר קען דערנאך מוחה זיין אויף דעם גיור, און אעפ"כ, בנוגע צום גיור פון מ"ת, זיינען אפי׳ די קטנים געווארן אידן, אין אן אופן אז "אע"פ שחטא ישראל הוא"[212], לעד ולעולמי עולמים, אע"פ אז דער גיור איז געווען ווען זיי זיינען געווען קטנים?

איז דער ביאור בזה:

דער ריטב"א[213] איז מבאר, אז "זרע דאברהם כבר נצטוו על המילה ולהכניסם בבריתו מקטנותם, ואין זה אלא גמר גירות",

ד.ה. אז אברהם האט מקבל געווען די מצוה פון מילה אויף זיך און אויף זרעו אחריו עד עולם, ניט אלס א מצוה פרטית, נאר אלס אן ענין פון "בריתי בבשרכם"[214], דער ברית

- צווישן -

------------

208) בהעלותך ט, יג. 209) רמב"ם הל׳ מלכים פ"ט הי"ד.
210) לשלימות הענין - ראה שיחה מוצאי ש"פ נשא.
211) כתובות יא, א. 212) סנהדרין מד, רע"א.
213) לכתובות שם, ב. 214) לך לך יז, יג.

צווישן אידן מיטן אויבערשטן, וואס דאס איז אן ענין פון התחלת הגירות.

[וואס דאס איז מתאים דערמיט וואס ס׳איז מבואר אין חסידות, אז דורך אברהם אבינו האט זיך אנגעהויבן דער קישור פון אלקות מיט גשמיות העולם, וואס דערפאר געפינט מען ביי אברהם אבינו דעם ענין פון "שים נא ידך תחת ירכי"[215], דערפאר וואס ס׳איז שוין געווען די מציאות פון א חפצא של קדושה -

ועד"ז איז דער דיטב"א מבאר ע"פ נגלה - אז די מילה פון אברהם אבינו, און די מילה פון אלע אידן ביז צו מ"ת (וועלכע קומט אלס א המשך פון דער מילה פון אברהם אבינו), איז פארבונדן מיט דעם ענין הגירות, וויבאלד אז דאס איז דער "בריתי בבשרכם", א ברית צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, אלס התחלת ענין הגירות].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די ענינים פון טבילה און הזאה און קבלת מצוות וואס זיינען געווען פאר מ"ת, זיינען דער המשך און גמר דין פון התחלת הגירות וואס האט זיך אנגעהויבן דורך דער מילה דאברהם, צוזאמען מיט דעם ענין פון "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו׳".

מד. און דאס איז דער חילוק צווישן דעם ענין המילה ווי דאס איז לאחרי מ"ת, מיטן ענין המילה ווי ס׳איז געווען ביז צו מ"ת - אז קודם מ"ת איז די מילה געווען אלס התחלת הגירות, משא"כ לאחרי מ"ת איז דער ענין המילה אזוי ווי יעדער מצוה פון די תרי"ג מצוות.

וע"ד החילוק צווישן דער מילה פון א קטן מיט דער מילה פון א גר לאחרי מ"ת, אז ס׳זיינען דא חילוקים אין די ברכות וכו׳[216] - וויבאלד אז ביי א גר איז דאס א חלק פון דעם גיור, משא"כ ביים קטן וואס דאס איז איינע פון די תרי"ג מצוות.

ועפ"ז קומט צו א ביאור נוסף אין דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר אין פיהמ"ש, אז דאס וואס מ׳איז איצטער מקיים די מצוה פון מילה, איז עס ניט מצד דעם ציווי וואס אברהם איז נצטווה געווארן, נאר מצד דעם ציווי וואס מ׳איז נצטווה געווארן בשעת מ"ת -

אז נוסף אויף דערויף וואס לאחרי מ"ת באקומט דאס דעם גדר פון א מ"ע מה"ת, מיט אלע גדרים וואס זיינען דא אין

- דערויף -

---

215) חיי שרה כד, ב ובפרש"י. 216) דאה אנציק׳ תלמודית ערך גרות ס"ע תמ ואילך. וש"נ.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

דערויף. ביז צו די ביאורים אין הסידוה וואס זיינען כבאר דעם אויפטו פון מ"ה - קומט אויך צו דער הילוק עיקרי,

אז די מילה פון אברהם אבינו איז פארבונדן מיטן גדר פון גירות, משא"כ די מילה וואס איז לאחרי מ"ת. וואס די איז אינגאנצן נים פארבונדן מיט גירות. וויבאלד אז ער איז מלכתחלה געבארן געווארן אלס א איד (מיט אלע חילוקים וועלכע נעמען זיך דערפון - אז מ׳דארף נים האבן אז ס׳זאל זיין מדעתו, אזוי ווי דאס איז בנוגע צו דעם ענין פון גיור, וכיו"ב).

מה. ויה"ר אז אזוי ווי די קביעות פון שנה זו איז אז דער סיום וחותם (וואס "הכל הולך אחר החותם"[217]) פון "זמן מתן תורתנו" איז ביום השבת - זאל נמשך ווערן די עבודה פון אידן אין ליכוד התורה על כל השנה כולה אין אן אופן פון שבת,

וואס דער ענין פון שבת איז אז "כל מלאכתך עשוי׳"[218], וואס דערפאר טוט מען די אלע ענינים מתוך עונג, אין אן אופן פון "וקראת לשבת עונג"[219],

אז די עבודה פון אידן במשך כל השנה כולה וועט זיין מתוך תענוג - סיי די עבודה אין אן אופן פון עבד פשוט, און סיי די עבודה אין אן אופן פון עבד נאמן[220], וואס דאס איז דאך געווען דרגתו של משה רבינו[221],

וואס דרגתו של משה רבינו האט דאך א שייכות צו יעדער אידן - ע"פ המבואר אין תניא[222] אז בא יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון נשמת משה רבינו, וואס דערפאר זאגט די גמרא[223] אז בא יעדער אידן איז יראה א "מילתא זוטרתי", דערפאר וואס לגבי משה רבינו (דער משה שבכאו"א) איז יראה א "מילתא זוטרתי", און דער ניצוץ פון משה רבינו שבו, איז דער מושל ושולט אויפן "עיר קטנה - זה הגוף"[224].

ובפרט אז דער "זמן מתן תורתנו" האט א שייכות מיוחדת מיט משה רבינו:

ס׳איז מבואר אין מדרש[225] אז דאס וואס "ולא יכלה עוד הצפינו"[226] (וואס דאס איז געווען נאך דערויף וואס "ותצפנהו שלשה ירחים"[227]), איז געווען אין דעם טאג פון מ"ת,

- ווארום -

-------------

217) ברכות יב, א. 218) מכילתא עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (כא). 219) ישעי׳ נח, יג. 220) ראה בארוכה ד"ה ומקנה רב תרס"ו ואילך. 221) המשך תרס"ו ע׳ שיז. 222) רפמ"ב. 223) ברכות לג, ב. 224) נדרים לב, ב. 225) שמו"ר פ"א, כד. סוטה יב, ב. 226) שמות ב, ג. 227) שם, ב.

ווארום משה רבינו איז דאך געבארן געווארן בשבעה באדר[228], און "שלשה ירחים" לאח"ז (אין א שנה פשוטה) איז געווען דער טאג פון מ"ת (ובפרט לויט דער דעה[229] אז מ"ת איז געווען בשבעה בסיון), וואס דעמולט האבן די מלאכים גע׳טענה׳ט: היתכן אז "מי שעתיד לקבל תורה מהר סיני ביום זה ילקה ביום זה".

מו. און ס׳איז אויך מבואר אין מדרש אז "כשנגלה הקב"ה על ים סוף . . נראה להם כו׳ כבחור כו׳ וכשנגלה הקב"ה על הר סיני . . נראה להם כו׳ כזקן", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון קי"ס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת,

ווארום דער אויפטו פון מ"ח איז דאך אז דעמולט איז בטל געווארן די גזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים כו׳", ועד"ז האט זיך אויך אויפגעטאן אין קי"ס, אז ס׳איז געווארן דער חיבור צווישן עליונים מיט התחתונים[230] - דער חילוק איז נאר, אז במ"ת האט זיך דאס אויפגעטאן באופן תמידי, ניט אזוי ווי בא קי"ס וואס ס׳איז געווען מערנים ווי לשעה.

וואס דאס איז די הוראה, אז דער ליכוד התורה בכל השנה כולה דארף זיין אין אן אופן אז דורך דערויף איז מען משנה כציאות העולם, ביז וואנעט אז דער ים ווערט פאר אים צושפאלטן, בדוגמא ווי ס׳איז געווען בשעת קי"ם - וואס איצטער איז גרינגער צו אויפטאן דעם ענין, כמבואר אין דרושי הסידות.

וכן תהי׳ לנו בקרוב ממש, אז מ׳זאל זוכה זיין צום "בנהר יעברו ברגל"[231], דורך דערויף וואס ס׳וועט זיין "ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה ונחה עליו רוח ה׳ גו׳"[232], און ס׳וועט זיין דער "ואסף נדחי ישראל גו׳"[233], ביז צו "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[234], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון שלש תנועות. ימין ה׳. לכתחילה אריבער. הבינוני.

* * *

מז. בנוגע צו די אידן וועלכע קומען מאחורי מסך הברזל, דעט מען בפועל אז עס זיינען דא אזוינע וואס אפי׳ נאך דערויף וואס עס גייט דורך א משך זמן זינט זיי זיינען - ארויסגעגאנגען -

------------

228) סוטה שם. ועוד. 229) שבת פו, ב. יומא ד, ב.
230) ראה ד"ה החודש הרנ"ד ב"ב. 231) תהלים סו. ו. וראה תו"ה שבוה רסד. א. 232) ישעי׳ יא. א-ב. 233) שם, יב.
234) שם. ט.

ארויסגעגאנגען פון דארטן, איז מצד דערויף וואס זיי געדיינקען דעם מעמד ומצב וואס איז געווען דעמולט, שטייען זיי נאך אלץ אין א פחד און א טרייסל כו׳, אע"פ אז מ׳איז שוין ארויס פון דארטן, און מ׳געפינט זיך אין אן ארט וואו מ׳איז אן אדם חפשי, בפרט בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ.

וואס דאס איז ניט קיין ענין חדש - מ׳געפינט דאס אויך אין מפרשים:

ס׳איז מבואר בכ"מ[235] אז איינער פון די טעמים אויף דערויף וואס אידן האבן געדארפט זיין 40 יאר אין מדבר [וואס דאס איז טאקע געווען אן ענין בלתי רצוי, אבער אין יעדער ענין דארף זיין עפעס א דבר טוב] איז - מצד דערויף וואס אידן האבן געדארפט אריבערגיין פון א מעמד ומצב של עבדות צו א מעמד ומצב פון "ארץ טובה ורחבה":

אידן זיינען דאך געווען אין א מעמד ומצב של עבדות, ביז צו "עבודת פרך" במשך פון כמה דורות, און פון דעם מעמד ומצב פון עבדות האבן זיי געדארפט אריבערגיין צו א מעמד ומצב פון "ארץ טובה ורחבה"[236] - אן "ארץ נושבת"[237], אבער צוזאמען דערמיט איז די "טובה ורחבה", אן מדידות והגבלות,

[וואס דער כח אויף דערויף איז געגעבן געווארן במ"ת, וואס דעמולט האט דער אויבערשטער געזאגט "אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים"[238]] -

איז דא דער כלל אין תורה[239] אז "אין סומכין על הנס", און אלע ענינים דארפן זיין ע"פ דרך הטבע,

[וואס דערפאר געפינט מען בנוגע צו "שתי הלחם" וואס מ׳דארף ברענגען בחגה"ש, וואס זיי דארפן קומען "ממושבותיכם"[240], אז ס׳איז דא א שאלה[241] צי מ׳קען ברענגען "חיטין שירדו בעבים", אזוינע חיטים וואס "על ידי נס ירדו בעבים"[242]:

מ׳דארף האבן חיטים וואס האבן די זעלבע תכונות פון חיטים וואס זיינען "ממושבותיכם" (אע"פ אז די חיטים זיינען געקומען "על ידי נס"), אדער אז מ׳מוז האבן חיטים וואס זיינען "ממושבותיכם", און ניט חיטים וואס "על ידי נס ירדו בעבים", ווארום עס דארף זיין ע"פ טבע דוקא.

ועד"ז געפינט מען די זעלבע שקו"ט בנוגע צו נר חנוכה,

- וואס -

------------

235) מו"נ ח"ג פל"ב. 236) שמות ג, ח. 237) בשלח טז, לה. 238) יתרו כ. ב. 239) פסחים סד, ב. 240) אמור כג, יז. 241) מנחות סט, ב. 242) תוד"ה חיטין שם.

וואס די שאלה אין דערויף איז: לכאו׳ איז דאס ניט געווען שמן זית, נאר שמן של נס?

וואס אין דערויף איז אויך דא די חקירה צי מ׳דארף האבן שמן וואס זאל האבן די תכונות פון שמן זיה (אע"פ אז דער שמן אליין איז א שמן של נס - די מציאות פון דעם שמן איז געווארן דורך דערויף וואס "מי שאמר לשמן וידליק יאמר לחומץ וידליק"[243]), אדער אז מ׳דארף טאקע האבן שמן וואס קומט פון א זית כפשוטו, און ניט קיין שמן של נס.

וכידוע די שקו"ט שבזה אין די ישיבות - וואס מ׳וויל זאגן אז דאס איז ניט געווען קיין שמן של נס, דערפאר וואס דער נס איז ניט געווען אין כמות השמן, אז ס׳איז צוגעקומען מער שמן, נאר דער נס איז געווען אין איכות השמן, אז אנשטאט ס׳זאל ברענען איין טאג, האט דאס געברענט שמונה ימים, ד.ה. אז יעדער טאג האט געברענט נאר א חלק שמיני דערפון ווי עס וואלט געדארפט ברענען - ובמילא איז דאס שמן זית און ניט קיין שמן של נס, וויבאלד אז דער נס איז געווען (ניט אין כמות השמן, נאר) אין איכות השמן[244].

[מ׳זאגט דאס איבער בשם פון א גדול אין דרך הלימוד ע"פ שכל הישר, וואס דערפאר וויל מען זיך ניט דינגען אויף דערויף, אע"פ אז ס׳איז א דוחק גדול].

דערנאך איז אבער דא די צווייטע שיטה שבזה - אז מ׳דארף האבן די תכונות פון שמן זית כפשוטו, און ניט קיין שמן וואס ברענט מערניט ווי א חלק שמיני פון כמות השמן, ווארום עס דארף זיין שמן זית וואס ברענט ע"פ דרך הטבע.

ועד"ז איז ידוע די שאלה ווי אזוי האט מען געבראכט דעם "לחם הפנים" אין מדבר, ס׳איז דאך ניט געווען קיין "ארץ חטה ושעורה גו׳", נאר "ארץ צי׳ ועיף גו׳"[245] - און איינער פון די תירוצים אויף דערויף איז, אז אוה"ע האבן דאס געבראכט וכו׳[246].

און ע"פ דרך הטבע, איז בשעת מ׳גייט אין אן "ארץ טובה ורחבה", דארף מען שטיין אין א מעמד ומצב פון "בן חורין".

די משנה[247] זאגט טאקע אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", וויבאלד אז דורך דעם ענין פון "חרות על הלוחות"[248] ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "חירות" - מ׳דארף אבער אויך האבן אז ער זאל שטיין אין א מעמד ומצב פון "בן חורין" אויך ע"פ טבע.

- און -

---

243) ראה תענית כה, א. 244) ראה "מועדים בהלכה" ע׳ קנח. 245) תהלים סג, ב. 246) ראה יומא עה, ב. 247) אבות פ"ו מ"ב. 248) תשא לב, טז.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און וויבאלד אז די אידן וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים האבן ניט געקענט צוקומען צו א מעמד ומצב פון "בן חורין", דערפאר וואס במשך כמה דורות זיינען זיי געווען אין א מעמד ומצב של עבדות, ביז צו "עבודת פרך" -

האבן זיי געדארפט גיין אין מדבר 40 יאר. וואס במשך פון די 40 יאר, זיינען די יוצאי מצרים געבליבן אין מדבר, און אין א"י זיינען אריין נאר די וואס זיינען געבארן געווארן לאח"ז, וואס זיי זיינען ניט געווען אין דעם מעמד ומצב של עבדות,

אבער די וואס זיינען געווען ווייניקער פון 20 שנה - וואס ביז דעמולט איז ער נאך ניט קיין שלם בדעתו, וואס דערפאר זאגט מען אז "למכור בנכסי אביו עד שיהא בן עשרים"[249], אפי׳ ניט צו בר-מצוה, ועד"ז איז ידוע דער מארז"ל[250] אז דער ענין העונשים הויבט זיך ערשט אן לאחרי 20 שנה, משא"כ לפנ"ז וואס ער איז נאך ניט צוגעקומען צו שלימות הדעת וההבנה אין גודל חשיבות המצוות והפכם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז ס׳איז ניט קיין פלא אז עס זיינען דא אידן וואס זיינען געקומען מאחורי מסך הברזל, און מצד דערויף וואס זיי געדיינקען דעם מעמד ומצב וואס איז געווען דארטן (ביז אז ס׳זיינען דא אזוינע וואס דער רושם דערפון איז ניכר בגופם). קענען זיי ניט שטיין אין א מעמד ומצב פון חירות אמיתית - בכמש"כ וק"ו פון יצי"מ:

מה-דאך אז ווען ס׳איז געווען דער ענין פון יצי"מ אין אן אופן פון נסים גלויים. "ביד חזקה ובזרוע נטוי׳ גו׳"[251], האט דאס ניט דורכגענומען אידן אז זיי זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "בן חורין" אמיתי כפשוטו, איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א גאולה פרטית פון א אידן, אדער א גאולה פון א קיבוץ פון אידן אין זמן הגלות.

מח. מ׳האט אבער גערעדט כמ"פ אז ס׳זיינען דא ענינים וואס אמאל האבן זיי געדארפט נעמען אן אריכות הזמן, משא"כ איצטער דארפן זיי אפגעטאן ווערן בזריזות, ווארום ס׳איז ניטא צופיל צייט, ובמילא דארף זיין די עבודה פון א אידן אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי"[252].

וואס אע"פ אז ע"ד הרגיל איז די הנהגה פון "חטוף ואכול חטוף ושתי" להיפך דערפון ווי עס דארף זיין די הנהגה

- פון -

---

249) גיטין סה, א. ב"ב קנו, א. 250) שבת פט, ב. ירושלמי בכורים פ"א ה"א בהחלתה. סנהדרין פי"א ה"ה בתחלתה. 251) ואתחנן ד, לד. 252) עירובין נד, א.

פון א אידן, ווארום א איד טאר ניט זיין קיין "רעבתן" אדער א "גרגרן"[253], אבער אעפ"כ, ווען עס קומט צו ענינים פון הומ"צ, דארף די עבודה זיין אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי",

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט אן עניין פון סעודה של מצוה וכיו"ב, ועד"ז געפינט מען בנוגע צו אכילת הקרבנות אז "כהנים זריזין הן"[254], אין אן אופן פון "הוי רץ למצוה"[255].

ובפרט אין ימינו אלה, וואס מ׳געפינט זיך אין עקבתא דמשיחא, וכידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז "הנה זה עומד אחר כתלנו"[256], מ׳דארף נאר צופוצן די קנעפלאך[257], און רעמולט וועט ער גלייך קומען - דארף מען זיכער טאן אין אלע ענינים פון הומ"צ אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי".

און דערפאר דארף מען זעהן אז די אידן וואס זיינען געקומען מאחורי מסך הברזל זאלן <u>גלייך</u> פארגעסן וועגן דעם פחד אין וועלכן זיי זיינען געשטאנען דארטן, און אוועקשטעלן זיך אין א מעמד ומצב פון "בן חורין", בנוגע צו אלע ענינים פון הומ"צ.

וואס אע"פ אז ס׳איז שווער צו פועל׳ן אז אין איין רגע זאל ער אריבערגיין פון איין מעמד ומצב צו א מעמד ומצב הפכי - אעפ"כ, וויבאלד ער האט געזעהן אז דער אויבערשטער האט אים געמאכט נסים גלויים און האט אים פון דארטן ארויס-גענומען, דארף ער זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב של חירות אמיתית.

מט. און ס׳איז ניט קיין סתירה צו דער זהירות וואס מ׳דארף האבן אויך זייענדיק דא, וויבאלד אז עס קען זיין אז מ׳זאל רעדן דא און הערן דאס דארטן,

[בידוע דער ווארט וואס מ׳האט געענטפערט א פוילישן חסיד אויף דעם וואס ער האט געפרעגט וואס קען מען אפלערנען פון א "טעלעפאן" (ע"פ תורת הבעש"ט[258] אז פון יעדער זאך וואס מ׳זעט אין וועלט, דארף מען אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳) - אז פון א "טעלעפאן" לערנט מען אפ אז וואס מ׳רעדט דא הערט מען דארטן,

און פון א "טעלעגראף" לערנט מען אפ אז יעדער ווארט

- קאסט -

------------

253) ראה שו"ע או"ח סקע"א ס"ז-יב. 254) שבת כ, א. וש"נ. 255) אבות פ"ד כ"ב. 256) שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 104 הע׳ 38. 257) שיחה שמח"ה הדפ"ס. 258) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט.

קאסט געלט, "כלה בסלע"[259], ד.ה. אז דער ענין פון "מלה בסלע" איז כודגש אין עוה"ז הגשמי והחומרי אין דעם ענין פון "טעלעגראף",

און פון א "טריין" (א "פאיעזד") לערנט מען אפ אז בשעת מ׳פארשפעטיקט איין רגע, פארשפעטיקט מען דעם גאנצן ענין רח"ל, וואס דער ענין שטייט בגלוי אין עוה"ז הגשמי אין דעם ענין פון "טריין",

אבער די זהירות איז ניט מבלבל צום מעמד ומצב פון חירות אין די ענינים פון תומ"צ, אז ער זאל קענען מקיים זיין תומ"צ מתוך הרחבה, און אן קיינע בלבולים.

ג. און דאס איז געווען דער אויפטו פון יצי"מ, אז ס׳איז געווען דער "הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים", און ווי גערעדט פריער בארוכה[260] אז ס׳איז בטל געווארן די גאנצע מציאות פון "בית עבדים":

בשעת ס׳איז דא אן ענין פון "בית עבדים", קען אמאל זיין אז א "בן חורין" זאל ארייגפאלן אהינצו באקראי עכ"פ, ד.ה. אז בעצם איז ער א "בן חורין", אבער באקראי געפינט ער זיך אין "בית עבדים";

דאס איז אבער שייך נאר ווען ס׳איז דא די מציאות פון "בית עבדים" און דער גדר פון עבדות בעולמו - אבער וויבאלד אז מ׳האט אים ארויסגענומען פון דעם גאנצן גדר של עבדות, און בעולמו איז גאר ניטא די מציאות פון א "בית עבדים", איז פארשטאנדיק אז ער איז א "בן חורין" אמיתי, און ער קען זיך ניט געפינען אין "בית עבדים" אפי׳ באקראי בעלמא.

וכידוע דער ביאור פון דעם מהר"ל[261] אז זינט דער אויבערשטער האט ארויסגענומען אידן פון מצרים, איז ביי א אידן ניט שייך די מציאות פון עבדות, וואָרום וויבאלד אז "הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים", איז ביי א אידן מערניט שייך די מציאוה פון עבדות אמיתית.

מ׳זאגט טאקע "השתא עבדין", וואָרום לפ"ע דעם מעמד ומצב פון "לשנה הבאה בני חורין", ווערט דאס אנגערופן בשם "עבדין", דאס איז אבער ניט קיין מעמד ומצב של עבדות ע"פ תורה, וואָרום ביי א אידן איז ניט שייך די מציאות פון עבדוה אמיתית.

וואס דער ענין פון עבדות אמיתית איז נאר ביי אן "עבד - כנעני" -

------------

259) מגילה יח, א. 260) בד"ה צאינה וראינה דאור לערב חגה"ש. 261) בספרו גבורות ה׳ פס"א.

כנעני", ווארום דער ענין העבדות איז פארבונדן מיט "כנען", וואס אויף אים האט מען געזאגט "עבד עבדים יהי׳ לאחיו"[262].

וואס דאס איז דער ביאור אין דעם וואס מ׳רופט אים "עבד כנעני" - דלכאורה: וויבאלד אז ס׳איז דא דער ציווי אז בנוגע צו די שבעה אומות (כולל אויך די כנענים) דארף זיין "לא תחי׳ כל נשמה"[263], ובמילא סאר מען פון זיי ניט נעמען קיין עבדים[264] - איז פארוואס רופט מען אן די עבדים בשם "עבד כנעני" דוקא (און ניט "עבד נכרי" וכיו"ב)?

איז דער ביאור בזה - אז אמיתית ענין העבדות איז פארבונדן מיט "כנען", וואס "עבד עבדים יהי׳ לאחיו", און דערפאר ווערט יעדער עבד אנגערופן בשם "עבד כנעני".

און אויף דערויף זאגט מען אז ביי א אידן איז ניט שייך די גאנצע מציאות פון אן "עבד כנעני" (אמיתית ענין העבדות), ביז וואנעט אז אפי׳ א איד וואס איז אראפגעפאלן למטה מטה ביותר, ביז אז נמכר בגניבתו[265], זאגט אבער תורה אז בנוגע צו אים דארף אויך זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[266].

ביז וואנעט אז מ׳זאגט[267] "כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" - ער דארף אים באזארגן מיט אלע ענינים וואס ער דארף האבן, ביז וואנעט אז ער דארף אים געבן אפילו אין אזא פאל וואס ביי אים וועט פעלן, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ביי א אידן איז ניטא די גאנצע מציאות פון עבדות.

ובפרט לויט דער פתגם הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[268] (וואס ער האט איבערגעזאגט בשם פון זיין פאטער), אז די נשמה איז מלכתחילה ניט געגאנגען אין גלות - און וויבאלד אז "נשמתם עיקר וגופם טפל"[269], איז פארשטאנדיק אז דער גוף ווערט נגרר אחרי הנשמה, ובמילא איז ביי אים אויך ניט שייך דער ענין הגלות והעבדות.

נא. דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס מ׳האט זיך געפונען במשך כמה שנים (מער פון ג׳ שנים) אין א מעמד ומצב של עבודות מידי יום ביומו, וואס דעמולט איז שווערער צו פועל׳ן דעם "אל תירא גו׳"[270] -

דארף מען אים אבער מסביר זיין אז בעצם געפינט ער זיך

- אלעכאל -

---

262) נח ט, כה. 263) שופטים כ, טז. 264) ראה פרש"י עה"פ בהר כה, מה. 265) ראה פרש"י עה"פ שם כו, א. 266) קדושים יט, יח. 267) קידושין כב, א. 268) לקו"ד כרך ד תרצב, א. 269) ראה תניא רפל"ב. 270) ישעי׳ כד, ב. ועוד. וראה לקו"ח בלק עב, ב.

אריבער אין א מעמד ומצב של חירות, וויבאלד אז זיינע יצי"מ איז ביי א אידן נים מיין קיין ענין של עבודות אכילה, און איצטער געפינט ער זיך אויך בגופו אין א מעמד ומצב פון "בן חורין", און ער קען זיך פירן אין אן אופן של חירות והרחבה בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ.

און ס׳איז מערנים וואס עס זיינען דא זאכן וואס תורה זאגט אז "דינא דמלכותא דינא"[271] - בשעה ס׳איז נים בסתירה צו אן ענין פון תומ"צ,

און בשעה ער טוט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "דינא דמלכותא", טוט ער דאס נים דערפאר וואס דאס איז דער ציווי המלכות, נאר דערפאר וואס תורה האט געזאגט אז "דינא דמלכותא דינא".

ד.ה. אז ע"ד ווי ער איז מקיים דעם ציווי התורה פון לייגן תפילין, איז ער אויך מקיים דעם ציווי התורה וואס זי האט אנגעזאגט אז "דינא דמלכותא דינא".

און ווי גערעדט כמ"פ בנוגע צו דעם ענין פון "מנהג הגדרין", "הגרי לוד" וכיו"ב, וואס דערמיט זיינען פארבונדן הררי הררים פון דיני תורה - אז ס׳איז נים דער טייטש אז מ׳רעכנט זיך דערמיט דערפאר וואס אזוי טוט דער סוחר, נאר דערפאר וואס תורה פסק׳נט אפ אז מ׳דארף זיך דערמיט רעכענען.

נב. וכמדובר כמ"פ בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ, אז דאס וואס מ׳רעכנט זיך מיט דעה הרופא בנוגע צו א חולה בשבת אדער ביוהכ"פ וכיו"ב, איז דאס נים דערפאר וואס אזוי זאגט דער רופא, נאר דערפאר וואס מלך מלכי המלכים האט אפ־גע׳פסק׳נט אין תורה אז בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ דארף מען פרעגן דעם רופא, און דאס ווערט "דעת תורה".

ועד"ז האט תורה אפגע׳פסק׳נט אז ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון בטחון, דארף מען פרעגן די דעה פון אנשי הצבא, אז זיי זאלן זאגן זייער דעה אלס מומחים אין עניני צבא, ד.ה. אז אע"פ אז מצד חשבונות פון עניני מדינה וכיו"ב, דארף אויסקומען באופן אחר, דארף מען זיך אבער רעכענען מערנים ווי מיט דער דעה פון אנשי הצבא וועלכע באכן דעם חשבון כצד עניני צבא און בטחון (און נים מצד אנדערע חשבונות).

און בשעת אז מ׳טוט נים ווי די דעה פון די מומחים אין עניני צבא, איז נים דער טייטש אז מ׳טוט היפך פון דער דעה פון דעם "גענעראל", נאר מ׳טוט היפך פון א פס"ד פון תורה,

- וויבאלד-

---

271) גיטין י, ב. וש"נ.

וויבאלד אז הורה האט געזאגט אז דעם פרט דארף מען פרעגן בא דעם כובהה אין עניני צבא.

וואס בשעה אז ס׳רעדט זיך וועגן אן ענין פון פקו"נ - איז דער פקו"נ פון היינט דוחה דעם פקו"נ פון מארגן,

ולדוגמא: בשעת דער רופא זאגט אז מצד דעם ענין פון פקו"נ ווי דאס איז איצטער, דארף מען זיך פירן באופן כך, איז אע"פ אז דער רופא זאגט אז אין 20 יאר ארום וועט דאס שאטן, איז דער פס"ד לכל הדעות אז מ׳דארף טאן אלץ אויף צו מציל זיין אים איצטער, און דאס איז דוחה דעם חשש פון אן ענין וואס וועט זיין מארגן, "מחר לאחר זמן"[272], אין 10 אדער 20 יאר לאח"ז, וויבאלד אז "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות"[273] - דער מעמד ומצב פון איצטער.

ועאכו"כ בנדו"ד, וואס כ׳קען ניט וויסן ווי וועט זיין דער מעמד ומצב אין א יאר ארום - ביז דעמולט וועט שוין קומען משיח צדקנו, ובמילא וועט מען פטור ווערן פון די אלע ענינים וועלכע זיינען שלא כהלכה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז ניט נוגע דער חשבון פון די מדינאים וכיו"ב - מ׳דארף וויסן וואס זאגט דער מומחה אין עניני בטחון, וואס ער ווייסט דעם מצב הבטחון ווי דאס איז איצטער (ניט ווי ס׳איז געווען אין א משך זמן לפנ"ז), ווארום אין יעדער זמן קומען צו דברים חדשים בנוגע צו נשק און הכסיסי מלחמה, דארף מען וויסן דעם מעמד ומצב פון בטחון ווי דאס איז איצטער.

ועאכו"כ אז מ׳זאל ניט מאכן קיינע חשבונות פון "פאליטיק", אדער חשבונות וואס זיינען פארבונדן מיטן מעמד ומצב וואס וועט זיין אין כו"כ שנים לאח"ז, אדער אפילו חשבונות פון "פרומקייט" - "אל תתגרה בגוי קטן"[274], ועאכו"כ "גוי גדול" וכיו"ב.

וכאמור לעיל אז מ׳דארף דאס טאן ניט דערפאר וואס אזוי האט געזאגט דער "גענעראל", נאר דערפאר וואס אזוי האט תורה אפגעפסק׳נט, ווארום דער רופא און דער "גענעראל" האבן ניט קיין סמיכה און זיי האבן ניט דעם הוקף פון תורה, ס׳איז מערנים וואס תורה האט געזאגט אז עס זיינען דא ענינים אין וועלכע מ׳דארף האבן א בירור אין מציאות העולם, וואס די ענינים דארף מען מברר זיין ביים רופא אדער ביים "גענעראל".

און מ׳דארף האבן אז אין דערויף זאל פסק׳נען א רב

- וואס -

---

272) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יג. יד. 273) סנהדרין ו, סע"ב. וש"נ. 274) ראה פסחים קיג. א.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

וואס האט סמיכה, און ביי אים איז "יראת חטאו קודמת לחכמתו"[275], און אזא וואס איז אפגעהיט פון נעמען "שוחד", אפילו אויב דורך דערויף וועט ניתוסף ווערן אין ענינים פון תומ"צ וכיו"ב, ווארום ער ווייסט אז תורה זאגט אז פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה, און תורה זאגט ווער איז דער פוסק אין ענינים פון פקו"נ, און תורה זאגט אז פקו"נ פון היינט איז דוחה דעם פקו"נ וואס איז לאחרי זמן, אפילו אויב מ׳ווייסט קלאר וואס וועט זיין לאח"ז, ועאכו"כ ווען מען ווייסט ניט וואס וועט זיין לאח"ז.

וואס דאס איז אלץ געזאגט געווארן אלס א מאמר המוסגר -

ויה"ר אז דערמיט זאל זיך "שליסן" די גאנצע שקו"ט וועגן דעם ענין, ווארום עס וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה׳", און אלע ענינים וועלן זיין ע"פ הלכה, ובמילא וועט מען אויפהערן דינגען זיך אויף דעם וואס מ׳טאר ניט עפענען את כל הארץ לפניהם, דורך דערויף וואס מ׳גיט אפ איין שעל פון א שטח וואס געפינט זיך אין אן "עיר הסמוכה לספר"[276],

און עס וועט זיך אנהויבן דער לימוד פון א נייע פרשה אין תורה, ווארום עס וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה בביאת משיח צדקנו, אין אן אופן פון "שיר חדש"[277], וואס דעמולט וועט מען לערנען תורתו של משיח.

נג. ובנוגע לעניננו:

מ׳קען ניט ווארטן כמה שנים ביז וואנעט די אידן וועלכע זיינען געקומען מאחורי מסך הברזל זאלן פארגעסן דעם מעמד ומצב אין וועלכן זיי זיינען געשטאנען, נאר זיי מוזן מקדים זיין דעם היסח הדעת דערפון, און מבטל זיין יעדער רושם וואס איז געבליבן פון די ענינים בלתי רצויים וואס זיינען געווען אין יענעם זמן -

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט זיי געהאלפן, און האט זיי ארויסגענומען "מארץ מצרים מבית עבדים", וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל", און ווי געבראכט פריער פון דעם מהר"ל, אז זינט יצי"מ איז ביי אידן מערנים שייך דער ענין פון עבדות,

עאכו"כ לויטן פתגם האמור פון נשיא דורנו, אז די נשמה איז מלכתחילה ניט געגאנגען אין גלות.

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[278], אז "לא אותי - בלבד -

------------

275) אבות פ"ג מ"ט. 276) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו. 277) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 278) במכתבו - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו. ובכ"מ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בלבד גאל הקב"ה כו׳", נאר אלע אידן, ביז "את אשר בשם ישראל יכונה", ד.ה. אז ער זאגט אז "ישראל" איז ניט שמו האמיתי, נאר מערניט ווי א כינוי, און זיין נאמען איז "מייקל" וכיו"ב, ניט "אברהם" נאר "אייברעהעם" וכיו"ב,

[וואס בנוגע צו א שטר, דארף מען שרייבן דעם אידישן נאמען, און אויב ניט איז דער שטר פסול - דארף מען שרייבן "אברהם" און ניט "אייברעהעם", "יצחק" און ניט "איידיק", "יעקב" און ניט "דזשייקאב", וכיו"ב.

און אויף דערויף זאגט מען אז ווען אידן זיינען געווען אין מצרים, איז "לא שינו את שמם", און אין דעם זכות זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון מצרים[279], ועד"ז איז אויך אין דער יציאה פון דעם גלות, אז דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער ווייסט אז שמו האמיתי איז דער שם אין לה"ק -

ע"פ תורת הבעש"ט[280] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה ומחי׳ די מציאות פון דער זאך - וואס דאס שטייט שוין אין מדרש תהלים[281] אויפן פסוק[282] "לעולם ה׳ דברך נצב בשמים", און דער בעש"ט איז מוסיף אז אזוי איז אויך אין יעדער נברא, ועאכו"כ בנוגע לכאו"א מישראל],

זאגט מען אז אפילו דער וואס "בשם ישראל יכונה", ער זאגט אז דער שם "ישראל" איז מערניט ווי זיין כינוי - איז ביי אים אויך דא דער ענין הגאולה, און ביי אים איז שוין מערניט שייך די מציאות פון עבדות.

נד. און מסביר זיין זיי אז זיי מוזן זיך פירן אין א מעמד ומצב פון "בן חורין", במכ"ש וק"ו פון אופן הנהגתם אין רוסלאנד מיט א תוקף וכו׳,

וכידוע[283] דער ניגון וואס ר׳ מיכאל דווארקין האט געזונגען זייענדיק אין קאסטראמא (אין דעם קליינעם בית האסורים וואס האט זיך געפונען אין דעם גרויסן בית האסגרים פון דער גאנצער מדינה) "ניעט ניעט ניקאווא קראמי איווא ארנאווא", און דערנאך איז דער ניגון נתקבל געווארן ביי אלע חסידים,

ויה"ר אז דער ענין זאל נתפשט ווערן בכל הארצות, דורך דערויף וואס מ׳זינגט דעם ניגון צוזאמען מיט די ווערטער, וואס דורך דערויף ווערט דאס נמשך בעולם.

- ובפרט -

---

279) ויק"ר פל"ב, ה. ועוד. 280) שעהיוה"א בהחלהו.
281) עה"פ תהלים קיט, פט. וראה לקו"ת אחרי כה, סע"ג.
282) תהלים שם. 283) שיחת י"ב תמוז תשכ"ה.

ובפרט אז זיי האבן געזען יסודי ה׳ בגלוי, ווארום זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון הגבול של הטבע, נאך דערויף וואס זיי האבן געוואוסט אז ע"פ דרך הטבע וועלן זיי פון דארטן ניט קענען ארויסגיין - נאר אין אן אופן פון נסים, למעלה מדרך הטבע.

און פון דעם מעמד ומצב וואס מ׳שטייט אין "זמן כהן הורתנו", און אין א "בית גדול"[284], "שמגדלין בו תורה", א בית המדרש, און "מגדלין בו תפלה"[285], א בית הכנסת, און במעמד פון כמה עשיריות מישראל, וואס "כל בי׳ עשרה שכינתא שריא"[286], עאכו"כ אז עס זיינען דא מער פון עשרה מישראל, ביז וואנעם אז ס׳איז דא די דעה[287] בנוגע צו ברכת המזון, אז ווען עס זיינען דא "מאה" אדער "אלף", קומט צו א הוספה אין נוסח הברכה -

זאל דאס נמשך ווערן (פון דעם מעמד ומצב) על כל השנה כולה, און נמשך ווערן בכל עניניהם.

נה. און עס וועט זיין דער "ובאו האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים"[288] - סיי די וואס געפינען זיך אין "ארץ אשור", וואס די איז געווען "ארץ (טובה) כארצכם"[288*], און ווי דער אלטער רבי[289] טייטשט אפ אז "אשור" באווייזט אויף דעם ענין התענוג, און סיי די וואס זיינען "נדחים בארץ מצרים", אין דעם מיצר הגלות.

און זיי וועלן וויסן אז "ניעט ניעט ניקאווא קראמי איווא אדנאווא" - ווי מ׳זאגט דאס בלע"ז, אין לשון המדינה היא, ד.ה. אז די הנהגה פון דער מדינה גופא איז מודה צו דעם ענין, אין אן אופן פון "וראו כל עמי הארץ גו׳"[290].

וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו יעדער אידן, וואס "אע"פ שחטא ישראל הוא", "בשם ישראל יכונה" עכ"פ - ביזט ער אויך ארויס פון אלע מדידות והגבלות.

און נאך זייענדיק אין די לעצטע רגעים פון גלות שטייען אידן אין אן אופן פון "ביד רמה"[291], אזוי ווי ס׳איז געווען אין "יום צאתך מארץ מצרים", אז נאך איידער ס׳איז געווען דער ענין פון חירות אמיתי, האט זיך שוין אנגעהויבן די הכנה לזה אין אן אופן פון "ביד רמה", מיט אלע פירושים שבזה, און אין אן אופן אז "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם"[292],

- וואס -

---

284) מ"ב כה, ס. 285) מגילה כז, א. 286) סנהדרין לט, א. 287) ברכות מט, ב במשנה. 288) ישעי׳ כז, יג. *288) מ"ב יח, לב. ישעי׳ לו, יז ובפרש"י. 289) לקו"ת ר"ה ס, א. 290) תבוא כח, י. 291) בשלח יד, ח. 292) בא י, כג.

וואס אזוי וועט אויך זיין אין דער גאולה העתידה לבוא בקרוב ממש, ווען עס וועט זיין דער "אראנו נפלאות", אז בכל מקום וואו אידן געפינען זיך, וועלן זיי שטיין אין א מעמד ומצב אז "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם", אפילו אין א פנה נדחת,

און בקרוב ממש וועט מען גיין "ביד רמה", אין אן אופן פון "קוממיות – בקומה זקופה"[293], דערפאר וואס "אל תירא מפחד פתאום גו׳ עוצו עצה ותופר גו׳ כי עמנו א-ל", ביז אז "ועד זקנה אני הוא גו׳ ואני אסבול ואמלט" –

אויף צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, בשמחה וטוב לבב, ובקומה זקופה, אין אן אופן פון "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותינו" – מיטנעמען אלע אידן, מיט אלע זייערע קינדער, כולל אויך די אידן וואס געפינען זיך דערווייל כאהורי מסך הברזל.

וכאמור אז מ׳זאל דאס ממשיך זיין אין טבע העולם דורך אן עניין פון שיר וזמרה, ובתוך שמחה. און אין אן אופן פון "ניעט ניעט ניקאווא".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

* * *

נז. אזוי ווי מ׳וואַרט דאך אלעמאל אויף א דבר חדש – איז דא אן עניין וואס מהראוי אז מכאן ולהבא זאל מען דאס מתקן זיין:

מ׳האט גערעדט פריער (סל"ג) וועגן דעם עניין פון "כינוס תורה", וואס דאס קומט אלס המשך צו "זמן מתן תורתנו", אין אן אופן פון "ילכו מחיל אל חיל" – אז נאך "זמן מתן תורתנו", נאך דערויף וואס מ׳האט שוין געדאווענט מעריב, און געמאכט הבדלה על הכוס, באווייזט מען אז מען קלייבט זיך צוזאמען נאכאמאל, און מ׳איז זיך עוסק אין לימוד התורה,

ביז אין אן אופן פון "חבוק חברים" און "פלפול התלמידים", מיט אלע ענינים דורך וועלכע "התורה נקניה"[294], ביז צו דעם עניין וואס "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם" – וואס לכאורה איז דאס א דבר צדדי, דאס איז אבער דער סיום וחותם פון די אלע ענינים דורך וועלכע "התורה נקנית" –

- די -

------------

293) בחוקותי כו, יג ובפרש"י. 294) אבות פ"ו כ"ו.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און פון דעם כעמד ומצב וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן", וועט מען צוקומען צום "מסמך גאולה לגאולה", אז עס וועט בטל ווערן די "שמנה"[295]. און עס וועט קענען געבויט ווערן דער ביהמ"ק השני, ועד"ז ביהמ"ק השלישי, וואס דאס ווערט נכלל אין דעם "ולא יעבור"[296] פון ימי הפורים, און דאס ברענגט די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער דרגא פון "עד דלא ידע", ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דאס איז דער אויפטו פון דעם "כינוס תורה", אז גלייך נאך "זמן מתן תורתנו" איז מען מוסיף אין לימוד התורה ביתר שאת וביתר עוז.

און אזוי ווי מ׳געפינט אין "זמן מתן תורתנו" אז די הכנה צו מ"ת האט זיך אנגעהויבן מיט "כה תאמר לבית יעקב - אלו הנשים" (ווי רש"י[297] ברענגט אראפ פון מדרשים[298]),

ועד"ז געפינט מען אויך אז נאך דערויף וואס ס׳איז געווען דער גמר פון מ"ת, אין נתינת לוחות האחרונות (וואס דאס איז געווען נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "סלחתי כדברך", אין אן אופן פון "בשמחה ובלב שלם", "כה הראשונים ברצון אף האחרונים ברצון"[299]), און ס׳איז געווען דער ציווי אויף נדבת המשכן[300] - איז געווען דער "ויבואו האנשים על הנשים"[301], ד.ה. אז אין דעם ענין פון נדבת המשכן זיינען די נשים געווען פאר די אנשים -

איז דערפאר מן הראוי אז ע"ד ווי מ׳מאכט א "כינוס תורה" פאר אנשים, זאל מען אויך מאכן א "כינוס תורה" פאר נשים,

וואס עס זיינען דאך דא כו"כ ענינים אין תורה וואס זיינען נוגע אויך צו נשי ישראל, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אלס פס"ד אין הל׳ ת"ת שלו[302], ביז צו די דריי ענינים וועלכע זיינען געגעבן געווארן בעיקר צו נשי ישראל - דער ענין פון טהרת המשפחה, דער ענין פון כשרות האכו"ש, און דער ענין פון נרות שבת קודש ויו"ט.

און אזוי ווי מ׳קען נים מאכן דעם "כינוס תורה" צו אנשים און צו נשים אין דעם זעלבן טאג, וואדום דעמולט ווערט דער חשש ווער וועט אכטונג געבן אויף די קינדער

- וכיו"ב -

------------

295) עזרא ד, ו ובפרש"י. מגילה יא, א. פרש"י עה"פ אסתר ט, י. 296) אסתר שם, כז. 297) עה"פ יתרו יט, ג.
298) מכילתא עה"פ. ועוד. 299) פרש"י עה"פ תשא לג, יא.
300) פרש"י ר"פ ויקהל. 301) ויקהל לה, כב. 302) ספ"א.

וכיו"ב – זאל מען מאכן דעם "כינוס תורה" צו די נשים אין א באזונדער טאג (ניט אין דעם זעלבן טאג וואס מ'מאכט דעם "כינוס תורה" צו אנשים), ע"פ החלטת הרוב, אדער ע"פ הגורל.

נז. ויה"ר אז עס זאל זיין בהצלחה רבה, כולל אויך בנוגע צו אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורה, וואס די איז דער "כלי מחזיק ברכה"[303], וויבאלד אז דורך דערויף וואס "בחוקותי תלכו – שתהיו עמלים בתורה"[304] וועט זיין דער "ונתתי גשמיכם בעתם"[305], כפירוש הבעש"ט[306] אז אייערע גשמיות וועלן זיין "בעתם".

און אלע צוזאמען, אנשים ונשים, זאלן זוכה זיין בקרוב ממש צו זען דעם בנין ביהמ"ק השלישי, וואס ער וועט זיין בדוגמת ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני[307], און ער וועט אויך האבן די ענינים פון דעם משכן, ווארום דער משכן וועט נתגלה ווערן אין ביהמ"ק השלישי.

ובפרט ע"פ הידוע דער גודל המעלה פון נשי ישראל – אנהויבנדיק ווי דאס איז פארבונדן מיטן ענין החינוך, וואס זיי זיינען מחנך די קינדער אין אן אופן אז "הם הכירוהו תחלה"[308] און געזאגט "זה א-לי ואנוהו"[309], אין אן אופן פון "מראה באצבעו ואומר זה"[310], ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים",

און ווי ס'שטייט אין כתבי האריז"ל[311] אז אונזער דור איז בדוגמא פון דעם דור וואס איז ארויסגעקומען פון מצרים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל המעלה פון נשי ישראל אין אונזער דור.

[מסתמא וועט מען דאס זיי ניט זאגן – כדי אז ס'זאל ניט ווערן קיין ענין וואס איז היפך הסדר].

וכאמור אז מ'זאל מאכן דעם "כינוס תורה" פאר די נשים אין א באזונדער טאג פון דעם טאג ווען מ'מאכט דעם "כינוס תורה" פאר די אנשים, דאס וועט אבער געטאן ווערן מיט א כוונה אחת – לעשות רצון אבינו שבשמים, וואס דורך דעם וואס עס וועט זיין דער "עשה רצונו כרצונך", וועט זיין דער "יעשה רצונך כרצונו"[312].

– און –

303) עוקצין בסופה. 304) בחוקותי שם, ג ובפרש"י.
305) בחוקותי שם, ד. 306) ראה כש"ט סרנ"ו (לה, א).
307) רמב"ם הל' ביהב"ח פ"א ה"ד. 308) סוטה יא, ב.
309) בשלח טו, ב. 310) שמו"ר ספכ"ג. וראה גם פרש"י עה"פ.
פרש"י תענית בסופה. 311) ל"ח וס' הליקוטים עה"פ שמות ג.
ד. שער הגלגולים הקדמה כ'. 312) אבות פ"ב מ"ד.



הנחה הה' בלתי מוגה

און בקרוב ממש וועט קומען משיח צדקנו, און וועט אויפשטעלן אלע אידן פון עקבתא דמשיחא אין דער גאולה האמיתית והשלימה. אין אן אופן פון "ביד רמה", און אין אן אופן פון "קוממיות - בקומה זקופה", און נאך פאר דעריף וועט שוין זיין דער מעמד ומצב אז "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם".

און ס׳וועט זיין דער "פרזות תשב ירושלים"[313], ווארום "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י ועתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[314],

און ס׳וועט זיין דער "קהל גדול ישובו הנה"[315] - אין ירושלים עיר הקודש, און דיי וועלן זען די אלע ענינים וואס וועלן זיין אין ביהמ"ק, בדוגמא ווי ס׳איז געווען ווען אידן האבן געווען עולה לרגל,

ביז אז עס וועט זיין דער "לא יכנף עוד מוריך", וואס א מעין דערפון איז שוין געווען אין זמן מ"ת[316], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, און אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"

צוה לנגן "פרזות תשב ירושלים".

ברך ברכה הבזון. תפלת ערבית. הבדלה. וחילק לכאו"א כוס של ברכה.

סרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

313) זכרי׳ ב, ח. 314) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג. 315) ירמי׳ לא, ח. 316) תניא פל"ו (מו, א).

הנחת הת׳ בלתי מוגה

**שיחת כ״ק אדמו״ר שליט״א**

**לקבוצת תלמידי בית ספר למלאכה בכפר חב״ד שיחיו**

**(שבאו לשהות אצל כ״ק אדמו״ר שליט״א בחגה״ש) החוזרים לאה״ק ת״ו**

**— בחדרו — יום ג׳ שהוכפל בו כי טוב, יו״ד סיון ה׳תשל״ט**

השי״ת יברך את כאו״א מכם בכל המצטרך, הן בגשמיות והן ברוחניות.

ולהיותכם תלמידים של מוסד על טהרת הקודש, שתתחיל הברכה בנקודה העקרית — לימוד התורה, נגלה וחסידות, בהתמדה ובשקידה, ובהצלחה רבה.

וכדי שתהי׳ הצלחה (כדבעי, ועאכו״כ הצלחה) רבה בלימוד התורה, צורך לזה בהקדמת עבודת התפלה[1], ובימות החול — מה טוב גם לתת לצדקה[2] (בל״נ) פרוטה אחת או פריטות אחדות, בביקר לפני[3] תפלת שחרית.

ושהלימוד יביא לידי מעשה[4] — קיום המצוות בהידור.

והיות אשר זכיתם ואתם נמצאים בארה״ק, „ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[5] — תעשו כל זה בקדושה יתירה, יותר מזו שבחו״ל.

וכל זה גם יוסיף בברכת ה׳ בכל המצטרך לכם, ולכל המשפחה שי׳ של כאו״א מכם —

כמ״ש „בחוקותי תלכו״[6] (שזהו ג״כ[7] לשון של הבטחה[7*]), וכפירוש רש״י (מתו״כ) „שתהיו עמלים בתורה״, „ואת מצוותי תשמרו״, שזה רומז למל״ת, „ועשיתם אותם״ — מ״ע[8].

ויקויימו כל הברכות המנויות להלן בפרשה, כולל (ומתחיל) „ונתתי גשמיכם בעתם״[9], כפירוש מורנו הבעש״ט[10] שגם הגשמיות תהי׳ בעתה ובזמנה,

---

1) ראה [illegible] עץ החיים פ״א״ב. פ״ג.

2) ע״פ מרז״ל „כל האומר אין לי אלא תורה כו׳״, אלא צ״ל „תורה וגמ״ח״ — יבמות קט, ב. אגה״ק ס״ה (קח, בע״ב). ועוד.

3) ראה ב״ב י, א. שו״ע (אדה״ז) או״ח סי׳ צב [illegible] — [illegible]. וראה פי׳ האריז״ל בסידור [illegible] ד״ה. ואכ״מ.

4) ראה קידושין מ, ב.

5) עקב יא, יב.

6) בחוקותי כו, ג.

7) ראה לקו״ש ח״א ע׳ 281 ואילך.

7*) ואף שנאמר „אם בחוקותי״ — מצינו אם [illegible] ויקרא ב, יד.

8) ראה [illegible] יצס, ב; [illegible]

9) כלי יקר עה״פ.

10) בחוקותי שם, ד.

11) ראה [illegible] הוצאת קה״ת [illegible] א.

ז. א. הצלחה רבה ומופלגה לנצל הגשמיות ובכל הדרוש לעניני טוב וקדושה, כולל גם ההלכה[12] „כל מעשיך יהיו לשם שמים"[13], ו„בכל דרכיך דעהו"[14],

עד ל„ואולך אתכם קוממיות"[15], ש„לא להתבייש מפני בני אדם המלעיגים"[16].

שכאו"א מכם יהי' חסיד ירא שמים ולמדן, ומפיץ „נר מצוה ותורה אור"[17] בכל מקום שידו מגעת.

• • •

תמסרו פ"ש לכל החברים שי' שלכם בהמוסד, ולכל בני המשפחה, ותמסרו להם ג"כ הנקודה מכל האמור — שכל אחד ואחת יתקדמו וילכו „מחיל אל חיל"[18] בתורה ומצוות,

ויתברכו מה' מקור כל הברכות, בכל המצטרך להם, בגשמיות וברוחניות.

• • •

כדי לקשר את כל זה תיכף במעשה בפועל — אתן לכל אחד מכם דולר (שקל) אחד, וכשתחזרו לארה"ק תחליפוהו בלירות ישראליות, ותתנו לצדקה השייכת לחינוך על טהרת הקודש.

[נתן לכאו"א מהנוסעים שיחיו שטר של דולר. להמדריך שי' — בנ"ל, ועוד דולר הוספה „בתור מדריך"].

• • •

יה"ר שתמסרו פ"ש כבאן בבואכם שבה, ואחרי כן תבשרו בשורות טובות מהתם להכא.

12) טושו"ע או"ח סרל"א. וראה שו"ע אדה"ז חאו"ח [illegible], כ"ב.
13) אבות פ"ב מי"ב.
14) משלי ג, ו.
15) בחוקותי כו, יג. וראה פירש"י עה"פ.
16) שו"ע אדה"ז או"ח בתחלתו.
17) משלי ו, כג.
18) ל' הכתוב — תהלים פד, ח. וראה ברכות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח ס"ס קנה.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ נשא ה'תשל"ט. הנחה הה' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך דער שבת וואס קומט נאך ימי התשלומין פון "זמן מתן תורתנו", און ע"פ המדובר כמ"פ[1] אז יעדער שבת האט א שייכות מיטן שבת שלפנ"ז - האט דער שבת א שייכות מיט "זמן מתן תורתנו" אליין, וויבאלד אז דער יו"ט שני של גליות פון חגה"ש איז געווען אין דעם שבת שלפנ"ז.

וואס דער אויפטו פון יום השבת (וואס קומט נאך "זמן מתן תורתנו", און נאך ימי התשלומין שלו) איז - אז דעמולט ווערט דער "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[2], אז אלע ענינים וואס זיינען געווען במשך פון די ששה ימים, ווערן נתעלה ביום השבת אין אן אופן פון "ויכולו".

און דאס איז אויך מודגש אין דעם מארז"ל[3] "כי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס "ערב שבת" איז כולל אלע ששה ימים שלפני יום השבת[4], און אויך דערויף זאגט מען אז אלע ענינים פון "ערב שבת" (ששת ימי השבוע) זיינען נאר דער "טרח", די צוגרייטונג, צום "יאכל בשבת".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער חילוק הערך צווישן ששת ימי השבוע מיט יום השבת, איז (ניט נאר דער חילוק צווישן "טפל" און "עיקר", נאר ס'איז גאר צוויי באזונדערע סוגים, ביז) אין אן אופן וואס איז שלא בערך:

אלע (אדער א חלק חשוב פון די) ענינים פון ימות החול, "עובדין דחול", ווערן אנגערופן מערניט ווי בשם "טרח", דאס איז אן ענין של טרחא לגבי תכלית הכוונה און מטרה - דער "יאכל" וואס ווערט אויפגעטאן ווען די ענינים ווערן נתעלה ביום השבת.

ב. דערפון איז פארשטאנדיק, אז לאחרי גודל ההפלאה וואס איז דא אין "זמן מתן תורתנו",

[ביז ווי דער אלטער רבי[5] און דער מיטעלער רבי[6] און די נשיאים שלאחריהם[7] זיינען מבאר דאס וואס חגה"ש איז מערניט ווי "יום אחד", משא"כ שאר הימים טובים וואס זיי זיינען שבעת ימים (אזוי ווי תגה"פ) אדער שמונה ימים (אזוי ווי חג הסוכות און שמיני עצרת) -

אז דאס איז דערפאר וואס חגה"ש איז פארבונדן מיט דער דרגא וואס איז למעלה מהתחלקות, וואס אין ספירות איז דאס

- ספירת -

------------

1) ראה לקו"ש ח"ב ע' 592 הע' 9. 2) בראשית ב, א. 3) ע"ז ג, א. 4) ראה לקו"ש ח"א ע' 285. 5) הו"א קס, ד ואילך. 6) ראה סידור שי, ב. 7) אוה"ת יתרו ע' התעב.

ספירה הכהר, איז בשעה אז די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט אהדוה קומען אראפ למטה, ווערט זייער "נזכרים ונעשים"[8] אויך אין אן אופן של אהדות - "יום אחד",

משא"כ בנוגע צו די אנדערע ימים טובים. וואס זיי זיינען פארבונדן מיט סדר השתלשלות, ויאס דארטן כוז שוין זיין דער ענין ההתחלקות - קומען זיי אראפ למטה אין דער ההחלקות פון שבעה ארער שמונה ימים,

זאגט מען אבער אז ווען עס קומט דער שבת שלאח"ז, ווערט אויפגעטאן אן עילוי אין אלע ענינים וואס זיינען געווען בכשך השבוע (דער ענין פון חגה"ש מיט ימי התשלומין שלו), ביז אין אן אופן אז זיי ווערן אנגערופן בשם "טרח" לגבי דעם עילוי פון "יאכל בשבת",

וואס דער חילוק צווישן דעם "טרח" כיטן "יאכל" איז - אז דער "טרח" איז מערניט ווי די הכנה צום "יאכל", ווארום ער קען עסן כערניט ווי א דבר שברשותו. און דורך דער טרחא ווערט דאס ברשותו; אבער דעמולט איז דאס נאר ברשותו, און דורך דער אכילה ווערט דאס "דם ובשר כבשרו", ביז אז דאס איז נוגע צום עצם האדם.

ג. און אע"פ אז לכאו׳ איז א גבר הבדיל זאגן אז דער ענין ההורה (אין "זכה כהן הורהנו"׳ איז מערניט ווי אין אן אופן פון "טרח" וכיו"ב - אעפ"כ. לגבי דעם עילוי פון "יאכל בשבת". קען מען זאגן אז דאס איז בערניט ווי אין אן אופן פון "טרח".

וואס דאס איז בהאים כיטן כארז"ל וואס שטייט אין נגלה דהורה (וואס דאס איז אפגעדרוקט געווארן און נתפרסם געווארן בכל העולם כולו) אז "הורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני הורתו של משיח":

דער ענין פון "הבל" איז שלא בערך צו אן ענין של מבשות (אן ענין של אכילה וכיו"ב), ווי דער אפטייטש פון "הבל הבלים"[10] -

זאגט מען אז לגבי דעם גודל העילוי וואס וועט זיין אין "תורתו של משיח", ווערט דער לימוד התורה פון איצטער (מיטן גאנצן שטורעם און אויפטו שבזה, כולל אויך דעם ענין פון "ותורתך בתוך מעי"[11], אז עס ווערט "דם ובשר כבשרו"[12]) אנגערופן בשם "הבל" בעלמא.

- ועד"ז -

------------

8) ל׳ הכתוב - אסתר ט. כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים - הובא ונהבאר בספר לב דוד (להחיד"א) פכ"ט. 9) קה"ר פי"א. ח. וראה גם שם פ"ב. א. 10) קהלת א, ב. 11) תהלים מ, ט. 12) הניא פ"ב.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צום יום השבת שלאחרי חג השבועות:

יעדער שבת איז דאך א מעין פון דעם אלף השביעי[13], וואס דערפאר איז דאך דער "שיר של יום" פון יום השבת - "מזמור שיר ליום השבת"[14], וואס אויף דערויף טייטשט אפ די משנה[15] "ליום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים".

און דערפאר ווען עס קומט דער שבת שלאחרי "זמן מתן תורתנו", ווערט דער עילוי אין לימוד התורה, אין אן אופן אז דער לימוד התורה שלפנ"ז ווערט אנגערופן בשם "טרח" (ע"ד דער ענין פון "הבל") לגבי דעם לימוד התורה שלאח"ז, וואס ער איז אין אן אופן פון "יאכל", וואס "יאכל" באווייזט אויף דעם ענין התענוג,

וואס דאס איז דאך דער ענין פון שבת - "וקראת לשבת עונג"[16], ביז צו הכלית השלימות פון ענין התענוג - אין דעם זמן פון רעוא דרעוין, וואס דאס איז דער תענוג וואס האט ניט קיין שייכות מיט אכו"ש וכו'. און העכער פון כללות התענוג המורגש, כמבואר בארוכה אין די מאמרים פון המשך תרס"ו[17] ובכ"מ.

ד. האמור לעיל וועגן דעם אויפטו וואס ווערט אויפגעטאן אין "הורהו של משה" לגבי דעם לימוד התורה פון איצטער (וואס בדוגמת זה איז אויך דער אויפטו פון דעם שבת שלאחרי "זמן מתן תורתנו") - איז פארבונדן מערכים וואס ס'איז מבואר בכ"מ[18] אז אלע ענינים פון עוה"ז, כולל אויך דער ענין פון מ"ת, זיינען אלץ אן ענין פון אירוסין; און לע"ל וועט זיין דער ענין הנישואין ("והי' ביום ההוא . . תקראי אישי ולא תקראי לי עוד בעלי"[19]).

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק דער גודל החילוק צווישן אירוסין מיט נישואין - ביז אז דער תכלית און שלימות פון אירוסין איז דוקא ווען ס'איז דא דער ענין פון נישואין, ווארום דעמולט איז שייך דער קיום הענין פון "פרו ורבו".

[כמדובר כמ"פ אז עס זיינען דא כמה ענינים וואס מ'מאכט ניט קיין ברכה אויף זיי, דערפאר וואס זיי זיינען ניט דער מכוון, נאר דער מכוון איז א צווייטער ענין, ועד"ז בנדו"ד, אז דער מכוון פון אירוסין און נישואין איז - דער ענין פון "פרו ורבו"[20]],

- וואס -

------------

13) רמב"ן עה"פ בראשית ב, ג. 14) תהלים צב, א. 15) סוף מס' תמיד. 16) ישעי' נח, יג. 17) ע' תקכב. ע' תקכה. 18) שכו"ר ספפ"ו. וראה לקו"ה שה"ש כח, א-ב. ועוד. 19) הושע ב, יח. 20) ראה לקו"ש ח"ו ע' 118 הע' 64. ועוד.

וואס דאס איז פארבונדן מיט "מלאו את הארץ וכבשוה"[21], אז עס ווערט אויפגעפירט דער "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים"[22], דורך דערויף וואס א איד איז כובש די "עיר קטנה - זה הגוף"[23], צוזאמען מיט חלקו בעולם, וואס דורך דערויף ווערט נתברר די גאנצע וועלט, כמבואר בארוכה אין תניא[24].

און דערפון איז פארשטאנדיק די הסברה בנוגע צו מ"ת, אז אע"פ אז מ'זאגט אז מ"ת איז געווען אן איין און איינציקן מאל, און נאכאמאל וועט מ"ת נים זיין[25], וואס דאס איז אויך כולל "תורתו של משיח", פונדעסטוועגן זאגט מען אז "תורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח" - וואס לכאו' איז דאס א דבר והיפוכו -

געפינט מען ראה אויך אין נגלה, בנוגע צו דעם ענין פון אירוסין און נישואין:

ע"פ תורה איז די אירוסין א הקדמה צו די נישואין, און דוקא דורך דערויף קען מען קומען צו דעם ענין הנישואין. ד.ה. אז אין דעם ענין פון אירוסין איז שוין דא "בכח" דער ענין פון נישואין.

ביז וואנעט אז די ענינים וואס טועך זיך אויף דורך די אירוסין, ווערן נים איבערגע'חזר'ט נאכאמאל - עס טוט זיך אויף דורך די אירוסין, און דערפון בלייבט דאס אויף אלעמאל,

ווי דער דין איז אז דורך די אירוסין איז "אסר לה אכו"ע כהקדש"[26] (דערפאר וואס זי ווערט פארבונדן מיט אים - ווי דער צווייטער אפטייטש אין "מקודשת"[27]), ביז ווי מ'זעט דעם תומר הדבר פון דעם עונש שבזה וכו';

און פונדעסטוועגן זאגט מען אז עס קומט נים צום תכלית המכוון דערפון - אז ס'זאל זיין דער "על כן יעזב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו והיו לבשר אחד"[28], אין זייערע ילדים[29], וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך די נישואין דוקא, ד.ה. אז דער תכלית פון אירוסין ווערט אויפגעטאן דורך די נישואין.

ועד"ז בנדו"ד, אז מ"ת איז טאקע כולל "תורתו של משיח" (בדוגמא ווי אין אירוסין איז שוין דא "בכח" דער ענין - הנישואין) -

------------

21) בראשית א, כח. 22) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו. תניא רפל"ו. 23) נדרים לב, ב. 24) פל"ז. 25) המשך תרס"ו ע' כג. תקכו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. ועוד. 26) קידושין ב, ריש ע"ב. ועוד. 27) תוד"ה דאסר - קידושין שם. 28) בראשית ב, כד. 29) פרש"י עה"פ.

הנישואין), און אעפ"כ איז "תורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח" (בדוגמא ווי דער שלימות האירוסין ווערט אויפגעטאן דורך די נישואין).

ה. ועד"ז בענינגו:

צוזאמען מיטן גאנצן שטורעם וואס איז דא אין "זמן מתן תורתנו", וואס אין דערויף איז אויך נכלל דער ענין התשלומין (ווי דער פשוט'ער אפטייטש פון תשלומין - אז ס'איז דא דער עיקר הדבר, "זמן מתן תורתנו", און אין דערויף איז אויך דא דער כח אז מ'זאל קענען משלים זיין די ענינים אין דעם זמן שלאח"ז) - איז אויך דא דער ענין וואס "תשלומין" איז כלשון שלימות, ד.ה. אז דאס איז משלים דעם ענין פון "זמן מתן תורתנו",

ועד"ז איז דא דער אויפטו וואס ווערט אויפגעטאן אין דעם שבת שלאח"ז - אז דעמולט ווערט דער ענין פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", אז אלע ענינים וואס זיינען באשאפן געווארן אין ששה ימי בראשית, שטייען בשבת אין אן אופן פון תענוג (דער צווייטער אפטייטש אין "ויכולו"[30]), דורך דערויף וואס זיי שטייען אין אן אופן פון כליון (דער ערשטער אפטייטש אין "ויכולו"[31]); די מציאות פון דער זאך איז שוין דא אין די ששה ימים, אבער בשבת ווערט דאס נתעלה אין אן אופן פון "ויכולו".

ביז וואנעט אז דאס ווערט אנגערופן בשם "טרח" לגבי דעם "יאכל בשבת",

און ניט נאר אז דער "טרח" איז א מציאות פאר זיך, און דערנאך עסט ער דעם ענין און דאס ווערט "דם ובשר כבשרו". נאר נאכמער: ער איז מכלה (בלשון כליון) די זאך, אזוי אז עס ווערט אויס מציאות פאר זיך. נאר ס'איז מערניט ווי אן ענין של טרחא צוליב א דבר נעלה יותר - דער ענין פון "מעלין בקודש"[32]. און אז ער'י צו א דרגא וואס איז באי"ע.

וואס די עלי' צו א דרגא וואס איז באי"ע ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ס'איז דא באמצע דער ענין פון ביטול לגמרי, דער ענין הכליון.

ווי עס ווערט געבראכט[33] די דוגמא דערפון וואס "ר"ז יתיב באה העניתא (אדער מ' העניות) דישתכח גמרא בבלי' כיני'", כדי ער זאל קענען צוקומען צום לימוד פון הלכות - ירושלמי -

------------

30) אוה"ת בראשית כב. ב ואילך. 31) ברכות כח. א. וש"נ. 32) המשך תרס"ו ע' יג. 33) גי' הרש"ל.

ירושלמי[34] - וויבאלד אז די עלי' פון הלמוד בבלי צו תלמוד ירושלמי איז אן עלי' שלא בערך, וואס דערפאר האט ער געדארפט פארגעסן אויף תלמוד בבלי, כדי אז ס'זאל אים ניט מבלבל זיין (ווארום בשעת עס רעדט זיך וועגן אן עלי' וואס איז בערך, איז די השגה הקודמת גאר מסייע צו דער השגה שלאח"ז),

ועד"ז ווערט געבראכט די דוגמא פון דעם "עמוד" שבין ג"ע לג"ע, וואס דאס איז א ביטול עליון יותר, ביטול שני, כדי אז ס'זאל קענען זיין די עלי' צו א דרגא וואס איז שלא בערך[35].

ו. אין יעדער ענין איז דאך די כוונה דער ענין פון מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[36] - ועד"ז בנדו"ד, אז מכל האמור לעיל דארף זיין א הוראה בנוגע למעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, עאכו"כ אין עקבתא דמשיחא, וואס אט אט ענדיקט זיך דער גלות, און מ'דארף מקבל זיין פני משיח צדקנו, און לערנען תורתו של משיח.

איז די הוראה דערפון:

אזוי ווי מ'האט דאך גע'שטורעמ'ט אז אין "זמן מתן תורתנו" און אין ימי התשלומין שלו, זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצוותי', ובפרט אין מצוה הצדקה, וואס "בכל תלמוד ירושלמי היא נקראה בשם מצוה סתם"[37], ווי גערעדט באריכה אין די פריערדיקע התוועדויות,

קען מען דאך טראכטן, אז אזוי ווי "כל ישראל בחזקת כשרוה"[38], און מ'האט זיכער געטאן אין דערויף ביהר שאת וביהר עוז, ביז (בלשון הגמרא[39]) "כדבעי לי' לכיעבד" - איז איצטער די צייט וואס מ'דארף זיך גיין אפרוהען, איבערכאפן דעם אטעם, און טראכטן וועגן גיין שפאצירן וכיו"ב.

זאגט מען א אידן, אז דער ענין פון "טיול" איז דא לאחרי מאה ועשרים שנה - ווען ער וועט קומען אין ג"ע, וועט ער גיין שפאצירן מיטן אויבערשטן אין ג"ע (כמבואר אין מדרז"ל בכ"מ[40]),

וי"ל אז דער ענין הטיול מיטן אויבערשטן אין ג"ע איז מעין זה אויך דא בא נשמות הצדיקים וואס געפינען זיך בעלמא דין אלס נשמות בגופים, אז בשעת זיי זיינען עולה בלילה אין

- ג"ע -

------------

34) ב"מ פה, סע"א. 35) המשך הנ"ל ע' טו. 36) אבות פ"א מי"ז. 37) תניא פל"ז (מח, ב). 38) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 39) כתובות סז, רע"א. 40) ראה סנהדרין קב, סע"א. וראה בהנסמן בסה"מ תשי"א ע' 10 בהערה.

ג"ע (ווי עס שטייט אין זהר[41] וואס איז פארבונדן מיט תיקון חצות), וואס די נשמה איז עולה אין ג"ע לשאוב לה חיים (ווי עס שטייט אין פרדר"א[42]) - איז דעמולט דא דער ענין פון טיול עם הקב"ה בג"ע,

אבער כל זמן אז מ'געפינט זיך אין עוה"ז, זאגט מען אז "אדם לעמל יולד"[43] - בדרך ממילא דארף ער נאכמער מוסיף זיין בעבודתו.

ז. און ניט נאר אז עס דארף זיין דער "עמל" אין עניני העולם ("עמל מלאכה"[44]), אז ווען עס קומט צו עניינים פון וועלט, טוט ער דאס אין אן אופן של "עמל",

וואָרום אע"פ אז דאס איז פארבונדן מיט בני חיי ומזוני רויחי, וואס "תורה" זאגט אים אז דאס איז אן ענין של תענוג - זאגט מען אבער אז דער יחס פון א אידן דערצו איז, אז דאס איז טאקע א תענוג גדול, דאס קומט אבער ניט צום תענוג וואס א איד דארף (און וועט) האבן, וואס דאס איז זיין מציאות, ביז וואנעט אז לגבי אמיתית התענוג ווערט דאס אנגערופן בשם "עמל",

נאר עס דארף אויך זיין דער ענין פון "עמל שיחה"[44], ביז צו "עמל תורה"[44], אז דער לימוד התורה זאל זיין אין אן אופן "שתהיו עמלים בתורה"[45].

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז "עמך כולם צדיקים"[46], איז ווי איז שייך צו זאגן אז הארעוועו אין תורה זאל הייסן ביי אן אידן אן ענין של "עמל" - דער גרעסטער תענוג וואס קען זיין ביי א חכם (ביז צו א חכם בעצם כח חכמתו, ווי חסידות[47] איז מפליא אין דערויף) איז, אז ער האט די אפשריות הארעוועו אויף אן ענין הכי שכלי אויף וועלכן ער קען הארעוועו - איז ווי זאגט מען אז דאס ווערט אנגערופן בשם "עמל"?!

איז דער ביאור בזה - אז לגבי דעם תענוג וואס איז דא אין שכר המצוה, ווערט דאס אנגערופן בשם "עמל":

ס'איז מבואר אין המשך וככה[48], אז אין דעם ענין פון תענוג דקדושה (ביז צו שלימות התענוג, דער תענוג וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה וקיום מצותי') זיינען דא צוויי אופנים: תענוג נברא, און תענוג בורא.

- והביאור -

---

41) ח"א פב, ב. ועוד. 42) ראה שם פל"ד. ב"ר פי"ד, ט. 43) איוב ה, ז. 44) סנהדרין צט, ב. 45) תו"כ ופרש"י ר"פ בחוקותי. 46) ישעי' ס, כא. 47) ראה סה"מ עת"ר ע' ד ואילך. ובכ"מ. 48) פי"ב ואילך.

והביאור בזה:

עס איז דא דער תענוג פון דעם נברא, ביז צו שלימות התענוג, אז ער איז זיך מהענג דערפון וואס ער קען מקיים זיין רצון האדון, וואס דאס איז די עבודה אין אן אופן פון "לשבה", ניט צוליב קיין תכליה, נאר "עבודה מאהבה"[49], אז מצד דערויף וואס ער איז אוהב את הקב"ה, איז ער ממלא רצונו, און ער האט תענוג דערפון וואס ער קען ממלא זיין רצון הקב"ה.

דאס איז דאך אבער דער תענוג פון דעם נברא - עס איז טאקע א תענוג הכי נעלה, עד איז זיך מתענג דערפון וואס ער קען ממלא זיין רצון הקב"ה, דאס איז אבער דער תענוג פון דעם נברא.

און דערנאך איז דא אן ענין נעלה יותר - דער תענוג פון דעם בורא, דער "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[50], ד.ה. אז זיין תענוג איז (ניט דערפון וואס ער קען ממלא זיין דעם אויבערשטן'ס רצון, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[51], נאר) דערפון וואס דער אויבערשטער האט דעם "נחת רוח לפני כו'",

זיין תענוג איז ניט קיין מציאות בפ"ע, נאר דאס איז דער תענוג פון דעם אויבערשטן, דער "נחת רוח לפני כו'", ווארום דער תענוג האדון ווערט דער תענוג העבד, כמבואר אין המשך תרס"ו[52] די פרטי הדברים.

און אויף דערויף זאגט מען אז לגבי דעם תענוג בורא, ווערט דער תענוג נברא (דער תענוג וואס ער האט פון לימוד התורה) אנגערופן בשם "עמל".

ח. און דאס איז דער חילוק צווישן ששת ימי החול מיט יום השבת:

אין ששת ימי החול דארף א איד (ע"פ תורה) פארנעמען זיך מיט אן ענין של מלאכה, ביז צו דער מלאכה העיקרית - לעשות לו ית' דירה בתחתונים, משא"כ אין יום השבת, וואס דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי'"[53], און דער כללות ענין השבת איז - "וקראת לשבת עונג".

וואס אין ששת ימי החול איז ביי אים אויך דא דער ענין התענוג, ווארום ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות וכו',

- האט -

------------

49) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"י. פיהמ"ש סנהדרין פ' חלק ד"ה וכה חמישית. 50) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 51) קידושין בסופה. 52) ע' שכו. ועוד. 53) מכילתא עה"פ יתרו כ, יט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (כא).

האט ער תענוג דערפון וואס ער איז מקיים דעם אויבערשטן'ס רצון - דער חילוק איז אבער, אז אין ששת ימי החול האט ער דעם תענוג פון זיין מלאכה, תענוג נברא, משא"כ ביום השבת, וואס דעמולט האט ער דעם תענוג דערפון וואס "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", תענוג בורא.

ביז וואנעט אז דער תענוג נברא פון ששת ימי החול, ווערט אנגערופן "טרח בערב שבת" לגבי דעם "יאכל בשבת" - תענוג בורא.

און אז מ'זאגט אז דער ענין פון שבת איז "וקראת לשבת עונג" - איז ניט דער טייטש אז במשך פון יום השבת איז א איד גארניט מוסיף ח"ו אין דער עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, ער האט נאר הנאה דערפון וואס ער האט געטאן אין די ששה ימים שלפנ"ז;

דער דיוק איז נאר אז "כל מלאכתך (דיין מלאכה) עשוי'" (וואס דערפאר איז זי אסורה), וואס דאס איז נאר ווען מ'רעדט וועגן שלימות עבודתו ווי זי איז אין די ששה ימים -

דערנאך איז אבער דער אופן העבודה פון שבת (עבודת התפלה וכיו"ב), אז אין "מלאכת שמים" גופא איז די עבודה אין אן אופן פון "וקראת לשבת עונג" - תענוג בורא, א תענוג וואס איז ניט פארבונדן מיט דער שלימות פון זיין עבודה, ביז צו תכלית השלימות אין דעם ענין התענוג - דער תענוג פון רעוא דרעוין.

און אויף דערויף זאגט מען אז יעדער תלמיד חכם ווערט אנגערופן בשם "שבת"[54], וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "דכו"ע בשבת ניתנה תורה לישראל"[55] - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[56] אז דער ענין פון תורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת,

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות - וויבאלד אז תורה איז העכער פון וועלט (ואדרבה, וועלט איז גאר מבלבל צום ענין התורה), נאר די מאכט איבער און איז מתקן די וועלט, ד.ה. אז תורה איז פארבונדן מיט וועלט אין אן אופן פון "מאן מלכי רבנן"[57], אז ער ווערט א "מלך" אויף דער וועלט - ועד"ז איז שבת העכער פון וועלט,

ד.ה. אז דער ענין פון לימוד התורה איז אין אן אופן פון שבת - דער ענין פון תענוג בורא.

ס. ובנוגע לפועל:

- נאך -

---

54) זח"ג כט, א. 55) שבת פו, ב. 56) ויקהל פח, א ואילך. וראה לקו"ש ח"ו ע' 217 הע' 47. 57) ראה גיטין סב, סע"א.

נאך דערויף וואס מ'האט געטאן ביתר שאת וביתר עוז אין אלע ענינים האמורים, אין "זמן כהן הורתנו", און אין די ימים שלפנ"ז און אין ימי התשלומין שלאח"ז - קומט דערנאך דער שבת שלאח"ז, און איז מעורר און מעודד און גיט כח אויף די ימים שלאח"ז (וויבאלד אז "מיני' מתברכין כולהו יומי"[58]), אז מכאן ולהבא זאל מען טאן אין די אלע ענינים ביתר שאת וביתר עוז, לפי אופן העבודה פון די ימים הבאים לאח"ז.

וואס דעמולט וועט נמשך ווערן דער ענין צו וועלכן מ'האט דערגרייכט און צוגעקומען דורך דער עבודה אין די ימים שלפנ"ז, אין אן אופן אז ניט נאר אז ס'וועט ניט זיין קיין ירידה ח"ו, נאר אדרבה, עס וועט נאך זיין דער ענין פון "מעלין בקודש", אפי' לגבי דעם אופן העבודה פון "זמן מתן תורתנו".

י. דער אופן העבודה הנ"ל (אז אע"פ וואס מ'האלט שוין נאך "זמן מתן תורתנו", זאל די עבודה זיין ביתר שאת וביתר עוז לגבי ווי ס'איז געווען אין "זמן מתן תורתנו") איז בדוגמא ווי עס וועט זיין בביאה משיח צדקנו - וואס דעמולט וועלן אויך זיין ימי החול,

[כמבואר אין אגה"ק[59] אז די אלע הלכות וועלן ניט בטל ווערן, וכמבואר אין שער האמונה[60] אז ביז צו החיית המתים וועט זיין די הנהגה אין אן אופן אז "אין בין העוה"ז ליכות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד"[61]],

און אעפ"כ וועט דעמולט מאיר זיין פנימיות עתיק[62], און מ'וועט לערנען תורתו של משיח - וואס דער לימוד התורה שלפנ"ז איז אין אן אופן פון "הבל" לגבי דעם לימוד,

און עס וועט אויך זיין אן עילוי אין מעשה המצוות (וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה"[63]), כמבואר אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו (אין די דרושים פון ויחי[64] ובכ"מ) אז דעמולט וועט זיין דער קיום המצווה אין אן אופן פון "כמצות רצונך".

וואס יעדער ענין וואס וועט זיין לע"ל, דארף זיין א מעין דערפון אין מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, עאכו"כ ווען מ'שטייט שוין אין עקבתא דמשיחא, און אין ערב שבת

- קודש -

---

58) זח"ב סג, ב. פח, א. 59) סכ"ו (קמג, א ואילך). 60) צט, ב. 61) ברכות לד, ב. וש"נ. 62) ראה פע"ח שער הק"ש פט"ו. לקו"ת שה"ש בסופו. 63) קידושין מ, ב. 64) תו"א מו, א ואילך. תו"ח צח, א ואילך. אוה"ת כרך ה תתרז, א ואילך. תתשכח, ב ואילך. ועוד.

קודש לאחרי חצות היום, וואס דעמולט דארף זיין דער "טועמי' חיים זכו"[65],

ועאכו"כ נאך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" וואס איז געווארן בזמן הבעש"ט און תלמידיו, און תלמידי תלמידיו,

ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ער האט מפיץ געווען די מעיינות אין אלע-ערליי לשונות, כדי אז ס'זאל דערגרייכן אויך צו די אידן וואס (האבן צוטאן מיט אוה"ע, און דערפאר איז) לשונם איז בדוגמת הלשון פון אוה"ע - אז צו זיי זאלן אויך דערגרייכן אלע ענינים פון תומ"צ,

און ס'זאל זיין אין אן אופן פון "יפוצו", ביז אז דער "מעין" אליין זאל אנקומען אין "חוצה", וואס דאס איז דער אפטייטש פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[66] -

דארף מען האבן די עבודה וואס איז מעין העבודה דלע"ל - דורך דערויף וואס מ'וועט ממשיך זיין אין אלע ענינים האמורים, און אין אן אופן פון ביתר שאת וביתר עוז לגבי ווי ס'איז געווען אין "זמן מתן תורתנו", אין דעם אופן העבודה פון שבת - דער ענין פון תענוג בורא.

יא. און דאס וועט זיכער ממשיך זיין און מוסיף זיין אין ברכתו של הקב"ה - אז לכל לראש וועט זיין די הצלחה אין כל פעולות אלו,

ביז צו תכלית השלימות - אז בקרוב ממש וועט זיין דער "זכו אחישנה"[67], וואס דעמולט וועט זיין דער ענין אז משיח ילמד תורה את כל העם כולו[68], און מ'וועט מקיים זיין די מצוות "כמצות רצונך",

בעגלא דידן, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

יב. מ'האט גערעדט כמ"פ אז פון יעדער קביעות קען מען אפלערנען א באזונדער לימוד אין עבודת ה', ועד"ז בנוגע צו דער קביעות פון שנה זו - די קביעות פון תגה"ש, ובדרך ממילא אויך די קביעות פון ימי התשלומין.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער קביעות פון ר"ח,

- וואס -

---

65) ראה לקו"ת וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ.
66) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1119 ואילך. 67) סנהדרין צח, א.
68) לקו"ה צו יז, א. שער האמונה פנ"ו.

וואס ר"ח סיון איז שוין פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת,

ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער ההוועדות[69] (מיוסד אויפן מאמר פון דעם אלטן רבי'ן אויף "בחודש[70] השלישי גו' ביום הזה באו מדבר סיני"[71]) אז בר"ח סיון (וואס אויף דערויף גייט דער "ביום הזה"[72]) האבן אידן מסיים געווען די הכנה צו מ"ה, און זיי זיינען שוין געווען גרייט צו קבלה ההורה,

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'שטייט אין מדרש תנחומא[73] ובב"מ[74], אז בשעת דער אויבערשטער האט געזעהן אז "ויחן שם ישראל נגד ההר"[75], "ויחן" לשון יחיד, "כאיש אחד בלב אחד"[76], האט ער געזאגט אז דאס האט גע'פועל'ט דעם רצון און החלטה אויף געבן זיי די תורה - וואס דער "ויחן שם ישראל נגד ההר" איז געווען בר"ח סיון.

און בכללות ווערט דער ענין פון מ"ה נמשך אויף גאנץ חודש סיון, ד.ה. אז גאנץ חודש סיון איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת - וואס דערפאר איז די גמרא[77] מדגיש אז מ"ת איז געווען "בירחא תליתאי",

און דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די גמרא זאגט דארטן אז "יהב אוריאן הליתאי לעם תליתאי על ידי תליתאי ביום הליתאי", מיט אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט אין מדרש[78] און אין דעם פירוש פון ר"נ גאון.

יג. אין טור[79] ווערט אראפגעבראכט אז פ' במדבר לייענט מען אלעמאל פאר "זמן מ"ת", וואס דער טעם אויף דערויף איז[80], כדי צו מפסיק זיין צווישן די ענינים פון פ' בחוקותי וכו'.

אבער בנוגע צו פ' נשא, איז דא אמאל וואס מ'לייענט איר לאחרי חגה"ש, און ס'איז דא אמאל וואס מ'לייענט איר קודם חגה"ש - ווי מ'זעט דאס אין די לוחות.

און בקביעות שנה זו קומט ארויס אן ענין נעלה - אז אלע טעג אנהויבנדיק פון ר"ח סיון ביז צום סיום פון ימי התשלומין פון "זמן מתן תורתנו" (כולל אויך "זמן מתן תורתנו" אליין), זיינען אלע פארבונדן מיט פ' נשא -

- ווארום -

------------

69) שיחה מוצאי ש"פ במדבר, מבה"ת וער"ח סיון ס"ח.
70) יתרו יט, א. 71) תו"א יתרו סז, ג. 72) שבה פו, ב. פרש"י עה"פ יתרו שם. 73) באבער יתרו ס. 74) ויק"ר פ"ט, ס. דא"ז פ' השלום. 75) יתרו שם, ב. 76) מכילתא ופרש"י עה"פ. 77) שבה פח, א. 78) הנחומא יתרו י. ועוד.
79) או"ח סתכ"ח. 80) תוד"ה קללות שבהו"כ - מגילה לא, ב. הגה"מ לרמב"ם הל' תפלה פי"ג ה"ב.

ווארום ר"ח סיון איז געווען ביום הראשון פון פ׳ נשא, און שבעה בסיון (יום השבת) איז געווען יו"ט שני של גליות, האט מען געלייענט די קריאה פון יו"ט, און דערנאך האט זיך אנגעהויבן נאך א וואך וואס איז פארבונדן מיט פ׳ נשא, וואס אין דער וואך זיינען געווען די ימי התשלומין פון חגה"ש, און ערשט דערנאך איז געקומען שבת פ׳ נשא.

ד.ה. אז בקביעות שנה זו זיינען אלע טעג וואס זיינען פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו" [ניט דער ענין פון מ"ת וואס איז בכל יום ויום, וואס "בכל יום יהיו בעיניך חדשים"[81], נאר דער "אחת בשנה" פון "זמן מתן תורתנו"] - אין פ׳ נשא, און דערפון דארף זיין א הוראה נוספת.

און וויבאלד אז דאס איז א הוראה וואס איז פארבונדן מיט פשוטם של דברים (מיט אן ענין פון עשי׳ בפועל), איז פארשטאנדיק אז די הוראה דארף זיין פארבונדן מיט פירוש הפשט, און אין פשט גופא - ווי רש"י לערנט פשש"מ, ד.ה. אז דאס דארף זיין פארשטאנדיק אפי׳ צו א קטן בן חמש שנים (ועד"ז בנוגע צו א קטנה) וואס הויבט אן צו לערנען פשש"מ.

יד. והביאור בזה:

דער ענין פון "נשא" בפשטות איז - אז עס דארף זיין "נשא את ראש", ד.ה. ניט נאר אז מ׳הויבט אויף אן ענין וואס איז א נידעריקע זאך, אן ענין פון "רגל", אדער אן ענין וואס געפינט זיך באמצע עכ"פ, נאר אפי׳ בנוגע צו די העכסטע זאך וואס איז דא, דער ענין פון "ראש", דארף אויך זיין "נשא את ראש", אז דער "ראש" דארף אויך אויפגעהויבן ווערן אין אן אופן פון "נשא".

און דער ענין פון "במדבר" בפשטות איז - דער היפך דערפון:

דאס איז די דרגא הכי תתתונה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, וואס אין עוה"ז גופא זיינען דא כו"כ דרגות, און די דרגא הכי תחתונה אין דערויף איז - דער ענין פון "מדבר", ווארום ס׳איז אן ארט וואו עס וואקסט גארניט (עס גיט גארניט), ואדרבה, דאס איז "נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[82].

וואס דאס איז דאך דער פירוש הפשוט אין דעם ענין פון "מדבר", וואס די גאנצע סדרה ווערט אנגערופן "במדבר", על שם דעם "מדבר".

- טו. -

---

81) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. 82) עקב ח, טו.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

סו. דערפון האט מען א הוראה פשוטה:

בשעת א איד גייט מחנך זיין זיך - מחנך זיין דעם "קטנות" וואס איז דא ביי אים, וואס דערפאר דארף ער זיך שטענדיק מחנך זיין, און האלטן אין איין וואקסן,

[כמדובר כמ"פ[83] וועגן דעם דיוק אין לשון המשנה[84] "איזהו חכם הלומד מכל אדם" (אז פון יעדערן דארף ער עפעס אפלערנען), אז די הדגשה אין דערויף איז "הלומד" לשון הוה, ד.ה. אז ער ווערט אנגערופן בשם "חכם" ניט דערפאר וואס ער האט אמאל געלערנט, נאר דערפאר וואס ער איז "הלומד מכל אדם", לשון הוה, אז איצטער איז ער זיך מחנך],

ועד"ז ווען ער גייט מחנך זיין א קטן כפשוטו - א קטן בידיעות, אדער א קטן בשנים -

איז דער ערשטער לימוד - אז בשעת כ'האלט פאר דעם עניין פון מ"ת, זיינען אלע ענינים פון וועלט אין אן אופן פון "מדבר" (ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס פ' במדבר לייענט מען פאר מ"ת).

וואס אע"פ אז ער האט ענינים של תענוג, און דער תענוג איז אויף א כשר'ן אופן (ווארום עס רעדט זיך דאך וועגן א אידישן קינד, וואס יעדער איד איז "בחזקת כשרות") - זאגט מען אים אבער, אז דאס איז טאקע כשר און מותר, מיט אלע עילויים ומעלות וואס זיינען דא אין דערויף, אבער וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן א אידיש קינד, איז דאס ביי אים אן עניין של "מדבר", וואס א "מדבר" איז אן ארט וואו עס וואקסט גארניט, ביז אז דארטן איז "נחש שרף ועקרב גו'".

און כ'זאגט אים אז אויב דאס איז ניט קיין דבר שבקדושה, איז דאס אן עניין של "מדבר", א דבר בלתי רצוי.

סז. לכאו' וואלט מען געקענט טענה'ן (ווי בעלי-בהים טענה'ן) אז אין וועלט זיינען דא דריי ענינים: אן עניין של מצוה, אן עניין וואס איז היפך המצוה, און אן עניין של רשות,

ובמילא ווען עס רעדט זיך וועגן אן עניין של רשות קען ער (ובמילא דארף ער) זיך וואויל גיין, און ער קען טאן ווי ביי אים קומט אויס.

ובפרט - טענה'ט ער - אז ער פארשאפט תענוג צו א בריאה של הקב"ה, ועאכו"כ אז ער פארשאפט תענוג א אידן, בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה (וואס ער איז דאך

- אויך -

---

83) ראה גם שיחת יום ב' דחגה"ש ש.ז. סכ"ד. 84) אבות רפ"ד.

אויך בכלל זה) - פארשטייט מען דאך גודל התענוג וואס עס האט אבינו שבשמים דערפון וואס מ'פארשאפט תענוג צו א בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה.

ובמילא איז ער אוכל ושותה, און פארנעמט זיך מיט משאו ומתנו (טאקע באמונה) - און זיין כוונה אין דערויף איז (ניט צוליב עבודת ה', און אפי' ניט סתם (ווי ער זאגט אין תניא[85]), נאר) בשביל תענוג גופו.

און מ'זאגט דאך אים אז ווען ער פארשאפט תענוג א צווייטן אידן, ער העלפט ארויס א צווייטן אידן אז ער זאל האבן פרנסתו בהרחבה, איז ער מקיים א מצוה הכי גדולה - מצות הצדקה, וואס אויף מצות הצדקה זאגט מען אז "בכל תלמוד ירושלמי היא נקראת בשם מצוה סתם" -

איז פארוואס ווען עס קומט צו זיך זאגט מען אים ער זאל טאן קאפויער - וואס איז ער ערגער פון א צווייטן אידן?!

און ער טענה'ט אז עס דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[86], דארף ער דאך זיך ליב האבן אזוי ווי ער האט ליב א צווייטן אידן - איז אזוי ווי ער איז זיך משתדל צו פארשאפן א צווייטן אידן כל התענוגים, פארשאפט ער זיך אויך כל התענוגים.

און ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו הלל[87] אז "כשהי' הולך לאכול הי' אומר שהוא הולך לגמול חסד עם העלובה ועני' הוא גופו" - דאס איז גאר אן ענין פון גמ"ח, וואס גמ"ח איז איינע פון די גרעסטע מצוות.

איי ער דארף דאך טראכטן וואס וועט זיין מיט עוה"ב - זאגט ער אז ביי אים איז "עולמך תראה בחייך"[88], ער האט תענוג אין עוה"ז!

יז. זאגט מען אבער א אידן, אז ער זאל וויסן זיין אז דאס וואס עס זיינען דא בעולם עניני הרשות, איז דאס נאר כדי אז ער זאל באווייזן אז ער געהערט צום "עם חכם ונבון"[89], און אז ער איז "חכם ונבון" במעשה בפועל ובגלוי - ובמילא ווייסט ער אז ס'איז א דין אין שו"ע[90] אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[91] און "בכל דרכיך דעהו"[92].

און ווי געערדט כמ"פ[93] דעם דיוק בדבר, אז דאס איז

- "מעשיך" -

---

85) ספל"ט. 86) קדושים יט, יח. 87) הניא פכ"ט (לו, א). מויק"ר פל"ד, ג. 88) ברכות יז, סע"א. 89) ואתחנן ד, ו. 90) או"ח סרל"א. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב. 91) אבות פ"ב מי"ב. 92) משלי ג, ו. 93) ראה גם לקו"ש ח"י ע' 3.

"מעשיך" און "דרכיך", ס'איז ניט קיין ענין וואס איז פאר-בונדן מיט א מ"ע אדער א מל"ת, נאר ס'איז אן ענין וואס איז געגעבן געווארן לרשותו, אז ער זאל מחליט זיין וואס ער זאל טאן און ווי אזוי ער זאל טאן (עניני הרשות) -

זאגט מען אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו", ביז ווי ער טייטשט אפ אין תניא[94] אז דער ענין פון "דעת" איז "מלשון התקשרות כו' ויתקע מחשבתו בחוזק כו'", ד.ה. אז דורך דעריוף ווערט ער גאר פארבונדן מיטן אויבערשטן.

און אז ער שרייט אז הלל האט געזאגט אז ער איז גומל חסד מיטן גוף - זאגט מען אים אז הלל האט גלייך מוסיף געווען אז ער איז "הולך לגמול חסד עם העלובה ועני' הוא גופו", ד.ה. אז דער גוף איז ביי אים געשטאנען אין אן אופן של טפל, "עושים גופם טפל"[95], און די נשמה האט נאר געטאן אן ענין של גמ"ח מיטן גוף, ד.ה. אז ווען ער איז געגאנגען עסן, האט ער דאס געטאן ניט דערפאר וואס דער גוף וויל עסן, נאר דערפאר וואס די נשמה וויל מקיים זיין דעם ענין פון גמ"ח - "לגמול חסד עם העלובה ועני' הוא גופו".

ד.ה. אז די אכילה דארף זיין (ניט צוליב תענוג גופו, און אפי' ניט סתם, נאר) "לשם שמים", ביז אין אן אופן פון "דעהו", אז די אכילה אליין ווערט אן ענין של מצוה (ע"ד סעודת מצוה וכיו"ב)[96], ביז אז דורך דעריוף פארבינדט ער זיך מיטן אויבערשטן - וואס דאס איז דאך דער אפטייטש פון "דעת" ("דעהו") - דער ענין פון התקשרות.

יח. און מ'זאגט א אידן, אז אין תחלה הבריאה זיינען טאקע דא דריי ענינים,

[כמדובר כמ"פ וועגן דעם עילוי פון "שלשה" אפי' לגבי "אחד" (ניט נאר לגבי "שנים") - און דערפאר איז כללות הבריאה איינגעשטעלט אין אן אופן אז "על שלשה דברים העולם עומד"[97]],

עס איז דא דער אויבערשטער, און עס איז דא (להבדיל) א איד, און דערנאך איז דא די וועלט.

און די עבודה פון א אידן איז - זעהן אז די וועלט זאל ווערן אויס וועלט, און דעמולט וועט ווערן פון די דריי זאכן איין זאך:

דורך דער עבודה פון א אידן, ווערט די וועלט אויס

- וועלט -

------------

94) ספ"ג. 95) דאה תניא רפל"ב. 96) דאה לקו"ש ח"י ע' 104 ובהנסמן שם בהע' 36. 97) אבות פ"א מ"ב.

וועלט, און זי ווערט א מציאות פון תורה, ד.ה. אז וואו א איד גייט זיך נאר א קער איין חלקו בעולם, זעט ער אז דאס איז דורכגענומען מיט תורה, ביז וואנעט אז "כל רואיהם יכירום"[98] אז דאס איז א חלק בעולם וואס געהערט צו א תורה-אידן,

און דעמולט ווערט דער ענין פון "ישראל (דורך אורייתא) וקוב"ה כולא חד"[99], ד.ה. אז דורך תורה (כולל ווי די וועלט ווערט א מציאות פון תורה) ווערן ישראל וקוב"ה כולא חד,

ביז וואנעט אז די תורה איז "נקראת על שמו"[100] - וואס דעמולט בלייבט מערניט ווי עצמות. און ער (כביכול), כמבואר אין דער שיחה הידועה פון דעם רבי'ן נ"ע אין תורת שלום[101].

און דאס איז ניט קיין ענין וואס איז היפך ענין האחדות ח"ו - ווארום זיין מציאות איז מערניט ווי מציאות האדון, ווי דערמאנט פריער (ס"ז) בנוגע צו דעם כח התענוג, אז זיין תענוג איז דער תענוג האדון.

און אויף דערויף זאגט מען אז דער גאנצער ענין פון "שלישי" איז געמאכט געווארן כדי אז ס'זאל זיין "הוכפל בו כי טוב"[102], ניט נאר איין מאל "כי טוב", נאר צוויי מאל "כי טוב" -

בדוגמת המבואר אין אגה"ת[103] אז ווען מ'דארף עפעס מתקן זיין, דארף דאס זיין צוויי מאל אזוי פיל, ועד"ז איז בנוגע צו יום השלישי, אז דעמולט דארף מען האבן דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב".

יט. און דאס איז התחלת החינוך וואס מ'איז מחנך א קינד - אז ער דארף וויסן אז פאר דעם ענין פון מ"ת, איז די גאנצע וועלט אן ענין פון א מדבר.

און ווען ער הויבט אן פאנאנדערפרעגן זיך וועגן פרטי ענין המדבר - זאגט מען אים אז א מדבר איז ניט קיין מקום ישוב, און ס'איז אפי' ניט קיין ענין של שדה - וואס דאס איז עכ"פ אן ענין פון הכשר מצוה, ווארום דארטן וואקסן עניניס וועלכע דער אדם איז אוכל ושותה, און דורך דערויף איז ער לומד תורה און מקיים מצוות - נאר ס'איז א פוסטע זאך,

און נאכמער: ס'איז אן ארט פון "נחש שרף ועקרב וצמאון", דערפאר וואס "אין מים", דארטן איז ניטא קיין ענין פון תורה, וואס "אין מים אלא תורה"[104], און וויבאלד אז

- "הבור -

---

98) ל' הכתוב - ישעי' סא, ט. 99) ראה זח"ב עג, א.
100) ראה שמו"ר פ"ל, ד. ועוד. 101) ע' 194. 202) פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 103) ספ"ט. 104) ב"ק יז, א. וש"נ.

הנחת הת' בלתי מוגה

"הבור ריק אין בו מים"[105], ס'איז ניטא דער ענין פון תורה, איז פארשטאנדיק אז "נחשים ועקרבים יש בו"[106], ווארום דאס גופא וואס דארפן איז ניטא דער ענין פון תורה, איז עס מכריח אז דארפן איז דא א מציאות הפכית.

[וואס דאס איז אויך די הסברה אויף דעם וואס מ'דארף גלייך מחנך זיין דעם קינד אין דרך התומ"צ -

וואס לכאו', קען מען פרעגן: וואס איז די היילעניש, ער איז טאקע מסכים אז מ'דארף טאן די אלע ענינים, ער וועט דאס אבער טאן מיט א רגע שפעטער, מיט א האלבע שעה אדער א שעה שפעטער?

זאגט מען אים, אז אויב ביי אים איז דא אן ענין וואס איז פנוי פון תורה, ווערט דאס גלייך דער כלי צו אן ענין הפכי].

און דאס איז מען מסביר א פיצל קינד, אז פאר "זמן מתן תורתנו" איז די גאנצע וועלט אן ענין פון מדבר;

און דער ענין פון מ"ת טוט אויף דעם ענין פון "נשא", עס הויבט אים אויף אינגאנצן.

און אז ער הויבט אן פאנאנדערקלייבן זיך די פרטים שבזה - זאגט מען אים אז תורה טוט אויף דעם "נשא את ראש", ד.ה. אז אפי' דיין "ראש" ווערט אויפגעהויבן, ועאכו"כ כל שאר חלקי גופו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס ווערט דער ענין פון מ"ת פון-דאס-ניי (ביז א נייעם היות, און ביז א נייער ההמדה ושקידה) - ווערט דער "נשא את ראש", אז אפילו דער שכל אין לימוד ההורה (דער "ראש") ווערט אויך אויפגעהויבן, און דאס הויבט אויף אויך אלע זיינע ענינים במשך כל היום כולו (ניט נאר דעם "ראש", נאר אויך שאר חלקי הגוף).

כ. און אויף דערויף זאגט מען אז ס'איז דא א קביעות וואס פ' נשא איז פאר חגה"ש, ד.ה. אז פאר מ"ה איז שוין דא ביי אים דער ענין פון "נשא את ראש".

והביאור בזה:

אין לימוד ההורה גופא זיינען דא כמה אופנים - ווי דער קינד זעט אז ס'איז דא אמאל וואס ער לערנט "מיראת הרצועה",

- [ווי -

------------

105) וישב לז, כד. 106) שבת כא, רע"א. פרש"י עה"פ. וראה לקו"ש וישב-חנוכה תשל"ז.

[וי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ק[107] אז אפי' ווען די קטנים לערנען נאר "מיראת הרצועה", האט דאס אויך די מעלה פון "הבל פיהן של תינוקות של בית רבן" וואס "אין בו חטא", און אויף דערויף האלט זיך די גאנצע וועלט[108]],

און דערנאך ווען ער ווערט נאכמער מחונך, ווערט ביי אים דער "נשא את ראש" - וואס דעמולט לערנט ער ניט "מיראת הרצועה", נאר מפני טעמים נעלים יותר,

און דעמולט גייט ער צו "זמן מתן תורתנו" אין אן אופן פון "נשא את ראש" (ד.ה. אז פאר מ"ת איז שוין דא ביי אים דער "נשא את ראש"), ובמילא איז דער לימוד שלו שלא בערך העכער.

און ווי מ'זעט בפשטות אז אע"פ אז ס'איז דא דער לימוד "מיראת הרצועה" (בשעת ס'איז ניטא קיין אנדער וועג), אעפ"כ, בשעת מ'איז מחנך דעם קינד אין אן אופן אז דער לימוד התורה זאל זיין "ע"פ דרכו"[109], ד.ה. אז ער לערנט תורה דערפאר וואס ער ווייסט וועגן דעם יוקר פון תורה (אדער דער יוקר פון חכמה ושכל בכלל (ניט "מיראת הרצועה")) - לערנט ער מיט א גרעסערע התמדה ושקידה, און איז מער מצליח אין לימוד התורה.

וואס דאס איז די הוראה דערפון וואס פ' נשא קומט אמאל קודם מ"ת - אז ער האלט בעבודתו אין אזא מעמד ומצב אז נאך קודם מ"ת איז ביי אים שוין דא דער ענין פון "נשא את ראש", און זיין צוגאנג צו מ"ת (און לימוד התורה) איז מלכתחלה אין אן אופן פון "נשא את ראש".

כא. און בשעת אז ער האט דעם ענין פון "נשא את ראש" קודם מ"ת (ווען מ'לייענט פ' נשא קודם מ"ת) - טוט אויף דער ענין פון מ"ת אז ביי אים זאל זיין דער "בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה יאירו שבעה הנרות"[110] - וואס פ' בהעלותך לייענט מען דאך אלעמאל נאך מ"ת, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי ס'זאל זיין דער ענין פון "בהעלותך את הנרות גו'", דארף זיין הקדמת הענין פון מ"ת.

והביאור בזה:

כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "בהעלותך את הנרות", אז אלע שבעה הנרות זאלן לייכטן, אין אן אופן פון "בהעלותך - עד שתהא שלהבת עולה מאלי'"[111], און אין אן אופן פון "אל

- מול -

---

107) קו"א סד"ה להבין מ"ש בשער היחודים (קנה, א).
108) שבת קיט, ב. 109) משלי כב, ו. 110) בהעלותך ח, ב.
111) פרש"י עה"פ.



הנחה הת' בלתי מוגה

מול פני המנורה" - וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין הביטול - דארף מען האבן הקדמת הענין פון מ"ת.

דער ביאור אין דעם:

דער לימוד ההורה דארף זיין ניט "כדיוסגמא ישנה", נאר "כחדשה (ווי רש"י[112] ברענגט אראפ פון ספרי), און נאכמער: "חדשים"[113] (אן א כ"ף הדמיון),

וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז ביי אים זאל לייכטן דער "ביום הזה"[114] (וואס דערפון לערנט מען אפ "שיהיו דברי תורה חדשים עליך כאלו היום נתנו") - דער טאג פון מ"ת,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן אין "זמן מתן הורתנו" בכל שנה ושנה, אז דעמולט ווערט אפגעפרישט דער ענין פון נתינת ההורה, אין אן אופן פון ביתר שאת וביתר עוז.

און וויבאלד אז ביי אים לייכט דער ענין פון מ"ת, איז פארשטאנדיק אז ביי אים קען זיין דער ענין הביטול ("אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות") - וויבאלד אז ביי אים ווערט נתחדש דער ענין פון "זמן מתן תורהנו", און "מה להלן באימה ביראה ברתת ובזיע אף כאן כו'"[115].

[וואס דער ענין דארף האבן א התחדשות מזמן לזמן, ועכ"פ אין אן אופן פעם אחת בשנה (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די מאמרים[116] וואס זיינען מבאר פארוואס דארף מען האבן אין תורה דעם ענין פון רצוא ושוב) - וואס דאס איז "זמן מתן תורתנו"].

כב. אין דער קביעות וואס מ'לייענט פ' נשא קודם מ"ת, קומט דאך אויס אז מ"ת טוט אויף נאר דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה גו'", דער ענין הביטול; עס טוט אבער ניט אויף דעם ענין פון "נשא את ראש", אן ענין של עלי' מדרגא לדרגא, אין אן אופן אז אפי' דער "ראש" ווערט אויפגע-הויבן, ווארום פ' נשא האט מען שוין געלייענט קודם מ"ת.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז דער ענין הביטול ("בהעלותך גו' אל מול פני המנורה") און דער ענין העלי' מדרגא לדרגא ("נשא") זיינען צוויי באזונדערע ענינים,

[ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער דוגמא וואס מ'ברענגט דערפון וואס "ר"ז . . יהיב מאה תעניתא דלישתכח גמרא בבלאה

- מיני" -

---

112) עה"פ ואתחנן ו, ז. 113) פרש"י עה"פ יתרו יט, א. 114) יתרו שם. 115) ברכות כב, א. 116)



הנחה הת' בלתי מוגה

מיני׳", כדי ער זאל קענען צוקומען צו תלמוד ירושלמי -

וואס אין דערויף זיינען געווען צוויי ענינים: דער ענין הביטול פון השגתו הקודמת אין תלמוד בבלי (דורך די תעניות), און די עלי׳ לדרגא נעלית יותר אין אן אופן וואס איז שלא בערך (דער לימוד פון תלמוד ירושלמי) -

פעלט דאך לכאו׳ דער ענין אז מ"ת זאל אויפטאן דעם ענין פון "נשא את ראש" (וויבאלד אז מ׳לייענט פ׳ נשא קודם מ"ת).

כג. אויף דערויף איז דא דער לימוד פון קביעות שנה זו - אז מ׳לייענט פ׳ נשא לאחרי מ"ת, וואס דעמולט קומט אויס אז מ"ת טוט אויף אויך דעם ענין פון "נשא את ראש".

ד.ה. אז נוסף אויף דער נשיאת ראש וואס איז ביי אים געווען אין פאריקן יאר, און נוסף אויף דערויף וואס ר"ח סיון (וואס דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער ענין אז אידן זיינען שוין געווען מוכן צו קבלת התורה (כנ"ל סי"ב)) און ימי ההכנה צו "זמן מתן תורתנו" (וואס בכל יום ויום קומט צו אן ענין מיוחד, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע[117]) זיינען אין פ׳ נשא, ד.ה. אז אין יעדער טאג קומט ביי אים צו דער ענין פון "נשא את ראש" -

קומט אויך צו דער ענין אז "זמן מתן תורתנו" אליין, און ימי התשלומין פון "זמן מתן תורתנו" (וואס זיי זיינען משלים די ענינים וואס מ"ת האט נים אויפגעטאן, אדער אז לפי מעמדו ומצבו דעמולט, האט ער דאס נים געקענט אויפטאן), זיינען אויך פארבונדן מיט פ׳ נשא - אז דעמולט ווערט אויפ-געטאן דער ענין פון "נשא את ראש" באופן נעלה יותר, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון מ"ת.

און דאס איז אין אן אופן אז נאך דערויף וואס מ׳האט געלערנט פ׳ נשא איין מאל - קומט צו דער לימוד פון פ׳ נשא א צווייטן מאל, אנהויבנדיק פון יום ראשון שלאחרי חגה"ש, און יום שני וכו׳, ביז צום שבת שלאחרי חגה"ש, וואס דעמולט לייענט מען גאנץ פ׳ נשא בציבור, און מיט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳ - וואס אפי׳ א תינוק קטן פארשטייט אויך דעם גודל העילוי דערפון, וויבאלד אז ער הערט אז יעדער קרוא מאכט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳, מיט אלע פרטים שבזה.

און דאס איז דער לימוד וואס קומט ארויס פון קביעות שנה זו אז מ׳לייענט פ׳ נשא לאחרי מ"ת - אז מ"ת טוט אויף

- דעם -

------------

117) או"ח סו"ם תצד.

דעם ענין פון "נשא את ראש" באופן נעלה יותר לגבי ווי עס איז געווען לפנ"ז.

און ס׳איז נים דער טייטש אז אין דער קביעות פעלט ח"ו דער אויפטו פון "בהעלותך את הנרות גו׳" - נאר אדרבה: נוסף לזה וואס ב"ת טוט אויף דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות גו׳" (וואס דאס איז דאך אין יעדער קביעות, ווארום פ׳ בהעלותך לייענט מען אלעמאל לאחרי מ"ת), טוט דאס אויך אויף דעם ענין פון "נשא את ראש".

כד. און דאס איז די הוראה בנוגע למעשה בפועל וואס קומט ארויס פון קביעות שנה זו - אז ס׳איז דא דער ענין פון "נשא את ראש" וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון מ"ת.

ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס אפי׳ קודם פ׳ במדבר ווייסט ער שוין אז עס דארף זיין "עמלים בתורה", און ער האט דאס אויך מקיים געווען, ביז אז ביי אים איז געווען דער "יגעת ומצאת"[118], אין אן אופן של מציאה[119], און ביי אים האט זיך אויפגעטאן דער "נשא את ראש" פון "מאן מלכי רבנן" - קומט נאך צו אן ענין נעלה יותר אין דער נשיאה ראש פון "מאן מלכי רבנן", און ס׳איז הולך ומוסיף מיום ליום, ביז צו "זמן מתן תורהנו", און דערנאך קומט נאך צו דער "מעלין בקודש", אין ימי התשלומין שלאח"ז,

וואס דאס פועל׳ט ביי אים אן ענין פון נשיאת ראש כפשוטו - אז ביי אים ווערט א גרעסערע הצלחה אין דער הבנה והשגה אין לימוד התורה, ובדרך מכילא האט ער א גרעסערע הצלחה אין קיום המצוות, וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה".

ביז אז ער קומט צו שבה פ׳ נשא ווי דאס איז לאחרי מ"ת, וואס דעמולט שטייט ביי אים דער ענין פון "נשא את ראש" אין אן אופן פון אין ערוך, למעלה מן הזמן לגמרי, ביז צו דער דרגא פון שבת וואס איז פארבונדן מיט רעוא דרעוין,

און דאס ווערט די הכנה קרובה צום "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", כמדובר לעיל (ס"ג).

כה. און וויבאלד אז איידער דער אויבערשטער הייסט אידן זיי זאלן עפעס טאן, באווארענט ער און גיט די כחות אז מ׳זאל דאס קענען טאן,

- ע"ד -

------------

118) מגילה ו, ב. 119) לקו"ש ח"ג ע׳ 810. ח"ד ע׳ 1127. 1165. לקו"ש תי"ג ע׳ 117. חקת תשל"ו ס"ה. ועוד.

[ע"ד מרז"ל[120] אויפן פסוק[121] "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל", אז "מה שהוא עושה הוא אומר לישראל לעשות"],

איז א זיכערע זאך אז נאך איידער עס וועט קומען די צייט וואס מ'וועט לערנען תורתו של משיח מפיו של משיח, וועט דער אויבערשטער געבן הרחבה אין אלע ענינים פון א אידן, אז עס וועט זיין "ונהתי גשמיכם בעתם"[122], ביז צו "ואולך אתכם קוממיות"[123] - ווי דער רמב"ם[124] איז מבאר באריכה אז בשעת דער אויבערשטער גיט א אידן די אלע יעודים גשמיים, קען זיך א איד פארנעמען מיט לימוד התורה און קיום המצווה כדבעי.

וואס דאס איז אויך מרומז אין רעם מארז"ל[125] "לא ניתנה התורה כו' אלא לאוכלי המן":

דער סדר אין מ"ת איז געווען - אז פריער האט דער אויבערשטער איינגעוואוינט אידן אין אכילת המן אויף א משך זמן (און זיי האבן אויך געהאט די ענני הכבוד, און בארה של מרים), וואס דורך דעריויף זיינען בא אידן בטל געווארן אלע דאגות און טרדות[126];

און ערשט דערנאך האט דער אויבערשטער פארלאנגט פון אידן אז זיי זאלן זיך צושטעלן צום בארג סיני, און מקדים זיין "נעשה לנשמע". און מקבל זיין די תורה - דורך דעריויף וואס "כפה עליהם את ההר כגיגית"[127].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז איידער דער אויבערשטער פארלאנגט פון אידן עפעס אן ענין, גיט ער זיי פריער אלץ וואס זיי דארפן האבן, און ערשט דערנאך פארלאנגט ער בא זיי א געוויסער ענין (און ניט אז פריער פארלאנגט ער פון זיי, און דערנאך גיט ער זיי וואס זיי דארפן האבן, און אפי' ניט אין אופן אז ביידע ענינים קומען צוזאמען).

כו. און ס'זאל זיין "ליהודים היהה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי' לנו" - ווי מ'האט ערשט געזאגט אין הבדלה,

כן תהי' לנו, בקרוב ממש, אז נאך אין די לעצטע זמנים פון גלות וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[128], ווארום עס וועט זיין דער "ויראו ממך"[129],

- בדוגמא -

---

120) שמו"ר פ"ל, ט. 121) תהלים קמז, יט. 122) בחוקותי כו, ד. 123) שם, יג. 124) הל' תשובה פ"ט. 125) מכילתא ר"פ בשלח. שם טז, ד. 126) ראה גם לקו"ש חגה"ש השל"ח ס"ד. 127) שבת פח. א. 128) ישעי' מט. כג. 129) הבוא כח. י.

בדוגמא ווי עס ווערט דערציילט אין דער מגילה[130] אז "שמעו (פון מרדכי) הולך בכל המדינות", און דערפאר האט מען געטאן דאס וואס אידן ווילן, וויבאלד אז אידן זיינען תלמידיו של מרדכי היהודי, וואס דערפאר ווערן דאך אלע אידן אנגערופן "עם מרדכי"[131] - כן תהי' לנו, בזמנים אלו ממש,

און דאס וועט זיין די הכנה קרובה (אין אן אופן פון בעגלא דידן) צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

כז. וויבאלד אז מ'רעדט וועגן דעם ענין התשלומין אויף די ימים שלפנ"ז - איז כאן המקום משלים זיין כמה ענינים וואס מ'האט געפרעגט בנוגע להמדובר אין דער פריערדיקער התוועדות.

מ'האט גערעדט פריער[132] וועגן דעם ביאור פון דעם אבודרהם[133] אויף דעם וואס מ'זאגט "אתה בחרתנו" נאר בימים טובים, און ניט בשבת - אז דאס איז דערפאר וואס "במרה נצטוו על השבת[134] . . ועדיין לא בחר בהם הקב"ה עד שנתן להם את התורה".

און אויף דערויף האט מען געפרעגט, אז מ'געפינט דעם ענין הבחירה אויך קודם מ"ת, ווי עס שטייט אין מדרש[135] "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו ר"ח של גאולה", האט מען לכאו' געדארפט זאגן "אתה בחרתנו" אויך בשבת, אע"פ אז "במרה נצטוו על השבת" - ווי גערעדט דעמולט דעם ביאור בדבר.

און מ'האט אויך מבאר געווען פארוואס פרעגט מען נאר (בעיקר) בנוגע צו שבת, און ניט בנוגע צו ר"ח, אז מ'זאל זאגן "אתה בחרתנו" בר"ח, דערפאר וואס בשעת ס'איז געווארן דער ענין פון ר"ח, איז שוין געווען דער "בחר ביעקב ובניו" - אז דאס איז דערפאר וואס קודם מ"ת איז נאך ניט געווען דער ענין התפלה.

האט מען אויך דערויף געפרעגט: אויב מצד דערויף וואס קודם מ"ח איז נאך ניט געווען דער ענין התפלה, איז דאס אזוי אויך בנוגע צו שבת, איז פארוואס פרעגט מען די קושיא בנוגע צו שבת און ניט בנוגע צו ר"ח?

איז דער ביאור בזה:

בנוגע צו דעם ענין פון ר"ח, איז ניט נאר אז קודם מ"ת

- איז -

---

130) אסתר ט, ד. 131) שם ג, ו. 132) שיחת יום ב' דחגה"ש ס"א. 133) סדר קידוש ליל שבת בביהכנ"ס (ס"ע קנ ואילך). 134) שבת פז, ריש ע"ב. סנהדרין נו, ב. פרש"י עה"פ ואחחנן ה, יב. 135) שמו"ר פט"ו, יא.

איז ניט געווען דער ענין התפלה, נאר דעמולט איז דער טאג פון ר"ח נאך ניט געווען קדוש ומובדל פון אלע אנדערע טעג (ניט אין דעם ענין הקרבנות, און ניט אין דעם ענין התפלה וכיו"ב), ס'איז געווען מערניט ווי דער ענין פון "כזה ראה וקדש"[136], קידוש החודש;

משא"כ בנוגע צו דעם ענין פון שבת, וואס במרה זיינען שוין געגעבן געווארן אלע פרטים פון "את אשר תאפו אפו ואת אשר תבשלו בשלו"[137], און "אל יצא איש ממקומו ביום השביעי"[138], מיט נאך כו"כ פרטים וואס זיינען געגעבן געווארן במרה.

כח. עד"ז האט מען אויך גערעדט[139] וועגן דעם ענין הגיור וואס איז געווען בשעת מ"ת -

וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון הזאה ("ויקח משה את הדם ויזרוק על העם"[140]), און אויך דער ענין פון טבילה, וויבאלד אז "אין הזאה בלא טבילה"[141];

און לויט דער דעה (וואס ווערט געבראכט אין מכילתא[142]) אז "בו ביום נעשו כל המעשים", בששה בסיון (שלא כדעת רש"י[143] אז דאס איז געווען "בחמשה בסיון"), קומט אויס אז אידן האבן געטאן די אלע ענינים בשבת, וויבאלד אז "דכו"ע בשבת ניתנה תורה לישראל" - ווערט די שאלה: דער דין[144] איז דאך אז מ'איז ניט מגייר בשבת?

וואס אע"פ אז מ'קען דאס פארענטפערן בדוחק בכמה אופנים - איז אבער שווער צו זאגן אז די הכנה פון אידן צו מ"ת (דער ענין הגיור) איז געווען דורך אן ענין וואס איז גלייך דערנאך נאסר געווארן (עכ"פ מדרבנן); ס'איז א זאך וואס לייגט זיך ניט אין שכל[145].

האט מען מבאר געווען[146] אז די טבילה איז מערניט ווי א <u>חלק</u> פון דעם ציווי "וקדשתם היום ומחר"[147], אדער מערניט ווי א <u>חלק</u> פון דעם גאנצן גיור, וויבאלד אז דערצו דארף מען אויך האבן מילה און הזאה און קבלת מצוות - און אויף א <u>חלק</u> פון א מלאכה איז מען ניט חייב בשבת (משא"כ ווען די טבילה

- איז -

---

136) ר"ה כ, א. פרש"י עה"פ בא יב, ב. 137) בשלח טז, כג. 138) שם, כט ובפרש"י. 139) שיחה הנ"ל סל"ה ואילך. 140) משפטים כד, ח. 141) יבמות מו, ב. כריתות ט, א. 142) עה"פ יתרו יט, י-יא - ע"פ הלקח טוב עה"פ שם, י (ראה תו"ש מילואים לכרך יט אות כז (ע' שיג)). 143) עה"פ משפטים שם, ד. 144) שו"ע יו"ד סרס"ח ס"ד. רמב"ם הל' איסו"ב פי"ג ה"ו. 145) ראה שיחה הנ"ל סל"ח. 146) שם סל"ט. 147) יתרו יט, י.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

איז צוליב דעם ענין פון טהרה, וואס דעמולט ווערט אויפגע-
טאן אן ענין פון "תיקוני גברא" דורך דער טבילה בפ"ע).

כט. האט מען געפרעגט אויף דערויף:

וויבאלד אז די טבילה איז מערניט ווי א חלק פון דעם גיור (וויבאלד אז עס דארף אויך זיין מילה און הזאה און קבלת מצוות), איז פארוואס איז טאקע דער דין אז בשבת טאר מען ניט טובל זיין לשם גיור, ס'איז דאך מערניט ווי א חלק פון א מלאכה; וואס איז דער חילוק צווישן די גירות פון מ"ת (וואס דעמולט האט מען געמעגט טובל זיין בשבת) מיט די גירות שלאחרי מ"ת (וואס דעמולט טאר מען ניט טובל זיין בשבת)?

איז דער ביאור בזה:

אין דעם ענין הגירות זיינען דא דריי ענינים, וואס יעדערער פון זיי איז א חלק פון דעם גיור: מילה, טבילה און קבלת מצוות. און בזמן שביהמ"ק הי' קיים, האט אויך געדארפט זיין הקרבת קרבן, און "הרצאת דמים" (הזאה)[148]. און כל זמן אז ער טוט ניט די אלע ענינים, איז דער גיור נאך ניט בשלימות.

אבער בנוגע צו דעם סדר הדברים - איז בדיעבד (לכמה דעות[149]) ניט נוגע דער סדר: אויב עס זיינען נאר געווען די אלע דריי ענינים, ווערט ער א גר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז די טבילה איז מערניט ווי א חלק פון מלאכת הגירות ("תיקוני גברא"), אעפ"כ, בשעת אז די טבילה ווערט געטאן לאחרי המילה און קבלת מצווה, ווערט דאס דער גמר הגירות, און דערפאר איז דאס אסור בשבת, וויבאלד אז דערמיט ווערט דער סיום פון דעם "תיקוני גברא",

ווארום לא גרע פון "מכה בפטיש" - וואס דאס ווערט דאך געטאן לאחרי שנגמר הדבר, און לכאו' איז דאס גארניט מוסיף אין דער זאך, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז די רגילות איז אז לאחרי גמר הדבר איז מען מכה בפטיש, ווערט דאס פאררעכנט פאר א מלאכה גמורה[150], דערפאר וואס דאס פועל'ט דעם שלימות וגמר הדבר,

ועאכו"כ בנדו"ד, וואס דאס איז א חלק פון מלאכת הגיור

- (ניט) -

------------

148) כריתות שם. 149) רמב"ן - הובא בב"י יו"ד סרס"ת. מ"מ לרמב"ם שם פי"ד ה"ה. רמ"א יו"ד שם ס"א. 150) שבת עה, ב. שו"ע אדה"ז או"ח סש"ב ס"ה.

(ניט נאר "מכה בפטיש") - איז בשעת אז דאס ווערט געטאן לאחרי אלע אנדערע ענינים, ווערט דאס דער גמר הגירות, און דערמיט ווערט אויפגעטאן דער "תיקוני גברא".

און דערפאר האט מען גע'אסר'ט טאן בשבת יעדער חלק פון מלאכת הגיור בפ"ע - ווארום וויבאלד אז בדיעבד איז דער סדר הענינים אין דעם גיור ניט מעכב, קען דאך זיין אז מ'וועט טאן דעם חלק בסוף הגיור, וועט דאס דעמולט זיין דער גמר הגיור, און דער גמר פון דעם "תיקוני גברא" - האט מען דערפאר גע'אסר'ט טאן בשבת יעדער חלק פון גיור.

משא"כ בנוגע צום גיור וואס איז געווען במ"ת, וואס דאס איז געווען מיט א סדר מסוים, און אזוי האט געדארפט זיין דער סדר:

דער ענין המילה איז געווען אין מצרים[151], און דערנאך איז געווען דער ענין פון טבילה און הזאה, און ערשט דערנאך איז געווען דער ענין פון קבלת מצוות (אין עשרת הדברות) -

- האט דעמולט געקענט זיין דער ענין הטבילה בשבת - וויבאלד אז די טבילה איז ניט געווען בסוף הגיור, דאס האט נאך ניט פארענדיקט דעם "תיקוני גברא", וויבאלד אז נאך דערויף האט נאך געדארפט זיין דער ענין פון קבלת מצוות.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן די גירות פון מ"ת ביז די גירות שלאחרי מ"ת - אז לאחרי מ"ת איז דער סדר הגיור ניט מעכב (בדיעבד עכ"פ), און דערפאר טאר מען ניט טאן בשבת קיין חלק פון דעם גיור, וויבאלד אז דער חלק קען זיין דער גמר הגירות; משא"כ אין דעם גיור פון מ"ת, וואס דעמולט איז דער סדר געווען באופן כזה אז די טבילה איז ניט געווען דער גמר הגירות (וויבאלד אז נאך דערויף איז געווען קבלת מצוות), און דערפאר האט מען דאס געמעגט טאן בשבת.

ל. און אע"פ אז מ'האט גערעדט פריער[152] אז מ'קען זאגן אז דער ענין פון קבלת מצוות איז געווען ווען דער אויבערשטער האט געזאגט צו אידן "אם שמוע תשמעו בקולי גו' ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש"[153], וואס דאס איז דאך לכל הדעות געווען פאר ששה בסיון - וואס עפ"ז וועט אויסקומען אז דער ענין הטבילה איז געווען דער גמר הגירות -

איז דאך אבער דא דער צווייטער אופן וואס מ'קען זאגן, אז דער ענין פון קבלת מצוות איז געווען בשעת מ"ת, ווען

- אידן -

---

151) כריתות שם. יבמות מו, א ובפרש"י ד"ה באבותינו. רמב"ם שם ה"ב. 152) שיחה הנ"ל ס"כ. 153) יתרו שם ה-ו.

אידן האבן געזאגט "נעשה ונשמע" (נאך דער טבילה וכו׳) - און בשעת מ׳איז זיך מתבונן אין דעם ענין, זעט מען אז מ׳מוז זאגן אז קבלת מצוות איז געווען בשעת מ"ת (און ניט לפנ"ז):

דער ענין פון קבלת מצוות - וואס מ׳איז אים מודיע "מקצת מצוות קלות ומקצת מצוות חמורות"[154] - איז כדי ער זאל וויסן וואס פאר אן ענין ער נעמט אויף זיך, אזוי אז דערנאך זאל ער ניט קענען טענה׳ן אז ער האט ניט געוואוסט אז ס׳איז אזוי שווער, אדער אז ער האט געמיינט אז דאס איז א דבר קל וואס האט ניט קיין חשיבות וכיו"ב.

און וויבאלד אז בשעת דער אויבערשטער האט געזאגט צו אידן "אם שמוע תשמעו בקולי גו׳" (קודם מ"ת), האבן אידן נאך ניט געהערט די עשה"ד, וואר ום עשה"ד זיינען געזאגט געווארן ערשט בששה בסיון - איז פארשטאנדיק, אז אין דער קבלת מצוות שלפני מ"ת האבן זיי נאך ניט געקענט מקבל זיין אויף זיך דעם חומר וואס האט זיך אויפגעטאן בשעת מ"ת,

ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז ווי גרויס און שטארק און חמור עס זיינען געווען די ענינים שלפני מ"ת, קומט דאס אבער ניט צום תומר און גודל הענין ווי דאס איז געווארן בשעת מ"ת, ווען ס׳איז געווען דער "וירד ה׳ על הר סיני"[155], און מ׳האט געהערט די עשה"ד פון דעם אויבערשטן אליין, ובלשון הרמב"ם[156] - "עינ׳ינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר".

ובפרט לויטן ביאור פון חסידות[157] אז דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "אנכי ה׳ אלקיך", אז "אנכי הוי׳" איז געווארן "אלקיך", "כוחך וחיותך" (וויבאלד אז "ריבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[158]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ"ת איז צוגעקומען דער גרעסטער חומר וואס עס קען נאר זיין בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ,

האט מען דאך געמוזט האבן (צום גיור) די קבלת המצוות וואס איז געווען בשעת מ"ת, וויבאלד אז ערשט דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער גודל וחומר הענין פון תומ"צ, א סאך מער דערפון ווי ס׳איז געווען קודם מ"ת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ"ת איז די

- טבילה -

---

154) שו"ע יו"ד שם ס"ב. 155) יתרו שם, כ. 156) הל׳ יסוה"ת רפ"ח. 157) ראה תו"א יתרו סז, ב. לקו"ת ר"פ ראה. ובכ"מ. 158) ראה ב"ר פמ"ד, כב.

סבילה נים געווען דער גמר הגירות, וויבאלד אז עס האט נאך געדארפט זיין די קבלת מצוות בשעת מ"ת, און דערפאר האט די טבילה געמעגט זיין בשבת, וויבאלד אז ס'איז מערנים ווי א חלק פון דער מלאכה (און נים דער סיום פון דער מלאכה).

לא. עס בלייבט נאך אבער די שאלה בנוגע צו דעם ענין פון קבלת מצוות:

ווי האט געקענט זיין דער ענין פון קבלת מצוות בשבת - דערמיט איז דאך געווארן דער גמר הגירות, דער גמר פון "תיקוני גברא"?

איז דער ביאור בזה: דעם ענין פון נתינת התורה האט דאך געטאן דער אויבערשטער - קען מען נים פרעגן קיין קושיא פארוואס האט דער אויבערשטער געגעבן די תורה בשבת, ס'איז דאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "תיקוני גברא";

די שאלה קען מען פרעגן נאר בנוגע צו דער הבנה פון אידן צו מ"ת, פארוואס האבן זיי זיך געדארפט מכין זיין בששה בסיון, יום השבת, זיי האבן זיך דאך געקענט מכין זיין בחמשה בסיון;

מ'קען אבער נים פרעגן פארוואס האט דער אויבערשטער געגעבן די תורה בשבת דוקא - פונקט ווי מ'קען נים פרעגן קיין קושיא אויף אנדערע ענינים וואס "זכנם קבוע"[159], ע"ד ווי די קרבנות וואס מ'איז מקריב בשבת וכיו"ב, פארוואס האט דער אויבערשטער געהייסן אז מ'זאל מקריב זיין די קרבנות בשבת דוקא - וויבאלד אז די קרבנות האבן א שייכות צו שבת, ועד"ז בנדו"ד,

ובפרט ע"פ האמור לעיל (ס"ח) אז דאס וואס "בשבת ניתנה תורה לישראל" איז דערפאר וואס תורה איז דער ענין פון שבת,

ביז אז אין מסכת שבת[160] איז כרומז אז א "תלמיד חכם" ווערט אנגערופן בשם "שבת", און אין זהר שטיים בגלוי אז א ת"ח ווערט אנגערופן בשם "שבה",

איז מלכתחלה קיין קושיא נים פארוואס איז נתינת התורה געווען בשבת - דערפאר וואס ענינה פון תדדה איז דער ענין פון שבת.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז ס'איז קיין קושיא נים פארוואס איז געווען דער ענין פון קבלת מצווה בשבת -

- ווארום -

---

159) ראה יומא נ, א. 160) קיט, א. וראה לקו"ש ה"א ע' 40.

ווארום קבלה המצוות האט דאך בעדארפט זיין אויף די ענינים וואס דער אויבערשטער האט געגעבן בשעת מ"ת (כנ"ל ס"ל), איז וויבאלד אז נתינת התורה דורך דעם אויבערשטן איז געווען בשבת, האט געמוזט זיין קבלת המצוות פון אידן אויך בשבת (ס'איז נים געווען קיין אנדער ברירה), ווארום קבלת המצוות האט געדארפט זיין בשעת מעשה ווען מ'האט דאס געהערט פון דעם אויבערשטן, כדי אז ס'זאל האבן דעם גאנצן חומר וכו' פון אן ענין וואס מ'האט פון דעם אויבערשטן אליין.

לב. האמור לעיל אז דער גמר הגירות האט זיך אויפגעטאן דורך די קבלת מצוות וואס איז געווען בשעת מ"ת - איז אויך מתאים דערמים וואס ס'איז מבואר אין חסידות[161] אז בשעת מ"ת איז געווען דער ביטול הגזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים"[162], משא"כ לפנ"ז איז די גזירה געווען בתקפה.

ד.ה. אז אע"פ אז ס'איז געווען דער ענין פון מילה און טבילה, און ס'איז געווען די אמירה פון "אם שמוע תשמעו בקולי גו'" - איז די גזירה נאך אלץ געווען בתקפה.

דעמולט איז אויך געווען דער ענין וואס "קיים אברהם אבינו כל התורה כולה עד שלא ניתנה"[163], אויך ענינים וואס זיינען מדרבנן, ביז "אפילו עירוב תבשילין שאינו הלכה למשה מסיני אלא תקנת סופרים"[164] - אבער דעמולט איז דאס נאך אלץ געווען קודם ביטול הגזירה;

און בשעת מ"ת, ווען ס'איז געווען דער "וירד ה' על הר סיני", דעמולט איז בטל געווארן די גזירה - ובמילא איז פארשטאנדיק אז דער קיום המצוות איז געווארן באופן חדש לגמרי.

ביז וואנעט אז דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון גירות, און אפי' לויט דער דעה[165] אז די אבות און בניהם אחריהם (די שבטים אדער יחידי סגולה) האבן נים געהאט קיין דין פון ב"נ (אפי' אז ס'איז געווען קודם מ"ת) - זיינען אבער הכל מודים אז בשעת מ"ת האט זיך אויפגעטאן אן ענין וואס איז באין ערוך.

לג. און דערפון איז אויך פארשטאנדיק דער אויפטו וואס ווערט אויפגעטאן אין "זמן מתן תורתנו" בכל שנה ושנה:

- אע"פ -

-------------

161) ראה סה"מ תש"ג ע' 132 ואילך. ועוד. 162) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 163) יומא כח, ב. קידושין פב, א. 164) יומא שם ובפרש"י שם ד"ה אפילו. 165) ראה פרשת דרכים דרך האתרים דרוש ראשון. בית האוצר אות א'.

אע"פ אז "כל ישראל בחזקת כשרות", און ס'איז א זיכערע זאך אז אין דעם פריערדיקען יאר האבן אידן געלערנט תורה און מקיים געווען מצוות, ביז אין אן אופן אז יעדער איד געהערט צו "ועמך כולם צדיקים", און דערפאר איז בא זיי רא בפועל דער ענין פון "לעולם יירשו ארץ"[166], אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב"[167] -

אעפ"כ, ווען עס קומט "זמן מתן תורתנו" בכל שנה ושנה, ווערט אויפגעטאן נאכאמאל אן ענין וואס איז שלא בערך לגבי פריער, בדוגמת הענין וואס עס האט זיך אויפגעטאן אין "זמן מתן תורתנו" בפעם הראשונה.

ביז אין אן אופן אז עס ווערט דער ענין פון ביטול הגזירה - ד.ה. אז די "עליונים" וואס מצד אופן עבודתו בשנה שלפנ"ז האבן זיי ניט געקענט אראפקומען אין "התחתונים". ועד"ז די "תחתונים" וואס מצד אופן עבודתו בשנה שלפנ"ז האט ער פון זיי ניט געקענט מאכן "עליונים" - טוט אויף דער "זמן מתן תורתנו" פון שנת תשל"ט אז ס'זאל ווערן דער ביטול הגזירה,

און אין אן אופן פון "אני המתחיל" - אז עס ווערט נמשך אן אור וואס איז נאך קיינמאל ניט נמשך געווארן[168], וואס דאס איז דער ענין פון "עליונים ירדו לתחתונים", און עס ווערן בטל אלע מדידות והגבלות, ביז וואנעט אז די "תחתונים" (וואס בשנה שלפנ"ז האט מען זיי ניט געקענט מעלה זיין) ווערן "עליונים" ממש.

און דאס ווערט די הכנה קרובה צו לימוד תורתו של משיח, וואס דעמאלט וועט זיין דער "מחצתי ואני ארפא"[169], אז עס ווערן בטל אלע ענינים פון מחיצוה,

בדוגמא ווי ס'וועט דעמולט זיין א גאולה שאין אחרי' גלוה כלל[170], דערפאר וואס עס וועט בטל ווערן די גאנצע מציאות פון מחיצה און מדידות והגבלות. און עס וועט זיין דער ענין פון "לא יכנף עוד מוריך"[171],

כן תהי' לנו בגאולה האמיתית והשלימה. און אין אן אופן פון במהרה בימינו ממש.

* *

לד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה נשא את ראש גו'.

* * *

- לה. -

------------

166) ישעי' ס, כא. 167) סנהדרין רפי"א (צ, א).
168) ראה אגה"ק סי"ד. 169) האזינו לב, לט. וראה קה"ר פ"א, ד. 170) הוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז. ב. 171) ישעי' ל. כ. וראה תניא פל"ו (מו, א).

לה. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען אן ענין אין פרשת השבוע מיט פירוש רש"י – איז דא איין ענין וואס איז פארבונדן מיט פירוש רש"י על אחר,

און נאך אן ענין אין פרש"י וואס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט דערמאנט פריער (בהמאמר) וועגן דעם ענין פון נשיאה הארון בכהף (כמבואר אין אגה"ק ד"ה דוד זמירות קרית להו[172], און אין די דרושים אין לקו"ת[173]), וואס ע"פ דברי רש"י דארף דאס האבן א ביאור, כדלקמן.

לו. אויף "קערת כסף" (אין קאפיטל ז' פסוק יט) טייטשט אפ רש"י: "מנין אותיותיו בגימטריא תתק"ל (930) כנגד שנותיו של אדם הראשון".

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

בשעת מ'גיט א קוק אין פרש"י לאח"ז, זעט מען אז בא יעדער ענין אין קרבנות הנשיאים איז רש"י מוסיף נאך עפעס א ווארט. אויך צו מסביר זיין די שייכות דערפון מיט דעם ענין פון חנוכת המשכן והמזבח,

[אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "קיום העולם", אדער אן ענין וואס איז מדגיש דעם זכות פון אידן – "כנגד אברהם . . יצחק . . יעקב", אדער אן ענין של ההעורדות בנוגע צו הומ"צ – "כנגד ההורה שניהנה מירו של הקב"ה" וכיו"ב],

דארף מען פארשטיין: וואס איז די שייכות פון "שנותיו של אדם הראשון" מיט דעם ענין פון חנוכה המשכן, וואס דערפאר האט מען געבראכט "קערת כסף" וואס "מנין אותיותיו התק"ל כנגד שנותיו של אדה"ר"?!

נאכמער: בשעה מ'רערמאנט וועגן "שנותיו של אדה"ר", דערמאנט זיך דער בן חמש למקרא, אז בעצם האבן גאר חייו של אדה"ר (וואס ער איז געווען "יציר כפיו של הקב"ה"[174]) געדארפט זיין בלי קץ, אין אן אופן פון "וחי לעולם"[175], נאר מצד דערויף וואס ס'איז געווען אן ענין בלתי רצוי ("ביום אכלך ממנו גו'"[176]), איז ארויסגעקומען דער עונש פון הפסק החיים, נאר אעפ"כ האט ער געלעבט 930 יאר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'רעדט וועגן "שנותיו של אדה"ר", דערמאנט דאס גאר אויף אן ענין בלתי רצוי – ווערט נאכמער די שאלה: וואס פאר א שייכות האט דאס צו דעם ענין פון חנוכת המשכן?!

- לז. -

------------

172) קו"א קסא, א. 173) במדבר יח, ב ואילך. 174) קה"ר פ"ג. יא [ב]. 175) בראשית ג, כב. 176) שם ב, יז.

לז. דער צווייטער ענין אין פירוש רש"י:

אויפן פסוק "ולבני קהת לא נתן כי עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו"[177], זאגט רש"י: "כי עבודת הקודש עליהם - משא דבר הקדושה הארון והשלחן וגו׳, לפיכך בכתף ישאו".

בשעת מ׳גיט אבער א קוק אין אגה"ק פון דעם אלטן רבי׳ן ד"ה דוד זמירות קרית להו (וואס מ׳האט דערמאנט פריער אין דעם מאמר), ועד"ז אין די דרושים פון לקו"ת, זעט מען אז דארטן איז מען מפליא דעם ענין פון משא הארון בכתף, אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די תורה איז כולה פנים, און דערפאר דארף זיין נשיאת הארון בכתף, "לחבר וליחד את הכתפיים אל עבודת הקודש היא ח"ע בבחי׳ פנים שמשם נמשכו הלוחות שבארון"[178].

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: דער ענין פון "בכתף ישאו" איז דאך געווען ניט נאר בנוגע צום ארון, נאר אויך בנוגע צום שלחן, מיט אלע אנדערע כלים וואס בני קהת האבן געטראגן, ווי עס ווערט דערציילט בארוכה אין פ׳ במדבר,

ביז וואנעט אז אפי׳ דעם "מזבח הנחושת", וואס ער איז גארניט געשטאנען אין היכל (אין קודש), ער איז גאר געשטאנען מחוץ להיכל, האט מען אים אויך געטראגן בכתף,

און מ׳מוז דאך זאגן אז בני קהת האבן געטראגן אלע כלים "בכתף", ווארום ס׳שטייט דאך בפירוש אין פסוק אז "לבני קהת לא נתן", זיי האבן ניט באקומען קיין "עגלות" (ווי דער צ"צ[179] זאגט אז דער ענין פון "בכתף ישאו" גייט "אפי׳ על השולחן והמנורה כו׳, שהרי לא ניתן שום עגלה לבני קהת") -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס פארבינדט מען דעם ענין פון "בכתף ישאו" מיטן ארון דוקא, אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס תורה איז דער ענין פון פנים וכו׳?

און אז מ׳גיט א קוק אין רמב"ם - ווערט גאר א שטורעם:

דער רמב"ם פסק׳נט אפ אין הל׳ כלי המקדש[180] אז "בעת שמוליכין את הארון ממקום למקום . . מצוה לנשאו על הכתף שנאמר כי עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו", ועד"ז זאגט דער רמב"ם אין ספר המצוות[181] אז ס׳איז א מצות עשה "שישאו הכהנים הארון על כתפיהם . . והוא אמרו כי עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו".

- איז -

---

177) פרשתנו שם, ט. 178) קו"א שם. 179) אוה"ת פרשתנו ע׳ רנו. 180) ספ"ב. 181) מ"ע לד.

איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאגט מען אז די מצוה פון "בכתף ישאו" איז פארבונדן מיטן ארון דוקא, בני קהת האבן דאך געטראגן ניט נאר דעם ארון, נאר אלע כלי המשכן?

און ווי דער צ"צ[183] ברענגט אראפ אז "עיקר מצות בכתף ישאו הוא בנשיאה הארון כמ"ש הרמב"ם", און "כל הפוסקים כתבו כהרמב"ם", און ער זאגט אויף דערויף אז "צ"ע דרש"י פי' בכתף ישאו אפי' על השולחן והמנורה כו' שהרי לא ניתן שום עגלה לבני קהת, וצריך ישוב".

וכפי שיתבאר לקמן וואס מ'קען זאגן אין דערויף בדא"פ.

[איך האב געהערט א מעשה פון א חסיד[184]:

אין ליובאוויטש האט מען אמאל געלערנט א מאמר פון דעם צ"צ, וואס דער צ"צ איז דארטן מסיים מיט א וצ"ע, און דארטן איז געווען א משכיל אין חסידות וואס האט זיך אנגעהויבן מפלפל זיין אז אפשר קען מען פארענטפערן דעם צ"צ בדרך אפשר.

אזוי ווי דער רשב"ץ איז געווען דערביי - האט ער געכאפט דעם פאנטאפל, און האט אים געגעבן איבערן קאפ: דער צ"צ שרייבט וצ"ע, קומסטו פארענטפערן דעם צ"ע?!

אבער אעפ"כ זועט מען פרואוון פארענטפערן דעם צ"ע - און דערנאך איז דער וואס וועט וועלן און וועט האבן די ברייטקייט. זאל ער זיך משהדל זיין צו פארענטפערן דעם צ"ע אין א בעסערן אופן].

לה. אין די הערוה אויפן זהר פון פ' נשא[185] שטעלט ער זיך אויפן מאמר הזהר[186] "נשבע הקב"ה שלא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה. שנאמר[187] בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר".

וואס דער ענין שטייט אויך אין מסכת תענית[188]: "בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר . . אמר הקב"ה לא אבוא בירושלים של מעלה עד שאבוא לירושלים של מטה". ועד"ז שטייט דאס אויך בכ"מ אין זהר[189].

און ער איז מבאר אין דער הערה (אין אוהיוה פון קבלה און חסידות) אז פריער דארף זיין דער יחוד אין ירושלים של מטה, און ערשט דערנאך קען זיין דער יחוד אין ירושלים של

- מעלה -

------------

182) אוה"ת שם. 183) וראה סה"ש תש"ה ע' 15.
184) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שעא. 185) ח"ג קמז. סע"ב.
186) הושע יא, ט. 187) ה. א. 188) נסמנו בשערי זהר (מרגליות) לתענית שם.

מעלה, ועד"ז איז דער ענין מבואר אין די דרושים פון צ"צ אין אוה"ת אויף פ׳ בראשית189 און פ׳ נצבים190.

וואס דארסן ברענגט אראפ דער צ"צ די פארשידענע פירושים וואס זיינען דא אין דערויף אין זהר און אין פרדס, וואס בכללות זיינען דא אין דערויף צוויי פירושים:

א) "ירושלים של מטה" גייט אויף ירושלים כפשוטה בגשמיות, און "ירושלים של מעלה" גייט אויף דעם ענין פון ירושלים ווי דאס איז אין ספירות, וואס דאס איז דער ענין פון ספירת המלכות,

[וואס אזוי טייטשט אויך דער רשב"א (ווי אפגעדרוקט אין עין יעקב, ובכ"מ וואו ס׳איז געדרוקט חידושי הרשב"א אויף תענית) - אז "ירושלים (און ביהמ"ק) של מטה" גייט אויף די ענינים ווי זיי זיינען דא למטה בפשטות, און אויף דערויף זאגט מען אז ירושלים של מטה איז מכוון כנגד ירושלים של מעלה, "כעיר שחוברה לה יחדיו"191, וואס אין ספירות איז דאס דער ענין פון ספירת המלכות],

ב) "ירושלים של מטה" גייט אויף ספירת המלכות (וואס דאס איז פארבונדן מיט יחוד זו"ן, ווי ער איז מבאר באריכה אין דער הערה), און "ירושלים של מעלה" גייט אויף ספירת הבינה.

דארסן איז אבער מבואר נאר דער כללות הענין, און ניט די פרטים שבזה -

דלכאו׳, בשעת מ׳פארגלייכט דעם מאמר וואס שטייט אין זהר מיטן מאמר וואס שטייט אין גמרא - ווערט א פלא גדול:

א) אין גמרא שטייט דער לשון "אמר הקב"ה כו׳", און אין זהר שטייט דער לשון "נשבע הקב"ה כו׳", אז דאס איז אן ענין אויף וועלכן מ׳דארף האבן אן ענין של שבועה.

ב) אין גמרא שטייט אז דער אויבערשטער זאגט "לא אבוא בירושלים של מעלה עד שאבוא לירושלים של מטה", און אין זהר שטייט אז דער אויבערשטער זאגט אז "לא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה".

וכמדובר כמ"פ אז עס זיינען דא כו"כ פרטים וואס ווערן ניט נתבאר, דערפאר וואס מ׳פארלאזט זיך אז מ׳וועט דאס אליין פארשטיין, וכפי שיתבאר לקמן.

לס. אין פרקי אבות האלט מען דאך אין היינטיקן שבת אין פרק ראשון.

- אין] -

---

189) כרך ג תקלה, ב. 190) ע׳ א׳רכב. א׳רמד.
191) תהלים קכב, ג.

[אין א"י, וואס דער יו"ט פון חגה"ש איז מערניט ווי איין טאג, האט מען געלייענט פ' נשא אין דעם שבת שלפנ"ז, און מ'האט דעמולט געלערנט פרק ראשון פון פרקי אבות, און אין היינטיקן שבת לייענט מען פ' בהעלותך, און מ'לערנט פרק שני פון פרקי אבות;

אבער מיר געפינען זיך אין חו"ל - לייענט מען אין היינטיקן שבת פ' נשא, און מ'לערנט פרק ראשון פון פרקי אבות].

די הקדמה צו יעדער פרק פון פרקי אבות איז - די משנה "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'", און דער סיום פון יעדער פרק איז - די משנה[192] "ר' חנניא בן עקשיא אומר רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תומ"צ כו'".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'", און דער ענין פון "רצה הקב"ה לזכות את ישראל כו'", האבן א שייכות צו כללות מסכת אבות;

און ס'איז אויך פארשטאנדיק אז די צוויי ענינים האבן א שייכות מיוחדת צו יעדער פרק בפ"ע, וויבאלד אז מ'זאגט די צוויי ענינים בא יעדער פרק באזונדער.

ובנדו"ד איז פארשטאנדיק, אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'" האט א שייכות צו פרק ראשון, ובפרט צו דער התחלה פון פרק ראשון, און "רצה הקב"ה לזכות את ישראל כו'" האט א שייכות צו פרק ראשון, ובפרט צו דעם סיום פון פרק ראשון.

וכפי שיתבאר לקמן.

מ. בנוגע צו פרש"י אויף "קערת כסף", אז "מנין אותיותיו התק"ל כנגד שנותיו של אדה"ר" - וועט מען דאס פארשטיין בהקדים נאך א שטורעמ'דיקע קשיא אויף א פרש"י אין פ' בראשית (כמדובר כמ"פ אז אויף א "קלאץ-קשיא" שטעלט מען זיך נים אפ):

אין פ' בראשית[193] ווערט דערציילט אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט צו אדה"ר אז "מעץ הדעת טוב ורע לא תאכל ממנו כי ביום אכלך ממנו מות תמות" - ווערט גלייך די קשיא: ווי אזוי האט אדה"ר געלעבט תתק"ל שנה, ער האט דאך געגעסן פון דעם "עץ הדעת"?!

דער רמב"ן (עה"פ) שטעלט זיך אויף דערויף, און זאגט

- אז -

---

192) מכות בסופה. 193) ב, יז.

אז דער פירוש אין דערויף איז - "בעת שתאכל ממנה תהי' בן מות". ועד"ז טייטשט ער אפ אין תיב"ע "תהי חייב קטול", און ניט אז עס וועט גלייך זיין דער "מות תמות" בפועל.

אבער אין פשש"מ קען רש"י אזוי ניט זאגן, ווארום עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק דאס וואס ס'שטייט "ביום אכלך ממנו מות תמות", עס האט געדארפט שטיין "באכלך ממנו גו'", און אז ס'שטייט "ביום אכלך ממנו מות תמות", מיינט דאס בפשטות אז דאס וועט זיין אין דעם זעלבן טאג.

אין מדרש[194] שטייט אז "כי ביום אכלך ממנו מות תמות" גייט אויף "יומו של הקב"ה", וואס "יומו של הקב"ה אלף שנים", וואס דערפאר איז "ראוי הי' (אדה"ר) לחיות אלף שנים", נאר בפועל האט ער געלעבט מערניט ווי תתק"ל, דערפאר וואס "ע' שנה (ש)חיסר אדם משנותיו ונתן לדוד".

רש"י ברענגט דאס אבער ניט אראפ, דערפאר וואס דאס איז ניט מתאים מיט פשש"מ - ווארום ע"פ פשש"מ גייט דער "ביום אכלך גו'" אויף יומו של אדה"ר, און ניט אויף "יומו של הקב"ה",

ועד"ז דאס וואס ס'שטייט אין מדרש אז אדה"ר האט אפגעגעבן ע' שנה משנותיו צו דוד המלך - איז דאס אן ענין וואס האט ניט קיין ארט אין פשוטו של מקרא.

וכמדובר כמ"פ אז רש"י דארף מפרש זיין פשש"מ אין אן אופן אז בייס בן חמש למקרא זאלן ניט בלייבן קיינע שאלות - האט דאך רש"י געדארפט באווארענען ווי קומט דאס אז דער אויבערשטער האט געזאגט "כי ביום אכלך ממנו מות תמות", און אעפ"כ האט אדה"ר געלעבט תתק"ל שנה?

און דער תירוץ אויף דער שאלה פארענטפערט אויך פארוואס ברענגט מען דעם ענין פון "שנותיו של אדה"ר" בנוגע צו חנוכת המשכן.

וכפי שיתבאר לקמן.

מא. דער ביאור אין דער משנה "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'":

דער ענין פון "חלק לעוה"ב" בפשטות איז - די זכי' וואס א איד האט אין עוה"ב, וואס בפרטיות זיינען דא אין דערויף דריי אופנים[195]:

ס'איז דא דער ענין פון "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב",

- מערניט -

---

194) במדב"ר פי"ד, יב. 195) ראה שער מאמרי רז"ל לסנהדרין שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

מערנים ווי א חלק, און ס'איז דא דער ענין פון "בן עוה"ב" ("כל השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן העוה"ב"[196]), אז ער איז דארטן "כבן בית",

[בדוגמא ווי דער פירוש פון "בן חורין", אז ער אליין איז אין א מעמד ומצב פון "חורין", און ניט אז ער איז א זון פון איינעם וואס איז אין א מעמד ומצב פון "חורין", ועד"ז איז דער פירוש פון "בן עוה"ב"],

און דערנאך איז דא דער ענין פון "מזומן לחיי העוה"ב" ("אשריך ר' עקיבא שאתה מזומן לחיי העוה"ב"[197]), ד.ה. אז נאך איידער ער קומט אין עוה"ב, איז ער שוין "מזומן לחיי העוה"ב", און ניט נאר אז ער איז "מזומן לעוה"ב", נאר נאכמער: "מזומן לחיי העוה"ב", וואס "חיי עוה"ב" איז נאכמער ווי דער עוה"ב עצמו (בדוגמא ווי מ'זאגט ביי א מענטשן, אז חייו איז עיקר ענינו, נאכמער ווי אלע אנדערע ענינים).

און ס'איז מבואר בכ"מ (אויך אין דעם מאמר פון דעם צ"צ ד"ה אלה תולדות נח[198] (מיוסד אויפן אלטן רבי'נס א מאמר)) אז "חלק לעוה"ב" איז פארבונדן מיט ספירת היסוד, ווארום "סתם חלק היינו רובע" (ווי די גמרא זאגט אין ב"ב[199] "האומר תנו חלק . . אין פחות מרביע"), "וזהו היסוד . . שנק' רובע", און דערפאר זאגט מען אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב משום דנטרי ברית", וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן "צדיקים"[200],

און ס'איז דאך מבואר אין ביאוה"ז פ' ויחי[201] ובכ"מ, אז "אלה הולדות יעקב יוסף" (ספירת היסוד) חד הוא עם זה שיעקב אהב את רחל (ספירת המלכות) -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "חלק לעוה"ב" איז - ווי עוה"ב איז פארבונדן מיט ספירת המלכות.

און דער ענין פון "בן העוה"ב" (וואס "בן" איז העכער פון "בת") איז - דער ענין פון תפארת, ד.ה. ווי עוה"ב איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ז"א.

און דערנאך איז דא דער ענין פון "מזומן לחיי העוה"ב", וואס "חיים" איז דער ענין פון בינה, און כללות ענין המוחין[202] - וואס דאס איז דער ענין פון עוה"ב ווי ער איז מצד בינה, ובכללות - דער ענין המוחין.

- מב. -

-------------

196) נדה בסופה. וראה גם מגילה כח, סע"ב. 197) ברכות סא, ב. 198) אוה"ת בראשית נד, א ואילך. 199) סג, א. 200) זח"א נט, ב. ועוד. אוה"ת שם. 201) כט, ד ואילך. 202) שער מאמרי רז"ל שם.

מב. און אויף דערויף זאגט מען אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", ווארום דער ענין פון "חלק לעוה"ב" (די דרגא הכי תחתונה אין עוה"ב - נידעריקער פון "בן עוה"ב" און "מזומן לחיי העוה"ב") איז דא בא יעדער אידן.

עס זיינען דא אזוינע וואס זייער שייכות מיט עוה"ב איז ניט נאר דערמיט וואס זיי האבן א "חלק לעוה"ב", נאר אויך דערמיט וואס זיי זיינען "בן העוה"ב" אדער "מזומן לחיי העוה"ב" - דאס איז אבער ניט שולל ח"ו דעם ענין פון "חלק לעוה"ב", וויבאלד אז "בכלל מאתים מנה"[203];

און דערפאר זאגט די משנה "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", וויבאלד אז דער ענין פון "חלק לעוה"ב" איז דא בא יעדער אידן, אויך בא די וואס זיינען "בן העוה"ב", אדער "מזומן לחיי העוה"ב".

מג. וויבאלד אז אין כללות הענין פון עוה"ב זיינען דא דריי דרגות - קומט דאס אויך אראפ אין עבודה, אז עס זיינען דא די "שלשה דברים" אויף וועלכע "העולם עומד", "על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח"[204], און אין די "שלשה דברים" אויף וועלכע "העולם קיים", "על הדין ועל האמת ועל השלום, שנאמר[205] אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם"[206].

און דערנאך קומט דאס אראפ בפרטיות יותר, אין די "שלשה דברים" - "הוו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה, ועשו סיג לתורה":

"הוו מתונים בדין" איז פארבונדן מיט ספירת המלכות, וויבאלד אז "מלך במשפט ("דין") יעמיד ארץ"[207],

און מ'זאגט אז עס דארף זיין "מתונים בדין", ד.ה. אז אע"פ אז דער ענין פון מלכות איז דער ענין הדין והגבורה (בדוגמת קו העבודה, דער ענין פון גבורה), איז אבער די כוונה בזה ניט דער ענין הדין בפ"ע, נאר כדי אז ס'זאל זיין דער "(מלך במשפט) יעמיד ארץ", וואס די התחלה בזה איז טאקע אין אן אופן פון "עלה במחשבה לברוא את העולם במדת הדין", אבער גלייך דערנאך ווערט דער "שיתף עמו מדת הרחמים"[208] - "מתונים בדין".

און "העמידו תלמידים הרבה" איז פארבונדן מיט ז"א, ווארום מ'זאגט אז "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[209], ד.ה.

- אז -

------------

203) ראה לקו"ש פרקי אבות (נשא) ש.ז. הע' 13.
204) אבות פ"א מ"ב. 205) זכרי' ח, טז. 206) שם מי"ח.
207) משלי כט, ד. 208) ראה פרש"י ר"פ בראשית.
209) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

אז "תלמידים" זיינען "בנים", און ז"א ווערט אנגערופן דער "בן" פון בינה.

און מ׳זאגט "העמידו תלמידים הרבה", וויבאלד אז אין שם הוי׳ (וואס דאס איז דער ענין פון ז"א[210]) איז דא דער מנין פון ששים דבוא, "בשתחשוב יו"ד פעמים וא"ו בכפל חמשה פעמים", כמבואר אין דרושי חסידות[211], וואס ששים רבוא איז "הרבה".

און "עשו סיג לתורה" איז פארבונדן מיט בינה, ווארום ס׳איז דא דער ענין וואס תורה איז מלשון הוראה[212], וואס דאס זיינען די "נגלות לנו ולבנינו", דערנאך איז אבער דא די חיים פון תורה, דער ענין המוחין, "הנסתרות לה׳ אלקינו"[213], אנהויבנדיק פון בינה, וואס זי איז כולל אלע ג"ר (כללות ענין המוחין),

וואס פון זיי ("הנסתרות", מוחין) ווערט אויפגעמאכט דער "סיג לתורה", ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז כדי צו מאכן "סיג לתורה" (וואס דאס איז מגין ומציל און לאזט ניט צו קיין סברות בלתי נכונות אין תורה וכיו"ב), דארף זיך דאס נעמען פון א מקום גבוה יותר.

מד. און דאס איז אויך דער קשר מיט "רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצות כו׳":

וויבאלד אז ס׳איז דא א ריבוי אין תומ"צ, "הרבה להם תומ"צ", ביז וואנעט אז אין תורה גופא איז דא דער "הרבה" - עס איז דא דער לימוד התורה אין ענינים פון תורה, און ס׳איז דא דער לימוד אין ענינים פון עבודה, און דער לימוד אין ענינים פון גמ"ח און כללות עבודת המצוות,

ועד"ז איז דא דער "הרבה" אין מצוות גופא - אז יעדער מצוה איז כלול פון אלע מצוות[214], און אין א מצוה וואס ענינה איז קו הגבורה, איז אויך כלול דער קו החסד ("מתוגים בדין"), און דער קו האמצעי וכיו"ב,

איז דערפאר א זיכערע זאך אז "כל ישראל יש להם חלק (עכ"פ) לעוה"ב", ווי דער רמב"ם סיימט אפ אין פיהמ"ש[215] אז "המצוות בהיותם הרבה אי אפשר שלא יעשה אדם בחייו אחת מהם על מתכונתה ושלימותה" ובמילא האט ער א "חלק (עכ"פ) לעוה"ב".

- מה. -

------------

210) תו"א תצוה פה, ב. ובכ"מ. 211) אוה"ת במדבר כרך ה ע׳ א׳תפג. 212) זח"ג נג, ב. 213) ל׳ הכתוב - נצבים כט, כח. וראה לקו"ת פקודי ג, ב ואילך. 214) ראה המשך תרס"ו ע׳ סח. תקכב. ובכ"מ. 215) סוף מס׳ מכות. וראה בארוכה לקו"ש חגה"ש-פרקי אבות ש.ז. ס"ג ואילך.

מה. ויה"ר אז פון דעם לימוד פון דעם פרק זאל מען קומען צום קיום בפועל - אז ווען מ'טרעפט א אידן, דארף מען צום אלעם ערשטן וויסן אז דער איד האט א "חלק לעוה"ב",

און "אל תבט אל מראהו"[216] - ווי דו זאלסט אים נאר זעהן בעיני בשר, זאלסטו אבער וויסן אז די משנה זאגט א הוראה ברורה אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" (און "טעה בדבר משנה חוזר"[217], דעדפער וואס מלכתחלה איז אין דערויף ניט שייך קיין טעות).

און מ'זאגט אז ס'איז ניט דער טייטש אז מ'גיט אים א מתנה, נאר דאס קומט אים טאקע, און ער קען דאס מאנען, ווארום "ועמך כולם צדיקים", און דערפאר איז "לעולם יירשו ארץ", וואס דער ענין הירושה איז ניט וואס ער באקומט עפעס א זייטיקן ענין, נאר עד איז זיינער א יורש, און דערפאד באקומט ער אלץ.

און דערנאך זאגט מען נאכמער - "מעשה ידי להתפאר"[illegible]: ער איז מוסיף אן ענין של התפארות אין דעם אויבערשטן, ד.ה. אז בשעת דער אויבערשטער דארף זיך שענער מאכן און האבן הנאה (כביכול), מוז ער אנקומען (כביכול) צו "מעשה ידי" - אט דעם אידן וועלכן ער האט געטראפן, און וואס נשיא דורנו (כ"ק מו"ח אדמו"ר) האט אים געמאכט פאר א שליח ער זאל פועל'ן אויף אים אז ער זאל אנהויבן לעדנען אל"ף-בי"ת פון אידישקייט, אדער אפי' אל"ף-בי"ת כפשוטו (וויבאלד אז דאס ווייסט ער אויך ניט),

ביז אז ער וועט מגלה זיין אין אים (און דאס וועט אנהויבן ווירקן אויף אים בפועל) אז ער איז "מעשה ידי להתפאר", ביז וואנעט אז ער וועט זיין אין אן אופן פון טופח על מנת להטפיח -

ד.ה. אז דער איד אויף וועלכן מ'האט לכתחלה געדארפט אנקומען צו דער הוראה פון דער משנה כדי צו וויסן אז ער האט "חלק לעוה"ב" - וועט ער קומען צו דעם ענין פון "הוו מתונים בדין", וויבאלד אז ער וועט זיין שייך צו פסק'נען א דין, און מ'וועט זיך קענען פארלאזן אויף אים,

און ביי אים וועט זיין דער "העמידו תלמידים (און נאכמער:) הרבה", אז ער וועט ווערן א משפיע לרבים,

ביז אז ביי אים וועט זיין דער ענין אז די תורה איז "נקראת על שמו", דאס איז זיינער אן ענין, ובמילא קען ביי אים זיין דער "ועשו סיג לתורה", און נאכמער: ער האט די שליחות מיטן ציווי אז "ועשו סיג לתורה".

- מו. -

---

216) ש"א טז, ז. 217) סנהדרין לג, א. וש"נ.

הנחת הה' בלתי מוגה

מו. און אזוי ווי עס הויבט זיך אן דער סדר הלימוד פון פרקי אבות - לויט די "יש נוהגין כך כל שבתות הקיץ" - איז יה"ר אז דער לימוד זאל זיין מביא לידי מעשה,

אז בקרוב ממש זאל מקוים ווערן דער "הוו מתונים בדין" כפשוטו - אז ס'וועט זיין דער "ואשיבה שופטיך כבראשונה"[218], עס וועט אויפגעשטעלט ווערן די סנהדרין במקומה, צוזאמען מיט "ויבנה ביהמ"ק במקומו"[219], וואס כדי אז די סנהדרין זאלן זיין בתוקף, דארפן זיי זיך געפינען אין לשכת הגזית פון ביהמ"ק, משא"כ אויב זיי זיינען גולה פון דארטן, וואס דעמולט פארלירן זיי דעם תוקף אויף צו דן זיין דיני נפשות וכיו"ב[220].

און ס'וועט זיין "והעמידו תלמידים הרבה" - וויבאלד אז ס'וועט זיין דער "קהל גדול ישובו הנה"[221], און אלע וועלן זיין אין דעם מעמד ומצב פון "וכל בניך לימודי ה'"[222], די תלמידים פון דעם אויבערשטן.

און ס'וועט זיין דער "ועשו סיג לתורה" - בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו חומה ירושלים, אז לע"ל וועט זיין "פרזות תשב ירושלים"[223], מ'וועט ניט דארפן האבן קיין חומה אויף צו באשיצן פון א דבר בלתי רצוי, ווארום עס וועט זיין דער "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[224], אבער אעפ"כ וועט זיין דער "ואני אהי' לה גו' חומת אש סביב"[225],

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

מז. דער ביאור אין פרש"י אויף "קערת כסף", איז פארשטאנדיק לויטן ביאור אין דעם וואס אדה"ר האט געלעבט תתק"ל שנה, אע"פ אז דער אויבערשטער האט געזאגט "כי ביום אכלך ממנו מות תמות" (כדלקמן) - וואס דעם ענין דארף רש"י ניט פארענט-פערן, דערפאר וואס דער ביאור אין דערויף שטייט שוין אין פשטות הכתובים:

נאך דערויף וואס אדה"ר האט געגעסן פון "עץ הדעת", איז געווען דער "וישמעו את קול ה' אלקים גו' ויתחבא האדם ואשתו מפני ה' אלקים"[226], וואס דאס איז דאך א תנועה פון תשובה, און דאס איז געקומען ווען זיי האבן זיך געכאפט אז "עירומים הם"[227] - "מצוה א' הי' בידם ונתערטלו הימנה"[228].

- און -

---

218) ישעי' א, כו. 219) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.
220) שם הל' סנהדרין פי"ד הי"א-יג. 221) ירמי' לא, ח.
222) ישעי' נד, יג ובמפרשים עה"פ. 223) זכרי' ב, ח.
224) שם יג, ב. 225) זכרי' ב, ט. 226) בראשית ג, ח.
227) שם, ז. 228) פרש"י עה"פ. מב"ר פי"ט, ו.

הנחת הת' בלתי מוגה

און נוסף לזה וואס ביי אים איז געווען די תנועה פון תשובה, האט אדה"ר געהאט די טענה אז "האשה אשר נתתה עמדי היא נתנה לי מן העץ ואוכל"[229] - וואס אין דערויף איז טאקע געווען אן ענין בלתי רצוי, וויבאלד אז "כאן כפר בטובה"[230], אבער אעפ"כ איז דאך דאס אן ענטפער אויף דעם אויבערשטן'ס טענה "המן העץ אשר צויתיך לבלתי אכל ממנו אכלת"[231]:

דער אויבערשטער האט דאך געזאגט "לא טוב היות האדם לבדו אעשה לו עזר כנגדו"[232], און דערפאר איז געווען דער "ויבן ה"א את הצלע אשר לקח מן האדם לאשה ויביאה אל האדם"[233], איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז די אשה איז דער "עזר כנגדו".

האט אדה"ר גע'טענה'ט, אז וויבאלד "האשה אשר נתתה עמדי היא נתנה לי מן העץ", דאס האט אים געגעבן דער "עזר כנגדו", די וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן אלס אן "עזר כנגדו" - האט ער געמיינט אז דאס איז א שליחות פון דעם אויבערשטן, און דערפאר איז "ואוכל".

בדוגמא ווי מ'פארלאזט זיך אויף נשים בישראל בנוגע צו כו"כ ענינים, ביז וואנעט אז דעם גאנצן ענין וואס "עד אחד נאמן באיסורין" לערנט מען אפ[234] דערפון וואס דער גאנצער ענין פון כשרות האכו"ש, און דער גאנצער ענין פון טהרת המשפחה [ועד"ז דער ענין פון נרות שבת קודש - וואס דאס זיינען די ג' דברים וואס בית ישראל נשען וקיים עליהם], איז איבערגעגעבן געווארן צו אן "עד אחד" - אן אשה ובת בישראל.

ובמכש"כ וק"ו ווען מ'רעדט וועגן חוה'ן, וואס זי איז געווען "אחת מצלעותיו" פון אדה"ר[235], וואס דער "צלע" איז געווען "יציר כפיו של הקב"ה", און זי איז צווישן די וואס ליגן אין "מערת המכפלה"[236],

מיט אלע הפלאות וואס מ'זאגט אויף "פני חוה", אז אפי' די אמהות קומען ניט צו איר יופי[237],

און ס'איז דאך א זיכערע זאך אז מ'רעדט ניט נאר וועגן דעם יופי כפשוטו בגשמיות, נאר דער עיקר איז דער יופי ברוחניות,

[ס'איז זיכער געווען דער יופי בגשמיות, ווי מ'געפינט בא שרה, אז "ויראו המצרים את האשה כי יפה היא מאד"[238], וואס

- וויבאלד -

---

229) בראשית שם, יב. 230) פרש"י עה"פ. 231) בראשית שם, יא. 232) שם ב, יח. 233) שם, כב. 234) תוד"ה עד אחד - גיטין ב, ב. 235) בראשית שם, כא. 236) עירובין נג, א. 237) ראה ב"ב נח, א. 238) לך לך יב, יד.

הנחת הת' בלתי מוגה

וויבאלד אז איר יופי האט דערנומען די מצריים, וואס זיי זיינען געווען אין "ערות הארץ"[239], מוז מען זאגן אז דאס איז געווען א יופי גשמי - דער עיקר איז אבער געווען דער יופי הרוחני.

ד.ה. אז בא די אמהות איז געווען די נשמה דער עיקר, און דער יופי פון דער נשמה האט מבהיק געווען אויף דעם גוף, ועאכו"כ בנוגע צו חוה -

האט אדה"ר גע׳טענה׳ט, אז וויבאלד די וואס דער אויבערשטער האט איר געמאכט פאר אן "עזר כנגדו" האט אים געגעבן "מן העץ" - איז דערפאר "ואוכל".

עס בלייבט אבער די שאלה בנוגע צו חוה: ווי אזוי האט זי טאקע געגעבן צו ארה"ר פון דעם עץ הדעת?

איז דער ביאור בזה - אז חוה האט ניט געהערט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן אליין, זי האט דאס געהערט נאר פון אדה"ר, און דערנאך איז געקומען דער נחש און האט איר געגעבן א הסברה אז "לא מות תמותון וגו׳"[240], און דערפאר האט זי דאס געטאן.

מח. ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז אע"פ אז ס׳איז געווען דער ענין התשובה, איז עס אבער געווען א דבר בלתי רצוי, און דערפאר האט ניט געקענט זיין דער "וחי לעולם", אבער אעפ"כ איז קיין קושיא ניט פאררוואס איז ניט געווען דער "ביום אכלך ממנו מות תמות" - וויבאלד אז ס׳איז געווען דער ענין התשובה, און זיין טענה איז געווען א טענה וואס איז פארשטאנדיק אין פשוטם של כתובים.

און דערפון זעט מען די הפלאה עד כמה גדול כוחה של תשובה - אז אע"פ וואס דער אויבערשטער האט אים בעזאגט אז "ביום אכלך ממנו מות תמות", האט אבעד דער ענין התשובה אויפגעטאן אז ביי אים זאל זיין דער ענין החיים, און ניט נאר "והיו ימיו מאה ועשרים שנה"[241], נאר חיים ארוכים ביותר - תתק"ל שנה.

מט. עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון "מנין שנותיו של אדה"ר" מיט דעם ענין פון חנוכת המשכן והמזבח:

דער כללות ענין המשכן האט מכפר געווען אויפן חטא העגל[242], ד.ה. אז ענינו איז געווען דער ענין פון כפרה,

- ועד"ז -

------------

239) מקץ מב, ט. 240) בראשית ג, ד. 241) שם ו, ג.
242) תנחומא תרומה ח.

ועד"ז איז כללות ענין המזבח אויך פארבונדן מיט אן ענין של כפרה, ווארום אויפן מזבח האט מען מקריב געווען די קרבנות וועלכע זיינען מכפר אויף ענינים בלתי רצויים - ווי מ׳געפינט דעם ענין הכפרה פון קרבנות אנהויבנדיק פון נח׳ן, וואס ביי אים איז געווען דער "וירח ה׳ את ריח הניחוח גו׳"[243], ועד"ז דערנאך ביי אברהם און די דורות שלאח"ז, ביז צום מזבח וואס איז געווען אין משכן.

און דערפאר ווען מ׳רעדט וועגן חנוכת המשכן והמזבח, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט כללות הענין פון כפרה - ברענגט מען דעם "מנין שנותיו של אדה"ר", וואס אין דערויף איז מודגש דער געוואלדיקער כח וואס עס האט דער ענין התשובה, אז די תשובה האט גע׳פועל׳ט ער זאל האבן אן אריכות ימים, ביז צו תתק"ל שנה (אפי׳ מער פון תק"כ שנה וואס רש"י ברענגט אראפ בנוגע צו נח, "על שם נח שהעמיד תולדות בן ת"ק שנה ועל שם עשרים שנה שנגזרה גזירת המבול קודם תולדותיו").

ג. דער* ביאור אין דעם ענין וואס רעדט זיך אין דער הערה אויפן זהר:

אין דעם ענין הגאולה פון אידן (וואס דעמולט ווערט דער "יכנס (הקב"ה) בירושלים של מעלה" ווייל "יכנסו ישראל בירושלים של מטה") זיינען דא צוויי אופנים: דער מעמד ומצב פון "זכו", וואס דעמולט איז "אחישנה", און דער מעמד ומצב פון "לא זכו", וואס דעמולט איז עס "בעתה"[244].

און אין די צוויי אופנים זיינען תלוי די צוויי לשונות פון "נשבע הקב"ה כו׳" און "אמר הקב"ה כו׳":

בשעת די גאולה פון אידן איז אין א מעמד ומצב פון "זכו", איז קיין שאלה ניט פארוואס זאגט דער אויבערשטער אז "לא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה", ווארום מ׳וויל ווארטן אויפן מעמד ומצב פון "זכו", וואס דעמולט וועט זיין דער "יכנסו ישראל בירושלים של מטה".

און וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארשטאנדיק אין שכל ובבו"ד של מעלה, איז אויף דערויף גענוג אן אמירה, "אמר הקב"ה כו׳", און מ׳דארף ניט אנקומען צו א שבועה.

משא"כ ווען די גאולה איז אין א מעמד ומצב פון "לא זכו" - איז דעמולט ניט פארשטאנדיק פארוואס איז דער אויבערשטער מעכב די כניסה אין ירושלים של מעלה "עד שיכנסו

- ישראל -

------------

*) מכאן ועד סו"ס נב - הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

------------

243) נח ח, כא. 244) סנהדרין צח, א.

ישראל בירושלים של מטה", ווארום ס'איז ניטא וואס צו ווארטן, וויבאלד אז ס'איז סיי-ווי א מעמד ומצב פון "לא זכו" -

און וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס לייגט זיך ניט אין שכל ובב"ד של מעלה*, דארף מען אנקומען צו א שבועה, "<u>נשבע</u> הקב"ה כו'", וואס א שבועה דארף מען האבן דארטן וואו ס'איז ניטא קיין הסברה ע"פ שכל, ואדרבא, כמבואר אין לקו"ת נצבים[245] ובכ"מ בנוגע צו דעם ענין פון כריתה ברית (וואס דאס איז פארבונדן מיט א שבועה און אלה), אז דעם ענין (פון כר"ב און שבועה) דארף מען האבן דארטן וואו ס'איז ניטא קיין הסברה ע"פ שכל.

בסגנון אחר: ווען ישראל זיינען "<u>זכו</u>", איז פארשטאנדיק זייער חביבות וחשיבות ביז אז מען וואדט אויף זה בכניסה לירושלים של מעלה,

משא"כ באם "לא זכו" וכו'.

מען קען אויך זאגן באופן הפכי:

בשעת מ'וויל ווארטן אז די גאולה זאל זיין אין אן אופן פון "זכו", איז דעמולט <u>ניט</u> פארשטאנדיק פארוואס איז דער אויבערשטער מעכב די כניסה אין ירושלים של מעלה "עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה", ווארום אדרבה: בשעת עס וועט זיין דער "יכנס בירושלים של מעלה", וועט דאס גופא מסייע זיין אז אידן זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "זכו", און דעמולט וועט זיין דער "יכנסו ישראל בירושלים של מטה" - און דערפאר דארף מען האבן די שבועה, "<u>נשבע</u> הקב"ה כו'".

משא"כ ווען די גאולה איז אין אן אופן פון "לא זכו", נאר דערפאר וואס עס איז "<u>בעתה</u>" - איז פארשטאנדיק, אז אויך דער "גלות" למעלה - הקב"ה גלה כביכול, פון ירושלים של מעלה ווארט אויף'ן "בעתה" און עס וועט זיין עכ"פ דער זכות פון ישראל'ס זיין בירשמ"ט - און דערפאר ווארט מען "עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה", ובמילא דארף מען ניט אנ-קומען צו א שבועה, נאר ס'איז גענוג אן אמירה, "<u>אמר</u> הקב"ה כו'".

נא. דער ביאור אין דעם וואס אין זהר שטייט "עד שיכנסו <u>ישראל</u> בירושלים של מטה", און אין גמרא שטייט "עד <u>שאבוא</u> - (הקב"ה) -

------------

*) להעיר מליקוטים לתניא פ"א בפי' בי נשבעהי.

------------

245) מד, ב.

(הקב"ה) לירושלים של מטה" - יל"פ בכמה אופנים*:

א) שבועה איז שייך גם בנוגע להמטה ביותר - נשמות בגוף, און וויבאלד אז אין זהר שטייט "נשבע הקב"ה", זאגט ער "עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה", משא"כ אין גמרא וואס דארטן שטייט "אמר הקב"ה".

ב) דער זהר טייטשט אפ אז "בקרבך קדוש" גייט אויף בנ"י שבגלות (אז דער אויבערשטער געפינט זיך אין גלות צוזאמען מיט אידן), איז פארשטאנדיק אז עס קען ניט זיין כניסת הקב"ה אין ירושלים של מעלה, נאר פריער דארף זיין כניסת בני הגלות אין ירושלים של מטה - און דערפאר שטייט אין זהר אז "לא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה":

משא"כ אין גמרא וואס דארטן טייטשט מען אפ אז דער "בקרבך קדוש" גייט אויפן אויבערשטן ווי ער געפינט זיך (ניט אין גלות, נאר) אין ירושלים של מטה[245] - איז עס ניט פארבונדן מיט "יכנסו ישראל בירושלים של מטה", און דערפאר

- זאגט -

------------

*) ותלוי בהשינויים שבזהר גופא ממקום למקום (אם כתוב "נשבע הקב"ה" - כביאור הא' שבפנים, או "בקרבך קדוש" (כפי' הזהר) - כביאור הב' שבפנים, או שניהם) - ולדוגמא:

בזח"א דלא, א: אומי קוב"ה דלא ייעול בגו ירושלים דלעילא עד דיעלון ישראל לירושלים דלתתא דכתיב בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר.

ועד"ז בז"ח שה"ש עא, א: אומי קוב"ה דלא ייעול לגבה לעילא עד דייעלון ישראל לתתא דכתיב בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר.

בזח"ג טו, ב: נשבע הקב"ה שלא יכנס בירושלים דלעילא עד שיכנסו ישראל בירושלים דלתתא.

בפרשתנו (זח"ג קמז, ב): נשבע הקב"ה שלא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה שנאמר בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר.

ועד"ז בזח"ג רסב, ב: בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר נשבע קוב"ה שלא יכנס בירושלים של מעלה וכו'.

ועד"ז בז"ח נח כ, ד: נשבע שלא יבוא שם (בירושלים של מעלה) עד שיבואו ישראל בירושלים של מטה שנאמר בקרבך קדוש ולא אבוא בעיר.

------------

245*) פרש"י שם ד"ה לא אבוא.

זאגט די גמרא "עד שאבוא (הקב"ה) לירושלים של מטה".

נב. בנוגע צו די צוויי פירושים אין "ירושלים של מטה" און "ירושלים של מעלה" - איז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[246], וויבאלד אז אין דעם ענין היחודים [וואס כניסת הקב"ה אין ירושלים של מעלה איז דער ענין פון יחוד או"א (חו"ב) און כניסת ישראל אין ירושלים של מטה איז דער ענין פון יחוד זו"ן] זיינען דא כו"כ דרגות.

ובדוגמא ווי דער צ"צ[247] (און די נשיאים שלאחריו) איז מבאר אז אין דעם ענין פון יחוד או"א זיינען דא כמה דרגות:

עס איז דא דער יחוד אויף "להחיות העולמות", וואס דער יחוד איז א יחוד "תמידי" און "אין נפסק לעולם", און אויף דערויף זאגט מען אז או"א זיינען "תרין רעין דלא מתפרשין", און ס'איז דא דער יחוד וואס איז פארבונדן מיט הולדת "נשמות חדשות", וואס דער יחוד איז "אינו תמיד" (ווי ער ברענגט אראפ פון ע"ח[248]), און אויף דערויף זאגט דער אויבערשטער אז "לא יכנס בירושלים של מעלה עד שיכנסו ישראל בירושלים של מטה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנדו"ד - אז עס גייט דורך דעם גאנצן סדר השתלשלות*, און דער סדר** מלמטלמ"ע:

דער ענין פון "יכנסו ישראל בירושלים של מטה", וואס "ישראל" איז ר"ת "יש ששים רבוא אותיות לתורה"[249], און דאס גייט אויף יעדער אידן, וואדום "אע"פ שחטא ישראל הוא"[250],

- און -

------------

*) מנשמה בגוף, כולל גם זה שעליו נאמר "אע"פ שחטא ישראל הוא" - עד לפנימיות הכתר וא"ס שמשם יחוד פנימי הנעלה דחו"ב.

**) אבל צ"ע ובירור האם לכ"ע מוכרח כל סדר זה או שלכ"ע אינו מוכרח או שמחלוקת בדבר, ולכן השינוי בלשונות מדז"ל אלו.

ולדוגמא: להמד"א המפרש בנדו"ד דספי' המלכות נכנסה בירושלים דלמטה ואז נכנס הקב"ה בירושמ"ע - הרי אפשר שיפעל צדיק אחד כניסת המל' בירושמ"ט ועי"ז יכנס הקב"ה לירושמ"ע, וכ"ז יוסיף השפעה בכל העולמות ובעוה"ז - ועד שיכנסו ישראל לירושלים (לאח"ז). ואכ"ם.

------------

246) עירובין יג, ב. 247) אוה"ת בראשית ונצבים שם. 248) סוף שער הכללים. שער הזיווגים פ"א. 249) מג"ע אופן קפו. ועוד. 250) סנהדרין מד, רע"א.

און ער האט דעם אות בתורה, וואס דער אות איז אים מחי׳, און דורך דערויף האט ער א חלק לעוה"ב - און בא זיי ווערט דער "יכנסו ישראל בירושלים של מטה" כפשוטו.

עס איז דא דער ענין פון "יכנס בירושלים של מעלה" - וואס דאס גייט אויף כנס"י, ספירת המלכות.

נאך א העכערער ענין - אז ירושלים של מטה איז דער ענין פון ספירת המלכות, און ירושלים של מעלה איז דער ענין פון ספירת הבינה, וואס דארטן גופא איז דא דער יחוד חיצוני דאו"א אדער דער יחוד פנימי דאו"א, און אין דעם יחוד פנימי עצמו זיינען אויך דא כמה דרגות, ווי פארשטאנדיק אין די דרושים וכתהאריז"ל הנ"ל.

נג. בנוגע לענינגו:

וויבאלד אז די גמרא[251] זאגט אז ס׳איז שוין "כלו כל הקיצין", איז דאס שוין "בעתה", ובמילא איז אפי׳ אויב ס׳איז א מעמד ומצב וואס "לא זכו", דארף שוין אויך זיין די גאולה, ועאכו"כ לאחרי אלע ענינים וואס מ׳איז דורכגעגאנגען, איז דאך זיכער געווען דער ענין הזיכוך, "זכו"[252], מיט אלע פרטים שבזה -

איז א זיכערע זאך אז מ׳קען מאנען (ובמילא דערוואַרט מען זיך) אז ס׳זאל זיין דער "מיד הן נגאלין"[253], אנהויבנדיק פון דעם ענין הגאולה כפשוטו, אז "יכנסו ישראל בירושלים של מטה" (וואס זי איז פארבונדן מיט ירושלים של מעלה, "כעיר שחוברה לה יחדיו") - און ח"ו אפגעבן עפעס פון ירושלים עיר הקודש.

און וויבאלד אז "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י"[254], איז ח"ו אז מ׳זאל עפעס אפגעבן פון שלימות הארץ.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט שלימות העם - "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב".

און ניט ארייגלאזן אן איינו יהודי וואס נתגייר שלא כהלכה - וואס דאס גופא וואס ער וויל אריינגיין צווישן אידן באווייזט אז ער איז ניט פון "חסידי אוה"ע", און אפי׳ ניט "מחכמיהם"[255], ווארום ווען ער וואלט געווען פון חסידי אוה"ע (אדער "מחכמיהם"), וואלט ער זיך ניט געלאזט אפנארן פון א טיפש בישראל וואס אים ווייזט זיך אויס אז ער וועט

- קענען -

---

251) שם צז, ב. 252) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 73.
253) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 254) יל"ש ישעי׳ רמז תקב.
255) ראה רמב"ם הל׳ מלכים ספ"ח.

קענען איבערשפארן דעם אויבערשטן׳ס הלכה רח"ל, און מאכן פון א גוי - א אידן, אן גיור כהלכה.

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז היפך השכל לגמרי - מצד דערויף וואס ער וויל האבן כבוד, וויל באקומען געלט, און וויל באקומען א ביינקל, רעדט ער זיך איין אז דורך דערויף וועט זיך בייטן די מציאות פון א בן אדם, אז אן איננו יהודי וועט ווערן א יהודי!

ער האט קיין שייכות ניט צו שכל הישר און אפי׳ ניט צו שכל הפשוט, און אפי׳ צו די נידעריקסטע דרגא פון שכל הפשוט - ביי אים איז דער היפך החכמה, ביז צו תכלית הירידה, און ער פועל׳ט אויך אויפן איננו יהודי (וואס איז געווען אן ערליכער גוי) אז ער זאל אויך ליגן אין אזא דרגא.

ביז אז ביי אים איז רעכט אז צוליב אן ענין של כבוד וכו׳, זאל ער ארויסגיין אין א מלחמה כנגד "דבר ה׳ זו הלכה"[256] - וויסנדיק אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[257], און א ניט-איד וועט בלייבן א ניט-איד, און א איד וועט בלייבן א איד, ווארום "אע"פ שחטא ישראל הוא", און אפי׳ דער טיפש וואס האט אליין חוטא געווען און האט מחטיא געווען א ניט-איד, וועט ער אויך בלייבן א איד.

אזוי ווי ס׳איז אבער דא אזא מציאות, און מ׳דארף דאס באווארענען - איז בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים איז געווען דער ענין הקרבנות, וואס זיי האבן מכפר געווען על כל עונות בני ישראל (ווי דערמאנט פריער (סמ"ט)), און בזמן שאין ביהמ"ק קיים, איז די עצה אויף דערויף - "יעשה תשובה ויתכפר לו"[258] (וואס אפי׳ ווען ס׳איז געווען דער ענין הקרבנות, האט מען אויך געדארפט האבן דעם ענין התשובה[259], ועאכו"כ בזמננו זה, ווען ס׳איז ניטא דער ענין הקרבנות).

וואס כדי אז די תשובה זאל זיין א תשובה גמורה, דארף ער אויך מתקן זיין די ענינים וואס ער האט געטאן, ובמילא דארף ער געפינען די וועלכע ער האט מכשיל געווען, און זיי מחזיר זיין בתשובה,

אבער לכל לראש דארף זיין דער ענין פון חרטה גמורה על העבר - ער זאל מודה זיין אז מאיזה סיבה שהי׳ איז ער דורכגעפאלן, ביז אין אן אופן הפכי פון "זכה וזיכה את הרבים"[260] - נאר אזוי ווי ס׳איז דא דער ענין פון "קץ שם לחושך"[261],

- האט -

------------

256) שבת קלח, ב. 257) ישעי׳ מ, ח. 258) יל"ש תהלים רמז תש"כ. ירושלמי מכות פ"ב ה"ו. 259) רמב"ם ריש הל׳ תשובה. 260) אבות פ"ה מי"ח. 261) איוב כח, ג.

האם אים דער אויבערשטער מצליח געווען, און ער איז ארוים-געגאנגען "מאפילה לאור גדול ומשעבור לגאולה"[262], און במילא טוט ער תשובה, כולל חרטה על העבר און קבלה טובה על להבא, מיט אלע פרטים וואס זיינען דא אין דעם ענין התשובה,

ביז ווי דער אלטער רבי[263] ברענגט אראפ אז "אם הי' רגיל לקרות דף אחד יקרא ב' דפים, לשנות פרק א' ישנה ב' פרקים", וויבאלד אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "כפול ומכופל", כמבואר אויך אין די דרושים וואס זיינען מבאר די ענינים.

און דאס איז אויך פארבונדן עם האמור לעיל (סמ"ח) וועגן גודל מעלת התשובה, אז דאס האט בע'פועל'ט אז אדה"ר האט געלעבט תתק"ל שנה.

נד. דער ביאור אין דעם וואס עיקר הענין פון "בכתף ישאו" איז בנוגע צום ארון דוקא (ווי ס'שטייט אין רמב"ם, און מבואר אין אגה"ק):

דער רמב"ם איז מבאר אין ספר המצוות[264]. אז "אין ראוי למנות מצוות שאין נוהגות לדורות", נאר דוקא מצוות וועלכע זיינען "נוהגות לדורות".

וואס די הוכחה לזה איז - "כי כל אבר ואבר כאילו הוא יצוה האדם בעשית מצוה ומצוה (רמ"ח מ"ע), וכל יום ויום כאילו יזהיר אותו מעבירה (שס"ה מל"ת), ראי' על היות זה המספר לא יחסר לעולם, ואילו הי' מכלל המנין מצוות שאין נוהגות לדורות, הנה זה הכלל יחסר בזמן שיכלה בו חיוב המצוה ההיא, ולא הי' המאמר הזה שלם כ"א בזמן מוגבל".

וואס אין דערויף זעט מען א חידוש גדול אין רמב"ם:

אומעטום ברענגט דער רמב"ם נאר ענינים וואס זיינען ע"פ נגלה, און בנדו"ד, בשעת דער רמב"ם ברענגט א ראי' אז אין מנין המצוות גייען אריין נאר די מצוות וואס זיינען "נוהגות לדורות", ברענגט ער די ראי' דערפון וואס מ'זאגט אז די רמ"ח אברים זיינען כנגד רכ"ח מ"ע, און די שס"ה ימים זיינען כנגד שס"ה מל"ת,

וואס עפ"ז מוז מען זאגן אז אין מנין התרי"ג מצוות גייען אריין נאר די מצוות וואס זיינען "נוהגות לדורות", ווארום אויב ניט, וועט אויסקומען אז ווען עס ענדיקט זיך דער חיוב פון דער מצוה, פעלט אין דער שלימות פון רמ"ח אברים און שס"ה ימים -

- וואס -

---

262) פסחים קטז, ב במשנה. 263) אגה"ת ספ"ט.
264) שורש השלישי.

וואס דער ענין (אז רמ"ח מ"ע זיינען כנגד רמ"ח אברים, און שס"ה מל"ת זיינען כנגד די שס"ה ימים) איז ניט קיין ענין ע"פ נגלה, און אעפ"כ ברענגט דער רמב"ם א ראי' דערפון אז "אין ראוי למנות מצוות שאין נוהגות לדורות".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס פסק'נט דער רמב"ם אז "בעת שמוליכין הארון ממקום למקום . . מצוה לנשאו על הכתף כו'", און ניט בנוגע צו אלע אנדערע כלים וועלכע בני קהת האבן געטראגן "על הכתף" – וויבאלד אז די מצוה פון "בכתף ישאו" לדורות איז געווען מערניט ווי בנוגע צום ארון, משא"כ בנוגע צו שאר הכלים, וואס בא זיי איז דער ציווי פון "בכתף ישאו" געווען מערניט ווי לשעה (כדלקמן), און אין מנין המצוות גייען אריין נאר די מצוות וועלכע זיינען "נוהגות לדורות".

נה. והביאור בזה:

נאך דערויף וואס יאשיהו המלך האט גונז געווען דעם ארון[265], איז בטל געווארן דער ענין פון "משא בכתף", ווי ס'שטייט[266] "ויאמר ללוים גו' תנו את ארון הקודש בבית אשר בנה שלמה בן דוד מלך ישראל אין לכם משא בכתף".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ציווי פון "בכתף ישאו" לדורות איז געווען נאר בנוגע צום ארון (משא"כ בנוגע צו שאר הכלים, וואס בא זיי איז דער ציווי געווען נאר לשעה), וואס דערפאר איז ווען דער ארון איז נגנז געווארן איז "אין לכם משא בכתף",

ווארום אויב מ'וועט זאגן אז אויך בנוגע צו שאר הכלים איז מען נצטווה געווארן לדורות אז ס'זאל זיין "בכתף ישאו" – ווערט די שאלה: ווי קומט דאס אז נאך דערויף וואס דער ארון איז נגנז געווארן, איז "אין לכם משא בכתף", עס איז דאך דא דער ציווי פון "בכתף ישאו" בנוגע צו שאר הכלים?

און דעמולט ווערט נאך א שאלה: וואס איז דער דין בנוגע צו די "עשרה שולחנות" און "עשר מנורות" שעשה שלמה[267], צי אויף זיי איז אויך חל דער ציווי פון "בכתף ישאו" וואס איז געזאגט געווארן בנוגע צו כלים שעשה משה רבינו – און מ'געפינט אין ערגעץ ניט אז מ'זאל רעדן וועגן דערויף.

מוז מען דאך זאגן אז נאר בנוגע צום ארון איז געווען א ציווי לדורות אז "בכתף ישאו".

- נו. -

------------

265) יומא נב, ב. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ד ה"א.
266) דה"ב לה, ג. 267) מנחות צח, ב.

נו. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

ווען דער רמב"ם רעדט וועגן דעם ציווי פון נשיאת הארון בכתף, זאגט ער: "ולפי ששכח דוד ונשאו על העגלה נפרץ פרץ בעוזא", וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז נוגע אין ספר "יד החזקה" ברענגען א סיפור אז ס׳איז געווען אן עונש אויף דעם וואס מ׳האט ניט מקיים געווען די מצוה פון נשיאת הארון בכתף?

איז דער ביאור בזה - אז דערפון האט מען א ראי׳ אז בנוגע צום ארון איז דער ציווי פון "בכתף ישאו" געווען (ניט נאר לשעה, בזמן המשכן, נאר) אויך לדורות:

דער סיפור פון "פרץ עוזא" איז געווען אין א"י בזמן דוד המלך (ניט בזמן המשכן), און אעפ"כ איז געווען אן עונש אויף דעם וואס מ׳האט ניט געטראגן דעם ארון "על הכתף" - איז דאך דערפון א הוכחה אז דער ציווי פון "בכתף ישאו" בנוגע צום ארון איז געווען בתקפו אויך דעמולט, ד.ה. אז דאס איז א ציווי לדורות.

נז. און דאס איז דער חילוק צווישן דעם ארון מיט שאר הכלים - אז בנוגע צום ארון געפינט מען אז דער ציווי פון "בכתף ישאו" איז געווען אויך לדורות,

משא"כ בנוגע צו שאר הכלים, וואס מ׳געפינט ניט אז דער ציווי פון "בכתף ישאו" זאל זיין לדורות, ואדרבה: דערפון וואס לאחרי שנגנז הארון איז "אין לכם משא בכתף", איז פארשטאנדיק, אז בא שאר הכלים איז דער ציווי פון "בכתף ישאו" נאר לשעה (בזמן המשכן), און ניט לדורות.

און וויבאלד אז אין מנין המצוות רעכנט מען נאר די מצוות וועלכע זיינען "נוהגות לדורות", זאגט דער רמב"ם אז "בעת שמוליכין את <u>הארון</u> . מצוה לנשאו על הכתף, שנאמר כי עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו", וויבאלד אז בנוגע צום ארון איז דער ציווי געווען לדורות, משא"כ בנוגע צו שאר הכלים.

ועפ"ז קומט אויס א חידוש:

אע"פ אז דער ציווי פון "עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו" שטייט אין א לשון כללי, און דאס גייט אויף <u>אלע</u> כלים,

[ווי רש"י טייטשט אפ אין פשוטם של כתובים "משא דבר הקדושה הארון והשלחן וגו׳", און ווי דער צ"צ זאגט בפשטות אז דער ציווי גייט אויף אלע כלים, "שהרי לא ניתן שום עגלה לבני קהת"],

אעפ"כ איז דא דער חילוק - אז בנוגע צום ארון איז דער ציווי אויך לדורות, משא"כ בנוגע צו שאר הכלים, וואס דער

- ציווי -



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

ציווי איז נאר לשעה, בזמן המשכן, און ניט לדורות, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס יאשיהו האט בעזאגט אז "אין לכם משא בכתף".

נח. דער ענין גופא איז אבער דורש ביאור:

וויבאלד אז מלכתחלה איז דער ציווי פון "בכתף ישאו" געזאגט געווארן בנוגע לכל כלי המשכן, איז פארוואס איז טאקע דא א נפק"מ צווישן דעם ארון מיט שאר כלי המשכן, אז בנוגע צום ארון איז דער ציווי געבליבן לדורות, און בנוגע צו שאר כלי המשכן איז דער ציווי געווען נאר לשעה, און ניט לדורות?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק, אז דער ענין פון "בכתף ישאו" איז פארבונדן מיטן ארון דוקא, דערפאר וואס תורה איז כולה פנים, און דער ציווי איז "לחבר ולייחד את הכתפיים שהן בחי' אחוריים אל עבודה הקודש היא ח"ע בבחי' פנים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עיקר הענין פון "בכתף ישאו" איז פארבונדן מיטן ארון דוקא, און דערפון קומט דאס אויך אראפ בנוגע צו שאר כלי המשכן.

ע"ד ווי מ'געפינט אין נגלה דעם ענין פון גלגול שבועה[268]:

עס זיינען דא ענינים וואס מצ"ע קען מען אויף זיי ניט מחייב זיין קיין שבועה, אבער ווען ער איז מחוייב א שבועה צוליב א צווייטן ענין, איז מען מגלגל אויף אים אויך די שבועה אויף דעם ענין וואס מצ"ע וואלט מען אים אויף דערויף ניט געקענט מחייב זיין קיין שבועה.

ועד"ז בנדו"ד - אז עיקר הענין פון "בכתף ישאו" איז פארבונדן מיטן ארון דוקא, נאר דערפון קומט דאס אויך אראפ בנוגע צו שאר כלי המשכן.

דאס איז אבער געווען נאר לפי שעה, ווען אידן זיינען געווען אין דעם מעמד ומצב פון "דור דעה"[269], און משה רבינו איז געווען בחוכם און בראשם, און זיי האבן דעמולט געהאט דעם משכן אין אן אופן אז ער איז געגאנגען "הלוך ונסוע" ממסע למסע, "מחיל אל חיל" - דעמולט האט דער ענין פון נשיאת הארון וואס "עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון"[270] ממשיך געווען דעם ענין פון "בכתף ישאו" אויך אויף שאר כלי המשכן;

- משא"כ -

---

268) שבועות מה, א. ועוד. 269) זח"ב סב, ב. במדב"ר פי"ט, ג. לקו"ת שלח לז, ב. ועוד. 270) רמב"ן ר"פ תרומה.

משא"כ דערנאך ווען מ'איז געקומען אין אה"ק [וואס דעמולט האבן גאר די כהנים איבערגענומען דעם ענין פון נשיאת הארון וכו'[271]], איז געבליבן דער עיקר הענין פון "בכתף ישאו" - בנוגע צום ארון דוקא.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש אויף וויפל ס'איז נוגע דער "זמן מתן תורתנו", ביז וואנעס אז מ'זאגט אז די הוראה פון "בכתף ישאו" בנוגע צום ארון (דער ענין התורה), איז געווען א הוראה לדורות, משא"כ בנוגע צו שאר כלי המשכן, וואס אע"פ אז בא זיי איז אויך געווען דער ציווי פון "בכתף ישאו", איז עס אבער געווען נאר לפי שעה, און ניט לדורות.

נס. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צו דעם "יבנה ביהמ"ק במקומו", און מ'וועט זעהן די חנוכת המזבח מיט חנוכת ביהמ"ק - וואס לכל הדעות וועט דעמולט זיין דער ענין פון חנוכת המזבח וביהמ"ק (ווי רערציילט אין יחזקאל[272] כו"כ פרטים בדבר).

וואס אע"פ אז דער רמב"ם[273] זאגט אז די מצוה פון "חנוכת המזבח" איז ניט געווען לדורות, נאר מערניט ווי לשעה - איז דאך אבער דא דעת הפוסקים[274] אז דאס איז א "מצוה לדורות".

און ווי דער פס"ד זאל נאר זיין, איז אבער דער עיקר דער מעשה בפועל - אז בקרוב ממש זאל מען זעהן ווי "אהרן ומשה עמהם"[275], און מ'וועט זעהן ווי די אלע ענינים ווערן דורכגעפירט בפשטות, למטה מעשרה טפחים,

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, און "יבנה ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל"[276], ביז צו "והיתה לה' המלוכה"[277], במהרה בימינו ממש.

* * *

ס. אזוי ווי מ'גייט ארייך אין פ' בהעלותך (ווי דערמאנט פריער (סכ"א)) - איז כאן המקום להזכיר, לעורר ולעודד נאכאמאל, וועגן דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות":

עס איז ידוע דאס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[278] אז "בהעלותך את הנרות" איז מרמז אויף דעם "נר ה'

- נשמת -

------------

271) ספהמ"צ להרמב"ם מע' לד. 272) מג, יח ואילך.
273) ספהמ"צ שורש השלישי. 274) רמב"ן בהשגותיו לסהמ"צ שם.
275) יומא ה, ב. וראה גם תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.
276) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 277) עובדי' א, כא.
278) ר"פ בהעלותך.

נשמת אדם"[279], און עס דארף זיין דער "בהעלותך את הנרות", אז מ'זאל אנצינדן די אידישע נשמות, וואס זיי טיילן זיך אויף שבעה סוגים, "שבעת הנרות".

און מ'דארף זיי אנצינדן אין אן אופן "עד שתהא שלהבת עולה מאלי'", ד.ה. אז מ'דארף זיך פארנעמען מיט א צווייטן אידן ביז וואנעט אז יענער וועט ניט דארפן אנקומען צו זיין הילף, ווארום ער וועט שטיין אין א מעמד ומצב פון "שלהבת עולה מאלי'".

און ניט נאר אז ער וועט סתם לייכטן, נאר ער וועט לייכטן אין אן אופן פון "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות", ד.ה. אז ער וועט זיין פארבונדן מיט זיין פנימיות, אין אן אופן אז די פנימיוה קומט ארויס און איז ביי אים מאיר בגלוי, ביז אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר".

סא. וואס בכללות איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין פון הפצת התורה והיהדות והמצוות בכלל, ובפרט דער ענין פון "אל מול פני המנורה" - דער ענין פון פנימיות התורה, אז ס'זאל זיין דער "יפוצו מעינותיך חוצה".

און נאכמער בפרטיות איז דאס פארבונדן מיט מבצע נרות שבת קודש, ווארום די נרות שבת קודש זיינען בדוגמת נרות המקדש,

און ווי ס'שטייט אין ילקוט שמעוני[280] אז "אם שמרתם נרות שבת אני מראה לכם נרות של ציון",

וואס דאס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין דער "יבנה ביהמ"ק במקומו", און "אהרן ומשה עמהם", און ס'וועט זיין דער "בהעלותך את הנרות" כפשוטו.

סב. און דאס איז אויך פארבונדן מיט הפצת היהדות בכלל (כנ"ל), אנהויבנדיק פון די מבצעים כלליים:

"מבצע אהבת ישראל" - וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט "בהעלותך את הנרות", אז יעדער איד פארנעמט זיך מיט אנצינדן אידישע נשמות, ווארום יעדער איד איז בדוגמת אהרן הכהן (כה"ג), ווי מ'טייטשט אפ[281] אויף "ממלכת כהנים וגוי קדוש" אז דאס איז דער ענין פון כהן גדול -

צינדט אן יעדער איד אלע "שבעת הנרות", די אלע שבעה

- סוגים -

------------

279) משלי כ, כז. 280) ר"פ בהעלותך. 281) בעה"ס עה"פ.

סוגים וואס זיינען דא אין נשמות ישראל, און טוט דאס בסבר פנים יפות, מתוך אהבת ישראל, אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך", וואס דאס איז א "כלל גדול בתורה"[282], כמבואר בארוכה אין תניא פרק לב.

און דערפון קומט ארויס אז ער פארנעמט זיך אויך מיט "מבצע חינוך", און מיט "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳"", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

וואס די אלע ענינים צוזאמען וועלן ברענגען דעם "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[283], נאך אין די לעצטע טעג פון גלות,

און בקרוב ממש וועט זיין דער "ומלאה הארץ דעה את ה׳ גו׳" ע"י תורתו של משיח, וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו,

צוזאמען מיט דעם ענין פון "יבנה ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל", בגשמיות כפשוטו, און אויך ברוחניות - דורך לימוד התורה, תורתו של משיח, און דורך קיום המצוות (וויבאלד אז "תלמוד מביא לידי מעשה") אין דעם אופן ווי ס׳וועט זיין בימות המשיח.

סג. ויה"ד אז די התעסקות אין די אלע ענינים זאל זיין "מלכתחילה אריבער", אנהויבנדיק פון דער התעסקות אין די מבצעים אין די איצטיקע טעג פון עקבתא דמשיחא,

און מיט דער הדגשה מיוחדת אויף "מבצע חינוך" - וויבאלד אז איצטער איז דאס אן ענין שהזמן גרמא, דערפאר וואס מ׳פאדשרייבט שוין קינדער אין פארשידענע מחנות-קיץ, ביז אז ס׳זיינען דא די וואס זיינען מקדים און פאדשרייבן שוין די קינדער אין די בתי-ספר פאר דער שנה הבאה -

וואס די שנה הבאה איז דאך שנת השמיטה, "שבת לה׳"[284], "לשם ה׳, כשם שנאמד בשבת בראשית"[285],

און זוכה זיין צו קיום מצות שמיטה ויובל, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט "כל יושבי׳ עלי׳"[286] - אז ס׳איז דא שלימות העם און שלימות הארץ, צוזאמען און דורך שלימות התורה,

- בקרוב -

------------

282) תו"כ ופדש"י עה"פ. 283) ישעי׳ יא, ט. 284) בהר כה, ב. 285) פרש"י עה"פ. 286) ערכין לב, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

בקרוב ממש, ומלכתחילה אריבער, ולמטה מעשרה טפחים, ובדרכי נועם ושלום.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. הושיעה את עמך.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

בס"ד. שיחה להמסיימות ד"בית רבקה",
ולהמדריכות דמחנה "אמונה" ו"פרדס חנה" תחיינה –
יום ה' פ' שלח, כ"ו סיון ה'תשל"ס.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ווען מענטשן (ובפרט אידן) קלייבן זיך צוזאמען, איז דער מנהג העולם (וואס נעמט זיך פון תורה-הוראה[1]) אז מ'פרעגט זיך נאך אויפן געזונט, אדער בכללות – אז מ'זאגט "שלום עליכם" און "עליכם שלום".

וואס דער אינהאלט פון דער באגריסונג פון "שלום עליכם" איז – אז מ'ווינטשט און מ'האפט אז דער מעמד ומצב פון דעם מיט וועמען מ'טרעפט זיך איז אין אן אופן פון "שלום" –

וואס "השלום שקול כנגד הכל" (ווי רש"י ברענגט אראפ אין פ' בחוקותי[2]) – דער ענין פון שלום נעמט אריין אין זיך אלע ברכות[3].

ב. די באגריסונג פון "שלום עליכם" און "עליכם שלום" דארף אויך זיין פארבונדן מיט אן ענין פון תורה –

ווארום אלע ענינים פון א אידן, געזונט זאכן, נחת פון קינדער און פון זיך, און נחת פון דער ארבעט מיט וועלכע מ'פארנעמט זיך – הייגנען אפ אין תורה,

וואס די תורה איז "חיינו ואורך ימינו" – דאס איז די זאך מיט וועלכע דער אויבערשטער באלעבט דעם מענטשן, און גיט אים לאנגע יארן,

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם אפטייטש פון דעם אלטן רבי'ן[4] אז "אורך ימינו" מיינט ניט נאר אז מ'האט א סאך טעג, נאר אז יעדער טאג גופא איז א לאנגער <u>טאג</u>, א טאג וואס איז אנגעפילט מיט אלע-ערליי גוטע זאכן, ביז אז יעדער רגע פון דעם טאג פארנעמט ביי אים אן ארט און ווערט א כלל אזוי ווי עטליכע טעג פון א גאנץ יאר.

און דערפאר איז צוזאמען מיט דער באגריסונג פון "שלום עליכם" און "עליכם שלום", איז אויך דא די הוראה פון "פותחין בדבר תורה"[5] – אז בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען, הויבט מען אן מיט אן ענין פון תורה, וואס איז "חיינו ואורך ימינו".

– ג. –

------------

1) ראה זח"ג נג, ב. 2) כו, ו. 3) ראה מס' עוקצין בסופה. 4) ראה תו"א תולדות יח, ד. וראה גם סה"ש ה'תש"ד ס"ע 38. היום יום ע' קב. 5) ראה סה"מ תש"ס ע' 199.

ג. די תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה גו׳"[6], א לאנגע און א גרויסע, און נאכמער: וויבאלד די איז דעם אויבערשטן׳ס תורה, קען מען אין איר געפינען אפלערנונגען און אנווייזונגען ביז אין סוף (אן אום-ענדליכע צאל) -

איז אבער דא דער מנהג און דין אז יעדער וואך איז פאר-בונדן ספעציעל מיט א חלק פון תורה, וואס דאס איז די פרשת השבוע, וועלכע מ׳הויבט אן ליינען צום ענדע פון שבת פון פאריקע וואך, און מ׳פארענדיקט ליינען צום ענדע פון דער וואך, אין יום השבת.

און ווי באוואוסט דער ווארט פון דעם אלטן רבי׳ן[7] אז ווען מ׳זוכט אן אנווייזונג אויף די פאסירונגען פון דער וואך, דארף מען דאס צום אלעם ערשטן זוכן אין דער פרשה פון תורה וואס איז פארבונדן מיט דער וואך.

וואס פרשת השבוע פון דער וואך (אין חו"ל - ווער ארט וואו מ׳קלייבט זיך צוזאמען) איז - פרשת שלח.

ד. וויסנדיק אז די תורה איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, און דאס איז חכמתו של הקב"ה[8], איז פארשטאנדיק אז ס׳איז נישטא קיין איבעריקע זאך ח"ו אין תורה.

און בשעת תורה גיט ארויס א סאך פרטים אין אן איין און איינציקן ענין, איז פארשטאנדיק, אז יעדער פרט איז וויכטיק, און האט אין זיך אן אנווייזונג.

און וויסנדיק אז "עם ישראל חי", אידן זיינען אן אייביקער פאלק, וואס דערפאר האט מען זיי געגעבן דעם אויבערשטן׳ס תורה, וואס זי איז אן אייביקע תורה -

איז פארשטאנדיק, אז יעדער ענין וואס-שטייט אין תורה, איז אן אייביקע אנווייזונג - וויבאלד אז דאס איז א חלק פון "התורה היא נצחית"[9] (כולל אויך דאס וואס תורה איז אן אנווייזונג), ד.ה. אז אין דערויף איז דא א דירעקטע אנווייזונג בנוגע צו איצטיקע צייטן.

און אויך ווען עס רעדט זיך וועגן פאסירונגען וואס האבן געטראפן מיט טויזנטער יארן צוריק, אין אן אנדער ארט און אין אנדערע אומשטענדן, וואס איז (לכאורה) אינגאנצן ניט ענדליך צום ארט און צו די אומשטענדן אין וועלכע מ׳געפינט זיך איצטער - איז עס אבער אויך א דירעקטע אנווייזונג צום איצטיקן זמן, וויבאלד אז "התורה היא נצחית".

- ה. -

------------

6) איוב יא, ט. 7) היום יום ע׳ קא. סה"ש תש"ב ע׳ 29 ואילך. 8) תניא פ"ד. 9) שם רפי"ז.

ה. אזוי איז אויך בנוגע צו פרשת שלח:

איך פרשת שלח ווערט דערציילט (מיט פילע פרטים) ווי אזוי מ׳האט געשיקט מרגלים וואס זאלן ארום-קוקן ארץ ישראל, אויף צו וויסן ווי אזוי מ׳זאל אריינגיין אין א"י און באזעצן זיך דארטן, אזוי אז א"י זאל ווערן א "נחלת עולם" צום "עם עולם", אויפן בעסטן און פולקאמענסטן אופן.

און אפילו די פסוקים וואס רעדן וועגן אנדערע ענינים - זיינען זיי אבער א טייל פון פרשת "שלח", וואס "שלח" מיינט אז מ׳זאל שיקן מרגלים אויף צו ארום-קוקן ארץ ישראל.

וואס וויבאלד אז תורה איז "תורת אמת", איז פארשטאנדיק אז יעדער איינצלהייט וואס ווערט דערציילט אין תורה וועגן דעם וואס מ׳האט געשיקט די מרגלים, איז עס ניט נאר א משל און א רמז ח"ו, נאר אזוי האט טאקע געטראפן בפועל.

די שאלה איז אבער: וואס איז די כוונה און דער ציל אין דעם וואס מ׳האט אריינגעשטעלט אין תורה די אלע איינצל-הייטן, און געמאכט דערפון א טייל פון "התורה היא נצחית", אויף אלע דורות און אין אלע ערטער,

און מ׳זאגט אז ווען עס קומט די וואך אין וועלכע מ׳לייענט פרשת שלח, דארף מען ארויסנעמען אן אפלערנונג און אן אנווייזונג פאר אלע אידן אין אלע דורות און אין אלע ערטער - כאטש אז די פאסירונגען וועלכע ווערן דערציילט אין פרשת שלח זיינען געווען מיט טויזנטער יארן צוריק, אין אן אנדער ארט, און אין אנדערע אומשטענדן?!

ו. אין דערויף קומט צו נאך א זאך:

וויבאלד אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית, ווי דער בעש"ט אונטערשטרייכט[10] אז יעדער פרט אין דעם לעבן פון א אידן, יעדער זאך וואס ער זעט אדער הערט, איז אין דערויף דא אן אנווייזונג אין זיין לעבן, וואס דער לעבן פון א אידן באשטייט אין דעם וואס ער דארף דינען דעם אויבערשטן[11], ווי עס שטייט[12] "בכל דרכיך דעהו" -

איז פארשטאנדיק, אז די אנווייזונג וועלכע מ׳נעמט ארויס פון פרשת שלח, דארף זיין פארבונדן מיט היינטיקן צוזאמענקלייבן זיך פון יונגע טעכטער און פרויען,

וואס זייער כוונה איז - אז נאך דעם וואס זיי האבן

- פארענדיקט -

------------

10) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 11) ראה קידושין בסופה. 12) משלי ג, ו. וראה טושו"ע או"ח סרל"א.

פארענדיקט איין שלב (סטיידזש) פון לערנען תורה און אידישקייט, זאלן זיי שטייגן נאך העכער,

און אויך אויסנוצן זייער צייט, ובפרט די זומערדיקע צייט, אויף צו פארשטארקן די אמת'ע ערציאונג און הדרכה פון אידישע קינדער - וואס די אמת'ע ערציאונג איז ווען דאס איז פארבונדן מיט "תורה אמת", אז יעדער פרט פון דער ערציאונג איז אנגעפירט לויט די אמת'קייט פון תורה.

ד.ה. אז איך צוגאב צו דער אנווייזונג פון פרשת שלח פאר יעדער אידן און אלע אידן אין אלע ערטער, דארף אויך זיין א ספעציעלע אנווייזונג פאר די וואס האבן זיך דא צוזאמענגעקליבן (און פאר די וואס הערן דאס דורך פארשידענע מיטלען, אדער די וואס וועלן דאס הערן שפעטער) איז זייער דינען דעם אויבערשטן, אז זיי זאלן דאס קענען אויספירן אויפן בעסטן אופן און מיט מער הצלחה, און מיט אן אמת'ע שמחה,

און דערנאך זאל דאס אויך האבן א המשך אין די טעג און וואכן און חדשים וואס וועלן קומען נאך דעם, אז זיי זאלן זיין אין דעם זעלבן גייסט, און מיט די זעלבע לעבעדיקייט און ליכטיקייט, וועלכע מ'נעמט ארויס פון פרשת שלח.

ז. די הוראה פון דער אלגעמיינער פאסירונג וואס מ'האט בעשיקט די מרגלים צו ארום-קוקן ארץ ישראל:

נאך דעם וואס אידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, זיינען זיי געווען א משך זמן אין מדבר - אבער די כוונה איז ניט געווען אז מ'זאל בלייבן אין מדבר ח"ו, נאר "והבאתי אתכם אל הארץ"[13], די "ארץ טובה ורחבה"[14], אז מ'זאל זיך באזעצן אין א"י, און מאכן פון דער "ארץ זבת חלב ודבש"[15] אן אמת'ע ארץ ישראל, א אידישע און א הייליקע לאנד.

און זעלבסטפארשטענדליך אז מ'האט אויך פארזארגט אז אין א"י זאלן זיין אלע ענינים וועלכע מ'דארף האבן, ווי דער פסוק[16] רעכנט אויס שבחה של א"י, אז זי איז "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש", ביז אז "לא תחסר כל בה"[17] - אלע ענינים וואס א איד (און א מענטש בכלל) קען זיך ווינטשן, געפינט זיך עס אין ארץ ישראל.

אבער אזוי ווי דער אויבערשטער וויל אז יעדער ענין זאל אנקומען וואס מער לייכטער, און אז ס'זאל אויפגעטאן

- ווערן -

------------

13) וארא ו, ח. 14) שמות ג, ה. 15) שם. 16) עקב ח, ח. 17) שם, ט.

ווערן אויפן בעסטן אופן - האט ער געזאגט צו משה רבינו "שלח לך - לדעתך"[18], אז עד ערלויבט אים צו שיקן אידן אז זיי זאלן ארום-קוקן די לאנד און דערציילן אידן אז "זבת חלב ודבש היא וזה פרי׳"[19], און דערנאך זאלן אידן גיין איינעמען און באזעצן זיך אין א"י, לעד ולעולמי עולמים.

און דער חטא פון די מרגלים איז באשטאנען אין דעם וואס זיי האבן ניט אויסגעפירט זייער שליחות ווי עס דארף צו זיין - וויבאלד אז נאך דעם וואס זיי האבן געזאגט אז "זבת חלב ודבש היא וזה פרי׳", האבן זיי מוסיף געווען און געטאן אן ענין וואס מ׳האט זיי ניט געהייסן - זיי האבן זיך ארייגעמישט און געזאגט אז מ׳זאל ניט גיין איינעמען א"י!

שיקן האט מען זיי געשיקט נאר אויף צו ארום-קוקן א"י, און זעהן די וועג וואס איז לייכטער און בעסער צו איינעמען א"י - און זיי האבן דערפון ארויסגענומען א מסקנא[20] אז ס׳איז שווער צו איינעמען און באזעצן זיך אין א"י, און דערפאר דארפן אידן בלייבן אין מדבר.

און אין דעם איז באשטאנען דער ענין בלתי רצוי וואס די מרגלים האבן געטאן - אז נאך דעם וואס זיי האבן געזאגט דעם אמת, אז "זבת חלב ודבש היא וזה פרי׳" - האבן זיי אליין מוסיף געווען די פאלשע מסקנא וואס זיי האבן ארויס-גענומען דערפון, אז מ׳זאל ניט גיין איינעמען א"י - וואס דאס איז געווען פארקערט פון דעם וואס משה רבינו האט זיי אנגעזאגט (און האט דאס אדיינגעשריבן אין דער תורה).

ח. אין דעם איז דא אן אנווייזונג פאר יעדער אידן, ובפרט פאר די וואס פארנעמען זיך מיט חינוך:

א איד איז געשיקט געווארן אין דער וועלט, און ספעציעל אין זיין מדינה, זיין שטאט, זיין קרייז, און אין זיין בית-ספר וואו ער לערנט און באקומט די ידיעות אין תורה - כדי צו מאכן פון דעם "מדבר" ארום זיך אז עס זאל זיין אן "ארץ טובה ורחבה".

און כדי אז א איד זאל קענען דורכפירן די שליחות אויף וועלכע ער (די נשמה מיטן גוף) איז געשיקט געווארן אין וועלט - גיט אים דער אויבערשטער די כחות און מעגליכקייטן (און וועט אים געבן נאכמער, לויט דעם פארלאנג פון דעם אידן) אז ער זאל דאס קענען דורכפירן אמבעסטן און אמשנעלסטן.

און ווייסנדיק די כחות וואס ער האט אים געגעבן - וויל

- דער -

------------

18) פרשתנו יג, ב ובפרש"י. 19) פרשתנו שם, כז.
20) ראה לקו"ש חי"ג ע׳ 39-40.

דער אויבערשטער אז דער איד זאל אויסנוצן די כחות במילואם (אין דער פולסטער מאס), און דערפאר גיט ער אים ארבעט לויט די כחות וואס ער האט אים געגעבן.

און די ארבעט באשטייט אין דעם וואס מ'מאכט איבער די וועלט - וואס איידער מ'מאכט איר איבער לויט דער תורה און דעם שו"ע, איז זי א "מדבר" - האט א איד בכח צו מאכן פון דעם גאנצן טייל אין וועלט צו וועלכן ער קען דערגרייכן און אויפטאן דארטן, אז עס זאל זיין אן "ארץ טובה ורחבה", און אן "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[21] - און דעם כח אויף דעם האט א איד דערפון וואס דער אויבערשטער איז צוזאמען מיט אים.

און דורך דעם ווערט ער א לעבעדיקער ביישפיל פאר די אידן וואס זיינען ארום אים - ווי אזוי מ'קען איבערמאכן א "מדבר" אויף אן "ארץ טובה ורחבה".

ס. און כאטש אז מ'דארף איבערמאכן דעם עוה"ז הגשמי, און אידן זיינען "המעט מכל העמים"[22].

און עס קען גאר זיין אז אין דער שטאט, אין דער גאס און אין דעם קרייז וואו ער לעבט, איז ער אויך אין אן אופן פון "מעט", וויבאלד אז דער רוב פון די וואס געפינען זיך דארטן זיינען דערווייילע נאך נים קיין שומרי תורה ומצוות -

האט ער אבער די אנווייזונג אז ער דארף איבערמאכן די וועלט, אז פון דעם "מדבר" זאל ווערן אן "ארץ טובה ורחבה".

ווארום ס'איז פארשטאנדיק אז דאס וואס דער אויבערשטער האט אים געשיקט אין וועלט, איז עס נים כדי ער זאל זיך דארטן כאטערן ה"ו - דער אמת איז אז דאס איז גאר אן "ארץ טובה ורחבה", נאר דאס ווערט ווערן אזוי בשעת ער וועט זיך ארייינלייגן אויף צו דורכפירן זיין שליחות צו מאכן פון דעם "מדבר" אן "ארץ טובה ורחבה".

און ווי מ'זעט אויך אז ווען אידן זיינען געווען אין מדבר, איז אין יעדן ארט וואו זיי זיינען אנגעקומען, צוזאמען מיטן משכן (וואס דארטן זיינען געווען די לוחות מיט דער ס"ת[23] און מיט משה רבינו און מיט די סנהדרין און חכמי ישראל, איז עס געווארן אן "ארץ נושבת"[24], דארטן זיינען געוואקסן גראז ביימער פון פירות, און עס איז געווארן א מקום ישוב פאר'ן גאנצן אידישן פאלק (ווי דערציילט אין מדרשים[25]).

- דאס -

------------

21) עקב יא. יב. 22) ואתחנן ז, ז. 23) ב"ב יד, א-ב. פרש"י עה"פ וילך לא, כו. 24) ל' הכתוב - בשלח טז, לה. 25) במדב"ר פי"ט, כו. תנחומא חוקת כא. וראה ג"כ מדרש תהלים כג, ב. ועוד.

דאס איז אבער נאך אלץ ניט דער תכלית וואס דער אויבערשטער וויל פון א אידן, ווארום דאס איז אלץ וואס ער באזארגט זיך אליין (אדער דעם אידישן פאלק) -

נאר מ'דארף האבן אז אידן זאלן איינעמען גאנץ א"י - וואס בשעה אז א"י וועט זיין ארץ הקודש (א הייליקע לאנד), איז וויבאלד אז "כל העולם כולו" איז שותה פון א"י[26], וועלן דעמולט נשפע ווערן אלע ברכות פון דעם אויבערשטן צו דער גאנצער וועלט,

און בשעת אז די ברכות קומען פון א הייליקע לאנד, זיינען די ברכות הייליק און ריין, און במילא זיינען זיי מצליח צו אויפטאן אין דער גאנצער וועלט, אז די גאנצע וועלט זאל ווערן אן "ארץ טובה ורחבה".

י. און דאס איז אויך וואס דער אלטער רבי ערקלערט אין אנהויבס פון זיין ספר תו"א[27] אז מיטן נאמען "ארץ" ווערט אנגערופן דער גאנצער אידישער פאלק, און ווי עס שטייט[28] "כי תהיו אתם ארץ חפץ", דער אויבערשטער זאגט אז אידן זיינען זייך "ארץ" אין וועלכע ס'איז זיין "חפץ" און תענוג.

און אזוי ווערן אויך תורה ומצוותי' אנגערופן מיטן נאמען "ארץ", און אין תורה גופא גייט "ארץ" אויף תושבע"פ - ווארום "ארץ" איז דער ארט וואו מ'לעבט, דערפאר וואס עס פירט זיך לויטן רצון פון דעם וואס לעבט דארטן -

און דערפאר ווערט תושבע"פ אנגערופן "ארץ", מלשון רצון[29] - וויבאלד אז דארטן (אין שו"ע) איז אויסגעדריקט קלאר וואס איז דעם אויבערשטן'ס רצון, ווי אזוי מ'זאל זיך פירן אין דעם טאג טעגליכן לעבן, און אזוי אויך אין מצוות - וואס דערפאר איז עס דער "ארץ" וואו דער אויבערשטער געפינט זיך.

און דאס פירט אויס א איד אין זיין משפחה און אין זיין הויז - וואס דאס איז זיין ערשטע שליחות צו מאכן פון זיין הויז אן "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", אז דארטן זאל זיין און רוהען געטליכקייט א גאנץ יאר, ביז אז יעדערער וועט דאס באמערקן - דורך דעם וואס ער האלט זיך אן בא דער "ארץ" פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז תורה ומצוותי'.

און דאס ווערט די הכנה קרובה (די נאענטסטע - צוגרייטונג) -

------------

26) תעניה י, רע"א. 27) א, ג. 28) מלאכי ג, יב.
29) תו"א שם. מב"ר פ"ה, ח.

צוגרייסונג) אז מ׳זאל אויך קומען אין א"י כפשוטה – אין דער גאולה העתידה.

יא. ווען מ׳הויבט אבער אן מיט חשבונות גשמיים (אזוי ווי די חשבונות וואס די מרגלים האבן געמאכט), קען מען זיך דערפון דערשרעקן:

ווען ער ביט זיך א קוק ארום אויף דעם וואס עס טוט זיך אין וועלט, זעט ער אז ער האט צוטאן מיט א חומריות׳דיקע (מאטעריעלע) וועלט, און ניט נאר מאטעריעל, נאר א וועלט וואס איז דורכגענומען מיטן גייסט פון יאגן זיך נאך מאטעריעלע זאכן.

און ער ווייסט אז ער געהערט צו א פאלק וואס איז "המעט מכל העמים", אין כמות איז עס דער קלענסטער פאלק צווישן אלע פעלקער, און אין זיין שטאט גופא איז ער אויך אין אופן פון "מעט", דערווייילע איז ער ניט דער וואס האט צו זאגן איבער אלע ענינים פון שטאט, און דער רוב זיינען ניט קיין שומרי תורה ומצוות.

און בעיני בשר (מיט פליישיגע אויגן) זעט ער אז די שומרי תומ"צ פארמאגן ניט די כחות און עשירות בכמות (אין גשמיות און חומריות), אז מ׳זאל קענען אנפירן מיט א גשמיות׳דיקע מלחמה און איינפירן.

און בא זיך אליין זעט ער אויך וויפל צייט ער דארף אפגעבן אויף אזוינע זאכן וואס מיטן ערשטן בליק טיילט ער זיך ניט אויס דערמיט פון די אנדערע פעלקער – אזוי ווי עסן און טרינקען, און שלאפן וויפל מ׳דארף אויף צו זיין אויסגערוט,

[וואס יעדער בעל שכל פארשטייט אז עסן און טרינקען און שלאפן איז ניט קיין תכלית פאר זיך – עס איז נאר א מיטל כדי אז מ׳זאל האבן כח און מעגליכקייט צו דינען דעם אויבערשטן, און שטייגן אלץ העכער און העכער, אלס א מענטש, אלס א איד, אלס א שומר תומ"צ, אן אידישער איד, און אלס א שליח פון דעם אויבערשטן – אויספירן דעם אויבערשטן׳ס רצון].

זאגט מען אים אבער אז ער דארף גיין און איינעמען ניט נאר זיין אייגענע הויז, נאר אויך זיין גאנצע שכונה, די גאנצע שטאט, און דער גאנצער טייל אין וועלט צו וועלכן ער קען דערגרייכן, און דורך דעם – מאכן פון דער גאנצער וועלט א דירה לו ית׳ בתחתונים,

אז אנשטאט דעם וואס פריער איז די וועלט געווען א גשמיות׳דיקע און א חומריות׳דיקע, א "מדבר", זאל די ווערן א דירה לו ית׳. אז דער אויבערשטער וועט זאגן אז דאס איז די דירה אין וועלכע ער געפינט זיך.

– יב. –



הנחת הת׳ בלתי מוגה

יב. און דאס איז די הוראה וואס מ׳נעמט ארוים פון די פרטים וואס ווערן דערציילט אין פרשת שלח - וואס עס קען זיין אז עטליכע פרטים אין דעם וועט איר געפינען אין אייער אומגעבונג:

עס קען זיין אז מ׳וועט אייך וועלן אפשרעקן ח"ו פון דער הייליקער שליחות וואס איר האט פון דעם אויבערשטן אליין, צו מאכן פון דער וועלט א דירה לו ית׳ - דורך דעם וואס מ׳וועט אייך דערציילן אז די גוי׳שקייט פון וועלט איז אין אן אופן פון "אנשי מדות"[30], עס איז גרוים און שטארק, און די "מבצרים" ("סיטאדעל"), די באשיצטע און שטארקסטע ערטער, זיינען "בצורות בשמים"[31], זיי זיינען אזוי פיל באפעסטיגט ביז אז זיי קענען אנרירן ח"ו אין הימל, און דערפאר איז בעסער ח"ו אז מ׳זאל זיך באגנוגענען מיט זיך אליין, און לאזן די וועלט אז זי זאל בלייבן א "מדבר".

איז די הוראה וואס מ׳דארף ארויסנעמען פון פרשת שלח - אז א איד איז ניט אליין, נאר ער געפינט זיך צוזאמען מיטן אויבערשטן, דער איד איז דעם אויבערשטן׳ס א שליח, ווי עס שטייט[33] "מה׳ מצעדי גבר כוננו", וואו א איד געפינט זיך איז עס דער ארט וואוהין דער אויבערשטער האט אים געשיקט, ובמילא גייט ער צוזאמען מיט אים אויף צו ארויסהעלפן אים דורכפירן די שליחות.

יג. אין דערויף קומט צו נאך א זאך:

א איד דארף וויסן אז זיין אויספירן דעם אויבערשטן׳ס שליחות איז ניט זיין פריוואטער ענין, ובמילא קען מען אים ניט זאגן קיין דעה אין דעם, און אויב ער וויל ניט וועט ער ניט אויספירן ח"ו דעם אויבערשטן׳ס שליחות, ווארום ער איז דער בעה"ב אויף זיך, און ער איז מסכים צו באקומען דעם עונש וואס קומט דערפאר - נאר ער דארף וויסן אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צום גאנצן אידישן פאלק.

ווי עס ווערט דערציילט אין פרשת שלח, אז דורך דעם וואס עס זיינען געווען עטליכע אידן וואס האבן ניט דורכגעפירט דעם אויבערשטן׳ס שליחות ווי עס דארף צו זיין, האבן זיי אפגעהאלטן אין מדבר צענדליקער יארן דעם גאנצן אידישן פאלק, צוזאמען מיטן אויבערשטן, און צוזאמען מיטן משכן און מיטן ארון הקודש און אלע כלי הקודש, מיט אלע ענינים וואס אידן האבן זיך דארטן געמאטערט רח"ל.

- וואס -

------------

30) ל׳ הכתוב - פרשתנו שם, לב. 31) דברים א, כח. וראה גם פרשתנו שם, כח. 32) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קלו. וש"נ. 33) תהלים לג, כז. וראה היום יום ע׳ סס.

וואס דאס איז אלץ געווען דערפאר וואס עס זיינען געווען עטליכע אידן וואס האבן ניט אויסגעפירט דעם אויבערשטן׳ס שליחות ווי עס דארף צו זיין:

אנשטאט אויספירן דעם אויבערשטן׳ס שליחות ווי עס דארף צו זיין, וואס דערמיט וואלטן זיי געבראכט דעם גרעסטן גליק פאר זיך, פאר זייער משפחה, און פארן גאנצן אידישן פאלק - האבן זיי זיך גערעכנט מיט א גשמיות׳דיקן חשבון, אן ענין וואס מ׳האט זיי ניט געהייסן טאן,

און דאס האט פארשאדט ניט נאר די עטליכע אידן, נאר דעם גאנצן אידישן פאלק - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער אויספירן דעם אויבערשטן׳ס שליחות איז אן ענין וואס איז נוגע צום גאנצן אידישן פאלק, און ס׳איז ניט קיין פריוואטער ענין.

יד. נאך דער פרשה פון די מרגלים ווערט דערציילט אין דער זעלבער סדרה[34] אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "דבר אל בנ"י ואמרת אליהם כי תבואו אל ארץ מושבותיכם"[35], און רש"י טייטשט אפ: "בישר להם שיכנסו לארץ", ד.ה. אז נאך דעם חטא המרגלים האט דער אויבערשטער אנגעזאגט אידן אז זיי זאלן ניט ארייַנפאלן אין יאוש ח"ו, נאר זיי וועלן אריינ-גיין אין ארץ ישראל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב מאיזה סיבה שהי׳ איז געווען אן ענין אין וועלכן מ׳איז דורכגעפאלן, און מ׳האט ניט דורכגעפירט דעם אויבערשטן׳ס שליחות ווי עס דארף צו זיין - איז דער אויבערשטער "ארך אפים"[36], און וועט זיכער מוחל זיין:

ער וויל אבער אז א איד זאל שטרעבן צו זיין גליקלעך ווי א איד קען זיין גליקלעך, אין דער פולסטער און אין דער בעסטער מאס און אין דעם שנעלסטן אופן -

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס א איד איז ממלא זיין שליחות אין וועלט - דורך דעם וואס ער פירט זיך לויט דער תורה, און תושבע"פ, וואס זי ווערט אנגערופן "ארץ", וואס "ארץ" איז מלשון רצון, אז דארטן איז אויס-געדריקט דעם אויבערשטן׳ס רצון אין א קלארן אופן.

און דורך דעם וואס ער פירט זיך לויט דער תורה, וואס די איז "חיינו ואורך ימינו", וועט דאס ברענגען די גרעסטע מאס (דעם מאקסימאם) פון גוטסקייט און ברכות צו יעדער אידן

- וואו -

------------

34) טו, ב. 35) ראה במדב"ר פי"ז, ב. 36) פרשתנו יד, יח.

וואו ער געפינט זיך, און דורך דעם - צום גאנצן אידישן פאלק, ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה.

סו. אין דערויף איז אויך דא אן אנווייזונג צו די וואס וועלן זיכער אויסנוצן אלע מעגליכקייטן אויף צו מחנך זיין און מדריך זיין אידישע קינדער במשך פון די קומענדע וואכן:

ווען עס קומט צוגיין א קינד וואס דערוויילע האט ער נאך נים די אמת׳ע ידיעה וועגן אידישקייט, אדער אז צוזאמען מים העדר הידיעה האט ער אויך א רצון צו זאכן וואס שטימען נים מים אידישקייט,

קען דאך טראכטן דער מחנך, אז אזוי ווי ער איז נאר איינער, און אין זיין כתה (אין זיין "גרופ" אדער אין זיין "באנק") זיינען דא אזוי פיל קינדער כ"י - איז ווי אזוי וועט ער קענען אויפטאן אז בא יעדערן פון די קינדער זאל מען זעהן בגלוי (אפענערהייד) אז ער איז א קינד אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "כי תהיו אתם ארץ חפץ", דאס איז א קינד פון וועלכן דער אויבערשטער האט תענוג, און וויל אז ער זאל וואקסן העכער און בעסער, און גרייט אים צו אלץ וואס ער דארף האבן,

וואס דאס היינגט אפ אן דעם מחנך (אדער די מחנכת) וואס וועט לערנען און מדריך זיין דעם קינד - קען ער זיך דערשרעקן פאר דעם טבע פון דעם קינד, דערפאר וואס ביים קינד זיינען נאך נים אלע מדות גוטע מדות.

זאגט מען אים אז ער דארף זיך נים דערשרעקן פאר דער שליחות - ווארום ס׳איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער געפינט זיך מים אים, און העלפט אים אויף צו דורכפירן זיין שליחות און זיין חפץ ורצון בנוגע צו יעדן קינד און אלע קינדער צו וועלכע ער קען דערגרייכן, ער זאל מגלה זיין בא יעדערן פון זיי און בא זיי אלעמען דעם "ארץ חפץ",

ווי דער בעש"ט[37] טייטשט אפ אז בא יעדער אידן זיינען דא אלע טייערע אוצרות, פונקט ווי אין דער ערד געפינען זיך אלע טייערע אוצרות - און די שליחות פון א אידן איז - ארויסנעמען און מגלה זיין די אוצרות, און נוצן זיי אויפן בעסטן אופן.

און דאס איז די שליחות פון יעדער מחנך און מחנכת, מדריך און מדריכה - צו אנטפלעקן די טייערע אוצרות וואס געפינען זיך בא יעדער אידיש-קינד, און ערציען דעם קינד אז

- ער -

------------

37) כש"ט הוספות אות מד. וש"נ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

ער זאל אליין ארבעטן מיט די אוצרות, און אויסנוצן זיי אויפן בעסטן אופן, צוזאמען מיט זיינע עלטערן, און מיטן גאנצן אידישן פאלק.

טז. און דאס איז די כללות׳דיקע אפלערנונג וואס מ׳נעמט ארויס פון פרשת שלח:

אויף יעדן ענין וואס איז געווען בא די מרגלים, קען מען געפינען אן ענליכן ענין וואס איז דא אין איצטיקע וועלט, וואס דער ענין קען אויסגענוצט ווערן ח"ו אויף צו שטערן אדער אפשוואכן א אידן אין זיין חיות און ענערגיע אויף צו דורכפירן דעם אויבערשטן׳ס שליחות, פארשפרייטן אידישקייט און הומ"צ וואו ער קען נאר דערגרייכן, ובפרט צווישן אידישע קינדער וועלכע ער וועט מחנך זיין און מדריך זיין.

איז די הוראה פון פרשת שלח אז ח"ו צו דערשרעקן זיך דערפון, און ח"ו צו פארלירן איין רגע פון טאן דעם אויבערשטן׳ס שליחות, און ח"ו צו פארלירן אפילו א טייל פון דער שמחה און חיות וואס יעדער איד האט (דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן) אויף צו דורכפירן דעם אויבערשטן׳ס שליחות.

און דאס ווערט די הכנה צו דער כניסה לארץ כפשוטה - אז מ׳גייט אריין אין "ארץ טובה ורחבה", דורך דעם וואס מ׳לערנט די דינים וואס שטייען אין דער פרשה פון "כי תבואו אל ארץ מושבותיכם" - די מצוות התלויות בארץ,

ביז צו דער מצוה וואס איז פארבונדן מיט "כל יושבי׳ עלי׳"[38] ווען אלע אידן געפינען זיך שוין אין א"י - דורך דעם קיבוץ גליות וואס משיח צדקנו וועט צוזאמענקלייבן.

יז. אין דערויף קומט צו די שייכות מיוחדה פון נשי ובנות ישראל צו דער כניסה לארץ:

חז"ל דערציילן אונז[39] אז נאך אין דור המרגלים האבן די מרגלים אפגעשראקן נאר די מאנסביל, אבער די פרויען און די טעכטער זיינען געבליבן מיט דער גאנצער שטארקייט אויף צו גיין איינעמען גאנץ א"י, ווי עס ווערט דערציילט בנוגע צו בנות צלפחד.

וואס דאס איז כולל דעם כיבוש פון גאנץ א"י, כולל

- אויך -

------------

38) ערכין לב, סע"ב. רמב"ם הל׳ שמיטה ויובל פ"י ה"ח.
39) ספרי עה"פ פינחס כז, ד. פרש"י עה"פ שם כו, סד. תנחומא שם ז. וראה גם ספרי ופרש"י עה"פ שם כז, א.

אויך עבר הירדן, אין אן אופן פון "שלימות הארץ".

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס בא נשי ובנות ישראל איז געווען דער ענין פון "שלימות התורה":

ווען ס׳איז געווען דער חטא העגל, וואס דאס איז געווען דער היפך פון עשה"ד וואס זיינען געגעבן געווארן בשעת מ"ת – האבן זיך די אידישע פרויען און טעכטער ניט געלאזט איבעררעדן דערפון[40], און דערנאך האבן זיי אויך געווירקט אויף די מאנסביל אז זיי זאלן אינגאנצן מבטל זיין[41] דעם "עגל הזהב", ד.ה. אז זיי האבן באשטאנען אויף דעם ענין פון "שלימות ההורה".

און אזוי איז אויך אין אונזערע צייטן – וואס מ׳יאגט זיך נאך "זהב", מאטעריעלע דערגרייכונגען, און צוליב דערויף פארגעסט מען ח"ו אויף "אנכי ה׳ אלקיך"[42], מ׳פארגעסט אויפן אויבערשטן און אויף זיינע תומ"צ – דארפן נשי ובנות ישראל זעהן אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "שלימוה התורה".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט "שלימות העם" וואס איז געווען בא נשי ובנות ישראל אין יענעם דור:

צווישן אלע אידישע פרויען און טעכטער וואס זיינען געווען אין יענעם דור, איז געווען מערניט ווי אן איינציקע פרוי וואס האט זיך געפירט ניט אין א צניעות׳דיקן אופן בנוגע צו "טהרת המשפחה", "אחת היתה ופרסמה הכתוב"[43] – און ביי איר גופא איז עס ניט געווען אז די איז דורכגעפאלן אין דעם, און איז געווען שולדיק, נאר ס׳איז געווען אן ענין של אונס[44].

יח. דערפון איז פארשטאנדיק די טייערקייט און די כחות וואס דער אויבערשטער גיט אידישע פרויען און טעכטער אין אונזער דור, ובפרט אז אונזער דור, דרא דעקבתא דמשיחא, איז פארבונדן מיטן דור פון משה רבינו (ווי עס שטייט אין זהר[45]):

אידישע פרויען און טעכטער שטעלן זיך אוועק מיט דער גאנצער שטארקייט אויף דעם ענין פון "שלימות התורה" – ניט מוותר זיין אויף קיין איין ענין פון אידישקייט, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיטן אויבערשטן׳ס תורה.

– און –

40) תנחומא שם. ועוד. 41) ראה תשא לב, כ. עקב ט, כא. 42) יתרו כ, ב. 43) ויק"ר פל"ב, ה. וראה גם פרש"י עה"פ אמור כד, יא. 44) ראה פרש"י עה"פ שם, י. 45) ח"ב קטז, א. ח"ג נח, א. וראה נצו"א לזח"א יד, סע"ב. ל"ה וס׳ הליקוטים עה"פ שמות ג, ד. שער הגלגולים הקדמה כ.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט "שלימות העם":

מ'זאל ניט מוותר זיין אדער מייאש זיין זיך פון א אידיש-קינד, ווער ער זאל נאר זיין און אין וועלכן צושטאנד ער זאל נאר זיין, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז ער איז אן "ארץ חפץ" פון דעם אויבערשטן, מ'דארף זיך נאר ארייגלייגן אין זיין ערציאונג, וואס דעמולט וועט מען דאס אויך זעהן בעיני בשר.

און דאס ווערט די הכנה קרובה (די נאענטע צוגרייטונג) צו "שלימות הארץ" - אז א"י וועט בלייבן גאנץ און מ'וועט איר ניט אנרירן, און די אלע פלענער און קס"ד און די נארישקייטן וואס מ'טראכט צו אפגעבן ח"ו דעם טייל אדער יענעם טייל - האט מען די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום", עס וועט דערפון גארניט בלייבן, דערפאר וואס "עמנו א-ל"[46], דער אויבערשטער געפינט זיך מיט יעדער אידן, יונג אדער אלט, מאן אדער פרוי, וואס האלט זיך בא "שלימות התורה", און פירט אויס דעם ענין פון "שלימות העם", און זעט אז יעדער איד זאל אומגעקערט ווערן צו אידישקייט, און צו אבינו שבשמים, און זאל האלטן בא "שלימות התורה",

וואס דאס וועט אויפגעטאן ווערן דורך דער הילף פון יעדערן פון אייך, וואס וועט זיכער איינווירקן אויף אירע חבר'טעס און קרובות, און אויף אלע אידישע פרויען און טעכטער צו וועלכע זי וועט נאר קענען דערגרייכן, אז זיי זאלן זיך האלטן בא "שלימות התורה" - זיי זאלן לעבן א פולקאמענעם לעבן לויט דעם שו"ע, און האלטן זיך בא "שלימות העם", אז מ'זאל זיך ניט מייאש זיין ח"ו פון איין אידיש-קינד מיט וועלכן מ'טרעפט זיך, נאר ברענגען איט צו אידישקייט נאך מער און נאך נענטער און נאך טיפער.

יט. און דאס איז אויך פארבונדן מיט דער שלימות פון דער גאולה - אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו דער אמת'ער און פולקאמענער גאולה, ע"י משיח צדקנו,

וואס ער וועט קומען און וועט אונז ארויסנעמען פון דעם אינעווייניקסטן גלות, אין וועלכן יעדערער געפינט זיך זייענדיק אין זמן הגלות, און וועט אונז ארויסנעמען פון דעם גלות כפשוטו,

און אין אן אופן פון "קוממיות"[47], מיט אן אויפ-געהויבענע קאפ, און "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[48],

- גאנצע -

---

46) ישעי' ח, י. 47) בחוקותי כו, יג ובפרש"י. 48) בא י, ט.

גאנצע משפחות, זיידעס און באבעס, טעכטער און אייניקלעך און אור-אייניקלעך, און אלע צוזאמען מיט דעם גייסט פון "שלימות התורה",

און גיין בקרוב ממש אין א"י, אין אן אופן פון "שלימות הארץ", און מקריב זיין דארטן די אלע קרבנות וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פרשת שלח.

ביז אז מ׳וועט קומען צום סיום הסדרה[49] - "וראיתם אותו וזכרתם גו׳", און "אני ה׳ אלקיכם אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים"[50] - אז אזוי ווי דער אויבערשטער אליין איז געווען צוזאמען מיט אידן אין מצרים, און האט זיי פון דארטן ארויס-גענומען "כהרף עין"[51], אזוי אז אין איין רגע זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון גלות צו גאולה, און אין אן אופן פון "ביד רמה"[52] איז כן תהי׳ לנו אין דער יציאה פון דעם גלות צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

דורך דעם וואס יעדערע פון אייך וועט טאן איר טייל אין פארשפרייטן אידישקייט בכלל, ובמיוחד צווישן די מודרכים ומחונכים - וואס דאס וועט צוהיילן די גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

און יעדערע פון אייך וועט מיטנעמען די תלמידים און תלמידות, מודרכים און מודרכות, מקבל זיין פני משיח צדקנו, און משיח צדקנו וועט הנאה האבן און זעהן די גידולים שגדלתם - ווי מ׳האט אויפגעשטעלט אין זמן הגלות קינדער וואס זיינען שומרי תורה ומצוה.

און מ׳וועט זוכה זיין צו קיבוץ גליות - אז מ׳וועט זיך טרעפן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן פון דער גאנצער וועלט, אין ארצנו הקדושה, און אין בית המקדש השלישי, בקרוב ממש.

און א געזונטן און א הצלחה׳דיקן זומער, און הצלחה רבה ומופלגה אין אייער שליחות, ובמיוחד - אויף צו מאכן פון דער אייגענער הויז "ארץ ישראל", און מאכן פון דער כתה ("גרופ" אדער "באנק") וועלכע מ׳פארטרויט אייך אן - אז אין זיי זאל מען זעהן בגלוי דעם "ארץ חפץ", און טאן אין דעם מיט הצלחה רבה.

און זוכה זיין, יעדערע פון אייך און אלע צוזאמען, צו דער גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

—— * ——

------------

49) טו, לט. 50) שם, מא. 51) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, מא. 52) בשלח יד, ח.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ה'תשל"ט.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז יעדער שבת מברכים החודש מוז אויסקומען אין דעם חודש שלפנ"ז, ובנדו"ד - אז שבת מברכים חודש תמוז קומט אויס אין חודש סיון.

און ע"פ תורת הבעש"ט'אז אין יעדער זאך (אפי' א וואכ-עדיקע זאך) וואס א איד זעט אדער הערט, איז דא א הוראה בנוגע לעבודתו לקונו, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורה ומצוותי' (ווי דער ענין פון שבת מברכים החודש) -

איז פארשטאנדיק, אז עס איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו דערפון וואס שבת מברכים חודש תמוז קומט אויס אין חודש סיון.

ב. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

דער גאנצער ענין פון שבת מברכים החודש האט זיך אנגע-הויבן ערשט נאך דעם זמן וואס מ'האט מקדש געווען די חדשים ע"פ הראי'.

וואָרום בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי' [בזמן שביהמ"ק הי' קיים. און לדעת כו"כ ראשונים[1] אויך א משך זמן לאחרי החורבן], האט מען אין דעם שבת שלפני ר"ח ניט געוואוסט ווען עס וועט זיין דער טאג פון ר"ח. וואָרום דאס הייננגט אפ אין ראיית הלבנה, און אין דער גבי' ה עדות אין ב"ד, כיו ארע פרטים וואס וועלן געהערט אין הל' קידוש החודש;

נאר דערנאך אין זמן הגלוה. ווען ס'איז בטל געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי', האט ר' הלל [ניט הלל הזקן, נאר זיין אור-אייניקל] מתקן געווען דעם ענין פון קביעות החדשים ע"פ החשבון. וואס דעמולט ווייסט מען שוין לפנ"ז ווען וועט זיין דער טאג פון ר"ה.

און דעמולט האט מען מתקן געווען דעם ענין פון שבת מברכים החודש - אז ביום השבת שלפני ר"ח, וואס דעמולט איז א "יום הכניסה"[4], און ס'איז דא דער ענין פון "ברוב עם"[5] - זאל מען דעמולט מפרסם זיין בפרסום הכי גדול ווען עס פאלט אויס דער טאג פון ר"ח.

- וואס -

-------------

1) בש"ב (הוצאה קה"ת) הוספות אות קכז-קכח. ועוד"נ.
2) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ה ה"ג. 3) סדה"ד ערך הלל האחרון. ועוד"נ. 4) ראה שבה"ל סק"ע. 5) ל' הכתוב - משלי יד, כח. וראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו. ועוד"נ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה וואס מ׳דארף ארויסנעמען פון דעם ענין פון שבת מברכים החודש (וואס קומט אויס אין דעם חודש שלפנ"ז), איז עס א הוראה וואס איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין הגלות (וויבאלד אז דער ענין פון שבת מברכים החודש איז געווארן ערשט בזמן הגלות)[6].

ג. די הוראה דערפון:

עס איז ידוע די תורה פון דעם מגיד׳ס פון אלטן רבי׳ן[8] אויף מאמר המשנה[9] "דע מה למעלה ממך" – אז יעדער ענין וואס איז דא אין וועלט, וואס ער ווערט דאך נמשך פון "למעלה", פון דעם בעה"ב פון דער וועלט (דער אויבערשטער), איז עס "ממך", דאס הייגנט אפ אין עבודה האדם. וויבאלד אז "את העולם נתן בלבם"[10].

וואס דער ענין איז מודגש במיוחד אין דעם ענין פון (קידוש החודש און) שבת מברכים ההודש – ווארום דאס וואס ר"ח איז ביום השני וביום השלישי (ווי דאס איז בחודש הבא) איז עס "ממך", דאס איז תלוי אין דעם וואס אידן זיינען מכריז ווען וועט זיין דער טאג פון ר"ח, און זיינען מברך דעם חודש.

ד. און אע"פ אז דער טאג פון ר"ח איז שוין נקבע געווארן ע"פ החשבון פון ר׳ הלל, און מ׳קען דאס ניט משנה זיין – אעפ"כ זאגט מען אז עס הייגנט אפ אין דער עבודה פון אידן.

ובדוגמא ווי מ׳ערצעלט בכ"פ בארוכה[11] וועגן דעם סיפור וואס ווערט דערציילט אין זהר[12] וועגן ר׳ המנונא סבא[13], אז שטייענדיק בא זיך אין דער היים לעבן א שולחן ערוך מיט מאכל ומשקה, און דערזעהנדיק דעם מאכל וכו׳, פלעגט ער מתפלל זיין אז דער אויבערשטער זאל אים געבן מאכלו.

וואס דער טעם הפנימי בזה איז – אז אפי׳ ווען דער מאכל שטייט שוין גרייט, און ס׳איז א מאכל כשר וכו׳. און ער האט זיך שוין געוואשן צום עסן. און געטאן אלע הכנות – דארף ער ערשט אנקומען צו ברכה ה׳ אז די אכילה זאל זיין אן אכילה הראוי׳ לשמה.

– אנהויבנדיק –

------------

6) להעיר מלקו"ש ח"ט ע׳ 7או הע׳ 23. 7) לקו"א (הוצאת קה"ת) מקצ"ח (נ, מע"ג). או"ה קיב. ב. 8) סה"ש תש"ד ע׳ 23. היום יום ע׳ נג. 9) אבות פ"ב מ"א. 10) קהלת ג, יא. 11) לקו"ש ח"א ע׳ 6 ואילך. 12) ח"א קצט, ב. ח"ב סב, ב. 13) כ"ה בדרב"צ מצות תגלחת מצורע פ"ב (קז, א).

אנהויבנדיק פון דער כוונה כפשוטה, אז ער זאל האבן א "גוף בריא ושלם" לעבודתו ית' (ווי דער רמב"ם איז מבאר אין הל' דעות[14]), ביז צו אלע כוונות שבזה ע"פ פשט רמז דרוש און סוד.

און דערפאר איז אפי' ווען ער האט געזעהן אז אלץ איז שוין צוגעגרייט, האט ער מתפלל געווען אז דער אויבערשטער זאל אים געבן מאכלו, ד.ה. אז פון דער אכילה זאל ארויסקומען די מדה הכי גדולה פון תועלת וועלכע עס קען ארויסקומען (ועאכו"כ אז ס'זאל ניט ארויסקומען קיין ענין הפכי פון תועלת).

ועד"ז בנדו"ד:

אע"פ אז דער סאג פון ר"ח איז שוין נקבע געווארן לויטן חשבון פון ר' הלל, וואס ער איז געווען א פוסק בישראל, און זיין חשבון איז נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, און עס האט באקומען דעם גאנצן תוקף פון "לא תסור גו'"[15], סיי דעם תוקף פון א מ"ע און סיי דעם תוקף פון א מל"ת (כמבואר אין רמב"ם[16]) - און ער קען אין דערויף גארניט משנה זיין,

אעפ"כ, כדי אז דער ענין פון ר"ח זאל זיין בהכליה השלימות מיט אלע מעלות שבדבר, און עס זאל אזוי אראפקומען בנוגע לחיינו, אז זיין ר"ח און זיינע טעג פון דעם גאנצן חודש זאלן זיין בתכליה השלימות - הייננט דאס אפ אין "מבך", אין דעם וואס אידן זיינען מברך דעם חודש אין דעם שבת שלפנ"ז, ד.ה. אז מ'נעמט די כחות אויף דערויף פון דער עבודה אין דעם חודש שלפנ"ז.

וואס דאס איז אויך דער כללות הענין פון ערב ר"ח, וואס ער ווערט אנגערופן בשם "יוכ"פ קטן" (ווי געבראכט אויך אין חסידות[17]), דערפאר וואס דאס גרייט צו דעם "כי יפקד מושבך"[18], כמבואר אין די דרושים פון מהר חודש, אז די עבודה פון ערב ר"ח פועל'ט אז דער ענין פון ר"ה זאל זיין כדבעי, וואס דאס פועל'ט אויך אויף כל ימי החודש, וויבאלד אז ר"ח איז כולל אין זיך את כל ימי החודש (וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "ראש חודש" און ניט תחלת החודש, כמבואר אין דרושי רבותינו נשיאינו[19]).

ה. און ס'איז פארשטאנדיק אז בשעת מ'בענטשט דעם חודש - ביום -

------------

14) רפ"ד. 15) שופטים יז, יא. 16) הל' ממרים פ"א ה"א-ב. 17) אוה"ת בא ע' רנג. ועוד. 18) ל' הכתוב - ש"א כ, יח. 19) ראה לקו"ח תבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו. ובכ"מ. וראה לקו"ש ח"ד ע' 490 ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

ביום השבת (ניט אין ימות החול), איז עס א ברכה נעלית ביותר - וויבאלד אז דער ענין פון שבת איז "וקראת לשבת עונג"[20], דעמולט איז די המשכה אין אן אופן פון תענוג, וואס דאס איז א המשכה פון דעם מקור הכי עליון (דער תענוג הכי עליון), כמבואר בארוכה בכ"מ.

ובפרט ווען עס ווערט געטאן אין אן אופן פון "ברוב עם הדרת מלך", וואס אפי' "אכל בי עשרה שכינתא שריא"[21], ועאכו"כ ווען ס'איז דא מערער פון עשרה, "ברוב עם", און עס ווערט געטאן לאחרי קריאת התורה, מיט אלע ענינים פון עבודת ה' וועלכע מ'טוט פאר ברכת החודש.

וואס דעמולט קומט ארויס די ברכה בגלוי ובשופי רב - וויבאלד אז עס ווערט געטאן אין אן עת רצון, און אין א מקום של רצון, ביהכ"נ און ביהמ"ד, און אין אן אופן פון תפלת הציבור, וואס אויף דערויף זאגט מען "הן א-ל כביר ולא ימאס"[22].

ו. און דאס גיט א יתר שאת ויתר עוז אין דעם ד"ת און אין כל ימי החודש שלאח"ז - אז אין זיי זאלן נמשך ווערן אלע ששה לשונות של ברכה וועלכע מ'רעכנט אויס אין ברכת החודש,

ביז צום סיום "ונאמר אמן" - אז ס'איז א זיכערע זאך אז אזוי וועט זיין בפועל ממש, ביז למטה מטה,

און ווי די גמרא זאגט אין סוף מסכת נזיר (און אין מדרשי חז"ל[23]) אז דער ענין פון אמירת אמן איז ע"ד הענין פון "גבורים נוצחין", אז מ'פארענדיקט די מלחמה מיט א נצחון גדול, און א נצחון וואס איז קיים,

ביז צום רמז וואס איז דא אין "אמן" - אז דאס איז די גימטריא פון די שמות הוי' און אד'[24], וואס די צוויי שמות נעמען ארום דעם גאנצן סדר השתלשלות:

שם הוי' איז דער שם העצם, שם המיוחד און שם המפורש[25]; און שם אד' איז מלשון "אתה אדון לכל בריותיך" (כמבואר אין מדרש[26]), וואס דער ענין פון "אדון" איז אויך דא (ע"פ תורה) ביי א בו"ד (אן אדון אויף זיינע עבדים, עאכו"כ א מלך ונשיא), וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז די דרגא הכי תחתונה (בגלוי) אין אלקות,

- ביז -

---

20) ישעי' נח, יג. 21) סנהדרין לט, א. 22) איוב לו, ה. ברכות ח, רע"א. 23) ספרי עה"פ האזינו לב, ג. 24) פע"ח שער כוונת אמן רפ"א. שעה"כ ענין כוונת חזרת העמידה דרוש ה'. וראה רוקח סש"ל. זח"ב קעח, א. ובכ"מ. 25) נסמן בלקו"ש ויצא תשל"ז הע' 36-38. 26) ב"ר פי"ז, ד.

ביז אז מ'זאגט אז דאס איז פארבונדן מיט "(אתה אדון לכל) בריותיך" - אפי' די וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות בעלמא" (ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין תניא[27]), דערפאר וואס דערוויילע קען מען אין זיי ניט געפינען קיין אנדער מעלה אויסער דאס וואס דער אויבערשטער האט זיי באשאפן (עס איז דא דער "אומן שעשאני"[28]) - אויך צו זיי ווערט נמשך דער "אתה אדון".

און דער ענין פון "אמן" איז - ווי די צוויי ענינים פון הוי' און אד' שטייען און ווערן נכלל אין דעם זעלבן ווארט, ביז אז מ'קען גארניט פאנאנדערקלייבן צווישן זיי.

און נאכמער ווי דאס איז אין דעם ענין השילובים (הוי' באד' און אד' בהוי')[29]:

בשעת ס'איז דא דער שילוב פון הוי' באד' אדער אד' בהוי', שטייט יעדער אות בפ"ע, נאר מ'איז משלב די אותיות זב"ז, מ'קען אבער פאנאנדערטיילן יעדער אות בפ"ע;

משא"כ אין דעם ענין וואס "אמן" איז בגימטריא הוי' און אד', וואס אין דערויף קען מען ניט פאנאנדערטיילן צווישן דעם ערשטן יו"ד פון שם הוי' מיטן לעצטן יו"ד פון שם אד', אז מ'זאל וויסן וועלכן טייל פון די צ"א אותיות (די גימטריא פון "אמן") איז פארבונדן מיטן ערשטן יו"ד פון שם הוי', און וועלכן טייל מיטן לעצטן יו"ד פון שם אד'.

ז. האמור לעיל איז דא אין יעדער שבת מברכים (כמובן ופשוט). און דערנאך האט יעדער שבה מברכים אן ענין מיוחד, וואס איז פארבונדן מיט דעם שבת מברכים, ובלשון הזהר[30] "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", אז יעדער ר"ח, ובמילא אויך שבת מברכים החודש. האט זיך ענינו המיוחד.

ובנדו"ד - שבת מברכים חודש הכוז קומט ווייט אין חודש סיון. וואס דער חודש ווערט אנגערופן נאך אידער מ'איז געקומען אין בבל, וואס דערפאר[31] האט מען אים אנגערופן חודש סיון דער "חודש השלישי[32], "ירחא תליתאי"[33].

און ווי די גמרא[34] איז מדגיש אז "ירחא תליתאי" איז פארבונדן מיט "אוריאן תליתאי" (דער ענין פון תורה), מיט "עם תליתאי" (אידן), און מיט "יומא תליתאי", און מיט נאך

- כו"כ -

------------

27) פל"ב. 28) תענית כ, ריש ע"ב. ועוד. 29) ראה ספר הערכים כרך א ערך אד' ס"ג (ע' רה). וש"נ. 30) ח"ג צד, ריש ע"ב. 31) ראה ירושלמי ר"ה פ"א ה"ב. ב"ר פמ"ח, ט. תוד"ה מדברי - ר"ה י, א. 32) יתרו יט, א. 33) שבת פח, א. 34) שם.

כו"כ ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון שלמה, ווי עס ברענגט זיך אראפ אין דעם פירוש פון ר"נ גאון[35] ובכ"מ.

ח. דערפון האט מען א לימוד מיוחד בנוגע צו עבודה האדם:

נוסף אויף כללות הענין וואס איז מודגש אין שבת מברכים החודש, אז א איד האט דעם כח אז אלע ענינים פון "למעלה" זיינען "בכח",

[וואס דאס איז פארבינדן דערמיט וואס די נשמה קומט אראפ מאיגרא רמה לבירא עמיקתא[36], וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "בתחלתו איזהו"[37]. און מ'איז מבואר בארוכה אין די דרושים פון ד"ה צ' צ[38] אז "כמביעין" איז אויך מלשון "שובע", אז מ'זעטיקט אן די נשמה מיט בחות, אז זי זאל קענען ביישטיין און אויפטאן איר שליחות אין דער בירא עמיקתא, וואס דורך די ירידה אין דער בירא עמיקתא, קומט צו אין דער נשמה אן עלי' הכי גדולה[39]].

קומט צו אין דערויף א יתר שאת ויתר עוז ווען מ'איז מברך חודש תמוז אין דעם לעצטן שבת פון חודש סיון - מצד דעדויף וואס די נתינה כח אויף דער ברכה פון חודש תמוז איז פארבונדן מיט חודש סיון, דער "חודש השלישי", "ירחא תליתאי", דער חודש וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה.

וואס אין דערויף איז דא די הדגשה מיוחדת - אז די ימים פון חודש תמוז דבאים לקראתנו לשלום (מיט אלע ששה לשונות של ברכה וואס מ'זאגט אין ברכת החודש, אין אן אופן פון "ונאמר אמן"), דארפן זיין דורכגענומען מיט דעם ענין פון תורה - ווייבאלד אז די נתינת כח און די ברכה פון דעם חודש נעמט זיך פון "חודש השלישי", דער חודש וואס איז פארבונדן מיט תורה.

ט. אין קביעות שנה זו קומט צו נאך אן ענין:

דער צווייטער טאג פון ר"ח תמוז [וואס ער איז דער עיקר הענין פון ר"ח תמוז, דערפאר וואס אין אים הויבט זיך אן דער מנין פון ימי חודש תמוז, כשא"כ דער ערשטער טאג פון ר"ח, וואס ער איז דער יום השלשים פון חודש סיון] איז חל

- ביום -

------------

35) לשבת קב. כתנחומא באבער יתרו ח. 36) ראה חגיגה ה, ב. 37) נדה ל, ב. 38) קצוה"ע להניא ע' נח. ועוד - ראה ליקוט פירושים וכו' לתניא פ"א ע' פז-כז. 39) ראה ד"ה מים רבים דמוצאי ש"פ נח תשל"ח ס"ד. וש"נ.

ביום השלישי, "שהוכפל בו כי טוב"[40], "טוב לשמים וטוב לבריות"[41].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די טעג פון חודש תמוז דארפן אויך זיין דורכגענומען מיט דעם ענין פון "(טוב לשמים ו)טוב לבריות" - אפי' בנוגע צו די וואס לעת עתה האבן זיי ניט קיין אנדער מעלה אויסער דעם וואס זיי זיינען באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן (ווי דערמאנט פריער (ס"ו)).

י. און ביי אונז אלעמען, בתוככי כלל ישראל, וועלן אויפגעטאן ווערן בתכלית השלימות די אלע ענינים וואס דארפן אויפגעטאן ווערן,

מיט אלע ששה לשונות וואס מ'זאגט נאך דעדויף וואס מ'איז מכריז (אין ביהכ"נ, און במעמד פון כו"כ עשירית מישראל) ווען וועט זיין דער טאג פון ר"ח.

און ס'וועט זיין אין אן אופן פון "ונאמר אמן" - ווארום מ'וועט זיכער טאן דאס וואס עס הייבט אפ אין עבודת האדם, "מכך", ובמילא וועט דאס אויפטאן "למעלה", און דערנאך וועט דאס אראפקומען ביז למטה, אין דער "בירא עמיקתא".

ביז אז עס וועט נמשך ווערן תכלית הנקודה פון כל הברכות - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט מען מקריב זיין די קרבנות פון ר"ח ("ובראשי חדשיכם תקריבו גו'"[42]) אין ביהמ"ק, און עס וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם"[43] - וואס צו זיי איז געגעבן געווארן די פרשה פון קידוש החודש מיט אלע פרטים שבזה, ווי עס ווערט דערציילט אין פ' הגאולה (פ' בא),

און עס וועט זיין במהרה בימינו ובעגלא דידן, ונאמר אמן.

* * *

יא. מ'האט בערעדט כמ"פ אז נוסף אויף דעם צד השוה וואס איז דא אין שבת מברכים החודש פון אלע חדשים, האט זיך יעדער שבת מברכים אן ענין המיוחד וואס איז פארבונדן מיט דעם חודש המיוחד וועלכן מ'בענטשט אין דעם שבת,

- און -

---

40) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 41) ראה קידושין מ, ב. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד.
42) פינחס כח, יא. 43) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

און אין דערויף גופא זיינען אויך דא שינויים מצד קביעות השנה, אין וועלכן טאג אין חודש קומט אוים שבת מברכים.

ובנדו"ד - שבת מברכים חודש תמוז קומט אלעמאל אוים אין די לעצטע טעג פון חודש השלישי (חודש סיון), אבער אין דערויף גופא קען עס אויסקומען אין פארשידענע טעג צווישן די לעצטע טעג פון דעם חודש - און ס'איז פארשטאנדיק, אז יעדער שינוי אין דער קביעות, ברענגט אויך א שינוי אין דער הוראה וועלכע מ'דארף דערפון ארויסנעמען.

ווארום וויבאלד אז דאס איז א הוראה ע"פ תורה (תורת הבעש"ט - מיוסד אויף תורה בכללותה), איז דאס בתכלית הדיוק, ובמילא איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'איז דא א שינוי אין דער קביעות, קען מען (ובמילא דארף מען) דערפון אפלערנען א הוראה מיוחדת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס דארף זיין א הוראה מיוחדת פון קביעות שנה זו - אין וועלכן טאג בחודש קומט אוים שבת מברכים חודש תמוז.

יב. האמור לעיל אז פון שינוי הקביעות בנוגע צו ימי החודש (אין וועלכן טאג בחודש קומט אוים שבת מברכים) דארף זיין א הוראה מיוחדת - איז פארשטאנדיק בפשטות, ווארום ס'איז דאך ניט דומה די עבודה פון איין טאג צו דער עבודה פון א צווייטן טאג, און ווי געבראכט פריער (ס"ז) דעם מאמר הזהר "כל יומא ויומא עביד עבידתי'".

און ווי מ'זעט בפועל (ובמילא איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הוראה לכל אחד ואחת, ביז צו א פשוט שבפשוטים) אז אין יעדן טאג פון ימי החודש, ווערט א שינוי אין מראה הלבנה, און א שינוי וועלכן מ'זעט בעיני בשר -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה פון אידן [וואס "מונין ללבנה"[44] און נמשלו ללבנה[45], און דערפאר[46] איז "דוד הוא הקטן"[47], און "יעקב כי קטן הוא"[48], און "אתם המעט מכל העמים"[49], וויבאלד אז אידן זיינען פארבונדן מיטן "מאור הקטן"[50]] אז ס'איז ניט בדומה די עבודה פון אידן מיום ליום.

יג. און אע"פ אז אין די לעצטע טעג פון דעם חודש איז די

- לבנה -

---

44) סוכה כט, א. 45) ראה ב"ר פ"ו, ג. 46) ראה חולין ס, ב. 47) ש"א יז, יד. 48) עמוס ז, ה. 49) ואתחנן ז, ז. 50) בראשית א, טז.

לבנה פוחתת והולכת - איז עס אבער קיין סתירה ניט צו דעם וואס מ׳זאגט אז די עבודה פון אידן דארף זיין אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[51], ווארום:

דאס וואס מ׳זאגט אז אין די לעצטע טעג פון דעם חודש איז די לבנה פוחתת והולכת, איז דאך ניט דער טייטש אז מציאות הלבנה איז פוחת והולך - די מציאות פון דער לבנה בלייבט בשלימות במשך כל ימי החודש, נאר אין הארת הלבנה, דאס וואס די לבנה איז מאיר לארץ ולדרים עלי׳, ווערט א שינוי מלילה ללילה, אז אין די לעצטע טעג פון דעם חודש איז עס פוחת והולך.

ד.ה. אז דער שינוי איז נאר בנוגע צו דעם וואס די לבנה איז מאיר בגלוי דא למטה - אבער אויך דעמולט ווען הארת הלבנה איז פוחת והולך, איז דא דער חלק הלבנה שאינו מאיר, וואס דערפון קומט אויך אראפ השפעה לארץ ולדרים עלי׳, כמבואר בכ"מ, נאר די השפעה איז אין אן אופן וואס איז ניט נראה בעיני בשר, אבער זי פועל׳ט פעולתה.

[בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו פעולת השמש, וואס זי איז "מאיר מהחה לארץ לששים רבוא כוכבים" (כמבואר אין אגה"ק[52]), אע"פ אז דעמולט זעט זיך ניט דער שמש לארץ ולדרים עלי׳ - וואס דאס איז א השפעה אין אן אופן וואס איז ניט נראה בעיני בשר].

ועד"ז איז אויך בנוגע צו עבודה האדם וואס איז פארבונדן מיט להאיר לארץ ולדרים עלי׳ - דאס וואס ער דארף זיין א משפיע, און אויפטאן אין וועלט דעם ענין פון "לעשות לו ית׳ דירה בתחתונים" - אז אין דערויף זיינען דא צוויי אופנים:

עס זיינען דא ענינים וואס ווערן אויפגעטאן דורך א פעולה וואס איז בגלוי, און עס זיינען דא ענינים וואס ווערן אויפגעטאן דורך א פעולה וואס איז ניט בגלוי, ניט אין אן אופן ישר, נאר דורך ענינים נעלמים.

און אויף דערויף זאגט מען אז דאס וואס הארת הלבנה איז פוחת והולך אין די לעצטע טעג פון דעם חודש, איז עס נאר בנוגע צו דער פעולה הנגליה פון דער לבנה. דאס רידט אבער ניט אן צו פעולת הלבנה בכללותה,

ואדרבה: בשעת אז דער חלק המאיר איז פוחת והולך, ווערט נתוסף דוגמתו אין דעם חלק הנעלם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז קיין סתירה

- ניט -

------------

51) ברכות כח, א. וש"נ. 52) סו"ס ז"ך.

ניט צו דעם ענין פון "מעלין בקודש", וויבאלד אז דער "מעלין בקודש" הייגגט אפ. אין דעם "סך-הכל" וואס ווערט אויפגעטאן פוןביידע פעולות - די פעולה בנוגע לעצמו, און בנוגע צום זולת באופן נעלם, און די פעולה בנוגע צום זולת, ביז בנוגע לארץ ולדרים עלי׳ - באופן גלוי.

יד. די קביעות פון שבת מברכים חודש תמוז בשנה זו איז - אז עס פאלט אויס אין כ"ח סיון, און די התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש תמוז, קומט פאר אין כ"ט סיון.

וואס דער כללות הענין פון שבת מברכים החודש איז דאך פארבונדן (ניט מיט עבודת יום השבת מצ"ע, נאר) מיט דער עבודה פון די טעג וואס קומען לאחרי השבת, וואס זיי זיינען די הכנה צום טאג פון ר"ח -

וואס די עבודה פון די ימים שלאחרי השבת (וועלכע זיינען די הכנה צו ר"ח), איז אן אופן פון "ששת ימים תעשה מלאכה"[53] - הויבט זיך אן פון מוצאי שבת קודש, וואס אין יכ׳ החודש איז דאס כ"ט סיון.

און ווען מ׳הויבט אן זוכן וואס פאר א הוראה קען מען ארויסנעמען פון כ"ט סיון - געפינט מען דאס אין היינטיקע סדרה, וואס אין קביעות שנה זו איז די פרשה וואס מ׳לייענט אין שבת מברכים חודש תמוז - פ׳ שלח.

וואס דאס איז די קריאה וואס מ׳לייענט פאר ברכת החודש - און די גאנצע קריאה ווערט אנגערופן פ׳ שלח, ועד"ז בנוגע צו דער הפטרה, אז דאס איז די הפטרה פון פ׳ שלח.

און אז מ׳גיט א קוק אין דער פרשה אויף צו זעהן וועגן וועלכע שליחות רעדט זיך דא - זעט יעדערער (אפי׳ "בריות") אז עס רעדט זיך וועגן שליחות המרגלים, וואס דער ענין פון שילוח המרגלים איז געווען בכ"ט סיון. ווי די גמרא זאגט אין תעניח[54] (און רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו עה"ת[55]): "תניא בעשרים ותשעה בסיון שלח משה מרגלים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס דארף זיין א הוראה מיוחדת פון דעם ענין פון שילוח המרגלים.

טו. בנוגע צו כללות הענין פון שילוח המרגלים, איז לכאורה ניט פארשטאנדיק וואס פאר א מעלה איז דא אין דעם ענין פון "שלח לך אנשים"[56], אדרבה, ס׳איז גאר איפכא מסתברא, ווארום

- מ׳זעט -

---

53) ויקהל לה, ב. 54) כט, א. 55) עה"פ דברים א, ב. 56) פרשתנו יג, ב.

מ׳זעס דאך די אלע ענינים וועלכע זיינען דערפון ארויסגע-קומען - איז וואס פאר א הוראה קען מען דערפון אפלערנען?

זעט מען דאך אבער אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "שלח לך אנשים", וואס דאס איז טאקע געווען "לדעתך"[57], אבער דאס איז דאך די דעה פון משה רבינו, רעיא מהימנא, וואס "משה אמת ותורתו אמת"[58].

און ווי רש"י טייטשט אפ אויף "כולם אנשים"[59], אז "כל אנשים שבמקרא ל׳ חשיבות הוא, ואותה שעה כשרים היו".

ביז ווי ס׳איז מבואר אין חסידות[60] אז אויף די מרגלים שטייט[61] "איש אחד איש אחד", דערפאר וואס יעדערער פון זיי איז געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "אחד", אחדות מיטן אויבערשטן, ניט "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד".

מ׳זוכט דאך אין יעדער ענין א רמז אין נגלה - געפינט מען אז די משנה[62] זאגט או "אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח"[63] בייט אויף דור המדבר, כולל אויך די מרגלים[*63], ד.ה. אז זיי ווערן אנגערופן "חסידי".

ביז אז די גמרא[64] זאגט "שבקי׳ ר"ע לחסידותי׳", ד.ה. אז ווען עס וואלט ניט געווען דער "שבקי׳ לחסידותי׳", וואלט ער גאר געזאגט אז זיי ווערן אנגערופן "חסידי", אן ענין של חסידות, ("לפנים משורת הדין", נאך העכער פון דין, אן ענין פון "ועשית הישר והטוב"[65]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א איד האט בכח צו אויפטאן אז דער ענין פון "שלח לך אנשים" זאל ווערן אן ענין אין עבודת ה׳.

סז. דער ענין דארף זיין פארשטאנדיק אויך פאר אנשים פשוטים, און אפי׳ פאר "בריות", וואס זיי דארפן אויך פארשטיין ווי אזוי מ׳קען ארויסנעמען א הוראה פון "שלח לך אנשים", ניט וויסנדיק פון סודות התורה.

וואדרום די אנשים פשוטים ווערן אויך נכלל אין דעם ענין פון ברכת החודש, ביז אז די שלימות פון א מנין איז פארבונדן און ווערט אויך דורך זיי, וואדרום עס דארף אויך זיין דער ענין פון "חלבנה"[66].

- ובפרט -

---

57) פרש"י עה"פ. 58) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. 59) פרשתנו שם, ג. 60) אוה"ת פרשתנו ס"ע תנב. 61) פרשתנו שם, ב. 62) סנהדרין קח, א. 63) תהלים נ, ה. *63) הביאור בזה - ראה שיחת מוצאי ש"פ חו"ב סט"ז ואילך. 64) שם קי, ב. 65) ואתחנן ו, יח. 66) ראה כריתות ו, ב. פרש"י תשא ל, לד.

ובפרט אז דורך זיי ווערט נתוסף אין דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך", ווארום דורך דערויף וואס עס קומט צו נאך א איד און נאך א איד, ווערט נתוסף אין דעם "רוב עם" - און מ'זעט דאך אז צוליב דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך" האלט מען אפ כמה ענינים, כדי אז ס'זאל צוקומען אין דעם "רוב עם"[67].

ובפרט ווען מ'געפינט זיך אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, וואס דעמולט דארף מען צוגרייטן יעדער אידן צו דער גאולה, ווארום אין דער גאולה העתידה וועט דאך קיין איין און איינציקער איד ניט בלייבן אין גלות[68], דארף דאך יעדער איד ארויסגיין פון גלות,

ביז אז "שכינתא בגלותא"[69] מיט אלע ששים רבוא נשמות כלליות און נשמות פרטיות וכו'[70], ווארטן אז דער איד זאל אויך זיין צוגעגרייט אויף גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בגאולה האמיתית והשלימה -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דער ענין האמור (אז עס דארף זיין א הוראה פון דעם ענין פון "שלח לך אנשים") דארף זיין פארשטאנדיק אפי' פאר אנשים פשוטים, וויבאלד אז זייער צוגרייטונג צו דער גאולה איז נוגע צו כללות הגאולה פון אלע אידן.

איז פארשטאנדיק אויך פאר אן אדם פשוט - אז וויבאלד דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "שלח לך אנשים", אז משה רבינו זאל זיי שיקן, וואס ענינו פון משה רבינו איז דער ענין פון תורה, ווי עס שטייט[71] "זכרו תורת משה עבדי", און לפי שמסר נפשו עלי' נקראת על שמו[72] - איז ווען מ'גייט ע"פ התורה, קען מען מאכן אז פון "שלח לך אנשים" זאל ווערן א פרשה אין תורה, מלשון הוראה[73],

ביז אז עס ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, וואס דעמולט איז דער אור אן אור גדול ביותר - "כיתרון האור מן החושך"[74], ד.ה. אז דורך דערויף וואס מ'איז מהפך דעם חושך לאור, ווערט דער "יתרון האור" (ועד"ז בנוגע צו "יתרון החכמה מן הסכלות", אז בשעת ער קען ארויסקריגן א דבר חכמה פון אן ענין של "סכלות", איז פארשטאנדיק אז ער איז א חכם גדול ביותר).

- יז. -

------------

67) ראה מג"א או"ח סתר"צ ס"ק כג. לקו"ש ח"ז ס"ע 306 ואילך. ועוד. 68) ראה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. מכתב כללי דחגה"פ ש.ז. 69) ראה מגילה כט, א. ועוד. 70) ראה תניא פל"ז (מח, א). 71) מלאכי ג, כב. 72) שמו"ר פ"ל, ד. תנחומא שופטים ה. ועוד. 73) זח"ג נג, ב. 74) קהלת ב, יג.

יז. דער ביאור אין דעם:

מ'האט גערעדט מיט א פאר טעג צוריק[75], אז עס זיינען דא צוויי דעות פארוואס האט מען געשיקט די מרגלים:

א) אזוי ווי מ'האט געדארפט גיין כובש זיין א"י, האט מען געשיקט די מרגלים אויף צו וויסן מיט וועלכע וועג צו גיין, און ווי אזוי מ'דארף זיך צוגרייטן, מיט אלע פרטים וואס מ'דארף וויסן בנוגע צו כיבוש א"י - ווי עס ווערט געבראכט אין רמב"ן[76] און אין כמה פשטני המקרא.

ב) שילוח המרגלים איז געווען כדי צו דערוויסן זיך אז דאס איז אן "ארץ טובה" - ווי רש"י[77] ברענגט אראפ אז "אני אמרתי להם שהיא טובה . . חייהם שאני נותן להם מקום לטעות בדברי המרגלים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק [במדובר כמ"פ וועגן מאמר השל"ה[78] אז אין פרש"י זיינען דא ענינים פון "נפלאות", ועד"ז אין דעם פרש"י, אז דערפון ווייזט בעט] אז שילוח המרגלים איז געווען כדי צו דערוויסן זיך צי ס'איז טאקע אן "ארץ טובה".

און ס'איז פארשטאנדיק, אז אויך אין דער כוונה פון שילוח המרגלים (כדי צו וויסן ווי אזוי מ'זאל כובש זיין א"י, אדער כדי צו וויסן אז א"י איז אן "ארץ טובה") איז דא דער ענין אז עס קען זיין לטובה ולברכה.

יח. והביאור בזה:

עס איז דא א כלל אין תורה[79] אז "אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו" (וואס דערפון קומען ארויס כמה הלכות אין מעשה בפועל, בנוגע צו מציאה וכיו"ב).

וואס דאס איז דער טבע האדם אז "רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו", ס'איז ניט קיין טבע מיט וועלכן ער דארף מלחמה האלטן, נאר ס'איז גאר א הכונה טובה; די מלחמה דארף נאר זיין אז ער זאל דאס טאן דערפאר ווײַל אזוי זאגט תורה, און ניט דערפאר וואס אזוי איז ער געבארן געווארן.

ביז אז דערמיט איז פארבונדן דער כללות הענין פון ירידת הנשמה בגוף:

ירידת הנשמה בגוף איז דאך א ירידה גדולה ביותר, וואס די ירידה איז לצורך עלי'.

- איז -

-------------

75) בהשיחה להמסיימות ד"בית רבקה" וכו' - יום ה', כ"ו סיון. 76) ריש פרשתנו. 77) ריש פרשתנו. 78) במס' שבועות שלו קפא, א. 79) ב"מ לח, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק[80]: דער אויבערשטער האט דאך געהייסן געבן די עלי׳ אין קיין ענין של ירידה, איז צוליב וואס דארף מען האבן אז די נשמה זאל זיך מאטערן אין א "בירא עמיקתא"?! - נאר דער ביאור בזה איז, אז דעמולט וואלט דאס ניט געווען בשלימות, ווארום עס וואלט געווען "נהמא דכסופא"[81], ניט "קב שלו".

דאס איז טאקע "תשעה קבים", מיט אלע מעלות וואס זיינען דא אין דערויף, עס איז אבער "של חבירו", דאס האט אים געגעבן דער אויבערשטער (וואס ער ווערט אנגערופן "חבירו" - ווי רש"י[82] טייטשט אפ אויף "רעך ורע אביך"[83] - "זה הקב"ה"), האט דאס ניט די מעלה פון "קב שלו",

און אויף דערויף דארף מען האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה בגוף, כדי אז די עלי׳ וואס קומט לאח"ז זאל זיין (ניט קיין "נהמא דכסופא", נאר) אין אן אופן פון "קב <u>שלו</u>".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדון דידן:

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז די נתינה פון א"י צו אידן זאל זיין בתכלית השלימות, האט ער געוואלט אז אין דערויף זאל אויך זיין דער "קב <u>שלו</u>" פון אידן -

און דערפאר איז ניט געווען גענוג דאס וואס דער <u>אויבערשטער</u> האט בעזאגט אז דאס איז אן "ארץ טובה". נאר מ׳האט אויך געדארפט האבן אז אידן <u>מצ"ע</u> זאלן אויך זעהן אז דאס איז אן "ארץ טובה", ועד"ז אז אידן זאלן אליין זעהן ווי אזוי מ׳דארף איינעמען א"י - כדי אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "קב שלו".

יט. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס ס׳שטייט אין מדרש[84] (און חסידות[85] איז דאס מבאר באריכה), אז דער פירוש פון "<u>ויתורו</u> את ארץ כנען"[86] איז מלשון "<u>יתרון</u> ארץ בכל היא"[87]. ד.ה. אז די מרגלים זיינען געגאנגען אין א"י אויף צו פועל׳ן אן ענין של "<u>יתרון</u>" אין ארץ ישראל.

וואס דער ביאור אין דערויף איז - אז דורך דערויף

- וואס -

-------------

80) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו׳ (קה"ת תשל"ז) ע׳ שבג ואילך ובהערות שם. לקו"ש לך לך תשל"ז ס"ד. 81) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. ועוד. 82) ד"ה רעך - שבת לא, א (וראה גם פרש"י עה"פ משלי כז, י). משנו"ה רפב"ד.
83) משלי שם. 84) שהש"ר פ"א, א [ז]. קה"ר פ"א, יג.
85) אוה"ת שם ס"ע תנה ואילך. ס"ע תנו ואילך. ועוד.
86) פרשתנו שם, ב. 87) קהלת ה, ח.

וואס די מרגלים וועלן גיין אין א"י, און זיי וועלן ברענגען די ידיעה אז "טובה הארץ מאד מאד"[88], ד.ה. אז א נשמה בגוף (מיט אלע הגבלות פון דעם גוף) וועט זעהן אז אלע ענינים פון "ארץ כנען" (ווי זי איז דעמולט געווען) זיינען אין אן אופן פון "טובה הארץ (און נאכמער) מאד מאד" - וועט דאס פועל׳ן דעם "יתרון" אז עס וועט אויך זיין דער ענין פון "קב שלו".

און דאס איז געווען די כוונה צוליב וועלכע מ׳האט געשיקט די מרגלים (און דעם ענין האבן זיי געוואלט אויפטאן, ווארום "אותה שעה כשרים היו") - אז אין דערויף זאל אויך זיין די מעלה פון "קב שלו".

כ. און דאס איז דער ביאור אין דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "שלח לך - לדעתך, אני איני מצוה לך"[57], וואס אין דערויף איז אויך דא דער פירוש למעליותא:

בשעת א איד איז מקיים א ציווי פון דעם אויבערשטן, "אני מצוה לך", סוס ער דאס בתכלית השלימות, מיט מס"נ וכו׳, ווארום אזוי האט אים דער אויבערשטער געהייסן;

עס איז אבער דא א מעלה ווען א איד טוט א זאך (ניט דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אים געהייסן, נאר) מצ"ע - דער ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[89], און "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[90], און "בכל דרכיך דעהו"[91], וואס דאס איז ניט קיין ציווי, נאר א איד טוט דאס מצ"ע, וואס דאס איז אן ענין פון "קב שלו".

וע"ד די מעלה וואס איז דא אין אן ענין פון "לפנים משורת הדין" לגבי אן ענין וואס מ׳איז מחוייב צו טאן ע"פ דין -

וואס עס קען זיין א פרומער איד וואס איז א שומר תומ"צ בשלימות, ער האט אבער ניט קיין שייכות צו "מילי דחסידותא" - און אויף דערויף האט מען די הוראה פון פרקי אבות (ווי די גמרא[92] זאגט אז דאס איז "מילי דחסידותא") אז די הנהגה פון א אידן דארף זיין אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, אין אן אופן פון "ועשית הישר והטוב" - וואס דאס איז אן ענין וואס א איד טוט "לדעתך, אני איני מצוה לך".

ד.ה. אז דורך דערויף וואס א איד איז מוסיף מצ"ע, און ער פירט זיך אין אן אופן אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און

- "בכל -

------------

88) פרשתנו יד, ז. 89) יבמות כ, א. 90) אבות פ"ב מי"ב. 91) משלי ג, ו. 92) ב"ק ל, א.

"בכל דרכיך דעהו", ביז צום כללות הענין פון "קדש עצמך במותר לך" - ווערט אויפגעטאן אן ענין הכי נעלה, וואס דאס איז דער ענין פון "קב שלו",

ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו די מרגלים, אז זיי האבן געדארפט אויפטאן דעם ענין פון "לתור את הארץ", פועל'ן א "יתרון" אין א"י, אז נוסף אויף דעם וואס דער אויבערשטער זאגט אז "טובה הארץ", און "טובה הארץ מאד מאד" (וואס "מאד" איז למעלה ממדידה והגבלה[93], און דא זאגט מען ב"פ "מאד", כמבואר בכ"מ[94] די מעלה שבדבר) - זאל אין דערויף אויך זיין די פעולה פון אידן, וואס דאס איז דער ענין פון "קב שלו".

וכמדובר כמ"פ וועגן דעם וואס ס'שטייט אין מדרז"ל[95] אז א איד ווערט א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", אז "תורת אמת" רופט דאס אן בשם "שותפות", וואס א שותפות אמיתית איז דאך, אז ביידע שותפים האבן א חלק שוה אין יעדער נקודה וואס איז דא אין דער זאך אין וועלכע זיי זיינען שותפים. ד.ה. אז דאס איז אויך "קב שלו".

און אויף דערויף זאגט מען "למעשה ידיך תכסוף"[96], אז דער אויבערשטער כוז (כביכול) אנקומען צו דער עבודה פון אידן,

ביז ווי מ'געפינט אין נגלה - אז ס'שטייט[97] "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה גו'". דערפאר וואס "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים"[98].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל המעלה וואס איז דא אין יעם ענין פון "קב שלו".

כא. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם ביאור אין דעם וואס מ'זעט אז בשעת משה רבינו האט דערציילט וועגן די מרגלים (אין פ' דברים[99]), האט ער געזאגט אז די מרגלים האבן געזאגט "טובה הארץ אשר ה' אלקינו נותן לנו" - וואס לכאו' איז דאס א דבר פלא: די מרגלים האבן דאך געזאגט דעם היפך דערפון?

וואס אע"פ אז רש"י באווארענט דאס און זאגט "כי הם שאמרו טובתה יהושע וכלב" - שטייט דאך אבער אין פסוק סתם. און ס'ווערט נים אויסגעטייטשט אז דאס האבן געזאגט יהושע וכלב דוקא - איז דער ביאור בזה:

- בשעת -

------------

93) לקו"ה פרשתנו כב, ג. ועוד. 94) ראה שם לח, ג.
95) שבת י, א. קיט, ב. טור או"ח סרס"ח. שו"ע אדה"ז שם ס"א.
96) איוב יד, טו. 97) עקב י, יב. 98) ברכות לג, ב.
פרש"י עה"פ. 99) א, כה.

בשעת די מרגלים זיינען געקומען פון א"י, האבן מאקע נאר יהושע וכלב געזאגט "טובה הארץ מאד מאד";

אבער בשעת משה רבינו האט דערציילט וועגן דעם אין שנת הארבעים, וואס דאס איז שוין געווען נאך דעריויף וואס ס'איז געווען דער תיקון אויף חטא המרגלים, ס'איז שוין געווען דער "סלחתי כדברך"[100], וואס דאס איז געווען דורך דעריויף וואס מ'האט דאס מהפך געווען אין אן אופן פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא -

האט מען אריינגעשטעלט אין תורה (אז ס'זאל ווערן א הוראה לכל הדורות) דעם "סך-הכל" פון דעם גאנצן ענין - אז יהושע וכלב זיינען די וועלכע זיינען כולל כל עבודת המרגלים, און זיי זאגן אז "טובה הארץ אשר ה' אלקינו נותן לנו".

כב. האמור לעיל אז לאחרי תיקון חטא המרגלים, זיינען יהושע וכלב די וואס זיינען כולל עבודה כל המרגלים, און זיי זאגן אז "טובה הארץ מאד מאד" - איז אויך ברומז אין אונזער סדרה:

עס ווערט דערציילט אז "יהושע בן נון וכלב בן יפונה חיו מן האנשים ההם גו'"[101], און רש"י טייטשט אפ אז "נטלו חלקם של מרגלים בארץ וקמו תחתיהם לחיים", וואס דאס האבן יהושע וכלב באקומען אלס א הוספה אויף דעם חלק וואס זיי האבן געדארפט באקומען מצ"ע.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער חלק המרגלים בארץ איז געבליבן בשלימות - וויבאלד אז יהושע וכלב האבן כוחה געווען און האבן געזאגט אז "טובה הארץ מאד מאד", ביז אז דאס האט גע'פועל'ט אז ס'איז געווארן דער "חיו מן האנשים".

וואס דער פירוש פון "חיו מן האנשים" איז, אז "נטלו חלקם של מרגלים בארץ", ע"ד מארז"ל[102] "זכה נוטל חלקו וחלק חברו בג"ע". אין דעריויף איז אבער אויך דא דער פירוש אז זייער חיות האט זיך גענומען "מן האנשים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יהושע וכלב האבן כולל געווען עבודת כל המרגלים, ווארום דורך זיי איז געבליבן דער חלק פון די מרגלים בשלימות, ביז אז "קמו תחתיהם לחיים", ד.ה. אז יהושע וכלב האבן מיטגענומען בעבודתם אלע איבעריקע מרגלים.

- כג. -

---

100) פרשתנו שם, כ. 101) פרשתנו שם, לח. 102) חגיגה טו, א. כלי יקר ואוה"ח עה"פ.

כג. און דאס איז אויך וואס מ'זעט בפרשתנו, אז נאך דעם גאנצן ענין וואס איז געווען מיט די מרגלים, קומט גלייך בהמשך לזה דער ציווי פון דעם אויבערשטן "דבר אל בנ"י ואמרת אליהם כי תבואו אל ארץ מושבותיכם גו'"[103], און ווי רש"י טייטשט אפ (לויט ווי ס'איז אפגעדרוקט אין רוב הדפוסים) "בישר להם שיכנסו לארץ".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: מ'האט ערשט פארענדיקט מיט מעשה המרגלים, און דער אויבערשטער האט געזאגט אז מ'וועט דארפן ווארטן אזוי פיל יארן - איז וואס פאר א קלעפ האט דאס אז גלייך נאך דערויף זאל זיין דער "בישר להם שיכנסו לארץ"?!

נאר דער ביאור אין דערויף איז - אז ס'איז שוין געווען דער תיקון אויף חטא המרגלים, און ס'איז געווען דער "סלחתי כדברך", ובמילא איז מתוסר זמן לא הוי מחוסר מעשה (כידוע דער כלל אין הלכה[104]), און דערפאר איז גלייך געווען די בשורה פון דעם אויבערשטן (וואס "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[105]) אז "יכנסו לארץ".

ובדוגמא ווי כ'האב גלייך געזאגט אז "יהושע וכלב חיו מן האנשים ההם" - דערפאר וואס ס'איז שוין געווען דער תיקון אויף חטא המרגלים, וכמילא האבן יהושע וכלב כיבכעגנומען בעבודתם אלע איבעריקע מרגלים (כנ"ל).

כד. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

מ'האט גערעדט מיט א פאר טעג צוריק בארוכה, אז ווען מ'קוקט זיך ארום וואס עס טוט זיך אין דער "בירא עמיקתא". זעט מען אז דאס איז אן "ארץ אוכלת יושבי'"[106] -

מ'געפינט זיך אין ארצות הרווחה, און מ'מיינט אז דער עיקר (רח"ל) איז דער "מנהג המדינה", און דער עיקר איז דער "דאלער", און מ'דארף זעהן אז ס'זאל זיין וואס מערער דאלער. און דערנאך איז "היום אומר לו עשה כך וכו'"[107],

ביז וואנעט אז דאס "עסט אויף"[108] דעם וואס באזעצט זיך דארט: אנשטאט דעם וואס דער מענטש זאל מאכן אז די ארץ זאל זיין אן "ארץ נושבת" פאר דעם אדם התחתון, און דורך דערויף פאר דעם אדם העליון - איז דאס אן "ארץ אוכלת יושבי'", זי האט "אויפגעגעסן" די וואס האבן געדארפט מאכן פון איר אן

- "ארץ" -

------------

103) פרשתנו טו, ב. 104) ראה זבחים יב, א. ועוד.
105) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 106) פרשתנו יג, לב. 107) שבת קה, ב. 108) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1043. ח"ח ע' 298.

"ארץ נושבת", און ס'איז געווארן אן ארט פון "נחש שרף ועקרב"[109] רח"ל, מיט אלע מאורעות וואס האבן געטראפן מבחוץ אייער-נעכטן און אייער-אייער-נעכטן (היל"ת מכאן ולהבא).

קען דאך א איד טענה'ן: מה לי צו דער גאנצער עבודה, ער קען זיצן איינגעשפארט אין ד' אמות של תורה ותפלה, אין "ארץ ישראל", וואס "רצתה לעשות רצון קונה"[110];

ער וועט זיך געפינען אין אזוינע ד' אמות וואו אלע ארום אים זיינען מקיים תומ"צ, און ניט נאר אז זיי זיינען מקיים תומ"צ, נאר נאכמער: זיי טוען דאס אין אן אופן פון "רצתה לעשות רצון קונה" - מיט ביידע טייטשן וואס זיינען דא אין דערויף[111]: מלשון ריצה, "הוי רץ למצוה"[112], און מלשון רצון, ד.ה. אז ער טוט דאס ניט מצד דעם ענין פון קב"ע (דערפאר וואס ער איז מוכרח צו טאן דאס, און ער האט ניט קיין ברירה), נאר מיט א רצון אמיתי, ביז אין אן אופן פון הקדמת נעשה לנשמע.

און ער טענה'ט: פארוואס זאל ער גיין אין אזא ארץ וואס דארטן זיינען דא "אנשי מדות"[113] - יעדער זאך איז דארטן מיט א גרויסע מאס, דאס איז א "סופער-פאוער" (ווי מ'רופט דאס אן), לעיני בשר זעט זיך דאס נאכמער פון א כת סתם (ע"ד ווי דאס איז אין קדושה - אז משה רבינו זאגט[114] "יגדל נא כח אד'", און דאס קומט אראפ אין אמירה בגלוי דא למטה, "לאמר")

טענה'ט דער יצר וואס איז לעומת פון דעם יצ"ט - אז דארטן זיינען דא "אנשי מדות", און "כי עז העם היושב בארץ"[115], ביז ווי רש"י[116] ברענגט אראפ דעם מאמר הגמרא[117] אז די מרגלים האבן גע'טענה'ט אז "אין בעה"ב יכול להוציא את כליו":

זיי ווייסן אז דער אויבערשטער איז דער "בעה"ב", זיי טענה'ן אבער אז "אין בעה"ב יכול להוציא את כליו", דאס זיינען די ברואים של הקב"ה, און זיי זיינען די "כלים" של הקב"ה, וואס דורך זיי פירט ער דורך כמה ענינים. און "אין בעה"ב יכול להוציא את כליו".

איז בשעת ס'זאגט א אידן אז אין ענינים וואס זיינען

- פארבונדן -

---

109) עקב ח, טו. 110) ב"ר פ"ה, ח. 111) ראה מת"כ ומהרז"ו לב"ר שם. וראה כש"ט הוספות אות ג. תו"א בראשית א, ג. אוה"ת בראשית כרך ג תפא, ב. 112) אבות פ"ד מ"ב. 113) פרשתנו שם. 114) פרשתנו שם יד, ז. וראה לקו"ת פרשתנו ד"ה זה (לח, סע"ג ואילך). אוה"ת פרשתנו ע' תעח. 115) פרשתנו יג, כח. 116) עה"פ שם, לא. 117) סוטה לה, א. וש"נ.

פארבונדן מיט תומ"צ, דארף ער זיך ניט רעכענען מיט מנהג המדינה, און ער דארף וויסן אז א איד דארף לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און מחנך זיין זיך און בניו ובנותיו וכל יוצאי חלציו, אז מ'זאל זיך ניט רעכענען מיט קיינע מדידות והגבלות, ווארום דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[118] איז שייך נאר בנוגע צו ענינים פון ממונות וואס האבן ניט קיין שייכות צו ענינים פון תומ"צ און יראת שמים - טענה'ט ער: ווי אזוי קען ער זיך פארמעסטן און זאגן אז ער וועט גיין אנטקעגן און וועט איבערמאכן דעם מנהג המדינה?

כה. אויף דערויף האט מען די הוראה פון שילוח המרגלים, אז א איד דארף זיך ניט איינשפארן אין ד' אמות של תורה ותפלה, נאר ער דארף גיין און איבערמאכן די וועלט.

און אז ער פרעגט: פון וואנעט האט ער דעם כח צו דורכ-פירן דעם ענין? - זאגט מען אים אז ער האט ביי זיך דעם ענין פון יהושע, וואס דאס פועל'ט אז "י-ה יושיעך מעצת מרגלים"[119], און ער האט בא זיך דעם ענין פון כלב, וואס "הלך ונשתטח על קברי אבות כו'"[120] - בדוגמא ווי מ'זאגט אין יעדער תפלה "אלקי אברהם אלקי יצחק ואלקי יעקב".

און מצד דערויף וואס ער האט בא זיך דעם ענין פון יהושע און כלב, מאכט דאס איבער דעם "א-ל זר אשר בקרבך"[121]. וואס ביי אים קען זיין א קס"ד באופן אחר -

וואס באמת וויל גאר דער יצה"ר אליין אז מ'זאל אים מנצח זיין (כמבואר אין תניא[122]), ער מוז אבער טאן זיין תפקיד, ווארום לולא די מציאות פון דעם יצה"ר איז דאך ניט שייך דער גאנצער ענין פון "ובחרת בחיים"[123], וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין אנדער מציאות, און דערפאר דארף כען האבן אז דער יצה"ר זאל טאן זיין תפקיד, כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון "ובחרת בחיים", אן עבודה אין אן אופן פון "קב שלו".

וכאמור אז דורך דעם יהושע וכלב שבו טוט ער אויף די אלע ענינים, ביז אז עס ווערט דער "חיו מן האנשים", אז אלע ענינים ווערן אויפגעלעבט, ביז אז עס ווערט דער "ואהבת את ה' אלקיך בכל לבבך - בשני יצריך"[124].

כו. און די באווארעניש איז נוגע במיוחד אין א מדינה וואס

- איז -

---

118) גיטין י, ב. וש"נ. 119) פרש"י עה"פ פרשתנו שם. טז. 120) סוטה לד, ב. פרש"י עה"פ פרשתנו שם, כב. 121) שבת שם. 122) ספ"ט. 123) ל' הכתוב - נצבים ל, יט. 124) ברכות נד, א. ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ה.

איז א מדינת חסד, איך אין א זמן ווען עס זיינען ניטא קיינע רדיפות אויף ענינים פון דת וביו"ב, ואדרבה, מ'איז נאך מסייע דערצו.

דארף מען האבן די באווארעניש בנוגע צו חינוך עצמו און חינוך בניו ובנותיו, אז זיין הנהגה זאל זיין אין אן אופן פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו", ד.ה. אז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן "מעשיך" און "דרכיך", זאל דאס זיין אין אן אופן פון "לשם שמים", ביז אין אן אופן פון "דעהו",

ד.ה. אז ער זאל ניט טראכטן וועגן דער תכלית פון "ויזה פרי'"[125], אז ער דארף זיין גלייך צו די "אנשי מדות" וועלכע געפינען זיך במדינה ההיא - נאר ער דארף זיין גלייך צו אברהם יצחק ויעקב, צו די י"ב שבטים, און צו זיין עלטער-זיידן, אע"פ וואס לכאו' זיינען זיי ניט געווען אין אזא מדינה, און האבן ניט געהאט דעם מעמד ומצב הגשמי פון "ויזה פרי'".

וואס דאס איז די אמת'ע וועג דורך וועלכע ס'זאל זיין דער "עלה נעלה וירשנו אותה"[126], וויסנדיק אז "לחמנו הם" און "סר צלם מעליהם וה' אתנו"[127], מיט אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער פרשה.

כז. און דאס איז כללות ההוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דער התוועדות וואס איז אין מוצאי שבת (וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי"[128]) וואס מ'האט געבענטשט ר"ח תמוז - וואס דאס איז פארבונדן מיט די הכנות צו ר"ה, אנהויבנדיק פון דער עבודה פון כ"ה סיון (וואס קומט גלייך נאך כ"ח סיון, יום השבת), וואס דעמולט האט מען געשיקט די מרגלים - אז עס דארף זיין דער ענין פון "שלח לך - לדעתך",

און אין אן אופן אז ער פועל'ט אז דער "לדעתך" זאל זיין אזוי ווי דעת משה רבינו. ע"ד ווי ס'איז געווען בא יהושע וכלב אז זייער דעת איז געווארן אזוי ווי דעת משה,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס "הקב"ה עוזרו"[129], וואס איז דער ענין פון יהושע, "י-ה יושיעך כו'", און דורך דערויף וואס ער האט דעם ענין פון "אלקי אברהם אלקי יצחק ואלקי יעקב", "נשתטח על קברי אבות", ביז צו דעם ענין פון ב"ד וואס זיי זיינען "אביהן של ישראל"[130], ד.ה. אז

- ער -

---

125) פרשתנו שם, כז. 126) פרשתנו שם, לו. 127) שם יד, ט. 128) זח"ב סג, ב. פח, א. 129) קידושין ל, ב. סוטה נב, ריש ע"ב. 130) ראה גיטין לז, א.

ער האלט זיך אן אין די מורי ישראל - רבני ישראל האמיתיים, וואס זיי באווייזן אים די וועג ווי אזוי ער דארף זיך פירן.

און דעמולט ווערט דער "תיו מן האנשים", און ער זעט בעיני בשר אז "טובה הארץ מאד מאד" - אז פון "ארץ כנען" ווערט דאס "ארץ ישראל", און אין אן אופן אז ארץ ישראל לגבולותי' איז א "נחלת עולם" צום "עם עולם",

כמדובר כמ"פ אז גאנץ א"י געהערט צו כל אחד ואחת מבני ישראל לנצח ולנצח נצחים, דערפאר וואס מ'גייט מיט דער תורה, וואס "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[131], און "התורה היא נצחית"[132].

כח. און די אלע ענינים ווערן אויפגעטאן אין אן אופן פון "ונאמר אמן" - דורך דערויף וואס גלייך בכ"ס פיון שטייט מען אין אן אופן וואס מ'רעדרשרעקט זיך ניט פאר דער וועלט,

און ניט אין אן אופן ווי ס'איז געווען בא די מרגלים - ווארום מ'ווייסט אז ס'איז שוין דא דער תיקון אויף דערויף, און ס'איז געווארן דער "יתרון החכמה מן הסכלות" און "יתרון האור מן החושך". אז עס ווערט דער "היו מן האנשים ההם",

ד.ה. אז ער האט איבער דעם צווייטן יצר וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, אז ער זאל זיין ווי עס דארף צו זיין,

כמדובר כמ"פ וועגן דעם מארז"ל[133] "בראתי יצה"ר בראתי לו תורה תבלין", אז ס'שטייט ניט אז מ'איז מבטל דעם יצה"ר, נאר עס שטייט "בראתי לו תורה תבלין", וואס דורך דעם "תבלין" ווערט דער דבר המתובל אין אן אופן פון עריבות און נעימות ביתר שאת וביתר עוז,

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא[134] אז ס'איז דא דער ענין פון "ועשה לי מטעמים . . לשון רבים": עס זיינען דא מאכלים וואס זיינען מלכתחילה "ערבים ובהותים". און עס זיינען דא מאכלים וואס מצ"ע זיינען זיי "חריפים או חמוצים רק שהם מתובלים ומתוקנים היטב עד שנעשו מעדנים להשיב הנפש", נאכמער ווי די מאכלים וואס זיינען לכתחלה "ערבים ומתוקים".

ועד"ז בנדו"ד - אז דער ענין פון תורה און "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[135] ווערט דער "תבלין" דורך וועלכן

- מ'איז -

---

131) עיקר הט' מי"ג עקרים. וראה פיהמ"ש להרמב"ם (הוצאה הרב קאפח) סנהדרין פ' חלק יסוד התשיעי. 132) תניא רפי"ז. 133) קידושין שם. 134) פכ"ז (לד, ב). 135) קידושין מ, ב.

מ'איז מהפך דעם יצה"ר, אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "לבבך - בשני יצריך".

און דעמולט נעמט ער איין אלע ז' מדות שבנפשו, וואס זיי זיינען בדוגמת די "שבעה אומות"[136], וואס די "שבעה אומות" זיינען כולל אין זיך אלע שבעים אומות העולם (כמבואר אין מרדז"ל בכ"מ[137]).

און דאס קומט אראפ בפועל, ע"י מעשינו ועבודתנו, כאו"א במקומו ובחלקו בעולם - אז מ'דערשרעקט זיך נים פאר חומריות העולם, און מ'דערשרעקט זיך נים פאר גשמיות העולם, נאר די חומריות מאכט מען איבער אויף גשמיות, און די גשמיות מאכט מען איבער אז זי זאל ווערן א כלי צו רוחניות,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן ע"י קיום התורה ומצוותי', ביז אין אן אופן פון "לפנים משורת הדין", אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו", און "קדש עצמך במותר לך".

כט. און דעמולט פועל'ט מען אז גאנץ א"י זאל שטיין בגלוי אין אן אופן פון "נחלת עולם" צום "עם עולם", ביז אין אן אופן פון "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[138].

און אזוי ווי ס'איז דאך דא דער ענין פון "טועמי' חיים זכו"[139], ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[140] אז מ'דארף טועם זיין "מכל תבשיל ותבשיל" - דארף מען אויך טועם זיין פון דעם ענין -

אז זייענדיק אין גלות מאכט ער פון חלקו בגלות אז דארטן זאל זיין א"י[141], און אין אן אופן ווי א"י שטייט אין א בעכד וכצב פון "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י"[142].

וואס דעם ענין (אז פון יערן ארט מאכט מען איבער אז ס'זאל זיין א"י, און אין אן אופן פון "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י") געפינט מען אויך אין נגלה:

עס ווערט אפגעפסק'נט אין שו"ע אז בשעת התפלה (אפילו אין זמן הגלות, אין חו"ל און אין תפלת ערבית) "יחזיר פניו כנגד א"י שנאמר[143] והתפללו אליך דרך ארצם ויכוין גם כנגד ירושלים וכנגד המקדש וכנגד בית ק"ק" (ווי עס ווערט

- אראפגעבראכט -

------------

136) ראה בארוכה ד"ה אל תצר את מואב לכ"ק אדהאמ"צ ע' 11 ואילך. 137) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ב ערך אומות העולם סי"ב. וש"נ. 138) ילק"ש ישעי' רמז תקג. 139) ראה לקו"ש וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ. 140) או"ח סו"ס רנ. 141) ראה לקו"ש ח"י ע' 3. 142) ילק"ש שם. 143) מ"א ח, מח.

אראפגעבראכט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע[144], מיוסד אויף די פוסקים שלפנ"ז, ביז ווי דאס שטייט אין גמרא[145]).

און דאס ווערט אן ענין פון "הליכות עולם"[146] פון כאו"א, אז זייענדיק אין גלות איז ער מכוין את לבו "כנגד א"י . כנגד ירושלים וכנגד המקדש וכנגד בית ק"ק", און דעמולט זאגט מען אז "במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא"[147], ד.ה. אז ער געפינט זיך אין קדש הקדשים, אין אן אופן ווי קדש הקדשים איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים,

ווארום אין דעם אמת'ן ביהמ"ק, האבן ניט-אידן ניט געהאט קיין שליטה, עאכו"כ בנוגע צו קדש הקדשים, וואס דארטן איז געווען דער ארון -

וואס בנוגע צום ארון געפינט מען א דבר פלא:

אלע אנדערע כלים פון ביהמ"ק האבן געהאט "שניים" און "שלישים", ביז וואנעט אז שלמה האט געמאכט "עשרה שולחנות" און "עשר מנורות"[148], משא"כ בנוגע צום ארון איז געווען מערניט ווי אן איין און איינציקער ארון - דער זעלבער ארון וואס איז געווען אין משכן, איז דערנאך געווען אין ביהמ"ק (אין "מקדש דאקרי משכן"[149]), און דערנאך האט מען אים גונז געווען[150], און ער איז געבליבן קיים ושלם.

וואס בא יעדער אידן איז דא דער ענין פון פנימיות הלב, וואס דאס איז בדוגמת הארון[151], און דערפון קומט דאס אראפ בגלוי דורך דעם ענין פון תורה, ווארום דער ארון איז דאך געווען דער כלי צו די לוחות[152], און אויך צו דער ס"ת וואס איז דארטן געווען (לויט די צוויי דעות שבזה[153] - צי ס'איז געווען "מחוץ לארון", אדער "בתוך הארון", מיט אלע פרטים שבזה).

ל. און דאס קומט אראפ בפועל - אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות האט מען די החלטה אז "טובה הארץ מאד מאד",

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס אידן נעמען דאס איין - יעדער איד וואו ער געפינט זיך, וואס

- "מה' -

------------

144) או"ח ר"ס צד. 145) ברכות ל, א. 146) ל' הכתוב - חבקוק ג, ו. וראה מגילה כח, ב. נדה בסופה. 147) ראה כש"ט הוספות אות לח. וש"נ. 148) מנחות צח, ב. 149) עירובין ב, א. 150) דה"ב לה, ג. יומא נב, ב. וש"נ. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ד ה"א. 151) ראה לקו"ש פקודי תשל"ז סי"ב. 152) ראה מ"א ח, ט. דה"ב ה, י. 153) ב"ב יד, א-ב. פרש"י עה"פ וילך לא, כו. וראה בארוכה לקו"ש ח"ט ע' 196 ואילך.

"מה׳ מצעדי גבר כוננו"[154], און דאס וואס ער געפינט זיך ביום (אדער בלילה) מסוים אין א מדינה מסוימת, איז דאס נאר כדי אז ער זאל מאכן פון דעם ארט א דירה לו ית׳ בתחתונים,

בדוגמא ווי ס׳זאגט אז "השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה"[155], ד.ה. אז דער אויבערשטער געפינט זיך אין קדש הקדשים, "מעל הכפורה אשר על ארון העדות"[156], מיט אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן – איז עד"ז געפינט זיך דער אויבערשטער אין דעם הארצן פון יעדער אידן[157] וואו ער זאל זיך נאר געפינען[158], און דארטן איז עס אלעמאל בשלימות, בדוגמא ווי דאס איז ביים אידן כפשוטו.

לא. און דורך דערויף וואס א איד טוט זיין עבודה, "קב שלו", באקומט ער אויך די "תשעה קבים של חבירו", ער באקומט אויך די "תשעה קבים" פון דעם אויבערשטן,

און דאס איז אין אן אופן אז אין די "תשעה קבים של חבירו" האט ער דעם ענין פון "קב שלו", ובמילא האט ער אלע עשרה קבין בשלימות.

און דורך דערויף קומט מען צו צום בנין העשירי פון בנ"י, ווי עס שטייט אין מדרש[159] אז ביז איצטער זיינען געווען ניין שירות, און די צענטע שירה וועט זיין בביאת משיח צדקנו, ועד"ז זיינען געווען ביז איצטער ניין מאל וואס מ׳האט מונה געווען אידן. און דער בנין העשירי, "עוד תעבורנה הצאן ע"י מונה"[160], וועט זיין בביאת משיח צדקנו[161].

און די אלע ענינים וועלן זיין אין אן אופן פון שירה. ביז אין אן אופן פון "שיר חדש". א גאולה שאין אחרי׳ גלות[162], בקרוב ממש, בביאה משיח צדקנו.

* * *

לב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר גו׳ כי תבואו אל ארץ מושבותיכם.

* * *

לג. ס׳איז דאך אויך רגיל צו אפלערנען א שיעור אין פרשה - השבוע -

------------

154) תהלים לג, כז. וראה היום יום ע׳ סס. 155) מ"א ח, כז. 156) תרומה כה, כב. וראה רמב"ן ר"פ תרומה. 157) ראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ועוד. 158) ראה לקו"ש פקודי שם. 159) מכילתא עה"פ בשלח טו, א. הי"ע שה"ש בתחלתו. נתבאר בארוכה באוה"ת שה"ש בתחלתה. 160) ירמי׳ לג, יג. 161) במדב"ר פ"ב, יא. וראה אוה"ה נ"ך ע׳ שפב. 162) מכילתא שם. תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטו, ב.

השבוע מים פרש"י, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר, און אויך אן ענין אין פרקי אבות וואס מ׳לערנט אין דעם שבת - לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו, וואס דער סידור איז א דבר השוה לכל נפש.

אין אנהויב פרשתנו שטעלט זיך רש"י אויפן פסוק "החזק הוא הרפה"[163], און טייטשט אפ: "סימן מסר להם אם בפרזים יושבין חזקים הם שסומכין על גבורתם, ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם".

וואס בפשטות איז דער פירוש בזה - אז דאס וואס עס שטייט דערנאך "הבמחנים אם במבצרים", איז ניט קיין באזונדער ענין, נאר דאס איז א סימן אז מ׳זאל וויסן "החזק הוא הרפה".

ווערט אין דערויף די שאלה: ביי אלע אנדערע ענינים האט מען ניט געדארפט האבן א סימן ווי אזוי מ׳זאל זיי אויס-געפינען - איז פארוואס האט מען געדארפט האבן א סימן בנוגע צו "החזק הוא הרפה", אז "אם בפרזים יושבין חזקים הם כו׳ ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם"?

איז דער ביאור בזה בפשטות:

ווען עס רעדט זיך וועגן "המעט הוא אם רב", "הטובה היא אם רעה" וכיו"ב, איז ניט קיין שווערע זאך צו אויס-געפינען, ווארום אז מ׳וועט זיין אין עטליכע ערטער (דריי ערטער, ווי דער דין פון חזקה[164]), וועט מען וויסן צי דארטן זיינען דא א סאך מענטשן אדער ווייניק מענטשן, ועד"ז "הטובה היא אם רעה" - און דערפון וועט מען וויסן בנוגע צו די איבעריקע ערטער.

[וואס אפי׳ אויב דער בן חמש למקרא ווייסט ניט פון דעם דין פון חזקה, זעט ער אבער בא זיך אליין אז ווען ער וויל אויספרואוון אן ענין, פרואווט ער דאס אויס עטליכע מאל,

ועד"ז בנדו"ד, אז ווען מ׳זעט דעם מצב ומצב אין עטליכע ערטער, ווייסט מען דערפון בנוגע צו די איבעריקע ערטער].

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן "החזק הוא הרפה". וואס אויף דערויף דארף מען זעהן ווי יענער שלאגט זיך, אדער ווי ער טראגט א משא גדול וכבד ביותר - איז א שווערע זאך אז מ׳זאל דאס זעהן בכו"כ מקומות (כדי מ׳זאל דערפון קענען וויסן בנוגע צו אלע מקומות) - דארף מען אנקומען צו א סימן

- ווי -

-------------

163) יג, יח. 164) ב"ב קו, ב.

ווי אזוי מ׳זאל וויסן "החזק הוא הרפה", און אויף דערויף זאגט רש"י "סימן מסר להם אם בפרזים יושבין חזקים הם כו׳ ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם".

עס בלייבט אבער די שאלה:

אויב דער ענין פון "הבמחנים אם במבצרים" איז ניט קיין באזונדער ענין, נאר א סימן אז מ׳זאל וויסן "ההזק הוא הרפה" - האט דאס געדארפט שטיין גלייך נאך "החזק הוא הרפה", פארוואס איז מען מפסיק אין צווישן מיט "המעט הוא אם רב", און מיט "הטובה היא אם רעה", און ערשט דערנאך זאגט מען "הבמחנים אם במבצרים", וועו דאס איז גאר א סימן אויף "החזק הוא הרפה" וואס שטייט לפנ"ז?

בנוגע צו "המעט הוא אם רב" וואלט מען נאך געקענט פארענטפערן, אז דאס איז נאך א המשך פון דער שאלה "וראיתם את הארץ מה היא", ווי רש"י טייטשט אפ "יש ארץ מגדלת גבורים ויש ארץ מגדלת חלשים ("החזק הוא הרפה"), יש מגדלת אוכלוסין ויש ממעטת אוכלוסין ("המעט הוא אם רב")", און דערפאר שטייט דאס פאר "הבמחנים אם במבצרים";

אבער "ומה הארץ . . הטובה היא אם רעה" איז דאך א באזונדער שאלה (וואס האט ניט קיין שייכות מיט די פריערדיקע שאלה, ווי רש"י טייטשט אפ "הטובה היא - במעיינות ותהומות טובים ובריאים", איז פארוואס שטייט דאס פאר "הבמחנים אם במבצרים" - "הבמחנים אם במבצרים" איז דאך א סימן אויף "החזק הוא הרפה"?

לד. אויך דארף מען פארשטיין:

לויט ווי רש"י טייטשט אפ "את הארץ מה היא" - "יש ארץ מגדלת גבורים ויש ארץ מגדלת חלשים, יש מגדלת אוכלוסין ויש ממעטת אוכלוסין", איז פארשטאנדיק, אז "ההזק הוא הרפה המעט הוא אם רב" איז ניט קיין באזונדער ענין, נאר אין דערויף באשטייט די שאלה פון "וראיתם את הארץ מה היא". אז מ׳זאל אויסגעפינען צי דאס איז אן "ארץ מגדלת גבורים" און "מגדלת אוכלוסין" אדער ניט, ד.ה. "החזק הוא הרפה המעט הוא אם רב".

איז ניט פארשטאנדיק:

פארוואס שטייט "וראיתם את הארץ מה היא ואת העם היושב עלי׳ גו׳", "ואת העם", מיט א וא"ו המוסיף - דאס איז דאך ניט קיין באזונדער שאלה, דאס איז נאר אן אויסטייטש פון דער שאלה "וראיתם את הארץ מה היא" (אז מ׳זאל אויסגעפינען בנוגע צו דעם "עם היושב עלי׳ החזק הוא הרפה המעט הוא אם רב"), איז ווי פאסט דא אז ס׳זאל שטיין "ואת העם", מיט א וא"ו המוסיף?

- לה. -

לה. דערנאך איז רש"י ממשיך (אין דעם צווייטן פסוק) און טייטשט אפ דעם ווארט "הבמחנים" - "תרגומו הבפצחין, כרכין פצוחין ופתוחין מאין חומה", און דערנאך טייטשט ער אפ דעם פירוש פון "הטובה היא", "במעיינות ותהומות טובים ובריאים".

דארף מען פארשטיין:

פארוואס איז רש"י מהפך דעם סדר פון פסוק - אין פסוק שטייט דאך פריער "הטובה היא" און ערשט דערנאך "הבמחנים", איז פארוואס טייטשט אפ רש"י פריער דעם ווארט "הבמחנים" און דערנאך "הטובה היא"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

לו. אין די הערות אויפן זהר[165] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר פון פ' שלח[166] אז "כד ברא קב"ה עלמא אשרא לימא דאוקינוס דאסחר כל ישובא דעלמא, וישובא דכל שבעין אומין כולא אסחר לירושלים, וירושלים באמצעיתא דכל ישובא שריא והיא אסחרא להר הבית, והר הבית אסחר לעזרות דישראל, ואינון עזרות סחרן ללשכת הגזית דתמן סנהדרי גדולה יתבין . . ולשכת הגזית אסחר למזבח, והמזבח אסחר לבית האולם, והאולם להיכל, והיכל לבית קדש הקדשים, דתמן שכינה שריא וכפרת וכרובים וארון, והכא הוא לבא דכל ארעא".

און ער איז מבאר אין דער הערה דעם סדר פון "שכינה כפרת כרובים ארון", און אויך דעם שינוי לגבי מקומות אחרים.

עס זיינען אבער דא ענינים וואס ער האט נים מבאר געווען, דערפאר וואס ער האט זיך פארלאזט אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף דערויף - וואס לכאו' איז נים פארשטאנדיק:

ווי אזוי זאגט מען אז "המזבח אסחר לבית האולם" - דמכנ"פ: אויב עס רעדט זיך וועגן דעם מזבח החיצון, איז ער דאך געווען רחוק מן האולם כ"ב אמה[167], און נים אין אן אופן פון "אסחר לבית האולם", און אויב עס רעדט זיך וועגן דעם מזבח הפנימי, איז ער דאך געווען אין דעם היכל, און נים "אסחר (מקיף) לבית האולם"?

עד"ז איז נים פארשטאנדיק: ווי זאגט מען "עזרות סחרן ללשכת הגזית" - א חלק פון לשכת הגזית איז דאך געווען מחוץ לעזרה (ס'איז מעדנים וואס דארטן איז געווען א פתח לעזרה[168]), קען מען דאך נים זאגן אז די עזרות האבן מקיף געווען די לשכת הגזית (ווי מפרשי הזהר[169] פרעגן)?

- קען -

------------

165) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שעה. 166) זח"ג קסא, ב.
167) מדות פ"ג מ"ו. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ה הי"ב.
168) יומא כה, א. רמב"ם שם הי"ז. 169) אוה"ת כאן.

קען מען זאגן דעם ביאור בזה - אז דער ענין איז "אסחר" און "סחרן" (דער ענין פון מקיף) איז ע"ד המבואר אין תניא[170] וועגן דעם ענין פון סוכ"ע, אז "אין הפי' סובב ומקיף מלמעלה בבחי' מקום", נאר "לענין בחי' גילוי ההשפעה . . שאינה בבחי' גילוי אלא בהסתר והעלם", ד.ה. אז וויבאלד די השפעה איז ניט בגילוי, עס פילט זיך ניט באופן פנימי, ווערט דאס אנגערופן בשם סובב ומקיף.

ועד"ז קען מען זאגן בנדו"ד: אע"פ אז די לשכת הגזית איז געווען מחוץ לעזרה, זאגט מען אבער אז "עזרות סחרן ללשכת הגזית", דערפאר וואס דער גילוי פון די עזרות אין לשכת הגזית, איז ניט געווען באופן פנימי (עס האט זיך ניט אנגעדערט בפנימיות), נאר אין אן אופן פון העלם והסתר, דער ענין פון מקיף.

ועד"ז בנוגע צו "המזבח אסחר לבית האולם", אז דער גילוי פון דעם מזבח אין בית האולם איז ניט געווען באופן פנימי, נאר אין אן אופן פון העלם והסתר, דער ענין פון מקיף.

עס בלייבט אבער ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאגט ער "המזבח (סתם) אסחר לבית האולם", ניט אפטייטשנדיק וועגן וועלכן מזבח עס רעדט זיך.

וכפי שיתבאר לקמן.

לז. בנוגע צו פרקי אבות פון היינטיקן שבת - איז דא א משנה וואס איז פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו" (וואס מ'האט שוין אמאל גערעדט וועגן דער משנה, אבער ווייטער אן אנדער נקודה):

די משנה[171] זאגט: "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה, חבה יתרה נודעה להם שנתן להם כלי חמדה. שנאמר[172] כי לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזבו".

דארף מען פארשטיין: פארוואס ווערט די תורה אנגערופן אין דער משנה בשם "כלי חמדה"?

אין רוב הגירסאות פון דער משנה (אויך אין די משניות פון דעם רמב"ם) שטייט "חבה יתרה נודעת להם שנתן להם כלי חמדה שבו נברא העולם".

ווי עס שטייט אין מדרש[173] "התורה אומרת אני הייתי

- כלי -

---

170) פמ"ח (סז, סע"ב ואילך). 171) פ"ג מי"ד.
172) משלי ד, ב. 173) ב"ר בתחלתו. וראה מד"ש לאבות כאן מ"כ קרוב לסופו (בשם הר"ר ישראל ז"ל).



הנחת הת' בלתי מוגה

כלי אומנתו של הקב"ה . . הי׳ הקב"ה מביט בתורה ובורא את העולם", "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[174] -

זיינען מבאר מפרשי המשנה[175], אז וויבאלד דא הערט זיך וועגן דעם ענין פון תורה וואס דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט - ווערט זי אנגערופן "כלי חמדה", דערפאר וואס דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט ווי זי שטייט אין אן אופן פון "חמדה".

דער אלטער רבי נעמט אבער ניט אן די גירסא פון "כלי חמדה שבו נברא העולם", אע"פ אז דאס איז די גירסא וואס שטייט ברוב הגירסאות, נאר ער קלייבט אויס די גירסא וואס שטייט במיעוט המקומות "שנתן להם כלי חמדה" (סתם) - און דאס איז די גירסא וואס דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו, וואס דער סידור איז א דבר השוה לכל נפש -

וכפי שיתבאר לקמן פארוואס ווערט דא די תורה אנגערופן בשם "כלי חמדה".

לח. מ׳רעדט דאך וועגן שבת מברכים הודש תמוז - איז בשעה מ׳דערמאנט דעם ענין פון ר"ח תמוז אין אזא התוועדות, דערמאנט מען זיך צום אלעם ערשטן אויף דעם ענין פון י"ב-י"ג תמוז (און דער זכרון דארף זיין אין אן אופן פון "נזכר "נזכרים ונעשים"[176], אז עס זאל אראפקומען אין עשי׳ בפועל).

און ס׳איז קיין סתירה ניט דערצו וואס מ׳דערמאנט זיך אויף דעם ענין פון שבעה עשר בתמוז (וואס האט געטראפן א סאך פאר י"ב-י"ג תמוז) -

ווארום די כוונה פון דעם ענין פון שבעה עשר בתמוז איז[177] - אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה". וואס דערבולט וועט זיין דער "יתרון החכמה מן הסכלות" און דער "יתרון האור מן החושך" - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך די פעולה וואס זיינען "נעשים" (ביתר שאת וביתר עוז) דורך דעם זכרון ("נזכרים") פון דעם מאסר והגאולה, מיט אלע פרטים שבזה (ווי ס׳איז שוין אפגעדרוקט און נתפרסם געווארן).

וואס אע"פ אז ר"ח תמוז איז נאך געווען באמצע המאסר, אפי׳ פאר ג׳ תמוז (וואס דעמולט איז געווען די יציאה פון

- בית -

-------------

174) זח"ב קסא, ריש ע"ב. וראה בהז"ו לאבות כאן.
175) תויו"ט לאבות כאן. 176) ל׳ הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים - הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 177) ראה בארוכה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז תשל"ח.

בית האסורים כפשוטו) - איז דאך אבער ר"ח תמוז כולל את כל ימי החודש, אויך די טעג פון י"ב-י"ג תמוז, אין וועלכע עס דארף זיין דער "נזכרים ונעשים" פון דעם ענין הגאולה.

ובפרט לויט ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו הידוע[178], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם כל מחבבי תורתנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה" - און ער איז גלייך ממשיך אין דעם מכתב די ענינים בנוגע למעשה בפועל וועלכע דארפן ארויסקומען פון דעם ענין הגאולה, ועד"ז אויך אין דעם מאמר (וואס ער האט געשיקט צוזאמען מיטן מכתב) ד"ה "עשרה שיושבין ועוסקים בתורה" (וואס דאס שטייט אין דער משנה פון היינטיקן פרק[179]).

און מה-דאך אז א זכרון בכל עניני קדושה דארף זיין פארבונדן מיט אן ענין של מעשה בפועל, איז עאכו"כ ווען דער בעל המאסר והגאולה מאנט אליין און איז מדגיש אז דער זכרון פון די טעג דארף זיין פארבונדן מיט "נעשים", אן ענין פון מעשה בפועל, בנוגע צו לימוד התורה און קיום המצוות, וואס דאס זיינען די ענינים אויף וועלכע ער האט זיך מוסר נפש געווען, ככדובר כמ"פ בארוכה.

לט. אין דערויף קומט נאך צו אן ענין מיוחד וואס איז פארבונדן מיט שנה זו:

י"ב תמוז איז דאך אויך דער יום ההולדה פון בעל המאסר והגאולה, וכידוע[180] אז דער בעל המאסר והגאולה האט פארבונדן די גאולה פון י"ב תמוז דערמיט וואס דאס איז זיין יום ההולדת.

און אין י"ב תמוז פון היינטיקן יאר, הויבט זיך אן שנת המאה פון יום ההולדה פון בעל המאסר והגאולה - ווארום דער בעל המאסר והגאולה איז געבוירן געווארן בי"ב תמוז שנת תר"ם, קומט אויס אז אין י"ב תמוז שנת תש"ם ווערן נשלם די מאה שנה, און בי"ב תמוז שנת השל"ם הויבט זיך אן שנת המאה.

וואס דער טאג פון י"ב תמוז איז נכלל און ווערט געבענטשט אין דעם שבת מברכים חודש תמוז - וואס דערמיט איז פארבונדן די התוועדות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס דארף צוקומען אין די אלע פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז, ביתר שאת וביתר עוז.

- און -

------------

178) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קמו ואילך. תש"ה ע' 263 ואילך. 179) פ"ג מ"ו. 180) ראה במכתבו - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' רז.

און אזוי ווי יעדער ענין דארף דאך זיין באופן מסודר, דארף מען דערצו האבן אן ענין של הכנה, און בשעת אז דער ענין איז אן ענין גדול, דארף די הכנה אויך זיין אין אן אופן גדול - הכנה רבה ("הכנה דרבה"[181]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'קען ניט ווארטן ביז י"ב-י"ג תמוז, נאר מ'דארף זיך אנהויבן גרייטן דערצו באופן המתאים, כדי אז אין די טעג פון י"ב-י"ג תמוז גופא זאלן אלע ענינים זיין בתכלית השלימות.

מ. אין קביעות שנה זו קומט צו נאך אן ענין:

דער טאג פון י"ב תמוז איז ביום השבת, און דער טאג פון י"ג תמוז איז ביום ראשון פון ימי השבוע -

און אזוי ווי עס זיינען דאך דא ענינים וועלכע מ'קען טאן ביתר שאת וביתר עוז ביום השבת דוקא, און ענינים וועלכע מ'קען טאן ביתר שאת וביתר עוז אין ימות החול דוקא - איז בשנה זו האט מען ביידע מעלות, ווארום איין טאג איז ביום השבת, און דער צווייטער טאג איז אין ימות החול.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער הכנה דערצו (וואס די הכנה דארף זיין מעין פון די ענינים וואס מ'וועט טאן דערנאך, אדער הנאה האבן פון די ענינים וואס מ'האט געטאן) - אז עס דארף זיין באופן המתאים צו די צוויי סוגים פון עבודה, אז ביידע סוגים זאלן זיין בתכלית השלימות.

מא. און די הכנה זאל זיין אין דעם אופן המתאים צו דער עבודה פון שנת המאה - וואס דער מספר פון מאה איז דאך תכלית השלימות, ווארום דער תכלית השלימות פון מציאות העולם איז אויסגעשטעלט אין מספר עשר[182] (וואס דערפאר זיינען דא "עשרה מאמרות" און "עשרת הדברות", ובפרט ע"פ המבואר אין פרדס בתחלתו[183]), און דער תכלית השלימות אין מספר עשר איז ווען די עשר זיינען כלול כעשר, וואס דאס איז דער מספר פון מאה[184].

וואס דערפאר דארף זיין די הכנה המתאימה צו דער עבודה פון י"ב-י"ג תמוז פון שנת תשל"ט, אין אן אופן אז די עבודה אין שנת המאה זאל זיין בתכליה השלימות, אזוי אז ווען מ'וועט קומען צו י"ב-י"ג תמוז פון שנת תש"ם, וועט מען

- קענען -

------------

181) ל' הש"ס - ביצה ד, א. 182) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1224. 183) שער ב'. 184) ראה ביאוה"ז לאדהאמ"צ (חיי שרה יב, ג ואילך) ולהצ"צ (שם ע' עה ואילך). אוה"ת חיי שרה קי. ב ואילך. ועוד.

קענען זאגן: דאו די פעולות וואס האבן זיך אויפגעטאן בתכלית השלימות, כיאות ומתאים צו שנת המאה.

און די הכנות דערצו דארפן זיך אנהויבן פון ר"ח תמוז, וואס אין אים זיינען נכלל די טעג פון י"ב-י"ג תמוז (בדוגמת הראש וואס איז כולל און פירט אן מיט כל אברי הגוף), און נאכמער: עס דארף זיך אנהויבן פון שבת מברכים חודש תמוז,

ובפרט ווען מ'קומט צו מוצאי שבת קודש, און מ'געפינט זיך במעמד כמה עשיריות מישראל, און מ'איז מחליט צו טאן די הכנות לזה באופן הכי שלם, כדי אז די טעג פון י"ב-י"ג תמוז זאלן זיין בתכלית השלימות, און דערנאך זאל זיין די עבודה במשך כל השנה כולה אויך בתכלית השלימות, און צושטעלן דאס צו י"ב-י"ג תמוז פון שנת תש"מ.

און די כוונה בכל זה איז - "המעשה הוא העיקר"[185], אז עס זאל ניט בלייבן ביים דיבור ח"ו, נאר ס'זאל אראפקומען אין מעשה בפועל בא כל אחד ואחת, ובמשך כל השנה כולה, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

כב. דער ביאור אין פרש"י - ובהקדים נאך א קושיא אין פשש"מ:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק פארוואס שטייט "וראיתם את הארץ מה היא ואת העם היושב עלי'", ס'איז דאך מעצמו מובן אז מ'רעדט וועגן דעם עם וואס געפינט זיך דארטן, האט געדארפט שטיין "וראיתם את הארץ מה היא ואת העם"?

ועד"ז איז ניט פארשטאנדיק פארוואס שטייט "ומה הארץ אשר הוא יושב בה הטובה היא אם רעה". לכאו' האט נאר געדארפט שטיין "ומה הארץ הטובה היא אם רעה", ועד"ז איז ניט פארשטאנדיק פארוואס שטייט "ומה הערים אשר הוא יושב בהנה הבמחנים אם במבצרים". לכאו' האט נאר געדארפט שטיין "ומה הערים המחנים אם בבצרים"?

[בדרך אגב ווערט דערמיט באווארענט נאך אן ענין:

עס זיינען דא מפרשים[186] וואס זאגן אז דערפון וואס ס'שטייט "הבמחנים אם במבצרים" (און ניט "המחנים אם מבצרים"), איז מוכח אז דאס איז ניט קיין שאלה בפ"ע, נאר א סימן אויף "החזק הוא הרפה", אז דורך דערויף וואס מ'וועט זעהן "הבמחנים אם במבצרים" ("אם בפרזים יושבין . . ואם בערים בצורות הם יושבין"), וועט מען וויסן "החזק הוא הרפה".

- אבער -

185) אבות פ"א מי"ז. 186) רא"ם ושפ"ח עה"פ.

אבער ראס איז לגמרי ניט קיין הכרח, ווארום:

ווען עס וואלט ניט געשטאנען "ומה הערים אשר הוא יושב בהנה", נאר עס וואלט געשטאנען "ומה הערים הבמחנים אם במבצרים", וואלט געווען די שאלה: פארוואס שטייט "הבמחנים אם במבצרים" (מיט א בי"ת), און ניט "המחנים אם מבצרים", און דעמולט וואלט דאס געווען א הכרח אז דאס איז נאר א סימן אויף "החזק הוא הרפה";

וויבאלד אבער אז ס׳שטייט "ומה הערים אשר הוא יושב בהנה", מוז שוין שטיין "הבמחנים אם במבצרים" - וויבאלד אז עס דערט זיך וועגן דעם עם "היושב בהנה", צי זיי געפינען זיך "במחנים" אדער זיי געפינען זיך "במבצרים", איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז אפי׳ אויב ס׳איז א שאלה בפ"ע (ניט נאר א סימן אויף "החזק הוא הרפה"), דארף אויך שטיין "הבמחנים אם במבצרים".

וכמרובר כמ"פ אז רש"י פארענטפערט די אלע ענינים וועלכע זיינען ניט מובן אין פשש"מ - און לכאו׳ געפינט מען ניט אז רש"י זאל פארענטפערן פארוואס שטייט "ואת העם היושב עלי׳", "אשר הוא יושב בה", און "אשר הוא יושב בהנה".

כג. איז דער ביאור בזה:

אויף "וראיתם את הארץ מה היא" טייטשט אפ רש"י "יש ארץ מגדלת גבורים ויש ארץ מגדלת חלשים, יש מגדלת אוכלוסין ויש ממעטת אוכלוסין" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳רערט וועגן דעם עם וואס געפינט זיך אין א"י, זיינען דא אין דערויף צוויי סוגים[187]:

עס זיינען דא די וואס זיינען געבארן געווארן אין א"י, די וואס די ארץ איז "מגדלת", און דערנאך זיינען אויך דא די וואס זיינען נאר "יושב עלי׳", זיי זיינען געבארן געווארן בבקום אחר, נאר דערנאך זיינען זיי געקומען אהינצו.

און אויף דערויף זאגט מען "וראיתם את הארץ כה היא" - בנוגע צו די וואס די ארץ איז "מגדלת" (די וואס זיינען געבארן געווארן דארטן), און אויך "ואת העם היושב עלי׳", די וואס זיינען נאר "יושב עלי׳" (אבער זיינען געבארן געווארן במקום אחר) - און אויף ביידע סוגים פרעגט מען "החזק הוא הרפה המעט הוא אם רב".

און דערפאר שטייט "ואת העם היושב עלי׳" (מיט א וא"ו המוסיף) - וויבאלד אז עס רערט זיך וועגן א סוג נוסף:

- פריער -

---

187) ראה גם גו"א עה"פ.

פריער רעדט זיך וועגן די וואס די ארץ איז "מגדלת", די וואס זיינען דארטן געבארן געווארן, און דערנאך רעדט זיך וועגן "העם היושב עלי'" סתם, די וואס זיינען (ניט געבארן געווארן דארטן, נאר) געקומען אהינצו ממקום אחר.

מד. און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות פארוואס דארפן אידן וויסן סיי בנוגע צו די וואס די ארץ איז "מגדלת", און סיי בנוגע צו די וואס "יושב עלי'" - ווארום בשעת אידן וועלן קומען זיך באזעצן אין א"י, וועלן בא זיי זיין דיביידע סוגים:

די וואס וועלן אריינגיין אין א"י, וועלן זיין אין דעם סוג פון "היושב עלי'", וויבאלד אז זיי זיינען געבארן געווארן במקום אחר (אין מדבר), און דערנאך זיינען זיי געקומען באזעצן זיך אין א"י; און עס וועלן אויך זיין די וואס וועלן געבארן ווערן אין א"י במשך הדורות (ווארום א"י וועט דאך ווערן א "נחלת עולם" פון אידן), וואס זיי וועלן זיין אין דעם סוג פון די וואס די ארץ איז "מגדלת".

און דערפאר דארפן אידן וויסן (ניט נאר בנוגע צו "העם היושב עלי'", נאר) אויך בנוגע צו די וואס די ארץ איז "מגדלת" - ווארום פון די וואס זיינען "יושב עלי'" איז נאך קיין ראי' ניט וואס איז די ארץ "מגדלת", ווארום עס קען זיין אז דער "יושב עלי'" איז געקומען ממקום אחר, און די ארץ איז "מגדלת חלשים" (ביז ווי די מרגלים האבן גע'טענה'ט אז דאס איז אן "ארץ אוכלת יושבי'").

מה. עפ"ז ווערט אבער די שאלה - ווי אזוי וועט מען קענען וויסן צי די ארץ איז "מגדלת גבורים" אדער ניט?

בשעת מ'רעדט וועגן די וואס "יושב עלי'", איז פארשטאנדיק ווי אזוי מ'קען וויסן "החזק הוא הרפה" - ווארום מ'קען א קוק טאן אויב ער איז א הויכער און א דיקער, מ'קען זעהן ווי ער שלאגט זיך מיט א צווייטן, און ווי ער טראגט שווערע משאות וכיו"ב; ווי אזוי קען מען אבער וויסן צי די ארץ איז "מגדלת גבורים"?

אויף דערויף זאגט רש"י: "סימן מסר להם אם בפרזים יושבין חזקים הם . . ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם". והביאור בזה:

די שטעט (אויף וועלכע מ'זאגט "אם בפרזים . . ואם בערים בצורות") זיינען דאך געבוים געווארן (ניט דורך די וואס זיינען "יושב עלי'" - ווארום זיי זיינען געקומען און זיך באזעצט אין פארטיקע שטעט, נאר) דורך די וואס זיינען דארטן געבארן געווארן און געווען דארטן א זמן רב (עכ"פ

- וויפל -

וויפל עס געווערס בויען א שטאט, וואס דאס דארף נעמען א זמן רב).

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זעט אז די ערים זיינען "פרזים", איז א סימן אז די וואס זיינען דארטן געבארן געווארן (די וואס די ארץ איז "מגדלת") זיינען חזקים, וואס דערפאר האבן זיי געבויט ערים פרזים; און אויב זיי האבן געבויט "ערים בצורות", איז א סימן אז זיי זיינען חלשים, און דערפאר האבן זיי געבויט "ערים בצורות".

מו. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס שטייט ניט "הבמחנים אם במבצרים" גלייך נאך "החזק הוא הרפה", אע"פ אז דאס איז א סימן אויף "החזק הוא הרפה":

נוסף לזה וואס דער סימן פון "הבמחנים אם במבצרים" (אויף צו וויסן "החזק הוא הרפה") איז מערניט ווי אויף איין סוג, נאר אויף די וואס די ארץ איז "מגדלת" (און ניט בנוגע צו דעם "יושב עלי'", וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין סימן (כנ"ל סמ"ה)) - קומט צו נאך אן ענין:

די שאלה "הבמחנים אם במבצרים" איז ניט נאר בנוגע צו די מענטשן וואס געפינען זיך דארטן, אז מ'זאל וויסן "החזק הרפה", נאר בעיקרה איז די שאלה בנוגע צו די שטעט אליין, צי זיי זיינען "מחנים" אדער "מבצרים", און בדרך אגב איז עס אויך א סימן אויף "החזק הוא הרפה".

והביאור בזה:

ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז פונקט ווי ס'איז נוגע צו וויסן "הטובה היא אם רעה", צי דארטן זיינען דא "מעיינות ותהומות טובים ובריאים", איז אויך נוגע צו וויסן צי די שטעט זיינען "מחנים" אדער "מבצרים",

ווארום ס'איז דא א מעלה אין אן עיר בצורה, אז זי איז מגין אויף די וואס זיינען חלשים, און ס'איז דא א מעלה אין "פרזים", ע"ד ווי "פרזות תשב ירושלים"[188], אז די שטאט האט ניט אויף זיך קיינע הגבלות און זי קען זיך מתפשט זיין.

און דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות, אז צווישן די שבטים זיינען געווען אזוינע וואס זיינען געווען גבורים, און אזוינע וואס זיינען געווען חלשים,

ווי מ'האט שוין געלערנט פריער בנוגע צו יוסף אז "מקצה אחיו לקח חמשה אנשים ויציגם לפני פרעה"[189], אז ער האט

- גענומען -

------------

188) זכרי' ב, ח. 189) ויגש מז, ב.

געגומען "מן הפחותים שבהם לגבורה", ווי מ׳לערנט דאס אפ (ווער עס זיינען געווען די "פחותים שבהם לגבורה") פון ברכת משה[190],

איז בשעת מ׳וועט קומען אין א"י, וועט מען דארפן וויסן ווי אזוי צו פאנאנדערטיילן די שטעט - וועלכע שטעט זיינען צוגעפאסט פאר די גבורים, און וועלכע פאר די חלשים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די שאלה העיקרית פון "הבמחנים אם במבצרים" איז בנוגע צו די שטעט אליין (צי זיי זיינען "מחנים" אדער "מבצרים"), נאר בדרך אגב איז עס אויך א סימן אויף "החזק הוא הרפה", ד.ה. אז אזוי ווי מ׳וועט דאך בלאה"כ דארפן קוקן "הבמחנים אם במבצרים", וועט מען שוין דערווייליע האבן דעם בירור בנוגע צו "החזק הוא הרפה".

מז. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט זעם פירוש אויף "הבמחנים" איידער עד זאגט דעם פירוש אויף "הטובה היא", אע"פ אז "הטובה היא" שטייט פאר "הבמחנים":

מ׳האט גערעדט כמ"פ אז עס זיינען דא ערטער אין פרש"י וואס דער בחור-הזעצער האט זיך ניט פאנאנדערגעקליבן צי דאס זיינען ווערטער וואס רש"י ברענגט פון פסוק (אלס א באזונדער ד"ה) און ער גייט זיי כפרש יין, אדער אז ער זאגט דאס אין הבשך פירושו, וקרוב לומר אז עד"ז איז אויך בנדו"ד:

נאך דערויף וואס רש"י טייטשט אפ אויף "החזק הוא הרפה" אז "סימן מסר להם אם בפרזים כו׳ ואם בערים בצורות כו׳", פרעגט דער בן חמש למקרא: וואו געפינט מען דעם "סימן"

זאגט אים רש"י אז ער וועט באלד לערנען דעם קומענדיקן פסוק "הבמחנים אם במבצרים". וואס דער פירוש פון "מחנים" איז "כרכין פצוחין ופהוחין באין חומה" - און אין דערויף איז (אויך) געווען דער "סימן" אויף "החזק הוא הרפה".

און דערנאך ווען מ׳קומט צום קומענדיקן פסוק, דארף שוין רש"י ניט אפטייטשן דעם ווארט "הבמחנים". ווארום ער האט דאס שוין אפגעטייטשט בפירושו אויף "החזק הוא הרפה" - און דערפאר טייטשט ער אפ אין דעם פסוק נאר די ווערטער "הטובה היא - במעיינות ותהומות טובים ובריאים".

מח. דער ביאור אין דעם וואס דער פסוק איז מדגיש "ומה הארץ <u>אשר הוא יושב בה</u> הטובה היא", און "ומה הערים <u>אשר הוא יושב בהנה</u> הבמחנים גו׳":

- בשעת -

------------

190) פרש"י עה"פ.

בשעת מ׳רעדט וועגן "הטובה היא", וואס דער פירוש בזה איז "במעיינות ותהומות טובים ובריאים", איז עס נוגע צו דעם וואס "יושב בה" פונקט ווי ס׳איז נוגע צו די וואס די ארץ איז "מגדלת" (די וואס זיינען דארטן געבארן געווארן), ווארום אלע דארפן אנקומען צו די "מעיינות ותהומות".

דאס וואס די ארץ איז "מגדלת גבורים", איז עס נוגע נאר צום זמן הגידול פון דעם מענטשן, וואס דאס איז ביז ווען ער ווערט בן עשרים שנה[191], וואס "בן עשרים לרדוף"[191*] ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט פריער אז נאר ווען ער ווערט "בן עשרים שנה", ווערט ער א "יוצא צבא"[192*], אבער דערנאך איז אים מערניט נוגע וואס די ארץ איז "מגדלת", וויבאלד אז ער איז שוין א גבור.

ועד"ז בשעת דער "יושב בה" (וואס איז געקומען ממקום אחר) איז א גבור - איז אים ניט נוגע וואס די ארץ איז "מגדלת", וויבאלד אז ער איז שוין א גבור;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן "מעיינות ותהומות טובים ובריאים", וואס דאס איז דאך אן ענין וואס מ׳דארף האבן בכל יום - איז די הדגשה בזה אז דאס איז נוגע צום "יושב בה", דער וואס געפינט זיך דארטן (סיי אויב ער איז דא געבארן געווארן, און סיי אויב ער איז געקומען ממקום אחר).

ועד"ז איז אויך בנוגע צו "הבמחנים אם במבצרים":

אידן האבן געדארפט וויסן "הבמחנים אם במבצרים" דערפאר וואס זיי האבן געהאלטן בא אריינגיין אין א"י - איז אמת טאקע אז "הבמחנים אם במבצרים" וועט זיין נוגע אויך לדורות הבאים, אבער אעפ"כ, די ערשטע וועמען ס׳וועט זיין נוגע, זיינען דאס די אידן וואס וועלן אריינגיין אין א"י און זיך באזעצן דארטן (ווארום זיי וועלן דארפן וויסן וועלכע שטעט צו געבן די חלשים און וועלכע צו די גבורים, וכיו"ב), און דערפאר איז מען דא מדגיש דעם ענין פון "אשר הוא יושב בהנה".

מס. עפ"ז ווערט פארענטפערט נאך א שאלה וואס מ׳שטורעמט אויף פירוש רש"י[192]:

רש"י זאגט אז "סימן מסר להם אם בפרזים יושבין חזקים הם כו׳ ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם", איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: ווען די מרגלים זיינען געקומען צוריק, האבן זיי געזאגט אז "עז העם היושב בארץ והערים בצורות

- גדולות -

---

191) כהרד"ו לב"ר פי"ד, ז. *191) אבות ספ"ה. וראה רכב" במדבר א, ג. 192) במדבר שם. *192) רא"ם גו"א ושפ"ח כאן.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

גדולות מאד"[193], איז דאס דאך להיפך פון פרש"י אז "אם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם"?

איז ע"פ המבואר לעיל דער חילוק צווישן די וואס די ארץ איז "מגדלת" מיט די וואס זיינען "יושב בה" - איז עס קיין קושיא ניט:

דער "עם היושב בארץ" זיינען טאקע גבורים ("עז העם"), אבער די "ערים בצורות" זיינען געבליבן פון די וואס זיינען דארטן געווען לפנ"ז (די וואס זיינען דארטן געבארן געווארן), וואס זיי זיינען געווען חלשים.

נאכמער: ס'איז מלכתחלה קיין סתירה ניט צווישן "עז העם" דערמיט וואס די ערים זיינען "בצורות", ווארום עס שטייט ניט אז די גבורים, די "ילידי הענק"[194] און די "אנשי מדות", זיינען געזעסן אין די "ערים בצורות" -

ובפשטות דארף מען זאגן אז דארטן זיינען געווען סיי גבורים און סיי חלשים, און עס זיינען געווען שטעט וואס זיינען "פרזים" און שטעט וואס זיינען "בצורות"; די גבורים זיינען געזעסן אין די "פרזים". און די חלשים זיינען געזעסן אין די "ערים בצורות".

און בשעת אז עס זיינען געקומען די מרגלים און האבן געוואלט אנשרעקן אידן - האבן זיי געזאגט צוויי זאכן: א) דארטן זיינען דא גבורים, "עז העם", דארטן זיינען דא די "ילידי הענק", און "אנשי מדות", ב) אפי' מיט די חלשים וועט מען זיך אויך ניט קענען איינקערן, וויבאלד אז זיי זיצן אין "ערים בצורות גדולות מאד".

ב. אין דערויף איז אויך דא דער ענין וואס מ'קען אפלערנען פון מעשה המרגלים בנוגע צו עבודת האדם (בהמשך להמדובר לעיל):

אין עבודת האדם זעט מען אז עס זיינען דא ענינים וואס מצ"ע זיינען זיי "חלשים". און דער מענטש טראכט אז ער דארף ניט מלחמה האלטן מיט זיי. ווארום ביי אים איז דאס ניט קיין נסיון, ער וועט דאס זיכער איבערקומען.

דארף ער אבער וויסן, אז בשעת דער דבר חלש געפינט זיך אין אן עיר בצורה, ד.ה. אז דער ענין איז ביי אים איינגע-פעסטיקט, ס'איז געווען א טבע בנפשו - ווערט דאס דעמולט א דבר חזק, און עס ווערט דער שווערסטער נסיון צו איבערקומען.

און דערפאר ווען כ'זאגט א אידן אז ער דארף שיקן

- מרגלים -

---

193) פרשתנו שם, כח. 194) שם.

מרגלים אויף צו ארומקוקן חלקו בעולם, כדי צו וויסן ווי אזוי ער זאל דאס איינעמען - איז בשעת ער הויבט אן צו טראכטן אז דער ענין איז ביי אים ניט קיין נסיון, במילא קען ער אין דערויף ארייַנשפרינגען - זאגט מען אים: "אל תאמין בעצמך כו'"[195]!

טענה'ט ער: וואס הייסט, ער האט קיינמאל ניט געהאט קיין תאוה צו אזא זאך, און ער האט קיינמאל ניט געטראכט וועגן דערויף, איז ווי קען זיין ער זאל אין דערויף נכשל ווערן?!

זאגט מען אים - "אל תאמין בעצמך": עס קען זיין אז מצד עצם הנפש האט דאס צו אים א שייכות (ווי ס'איז מבואר אין חסידות[196]),

און עס קען אויך זיין אז אויב ער וועט ניט אנהויבן פירן א מלחמה מיטן דבר החלש, נאר אדרבה, דער דבר החלש וועט ביי אים ווערן אן ענין של הרגל וטבע - וועט דאס פועל'ן אז דערנאך וועט ער ניט קענען ביישטיין דעם נסיון אפי' וועגן דאס וועט זיין פארבונדן מיט אן ענין של איסור. וויבאלד אז דער ענין ווערט ביי אים אין אן אופן של טבע בנפשו, אין אן אופן פון עיר בצורה (בנוגע צו הנהגה בלהי רצוי').

ובלשון הידוע וואס שטייט אין ספרי מוסר (און ווערט אויך געבראכט אין דרושי חסידות פון רבותינו נשיאינו[196*]. נשיאינו), אז מ'דארף זיך מהרחק זיין פון ענינים של היתר מאה שערים אויף צו באווארענען אז מ'זאל ניט אריינפאלן אין א שער של איסור.

נא. און דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס ס'שטייט אין תניא[197] אז אויב זיין רגילות איז "לשנות כל פרק מאה פעמים", איז בשעת ער לערנט "מאה פעמים" ווערט ער אנגערופן "לא עבדו" -

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: עס רעדט זיך דאך ניט וועגן איינעם וואס נאך דערויף וואס ער לערנט אן ענין בתורה "מאה פעמים", איז ער מבטל תורה - ווארום דעמולט איז ער (ניט "לא עבדו", נאר) אזא וואס "דבר ה' בזה וגו'"[198] (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין פרק ראשון פון תניא)

- נאר -

---

195) אבות פ"ב מ"ד. 196) ראה מאמר אדה"ז - נעתק באוה"ת ר"פ פינחס (ע' א'נט) ובדר"ה אך בגורל תרכ"ו (ע' קצט). ובכ"מ. 196*) ראה קונטרס חנוך לנער ס"ע 41. 197) פט"ו (כא, א). 198) פרשהנו טו, לא. סנהדרין צט, א.

- נאר עס רעדט זיך וועגן איינעם וואס נאך דערויף וואס ער האט געלערנט אן ענין בתורה "מאה פעמים", לערנט ער א צווייטן ענין בתורה "מאה פעמים" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ווערט ער אנגערופן "לא עבדו"?!

ביי אים איז סאקע דער לימוד "מאה פעמים" אן ענין וואס פארלאנגט ניט קיין הארעוואניע - אמאל האט ער געהארעוועט אויף דערויף, אבער איצטער דארף ער מער ניט הארעווען אויף דערויף, וויבאלד אז דאס איז געווארן זיין רגילות - איז וועמען ארט אז ער דארף ניט הארעווען אויף דעם, ביז אז דערפאר זאל מען אים אנרופן בשם "לא עבדו"?!

איז דער ביאור בזה - אז' בשעת ער לערנט נאר "מאה פעמים", דערפאר וואס אזוי איז געווארן זיין רגילות, געוואוינט ער זיך אפ פון הארעווען און מאן מיט זיך,

און דעמולט איז ווען ער קומט צו א דבר חדש אין וועלכן ער איז ניט רגיל, קען ער דורכפאלן, וויבאלד אז זיין רגילות איז נאר צו טאן ענינים שהורגל בהם.

נב. ולדוגמא:

ער סוס יעדער זאך אין וועלכע ער איז הורגל געווארן: ער איז הורגל געווארן אין אכילה ושתי' דריי מאל א טאג, עסט ער דריי מאל א טאג - דעם "ברעקפעסט", דעם "לאנטש", מיטן "דינער" (אדער "סאפער"), און אויב ער איז נאך מקפיד אין דערויף איז ער אויך מוסיף דעם "בראנטש", מיט אלע ענינים וואס די מדינה האט צוגעטראכט!

און ווען מ'הויבט אן טענה'ן - היתכן, ווי פיל איז א שיעור צו עסן?!

ובידוע דער סיפור מיטן ניגון הידוע "עסן עסט זיך" וכו'.

טענה'ט ער - "דינא דמלכותא דינא"... די מלכות האט איינגעפירט אז מ'גיט א הפסק אין עבודה אין עבודה פשוטה, ניט אין עבודת ה'], ובמילא דארף מען עסן "ברעקפעסט", און דערנאך דארף מען עסן "לאנטש", און דערנאך "סאפער" און "דינער", און אין צווישן האט ער נאך "בראנטש", און "פייוו א קלאק טי" וכו',

[מיין בקיאות אין דער ענגלישער שפראך איז ניט אזוי גרויס אז איך זאל קענען אויסרעכענען אלע ענינים אכילה וואס מ'האט זיך איינגעקערט איינשטעלן אין דעם זעלבן מעת-לעת].

ס'איז דאך א דבר מפליא: אין איין מעל"ע זיינען איינגעשטעלט געווארן אלע-ערליי סארטן אכילה, וואס יעדערער פון

- זיי -

זיי האט זיך זיין "שמו אשר יקראו לו" בלשון עם זו, כדי אז ס׳זאל האבן א חיות בא עם זו!

סענה׳ס ער - אז ער איז געוואוינט געווארן דערצו! זאגט מען אים: נו, איז וואס איז אז דו ביסט געוואוינט דערצו, סו ניט קיין געוואוינטע זאך!

צו אזא מענטשן איז שווער צו צוגיין, ווארום זיין הנהגה איז אין אן אופן אז ער כוס נאר א זאך אין וועלכע איז איינגעוואוינט געווארן, ער לערנט אן עניין אין תורה מערנים ווי "מאה פעמים", דערפאר וואס אזוי איז זיין רגילות, ובמילא געוואוינט ער זיך אפ פון הארעווען בים זיין טבע,

און דערפאר ווען מ׳זאגט אים ריהכן אז ער זאל עכן זיבן כאל א טאג. אנשטאט ס׳זאל זיין (להבדיל) "שבע ביום הללתיך"[199] - קען ער זיך דערפון ניט אפהאלטן!

וואס לכאו׳ איז עס כערנים ווי א דבר "הלש" (ס׳איז א גרינגע זאך זיך אפהאלטן דערפון) - ווארום אז ער וועט עבן בערנים ווי צוויי באל א טאג, אזוי ווי אידן האבן געטאן זייענדיק אין כדבר, וועט ער אויך זיין אן "עם חכם ונבון"[200]. און וועט האבן די גאנצע עשירות וואס אידן האבן געהאט זייענדיק אין כדבר ("ביזת מצרים" און "ביזת הים", דער "כן", און "בארה של מרים", מיט אלע גוטע זאכן) - אבער אעפ"כ קען ער זיך דערפון ניט אפהאלטן, ווארום דאס איז געווארן זיין רגילות.

און ער געפינט זיך דאך - סענה׳ט ער - אין אן "ארץ נושבת". וואס די ארץ האט אירע מנהגי אכילה, איז "אזלת לקרהא הלך בניבוסה"[201], וואס אזוי האבן זיך געפירט די מלאכים וואס זיינען געקומען צו אברהם אבינו. און אזוי האט זיך געפירט משה רבינו - איז מי לנו גדול ממשה, ובמילא פירט ער זיך לויט נימוסי המדינה.

און דאס איז די צרה מיט דעם "לא עבדו" - אז אע"פ אז ער לערנט תורה כל היום כולו. און לא פסיק פומי׳ מגירסא. אעפ׳כ, וויבאלד אז ער טוט נאר אזוינע ענינים וואס הורגל בהם, און ער איז ניט איינגעוואוינט צו אן עניין של עבודה - קען מען ניט וויסן וואס מיט אים וועט זיין, ווארום ער געפינט זיך אין עוה"ז הגשמי והחומרי, וואס דארטן איז דא דער "קלוגינקער" וואס שטעלט אים צו געוויסע ענינים כזכן

- לזכן -

---

(199 תהלים קיט, קסד. 200) ואתחנן ד. ו. 201) ב"ר פמ"ח, יד. שבו"ר כ"ז, ה.

לזכן, "היום אוכר לו עשה כך וכו׳", קען מען נים וויסן ווי ער וועט זיך פירן בשעה מ׳וועס אים צושטעלן א דבר חדש.

וואס די "שטארקיים" פון אן ענין אין וועלכן ער איז געוואוינס געווארן איז ע"ד ווי אן ענין פון ערים בצורות, ד.ה. אז מצ"ע איז דאס נים קיין שטארקע זאך, נאר די שטארקיים אין דערויף באשטיים אין דעם וואס דאס איז געווארן א טבע בנפשו, וואס דאס לאזם נים צו קיין ענין וואס זאל דאס משנה זיין.

נב. עד"ז איז דא אן ענין וואס איז בדוגמת דעם ענין פון "פרזים", וואס דארפן געפינס זיך א גבור:

ער געפינט זיך – טענה׳ס ער – אין א מדינה וואס בחסד הוי׳ עליון זיינען דארטן ניטא קיינע גזירות נגד התורה ומצוותי׳, דארף ער זיך נים אוועקשטעלן מיט דער שטארקיים פון מס"נ, מ׳דארף דארטן נים אנקומען צו קיין ענין של מס"נ, ווארום ער קען מקיים זיין תומ"צ און קיינער וועט אים נים שטערן; ס׳איז א מעמד ומצב פון "פרזות", מ׳דארף נים אנקומען צו קיין "חומה גבוהה דלתים ובריח"[202].

זאגט מען אים אז עס קען זיין אז דוקא כצד דערויף וואס דאס איז א מעמד ומצב פון "פרזים", געפינט זיך דארטן אזא נסיון וואס לגבי אים איז עס אן ענין של "גבור":

מ׳זאגט אים ער זאל מוותר זיין אויף תפלה בציבור, דערפאר וואס דאס איז נוגע צו פארדינען אזוי פיל און אזוי פיל דאלער – ווערט דאס ביי אים א געוואלדיקער נסיון, ווארום ער איז געוואוינט געווארן אז אין דער מדינה דארף מען פארדינען דאלער׳ס, און דער וואס האט מערער געלט האט מערער חשיבות (וואס אזוי איז דאס אויך מעבר לים. ועאכו"כ במדינה זו), ווערט דאס "דינא דמלכותא"!

טענה׳ס ער אבער אז ער זעט נים אז [illegible] איז א חומה ("חומה גבוהה דלתים ובריח") אנטקעגן [illegible]. עס איז ניטא קיין התנגדות צו קיום תומ"צ – זאגט מען אים, אז די ענינים מיט וועלכע ער טרעפט זיך, זיינען ענינים וואס האבן אין זיך אן ענין של גבורה – צי דערפאר וואס דאס איז געווארן א טבע בנפשו (כנ"ל), אדער דערפאר וואס אזוי איז דאס מצד ענינם הם.

נד. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין הצדקה:

ווען מ׳זאגט אים ער זאל געבן א סך געלט אויף צדקה.

— זאגט —

------------

202) דברים ג, ה.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

זאגט ער אז ס'איז גענוג אז ער וועט געבן ווייניק.

און ער טענה'ט, אז אזוי ווי "עמך כולם צדיקים"[203], שטייט דאך אז "צדיקים חביב עליהם ממונם כו'"[204], און ער ברענגט בלייך א ראי' פון גדולי ישראל, אז מ'געפינט בא יעקב אבינו אז ער האט מקפיד געווען אפי' אויף "פכים קטנים" -

איז מה-דאך אז פכים קטנים זיינען תופס מקום, איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א סכום גדול לצדקה, א סכום בינוני, אדער אפי' א ביסל ווייניקער דערפון!

זאגט מען אים אז דאס וואס יעקב אבינו האט מקפיד געווען אויף די "פכים קטנים" איז פארשטאנדיק ע"פ תורת הבעש"ט[205]:

אין יעדער ענין וואס געפינט זיך ברשותו פון א אידן, איז דא א ניצוץ קדושה, און וויבאלד אז דאס געפינט זיך ברשותו, ליגט די אחריות אויף אים אז ער זאל מברר זיין דעם ניצוץ קדושה, ביז אז שלימות הנשמה איז תלוי אין דערויף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון עבודת הבירורים בשלימות.

און דערפאר איז דער וואס איז ניט אזוי מקפיד אז נשמתו זאל זיין בשלימות, ארט אים ניט וואס עס טוט זיך מיט די "פכים קטנים" (אדער אפי' פכים גדולים), אבי אז בכללות איז ער אין דעם סוג פון לומדי תורה ושומרי מצוות;

אבער ווען ער פירט זיך ווי א איד דארף זיך פירן, אין א מעמד ומצב פון א צדיק ("ועמך כולם צדיקים") - איז ער מקפיד צו מברר זיין אלע בירורים וואס דער אויבערשטער האט צוגעשטעלט אין חלקו בעולם, וואס וויבאלד אז דאס געפינט זיך אין חלקו בעולם, איז דערפון די ראי' אז די אחריות אויף דערויף ליגט אויף אים.

און אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן א פחות משוה פרוטה, איז דאך דאס אויך אן ענין וואס געפינט זיך ברשותו, ובמילא ליגט אויף אים די אחריות אז ער זאל דאס מברר זיין;

דאס איז טאקע א פחות משוה פרוטה, און אין דערויף איז ניטא דער לאו פון גזילה וכו'[206] - געהערט דאס אבער צו אים און ניט צו א צווייטן (מיט אלע דינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן), ובמילא דארף ער דאס מברר זיין.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן עבודת ה' - וואס דער

- היפך -

---

203) ישעי' ס, כא. 204) חולין צא, סע"א. ועוד.
205) כש"ט סרי"ח (כח, סע"ב ואילך). 206) ראה רמב"ם הל' גניבה רפ"א. ועוד.

היפך דערפון איז דער ענין פון ע"ז - איז דאך דער איסור פון ע"ז[207] (ועד"ז חמץ[208] וכיו"ב) אפי׳ אין א משהו, וואס דאס איז נאך ווייניקער פון פחות משוה פרוטה.

נה. האמור לעיל (אז אין ענינים פון עבודת ה׳ איז נוגע אפי׳ א משהו) איז אויך מתאים דערמיט וואס ס׳איז מבואר אין חסידות[209], אז דאס וואס מ׳זעט אז עס זיינען דא חילוקים אין מצוות (ווי מ׳זעט פון די עונשים וכו׳), אז ס׳איז דא א מצוה חמורה, א מצוה קלה, און אן ענין וואס איז מעדנים ווי א הידור מצוה - איז עס נאר ווען עס רעדט זיך וועגן דער עבודה שע"פ טעם ודעת און מדידה והגבלה;

עס איז אבער דא דער אופן העבודה אז ער גיט זיך איבער צום אויבערשטן און ווי׳ מקיים זיין רצונו - איז ווי׳סנדיק אז "שויתי הוי׳ לנגדי תמיד"[210], ווי ס׳איז אפגע׳פסק׳נט אין שו"ע[211], און ווי׳סנדיק אז "ה׳ נצב עליו . . ומביט עליו ובוחן כליות ולב"[212] - איז ניט אויספאלגן דעם אויבערשטן׳ס רצון אפי׳ אין א "משהו", איז עס אן ענין פון חבורה שבחבורה, ווארום ער טוט אז ענין וואס איז היפך רצון המלך און סוס דאס בפניו של המלך׳

ועד"ז בנוגע צו מקיים זיין רצונו של המלך - ווי באריד אז דאס איז רצונו של המלך, וואס רצון איז למעלה ממדידה והגבלה, איז אפי׳ אז ווען עס קומט אראפ אין מדידה והגבלה איז עס ווייניקער פון דעם שיעור, אעפ"כ איז ער מקיים דעם רצון המלך.

וכידוע די שקו"ט אין הלכה[213] בנוגע צו די מצוות וואס האבן געוויסע שיעורים. און ער האט ניט דעם פולן שיעור - צי מ׳זאל אעפ"כ מקיים זיין די מצוה;

איז בשעה עס רעדט זיך ווי א איד דארף זיך פירן מצד דערויף וואס "עמך כולם צדיקים", וואס דאס איז כולל דעם ענין פון "ועשית הישר והטוב", אן ענין פון "לפנים משורת הדין", "מילי דחסידותא" - איז אפי׳ אויב ס׳איז מערנים ווי א "משהו", דארף ער אויך וויסן צי דאס איז "המעשה אשר יעשון" אדער "אשר לא תעשינה"[214].

נו. דער ביאור בנוגע צו דער הערה אויפן זהר:

- ס׳איז -

------------

207) ע"ז עג, סע"ב. 208) סושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס תמז. 209) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שנ, סע"ב. לקו"ש חי"ג ע׳ 67 ואילך. 210) תהלים טז, ח. 211) או"ח בתחלתו. 212) תניא רפמ"א. 213) שערי תשובה או"ח סתע"ה. ועוד. 214) ל׳ הכתוב - יתרו יח, כ. ויקרא ד, ב. ועוד.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

ס׳איז מבואר אין לקו"ת (אין די דרושים פון ר"ה[215] אויפן פסוק[216] "לך אמר לבי בקשו פני את פניך ה׳ אבקש") אז ס׳איז דא דער ענין פון פנימיות הלב און חיצוניות הלב.

וואס כללות ענין הלב איז בדוגמת המזבח וואס איז געווען אין משכן - ווארום דער משכן איז דאך בדוגמת כל העולם כולו, און דער אדם איז אן "עולם קטן"[217], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער ענין וואס איז געווען אין משכן, איז דא דוגמתו אויך אין דעם אדם - וואס דער לב איז בדוגמת המזבח.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז ע"ד ווי אין לב האדם איז דא חיצוניות הלב און פנימיות הלב, איז עד"ז אויך בנוגע צום מזבח, אז ס׳איז געווען דער מזבח החיצון און דער מזבח הפנימי[218].

נז. ווען מ׳גיט א קוק ווי דאס איז אין לב האדם, זעט מען אז חיצוניות הלב און פנימיות הלב זיינען ניט קיין באזונדערע אברים; דער לב איז אן אבר <u>אחד</u> (וואס ער איז "פליג לכל שיפין"[219]), נאר אין אים איז דא חיצוניוה און פנימיות.

ווען עס קומט אבער אראפ אין כלים, כלי המשכן, קומט דאס אראפ אין אן אופן אז עס זיינען דא <u>צוויי</u> באזונדערע כלים: מזבח החיצון און מזבח הפנימי.

ע ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון תורה:

תורה איז דאך "תורה <u>אחה</u>", אן איין און איינציקע זאך, אבער אעפ"כ, בשעת תורה קומט אראפ אין כלי המשכן, זיינען דא אין רערויף ככה חילוקים:

עס איז דא ווי די תורה שטייט בארון, וואס דארטן איז "אין בארון רק שני לוחות גו׳"[220], דערנאך איז דא די ספר תורה וואס איז דארטן געווען[221]; און דערנאך איז דא דער ענין המנורה, וואס ענינה איז דער ענ־ן פון תורה, "תורה אור"[222].

וואס דער כללות החילוק איז - אז די תורה ווי זי שטייט אין דעם ארון (לוחות), איז דאס דער ענין פון אותיות

- החקיקה -

------------

215) נו, ג-ד. 216) תהלים כז, ח. 217) ראה תנחומא פקודי ג. תקו"ז תס"ס קרוב לתחלתו. ועוד. 218) לקו"ת סוכות עח, ד. תו"ח תרומה תמג, א ואילך. אוה"ת ויקהל ע׳ ב׳ריג. דרמ"צ פז, א. ועוד. 219) ראה זח"ג רכא, ב. 220) מ"א ח, ט. דה"ב ה, י. 221) וילך לא, כו. וראה פרש"י עה"פ. ב"ב יד, א-ב. 222) משלי ו, כג. וראה לקו"ת נשא כא, רע"א. ועוד.

החקיקה, וואס דאס איז פארבונדן מיט פנימיות התורה, און די תורה ווי זי שטייט אין דער מנורה (אין היכל), איז פארבונדן מיט גליא דתורה.

ועד"ז זעט מען אויך אין דעם ענין פון לימוד התורה:

ווען א איד זאגט ברכת התורה, "ונתן לנו את תורתו", "נותן התורה", איז עס כולל אלע חלקי התורה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, וואס זיי ווערן אלע נכלל אין דער ברכה פון "נותן התורה", לשון יחיד;

אבער דערנאך ווען עס קומט צו לימוד התורה בפועל, קומט דאס אראפ אין כו"כ פרטים: פנימיות התורה און נגלה דתורה, און אין פנימיות התורה גופא איז דא דער זהר, תיקוני זהר וכו׳, און אין דערויף גופא זיינען דא כו"כ פרשיות, דפים און עמודים, ועד"ז אין נגלה דתורה, ביז אין אן אופן פון "ששים המה מלכות ושמונים פלגשים ועלמות אין מספר"[223].

נח. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס שטייט אין זהר "המזבח (סתם) אחד לבית האורים", און מ׳איז ניט מחלק צווישן דעם מזבח החיצון מיט מזבח הפנימי:

אין זהר רעדט זיך וועגן דעם ענין הקדושה שבמזבח ווי דאס איז למעלה (אז די קדושה פון דעם מזבח איז געווען אין אן אופן פון מקיף לגבי דעם אולם) -

און אין דעם ענין איז ניטא קיין חילוק צווישן דעם מזבח החיצון מיטן מזבח הפנימי - ווי ס׳איז פארשטאנדיק מהמבואר לעיל אז זייער קדושה למעלה איז א קדושה אחת (בדוגמא ווי חיצוניות הלב און פנימיות הלב זיינען אין דעם זעלבן אבר הלב), ס׳איז לערנים אז ווען עס קומט אראפ למטה, אין כלי המשכן, ווערט דאס פאנאנדערגעטיילט אויף מזבח החיצון און מזבח הפנימי.

נט. עד"ז קען מען אויך זאגן בנוגע צו די "עירות" מיטן "לשכת הגזית":

די קדושה פון לשכת הגזית איז פארבונדן מיט קדושת העזרה (ס׳איז א קדושה אחת), ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס דווקא ווען די סנהדרין זעצן זיך אין לשכת הגזית, "אצל המזבח"[224], דעמולט האבן זיי דעם תוקף פון סנהדרין, און

- זיי -

---------

223) שה"ש ו, ח. וראה שהש"ר עה"פ. 224) ירושלמי מכות פ"ב ה"ו. פרש"י ר"פ משפטים. וראה גם מכילתא ס"פ יתרו. משפטים כא, יד.

זיי קענען פסק'נען אויך דיני נפשות, משא"כ אויב די סנהדרין האבן גולה געווען פון לשכת הגזית[225];

נאר אזוי ווי "אין ישיבה בעזרה אלא למלכי בית דוד בלבד"[226], האט די לשכת הגזית (וואו די סנהדרין זיצן) געמוזט זיין מחוץ לעזרה, מערנים ווי א פתח פתוח לעזרה.

ד.ה. אז בנוגע צו דעם ענין הקדושה ווי דאס שטייט למעלה, איז די קדושה פון לשכת הגזית פארבונדן מיט קדושה העזרה, נאר ווי עס קומט אראפ למטה, ווערט דאס פאנאנדער-געטיילט בפרטיות, אז די לשכת הגזית (וואו די סנהדרין זיינען געזעסן) איז מחוץ לעזרה, און ס'איז נאר געווען א פתח פתוח לעזרה.

ס. ע"פ האמור לעיל אז אין זהר רעדט זיך וועגן דעם ענין הקדושה ווי דאס איז למעלה (און נים ווי עס קומט אראפ למטה, וואס דעמולט ווערט דאס פאנאנדערגעטיילט בפרטיות), וועט מען פארשטיין נאך אן ענין:

אין גמרא[227] איז דא א פלוגתא בנוגע צו קדושת האולם און קדושת ההיכל, צי ס'איז א קדושה אחת, אדער שתי קדושות, ולדעת כמה אחרונים[228] בלייבט דער דין אז ס'איז א קדושה אחת.

איז לכאו', דערפון וואס עס שטייט אין זהר אז "האולם להיכל" (אז דער אולם איז מקיף דעם היכל), איז פארשטאנדיק אז קדושת ההיכל איז א קדושה נעלית יותר פון קדושת האולם, פונקט אזוי ווי די קדושה פון ירושלים איז א קדושה נעליה יותר פון קדושת כל א"י, און פונקט אזוי ווי די קדושה פון קדש הקדשים איז א קדושה נעלית יותר פון קדושת ההיכל - זעט מען דערפון אז די שיטה פון דעם זהר איז אז קדושת האולם מיט קדושת ההיכל זיינען צוויי באזונדערע קדושות.

איז עס אבער נים קיין הכרח - ווארום ע"פ האמור לעיל אז אין זהר רעדט זיך וועגן דעם ענין הקדושה ווי דאס איז למעלה, איז פארשטאנדיק אז עס קען זיין אז למעלה איז עס טאקע צוויי באזונדערע קדושות, און אעפ"כ זאל דאס אראפ-קומען למטה אין אן אופן פון קדושה אחת.

ווארום ע"ד ווי ס'איז דא דער חילוק אז למעלה איז דאס א קדושה אחת און למטה ווערט דאס פאנאנדערגעטיילט בפרטיות

- יותר -

---

225) סנהדרין מא, א. וש"נ. רמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"א-יב. 226) זח"ג פרשתנו שם. סוטה מ, ב. וש"נ. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ז ה"ו. 227) עירובין ב, א. וש"נ. 228) נסמנו באנציקלופדי' תלמודית ערך אולם ס"ד הע' 82.

יותר, איז עד"ז דא דער חילוק באופן הפכי, אז עס זיינען דא ענינים וואס למעלה זיינען זיי באזונדער, און למטה שטייען זיי ביחד.

בדוגמת כללות החילוק צווישן אורות און כלים, אז אין אורות איז וואס מער למטה יותר ווערט דער מיעוט האור, און אין כלים, איז וואס מער למטה יותר ווערט ריבוי הכלים, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון חיי שרה[229] ובכ"מ.

סא. און דער עיקר איז - ווי די משנה פסק'נט אפ אז "המעשה היא העיקר" - אז בקרוב ממש זאל מען זעהן דעם בנין ביהמ"ק, צוזאמען מיט ירושלים הבנוי' און גאנץ א"י בשלימותה,

און מ'וועט זעהן בפועל ווי אזוי "כל ישובא דעלמא . . אסחר לירושלים" - אז זיי טועו דאס אין אן אופן ווי עס דארף צו זיין, מיט דער גאנצער הדרת הקדושה, ועד"ז ווי "ירושלים . . אסחרא להר הבית, והר הבית אסחר לעזרות", מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין זהר,

ביז צו "כפרת וכרובים וארון", ווארום עס וועט דאך נתגלה ווערן דער משכן שעשה משה, צוזאמען מיטן ארון וואס יאשיהו האט גונז געווען (ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' ביהב"ח[230]) - כן תהי' לנו בעגלא דידן, בביאת משיח צדקנו.

* * *

סב. דער ביאור אין דער משנה "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה כו'" (פארוואס ווערט דא די תורה אנגערופן בשם "כלי חמדה") - ובהקדים:

אין התחלת המשנה שטייט "חביב אדם שנברא בצלם" (וואס "אדם" גייט אויף אלע מענטשן, אויך ב"נ[231], און בא אידן גופא גייט דאס אויף דער נפש השכלית[232]), און "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום", און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה".

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז פאר דעם ענין פון מ"ת זיינען שוין אידן געווען "בנים למקום", ובפרט לאחרי יצי"מ (וואס דעמולט איז געווען דער "לקחת לו גוי מקרב גוי"[233], און ס'איז געווען דער "נגלה עליהם מלך מלכי המלכים כו'") -

------------

229) ביאוה"ז קלא, ג ואילך. תו"ח קכו, ד. וראה ספר הערכים-חב"ד כרך ד ערך אורות דספידות - ביחס לכלים ס"ז. וש"נ. 230) פ"ד ה"א. 231) מד"ש כאן (קרוב להחלתו). 232) ראה סה"מ תש"ב ע' 105 ואילך. 233) ואתחנן ד, לד.

הנחת הת' בלתי מוגה

כו׳"[234]), און נאך קי"ס, און נאך דערויף וואס זיי האבן באקומען כו"כ מצוות אין מרה[235], ביז צו חמשה בסיון. וואס דעמולט האבן זיי געזאגט "נעשה ונשמע"[236], ביז צו שבר בסיון איידער ס׳איז געווען דער "וירד ה׳ על הר סיני"[237] -

און ערשט דערנאך (נאך דערויף וואס זיי האבן שוין געהאט די מעלה וואס "נקראו בנים למקום") איז געווען דער ענין פון "ונתן לנו את תורתו" (ווען ס׳איז געווען דער "וירד ה׳ על הר סיני"), און דעמולט איז ביי אידן צוגעקומען דער ענין פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה".

ועפ"ז איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

די משנה האט געזאגט ר׳ עקיבא (ווארום עס שטייט "הוא הי׳ אומר", און דאס קומט בהמשך צו דער פריערדיקער משנה[238] "רבי עקיבא אומר כו׳"), וואס ער איז דאך געווען פיל יארן לאחרי מ"ת. נאך דערויף וואס אידן זיינען צוגעקומען צו תכלית השלימות פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה" - איז לכאורה נפק"מ אין וואס איז תופס מקום די חילוק וואס איז געווען קודם מ"ת. אז "חביב אדם שנברא בצלם", און "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום", ס׳איז דאך בכלל מאתים מנה[239]!

ובפרט אז ס׳שטייט דער לשון "הוא הי׳ אומר", וואס דער פירוש בזה איז[240] - ניט אז ער האט דאס געזאגט איין מאל, נאר "הוא הי׳ אומר", ער האט דאס געהאלטן אין איין זאגן, זיין "זאגעכץ" איז געווען אז "חביב אדם שנברא בצלם", און "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום". און "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה".

נאכמער: מסכת אבות איז דאך "מילי דחסידותא" - דארף מען פארשטיין: וואס קומט צו אין "מילי דחסידותא" דערפון וואס א איד ווייסט אז "חביב אדם שנברא בצלם", און "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום", און "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה"?

סג. די נקודת הביאור בזה (בכללות עכ"פ):

אין כללות משך חיי האדם, זיינען ביי אים דא די אלע דריי תקופות: עס איז דא דער תקופת החיים וואס דעמולט איז ער בדוגמת אדם סתם, "חביב אדם שנברא בצלם", און ס׳איז דא

- די -

------------

234) הגש"פ. 235) ראה סנהדרין נו, ב. 236) משפטים כד, ז. וראה פרש"י עה"פ שם, ד. 237) יתרו יט, כ. 238) משנה יג. 239) ב"ק עד, א. 240) רע"ב אבות פ"א מ"ב.

די תקופה וואס ער איז אין דער דרגא פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום", ביז צו דער תקופה וואס דעמולט איז ער אין דער דרגא פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה".

והביאור בזה:

בכל שנה ושנה ווען עס קומט "זמן מתן תורתנו", איז "הימים האלו נזכרים ונעשים", ד.ה. אז עס חזר'ן זיך איבער די אלע ענינים וואס זיינען געווען בשעת מ"ת בפעם הראשונה.

און ס'איז דאך א דבר הפשוט ומובן לכל אחד ואחת, אז מ'קען ניט זאגן אז עס חזר'ן זיך איבער די זעלבע ענינים וואס זיינען געווען פאראיארן אן קיין ענין של חידוש,

ווארום מה-דאך אז עס ווערט פארלאנגט פון א בו"ד אז כדי מ'זאל האבן חיות אין דער זאך דארף דאס זיין ניט "כריוסגמא ישנה", נאר "כחדשה"[241], ביז "חדשים"[242] ממש, איז עאכו"כ אז דער אויבערשטער גיט א זאך, ער גיט די "כלי חמדה" צו די וואס ווערן אנגערופן "בנים למקום" - גיט ער דאס אין אן אופן פון "חדשים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז א זיכערע זאך (בלא שום ספק) אז אין חגה"ש פון שנת תשל"ט, איז געווען א נייע נתינה פון דער "כלי חמדה", וואס די נייע נתינה איז פריער ניט געווען -

קומט דאך אוים אז א טאג פאר חגה"ש האט מען נאך ניט געהאט די מעלה פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה" ווי דאס איז כצד דעם נייעם אופן פון נתינת התורה, מ'האט אבער געהאט די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום".

סד. עד"ז איז דא ווי א איד שטייט אין א מעמד ומצב וואס ער האט נאך ניט די שלימות פון "נקראו בנים למקום" (און בגילוי איז ביי אים דא נאר דער ענין וואס "נברא בצלם"):

איידער א איד ווערט א מחוייב במצוות. ווען ער איז נאך פאר בר-מצוה, ווערט ער טאקע אנגערופן בשם "ישראל" (ביז וואנעט אז בשעת המילה ווערט שוין "כניסת נפש זו הקרושה" (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[243])), אבער דעמולט קען מען נאך ניט זאגן אז ער האט די שלימות פון "בנים למקום" (וואס מ'לערנט אפ פון "בנים אתם לה' אלקיכם"[244]).

- והביאור -

---

241) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. 242) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. וראה גם פרש"י עה"פ יתרו יט, א. ועוד.
243) או"ח מהדו"ב סו"ס ד. 244) ראה יד, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

והביאור בזה:

איינער פון די ביאורים אין דעם חילוק צווישן דעם וואס איז "מצווה ועושה" מיט דעם וואס "אינו מצווה ועושה"[245] איז[246] - אז ווען ער איז מקיים די מצוה אלס א "מצווה ועושה", פארבינדט ער זיך מיט מצוה המצוה און נותן התורה, ובמילא האט ער דעם כח הבל"ג וואס ער באקומט דורך תומ"צ (וויבאלד ער איז מחוייב אין דעם), וואס דערפאר ווערט ער דעמולט אנגערופן "בנים למקום", וויבאלד אז ער האט דעם כח הבל"ג בדוגמא ווי דער אויבערשטער איז בלי גבול.

כשא"כ ווען ער איז מקיים תומ"צ ווען ער איז ניט מצווה אין דערויף. איז וויבאלד אז ער האט ניט די נתינת כח מלמעלה. קען ער דערגרייכן מערניט ווי צו שרש הנבראים - וואס דעמולט האט ער טאקע כו"כ מעלות, ער איז אן "אדם" בתכלית השלימות, "חביב אדם שנברא בצלם", דאס איז אבער נאך אלץ אין אן אופן פון מדידה והגבלה, ד.ה. אז ער האט נאך ניט די מעלה פון "בנים למקום", וואס איז פארבונדן מיט דעם כח הבלי גבול.

[בדוגמה המבואר בכ"מ[247] אז קודם מ"ת איז ניט געבליבן קיין קדושה אין דעם דבר הגשמי מיט וועלכן מ'האט מקיים געווען די מצוה. דערפאר וואס דעמולט האט מען געקענט דער-לאנגען נאר ביז שרש הנבראים. וויבאלד אז מ'איז נאך ניט נצטווה געווארן אויף קיום המצוות.

און דערפאר געפינט מען אז דוקא בא מצות מילה, אויף וועלכע אברהם אבינו איז נצטווה געווארן. איז געבליבן א קדושה אין דעם דבר הגשמי, וואס דערפאר האט געקענט זיין דער ענין פון שבועה בנקיטה חפץ[248] -

אבער מערניט ווי בנוגע צו מצות מילה. דערפאר וואס אויף דערויף איז אברהם אבינו נצטווה געווארן, כשא"כ בנוגע צו שאר התומ"צ. אין וועלכע ער איז געווען אין דעם גדר פון "אינו מצווה ועושה"[249]].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז איידער א איד ווערט מחוייב במצוות (ווען ער איז נאך פאר בר-מצוה). האט ער טאקע כו"כ מעלות. אבער עיקר מעלתו איז דאס וואס "חביב אדם שנברא בצלם". ווארום ביי אים פעלט נאך דער עליוה פון - "בנים" -

------------

245) קידושין לא. א. וש"נ. 246) ראה אוה"ת כסעי' ע' א'היד. 247) ראה לקו"ש ח"א ע' 11 ואילך. ח"ג ע' 767 ואילך. ח"ה ע' 88 ואילך. ועוד. 248) ראה פרש"י עה"פ ח"ש כד. ב. 249) ראה לקו"ש לך לך השל"ה בההלהו.

"בנים למקום" - וואס מצד דערויף קען ער ניט זיין אין מצרים, מיצרים וגבולים (מדידה והגבלה), ווי כ׳זעט אז משה רבינו האט געזאגט צו פרעה אז מצד דערויף וואס אידן זיינען "בני בכורי ישראל"[250], מוז ער זיי באפרייען פון מצרים.

סה. עד"ז איז אויך אין עבודת האדם במשך כל היום כולו - אז אין דערויף זיינען דא די חילוקי דרגות הנ"ל:

דער עיקר הענין פון לימוד התורה הויבט זיך ערשט אן לאחרי התפלה; קודם התפלה איז טאקע אויך דא די אמירה פון "איזהו מקומן" (אן ענין אין תורה), אבער אעפ"כ, דער עיקר הענין פון לימוד התורה איז לאחרי התפלה דוקא - ווען ער גייט "מבית הכנסת לבית המדרש"[251].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז איידער ער קומט צו דעם ענין פון לימוד התורה, האט ער נאך ניט די מעלה פון "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה" ווי דאס איז אין דעם טאג; ער האט געלערנט הורה נעכטן וכו׳, אבער לגבי דעם "נתן להם כלי חמדה" פון היינטיקן טאג, האלט ער נאך פאר דערויף, און ערשט ווען ער קומט צו דעם ענין פון לימוד התורה, דעמולט באקומט ער די מעלה פון "חביבין ישראל שנהן להם כלי חמדה".

און אין דעם ענין התפלה גופא איז אויך דא דער חילוק - איידער ער זאגט ברכת התורה, און נאך דערויף וואס ער זאגט ברכת התורה - אז בשעה ער זאגט ברכה התורה ווערט ביי אים דער ענין פון "נתן להם כלי חמדה" (ווי דאס קען אויפגעטאן ווערן דורך ברכה התורה), כשא"כ לפנ"ז וואס ער האט טאקע כו"כ מעלוה, ביז אז "נקראו בנים למקום", אבער ניט דעם ענין פון "נתן להם כלי חמדה".

און דערנאך איז דא די דרגא אין וועלכע ער האלט נאך איידער ער זאגט ברכות השחר, און נאך איידער ער האט אפילו געוואשן נעגל-וואסער, און ער האט נאך אפי׳ ניט געזאגט "מודה אני" - וואס דעמולט האט ער טאקע די מעלה פון "חביב אדם שנברא בצלם", ביז צו "חבה יתרה נודעת לו שנברא בצלם", ער האלט נאך אבער פאר די אלע מעלות וואס קומען דורך ברכות השחר, ברכת התורה, ביז צום לימוד התורה שלאחרי התפלה, אין בית המדרש.

סו. אויף דערויף זאגט מען אים, אז אין יעדער מעמד ומצב

- אין -

------------

250) שמות ד, כב. 251) ברכות בסופה. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס קנה.

אין וועלכן ער זאך זיך נאר געפינען - דארף ביי אים זיין די הנהגה אין אן אופן פון "מילי דחסידותא":

ער האט זיך ערשט אויפגעכאפט פון שלאף, ער האט נאך ניט געזאגט קיין מודה אני", עאכו"כ אז ער האט נאך ניט געזאגט ברכות השחר, ברכת ההורה, און ער איז נאך ניט געקומען אין ביהמ"ד - דארף ביי אים שוין זיין די הנהגה פון "מילי דחסידותא" לויט מעמדו ומצבו ווי ס'איז דעמולט. ווארום דעמולט האט ער שוין די מעלה פון "חביב אדם שנברא בצלם". ביז צו "חבה <u>יתרה</u> נודעה לו שנברא בצלם".

און דערנאך זאגט מען אים אז ווען ער קומט צו דער דרגא אז "נקראו בנים למקום", קען ער שוין ניט יוצא זיין מיט די "מילי דחסידותא" וואס איז געווען ביי אים זייענדיק אין דער דרגא פון "נברא בצלם". ווארום ער האלט שוין אין א העכערע דרגא דערפון.

וכידוע אז עס קען זיין א הנהגה וואס ביי איינעם איז עס אן ענין של הידור מצוה. און ביי א צווייטן איז עס אן ענין של חיוב. ביז אז ביי א דריטן איז עס גאר אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דעם היפך פון קידוש השם ה"ו -

ווי רי גברא[252] דערציילט אז רב האט געזאגט "כגון אנא אי שקילנא ביסרא מטבחא ולא יהיבנא דמי לאלתר" איז עס אן ענין פון "חילול השם", אע"פ וואס ביי א צווייטן איז אזא הנהגה אן ענין פון "לפנים משורת הדין", "מילי דחסידותא".

ועד"ז ווען ער קומט צו דער דרגא פון "נתן להם כלי חמדה" - דארף ביי אים זיין די הנהגה פון "מילי דחסידותא" אין אן אופן נעלה יותר.

כז. ע"פ האמור לעיל אז דער סדר אין דער משנה איז מלמעלה למטה (פריער איז דא די מעלה וואס "נברא בצלם". דערנאך איז דא די מעלה וואס "נקראו בנים למקום". ביז צו דער מעלה וואס "נתן להם כלי חמדה") - איז פארשטאנדיק. פארוואס קען מען ניט זאגן אז דא רעדט זיך וועגן דער מעלה פון תורה אז דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט ("כלי חמדה שבו נברא העולם"):

די מעלה פון אידן אז "נתן להם כלי חמדה <u>שבו נברא העולם</u>". איז <u>נידעריקער</u> פון דייער מעלה וואס "נקראו בנים למקום" - ניט אין דערויף באשטייט די מעלה פון אידן אז ס'האט זיי געגעבן דעם "כלי חמדה שבו נברא העולם" אן ענין דורך וועלכן די וועלט איז באשאפן געווארן:

- און -

------------

252) יומא פו. א.

און וויבאלד אז נאך דערויף וואס מ'זאגט "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" זאגט מען א גרעסערע מעלה דערפון, "חביבין ישראל שנתן להם כלי המדה" - כוז מען דאך זאגן אז דא רעדט זיך ניט וועגן מעלת התורה וואס דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט, נאר וועגן עצם ענין התורה, וואס איז א סאך העכער דערפון וואס דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט.

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[253], און אין די דרושים פון מ"ת[254], דאס וואס דוד המלך איז נענש געווארן[255] אויף דערויף וואס ער האט געזאגט אז מעלת התורה איז אז "זמירות היו לי חוקיך"[256] - אז אע"פ אז דאס איז טאקע א מעלה אמיתית וואס איז דא אין תורה (ווארום דוד המלך וועט דאך ניט זאגן קיין ענין שאיננו אמיתי ח"ו), אבער אעפ"כ. במה נחשב הוא לגבי מעלת התורה אז זי איז "שעשועים גו' לפניו"[257].

און דערפאר נעמט ניט אן דער אלטער רבי די גירסא "חביבין ישראל שנתן להם כלי חמדה שבו נברא העולם" - ווארום ניט אין דערויף באשטייט די מעלה פון אידן אז מ'האט זיי געגעבן אן ענין דורך וועלכן די וועלט איז באשאפן געווארן.

ווארום "צדיקים דומין לבוראן"[258] - איז ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צום אויבערשטן אז "לא זה הוא עיקר האלקות מה שהעולמות מהווים כמנו"[259], איז עד"ז אויך בנוגע צו א אידן (וואס אידן זיינען חד הוא (כביכול, אדער אן א כביכול) מיטן אויבערשטן), אז ניט דאס איז דער עיקר פון א אידן וואס ער איז בורא עולמות (וויבאלד אז מ'האט אים געגעבן אן ענין דורך וועלכן די וועלט איז באשאפן געווארן).

קיין קליינקייט איז עס טאקע ניט, און מ'האט ניט וואס צו ווארפן זיך דערמיט - אבער אעפ"כ, נאך דערויף וואס מ'זאגט אים אז ער האט די מעלה וואס "נקראו בנים למקום", זאל ער נתפעל ווערן דערפון וואס ("נתן להם כלי חמדה שבו נברא העולם" -) ער קען באשאפן א וועלט - איז ער א "פעטאך"!

ווארום במה נחשב הוא אז נאך דערויף וואס מ'זאגט אים אז ער האט דעם ענין וואס "נקראו בנים למקום", "בנים אתם לה' אלקיכם", זאל מען אים זאגן אז ער האט נאך א גרעסערע

- זאך -

------------

253) ד"ה דוד זמירות קרית להו (קו"א קס, א ואילך). 254) לקו"ת במדבר יח, ב ואילך. 255) במדב"ר פ"ד, כ. סוטה לה, א. 256) תהלים קיט, נד. 257) משלי ח, ל. 258) ב"ר פס"ז, ח. 259) תו"א מג"א צט, ב. לקו"ת שה"ש ח, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

זאך רערפון, אז ער קען באשאפן א וועלט - מען קען דען פאר-גלייכן די צוויי ענינים איינער צום צווייטן?!

וואס דערפאר מוז מען זאגן אז דא רעדט זיך ניט וועגן מעלת התורה אז זי איז דער "כלי חמדה שבו נברא העולם", נאר אז תורה איז די "כלי חמדה" ביים "נותן התורה", דאס איז "שעשועים גו׳ לפניו".

די מעלה פון תורה אז דורך איר איז באשאפן געווארן די וועלט, וואס דערפאר איז "ריבוי העולמות וכל צבאם . . כולם בטלים במציאות לגבי דקדוק א׳ מדקדוקי תורה" (וואס אויף דערויף האט דוד המלך געזאגט "זמירות היו לי חוקיך"), איז עס מערנים ווי "מבחי׳ אחוריים של עומק המחשבה"[260];

און דא רעדט זיך וועגן מעלת התורה אז זי איז דער "כלי חמדה" ביים אויבערשטן אליין, דאס איז "שמחת לב ושעשוע המלך הקב"ה שמשתעשע בה"[260].

ובדוגמא ווי די גמרא זאגט אין שבת (אין דער סוגיא פון מ"ת)[261], אז די תורה איז "חמדה גנוזה . . ואתה מבקש ליתנה לבשר ודם", וואס דער פירוש בזה איז, אז די תורה איז "חמדה גנוזה" ביים אויבערשטן, איז עד"ז אויך דער פירוש אין דעם וואס די תורה ווערט אנגערופן "כלי חמדה", אז דאס איז "כלי חמדה" ביים אויבערשטן (און ניט דערפאר וואס "שבו נברא העולם").

סח. דער ביאור אין דעם ענין פון "כלי חמדה", און ניט "חמדה" סתם (ווי די גמרא זאגט "חמדה גנוזה"):

דער ענין פון "כלי" איז - אז דורך איר פירט זיך דורך אן ענין וואס דער בעל הכלי וויל דורכפירן.

און ווי חסידות[262] איז מבאר בארוכה, אז אין כלים זיינען דא צוויי סוגים: כלים פשוטים, און כלי קיבול (כידוע די חילוקים שבזה בנוגע להלכה[263]) - וואס ביידע ווערן אנגערופן בשם "כלי", דערפאר וואס זיי האבן א דבר משותף, אז דורךביידן פירט זיך דורך אן ענין וואס דער בעל הכלי וויל דורכפירן.

ועפ"ז וועט מען פאדשטיין דעם ענין פון "כלי חמדה":

תורה איז טאקע "חמדה גנוזה", און זי איז "שעשועים לפניו" - אבער אין דערויף גופא איז דא ווי די תורה שטייט

- אין -

------------

260) קו"א שם. 261) פח, ב. 262) ד"ה וירד הוי׳ עה"ס תדם"ב. ובכ"מ. 263) רמב"ם הל׳ כלים פ"א ה"י. ועוד.

איך אן אופן פון "ואהי' שעשועים גו' לפניו", און ס'איז דא ווי תורה איז טאקע "שעשועים לפניו" בפועל.

און דער ענין אז די תורה זאל זיין "שעשועים לפניו" בפועל - ווערט אויפגעטאן דורך דעריף וואס א איד לערנט תורה כדבעי, ווי חסידות*** ברענגט אראפ (פון ספר הבהיר און מעין החכמה) אז דוד האט מחבר געווען אורייתא בקוב"ה, ד.ה. אז ער האט אויפגעטאן דעם חיבור פון תורה מיט עצמות ומהוה - אז ס'זאל זיין "שעשועים לפניו" בפועל:

איידער דוד האט מחבר געווען אורייתא וקוב"ה, איז די תורה אויך געווען דעם אויבערשטן'ס, "נהן לנו את תורתו", די איז געווען "חמדה גנוזה", און "שעשועים" - עס איז אבער ניט געווען דער חיבור פון תורה מיט פנימיות ועצמות א"ס, אז תורה זאל זיין "שעשועים לפניו" בפועל. און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעריף וואס א איד לערנט תורה כדבעי, בדוגמא ווי דוד האט מחבר געווען אורייתא וקוב"ה.

און דערפאר זאגט מען "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה" - וויבאלד אז דורך דעריף וואס אידן לערנען תורה, ווערט די תורה אין אן אופן פון "כלי חמדה", אז דורך איר פירט זיך דורך דער ענין פון "שעשועים לפניו" בפועל, ביז אין דעם העכסטן אופן שבזה.

סט. אויף דעריף ברענגט מען די ראי': "שנאמר כי לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזובו" - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פון דעם פסוק איז א ראי' אז דער אויבערשטער האט געגעבן צו אידן די תורה, וואו איז אבער די ראי' אז ער האט זיי געגעבן "כלי חמדה"?

איז דער ביאור בזה - ובהקדים:

אין ההחלה הפסוק שטייט אז "כי לקח טוב נתתי לכם", ד.ה. אז די תורה ווערט די אידן'ס, און גלייך דערנאך איז ער ממשיך "תורתי אל תעזובו" - דעם אויבערשטן'ס תורה, וואס לכאו' איז דאס א דבר והיפוכו?

איז דער ביאור בזה - אז דאס איז ע"ד ווי די גמרא*** זאגט אז "בתחלה נקראת (התורה) על שמו של הקב"ה", "תורת ה'" ("בתורת ה' חפצו"***), אבער נאך דעריף וואס דער איד לערנט די תורה כדבעי, ווערט זי אנגערופן "תורתו" ("בתורתו יהגה"), אז "נקראת על שמו", ועד"ז בנדו"ד, אז דורך

- דעריף -

------------

264) לקו"ת פרשתנו מז, ג. נא, א. 265) ע"ז יט, א. וראה גם קידושין לב, סע"א ואילך. 266) תהלים א, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

דערויף וואס "תורתי אל תעזובו", ער לערנט דעם אויבערשטנ'ס תורה אין אן אופן פון "אל תעזובו", ווערט דערנאך דער "לקח טוב נתתי לכם", אז עס ווערט זיין תורה.

און וויבאלד אז מ'זאגט אז "תורתי" פון דעם אויבערשטן ווערט אין אן אופן פון "נתתי לכם", ביז אין אן אופן ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכות[267] אז דער שכל פון משכיל מיט מושכל ווערן איינס זאך - איז פארשטאנדיק אז דעמולט ווערט אויפגעטאן דער "שעשועים לפניו" בפועל. ווארום דעמולט ווערן אידן און תורה איין זאך מיטן אויבערשטן. וואס דאס איז דער ענין פון "כלי חמדה", אז דורך דערויף ווערט דורכגעפירט דער ענין פון "שעשועים לפניו" בפועל.

ע. און עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז פריער זאגט די משנה די מעלה פון "חביב אדם שנברא בצלם", דערנאך זאגט די משנה אז ס'איז דא א גרעסערע חביבות דערפון. דאס וואס "נקראו בנים למקום".

און דערנאך זאגט מען אז ס'איז דא נאך א גרעסערע זאך דערפון (אע"פ אז לכאו' איז וואס קען זיין גרעסער פון "בנים למקום") - אז מ'ווערט איינס מיטן "מקום", ביז נאך העכער פון דער דרגא וואס ווערט אנגערופן מיטן נאמען "מקום" -

וואס דאס איז דער ענין וואס "ניתן להם כלי חמדה" (ביז אין אן אופן פון "חבה יתירה נודעת להם". ווי דער רע"ב פירשט אז דאס איז א "חבה גלוי' ומפורסמת". ד.ה. אז די גאנצע וועלט זעט אז "ניתן להם כלי חמדה") - אז "תורתי" ווערט אין אן אופן פון "נתתי לכם", ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות, אז ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד, ביז וואנעט אז ס'איז גאר ניט שייך צו פאנאנדערקלייבן וואו איז ישראל, וואו איז אורייתא, און וואו איז קוב"ה.

עא. עפ"ז קען מען דאך פרעגן אז דאכט זיך איז שייך מערניט צו יחידי סגולה, אדער מערניט ווי אין א עת רצון -

זאגט מען אויף דערויף, אז דער ענין איז אריינגעשטעלט געווארן אין א משנה פון ש"ס, און אזא משנה וואס מ'הייסט יעדערן ער זאל איר לערנען. ביז וואנעט אז דאס איז אריינגעשטעלט געווארן אין סידור (וואס דאס איז א דבר השוה לכל נפש) - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס האט א שייכות

- יכ -

------------

267) תניא פ"ה. וראה מו"נ ח"א פס"ח.

לכל אחד ואחת, אויב ער איז נאר מחליט אז ער דארף זיך פירן באופן כזה.

ובדוגמא ווי גערעדט כמ"פ וועגן דעם מארז"ל[268] "לא ניתנה תורה כו' אלא לאוכלי המן", אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: יעדער איד איז דאך מחוייב אין לימוד התורה, און ווי דער צ"צ איז מאריך אין זיינע פסקי דינים[269] אז דער חיוב איז "כשיכיר", נאך קודם בר-מצוה - איז ווי זאגט מען אז צו לימוד התורה דארף מען זיין אין דער דרגא פון "אוכלי המן"?

האט מען גערעדט כמ"פ דעם ביאור בזה - אז בשעה א איד לערנט תורה, אפי' אז ער לערנט מערניט ווי אן "אות אחת"[270], דארף ער דעמולט שטיין אין דעם מעמד ומצב פון "אוכלי המן", ד.ה. אז דעמולט האט ער ניט קיינע דאגות, און האט ניט קיינע בלבולים, ווארום אים פעלט גארניט, ביז וואנעט אז ער איז ניט שייך צו קיין ענין של פסולת, בדוגמא ווי ס'איז געווען בא די "אוכלי המן".

און אויך דערויף זאגט מען, אז יעדער איד האט בכח, אז זייענדיק אינמיטן א וואכעדיקן טאג. און אינמיטן דעם "הו-הא" פון עוה"ז הגשמי והחומרי - זאל ער זיך אפשטעלן "רגע. און באטראכטן זיך (אין אן אופן פון "יהקע כחשבהו בהוזק") אז "שויתי ה' לנגדי תמיד" (וואס דאס איז איין זאך מיט דעם ענין פון תורה) - איז דעמולט זאגט מען אז "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא". ער ווערט איין זאך מיט דער זאך וועגן וועלכע ער טראכט.

און ס'זאגט א אידן אז ער דארף ניט ווארטן אויף אן עת רצון - ווארים ס'איז ביכלתו של כל אחד ואחת בישראל (וועגן ער וויל מיט אן אבה). אז אין א וואכעדיקן טאג, אין א וואכעדיקע לאנד (אין חו"ל), און א וואכעדיקע עשי'. זאל ער זיך אוועקשטעלן אין דעם מעמד ומצב פון דעם קדוש שבישראל. דער כה"ג. אין דעם ענין הקדוש שבזמן. יוהכ"פ, און אין דעם מקום הקדוש שבעולם. אין קדש הקדשים - וועו ער גיט זיך א באפ און א הרייסל, און שטעלט זיך אוועק במחשבתו אין אן אופן אז ער איז חד מיט קוב"ה. דורך דעם ענין פון אורייתא.

און דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך", וכידוע דער

- סיפור -

------------

268) מכילתא ר"פ בשלח. שם טז, ד. 269) חידושים על הרמב"ם בתחלתו. 270) ל' המשנה - אבות פ"ו מ"ג. 271) ראה גם לקו"ש חגה"ש השל"ה ס"ז. 272) ראה יומא עה, ב.
273) תבוא כח, י. וראה ברכות ו, א. וש"נ.

סיפור וואס איז געווען מיסן אלטן רבי'ן[274], אז בשעת כ'האט בעזעהן די תפילין על ראשו, איז געפאלן "אימתה ופחד" אויף די וואס ע"פ דרך הטבע איז ער געווען בא זיי אן אסיר - בצד דערויף וואס "שם ה' נקרא עליך".

און וויבאלד אז מ'דערציילט דאס אונז - איז (ע"פ תורה הבעש"ט) דערפון גופא די הוכחה אז עס האט צו אונז א שייכות, און מ'דארף דערפון אפלערנען.

און דאס איז וואס מ'זאגט א אידן, אז איינמיסן א טאג (אדער א נאכט), און איינמיסן דעם "הו-הא" פון עוה"ז, קען ער מחליט זיין און אוועקשטעלן זיך אין אן אופן של גאולה, אע"פ וואס מיט א רגע לפנ"ז איז ער געווען אין א מעמד ומצב וואס "בשם ישראל יכונה", ווערט ער איבערגעקערט כן הקצה אל הקצה "בשעתא חדא וברגעא חדא", און ער ווערט איינז זאך מיט קוב"ה, עצמות ומהות.

עב. און אע"פ אז דער אופן האמור אין לימוד התורה אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן) איז אן ענין הכי נעלה - איז עס אבער מערנים ווי א הכנה צו אמיתית הענין פון לימוד התורה וואס וועט זיין לע"ל (וואס "כבר הי' לעולמים מעין זה בשעת מתן תורה", ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[275] - וואס דעמאלט וועט זיין דער ענין פון "ולא יכנף עוד מוריך"[276] - וואס דאס וועט זיין בקרוב ממש. ווען "ביד הן נגאלין"[277].

וכן תהי' לנו - אין אונזער "מיד", בעגלא דידן, בביאת משיח צדקנו, צוזאמען מיט בנין ביהמ"ק השלישי, וואס בנינו קען אויך זיין בלילה, וויבאלד אז ער וועט געבויט ווערן ע"י הקב"ה, "מקדש אד' כוננו ידיך"[278], כמבואר אין פוסקים און אין מפרשי הש"ס והזהר[279] וכו'.

והמעשה הוא העיקר - אז ס'זאל זיין למטה מעשרה טפחים, ובפועל ממש.

* * *

עג. אויף אומקערן זיך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין התחלת ההתוועדות (סל"ח ואילך), בנוגע צו די הכנות צו י"ב-י"ג תמוז (וואס "המעשה הוא העיקר") - דארף מען אין דערויף ניט

- מבאר -

---

274) ראה בית רבי ח"א רפס"ו. 275) פל"ו (מה, א). 276) ישעי' ל, כ. וראה תניא שם. 277) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 278) בשלח טו, יז. 279) ראה לקו"ש חי"א ע' 148 ובהנסמן שם. שם ע' 98 הע' 61. ועוד.

מבאר זיין קיין פרטים, ווארום די פרטים זיינען תלוי לפי תנאי המקום והאנשים וואס געפינען זיך דארטן, וואס בכל מקום ומקום דארף דאס זיין לפי ענינו.

און מ'זאל נעמען אין באטראכט דעם צד השוה וואס איז דא בכל המקומות - אז אין קביעות שנה זו זיינען דא סיי די ענינים ווי זיי זיינען אין א שבת'דיקן אופן. און סיי די ענינים ווי זיי זיינען אין ימות החול - לויט דער קביעות פון י"ב-י"ג תמוז בשנה זו.

און די אלע ענינים זאלן זיין אין אן אופן אז עס וועט ארויסקומען אלץ אידן. פון די "מחבבי תורתני הק'. שומרי מצוה", ביז צו "אשר בשם ישראל יכונה" (ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו),

אין אין אן אופן אז ס'זאל זיין זייער גאולה צוזאמען מיט דער גאולה פון נשיא דורנו (כ"ק מו"ח אדמו"ר: - ווי ער שרייבט במכתבו אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק'. שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה". וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז זייער גאולה דארף זיין אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען די גאולה פון דעם בעל המאסר והגאולה.

און דאס וועט די הכנה הכי קרובה אז ס'זאל זיין דער "מיד הן נגאלין" בנוגע לכל אחד ואחת מישראל. ובתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער. עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. ופרצת. פרזות תשב ירושלים.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה. וועלן זיי מאכן א ברכה אחרונה.

מים צאתו התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

תיקון טעות

שיחת מוצאי ש"פ נשא

בהע' 110 צ"ל: ראה סה"ר עתר"ת ע' הרה ואילך. סה"מ קונטרסים ח"ב תפז, ב ואילך. תש"נ ע' 110 ואילך. ועוד.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ חו"ב, י"ב תמוז ה'תש"ס.

<u>הנחת הח' בלתי מוגה</u>

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה דעו כי ה' הוא אלקים גו'.

* * *

ב. מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[1], אז ס'איז דא א חילוק עיקרי אין כללות הנהגה פון א אידן (ועאכו"כ אין עבודת ה') צווישן יום השבת בים שאר ימות השבוע.

ווארום כללות ההנהגה פון א אידן איז דאך "נשתלשלו מהן"[2] - פון דעם כח הפועל, כח היוצר און כח הבורא דלמעלה, איז פארשטאנדיק, אז בצד דעם חילוק אין דעם גילוי אלקות בעולם וואס איז דא בזמנים אלו, ווערט אויך דער חילוק אין עבודת האדם.

ד.ה. אז וויבאלד ס'איז דא א חילוק אין דעם גילוי אלקות בעולם צווישן יום השבת מיט ששת ימי המעשה (אין אן אופן פון "<u>המבדיל</u> כו' בין יום השביעי לששת ימי המעשה"), ווערט אויך דער חילוק אין דעם "אני נבראתי לשמש את קוני"[3]. וויבאלד אז ס'איז דא א חילוק אין דער התגלות פון דעם "קוני", דער "בורא", צום עבד.

אין בצד דערויף ווערט אויך דער חילוק אין עניני הרשות, וואס דער חלק הרשות [illegible] איז געמאכט געווארן כדי אז ס'זאל פון אים מאכן אן ענין של ידישה, כוסיף זיין מחול על הקודש, וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות העבודה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[4].

און דערנאך קומט דאס אויך אראפ אין לעו"ז - וואס עס דארף דאך זיין די מציאות פון לעו"ז כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין הבחירה, און כדי ס'זאל נים זיין קיין "נהמא דכסופא"[5], נאר אן עבודה בשלימות, "<u>משליכים</u> את נפשותינו"[6] - איז די חילוקים וואס זיינען דא אין קדושה, קומען דערנאך אראפ אויך אין לעו"ז.

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם סיום פון ספר התניא, וואס דארט רעדט ער וועגן דעם ענין פון שבת, און ער איז מסיים מיטן ענין פון "זה לעומת זה".

- ג. -

------------

1) שיחה מוצאי ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ס"ב. סע"ג. 2) ל' התניא - רפ"ג. 3) קידושין בסופה. 4) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה לקו"ש ח"י ע' 104 ואילך. 5) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד. 6) ב"ר פ"ק, א. וראה בהמאמר שנאמר בעת ההתוועדות. וש"נ.

בנוגע לענינינו - די גאולה פון י״ב-י״ג תמוז:

[...] די גאולה פון י״ב-י״ג תמוז, טרעפן זיך צוזאמען א[...] ע[...] האסורים - אן ענין של לעו״ז, אן ענין של רשות. און אן ענין פון עבודת ה׳:

די גאולה איז דאך געווען באופן נסי. וואס ווייזט אז מ׳דארף אנקומען צו אן ענין של נס. איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז דא א מציאות של לעו״ז וואס איז כנגד, און דערפאר דארף מען אנקומען צום נס.

ווארום בשעת דער טבע העולם שטייט אין א מעמד ומצב וואס ער איז נים קיין מנגד, אן ענין של רשות. דארף מען דעמולט ניט אנקומען צו קיין ענין של נס:

נאר בשעת דער טבע העולם שטייט אין א מעמד ומצב אז ער איז מעלים ומסתיר, ביז אז ער איז א כנגד, אן ענין של לעו״ז - דעמולט האט מען ניט קיין ברירה, און מ׳מוז מאכן אן ענין של נס, וואס ענינו איז׳ אז ער שטייט בהגבהה למעלה פון טבע העולם.

וואס בכלל זאגט מען דאך אז "אין סומכין על הנס"[8], און "לא עביד קוב״ה ניסא למגנא"[9] - אבער דא איז עס ניט "למגנא", ווארום ס׳איז ניטא קיין ברירה און מ׳מוז אנקומען צו אן ענין של נס; דאס איז דער זמן פון דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט אן ענין של נס, ד.ה. אן עבודה שלמעלה מכו״ד, העכער פון דעם טבע פון נה״א, וואס דאס איז למעלה מכו״ד פון אלקות.

ובפשטות - דעמולט איז געווען דער מעמד ומצב אז ס׳איז געווען א גזירה און א מאסר, ביז צו א מאסר וואס איז געווען פארבונדן מיט דער סכנה פון היפך החיים (וואס דאס איז אן ענין של לעו״ז וואס איז מנגד), און דערפאר האט דעמולט געדארפט זיין אן ענין של נס, און אן עבודה שלמעלה מטעם ודעת.

און אין דערויף איז אויך דא ההתחלה הנס, וואס דאס איז אין אן אופן וואס איז מלובש אין דרך הטבע (וואס דאס באווייזט דעם גודל ותוקף ענין הטבע - ניט לטעליוהא),

ביז וואנעט אז דורך עבודה האדם אין עניני הרשות (וואס דאס איז דער ממוצע צווישן קדושה מיט לעו״ז), איז

- מען -

-------------

7) ראה פרש״י עה״פ יתרו כ, יז. פרשתנו בא, ח. סידור כד, סע״ב. ועוד. 8) ראה פסחים סד, ב. זח״א קיא, ב. ועוד.
9) ראה דרשות הר״ן דרוש ח׳ - נעתק בלקו״ש ח״ג ע׳ 966 הע׳ 9.

מען מבטל די אלע ענינים המעליכים ומסתירים, און דערנאך איז מען זיי מהפך לסוב,

ביז אין אן אופן של נס, און א נס גלוי, ביז צו א נס וואס ווערט אין אן אופן פון פעולה נמשכת (בלשון הידוע), אז עס ווערט דערפון אן ענין של חגיגה און א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט החלטות טובות, אז מ'זאל מוסיף זיין אין תורה ומצוותי' על כל השנים שלאח"ז.

און ווי דער בעל המאסר והגאולה האט געשריבן בכבודו לחגיגת י"ב תמוז הראשונה[10], אז עס דארף ארויסקומען א הוספה אין לימוד התורה וקיום מצוותי', ביתר שאת וביתר עוז לגבי ווי ס'איז געווען לפנ"ז.

ד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון י"ב-י"ג תמוז איז כולל און נעמט דורך פון מטה מטה ביז מעלה מעלה:

מ'נעמט אן ענין של מטה מטה - ניט אן ענין של טבע סתם וואס איז מעלים ומסתיר, נאר אן ענין פון לעו"ז וואס איז מנגד צו כללות ישראל, אנהויבנדיק פון לימוד התורה וקיום המצוות פון תינוקות של בית רבן (און נאך לפנ"ז), ביז צום לימוד התורה וקיום מצוותי' אין דעם העכסטן אופן,

און דעם ענין איז מען מהפך לטוב, ביז אין תכלית השלימות, און אין אן אופן אז דער "והפכתי"[11] ווערט נמשך בידי שנה בשנה, און מיט א הוספה מידי שנה בשנה,

"והמעשה הוא העיקר"[12] - אז מ'זאל מחליט זיין החלטות טובות בנוגע צו די ענינים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם מכתב צו חגיגת י"ב תמוז הראשונה, און פארבינדן גלייך די החלטה טובה מיט אן ענין של מעשה בפועל.

ה. און אין דערויף קומט צו די מעלה פון יום השבת - ווי גערעדט פריער (ס"ב) אז ס'איז דא א חילוק צווישן יום השבת מיט ששת ימי המעשה (כמדובר כמ"פ אז בכל שנה קומט צו א הוספה לגבי כל השנים שלפנ"ז, און נוסף לזה איז דא בכל שנה אן ענין מיוחד, פון וועלכן מ'דארף ארויסנעמען א הוראה מיוחדת):

מ'האט גערעדט אין דער התוועדות הקודמת, אז ס'איז דא א מעלה מיוחדת אין דער קביעות פון י"ב-י"ג תמוז בשנה זו,

- אז -

---

10) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קכו ואילך. הש"ה ע' 263 ואילך.
11) ל' הכתוב - ירמי' לא, יב. וראה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז תשל"ח. 12) אבות פ"א מי"ז.

אז אין דערויף איז דא סיי די עבודה פון יום השבת (י"ב תמוז), און סיי די עבודה פון יום הקבוע – יום ראשון – י"ג תמוז).

וואס כללות החילוק צווישן די צוויי אופני עבודה, איז פארשטאנדיק דערפון; וואס ב'איז כבואר אין לקו"ה[13] דער ענין פון מוצאי שבת, אז דעמולט זאגט מען "אל תירא עבדי יעקב"[14]. וואס דערפון איז פארשטאנדיק די בנ"ה וואס איז דא אין בײדע אופני עבודה.

וואס דער כללות הענין פון שבת איז – "וקראת לשבת עונג"[15], וויבאלד אז דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי'" (ווי עס שטייט אין מכילתא[16], און עס ווערט אראפגעבראכט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע[17]).

וכידוע דער דיוק אין דערויף אז "כל מלאכתך עשוי'", משא"כ בנוגע צו מלאכת שמים, דאס וואס ער איז עובד את קונו, איז ח"ו צו זאגן אז בשבת טוט ער דאס ניט, ווארום אדרבה, בשבת איז ער עובד את קונו ביחד שאת וביתר עוז, נאר דעמולט איז די עבודה אין אן אופן פון תענוג, "וקראת לשבת עונג".

וואס די פעולה פון ענין התענוג איז – ווי די גמרא[18] דערציילט אז אפי' ביי אן אינו יהודי וואס איז געווען לאחרי גיל הגידול (און אפי' לאחרי גיל העמידה), איז געווען דער ענין פון "שמועה טובה תדשן עצם"[19], אז דער תענוג האט בא'פועל'ט א התרחבות אין אן עצם פון דעם אדם.

וואס דאס באווייזט דאך אויף גודל העילוי וואס איז דא אין דעם ענין התענוג – אז אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[20] ביים דאס דורך דעם גאנצן סדר ההשתלשלות פון דער "עיר קטנה"[21] –

פון דעם כח התענוג, וואס דאס איז דער כח הכי נעלה שבאדם, ביז צו דעם עצם שברגל האדם, וואס דער רגל איז דער חלק הכי תחתון שבאדם, און אין דעם רגל גופא דער עקב שברגל (ווארום דארטן איז דער ארט פון דעם נעל, ווי דער דין איז בנוגע לכמה ענינים[22] אז דער נעל דארף מכסה זיין דעם עקב שברגל) – אז דארטן זאל ווערן דער "שמועה טובה הדשן עצם".

– און –

------------

13) פרשתנו (בלק) עב, ב. 14) ל' הכתוב – ישעי' מד, ב. ועוד. 15) ישעי' נח, יג. 16) עה"פ יתרו שם, ט. 17) או"ח סש"ו סכ"א. 18) גיטין נו, ב. 19) משלי טו, ל. 20) ל' הכתוב – תהלים קמז, טו. וראה לקו"ת ס"פ קרח. 21) ל' הכתוב – קהלת ט, יד. וראה נדרים לב, ב. 22) ראה שו"ע אה"ע סקס"ט סכ"ב. ובכ"מ.

און גלייך למחרתו פון דעם שבת פון י"ב תמוז, קומט דער יום ראשון פון י"ג תמוז, וואס אין דערויף איז דא די מעלה פון דער עבודה פון ששת ימי המעשה.

און דאס הויבט זיך שוין אן פון מוצאי שבת (וואס דאס איז שוין די התחלה פון יום ראשון), וואס דעמולט זאגט מען "אל תירא עבדי יעקב", דערפאר וואס מ'גיט כחות און מ'גיט א סיוע מלמעלה (נוסף אויף די כחות) אז מ'זאל קענען דורכפירן די עבודה פון כל ימי השבוע שלאחרי יום השבת, מיט אלע עילויים שבזה,

ובפרט אז ימי השבוע ווערן מחברך פון א שבת וואס איז דער טאג פון י"ב תמוז, וואס יעדער שבת האט זיך דאך זיין ברכה מיוחדת (ע"ד "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[23]), און דערנאך איז דאס משפיע במשך כל השנה כולה.

ז. און די צוויי אופני עבודה (די עבודה פון יום השבת (י"ב תמוז), און די עבודה פון יום ראשון (י"ג תמוז)) דארפן זיין דורכגענומען מיט די ענינים וואס דער בעל המאסר והגאולה מאנט במכתבו הנ"ל.

וואס דער מכתב איז דאך שוין געדרוקט - וכידוע דער פתגם וואס דער בעל הגאולה האט געזאגט בשם פון דעם צ"צ[24], אז א דבר שבדפוס איז לדורי דורות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער מכתב איז א הוראה בנוגע למעשה בפועל, צוזאמען מיטן זכות און נתינת כח וואס מ'גיט אז מ'זאל דאס קענען אויפטאן, און אויפטאן אין אן אופן של הצלחה, בדוגמא צו דער הצלחה וואס איז געווען דעמולט.

כולל אויך די הצלחה אין דעם פרט אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר יעדער אידן, ביז "גם את אשר בשם ישראל יכונה", אפי' דעם וואס ער האלט אז דער שם "ישראל" איז ניט שמו האמיתי, נאר מערניט ווי א כינוי, כמדובר כמ"פ[25].

"והמעשה הוא העיקר" - אז די החלטות וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך במשך פון דעם שבת'דיקן טאג אין אן אופן של תענוג, זאלן אראפקומען בפועל ממש אין די ימים שלאח"ז, כולל אויך ימי השבת, "שבת שבתון", און די ימים טובים וואס זיי ווערן אויך אנגערופן "שבת", ווי מ'געפינט בכמה פסוקים[26].

- וואס -

------------

23) זח"ג צד, ב. 24) הובא בלקו"ש ח"ב ע' 522. 25) ראה לקו"ש ח"ח ס"ע 329 ואילך. ובכ"מ. 26) אמור כג, יא. ועוד. וראה פרש"י, ראב"ע, רמב"ן ועוד עה"פ. חדא"ג מהרש"א למנחות סה, א.

וואס בשעת אז די החלטות ווערן דורכגעפירט בהכ"ית רקליכוה, איז דאס די הוכחה אז די החלטות זיינען געווען כדבעי, ד.ה. אז דער מעשה בפועל וואס ווערט געטאן לאח"ז, ברענגט די שלימות אין דער החלטה וואס מ'האט מחליט געווען אין דעם שבת פון י"ב תמוז.

ז. און אזוי ווי מ'שטייט אין מוצאי שבת - פארבינדט דאס די צוויי אופני עבודה, די עבודה פון יום השבת, און די עבודה פון יום ראשון,

ווארום מוצאי שבת איז דאך די התחלה פון יום ראשון. און דאס איז אויך פארבונדן מיט יום השבת, ווארום עס ווערט דאך אנגערופן "מוצאי שבת",

ביז אז דעמולט פראוועט מען די סעודה פון "מלוה מלכה". וואס דאס איז שייך צו זאגן דוקא ווען מ'געפינט זיך צוזאמען מיט דער "שבת המלכה" (אדער מיטן "מלך")[27], וואס דעמולט איז שייך צו זאגן אז מ'גייט צוזאמען מיט איר און מ'באגלייט איר (דורך די זמירות, און דורך די החלטות טובות וואס זיינען דערמיט פארבונדן) -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז מוצאי שבת פארבינדט די עבודה פון שבת מיט דער עבודה פון יום ראשון.

וואס בשעת אז די ביידע עבודות שטייען צוזאמען, קומט נאך צו אן ענין משולש, וואס ער איז "עולה על גביהן"[28] - ע"ד ווי די גמרא[29] זאגט אז בשעת צוויי מענטשן הייבן אויף א משא צוזאמען, קענען זיי אויפהויבן מערער ווי זיי וואלטן אויפגעהויבן ווען יעדערער פון זיי הויבט אויף בפ"ע, וואס דאס זעט מען דאך אפי' אין עוה"ז החומרי, עאכו"כ אין עוה"ז הגשמי, ועאכו"כ אין אן ענין רוחני (ווי גודל זכות הרבים וכיו"ב).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם איחוד פון די צוויי אופני עבודה (וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון מוצאי שבת), קומט נאך צו אן ענין נעלה יותר, מערער ווי עס וואלט געווען דורך ביידע אופני עבודה ווי יעדערער פון זיי שטייט בפ"ע.

און דער כללות הענין פון מוצאי שבת און סעודה "מלוה - מלכה" -

------------

כז) ראה שבת קיט, א. שו"ע אדה"ז או"ח ס"ע ס"ב.
כח) שעהיוה"א פי"ב. ובארוכה - ספר הערכים-חב"ד כרך ג ערך אור העולה על כולנה. וש"נ. כט) סוטה לד, א ובפרש"י שם ד"ה דכדלי וד"ה הילחא.

מלכה", איז דאך פארבונדן מיט "סעודתא דדוד מלכא משיחא", ווי עס שטייט אין סידור האריז"ל[30] -

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס לויט איין דעה[31] (וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[32]) איז שמו "דוד",

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ח. ס'איז דאך אויך רגיל אז אין א התוועדות (פון שבת, אדער) וואס איז פארבונדן מיט שבת, זאל מען מבאר זיין א פסוק מיט פרש"י פון דער סדרה, און אין די שבתות וואס "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות - אויך אן ענין אין פרקי אבות וואס מ'לערנט אין דעם שבת, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן צום זהר.

בנוגע צו פרש"י - איז בקשר מיטן מכתב פון דעם בעל ההילולא צו חגיגת י"ב תמוז הראשונה, וואס צוזאמען מיטן מכתב האט ער אויך מצרף געווען דעם מאמר ד"ה עשרה שיושבים ועוסקים בתורה (דער ענין פון לימוד התורה) - געפינט מען בפרשתנו א גאנצע אריכות וועגן דעם ענין פון לימוד התורה.

וואס דאס זיינען די פסוקים[33] "וממדבר מתנה וממתנה נחליאל ומנחליאל במות ומבמות הגיא", ווי די גמרא זאגט אין עירובין[34] אז דאס גייט אויף דעם ענין פון לימוד התורה, "אם אדם משים עצמו כמדבר . . תורה ניתנה לו במתנה" (ווי דער צ"צ[35] איז מבאר באריכה דאס וואס די תורה איז געגעבן געווארן במתנה), מיט אלע פרטים וואס די גמרא זאגט אויף די פסוקים.

ביז צו "ומבמות הגיא", אז "אם מגיס לבו הקב"ה משפילו שנאמר ומבמות הגיא", און גלייך דערנאך איז ער "חוזר בו" [ווי די גמרא[36] זאגט "אם ראית ת"ח כו' אל תהרהר אחריו", וויבאלד אז "ודאי עשה תשובה"], און דעמולט איז "הקב"ה מגביהו".

און דער סיום פון דער שירה איז - "ונשקפה על פני הישימון"[37], און אויף דערויף איז דא דער פרש"י: וואס אין

- דערויף -

---

30) להר"ש מרשקוב במקומו. 31) מדרש משלי ספי"ט (עה"פ משלי יט, כא). 32) עירובין יג, ב. 33) פרשתנו (חקת) כא, יח-כ. 34) נד, א. 35) אוה"ת עה"פ (ע' תתפא ואילך). ואתחנן ע' נג. ראה ע' תשסא ואילך. ועוד. 36) ברכות יט, א. 37) פרשתנו שם, כ.

דערויף איז דא צום אלעם ע ספק דער פירוש ע"ד הפשט. וואס דאס איז דער דרך פון פרש"י עה"ת, ווי רש"י[38] זאגט "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא". און דערנאך אויך די "עניינים מופלאים" וואס זיינען דא אין פירוש רש"י[39].

ס. אויף "ונשקפה" שטעלט זיך רש"י און טייטשט אפ: "אותה הפסגה", אז די "פסגה" וועגן וועלכע עס רעדט זיך פריער ("ראש הפסגה") איז "נשקפה על פני הישימון" - "על פני המקום ששמו ישימון, והוא ל' מדבר שהוא שמם".

דערנאך זאגט רש"י: "ד"א ונשקפה הבאר על פני הישימון, שנגנזה בימה של טבריא, והעומד על הישימון מביט ורואה כמין כברה בים, והיא הבאר". און דערנאך איז רש"י מסיים "כך דרש רבי תנחומא".

וואס בשעת רש"י ברענגט אראפ אן ענין וואס שטייט אין מדרש, איז עס א הוכחה אז דאס האט א שייכות צו פשוטו של מקרא, ווי רש"י האט שוין געזאגט אין ספר בראשית[40] אז ער ברענגט נאר "אגדה המישבת דברי המקרא",

[ווארום אויב ס'איז אן אגדה וואס איז ניט מיישב פשוטו של מקרא, און אין פשש"מ בלייבט עפעס ניט פארשטאנדיק - זאגט דעמולט רש"י "לא ירעהי", ווי מ'געפינט בכ"מ[41] (אויך בפרשתנו[42])].

און ס'איז ידוע דער כלל[43] אז בשעת רש"י ברענגט צוויי פירושים. פריער דעם ערשטן פירוש. און דערנאך "ד"א", איז דערפון די הוכחה אז דער ערשטער פירוש איז קרוב יותר צו פשוטו של מקרא.

[ווארום בשעת אז ביידע פירושים זיינען שקולים, איז רש"י מקדים אז אין דעם ענין זיינען דא צוויי פירושים[44], און ערשט דערנאך איז ער זיי מפרט און שרייבט זיי איינער פאר דעם צווייטן, וויבאלד אז רש"י קען ניט שרייבן ביידע פירושים בבת אחת (אין אן אופן פון "אחת דבר אלקים שתים זו שמעתי"[45]) - וואס דעמולט איז עס ניט קיין הוכחה אז דער ערשטער פירוש איז נענטער צו פשוטו של מקרא;

אבער ווען רש"י איז ניט מקדים אז אין דעם ענין

- זיינען -

------------

38) עה"פ בראשית ג, ח. 39) של"ה במס' שבועות שלו (קפא, א). 40) שם. 41) נסמנו בלקו"ש ח"ה ע' 1 שוה"ג להע' 2. 42) שם, יא. 43) ראה לקו"ש חי"א ס"ע 141 ואילך. ועוד. 44) לדוגמא - ראה פרש"י עה"פ תשא לב, ד. נה' בלקו"ש שם. 45) תהלים סב, יב.

זיינען דא צוויי פירושים, נאר ער הויבט אן גלייך מיטן ערשטן פירוש, און דערנאך ברענגט ער דעם צווייטן פירוש - איז עס א הוכחה אז דער ערשטער פירוש איז קרוב יותר צו פשוטו של מקרא],

נאר אזוי ווי דער ערשטער פירוש איז ניט אינגאנצן גלאטיק (ס'איז דא אויף אים א קשיא), דארף מען זוכן א צווייטן פירוש.

און דער צווייטער פירוש אליין איז אויך ניט מספיק, ואדרבה, ער איז נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש, וואס דערפאר ברענגט אים רש"י נאר אלס א הוספה צום ערשטן פירוש.

דארף מען פארשטיין: פארוואס איז דער ערשטער פירוש ניט מספיק (וואס דערפאר דארף מען אנקומען צום צווייטן פירוש), און פארוואס איז ער אבער פארט קרוב יותר צו פשוטו של מקרא מערער ווי דער צווייטער פירוש.

י. אויך דארף מען פארשטיין:

מ'געפינט בכ"מ אז רש"י ברענגט אראפ אן ענין וואס שטייט אין מדרש, און זאגט דאס ניט "בשם אומרו" - דארף מען פארשטיין: פארוואס דארף רש"י זאגן "כך דרש רבי תנחומא"?

נאכמער: דעם פירוש וואס רש"י ברענגט געפינט מען בכ"מ: אין מדרש תנחומא[46], אין מדרש רבה[47], און אין ירושלמי[48] -

און וויבאלד אז רש"י איז מדגיש "כך דרש רבי תנחומא", איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א חילוק צווישן די אלע מקומות הנ"ל, און דאס איז א חילוק וואס איז נוגע אין פשש"מ - און דערפאר איז רש"י מדגיש "כך דרש רבי תנחומא", וויבאלד אז דוקא דער ענין וואס שטייט אין מדרש תנחומא איז מתאים צו פשוטו של מקרא.

דארף מען פארשטיין: וואס זיינען די חילוקים צווישן די מקומות הנ"ל, און פארוואס איז דוקא דער פירוש וואס שטייט אין מדרש תנחומא מתאים צו פשוטו של מקרא.

וכפי שיתבאר לקמן.

יא. דער פרק פון היינטיקן שבת איז - פרק חמישי, וואס קרוב לסיומו וחותמו איז דא א משנה וואס האט א שייכות

- מיוחדת -

------------

46) עה"פ (סוף פיסקא כא). 47) ויק"ר פכ"ב, ד. קה"ר פ"ה, ט (בסופו). 48) כלאים פ"ט סוף ה"ד.

מיוהדה צו דעם שבת און צו דער ההתוועדות - וואס דאס איז די משנה "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

און ווי דערמאנט פריער (בהמאמר) וואס דער צ"צ[49] איז מבאר אין וואס באשטייט דער ענין פון "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

[ובפרט אז אין דערויף ווערט די שאלה: וואס פאר א שייכות האט דער ענין פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" צו דעם ענין פון "מילי דחסידותא" (וואס דאס איז דער כללות הענין פון מסכת אבות[50])],

אז מצד דערויף וואס ער האט עובד געווען עבודתו כדבעי (וויבאלד אז "כל ישראל בחזקה כשרות"[51]), ביז אין אן אופן פון "מאה שנה", וואס דאס באווייזט אויף תכלית השלימות - איז כל עניני העולם האבן ביי אים קיין באטרעף ניט, און ביי אים איז מער ניטא דער העלם והסתר פון עולם, און ס'איז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

און בנוגע צו דעם אופן העבודה שלאח"ז - קען מען זאגן ע"פ המבואר בכ"מ[52] בנוגע צו דעם אופן העבודה ווי ס'איז געווען קודם חטא אדה"ר, וואס דעמולט איז ניט געווען דער ענין פון מיתה כפשוטה - אז בשעת מ'דארף עולה זיין מדרגא לדרגא, דארף זיין דער ביטול פון דער דרגא התחתונה[53], וואס דאס איז בדוגמת הענין פון מיתה.

וואס בשעה אז די עלי' איז אין אן אופן וואס איז שלא בערך - דארף מען האבן דעם ביטול פון דער דרגא הקודמת, ווי מ'געפינט דאס אויך אין לימוד ההורה, אז "ר"ז יתיב מאה תעניתא" (אדער מ' תעניות[54]) אז ער זאל פארגעסן תלמוד בבלי כדי ער זאל קענען צוקומען צום לימוד פון תלמוד ירושלמי[55] -

וואס די שכחה פון הלמוד בבלי איז דאך אן ענין פון "נפל מדרגי'" וואס "איקרי מת"[56], דאס איז אבער נאר לפי שעה, און די כוונה בזה איז אז דורך דערויף זאל ער צוקומען צו א דרגא נעלית יותר וואס איז באי"ע צו דער דרגא הקודמת, ווי דער אלטער רבי ברענגט אדאפ אין דער הקדמה צו שעהיוה"א דעם ענין פון "שבע יפול צדיק וקם"[57].

- וואס -

---

49) אוה"ת פרשתנו (חקה) ע' התיד ואילך. ועוד. וראה גם לקו"ש ח"א ע' 26. ח"ה ע' 87. ועוד. 50) ראה ב"ק ל, א. 51) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 52) אוה"ת שם ע' תתמז ואילך. ד"ה זאת התורה עסד"ה (סה"מ עסד"ת ע' תקמו ואילך). 53) המשך תרס"ו ס"ע יב ואילך. ועוד. 54) גירסת הרש"ל. 55) ב"מ פה, א. 56) ראה זח"ג קלה, ב. 57) משלי כד, טז.

וואס דאס איז דער ענין המיתה וואס איז געווען קודם החטא - די עלי׳ מדרגא לדרגא אין אן אופן פון באי"ע, וואס דאס איז פארבונדן מיטן ביטול (מיתה) פון דער דרגא הקודמת, וואס דאס איז אן ענין של מיתה וואס איז ניט פארבונדן מיט צער און ענינים פון היפך השמחה, נאר אדרבה, דאס איז אן ענין של הנאה ושמחה.

ועד"ז איז אויך דער ענין פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - אז דעמולט איז ער אויך א נשמה בגוף, וויבאלד אז "והיו ימיו מאה ועשרים שנה"[58], נאר ער איז עולה מדרגא לדרגא, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך, וואס דערפאר דארף זיין דער ביטול פון דרגתו הקודמת, און דערפאר איז עס "כאילו מת כו׳".

יב. אין דערויף איז ניט פארשטאנדיק:

די משנה רעכנט דאך דעם סדר פון כל חיי האדם[59], אנהויבנדיק פון "בן חמש שנים למקרא" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז די משנה ניט מבאר דעם סדר העבודה וואס איז לאחרי "מאה שנה"?

מ׳קען ניט זאגן אז דאס איז דערפאר וואס ע"ד הרגיל איז "ימי שנותינו בהם שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה"[60] - ווארום עפ"ז האט די משנה ניט געדארפט זאגן דעם סדר פון "בן תשעים" און "בן מאה";

און וויבאלד אז די משנה זאגט אויך דעם סדר פון "בן תשעים" און "בן מאה" - ווערט די שאלה: דער זמן וואס ווערט געבראכט אין תושב"כ נאך "אם בגבורות שמונים שנה" איז - "והיו ימיו מאה ועשרים שנה", האט דאך די משנה געדארפט ממשיך זיין דעם סדר פון "מאה ועשר שנה" און "מאה ועשרים שנה" (אויב דעמולט גייט דאס אויך מיטן סדר אז יעדער צען יאר ווערט א שינוי עיקרי)?

יג. די קשיא ווערט נאך שטארקער בשעה מ׳גיט א קוק אין תושבע"פ, ביז אין שו"ע (וואס דא זעט מען ווי אזוי די גאנצע תורה איז אייך זאך):

די משנה זאגט אין גיטין[61] (און עס ווערט אראפגעבראכט אלס פס"ד להלכה אין שו"ע הל׳ גיטין[62]) אז "המביא גט והניחו זקן . . נותן לה בחזקת שהוא קיים", זאגט אויף דערויף די גמרא אז דאס איז אלץ ביי א "זקן שלא הגיע לגבורות . . אבל

- זקן -

58) בראשית ו, ג. 59) ראה מד"ש לאבות כאן בסופו.
60) תהלים צ, י. 61) כח, א. 62) אה"ע סקמ"א סס"ח.

זקן שהגיע לגבורות לא", און דערנאך איז די גבֿרא כבֿשיך אז אויב "הניחו זקן כו' בן מאה שנה נותן לה בהזקת שהוא קיים", וויבאלד אז "כיון דאיפליג איפליג".

וואס איז דערויף זעט מען א דבר פלא:

רש"י[63] זאגט אז "בן שמונים ואחת או יותר עד תשעים קרוב קָמוֹת הוא", און פון בן תשעים זאגט מען אז "כיון דאיפליג איפליג".

און דאס וואס די גמרא זאגט "הניחו זקן אפי' בן מאה שנה" זאגט מען אז "כיון דאיפליג איפליג", מיינט מען ניט אז "כיון דאיפליג איפליג" הויבט זיך אן פון "מאה שנה" - נאר דער חידוש איז אז "אפי' בן מאה שנה" זאגט מען אויך אז "כיון דאיפליג איפליג"[64].

און אז מ'גיט א קוק אין שו"ע, זעט מען אז דער ב"ש[65] ברענגט אראפ דעה רש"י אז אויף א בן תשעים זאגט מען שוין "כיון דאיפליג איפליג", אע"פ אז דער פס"ד אין שו"ע איז אז עס הויבט זיך אן פון בן מאה שנה.

וואס דער ב"ש איז דאך א פוסק, און ער נעמט אן דעה רש"י (וואס דאס איז אויך די דעה פון נאך ראשונים[66]) אז "כיון דאיפליג איפליג" איז פון תשעים שנה - אלס א סניף אין הלכה.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעה א מענטש דערגרייכט צו "מאה שנה", איז א זיכערע זאך אז מ'זאגט "כיון דאיפליג איפליג", ד.ה. אז ער וועט לעבן אויך ווייטער (ביז אז לדעה רש"י און נאך ראשונים זאגט מען דאס אנהויבנדיק פון "בן תשעים") -

ווערט דאך נאך שטארקער די קשיא: פארוואס זאגט ניט די משנה דעם סדר העבודה וואס איז לאחרי "בן מאה שנה" - דעבולט דארף ער דאך אויך גיין "מחיל אל חיל", האט די משנה געדארפט זאגן אין וואס עס באשטייט עבודתו דעבולט?

יד. עד"ז דארף מען פארשטיין: וואס איז דער ענין פון "בילי דחסידותא" וואס איז דא אין "בן תשעים לשוח"?

עס זיינען דא מפרשים (ראשונים, וואס זיינען ברי סמכא)[67] וואס טייטשן אפ אז "לשוח" איז בלשון שיחה, ד.ה. אז

- וויבאלד -

---

63) גיטין שם ד"ה איפליג. 64) ב"ש לשו"ע שם ס"ק קז. 65) שם. 66) הוס' רי"ד לגיטין שם. ועוד. 67) כאירי, רבינו יונה, רב"ה (הובאו בכד"ש כאן).

וויבאלד אז דעמולט ווערט א חלישות אין כח המעשה שלו, איז עיקר עבודתו אין דעם ענין הדיבור (שיחה) - די עבודה פון לימוד התורה און עבודת התפלה.

דער אלטער רבי ברענגט אבער אראפ דעם ווארט "לשוח" מיטן ניקוד פון שי"ן ימנית, וואס דאס באווייזט אז ער נעמט אן אז דער אפטייטש פון "לשרח" איז כלשון "איינגעבויגן" (אז פון "בן השעים" גייט מען איינגעבויגענערהייד) - ווערט די שאלה: למאי נפק"מ אין "מילי דחסידותא" אז פון "בן השעים" גייט מען איינגעבויגן?

וכפי שיתבאר לקמן.

טו. אין די הערוה אויף זהר[68] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר ר"פ חקת[69], אז "רבי שמעון ור' אבא ור' אלעזר ור' יצחק הוו שכיחי בבי ר' פנחס בן יאיר אמר ר' פנחס לר' שמעון בכטותא מנך . . בפרשתא דא איכא כלה חדתא" אין דעם ענין פון "זאת חקת התורה". האט ר' שמעון געזאגט צו ר' אלעזר "קום בקיומך ואיכא כלה חד בפרשתא דא".

און ער איז מבאר אין די הערות פארוואס האט דוקא רפב"י געבעטן אז ר"ש זאל זאגן א "כלה חדתא" (א דבר חידוש) אין דעם ענין פון פרה אדומה - "כי רפב"י בחינתו הוא ע"ד אברהם אבינו, כמ"ש בהקדמת הזהר די"א ע"ב דהא איהו בהאי דרגא קאים . . והנה באברהם כתיב[70] ואנכי עפר ואפר, שבשביל שאמר אפר זכו בניו לאפר פרה . . לכן ביקש שיאמר בפ' פרה דוקא".

דארף מען פארשטיין: ער זאגט טאקע אז דאס וואס אברהם אבינו האט געזאגט "ואנכי עפר ואפר" איז פארבונדן מיט "אפר פרה", ער איז אבער ניט מבאר וואס איז די שייכות הפנימית צווישן די צוויי ענינים.

ובדוגמא ווי מ'געפינט ביי א גז"ש, אז לכאו' זיינען די צוויי ענינים (אין וועלכע מ'מאכט די גז"ש) באזונדערע ענינים כרחוק מזרח ממערב, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז מ'מאכט א גז"ש צווישן זיי, מוז מען זאגן אז ס'איז דא עפעס א צד השוה ביניהם, וואס דערפאר קען מען מאכן די גזירה שוה.

ועד"ז בנדו"ד - אז מ'מוז זאגן אז ס'איז דא עפעס א שייכות צווישן דעם אפר הפרה דערמיט וואס אברהם אבינו האט געזאגט "ואנכי עפר ואפר".

וכפי שיתבאר לקמן.

- טז. -

---

68) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שפט ואילך. 69) ח"ג קעט, סע"ב ואילך. 70) וירא יח, כז.

כז. כאן המקום צו משלים זיין דאס וואס מ'האט דערמאנט אין דעם מאמר (וואס ער איז מיוסד אויף מאמרי רבותינו נשיאינו), אז בביאה משיח צדקנו וועלן קומען אין א"י צוזאמען מיט משה רבינו אויך דער דור המדבר און די מרגלים וכו'.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות[72] דאס וואס ס'שטייט אין משנה[71] "ר' אליעזר אומר עליהם (אויף דור המדבר, כולל אויך די מרגלים) הוא אומר[73] אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח", ד.ה. אז זיי האבן א חלק לעולם הבא.

האט מען אויף דערויף געפרעגט:

אין דער משנה שטייט: "דור המדבר אין להם חלק לעוה"ב . . דברי רבי עקיבא, ר' אליעזר אומר עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח", און אין א פריערדיקע בבא שטייט: "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב", קומט דאך אויס אז דאס וואס ר"א זאגט "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח" (אז זיי האבן א חלק לעוה"ב), גייט דאס נאר אויף דור המדבר, און ניט אויף די מרגלים.

ווארום די ראי' וואס די משנה ברענגט אויף דעם וואס "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב" איז דאך פון א פסוק וואס שטייט נאר אויף די מרגלים ("וימותו האנשים מוציאי דבת הארץ רעה במגפה לפני ה'"[74]), און ניט אויף גאנץ דור המדבר - איז אפי' אויב מ'זאגט אז דור המדבר האבן א חלק לעוה"ב, דערפאר וואס "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'", איז דערפון קיין ראי' ניט אויף די מרגלים, ווארום בא די מרגלים איז געווען א באזונדער חטא, נוסף אויפן חטא הכללי פון דור המדבר.

איז ניט פארשטאנדיק: פון וואנעט איז די ראי' אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב, אין משנה שטייט דאך בפשטות אז "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב"?

מ'קען ניט זאגן אז די הוכחה אויף דערויף איז דערפון וואס אין ירושלמי[75] ברענגט זיך ניט די בבא פון "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב" - ווארום עס זיינען דא כמה ענינים וואס שטייען ניט אין ירושלמי, נאר זיי ווערן ניתוסף אין בבלי.

און אפי' אויב מ'וועט אנעמען אז אין בבלי שטייט אויך ניט אין משנה די בבא פון "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב"[76] -

- זיינען -

------------

71) שיחה הנ"ל סט"ו. 72) סנהדרין קח, א. 73) תהלים נ, ה. 74) שלח יד, לז. 75) פ"י ה"ד. 76) ראה שינויי נוסחאות למשניות סנהדרין פ"י מ"ג.

זיינען דאך אבער דא כמה ענינים וואס שטייען ניט אין משנה, נאר אין ברייתא, אדער אין גמרא, ועד"ז בנדו"ד, שטייט דאס אין גמרא[77] (אלס א חלק פון "עלמות אין מספר"[78], וואס דאס זיינען "מימרות האמוראים"[79]), און דאס ווערט א חלק פון תורה שבעל פה.

יז. איז דער ביאור בזה:

בפשטות קען מען זאגן אז דאס וואס ר' אליעזר זאגט "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'", גייט דאס ניט נאר אויף לפניו, אויף "דור המדבר", נאר דאס גייט אויך אויף לפני פניו - אויף די "מרגלים", וואס עפ"ז ווערט אויסקומען אז לדעה ר"א האבן די מרגלים א חלק לעולם הבא.

און ס'איז גאר דא א הכרח צו זאגן אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב (עכ"פ לדעת ר"א), ווארום:

אין זהר ר"פ תצא[80] שטייט אז וויבאלד די מרגלים "אפיקו שום ביש על ארעא דישראל" (און ניט "על שכינהא"), איז זייער עונש געווען אז "לקו בגופייהו ובזיהה גרמייהו כיהו", און ניט בנוגע צו דער נשמה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז זיי האבן א חלק לעולם הבא.

שטעלן זיך אויף דערויף מפרשי הזהר[81], און זאגן: "משמע דלא כש"ס דידן דהא מתני' מלאה בסנהדרין ק"ה א' דמרגלים לית להו חלק לעוה"ב, וליכא מאן דפליג".

ועפ"ז איז אויב מ'וועט זאגן אז דאס וואס ר"א זאגט "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'" גייט (ניט נאר אויף דור המדבר, נאר) אויך אויף די מרגלים (לפני פניו) - וועט אויסקומען אז אין ש"ס דידן געפינט מען אויך א דעה אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב, כדעת הזהר.

און דעמולט וועט צוקומען נאך אן ענין - והוא העיקר:

עס איז ידוע דער כלל[82] אז ווען ס'איז דא א פלוגתא אין נגלה דתורה וואס איז ניט אפגע'פסק'נט געווארן להלכה, קוקט מען אין אגדה שבתורה, אדער אין זהר וכיו"ב, און פון דארטן האט מען די הכרעה אין דער מחלוקת.

ובנדו"ד - אויב מ'וועט אנעמען אז דאס וואס ר"א קריגט אויף ר"ע'ן און זאגט "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'",

- גייט -

------------

77) קט. ב. 78) שה"ש ו, ח. 79) ראה שהש"ר פ"ו, ט. לקו"ת שה"ש רד"ה ששים המה הב' (כ, ב). 80) ח"ג רעו, א. 81) נצו"א לזח"ג שם. 82) ראה סה"כ הש"ס ע' 184 בהערה.

גייט דאס אויך אויף די מרגלים - וועט אויסקומען אז דערפון וואס עס שטייט אין זהר אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב, האט מען די הכרעה אין דער מחלוקה פון ר"ע מיט ר"א, אז די הלכה איז אזוי ווי ר"א אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב.

וואס אע"פ אז "הלכה כר"ע מחבירו"[83] - איז דאך אבער ר"א געווען רבו של ר"ע[84], און ניט "חבירו", ובמילא קען זיין די הלכה כר"א און ניט כר"ע.

ונוסף לזה: מ'איז ידוע דער כלל אז בשעת ס'איז דא א מחלוקה. און די גמרא איז זיך מפלפל אין איין דעה - איז עס א הוכחה אז די הלכה איז לויט דער דעה אין וועלכע די גמרא איז זיך מפלפל.

ועד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז די גמרא[85] איז זיך מפלפל אין דעת ר"א, זאגנדיק אז "שבקה ר"ע לחסידותי' וכו'", איז דערפון פארשטאנדיק, אז די הלכה איז אזוי ווי ר"א.

וואס דערביי וועט מען אויך פארשטיין פארוואס שטייט דעת ר"ע פאר דעת ר"א - דלכאורה: וויבאלד אז ר"א איז געווען רבו של ר"ע, האט פריער געדארפט שטיין דעת ר"א, און ערשט דערנאך דעת ר"ע?

דארף מען זאגן אז דאס איז דערפאר וואס די מסקנא בלייבט כדעת ר"א, ביז ווי ס'איז משמע פון סגנון המשנה אז ר"ע האט אנגענומען דבריו של ר"א (ווי מ'געפינט בב"מ אין ע"מ אז דער וועמען מ'האט געענטפערט האט מקבל געווען את דברי המשיב).

יח. ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז מ'קען זאגן אז דאס וואס ר"א זאגט "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'" (אז זיי האבן א חלק לעוה"ב) גייט אויך אויף די מרגלים (וואס דעמולט איז עס מתאים מיט דעת הזהר) - עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: פון וואנעט איז באקע די ראי' אז דברי ר"א גייען אויך אויף די מרגלים?

ולכאו' איז גאר איפכא מסתברא (אז דאס גייט נאר אויף דור המדבר, און ניט אויף די מרגלים), ווארום די מרגלים האבן געהאט א חטא נוסף (ניט נאר דער חטא פון כללות דור המדבר) - איז בשעת מ'זאגט אז דור המדבר יש להם חלק לעוה"ב, איז דערפון נאך קיין ראי' ניט בנוגע צו די מרגלים (וואס האבן געהאט א חטא נוסף)?

- יט. -

------------

83) עירובין מו, ב. וש"נ. 84) ראה תולדות תו"א (הייםאן) בערכו. ועוד. 85) סנהדרין קי, ב.

יט. איז דער ביאור בזה - בהקדים:

מ׳זעט אין חסידות א דבר פלא - אז בשעת מ׳רעדט וועגן דור המדבר, און וועגן די מרגלים, רעדט מען וועגן דעם ווי עס וואלט געווען איין ענין:

אין חסידות איז מבואר אז דער דור המדבר און די מרגלים זיינען געווען אין א דרגא נעלית ביותר, זיי זיינען געווען א "דור דעה"[86], און זיי האבן געהאט א שייכות צו עולם המחשבה[87] (און לויט א צווייטע דעה[88] - צו עולם הדיבור), און ניט צו עולם המעשה,

און דערפאר האבן זיי ניט געוואלט אריינגיין אין א"י און אראפלאזן זיך אין דער עבודה פון מעשה בפועל, טענה׳נדיק אז דאס איז אן "ארץ אוכלת יושבי׳"[89]:

- דער ענין פון מעשה בפועל "עסט אויף"[90] דעם מענטשן, וויבאלד אז ער קען זיך ניט איינקערן מיט דער גשמיות והוכריות אויף צו מאכן דערפון אן ענין של מצוה. דערפאר וואס "אפילו בעה"ב אינו יכול להוציא כליו כשם"[91], און דערפאר האבן זיי ניט געוואלט אריינשטעלן זיך במקום סכנה. ווי דער דין איז אז מ׳טאר זיך ניט שטעלן במקום סכנה.

אדער ווי דער צווייטער לשון וואס ברענגט זיך[92] - אז זיי האבן בא זיך ניט געהאט די עניווה אויף צו אראפלאזן זיך אין אן ענין של מעשה בפועל. אדאפלאזן זיך אין דער "בירא עמיקהא" פון עולם העשי׳ הגשמי. נאר זיי האבן געוואלט בלייבן אין מדבר, אין אן אופן פון "במדבר הזה יתמו ושם ימותו"[93].

ווי ער טייטשט אפ אין זהר[94] אז "יתמו" איז מלשון תמימות. ד.ה. אז דארטן (אין מדבר) וועלן זיי צוקומען צו תמימות ושלימות. און "ושם ימותו" - ע"ד ווי עס שטייט אין היינטיקן פרק "כאילו כח ועבר ובטל מן העולם". אז זיי וועלן זיך אינגאנצן רוחניות (אויך דער גוף).

וואס דאס איז אויך מרומז אין דעם סיפור פון רבה בר בר חנה[95] אז ער האט געזעהן די "מתי מדבר". און "דמו כמאן דמיבסמי" ("בפנים צהובות כשתויי יין"[96]) - ווי עס ווערט

- אראפגעבראכט -

------------

86) לקו"ת שלח לז. ב. ויק"ר פ"ט, א. במדב"ר פי"ט. ג.
87) לקו"ת שם. לח. ב. מע"ת שער הארת המוחין פ"א. 88) ראה לקו"ת שם, סע"ג. 89) שלח יג. לב. 90) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1043. ח"ח ע' 298. 91) סוכה לה. א. וש"נ. וראה לקו"ש ח"ד שם. 92) ראה לקו"ת שם מא. ב. 93) שלח יד. לה. 94) ח"ג קסג. ב. 95) ב"ב עג. סע"ב ואילך. 96) פרש"י שם.

אראפגעבראכט אין דרושי חסידות[97] אז דאס איז דערפאר וואס זייער עבודה איז געווען אן עבודה רוחניה, אין אן אופן של תענוג גדול ביותר.

וואס דערפון זעט מען אז אין חסידות איז מבואר דער ענין פון דור המדבר מיט דער זעלבער הסברה וואס מ'איז מבאר אויף די מרגלים.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד, אז דאס וואס ר"א זאגט אויף דור המדבר אז "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי גו'", גייט דאס אויך אויף די מרגלים.

כ. והביאור בזה:

דער טעם פארוואס האלט ר"א אז דור המדבר האבן א חלק לעוה"ב איז - דערפאר וואס ס'שטייט "אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח", ווי רש"י[98] טייטשט אפ: "היינו דור המדבר שכרתו ברית של מקום עלי זבחים ושלמים, דכתיב[99] ויזבחו זבחים שלמים, וכתיב[100] ויזרוק על העם ויאמר הנה דם הברית אשר כרת ה' עמהם", ד.ה. אז דער אויבערשטער רופט זיי אן "חסידי" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זיי האבן א חלק לעולם הבא.

און אין דעם "ברית של מקום" וואס מ'האט כורת געווען "עלי זבחים ושלמים". זיינען אריינגעגאנגען דער גאנצער דור המדבר, ועאכו"כ די "ראשי בני ישראל" וואס דאס זיינען געווען די מרגלים[101], וואס "אותה שעה כשרים היו"[102] -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד זיי זיינען אויך נכלל אין "כורתי בריתי עלי זבח" (אזוי ווי גאנץ דור המדבר) - איז אויף זיי אויך חל די ראי' פון ר"א אז זיי האבן א חלק לעוה"ב, דערפאר וואס "עליהם (אויך אויף די מרגלים) הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח".

כא. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז די מרגלים האבן געהאט א חטא נוסף (מער ווי כללות דור המדבר) - איז פון וואנעט איז די ראי' אז זייער חטא האט זיי ניט ארויסגענומען פון דעם כלל פון "כורתי בריתי עלי זבח"?

איז דער ביאור בזה:

- דער -

---

97) לקוטי לוי"צ אגרות ע' שנה ואילך. 98) ד"ה כורתי - סנהדרין שם. 99) משפטים כד, ה. 100) שם, ה. 101) שלח יג, ג. 102) פרש"י עה"פ.

דער כללות ענין הברית איז – ווי ס'איז מבואר אין לקו"ת פ' נצבים[103], אז דאס איז "כמו למשל שני אוהבים שכורתים ברית ביניהם שלא תפסוק אהבתם, שאילו הי' הדבר שהאהבה תלוי' בו קיים לעד לא היו צריכין לכריתת ברית ביניהם, אלא שיראים שמא יבוטל הדבר ובטלה האהבה . . וע"י כריתת הברית תהי' אהבתם אהבה נצחית . . ולא יפרידם שום מניעה מבית ומחוץ . . אף שע"פ הטעם והדעת הי' צריך לפסוק האהבה כו'".

[וארום בשעת אז דער מעשה בפועל איז כדבעי, ס'איז ניטא קיין ענין של חטא ועון, דארף מען ניט אנקומען צו קיין ענין של כריתת ברית, דאס קומט אים פארדינטערהייד;

נאר דוקא ווען דער מעשה בפועל איז שלא כדבעי, דעמולט דארף מען אנקומען צו אן ענין פון כריתת בריה, אז אעפ"כ זאל דער יחס צווישן כורתי הבריה בלייבן אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען בשעת כריתת הברית].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד די מרגלים גייען אריין אין דעם כלל פון "כורתי בריתי עלי זבח" (ווארום כריתת הברית איז געווען א טאג פאר כ"ה, "בחמשה בסיון"[104], און מעשה המרגלים איז ערשט געווען בשנה השניה לצאתם מארץ מצרים[105]) – קען ניט זיין קיין ענין (אפי' א חטא ועון) וואס זאל מבטל זיין דעם כריתת בריה, ווארום דער גאנצער ענין פון כריתת ברית איז, אז קיין ענין זאל דאס ניט קענען מבטל זיין..

און ווי עס ברענגט זיך אראפ דער ענין הבריה אין ס"פ בחוקותי[106], וואס דארטן שטייט "וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכור", און "וזכרתי להם ברית ראשונים"[107] –

וואס דאס איז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן בנים און בני בנים (אע"פ וואס בא זיי איז דא די שאלה צי "תמה זכות אבות" אדער ניט[108]); ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די מיט וועלכע מ'האט כורת געווען דעם בריה (ניט וועגן זייערע בנים און בני בנים) – אז ס'איז ניטא קיין זאך וועלכע קען צושטערן און מבטל זיין דעם בריה.

וכאמור לעיל אז בנוגע צום בריה זיינען די מרגלים גלייך מיט גאנץ דור המדבר – איז פארשטאנדיק אז אויך

- זיי -

---

103) כד, ב. 104) פרש"י עה"פ משפטים שם. ד. 105) ראה בהעלותך י, יא. 106) כו, מב. 107) שם, מה. 108) שבת נה. א. ויק"ר פל"ו, ו.



הנחת הת' בלתי מוגה

"עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח", וויבאלד אז אויף זיי קען מען ניט זאגן "מוריד שאול ויעל".

ובכל אופן: ג) אספו לי חסידי גו' איז מער ווי "ויעל" סתם - דרגת חסידי!

כג. ע"פ האמור לעיל קומט אויס אז דאס וואס ס'שטייט אין זהר אז די מרגלים האבן א חלק לעוה"ב, געפינט מען אויך אין ש"ס דידן - לדעת ר"א אז "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח".

וואס דערמיט ווערט פארענטפערט ווי קומט דאס אז מ'געפינט ניט אין דער משנה די דעה וואס שטייט אין זהר, אע"פ וואס אין משנה ווערן געבראכט די דעות פון ר"ע און ר"א,

און ס'איז דאך ידוע דער גודל ענינם אין סודות התורה, ווי מ'זאגט אויף ר"ע'ן אז "זלגו עיניו דמעות" פון די סודות פון שה"ש[114], ועד"ז בנוגע צו ר"א הגדול, אז "בשעה שעלה משה למרום שמע קולו של הקב"ה שיושב ועוסק בפ' פרה אדומה ואומר הלכה בשם אומרה ר' אלעזר בני אומר כו'"[115] -

וויבאלד אז לדעת ר"א האבן די מרגלים א חלק לעוה"ב (כשיטת הזהר), וויבאלד אז "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח".

און בפשטות דארף מען זאגן אז די גמרא נעמט אן דעת ר"א - וואס דערפאר ווערן פריער געבראכט דברי ר"ע און דערנאך דברי ר"א, און דערנאך איז די גמרא מפלפל אין דעת ר"א, און זאגט אז "שבקה ר"ע לחסידותי'".

און נאכמער: פון סגנון המשנה איז משמע אז ר"ע האט אויך אנגענומען דעת ר"א (כנ"ל סי"ז), ובפרט לויט ווי די גמרא זאגט אז דאס וואס ר"ע זאגט אז "אין להם חלק לעוה"ב" איז היפך פון אופן הנהגתו, ביז אז "שבקה ר"ע לחסידותי'" - איז מסתבר צו זאגן אז ר"ע האט אנגענומען דעת ר"א.

ובפרט ע"פ המבואר אין קבלה (און ווערט אראפגעבראכט אין חסידות) דער גודל המעלה פון דור המדבר, וואס זיי זיינען געווען א "דור דעה". ביז ווי עס שטייט אין מדרש[116] אז משה רבינו איז געבליבן אין מדבר, מצד דער טענה היתכן אז ער זאל אריינגיין אין א"י און זאל איבערלאזן צאן מרעיהו אין מדבר?! וואס דערפאר איז ער געבליבן דארטן, און

- ער -

------------

114) ראה זח"א צח, ב. ס"ז או"ח סרפ"ח סק"ב. סה"מ ה'ש"ת ע' 145. 115) במדב"ר פי"ט, ז. תנחומא חקה ח. ועוד.
116) במדב"ר שם, יג.

זיי זאגט ר"א "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח", און דערפאר האבן זיי א חלק לעולם הבא.

כב. עפ"ז קומט אויס נאך אן ענין:

אין המשך המשנה שטייט: "עדת קורח אינה עתידה לעלות כו' דברי ר"ע, ר"א אומר עליהם הוא אומר[109] ה' ממית ומחי' מוריד שאול ויעל".

וע"פ האמור לעיל וועט אויסקומען אז דער פסוק "אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח" גייט אויך אויף "עדה קורח", וויבאלד אז זיי זיינען אויך נכלל אין דעם "כורתי בריתי עלי זבח". זייענדיק די "נשיאי עדה קריאי מועד אנשי שם"[110].

וואס דער ענין פון מעשה קרח איז געווען גלייך נאך מעשה המרגלים[111] - איז דאך דאס געווען נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער ענין פון "כורתי בריתי עלי זבח". ובמילא איז פארשטאנדיק אז אין דערויף איז אויך נכלל "עדה קורח".

און אע"פ אז בנוגע צו עדה קורח זאגט ר"א (ניט דעם פסוק "אספו לי חסידי גו'", נאר) "עליהם הוא אומר ה' ממית ומחי' גו'", ועד"ז אין גמרא[112] "רבי יהודה בן בתירא אומר הרי הן כאבידה המתבקשת שנאמר[113] תעיתי כשה אובד בקש עבדך גו'" - איז דער ביאור בזה:

א) דער לשון "עליהם הוא אומר" איז ניט אז דאס איז די (איינציקע) ראי' אויף דעם ענין. נאר דער פירוש בזה איז, אז דערמיט וואס מ'זאגט "עדה קורח עתידה לעלות", איז פארשטאנדיק דער פסוק "ה' ממית ומחי' מוריד שאול ויעל".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז "עליהם הוא אומר אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח" גייט אויך אויף "עדת קורח".

ב) די מחלוקה צווישן ר"ע מיט ר"א צי "עדה קורח אינה עתידה לעלות" אדער "מוריד שאול ויעל" - רעדט זיך וועגן די "בלועים", וואס אויף זיי איז שייך צו זאגן "עתידה לעלוה" (ועד"ז "כאבידה המתבקשת", וואס אן "אבידה" געפינט זיך במציאות, ס'איז מערניט וואס זי איז ניט במקומה), משא"כ בנוגע צו די "שרופין", וואס אויף זיי איז ניט שייך צו זאגן "עתידה לעלות".

קען מען זאגן אז בנוגע צו די "שרופין" זאגט ר"א

- "עליהם -

------------

109) ש"א ב, ו. 110) קרח טז, ב. 111) סדר עולם רבא פ"ה. הובא ברשב"ם ותוס' ב"ב קיט, א. 112) סנהדרין קט, ב. 113) תהלים קיט, קעו.

ער וואדט אויף צו מיטנעמען זיי אין א"י, ווען עס וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[117].

ובפרט בנוגע צו די מרגלים, וואס זיי זיינען געווען שלוחיו של משה, וואס "שלוחו של אדם כמותו"[118] - איז מה-דאך אז מ'זאגט אויף כללות דור המדבר אז משה רבינו וועט זיי מיטנעמען מיט זיך אין א"י, איז עאכו"כ אז אזוי איז דאס בנוגע צו שלוחי משה (די מרגלים).

ועד"ז בנוגע צו "עדת קרח", ווי ס'איז מבואר אין חסידות[119] דער גודל הבעלה פון "עדת קרח", אז "קרח פקח הי'"[120], האט ער בעזעהן ווי עס וועט זיין די הנהגה לע"ל, און אזוי האט ער זיך געפירט, נאר זיין טעות איז געווען וואס די הנהגה איז שייך נאר לע"ל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זיי האבן אויך א חלק לעוה"ב, ואדרבה, בא זיי קומט נאך צו דער "יתרון האור מן החושך" און דער "יתרון החכמה מן הסכלות"[121], וויבאלד אז ס'איז דא דער קס"ד אז "אין להם חלק לעוה"ב".

ובפרט לויטן פירוש (וואס ווערט געבראכט בכ"מ[122]) אין דעם וואס "אין להם חלק לעוה"ב", אז זיי שטייען העכער פון עוה"ב און פאר זיי איז עוה"ב ניט קיין ענין של שכר.

כד. די הוראה דערפון בנוגע למעשה בפועל:

עס קומט אמאל דער "קלוגינקער" און מישט זיך אריין און זאגט אז דער איד וועמען ער האט געטראפן פירט זיך בדוגמה דור המדבר, בדוגמה המרגלים, אדער בדוגמת עדת קרח: ער טוט זיך אן אין א "זיידענע זשופיצע"[123] און זאגט אז אים געפעלט ניט די עבודה פון דעם אידן וכו', כדי צו מבלבל זיין אים ער זאל ניט ארויסהעלפן דעם צווייטן אידן ער זאל זיך אומקערן צום דרך הישר -

זאגט מען אים אז וויבאלד ער איז א איד (עכ"פ "בשם ישראל יכונה"), גייט ער אריין אין דעם כלל פון "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב"[124].

ביז אז מ'זאגט אז ער איז "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[125], ד.ה. אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז א נצחי,

- איז -

------------

117) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. 118) ברכות לד, ב. וש"נ. 119) לקו"ש קרח ש.ז. ס"י. וש"נ. 120) במדב"ר פי"ח, ח. פרש"י עה"פ קרח שם, ז. 121) קהלת ב, יג. 122) עש"מ מאמר חקו"ד ח"ב פ"ח. 123) ראה לקו"ש ח"ב ע' 620. 124) סנהדרין צ, א. 125) ישעי' ס, כא.



הנחת הת' בלתי מוגה

איז אזוי אויך דער "חלק אלוקה ממעל ממש"[126] וואס געפינט זיך בא יעדער אידן אויך אן ענין נצחי, ועאכו"כ אז ער האט א חלק לעולם הבא.

כה. ויה"ר אז נאך אין סוף זמן הגלות זאל מען זעהן די מעלות פון יעדער אידן – וועט מען אים באווייזן די מעלוה וואס ער האט בתוככי כלל ישראל, ווארום ער וועט קומען צו שלימות העבודה, "משלימים את נפשותינו".

און בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום קיום היעוד "ולא יכנף עוד מוריך"[127], וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "ה' ימלוך לעולם ועד"[128] (ווי דער סיום פון מסכת אבות),

ביז צום ענין פון "יגדיל תורה ויאדיר"[129] וואס וועט זיין דורך לימוד תורתו של משיח, בעגלא דידן.

* * *

כו. דער* ביאור אין פירוש רש"י:

דער פירוש הראשון וואס רש"י ברענגט, אז "ונשקפה" גייט אויף "אותה הפסגה" [וואס אע"פ אז "ראש (הפסגה)" איז לשון זכר, איז דאך אבער "פסגה" לשון נקבה, און דערפאר קען מען זאגן אויף דערויף "ונשקפה" (בל' נקבה), וויבאלד אז פון דארטן האט מען געזעהן די גאנצע פסגה, און ניט נאר "ראש הפסגה"], איז ניט מספיק, ווארום אויף דערויף איז דא א קשיא:

אין פשוטם של כתובים רעדט זיך דא וועגן דער באר, אז דער באר איז געגאנגען "נחליאל ומנחליאל במות ומבמות הגיא אשר בשדה מואב גו'" (וואס "שם בטלה הבאר"[130] – איז ווי פאסט אהער אז "אותה הפסגה" איז "נשקפה על פני הישימון"?!

מ'קען ניט זאגן אז האס איז דערפאר וואס מ'דארף האבן א סימן וואו איז דער "ראש הפסגה" (כדי מ'זאל וויסן וואו דער באר איז געגאנגען) – ווארום עס רעדט זיך דאך וועגן אידן זיינען געווען אין "במות הגיא אשר בשדה מואב ראש הפסגה", האבן זיי אליין געזעהן דעם "ראש הפסגה", ובכילא דארפן זיי ניט האבן קיינע זייטיקע סימנים אויף דערויף.

- ועוד -

---

126) תניא רפ"ב. 127) ישעי' ל, כ. וראה תניא פל"ו (מו, א). 128) בשלח טו, יח. 129) ל' הכתוב – ישעי' מב, כא. 130) פרש"י עה"פ.

---

*) מכאן ועד סו"ס לא – הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

ועוד ועיקר: אפי' אויב מ'וועט זאגן אז מ'דארף האבן דעם סימן צוליב די דורות הבאים - איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "ישימון" איז א "מדבר שהוא שמם", א פלאכער ארט, און ווי פרש"י פריער[131] איז דער גאנצער שטח געווען שוה, איז וואס דארפען האבן א סימן אויף דעם איינציגען הר וואס איז דארטן דא?! (די צוויי אנדערע וואס זיינען געבליבן, איז הר סיני געווען פון צווישן זייט מדבר לגבי מואב, און דער צווייטער איז געווען הר על גבי הר)?!

כז. און דערפאר ברענגט רש"י דעם צווייטן פירוש, אז "ונשקפה" גייט אויפן באר, וואס עפ"ז קומט דאס בהמשך צו די פריערדיקע פסוקים וועלכע רעדן וועגן דער באר [און דערפאר שטייט "ונשקפה", לשון נקבה, ע"ד ווי ס'שטייט[132] "באר חפרוה גו'", וויבאלד אז "באר" איז לשון נקבה], אז דער באר איז "נשקפה על פני הישימון".

אבער עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז דער "באר" איז "נשקפה על פני הישימון", בשעה (רש"י זאגט אז) איך "במות הגיא אשר בשדה מואב" איז "בטלה הבאר"?

[ובפרט ווי רש"י האט שוין געזאגט פריער[133] אז דער באר איז געווען "בזכות מרים", וואס דערפאר איז נאך דערויף וואס "והמה שם כרים" איז "לא הי' מים לעדה"[134] - ועד"ז ענני הכבוד דבזכות אהרן[135] - נאר דערנאך איז דער באר צוריקגעקומען בזכותו של משה[136], איז נאך דערויף וואס "מת משה", האט דאך געמוזט זיין "בטלה הבאר"].

אויף דערויף זאגט רש"י - "שנגנזה בימה של טבריא". והביאור בזה:

די פעולה פון דעם באר איז געווען - אז ס'זאל זיין דער "והשקית את העדה ואת בעירם"[137]. און ווי כ'זעט בפשטות אז די מציאות פון דעם סלע (פון וועלכן דער באר איז ארויסגעקומען) איז געווען אויך פריער. און אעפ"כ איז געווען דער "וירב העם עם משה גו'" אויף דעם וואס ס'איז נישטא קיין וואסער[138], ביז אז ס'איז געווען דער "ויצאו מים רבים ותשת העדה ובעירם"[139].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז "בטלה הבאר" מיינט אז ס'איז בטל געווארן דער "ויצאו מים" (פעולת הבאר). אבער די מציאות פון דעם סלע איז געבליבן אויף דערנאך, נאר "נגנזה

- בימה -

---

131) כ, כב. 132) פרשתנו כא, יח. 133) עה"פ שם כ, ב. 134) שם, א-ב. 135) רש"י שם כא, א. 136) תענית ט, א. 137) פרשתנו שם, ח. 138) שם ג, ואילך. 139) שם, יא.

בימה של סבריא", און אויף דערויף זאגט מען אז "העומד על הישימון מבים ורואה כמין כברה בים", ער זעט א "סלע עגול ועשוי ככברה"[140], וואס דאס איז דער סלע פון וועלכן דער באר איז ארויסגעקומען.

כח. עפ"ז האט דאך רש"י געדארפט ברענגען נאך דעם צווייטן פירוש, וויבאלד אז לויט דעם פירוש גייט דער "ונשקפה על פני הישימון" אויפן "באר", כפשטות הכתובים - איז אבער דא אן אנדער קשיא, וואס מצד דער קשיא איז דער פירוש נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש (און דערפאר ברענגט דאס רש"י אלס דעם צווייטן פירוש):

פון דעם לשון "ונשקפה", בוא"ו המוסיף, איז משמע אז עס רעדט זיך וועגן נאך אן ענין וואס איז געווען באותו הזמן ווען דער באר איז געווען אין "הגיא אשר בשדה מואב ראש הפסגה".

און וויבאלד אז בר"ה שבט זיינען שוין אידן געווען "בגיא"[141], און ביז סוף היי משה - געהערט דארט "אלה הדברים אשר דבר משה", וואלט מען געדארפט זאגן אז "ונשקפה על פני הישימון" איז געווען אין דעם זעלבן זמן - ר"ה שבט.

אבער לויט דעם פירוש אז "ונשקפה על פני הישימון" גייט אויף דעם וואס דער באר איז "נגנזה בימה של סבריא", וועט אויסקומען אז "ונשקפה על פני הישימון" איז געווען א משך זמן לאח"ז וואס דער באר איז געווען אין "הגיא גו' ראש הפסגה" (און ניט באותו הזמן), ווארום דער באר איז "נגנזה בימה של סבריא" ערשט לאחר מיתת משה (וואס דעמאלט ערשט "בטלה הבאר"), קודם שעברו את הירדן, אדער (ע"פ סברא) כשנכנסו לארץ (ווען זיי האבן כובש געווען ימה של סבריא).

מ'געפינט טאקע אז אין פסוק ווערן דערמאנט ענינים "על שם העתיד", ווי רש"י זאגט בנוגע צו "אשור"[142], און בנוגע צו "נחל אשכול"[143], ובכ"מ - דאס איז אבער ניט קיין גלאטער אופן אין לימוד פון פשוטו של מקרא.

ובפרט אז ס'שטייט "ונשקפה על פני הישימון", בוא"ו המוסיף, וואס דערפון איז משמע אז ס'איז געווען באותו הזמן וואס דער באר איז געווען אין "הגיא גו' ראש הפסגה", כנ"ל.

און צוליב דער קשיא, איז דער פירוש ווייטער פון

- פשש"מ -

---

140) פרש"י ד"ה כמין - שבה לה, א. 141) דברים א, ג. שם ד, מו. 142) פרש"י עה"פ בראשית ב. יד. 143) פרש"י עה"פ דברים א. כד.

פשש"מ נאכבער פון דעם ערשטן פירוש, און דערפאר ברענגט דאס רש"י אלס א צווייטער פירוש.

כט. דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז מוסיף "כך דרש רבי תנחומא":

אין כפרשי הירושלמי[144] שטייט אז "הר הישימון" איז "הר הכרמל דגרים בפרק במה מדליקין בענין זה", וואס דארטן שטייט: "הרוצה לראות בארה של מרים יעלה לראש הר הכרמל ויצפה ויראה כמין כברה בים וזו היא בארה של מרים".

דאס איז אבער א פירוש תמוה וואס לא זכיתי להבין, ווארום:

ווען ס׳איז געזאגט געווארן "ונשקפה על פני הישימון", איך (ועיקר) "ראש * הפעור הנשקף על פני הישימון", זיינען אידן געווען אין "עבר הירדן מזרחה", אין דעם גבול המזרחי מחוץ פון א"י - האט דאך קיין ארט ניט אז זייענדיק דארטן זאלן זיי זאגן א סימן אויף דעם באר און בעל פעור אז מ׳קען זיי זעהן פון "הר הכרמל" וואס געפינט זיך במערבה של א"י, לעבן ים היכון!

ובפשטות דארף מען זאגן אז זייענדיק אין עבר הירדן מזרחה, האבן אידן געזאגט אין דער שירה אז דער באר, לאחרי מות משה, וועט זיין אין אן ארט ("נגנזה בימה של טבריא") וועלכן מ׳קען זעהן פון דעם ארט וואו זיי געפינען זיך (אדער בסמיכותו) - "ישימון", לעבן שפת "ימה של טבריא",

וואס דעם ארט האבן שוין אידן איינגענומען בעת כיבוש ארץ סיחון ועוג (וואס דארטן איז "יכה של טבריא"), און דארטן האבן זיך באזעצט די "שני המטות וחצי המטה"[145] - האבן זיי פון דארטן געזעהן יכה של טבריא וואס דער באר "נגנזה בימה של טבריא".

ל. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס רש"י ברענגט דעם פירוש פון מדרש תנחומא דוקא ("כך דרש רבי תנחומא"):

אין די אנדערע ערטער וואו עס ברענגט זיך דער ענין, סיי אין ירושלמי, און סיי אין מדרש רבה, שטייט דער לשון - "הר" -

---

*) חלק כב, כח. ולהעיר גם "מבית הישימות" (כסעי לג, מט).

---

144) פנ"מ. 145) ראה מטות לב, לג ואילך.

"הר הישימון", משא"כ אין מדרש תנחומא וואס דארטן שטייט "ישימון" סתם, און ניט "הר הישימון".

וואס פון פשטות הכתובים קומט אויס אז "ישימון" איז ניט קיין "הר", ווארום אין פסוק ווערט דערמאנט דער ענין פון "גיא", א מקום נמוך, און עס ווערט דערמאנט דער ענין פון "פסגה", א מקום גבוה;

און וויבאלד אז אין פסוק שטייט "ישימון" סתם, און ניט "הר (אדער גיא) הישימון", איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א שטח וואס איז גלייך מיט פני הארץ, ס'איז ניט קיין (טאל, און ניט קיין) "הר"; דאס איז א "מדבר שהוא שמם", אבער אין אנדערע זאכן איז עס גלייך מיט כל הארץ.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק בפשטות אז כ'דארף ניט אנקומען צו "הר הישימון" אויף צו זעהן בארה של מרים וואס "נגנזה בימה של טבריא" - ווארום מ'קען דאס זעהן פון "ישימון" סתם, ניט קיין "הר":

בשעת מ'געפינט זיך אין מערבה של א"י, און פון דארטן וויל מען זעהן "ימה של טבריא" וואס געפינט זיך אין גבול המזרחי פון א"י, כוז מען ארויפגיין אויף "ראש הר הכרמל" - וויבאלד אז צווישן "הר הכרמל" מיט "ימה של טבריא" איז דא א מרחק גדול, און צווישן זיינען דא כו"כ עניני ישוב (עריס, אילנות וכו'), קען מען דאס ניט זעהן פון א שטח רגיל, נאר מ'דארף ארויפגיין אויף "ראש הר הכרמל";

ווען מ'געפינט זיך אבער אין עבר הירדן מזרחה, לעבן שפת "ימה של טבריא" (וואס דארטן האבן זיך געפונען "שני המטות וחצי המטה") - דארף מען ניט ארויפגיין אויף א הויכן בארג ("הר הישימון") אויף צו זעהן "ימה של טבריא", נאר מ'קען דאס זעהן פון "ישימון" סתם, א שטח רגיל.

און דערפאר זאגט רש"י "כך דרש רבי תנחומא", וויבאלד אז נאר אין מדרש תנחומא שטייט "ישימון" סתם (ניט "הר הישימון") - און פון פשטות הכתובים איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט געווען קיין "הר", נאר א שטח רגיל. כנ"ל.

לא. און אע"פ אז אין במדב"ר[146] שטייט "ישימון" סתם, און ניט "הר הישימון" - ברענגט אבער רש"י פון מדרש תנחומא דוקא, וויבאלד אז אין במדב"ר שטייט "כמלא תנור", און ניט "כמין כברה", משא"כ אין מדרש תנחומא, וואס ע"פ גירסת רש"י[147] שטייט דארטן "כמין כברה".

- והביאור -

------------

146) פי"ט, כו. 147) ראה תנחומא באבער בהגהות.

והביאור בזה:

ע"פ פשש"מ קען מען ניט זאגן אז "בארה של מרים" איז געווען "כמלא תנור", ווארום: א) זאגן אז דער סלע וואס האט משקה געווען את כל המחנה איז געווען מערניט ווי "כמלא תנור" - איז עס א תמיהה גדולה, און אויף דערויף דארף מען אנקומען צו א נס נוסף; ב) ועיקר - פיט וואס וועט זיך אויס-טיילען דער שטח פון דעם "כמלא תנור" פון די וואסערן פון "ימה של טבריא" וואס דערפאר וועט מען דאס באמערקען - ונשקפה ע"פ היש"כון?

משא"כ אויב ס'איז געווען "כמין כברה". וואס דעמולט רעדט זיך ניט וועגן דעם שטח פון דעם סלע, נאר וועגן זיין בראה - אז דער ארט איז נבדל און משונה פון מי הים ("כמין כברה"), און דערפאר איז ער נראה ונשקף.

לב. דער ענין פון בארה של מרים האט א שייכות מיוחדת צו מוצאי שבת:

עס ווערט אראפגעבראכט אין כלבו[148], אז "נהגו הנשים לדלות מים במוצאי שבת תיכף שעמעו ברכו שמצינו באגדה שבארה של מרים בימה של טבריא וכל מוצאי שבת מחזרה על כל בעיינות ועל כל בארות. וכל מי שהוא חולה ויזדמן לו מים וישתה . מיד נרפא".

און ער ברענגט אויף דערויף אן ענין של מעשה בפועל (וואס דערפון איז דאך א ראי' מוכחה אז דאס איז אן ענין של הלכה). אז "מעשה באדם אחד שהי' מוכה שחין והלכה אשתו במוצאי שבת לשאוב מים ונתעכבה יותר בדאי ונזדמן לה בארה של מרים ובלאה כדה מאותן המים. כיון שבאה אצל בעלה כעס עלי', וברוב כעסו נפלה כדה משכמה ותשבר הכד, ונפלו מטיפי המים על בשרו. ובכל מקום שנהזו המים נרפא השחין".

און דערנאך ברענגט דאס אראפ דער רמ"א אין שו"ע[149], אז "י"א לדלות מים בכל מוצאי שבת, כי בארה של מרים סובב כל מוצאי שבת כל הבארות, ומי שפוגע בו וישתה ממנו יתרפא מכל חלאיו".

ועד"ז ברענגט אראפ דער אלטער רבי בשו"ע שלו[150] אז "קצת נוהגים לדלות מים בכל מ"ש מהבארות או מהמעיינות, לפי שאמרו חכמים שבארה של מרים שהיא בימה של טבריא היא מחזרת בכל מ"ש על כל הבארות והמעיינות, וכל מי שפוגע בה ושותה

- ממיני' -

------------

148) סו"ס מא. הובא בלבוש ובב"י או"ח סו"ס רצט.
149) או"ח סו"ס רצט. 150) שם ס"כ.

ממימי' מתרפא מיד מכל החלואיו, לכך נוהגין לדלות בכל מ"ש, כי אולי יזדמנו להם מבארה של מרים".

וואס דערפון זעט מען ווי דער ענין פון "ונשקפה על פני הישימון" איז אין אן אופן פון פעולה נמשכה, און דאס האט א שייכות מיוחדה צו מוצאי שבת.

און עפ"ז ווערט פארענטפערט פארוואס דערציילט די גמרא[151] אז "הרוצה לראות בארה של מרים יעלה לראש הר הכרמל ויצפה ויראה כמין כברה בים וזו היא בארה של מרים" - וואָרום מ'דארף דאס וויסן כדי מ'זאל קענען טרינקען פון בארה של מרים.

וכידוע אז אמאל איז דער רח"ו געפארן מיטן אריז"ל אין ימה של טבריא, און בשעה זיי זיינען געקומען למקום כסוים, האט דער אריז"ל אנגעשעפט וואסער און האט אים געהייסן טרינקען, זאגנדיק דערביי אז ער טרינקט פון בארה של מרים.

לג. אין דערויף געפינט מען אבער א דבר פלא:

נאך דערויף וואס דער רמ"א זאגט אז "י"א לדלות מים בכל מוצאי שבת וכו'" (צוליב דעם ענין פון בארה של מרים), איז גלייך דא דער "שוברו בצדו", וואָרום ער איז מסיים אז "ולא ראיתי למנהג זה" (וואס בפשטות איז דאס דערפאר וואס דער רמ"א האט נים געוואלט אז די פרויען פון קראקא זאלן גלייך נאך "ברכו" לויפן שעפן וואסער).

וואס לכאורה איז עס א דבר פלא:

ס'איז דאך ידוע ומפורסם אויף וויפל דער רמ"א האט מקפיד געווען און מזהיר געווען אויף מנהגי ישראל.

וואס דאס איז דאך א חילוק עיקרי צווישן דעם שו"ע פון דעם ב"י מיט די הגהות פון רמ"א - אז אין שו"ע זיינען דא ע"פ רוב (און ברובא דרובא) נאר הלכות און דינים, כשא"כ אין די הגהות פון דעם רמ"א, וואס ער ברענגט אויך ענינים פון מנהגי ישראל.

און אעפ"כ, ווען עס רעדט זיך וועגן דעם מנהג פון "לדלות מים בכל מוצאי שבת", איז דער רמ"א מסיים "ולא ראיתי למנהג זה".

דער פלא איז נאך גרעסער:

דער אלטער רבי ברענגט אראפ דעם זעלבן ענין בשו"ע שלו

- ער -

------------

142) שבת שם.



הנחה הת' בלתי מוגה

- ער ברענגט אבער ניט דאס וואס דער רמ"א איז מסיים אז "לא ראיתי למנהג זה".

וואס דער אלטער רבי איז דאך געווען נאך דעם רמ"א, און ער האט געזעהן אז דער רמ"א האט געשריבן "ולא ראיתי למנהג זה", און אין דעם דין ברענגט ער דעם זעלבן ענין וואס ס'שטייט אין רמ"א, און אין דעם סעיף שלאח"ז ברענגט ער נאך אן ענין וואס שטייט אין רמ"א לאח"ז - און אעפ"כ ברענגט ער ניט אראפ דאס וואס ס'שטייט אין רמ"א אין צווישן, אז "לא ראיתי למנהג זה".

ולכאו', ע"פ כללי הפוסקים דארף אויסקומען אז דער מנהג האט אן ארט אויך איצטער, וויבאלד אז דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו, וואס דאס איז אפגעדרוקט געווארן אלס פס"ד און הוראה לרבים, אין אן אופן וואס איז שוה לכל נפש (בניידן ווען עס שטייט אין סידור באופן אחר).

איך האב טאקע ניט געזעהן אז מ'זאל זיך אזוי פירן בפועל - ניט בא מיין עקרת הבית, ניט בא דער שוויגער, און ניט בא דער שוויגער'ס שוויגער (אונז אלעמען צו לענגערע יארן) - אבער אעפ"כ. וויבאלד אז דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו (און זאגט ניט "ולא ראיתי למנהג זה"), איז פארשטאנדיק אז עס האט אן ארט אויך איצטער.

לד. די מסקנא דערפון בנוגע לפועל - זאל יעדערער ארויס-נעמען לויט ווי ער וויל, אבי אז מ'זאל ארויסקומען די תוצאה וואס קומט ארויס פון בארה של מרים, סיי די תוצאה ברוחניות, ביז צו דער הוצאה וואס קומט אראפ בגשמיות (וואס "המעשה הוא העיקר"), אז עס ברענגט צו א רפואה קרובה ושלימה.

וכמובן דער גודל הענין וואס ווערט אויפגעטאן בגשמיות דורך בארה של מרים, ווי געבראכט פון כלבו אז דאס ברענגט צו א רפואה קרובה ושלימה, ועאכו"כ אז דאס טוט אויף ברוחניות.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז בנוגע צו דעם אויפטו אין רוחניות הענינים, איז ניט שייך צו זאגן אז "לא ראיתי למנהג זה" - דאס איז שייך צו זאגן נאר בנוגע צו גשמיות המנהג.

און בנוגע צו רוחניות הענינים - איז בשעה מ'לערנט דעם סעיף אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע, ווערט דאס אויפגעטאן בכל מוצאי שבת אין אן אופן פון פעולה נמשכה, אז בכל מוצ"ש איז מען דולה פון בארה של מרים אין "כל בארות והמעיינות", און דאס פועל'ט אויף דעם מוצאי שבת, און דערפון ווערט דאס נמשך על כל השבוע, אז מ'זאל זיין א געזונטע וואך בגשמיות, און א געזונטע וואך ברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

- כולל -

הנחה הת' בלתי מוגה

כולל אויך די הצלחה אין כללות הענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, ובפרט בנוגע צו די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

לה. דער ביאור אין פרקי אבות:

ווען א איד ווערט "בן תשעים שנה", ד.ה. אז ער האלט שוין נאך דער עבודה פון "בן שמונים לגבורה" ("ואם בגבורות שמונים שנה"), וואס דאס באווייזט אויף שלימות העבודה, אז די עבודה איז אין אן אופן פון תגבורת וכו'[152] - קומט ער צו צו דעם ענין פון "לשוח", אז ער גייט איינגעבויגן, וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין הביטול, ד.ה. אז זיין גוף פירט זיך בדרך ממילא לויט ווי די נשמה פארלאנגט, און וויבאלד אז די נשמה שטייט אין תכלית הביטול, גייט אויך דער גוף איינגעבויגן.

וכידוע דער סיפור[153] וואס דער רבי נ"ע האט דערציילט, אז קודם בר-מצוה האט ער איינגעוואוינט דעם גוף אז ער זאל זיך מעצמו פירן ע"פ דרישת השו"ע, וואס דערפאר פארלאזט ער זיך אויף דעם וואס אים פאלט איין[154].

וכמדובר כמ"פ אז דער יסוד אויף דערויף איז - דאס וואס די גמרא[155] זאגט "מחזיקנא טיבו לרישא דכי מטא למודים מנפשי' כרע", ד.ה. אז אפי' ווען די נשמה איז אפגעטראגן בעבורתה פון דעם גוף, איז אבער דער גוף איינגעוואוינט אז ווען עס קומט צו "מודים" איז ער "מנפשי' כרע".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז די מעלה אין דעם וואס "מנפשי' כרע" - ווען מ'זאגט "מודים" דארף ער דאך טראכטן וועגן דער כוונה פון "מודים", איז ווי קען דעמולט די נשמה זיין אפגעטראגן בעבודתה פון דעם גוף אז ס'זאל זיין שייך "מנפשי' כרע"?

איז דער ביאור בזה בפשטות - אז עס רעדט זיך וועגן אמירת "מודים" פון דעם ש"ץ. וואס דעמולט קען זיין אז דער יחיד האלט בתפלתו פריער אדער שפעטער, אדער אז ער איז פארנומען מיט אן אנדער כוונה, און אויף דערויף זאגט מען אז בשעת דער אוזן דערהערט אז דער ש"ץ זאגט "מודים"

- וארום -

---

152) ראה לקו"ש חי"ד ע' 310 ואילך. 153) תנוך לנער ע' 9 ואילך. לקו"ד כרך א קמב, ב. סה"מ תשי"א ע' 246. וראה גם סה"ש תש"ב ע' 4. 154) ראה ספר התולדות אדמו"ר הריי"ץ ח"ג ס"ע 90. 155) ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ד - הובא בתוד"ה עיון - שבת קיח, ב. ועוד.

וואָרום דער הויפּט השפּעה איז דאָך איינער פון די חושים אויך וועלכע נים יעדערער איז א בעה"ב (מערניס ווי יחידי סגולה[156]), איז "כנפשי' כרע", מצד דעם ביטול פון דעם גוף.

ועד"ז בנדו"ד: מצד דערויף וואָס זיין נשמה שטייט אין א ביטול בהכליה, פועל'ט דאָס אויך אויפן גוף אז ער גייט איינגעבויגן ("לשוח"), ד.ה. אז במשך כל היום כולו, אין וועלכן ענין ער זאָל נאָר האַלטן, גייט ער איינגעבויגן, אין א תנועה של ביטול (היפך פון דעם ענין פון "קומה זקופה" און "שאו את ראש" ווי דאָס איז נים לכעליותא).

און דערפאַר איז דאָס אַן ענין פון "מילי דחסידותא" - וואָרום מצד שלימות עבודתו איז ער באַרעכטיקט צו שטיין אין א תנועה של הגבהה וההרחבות. אין אַן אופן פון "ואתהלכה ברחבה"[157], און "מאן מלכי רבנן"[158] - נאָר מצד דער הנהגה פון "מילי דחסידותא" שטייט ער אין אַן אופן של ביטול, ביז אַז זיין גוף איז איינגעבויגן ("לשוח").

ובדוגמא ווי די גמרא[159] זאָגט אַז "מלך כיון שכרע שוב אינו זוקף", משא"כ בא סתם בנ"א (נים קיין מלך), וואָס זייער הנהגה איז אין אַן אופן פון "כורע בברוך וזוקף בשם"[160] - ד.ה. אַז מצד דערויף וואָס דער מלך שטייט אין הכליה השלימה, שטייט ער אין הכליה הביטול. אַז "שוב אינו זוקף".

לו. דער ביאור אין דעם וואָס די משנה רעכנט נים אויס דעם סדר העבודה ווי דאָס איז לאחרי "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם":

די אַלע חילוקים אין סדר העבודה וועלכע די משנה רעכנט אויס, ביז צו דעם כללות החילוק צווישן ענינים אין וועלכע כ'איז מחויב ע"פ שו"ע. מיט ענינים של הידור, ביז "מהדרין מן המהדרין", און "מילי דחסידותא" - איז עס שייך נאָר ווען עבודתו איז נאָך אין אַן אופן פון מדידה והגבלה.

ווען ער האַלט אָבער אין שלימות העבודה, ער איז שוין נאָך "בן השעים לשוח", ער האַלט שוין בא "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - איז דעמולט נים שייך צו מחלק זיין אין וואָס באַשטייט עבודתו, און אין וואָס באַשטייט "מילי דחסידותא". וואָרום דעמולט וועדט ער שוין אויס מציאות, זיין גאַנצע מציאות איז די מציאות פון דעם אדון, ובכילא

- אין -

---

156) ד"ה כי ישאלך תרנ"ד. לקו"ש ח"א ע' 25 ואילך.
157) תהלים קיט, מה. 158) ראה גיטין סב, סע"א.
159) ברכות לד, ריש ע"ב. 160) שם יב, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ה סקי"ג ס"ז (ס"ה).



הנחה הה' בלתי מוגה

איז ניט שייך צו מחלק זיין צווישן דעם כח התענוג כיט דעם ענין העשי׳ וואס איז דא אין דעם עקב שברגל, וויבאלד אז ער איז אינגאנצן אויס מציאות (בדוגמא ווי מ׳זאגט "מנפשי׳ כרע", אז זיין גוף איז ניט קיין מציאוה בפ"ע. און דערפאר איז "מנפשי׳ כרע").

לאחרי זה (ווען ער איז שוין "בן מאה") איז ביי איס אויך דא די עבודה אין אן אופן פון "ילכו מחיל אל חיל"[161], אז עס זיינען דא עליות ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך, ווארום כה-דאך אז אין עוה"ב זאגט מען אז "ת"ח אין להם מנוחה . . בעוה"ב", דערפאר וואס ס׳איז דא דער "ילכו מחיל אל חיל"[162], איז דאך עאכו"כ אז זייענדיק אין עוה"ז הגשמי (וואס דארטן איז דער ארט וואו ס׳איז געגעבן געווארן דער קיום פון תורה ומצוותי׳ בפועל) זיינען דא די עליוה אין אן אופן פון "ילכו מחיל אל חיל" -

אבער דעמולט איז ניט שייך צו מחלק זיין און מבאר זיין אין וואס באשטייט דעמולט די עבודה פרטית, און ס׳איז דעמולט ניט שייך דער תילוק צווישן "מילי דחסידותא" מיט אנדערע ענינים - וויבאלד אז דעמולט איז די עבודה אין אן אופן שלמעלה מכל מדידה והגבלה.

לז. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

ס׳איז מבואר אין אגה"ק[163] אז אברהם אבינו האט געזאגט "ואנכי עפר ואפר" אויף "מדהו כדת החסד והאהבה" לגבי "מדה האהבה וחסד העליון שבאצילות", אז דער ערך דערפון איז "כערך ודמיון מהות העפר שנעשה אפר על מהותו ואיכותו כשהי׳ עץ נחמד למראה וטוב למאכל".

וואס דער ענין פון "אפר" ווערט דורך דעם ענין השריפה, וואס דעמולט איז די "ג׳ יסודות אמ"ר חלפו והלכו להם וכלו בעשן . . ויסוד הד׳ שהי׳ בעץ שהוא העפר שבו היורד למטה ואין האש שולטה בו הוא הנשאר קיים והוא האפר".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הדגשה אין דעם ענין פון "ואנכי עפר ואפר" איז ניה אויף דעם ענין האפר מצ"ע. נאר די הדגשה איז - אז איצטער איז דאס מערניט ווי "עפר ואפר" לגבי ווי ס׳איז געווען פריער:

פריער איז עס געווען בדוגמה אן "עץ נחמד למראה וטוב למאכל", און ס׳איז געווען "מורכב מד׳ יסודוה ארמ"ע", און

- דורך -

---

161) תהלים פד, ח. 162) ברכות ומו"ק בסיומם. וראה לקו"ש חי"ד ע׳ 173 ואילך. 163) סט"ו.

דורך דעם ענין **השריפה** איז דערפון געבליבן בערנים ווי דער "יסוד הד׳ . . שהוא העפר", וואס דערפון ווערט דער "אפר".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות דערפון מיטן אפר פון פרה אדומה - וויבאלד אז דער אפר פון פרה אדומה איז אויך פארבונדן און ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון שריפה, כמבואר אין פשטות הכתובים, ובפרט ע"פ המבואר אין די דרושים פון פרה אדומה (אין לקו"ת, און אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז) דער ענין פון **שריפה** הפרה.

לח. דער ענין פון "ואנכי עפר ואפר" וואס אברהם אבינו האט געזאגט, האט א קשר ושייכות מיט י"ב-י"ג תמוז:

כ׳איז ידוע דאס וואס דער אלטער רבי האט געשריבן אין אגה"ק אחר ביאתו מפט"ב[164], אז "בכל חסד וחסד שהקב"ה עושה לאדם, צריך להיות שפל רוח במאד", ווארום דער ענין החסד איז "קרבת אלקים", און "כל הקרוב אל ה׳ ביתר שאת והגבה למעלה מעלה, צריך להיות יותר שפל רוח למטה מטה".

און דערפאר געפינט מען אז אברהם אבינו איז געשטאנען אין אן אופן פון הכלית הביטול, ביז אז ער האט געזאגט "ואנכי עפר ואפר", וויבאלד אז מדתו איז געווען מדה החסד.

וואס מצד דעם גודל הביטול וואס איז געווען ביי אברהם אבינו, איז זיין הנהגה געווען אין אן אופן של צדקה וחסד ודער ענין פון הכנסת אורחים וכיו"ב) -

כידוע דער פירוש פון דעם אלטן רבי׳ן[165] אויפן פסוק[166] "ושמרו דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט", אז אברהם אבינו האט געמאכט דעם "משפט" וויפל קומט אים פון זיין גאנצן רכוש, און די איבעריקע האט ער געגעבן אויף צדקה.

און דאס איז די שייכות צו דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז - וויבאלד אז די אגה"ק הנ"ל (וואו עס רעדט זיך וועגן דעם וואס "בכל חסד וחסד שהקב"ה עושה לאדם, צריך להיות שפל רוח במאד". בדוגמא ווי ס׳איז געווען ביי אברהם אבינו וואס ער האט געזאגט "ואנכי עפר ואפר") האט דער אלטער רבי געשריבן "אחר ביאתו מפט"ב", וואס דאס איז בדוגמא צו דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, ובפרט אז דארטן איז אויך געווען דער פרט פון "ביאתו מפט"ב", ווארום אין דעם ארט איז געווען דער מאסר והגאולה.

- לס. -

------------

164) ס"ב. 165) ראה הו"א בשלח סג, ב. ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"ד (סה"מ קונטרסים ח"א כג, ב). ועוד. 166) וירא יח, יט.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

לט. און דער כללות הענין פון "ואנכי עפר ואפר" איז פארבונדן און איז בדוגמת האפר פון פרה אדומה -

וואס דער ענין פון פרה אדומה איז דאך פארבונדן מיט דער טהרה פון טומאת מת, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "זוטרא דבכו מחי' מתים"[167].

וואס דעם ענין געפינט מען אויך בא רבותינו נשיאינו - כידוע די סיפורים וואס מ'דערציילט בנוגע לכו"כ מהם, אז בא זיי איז געווען דער ענין פון מחי' מתים כפשוטו.

עס איז טאקע דא דער פתגם וואס דער בעל המאסר והגאולה ברענגט[168], אז מ'האט געזאגט אויפן אלטן רבי'ן אז ער איז מחי' מתים, דערפאר וואס ס'איז ניטא קיין קעלטערע זאך (אן ענין של מיתה) פון דעם שכל שבראש, און ער איז דאס מחי' -

אבער אעפ"כ איז אין ענין יוצא כידי פשוטו, אז מ'געפינט בא רבותינו נשיאינו דעם ענין פון מחי' מתים, כידוע די סיפורים בזה, ואין כאן המקום להאריך בזה.

מ. האמור לעיל (וועגן דעם ענין פון מחי' מתים) האט א שייכות מיוחדה מיט דעם ענין פון מוצאי שבת, וואס דעמולט פראוועט מען "סעודתא דדוד מלכא משיחא":

בנוגע צו דוד המלך שטייט[169] אז ער איז געווען "בר נפלי", אז "הי' ראוי להיות נפל ביצירתו"[170], נאר אדה"ר האט אים געגעבן שבעים שנה[171], ועד"ז האבן אים די אבות געגעבן שבעים שנה[172] (ווי דער צ"צ איז מבאר בארוכה אין ספהמ"צ[173] וואס איז דער ענין פון די ע' שנה וואס אדה"ר האט אים געגעבן, און וואס איז דער ענין פון די ע' שנה וואס די אבות האבן אים געגעבן).

און דאס איז וואס מ'שטייט[174] "חיים שאל ממך נתת לו אורך ימים" - וואס דאס גייט אויף משיח'ן[175]. און אויך אויף דוד המלך[176].

וואס דאס איז דאך דער ענין פון מחי' מתים.

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט דערמאנט פריער (סל"ב-לד) אז במוצאי שבת איז דא דער ענין

- פון -

------------

167) ראה ע"ז י, ב. 168) קונטרס תורת החסידות ע' 7. היום יום ע' סא. 169) סנהדרין צו, סע"ב. 170) חדא"ג מהרש"א חולין פט, א. 171) במדב"ר פי"ד, יב. 172) זח"א קסח, א. 173) מצוה מינוי מלך (דרמ"צ קט. א ואילך). 174) תהלים כא, ה. 175) סוכה נב, א. 176) זהר שם.

פון בארה של מרים, וואס דאס טוט אויף אן ענין של רפואה - וואס דאס איז בדוגמא העניך פון מחי' מתים, ווארום "מה לי קטלא כולה מה לי קטלא פלגא"[177].

מא. דער בללות העניך פון מחי' מתים קומט אראפ ביז למטה מעשרה טפחים - דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה":

בשעה א איד פירט זיך שלא כדבעי (דערפאר וואס ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם), איז תמורת זה וואס ער קען מקיים זיין הוב"צ און שטיין אין אן אופן פון צוותא וחיבור מיטן אויבערשטן (וואס מצוה איז מלשון צוותא וחיבור[178]), וואס דעמולט איז ער אין דעם מעמד ומצב פון "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום"[179] - שטייט ער אין א מעמד ומצב פון היפך החיים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער וואס פועל'ט אויף אים ער זאל מקיים זיין הוב"צ, איז ער מחי' מתים.

און אויף דערויף זאגט מען "זוכרא דבכו מחי' מתים", ד.ה. אז אפי' א איד וואס שטייט אין א מעמד ומצב פון "זוכרא" ("הורת אמה" רופט אים אן בשם "זוכרא"), זאגט מען אז מצד דערויף וואס ער איז "זוכרא דבכו". ער גייט מיטן כח פון דעם משה, נשיא דורנו (כ"ק מו"ח אדמו"ר), איז ניט נאר אז דאס וועט אים ניט שאטן, נאר אדרבה, ער ווערט א מחי' מתים (ביז אלע פירושים שבדבר).

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך בללות העניך פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - וואס דער ענין פון "מעין" איז פארבונדן מיט "עפר שריפת החטאה", ווי עס שטייט אין פ' חקת[180],

וואס פ' חקת ווערט נמשך אויך אין פ' בלק (ווילבאלד אז די צוויי פרשיות זיינען מחוברות). ביז צום סיום פון פ' בלק וואו עס ווערט דערציילט דער סיפור מיט פינחס,

וואס "פינחס זה אלי'" (כמבואר אין מדרז"ל[181]), וואס ער איז דער "מבשר טוב"[182] - ער וועט מבשר זיין אויף ביאת דוד מלכא משיחא.

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו. בעגלא דידן.

- מב. -

------------

177) ב"ק סה, א. ועוד. 178) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 179) ואתחנן ד, ו. 180) יט, יז. 181) תיב"ע עה"פ וארא ו, יח. פרדר"א פמ"ז. זח"ב קצ, סע"א. זח"ג פינחס רסו, א (ברע"מ). ילי"ש ר"פ פינחס. פרש"י ד"ה לאו מר כהן - ב"מ קיד, ב. 182) ל' הכתוב - ישעי' נב, ז. וראה פרש"י עה"פ בחוקותי כו, מב.

מב. אין פרש"י זיינען אויך דא ענינים פון "נפלאות":

מ'האט דערמאנט פריער דאס וואס עס ווערט געבראכט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע אז "קצת נוהגים לדלות מים בכל מ"ש", וויבאלד אז "בארה של מרים . . מחזרת בכל מ"ש על כל הבארות כו'", און ווען ער איז "שותה ממימי' מתרפא מיד מכל תחלואיו".

וואס דאס איז דאך א "מנהג ישראל", ועכ"פ "<u>קצת</u> נוהגים" – וואס דאס איז תלוי צי דאס איז אן ענין וואס יעדערער קען דערצו צוקומען. וואס דעמולט איז עס א מנהג פאר יעדער אידן, אדער אז מ'דארף דערצו האבן א דרגא מיוחדת אין עבודה, וואס דערפאר איז "<u>קצת</u> נוהגים".

און ע"פ האמור לעיל אז לויט פשש"כ דארף מען ניט ארויפגייען אויף א בארג ("הר הישימון") אויף צו זעהן בארה של מרים, איז פארשטאנדיק אז א איד דארף ניט <u>נתעלה</u> ווערן בעבודתו (ארויפגייען אויף א בארג) אויף צו קענען זעהן בארה של מרים, נאר אין יעדער ארט וואו ער זאל זיך נאר געפינען (אפי' אין א מקום מישור, ניט קיין הר), קען ער פון דארטן זעהן בארה של מרים.

און נאכמער: אפי' אויב ער געפינט זיך אין א "מדבר שהוא שמם" – גיט אים דער אויבערשטער דעם זכות און דעם כח הראי'. אז אויב ער וועט נאר וועלן קוקן אויפן דייט פון ימה של טבריא. וועט דאס זיין א גוטע ראי' (ווי די גמרא[183] זאגט "לכה יא שכה טבריא – שטובה ראייתה"). און ער וועט זעהן בארה ש מרים.

און דאס וועט פועל זיין פעולתו – אז דאס וועט אראפברענגען דעם ענין פון בריאות הנשמה. צוזאמען מיט בריאות הגוף.

וכמדובר כמ"פ[184] אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן דעם מאמר הזהר[185] אז "תוקפא דגופא חולשא דנשמתא". מיט דעם וואס דער בעש"ט האט געזאגט צו ר' אברהם המלאך און צום אלטן רבי'ן. אז א קליינע לעכעלע אין גוף איז א גרויסער לאך אין דער נשמה (ווי ס'איז אפגעדרוקט אין "התמים"[186]) – וואריס ס'איז א נפק"מ צי מ'רעדט וועגן א מציאות פון חומריות. אדער מ'רעדט וועגן א מציאות פון גשמיות (בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו אורות וכלים. ואין כאן המקום להאריך בזה).

- מג. -

---

183) מגילה ו. א. 184) שיחת מוצאי ש"פ מקץ ש.ז. סמ"ו-מז. 185) ראה זה"א קפ, ב. קמ, ריש ע"ב. 186) חוברת ז ע' מח.

מג. און דאס איז די הוראה וואס קומט ארויס פון די "נפלאות" וואס זיינען דא אין דעם פרש"י - אז אפי' ווען א איד געפינט זיך אין א "מדבר שהוא שמם", דארף ער אבער וויסן אז "הקב"ה עוזרו"[187], און אויב ער וועט נאר וועלן (און וועט קוקן אויף דער זייט) וועט ער קענען זעהן ימה של סבריא, און בארה של מרים וואס געפינט זיך דארטן.

וואס לכאו' איז דאס א חילוק מן הקצה אל הקצה: ער געפינט זיך אין א "מדבר שהוא שמם", און פון דארטן דערזעט ער "ימה של סבריא", און דארטן גופא דערזעט ער "בארה של מרים" - און דאס אלץ דערזעט בעיני בשר אפי' א איד וואס געפינט זיך אין א "מדבר שהוא שמם"!

און וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר" - איז א זיכערע זאך אז פון דער ראי' אויף וועלכע מ'זאגט אז "טובה ראייתה", וועט דאס אראפקומען אין "לקח טוב נתתי לכם"[188], אין דעם ענין פון לימוד התורה,

און וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[189], וועט דאס אויך אראפקומען אין "מעשים טובים" - ווי דער אלטער רבי[190] מייסט דאס אפ אז מ'גיט אריין די שלימות אין מעשה המצוות, וואס דעמולט ווערן זיי "מעשים טובים ומאירים".

מג. און דאס ווערט אויפגעטאן נאך זייענדיק אין זמן הגלות, און אין גלות גופא אין א "מדבר שהוא שמם", אין מדבר הגלות און אין שוממות הגלות. וואס דאס איז דער זמן פון עקבתא דמשיחא -

ווערט דארטן אויפגעטאן אז "בשעתא חדא וברגעא חדא" דערזעט מען "ימה של סבריא" און "בארה של מרים" - וכידוע[191] די מעלה פון ראי' אויף שמיעה, אז דער ענין פון שמיעה איז, אז מ'הערט איין פרט און נאך א פרט וכו', און ערשט נאך דערויף וואס מ'האט אלע פרטים צוזאמען, קען מען זיך פאַר-שטעלן ווי אזוי די זאך קוקט אויס; משא"כ אין דעם ענין הראי', וואס דורך ראי' איז מען גלייך תופס את כל הענין כולו מיט אלע פרטים שבו, און דערנאך קלייבט מען פאנאנדער די פרטים (וואס דערפאר זאגט מען אז "אין דומה ראי' לשמיעה"[192]).

וכאמור אז עס ווערט דער "טובה ראייתה" - אז מ'דערזעט

- ימה -

------------

187) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 188) משלי ד, ב. וראה אבות פ"ג מי"ד. 189) ראה קידושין מ, ב. 190) לקו"ת שמע"צ פה, א. 191) ראה לקו"ת צו יז, ב. ובכ"מ. 192) ראה מכילתא עה"פ יתרו יט, ט.

"ימה של טבריא", און מ'דערזעט "בארה של מרים" וואס "נגנזה בימה של טבריא".

מד. און דער ענין פון "טובה ראייתה" איז פארבונדן מיטן טוב האמיתי - "טוב לשמים וטוב לבריות"[193], וואס דאס איז תכלית השלימות פון טוב.

וואס דאס איז פארבונדן מיט אלע "מבצעים" (וואס פון זיי ווערן נסתעף אלע ענינים פון תומ"צ): "מבצע אהבת ישראל", "חינוך", "תורה", "תפילין", "מזוזה", "צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "נרות שבת קודש", "כשרות האכילה ושתי'", און "טהרת המשפחה".

און דורך דעריף וועט מען בקרוב ממש זוכה זיין אז שטייענדיק אין עקבתא דמשיחא, ביים ברעג פון גלות, און ביים ברעג פון ארץ הקודש - וועט זיין דער "קץ שם לחושך"[194], און "כיד הך נגאלין"[195], אין אן אופן פון "כהרף עין"[196].

און מ'וועט גיין "בקומה זקופה" לקבל פני משיח צדקנו, און צוזאמען מיט משיח צדקנו, אין אן אופן וואס דוד מלכא משיחא בראשם, וועט מען גיין אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[197], און ווי דער רמב"ם פסק'נט אז "כיד הך נגאלין".

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

---

193) ראה קידושין שם, א. 194) איוב כח, ג.
195) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 196) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, מא. 197) עקב יא, יב.

ס'איז דאך ידוע דער ווארט פון דעם בעל המאסר והגאולה פון רבי'ן דעם שווער, [וואס דאס איז דאך דער התוועדות - דער צוזאמען קלייבן זיך אין צוזאמענהאנג מיט זיין גאולה ממאסרו, וואס דאס ווערט דערמאנט "הימים האלו נזכרים", ווי גערעט א סאך מאל אז יעדער ענין אין תורה איז דאך מיוסד אויפן מאמר המשנה "המעשה הוא העיקר", און פון דער זכרון - "נזכרים" זאל ווערן "נעשים", ס'זאל ארויס דערפון א פעולה בפועל]

וואס זיין ווארט איז דאך "פותחין בדבר מלכות" אז בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען, זאל מען אנהייבן מיט "דבר מלכות" - וואס סתם מלכות גייט דאס אויף "המלוכה והממשלה לחי עולמים" - אויפן אויבערשטן - א ווארט פון תורתו של הקב"ה,

וואס תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה", איז דאך דא א סאך ענינים אין תורה, ווי גאר בפשטות, איז דאך זעלבסט פארשטענדליך אז דער דבר מלכות איז מען זיך משתדל אז ס'זאל זיין צוגעפאסט צו דעם ענין צוליב וועלכן מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן, און וואס דעמולט דארף זיין די פתיחה אין א דבר מלכות, במילא איז דאך אויכעט מעין הענין צו וועלכן מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן.

וואס דאס איז ווי גערעדט כמ"פ אז דער גרעסטער נח"ר און דער גרעסטער עילוי וואס ס'קען זיין פאר דעם צוליב וועלכן מ'קלייבט זיך צוזאמען - פארן בעל המאסר והגאולה, ובל' הגמ' אז ער וועט זען אז "זרעו בחיים", אז אט די ענינים וואס ער האט פארזייט און האט דאס איבערגעגעבן צו זיינע תלמידים - וואס "לבביך אלו התלמידים" וואס ווערט אנגערופן זרעו אויך בפשטות, און דורך זיי איבערגעגעבן דאס לכל עם ישראל עד סוף כל הדורות, ווי דער ל' וואס ער שרייבט במכתבו - אין זיין בריוו צו דעם ערשטן פייארונג-חגיגה פון י"ב תמוז הראשונה - צו מחבבי תורה און צו שומרי מצוה און די וואס בשם ישראל יכונה, אז די ענינים מיט וועלכע ער האט געלעבט אין דערויף זאלן זיי אויך לעבן.

אין וועלכע ענינים האט ער געלעבט? איז דאס פארשטאנדיק אז דאס איז די ענינים וואס זיי זיינען געווען אויף אזוי פיל נוגע ביז וואנעט ער האט זיך אויך דערויף מס"נ געווען.

וואס דאס איז געווען דער ענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי' - ובל' המכתב "מחבבי תורתינו ושומרי מצוותי'", און אין אן אופן אז דאס זאל צוקומען צו יעדער אידן, אפילו צו אזא מין וואס "בשם ישראל יכונה" וואס מ'זאגט דאך אז בא עם איז דער נאמען ישראל - כאטש אפי' אז דאס איז זיין אמת'ער נאמען - ווי תורת אמת פסק'נט אפ אז "אע"פ שחטא ישראל הוא", געבארן געווארן א איד - איז דאס אזוי אויף לעד ולעולמי עולמים, נאר ער פילט דאס ניט, ובמילא ליגט ער ניט אין דעם, במילא קומט בא עם אויס אז דער ישראל, איז דאס בא עם מערניט ווי א "כינוי" ניט דעם שם וואס עס ווייזט זיך אויס אז דאס איז שמו האמיתי,

- זאל צו זיי אויך אנקומען אט דאס מיט וואס ער האט געלעבט, ד.ה. מאכן פון זיי אויכעט מחבבי תורה און שומרי מצוה, און אין אן אופן אז זיי זאלן ווערן "טופח ע"מ להטפיח" - משפיעים אויף אנדערע אידן אז זיי זאלן אויכעט אזוי זיין.

וואס דאס איז דאך געווען חיינו, ובל' פון אגה"ק פון דעם אלטן רבי'ן אז א חיים פון א צדיק איז דאס ניט קיין חיים בשריים, נאר דאס איז "אמונה אהבה ויראה", ווי ער ברייננגט דארט דער ל' הכתוב בזה,

ביז ווי אויך בפשטות וואס מ'האט געזען אז אין דערויף האט ער געלעבט און אין דערויף האט ער זיך געקאכט.

און אט דעמולט אז "זרעו בחיים" איז דאך "אף הוא בחיים", וואס דאס איז ממשיך פון דעם ארט וואו ער געפינט זיך אין עולם החיים ועולם האמת, אז דאס זאל נמשך ווערן און ער זאל נמשך ווערן אין דעם ארט וואו זרעו געפינט זיך וואס דאס איז עוה"ז הגשמי, במילא קומט דאך אויס אז הוא בחיים אויך כפשוטו - אין עוה"ז הגשמי.

בפרט נאך אז ס'איז דאך "אומר דבר בשם אומרו", און טוט דאס ווי ס'שטייט אין ירושלמי אז דעמולט זאל זיין "כאילו בעל השמועה עומד בפניו" - ווי ער שטייט לעבן עם און הערט זיך צו ווי אזוי מ'גיט איבער זיינעם א ווארט, און ווי אזוי מ'טוט די פעולות וואס זיי זיינען בדומה צו די פעולות וואס ער האט געטאן און האט געוואלט אז מ'זאל זיי טאן,

איז אט דעמולט אויך אט דער דבר מלכות - אויך בהתאם און בקשר און מעין און בדוגמא ווי ער איז געווען בחיים.

וואס בכלל איז דאך חייו געווען - בשעת ער איז געווען תחת נשיאות אביו - בחיי אביו - ווען דער פאטער זיינער איז געווען דער נשיא, איז ער דאך דעמולט אויך געווען בחיים אויך אין די פעולות וואס ער האט זיי געטאן דערנאך אלס א נשיא - אבער דעמולט - איז דאס געווען אלס <u>בנו</u> של נשיא, <u>עוזרו</u> של נשיא, <u>תלמידו</u> של נשיא, <u>שלוחו</u> של נשיא, אבער אלץ <u>אין</u> רעם כלל (ווי רש"י ברייננגט אראפ בפי' עה"ת - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז דער פשטות פון כל העניינים פון דער וועלט) אז "דבר אחד לדור ולא שני דברים" - מערניט ווי אין נשיא -

חייו אלס א נשיא האט זיך אנגעהויבן ווען ער איז געווען בן ארבעים, בשנת תר"פ.

און ווי ס'טייטשן אפ די מפרשי המשנה אז בינה איז דאס פארבונדן דערמיט וואס דעמולט "נתן ה' לכם דעת להבין", ווי משה רבינו האט געזאגט צו יעדער אידן און אלע אידן עד סוף כל הדורות, אז בשעת ס'ענדיקט זיך פערציג יאר, איז דעמולט "עומד על דעת רבו" במילא איז ער אויכעט שייכות להוראה - צו ווערן א מורה דרך,

וואס דאס איז אויכעט וואס די התחלת הנשיאות איז געווען ווען ער איז געווען בן ארבעים שנה.

און ווי גערעט אמאל בארוכה, אז בכלל איז דאך די תקופה פון זיין נשיאות האט זיך געטיילט אין דריי אופנים, וואס בכללות איז די לעצטע צען יאר געווען במדינה זו, פון בן שישים ביז בן שבעים, דערנאך איז געווען די ערשטער צען יאר פון דער נשיאות וואס זיי זיינען געווען רובם ככולם במדינה ההיא, א חוץ ווי דער לעצטער יאר [וואס דאס איז אויך געווען פון די צען יאר, ווארום ער איז געווען תחת הרושם פון קומענדיק פון ממדינה ההיא], וואס דאס איז געווען פון בן חמישים ביז לערך בן שישים, און פון בן שישים ביז בן שבעים במדינה זו - אין ארה"ב.

וכפי שיתבאר לקמן אויכעט ווי דאס איז מתאים מיט בן חמישים לעצה, און מיט בן שישים לזקנה און דערנאך בן שבעים לשיבה,

וואס ראס איז אויכעט דער דבר מלכות אין דער משנה.

וואס דאס איז אויכעט די הוראה לכאו"א די דבר מלכות בנוגע למעשה בפועל,

און ווי גערעט אמאל בארוכה, אז פונקט אזוי ווי ס'איז דא די גאנצע

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

סדר השתלד־לות אין שני האדם במשך כל ימי חייו, אט דאס וואס די משנה רעכנט אויס אנהויבנדיק פון בן חמש ביז בן מאה, איז דאך "אין ענין יוצא מידי פשוטו" אז דאס מיינט מען ווען ער ווערט אלט פינף יאר למקרא און צען יאר למשנה און אט אזוי הולך ומוסיף ואור,

אזוי איז דאס דא במשך פון די תקופות אין חייו גופא, אז ביז וואנעט במשך פון א יאר און נאך מערער אפי' אין משך פון א טאג, איז אויכעט דא די גאנצעי סדר השתלשלות פון דער צייט ווען ער כאפט זיך אויף פון שלאף, ביז דערנאך אז ס'איז דא דער "אחת משישים" - ווען ער איז הולך לישון, איז אויכעט דא דער תחלת היום, וואס דעמולט איז ער נאך ווי א תינוק - ערשט אויפגעכאפט זיך פון שלאף, און דערנאך הויבט ער אן ווי תחלת חיי אדם פון א אידן דארף זיין, און הויבט זיך אן נתחנך זיין - מ'איז עם מחנך און דערנאך איז ער זיך מחנך, ווי אזוי צו פירן זיך וואס דאס ווערט ע"י לימוד התורה,

אנהויבנדיק פון תחלת התורה וואס דאס איז מקרא און דערנאך משנה און גמ', און דערנאך לרדוף וכו', ביז וואנעט אז ס'ווערט דער א' מששים, דער עבר ובטל מן העולם - דער ענין השינה.

אט אזוי איז אויך בא יעדער אידן בפרט אויך דא די תקופה, וואס בחייו הוא ווערט ער א בן ארבעים, ער איז ראוי להוראה.

בכלל איז דאך יעדער מענטש האט דאך פארשידענע תקופות אין זיין ערוואקסונג און אין זיין אנטוויקלונג, אבער בכללות איז, אז ס'איז דא בא יעדערן די תקופת ההכנה ווי אזוי ער גרייט זיך צו ווערן זעלבסשטענדיק און שטיין אויף די אייגענע פיס און אליין באווייזן זיך די וועג ווי אזוי צו טאן,

וואס ס'איז דאך "אדם עיר פרא יולד", בשעת מ'ווערט געבארן האט מען נאך ניט די ידיעות - אבער דורך דערויף וואס מ'לערנט מיט עם און דערנאך לערנט ער מיט זיך אליין, איז סוכ"ס יגעת ומצאת - קומט ער צו אזא מין תקופה און אזא מין רגע - אזא מין זמן אין זיין לעבן וואס אט דעמולט שטייט ער אויף די אייגענע פיס און ווייזט זיך אן דעם וועג, ער ווערט א מורה דרך וואס צו טאן - "המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא תיעשנה", און וואס מ'דארף ניט טאן אדער מ'טאר ניט טאן.

אפילו ווען ער האט ניט די ידיעות, מאיזה סיבה שתהי', איז ווערט ער בא זיך א מורה דרך, ער ווייזט זיך אן די וועג אז ער דארף גיין און פרעגן, ווארום ער קאן דאס אויף זיך ניט שטעלן, און קאן ניט שטעלן אויף זיין רצון צי אויף זיין תשוקה אפילו ניט אויף זיין החלטה וואס עם ווייזט זיך אויס אז דאס איז א החלטה שכלית, נאר ער דארף פרעגן בא איינעם וואס ער איז העכער פון עם,

וואס דאס איז די תקופה וואס זי איז פארבונדן מיט בינה, ווי מפרשי המשנה טייטשן דאס אפ "להוראה" - וואס דאס איז פארבונדן מיט "בן ארבעים" - אז ער איז געקומען צו אט די שלימות, נאך דער הכנה, וואס דעמולט איז ער שוין געווארן א מבין - עומד על דעת רבו, אויף דעם רבי'ן פון דער גאנצער וועלט און די גאנצע בריאה, וואס דאס איז דער אויבערשטער ווי ער האט דאס ארויסגעגעבן בתורתו.

וואס תורה איז דאס אויך מל' הוראה,

און ער האט דארט אויך אנגעוויזן אז מ'קען ניט שטעלן אויף זיך, נאר וויבאלד אז דאס איז א דבר הקשה איז "יביאון אלי" - דארף מען דאס ברייננען צו דעם אויבערשטן,

און "גילה דבריו אל עבדיו הנביאים - מאן מלכי רבנן" אט די וואס פסק'נען לויטן אויבערשטנ'ס שו"ע, וואס זיי האבן זיך מס"נ געווען אויף לערנען תורה און פירן זיך ווי תורה הייסט וואס דעמולט ווערן זיי די אמת'ע מורה דרך,

און אט דאס איז דער לימוד פון "זרעו בחיים", אז מ'דארף ניט פארשפעטיקן, נאר גלייך ווי מ'האט די מעגליכקייט צו זיין א מורה הוראה פאר זיך, עכ"פ אין דעם אופן, ער קומט שוין לידי הכרה אז מ'קען ניט שטעלן אויפן אייגענעם רצון נאר מ'דארף פרעגן בא איינעם וואס ווייס וואס ס'שטייט אין שו"ע, וואס זאגט תורה,

איז אט דעמולט וועט דאס זיין "לבינה" - וועט דאס זיין מיטן אמת'ן פארשטאנד, וואס דאס איז דער פארשטאנד פון אידן "עם חכם ונבון", וואס דאס אנערקענען אפילו או"ה ווען אידן פירן זיך אנדערש פון או"ה,

בשעת מ'מאכט זיי נאך און מ'לויפט זיי נאך, און מ'פרעגט בא זיי ווי מ'זאל זיך פירן און מ'וויל בא זיי נושא חן זיין, איז ניט נאר אז מ'באקומט ניט דורך דערויף דער טיטול "רק עם חכם ונבון הגוי הזה", נאר אדרבה מ'פארלירט בא זיי אינגאנצן דער חן און חשיבות און כבוד מיט דער רעכענען זיך מיט זיי, ווייל זיי זעען אז זיי האבן ניט קיין אייגענער שטארקייט און קיין אייגענער דיעה, קיין אייגענער חו"ב, מערניט ווי נאך לויפן א צווייטן און פרעגן בא עם ווי וועט בא עם אויסקומען און ווי אזוי קען מען עם געפעלן, אפילו אז מ'וועט צוליב דערויף דארפן אפגעבן אט דאס וואס "הם חיינו ואורך ימינו",

אזוי ווי ער - בעל המאסר והגאולה - האט באוויזן דעם וועג, כאטש אפילו אז דורך דערויף איז געווען דער מאסר, אז גייענדיק מיט דער תקיפות כנגד כל העולם כולו, אין וועלכע ער האט זיך דעמולט געפונען, וויבאלד אז די חכמת התורה האט געהייסן פארנעמען זיך מיט הפצת התורה והיהדות, קען אין דערויף קיינער ניט זאגן א דיעה אנדערש, און קיינער קען ניט זיין אין דערויף קיין מונע ומעכב, און האט אזוי געטאן בפועל, און האט אזוי געווירקט אויך אויף זייגע "זרעו" - זייגע תלמידים וההולכים באורחותיו,

איז דאס איז דער "זרעו" - אט דאס וואס ער האט פארזייט אט די הנהגה, מיט די הוראה, ע"מ אז דאס זאל געבן ווי יעדער זרע (ווי יעדער זייאונג) - אז דאס זאל געבן די פירות און די פירי פירות, אז מ'זאל זיין הולכים בדרך זו,

איז דעמולט איז יעדער מקיים בא זיך דער "בן ארבעים לבינה", אפילו ווען ער איז ערשט געווארן בר מצוה, ווייס ער שוין און האט שוין די אמת'ע פארשטאנד, די אמת'ע בינה אז מ'קען ניט שטעלן אויף דעם אייגענעם רצון און תאוה, נאר מ'דארף וויסן וואס זאגט חכמתו ורצונו של הקב"ה, וואס ס'שטייט אין דער שו"ע.

און דאס איז גורם דער גרעסטער נח"ר צו דעם בעל הגאולה, בשעת ער זעט אז זרעו בחיים, ביז וואנעט אז שפתותיו דובבות בשני עולמים אויכעט בקבר,

וואס דאס איז ווי תוס' טייטשט דאס אויס בפשטות - עוה"ז הגשמי, ביז וואנעט - ווי דער פי' אין גמ' - אז יעקב אבינו לא מת ווארום "זרעו בחיים",

אז כך תהי' לנו, דורך דערויף וואס יעדערער וועט זיך אזוי פירן בעניניו הוא, אז אין וואס פאר א טאג אין זיין לעבן ער האלט איז האט ער שוין אן ענין אין וועלכע ער ווערט א מורה דרך עכ"פ ווי געזאגט, אז ער ווייס אז מ'דארף פרעגן בא א צווייטן,

און ער פרעגט דעם אמת'ן דרך - וואס דאס איז "ושמרו דרך ה' לעשות צדקה

וחסד" וואס דאס איז דער אמת'ער וועג פון יעדער אידן און אלע אידן, ובכל מקום ובכל זמן,

און דאס ווערט די הכנה קרובה אז פון דער גאולה פון י"ב י"ג תמוז ווערט דער "מיסמך גאולה לגאולה" אז "ילך לבטח דרכו", אז מ'גייט אין א זיכערן אופן אין דעם וועג אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו בגאולה האמיתית והשלימה ובקרוב ממש.

* * *

ב. בהמשך צו וואס עס האט זיך גערעט פריער אז בא דעם בעל ההילולא איז געווען די דריי תקופות, וואס האט זיך אנגעהויבן ווען ער איז געווען בן ארבעים לבינה, און זייענדיק א נשיא בישראל, וואס דאס האט זיך אנגעהויבן זייענדיק ווען ער איז געווען בן ארבעים, איז דאך אן ענין פון נשיא א עיקרדיקער ענין, אז ער זאל משפיע זיין אז דורו זאל זיין כמותו, עכ"פ עד כמה שאפשר,

וואס דערפאר זאגט מען אז ווען איז דער דור איז ווי ס'דארף צו זיין, איב דער פרנס איז לפי הדור און דער דור לפי הפרנס,

וואס אין דערויף איז אויך די השתדלות פון א נשיא אויף צופאסן דעם דור צו זיך, דורך אויפ-הויבן דעם דור, וואס דאס פארלייגנגט אויכעט מס"נ,

בדוגמא ווי מ'זעט אז אויפהויבן א קינד דארף זיין "שאהו על זרועותיו", ווי אזוי הויבט מען אויף על זרועותיו, איז דאס דורך דערויף אז כ'ריער בייגט מען זיך צו צו דעם קינד און מ'הויבט עס אויף.

וואס דאס איז אויכעט בכללות: א נשיא מצ"ע איז בדוגמא ווי מ'געפינט בא דעם וואס איז געווען ראשון למלכים - שאול המלך, אז ער איז געווען "משכמו ומעלה גבוה מכל העם", און ס'שטייט אויף דערויף דעם פי' - אז ניט דער אויפטו איז אז ראשו איז געווען גבוה מכל העם, ניט דאס איז דער אמת'ער ענין פון א נשיא, אז א נשיא איז אזא מין וואס מצ"ע איז ראשו גבוה מכל העם איז א זיכערע זאך, אבער כדי ער זאל זיין א אמת'ער נשיא דארף ער זיין אויף אזוי פיל העכער אז אפילו שכמו וואס דאס איז למטה פון חלק הראש און דאס קומט דאך דעם הפסק הגרון, וואס דעמולט הויבט זיך אן דער אמצע פון דעם גוף, איז אין שכמו איז ער שוין אויכעט "גבוה מכל העם",

און אעפ"כ ווערט ער א נשיא "שתמליכוני עליכם", בדוגמא פון "המלוכה והממשלה לחי עולמים", וואס דערפון ווערט נמשך מלוכה אין עוה"ז בכל מלך, וואס דערפאר איז דאך אויכעט ידוע דער פי' אז בשעת מ'זאגט א משל אויפן אויבערשטן זאגט תורת אמת "משל למה הדבר דומה" צו א מלך בשו"ד, וואס דאס שטייט אין זייער א סאך ערטער מיט אט דעם לשון.

ווי אזוי קען מען דאס פארגלייכן צו דעם אויבערשטן, בשעת מ'זאגט "מי תדמיוני ואשוה יאמר קדוש", אין דעם ענין וואס דער אויבערשטער איז המלוכה והממשלה, לאזט ער זיך אראפ אין אזא מין אופן אז מ'זאל קענען געפינען מקצתו בהנהגה דא למטה, און אין ווען געפינט זיך דאס, געפינט זיך דאס בא א מלך, וואס די מלוכה למטה איז נשתלשלו מהן - דאס נעמט זיך פון די מלוכה שלמעלה.

וואס דערפאר איז דאס אויך ווי יעדער ענין קומט אראפ אין הלכה בפועל, אז פונקט אזוי ווי בנוגע צו ממה"מ הקב"ה איז דאך אט דעמולט יעדער רצון זיינער דארף אויף דערויף זיין קב"ע און מס"נ מיט די אלע פרטים, ווי אויסגערעכנט אין ספרי מוסר און נאכמער אין ספרי חסידות, ווי אזוי דאס דארף דורך נעמען א אידן דורך און דורך,

וואס בא אידן איז מלכותו ברצון קבלו עליהם, אבער דאס נעמט דורך כל הבריאה כולה ביז אז "ידע כל פעול כי אתה פעלתו" איז די ידיעה וועט זיין לע"ל, אבער די מציאות דערפון איז שוין אויך אויצטער אזוי, איז דער דין "מאן דמחוי במחוג קמי מלכא" אפילו אז דאס איז מערניט ווי א תנועה, וואס די תנועה באווייזט ניט דעם ענין פון קב"ע, כאטש אפילו ס'איז ניט געווען מער קיינע ענינים, איז אט דעמולט ווערט דאס היפך החיים פאר דעם וואס מחוי במחוג, און ווי ס'שטייט אויף דערויף דער טעם, וואס די גאנצע מציאות פון די מדינה מיט אלע וואס געפינען זיך אין די מדינה איז דאס פון דעם מלך המדינה,

און בשעת ס'פעלט אין דעם קשר און די פארבונדקייט וואס דאס איז דוקא דורך קב"ע, ווארום דער מלך מצ"ע איז "משכמו ומעלה גבוה מכל העם" עאכו"כ דער ענין המלכות שבו, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער עטרה, "מלך ביופיו תחזינה עיניך", מיט א כתר מלכות וואס דאס איז נאך למעלה על ראשו של מלך איז דאס אינגאנצן שלא בערך מיט די בני המדינה,

נאר דער קשר ביניהן איז דורך דערויף וואס דער מלך גיט א גזירה א ציווי, און מ'איז מקיים דער ציווי, בדוגמא ווי ער זאגט אין מכילתא בא די עשה"ד לגבי מלכותו של הקב"ה אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז "תחלה קבלו מלכותי ואח"כ אגזור עליכם גזירות" - דערנאך וועט ער געבן די מצוות.

וואס דאס איז אויכעט דער קשר און די מציאות פון די אנשי המדינה. ס'הויבט זיך אן דורך דעם ענין פון קב"ע, און דערנאך, ערשט נאך דער נעשה, וואס דאס איז געווען דער ענין פון קב"ע און די החלטה אז מ'וועט מקיים זיין די גזירות נאך אידער מ'ווייס וואס די גזירות וועלן באשטיין, "קדמיתו פומייכו לאודנייכו", איז דערנאך קומט דער "ונשמע " אז מ'הערט די גזירה, ביז וואנעט "ונשמע" אויכעט פון דעם אפטייטש "דבר כי שומע עבדיך" מל' הבנה, אז ער האט אויכעט דעם פארשטאנד פארוואס מ'דארף מקיים זיין אויכעט אט די גזירה, דעם ציווי המלך.

וואס אזוי ווי דאס איז געווען בא עם ישראל בכללותו, הקדמת נעשה לנשמע - פריער דער נעשה און דערנאך דער נשמע, אזוי איז דאס אויכעט בא יעדער איינער בשעת ס'קומט צו א ענין פון אידישקייט, איז דאס היפך הסדר פון אידישקייט - ובמילא איז דאס היפך הסדר פון א אידן - אז פריער זאל ער פארלענדען דער "נשמע" - אז דאס זאל זיך אפלייגן אין זיין שכל, כאטש אפילו ער גלויבט אז דאס איז א ציווי של הקב"ה אז דאס איז דער שכל פון דערם אויבערשטן,

פונדעסטוועגן אז דאס קומט לידי קיום בפועל, בפרט נאך אז דאס איז פארבונדן מיט שוועריקייטן, אט דעמולט טענה'ט ער אז פריער וויל ער האבן דעם נשמע - ער זאל פארשטיין, אדער מ'זאל עם געבן צו פארשטיין פארוואס ער דארף זיך פירן ווי ס'שטייט אין שו"ע, און דערנאך וועט זיין דער נעשה - ער וועט טאן דעם ענין בפועל,

זאגט מען, אז דאס איז היפך ההנהגה פון א אידן, דאס איז א הנהגה פון דעם צדוקי וואס ער האט געהאט די טענה צו רבא פארוואס ער פירט זיך ווי אן "עמא פזיזא",

וואס איינע פון די טייטשן פון צדוקי איז אז ער איז זיך "מצדיק", ער בארעכטיקט זיך, מ'פרעגט עם די שאלה: ס'איז דאך היפך פון דיין שכל, אז ער ווייס אז דאס איז א ציווי של הקב"ה, איז ווי איז דאס שייך זאגן א תנאי אז פריער וועט ער פארשטיין דער שכל פון דעם אויבערשטן, און ערשט דערנאך - אז דאס וועט זיך אפלייגן אין א שכל פון א בשו"ד, וועט ער דאס דעמולט טאן און מקיים זיין בפועל - דאס איז היפך פון דער שכל פון בו"ד.

עס איז דאך אבער דא דער שוחד פון אהבת עצמו, במילא וויל ער נאכגעבן

זיינע א תאוה און זיינער א רצון, עכ"פ נאכגעבן זיין שכל - אז דער שכל זאל מסכים זיין אז ער דארף זיך אזוי פירן, עאכו"כ ניט צו טאן קיין ענין ענין מיט מס"נ. וואס אט דעמולט ווערט ער א צדוקי כלפי חוץ, האט ער א בארעכטיקונג און ער מיינט אז דאס ווערט נתקבל אויך בא א צווייטן, אז וויבאלד אז א מענטש איז א בר שכל, דארף ער זיך ניט פירן אין א ווילדן אופן, און טאן א זאך וואס לייגט זיך ניט אין זיין שכל.

איז ניט ח"ו ער וויל זיין א פושע נאר ער וויל זיין א צדיק וצדוקי, נאר אין דעם אופן אז ער וועט זיך זעצן לערנען, און בשעת ער וועט קומען לידי החלטה אז דאס איז א שכל'דיקע זאך, וואס דער אויבערשטער זאגט, אט דעמולט וועט ער אזוי טאן בפועל.

זאגט מען, אז סוכ"ס גיט מען א אידן דער ונשמע - ער זאל פארשטיין די זאך, אבער ווען קומט דער ענין פון ונשמע - בשעת ס'איז דא די הקדמה פון "נעשה" , צום אלעם ערשטן איז ער מקבל אויף זיך דעם אויבערשטנ'ס ציווי און ניט סתם מקבל אין חקירה ובמחשבה, נאר "נעשה" - ער טוט דאס אין עשי' בפועל און אדרבה: דאס איז מקדים און מזרז און דאס ברייננגט פריער די הבנה והשגה פארוואס תומ"צ זיינען "לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזובו".

וואס אזוי ווי דאס איז (ווי געזאגט פריער) בא כללות עם ישראל, אזוי איז דאס אויך בא יעדער אידן בשעת ער ווערט א מחוייב במצוות איז דער סדר, אז ניט ער דארף פריער פארשטיין בשכל דער נשמע און דערנאך ערשט אנהויבן מקיים זיין מצוות, צום אלעם ערשטן איז דער נעשה - עשי' בפועל.

און דערנאך קומט ער צו דער "ונשמע", ואדרבה - וואס מערער הידור און וואס מער מס"נ איז דא אין דעם נעשה, אלץ פריער און טיפער קומט ער צו דעם נשמע.

וכידוע דער ווארט פון דער בעל הגאולה, אז דאס איז איינע פון די חילוקים עיקריים וואס איז דא צווישן חכמת התורה וחכמות חיצוניות - אנדערע חכמות [אע"פ וואס זיי ווערן אויך אנגערופן - אין תורה - בשם חכמה] - בנוגע צו אנדערע חכמות קען מען זיך פירן אין א היפך הגמור פון דער חכמה, און אעפ"כ זאל ער זיין א חכם בחכמה זו,

און ווי געזאגט די דוגמא בדבר, אז ס'קען זיין א חכם גדול אין חכמת הרפואה און זאל זיין רופא חולים און אויסהיילן זיי, ווארום ער גיט זיי די ריכטיקע עצות, און בשעת ס'קומט צו עס בחייו הפרטיים טוט ער אלץ קאפויר און פארקערט פון ווי ס'שטייט אין חכמת הרפואה וואס ער אליין לערנט זי מיט אנדערע, און ער קען ניט איינהאלטן זיין תאוה ורצון, און ס'איז קיין סתירה ניט אט דאס וואס במעשה פירט ער זיך פארקערט, צו די הצלחה וואס ער האט פון דעם טיפול רפואי וואס מ'באקומט פון עם,

משא"כ אין חכמת התורה להבדיל, איז אין דערויף דא דער כלל, אז אויב "לא זכה" איז אט דעמולט ווערט דאס א ענין וואס ער איז מורה דרך שלא כהלכה, ביז וואנעט אז ס'ווערט בא עם דער היפך פון סם החיים,

וואס דערמיט האט ער אויך מסביר געווען, אז מ'האט בא עם געבעטן ער זאל ערלויבן דעם סדר פריער נשמע און דערנאך נעשה, האט ער אויף דערויף געענטפערט אז דאס איז א סתירה מיני' ובי', מ'קען ניט צוקומען צו דעם "נשמע" סיידן מ'האט אין דערויף אויכעט דער ענין פון "נעשה".

און מ'האט בא עם געפרעגט א דוגמא - א משל אויכעט בעוה"ז הגשמי, האט ער געבראכט אויף דערויף די דוגמא - אז איינער וועט זאגן אזוי ווי ער איז

הונגעריק, זאל מען עס זאגן און מ'וויזט עם די וועג ווי אזוי ער קען ווערן זאט, וועט ער זאגן אז ער וועט ניט עסן דעם מאכל וואס ער דארף עסן ביז וואנעט ער וועט דורך לערנען די גאנצע חכמה ווי אזוי די פעולת האכילה וועט שטילן זיין והנגער.

זעט מען די דוגמא אין חיים גשמיים אז בשעת ער איז הונגעריק, איז דעמולט ווי דער רמב"ם שרייבט אין הל' דיעות, און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל אז דאס וואס ער איז הונגעריק איז ער מבולבל אויכעט אין כח שכלו, און וואס עד לייגט אפ מערער די פעולת האכילה אלץ שווערער וועט עס זיין די הבנה והשגה. וואס דאס איז דער קשר צווישן פעולת האכילה מיט דעם זעטיגען דעם רעבון (הונגער) שלו.

נאר אין גשמיות העולם איז דאס דא מערניט ווי אין א טייל זאכן, אין תורה איז דאס דא אין כללות ענינה, בכדי צו צוקומען צו הבנת התורה מוז מען אנהויבן פון קיום המצוות פון נעשה, און דערנאך האט מען די הבטחה אז יגעת ומצאת - וועט מען אויך צוקומען צו דעם ענין פון הבנת התדרה.

וואס דאס איז אויך ווי געזאגט פריער, אז נאך דערויף וואס ס'איז דא דער "ארבעים לבינה", וואס דער ערשטער ענין פון א מורה הוראה איז, אז ניט ער הויבט אן פון פסק'נען א דין, פריער לערנט ער די דינים בא א צווייטן, וואס דער צווייטער האט געלערנט בא א פריער-דיקער פאר עם, און דערנאך איז דאס נאך ניט מספיק, ער דארף זיך פארהערן בא דעם צווייטן און דער צווייטער זאל סומך זיין את ידיו - געבן עם סמיכה, און ערשט דעמולט ווערט ער ראוי להוראה, אויך מיט דעם תנאי, ווי ער זאגט די מידות פון א חכם, אז דאס וואס ער איז איננו יודע זאגט ער איני יודע, און גייט פרעגן בא א העכערן פון זיך, ווי מ'געפינט אפילו בא סנהדרין, איז געווען סנהדרין קטנה און סנהדרין גדולה ביז צו "כל דבר הקשה יביאון אלי", צו דעם מופלא שבסנהדרין.

וואס דאס איז אויך ווי דער סדר איז אז אפילו נאך דערויף וואס ער איז געקומען צו בן ארבעים לבינה, איז ערשט דערנאך געווערט א משך זמן ביז ואנעט ס'ווערט דער "בן חמישים לעצה".

און ווי ס'איז געווען בפשטות אויכעט בא דעם בעל הגאולה,

וואס כ"ז ס'איז געווען אין יענע מדינה, איז ניט געווען שייכות די הנהגה פון געבן עצות אדער מתייעץ זיין מיט א צווייטן, וואדום דארט איז געווען דער מעמד ומצב פון מס"נ, און בשעת מ'האט געדארפט געבן יענעם א עצה, וואס א עצה איז פארבונדן מיט א ענין פון שכל, האט דאס ניט געהאט קיין ארטן אין שכל ווארום ס'איז געווען פארבונדן מיט מס"נ.

איז דעריבער דעמולט געווען דער מעמד ומצב פון הוראה, אנווייזן א וועג און זאגן אז מ'דארף זיך פארנעמען מיט די און די פעולות פון הפצת התודה און הפצת היהדות, ביז וואנעט מ'דאדף אוועקפארן ממקומו "מארצך וממולדתך ומבית אביך" כדי צו פארשפרייטן יהדות אין א פינה נידחת.

און נאך דערויף אז ס'איז דורכגעגאנגען אט די תקופה, וואס דעמולט איז געווען דער עיקר ההנהגה אין א אופן פון הוראה, אבער הוראה וואס זי איז געבויט אויף בינה, "היא חכמתכם ובינתכם", און דערנאך אויכעט דער ערשטע צייט וואס מ'איז געווען מחוץ לגבול מדינה ההיא, וואס דעמולט איז געווען דער עיקר פעולה בנוגע צו הפצת היהדות אין אחורי מסך הברזל אין רוסלאנד, און ערשט א זמן נאך דערויף האט מען זיך אפגעגעבן בעיקר אויף הפצת היהדות אין די מדינות וואוהין מ'איז געקומען. און דעמולט האט זיך אנגעהויבן די תקופה פון "בן חמישים לעצה", אט דא איז געווען כמה ענינים וואס מ'האט ניט געדארפט אנקומען צו מס"נ, מ'האט געקענט אויסקומען מיט א הנהגה ע"פ עצה והתייעצות,

הנחה פרטית בלתי מוגה

ווי דאס איז ע"פ השכל, און אזוי האט אנגעהאלטן א גאנצע תקופה ביז מ'איז געקומען לתקופה לאחרי זו וואס איז געווען בן שישים לזקנה,

וואס בן שישים לזקנה איז (ווי דער תויו"ט ברייגגט אראפ) ס'איז דא א צווייטע גירסא "לחכמה", און ער טייטשט אפ אז דאס איז היינו הך, ווארום זקנה איז ווי די גמ' טייטשט דאס אפ "זה שקנה חכמה" אע"פ וואס נאך פאר דערויף האט ער דער בן ארבעים לבינה, אבער ניט אין אזא מין אופן אז ס'זאל זיין "זה שקנה", אז ער ווערט א בעה"ב און דאס ווערט זיין קנין, ביז דעם ענין פנימי אין שכל, וואס דאס איז חכמה, כידוע די מעלת החכמה לגבי הבינה.

וואס דאס איז געווען ווען הלך והוסיף בעבודתו, אין הפצת היהדות בפעולותיו און האט אפגעשטעלט א גאנצע מתנה פון צבאות ה' וואס זיי זאלן זיין הולכים בדרכיו,

און אט דעמולט, ווי ער זאגט אין עדיות אין די ברייתא אז ס'איז דא "מי שיש לו תלמידים", און דערנאך איז דא נאך העכער "תלמידים לתלמידיו", ביז "גדול מרבן שמו", וואס דאס איז די גרעסטע דרגא אין דעם ענין פון תורה וואס זי איז "חכמתכם ובינתכם".

ס'איז דא ווי דאס איז בינה, ס'איז דא ווי דאס איז חכמה, דערנאך איז דא אין א אופן פון "זה שקנה חכמה" אז דאס ווערט זיינער א קנין.

וואס דאס איז געווען אויכעט דער דריטער תקופה, עכ"פ וואס יש לבאר כן בדא"פ, וואס דעמולט איז געווען דער עיקר הפעולות שלו, דורך מורה און מדריך זיין רלמידים אז זיי זאלן טאן די פעולות און ער אליין האט וויניקער געהאט א שייכות מיט פעולות בפועל, עכ"פ בערך מיט די מעשה בפועל אין די שנים שלפנ"ז, אויך דעמולט האט עס געמוזט זיין. ווארום "כל האומר אין לי אלא תורה אפילו תורה אויכעט - אין לו" ס'מוז אויכעט זיין עשי' מיט גמ"ח מיט אלע ענינים, ווי אויסגערעכנט, וואס גיט דעם קיום צו דער תורה.

בערך אכער צו דער תקופה פון "חמישים לעצה", און נאך פאר דערויף אין "ארבעים לבינה" - יענע ערשטע צען יאר איז דאס געווען א תקופה פון "זה שקנה חכמה",

און דערנאך ווערט דער "בן שבעים לשיבה", און ווי מפרשים טייטשן אפ למאי נפק"מ, וואס דעמולט הויבט זיך אן דער ציווי לכו"ע מפני שיבה תקום איז דאס מבן שבעים שנה,

וואס דאס איז אויך בכללות הענין ווען ס'ווערט די הסתלקות, איז אט דעמולט איז ניט שייכות צו זיצן בנוכחיות שלו, מערניט ווי צו שטיין אין אן אופן פון ביטול, וואס דאס איז דאך דער ענין פון עמידה, "אין עמידה אלא תפילה", וואס תפלה איז דאך ענינה "כעבדא קמי' מרי'", וואס דאס איז פון בן שבעים לשיבה.

כמדובר לעיל, איז די כוונה בזה ס'זאל זיין דער זרעו בחיים: איז די הוראה ראשונה אז יעדער מענטש וויל דאך זיין א נשיא און בעה"ב בא זיך, און זוכט זיך וועגן ווי אזוי ער זאל זיין בארעכטיקט צו שטעלן אויף זיך און אזוי זיך פירן,

זאגט מען עם אז די התחלה בזה איז, און דאס דארף ער זיך לערנען פון דעם בעל הגאולה פון "בן ארבעים לבינה", אז מ'דארף פריער גיין אין חדר און לערנען בא א צווייטן,

און ווער דארף זיין דער צווייטער, ניט נאר דער וואס ער איז א חכם

הנחה פרטית בלתי מוגה

אין דער חכמה נאר אזא מין וואס "זכרו תורת משה עבדי", שנקראת על שמו - דערפאר וואס מסר נפשו עלי', אז דאס וואס ער האט חיבורים, און חיבורים אויף ענגליש און זעצט זיי איבער אויף אלע שבעים לשונות, איז אויב בחייו הפרטים פירט ער זיך אויף ניט ווי ס'שטייט אין תורת משה, איז אט דעמולט ווי דער דין הידוע, אז אפילו ס"ת שכתבה א היפך פון א מאמין אין תורה מן השמים אפילו אות אחת שבה, איז ניט נאר מ'טאר אין איר ניט לערנען און לייענען, נאר ס'דארף זיין דער היפך פון דער קיום פון דער ס"ת, וויבאלד אז כתבו איז געווען אזא מין וואס הנהגתו בחייו הפרטים איז היפך פון דעם ענין.

וכאמור, דאס איז א דבר המובן אויך אין שכל הפשוט, ווארום וואס קען ער שוין אויפטאן מיט א צווייטן, בשעת מ'זעט זיין הנהגה איז פארקערט פון די עניניםם וועגן וולכע ער לערנט מיט א צווייטן,

נאר ס'דארף זיין די הנהגה, און ווי געזאגט פריער, אז ס'איז דא דער "בן ארבעים לבינה" איז דאס טייך גלייך ווי ער איז נתחייב געווארן במצות, און נאך פריער, ווארום דעמולט האט ער שוין א ידיעה אין כמה ענינים ווי ס'איז בא יעדער אידיש קינד, וואס ער איז נתחנך געווארן אין א אידישער הויז, און מ'קען שוין שטעלן אויף עם, אז ס'וועט קומען צו א דבר פשוט אין שו"ע ווייס ער ווי צו פירן זיך, ער ווערט שוין ראוי אויף זיך באווייזן די וועג,

דארף דאס אבער זיין מיוסד און מ'איז דאס אין עם מחזק און מחנך אז דאס איז לבינה - פארבונדן מיט "היא חכמתכם ובינתכם", און ניט פארלאזן זיך אויף זיין שכל.

דערנאך ערשט אז ס'גייט דורך א תקופה ביז א תקופה חשובה, וואס דעמולט קען דאס פועל זיין א שינוי חשוב, וואס אין שנים איז דאס דער ענין פון עשר שנים, ווי די משנה רעכנט אויס דער חילוק אנהויבנדיק פון בן עשרים, ווערט א שינוי מעשר שנים לעשר שנים.

ווי די גמ' זאגט אויכעט אז דער וואס איז געווען "עשר שנה ולא הולידה" איז אט דעמולט א סימן אז די נישואין [illegible] תיקון, [illegible] שיהי' און דאס איז די [illegible] הבוחן בזה [illegible], איז דאס אויכעט בחייו של כאו"א, מיוסד וואס די תורה איז געזאגט געווארן בכללות ובפרטות, איז אט אויכעט דא בחיי הפרט ביז אין חיי יום ויום, ווי געזאגט פריער,

און ערשט דערנאך ווען ער געוויינט זיך איין אז מיט קב"ע און דורך פאלגן "מאן מלכי רבנן", פירט ער זיך א תקופה חשובה, ביז וואנעט אז דאס ווערט א "הרגל נעשה טבע" בנפשו פירן זיך ווי ס'שטייט אין שו"ע,

אט דעמולט ווערט דער בן חמשים לעצה - ער קען זיך מתייעץ זיין מיט זיין שכל, און קען אויכעט געבן כפשוטו אן עצה אויכעט צו א צווייטן אידן,

ביז וואנעט אז דערנאך איז ער זיך מתנהג באופן כזה, און גיט אן עצה א צווייטן אידן, האט מען די הבטחה אז "מאיר עיני שניהם ה'", ווי די גמ' זאגט אין תמורה, און דער אלטער רבי ברייינגט דאס אויכעט אראפ בנוגע צו גדולים, בהקדמה צו ספר התניא,

ווערט בא עם דעמולט, דורך "מאיר עיני שניהם ה'", דער ענין פון "זה שקנה חכמה",

ביז וואנעט אז אין דערויף גופא קומט ער צו די שלימות אז שו"ע פסק'נט אפ אז "מחוייבים לעמוד בפניו, מפני שיבה תקום",

און דערנאך גייט ער "מחיל אל חיל", און ווי גערעדט נעכטן בארוכה, ביז ווי ער שטייט אין א דרגא "כאלו מת ועבר ובטל מן העולם", אז אלע וועלטישע זאכן האבן אויף עם קיין שליטה ניט, ווארום ער זעט אין וועלט די בירה און ס'איז דא בעה"ב לבירה, במילא קוקט ער אויפן בעה"ב און קוקט ניט אויפן בירה, אויפן בית, איז דעמולט ווערט ער איין זאך מיטן בעה"ב, ישראל דורך אורייתא ווערט איין זאך מיט קוב"ה כולא חד, "וילך לבטח דרכו" אין לימוד התורה און אין קיום המצוות מיט אריכות ימים ושנים טובות, ווי גערעדט נעכטן בארוכה דער פס"ד אין שו"ע, אז ווען ס'איז בא עם מאה וואס דעמולט איז "ועבר ובטל מן העולם", פסק'נט ער אפ אין שו"ע (פון גמרא) אז "כיון דאפליג איפליג", וועט ער האבן אריכות ימים ושנים טובות.

און זוכה זיין לקבל פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט דאך אויך זיין דער ענין פון חיים נצחיים, לאחרי תחית המתים,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, "והקיצו ורננו שוכני עפר" און דער בעל הגאולה בראשם ובעגלא דידן. לחיים.

* * *

ג. בשעת ס'איז געווען דעם ערשטן מאל י"ב י"ג תמוז, וואס דאס איז נאך געווען בשעת תרפ"ז, איז אט דעמולט געווען איכעט דער סדר, אז בא חסידים, אנ"ש און בא אידן בכלל איז געווען א שמחה גדולה, אזוי ווי אבער מ'האט אנגעזאגט בשם פון דער בעל הגאולה אז מ'זאל זען ניט צו רייצן,

ע"ד ווי מ'געפינט איכעט בא דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן האט ער אויך געזאגט אז ס'זאל ניט זיין דער ענין "אל ישרוק עליהם וכו'", ווי ער זאגט אין אגה"ק הידוע,

איז דעמולט געווען דער לשון צווישן חסידים, אז ס'זאל זיין בלי פרסום,

ביז וואנעט אז מ'האט איכעט איבערגעגעבן וועגן דער שמחת הגאולה אין אנדערע ערטער און מ'האט געוואלט וואס פריער דורך טעלעגראמעס, האט מען גע'חתמ'עט די טעלעגראמעס "בלי פרסום", יענער האט געוואוסט ווער דאס שיקט די טעלעגראמעס האט ער געוואוסט אז דאס איז ניט קיין פאמיליע נאמען,

נאר דאס איז איכעט א הוראה אז דאס זאל זיין א שמחה, עס זאל אבער זיין בלי פרסום.

בד"א במדינה ההיא ובמצב ההוא,

בשעת מ'פראוועט א התוועדות אין מדינות הרווחה, ובפרט אז ס'איז א מלכות של חסד, און ס'איז ניטא קיינע העלמות והסתרים אויף לימוד התורה און קיום המצוות, אפילו מיט א הידור שבדבר און אפילו מיט א פרסום הכי גדול,

און ווי גערעדט כמ"פ אז אזוי ווי דער איבערשטער ווייס אז מ'געפינט זיך אין א דור יתום, אין א חושך כפול ומכופל פון גלות האט ער געמאכט דער נסיון א קלענערן, ביז א קלענערן שלא בערך, אז במדינה זו בשעת מ'זאל וועלן לייגן צוויי פאר תפילין און גיין מיט די ציצית בחוץ און מיט א גאנצע בארד און מיט די אלע ענינים, איז דאס ניט ווי ס'איז געווען א מאל, אז מ'האט געדארפט דורכגיין דער קלס ולעג וואס מ'האט געהאט פון עמי הארץ, ואדרבה: במדינה זו איז דער אמת'ער כבוד און דער אמת'ער חשיבות וואס מ'האט בא די עמי הארץ, איז בשעת מ'זעט ווי א איד פירט זיך מיט זיין גאנצע אידישקייט און שעמט זיך ניט דערמיט, און האלט דאס ניט באהאלטן אויף די דריי טעג אין יאר, ר"ה און יוה"כ אדער מערניט ווי אויף שבת ויו"ט אדער בכל יום - אבער

מערניט ווי "יהודי כאהליך", בא זיך אין הויז פארשלאסן, אבער אז ער גייט ארויס אין גאס וויל ער אז מ'זאל ניט דערקענען צי דאס איז מיכאל נאר ס'איז "מייקל", צי דאס איז אברהם אדער "עייבראהם" וכיו"ב.

און אין דערויף באשטייט זיין השקפת החיים, אז מ'דארף זיין "אדם בצאתך", וואס ער רעט זיך איין אז דורך דערויף פארדינט ער דער תואר "אדם" וואס עמי הארץ מיינען אז ער איז ניט קיין איד נאר ער איז איינער פון זייערע - פון די אנדערע אומות, איז דער מעמד ומצב געווארן פונקט א פארקערטער, וכאמור לעיל, אז דורך וואס האט מען דער "ויראו ממך" יראה כפשוטה, אדער נאכמער: דער יראת הכבוד - דער כבוד מפני היראה, אדער יראה מפני הכבוד, איז דאס דורך דערויף וואס "וראו" איז "כי שם ה' נקרא עליך" וואס דאס ברייננגט צו "ויראו ממך".

וואס דאס מאכט דער נסיון א סאך א לייבטערן, און ניט ווי מ'וויל זיך איינרעדן אז דאס איז א דרך בחיים.

וואס אט דאס ברייננגט אויך (ווי געזאגט) פרסום, אז דער פרסום פון א אידישן פארברייננגען און א אידישע שמחה און פון אידישקייט בכלל, איז אין די מדינות - ניט נאר אז דאס איז ניט קיין סתירה צו חשיבות, און חשיכות בפני עמי הארץ אפילו לשיטה פון די וואס האלטן אז מ'דארף זען געפעלן אויך צו עמי הארץ,

נאר אדרבה: דאס איז א סיוע דוקא ווען ס'איז אט דער פרסום.

- איי איז דאך די שאלה: מ'דארף דאך עפעס מאכן א זכר, אויך אויף דער הנהגה פון בלי פרסום, איז אט דאס איז מען יוצא מיט "השביעני מרעכים", מיט דאס וואס ס'געפינען זיך הונדערטער און טויזנטער אידן מאחורי מסך הברזל, וואס איצטער איז דאך שוין נאך יב-יג תמוז פון ש.ז., און לשנה הבאה, ווען זיכער אין צווישן קומען משיח, וואס זיי האבן געמאכט די התוועדות פון דעם י"ב י"ג תמוז בלי פרסום, אע"פ וואס בלבם פנימה איז דאס געווען מיט די גרעסטע הארציקייט און מיט די גרעסטע איבערגעגעבנקייט, און מיט די גרעסטע מס"נ אז דערנאך זאל דאס אראפקומען אין מע"ט, כרוחו פון בעל הגאולה במשך כל השנה כולה,

איז מען יוצא מיט דער "בלי פרסום" וואס איז במדינה ההיא.

און אדרבה: דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין דער פרסום און אין דער שמחה אין די מדינות וואס דער אויבערשטער האט זיי אוועקגעשטעלט, דער "לב מלכים ביד ה'", אין אן אופן הנהגה בחסד בטוב הנראה והנגלה, וועט דאס סוכ"ס דורכברעכן דער מסך הברזל וויבאלד אז "אינו מפסיק בין ישראל לאביהם שבשמים", ווי די גמרא פסק'נט.

וועט דאס אויבעט ארויסברייננגען זיי "מן המיצר אל המרחב", אז די מועדים ויו"ט הבאים לקראתינו ולקראתם לשלום בולל אויבעט דער "יהפכו ימים אלו" - די דריי וואכן "לששון ולשמחה ולמועדים טובים", וועלן זיי אויבעט קענען פראווען מיטן אמת'ן פרסום, ביז אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם", ביז אין אן אופן פון "קול גדול ולא יסף - ולא פסק",

בקרוב ממש בא די גאולה האמיתית והשלימה,

ובאמור, דאס מיינט מען ניט סתם זאגן א פשט'ל און א רמז און א דרשה, נאר דאס זאל אראפקומען במעשה בפועל און מיט דער פרסום הכי גדול בהתוועדות זו, און וואס נאכמער נוגע, דער פרסום הכי גדול צו טאן לויט די תקוות און דער רצון און דער נתינת כח פון בעל הגאולה,

אז קומענדיק מהתוועדות זו - אין הפצת התורה און לימוד התורה ביז "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה" - ת"ת דרבים, ביז לימוד מביא לידי מעשה אין קיום המצוות בהידור, ביז דער מעשה הכי גדול, אויף זוכה זיין צו קיום היעוד וואס הבטיחה תורה, אז "ישראל עושין תשובה ומיד הן נגאלין" ובעגלא דידן.

* * *

ד. וואס דאס קומט אויכעט בהמשך צו דאס וואס ס'האט זיך גערעט פריער, אז ווי אזוי איז דא דער ענין פון "ויראו ממך", אז מ'האט די יראת הכבוד, וואס דאס איז דער עיקר ענין אין יראה (ס'איז דאך דא די יראת האונס, די יראה וואס בא מפני הפחד, דער גרעסטער ענין און שלימות אין יראה איז דאך אז ס'איז דא די יראת הכבוד),

איז ווי אזוי איז בא אידן די הנהגה אז ס'ווערט "ויראו ממך", איז בשעת "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך",

אט דאס וואס ער פירט זיך "יהודי באהליך", עאכו"כ ווען ער באגרעניצט דאס צו זמנים מסויימים בשנה, ניט דאס איז דער וועג אז ס'זאל זיין דער "ויראו ממך", אפילו ניט דער יראת הפחד עאכו"כ ניט דער יראת הכבוד,

אדרבה: דאס ברענגט צו דער פחיתות, וויבאלד אז מ'זעט אז א איד לויפט נאך און וויל, אז ס'זאל זיין ככל עמי הארץ, די אידן זאלן אויך זיין אזוי ווי "ככל העמים בית ישראל",

בשעת מ'זעט אבער אז די אידישקייט זיינע איז אין אן אופן אז דאס זעען אויכעט עמי הארץ, אט דאס שטעלט אוועק אידן אין א מעמד ומצב וואס דעמולט איז "ויראו ממך" ביז אין א אופן אז ס'איז דא יראת הכבוד עאכו"כ אז ס'איז דא יראה כפשוטה, וואס דאס איז די אמת'ע וועג, אז ס'זאל זיין דער ענין פון "ושכבתם ואין מחריד", דער אמת'ער וועג פון "ונתתי שלום בארץ",

וואס דאס איז אויך דער קשר מיט דער הנהגה פון דער בעל הגאולה ווי דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה, וואס זי איז דאך געקומען לאחרי המאסר, וואס דער מאסר איז געווען מצד אט דער הנהגה וואס ער האט זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס ער איז געווען א לומד תורה און מקיים מצוות אין זיינע ד' אמות, און זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס זרעו איז געווען בחיים, אז די וואס זיינען געווען תלמידים ומחונכים ומודרכים שלו האבן זיך אזוי געפירט אין לימוד התורה און קיום מצוותי',

נאר ער איז אויך געווען אין אן אופן אז ס'זאל זיין וראו כל עמי הארץ אפילו אז ס'געפינען זיך א מתי מספר פון אידן צווישן א סאך עמי הארץ אין יענע מדינה, האט ער זיך משתדל געווען, ביז צו דעם אופן פון מס"נ אז דאס זאל זיין אין א אופן אז ס'זאל זיין א מקוה מיט א חדר מיט תנוקות של בית רבן מיט א מלמד וכו',

וואס אע"פ, וואס לכאורה ס'האט געקענט געטאן ווערן אין א אופן אז "עמי הארץ" זאלן דאס ניט זען, האט מען פונדעסטוועגן געשיקט אומעטום די שלוחים, וואס זיי זיינען געווען אין אזא מין ציור חיצוני, אז בשעת מ'איז געגאנגען אין גאס האט מען געוואוסט אז דאס גייט אזא מין וואס "שם ה' נקרא עליך", מצד דערויף וואס ס'איז געווען זקנו מגודל, און מיט די אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן,

וכאמור לעיל, אז ביי א נשיא איז דא די ענינים וואס איז בפ"ע, דערנאך איז דא די ענינים ווי ער איז פארבונדן מיטן עם,

וואס בכללות איז דאס אויכעט ווי ביי א מלך וואס "כיון שכרע שוב אינו זוקף", ווארום ער איז אין תכלית הביטול, ניט נאר ווען ער זאגט "ברוך" נאר במשך כל התפלה כולה, און דעמולט איז ער אין אן אופן ווי יהושפט האט זיך געפירט ווען ער איז געווען מיט תלמידי חכמים (איז ניט געווען דערביי), וואס דעמולט איז ער געווען די הנהגה בביטול בתכלית, משא"כ אזוי איז געווען די הנהגה בנוגע לעם אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה", ווי דער דין איז אויכעט בפשטות אין הל' מלכים, דער חילוק פון הנהגת המלך ווי ער איז פאר זיך, וואס דעמולט דארף זיין "שויתי ודוממתי" "תולעת ולא איש" די אלע ענינים וואס דוד המלך האט געזאגט, וואס ער איז דער מקור פון ענין המלכות בא אידן,

וואס אע"פ אז ס'איז אויך דא א מלך פון שאר השבטים, און ער האט די אלע דיני המלוכה ווי דער רמב"ם ברייננגט דאס אראפ אין הל' מלכים, בנוגע אבער צו מלוכה נצחית וואס דעמולט איז דאס א מלוכה מיט אן אמת'ער קיום, ווארום דאס איז לו ולזרעו ולזרע זרעו עד עולם [ווי ער ברייננגט דארט גופא אין הל' מלכים]. איז דאס מערניט ווי בא מלכות בית דוד, און אין דערויף גופא ניט סתם פון דוד'ן, נאר דוד ושלמה ווי ער זאגט אין פיהמ"ש און בכ"מ.

וואס דער ענין פון שלמה איז דאך אויך וואס באווייזט אויף דעם ענין פון שלום און אויף דעם ענין פון שלימות, ביז וואנעט אז כל עמי הארץ האבן געבראכט מס לשלמה, און מ'האט ניט געדארפט אויף דעם ענין אנקומען צו קיין מלחמות, ווארום ס'איז געווען דער ענין פון "ויראו ממך" דער ענין פון יראת הכבוד, ביז אין אן אופן פון ברייננגען מס ממדינה רחוקה אין ירושלים צו שלמה המלך, וואס דאס איז די שלימות אין דעם מלכות בית דוד - "וישב על כסא ה'".

וואס דאס ווערט א טייל פון [illegible] "התורה היא נצחית", תורה מל' הוראה אז יעדער איד וואס זיינט מ"ת אן, איז ער געווארן [ווארום "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"] איינער פון "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש", אז דורך דערויף וואס מ'האלט זיך אין תורה הקדושה איז מען א גוי קדוש, און אט דעמולט איז מען איינער פון "ממלכת כהנים",

און ווי רש"י טייטשט אפ "כהנים" פון ל' שירות, פון ל' מלך, וואס דאס איז בהמשך פון דעם ווארט "ממלכת" - ווערט דאס איין זאך "ממלכת כהנים".

- אז יעדער איד איז דאס בדוגמת א מלך און א מלך ישראל, ביז מלך פון בית דוד ווארום ער איז פארבונדן מיט תורה נצחית, איז אויכעט זיין מלוכה א מלוכה נצחית,

וואס הייסט נצחית? - אז אין וואס פארא תנאים ער זאל זיך ניט געפינען, און וואס פאר אן ארט און וואס פאר א זמן דאס זאל ניט זיין פירט ער זיך לויט דער דבר מלכות, לויט דער הוראה פון ממה"מ הקב"ה,

און אט דעמולט [ווי ער זאגט אין תנחומא] "כבדו את המצוות שהם שלוחיי", ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ - אז א איד ווען ער איז מקיים א מצוה, ווערט ער שלוחו של הקב"ה, "ושלוחו של אדם כמותו", און ווי ער איז מוסיף דער ווארט "ממש",

וואס אט דאס ברייננגט אויך דער ענין פון "ויראו ממך", און ווי געזאגט כמ"פ [און אויך פריער דערמאנט] אז וויבאלד ס'איז א חושך כפול ומכופל מער ווי ס'איז געווען פריער, האט מען דאס אויך באוויזן א מעשה בפועל, וואס דעמולט איז דאך א זיכערע זאך [ווי די גמ' זאגט אין ב"ב] אז די הלכה איז א הלכה אין מעשה בפועל דעמולט - וואס "אין למידין מפי משנה ולא מפי גמ'" מערניט אויב ס'איז דא א פס"ד אין א מעשה, וואס דעמולט איז "מעשה רב",

האט מען געווינזן א מעשה רב, אז אויב מ׳פירט זיך אזוי, ווערט דאס דורכגעפירט בפועל און מ׳איז מצליח,

וכמדובר בארוכה אין דער התוועדות פון שבת קדש - יב תמוז אז אדרבה: דורך דעם איז צוגעקומען א יום קבוע בשנה [אדער ימים קבועים בשנה] פון יב-יג תמוז, אז דעמולט נעמט מען אן החלטות טובות, אויף נאך להוסיף מערער אין לימוד התורה וקיום מצוותי׳.

ווי מ׳זעט דאס בפועל, און ווי כו״כ - אט די וואס זיינען געווען דארט אסירים במדינה ההיא לאחרי פון די גאולה פון י״ב י״ג תמוז האבן זיי דאס געהערט פון די חוקרים פון דער מדינה בשעת מ׳האט זיי חוקר ודורש געווען, אז זיי ווילסן אז ס׳איז צוגעקומען נאך דער מאסר והגאולה, די חגיגה פון י״ב י״ג תמוז,

מיט וואס די חגיגה איז פארבונדן און וועגן וואס פאר א החלטות מ׳נעמט אן אלס תוצאות פון דער חגיגה, און דערפאר היטן זיי זיך אויף כמה ענינים אז ס׳זאל ניט ארויס קומען נאך א הוספה פון א ענין פון תורה ומצוותי׳, ווי מ׳האט געזעט מיט כו״כ אסירים,

וואס דערפון פארשטייט מען, אז וויבאלד מ׳האט דאס גערעט במקומות שונים, אז דאס איז געווען א הוראה מלמעלה - ״יענער״ למעלה - פון יענער מדינה, אז מ׳זאל זיך אויסהיטן אויף ניט צולאזן אז דורך א מאסר און רדיפות זאל צוקומען דערנאך א ״יתרון האור מן החושך״ און ״יתרון החכמה מתוך הסכלות״.

וואס דאס האט אויכעט א קשר מיט דער פרשת השבוע,

וכידוע דער תורה פון דעם אלטן רבי׳ן, וואס דער בעל הגאולה האט דאס מפרסם געווען און געהייסן אפדרוקן כדי דאס זאל נתפרסם ווערן אויכעט לרבים, אז א איד דארף לעבן מיט דער צייט - מיט דער פרשת השבוע וואס מ׳לייענט און מ׳לערנט בזמן הזה - אין די טעג,

וואס דאס איז דאך די פ׳ פנחס.

וואס אין פ׳ פנחס איז דאך דא כו״כ ענינים, צווישן זיי כו״כ הוראות, וואס התורה מל׳ הוראה, און אויכעט א הוראה פון א מעשה נפלא וואס מ׳דערציילט בנוגע צו בנות צלפחד.

און ווי רש״י ברייגגט דאס אראפ בפירושו עה״ת, וואס דאס באווייזט דאך אז דאס איז פשוטם של דברים, אז די ״פרשה זו היתה כתובה לפני במרום״,

אז איידער די בנות צלפחד זיינען געקומען מיט דער טענה, דערנאך וואס ס׳איז ארויס געקומען לאחרי טענה זו - איז שוין די פרשה געווען כתובה במרום.

אעפ״כ דערציילט די תורה ניט נאר די פרשה אליין, נאר דערציילט דעם גאנצן סדר ההשתלשלות, און ווי רש״י ברייגגט אראפ גלייך בתחלת הסיפור, אז דאס איז געווען אן אויפטו פון בנות צלפחד, אין וואס איז באשטאנען דער אויפטו - איז דאס געווען די סיבה וואס מחבבין את הארץ, אז בשעת ס׳איז געווען אזוינע וואס בא זיי איז מאיזה סיבה שתהי׳ האבן זיי ניט געוואלט גייך אין ארץ ישראל, איז בשעת מעשה - דעמולט גופא [כאטש אפילו דער סיפור ווערט דערציילט אין שנת הארבעים, און דאס איז געווען די מעשה פון די פריערדיקע סדרה פון קרח (פאר דעם שבת׳דיקן?) איז דעמולט איז גאר געווען בא שנה השני׳ וויל דאס רש״י מיוסד אויף מאמרי חז״ל אז דאס איז דער זעלבער המשך] אז דוקא בנ״י ובנות ישראל בדור ההיא האבן מחבב געווען את הארץ.

און האבן גע'טענה'ט און געמאנט אז ס'זאל זיין "תנה לנו נחלה".

וכאמור, אז פרש"י עה"ת איז דאס פשש"מ, וואס אחוץ ווי געציילטע - דריי פיר ערטער - בלייבט דאס אן ענין של הלכה און מעשה בפועל, (א חוץ די עטליכע ערטער וואס הלכה איז עוקרת את המקרא).

וואס אין דערויף איז אויך די הוראה, וואס לכאורה ס'איז דאך געווען אן ענין פון דור דיעה, ובפרט ווי גערעדט נעכטן בארוכה, אז מ'זאגט אין משנה אויף זיי "אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח" אז דאס גייט אויפן דור המדבר, אעפ"כ איז געווען אן ענין וואס איז געווען א בלתי רצוי, וואס דאס איז געווען וואס זיי זיינען ניט געגאנגען "עלה נעלה וירשנו אותה".

און אויף דערויף קומט די הוראה אין פ' פנחס, אז ס'איז דא דעמולט - בשעת מעשה איז געווען אנדערע וואס זיי האבן מחבב געווען את הארץ, און זיי האבן זיך דערמיט - ניט נאר ניט געשעמט נאר זיי זיינען געקומען מיט א תביעה "תנה לנו נחלה"!

און דאס האט מצליח געווען אז זיי האבן אויסגעפירט מיט זייער טענה, איז צוגעקומען א פרשה בתורה שנקראת על שמם, און דערנאך זיינען זיי געווען אט די וואס זיי האבן בונה געווען בתים בישראל, ווי דערציילט דערנאך אין דער המשך הסיפור, אויך אין דער פרשה שלאחרי זה, אז זיי האבן אויפגעבויט משפחות בישראל מיט בני דודיהן מיט די גאנצע פרטי הדברים,

וואס דאס איז די הוראה, דער "עלה נעלה וירשנו אותה" איז דאס ניט נאר ווען מ'געפינט זיך בגשמיות מחוץ לגבולות הארץ, וואס דעמולט דארף זיין דער "עלה נעלה וירשנו אותה" בפשטות ווארום מ'געפינט זיך אין א מדבר, איז דאך דא א אופן, וואס ווי מ'זאגט דאס אין נוסח התפלה

[און כידוע אז דער נוסח התפלה מוז זיין מדוייק אויף אויסהיטן זיך פון זאגן א ענין וואס ער איז ניט אויסגעהאלטן ע"פ האמת, נוסף וואס דאס איז כל היום כולו דארף זיין מדבר שקר תרחק, עאכו"כ אין תפלה וואס איז פארבונדן מיט הפסק, ובל' הש"ס "מתוך שאמיתי הוא לא כזבו לו", וואס מ'דערציילט דארט א חידוש, אז אין תפלה איז דאך געווען א ארט אז מ'זאל זאגן א ענין וואס לכאורה בל' העולם וועט דאס זיין "כזבו לו" אבער וויבאלד אז "מתוך שאמיתי הוא" איז דאס עד כדי כך אז אפילו אין תפלה איז געווען "לא כזבו לו", וואס דאס איז דאך דער פירוש און דער פארענטפערונג - מאי קמ"ל אז "לא כזבו לו", און אז דאס איז פארבונדן מיט א דרגא אז "מתוך שאמיתי הוא וכו'", וויבאלד אבער אז אין פנימיות העינינים האבן זיי געקאנט זאגן "הא-ל הגדול הגבור והנורא" און זיי האבן געוואוסט אז "הן הן גבורותיו" וכל העינינים, וויבאלד אבער אז בחיצוניות זעט דאס אויס א ענין פון "כזבו לו", איז דעמולט "מתוך שאמיתי הוא" - וואס דער ענין פון אמת איז דאך מרכ"ד עד סכ"ד ווי ער זאגט אין ירושלמי אז אמת איז צוזאמענגעשטעלט פון תחלת פון א"ב און אמצעו פון דעם א"ב און דעם סוף פון דעם א"ב - די אותיות א' מ' ת', וואס דער מ' איז דער אמצע נעמענדיק אין חשבון אויכעט די אותיות כפולות פון מנצפ"ך,

ווארום דאס איז דער ענין פון אמת, אז תחלה און סוף און "מבלעדי", (ווי ער ברייגנט דארטן אראפ) אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים אויכעט אין צווישן - דאס איז דער ענין פון אמת]

וואס אט דאס איז אויכעט בנוגע בשעת מ'געפינט זיך בגשמיות אין א"י אין אירע גבולות אין די גבולות פון א"י, וואס האט אין זיך אלע דינים פון א"י, ווארום דאס איז "כיבשה עולי בבל" און די אלע פרטי הדברים, איז אט דעמולט זאגט מען אין דער תפלה "מפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתינו",

ווארום מ'געפינט זיך בגשמיות דארטן, ברוחניות אבער געפינט מען זיך אין א מעמד ומצב פון א גלות און חושך כפול ומכופל, און וויבאלד בא אידן איז די רוחניות מתגבר על הגשמיות, "נשמתם עיקר וגופם טפל", עד"ז אויכעט בנוגע צו דער גאנצער וועלט איז גופו טפל און נשמת העולם איז דער עיקר, קען מען זיין אין א"י בגשמיות און בשעת מעשה זאל מען זיין אין חושך כפול ומכופל פון גלות מצד דעם "א-ל זר אשר בקרבך" וואס ער געפינט זיך בא עם אין גלות,

און אט דעמולט קומט דאס ארויס לכל לראש, אז ער האט מורא און ער רעכנט זיך מיט דעם "א-ל זר אשר בקרבך", איז ער עם מסית ומפתה ומדיח אז ער זאל זיך רערשרעקן פאר די עמי הארץ, גייענדיק מיט א גשמיות'דיקן חשבון און מיט א חומריות'דיקן חשבון,

ביז וואנעט ער ווערט א משוחד, און דער שוחד איז מטה שכלו בפשטות, און ער רעכנט אז דורך דערויף וואס ער וועט שרייען אז מ'זעט דארטן אנשי מדות און "עז העם היושב בקרבה" און אז ס'איז דא "ערים בצורות וגבוהות", ביז - ווי ס'שטייט אין צווייטן ארט "וגבוהות בשמים", איז דעמולט איז "אל תתגרה בגוי קטן" עאכו"כ בגוי גדול,

און מ'דארף עם נאכלויפן און נושא חן זיין בא עם, ווי אזוי קען מען בא עם נושא חן זיין [illegible] ווי [illegible] פאלגט דעם יצה"ר דארף ער פאלגן די [illegible], און נאכגעבן אט דאס וואס מ'[illegible] פון עם, און ווילן זיך איינריידן און איינריידן אנדערע אז אט דעמולט וועט דער "א-ל זר אשר בקרבך" זיין באפרידיקט און וועט זיך דערמיט באגנוגענען - היפך וואס תורה זאגט אז אבר קטן יש באדם, איז "משביעו" איז דעמולט, פארקערט, ווערט ער דעמולט מערער דער "רעב", ובל' המשנה אז "מצוה גוררת מצוה" און דער היפך פון א מצוה איז גוררת דער היפך פון א מצוה - א צווייטע און א דריטע וכו',

עד"ז אויך בנוגע צו עמי הארץ, דורך דערויף וואס "ונהי' בעיננו כחגבים" ווערט דאס וכן היינו בעיניהם - און ווער רעכנט זיך מיט א חגב,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז מ'דארף ניט האבן קיין הכנה און מ'דארף ניט האבן קיין שחיטה מ'דארף ניט האבן קיינע ענינים, ס'איז גענוג אבאנדער אופן, ער איז שוין ראוי לאכילה און שוין ראוי להיפך החיים שלו,

אט דאס וואס מ'זאגט צו אידן "לחמינו הם" ווארום "סר צילם מעליהם" "וה' אתנו", זאגן זיי פארקערט,

און אז מ'הויבט אן טענה'ן, אז דער אויבערשטער האט געמאכט לייכטער דער נסיון, און האט באוויזן אז מ'האט שוין דריי מאל געפרואווט אויף דעם וועג פון נאכגעבן דעם לחץ און נאך יעדער מאל האט דער לחץ געבראכט א גרעסערן לחץ, און מ'האט געדארפט נאכגעבן - ווי געזאגט פריער אז מצוה גוררת מצוה, און א היפך פון מצוה איז גוררת א צווייטן היפך המצוה, רעכנט מען זיך ניט אפילו מיט שכל הפשוט, און וואס מ'זעט מיט עיני בשר, וואוהין מ'האט דערפירט דורך אט דער הנהגה, און מ'טפרינגט ווייטער אין פייער הילי"ת,

וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון כו"כ פון בנ"י, וועט דער אויבערשטער דאס ניט דערלאזן, אז מ'זאל אפגעבן און עפענען ח"ו ר"ל הארץ לפניהם.

נאר דא קומט צוגיין דער "קלוגינקער" און הויבט זיך אן אויסטענה'ן - היתכן, ס'איז דאך דא דעת הרבים, וואס דעת הרבים שרייט אז דאס איז א ענין פון שלום, איי וואס מ'שרייט וואס איז דאס פאר א שלום?! שלום איז דער טייטש אז ס'איז דא צוויי צדדים, און די צוויי צדדים מאכן צווישן זיך שלום,

בשעת איין צד ווערט דער מושל ושולט ודורש ומקבל, און דער צווייטער צד פארלירט אינגאנצן דער דיעה, ס'איז נאר א חילוק אין זמן, זונטיק גיט ער אפ איין שטיקל, און מאנטאג א צווייטן ענין, און דינסטאג א דריטן ענין, ער איז מערניט ווי א נותן און א פאלגער ךאון האט לגמרי קיין דיעה ניט, די איינציקע דיעה, וואס מ'לאזט עם ער זאל בדיבור זאגן א מחאה לשעה קלה, ביז וואנעט ס'וועט קומען די צווייטע זיצונג, און לוחץ זיין און מ'וועט נאכגעבן נאך א ביסל,

אט דעמולט איז דאס ניט קיין שלום צווישן צוויי צדדים: דאס איז איינער איז דער לוקח און דער צווייטער איז דער וואס בא עם נעמט מען צו.

און וואוהין דער צונעמען פירט - דארף מען ניט זוכן אין באהאלטענע ענינים מוסתרים און וויסן און טראכטן וואס טראכט יענער אין מחשבה, יעדערער פון צד השני האט - ווי ס'רופט זיך אן היינטיקער ל' דער "דוברי" - אט דער וואס איז דער דובר וואז זאגט בגלוי וואס דער צווייטער טראכט, נאר וואדען, ער טראכט וואס דארף ער זיין דער זאגער בשעת ער קען באקומען די אלע ענינים אן מלחמות און אן טרחות, און מ'פווארפט דאס עם ארייין אין האנט, במילא פארשפארט ער צו האבן די טרחה פון "ישא גוי אל גוי חרב", צו גרייטן זיך צו א מלחמה - ער קען דאס באקומען אן א מלחמה.

און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל, און ס'איז קיין פלא ניט, פארוואס בשעת א מלחמה האט מען מצליח געווען, ווייל בשעת המלחמה פארלירט מען דער פחד פאר דעם ניט אידן! דער גאנצער ענין פארוואס מ'פירט מלחמה ווייל ער פארלירט דעם פחד! בשעת ער איז א"<u>ירא ורך הלבב</u>" איז "<u>ילך וישב לביתו</u>", ווארום ס'איז "ברכים כושלות", מיט די אלע סימנים וואס די גמ' רעכנט אויס אין סוטה,

בשעת אבער מ'פירט א מלחמה מ'האט קיין ברירה ניט געהאט, אבער דערנאך האט מען געפירט די מלחמה, אט דעמולט איז מען געשטאנען אין א מעמד ומצב אז "אנחנו בשם הו"א נדגול ונזכיר", מיט די אלע לשונות וואס מ'רעכנט אויס, אראפגעפאלן דעם פחד פאר עמי הארץ אט דעמולט איז גלייך געווארן אז "הו"א מתהלך בקרב מחניך", איז אט דעמולט איז ניט נאר "להצילך", נאר אויך "לתת אויביך לפניך",

וואס דערפאר איז דאך א דבר פלא, יעדער מלחמה, אפילו די מלחמה וואס ס'האט זיך אנגעהויבן נאך דער מחדל הכי מבהיל, וואס ס'איז געווען אין די מלחמה וואס ווערט אנגערופן ע"ש פון יום הקדוש, ווארום ס'האט זיך אנגעהויבן ביוהכ"פ,

וואס איצטער איז דאס שוין נתפרסם געווארן, ווי אזוי ס'איז דעמולט פארגעקומען אז ס'איז געווען ידיעות מיט טעג און וואכן פאר דערויף, אז מ'איז מגייס דער צד השני, און מ'האט ניט געלאזט אז מ'זאל מגייס זיין די וואס זיינען מגין על ישראל, ביז וואנעט אז ס'איז געווען עיוהכ"פ איז געווען ווייטער א ידיעה ברורה, אז ס'וועט זיכער זיין ביוהכ"פ די התחלה אויב מ'וועט זיי ניט אנשרעקן,

האט מען געמאכט אן אסיפה ביום הקדוש, און ס'איז דעמולט געווען די עדות פון די מומחים לאותו ענין וואס האבן געזאגט בפירוש, אז אויב מ'וויל פארשפארן א מלחמה און פארשפארן ר"ל קרבנות איז דער איינציקער וועג אז מ'זאל גלייך מגייס זיין, און מודיע זיין דערפון, ניט רעכענענדיק זיך מיט די וואס זיי זיינעען "ירא ורך הלבב",

פארוואס איז דאס אזוי, ווארום בגופם ובנפשם האבן זיי מורא פאר גוי'שקייט איז במילא האבן זיי אויבעט מורא פאר גוים, און דער מסקנא פון דער אסיפה איז געווען, אז ניט נאר מ'זאל ניט מגייס זיין, נאר מ'זאל מודיע אז

מ'איז ניט מגייס כדי מ'זאל האבן א שיינעם נאמען.

מ'האט גע'טענה'ט בשעת מעשה דאס וועט דאך קאסטן קרבנות, ווארום ס'איז אי אפשר ס'זאל זיין א מלחמה אן קרבנות, סיידן די מלחמה פון משה רבינו וואס "ולא נפקד ממנו איש", וואס מער איז אין אזא מין אופן מערניט געווען קיין מלחמות עד ביאת משיח צדקנו.

האט דאס ניט געהאלפן, און מ'וויים ווער ס'האט געשטימט, אויף ניט מגייס זיין, און אויף דער אסיפה גופא איז געווען די גביית עדות פון אנשי צבא, וואס האבן געזאגט אז מפני מצב הבטחון אויב מ'וויל פארשפארן קרבנות מוז מען מגייס זיין!

האט מען געטאן היפך פון פס"ד פון שו"ע, וואס זאגט אז אין אזא מין מעמד ומצב מוז מען פאלגן אנשי בטחון, ווען זיי ריידן מצד דעם ענין פון בטחון, ניט ווי דערנאך אז זיי זיינען מסיים אז אויב פלונית בת פלונית וועט זאגן מצד אנדערע טעמים - מצד טעמים מדיניים דארף מען ניט מגייס זיין - וועט ער אויך מסכים זיין, דעמולט ווערט ער אוים ענין פון איש בטחון, ווערט ער א ענין א מדינאי וואס האט קיין דיעה אין ענינים פון פקו"נ וואס זיי זיינען פארבונדן מיט בטחון.

און דערנאך האט מען אזוי געטאן ווי די מדינאים האבן אפגע'פסק'נט, און ס'האט געקאסט ר"ל מערער קרבנות אין יענער מלחמה ווי ס'איז געווען אין אלע מלחמות דארטן ביז דער מלחמה פון יוהכ"פ!!!

און נאך דערויף וואס דער ענין איז נתפרסם געווארן און נאך דערויף וואס דער ענין איז אפגעדרוקט געווארן, חזר'ט זיך איבער דער זעלבער מעמד ומצב - הילי"ת ווי דאס איז איצטער.

אז אנשי בטחון זאגן א דבר ברור אז אויב מ'וועט זיך ניט שטעלן בתקיפות, און מ'וועט ניט באשטיין אויף ניט אפצוגעבן די שטחים אין די ערטער און א צווייטן ארט און א דריטער, און אויכעט ניט אפגעבן דארט פון וואנעט מ'נעמט די אויל און די נעפט וכיו"ב זאל מען וויסן זיין אז מ'שטעלט אין סכנה פקו"נ פון - הילי"ת - כו"כ פון בנ"י און בנות ישראל!

און מ'האט געזאגט איין מאל און צוויי מאל און כמה פעמים.

איז א טייל פון זיי האט מען אראפגעזעצט פון די ביינקלאך, וואס דאס איז געווען אויך די חכמה, וואס מ'האט געטאן בשעת מלחמת יוהכ"פ, איז דא די מענטשן וואס בדידי' הוה עובדא וואס ער איז געווען פון די וואס האבן מזהיר געווען, אז אויב מ'וועט ניט באווארענען און מאכן דער גיוס וועט זיין א מלחמה, און מ'טאר דאס ניט צולאזן, האט מען אראפגעזעצט פון זיין פאסטום און מ'האט עם אוועקגעשיקט, און דאס איז געווען די חכמה, אז ס'זאל זיך ניט הערן א קול מחאה.

וואס עד"ז אויכעט טוט מען איצטער אויכעט, מ'קען שוין וועגן דערפון דערציילן, ווארום מ'האט זיך מתחכם געווען אז מ'וועט דאס ניט לאזן דרוקן באה"ק, איז אבער איצטער דער מעמד ומצב אז מ'לעבט אין א אפענער וועלט, און מ'דרוקט דאס אין אלע מקומות און מדינות, ביז וואנעט אז ס'קומט דערנאך די ידיעה אויך אין אה"ק.

אז די וואס זיינען מוחה און זאגן אז מ'האט ניט געטארט אפגעבן דעם נעפט, עכ"פ מאי דהוה הוה, טאר מען ניט אפגעבן נאך שטחים, איז א טייל פון זיי האט מען מזהיר געווען און ס'האט געהאלפן די אזהרה און זיי שווייגן! א טייל פון זיי האט מען מזהיר געווען און ס'האט ניט געהאלפן די אזהרה,

זעצט מען זיי אראפ פון די ביינקלאך, עכ"פ נפל מדרגי', ניט אין די זעלבע חשיבות ווי גאזאגט פריער,

און מ'גייט ארום און מ'רעדט זיך איין, במילא קען מען דערנאך פרואוון איינריידן א צווייטן, אז דורך דערויף וואס מ'וועט ווערן א נותן, קיין דיעה ניט - מערניט ווי נאכגעבן דעם לחץ, נאר וואדען מ'בעט זיך אפ אז דאס זאל זיין לאט לאט, קמעא קמעא, ניט אלץ מיט א מאל, אבער ס'איז קיין זאך ניט אויסגעשלאסן, און אויף אלע זאכן קען מען זיך דינגען, אפילו אויף די זאכן וואס מיט א טאג פאר דערויף האט מען גע'טענה'ט אז "יהרג ואל יעבור", ובתורתם שלהם, איז דאס שוין געווארן א ענין וואס מ'גיט דאס נאך, אדער עכ"פ א טייל דערפון האט מען נאך ניט אפגעגעבן, נאר מ'קען אין דערויף האנדלען,

און מ'האט דאס געזען פריער בנוגע צו סיני און דערנאך בנוגע צו די נעפט, און דערנאך בנוגע צו פ.ל.או. און ר"ל מ'ווייסט ניט וואו מ'וועט דערגיין ווייטער, און גייענדיק מיט אט דער שיטה, אע"פ וואס מ'זעט ווי געזאגט פריער - בכדי דער נסיון זאל זיין לייכטער, באווייזט מען בעיני בשר אין א זעיר אנפין - אין א קליינעם פארמאט וואוהין ס'ברייננגט אט די הנהגה, אז מ'זעט א מרד בפועל נגד די ממשלה מיט דער משטרה מיטן צבא אין די שטחים וואו מ'געפינט זיך לכאורה מיטן גאנצן תוקף, איז דא א מרד בפועל,

נאר דערווייילע גייט דאס אן פון יחידים, וואס זיי זיצן אויבן אן, וואס מ'האט געפראווט פארפירן קעגן זיי א משפט, דערנאך האט מען זיך דערשראקן און מ'האט מבטל געווען רער משפט, מיט א סיבה שונה ומשונה, רעכענענדיק אז וויבאלד אז דאס וועט מען ניט דרוקן אין די צייטונגען, וועט מען דאס ניט וויסן וואס איז די אמת'ע סיבה,

וואס די אמת'ע סיבה איז דאס דער לחץ מחוץ לארץ,

און מ'האט ניט אין זיך דער תוקף צו רערצייילן זיך אליין, אז יעדער לחץ איז מזמין א לחץ נוסף און דאס איז ניט א וועג אז ס'זאל בלייבן צוויי צדדים, אפילו ניט קיין צוויי צדדים פון א לוקח מיט א נותן, נאר ר"ל - היל"ת - ווי דער צד השני זאגט דאס בפירוש.

און ווי גערעט אמאל בארוכה בנוגע צו צור, וואס צור אין תורה איז באוואוסט אז דאס איז א ענין היפך פון ירושלים, און מ'האט איינגענומען ארום און ארום צור, מיט א סיבה שונה ומשונה האט מען צור ניט געטשעפעט, און מ'האט דארט געלאזן די ענינים בשלימות,

מ'האט געמאכט א געוואלד היתכן - מ'וועט דאך פון דארטן האבן צרות צרורות, האט מען געענטפערט אז די מדינאים - די פאליטיקער זאגן אז מ'דארף דאס ניט טשעפן, איז פון דעמולט אן האט מען צרות צרורות פון מחבלים וואס זיי קומען פון צור וסביבותי'.

וואס דאס איז שוין אויכעט געווארן א דבר גלוי.

ועד"ז די הנהגה ווי ס'איז געווען נאך די אלע הבטחות בחלקה פון חצי האי סיני - ווי מ'רופט דאס אן, וואס מ'האט אפגעגעבן מיט תנאים פון הגבלות, פון דעם צבא שכנגד פון כלי נשק שכנגד וכו', וואס ס'איז שוין ידוע ומפורסם אז מ'האט געבראכט מערער צבא און מערער נשק און מסתמא אין א קורצע ווייילע וועט מען אויכעט דרוקן וועגן דערויף אין די אי'דיקע צייטונגען, אע"פ וואס ביז איצטער האבן זיי דאס ניט ערלויבט צו טאן,

און דאס איז כאמור, דאס שפילט מען זיך, מיט א ענין פון פקו"נ, מ'וויל

גיין רייל מיט א שיטה וואס מ'האט איר אויסגעפרואווט דריי מאל און מערער, און ס'איז בא יעדער מאל בפ"ע געווען תוצאות פון נסיגה אחרי נסיגה, און געדעט אין אן אפענעם לשון - נפילה אחרי נפילה,

און אעפ"כ שפארט מען זיך ווייטער מיט דער שיטה, און מ'רעט זיך איין אז דאס איז א וועג וואס פירט (דערצו) ניט זעענדיק דער איינציקער כיוון וואו דער וועג קען פירן,

וכאמור, די הוראה פון היינטיקער סדרה, לכאורה אז מ'האלט אין טענה'ן און מ'האלט אין איין שרייען און מ'זעט אז ס'רירט זיך ניט פון ארט, און די וואס זיינען מחליט - זיינען מחליט אין דעם זעלבן כיוון, זינט ס'איז געווען דער נצחון וואס דער אויבערשטער האט געגעבן למעלה מדרך הטבע, ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מ'האט געטאן היפך תורתו, מ'האט געפאלגט די מדינאים ניט אט די וואס האבן גע'טענה'ט אז "פקו"נ דוחה הכל", אפילו כביכול אויך די מורא פאר א ניט אידן - פאר גוי'שקייט, איז דאס אויך דוחה,

ניט קוקנדיק וואס מ'האט געטאן היפך רצונו, אז דער אויבערשטער ברחמיו וחסדיו האט געגעבן א נצחון גדול, איז פון דעם נצחון גדול גייט מען אין דעם איינציקן כיוון אז מזמן לזמן גיט מען אפ נאך א שטח, נאך א ענין, נאך א חשיבות, און נאך א מעמד ומצב צווישן די גוים - צווישן די שבעים זאבים.

מיט די אלע ראיות המצערות וואס אין באן המקום להרחיב הביאור עליהם, גענוג צער אין די ענינים וואס מ'האט דערמאנט, און אלע ווייסן אט דאס וואס מ'האט שוין דארטן געדרוקט צו וואס ס'האט געבראכט די הבטחה, וואס מ'האט זיך פארלאזן אויף "חסד לאומים חטאת", וואס דאס איז געווען פארבונדן מיט מקיים זיין א ציווי פון תורה - "אל תתגרה" צי יע תתגרה, אז ס'קומט צו פקוח נפשות איז א חיוב ברור, אז "פקו"נ איז דוחה הכל",

עאכו"כ אז דאס איז א "קול עלה נידף", ווארום זיי דארפן אנקומען מערער צו זיי לאי"י ולדרים עלי', ווי זיי דארפן אנקומען צו די.

און מ'זעט דאך אז די וואס שטעלן בתוקף אויף א דבר של מה בכך, גיט מען עס נאך ווען ער שטעלט זיך בתוקף אין וואשינגטאן צי אין לונדון וכיו"ב,

און בשעת מ'בלייבט מיט אט דער הנהגה, דער עיקר איז אז מ'טוט דאס אפ מיט מעשה בפועל מ'גיט אפ בפועל, וכמדובר כמ"פ אז מ'רעט בדיבור און מ'חתם'עט פאפירלאך, און מ'מאכט דערנאך א באנקעט, מ'טאנצט אין די גאסן, און די וואס זיינען מהדרים זאגן וגילו ברעדה צו דעם טאנצן, ס'דארף אויך זיין א רעדה - זעט מען וואוהין דאס האט געבראכט,

והלואי ס'זאל זיין גענוג דער ענין ווי דאס איז געווען ביז איצטער, און מ'זאל קומען צו "היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים", פירן זיך ע"פ פס"ד ברור אין שו"ע אז מ'טאר ניט עפענען הארץ לפניהם, אפילו אז זיי זאגן אז זי' ווילן נעמען פון דארטן אפילו קש ותבן, וויבאלד אז דאס געפינט זיך אויפן גבול, וכמדובר כמ"פ בארוכה.

וואס דאס איז די וועג פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד", און מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו די אלע ענינים, און צו די אלע ענינים וואס זיי זיינען היפך השכל, כמדובר - וואס אין הענין להאריך בדבר המצער,

און צו דער טענה - וואס איז דער ענין פון שרייען און מוחה זיין, בשעת מ'וויל ניט פאלגן, עאכו"כ וואס מ'פרעגט ניט, איז דערפאר איז דא אזוינע וואס טענה'ן אז אע"פ וואס ס'איז א דין ברור אין שו"ע, איז וויבאלד אז מ'פרעגט ניט בא עם און אפילו אז מ'וועט פרעגן ווער ווייס צי מ'וועט פאלגן, פארוואס

דארף ער זיך רוקען מיט א קאלטע קאפ אין א הייסן ענין, איז בשעת ס'רעט זיך וועגן פקו"נ איז דער דין (ווי אפגע'פסק'נט אין הל' שבת) אז הנשאל איז ער מגונה מיט די אלע פרטים ווי ס'שטייט אויף דערויף דער טעם ווארום ווי קומט דאס א מעמד ומצב אז מ'זאלווארטן אויף גיין און פרעגן, אט די וואס ווייסן דעם פס"ד און ס'רעט זיך וועגן פקו"נ, טארן ניט ווארטן נאר זיי מוזן מכריז זיין און מפרסם זיין דער פס"ד, און מפרסם זיין עס "גלוי לעיני כל" ובפרסום המתאים, אז מ'זאל וויסן דעם פס"ד ברור, גלוי ומפורש,

- אז מ'דארף זיך שטעלן מיטן גאנצן נשק, און דעמולט האט מען די הבטחה (אויב מ'דארף האבן די הבטחה - אויף א קיום פון א פס"ד דארף מען ניט האבן קיין הבטחה, מ'דארף עס מקיים זיין ווייל אזוי זאגט דער אויבערשטער), אין דערויף אבער האט מען אויכעט די הבטחה ווי ער זאגט דערנאך דער לשון "הבא . . השכם", ווי מ'זעט דאס בפועל, אז ס'איז דא דער "השכם" - דארף מען ניט אנקומען "להרגו" בפועל ווארום ס'איז מטיל אימה ופחד און ס'קומט לכתחלה ניט לידי מלחמה,

און מ'האט די אלע שטחים, מיט די אלע ענינים שבתוך השטחים, און מ'האט דער "שלום כאן הכל כאן" ווי ס'שטייט דארטן,

וואו געפינט מען א ראי' אז בשעת ס'איז דא איינער וואס שרייט, און אלע ארום שווייגען אדער עכ"פ ס'איז דא מיעוטא דמיעוטא פון שרייער, אפילו לדעת ר"מ ווער רעכנט זיך מיט מיעוטא דמיעוטא, שטייט אין דער היינטיקער סדרה א דבר - א גרייסער פלא:

אז ס'איז געווען א מיעוטא דמיעוטא - מערניט ווי כלב ויהושע, און כל העדה צוזאמען מיט די מרגלים, חוץ כלב ויהושע און משה רבינו, האבן אלע געשריען פה אחד אז דאס איז א ענין פון "ערים גדולות ובצורות" אז ס'איז א ענין פון . "אנשי מידות" און ס'איז א ענין פון "ונהי בעינינו כחגבים"! אט דאס איז געווען זייער פס"ד אויף זיך אליין.

דערציילט די היינטיקע סדרה - אז מ'זאל וויסן זיין אז בשעת מעשה זיינען געווען אזוינע וואס זיי האבן מחבב געווען את הארץ און ניט נאר זיי האבן געזאגט אז מ'דארף אהינצו גיין - "עלה נעלה וירשנו אותה" ווי כלב ויהושע האבן געזאגט,

נאר זיי האבן נאך געמאנט אז ניט נאר דער "עלה נעלה וירשנו אותה" נאר "תנה לנו אחוזה", מיר ווילן מאכן פון דער לאנד אז ס'זאל זיין אן אה"ק, א ענין פון א נחלה ואחוזה, וואס דאס ווערט "ירושה אין לה הפסק", אז דאס ווערט אן א הפסק "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

וואס דאס ווערט דערציילט אין פ' פינחס, אבער ווי כאמור לעיל, מדרשי חז"ל ביז פרש"י עה"ת איז מסביר אז זיי זיינען געווען בשעת ס'איז געווען דער ענין המרגלים מיט טענת המרגלים, און האבן געזאגט "ונהי בעינינו כחגבים".

און בשעת מ'האט זיי מכחיש געווען, האט מען זיי ניט געזאגט אז אידן איז דא מער בכמות, ווי די שבעה אומות שבארץ כנען, נאר מ'האט זיי געזאגט אז מ'זאל וויסן זיין אז "ה' אתנו" און דערפאר איז "סר צלם מעליהם", און דערפאר איז "עלה נעלה וירשנו אותה" -

בשעת א איד וויל אז אי"י זאל זיין זיינע, און ווארום דאס איז "ארץ אשר גו' עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", און ער זאגט דאס בגלוי, און דער עיקר: "המעשה הוא העיקר" - אזוי פירט ער זיך,

אט דעמולט ווערט "חיו מן האנשים האלו", כמדובר לעיל בארוכה, אז סוכ"ס

איז אויכעט די מרגלים יש להם חלק לעוה"ב, דאס קומט אבער בזכותם, און ע"י פעולתם און דורך דער פעולה פון מס"נ, ווי די הנהגה פון בעל המאסר והגאולה כמדובר לעיל כולל אויכעט דעם ענין - כידוע דער פתגם פון דער צ"צ אז א "איד דארף מאכן דא א"י" וואו ער געפינט זיך.

און דאס ווערט א הכנה קרובה צו איינגעמען א"י בשלימותה ווארום ער גייט מיט שלימות התורה, וואס שלימות התורה פארלאנגט אז מ'זאל ניט אפגעבן קיין שעל און קיין טפח וואס קען עפענען ר"ל הארץ לפניהם.

און אט דעמולט ווערט דאס א ענין - כמדובר לעיל, אז מ'האט די א"י לגבולותי' מתוך שמחה וטוב לבב.

און ס'ווערט דער "ונתתי שלום בארץ" דערפאר וואס "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך", און ס'ווערט דער "ושכבתם ואין מחריד" וואס דאס איז פארבונדן מיט "ואולך אתכם קוממיות".

וואס דאס איז דער אמת'ער ענין פון חיבת הארץ, ניט אז מ'האלט א שיינע רעדע, און דערנאך איז בו ביום אדער אויף מארגן נעמט מען א טייל פון א"י און מ'גיט עס אוועק, היפך דער דין פון תורת ישראל (בנוגע) צו א ניט אידן, אע"פ וואס דער דין איז אין פקו"נ א קלארע הלכה פון הל' פקו"נ, ניט קיין שייכות צו "לא תחנם" ניט קיין שייכות צו ביאת משיח, און ס'איז אזוי דער דין אפילו אין חו"ל אויכעט.

וכאמור לעיל, אין פקו"נ טאר קיינער ניט שווייגן, ווארום "הנשאל" איז מגונה און ער איז א שופך דמים מיט די תנאים, ווי ער רעכנט אויס אין ירושלמי און ברייננגט אין שו"ע און אין אחרונים לפס"ד בפועל, בימינו אלו בכל מקום סיי אין חו"ל און סיי אין א"י.

און אט דעמולט איז א זיכערע זאך, אז פונקט ווי מ'קען ניט זאגן "ונהי בעינינו כחגבים" ווען ס'רעט זיך צווישן א אידן און ניט אידן, אזוי טאר מען ניט זאגן "ונהי בעיננו כחגבים" ווען ס'רעט צווישן פירן זיך ע"פ שו"ע.

און טאן ווי די מומחים - אנשי הבטחון זאגן מתאים לזה, ניט ווי זיי זיינען מסיים אז אויב מדינאים וועלן זאגן קאפייר וועט ער טאן ווי מ'וועט עם הייסן, פאלגט אויף דער חשבון פון יענעמס פקו"נ, וואס דאס איז א ענין פון הילי"ת, טאר אין דערויף אויך ניט זיין דער "ונהי בעיננו כחגבים" לגבי די וואס ווילן ניט פירן זיך ע"פ שו"ע, ווארום וויבאלד אז "ה' אתנו", און "דבר ה' זו הלכה" פסק'נט אזוי אפ אין שו"ע, איז א זיכערע זאך אז "דבר אלקינו יקום לעד" אז תורה וועט מנצח זיין, ווי ער זאגט אין ירושלמי אויף "לא-ל גומר עלי", אז אויב אפילו מ'דארף משנה זיין די מציאות העולם, וואס ס'איז שוין דא במציאות, איז בשעת א רב פסק'נט אפ עפ"י שו"ע איז אט דעמולט ווערט די מציאות אין עולם אנדערש, כמבואר ביז ווי זיי זיינען אין הלכה למעשה בפועל.

איז בתקוה חזקה אז בשעת מ'וועט פארלירן דעם טרעק פון האלטן זיך כחגבים און מורא האבן זאגן הלכה פסוקה, ביז וואנעט מורא האבן - ווייסנדיק אז מ'עפענט אויף און מ'וויל עפענען די גבולים און מ'עפענט אויף די גבולים, און ס'וועט זיין א התבוללות ר"ל פון פארן אהין און צוריק, וואס דעמולט דארף מען האבן די באווארעניש פון "המבדיל בין ישראל לעמים", בפרט דער תוק פון מיהו יהודי, האלט מען אפ און מ'לאזט ניט רעדן וועגן דעם ווייסנדיק אז זיי זיינען די וואס זיינען שולדיק - עכ"פ זיי האבן מסכים געווען אז מ'זאל עפענען די גבולים און אין א תנועה פון קירוב הלבבות, און אין א תנועה כמדובר ניט אין א תנועה פון צוויי גלייכע שותפים, נאר פון אזוינע - פון די וואס זיינען נכנע ללחץ

הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס איז דערגאנגען אויכעט צו דער מוח, וואס דערפון קען מען זיך פארשטעלן צו וואס ס'קען זיין דערפון די תוצאות,

עכ"פ דארף מען זיך איצטער זיכער באווארענען דעם ענין פון מיהו יהודי, לאזט מען דאס אויך ניט ארויפברייינגען על השולחן, און מ'טוט דאס אויכעט אן אין ענינים - אז דורך רערויף וועט א ישיבה באקומען נאך א פאר לירות און א חדר וועט באקומען נאך א פאר לירות אויף דער חשבון פקו"נ, און אויפן חשבון פון התבוללות ר"ל היל"ת,

וואס דאס אלץ נעמט זיך פון די הנחה פסולה "ונהי בעינינו כחגבים", אז וואס קען אויפטאן א איד וואס וועט שרייען בשם פון דעם שו"ע אזוי אז דער פס"ד, ווען ס'איז "אכשור דרא בתמי'" ובל' הידוע פון תשובות אז "אין בידינו להעמיד הדת על תילה", איז דאס אלץ טעמים און דאס ווערט געבראכט להלכה בשעת ס'רעט זיך ניט וועגן פקו"נ ממש, און ס'רעט זיך ניט וועגן התבוללות ממש, און ס'רעט זיך ניט - ווי דער לשון פון ראגאטשאווער - א פעולה במשכת, ווי דער ראגאטשאווער איז מסביר בארוכה אויכעט אין די ליקוטים אויף פ' פנחס,

אז "הבא על הנכרית" אט דעמולט איז דאס א פעולה במשכת, און זי איז מהרס ר"ל עם ישראל, ווי ער איז מאריך, און ברייינגט אויכעט אראפ פון דעם רמב"ם בנוגע פון "בעל בת אל נכר",

וואס נכרית איז כולל אין זיך דער גיור שלא כהלכה, ואדרבה ומכ"ש וק"ו: בשעת ס'איז ניט געווען דער גיור שלא כהלכה איז נאך דא די האפענונג אז אפשר מיט דער צייט אדער מ'וועט זיך פאנאנדער גיין אדער מ'וועט זיך מגייר עכ"פ מיט א גיור וואס איז כשר בדיעבד.

אז ס'איז א גיור שלא כהלכה און "ונהי בעינינו כחגבים" - מ'שטייט ארום און ארום און מ'שווייגט מיט הסברות שונות ומשונות אט דעמולט ווערט דאס א פעולה במשכת ר"ל, אנטקעגן וועלכע ס'האט מלחמה געהאלטן פינחס און דערנאך לאח"ז, מיט די אלע פרטים ובפרט ווי ס'איז שוין אויכעט געדרוקט, וואס אכהמל"ב.

און ויהי רצון אז מ'וועט זיך לערנען עכ"פ פון נשים כשרות בישראל, וואס זיינען "מחבבות את הארץ" וואס זיי זיינען געווען די ערשטע בא מ"ת, "כה תאמר לבית יעקב אלה הנשים", מחבבים דעם שו"ע און שרייען אז דאס איז "כוחנו וחיותינו" היפך פון "ונהי בעינינו כחגבים" וואס זיי האבן איינגענומען חברון מיט אלע פרטים שבדבר, וואס אין כאן המקום להאר"ב.

ובקרוב ממש וועט מען זען בעיני בשר, ווי אזוי "דבר אלוקינו יקום לעד", "ודידן נצח" ובדרכי נועם ובדרכי שלום, "וישבתם לבטח בארצכם", "ושכבתם ואין מחריד", "ונתתי שלום בארץ" "ואולך אתכם קוממיות - בקומה זקופה",

און פארבונדן און אלס א המשך מיט "בחוקותי שתהיו עמלים בתורה", אז ער הארעוועט וויסן וואס תורה זאגט, ניט ער איז מכריח אדער וויל מכריח זיין די וואס לערנען תורה אז זיי זאלן עם זאגן ווי בא עם קומט אויס, וועט ער נעמען די פאר לירות פאר דער ישיבה און מוותר זיין אויף נפשות בישראל, פקו"נ של ישראל וכו"כ ענינים פון שלימות התורה שלימות העם און שלימות הארץ,

איז היל"ת, און "דבר אלוקינו יקום לעד" ובדרכי נועם ובדרכי שלום "ויערה עליהם רוח ממרום" אויף דער נצחון גמור פון תורה און נצחון גמור פון אידן און נצחון גמור פון אידישקייט בקרוב ממש בעיני בשר, ובלשון הרמב"ם הבטיחה תורה - ווערט מקויים די הבטחה אז "ישראל עושין תשובה און מיד הם נגאלין", במהרה בימינו ממש.

* * *

הנחה פרטית בלתי מוגה

ה. בהמשך להאמור לעיל, איז אויך דא דער כלל אין גמ' אז "מה לי קטלה כולה מה לי קטלה פלגא", וואס דערפאר איז אויך אין ענינים פון בריאות הגוף איז דאס אויך אע"פ וואס דאס איז פארבונדן מיט איין אבר און כמה אברים וכיו"ב פארנעמט דאס אויך א מקום חשוב בהלכה, וכאמור לעיל אויך אז אע"פ וואס לכאורה ווער ווייס צי מ'וועט מצליח זיין אז מ'וועט וועגן דערויף ריידן,

וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט געזונט פון א אידן האט מען קיין ברירה ניט

ע"ד ווי געזאגט פריער אז "הנטאל" און די אלע ענינים ווי דערמאנט פריער בנוגע צו פקו"נ כפשוטו, עאכו"כ וואס ס'איז פארבונדן מיט בריאות הגוף און בריאות הגוף וואס איז פארבונדן מיט מנוחת הנפש, אדער בל' הידוע - דער בריאות הנפש אדער דער היפך בריאות הנפש איז דאך א ענין וואס אפילו על הספק וספק ספיקא דארף מען אויך וועגן דערויף ריידן.

עאכו"כ וואס מ'דארף האפן אז דאס וועט מצליח זיין, און מ'וועט זען טאן און מתקן זיין בזה כל האפשר להיעשות.

און דאס איז, ובהקדמה:

ס'ווערט געבראכט בכ"מ, אז וואס איז געווען די סיבה וואס מ'געפינט בא אברהם אבינו וכיו"ב בא שאר האבות, אז זיי זיינען געווען פארנומען מיט רועה צאן, "רועי צאן היו עבדיך"?

שטייט דערויף די טעמים אין מפרשי המקרא, אז אזוי ווי זיי זיינען געווען עובדי ה' ובל' המדרש "האבות הן הן המרכבה", אז זייער עבודה איז געווען אין אן אופן פון עבודת המרכבה, האבן זיי אויכעט געזוכט א וועג איינצוארדענען חייהם און חיים כפשוטם, אין אן אופן אז ס'זאל זיין די שלימות האפשריות אין עבודתם לבוראם.

דערפאר האבן זיי אויסגעקליבן דעם ענין פון רועה צאן, וואס דעמולט געפינט מען זיך בהתבודדות, ווארום רועה צאן דארף זיך דאך געפינען בשדה, ס'האט ניט קיין ארט צו זיין א רועה צאן באמצע העיר אין "המונה של רומי",

און זייענדיק בהתבודדות האבן זיי אויסגעפירט די עבודה פון "הן הן המרכבה" אין שלימות האפשרי - אין תכלית השלימות.

ובנוגע לענינינו: איז אויכעט ווי מ'זעט בפועל, אז ס'איז דא ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט בריאות און מנוחת הנפש, וואס ווי אזוי קען מען דערצו צוקומען? דורך דערויף וואס ער האט ניט צוטאן מיט "המונה של רומי", מיט די ענינים פון עסקים און טומל און הומל פון רה"ר, עכ"פ למשך זמן, און ער געפינט זיך בהתבודדות - עכ"פ באופן יחסי, (ניט התבודדות מחוץ לעיר, נאר א פאר שעות ביום וכיו"ב), ברייננגט דאס עם צו חיזוק בריאות הנפש, צו מנוחת העצבים (צו די בארואיקונג פון די נערוון), און דורך דערויף ווערט ער נתחזק און ווערט באפרייט פון די היפך הבריאות בנוגע לנפשו.

וואס דאס איז פארבונדן, כאמור, אז דער טיפול איז פארבונדן דערמיט וואס ער שיידט זיך אפ פון דער טומל און שטורעם וואס איז אין גאס, און איז זיך מתבונן אין א דבר וואס ברייננגט עם מנוחה לנפשו, און ניט א ענין פון גירוי העצבים פון אויפרעקן זיך וכיו"ב.

אין יעדער ענין איז דא כל' הכתוב "ראה נתתי לפניך את החיים ואת הטוב" און דערנאך איז ער ממשיך דער היפך פון חיים וטוב,

איז דא אין דערויף אויכעט - בדוגמא ווי מ'געפינט אין עובדי ע"ז, ובל' הגמ', צי "מפני השוטים יאבד את עולמו", אז ס'איז דא עוע"ז וואס דינען לשמש ולירח ולכוכבי השמים אז דורך דערויף וואס זיי זיינען דברים טובים ומועילים, מאכט מען דערפון א ענין של ע"ז ביז דאס ווערט ע"ז - מרידה בממה"מ הקב"ה -

און אז מ'מאנט די טענה פארוואס איז דא שמש וירח, וויבאלד אז דאס איז געווארן א ע"ז? ענטפערט מען אויף דערויף: "וכי מפני השוטים יאבד את עולמו", ווי די גמ' זאגט אין מס' ע"ז,

עד"ז איז דערפון ארויסגעקומען ענינים פון ע"ז, אז מ'פארבינדט דאס מיטן ענין פון קטרת, דעם ענין פון השתחוואה און ביטול לפסל [אדער פאר דעם וואס וויל געניצן, מאכט דאס ניט אוים, ער וועט דאס מאכן ופניו למערב - ניט דוקא פניו צו מזרח אדער צו ארון הקודש וועט ער ניט מבלבל זיין, און מ'וועט עם ניט מבלבל זיין, ער קען געניצן כפי רצון נפשו בשלימות].

און מ'האט דאס מקשר געווען מיט דעם ענין פון קטרת און דעם ענין פון השתחוואה לפסל, און השתחוואה לבו"ד, און ס'איז דערפון געווארן די נייע מכה שלא כתובה בתורה, וואס זי איז נתפשט געווארן במדינה זו, און דערגרייכט אויך למדינות אחרות ביז אפילו אין אה"ק,

א נאמען געגעבן - א איידעלן נאמען, און דאס ווערט אנגערופן "מעדיטיישן" און "טראנסדענטל", ד.ה. מעדיטיישן למעלה משכל ודעת, למעלה ממדידה והגבלה,

און מ'פארבינד דאס מיט א ענין, כאמור, פון הבאת קטרת בפועל, און דערנאך מיט כמה ענינים וואס זיינען ע"ז ממש, אדער עכ"פ "אביזרייהו דע"ז",

מ'געפינט זיך דאך אין א חושך כפול ומכופל פון גלות, איז כאמור לעיל - מ'איז זיך ניט משער די צאל פון אידישע קינדער אינגלאך און מיידלאך אפילו אויכעט ערוואקסענע וואס זיינען אריינגעפאלן בפח יוקשים,

אזוי ווי זיי זיינען געווען צורודערט, אדער א חבר אדער א חבר'טע איז געווען צורודערט, און בשעת ער איז אריינגעפאלן אין אט דעם "קאלט", ווי זיי רופן דאס אן, האט דאס עם געבראכט מנוחת הנפש און מנוחת העצבים, ביז אויכעט בריאות הנפש כפשוטה און מ'האט דאס פארבונדן - כאמור - אז דאס איז די קטרת און די מנוחה און די התבודדות און די השתחוואות צו דעם "גורו" וכיו"ב.

מפני כמה סיבות טוען זיי דאס בחשאי, עכ"פ אן א פרסום גדול, במילא איז אט די וואס האבן מורא אויפהויבן דעם קול, ווארום די זאך ווייס מען ניט צי דאס וועט מצליח זיין צי ניט, און מ'האט בא עם ניט געפרעגט, איז וואס דארף ער זיך רוקן מיט א קאלטע קאפ און א געזונטע קאפ אין הייסע וואסער, שטייט מען פון דער זייט און מ'שווייגט!

ניט קוקנדיק אויף דערויף, וואס ר"ל דער נגע - וואס ע"ז איז נמשל לצרעת ווי ער זאגט אין מדרש, איז ער הולך ומתפשט, אפילו נפש אחת מישראל איז אויכעט אן עולם מלא און מ'דארף זיך מס"נ זיין אויף זיין פקו"נ, און דא רעדט זיך א ענין פון די שלשה וואס "יהרג ואל יעבר" - א ענין פון ע"ז,

אפילו ווען "אביזרייהו דע"ז" - איז אין זיי אויך מקויים דער סדר ווי דערמאנט פריער, אז מצוה גוררת מצוה, עד"ז אין דעם היפך פון אביזרייהו זוכט ער דערנאך א גרעסערער "גורו" מיט א שענערעם "גורו" מיט אזא מין וואס האט מערער פרסום, ביז מ'פאלט אריין ר"ל אין ע"ז עצמו!

וכאמור לעיל, דאס איז א ענין וואס בכלל האט זיך אנגעכאפט דער פייער אין דעם נוער און איבערעט פון דעם נוער אין אנשים מבוגרים, אזוינע וואס זיינען שוין אין שנות העמידה אין ארה"ב - אין אמעריקע, און ס'איז הולך ומתפשט "ואין פוצה פה ומצפצף"!

און מיט דער טענה הידועה "ונהי בעינינו כחגבים"!

ווער ווייס צי מ'וועט מצליח זיין, און ווי אזוי קען מער דערצו צוגיין, און ס'דארף דאך זיין אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע, טוט מען אן די איצטלא פון ירא"ש אז אויב מ'וועט דאס טאן אין א גוטן אופן דארף דאס זיין אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע, מיט דער חשש העולה על כולנה אז אויב מ'וועט מתיר זיין די מעדיטיישן המותרת, וועט דאס עפענען די וועג, אז ווער ווייס צי ער וועט אנהויבן מיט א אופן המותר, און דערנאך וועט ער זיך אראפקייקלען אין אביזרייהו דע"ז אין אן אופן האסור.

וואס דא רעט זיך - כאמור - ניט וועגן נעמען געזונטע, און זיי אריינשפארן זיי זאלן פארנעמען מיט התבודדות און מיט מעדיטיישן, דאס איז היפך היהדות ובפרט היפך פון שיטת החסידות אנהויבנדיק פון בעש"ט אז מ'דארף ארבעטן מיט א אידן און ניט אפזונדערן זיך פון א אידן, און אויב דאס איז א איד וואס ער איז א עני בדעת איז אדרבה: מיט עם דארף מען ערשט ארבעטן נאכמער און נאכמער, ווארום אויף עם איז די רחמנות נאך א גרעסערע.

און אויב דאס איז אזא מין וואס ער איז אן עני בדעת, און ווייס ניט אז ער איז א עני בדעת, אויף עם איז גאר די רחמנות בל"ג, ער וועט גאר ניט גיין זוכן א רופא נפשות ווארום ער ווייס ניט אז עם פעלט עפעס, ער איז א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם".

דא רעדט זיך וועגן אט די וואס זיי זיינען שוין אין דערויף אריינגעפאלן, וואס ווי אזוי קען מען זיי פון דארט ארויסנעמען מיט א דרך פשוטה און א דרך ישרה און א דרך וואס איז פארבונדן - וואס וועט זיי מאכן געזונט וואס דאס איז אויך א מצוה פון "ורפא ירפא" צי מצד השבת אבידה אדער איזה טעם ס'זאל זיין אין דערויף, ווי ס'איז דא די טעמים בפוסקים וואס איז דער ענין און דער חיוב שבדבר.

אבער לכל הדיעות איז דאס א חיוב און א חיוב מה"ת, און לכל הדיעות איז דאס א טייל פון "ואהבת לרעך כמוך" וואס דאס איז כל התורה כולה, א כלל גדול בתורה.

וואס כאמור, די ערשטע טענה וועט זיכער זיין - און זי איז טאקע דא, אז דאס איז דאך א ענין וואס איז פארבונדן מיט ביטול תורה, וואס "ת"ת כנגד כולם",

אז מ'זעצט אוועק א אידן און מ'זאגט עם אז ער זאל זיך מתבונן זיין אין א ענין וואס ברייינגט מנוחה, דארף מען דאך צופאסטן לויט זיינע ידיעות און לויט זיין הבנה והשגה, אויב ס'איז א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם" דארף מען עם אויסגעפינען א כשר'ן ענין אבער א ענין של מנוחה לפי הבנתו, וואס דאס איז מעניני הרשות,

במילא איז מען עם מבטל פון לימוד התורה,

איז כאמור לעיל, דאס רעט זיך ניט וועגן געזונטע מענטשן, בא געזונטע מענטשן - איז דורך אוועקזעצן זיך אין מעדיטיישן ווערן זיי ר"ל קראנק דערפון, א געזונטער מענטש זאל זיין געזונט איז דעמולט "אדם לעמל יולד", דארף ער ארבעטן און האבן דעם געפיל אז ער ארבעט און טוט עפעס אויף.

ביז ווי די גמ' זאגט אז "אוכלסא דמחוזא" די טרעגער וואס האבן געטראגן משאות כבדות פון מחוזא, איז אז זיי האבן ניט געהאט די געלעגנהייט אויף טראגן א משא כבד זיינען זיי דערפון געווארן ניט געזונט, ביז וואנעט אז דערפאר דארף מען זיי באצאלן דער שכר מיט אלע ענינים וואס קומט ארויס דערפון אין הלכה למעשה בפועל,

עד"ז בא כל או"א שטייט אויף דערויף אז דער אויבערשטער האט באשאפן א מענטשן אין א אופן פון "אדם לעמל יולד", אז ער דארף עפעס טאן - ניט עפעס א ענין פון מחשבה והתבודדות וכו', סיידן דאס ווערט א טייל פון עבודת הבורא וואס אט דעמולט איז ווי ער פסק'נט אפ אין הל' תפלה, אז לפני בל התפלה דארף זיין א "התבוננות בשפלות האדם" און "בגדלות ורוממות הא-ל", וואס התבוננות קען ניט זיין דורך דעם וואס ער וועט זיך אוועקזעצן אין "טיימס סקווער" אין מיטן "המונה של רומי", קען ניט זיין קיין התבוננות, דאס מוז זיין בהתבודדות, ניט אין "המונה של רומי".

איז דאס אין א זמן קבוע און אין א תכלית קבוע, ווערט דאס א טייל פון דער מצוה אדער א הכשר מצוה,

אבער דא רעט זיך וועגן מענטשן וואס דארפן האבן א רפואה, כדי זיי זאלן האבן די רפואה איז דאס אזא מין סארט מחלה ר"ל וואס צום אלעם ערשטן דארף מען באַרואיקן די נערוון און באַרואיקן נפשו בכלל, וואס דאס קען זיין דוקא דורך דער וועג וואס ער האט א ענין וואס דאס ווערט איצטער אנגערופן בשם "מעדיטיישן",

וכאמור לעיל, דאס איז בדוגמא צו שמש וירח, ס'איז ח"ו צו זאגן אז דאס מוז זיין פארבונדן מיט א ענין של ע"ז, דאס איז א ענין של רפואה, ווי מ'זעט דאס בפועל אז די וואס האבן געפּראַוועט היילן אין א כשרן אופן אן קטרת און אן פסל און ענינים פון ע"ז, אפילו ניט "אביזרייהו דע"ז" האבן אין דערויף מצליח געווען,

דערצו דארף מען אבער האבן צוויי ענינים:

כאמור לעיל, אז דאס דארף מען נוצן אויף א מענטשן וואס איז ניט געזונט, ניט נעמען א געזונטן מענטשן און פון עם מאכן א ענין וואס איז ניט שייך צו עבודה בפועל - צו "אדם לעמל יולד", וואס אין דעם סוג פון ניט געזונטע מענטשן איז אויכעט אט די וואס האבן זיך איינגערעט אז זיי מוזן אנקומען צו מעדיטיישן, און דאס גופא איז אויכעט א מחלה.

און ס'איז דא ענינים אין אזא-מין אופן וואס בשעת מ'וועט גיין נגד רצונו, וועט ער אוועקגיין צו די גורוס און די וואס טוען דאס ע"פ ע"ז, בשעת מ'וועט מסכים זיין צו זיין דרישה, און מ'וועט עם געבן א דבר המותר אויף טראַכטן אין עס, אדער א דבר תורה און טראַכטן אין דעם, אין פירוש המילות פון שמע ישראל וכיו"ב, ווערט דאס א התבוננות בגדלות הא-ל א התבוננות בשפלות האדם ברייינגט עס צו דכאון צו היפך פון בריאות הנפש,

- טאַקע א דכאון און א ענין פון שפלות וואס קען דערפון ארויס "בכל עצב יהי' מותר" (משלי יד, כג) א יתרון א הבנה צו עבודת ה', דאס דארף אבער קומען - ווי ס'שטייט אין שו"ע - גלייך צוזאמען מיט דער התבוננות בגדלות הא-ל, וואס דאס איז דער גדלות פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט געלערנט אין די פריערדיקע סימנים פון שו"ע, אז אלקים איז פי' אז ער איז דער בעל פון כל הכחות כולם, און ער איז כוחך וחיותך, פון דער שפלות האדם איז זיין אמת'ער חיות איז דאס ה' אלקינו ה' אחד, "אנכי ה"א אשר הוצאתיך מארמ"צ" - פון אלע ענינים בלתי רצויים, וואס זיינען נכלל אין דעם ענין פון דעם נאמען בית עבדים,

איז אט דעמולט דארף מען אויכעט נאכגעבן עכ"פ בתור התחלה, דער סדר אין דער טיפול וואס ווערט אנגערופן בשם "מעדיטיישן".

אזוי ווי דאס איז אבער א ענין וואס גיט - במידה ידועה, ווי יעדער רופא האט א השפעה און א שליטה אויף דעם וואס מבקש עזרתו, ווארום יענער פאלגט דאך עם, און וויבאלד אז דער "פיישנט" איז ניט בקי אין חכמת הרפואה, פאלגט ער עם אויכעט אין ענינים וואס ער אליין פארשטייט זיי ניט פארוואס מ'דארף דאס טאן,

דארף מען זיין באווארנט, אז דער וואס וועט זיך מטפל זיין אין דער טיפול דורך "מעדיטיישן", איז ער א מומחה אין דער ענין, אז דאס איז ניט היפך השו"ע און ניט היפך "אביזרייהו דע"ז", און אויכעט א מומחה בנוגע פון דעם שטאנדפונקט פון חכמת הרפואה,

אז ער וועט דאס עם געבן אין אן אופן פון "לא פחות ולא יותר", ווי בא אלע סממני הרפואה כמבואר בכ"מ, אויכעט געבראכט אין ספרי מוסר און ספרי חסידות, אז סממני הרפואה מצ"ע זיינען היפך פון בריאות האדם.

וואס דערפאר אז אן אדם בריא זאל עסן סממני הרפואה איז דאס היפך הבריאות.

וואס דערפאר איז אויכעט בנוגע צו שבת איז דא די אלע הגבלות בנוגע צו סממני רפואה.

בשעת מ'גיט דאס אין א מידה וואס אט די מידה איז צוגעפאסט צו אט דער מחלה צו אט דעם מענטשן וואס ער איז זקוק צו אט דעם טיפול, איז לא פחות גיט מען עם אבער אויכעט לא יותר - אט דעמולט ברייגנט דאס עם די רפואה, און דערנאך אז ער ווערט בריא איז דעמולט דארף מען דאס בא עם צונעמען, ער דארף עסן מאכל בריאים ווי ס'איז אפגע'פסק'נט אין הל' שבת.

"חולה שיש בו סכנה" דארף מען עם - ניט נאר מ'מעג נאר מ'דארף, געבן סממני רפואה, אבער אז ער איז ארויס פון סכנה, טאר מען דאס עם ניט געבן, ווייל דאס איז ניט מאכלים בריאים.

בדוגמא ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ בנוגע צו הל' דיעות אז אזוי דארף מען זיך נוהג זיין אין א דרך הממוצע, בד"א ווען ער האט ניט עובר געווען אין א צווייטן קצה, אויב אבער ער איז ניט געווען קיין בריא מיט א הנהגה מתאימה כל ימיו נאר ער האט חוטא געווען ער האט אריבערגעכאפט אין איין קצה, אט דעמולט דארף ער זיך פירן אין דעם צווייטן קצה במשך זמן, ביז וואנעט ער וועט מבטל זיין די השפעה פון די הנהגה בלתי רצוי' און דעמולט דארף ער זיך ווייטער פירן אין א דרך הממוצע.

עד"ז אויכעט בנוגע לעניננו, איז כאמור לעיל, איז דאס א דבר הכרחי אז מ'זאל ניט פארמאכן די אויגן און אוועקגיין שפאצירן אדער לייגן זיך שלאפן און טראכטן מה לנו צו דעם ענין און צו די אידן, אינגלעך און מיידלעך, עלטערע אדער אינגערע וואס זיי זיינען אין דערויף ארייגגעפאלן ס'איז ניט אין זיינע ד' אמות, זיי געפינען זיך מחוץ לעיר ערגעץ וואו, אבער ס'איז דא כו"כ אין ארה"ב, ביז כו"כ מקומות אין ארה"ק, ביז וואנעט אין ירושלים עיה"ק, און בדידי הוה עובדא - איך האב באקומען פון דארטן א פראספעקט (ווי מ'רופט דאס דארטן אן) א גאנצע חוברת מיט אלערליי תמונות, און ארויסגעגעבן אויפן רייכסטן אופן, וואס תוכנו איז מיט די תמונות מיט אלע פרטים, ווי אזוי אין ירושלים עיה"ק געפינט זיך אזא מין (משרה?) אזא מין מקום מקלט, וואס אט דארטן ווערט געגעבן אט דעם און דעם טיפול, אונטער דער הנהגה פון דעם און דעם, מיטן נאמען מיט די אלע פרטים, און בעט זיך אז מ'זאל זיך אהינצו ווענדן און צוזאמען טרייבן זיך און מ'וועט טאן כל הענינים אויף מאכן לייכטער און ביליגער, און

ברייינגען די רפואה לעולם ורפואה לאדם וכו' וכו',

איז אין ירושלים קויפט מען אפ אדרעסן פון ארה"ב און מ'שיקט דאס און דאס מאכט א שטארקן איינדרוק לויט דעם ציור חצוני, און איז מעורר סקרנות, וואס דאס איז נאך ערגער, ס'ווילט זיך וויסן וואס איז דאס פאר א ענין,

דערפון איז פארשטאנדיק עד היכן הדברים מגיעים אין ירושלים עצמה מכ"ש וק"ו אז דאס האט דערגרייכט אין א ווייטן ארט, אין אן אנדער מדינה וואס זיי גופא וויסן אז די מדינה האט געגוג צרות פון די ענינים, מ'דארף ניט אנקומען צו פארן מעבר לים.

וואס איז דא דער ענין פון המעשה הוא העיקר?

אז אט די רופאים וואס זייער ענין איז, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט מחלות הנפש אדער מיט נערוון וכיו"ב, צי דאס הייסט רופא סתם אדער סייקאנאלי און סייקאנאליטיקע (אנאליז?) מיט אלע נעמען ווי זיי ווערן אנגערופן,

איז א חוב קדוש אז זיי זאלן אנהויבן מתבונן זיין און משלים זיין זייערע ידיעות ווי אזוי זיי קענען נוצן דעם טיפול דורך "מעדיטיישן", און דאס איז נאך ניט מספיק, מ'לעבט אין א מדינה וואס מ'דארף האבן א פרסומת לכל דבר - מפרסם זיין אז פב"פ היילט די וואס ווענדן זיך צו עם אין דעם און דעם אופן, פון מעדיטיישן והתבוננות וכו',

און ניט פארבינדן דאס מיט זייטיקע זאכן. ס'דא אזויגע וואס ווילן פארדינען דערביי אויכעט - אז דאס זאל זיין פארבונדן אין התבוננות דוקא אין ענינים פון רזי תורה,

איז א זיכערע זאך אז התבוננות אין קבלה אין רזי תורה איז א דבר גדול ונכון, עאכו"כ אז מ'דארף דאס ניט מסביר זיין און פועל זיין, בשעת מ'טומלט אז ס'דארף זיין הפצת המעיינות חוצה, איז דאך זיכער אז מ'דארף ניט האבן קיין הסברה אויף וויפל ס'איז גוט התבוננות אין קבלה און חסידות און רזי תורה,

דא האנדלט זיך אבער, וועגן אידן וואס זיינען ארייינגעפאלן אין "אבי־זרייהו דע"ז", איז צום אלעם ערשטן דארף מען זיי מציל זיין פון דעם מעמד ומצב, און אויב מ'וועט זיי שטעלן תנאים נוספים, אז זיי דארפן מסכים זיין אז די מעדיטיישן וועט זיין אין רזי תורה וכיו"ב איז קרוב לוודאי אז דער גרעסטער טייל פון זיי וועט ניט גיין דערצו,

און די יחידים וואס מ'קען אין דערויף אויכעט ארייינעמען, איז דאס ניט נוגע אז דאס זאל זיין גלייך בהתחלה, זאל מען זיי קודם כל אפרייבן פון "אבי־זרייהו דע"ז" וואס דאס איז כאמור, ניט ע"ז דער ענין פון ג' ענינים וואס "יהרג ואל יעבור", וואס דאס פארלאנגט מס"נ בפועל,

וכאמור - מ'זאל איצטער אוועקזעצן איינעם וואס ער זאל קענען לערנען דעם ענין מיט חכמה זו מתחילתו ועד סופה וועט דאס נעמען א זמן ארוך ביותר,

בשעת יעדערער וועט זיך פארבינדן מיט א רופא וואס ער האט צו טאן מיט מחלת הנפש און מיט עצבים - מיט נערוון וכיו"ב, און וועט עם מסביר זיין די נקודות האמורות, אז ס'איז דא צענדליקער און הונדערטער און ר"ל טויזענטער אידן, וואס זיינען ארייינגעפאלן און מיינען אז זייער רפואה איז ניט פארבונדן מיט מעדיטיישן בפ"ע נאר מיט דעם ענין "הקטרת" אדער דער ענין פון דעם "גורו" וכיו"ב.

איז א חוב קדוש - אזוי ווי ער וויל דאך היילן מענטשן, מוסיף זיין אין

זיין מקצוע וואס דאס איז א מקצוע קרוב, ער דארף מער ניט ווי מוסיף זיין השתלמות, עפעס א הוספה, וועט ער במשך זמן קצר האבן די וועגן ווי אזוי צו מאכן אט דעם טיפול אן קיינע חששות, און ער איז א מומחה בדבר, ווארום ער האט שוין דער נסיון - די פראקטיקע - פון האבן צו טאן מיט אזעלכע פאציענטן און אזוינע מענטשן.

און אט דעמולט איז ודאי הדבר אז בשעת מ'וועט דאס מפרסם זיין באופן המתאים, וועט דאס גלייך מציל זיין אט די וואס שטייען על פרשת דרכים, איז אט דעמולט איז ניטא די מציאות פון - כמדובר כמ"פ - א מומר להכעיס, איצטער - איז דא מערניט ווי בתיאבון, אז ער האט צוויי ברירות אין א אופן הכשר אדער אין אן אופן בלתי כשר, איז א זיכערע זאך אז עכ"פ וועט ער אויספרואוון פריער אין דעם אופן הכשר.

און בשעת ער וועט זען אז ס'איז מצליח וועט דאן זיין "ממנו יראו וכן יעשו" - אויכעט פועל זיין אויף די וואס זיינען שוין ארייגעפאלן אין דער ענין אויף זיי אויך מציל זיין.

בפרט אז מ'וועט זיך ניט באגנוגענען פון שטייען פון דער זייט און ווארטן ביז מ'וועט צו עם קומען בעטן זיך ער זאל זיך מטפל זיין, נאר ער וועט גיין צו דעם חולה וואס ער ווייס ניט אז ער איז א חולה - נאך אין דעם גרעסערן ענין פון ע"ז, און וועט ריידן מיט עם אין זיין שפראך, און זאגן ווי די מעשה איז, אז ער איז אויסן רפואת נפשו ניט מישנדיק אין דערויף אנדערע ענינים פון אנדערע מצוות, מערניט ווי אט די מצוה פון מאכן עם געזונט בנוגע צו נפשו, בנוגע צו עצבים, ואדרבה, זאל ער אויספרואוון און דערנאך וועט ער זען.

איז אט דעמולט איז א זיכערע זאך - יעדערער ווייס דאך מסתמא פון אזא-מין רופא, אז ער זאל זיך מיט עם פארבינדן, און זאל פועל זיין בא עם אז עכ"פ זאל דער רופא זיך מתבונן זיין בזה און אנהויבן טאן אין דעם, און דעמולט במהלך השקו"ט וועט דער רופא זיכער געפינען א וועג ווי אזוי צו מפתח זיין דעם טיפול באופן הכי טוב, און אין א אופן וואס זאל מושך זיין את הלב אויכעט פון אט די וואס זיינען ארייגעפאלן מסיבות שונות ומשונות, אין דעם צד הבלתי רצוי.

און אויב "המקיים נפש א' - איז - מקיים עולם מלא", עאכו"כ אז דאס רעט זיך ווי געזאגט פריער וועגן צענדליקער און הונדערטער און טויזנטער וואס זיינען שוין ר"ל ארייגעפאלן, און נאכמערער: וואס מ'דארף באווארענען אז מ'זאל לכתחילה ניט נכשל ווערן אין דעם דרך וואס ער פירט אין די ענינים האמורים לעיל.

וואס דאס האט אויכעט א קשר להמדובר לעיל, בנוגע וואס מ'דארף זיך ניט רעכענען מיט די ענינים פון מניעות ועיכובים און העלמות והסתרים -

וואס לכאורה וועט די ערשטע זאך קומען די טענה פון מלעיגים, מה יום מיומים?! ביז איצטער האט מען ניט גערעט וועגן דערויף מיט דעם רופא, אדער דער רופא אליין האט ניט געטראכט וועגן טאן דאס, אדער ער האט געטאן אין דערויף אלס א ענין של טפל, ניט טראכטנדיק וועגן דעם ענין פון מציל זיין נשמות ישראל,

איז וואס עפעס מיט א מאל זונטיק ביינאכט אדער מאנטאג אינדערפרי, וועט ער אנהויבן טומל'ען וכו' וכו'?!

איז כמדובר כמ"פ, "אל יבוש מפני המלעיגים" איז א תנאי קודם צו אלע פיר חלקי שו"ע.

אײדער מ'איז מקיים עפעס וואס פון שו"ע דארף מען בא זיך האבן די החלטה אז "אל יבוש מפני המלעיגים".

און בשעת מ'וועט "קנה בנפשו" אט די הנהגה, איז אט דעמולט איז מען מקיים דער ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן אין שו"ע "שויתי ה' לנגדי תמיד", ביז צו די אלע סעיפים פון די אלע חלקים פון שו"ע, ביז צום סוף וסיום וחותם פון שו"ע,

און בשעת ער וועט זיך ניט דערשרעקן מפני המלעיגים, און וועט זיך אויכעט ניט דערשרעקן פאר דער מלעיג שבקרבו - פאר "א-ל זר אשר בקרבך", וואס עמלק איז בגימט' "ספק", און הויבט אן ארײנװארפן ספיקות - װער זאגט דאס אז ער וועט מצליח זיין מיטן רופא? און ווער זאגט דאס אז דער רופא וועט מצליח זיין מיטן פאציענט? און ווער זאגט אז דאס איז בכלל א ענין שיש לזה מקור? און ווער זאגט דאס אז די גאנצע זאך איז במציאות - קען זיין אז די גאנצע זאך איז ניט בעולם - עכ"פ אין זיין עולם - זיינע ד' אמות?

אט דאס איז דער ענין פון "אשר קרך בדרך", אזוי ווי מ'זאגט א אידן א זאך פון שו"ע איז ער הוא לבישראל, "אני ישנה ולבי ער להקב"ה ולתורתו ולמצוותיו", איז דער סדר אין דערויף אז "היום אומר לו עשה כך" ניט ער זאגט עס אז מ'דארף די זאך ניט טאן נאר "אשר קרך בדרך" - ווי ספרים טייטשן אפ אז ער מאכט עס קאלט,

- טאקע א גוטע זאך און א ריכטיגע זאך און ס'ניטא אין דערויף קיין התפעלות, האסט אפגעלעבט שבעים שנה, שישים שנה, חמישים שנה, ארבעים שנה, און האסט דאס ניט געטאן איז וואס איז איצטער די היילעניש, עאכו"כ אויב ער איז "בן עשרים לרדוף" און "בן שלושים לכח" וכו' דארף ער דאך זיך באווארענען זיינע ד' אמות, וועט ער מיט א מאל גיין זוכן א דאקטאר און א דאקטער במקצוע זה און אנהויבן פועל'ן באם דאקטער אז ער זאל ווערן א דאקטער גדול יותר און פארנעמען זיך מיט דעם און דעם ענין,

איז אט די שיטה פון ספיקות און "אשר קרך בדרך", פירט זי דערנאך צו די ז' מדות רעות, ווי חסידות איז מבאר אז "ראשית גויים עמלק", אז דער ענין פון עמלק וואס "קרך בדרך" איז דאס איז דער "ראשית גוים", וואס גוים סתם אין חומש מיינט מען דאס די שבעה אומות וואס זיי זיינען געווען אין ארה"ק און מעכב געווען אידן צו קומען אין ארץ טובה ורחבה ברוחניות ובגשמיות ובגו"ר גם יחד,

אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר די ספיקות און ניט נתפעל פאר די קאלטקייט וואס איז ביז איצטער געווען אין דעם ענין, און ניט נתפעל פאר די מלעיגים, איז דעמולט א זיכערע זאך - ווי גערעדט פריער, אז "עלה נעלה וירשנו אותה", אז מ'וועט מציל זיין די כמה נפשות מישראל און מ'וועט זיי ברײנגען לשרשם ומקורם, בבריאות הנפש כפשוטו און בריאות הגוף כפשוטו,

וואס דאס איז אויך א בריאות הנפש און בריאות הגוף פון א אידן, איז דאס א גוף קדוש און א נשמה קדושה, און דאס איז כאמור לעיל א מ"ע מה"ת, און א כלל גדול אין תורה מיט די אלע עילויים וואס שטייט בנוגע צו ענין הרפואה,

עאכו"כ ווען ס'רעט זיך און אודאי אויף מציל זיין כו"כ נפשות מישראל,

און דאס האט אויכעט א שייכות מיוחדת צו עקבתא דמשיחא, וואס מ'זאגט דאך אז די גאולה העתידה לבוא פון דעם איצטיקן גלות, איז דאס בדוגמא פון גאולת מצרים, וואס קיין איין און אײנציקער איד איז ניט געבליבן אין מצרים,

עד"ז וועט אויכעט זיין בגאולה זו, ניט ווי בא גאולת בבל און מדי ויון

הנחה פרטית בלתי מוגה

ופרס, וואס דעמולט זייבען א טייל אידן נגאל געווארן און א טייל אידן זיינען געבליבן אין גלות,

וועט דאס אויכעט זיין אין אן אופן אז "אתם תלוקטו אחד אחד", אפילו "יהי' נדחך בקצה השמים", איז "משם יקבצך ומשם יקחך", אז די גאולה פון אלע אידן איז תלוי אין דערויף אז קיין איין און איינציקער איד זאל ניט בלייבן אין גלות בכלל עאכו"כ אין גלות פון "אביזרייהו דע"ז" עאכו"כ אין גלות פון ע"ז ממש ר"ל,

וועט דאס מקרב זיין דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה" און אין דעם "בעתה", וואס "כלו כל הקיצים", "ואין הדבר תלוי אלא בתשובה" אומקערן זיך לשרשו ומקורו פון יעדער אידן, וואס דעמולט איז הבטיחה תורה אז מיד הם נגאלין,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקינו,

וואס דעמולט וועלן ווערן אלע געזונט בגופם ובנשמתם, כמבואר במדרשי חז"ל, כן תהי' לנו במהרה בימינו ממש.

* * *

ו. מ'האט דאך פריער גערעט וועגן עקבתא דמשיחא, און בהמשך צו די גאנצע התוועדות וואס זי איז פארבונדן מיט גאולה, די התוועדות פון חג הגאולה פון נשיא דורנו,

וואס ווי ער שרייבט במכתבו הידוע, "לא אותי בלבד גאל הקב"ה" נאר דאס איז א גאולה וואס איז שייך לכל עם ישראל, ובמשך כל הדורות ומקומות ווי מ'זעט דאס בפועל, אז משנה לשנה ווערט דאס נתפשט און נתקבל די התוועדות, מיט די ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמיט אין נאך מקומות און אין נאך ערטער און אין נאך זמנים וכו',

און ווי די גמ' זאגט אז "שם גאולה חד הוא", ע"ד ווי די גמ' זאגט בנוגע לכו"כ ענינים,

איז דאס אויכעט א ענין וואס איז פארבונדן מיט די גאולה הכללית און גאולה האמיתית והשלימה, און גאולה האמיתית וואס דאס איז די גאולה פון דעם גלות,

וואס בפשטות איז אויכעט פארשטאנדיק די שייכות פון די גאולה וואס איז דאך פארבונדן - ווי גערעט פריער - מיט די הוספה אין לימוד התורה וקיום מצותי', איז יעדער הוספה אין תומ"צ איז מזרז און מקדים און הילפט צו גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

ובל' החסידות מ'איז מברר נאך ניצוצות קדושה און נאך ניצוצות קדושה און בשעת מ'איז משלים אט דער בירור, אט דעמולט קומט משיח צדקנו,

ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר אז דאס איז דער פי' פון "כולו זכאי" אדער "כולו חייב" וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק - ווי אזוי קען זיין מציאות פון כולו חייב, ווען די גמ' זאגט אז בעולם מוז זיין ל"ו צדיקים. עאכו"כ אז ס'מוז זיין "ראיתי בני עלי' והם מועטים" עכ"פ שניים, עכ"פ וצדיק יסוד עולם, ס'קען ניט זיין דער מציאות פון כולו חייב, דעמולט ווערט דער עולם בטל?

און ער איז מסביר דאס אז כולו זכאי וכולו חייב איז דאס דער זעלבער

מעמד ומצב איז אפגעטיילט געווארן דער זכאי באזונדער, אז ער געפינט זיך כולו זכאי אין צד אחד, און דער חייב - די עניינים שלעו"ז זיינען זיי כולו חייב - געפינען זיך באזונדער,

וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות הבירור, וואס בירור קומט נאך פאר דעם ענין הביטול, בירור איז דער טייטש - בדוגמת הל' "מברר אוכל מתוך פסולת" אדער הפכו, איז ניט פשט אז די פסולת איז עבר ובטל מן העולם, ער האט מברר געווען דעם אוכל באזונדער און דער פסולת באזונדער,

וואס דאס איז אויך דער טייטש וואס "אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או כולו חייב" - ס'איז אפגעטיילט געווארן די עניינים פון זכאי, עניינים פון קדושה - באזונדער, און חייב - עניינים פון לעו"ז באזונדער, וואס דאס באווייזט אז דער בירור איז בשלימות איז דעמולט קומט משיח.

וואס דורך יעדער "מחשבה אחת דיבור אחד און מעשה אחת" כל' הרמב"ם הידוע, היילט ער צו און איז מקרב די ביאת משיח צדקנו,

וואס דאס איז אויכעט די שייכות כפשוטו, וויבאלד אז די גאולה איז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר ס'האט אויכעט געבראכט א גאולה און הוספה אין מחבבי תורה און שומרי מצוות או "כל אשר בשם ישראל יכונה", קומט צו בכל יום ויום נאך, אין בירור פון כולו זכאי במילא איז דאס אלץ מזרז דער ביאת משיח צדקנו, די גאולה השלימה, די גאולה האמיתית ע"י משיח צדקנו,

וואס אט דאס איז אויכעט פארבונדן - ס'איז דאך כימי צאתך מארמ"צ אראנו נפלאות, וואס דעמולט איז דאך געווען "וינחם לבטח ולא פחדו ואת אויביהם כיסה הים", און דערנאך איז "ויביאם אל גבול קדשו הר זה קנתה ימינו",

וואס דאס איז דאך פסוקים אין תורה, וואס התורה היא נצחית, און א הוראה נצחית איז דאס אויכעט נצחית בכל מקום ובכל זמן און בפרט אין עקבתא דמשיחא,

אז בשעת א איד טוט בעבודתו ברוחניות אין דער רוחניות פון דעם עולם, אז "וינחם לבטח ולא פחדו", "ואל יבוש מפני המלעיגים", און ער גייט "לבטח דרכו", כל' הפסוק "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה'" גייט ער אין דער דרך, "מה' מצעדי גבר כוננו ודרכו - פון דעם אויבערשטן - יחפץ", דער איד וואס ער גייט אין דעם דרך,

אט דעמולט בשעת ער גייט אין א אופן פון וינחם, אט דאס באווייזט אויף א ענין של מנוחה, מ'דארף גאר ניט קומען צו א ענין של מלחמה, ווארום ער האט מבטל געווען דער צד שכנגד, ער איז דאס ניט אינגאנצן מבטל נאר "וינחם לבטח ולא פחדו",

איז אט דעמולט איז אפי' האט ער ניט מבטל געווען דעם אויב, אבער עכ"פ "את אויביהם כיסה הים" - דער אויב איז אין א אופן פון היפך החיים, "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים", במציאות פון די מצרים, אבער דאס איז אין א אופן פון מת, ס'איז ניט שייך ער זאל זיך אין עפעס מישן, ס'איז ניט שייך ער זאל עפעס אויפטאן אפילו בחלקו בעולם אפילו בעולם בכלל,

און דורך דערויף ווערט "ויביאם אל גבול קדשו הר זה קנתה ימינו", וואס ווי ס'טייטשן אפ מפרשי תנ"ך און אין תרגום וכו', איז "ויביאם אל גבול קדשו הר זה קנתה ימינו" גייט דאס אויפן ביהמ"ק,

ווי ער ברייננגט אראפ אויכעט אין אבות אז דער ביהמ"ק איז קנין אחד, שנאמר "ויביאם אל גבול קדשו הר זה קנתה ימינו".

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס די הר גייט דאס אויף דעם מקדש און קנתה איז דאס געווארן א קנין אחד.

וואס ויביאם אל גבול קדשו - קדשו גייט דאס אויך אויפן ביהמ"ק, ווי ער טייטשט דאס אפ אין תרגום, ס'איז דאך אבער פארשטאנדיק אז וויבאלד אז דאס שטייט פריער און דאס שטייט שפעטער איז דאס ע"ד ווי אין ביהמ"ק גופא איז דאך דא כמה חלקים פון ביהמ"ק,

פונקט אזוי ווי מ'זאגט אז "מקדש קנין אחד", וואס בפשטות גייט דאס אויפן חלק החביב פון דעם ביהמ"ק וואס דאס איז דער קה"ק אדער עכ"פ דער חלק וואס ווערט אנגערופן קודש, אדער עכ"פ דער חצר,

ס'איז דאך אבער אויכעט דא דער <u>גאנצער</u> הר - דער הר הבית וואס דער ביהמ"ק שטייט אויף עם,

עד"ז אויכעט בכללות הענין פון א"י, איז אויכעט דארטן דא די עשר קדושות, וואס צווישן איין קדושה מיט דער צווייטער איז דא דער גבול וואס ס'ענדיקט זיך איין קדושה און ס'הויבט זיך אן די קדושה נעלית יותר,

וואס דאס איז אויך אויך דער כללות הענין, פריער איז דא "ויביאם אל גבול קדשו", אז ער ברייננגט עס צו דער גבול פון אה"ק פון א"י בכללות וואס זי איז די ערשטע פון די עשר קדושות, און דאס איז דער גבול,

און דערנאך אין גבול קדשו גופא גייט ער "מחיל אל חיל", ביז ער קומט צו דער הר, וואס דאס איז בכלל שייך צו זאגן אויפן גאנצן הר הבית,

ביז אין דער הר גופא קומט ער אין דעם אופן צו הר און קדושה אויף וועלכע מ'זאגט אז "קנתה ימינו" א ענין של <u>קנין</u>, ביז ווי דאס איז דער קדה"ק עצמו.

וואס דאס איז די עבודה בכל יום ובכל מקום אין עבודה רוחנית, כמובא אין ספר העולה פון דעם רמ"א, און דערנאך איז בארוכה אין ספרי מוסר און ספהמ"צ להצ"צ, די פרטים פון דעם משכן וביהמ"ק, ווי אזוי איז דא אין דעם נפש און דער חיוו פון כאו"א מישראל, און ווי ס'שטייט שוין בא משכן דאיקרי מקדש "ושכנתי בתוכם" "בתוכו לא נאמר אלא בתוכם - בתוך כאו"א מישראל", איז בא עם דא די אלע פרטים ווי זיי זיינען אין משכן און דערנאך אויך אין מקדש ווי געזאגט פריער ווי ער רעכנט דארט אויס די כמה פרטים ופרטי פרטים בכמה ספרים ביז אין קבלה און חסידות ביז אין רזי תורה.

בשעת ער טוט בעבודתו ברוחניות הענינים, בדוגמא ווי מ'זאגט אז "תפלות כנגד קרבנות תיקנום", און דורך דערויף וואס ער איז מתפלל תפלתו כדבעי איז דאס איז עם מקריב צו "להקריב כמצוות רצונך" כדבעי, אז דאס זאל זיין <u>כרצונך</u>, ס'זאל זיין דער שלימות האדם המקריב, און שלימות הכבשים ופרים וואס מ'איז זיי מקריב, וואס דאס וועט דאך זיין לע"ל, איז דאס פארבונדן מיט <u>זיין</u> שלימות העבודה, אין "תפלות (ש)כנגד קרבנות תקנום" איז אט דאס איז עד"ז אויכעט בנוגע צו בנין ביהמ"ק ברוחניות,

וואס דאס ווערט די הכנה קרובה צום בנין ביהמ"ק בגשמיות כפשוטו בביאת משיח צדקנו,

וואס דאס איז אויכעט די הכנה און די שייכות און די הקדמה צו די ג' שבועות, וואס די התחלה פון די דריי וואכן - איז "מיני' מתברכין כולהו יומין" פון דעם שבת פון י"ב תמוז,

אט דאס וואס מ'האט שוין גערעט כמ"פ בשנים שעברו, אז בשעת מ'וועט זיך

מתעסק זיין אין "זאת תורת הבית ומוצאיו ומובאיו" איז דעמולט איז "מעלה אני עליכם - ווי ער זאגט אין תנחומא - כאילו בנאו",

בדוגמא ווי מ'זאגט אז כל העוסק בתורת עולה - און כל העוסק בתפילה איז דעמולט איז - כאילו הקריב עולה תמיד של שחר און תמיד של בין הערביים",

עד"ז אויכעט, איז כאן המקום להזכיר עוה"פ, וועגן די קביעות עיתים בתורה בכלל און די קביעות עיתים אין הל' ביהמ"ק והקרבנות וכל השייך לזה, ובפרט אין די ג' שבועות וכמדובר בארוכה אין די שנים שעברו,

וואס דאס איז אויכעט פארבונדן מיטן כללות ענין המבצעים אנהויבנדיק מבצע פון אהבת ישראל, ווי די גמ' זאגט אז דעם גלות האחרון איז "לא נתגלה קיצם", דערפאר וואס "לא נתגלה עונם", און דערנאך איז מען מגלה אז דער יעון איז געווען דער ענין פון שנאת חינם, "אקמצא ובר קמצא חרבה ירושלים" איז דאך די עצה דערצו, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ ווי דערמאנט פריער אין דעם קצה שני - אין אהבת ישראל אהבת חנם, ווי תורת הבעש"ט ורבותינו נשיאנו, אפילו א אידן וואס ער האט זיך מיט עם קיינמאל ניט געטראפן און ער דערוויסט זיך אז ער דארף עפעס האבן, איז דאס א כלל גדול בתורה ער זאל עם ארויסהעלפן און דאס ווערט בא עם כל התורה כולה בל' הגמ',

וואס דאס ברייגגט פון דעם מבצע אהבת ישראל און מבצע חינוך און תורה, תפילין און מזוזה און צדקה און בית מלא ספרים יבנה וחכמי' און נש"ק און כשרות האכילה ושתי' און טהרת המשפחה, וואס דאס פארבונדן במיוחד מיט נשי ובנות ישראל, וואס כאמור לעיל בארוכה, האבן זיי מחבב געווען את הארץ, און זיי זיינען געווען די ערשטע מיט וועמען משה רבינו האט צוגעגרייט צו קבלת התורה און צו מ"ת,

אז כן תהי' לנו, דורך דעם טאן אין די אלע ענינים און טאן דאס מתוך שמחה, וביתר שאת וביתר עוז, און וויסנדיק אז בשעת א איד איז מחליט אין תומ"צ איז אט דעמולט איז - בדוגמא צו דעם בעל הגאולה - איז דער אויבערשטער עם גואל און נעמט עם ארויס פון אלע העלמות והסתרים און ברייגגט עם צו אן ארץ טובה ורחבה, ער זאל זיין א לומד תורה מעושר ומתוך הרחבה, און מקיים זיין מצוות בהידור דערפאר וואס דאס איז מתוך הרחבה,

ביז דער מבצע הכי גדול והעיקרי, "ואתם תלוקטו אחד אחד" ע"י הקב"ה, וואס ער איז דאך "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל", איז ער דאך מחוייב אין דעם ענין פון אהבת ישראל מכ"ש וק"ו, און אויך אן אהבת חינם,

אז ער נעמט ארויס, ניט קוקנדיק אויפן מעמד ומצב און חשבון בעבודה מיט אלע ערליי חשבונות - נעמט ער ארויס מיט אהבת חינם עאכו"כ אז "כלו כל הקיצים ואין הדבר תלוי" מערניס ווי אין תשובה,

וואס תשובה איז בשעתא חדא וברגעא חדא, וכידוע דער פתגם פון דעם בעל הגאולה בשם פון גדולי ישראל, ובפרט פון דעם זיידן זיינעם - "אז א קרעכץ פון א אידן איז דאס אויך א ענין פון תשובה עילאה",

און דאס איז דאך דא בא יעדער אידן און בא אלע אידן,

אז כן תהי' לנו - די גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש, ע"י הקב"ה בעצמו און אין אן אופן פון אתם תלקוטו אחד אחד, אין אן אופן אז מיט יעדערן באזונדער גייט דער אויבערשטער און שכינתא בגלותא ארויס פון גלות, איז דאך פארשטאנדיק אז ס'ווערט בטל אלע חשבונות מיט אלע העלמות והסתרים און ונגאלין מיד,

ובעגלא דידן ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן ניגון הכנה ואח"כ ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א) ניע זשוריצי, הושיעה את עמיך, לכתחלה אריבער.

התחיל לנגן ניעט ניעט.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט.

* * *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בס"ד. שיחת ט"ו תמוז ה'תשל"ט. הנחה הח' בלתי מוגה

א. די התוועדות קומט דאך בהמשך צו די התוועדויות פון י"ב און י"ג תמוז – וואס צוזאמען איז עס אין אן אופן אז "בתלת זימני הוי חזקה"[1].

ובפרט אז די התחלה פון די התוועדויות איז געווען ביום השבת, וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי"[2], כל ימי השבוע, ועאכו"כ ביז יום השלישי (און יום השלישי בכלל), וואס ביז יום השלישי ווערן די טעג אנגערופן "בתר שבתא"[3], אז דאס איז נאך אלץ א המשך פון יום השבת.

וואס דער כללות הענין פון "בתלת זימני הוי חזקה", איז דאך ניט דער פשט אז עס בלייבן דריי באזונדערע ענינים (דריי באזונדערע מאל), נאר דורך דעם צירוף פון די דריי ענינים, ווערט א מציאות חדשה, וואס די מציאות ווערט אנגערופן "חזקה".

וואס דער ענין פון "חזקה" האט דעם תוקף הכי גדול – ווי דער דין[4] איז, אז מצד דערויף וואס מ'פארלאזט זיך אויף דעם ענין פון "חזקה" גיט מען די עונשים הכי גדולים;

און וויבאלד אז "מדה טובה מרובה ממדת פורענות"[5], איז פארשטאנדיק דער גודל החשיבות און דער תוקף וואס איז דא אין דעם ענין פון "חזקה", אין אלע ענינים פון טוב וקדושה.

ב. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דער סיום פון די דריי התוועדויות איז אין חמשה עשר בחודש, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[6], ד.ה. אז דעמולט איז די שלימות פון דער לבנה פון דעם גאנצן חודש, וואס דאס באווייזט אויף דער שלימות פון אלע ענינים פון דעם חודש.

וואדוס וויבאלד אז "ישראל מונין ללבנה"[7], דערפאר וואס דומין ללבנה[8] – זיי זיינען גלייך צום "מאור הקטן"[9], ווי עס שטייט[10] "מי יקום יעקב כי קטן הוא", און "דוד הוא הקטן"[11] [וואס דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י דוד מלכא משיחא] – איז פארשטאנדיק, אז ווען עס ווערט דער "קיימא סיהרא באשלמותא", ווערט אן ענין של שלימות אין דער עבודה פון אידן וואס איז פארבונדן מיט דעם חודש.

– ועאכו"כ –

------------

1) ב"מ קו, ב. 2) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 3) פסחים קו, א. 4) קידושין פ, א. 5) סוטה יא, א. וש"נ. 6) ראה זח"א קנ, א. ח"ב פה, א. ועוד. 7) סוכה כט, א. 8) ראה ב"ר פ"ו, ג. חולין ס, ב. 9) בראשית א, טז. 10) עמוס ז, ה. 11) ש"א יז, יד.

ועאכו"כ בנוגע צו די ענינים עיקריים פון דעם חודש - די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תומ"צ (וואס תומ"צ זיינען די ענינים העיקריים), און אין תומ"צ גופא - ענינים וואס פועל'ן א הוספה אין תומ"צ, ווי דער ענין הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז (כדלקמן).

ג. מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות בארוכה, אז דער כללות הענין פון י"ב-י"ג תמוז איז - אז מ'זאל ניט יוצא זיין מיט לימוד התורה וקיום מצוותי' אין אן אופן מדוד ומוגבל, נאר ס'זאל זיין ביתה שאת וביתר עוז, ביז אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

ד.ה. אז די עבודה פון לימוד התורה וקיום מצוותי' זאל זיין דורכגענומען מיטן כח המס"נ שבאדם, וואס דער ענין המס"נ איז למעלה ממדידה והגבלה.

דאס איז סאקע מערניט ווי "בכל מאדך"[12], "מאד שלך"[13], ביז אז עס קען זיין אז בערך צו דער עבודה פון א צווייטן נברא איז עס אן ענין שבמדידה והגבלה, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז ביי אים איז עס אן ענין של בל"ג ("מאד שלך"), און ער איז דאך אן "עולם מלא"[14],

וכמדובר כמ"פ אז צו יעדער אידן אלס יחיד זיינען געגעבן געווארן כל התורה ומצוותי' (פון אל"ף ביז תי"ו, מיט אלע פירושים שבזה), וואס דערפאר שטייט "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך גו'" - בלשון יחיד[15],

איז דער "מאד" פון דעם "עולם מלא" (דער "מאד שלך") - דער כלי וואס נעמט אויף דעם "מאד" האמיתי, דער "מאד" פון דעם אויבערשטן.

ד. דער ביאור אין דעם וואס י"ב תמוז איז פארבונדן מיט דעם אופן העבודה שלמעלה ממדידה והגבלה:

ווען מ'רעדט וועגן "זמן מתן תורתנו", איז אין דערויף ניט מודגש דער ענין הבל"ג שבזה (ווען מ'לערנט וואס איז דער ענין פון "תורה", און וואס איז דער ענין פון "מתנה", פארשטייט מען אז דאס איז אן ענין פון בל"ג, דאס שטייט אבער ניט בהדגשה), ועד"ז ווען מ'רעדט וועגן "זמן תרותנו", איז אין דערויף אויך ניט מודגש דער ענין הבלי גבול שבזה.

ועד"ז ווען מ'רעדט וועגן "זמן שמחתנו", איז אע"פ אז

- "שמחה" -

---

12) ואתחנן ו, ה. ברכות נד, א. 13) תו"א מקץ לט, ד. דרמ"צ קכג, ב. קס, ב. ובכ"מ. 14) סנהדרין לז, א במשנה. 15) יל"ש עה"פ (יתרו כ, ב) רמז רפו.

"שמחה פורץ גדר"[16], איז דאס אן ענין וואס קומט ערשט לאחרי השמחה (די שמחה סוס אויף אז לאח"ז זאל זיין דער "פורץ גדר"), אבער די שמחה אליין מוז ניט זיין אין אן אופן פון בלי גבול,

ואדרבה, די שמחה פון "מועדים לשמחה" דארף זיין בהגבלה דוקא[17], סיידן ווען עס רעדט זיך וועגן שמחת פורים, וואס זי איז אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[18].

ווען מ'רעדט אבער וועגן דעם מאסר און דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, איז אין דערויף מודגש דער אופן העבודה וואס איז בלי מדידות והגבלות:

די עבודה פון דעם בעל המאסר והגאולה איז געווען מיט א מס"נ וואס איז העכער פון דער מדידה והגבלה פון קדושה, כמדובר כמ"פ[19] אז ע"פ שו"ע וואלט מען זיך געקענט דינגען צי דער עבודה פון הפצת היהדות און די עבודה פון חינוך וכו' דארף זיין אין אזא אופן -

צי דאס איז אן עבודה וואס מאנט זיך ע"פ שו"ע, אדער אז עס מאנט זיך מצד דעם ענין המס"נ וואס איז דא בא יעדער אידן, עאכו"כ בא א נשיא בישראל.

ה. אין דערויף גופא קומט צו נאך אן ענין:

די נשיאות פון דעם בעל הגאולה איז געווען פארבונדן מיט פנימיות התורה, און וויבאלד אז אין פנימיות התורה שטייט בגלוי דער ענין פון בל"ג[20], איז די עבודה פון דעם בעל הגאולה אויך געווען אין אזא אופן - אן עבודה שלמעלה מכדידה והגבלה דקדושה (אן ענין פון בלי גבול).

והביאור בזה:

אין הלכה איז דא דער גדר פון אזא וואס האט געלערנט "כל התורה כולה" - עס זיינען דא ענינים וועלכע מ'קען זיי סאן ערשט נאך דערויף וואס כ'האט געלערנט "כל התורה כולה"[21].

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען זיין די

- מציאות -

------------

16) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך.
17) ראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הכ"א. סושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתקכ"ט ס"ד (סי"ג). 18) מגילה ז, ב. 19) לקו"ש חו"ב - יב-יג תמוז (ס"ר), פינחס ויב-יג תמוז (ס"ב-ה) ש.ד.
20) ראה ד"ה ביום השני תרפ"ה (סה"מ קונטרסים ח"ב תע, א). ד"ה עמד וימודד ארץ תש"ה פמ"ט (ס מ תש"ה ע' 193 ואילך).
21) מנחות צט, ב. קו"א להל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"א (ד"ה והנה ואילך).

מציאות פון אזא וואס האט געלערנט "כל התורה כולה" - תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[22], די איז אין אן אופן פון בל"ג, איז ווי קען זיין אז א נברא זאל שטיין אין א מעמד ומצב אז "תורת אמת זאל קענען זאגן אויף אים אז ער האט געלערנט "כל התורה כולה" (אן ענין פון בלי גבול)?!

איז דער ביאור בזה[23] - אז ס'איז דא א חילוק צווישן נגלה דתורה מיט פנימיות התורה:

אין נגלה דתורה, וואס עיקר ענינה (דער נגלה פון נגלה דתורה) איז, "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[24], דער פס"ד להלכה בנוגע לפועל - איז שייך די מציאות פון אזא וואס האט געלערנט "כל התורה כולה", ווארום דער חלק התורה וואס איז פארבונדן מיט מעשה בפועל, איז אין אן אופן פון מדוה"ג,

כמבואר אין דעם ערשטן חלק פון תניא[25] און אין אגה"ק[26] ובכ"מ[27], אז דער כללות הענין פון קיום המצוות (וואס דאס איז דער תכלית און כוונה פון לימוד התורה, "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה") איז במדידה והגבלה דוקא, ולדוגמא: אין תפילין דארפן זיין ד' פרשיות דוקא, און אויף דעריף זאגט מען "לא תוסיף עליו ולא תגרע ממנו"[28] "לא תוסיפו" און "לא תגרעו"[29], ועד"ז אין שאר מצוות התורה, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[30].

די תורה מצ"ע איז טאקע למעלה ממדידה והגבלה - זי איז אבער געגעבן געווארן אין אן אופן אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה". וואס צוליב דעריף מוז די תורה אראפ-קומען אין מדידה והגבלה, דורך דעריף וואס "נסעה וירדה בסתר המדרגות . . עד שנתלבשה בדברים גשמיים"[31] פון עוה"ז החומרי, ביז אפי' אין טענות של שקר[32].

כשא"כ אבער פנימיות התורה (וואס נתגלתה בדורנו ע"י תורת חסידות חב"ד). וואס אפי' ווי זי קומט אראפ אין דעם שכל האנושי פון נה"ב שטייט אין איר בגלוי דער ענין פון "שעשועים גו' לפניו"[33] - שטייט זי בגלוי אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

וואס דאס איז אויך וואס מ'זאגט "אין מוסרין רזי תורה אלא למי שלבו דואג בקרבו"[34]:

- "דואג" -

------------

22) איוב יא, ט. 23) ראה גם ד"ה באתי לגני תשי"ז סוס"ס. 24) קידושין מ, ב. 25) ראה רפל"ז. 26) ס"י (קסו, א). 27) ד"ה השקיפה תרפ"ט פ"ב ואילך (סה"מ תש"י ע' 272 ואילך). 28) ראה יג, א. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ממרים פ"ב ה"ט. 29) ואתחנן ד, ב. ספרי ופרש"י עה"פ וראה לקו"ש חי"ד ע' 170 הע' 6. 30) קידושין לה, א. 31) תניא פ"ד. 32) ראה שם פ"ה. 33) משלי ח, ל. 34) ראה חגיגה יג, א.

הנחה בלתי מוגה

"דואג" באווייזט אז דאס איז אן ענין וואס איז למעלה ממדידה והגבלה שלו, ווארום אויב דאס איז לפ"ע פון זיין מדידה והגבלה, איז ניטא קיין ארט אויף אן ענין של "דאגה" (אדער ער באווארענט דאס, אדער ער קען דאס מקבל זיין); דער ענין פון "דאגה" איז דער היפך פון שמחה, וואס שמחה איז למעלה ממדידה והגבלה, און "דאגה" איז אויך למעלה ממדידה והגבלה, נאר אין דעם צד ההפכי.

און דערפאר איז "אין מוסרין רזי תורה אלא למי שלבו דואג בקרבו" - וויבאלד אז אין "רזי תורה" (פנימיות התורה) שטייט בגלוי דער ענין פון למעלה ממדידה והגבלה -

וואס דאס איז דער חילוק צווישן נגלה דתורה מיט "רזי תורה", אז בשעת ער לערנט "רזי תורה" מיט דער גאנצער עמקות, ווייסט ער נאר די מציאות דערפון, אבער ניט דעם מהות (וויבאלד אז ס'איז למעלה ממדידה והגבלה), משא"כ אין נגלה דתורה, וואס דארטן ווייסט ער אויך דעם מהות, כמבואר באריכה אין קונטרס לימוד החסידות[35] פון דעם בעל המאסר והגאולה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז מצד דערויף וואס די נשיאות פון דעם בעל המאסר והגאולה איז געווען פארבונדן מיט פנימיות התורה, איז זיין עבודה געווען אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה דקדושה.

ו. דערפון איז פארשטאנדיק, אז שטייענדיק אין חמשה עשר בחודש, ווען "קיימא סיהרא באשלמותא" - ווערט דעמולט די שלימות פון כל ימי החודש, כולל אויך די שבתות וימים טובים וואס זיינען דא אין דעם חודש,

ועאכו"כ בנוגע צו ימי הגאולה י"ב-י"ג תמוז, וואס כללות ענין הגאולה איז אן ענין עיקרי אין חומ"צ, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט לימוד התורה וקיום מצוותי' אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה (כנ"ל באריכה),

און ווי דאס איז אויך מודגש אין דעם ענין המאסר והגאולה גופא:

דער מאסר באווייזט דאך אויף תכלית הירידה אין עוה"ז החומרי, און אין דערויף גופא ווערט אויפגעטאן דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, ביז וואנעט אז עס ווערט ניתוסף א יו"ט בישראל, און אזא יו"ט וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה וקיום מצוותי' אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

- און -

---

35) פי"א ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער התוועדות וואס איז דערמיט פארבונדן - אז בשעת עס איז דא די התוועדות השלישית, ווערט דאס א מציאות חדשה וואס ווערט אנגערופן בשם "חזקה", דערפאר וואס דאס איז א דבר חזק און בלתי ישונה, מיט אלע פרטים וואס ווערן אויפגעטאן דורך אן ענין של "חזקה".

ובפרט אז אין י"ב תמוז פון שנה זו איז התחלת שנת המאה פון דעם יום ההולדת פון בעל המאסר והגאולה,

וואס דער מספר פון "מאה" באווייזט אויף א שלימות אין דעם ענין פון שנים, און אע"פ אז דאס איז א שלימות אין דעם ענין - יתר[36], איז דאס אבער פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג -

דער צ"צ[37] טייטשט אפ דעם מאמר המשנה[38] "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", אז עס ווערן בטל די אלע העלמות והסתרים פון עולם (מלשון העלם והסתר[39]), וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עס ווערט אויך בטל דער ענין פון מדידה והגבלה, וויבאלד אז דאס איז דער מקור אויף די העלמות והסתרים (וואס "נשתלשלו מהן"[40]).

ז. וכן תהי' לנו - אז די אלע החלטות טובות וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך בקשר מיט ימי הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, כולל אויך די החלטות וואס זיינען פארבונדן מיט שנת המאה - זאלן אראפקומען אין פועל ממש, אין אן אופן פון מדוה"ג,

ובדוגמא ווי דאס איז אין לימוד התורה, אז עס דארף זיין אין אן אופן פון מדידה והגבלה, ווארום עס דארף אראפקומען אין הבנה והשגה אין דעם שכל פון א נברא, ביז אין אן אופן אז דער "שכל" מיטן "מושכל" מיטן "משכיל" ווערן איין זאך (כמבואר בארוכה אין תניא[41]) - איז דאך דאס אן ענין שבמדידה והגבלה,

ועאכו"כ ווי דער לימוד התורה קומט דערנאך אראפ אין קיום המצוות, וואס קיום המצוות איז זיכער אין אן אופן פון מדידה והגבלה:

ד.ה. אז דער ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, דער ענין פון "סובב". קומט אראפ און ווערט נמשך בפנימיות, אין

- מדידה -

------------

36) ראה ביאוה"ז לאדהאמ"צ (ח"ש יב, ג ואילך). ולהצ"צ (שם ע' עח ואילך). אוה"ת ח"ש קי, ב ואילך. ועוד.
37) אוה"ת חקת ע' תתיז ואילך. ועוד. וראה גם לקו"ש ח"א ע' 26. ח"ה ע' 87. ועוד. 38) אבות ספ"ה. 39) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 40) ל' התניא - רפ"ג. 41) פ"ה. וראה מו"נ ח"א פס"ח.

כדירה והגבלה, ביז אז ער ווערט איין זאך מיט דעם ענין שלמעלה ממדידה והגבלה,

ביז וואנעט אז ער ווערט איין זאך מיטן מקור פון תומ"צ - כיטן אויבערשטן, אז עס ווערט דער ענין פון "ישראל וקוב"ה כולא חד"[42].

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון קיום המצוות, וויבאלד אז "מצוה" איז מלשון "צוותא וחיבור"[43], עאכו"כ ווען ער איז מקיים די מצוות "כמצות רצונך" - ווי דאס איז מצד דעם ענין הרצון, וואס אין עבודת האדם איז עס אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, בדוגמת הרצון וואס איז העכער פון כחות פנימיים (וועלכע זיינען במדידה והגבלה).

און דאס וועט צוהיילן אז די שנה זו וועט ווערן שנה הגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט די גאנצע וועלט ארויסגיין פון איר מדידה והגבלה, ווארום די גאנצע וועלט וועט ווערן א דירה לו ית' בתחתונים, אזוי אז עצמות ומהות וועט דארטן שטיין אין אן אופן נראה ונגלה לעיני בשר, ווי ס'שטייט[44] "ולא יכנף עוד מוריך".

ויה"ר אז ס'זאל זיין תיכף ומיד, ובלשון הרמב"ם[45] "מיד הן נגאלין". מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין דעם ענין הגאולה.

* * *

ה. נוסף על האמור לעיל קומט אויך צו אז חמשה עשר בתמוז קומט אויס (בשנה זו) אין יום השלישי שהוכפל בו כי טוב[46], "טוב לשמים וטוב לבריות"[47].

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין המאסר והגאולה פון י"ב-י"ג תמוז:

מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז דער ענין המאסר איז געקומען ניט דערפאר וואס ער האט זיך געפירט אין אן אופן פון "טוב לשמים", ער האט געלערנט תורה און מקיים געווען מצוות פאר זיך, אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה - נאר די טענה וואס האט דערנאך געבראכט צום מאסר (בדרך הטבע) איז געווען אויף דעם וואס ער פארנעמט זיך מיט "טוב לבריות", מיט הפצת התורה והיהדות בנוגע צו א צווייטן אידן, ביז אויך צו "בריות" - און אויף דערויף האט ער זיך מוסר נפש געווען.

- ועד"ז -

---

42) ראה זח"ג עג, א. 43) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 44) ישעי' ל, כ. תניא פל"ו (מו, א). 45) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 46) פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 47) קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד.

ועד"ז זעט מען אויך בנוגע צו דער גאולה - ווי ער האט געשריבן במכתבו[48] אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם כל מחבבי תורתנו הק׳, שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה", ד.ה. אז די גאולה פון "אותי" איז געווען א גאולה אפי׳ בנוגע צו די אידן וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות בעלמא" (לויטן ביאור פון דעם אלטן רבי׳ן אין פרק לב פון תניא).

וואס דאס איז מדגיש דעם ענין פון "טוב לבריות" בנוגע צו די החלטות וואס מ׳האט אנגענומען אויף זיך בקשר מיט ימי הגאולה י"ב-י"ג תמוז:

אע"פ אז לכאו׳ זיינען דאס אלץ ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "טוב לשמים" - הפצת היהדות, לימוד התורה וקיום מצוותי׳, הידור מצוה, ביז צו "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[49] - דארף אבער זיין אין דערויף די הדגשה אויף דעם ענין פון "טוב לבריות".

ביז אין אן אופן פון "ואהבה לרעך כמוך"[50], "כמוך" ממש, און ווי עס שטייט אין ירושלמי[51] אז דאס איז בדוגמא פון צוויי אברים פון דעם זעלבן גוף,

ביז אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" דארף זיין אפי׳ בנוגע צו די וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות בעלמא". ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תניא פרק לב.

ט. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

אין סיום הפרק הנ"ל ברענגט דער אלטער רבי דאס וואס די גמרא זאגט אין שבת[52] אז עס זיינען דא די וואס "עליהם אמר דוד[53] הלא משנאיך ה׳ אשנא . . תכלית שנאה שנאתים וגו׳" (וואס דאס זיינען "המינים והאפיקורסים שאין להם חלק באלקי ישראל[54]).

איז בנוגע צו זיי אויך שייך דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך". והביאור בזה:

מ׳האט גערעדט כמ"פ אז א שייכות צו א זאך קען זיין אויף צוויי אופנים: אין אן אופן פון חיוב (אז ער איז נכלל אין דעם ענין), און אין אן אופן פון שלילה (אז מ׳איז אים שולל פון דעם ענין) - וואס דאס גופא וואס מ׳איז אים שולל

- פון -

---

48) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. תש"ח ע׳ 263 ואילך.
49) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 50) קדושים יט, יח.
51) נדרים פ"ט ה"ד. 52) קטז, א. 53) תהלים קלט. כא-כב.
54) תניא שם.

פון דעם ענין, באווייזט דאס אז ער האט דערצו א שייכות, נאר א שייכות באופן של שלילה.

וכמבואר בכ"מ אין די ספרים פון חוקרי ישראל, און עס ווערט אויך געברענגט אין חסידות, ביז אין שעהיוה"א[55], אז ס'איז נים שייך צו זאגן אויף א "חכמה רמה ועמוקה" אז "אי אפשר למששה בידים מפני עומק המושג" - וויבאלד אז "חוש המישוש אינו מתייחס ונופל אלא על עשי' גשמית הנתפסת בידים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'איז שולל אן ענין, באווייזט דאס אז ס'איז דא א שייכות צווישן זיי, נאר די שייכות איז אין אן אופן של שלילה.

וכמבואר בארוכה אין לקו"ת פ' פקודי[56] דער ענין פון ידיעת החיוב און ידיעת השלילה אין השגת אלקות, אז דורך ידיעת השלילה קומט מען צו נאך העכער און טיפער ווי דורך ידיעת החיוב.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד - אז דאס גופא וואס מ'איז זיי שולל פון דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", באווייזט דאס אז זיי גייען אויך אריין אין דעם גדר פון "ואהבת לרעך כמוך".

י. דער ביאור אין דעם:

עס איז דא די שאלה הידועה[57] - ווי קומט אין תורה אן ענין פון עונשים: תורה איז דאך "תורת חסד", און תורה ווערט אנגערופן "תורה אבה", ד.ה. אז דער חסד פון תורה איז א חסד אמיתי - איז ווי קומט אין תורה אן ענין פון עונשים (וואס "תורה אבה" זאגט אז דאס איז אן ענין של עונש)?!

איז דער ביאור בזה - בדוגמת המבואר אין אגה"ק[58] דער ענין פון "רחץ ה' את צואת בנות ציון"[59], ד.ה. אז דורך דעם עונש נעמט מען אראפ פון אים די ענינים בלתי רצויים. און דורך דערויף ווערט ער אריינגענומען אין כלל ישראל, ביז אין אן אופן אז "מקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[60].

ועד"ז בנדון דידן:

כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" אויך בנוגע צו די וואס "תורת אמת" רופט זיי אן

- "משנאיך" -

------------

55) פ"ט (פו, ב). 56) ג, ד ואילך. ו, ג ואילך.
57) ראה של"ה שסא, ב ואילך. 58) סכ"ב (קלד, ב). 59) ישעי' ד, ד. 60) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. וראה ברכות לד, ב.

"משנאיך ה׳" - איז די עצה דערצו אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "אשנא", און "תכלית שנאה שנאתים", וואס דורך דער שנאה נעמט מען אראפ פון זיי די ענינים בלתי רצויים (וואס דאס איז ניט זייער עצם, ס׳איז מערניט ווי א צוגעקומענע זאך), און דערנאך קען זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" אויך בנוגע צו זיי.

יא. האמור לעיל האט א שייכות מיוחדת צו חמשה עשר בתמוז:

חמשה עשר בתמוז איז דער יום ההילולא פון דעם אוה"ת הקדוש [כידוע אז בשעת רבותינו נשיאינו, אויך כ"ק מו"ח אדמו"ר, פלעגן דערמאנען דעם אוה"ת, פלעגן זיי זאגן דער אוה"ח הקדוש, ועד"ז בעפינט מען אויך בכ"מ אין חסידות, אז ווען עס ווערט דערמאנט דער אוה"ח, שטייט דערביי אוה"ח הקדוש].

[וכידוע דער קשר ושייכות צווישן דעם אוה"ח ביזן בעש"ט, און זייער שייכות מיט דוד מלכא משיחא (נפש דוד און רוח דוד), ווי דערציילט אין סיפורי חסידים (איך האב דאס ניט געהערט פון דעם שווער. און דערפאר חזר איך דאס ניט איבער, עס ווייזט אבער אויס אז דאס איז פון א מקור נאמן, און אז ס׳איז א סיפור אמיתי)].

איז דא א פירוש פון דעם אוה"ח אין היינטיקע סדרה. אין דעם שיעור יומי פון יום ראשון (י"ב תמוז). וואס איז פארבונדן מיט המדובר לעיל:

אין היינטיקע סדרה[61] שטייט: "ושם איש ישראל המוכה אשר הוכה את המדינית גו׳". שטעלט זיך אויף דערויף דער אוה"ח, און איז מפרש: "הגם שיריע איש ישראל . . סוף כל סוף יחזור לשרשו, והוא אומרו ושם איש ישראל, הרי שאפילו אחר מעשה בשם ישראל יכונה".

ד.ה. אז אפי׳ נאך דערויף וואס "זמרי בן סלוא" האט אפגעטאן דעם גאנצן ענין, וואס דאס איז געווען אן ענין וואס האט אנגערירט "ארבעה ועשרים אלף" מישראל[62] - איז מען אבער מדגיש אז לאחרי כ"ז ווערט ער נאך אלץ אנגערופן "איש ישראל".

און דערנאך איז ער ממשיך דעם טעם בזה - "אשר הוכה את המדינית": דאס וואס ער איז געווען "מוכה" דורך פינחס׳ן, איז עס נאר געווען "אשר הוכה את המדינית, פי׳ אותו החלק הרע שנדבק בו מאת המדינית . . הוא שהוכה ומת באמצעות הכאת - פינחס" -

------------

61) כה, יד. 62) ס"פ בלק.

פינחס", אבער נאך דערויף איז "לא נשאר בו רושם החטא . . ומיתתו טהרה נפשו", און דערפאר איז "בשם ישראל יכונה".

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל, אז אויך די וואס ווערן אנגערופן "משנאיך ה׳" גייען אריין אין דעם כלל פון "ואהבת לרעך כמוך" (וואס רעדט זיך אין תניא פרק לב) - נאר בנוגע צו זיי דארף זיין די הקדמה פון "אשנא", און ערשט דערנאך קען זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך".

ובפרט אז מ׳פארבינדט דאס מיט דעם ענין פון חמשה עשר בחודש, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא" - וואס אין דערויף גופא איז מודגש אז נעכטן (ועאכו"כ מיט צוויי אדער דריי טעג לפנ"ז) איז ניט געווען דער מעמד ומצב פון "אשלמותא", און אעפ"כ, ווען עס קומט דער טאג פון חמשה עשר בחודש, ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "אשלמותא".

יב. עס זיינען דא אזוינע וואס טראכטן אז ס׳איז מערניט ווי א פשט׳ל - איז עס אן ענין וואס האט א שייכות צו אמיתתה של תורה, און צו נגלה דתורה:

עס ווערט געבראכט אין אחרונים[63] בנוגע צו הלכות עשרת ימי תשובה (מיוסד אויף דברי השו"ע[64]) אז בשעת ס׳איז דא א דין למטה, איז דאס מבטל דעם דין למעלה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס ס׳איז דא דער ענין פון "אשנא" דא למטה, נעמט דאס אראפ דעם דין שלמעלה, ובמילא שטייען זיי (די וואס זיינען געווען "משנאיך ה׳") אין א מעמד ומצב פון זכאי בדין דלמעלה.

און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראם"[65], זיינען אידן גלייך מקיים דעם פס"ד שלמעלה (אז די "משנאיך ה׳" זיינען זכאי בדין) - און עס ווערט דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" אויך בנוגע צו זיי.

יג. און דאס קומט אויך בהמשך צו דעם וואס מ׳האט גערעדט פריער[66], אז סיי דער דור המדבר, סיי די מרגלים, און סיי עדת קרח האבן א חלק לעולם הבא.

ועד"ז בנוגע צו די וואס די משנה[67] רעכנט אויס אז זיי האבן ניט קיין חלק לעוה"ב - אז דאס איז אלץ איידער זיי האבן באקומען זייער עונש, אבער נאך דערויף וואס מ׳גיט זיי דעם עונש, האבן זיי א חלק לעולם הבא.

- ואדרבה -

---

63) לבוש או"ח סתר"ג. הובא בס"ז סו"ס חרב. 64) רמ"א סו"ס חרב. 65) ב"ר פס"ז, ח. 66) שיחת מוצאי ש"פ חו"ב, י"ב תמוז ס"ט ואילך. 67) סנהדרין רפי"א (צ, א).

ואדרבה, נאך דערויף וואס ער באקומט דעם עונש, ווערט ער מרוצה וחביב לפני אביו שבשמים[68], וויבאלד אז דער עונש איז אן ענין פון "רחץ ה׳ את צואת בנות ציון",

ביז וואנעס אז ער האט די מעלה פון בעלי תשובה, וואס אויף א בע"ת זאגט מען אז "צועק ונענה מיד שנאמר[69] והי׳ טרם יקראו ואני אענה"[70], ביז וואנעס אז "במקום שבעלי תשובה עומדין צדיקים גמורים אינם עומדין"[71], און נאכמער: "אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[72].

יד. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו אז די גאולה איז געווען פאר אלע אידן, "מחבבי תורתנו הק׳, שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה" - ד.ה. אז ער איז כולל אלע אידן אין דער גאולה פון "אותי בלבד גאל הקב"ה".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף ער מקדים זיין אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה" - ער האט מלכתחלה געקענט זאגן אז די גאולה איז געווען פאר "אותי", און פאר "מחבבי תורתנו הק׳, שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה";

און מאי קמ"ל אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה" - מ׳האט דאך געזעהן בפשטות אז דורך זיין גאולה איז ארויסגעקומען אן ענין של גאולה פאר אלע אידן, ביז אז דערפון איז ארויסגעקומען דער ענין פון י"ב-י"ג תמוז אויף אלע דורות, אז אין די טעג קומען זיך אידן צוזאמען און מ׳איז זיך מתוועד וואס צום אלעם ערשטן קומט דערפון ארויס די מעלה פון "אכל בי׳ עשרה שכינתא שריא"[73], ביז צו דעם ענין פון "עשרה שיושבין ועוסקין בתורה"[74] - איז לכאו׳, מאי קמ"ל אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה"?

איז דער ביאור בזה:

דערפון גופא וואס ער איז שולל אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", איז פארשטאנדיק אז די סברא ראשונה (און א סברא חזקה, וואס דארף לכאו׳ בלייבן) איז - אז "אותי בלבד גאל הקב"ה", ד.ה. אז ס׳איז דא אן ענין אין דער גאולה וואס איז פארבונדן מיט "אותי בלבד", א גאולה וואס איז שייך מערניט ווי צו א נשיא בישראל;

- איז -

------------

68) אגה"ה פ"א (צ, סע"ב). 69) ישעי׳ סה, כד.
70) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ז. 71) ברכות לד, ב.
72) רמב"ם שם ה"ד. 73) סנהדרין לט, א. וראה אגה"ק סכ"ג (קלו, ב). 74) אבות פ"ג מ"ו.

איז בעז דאס שולל און מ'זאגט אז אפי' דער ענין אין דער גאולה וואס איז לבאו' שייך בערניט ווי צו "אותי בלבד" (א נשיא בישראל), איז עס אויך שייך צו אלע אידן, אז זיי ווערן נכלל אין דעם אופן הגאולה פון "אותי בלבד",

און אין א סדר מן הקל אל הכבד: פריער ווערן אין דערויף נכלל "מחבבי הורתנו הק'", דערנאך ווערן אין דערויף נכלל "שומרי מצוה", ביז וואנעט אז אפי' די וואס זיינען אין דער דרגא הכי תחתונה, "בשם ישראל יכונה", ווערן זיי אויך נכלל אין דער דרגא הכי עליונה - די גאולה פון "אותי בלבד".

סו. האמור לעיל (אז אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה" איז אויך נכלל און איז פארבונדן מיט דעם אופן הגאולה פון "אותי בלבד") איז אויך פארבונדן מיטן מאמר הזהר[75] וועלכן מ'זאגט אין "מענה לשון" (ווען מ'גייט אויפן ציון פון א צדיק - "ועמך כולם צדיקים"[76], ועאכו"כ א נשיא בישראל), אז "כתיב[77] והיתה נפש אדוני צרורה בצרור החיים, והיתה <u>נפש</u> אדוני <u>נשמה</u> אדוני מבעי לי', אלא כמה דאמרן דזכאה חולקהון דצדיקייא דכולא אתקשר דא בדא, נפש ברוח, ורוח בנשמה, ונשמה בקוב"ה, אשתכח <u>דנפש</u> צרורה בצרור החיים".

וואס לכאו' איז נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

ווי זאגט מען אז די דרגא פון "נפש" איז "צרורה בצרור החיים" - דאס ווערט דאך דורך ממוצעים: "נפש" איז פארבונדן מיט "רוח", און "רוח" איז פארבונדן מיט "נשמה", און "<u>נשמה</u>" איז פארבונדן מיט "צרור החיים". איז ווי קען מען זאגן אז די דרגא פון "<u>נפש</u>" איז "צרורה בצרור החיים"?

איז דער ביאור בזה:

ס איז מבואר אין חסידות[78] אז אין דעם ענין פון "ממוצע" זיינען דא צוויי אופנים: ממוצע <u>המפסיק</u> - דער ממוצע איז א דרגא בפ"ע, וואס די השפעה פון דער דרגא שלמעלה ממנו ווערט אין אים נקלט בפנימיות, און דורך דערויף קומט אראפ די השפעה צו דער דרגא שלמטה ממנו;

און ממוצע <u>המחבר</u> - דער ממוצע האט ניט קיין תפיסת מקום און קיין דרגא בפ"ע, עניינו איז בערניט ווי צו מחבר זיין די דרגא וואס איז למטה ממנו, מיט דער דרגא וואס איז למעלה משניהם, און אין אן אופן אז ער איז ניט מפסיק

- צווישן -

---

75) ח"ג עא, ב. 76) ישעי' ס, כא. 77) ש"א כה, כט.
78) ראה ד"ה עוטה אור הש"ת פ"ג ואילך (סה"מ ה'ת"ש ע' 69 ואילך). ובכ"מ.

צווישן די צוויי דרגות, וויבאלד אז ער איז ניט קיין מציאות בפ"ע, מערניט וואס דורך אים קומט אראפ די השפעה למטה יותר.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז דער ממוצע פון "רוח" און "נשמה" וואס פארבינדט דעם "נפש" מיט "צרור החיים", איז אין אן אופן פון ממוצע המחבר, און דערפאר קומט אויס אז דער "נפש" איז "צרורה בצרור החיים".

וואס דאס איז ע"ד המבואר לעיל אז די גאולה פון דעם וואס "בשם ישראל יכונה", איז אויך פארבונדן מיט דעם אופן הגאולה פון "אותי בלבד".

סז. האמור לעיל (וועגן דעם ענין פון ממוצע המחבר) געפינט מען אין כללות הענין פון קדושה - וואס עניגה איז ביטול (היפך הישות)[78], איז בשעת קדושה טוט אן ענין, איז דאס אין אן אופן פון ביטול צו דער כוונה שבזה (ע"ד ממוצע המחבר), וואס עיקר הכוונה איז "לעשות לו ית' דירה בתחתונים".

והביאור בזה:

דורך כללות הענין פון לימוד התורה און קיום המצוות, וואס דאס איז חכמתו ורצונו של הקב"ה, ווערט א דירה לו ית' בתחתונים, ביז אז עס ווערט "עיקר שכינה בתחתונים היתה"[79].

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: די דירה בתחתונים ווערט דאך אויפגעטאן דורך דעם ממוצע פון תומ"צ, דארף מען לכאורה זאגן אז "עיקר שכינה" איז גאר אין תומ"צ, און דורך דערויף קומט עס אויך אראפ אין "תחתונים" - איז פארוואס זאגט מען אז "עיקר שכינה בתחתונים"?

איז דער ביאור בזה: דאס וואס "תחתונים" ווערן א דירה לו ית', איז דאס ניט דורך דעם הפסק פון א דרגא שבינתיים (ממוצע המפסיק), נאר די אלע ענינים שבינתיים זיינען מערניט ווי אן ענין של טפל, ביז וואנעט אז זיי זיינען ניט קיין מציאות בפ"ע, און כל ענינם איז נאר צו דורכפירן די כוונה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, אז "תחתונים" זאלן ווערן א דירה צו עצמות ומהות.

ד.ה. אז די גאנצע מציאות פון חכמתו ורצונו של הקב"ה. די גאנצע מציאות פון חכמה דאצילות, איז נאר כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון חכמה דעשי'[80] - כדי אז א איד זאל קענען פארשטיין בחכמתו חכמת התורה.

ובלשון התניא[81] אז אלע עולמות עליונים איז "להם ירידה

- מאור -

---

78) ראה תניא פ"ו (י, ב). 79) ב"ר פי"ט, ז. שהש"ר רפ"ה. נתבאר בד"ה באתי לגני ה'שי"ת (סה"מ ה'שי"ת ע' 111 ואילך). 80) ראה סה"ש תש"ד ע' א. 81) פל"ו (מה, סע"ב).

הנחת הת' בלתי מוגה

מאור פניו ית'", און כוונת בריאתם איז אז עס זאל זיין דער עוה"ז הגשמי, וואס דארטן ווערט די אמת'ע עלי', ביז אז עס ווערט איין זאך מיט עצמות ומהות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלע ענינים דורך וועלכע עס ווערט אויפגעטאן די דירה לו ית' בתחתונים, וואס דאס איז דער כללות הענין פון תומ"צ - איז עס ניט קיין מציאות בפ"ע, נאר מערנים ווי א ממוצע און א טפל אויף צו דורכפירן דעם חיבור פון דעם יש שלמעלה מיטן יש שלמטה, בידוע דער לשון וואס שטייט אין ביאוה"ז[82] אז דער יש האמיתי מיטן יש הנברא זיינען איין זאך.

וכידוע די שיחה אין תורת שלום[83] אז "כל המצוות מתייחסים אל העצמות" - איז די כוונה בכ"ז אז ס'זאל בלייבן מערנים ווי די מציאות פון עצמות, צוזאמען מיטן אידן וואס ווערט מתובר און ווערט איין זאך מיט עצמות ומהות.

יז. האמור לעיל אז כללות הענין פון תומ"צ איז מערנים ווי אן ענין של טפל, און די כוונה בזה איז, אז אידן זאלן ווערן איין זאך מיט עצמות ומהות - איז אויך דא אין עבודת האדם:

ווען א איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות, וואס דעמולט ליגט ער דאך אין דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, ווארום דער לימוד התורה כדבעי איז דוקא ווען ער ליגט אין דער הבנה והשגה פון תורה, און דער קיום המצוות כדבעי איז דוקא ווען ער ליגט אין די כוונות און רמזים פון דער מצוה - פירט זיך נאך ניט אויס דער תכלית הכוונה.

ווארום תכלית הכוונה איז - אז ווען ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות, זאל ער ניט בלייבן קיין מציאות בפ"ע, א יש מי שאוהב[84], און יש מי שלומד תורה און מקיים מצוות,

[אלס א הקדמה צו לימוד התורה מאכט ער טאקע ברכת התורה, "אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו", ועד"ז אלס א הקדמה צו קיום המצוות, מאכט ער ברכת המצוות, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס דעמולט שטייט ער אין א תנועה פון ביטול - אבער דערנאך ווען עס קומט צו לימוד התורה וקיום המצוות בפועל, הערט זיך דאך אן זיין מציאות, ווארום דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון הבנה והשגה בשכלו[85], ועד"ז בנוגע צו די כוונות ורמזים שבמצוות],

נאר ער זאל ווערן אויס מציאות פאר זיך, און ווערן איין זאך מיט דער מציאות פון נותן התורה און מצוה המצוות,

- ד.ה. -

---

82) בשלח מג, ג ואילך. וראה גם ד"ה ולקחתם לכם תרס"א. 83) ס"ע 190 ואילך. 84) תו"א וארא נו, א. ראה גם תניא פל"ה (מד, סע"א ואילך). 85) ראה מג"א או"ח ס"נ סק"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ג.

ד.ה. אז דער תכלית פון לימוד התורה וקיום המצוות איז - "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[86], ניט תורה, און ניט מצוות מערניט ווי ער (א איד) מיט עצמות[87], ווי עצמות שטייט העכער פון נתינת התורה און ציווי המצוות.

[ובדוגמת המבואר אין לקו"ת[88] אז ס'איז דא דער ביטול צום רצון, און דער ביטול צו בעל כל הרצונות כולם, ביז צום ביטול פון "נעשה" איידער ס'איז דא די גאנצע מציאות פון רצון; נאך איידער ס'איז דא די אפשריות פון "נשמע", איז שוין דא דער ביטול פון "נעשה"].

און דאס איז וואס חסידות מאנט (און איז מסביר אז דאס איז שייך צו יעדערן) אז נאך דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות זאל ער ארויסגיין פון סדוה"ג.

וכידוע דער סיפור בנוגע צו ר' הירשל משערניגאוועער (דער משערניגאוועער רב), אז נאך דערויף וואס ער האט געלערנט אן ענין אין תורה מיט דער גאנצער עמקות, און האט דאס פארשטאנען לאשורו, האט ער געגעבן א פאטש מיט די הענט, און געזאגט: געוואלד געוואלד וואס דער ענין איז!

וואס בשעת ער ליגט אין דער הבנה והשגה פון שכל התורה, איז ביי אים ניטא דער הרגש פון געוואלד וכו', ווארום דעמולט דארף זיין די תפיסה והשגה און די התאחדות מיטן שכל; אבער נאך דערויף דערהערט ער דעם געוואלד וואס איז למעלה מכל מדוה"ג.

און דאס איז די כוונה פון קיום התומ"צ - אז דורך דערויף זאל דער איד צוקומען צו שרשו ומקורו - וואס נשמות ישראל זיינען דאך מושרש אין עצמות ומהות, נאך העכער פון דעם ארט וואו עס זיינען מושרש תורה ומצוותי',

[ווי עס שטייט אין מדרש[89] אז "מחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר", אפי' צו תורה ומצוות, ביז אז כ'זאגט "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים"[90], וכידוע די תורה פון דעם מגיד (אין לקו"א און אין או"ת בתחלתן[91]) אז דאס איז עד"מ פון אן אב וואס איז זיך מצייר דעם ציור פון בנו קודם שנולד - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז "נשמותיהן של צדיקים", וואס דאס זיינען נשמות ישראל, טוען אויף די החלטה ורצון אויף גאנץ סדר השתלשלות, כולל אויך מחשבת התורה ומצוותי',

- איז -

------------

86) קהלת יב, ז. 87) ראה תו"ש ע' 194. 88) ראה לקו"ת במדבר יד, א. שה"ש כב, א. 89) ב"ר פ"א, ד. וראה תדא"ר פי"ד (קרוב לסופו). 90) ב"ר פ"ח, ז. רות רבה רפ"ב. 91) וראה גם או"ת ב. ג. ד"ה מים רבים דמוצאי ש"פ נח תשל"ח ס"ה ובהע' 44 שם.

איז די כוונה פון כללות התורה וכמצוותי' איז - אז אידן זאלן צוקומען צו שרשם ומקורם, העכער פון כללות הענין פון תומ"צ, אזוי אז ס'זאל זיין כפרנים ווי בנו יחידו פון מלך מלכי המלכים הקב"ה מיט כב"ה הקב"ה, אין אן אופן ווי ער שטייט אין התנשאות עצמית פון עצמו ומהותו.

יח. האמור לעיל איז נוגע צו דער השתדלות ביתר שאת וביתר עוז אין קיום ההחלטות וואס זיינען פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז:

מ'האט גערעדט פריער אז פון י"ב-י"ג תמוז דארף ארויס-קומען די החלטה אז עס דארף זיין דער ענין פון "טוב לבריות", אז מ'זאל זיך פארנעמען אפי' מיט אזוינע אידן וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות בעלמא", וואס די איינציקע מעלה וואס זיי האבן איז, אז זיי זיינען באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן.

און אז מ'הויבט אן זוכן אויף דערויף א הסברה - געפינט מען די הסברה בזה אין תניא פרק לב, וואס דארטן איז דער אלטער רבי מבאר אז "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן כו' ואב אחד לכולנה".

וואס די נקודת הביאור בזה איז - אז נשמות ישראל זיינען העכער פון אלע ענינים, אפי' העכער פון תומ"צ. וואס אין דעם ארט (וואס איז העכער פון תומ"צ) איז ניט שייך צו מחלק זיין צווישן איין איד מיט צווייטן, דארטן זיינען אלע אידן בהשואה.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס דערוויילע האט ער נאך קיין שייכות ניט צו קיום התומ"צ - זאגט מען אבער אז אויך מיט דער נשמה פון דעם אידן האט מען זיך מיישב געווען אויף כללות הענין פון סדר השתלשלות, כולל אויך דער כללות הענין פון תומ"צ - ווארום "בכי נמלך בנשמותיהן של צדיקים". און "ועמך כולם צדיקים".

און אז ער הויבט אן טענה'ן אז דער איד האט צוטאן מיט א "מדיניח" (מיט כל פרטי הסיפור) - זאגט דער אוה"ח הקדוש אז "אותו החלק הרע שנדבק בו מאח המדיניח . . הוא שהוכה ומח באמצעות הכאח פינחס", ד.ה. אז ס'איז דא דער "פינחס זה אליי"[52], וואס ער האט אראפגענומען די ענינים וואס האבן זיך

- צוגעקלעפט -

---

52) תיב"ע עה"פ וארא ו, יח. פרדר"א פמ"ז. זח"ב קצ, סע"א. זח"ג פינחס רטו, א (ברע"מ). יל"ש ר"פ פינחס. פרש"י ד"ה לאו מר כהן - ב"מ קיד, ב.

צוגעקלעפט פון דער "מדינית", וואס דערפון גופא איז די הוכחה אז אפי' איידער מ'האט דאס אראפגענומען איז דאס ניט די מציאות פון דעם אידן, דאס איז די "מדינית"!

יט. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

ווען ער טרעפט א אידן און ניט אויף אים א קוק, און דערביי טאפט ער זיך דאס וואס עס זאגט דער מעזריטשער מגיד — וואס ער איז געווען דער רבי פון דעם אלטן רבי'ן, און דער תלמיד און ממלא מקום פון דעם בעש"ט, אז מיט דער נשמה האט זיך דער אויבערשטער מיישב געווען צי ער זאל געבן תומ"צ, און צי ער זאל באשאפן דעם גאנצן סדר השתלשלות (פון עולם האצילות אן) —

וועלן ביי אים אפפאלן אלע-ערליי שאלות וספקות צי עס דארף אים אנשטיין צו פארנעמען זיך מיט אזא אידן, ווארום ער ווייסט אז פאר עצמות ומהות איז אנגעשטאנען (כביכול) מיישב זיין זיך מיט דער נשמה בנוגע צו כללות סדר ההשתלשלות, כולל אויך דער ענין פון "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[93].

און עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זאגט אים אז ער דארף גאן מיט דעם אידן, דארף ער ניט אנקוקן צו א השתדלות מיוחדה פועל'ן בא זיך צו פארנעמען זיך מיט דעם אידן, וויבאלד אז ס'איז אן ענין וואס איז מעצמו מובן,

ביז וואנעט אז פאר אים איז גאר אן עילוי דאס וואס ער פארנעמט זיך מיט דעם אידן, ווארום דורך דערויף פארבינדט ער זיך מיט אן ענין מיט וועלכן דער אויבערשטער איז "נמלך" — "נשמותיהן של צדיקים".

כ. האמור לעיל וועגן די החלטות וועלכע דארפן ארויסקומען פון י"ב-י"ג תמוז, איז אויך פארבונדן מיט שנת המאה:

מ'האט גערעדט כמ"פ אז דער מספר פון מאה באווייזט אויף תכלית השלימות.

איז ידוע די קושיא אויף דערויף, אז לכאו' איז תכלית השלימות דער מספר פון אלף, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די פירושים פון ראב"ע[94] אויף דעם מספר פון "אלף", אז "אלף" מיינט שויזנט, און "אלף" מיינט איינער (אל"ף), וויבאלד אז דארטן ענדיקט זיך דער ענין המספרים, און עס הויבט זיך אן נאכאמאל פון-דאס-ניי דער מספר פון איינס —

— זעט —

---

93) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 94) שמות ג, טו.

הנחת הת' בלתי מוגה

זעט מען דאך אז תכלית השלימות אין מספרים איז דער מספר פון "אלף" (וואס "אלף שנה" איז אויך "יומו של הקב"ה"[95]), און ניט דער מספר פון "מאה"?

ועד"ז איז די קושיא לאידך גיסא:

בנוגע צום נוסח פון ברכת המזון, זיינען דאך דא שינויים צווישן דעם נוסח וואס מ'זאגט ביחיד, מיטן נוסח וואס מ'זאגט בשלשה, און מיטן נוסח וואס מ'זאגט בעשרה[96]. און לדעת ר' יוסי הגלילי[97] איז בשעת עס קומען צו מאה און אלף וכו', ווערט א שינוי אין דעם נוסח, דערפאר וואס דעמולט איז די המשכה וגילוי אלקות אין א העכערן אופן.

און דער פס"ד[98] איז - אז ביז עשרה זיינען דא שינויים אין דעם נוסח, אבער פון עשרה ולמעלה זיינען ניטא קיין שינויים אין דעם נוסח, ד.ה. אז בא מאה און אלף וכו' איז דער זעלבער נוסח אזוי ווי בא עשרה.

וואס דערפון זעט מען גאר אז תכלית השלימות איז - דער מספר פון עשרה, און מ'דארף גאר ניט אנקומען צום מספר פון מאה?

איז דער ביאור בזה:

תכלית השלימות באשטייט טאקע אין דעם מספר פון עשר [וואס דערפאר איז דער גרעסטער פרסום און פרהסיא - ווען עס זיינען דא עשרה מישראל], אבער אין דערויף גופא זיינען דא כמה אופנים:

עס קען זיין אז יעדערעד פון די עשרה שטייט אין אן אופן בלתי שלם; און עס קען זיין אז יעדערער פון די עשרה שטייט בשלימות, וואס דאס איז ווען אלע עשר דרגות שלו שטייען בשלימות - וואס דאס איז דער מספר פון מאה, תכלית השלימות (און דערנאך איז א העכערע שלימות דערפון - דער מספר פון אלף).

כא. און דאס איז אויך וואס מ'זעט אין דער משנה פון מסכת אבות, אז תכלית השלימות איז ווען מ'קומט צו "בן מאה", וואס דעמולט איז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", און ביז דעמולט זיינען דא בכללות עשר דרגות, וואס יעדערע פון זיי איז פארבונדן מיט עשר שנים:

די ערשטע דרגא איז "בן עשר שנים למשנה", ווארום

- דעמולט -

---

95) ב"ר פ"ח, ב. ועוד. 96) ברכות מט, ב במשנה. 97) שם. וראה בגמרא שם נ, א. 98) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב ס"א (ס"ב).

דעמולט הויבט זיך אן דער אמת'ער ענין פון הבנה והשגה אין תורה, משא"כ לפנ"ז (אין תקופת ההכנה), "בן חמש שנים למקרא", וואס דער לימוד פון מקרא קען זיין אפי' אין אופן וואס "לא ידע מאי קאמר", ווי דער פס"ד[99] איז אז אויך רער וואס "לא ידע מאי קאמר" מאכט ברכת התורה (וואס איז פארבונדן מיט מקרא) -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די ערשטע דרגא איז "בן עשר שנים למשנה", וואס דעמולט הויבט ער אן צו בויען זיין עולם, דורך "אסתכל באורייתא וברא עלמא".

און דערנאך קומט די צייט וואס ער דארף ארויסגיין און אויפטאן אין וועלט, וואס דאס איז ווען ער ווערט "בן עשרים לרדוף", וואס רעכולט ווערט ער א "יוצא צבא בישראל"[100].

אזוי גייט דערנאך דער סדר אז יעדער צען יאר קומט ער צו צו א העכערע דרגא. "בן שלשים לכח" וכו', "בן שמונים לגבורה, בן תשעים לשוח". ביז אז ער קומט צו צו תכלית השלימות - "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער מספר פון מאה באווייזט אז יעדערער פון די צען כחות איז כלול פון צען. ד.ה. אז אלע זיינע כחות פנימיים שטייען בגילוי ובשלימות

און דאס איז אויך וואס מ'זעט אז בנוגע צו "עיר הנדחת" דארף מען האבן אז דארטן זאלן זיין מאה אנשים. וואס דוקא דעמולט ווערט דאס אנגערופן "עיר"[101].

כב. דערפון איז אויר פארשטאנדיק בנוגע לענייננו - די הוראות וועלכע מ'דארף אפלערנען פון י"ב-י"ג תמוז:

ווען מ'זאגט אים אז מ'דארף ארויסגיין און אויפטאן אין וועלט ("טוב לבריות"), איז אן אופן אז מ'זאל זיך נים רעכנען מים וועלט - איז לכאו' ווי אזוי קען ער דאס פועל'ן בא זיך -

מ'זאגט אים אז עס דארף זיין "כשאו וכתנו באמונה". וואס דאס איז אויך כולל אז בשעת מ'איז מקיים א מצוה מיט אן ענין פון וועלט, דארף דאס געשאן ווערן באמונה,

ווי דער דין איז[102] בפשטות אז אויב עד גזל'ט א זאך און איז דערמיט מקיים א מצוה, איז דאס נים קיין מצוה כדבעי, נאר א מצוה הבאה בעבירה - דארף אין דערויף אויך זיין משאו ומתנו באמונה.

- און -

-------------

99) הל' ה"ה לאדה"ז שם כ"ב. וראה לקו"ת ויקרא ה, ב.
100) ראה במדבר א, ג וברמב"ן עה"פ. 101) סנהדרין סו, סע"ב. רמב"ם הל' ע"ז פ"ד ה"ב. 102) ראה סוכה ל, א. שו"ע אדה"ז או"ח סתרמ"ט ס"ד. וראה גם שם סתנ"ד ס"י.

הנחה בלתי מוגה

און לאידך זאגט מען אים אז ער דארף זיך ניט רעכנען מיט וועלט – לכאו', ווי שטימען די צוויי ענינים?!

זאגט מען אים אז ער דארף וויסן אז דער תכלית און די שלימות פון וועלט איז – אז זי זאל שטיין אין אן אופן פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" (וואס דאס איז דער קשר ושייכות מיט שנת המאה), אז ס'זאל <u>בטל</u> ווערן דער העלם והסתר פון עולם (וואס עולם איז מלשון העלם והסתר), און עס זאל ווערן א דירה לו ית' בתחתונים.

כג. והביאור בזה: עס איז מבואר אין פרדס[103] אז יעדער ענין שבעולם האט אין זיך צען גדרים: אורך, רוחב און עומק, און יעדערער פון זיי האט שלשה קצוות, און דערנאך איז דא דער כללות הענין – וואס צוזאמען זיינען דאס צען גדרים.

וואס דאס איז בדוגמת שם הוי', וואס דער מילוי פון די ד' אותיות פון שם הוי' (יו"ד ה"א וא"ו ה"א) איז צען אותיות, כמבואר בכ"מ[104].

און וויבאלד אז כללות העולם שטעלט זיך אויך אויס אין צען דרגות, איז צוזאמען דערמיט וואס אין יעדער ענין שבעולם זיינען דא צען דרגות – איז עס דער מספר פון מאה.

און אויף דערויף זאגט מען א אידן, אז גלייך ווען ער גייט ארויס אין וועלט, בתחלת היציאה, דארף ער שוין וויסן אז די שליחות פון וועלט באשטייט אין דעם וואס מ'מאכט פון איר א דירה לו ית' בתחתונים. וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'איז מבטל דעם העלם והסתר פון עולם (מלשון העלם והסתר) – "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

און דערמיט איז ילך יבטח דרכו – ווארום ער ווייסט אז סוב"ט וועט אים די וועלט גופא ארויסהעלפן בעבודתו. ביז אין אן אופן פון "גם אויביו ישלים אתו"[105], אז אויך דער "אויב" מאכט מיט אים שלום.

כולל אויך ווי חסידות[106] טייטשט אפ אז "שלום" איז מלשון שייכות. ד.ה. אז זיין שליחות ווערט בשעת אז ניט נאר זיינע אוהבים האלטן מיט אים, און ניט נאר אז זיינע אויבים פירן ניט קיין מלחמה מיט אים (דערפאר וואס זיי האבן געמאכט מיט אים שלום), נאר דוקא ווען די אויבים ווערן נהפך צו אוהבים – אז עס ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא.

כד. און דורך דער עבודה בכל הנ"ל ווערט אויפגעטאן די שנה

- המאה -

---

103) שער ב'. 104) אוה"ת תשא ס"ע א'תתנ. 105) משלי טז, ז. 106) ראה המשך תער"ב ח"ג ס"ע א'שיז.

המאה, און אין אן אופן אז גלייך אין תחלת שנת המאה מאכט ער שוין די החלטות טובות על כל השנה כולה, און דערנאך במשך כל השנה איז ער מוסיף נאך החלטות טובות, ווארום "מי שיש לו מנה רוצה מאתים, ומי שיש לו מאתים רוצה ד' מאות"[107].

און בשעת די עבודה איז באופן כזה, האט ער די הצלחה גלייך בתחלת שנת המאה -

ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[108] דעם ענין פון "יום שכולו ארוך", אז "בתחלתו הוא ארוך", ד.ה. אז ווען איז שייך צו זאגן אז דער טאג איז "כולו ארוך" - דוקא ווען "בתחלתו הוא ארוך", גלייך פון דעם ערשטן רגע איז ער אין אן אופן פון "ארוך", און ניט אז ווען מ'קומט צו סוף היום ווייסט מען אז דער טאג איז געווען "ארוך", ווארום דעמולט איז ער ניט אין אן אופן פון "כולו ארוך".

און אז מ'הויבט אן פרעגן די שאלה הידועה - ווי אזוי קען מען מסביר זיין דעם ענין אז "בתחלתו הוא ארוך", אז פון דעם ערשטן רגע אן שטייט ער שוין אין א מעמד ומצב פון "כולו ארוך" - געפינט מען א הסברה אויף דערויף אין די זכרונות פון דעם בעל המאסר והגאולה וואס ער האט געשריבן וועגן דעם מאסר והגאולה:

דער בעל המאסר והגאולה דערציילט אין די זכרונות[109], אז בשעת עס האט געטראפן אן ענין מבהיל, האט ער איבערגעטראכט אין א קורצע ווײלע ("ברגעא חדא") אלץ וואס עס האט מיט אים געטראפן במשך כל ימי חייו,

וואס דאס איז דאך א משך פון כו"כ שנים - אנהויבנדיק פון די זכרונות פון ימי הילדות, און דערנאך די שנים שלאח"ז, ביז צום טאג פון דעם מאסר -

און דעם גאנצן משך הזמן האט ער איבערגעטראכט אין א קורצע ווײלע, און האט דאס איבערגעטראכט ניט אין אן אופן ווי מ'בלעטערט דורך א ספר און דערנאך בלייבט ניט קיין רושם דערפון, נאר אין אן אופן אז ער האט דאס איבערגעלעבט נאכאמאל (ווי מ'זעט אין דער רשימה).

און ידע איניש בנפשי' - בא יעדערן זיינען דא אזוינע רגעים בחייו, וואס מצד גודל השמחה (אדער אן ענין הפכי ח"ו) שטעלט ער זיך פאר און טראכט איבער א משך זמן ארוך פון ימי חייו, מיט אלע מאורעות וואס זיינען ביי אים דורכ-געגאנגען, ביז אין אן אופן אז ער לעבט דאס איבער פון-דאס-ניי, וואס דאס ווערט געטאן "ברגעא חדא".

- וואס -

------------

107) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ס"פ חיי שרה.
108) תולדות יח, סע"ד. 109) לקו"ד כרך ג תרנט, סע"א ואילך.

וואס דערפון האט מען אויך דעם ביאור אין דעם ענין פון "יום שכולו ארוך", ווארום מ׳זעט דאך אז אפי׳ א נברא האט די יכולת אז א רגע אחד פון חייו זאל זיין א רגע וואס "כולו ארוך" - ער זאל איבערלעבן אין איין רגע אלע מאורעות וואס זיינען געווען במשך פון כל ימי חייו (א משך פון צענדליקער יארן) - ובדוגמת זה איז אויך דער ענין פון "יום שכולו ארוך", אז פון דעם ערשטן רגע אן איז ער אין אן אופן "שכולו ארוך".

כה. דערפון לערנט מען אויך ארויס א הוראה בנוגע צו דער התעסקות מיט א בודערן אידן:

מ׳קען קוקן אויף א אידן ווי ער שטייט במעמדו ומצבו ברגע זה, און ניט טראכטן וועגן ווייטער; מ׳קען אבער קוקן אויף אים ווי אין אים זיינען כלול "זרעותיו כו׳ עד סוף העולם"[110].

וואס דעמולט גיט ער זיך א כאפ אז דורך דערויף וואס ער וועט אויפטאן מיט דעם אידן אז ער זאל מקיים זיין אפילו א מצוה קלה (אדער מערניט ווי איין פרט פון דער מצוה) - איז רעכט אז דאס וועט האבן א ווירקונג און וועט זיך אפשפיגלען אויף "זרעותיו כו׳ עד סוף העולם"!

איז דאך פארשטאנדיק. אז בכמה נחשב די השתדלות וואס ער וועט זיך משתדל זיין און מקדיש זיין א פאר מינוט (אפילו גאנצע צען מינוט) פאר א צווייטן אידן, פועל׳ן אויף אים אז ער זאל לייגן תפילין און זאגן "שמע ישראל" וכיו"ב;

די מציאות איז דאך (ווי "תורת אמת" זאגט) אז נוסף אויף דערויף וואס "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד"[111], איז דאס אויך למטה אין אן אופן פון "פעולה נמשכת", ווארום די פארבעסערונג און די הוספה וואס קומט צו אין דעם אידן ברגע זה, וועט דערנאך האבן א ווירקונג אויף כל משך ימי חייו, און עס וועט האבן א ווירקונג אויף די קינדער וואס וועלן ביי אים געבארן ווערן, און אויך אויף די קינדער וואס וועלן געבארן ווערן בא זיינע קינדער, עד סוף כל הדורות.

וע"ד ווי מ׳געפינט אין אונזער סדרה, אז דורך די איין און איינציקע פעולה וואס פינחס האט געטאן דעמולט, איז געווארן דער ענין פון "והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם"[112], ווי מ׳טייטשט דאס אפ אין ש"ס[113] און אין מפרשים[114]

- אז -

---

110) סנהדרין לז, א במשנה. 111) תניא פכ"ה (לב, א).
112) פרשתנו כה, יג. 113) זבחים קא, ב. 114) פרש"י עה"פ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

אז דורך דערויף איז געגעבן געווארן צו פינהס'ן דער ענין פון "כהונת <u>עולם</u>", לו ולבניו ולבני בניו, עד סוף כל הדורות.

כו. און אזוי ווי "פינחס זה אלי'", וואס אלי' הנביא איז דאך געווען ביים ברית מילה פון יעדערן פון די וואס געפינען זיך בא דער התוועדות (צי ער ווייסט דערפון צי ער ווייסט ניט דערפון) - ווי ס'שטייט אין ספרי מוסר, ובארוכה - אין ספרי חסידות, ביז אויך אין ספרי נגלה[115], אז בא יעדער ברית מילה איז דא א כסא של אלי' הנביא, און מ'זאגט "ברוך הבא", דערפאר וואס אלי' הנביא קומט צום ברית מילה (מיט אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן) -

ווערט דאס די הכנה קרובה צו ביאת אלי' הנביא, "מבשר טוב"[116], אויף צו מבשר זיין ביאתו של דוד מלכא משיחא,

וואס דעמולט וועט דאך קומען ניט נאר א ניצוץ פון אלי' הנביא (ווי דאס איז ביי א ברית מילה), נאר עס וועט קומען דער עצם פון אלי' הנביא,

[כמבואר בארוכה אין חסידות[117] דער חילוק שבדבר, אז בשעת עס קומט מערניט ווי א ניצוץ פון אלי' הנביא, קען ער זיין בבת אחת בכמה מקומות, כשא"כ ווען עס דארף זיין "דאוקימנא יאברהם . . וכן ליצחק וכן ליעקב" צוליב דעם ענין פון תפלה[118], וכיו"ב, וואס דעמולט דארף מען האבן דעם עצם פון אלי' הנביא, קען ער דעמולט ניט זיין בכמה מקומות בבת אחת].

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות. אז אויך צו איבערגעבן, - דעם אנזאג פון "מה נאוו על ההרים רגלי מבשר"[119]. אז אט קומט משיח צדקנו - וועט מען דארפן האבן דעם עצם פון אלי' הנביא, און ניט נאר א ניצוץ זיינער.

וואס די הכנה קרובה לזה ווערט דורך דעם וואס מ'דערמאנט זיך אז בשעת דעם ברית מילה האט מען זיך געזעהן מיט אלי' הנביא - און ס'איז א זיכערע זאך אז דעמולט האט אלי' הנביא א קוק געטאן אויפן רך הנימול, און די ראי' איז א פעולה נמשכת (בדוגמא ווי כללות ענין הברית איז א פעולה נמשכת, כמדובר כמ"פ בארוכה, ביז אז ס'זיינען דא דינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן[120]), אז עס פועל'ט במשך כל ימי - חייו -

-------------

115) ראה פרדר"א פכ"ט - הובא בטור יו"ד סי"ס רסה. וראה גם שו"ע שם סי"א. 116) ל' הכתוב - ישעי' נב, ז. וראה פי' רש"י עה"פ בהוקותי כו, מב. 117) המשך תרס"ו ע' קעח. הער"ב ע' קא. סה"מ ה'ש"ת ע' 62. ועוד. וראה נצו"א לזח"ג קמד, ב. 118) ב"מ פה, ב. 119) ישעי' שם. 120) ראה מפענ"צ פ"ה סי"ח. וש"נ.

חייו, ער דארף מערניט ווי עפענען די אויגן און די אויערן, און פארבינדן זיך דערמיט.

און דעמולט איז "מיד הן נגאלין"[121], וויבאלד אז משיח צדקנו קומט בפועל ממש, און עס ווערט דער "ואולך אתכם קוממיות"[122], "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[123], בעגלא דידן.

* * *

כז. מ'האט דערמאנט פריער (ס"ח) אז בשנה זו קומט אויס חמשה עשר בתמוז אין יום השלישי בשבוע - יום השלישי פון פ' פינחס (ע"ד ווי י"ב תמוז איז געווען ביום הראשון פון פ' פינחס), וואס "פינחס זה אלי'".

דער שיעור חומש פון יום השלישי פון פ' פינחס, הויבט זיך אן מיט "לאלה תחלק הארץ"[124], און דערנאך איז ער ממשיך[125] "אך בגורל יחלק את הארץ".

וואס דער ענין פון חלוקת הארץ איז געווען פארבונדן מיט אן ענין של גורל דוקא, ווי די בגמרא[126] דערציילט אז יהושע האט געבעטן בא עכן "בבקשה ממך אל תוציא לעז על הגורלות, שעתידה א"י שתתחלק בגורל".

און ווי ס'איז פארשטאנדיק דער גודל ענין הגורל דערפון וואס עס שטייט אין תשובות הגאונים[127] אז "העובר על הגורל כעובר על עשרת הדברות", ווי גערעדט אכאל בארוכה[128].

וואס אע"פ אז חלוקת א"י איז געווען ע"י אורים ותומים (ווי תוס'[129] פרעגט די קשיא) - איז עס געווען אין אן אופן אז "אלעזר הכהן הי' מלובש באורים ותומים ואומר ברוח הקודש כו' והגורל עצמו הי' צווח ואומר בו'"[130].

און דער ענין פון חלוקת הארץ ע"פ הגורל, איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון "טוב לבריות" (כדלקמן).

כח. דער ענין פון ירושה און חלוקת א"י, איז פארבונדן מיט עבודת האדם, ווארום א"י איז דאך איינע פון די "שלש מתנות" וואס זיינען געגעבן געווארן "ע"י יסורין"[131], ד.ה. אז

- מ'באקומט -

---

121) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 122) בחוקותי שם, יג. 123) בא י, ט. 124) פרשתנו כו, נג. 125) שם, נה. 126) סנהדרין כג, ב. 127) קושטא, של"ה. ירושלים, תש"כ - סי' ט. ווילנא, תרמ"ה סי' נז. 128) לקו"ש חי"ב ע' 114 ואילך. 129) ד"ה אל - סנהדרין שם. 130) פרש"י עה"פ שם, נד. מב"ב קכב, א. 131) ברכות ה, סע"ב.

מ׳באקומט דאס דורך אן עבודה וואס ווערט אנגערופן בשם "יסורין".

וואס אין עבודת האדם איז דאס די עבודה וואס איז פאר-בונדן מיט דעם ענין פון "גורל" - ווי ס׳איז מבואר אין די דרושים אויפן פסוק אך בגורל יחלק את הארץ (אויך אין אוה"ת[132] - מיוסד אויף די דרושים פון דעם אלטן רבי׳ן), אז דער ענין הגורל אין עבודת האדם איז די עבודה וואס איז למעלה מהשכל לגמרי, און למעלה מכל מדידה והגבלה,

ווארום דער ענין הגורל באווייזט אז דאס איז אן ענין וואס "אי אפשר לאדם להשיב בשכלו", און דערפאר "הוא סומך על הגורל איך יפול", וואס אויף דעם ענין הגורל שטייט[133] "בחיק יוטל את הגורל ומה׳ משפטו", און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אבה"ק[134] אז דער ענין וואס איז "אינו בבחי׳ סו"ד מושג אלא למעלה מבחי׳ הדעת", איז "דוגמתו למטה הוא בחי׳ הגורל ממש".

און ס׳איז מבואר אין די דרושים[135], אז אין דערויף זיינען דא צוויי קצוות: דאס איז דער ענין פון אמונה פשוטה שלמטה מסו"ד - עס איז אבער פארבונדן מיטן כתר און מקיף שבנשמה, וואס אויף דערויף שטייט[136] "לא ידעתי נפשי", דערפאר וואס עצם הנפש איז למעלה מטעם ודעת.

כט. ע"פ האמור לעיל אז דער ענין פון "גורל" איז פארבונדן מיט עצם הנפש (שלמעלה מסו"ד), איז פארשטאנדיק דער קשר דערפון מיט דעם ענין פון "טוב לבריות":

ס׳איז מבואר אין די דרושים[137], אז עס קען זיין אן איש פשוט בתכלית וואס זיין עצם הנפש איז גבוה ביותר, ביז וואנעט אז "בשעתא חדא וברגעא חדא" קען ער זיך איבערקערן מן הקצה אל הקצה.

ועד"ז לאידך, אז עס קען זיין א צדיק גמור וואס זיין עצם הנפש איז נמוך ביותר, ביז וואנעט אז יזי געפינט זיך אין סט"א.

און ווי מ׳ברענגט די הוכחה לזה דערפון וואס ריב"ז האט געזאגט "איני יודע באיזו דרך מוליכים אותי"[138]:

- ריב"ז -

------------

132) פרשתנו ע׳ א׳ס. סה"מ תרכ"ו ע׳ ר. 133) משלי טז, לג. וראה ב"ר פצ"ח, ב - הובא באוה"ת וסה"מ תרכ"ו שם. 134) סו"ס ז - הובא באוה"ת וסה"מ תרכ"ו שם. 135) שם. וראה גם ד"ה אשרנו תרפ"ח (סה"מ תרפ"ח ע׳ קיז) ותרצ"ז (סה"מ קונטרסים ח"ב שסז, סע"א). ד"ה אך בגורל דמוצאי ש"פ פינחס, מבה"ח מנ"א תשל"ח. 136) שה"ש ו, יב. 137) אוה"ת שם ע׳ א׳נט. סה"מ תרכ"ו ע׳ קצט. ד"ה הנ"ל תרפ"ח (ע׳ קטז) ותרצ"ז (שם, רע"א). 13א) ברכות כח, ב.

ריב"ז איז געשטאנען אין א דרגא אז כל מציאותו איז געווען די מציאות פון תורה, ווי די גמרא[139] זאגט אז "לא הלך ד"א בלא תורה ובלא תפילין", און ער האט געלערנט תורה שמונים שנה, "מ׳ שנה למד, מ׳ שנה לימד"[140], און "פירנס את ישראל" (בדוגמא ווי משה רבינו), ווי עס שטייט אין ספרי ס"פ דברים[141] -

און אעפ"כ האט ער געזאגט "איני יודע באיזו דרך מוליכים אותי" - דערפאר וואס ביי אים איז געווען דער ספק וואס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש, ביז וואנעט אז דער ספק איז באשטאנען אין דעם אז עס קען זיין אז זיין עצם הנפש האט א שייכות צום ארט וואס איז דער היפך פון גן עדן.

וואס דאס איז מוסיף א הסברה אין דעם כללות הענין פון "טוב לבריות" - ווארום עס קען זיין אז אע"פ אז מצד הנהגתו ופעולותיו אין מחשבה דיבור ומעשה שטייט ער אין א דרגא פון "בריוה בעלמא", זיין איינציקע מעלה איז מערניס דאס וואס ער איז בריתו של הקב"ה, איז אבער זיין עצם הנפש (ווי די איז פארבונדן מיטן גוף רא למטה) באופן הכי נעלה.

וואס דערפון האט מען די הסברה נוספת אויף דעם ענין פון "טוב לבריות" - דערפאר וואס מ׳קען נים וויסן וואס עס טוט זיך מיטן עצם הנפש פון דעם צווייטן אידן,

ביז ווי ריב"ז האט געזאגט אז לאחרי כל העניינים ווייסט ער נים וואס עס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש, און עס קען באר זיין אז ניה נאר אז זיין עצם הנפש קומט נים צו דער דרגא פון עצם הנפש פון דעם צווייטן אידן (וואס בגלוי שטייט ער אין דער דרגא פון "בריות בעלמא"), נאר זי איז באר אין דעם קצה הכי התחון.

ל. דערפון האט מען די הוראה אין דער עבודה פון א אידן, אז ער דארף נים אזוי טראכטן וועגן זיין עצם הנפש, נאר דער עיקר איז אז ער דארף דורכפירן זיין שליחות:

ס׳איז א זיכערע זאך אז דורך עבודה קען א איד דער-גרייכן אומעטום, כולל אויך וויסן וואס עס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש: ס׳איז נישא קיין ענין צו וועלכן א איד קען נים דערגרייכן דורך זיין עבודה.

ווארום דורך זיין עבודה פארבינדט זיך דער איד מיט מלך מלכי המלכים הקב"ה, און נאך העכער: מיט עצמות ומהות, איז פארשטאנדיק אז ער דערגרייכט אומעטום וואו עצמות ומהות איז! -

------------

139) סוכה כח, א. 140) ר"ה לא, סע"ב. 141) עה"פ ברכה לד, ז.


הנחת הת׳ בלתי מוגה

איז! ועאכו"כ אז ער קען דערגרייכן צו וויסן וואו געפינט זיך זיין עצם הנפש.

וכידוע[142] וואס דער אלטער רבי האט געזאגט צו איינעם "דו ווייסט אפילו ניט וויסן די סיר מיינע אין ג"ע", און דער צ"צ האט געזאגט אויף דערויף, אז אע"פ אז ריב"ז האט געזאגט "איני יודע באיזו דרך מוליכים אותי", האט אבער דער אלטער רבי יע געוואוסט "באיזו דרך מוליכים אותו", ווארום ער האט דאך געזאגט "דו ווייסט אפילו נים וויסן די סיר מיינע אין ג"ע".

וואס ווי דער ביאור אין דערויף זאל נאר זיין - איז דאך דאס א "מעשה רב", און א מעשה וואס ווערט איבערדערציילט עד סוף כל הדורות, כדי אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה בנוגע לפועל -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דורך עבודה קען א איד דערגרייכן אז ער זאל וויסן "באיזו דרך מוליכים אותי". ווארום ס'איז ניטא קיין זאך צו וועלכע א איד זאל נים קענען דערגרייכן ע"י עבודתו.

אבער אעפ"כ האט ריב"ז געזאגט "איני יודע באיזו דרך מוליכים אותי". והביאור בזה[143]:

ריב"ז איז געווען פארנומען און איינגעטאן אין אויספירן שליחותו בעלמא דין - וואס שליחותו בעלמא דין איז נים געווען צו אויסגעפינען וואס עס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש, זיין שליחות איז געווען צו דורכפירן דעם "מ' שנה למד, שנה לימד". און "פירנס את ישראל". ובמילא האט ער נים געהאט קיין צייט צו טראכטן וועגן זיין עצם הנפש.

און בשעת אז ער האט זיך א מאל געטאן און געטראכט וואס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש - וואס דאס איז געווען ווען ער האט שוין געהאלטן ביי אריבערגיין פון דער וועלט אויף יענער וועלט (וואס דעמולט[144] האט ער געהאט א זמן פנוי צו טראכטן וועגן דערויף. דערפאר וואס ער דארף מאכן דעם חשבון צדקו) - האט ער געזאגט "איני יודע באיזו דרך מוליכים אותי".

לא. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

דורך עבודה קען סאקע א איד צוקומען אז ער זאל וויסן וואס טוט זיך מיט זיין עצם הנפש - ער דארף אבער ממלא זיין

- שליחותו -

------------

142) חו"ש ע' 171. 143) ראה גם לקו"ש משפטים ש.ז. ס"ו.
144) דאה קיצורים והערות לתניא ע' כז. וראה בהנסמן בלקו"ש הנ"ל הע' 31.

שליחותו בעלמא דין, אין די ענינים אין וועלכע עס באשטייט זיין שליחות.

וואס ווי אזוי ווייסט ער אין וואס באשטייט זיין שליחות - ווייסט דאס יעדער דור פון דעם "פרנס הדור",

און אונזער דור ווייסט - פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - אז זיין עבודה באשטייט אין הפצת המעיינות חוצה.

און מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין "יפוצו מעינותיך חוצה"[145]:

אנהויבנדיק פון דעם פירוש כפשוטו - אז מ'זאל לערנען חסידות אפי' אין "חוצה", און דער לימוד זאל זיין אין אן אופן אז דער מיט וועמען מ'לערנט זאל דערפילן אז דאס זיינען "מעינותיך" פון דעם אלטן רבי'ן מיטן בעש"ט, וואס דאס איז עצמות ומהות.

און דאס זאל זיין אין אן אופן של הפצה, "יפוצו", ביז אין "חוצה", אז דער מיט וועמען מ'לערנט זאל ווערן א סופח על מנת להספיח (וואס דאס איז בכחו, און סוכ"ס וועט ער דאס טאן), אז ער זאל אויך כפיץ זיין די מעיינות חוצה, בכל מקום וואוהין ער קען דערגרייכן, אפי' אין אן ארט וואס זיין משפיע האט אהינצו נאך ניט דערגרייכט -

ווארום ס'איז דאך פארשטאנדיק אז יעדערער האט זיין חלקו בעולם. פונקט ווי יעדערער האט זיין חלקו בתורה [ווי עס ברענגט זיך בכ"מ[146] אז "ישראל" איז ר"ת "יש ששים ריבוא אותיות לתורה". ד.ה. אז יעדער איד האט זיין חלק (ואות) בתורה[147]. וויבאלד אז הא בהא תליא.

לב. נוסף על האמור לעיל אז אין דעם ענין פון "גורל" (וואס באווייזט אויף דער עבודה שלמעלה מכו"ד, וואס דאס איז פארבונדן מיט עצם הנפש) איז מודגש דער ענין פון "טוב לבריות" (כנ"ל באריכות). איז דאס אויך מודגש אין כללות הענין פון ירושת הארץ:

יעדער איד וואס איז רעכנט געווען "בן עשרים", "יוצא צבא בישראל" - האט ער באקומען א חלק אין ירושת הארץ[148].

וואס יעדער איד וואס איז געווען "בן עשרים" איז ער

- געווען -

-------------

145) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1119-1120. ועוד. 146) מג"ע אופן קפו. הובא בילק"ר ר"פ בראשית. ועוד. 147) ראה שער הגלגולים הקדמה יז. ש' דוה"ק (קח, ב). ליקוטי מהרח"ו שבסוף ש' ברז"ל. און) פרש"י פרשתנו שם, נג.

געווען א "יוצא צבא בישראל" - ווארום אע"פ אז א בעל מום קען ניט זיין קיין "יוצא צבא", כמבואר בכ"מ[149], זיינען אבער אלע אידן געווען געזונט, און האבן געקענט זיין "יוצאי צבא" צבא", ווי מ'זעט אין פשטות הכתובים אז ס'איז ניטא קיין באזונדער מנין פאר בני עשרים, און א באזונדער מנין פאר "יוצאי צבא",

איז דערפון פארשטאנדיק אז יעדער איד וואס איז געווען "בן עשרים", "יוצא צבא בישראל" - האט ער באקומען א חלק אין ירושת הארץ.

ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף מעמד ומצבו בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות, זאגט מען אז ער ווערט אויך נכלל אין דעם "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום"[150], און ער באקומט אויך א חלק אין ירושת הארץ.

ועאכו"כ ווי דאס איז ארויסגעקומען בגלוי בא בנות צלפחד - וואס אע"פ אז עס רעדט זיך וועגן אן אשה ובת בישראל, באקומט זי אויך א חלק אין ירושת הארץ, דורך דערויף וואס זי בעט "תנה לנו אחזה בתוך אחי אבינו"[151], און מ'איז מקיים רצונה, דערפאר וואס "כך כתובה פרשה זו לפני במרום"[152], ביז אז עס ווערט דערפון א פרשה שליכה בתורה.

לב. און כל האמור לעיל דערמאנט און איז מעורר אויף וויפל מ'דארף זיך פארנעמען מיט א צווייטן אידן - און ווי דערמאנט פריער (סוף סי"ז) דאס וואס דער מגיד איז מבאר אז מיט יעדער אידן האט זיך דער אויבערשטער מייעץ געווען בנוגע צו נתינת התורה און נתינת המצוות. און בנוגע צו בריאת כל סדר ההשתלשלות - וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל המעלה פון יעדער אידן.

און פון דעם כללות הענין פון "טוב לשמים והטוב לבריות", וואס אין דערויף איז בולט דער ענין פון אהבת ישראל, קומט דאס אראפ אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרה המשפחה".

ביז צום "מבצע" פון גרייטן זיך צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, דורך דערויף וואס מ'וועט מאן אין די אלע ענינים ביתר שאת וביתר עוז.

- און -

------------

149) ראה גו"א עה"פ במדבר א, ג. רא"ם שם. 150) ואתחנן

149) ראה גו"א עה"פ במדבר א, ג. רא"ם שם. 150) ואתחנן ד, ו. 151) פרשתנו כז, ד. 152) פרש"י עה"פ שם, ז.

און סאן איז דערויף אין אן אופן פון "בקנאו את קנאתי בתוכם"[153], וואס דורך דערויף איז געווארן דער ענין פון פעולה נמשכת, ווארום דורך דערויף האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם" -

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער התעסקות אין די "מבצעים", אז דאס ווערט געטאן אין אן אופן פון פעולה נמשכת, דורך דערויף וואס דער מושפע ווערט א סופת על מנת להשפיה.

און ווי דאס שטייט אויך בהדגשה אין היינטיקער סדרה, אין דער פרשה פון בנות צלפחד:

דורך דערויף וואס בנות צלפחד האבן געטאן ענינם, האבן זיי אויפגעטאן אז ס'איז געווארן א פרשה בתורה אין וועלכע עס ווערן ערקלערט אלע דיני ירושה בנוגע צו בן ובת, עד סוף כל הדורות, און דאס איז אויך געווען די הקדמה צו דער כניסה לארץ, און ירושת כל הארץ כולה.

לד. רובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

צוה לנגן ניגון הבינוני.

* * *

לה. אזוי ווי כ'האלט דאך קרוב צו די ימים וואס בקרוב וועלן זיי נהפך ווערן "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[154] - איז עס אויך דער זמן הבהאים דערמאנען דאס וואס מ'האט גערעדט כמ"פ[155] אז מ'דארף דערצו מקדים זיין (בלשון הידוע[156] "מקדים רפואה כו'") דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[157], אז כ'זאל כוסיף זיין אין דעם ענין פון לימוד התורה ("משפט"[158]) און אין נתינת הצדקה.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - זאל מען מוסיף זיין בכיוחד אין דעם לימוד פון הל' בית הבחירה (אין משנה און אין גמרא, און אין פוסקים. ביז אין די קאפיטלאך אין תנ"ך וואו עס רעדט זיך וועגן די ענינים), ווי גערעדט אין דער פריערדיקער ההתוועדות, ובארוכה - אין די שנים שלפנ"ז.

וואס דורך דעם לימוד אין הל' בית הבחירה איז "אני

- מעלה -

---

153) פרשתנו כה, יא. 154) זכרי' ח, יט. וראה רמב"ם סוף הל' תעניות. סוד או"ח סו"ס תקפ. 155) ראה גם לקו"ש חי"ג ע' 280 ואילך. 156) מגילה יג, ב. 157) ישעי' א, כז. 158) לקו"ת ר"פ דברים - ע"פ ח"א עה"פ וישב מ, יג.

מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית"[159] - און וויבאלד אז דאס זאגט "תורת אמת", איז פון דעם "אני מעלה עליהם", ווערט דאס בפועל ממש, דורך דעדויף וואס "מיד הן נגאלין".

ובנוגע לפועל - זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין נתינת הצדקה במשך פון די ג' שבועות, אנהויבנדיק גלייך פון ט"ז בתמוז, דער ערב פון שבעה עשר בתמוז,

און "היפלא מה' דבר"[160] - עס קען דאך זיין אז דער שבעה עשר בתמוז זאל נהפך ווערן "לששון ולשמחה ולמועדים טובים", ווארום "מיד הן נגאלין", בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, "מיד" ממש.

לו. כמדובר כמ"פ אז נאכן רעדן וויל מען פארבינדן יעדער ענין מיט אן עשי' בפועל -

איז אזוי ווי מ'האט געזעהן אז ווען די "סאנקיסטן" הייבן אן טיילן ווערט א געוואלדיקער בלבול, און מ'קען ניט דערגרייכן אז עס זאלן גיין נאר די "סאנקיסטן" און נאר זיי זאלן טיילן, ווארום עס גייט כל הרוצה. און דערנאך אדער מ'טיילט אדער מ'טיילט ניט, און מ'ווייסט ניט קיין סאך -

איז בהיר יוצא מן הכלל - ווען ארויסגיין איבער די אלע וואס ווילן. און גייט פון איין זייט און ארויסגיין פון דער צווייטער זייט. און איך וועל יעדערן געבן א דאלאר על מנת ער זאל אים (אדער חילופו) אפגעבן לצדקה.

און דאס וועט זיין די התחלה טובה אויף דער הנהגה פון מוסיף זיין אין "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - שוין אין דעם ערב פון שבעה עשר בתמוז.

און אין אן אופן אז מ'איז מקדים די רפואה - אין אן אופן אז "כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך כי אני רופאך"[161]. כמדובר כמ"פ[162] אז די אמת'ע רפואה איז אין אן אופן אז מלכתחלה האט מען ניט צוטאן מיט דער מחלה, נאר מ'איז בריא בגשמיות וברוחניות גם יחד. און מ'דינט דעם אויבערשטן דורך שמירת רמ"ח מ"ע און שס"ה מל"ת מתוך בריאות פון רמ"ח אברים ושס"ה גידים[163].

און דערמיט האט מען די שלימות פון יעדער אידן בפ"ע. וואס דאס ברענגט אויך צו דער שלימות פון כל עם ישראל. וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות התורה, וואס לימוד מ"יא

- לידי -

-------------

159) הנחומא צו יד, ועוד. 160) ל' הכתוב - וירא יח, יד. 161) בשלח טו, כו. וראה פרש"י עה"פ. 162) ראה לקו"ש חט"ז ע' ואילך. 163) ראה לקו"ת נצבים מה, ג.

לידי מעשה - קיום רבה"ה כ"ע און שמירה שס"ה בל"ת, און דאס איז אויך פארבונדן מיט שליכות הארץ.

און דאס ברענגט אראפ די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

ובנוגע לפועל - איז די בקשה אז די אלע וואס ווילן ארויסגיין נעמען דעם דאלאר, זאלן גיין לאט לאט און ניט שטופן זיך, ווארום עס וועט סטייען פאר אלעמען, און גלייך נאך דערויף וואס מ'נעמט דעם דאלאר, זאל מען ארויסגיין פון דער צווייטער זייט, און לאזן דעם ארט פאר דעם וואס קומט לאחריו.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן והדיקותי לכם ברכה.

צוה לנגן לכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ניגן צמאה לך נפשי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

און אט דא איז אויך כאן המקום להעיר נאך אן ענין וואס מ'לערנט אפ פון דעם שיעור, וואס מ'זאגט אז "ויקרב משפטן לפני הוי'", איז שטייט דאך אין ספרים אין פרשני המקרא ווי דער ענין איז אין נגלה ע"פ הלכה (ראה לקו"ש חי"ג ע' 97 וש"נ),

אז וויבאלד אז בנות צלפחד זיינען געקומען צוגיין צו משה ואלעזר הכהן און מ'האט זיי געזאגט אז הוא לא הי' בעד קורח, האט משה דערפילט אז ער האט באקומען שוחד,

און אלעזר וואס ער איז געווען א כה"ג במקומו של אהרן, האט דערפילט אז ער האט באקומען שוחד, ווארום זיי האבן אריינגעשטעלט בתוך הדברים אז אבינו לא הי' בעדת קורח, וואס עניננו של קורח איז געווען ויקח קורח, מחלוקת אויף משה רבינו, און מחלוקת אויף די כהונה פון אהרן ובניו אלעזר בן אהרן הכה"ג,

האט משה גלייך געמוזט זאגן, ער קען אין דערויף גארניט זאגן, ער וועט דאס אפשיקן צו דעם אויבערשטן, ויקרב משפטן לפני הוי', ווארום ער האט באקומען שוחד,

וואס דאס איז א מאמר המוסגר און א הוראה נפלא:

מ'האלט דאך אין איין שרייען, אז היתכן אז דער וואס באקומט שוחד א פאר לירות אויף זיין ישיבה, אדער אויף זיין חדר, איז דערנאך פסק'נט ער אפ א דין וואס איז פארבונדען מיט פקו"נ פון מאות ועשרות הילי"ת פון אידן,

און וויל ניט פרעגן בא מומחים לאנשי צבא וואס זיי האבן געזאגט בפירוש ובפרהסיא ובפרסום הכי גדול, און בשעת מ'קווענטשט צו און מ'זאגט היתכן! ענטפערט מען מיט א משל המחוכם, אין וואס באשטייט דער משל:

אז בשעת מ'דארף היילן א מענטשן, איז אע"פ וואס מ'דארף אים היילן די הארץ, דארף מען אבער זען אז דער כבד און די אברים פנימיים און די אברים פנימיים און די אברים חיצוניים זאלן אויך זיי געזונט, עאכו"כ דער מוח שבראש,

עד"ז דארף מען טאקע פרעגן בא אנשי בטחון, כדי אבער דער מצב זאל בלייבן א געזונטער דארף מען אויך פרעגן ביי פאליטיקער וכיו"ב,

איז דאס וואס ער האט אזוי געזאגט - האט ער באקומען שוחד, און דאס איז א דבר גלוי: מ'ווייסט אז זיין ישיבה, צי זיין קהילה צי זיין חדר, האט באקומען געלט פון דעם ממוצע וואס ער שרייט אז מ'דארף אפגעבן די חלקים פון ארצנו הקדושה צו די אראבער,

די שאלה ווערט אבער, בשעת ער הערט א צווייטער, וואס ער האט ניט באקומען קיין שוחד; וואס הייסט ער שווייגט דאס אפ! קענסט דאך אים זאגן ס'איז דאך א דין אין שו"ע,

וואס שר"ע ווייסט אויך אז בשעת מ'דארף זיין א מצב בטוח דארף ער זיין בטוח מכל הפרטים, אעפ"כ ע"פ שו"ע בשעת ס'דארף זיין הגנה און הצלה פון א מלחמה, אז מ'זאל פריער הערן א מיינונג פון א מומחה לעניני צבא, און דערנאך וועט מען אוועקגיין פרעגן א מיינונג בא שר האוצר, וואס איז בעסער פאר די הכנסות פון די ענינים, אדער א פרעג טאן בא שר לעניני חוץ וואס איז בעסער אויף נושא חן זיין ביי אנדערע, איז אט דעמולט טוט מען היפך השו"ע!

אין דערויף איז זיך ניט שייך דינגען, א בר בי רב דחד יומא וואס קען לייענען אן נקודות וועט דורכלייענען דעם שו"ע, וועט ער זען אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א רופא, איז אמת טאקע מ'דארף וויסן וואס טוט זיך מיט שאר חלקי

הגוף, אבער דאס גופא (וואס טוט זיך מיט שאר חלקי הגוף) דארף מען פרעגן בא א רופא.

אבער פרעגן וואס ס'טוט זיך מיט שאר חלקי הגוף בא דער שר האוצר אדער בא א גוטן סוחר אדער ביי א גוטן פאליטיקער אדער ביי אזא וואס קען רעדן דיפלאמאטיש (- אז מ'זאל ניט וויסן בין ימינו ובין שמאלו וואס איז די מציאות און וואס איז ניט די מציאות, און ער איז מעוות את המצב) - איז דאס היפך השו"ע, און ס'האט ניט קיין שייכות צו דעם משל.

וואס דאס איז אפילו ווען די זאך איז געווען דעם ערשטן מאל, און נוי גערעדט כמ"פ בארוכה: אז דאס איז ר"ל דעם דריטן מאל אז מ'גייט מאכן דעם זעלבן טעות, אדער דעם פערטן מאל.

מ'האט געמאכט דעם זעלבן טעות בשעת מ'איז געשטאנען בא דער תעלה פון ים סוף, וואס דאס איז נאך געווען פאר דער יום כיפור - מלחמה, פאר דער זעקס טאגיקער מלחמה, איז אט דער וואס האט געמאכט דעם מחדל אין די מלחמת יוהכ"פ האט דעמולט געשריען ככרוכיא אז מ'זאל אוועקגיין פון דער תעלת ים סוף - ניט אויף 10 קילאמעטער, נאר דוקא אויף 30 קילאמעטער,

זיינען געקומען אנשי צבא וואס זיי האבן זיך ניט אינטערסירט אין פאליטיקע, און האבן גע'טענה'ס אז מ'טאר ניט אוועקגיין אפילו גארניט, קיין טפח אויף ניט, פון תעלת ים סוף, ווארום אט דאס וועט מגין זיין אז מ'וועט ניט קענען לוחם זיין,

איז די ממוצעים וואס זיינען אויך געווען משוחדים, האבן געזאגט אז ס'איז גענוג 10 קילאמעטער; אט דער וואס האט דערנאך געבראכט צו דעם מחדל פון מלחמת יום הכפורים, איז ידוע ומפורסם און ס'איז שוין געדרוקט אז ער האט געשריען אז מען דארף אפטרעטן אויף 30 קילאמעטער,

איז דערנאך איז שוין ידוע ומפורסם, פארוואס האט מען געזאגט אז מ'דארף אוועקגיין עכ"פ אויף 10 קילאמעטער, כדי צו נושא חן זיין בא וואשינגטאן, ווארום וואשינגטאן האט דאס פארלאנגט.

האט דערנאך וואשינגטאן געזאגט, און ס'איז שוין איצטער אפגעדרוקט ווער עס האט געזאגט, אז מיר האבן לוחץ געווען לפנים, וואשינגטאן, דערפאר וואס זיי האבן קיין ברירה ניט געהאט, אבער מ'האט זיך ניט גערוכט אז מ'וועט אפטאן אזא טפשות, וואס דאס היפך א דבר שבגלוי - אז דאס עפענט מען אויף א פרצה פאר דעם צד שכנגד, אז מ'וועט בכלל אפטרעטן פון תעלת ים סוף (פון דעם סועץ-קאנאל) אפילו א כל שהוא,

דערנאך האט זיך איבערגע'חזר'ט די זעלבע זאך ווען ס'איז געווען מלחמת ששת הימים, וואס דער אויבערשטער האט געגעבן א נצחון הכי גדול, בשעת די וואס זיינען געווען פארנומען מיט פאליטיקע האבן אנגעזאגט מ'זאל ניט איינעמען ירושלים, מ'זאל ניט מלחמה האבן אויף איינעמען ירושלים,

ווארום דארט איז דא א פארשטייער פון וואטיקאן, און דארט איז דא א פארשטייער פון אנדערע מלוכות, און מ'טאר זיי ניט איינ'רוגז'ן,

איז געווען אן עזות פנים פון אנשי הצבא וואס האט זיך דערמיט ניט גערעכנט, און האט איינגענומען ירושלים העתיקה, און מ'האלט מיט איר בלית ברירה, זיי האבן שוין געוואלט לאנג אפגעבן, נאר די גוים האבן דאס ניט גענומען, ווארום זיי ווילן איינגאנצן, ניט נאר ירושלים העתיקה,

און ווער האט דאס דעמולט ניט געלאזן מלחמה האבן אויף איינעמען ירושלים

הנחה פרטית בלתי מוגה

- קטע משיחת ט"ו תמוז תשל"ט - ג -

- וואס דאס האט געבראכט די זעלבע תוצאות, פארוואס האט דער איינעמען ירושלים אין יענער מלחמה פון ששת הימים געהאט מערער קרבנות ווי אויף אלע איבעריקע חזיות (אלע איבעריקע פראנטן) אין אלע גבולים פון א"י?

האב איך חוקר ודורש געווען און געפרעגט און צוגעקוועטשט צו דער וואנט, ביז וואנעט מ'האט מיר מגלה געווען דעם אמת, אז אלע ערטער איז געווען צוגעגרייט א תכנית ווי אזוי מ'זאל מלחמה האבן.

[ס'איז דער סדר אין מלוכה און סדרי פון אנשי צבא, אז זיי גרייטן צו א תכנית פון תכסיסי מלחמה (הנהגת מלחמה) על כל צרה שלא תבוא].

במילא בשעת מ'האט געפירט די מלחמה אויף גבול צפון גבול נגב גבול מזרח גבול מערב, האט מען אין די אלע ערטער געהאט א צוגעגרייטע תכנית ווי אזוי מען זאל גיין.

אבער אזוי ווי ס'איז געווען כלה ונחרצה אז ירושלים העתיקה וועט מען ניט איינעמען, ווארום דאס קען איינ'רוגז'ן דעם וואטיקאן, און קען איינ'רוגז'ן די ידידים פון פון וואטיקאן, וואס בתוכם איז וואשינגטאן און לאנדאן וכו' - איז ניט געווען קיין צוגעגרייטע תכנית.

איז אט דער וואס האט אנגעפירט מיט דער אטאקע (מיטן כיבוש) פון ירושלים העתיקה, האט דאס געדארפט גלייך מאכן אויף דער שנעל, אלע תכניות מיט אלע פרטים מיט אלע ענינים.

און ער איז נאך געווען געבונדן: מ'האט אים אנגעזאגט ער זאל ניט שיסן אין דער און דער גאס, ווארום דארטן געפינט זיך איינער וואס ער איז תופס מקום אין וואשינגטאן.

האט מען אים גע'טענה'ט: די אראבער וויסן דערפון, און דערפאר האבן זיי געבראכט אהינצו זייערע תותחים מיט זייערע כלי נשק, ווארום זיי וויסן אז פאליטיקער וועלן ניט לאזן דארט ענטפערן צוריק.

האט מען אים מכריח געווען, נאך דערצו ווי ער האט שוין געפירט די מלחמה, אז אין יענעם ארט זאל מען ניט שיסן, וואס פון יענעם ארט איז געווען די הויפט די וואס האבן געשאסן און ר"ל געבראכט די קרבנות.

און דערנאך איז געקומען דער דריטער מאל בא מלחמת יוהכ"פ

- וכאמור, לכתחילה האט מען דאס געהאלטן בסוד, און דערנאך האט מען דאס געדרוקט און שוין מגלה געווען, ווי גערעדט - בי"ג תמוז - בארוכה -

אז ס'איז געווען א דבר ברור אז ס'וועט ברייגגען א מלחמה און עס וועט קאסטן קרבנות, און מ'האט ניט געלאזן מגייס זיין דעם צבא, מ'האט ניט געלאזן ברייגגען דעם נשק, מערניט אין אן אופן חלקי.

און נאכמערער: מ'האט מודיע געווען אין מצרים אז מ'זאל וויסן זיין אז עס וועט ניט זיין קיין גיוס מלא, עס וועט ניט זיין קיין ברייגגען דעם גאנצן נשק וואו מ'דארף, און מ'האט מודיע געווען טאקע ע"י ממוצע, און מצד דערויף וואס "ונהי בעינינו כחגבים", האט מען גערעכנט אז דער ממוצע וועט עפעס טאן און וועט באווארענען א מלחמה.

אבער בפועל (האט ער געטאן אט דאס וואס ער האט יע געטאן, צי ניט געטאן און) ס'האט אויסגעבראכן ר"ל די מלחמה און ס'האט אפגעקאסט (כמדובר אין דער התוועדות הקודמת) מערער קרבנות ווי אין אלע מלחמות שלפנ"ז.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ולאחרי כל זה, געפינט זיך א איד וואס זאגט: דערפאר וואס ער קען באקומען נאך א ביסל געלט אויף אידישקייט, במילא הייסט ער (וואס דאס איז א מעשה רב מעשה בפועל) אז מ'זאל שטימען פאר אט די וואס זיי זאגן אז מ'זאל עפענען הארץ לפניהם,

וואס שו"ע פסק'נט (און אין דערויף איז ניטא קיין פלוגתא), אז בשעת מ'עפנט אויף אט דעם שעל אט דעם טפח - ווערט א פרצה וואס עפנט דעם ארט אויף א"י,

די שאלה איז נאר צי מ'דארף זיך רעכענען (לויט אט דעם משל מחוכם) וואס ס'וועט טאן א פאליטיקער, ווארום א פאליטיקער דארף מען אויך האבן אויף הנהגת מלוכה - דא רעדט זיך ניט וועגן הנהגת מלוכה; דא רעדט זיך וועגן להגן על ישראל,

במילא איז דא ניט נוגע מדינה, ניט נוגע מלוכה, ניט נוגע סנהדרין, ניט נוגע מלך בישראל, דאס איז א דין אין שו"ע, אז וואו ס'איז דא א יישוב פון עטלעכע אידן - אין חו"ל אין ארה"ק אין ירושלים העתיקה אין א קליינע שטעטל אין ליטא -

איז דער דין אז אויב ס'קומט צוגיין א מומחה אין עניני הצבא והגנה, און זאגט אז מ'וועט עפענען צולאזן נעמען קש ותבן איז אט דעמולט בלייבט א פרצה, און יענער קען טאן ר"ל וואס ביי אים וועט איינפאלן,

איז אט דעמולט דארף מען נעמען דעם נשק, מ'האט בא קיינעם ניט וואס צו פרעגן.

און לא די אז ער העלפט דאס ניט (דעם מגין זיין) - איז ער מסית ומדיח כמה מישראל אז זיי זאלן שרייען אז מ'מוז נאכגעבן די גוים, וואס דעמולט עפנט מען אויף כל הארץ לפניהם,

און בשעת מ'קוועטשט צו צום וואנט - ענטפערט מען אן ענין וואס איז לגמרי לא בדרא דאונא, אז מ'דארף א פרעג טאן בא אימעצן צי דאס וועט זיין גוט פאר הנהלת האוצר, צי דאס וועט זיין גוט פאר א הנהלה פון נושא חן זיין במקום פלוני, אז די נשיאת חן איז ווי ס'איז געווען פריער, זיי זיינען לוחץ ווארום זיי האבן קיין ברירה ניט, זיי ווילן האבן דעם "אויל" (נפט),

אבער זיי האפן אז מ'וועט זיין אן עם חכם ונבון, און מ'וועט טאן ווי עס דיקטירט, ווי דאס איז א דבר פשוט פאר כל אחד וואס האט עפעס-וואס א ידיעה אין הבנה והשגה, אפילו די וואס זאגן אז מ'דארף זאגן אז מ'דארף אפגעבן, זאגן זיי אליין בפירוש אז דאס קען ברייגנען פריער א מלחמה, און קען ברייגנען מערער קרבנות ר"ל,

דאס לוינט אבער און מ'האט קיין ברירה ניט, ווארום מ'איז אפהענגיק אויף חסד לאומים חטאת, מיט די אלע הסברות פון סברות שובות ומשונות,

וואס כאמור, מ'האט שוין געזען דריי פיר מאל וואוהין זיי ברייגנען: ניט צו שלום, ניט צו שקט, ניט צו קיין בטחון, צו קיינע ענינים ניט, מערניט צו א לחץ נוסף,

דערנאך אדער מ'גיט נאך אויך אט דעם לחץ, און מ'גיט דערביי א פאר לירות אויף א ת"ת, כדי מ'זאל זיין שטיל און ניט מאכן קיין טומל,

עד"ז גיט מען שוחד, מ'הייסט יענעם אז ער זאל טאנצן אין די גאסן, און ער וועט מאכן מיט דער שטעקעלע ווארום ס'איז וגילו ברעדה, דאס איז אן ענין של מז"ט, באקומט ער דאך כבוד - ווערט ער א משוחד,

און מ'קען גאר צו יענעם קיין טענות ניט האבן, ער דארף ניט זיין גרעסער

ווי משה רבינו, דער דין אין שו"ע אז איינער זאגט אז ער איז ווי משה רבינו קומט אים אן עונש, דאס איז א בזיון התורה, בזיון משה רבינו, מיט די אלע דינים ס'שטייט אין יו"ד,

במילא מה-דאך אז משה רבינו - דערציילט מען אין פשוטם של כתובים - אז בשעת מ'האט אים אריינגעשטעלט אין מיטן, און ס'איז געווען 38 יאר נאך מחלוקת קורח, ניט ס'איז געווען דעם זעלבן טאג אדער מיט א פאר חדשים פאר דערויף; מחלוקת קורח איז געווען בשנה השנית, די מעשה פון בנות צלפחד איז געווען בשנת הארבעים,

און נאך דערויף ווי ס'איז שוין געווען נאך פטירת אהרן, וואס דאס איז געווען אין חודש אב פון שנת הארבעים, איז דורכגעגאנגען העכער פון אכט און דרייסיק יאר, איז בשעת משה רבינו האט דערהערט אז מ'זאגט אים הוא לא הי' בעדת קורח - האט ער גלייך געזאגט: ער קען אין דערויף ניט זאגן קיין דין,

אט די שטארקייט מעג מען אין זיך האבן, זאגן: איך האב קיין ברירה ניט, איך מוז האבן געלט אויף מיין חדר, איך מוז האבן געלט אויף מיין ת"ת, מוז איך נעמען די געלט, במילא בין איך פסול צו זאגן אין דערויף א דין,

ווילסט ניט זאגן דעם ווארט פסול, זאג ביסט פארנומען מיט לימוד התורה, ביסט פארנומען מיט אנפירן מיטן ת"ת, צי מיטן חדר וכיו"ב, אן ענין של כבוד, פארנומען מיט עסקנות צבורית, צי פארנומען מיט חינוך וכו',

איז ניין! זיי ווילן זיצן און מ'וויל פסק'נען דעם דין, און מ'טוט אזוי בפועל, און מידי יום ביומו, דער וואס האט צייט (צי ער האט ניט קיין צייט, אבער אעפ"כ) לייענט ער אין די צייטונגען - (זעט מען) אז מיום ליום קומט צו א נייער לחץ, און מ'גיט נאך נאך א שטיקעלע,

און די השתדלות באשטייט אין דערויף - ווי אזוי קען מען מסביר זיין אט דעם אפגעבן, אז דאס זאל הייסן א הישג דתי, ניט סתם "הישג"; דאס איז א "הישג" פאר אידישקייט,

ווי אזוי קען זיין א הישג פון אידישקייט אז מ'שטעלט איין אין סכנה ר"ל, ווי ס'איז געווען אין מלחמת יוהכ"פ, מלחמת ששת הימים, מלחמה ווען מ'איז אפגעטראטן פון תעלת סואץ,

עאכו"כ אז תורת אמת זאגט אז בשעת מ'בויט א חינוך פון א יונגן מענטשן אויף דערויף וואס מ'נעמט געלט, וואס אט די געלט איז פארבונדן דורך אריינברייננגען א צווייטן אידן אין פקו"נ, קען דער מחונך ניט ארויסקומען א פרומער איד, ווארום מ'בויט ניט קיין פרומקייט אויף סכנה (אדער נאכמער פון סכנה) פון א צווייטן אידן,

וואס דאס איז כאמור, אט דאס וואס יענער ווערט א משוחד, זאגט דאס די סדרה, השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים, זאגט תורה בידע זאכן, אז ער איז א צדיק און אז ער איז א חכם, און בשעת מ'האט אים אריינגעלייגט א פרוטה אין קעשענע (אזוי ווערט געבראכט די מעשה בפועל), איז אט דעמולט בטבע דערפילט דאס דער שכל שבראש, און אט דעמולט ווערט ער אין אן אופן פון יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים, ער האט קיין ברירה ניט,

אבער אט די שטארקייט, נאך דערויף ווי דאס איז געבויט אין תושב"כ, און א גאנצע אריכות אין פוסקים, ביז ווי אין דעם שיעור פון היינטיקן טאג ווי געזאגט פריער א מעשה רב פון משה רבינו וואס ער איז געזעצן צוזאמען מיטן גאנצן סנהדרין,

לכאורה משה רבינו פילט אז ער איז א משוחד - שיק אפ צו סנהדרין, משה רבינו האט אבער דערפילט אז ער איז דער מובחר שבסנהדרין, און ער פירט אן מיטן גאנצן סנהדרין, און צוזאמען מיט אים געפינט זיך אלעזר הכהן, וואס ער איז געווען די אויף וועמען קורח האט געקריג [קורח ועדתו זיינען געווען במחלוקת מצד דערויף וואס זיי האבן ניט געוואלט ליידן אהרן צוזאמען מיט זרעו של אהרן],

האט ער געוואוסט אז די סנהדרין וועט ווערן מושפע פון דעת משה, צי פון דעת אלעזר כה"ג, האט ער געזאגט ס'איז ניטא קיין ברירה, ויקרב את משפטן לפני הוי',

וואס אט דאס איז אויך איינע פון די לימודים פון היינטיקן שיעור, וואס איז אויך פארבונדן מיט טוב לשמים וטוב לבריות - ווי געזאגט פריער מ'קען ניט זיין קיין טוב לשמים אויפן חשבון וואס די בריות שטעלט מען איין אין א סכנה פון פקו"נ בפועל,

ניט א זאך וואס וועט זיין שפעטער, ווען ס'וועט זיין די תועלת פון דעם נאכגעבן - איז אדער ס'וועט זיין אין יארן דערנאך אדער עס וועט ניט זיין, אבער דאס וואס איז א דבר ברור לכל הדעות - אז מ'שטעלט איין אין סכנה אין אן אופן - היל"ת - מיידי, ווארום מ'עפנט אויף א שעל בישראל,

און בשעת עס שטעלן זיך איין א בנות צלפחד און זיי טענה'ן תנה לנו אחוזה, און זיי ווילן ניט נאכגעבן אויף קיין פרט, אע"פ וואס דאס איז געווען בשים ובנות, וואס זיי זיינען ניט שייך לכאורה צו זיצן אין סנהדרין, עאכו"כ ניט שייך צו פסק'נען א דין,

זיינען זיי געקומען צוגיין מיט א סברה, און מ'האט זיך אנגעהויבן מישן אין דעם סברה שבדבר, מיט אלע ענינים, און האבן בפירוש געזאגט וואס זיינען זיי אויסן - תנה לנו אחוזה,

און דערפאר איז די צווייטע טענה שונה ומשונה אז ווער קען רעדן וועגן אט דעם ענין, דוקא איינער וואס געפינט זיך אין יענע ד' אמות -

איז דאס בדוגמא ווי מ'זאל זאגן אז בשעת מ'זעט אז א איד שטייט אין סכנה, מעג מען אים מציל זיין נאר אט דער וואס געפינט זיך אין זיינע ד' אמות, און די אידן וואס געפינען זיך מחוץ פון זיינע ד' אמות דארפן שטיין און שווייגן, און גיין שפאצירן און טרינקען טיי און לייגן זיך דערנאך שלאפן, ווארום מ'האט בא זיי ניט געפרעגט, ס'איז ניט זייערע ד' אמות, און השומר אחי אנכי!

און ויהי"ר אז ס'זאל זיין ווי גערעדט פריער בארוכה אז "דבר אלקינו יקום לעד", זאל דער אויבערשטער אראפנעמען די אלע העלמות והסתרים, און מ'זאל זען דעם פס"ד תורתנו הקדושה, וואס זי איז תורת אמת און תורת חיים - הוראה בחיים, און הוראה אמיתית בחיים,

וואס דארטן שטייט אז דער אויבערשטער נעמט ניט קיין שוחד, און בשעת ער גיט ארויס א דין קען מען אים ניט משחד זיין דורך דערויף וואס מ'וועט טאן היפך הדין, און דערפאר וועט מען מייסד זיין א ת"ת אדער א חדר, אדער מ'וועט מוסיף זיין וכו',

און אט דעמולט וועט מען זען אז "לא תחניפו את הארץ" - מיט חניפה וואס מ'וויל נאכגעבן אט די בא וועמען מ'באקומט געלט, איז "לא תחניפו את הארץ", און ארץ ישראל פארטראגט דאס ניט, ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער איז ארך אפים, מאטערן זיך אידן אין אזא מעמד ומצב און וואכן און חדשים וכו',

און ויהי"ר אז מ'זאל יוצא זיין מיטן מאטערן זיך ביז היינט, און פון היינט

הנחה פרטית בלתי מוגה

זאל זיין דער "לא אותי בלבד גאל הקב"ה, (נאר) כל מחבבי תורה און כל שומרי מצוה (און יעדערער וואס) בשם ישראל יכונה".

און אין אן אופן אז ס'וועט ווערן עשרה שיושבים ועוסקים בתורה, און זיי ווילן לערנען תורה אין אן אופן פון עוסק, און נושא חן זיין בא די וואס בשעת עשרה שיושבין איז דעמולט שכינתא שריא עליהו, יוצא זיין, נאר איסגעפינען וואס דער אויבערשטער וויל, ניט ארייננשטעלן אין תורה וואס זיי ווילן,

אפילו לאחרי קבלת השוחד, וואס דעמולט קענען זיי ניט באטראכטן דעם דין לאשורו, זיי קענען דאך אבער זיך מסלק זיין מן הדין,

במכ"ש וק"ו, ס'איז ניט קיין פחיתת הכבוד - משה רבינו איז אנגעשטאנען צו ארייננשרייבן אין תורה אז בשעת מ'האט אים געגעבן שוחד מיט א זאך וואס מ'האט אים דערמאנט וואס איז געווען מיט 38 יאר פאר דערויף - האט ער גלייך זיך ארויסגענומען פון דעם בי"ד וואס דארף פסק'נען אין דערויף דעם דין,

און מ'זאל זוכה זיין בקרוב ממש אז ס'זאל זיין לאלה תחלק הארץ, ווי ס'וועט זיין אין דער חלוקה לע"ל, וואס אין דער חלוקה וועט דאך שבט לוי אויך האבן א חלק, ווי ער זאגט אין יחזקאל בסופו, אין נבואת הגאולה, און ס'וועט אויך זיין "בגורל תחלק הארץ", נאר וואס-דען דאס וועט זיין דער גורל וואס דער אויבערשטער אליין וועט דאס מחלק זיין, ווי ער איז מבאר בארוכה די ענינים אויך אין עבודת ה' אין זמן הגלות, אין די דרושים פון אך בגורל יחלק את הארץ,

און לאחרי כל אריכות הדיבור, מיינט מען דאס דעם ענין כפשוטו, אז תיכף ומיד זאל קומען משיח צדקנו, וועט מען פארשפארן זיך דינגען און רעדן וועגן די אלע ענינים בלתי רצויים, און אנשטאט דערויף וועט מען לערנען תורתו של משיח מפיו של משיח, וואס "ילמד תורה את כל העם כולו".

בקרוב ממש ובעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון הבינוני. (פנה להריל"ג שי' ואמר לו להביא הדולרים).

--------------- * ---------------

## שיחת יום ה׳, שבעה עשר בתמוז, יהפך לשמחה, ה׳תשל״ט.
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה

א. מ׳האט שוין גערעדט כמ״פ[1] וועגן דעם מנהג פון רעדן „דברי כבושין״ אין יום התענית — אז „עת רצון״[2].

וואס דערפאר איז כאן המקום[3] והזמן דערמאנען און מזרז זיין נאכאמאל („ואין מזרזין אלא המזורזין״[4]) וועגן דעם וואס מ׳האט דערמאנט אין די פריערדיקע התוועדויות (ובארוכה — אין די שתים שלפנ״ז[5]), אז אין די ג׳ שבועות[6] הידועים זאל מען מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין „ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה״[7],

סיי אין דעם ענין פון „משפט״, „הלכתא״ — דער ענין פון לימוד התו־רה[8] (ובפרט — הלכות[9]), און סיי אין דעם ענין פון „צדקה״.

ב. אע״פ אז דער ענין פון לימוד התורה („ציון במשפט תפדה״) און דער ענין פון צדקה („ושבי׳ בצדקה״) דארפן זיין במשך כל השנה — ווארום בכל יום ויום איז מען מחוייב אין לימוד התורה און אין מצות הצדקה[10],

[ובפרט דער ענין פון לימוד התורה וואס איז פארבונדן מיט (און נוגע צו וויסן) „את המעשה אשר יעשון״[11] במשך כל היום כולו (דער ענין פון „הלכתא״ — פסקי דינים בנוגע למעשה בפועל),

כולל אויך דעם ענין פון „כל מעשיך יהיו לשם שמים״ און „בכל דרכיך דעהו״[12], כפס״ד הרמב״ם[13] אז „החכם ניכר במעשיו כו׳״, ביז אפילו בשעת השינה (ווי ער לייגט זיך שלאפן און דערנאך — ווי ער שלאפט) —

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל ס׳איז נוגע דער ענין פון לימוד התורה בכל רגע[14] פון דעם טאג],

זיינען אבער דא זמנים מיוחדים

1) שיחות אור ליום ב׳, עשרה בטבת תשל״ח ס״א (לקו״ש ח״כ ע׳ 352). ושי״נ.

2) כמ״ש (ישעי׳ נח, ה) „הלזה תקרא צום ויום רצון להוי׳״. „מכלל שהצום הנרצה הוא יום רצון״ (אגה״ת ספ״ב).

ולהעיר שפסוק זה אומרים בההפטרה דיוהכ״פ — צום המפורש בתורה, וזמן תשובה לכל כו׳ (רמב״ם הל׳ תשובה פ״ב ה״ז).

3) מקום רינה ומצויין בהלכה (ברכות ו, א. שם ח, א).

4) במדב״ר פ״ז, ו. וראה גם מכות כג, א.

5) די״ג וט״ו תמוז. וראה גם לקו״ש חי״ג ע׳ 280 ואילך. ועוד.

6) הדיוק ד„ג׳ שבועות״ — ראה טור או״ח סו״ס תקנא.

7) ישעי׳ א, כז.

8) לקו״ת ר״פ דברים (א, סע״ב) — ע״פ ת״א עה״פ וישב מ, יג.

9) כההמשך בלקו״ת ר״פ דברים (א, ג) בזכות המשניות. וצע״ק באוה״ת לשם (דברים ע׳ לב): עי״ל כו׳ משפט כו׳ בשלשה דוקא.

10) וגם כשיקויים היעוד „אפס כי לא יהי׳ בך אביון״ (ראה טו, ד), י״ל שיהי׳ הענין דגמ״ח, שהיא „בין לעניים ובין לעשירים״ (שלכן „גדולה גמ״ח יותר מן הצדקה״ (סוכה מט, ב)).

11) (ל׳ הכתוב — יתרו יח, כ) — שזה כולל ג״כ עשי׳ ע״י דחי׳ ושלילה — מצות ל״ת.

12) אבות פ״ב מי״ב. משלי ג, ו. וראה טושו״ע או״ח סרל״א. שו״ע אדה״ז או״ח סקנ״ז ס״ב.

13) הל׳ דעות רפ״ה.

14) שבפנימיות — בכל מעשה שעושה (או — שוללה) הו״ז פס״ד ([עשיית] הלכה בפועל) יגם מלמדו לאחרים. ולהעיר ממחז״ל ברכות (סב, א) תורה היא כו׳. ובסוכה (כח, ב) משיחתו (ולא מדבריו) של ר״ג למדנו כו׳.

בשנה, וואס דעמולט דארף מען מוסיף זיין אין דערויף ביתר שאת וביתר עוז:

אין די ג' שבועות, וואס דעמולט איז מודגש דער ענין הגלות און די תפלה והשתדלות אז ס'זאל זיין דער "ציון גר תפדה ושבי' גר'" (שיבה וקיבוץ נדחי ישראל בגשמיות וברוחניות גם יחד) —

[ועד"ז לאידך גיסא: די תפלה והשתדלות אז ס'זאל זיין "ציון גר תפדה ושבי' גר'" איז דא אויך בכל יום ויום (בדוגמא ווי לימוד התורה און מצות הצדקה וואס דארפן זיין בכל יום), ווי מ'זאגט אין דער תפלה שבכל יום (כולל — שבתות וימים טובים) "והשב העבודה כו'", און "ותחזינה עינינו בשובך לציון".

[וואס דאס איז פארבונדן מיט "אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח כו' בכל יום", און מצות האמונה בתוכנה ובעיקרה[15] איז איינע פון די מצוות וואס "חיובן תמידי[16] לא יפסק מעל האדם אפי' רגע בכל ימיו"[17]].

דאס איז אבער מודגש במיוחד אין די ג' שבועות, וויבאלד אז דעמולט שטייט דער ענין הגלות בהדגשה יותר],

דארף מען דעמולט מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין לימוד התורה און אין מצות הצדקה, וויבאלד אז דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער "ציון במשפט (תורה) תפדה ושבי' בצדקה".

• • •

ג. בהמשך לזה וואס מ'רעדט וועגן דעם ענין הצדקה, איז כאן המקום דער־מאנען וועגן דער מגבית וואס איז פאר־בונדן מיט י"ב־י"ג תמוז:

אע"פ וואס מ'האט דאס ניט דערמאנט בפירוש בעת ההתוועדות פון י"ב־י"ג תמוז, איז עס דערפאר וואס דאס איז א דבר הפשוט,

עאכו"כ אז מ'רעדט וועגן "עמך כולם צדיקים"[18], וויל דאך יעדער איד מקיים זיין מצות הצדקה (בזמן הנהוג) ביתר שאת וביתר עוז —

ובמילא איז ניטא קיין הכרח דער־מאנען דאס בכל שנה, קען מען נוצן די צייט אויף זאכן שבהכרח,

אבער אעפ"כ, אזוי ווי "אין מזרזין אלא המזורזין", ועוד — נראה, אז דער ניט דערמאנען האט געבראכט עטליכע צום ניט טאן,

דערמאנט מען וועגן דעם אין די ימי התשלומין פון י"ב־י"ג תמוז.

אז די וואס האבן שוין געגעבן אויף צדקה וואס איז פארבונדן מיטן מגבית פון י"ב־י"ג תמוז (וואס דאס זיינען רובם ככולם), זאלן מוסיף זיין אין דערויף;

און די וואס האבן נאך ניט תורם גע־ווען אויף דער צדקה (מאיזה סיבה שתהי') — זאלן דאס טאן איצטער, וכל הזריז הרי זה משובח[19] וכל המרבה ה"ז משובח.

און טאן דאס אין אן אופן פון "כפלים לתושי'"[20], ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין אגה"ת[21], אז בשעת מ'דארף מתקן זיין דעם עבר, איז "אם הי' רגיל לקרות דף אחד יקרא ב' דפים לשנות

15) שהיא אמונת ה'.

16) להעיר שנקודת ענין האמונה הי'ה שאינה במדידת והגבלת השכל. ועד"ז י"ל בנוגע לזמן ומקום.

17) חינוך באגרת המחבר בריש הספר (בסופה).

18) ישעי' ס, כא.

19) ראה אגה"ק סכ"א "כפרס מעשה הצדקה".

20) ראה שמו"ר יפט"ו.

21) ספ"ט (וראה ויק"ר רפכ"ה).

פרק א׳ ישנה ב׳ פרקים כו״, (בלי הגבלה למעלה, ווי ער זאגט דארט) אין אן אופן פון „כפול ומכופל״.

• • •

ד. האמור לעיל (וועגן לימוד התורה און מצות צדקה) איז אויך פארבונדן מיטן שיעור חומש היומי[22].

[וואס אין דערויף זיינען דא שינויים משנה לשנה, און ע״פ תורת הבעש״ט[23] איז פארשטאנדיק אז דערפון (מהקבי־עות דשנה זו) דארף אויך זיין א הו־ראה].

דער שיעור חומש פון שבעה עשר בתמוז בשנה זו, דער שיעור חומש פון יום חמישי פון פ׳ פינחס, הויבט זיך אן מיט „את קרבני לחמי לאשי ריח ניחוחי תשמרו להקריב לי במועדו״[24], וועגן דעם קרבן תמיד, „את הכבש אחד תעשה בבוקר ואת הכבש השני תעשה בין הערבים״[25].

והביאור בזה:

די פעולה פון דעם קרבן תמיד איז בדוגמא פון דער פעולה פון לימוד התורה און מצות הצדקה:

דער קרבן תמיד וואס מ׳האט מקריב געווען „בבוקר״ און „בין הערבים״, האט געפועל׳ט בכל היום כולו, כמרז״ל[26] (וואס ווערט אראפגעבראכט אין אגה״ת[27]) אז „תמיד של שחר הי׳ מכפר על עבירות הלילה, ותמיד של בין הערביים על של יום״, ד.ה. אז אע״פ וואס מ׳האט אים מקריב געווען „בבוקר״ און „בין הערביים״, האט דאס אבער דורכגענומען דעם גאנצן טאג (וי״ל שגם זה טעם — וואס ער ווערט אנגע־רופן „תמיד״).

און דעם ענין געפינט מען אויך אין לימוד התורה[28]:

אפילו דער איד וואס זיין חיוב (בשלימות) אין לימוד התורה איז נאר „פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית״[29] (בדוגמת קרבן התמיד וואס איז געווען „בבוקר״ און „בין הערביים״) —

איז ידוע דער פתגם פון רבותינו נשיאינו[30], אז דער „פרק אחד״ דארף אים „פאנאנדערנעמען״ און פועל׳ן אז דער ענין התורה זאל שטיין בתוקף בכל מציאותו, אזוי אז יעדער רגע פון דעם טאג זאל זיין דורכגענומען מיט דעם ענין פון דעם פרק התורה.

ועד״ז איז אויך אין מצות הצדקה:

דורך דערויף וואס ברגע זה גיט ער א פרוסה לעני, טוט ער אויף דעם „החיית את נפש העני״[31] אויף דעם גאנצן זמן שלאח״ז[32] — ווארום אויב עס ווערט ח״ו א הפסק אין דעם חיות אפילו לרגע א׳, איז ניט נאר אז עס פעלט דער רגע, נאר עס פעלט דער גאנצער המשך שלאח״ז.

---

22) להעיר מפתגם אדה״ז: מען בעדארף לעבן מיט דער צייט . . מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואך (היום יום ע׳ סא. סה״ש תש״ב ע׳ 29 ואילך).

23) היום יום ע׳ נב. כש״ט (הוצאת קה״ת הוספות אות קכז־קכט. וש״נ.

24) פרשתנו כח, ב.

25) שם, ד.

26) תנחומא פרשתנו יא. במדב״ר פכ״א, כא.

27) פי״א (פט, ב).

28) נוסף על הענין שנתבאר לעיל ס״ב.

29) מנחות צט, ב. הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ג ס״ד.

30) היום יום ס״ע פו. יראה לקו״ש ח״א ע׳ 169.

31) תניא בהספדים סו.

32) להעיר ממרז״ל (סנהדרין לז, א במשנה) ש„דמי דמו וזרעותיו תלויין בו עד סוף העולם״. ו„כל המקיים נפש אחת מישראל מעלה עליו הכתוב כאילו קיים עולם מלא״.

ה. דער ענין פון קרבן תמיד האט א שייכות מיוחדת צו שבעה עשר בתמוז:

איינער פון די „חמשה דברים" וואס „אירעו את אבותינו בשבעה עשר בתמוז" איז — אז דעמולס איז „בטל התמיד"[33].

דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם לימוד פון שיעור חומש היומי (פון שבעה עשר בתמוז בשנה זו), איז מען מתקן (בחלקו, ברוחניות) דאס וואס „בטל התמיד", וויבאלד אז „כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה"[34], איז מובן אז „העוסק בתורת עולת תמיד כאילו הקריב עולת תמיד".

ו. דער תיקון אויף די ענינים פון שבעה עשר בתמוז, איז פארבונדן במיוחד מיט שלימות התורה, שלימות העם און שלימות הארץ:

בשבעה עשר בתמוז איז „נשתברו הלוחות"[33] און „שרף אפוסטמוס את התורה"[33] — וואס דער תיקון לזה איז דער ענין פון שלימות התורה.

ובפרט דער לימוד פון פנימיות התורה, וואס איז בדוגמת ענין הלוחות[35], אותיות החקיקה שבתורה.

[וואס אע"פ אז אין פנימיות התורה, „עץ החיים", האט דער ענין הגלות ניט אנגערירט (כמבואר אין רע"מ[36], ובארוכה אין אגה"ק[37]),

בדוגמא ווי ס'איז געווען ווען „נשתברו הלוחות", אז דאס האט אנגע־רירט די „לוחות האבן", אבער ניט די אותיות שבלוחות, וואָרום די אותיות זיינען געווען „פורחות"[38] —

איז דאך אבער די שלימות פון די אותיות פארבונדן דערמיט וואס זיי זיינען אין זאך מיט די לוחות, „חרות על הלוחות"[39], אותיות החקיקה,

ביז אויך מיט תושבע"פ[40] — וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך תושב"כ, וואס זי איז דער ממוצע צווישן די לוחות מיט תושבע"פ].

און ס'איז אויך פארבונדן מיטן (עם, ובמילא —) שלימות העם — ציבור, מקריבי קרבנות הציבור, אנהויבנדיק פון דעם קרבן תמיד (וואס איז פארבונדן, כנ"ל, מיט שבעה עשר בתמוז),

ובפרט לויט דער תורה פון דעם אלטן רבי'ן[41] אויף „אדם כי יקריב מכם קרבן לה'"[42], אז דער קרבן דארף זיין „מכם".

און ס'איז אויך פארבונדן מיט שלימות הארץ:

בשבעה עשר בתמוז איז „הובקעה העיר"[33] — ירושלים עיה"ק, וואס „עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[43], שלימות הארץ.

וואס דער תיקון אויף „הובקעה העיר" איז — דורך דערויף וואס א איד פועל'ס

---

33) תענית כו, סע"א ואילך.
34) מנחות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח ס"א ס"יא.
35) ראה סהמ"צ להצ"צ מצות משא הארון בכתף. ועוד.
36) זח"ג קכד, ב ואילך.
37) סכ"ו.
38) פסחים פז, סע"ב. ועוד.
39) תשא לב, טז.
40) ראה ירושלמי שקלים פ"ו ה"א בסופה: דקדוקי של תורה. וברמב"ם בהקדמתו לספרו „יד החזקה": כל המצות שניתנו לו למשה בסיני בפירושן ניתנו. שנאמר (משפטים כד, יב) ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה. תורה זו תושב"כ. והמצוה זו פירושה .. תושבע"פ.
41) לקו"ת ויקרא ד"ה אדם כי יקריב. ד"ה באתי לגני תש"ח פ"ב (סה"מ תש"ח ס"ע 112 ואילך). היום יום ע' לז. ועוד.
42) ויקרא א, ב.
43) ילק"ש ישעי' רמז תקג.

בא זיך דעם ענין פון בנין ירושלים בשלימותה — שלימות היראה[44], וואס דאס איז ענינה פון ירושלים — „על שם[45] יראה ועל שם שלם"[46].

• • •

ז. ויה"ר אז דורך דער הוספה אין לימוד התורה און אין מצות הצדקה,

ובפרט דער לימוד אין הלכות בית הבחירה און הלכות הקרבנות[47] (וואס אין די ג' שבועות דארף מען מוסיף זיין במיוחד אין דעם לימוד פון די הלכות) וואס דורך דעם לימוד פון די ענינים איז „אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית", און „כאילו בקרבנות אתם עוסקים"[48]

[און אע"פ אז עס איז „כאילו", מיט א כ"ף הדמיון — איז דאס אבער א דמיון פון הוי' אלקים אמת אין תורת אמת (דערפאר וואס באמת איז דאס אויך[49]): דורך דעם לימוד אט מען עוסק בבנין הבית ובהקרבת הקרבנות, עס איז נאר אז מען דארף „צופוצן די (לעצטע) קנעפלעך" (כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר[50]) בכדי אז דאס זאל אראפקומען למטה אין פועל ממש] —

זאל זיין דער בפועל ממש (ניט נאר „כאילו"), דער בנין ביהמ"ק, „ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו" (אנהויבנדיק פון דעם קרבן „תמיד"), „כמצות רצונך"[51].

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין עולה לרגל זיין, וויבאלד אז יהפכו ימים אלו „לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[52].

אזוי ווי דער רמב"ם איז מבאר אין ריש הל' תעניות[53] אז דער ענין התענית איז „מדרכי התשובה" — וועט דאס אויפטאן דעם ענין אז אידן טוען „תשובה .. ומיד הן נגאלין"[54],

ביז צום בנין ביהמ"ק — ווי דער רמב"ם איז חותם און ברייננט דארטן[55] דעם פסוק[56] „בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ה'", און טייטשט אפ אז דאס איז אין „מקדש".

אז בעגלא דידן זאל זיין דער יהפכו ימים אלו „לששון ולשמחה ולמועדים טובים", און זוכה זיין זען דאס בעיני בשר.

---

44) שזהו בהקדמת התורה וכמחז"ל אם אין חכמה אין יראה (ראה תניא פמ"ג. פמ"ג) ויראה תתאה שייכת לצדקה.

45) ב"ר פנ"ו, י. תוד"ה הר — תענית טז, א. וראה לקו"ת ר"ה נ, ב. ד"ה או"ר אושעיא כו' צדקת פרזונו תרפ"ט פ"י (סה"מ קונטרסים ח"א לו, א). ובכ"מ.

46) והעמיד צלם בהיכל (תענית שם) — שיתוף — י"ל שזהו בביטול היפך שלימות ה', השם שלם. ותיקונו ע"י קרבני לחמי כו' ריח ניחוחי (כדוגמת הלחם כו' נחת רוח לפני כו' תענוג כו' — ראה לקו"ת פרשתנו עה"פ. ובכ"מ).

47) ותלוים וכו' כי בית הבחירה הוא — „בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" (רמב"ם ריש הל' ביהב"ח).

48) תנחומא צו יד. ועוד.

49) דוגמא לזה: ושכנתי בתוכם (בתוך כל אחד ואחד — של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שצו, ב) הו"ע דהמשכן (מקום השכינה) כפשוטו וגם בפשוטו של מקרא.

50) שיחת שמח"ת תרפ"ט (הנחה).

51) ראה תו"ח יו"ד צה, א. צו, ג"ד. ד"ה וככה תרל"ז פ"ו ואילך.

52) זכרי' ח, יט. רמב"ם סוף הל' תעניות. טור או"ח סו"ס תקנ.

53) פ"א ה"ב. וברפ"ה (ובנוגע להד' צומות): כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה.

54) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

55) הל' תעניות שם ה"ד.

56) תהלים צח, ו.

„בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנו־תינו״[57], „קהל גדול ישובו הנה״[58], בביאת משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא, און ס׳וועט זיין (כימי צאתך מארץ מצרים״[59]) „וינחם לבטח ולא פחדו ואת אויביהם כסה הים ויביאם אל גבול קדשו הר זה קנתה ימינו״[60], במהרה בימינו ממש.

57) בא י, ט.
58) ירמי׳ לא, ח.
59) מיכה ז, טו.
60) תהלים עח, נג־נד.

בס"ד. שיחה מוצאי ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנחם-אב ה'השל"ט.

הנחה הה' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש אב – וואס אלעמאל איז שבת מברכים חודש אב אין פ' מסעי (אדער עכ"פ קרוב צו פ' מסעי), ווי דאס איז בקביעות שנה זו, אז שבת מברכים חודש אב איז אין פ' מטו"מ.

וואס ר"ח אב האט א שייכות מיוחדת מיט פ' מסעי – וויבאלד אז אין פ' מסעי רעדט זיך וועגן דער הסתלקות פון אהרן וואס איז געווען אין ר"ח אב – "בחודש החמישי באחד לחודש"[1].

[וואס דאס איז פון די איינציקע ערטער אין "כתבי קודש" (ובפרט אין חומש) וואו מ'געפינט אז עס ווערט דערמאנט בדיוק דער יום ההסתלקות; מ'געפינט דאס ניט בנוגע צו משה, און ניט בנוגע צו מרים (בא זיי דארף מען מאכן חשבונות אויף צו וויסן וועו איז דער יום ההסתלקות שלהם), מערניט ווי בנוגע צו אהרן – דער כהן גדול].

ד.ה. אז לויט דעם סדר אין קריאת התורה [וואס אין דערויף זיינען דא דעות אז מ'פארענדיקט קריאת כל התורה במשך פון שלש שנים (אדער שלש וחצי שנים), ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין רמב"ם[2] – עס איז אבער דא דער סדר] וואס איז נקבע געווארן און נתפשט געווארן, אז בכל שנה ושנה פארענדיקט מען קריאת כל התורה –

קומט אוים אז די קריאה פון פ' מסעי (וואו עס רעדט זיך בגלוי וועגן "בחודש החמישי באחד לחודש") ווערט געלייענט אין דער צייט וואס איז קרוב צו ר"ח אב, ובמילא אויך צו שבת מברכים חודש אב.

ב. אע"פ אז אין תושב"כ ווערט דער חודש אנגערופן "חודש החמישי". ווארום "שמות החדשים עלו עמהם מבבל"[3] – איז דאך אבער ידוע אז אין דערויף (וואס "שמות החדשים עלו עמהם מבבל") זיינען דא צוויי פירושים:

איין פירוש איז – אז "שמות החדשים" זיינען טאקע געווען אויך פריער מ'האט זיך אבער ניט גענוצט מיט זיי און מ'האט זיי פארגעסן. און דערנאך ווען "עלו מבבל", האט מען זיך דערמאנט די "שמות החדשים".

און אפי' לויטן צווייטן פירוש אז דעמולט זיינען די

– "שמות –

------------

1) פרשתנו לג, לח. 2) הל' תפלה רפי"ג. 3) ירושלמי ר"ה פ"א ה"ב. ב"ר פמ"ח. ס. תוד"ה כדברי – ר"ה ז, א.

"שמות התדשים" נתחדש געווארן - איז מה-ראך אז די גמרא איז מפרש די ר"ת פון א ווארט אין לשון פרס וכיו"ב, אז דאס איז מרמז אויף ווערטער אין לה"ק (ווי מ׳געפינט אין כתובות[4] ובכ"מ),

ביז ווי מ׳געפינט אין מדרש[5] אז דער ווארט "אנכי" וואס שטייט אין דער התחלה פון דעם דיבור הראשון פון עשה"ד - איז "לשון מצרי", דאס איז א ווארט אין "לשון מצרי",

בדוגמא ווי מ׳געפינט אין תושב"כ רעם ווארט "יגר שהדותא"[6], וואס דאס איז "תרגומו של גלעד"[7], ועד"ז געפינט מען דעם ווארט "סוספות"[8], ועד"ז "הפיל פור הוא הגורל"[9], וכיו"ב,

איז עאכו"כ בנוגע צו "שמות החדשים", אז אפי׳ לויטן פירוש אז דעמולט זיינען זיי נתחדש געווארן - זיינען אבער דא אין דערויף די אלע פירושים און רמזים און גימטריאות וכו׳, ווי עס ווערט געבראכט אין מדרשים, און אין ספרים פון גדולי ישראל וואס "רוח ה׳ (רוה"ק) דבר בם"[10].

ג. דער ענין פון הסתלקות אהרן הכהן האט א שייכות מיוחדת מיט "חודש החמישי":

ס׳איז מבואר בכ"מ[11] אז אין דעם מספר פון ה׳ (חמשה) זיינען דא צוויי קצוות:

בכלל איז דער גאנצער סדר השתלשלות אויסגעשטעלט אין מספר ד׳: עס זיינען דא ד׳ עולמות, און כנגד די ד׳ עולמות זיינען דא ד׳ דרכים אין תורה, און דאס איז פארבונדן דערמיט וואס אין שם הוי׳ (מלשון מהוה[12]) זיינען דא ד׳ אותיות.

און דערנאך איז דא דער מספר פון ה׳ - וואס אין דערויף זיינען דא צוויי פירושים וועלכע זיינען אין צוויי קצווה:

א) דער ענין פון ה׳ איז <u>למטה</u> פון דעם ד׳, ב) דאס נעמט זיך פון אן ארט וואס איז <u>למעלה</u> פון דעם ד׳, בדוגמא

- ווי -

------------

4) י, סע"ב. 5) תנחומא באבער יתרו טז. יל"ש יתרו רמז רפו (קרוב לתחלתו). 6) ויצא לא, מז. 7) פרש"י עה"פ.
8) בא יג, טז. פרש"י עה"פ - מסנהדרין ד, ב. 9) אסתר ג, ז.
10) ע"פ ל׳ הכתוב - ש"ב כג, ב. וראה אורים והומים בהגהותיו ל"תקפו כהן" ס"ק קכד (כח, ד). הובא בשו"ת הצ"צ חיו"ד סקע"ו ה"ג בתחלתו. 11) ראה אוה"ת דרושים לסוכות ע׳ א׳תשנ ואילך.
12) ראה זח"ג רנז, ב. שעהיוה"א רפ"ד. ועוד.

- מוצאי ש"פ במו"ב -

ווי דער קוצו של יו"ד וואס איז למעלה פון דעם יו"ד.

ובדוגמא ווי עס ווערט געבראכט אין חסידות בכ"מ די צוויי פירושים וואס זיינען דא אין מספר י"ג:

אין קדושה איז יעדער ענין אויסגעשטעלט פון יו"ד, און דערנאך זיינען דא די ג' פון י"ג, וואס זיי באווייזן אויף: א) די ג' שלמעלה מהיו"ד - "שלשה ראשי ראשים"[13], ב) די ג' שלמטה מהיו"ד - די ג' עולמות בי"ע וואס זיינען למטה פון עולם האצילות (מספר עשר).

און אויף דערויף זאגט מען אז הא בהא תליא - ווארום דער גבוה גבוה ביותר איז מתקן דעם התחתון תחתון ביותר.

ועד"ז לאידך גיסא: דאס גופא וואס ער איז התחתון התחתון ביותר, איז עס דערפאר וואס ער איז אראפגעפאלן פון שרשו ומקורו וואס איז גבוה גבוה ביותר: דאס זיינען די ניצוצי קדושה וועלכע זיינען אראפגעפאלן פון גבוה גבוה ביותר אין דעם מטה מטה ביותר, כידוע דער משל פון נפילת האבן שבראש החומה[14].

ד. עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון דער הסתלקות פון אהרן הכהן מיטן "חודש החמישי":

ענינו פון א כהן בכלל, ובפרט א כהן גדול איז - המשכת אלקות בעולם.

און אויף דערויף זאגט מען אז ווען עס קומט דער "חודש החמישי באחד לחודש". איז ער עולה למעלה מעלה, ביז צו שרשו ומקורו. ביז צום מקור ושורש העצמי. כמבואר אין אגה"ק[15], און אויך אין דרושי הילולא פון רבותינו נשיאינו שלאה"ז.

און דערנאך ווערט עס נמשך למטה. אפי' אין אזא ארט וואס מהם קרבנות קענען דארטן ניט אויפטאן[16], ד.ה.: אז עס קומט אראפ די המשכה פון למעלה מעלה ביותר ביז למטה מטה ביותר.

און דאס איז די שייכות מיט "חודש החמישי" - וויבאלד אז דער מספר פון ה' באווייזט אויף דער המשכה פון אן ארט וואס איז למעלה מד' אין אן ארט וואס איז למטה מד'.

ה. דעם חיבור ושייכות צווישן דעם גבוה גבוה ביותר מיטן - מטה -

------------

13) פרדס שער הצחצחות פ"א (הובא במה"מ ה'ש"ה ע' 140).
14) ראה לקו"ת פרשתנו פא, ב. דרמ"צ קמ. א ואילך. ועוד.
15) סי' ז"ך וביאורו. וסי' כה. 16) ראה שם מכ"ח.

מטה מטה ביותר - זעט מען אויך אין די טעג פון "חודש החמישי":

אין "חודש החמישי" איז דא דער טאג פון חמשה עשר באב, וואס אויף אים שטייט[17]: "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב כו׳" - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דער טאג פון חמשה עשר באב קומט לאחרי גודל הירידה פון דעם טאג פון תשעה באב[18].

וכמדובר כמ"פ אז איינער פון די טעמים אויף דעם וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב" איז - דערפאר וואס בשעת ס׳איז געווען דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון חודש אב, האט מען געוואוסט אז עס זיינען זיכער בטל געווארן און נתהקן געווארן די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תשעה באב[19],

עס דארף טאקע האבן א ביאור - ווארום אפי׳ איידער עס ווערט "קיימא סיהרא באשלמוהא", ווערט דאך שוין אויך א שינוי אין מצב הלבנה, קען מען דאך שוין וויסן אז כ׳האלט שוין נאך תשעה באב,

אבער אעפ"כ, אזוי שטייט בפירוש אין כדרש, און עס ווערט אראפגעבראכט אלס א טעם אויף דעם וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער גודל העילוי פון חמשה עשר באב, איז פאדבונדן דערמיט וואס דאס קומט לאחרי הירידה פון תשעה באב.

ו. פון יעדער ענין דארף דאך ארויסקומען א הוראה בפועל - ועד"ז בעניננו:

ווען עס קומט דער "חודש החמישי באחד לחודש", קען צו אים קומען דער "קלוגינקער" און ווילן אריינווארפן אים אין עצבות, און נאך נידעריקער: אין יאוש, טענה׳נדיק אז וואס וועט מען שוין אויפטאן נאך דערויף וואס עס זיינען שוין דורכגעגאנגען אזוי פיל און אזוי פיל יארן, און אזוי פיל עבודות קדושות פון אזוי פיל צדיקים, און אעפ"כ איז אנגעקומען דער "חודש החמישי באחד לחודש" (ועד"ז - שבת מברכים שלפניו) און "אנחנו לא נושענו"[20]!

- דאגט -

---

17) תענית כו. ב. 18) ראה ד"ה נחמו עה"ר (סה"מ עת"ר ס"ע רכט ואילך). וראה גם רשימות הצ"צ לאיכה בסופן (אוה"ת נ"ך כרך ב ע׳ א׳צו). 19) איכ"ר פתיה׳ לג. ירושלמי סוף תענית. הובא בפרש"י והוס׳ תענית ל, ב. רשב"ם ב"ב קכא, סע"א. 20) ירמי׳ ח, כ.

זאגט מען אים גלייך אז אין דער קריאה התורה פון פרשת מטעי ווערט דערציילט וועגן אהרן כה"ג - אז כל "פעולתו אשר עבד בה"[21] במשך כל ימי חייו, איז געשטאנען אין דעם טאג ("בחודש החמישי באחד לחודש") בגלוי, און עס האט פועל געווען פעולתו,

און וויבאלד אז "התורה היא נצחית"[22], איז פארשטאנדיק אז עס ווערט אויפגעטאן מידי שנה בשנה, ווען עס קומט דער "חודש החמישי באחד לחודש".

און דעמאלט איז זיכער אז ילך לבטח דרכו, און נאכמער: ער וועט מקיים זיין דעם ציווי פון "עבדו את ה' בשמחה"[23] אין דעם אופן וואס כ'מעג מקיים זיין אין די ג' שבועות (און אין די תשעה ימים) וואס וויבאלד אז מ'מעג מקיים זיין דעם אופן השמחה, איז מען מחוייב מקיים זיין דעם אופן השמחה - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון רמב"ם[24] דער גודל המעלה פון עבודה בשמחה.

ז. "והמעשה הוא העיקר"[25] - אז ווען מ'קומט צו די ג' שבועות, און אין זיי גופא קומט מען שוין צו שבת מברכים חודש אב (וואס דעמאלט דערמאנט מען זיך אויף ר"ח אב) - דערמאנט מען זיך גלייך אז פאר דעם נאמען פון "אב" זאגט מען "מנחם (אב)"[26],

און גלייך נאך דערויף זאגט מען אז דער חודש זאל זיין "לחיים ולשלום לששון ולשמחה לישועה ולנחמה",

און מ'איז מסיים "ונאמר אמן" - כמדובר כמ"פ בארוכה אז דער ענין פון "אמן" באווייזט אז אין דערויף זיינען ניט בייך קיינע ספיקות.

ובכן תהי' לנו, אין אן אופן אז אין ענין יוצא מידי פשוטו.

ח. ובמדובר כמ"פ אז דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין דעם ענין פון "משפט"[27] - דער ענין פון לימוד התורה ("הלכתא")[28], און אין דעם ענין פון "צדקה", מהון שמחה וחיוה - וועט דאס מבהר זיין דעם ענין הגאולה,

וואס דאס איז א הוספה אין דעם ענין הגאולה - ווארום

- דורך -

------------

21) ל' אדה"ז באגה"ק סי' ז"ך (קמו, א). 22) תניא רפי"ז. 23) תהלים ק, ב. 24) סוף הל' לולב. 25) אבות פ"א מי"ז. 26) ראה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז תשל"ח סוס"ג ובהנסמן שם הע' 37. 27) ישעי' א, כז. 28) לקו"ת דברים א. סע"ב. שם, ד.

הנחה הה' בלתי מוגה

דורך דערויף וואס די גאולה קומט מיט איין טאג פריער (און ניט ערשט אויף מארגן ח"ו), איז עס א הוספה אין ימי הגאולה, ועאכו"כ ווען מ'איז ממהר די גאולה מיט כמה ימים, און כמה וכמה ימים.

וכן תהי' לנו - אז מ'וועט מוסיף זיין אין "אלה הדברים אשר דבר משה אל כל ישראל"[29], וואס "התורה היא נצחית", ד.ה. אז בשעה זו ובמקום זה איז משה רבינו עומד ומדבר אל כל ישראל, ובפרט אז מיט כו"כ שעות לפנ"ז, אין דעם זמן פון "רעוא דרעוין", האט מען אנגעהויבן לייענען די פרשה (פ' דברים) בתורה, און מיט א ברכה לפני' ולאחרי' - קומט דאס דעמולט אראפ למטה מעשרה טפחים,

מ'וויל נאר האבן אז א איד זאל צולייגן דערצו זיין "אצבע קטנה"[30], וואס דעמולט וועט צוקומען די מעלה אז דאס וועט ניט זיין קיין "נהמא דכסופא"[31], נאר עס וועט זיין "קב שלו"[32], ביז וואנעט אז די "תשעה קבים של חבירו" וועלן אויך ווערן "שלו" (כמדובר כמ"פ).

און דעמולט ביים מען בשמחה ובטוב לבב לקבל פני משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

* * *

ט. בהוספה אויף דעם ענין כיוחד וואס איז דא אין די ב' שבועות, ובפרט אין די ניין טעג, אז דעמולט דארף מען מוסיף זיין במיוחד אין "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[32],

[ויבאלד אז צדקה איז "מקרבת את הגאולה"[33], ועד"ז דער ענין פון "משפט", ווי דער אלטער רבי[28] טייטשט אפ אז "משפט" בלשון התרגום[34] איז "הלכתא", וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה, ובפרט דער ענין פון הלכות שבתורה - וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין הגאולה, ווי ער ברענגט דארטן[35] דעם מארז"ל[36] "אין הגליות מתכנסות אלא בזכות המשניות, שנאמר[37] גם כי יתנו (מלשון תנא) בגוים עתה אקבצם",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דער הוספה אין דעם ענין פון "משפט" (לימוד התורה. ובפרט הלכות) און אין דעם ענין פון "צדקה", ווערט דער יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[38]] -

- קומט -

---

29) ר"פ דברים. 30) ראה שהש"ר וקה"ר בהחלתן. 31) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד. 32) ב"מ לח, א. 33) ב"ב י, א. 34) ת"א עה"פ וישב כ, יג. 35) ריש ע"ג. 36) ראה ויק"ר פ"ז. ג. 37) הושע ח, י. 38) זכרי' ח, יט. רמב"ם הל' תעניות בסופן. טור או"ח סו"ס תקפ.

הנחה הה' בלתי מוגה

קומט אויך צו דער ענין וואס שטייט אין מדרש תנחומא[39] אז דורך דערויף וואס מ'לערנט די ענינים פון ביהמ"ק, "צורת הבית והכונתו ומוצאיו ומובאיו גו'"[40], זאגט דער אויבערשטער "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

וואס אע"פ אז מ'זאגט אויף דערויף "כאילו כו'", איז אבער פארשטאנדיק, אז ווי באלד דאס זאגט "הוי' אלקים אמת", און מ'איז אריינגעשריבן געווארן אין "תורת אמת", איז עס ניט קיין דמיון שאינו אמיתי ח"ו. נאר דער דמיון האט אין זיך דעם אמת - דער ענין פון בנין הבית, נאר דערווייילע איז דער אמת מכוסה[41].

י. אויף יעדער ענין וויל מען דאך האבן א ראי' פון הלכה אין נגלה - געפינט מען דאס בנוגע צו כללות ענין התשובה, און בנוגע צו גירות (וואס ביידע ענינים זיינען פארבונדן מיט הקרבת הקרבנות אין בית המקדש):

דער כללות ענין התשובה איז פארבונדן מיט "והתודו את חטאתם"[42], "וידוי דברים"[43], און דער וידוי דברים איז פארבונדן מיט הקרבת קרבן[44] -

און אעפ"כ זאגט מען אז אפי' בזמן שאין ביהמ"ק קיים איז אויך שייך דער ענין התשובה, ביז אין אן אופן אז דורך דעם ענין התשובה ווערט ער נהפך מן הקצה אל הקצה "בשעתא חדא וברגעא חדא"[45].

ביז וואנעט אז המקדש את האשה "על מנת שאני צדיק גמור". איז זי מקודשת. דערפאר וואס "הרהר תשובה בדעתו"[46] און ער איז געווארן א "צדיק גמור" (לויט דער גירסא[47] וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא בתחלתו[48]) - וואס דאס איז געזאגט געווארן אפי' בזמן הגלות, בזמן שאין ביהמ"ק קיים.

און אפי' בזמן שביהמ"ק הי' קיים - דארף ער ניט (און מאר ניט) ווארטן ביז ער וועט קומען אין ירושלים. און וועט דארטן מקריב זיין דעם קרבן (חטאת, אשם, וכיו"ב), נאר גלייך ווי ער כאפט זיך אז חטא ועבר ופגם. דארף ער גלייך תשובה טאן, און ניט אפלייגן דעם ענין התשובה אויף קיין איין רגע.

- און -

------------

39) צו יד. וראה גם ויק"ר שם. 40) יחזקאל מג, יא.
41) ראה גם שיחת שבעה עשר בתמוז ש.ז. ס"ד. 42) נשא ה, ז.
43) רמב"ם ריש הל' תשובה. 44) ויקרא ה, ה. רמב"מ שם.
45) זח"א קכט. סע"א. 46) קידושין מט, ב. 47) אור זרוע מקי"ב. 48) פ"א. וראה לקוטי הגהות וכו' לתניא שם אות כד.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז וויבאלד מ'זאגט אז דורך דעם וואס "הרהר תשובה ברעתו" ווערט ער א "צדיק גמור" - האט ער נאך ניט געהאט קיין צייט צו קומען אין ירושלים און מקריב זיין דעם קרבן, און אעפ"כ ווערט ער שוין אנגערופן "צדיק גמור", דערפאר וואס "הרהר תשובה בדעתו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בזמן שאין ביהמ"ק קיים, ווערט אויפגעטאן שלימות התשובה אויך אן דעם קרבן - און אעפ"כ, כשיבנה ביהמ"ק בפועל, וועט צוקומען דער ענין פון הקרבת הקרבן בפועל.

יא. און דאס איז וואס מ'געפינט בנוגע צו ר' ישמעאל, אז "כתב על פנקסו . . לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה"[49]:

בנוגע צו ר"י דארף מען דאך ניט האבן קיינע ראיה אז ער איז געווען "שב מידיעתו"[50] (וואס דוקא דעמאלט איז שייך צו ברענגען א קרבן חטאת (ובפרט אז ס'זאל ווערן אנגערופן "חטאת שמינה", וואס באווייזט אויף שלימות הקרבן בכל הפרטים)), ביז צו תכלית השלימות אין דעם ענין התשובה,

און אעפ"כ, "לכשיבנה ביהמ"ק", וואס דעמולט וועט ער האבן די מעגליכקייט בוסיף זיין אין דעם ענין התשובה - איז "אביא חטאת שמינה", כדי אז ביי אים זאל אויך צוקומען די שלימות וואס קומט צו דורך הקרבת הקרבן בפועל (ביז וואנעט אז "כתב על פנקסו כו'", כדי אז ס'זאל ניט קענען זיין קיין ענין של שכחה - ע"ד ווי מ'זאגט אז "הנוני נאכן על פנקסו"[51]).

יב. עד"ז געפינט מען אויך אין דעם ענין הגירות (וואס כללות ענין הגירות איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, וויבאלד אז דורך דערויף ווערט ער א נייע מציאות, ביז אין אן אופן אז "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[52]):

בזמן שביהמ"ק הי' קיים. איז דער גיור געווען פאר-בונדן מיט א קרבן[53], און אעפ"כ, ווען א גר איז זיך מגייר בזמן הזה (ווען ס'איז ניט שייך מקריב זיין א קרבן), איז ער א גר גמור בכל הפרטים.

און ע"ד ווי ר"י "כתב על פנקסו . . לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה", איז עד"ז בנוגע צו אלע גרים וועלכע האבן זיך מגייר געווען בזמן שאין ביהמ"ק קיים, אז כשיבנה

- ביהמ"ק -

------------

49) שבת יב, ב. 50) שבועות כו, ב. וש"נ. 51) שם כד, ב במשנה. 52) יבמות כב, א. וש"נ. 53) כריתות ט, א. רמב"ם הל' איסו"ב פי"ג ה"ד.

הנחה הה' בלתי מוגה

ביהמ"ק וועלן זיי דארפן ברענגען דעם קרבן וואס איז פאר-בונדן מיט דעם ענין הגירות[54] - אע"פ אז אויך לפנ"ז (ווען ס'איז נאך ניטא דער ביהמ"ק) איז ער געווען א גר גמור בנוגע לכל הענינים.

יג. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד - אז דורך דעם לימוד פון הל' ביהב"ח בזמן הזה (ווען ס'איז ניטא דער ביהמ"ק בפועל), ווערט אויפגעטאן דעד ענין פון "בנין הבית",

[בדוגמא ווי מ'זעט אין דעם ענין התשובה און אין דעם ענין הגירות, אז אויך בזמן הזה ווען ס'איז ניטא הקרבת הקרבנות, ווערט אויפגעטאן דער ענין התשובה והגיור בשלימות],

און לאידך איז עס קיין סתירה ניט צו דעם וואס מ'זאגט אז דאס איז "כאילו הם עוסקין בבנין הבית" - ווארום כשיבנה ביהמ"ק בפועל וועט צוקומען נאך אן ענין:

נוסף צום לימוד אין הל' ביהב"ח, וועט מען זיך אויך משתתף זיין אין בנין ביהמ"ק בפועל - ווי דער רמב"ם[55] ברענגט אראפ די דעה אז דער ביהמ"ק השלישי וועט געבויט ווערן בידי אדם, ע"י משיח צדקנו, און יש מקום לומר אז אלע אידן וועלן זיך אין דעדויף משתתף זיין, בדוגמא ווי ס'איז געווען אין בנין המשכן[56], וואס "משכן איקרי מקדש" און "מקדש איקרי משכן"[57].

יד. אין הל' ביהב"ח[58] זאגט דער רמב"ם: "בנין שבנה שלמה כבר מפורש במלכים, וכן בנין העתיד להבנות אע"פ שהוא כתוב ביחזקאל אינו מפורש ומבואר, ואנשי בית שני כשבנו בימי עזרא בנוהו כבנין שלמה ומעין דברים המפורשים ביחזקאל".

איז ידוע די קושיא וואס דער תויו"ט[59] פרעגט: ווי שטימט דאס דערמיט וואס דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו לפיהמ"ש אז דער תועלת וואס קומט ארויס פון מסכת מדות איז, אז מ'זאל וויסן ווי אזוי צו בויען דעם ביהמ"ק השלישי:

דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו לפיהמ"ש[60] אז ענינה פון מס' מדות איז "ספור . . מדת המקדש וצורתו ובנינו וכל ענינו, והתועלת שיש בענין ההוא, כי כשיבנה במהרה בימינו יש לשמור ולעשות התבנית ההוא והתבנית והצורות והערך מפני שהוא ברוח הקודש, ככו שאמר[61] הכל בכתב מיד ה' עלי השכיל".

- ובדרך -

------------

54) רמב"ם שם ה"ה - ע"פ כריתות שם. 55) הל' מלכים ספי"א. 56) רמב"ם הל' ביהב"ח פ"א הי"ב. 57) עירובין ב, א. 58) פ"א ה"ד. 59) בפתיחה למס' מדות. 60) ד"ה והחלק הששי קרוב לסופו. 61) דה"א כח, יט.

הנחה הח' בלתי מוגה

ובדרך אגב - פארשטייט מען דערפון פארוואס האט דער רמב"ם אריינגעשטעלט הלכות בית הבחירה אין ספרו "יד החזקה" (חוץ די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן ארון - כמדובר אמאל בארוכה), אע"פ אז לכאו' איז "מאי דהוה הוה" -

ווארום ס'איז נוגע צו וויסן ווי אזוי מ'זאל בויען דעם ביהמ"ק השלישי - כידוע אז דער רמב"ם האט אריינגעשטעלט בספרו אויך די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט לע"ל, ע"ד הלכות מעשה הקרבנות וכיו"ב, ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו הלכות בית הבחירה.

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "בנין העתיד (וואס שטייט אין יחזקאל) . . אינו מפורש ומבואר", און דער בית שני (וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין מסכת מדות) איז געווען "כבנין שלמה ומעין דברים המפורשים ביחזקאל" - איז ווי קען מען זאגן אז דער לימוד פון די ענינים פון בית שני (מסכת מדות) איז נוגע אז מ'זאל וויסן ווי צו בויען דעם ביהמ"ק - דער "בית שני" איז דאך מערניט ווי "מעין דברים המפורשים ביחזקאל", ד.ה. אז דער ביהמ"ק השלישי וועט זיין אנדערש פון בית שני?!

ונוסף לזה: מ'זעט דאך אז עס זיינען דא שינויים צווישן דעם ביהמ"ק הראשון מיטן ביהמ"ק השני (און צווישן ביידע מיטן משכן), ביז וואנעט אז "בנין העתיד . . אינו מפורש ומבואר", אין אים וועלן זיין נאכמער שינויים - איז ווי שטימט דאס דערמיט וואס ס'שטייט אז "הכל בכתב מיד ה' עלי השכיל", אז אלע פרטים פון דעם ביהמ"ק זיינען איבערגעגעבן געווארן צו דוד המלך אין דער מגילה[62] (און דערנאך האט דאס דוד איבערגעגעבן צו שלמה[63])?

וכידוע די תשובה פון דעם תת"ס[64] בזה, מיט דער גאנצער שקו"ט בזה וואס ברענגט זיך אראפ אין דעם ספר מעשי למלך[65] - א ספר פון א געוואלדיקן מאריך, וואס אויף יעדער הלכה אין הל' ביהב"ח שרייבט ער כו"כ עמודים ודפים, און איז "מאסף לכל המחנות", ער ברענגט אראפ אלע דעות פון ראשונים ואחרונים.

טו. וועט מען דאס פארשטיין בהקדים נאך אן ענין:

שיטת הרמב"ם (גענומען פון כו"כ מדרז"ל[66]) איז אז דער ביהכ"ק השלישי וועט געבויט ווערן בידי אדם - דורך משיח צדקנו.

- ולאידך -

------------

62) ירושלמי מגילה פ"א ה"א. 63) מדרש שמואל פט"ו.
64) בשו"ה חאו"ח סר"ח. חיו"ד סרל"ו. 65) לרמב"ם הל' ביהב"ח שם - ב, א ואילך. 66) נסמנו בלקו"ש חי"ג ע' 84 הע' 36.

הנחה הה' בלתי מוגה

ולאידך איז אויך דא די דעה (פון רש"י ותוס׳[67] - געגוסען פון כו"כ מדרז"ל[68]) אז דער "מקדש דלעתיד . . יגלה ויבוא משמים, שנאמר[69] מקדש אד׳ כוננו ידיך" (וואס דערפאר וועט ער זיין א בנין נצחי[70]).

איז ידוע דער חיווך בזה[71] - ע"פ המבואר אין גמרא[72] אז עס זיינען דא צוויי אופנים אין דער גאולה: איין אן אופן פון "זכו", וואס דעמולט איז די גאולה אין אן אופן פון "אחישנה"; אדער אין אן אופן פון "לא זכו", וואס דעמולט איז די גאולה "בעתה"[73].

ד.ה. אז אויב די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "לא זכו", וועט דער ביהמ"ק געבויט ווערן בידי אדם (דורך משיח צדקנו), און אויב די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "זכו", וועט דער ביהמ"ק נתגלה ווערן "משמים", ע"י הקב"ה.

טז. עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דער רמב"ם מוז פסק׳נען להלכה אז דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן ע"י משיח צדקנו (בידי אדם):

אויב דער רמב"ם וועט פסק׳נען להלכה אז דער ביהמ"ק וועט נתגלה ווערן "משמים", ע"י הקב"ה, ד.ה. אז ער פסק׳נט אז די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "זכו" - איז עס מכריח די בחירה פון אידן אז זיי מוזן צוקומען צו דער דרגא פון "זכו", און מ׳זאגט דאך אז "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים"[74].

וואס אע"פ אז ס׳איז דא דער ענין וואס הכל גלוי וידוע, און אע"פ איז די ידיעה ניט מכריח די בחירה פון אידן[75] - קען מען אבער דערפון ניט מאכן קיין הלכה אין תורה, וואס "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[76] - וואדום אויב עס ווערט "לבא לפומא גליא"[77], און עס קומט אראפ בגלוי אין תורה, אלס דיבורו של הקב"ה ("רוח ה׳ דבר בי ומלהו על לשוני"), איז עס מכריח אז דער מעשה בנ"א זאל זיין אין דעם אופן[78].

- און -

---

67) סוכה מא, סע"א. 68) נסמנו בלקו"ש שם. 69) בשלח טו, יז. וראה פרש"י עה"פ. 70) ראה זח"ג רכא, א. 71) לקו"ש שם. וראה גם מעשי למלך שם (מא, א ד"ה שוב ראיתי). 72) סנה׳ צח, סע"א. 73) ל׳ הכתוב - ישעי׳ ס, כב. 74) ברכות לג, ב. פרש"י עה"פ עקב י, יב. 75) ראה רמב"ם הל׳ תשובה ספ"ה. 76) עיקר הט׳ מי"ג עיקרים. וראה גם רמב"ם הל׳ יסוה"ת רפ"ט. הל׳ מלכים פי"א סוף ה"ג. פיהמ"ש לסנה׳ פ׳ חלק יסוד התשיעי (ע"פ הוצאת הרב קאפח). 77) ראה קה"ר פי"ב, י. ועוד. 78) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 132 הע׳ 3.

און דערפאר ווען דער רמב"ם דאדף פסק'נען די הלכה אין ספר "יד החזקה" (אין אן אופן פון "זאת התורה לא תהא מוחלפת") - מוז ער אראפברענגען דעם פס"ד לויט דעם אופן פון "לא זכו" (אז דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן בידי אדם, דורך משיח צדקנו),

וואס דעמולט איז אויך בשעת די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "זכו", און דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן בידי שמים, איז אין דעדויף נכלל דער בנין ביהמ"ק וואס איז בידי אדם ("לא זכו"), וויבאלד אז "יש בכלל מאתים מנה"[79], כדלקמן.

יז. והביאור בזה - בהקדים נאך אן אופן אין דעם תיווך צווישן דער דעה אז דער ביהמ"ק וועט געבויט וועדן בידי אדם, מיט דער דעה אז ס'וועט זיין בידי שמים:

אויך ווען דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן בידי אדם (ע"י משיח צדקנו), וועט אין דערויף אויך זיין אן ענין וואס איז בידי שמים (ע"י הקב"ה), ועד"ז לאידך, אז אין דעם ענין וואס איז בידי שמים, איז אויך נכלל דער בנין בידי אדם (וויבאלד אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[80]).

והביאור בזה:

וויבאלד אז דער בית שני איז געווען "מעין דברים המפורשים ביחזקאל" - איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'וועט בויען (בידי אדם) דעם ביהמ"ק השלישי, וועט מען אים צום אלעם ערשטן בויען לויט ווי עס שטייט אין מסכת מדות, און לויטן פס"ד פון דעם רמב"ם אין הלכות בית הבחידה,

[ובפרט בנוגע צו די דינים אויף וועלכע מפרשי הרמב"ם זיינען אויך מסכים, כידוע דער כלל[81] אז בשעת מפרשי הרמב"ם קריגן נים אויף אים, איז עס א הוכחה אז זיי האלטן אזוי ווי דער רמב"ם, ובמילא ווערט דאס אן הלכה פסוקה אן קיין שקלא וטריא],

און בנוגע צו די פרטים אין "בנין העתיד" וועלכע זיינען נים "מפורש ומבואר" - איז וויבאלד אז דעמולט וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם"[82], און אויך יחזקאל, וועט מען ביי אים פרעגן די אלע פרטים וועלכע זיינען נים "מפורש ומבואר", ובמילא וועט מען וויסן ווי אזוי צו בויען.

- און -

---

79) ב"ק עד. א. ועוד. 80) עירובין יג. ב. 81) ראה כשל"כ הל' כלאים פ"ט הי"א ובס' שנסמנו בשד"ה כללי הפוסקים ס"ו סק"א. 82) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

הנחה הה' בלתי מוגה

און ווי דער חת"ם איז מבאר אז דער אויבערשטער האט מלכתחלה אנגעזאגט אז בא יעדן ביהמ"ק וועט ער באווייזן דורך די נביאים אין וועלכן אופן מ'זאל אים בויען - וואס אין דערויף באשטייט דער "מיד ה' עלי השכיל".

און דערנאך וועט אויך זיין דער ענין פון בידי שמים (ע"י הקב"ה)[83] - בדוגמא ווי מ'געפינט אין דעם ענין הקרבנות, אז כ'האט געדארפט ברענגען דעם אש "מן ההדיוט" ("מצוה להביא מן ההדיוט"), און דערנאך איז אראפגעקומען דער אש "מן השמים"[84].

ווי מ'געפינט אז ביום השמיני למילואים איז געווען דער "ותצא אש מלפני ה'"[85]: אין אלע שבעת ימי המילואים איז געווען נאר דער אש "מן ההדיוט", און ביום השמיני האט זיך אויפגעטאן אז ס'איז אראפגעקומען דער "אש מן השמים",

און דורך דערויף איז געווארן א שינוי אין דער גאנצער מציאות פון דעם משכן, אין די קרבנות און אין דעם מעמד ומצב פון אידן - וויבאלד אז דאס איז געווען די הוכחה אויף השראת השכינה, ווי דש"י[86] ברענגט אראפ אז משה רבינו האט געזאגט צו אידן אז "ע"י קרבנותיו ועבודתו (של אהרן) תשרה שכינה בכם".

יח. עפ"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן ביידע דעות:

בשעה עס קומט צו אן ענין בידי שמים (ע"י הקב"ה) אויף אן ענין וואס איז בידי אדם (ע"י משיח צדקנו) - ווערט דאס א נייע מציאות לגמרי. ביז אז מ'זאגט אויף דערויף "מקדש אד' כוננו ידיך" (ניט ווי דער ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני, וועלכע זיינען געווען בידי אדם),

איז פארשטאנדיק, אז דעמולט ווערט דאס אנגערופן בידי שמים, וויבאלד אז ס'איז געווארן א נייע מציאות ("מקדש אד' כוננו ידיך") - ולאידך. איז אין דערויף נכלל דער בנין בידי אדם, וויבאלד אז דער בנין כפשוטו איז געווען בידי אדם.

ובדוגמא ווי מ'זאגט "יש בכלל מאתים מנה" - וואס אין דערויף זיינען דא צוויי ענינים:

א) אין "מאתים" איז דא צוויי מאל "מנה", ב) עס ווערט א מציאות חדשה וואס ווערט אנגערופן "מאתים".

וואס דאס איז דאך נוגע צו דעם ענין פון צדקה:

- בשעת -

------------

83) ראה גם מעשי למלך שם. 84) עירובין סג, א. פרש"י עה"פ ויקרא א, ז. 85) שמיני ט, כד. 86) עה"פ שם, כג.

בשעה ער האט א "מנה", איז ער נאך אן עני, און ער קען מקבל זיין צדקה; ווען ער האט אבער "מאתים זוז", ווערט ער א נייע מציאות: ער ווערט אויס "עני", און ער טאר מערניט מקבל זיין צדקה[87].

וע"ד המבואר לעיל (ס"י-יב) בנוגע צו כללות ענין התשובה און ענין הגירות - אז ס'איז דא א חילוק צווישן דעם ענין התשובה והגירות ווי דאס איז בזמן הזה (ווען ס'איז נאך ניטא דער ענין פון הקרבת הקרבנות), לגבי ווי עס וועט זיין לע"ל, ווען מ'וועט קענען מקריב זיין די קרבנות וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן - וויבאלד אז דורך הקרבת הקרבן ווערט דאס באופן נעלה יותר.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד: דורך דערויף וואס עס קומט צו אן ענין בידי שמים (ע"י הקב"ה) - ווערט דער גאנצער ביהמ"ק א מציאות חדשה, "מקדש אד' כוננו ידיך"; ולאידך - מצד דערויף וואס "יש בכלל מאתים מנה", איז אין דערויף נכלל דער בנין בידי שמים.

יט. עפ"ז פאלט אפ די שאלה הידועה: וויבאלד אז אין זהר (פנימיות התורה) שטייט בפשטות אז דער ביהמ"ק השלישי וועט זיין בידי שמים (ביז וואנעט אז רש"י און תוס' ברענגען דאס אויך אין נגלה דתורה) -

איז ווי קומט דאס אז דער רמב"ם פסק'נט אפ אז דער ביהמ"ק השלישי וועט געבויט ווערן בידי אדם, און קיינער פון מפרשי הרמב"ם (דער רדב"ז, דער ב"י, און דער משנה למלך וכו') שטעלט זיך ניט אויף דערויף (ד.ה. אז זיי נעמען אן דעם פס"ד פון רמב"ם)?!

וואס צווישן מפרשי הרמב"ם איז דאך אויך דא דער בית יוסף - וואס ער איז דאך געווען פון די "מארי דרזין", ווי ס'איז פארשטאנדיק פון ספרו מגיד מישרים, און ווי מ'זעט אז אין ספרו (ב"י) ברענגט ער אראפ כמה ענינים וואס זייער יסוד איז אין ספר הזהר, וכידוע אז בהנהגתו זיינען געווען כו"כ ענינים ע"ד הסוד וכו' - און אעפ"כ שטעלט ער זיך ניט אויף דעם וואס דער רמב"ם זאגט אז דער ביהמ"ק השלישי וועט געבויט ווערן בידי אדם -

ווארום דורך דערויף וואס לאחרי הבנין בידי אדם קומט צו אן ענין בידי שמים - ווערט דער ביהמ"ק א מציאות חדשה, אז דאס איז "מקדש אד' כוננו ידיך". בידי שמים.

כ. עפ"ז וועט ווערן פארענטפערט די קושיא פון דעם תויו"ט

- וואס -

------------

87) רמב"ם הל' מה"ע פ"ט הי"ג. טושו"ע יו"ד ר"ס רנג.

- וואס איז דער הועלה וואס קומט ארויס פון דעם לימוד פון מסכת מדות. אז מ'זאל וויסן ווי אזוי צו בויען דעם ביהמ"ק השלישי - בשעה אז "בנין העתיד . . אינו מפורש ומבואר", און דער בית שני (וואס וועגן אים רעדט זיך אין מסכת מדות) איז געווען מערניט ווי "מעין דברים המפורשים ביחזקאל":

דורך דעם וואס מ'לערנט וועגן דעם ביהמ"ק השני, אין מסכת מדות און אין רמב"ם הל' ביהב"ח - ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית" (בדוגמא ווי "כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה"[88]) - מ'בויעט א ביהמ"ק בדוגמת "בית שני" (וואס וועגן אים לערנט מען).

און דערנאך וועט מ'וועט דארפן בויען דעם ביהמ"ק השלישי - וועט מען וויסן ווי אזוי צו בויען די אלע פרטים פון ביהמ"ק השלישי וועלכע וועלן זיין אזוי ווי דער "בית שני" (וויבאלד אז דער "בית שני" איז געווען "מעין דברים המפורשים ביחזקאל"):

און בנוגע צו די אנדערע פרטים אין "בנין העתיד" וועלכע זיינען ניט "מפורש ומבואר" - איז וויבאלד אז בביאת משיח צדקנו איז "ההזור הנבואה לישראל"[89] און עס וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם", און אויך יחזקאל - וועט מען דורך זיי וויסן די אלע פרטים וועלכע דארפן צוקומען אין ביהמ"ק השלישי לגבי ביהמ"ק השני.

וואס דערמאר איז נוגע צו וויסן די אלע פרטים פון דעם "בית שני" - וויבאלד אז אין ביהמ"ק השלישי וועלן זיין כו"כ פרטים אזוי ווי אין דעם "בית שני". נאר עס וועלן צוקומען נאך פרטים.

כא. דער מלוה הענין וואס מ'דארף האבן אז דער ביהמ"ק השלישי זאל געבויט ווערן בידי אדם איז - כדי אז מ'זאל ניט זיין קיין "נהמא דכסופא".

וואס אע"פ אז מ'האט שוין יוצא געווען מיט מעשינו ועבודתנו במשך כל זמן הגלות (נאך דעריוף וואס מ'איז שוין "כלו כל הקיצין"[90]). איז אן אופן וואס איז ביהר שאה וביהר עוז וויפל מ'קען מאנען פון א בו"ד וואס געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות. וואס "אותותינו לא ראינו גו' ולא אתנו יודע עד מה"[91],

- וכידוע -

---

88) מנחות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח ס"א ס"א. 89) אגרת תימן להרמב"ם (אגרות הרמב"ם ע' 66). 90) סנהדרין צז, ב. 91) תהלים עד, ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

וכידוע דער פתגם פון רלוי"צ באַרדיטשאָווער וואס ער האט געזאגט מיט א טענה צום אויבערשטן און אלס א לימוד זכוה אויף אידן - אז דעם ענין פון ג"ע והפכו האט דער אויבערשטער אריינגעשטעלט אין די ספרים, משא"כ די תאוות און כל הטוב הגשמי פון עוה"ז האט ער אוועקגעשטעלט אין אן אופן אז מ׳זעט דאס בעיני בשר, און מ׳קען דאס אנטאפן מיטן חוש המישוש פון דעם יד הגשמי, בחיי יום יום!

אבער אעפ"כ וויל מען האבן אז אפי׳ דער פרט פון בנין ביהמ"ק זאל אויך ניט זיין אין אן אופן פון "נהמא דכסופא" - וואס דערפאר וויל מען האבן אז דער ביהמ"ק השלישי זאל געבויט ווערן בידי אדם.

וכמדובר אמאל בארוכה[92] אז אפי׳ לויט דער דעה אז דער ביהמ"ק השלישי "יתגלה ויבוא משמים" - וועלן אבער אידן אוועקשטעלן אויף צוריק די שערים וואס "טבעו בארץ שערי׳"[93], וואס די שערים זיינען געמאכט געווארן בידי אדם, און דער דין[94] איז אז דורך דעם וואס מ׳שטעלט אוועק די דלתות איז מען קונה כל הבנין כולו.

ונוסף לזה: ווען משיח צדקנו וועט קומען און וועט בויען דעם ביהמ"ק, וועט יעדער איד זיך משתתף זיין אין בנין ביהמ"ק, און דורך דערויף וועט ער האבן א חלק און א השתתפות אין דעם גאנצן ביהמ"ק - סיי אין דעם ענין וואס איז בידי אדם. און סיי אין דעם ענין וואס איז בידי שמים ("מקדש אד׳ כוננו ידיך"), ווי ער פסק׳נט אפ אין תנהומא אז דורך דעם וואס מ׳לערנט הל׳ בית הבחירה איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עסוקין בבנין הבית".

וואס דאס איז אן ענין וואס איז געזאגט געווארן דורך "הוי׳ אלקים אמת", און ס׳איז געווארן א דין אין "תורת אמת". וואס "זאת התורה לא תהא מוחלפת".

ויה"ר אז ס׳זאל זיין בקרוב ממש - צי באופן כך אדער באופן כך. אבי אז ס׳זאל זיין דער עיקר - אז אידן טוען "תשובה . . וכיד הן נגאלין"[95], בשעתא חדא וברגעא חדא - בדוגמא ווי דער ענין התשובה. ועאכו"כ בנוגע צו דער גאולה וואס וועט זיין ע"י הקב"ה.

און ס׳זאל זיין בקרוב בימינו ממש. למטה מעשרה טפחים, בחסד וברחמים, "ושמחת עולם על ראשם"[96].

* * *

- כב. -

------------

92) לקו"ש חי"א ע׳ 98 הע׳ 61. שיחה אור ליום ג׳, ער"ח כנ"א תשל"ו. 93) איכה ב, ט. במדב"ר פט"ו, יג. איכ"ר פ"ב, יג. 94) ראה ב"ב נג. ב. וראה שערי זהר לסוכה שם. 95) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 96) ישעי׳ לה, י. נא, יא.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

כב. בנוגע להמדובר לעיל וועגן דער הוספה אין לימוד התורה (ובפרט אין די הלכות פון ביהמ"ק) און אין דעם ענין הצדקה - איז כדי אז ס'זאל זיין בהידור ובחיות, דארף מען האבן לפנ"ז די התבוננות אין דעם נותן התורה ומצוה המצוות,

וואס דעמולט קען זיין ברכת ההודה כדבעי - וואס אין רערויף הייגגט דאך אפ דער אויפטו פון לימוד ההודה, ווי די גמרא[97] זאגט אז עס דארף זיין "ברכו בתורה תחלה".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין הצדקה - וואס דער קיום פון מצות צדקה דארף זיין דורכגענומען דערמיט אז דאס איז א ציווי פון דעם אויבערשטן, און ניט אז ער טוט דאס מצד טבע נפשו.

וכמבואר בכ"מ[98] בנוגע צו אברהם אבינו, אז אע"פ אז בטבע נפשו איז ער געווען איש החסד, האט ער זיך אבער איבער-געארבעט אין אן אופן אז דאס וואס ער האט זיך מתעסק געווען אין ענינים פון צדקה וחסד ("לעשות צדקה ומשפט"[99]), איז עס ניט געווען מצד טבע נפשו, נאר דערפאר וואס דאס איז "דרך ה'",

ווי ס'שטייט[99] "למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט" (אז דער "דרך ה'" באשטייט אין "לעשות צדקה ומשפט") - וואס וויבאלד אז ער האט דאס אנגעזאגט צו "בניו" און "ביתו אחריו", איז עאכו"כ אז הנהגהו בעצמו איז געווען אין דעם אופן.

כג. ע"פ האמור (אז אברהם'ס התעסקות אין "לעשות צדקה ומשפט" איז ניט געווען מצד טבע נפשו, נאר דערפאר וואס דאס איז "דרך ה'") ווערט פארענטפערט א מדרש תמוה:

עס ווערט דערציילט אין מדרש[100] אז נאך דערויף וואס אברהם אבינו האט מכניס אורחים געווען, און האט זיי געגעבן עסן און טרינקען ("ריפתא" און "קופר", מיט אלע פרטים וואס ער דערמאנט אויס אין מדרש), האט ער זיי געזאגט "ברכו א-ל עולם שאכלנו משלו" (ניט פון אברהם'ס), און אויב זיי האבן ניט געוואלט בענטשן, האט ער זיי אנגעהויבן מצער זיין און געמאנט אז זיי זאלן באצאלן א גרויסן סכום פאר די הכנסת אורחים.

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: אברהם אבינו איז דאך

- געווען -

------------

97) נדרים פא, א. ב"מ פה, ריש ע"ב. וראה ר"ן לנדרים שם.
98) קונטרס ומעין פ"ב. ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"ד (סה"מ קונטרסים ח"א כג, ב). ד"ה לכען דעת תר"צ פ"ד-ה (סה"מ שם פג, ב ואילך). 99) וירא יח, יט. 100) ב"ר פנ"ט, ד.

הנחה הת' בלתי מוגה

געוועו איש החסד, איז ווי קומט צו אים מצער זיין א מענטשן?!

איז דער ביאור בזה (ע"פ האמור לעיל)[101]:

די אלע ענינים פון צדקה וחסד (הכנסת אורחים וכו') וואס אברהם אבינו האט געטאן, איז עס געוועו א חלק פון עבודתו - "ויקרא שם אברהם בשם ה' א-ל עולם"[102], ווי די גמרא[103] זאגט "א"ת ויקרא אלא ויקריא", ד.ה. אז די עבודה פון אברהם אבינו איז געוועו, אז כל באי עולם זאלן זאגן אז דער אויבערשטער איז "א-ל עולם".

און ווי דער אלטער רבי[104] איז אין דערויף מדייק, אז ס'שטייט ניט "א-ל העולם", ד.ה. אז די וועלט מיטן אויבערשטן זיינען צוויי באזונדערע זאכן, נאר דער אויבערשטער איז "א-ל העולם", "יש בעה"ב לבירה זו"[105],

ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[106] אז ההחלת העבודה וואס אברהם אבינו "הכיר את בוראו"[107], איז באשטאנען אין דערויף וואס ער האט דערהערט אז "יש בעה"ב לבירה זו" - ווי דערציילט די גאנצע השתלשלות הענינים אז ער האט געזעהן דעם שמש מיטן ירח וכוכבים וכו', ביז אז ער האט פארשטאנען אז "יש בעה"ב לבירה זו",

וואס בשעת מ'זאגט "יש בעה"ב לבירה זו", איז דער טייטש אז די וועלט איז א מציאות בפ"ע - ובדוגמא פון אן עבד מיט אן אדון, אז אע"פ אז עניני פון דעם עבד איז דער עניו האדון (כמבואר בכ"מ[108] בנוגע להלכה בפועל), איז אבער דער עבד א מציאות בפ"ע, וואס דערפאר איז דא דער דין פון "עיו עבדו" און "שו עבדו"[109], אפי' ווען דער אדון טוט עס, וויבאלד אז דער עבד איז פארט א מציאות בפ"ע -

נאר מ'זאגט אז דער אויבערשטער איז "א-ל עולם", ד.ה. אז די גאנצע מציאות פון וועלט איז דער אויבערשטער - ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכה אין שעהיוה"א[110], אז אן עניו וואס ווערט באשאפן מאין ליש בכל רגע ורגע, אין אן אופן פון "המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית", איז ער ניט קיין מציאות בפ"ע, נאר זיין גאנצע מציאות איז - דער וואס איז אים מהוה.

- און -

------------

101) קונטרס ומעין וד"ה למען דעת שם. וראה - באופן אחר - לקו"ש וירא ש.ז. 102) וירא כא, לג. 103) סוטה י, סע"א ואילך. פרש"י עה"פ. 104) לקו"ה תבוא מג, ג. 105) ראה ב"ר רפל"ט. 106) מדרש הגדול עה"פ נח יא, כח. ר"פ לך לך. בחיי עה"פ לך לך טו. ז. 107) נדרים לב, א. 108) ראה שיחה מוצאי ש"פ לך לך השל"ח ס"ה ובהנסמן שם. 109) כשפטים כא. כו-כז. 110) בתחלתו.

הנחת הה' בלתי מוגה

און אין דערויף איז באשטאנען די עבודה פון אברהם אבינו - אז די גאנצע וועלט זאל וויסן אז דער אויבערשטער איז "א-ל עולם", אז די מציאות פון וועלט איז - דער אויבערשטער.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז בשעה אברהם אבינו האט דאס געקענט דורכפירן דורך אן ענין של חסד, האט ער דאס געטאן דורך דעם קו החסד, און בשעת ער האט דאס ניט געקענט דורכפירן דורך אן ענין של חסד, האט ער דאס געטאן דורך דערויף וואס ער האט יענעם מצער געווען (היפך החסד).

און דאס וואס בטבע נפשו איז ער געווען איש החסד - האט ער זיך אבער איבערגעמאכט ע"י עבודתו, אין אן אופן פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך". ווי ס'טייטש אפ[111] אז "ארצך" און "מולדתך" און "בית אביך" גייט אויף די רגילות'ן וכו' וואס ער האט זיך איינגעוואוינט אין בית אביו, וואס "הרגל נעשה טבע"[112]. און ער איז געגאנגען "אל הארץ אשר אראך", אין "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[113].

כד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין הצדקה דארף זיין פארבונדן און דורכגענומען דערמיט אז דאס איז "דרך ה'" - וואס דעמולט ווערט דאס אן ענין של מצוה, און עס האט דעם ענין פון "מצוה גוררת מצוה"[114], כמדובר כמ"פ וועגן דעם קשר צווישן תורה און צדקה, אז יעדערער פון זיי איז פארבונדן און העלפט ארויס דעם צווייטן ענין.

און אויף דערויף זאגט מען אז כדי די צוויי ענינים פון תורה און צדקה זאלן זיין בשלימות - דארף מען האבן די הקדמה פון עבודת התפלה,

וואס דער ענין התפלה איז מלשון "התופל כלי חרס"[115], און מלשון "נפתולי אלקים נפתלתי"[116], וואס דער פירוש בזה (ווי די"ז[117] טייטשט אפ) איז - אן ענין של חיבור[118], ד.ה. אז דורך דעם ענין התפלה ווערט א איד נתחבר מיט דעם וואס "דע לפני מי אתה עומד"[119].

און בשעה ס'איז דא די הקדמה פון עבודת התפלה, איז

- דעמולט -

------------

111) ראה סד"ה לך לך גו' תרס"ז (המשך תרס"ו ע' שצז ואילך). לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך. ועוד. 112) ראה תניא פמ"ד (סג, ב). שבילי אמונה נ"ד ש"ב. 113) עקב יא, יב. 114) אבות פ"ד מ"ב. 115) ל' המשנה - כלים פ"ג מ"ה. וראה סה"מ תש"ט ע' 79 בהערה. 116) ויצא ל, ח. 117) עה"פ. 118) הו"א תרומה עט, סע"ד. ועוד. 119) ראה ברכות כח, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

דעמולט דער לימוד התורה שלאח"ז בשלימות, ווי דער אלטער רבי[120] איז מבאר דעם ענין פון "שתהא תפלתי סמוכה למטתי"[121], אז דאס איז דערפאר וואס דער לימוד התורה שלאחרי עבודת התפלה איז באופן נעלה יותר,

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין הצדקה, אז די צדקה שלאחרי התפלה איז בתכלית השלימות.

עס איז דא אן ענין של צדקה קודם התפלה, אלס א סגולה אז די תפלה זאל נתקבל ווערן, ווי עס שטייט[122] "אני בצדק אחזה פניך" -

אבער שלימות ענין הצדקה באשטייט אין דעם אז נאך עבודת התפלה אין ביהכ"נ, און נאך דעם "ילכו מחיל אל חיל"[123], "מבית הכנסת לבית המדרש"[124] (דער ענין פון לימוד התורה), זאל זיין דער ענין פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[125] כדבעי, וואס דאס איז כולל אין זיך דעם ענין פון קיום המצוות, וואס כללותם איז מצות הצדקה[126].

דערפון איז פארשטאנדיק (אע"פ אז מ'האט דאס נים דערמאנט בפירוש לפנ"ז), אז נוסף אויף די צוויי ענינים פון "משפט" (תורה) און "צדקה", דארף אויך זיין דער ענין השלישי - דער ענין פון "תפלה",

וויבאלד אז דורך דער הקדמה פון עבודה התפלה איז די נתינת הצדקה כדבעי - אז ער גיט ביד רחבה, און דער לימוד התורה איז כדבעי - אז ער לערנט אין תורה דאס וואס די תורה וויל אים לערנען, און נים אז ער שטעקט אריין אין תורה זיינע דעות, ווי ביי אים קומט אויס, און ווי ס'איז בעסער פאר אים.

כה. דובר אודות המצב באה"ק.

כו. ובנוגע לפועל:

מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה, וביתר שאת וביתר עוז, און אין תורה גופא - אין הל' ביהב"ח און הל' הקרבנות וכיו"ב, און מוסיף זיין אין מצות הצדקה.

און "מצוה גוררת מצוה" - בנוגע צו אלע מצוות כללות (ווי די ווערן אנגערופן) - "מבצעים": "מבצע אהבת ישראל",

- און -

---

120) לקו"ת ברכה צו. ב. 121) ברכות ה. ב. 122) תהלים יז. טו. וראה ב"ב י. א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צב. 123) ל' הכתוב - תהלים פה. ח. 124) ברכות בסופה. ועוד. 125) שם לה. ב. 126) ראה תניא פל"ז (מח, ב).

און "מבצע חינוך" - חינוך הכשר, חינוך הטהור, ביז צו חינוך על טהרת הקודש, וואס בשעת אז ס'וועט זיין דער "חנוך לנער ע"פ דרכו", איז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[127],

און "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

און דאס וועט אראפברענגען בקרוב ממש דעם קיום היעוד[128] "וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם", און "אשריכם[129] ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי[130] מטהר אתכם . . ואומר[131] מקוה ישראל ה'" - בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש.

* * *

כז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אלה מסעי בנ"י.

* * *

כח. ס'איז דאך רגיל אז אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבה, לערנט מען אפ א פסוק פון פרשת השבוע מיט פרש"י ודיוקיו, אדער אן ענין וואס רש"י האט געדארפט מפרש זיין, און ער איז דאס ניט מפרש.

ועד"ז בפרשתנו - סיי א ביאור אין פרש"י, און סיי אן ענין וואס איז דורש ביאור, און לכאו' איז דאס רש"י ניט מפרש.

אין פ' מסעי[132] רעדט זיך בארוכה וועגן די גבולות פון א"י, מיט כו"כ פרטים בזה.

און מ'זעט אין פרש"י אז ער טייטשט אפ דעם ווארט "גבול" - "מצר":

אנהויבנדיק פון התחלת הענין[133]: "לפי שהרבה מצוות נוהגות בארץ ואין נוהגות בחוצה לארץ, הוצרך לכתוב מצרני גבולי רוחותי' סביב, לומר לך מן הגבולים הללו ולפנים המצוות נוהגות" (וואס דא זאגט ער בידע לשונות - "מצרני" און "גבולי"), ועד"ז טייטשט ער אפ די ווערטער[134] "וגבול ים" - "ומצר מערבי", ועד"ז ברענגט ער נאך כמ"פ דעם ווארט "מצר".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: דער ווארט "גבול" איז דאך ניט קיין נייער ווארט - ווי מ'האט שוין געלערנט פריער

- (בנוגע -

------------

127) משלי כב, ו. 128) יחזקאל לו, כה. 129) מס' יומא בסופה. וראה לקו"ש אחרי תשל"ו ס"ו ואילך. 130) ראה לקו"ש שם הע' 33*. 131) ירמי' יז, יג. וראה לקו"ש שם הע' 36. 132) לד, א ואילך. 133) שם, ב. 134) שם, ו.

הנחת הת' בלתי מוגה

(בנוגע צו מ"ת) "והגבלת את העם"[135], און "הגבל את ההר"[136], וואס דאס איז מלשון גבול - איז וויבאלד אז דארטן דארף רש"י ניט אפטייטשן אז "גבול" מיינט "מצר", איז פארוואס דארף ער דאס אפטייטשן בפרשתנו?!

כט. דער פירוש פון רש"י אז "גבול" איז אן ענין של "מצר", איז פארבונדן מיט דעם לשון "בין המצרים" וואס שטייט אין איכה[137] - וואס איצטער געפינט מען זיך אין די ג' שבועות ("בין המצרים"), און אין שבת מברכים חודש אב, וואס איז פארבונדן מיט מגילת איכה.

און אין פרש"י אויף "בין המצרים" זיינען אויך דא כמה תמיהות, מיט כמה שינויים לגבי פרש"י בפרשתנו -

וכפי שיתבאר לקמן ווי אזוי די אלע ענינים זיינען פארשטאנדיק אין פשש"מ, פאר א "בן חמש שנים למקרא"[138].

ל. עד"ז איז דא אן ענין בפרשתנו וואס לכאו' האט דאס רש"י געדארפט מפרש זיין, און ער איז דאס ניט מפרש:

בפרשתנו[139] ווערט דערציילט וועגן מיתת אהרן, און דערנאך[140] שטייט "וישמע הכנעני מלך ערד גו'", זאגט רש"י: "למדך שמיתת אהרן היא השמועה שנסתלקו ענני הכבוד, וכסבור שנתנה רשות להלחם בישראל".

. ועד"ז טייטשט אפ רש"י אין פ' חקת[141] אויף "וישמע הכנעני", אז "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד" (וועלכע זיינען געווען בזכותו של אהרן).

וואס עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו מיתת מרים - אז נאך דערויף וואס "ותמת שם מרים", איז "לא הי' מים לעדה"[142], ווי רש"י טייטשט אפ: "מכאן שכל מ' שנה הי' להם הבאר בזכות מרים".

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

ע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צום באר וואס איז געווען "בזכות מרים", אז נאך מיתת מרים איז "לא הי' מים לעדה", ביז וואנעט אז דער אויבערשטער האט געהייסן משה רבינו אז ס'זאל זיין "והוצאת להם מים מן הסלע"[143], וואס דעמולט האט זיך דער באר אומגעקערט -

עד"ז וואלט רש"י געדארפט באווארענען בנוגע צו ענני

- הכבוד: -

---

135) יתרו יט, יב. 136) שם, כג. 137) א, ג.
138) אבות ספ"ה. 139) לג, לח. 140) שם, כ. 141) עה"פ כא, א. 142) שם כ, א-ב. 143) שם, ח.

הכבוד: אזוי ווי בשעה מיתה אהרן איז "נסתלקו ענני הכבוד", און אלס תוצאה דערפון איז געווען דער "וישמע הכנעני . . וילחם בישראל וישב ממנו שבי" - האט רש"י געדארפט ערגעץ באווארענען אז נאך דערויף האבן זיך די ענני הכבוד אומגעקערט?

די גמרא זאגט טאקע אין תענית[144] אז דער באר און די ענני הכבוד "הזרו שניהם בזכות משה" (וואס דערפאר שטייט[145] "ואכחיד את שלשה הרועים בירח אחד", דערפאר וואס בשעה מיתת משה איז "נסתלקו כולן") - דאס ווערט אבער ניט באווארענט אין פרש"י על התורה פאר א "בן חמש שנים למקרא",

וואס דער "בן חמש שנים למקרא" איז נאך ניט צוגעקומען צו "בן עשר שנים למשנה" , וכאכו"כ אז ער איז נאך ניט צוגעקומען צו "בן חמש עשרה לגמרא" , אויף צו וויסן דאס וואס די גמרא זאגט אין תענית - ער וועט דאס וויסן ערשט ווען ער וועט לערנען מסכת תענית, בזדאמען מיטן חלק האגדה שבה.

[וואס אין ליטוד הישיבות איז ניט אזוי רגיל דער לימוד פון מסכת תענית, וויבאלד אז די איז ניט פון די שבע מסכתות הידועות.

און נאכמער: אפי' אין די מסכתות הידועות וואס מ'לערנט אין ישיבות, איז ווען עס קומט צו חלק האגדה, לערנט מען דאס אפ בנקל -

ווי מ'האט שוין אמאל גערעדט וועגן דעם "מברוכיא", און געבראכט אז גדולי ישראל זיינען זיך מהדר געווען אויף דעם יהב וואס מ'האט צום לימוד פון חלק האגדה שבתורה.]

איז לכאו', וויבאלד אז רש"י טייטשט אפ פשט"ט (פאר "בן חמש שנים למקרא"), ווי רש"י[146] זאגט "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", ביז ווי מ'שטייט אין שו"ע[147] אז מיטן לימוד פון פרש"י קען מען יוצא זיין דעם ענין פון "שנים מקרא ואחד תרגום". פונקט אזוי ווי מ'לערנט "תרגום" - איז ווי קומט דאס אז רש"י באווארענט ניט וואס איז געווארן מיט די ענני הכבוד?

לא. עד"ז דארף מען פארשטיין בנוגע צו "מן":

אין פ' פינחס[148] ווערט דערציילט אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "עלה אל הר העברים הזה . .

- ונאספת -

---

144) ט, א. 145) זכרי' יא, ח. 146) עה"פ בראשית ג, ה. 147) או"ח סרפ"ה ס"ב. שו"ע אדה"ז שם. 148) כז, יב-יג.

ונאספת אל עמך", און דערפאר איז "קח לך את יהושע . . וצויתה אותו לעיניהם"[149], דערפאר וואס ער איז דער "אשר יביאם"[150].

און דש"י האט שוין דערמאנט דעם ענין פון פטירת משה אין פ' חקת[151] בנוגע צו "הר ההר", אז "שלשה נשארו בהן, הר סיני לתורה, והר נבו לקבורת משה, והר ההר לקבורת אהרן".

איז וויבאלד אז "בשבעה באדר מת משה"[152], ווערט די שאלה: וויבאלד אז דער "מן" איז געווען בזכות משה, איז וואס האבן אידן געגעסן לאחרי מיתת משה עד שנכנסו לארץ?

ועד"ז דארף מען פארשטיין בנוגע צום באר:

לאחרי מיתת מרים האט זיך פאקע דער באר אומגעקערט "בזכות משה" [ולהעיר אז אויך דעמולט ווערט דער באר אנגערופן "בארה של מרים", אע"פ אז די האט זיך אומגעקערט "בזכות משה"], אבער לאחרי מיתת משה איז דאך "בטלה הבאר" - ווערט די שאלה: פון וואנעט האבן אידן געהאט וואסער צו טרינקען?

וכפי שיתבאר לקמן.

לב. לויט די "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "כל שבתות הקיץ", לערנט מען אין היינטיקן שבת פרק ראשון.

וואס דארטן[153] שטייט: "יוסי בן יועזר איש צרדה ויוסי בן יוחנן איש ירושלים קבלו מהם, יוסי בן יועזר איש צרדה אומר, יהי ביתך בית ועד לחכמים, והוי מתאבק בעפר רגליהם, והוי שותה בצמא את דבריהם".

דארף מען פארשטיין:

א) ווי פאסט דער לשון "מתאבק (מלשון אבק) בעפר רגליהם" - אויף "עפר רגליהם" וואלט געפאסט דער לשון "מתעפר בעפר רגליהם", ע"ד ווי עס שטייט אין תנ"ך[154] "ועפר בעפר"?

ובפרט ע"פ המבואר אין זהר פ' וישלח[155] אויפן פסוק[156] "ויאבק איש עמו", אז "אבק" און "עפר" זיינען צוויי באזונדערע ענינים, און נאכמער - ענינים הפכיים: "עפר" איז מצמיח, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין פון קדושה, און "אבק" איז ניט מצמיח, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין פון

- לעו"ז -

---

149) שם, יח-יט. 150) שם, יז. 151) כ, כב. 152) קידושין לח, א. ועוד. 153) משנה ד. 154) ש"ב טז, יג. וראה מחז"ו לאבוה כאן. 155) קע, א. 156) וישלח לב, כה.

לעו"ז, און דערפאר בנוגע צו "שרו של עשו"[157] שטייט דער לשון "ויאבק" (מלשון "אבק"), וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון לעו"ז (וכמבואר אויך אין חו"א אין די דרושים פון וישלח[158]).

וואס עפ"ז ווערט די קשיא נאך גרעסער: פארוואס שטייט "והוי מתאבק בעפר רגליהם", און ניט "והוי מתעפר בעפר רגליהם" - "אבק" באווייזט דאך אויף אן ענין פון לעו"ז?!

ב) וואס איז דער קשר צווישן די דריי ענינים: "יהי ביתך בית ועד לחכמים", און "הוי מתאבק בעפר רגליהם", און "הוי שותה בצמא את דבריהם"?

ג) וואס איז די שייכות פון דעם מאמר מיט בעל המאמר - "יוסי בן יועזר איש צרדה"?

וכפי שיתבאר לקמן.

לג. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - איז אויפן זהר פון פ' מטו"מ זיינען ניטא קיין הערות - עס איז אבער דא א הערה אין שמיני[159] וואס דארטן ברענגט ער אראפ א פסוק פון סוף פ' מטות - "ויקרא לה נובח בשמו".

און ער איז מבאר דארטן אז דער ווארט "לה" איז מיט א "מרכא כפולה" - ועד"ז זיינען דא נאך ווערטער (בדומה צו "לה") אין חומש מיט א "מרכא כפולה": "ויבא לו יין וישת" וואס שטייט בא יעקב[160], "אשר לא צוה אותם ה'" וואס שטייט בא נדב ואביהוא[161], און "ויקרא לה נובח בשמו" וואס שטייט בפרשתנו, "ל"א ל"ו ל"ה. בכולם הטעם הוא מרכא כפולה".

און ער איז מבאר אז "מרכא כפולה . . רומז על או"א" - חכמה ובינה.

וואס לכאו' איז דאס דורש ביאור - ווארום: "מרכא כפולה" איז "תרי טעמי" (ווי עס שטייט אין זהר פ' בלק[162], און עס ברענגט זיך אראפ אין לקוטי לוי"צ[163]), און ס'איז מבואר אין פרדס[164] (ווי שוין געציינט אין לקו"ש[165]) אז "תרי טעמי" באווייזט אויף נו"ה, און ניט אויף חו"ב?

עד"ז איז דא אין פרדס נאך א דבר פלא - וכפי שיתבאר לקמן.

- לד. -

---

157) ב"ר פע"ז, ג. תנחומא וישלח ח. פרש"י עה"פ. זהר שם.
158) כו, ג-ד. 159) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רסח.
160) תולדות כז, כה. 161) שמיני י, א. 262) קפט, א.
163) שם ע' רעז. 164) שער הטעמים. 165) פ' מטו"מ ש.ז. הע' 1.



הנחה הת' בלתי מוגה

לד. האמור לעיל וועגן דעם ענין פון "גבול" און "מצר", איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער אין דעם מאמר (וואס ער איז מיוסד אויף די מאמרים פון רבותינו נשיאינו) אז דער כללות הענין פון מיצרים וגבולים איז פאר-בונדן מיט ארץ מצרים, וואס דער ענין פון מצרים איז - ווי עס שטייט אין מדרש[166] "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהן מצירות לישראל".

וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות הענין פון "בין המצרים" - וויבאלד אז דעמולט האט מען געמאכט ענג צו אידן און אידישקייט:

דער ענין פון אידישקייט איז דאך פארבונדן מיטן ביהמ"ק הפנימי וואס איז דא בא יעדער אידן, וואס דאס איז דער ענין פון יראת שמים[167].

און דאס איז דער כללות הענין פון "ירושלים" - ווי עס ווערט אראפגעבראכט בכ"מ[168] דאס וואס ס'שטייט אין תוס'[169] (פון מדרש[170]) אז "ירושלים" איז "על שם יראה ועל שם שלם", ד.ה. דער ענין פון שלימות היראה.

ביז ווי דאס איז אין פשטות הענינים - ווי עס שטייט בכ"מ[171] אז בשעת א איד האט עולה לרגל געווען אין ירושלים, און האט דארטן געזעהן "כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם", האט דאס גע'פועל'ט ביי אים א שלימות אין דעם ענין פון יראה, און דערנאך האט ער דאס מיטגענומען מיט זיך אין דער היים.

און דער ענין פון "בין המצרים" ("בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב"[172]) איז - אנהויבנדיק דערפון וואס "הובקעה העיר"[173], אז א גוי האט צושפאלטן תומת ירושלים, ביז צום סיום דערפון - אין תשעה באב, וואס דעמולט איז געווען דער חורבן פון בית המקדש.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "בין המצרים" אין עבודה רוחנית - דער היפך פון יציאת מצרים.

לה. אין דערויף זעט מען אויך די "נפלאות" וואס זיינען דא

- בפרש"י -

------------

166) ב"ר פט"ז, ה. 167) ראה ג"כ שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת ש.ז. ס"ו. 168) לקו"ת פקודי ד, א. ראה כט, ד. ר"ה ס, ב. ד"ה א"ר אושעיא כו' צדקה פרזונו תרפ"ט פ"ו (סה"מ קונטרסים ח"א לו, א). ובכ"מ. 169) ד"ה הר - תענית טז, א. 170) ב"ר פנ"ו, י. 171) הוד"ה כי מציון - ב"ב כא, א. רשב"ם עה"פ ראה יד, כג. 172) פדש"י עה"פ איכה שם. 173) תענית כו, סע"א ואילך במשנה.

בפרש"י (כידוע דער פתגם פון של"ה[174] אז אין פרש"י זיינען דא "ענינים מופלאים":

ס'איז דאך ידוע[175] אז יעדער ענין וואס איז דא בעולם ווערט נשתלשל פון קדושה, און עס קען ניט זיין קיין ענין בעולם וואס ווערט ניט נשתלשל פון קדושה.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק - ווי קומט אין וועלט דער ענין פון מיצרים וגבולים, אן ענין של הגבלה:

דער אויבערשטער איז דאך דער בל"ג האמיתי, איז לכאורה, וויבאלד אז די גאנצע בריאה נעמט זיך פון דעם אויבערשטן, דארף די גאנצע בריאה זיין אין אן אופן פון א"ס און בל"ג [בדוגמא ווי ס'מאנט ביי אידן די עבודה פון "בכל מאדך"[176], אן קיינע מדידה והגבלה, דערפאר וואס זיי זיינען "מעשה ידי להתפאר"[177]] - אין ווי קומט דער גאנצער ענין פון מיצרים וגבולים?!

איז דער ביאור בזה מרומז אין דעם וואס רש"י פארבינדט דעם ענין המצוות מיט דעם ענין פון מצר וגבול ("לפי שהרבה מצוות נוהגות בארץ כו' הוצרך לכתוב מצרני גבולי דוהוי'"):

דער ענין פון מצוה איז דאך במדידה והגבלה דוקא, ולדוגמא: אין מצות תפילין האט דער אויבערשטער געוואלט אז ס'זאל זיין ד' פרשיות דוקא, לא פחות ולא יותר, "לא תוסיפו גו' ולא תגרעו" און "לא תוסיף עליו ולא תגרע ממנו"[178], און אויב א איד וועט לייגן תפילין מיט א מספר פרשיות בלי גבול, וועט ער ניט מקיים זיין מצות תפילין[179]. ועד"ז איז אויך בכל המצוות, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[180].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז מ'דארף האבן דעם ענין פון מדידה והגבלה כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין די מצוה כדבעי -

וואס דאס איז דער ענין פון "גבול" און "מצר" וואס איז פארבונדן מיט א"י - דער ענין פון מדידה והגבלה אויף צו מקיים זיין די מצוה "כמצות רצונך".

און פון דער מדידה והגבלה שבמצוות, איז נשתלשל - געווארן -

-------------

174) במס' שבועות שלו קפא, א. 175) ראה אוה"ת בראשית כרך ג תקסא. א ואילך. הקסד א ואילך. 176) ואתחנן ו, ה. וראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבה ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד. וש"נ. 177) ישעי' ס, כא. 178) ואתחנן ד, ב. ראה יג, א. רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט. הל' ממרים פ"ב ה"ט. וראה לקו"ש חי"ד ע' 179 הע' 6. 179) ראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן וראה שם. 180) קידושין לה. א.

הנחה הת' בלתי מוגה

געווארן דער ענין פון מיצרים וגבולים אין וועלט.

און לויט די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פרש"י זה, ווערט אויך פארענטפערט א שאלה וואס חוקרים פרעגן, און עס ברענגט זיך אויך אין קבלה[181]: ווי אזוי קען זיין אז פון אחדות הפשוטה (אדער אין אן אנדער לשון - פון א"ס האמיתי) זאל באשאפן ווערן אן עולם וואס דארטן איז דא א ריבוי פון פרטים.

ובלשון המדרש[182] אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו ער זאל שרייבן "נעשה" לשון רבים, און אז משה רבינו האט געפרעגט: היתכן, ווי אזוי קען מען שרייבן "נעשה" לשון רבים - האט אים דער אויבערשטער געזאגט "כתוב והרוצה לטעות יטעה",

ר.ה. אז כצד דערויף וואס כ'דארף געבן א נתינת מקום אויף דעם ענין פון בחירה, אז ס'זאל זיין "ובחרת בחיים"[183], דארף מען שרייבן "נעשה" לשון רבים, וואס דעמולט איז דא דער נתינת מקום אויף "הרוצה לטעות יטעה", וואס דעמולט איז בשעת אז ער איז ניט טועה, איז עס א הוכחה אז ביי אים איז דא דער "ובחרת בחיים".

וואס כל הנ"ל איז בנוגע צו די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פרש"י - דאס האט נאך אבער קיין שייכות ניט צו א בן חמש למקרא, וואס אים דארף מען מבאר זיין פשוטו של מקרא. וכפי שיתבאר לקמן.

לו. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין דער קיום המצווה "כמצות רצונך"[184],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון לימוד התורה - אנהויבנדיק פון דעם לימוד ע"ד הפשט. און דערנאך (שטעלט מען זיך ניט אפ, נאר מ'לערנט) אויך די "נפלאות" שבתורה,

ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ה"ת[185] אלס פס"ר להלכה אז "אמרו חכמי האמת שכל נפש צריכה לתיקונה לעסוק בפרד"ס כפי מה שהיא יכולה להשיג . . הן בפשטי ההלכות הן ברמזים ודרשות וסודות . . כדי שלא יצטרך לבוא בגלגול לעוה"ז",

- וואס -

------------

181) ראה דרמ"צ מצות מילה פ"ב (ה, ב ואילך). מצות האמנת אלקות פ"ד מהדו"ת (מח, ב ואילך). ועוד. 182) ב"ר פ"ח, ח. 183) נצבים ל, יט. 184) ראה תו"ח ויחי צה, א. צו, ג-ד. ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 185) פ"א ס"ד.

הנחה הה' בלתי מוגה

וואס בשעה אז ער לערנט תורה אין אלע ד׳ אופנים פון פרד"ס, און ער לערנט דאס "כמצות רצונך" - ע"י הקדמה עבודת התפלה (כמדובר לעיל (סכ"ד)) - איז דעמולט דער ליכוד התורה און דער קיום המצוה בשלימות,

און עס ווערט אויך דער ענין פון שלימות האדם - אז ביי אים איז דא דער ענין פון שלימות היראה.

און בצירוף כולם יחד - שלימות העם, צוזאמען מיט שלימות התורה - ווערט אויפגעטאן דער ענין פון שלימות הארץ, גאנץ א"י לגבולותי׳ בשלימות,

ביז צו תכלית השלימות וואס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

לז. דער ביאור אין פירוש רש"י:

כרוב הרגילות וואס מ׳איז איינגעוואוינט אז דער פירוש פון "גבול" איז "גרעניץ" ("מצר") - האט מען פארגעסן אויף נאך א פירוש וואס איז דא אין דעם ווארט "גבול":

דער עיקר פירוש פון דעם ווארט "גבול" איז - דער גאנצער שטח וואס געפינט זיך אין דעם גרעניץ.

ווי מ׳זעט דאס אין פירוש רש"י גופא:

מיט א פאַר פסוקים לפנ"ז[186] טייטשט אפ רש"י אויף "למטה אבותיכם" - "בשנים עשר גבולין כמנין השבטים", וואס דארטן איז דאך דער פירוש פון "גבולין" (ניט גרעניצן, נאר) חלקים, שנים עשר חלקים: נאר דאס האט אין זיך אויך דעם פירוש פון "מצר" (גרעניץ), וויבאלד אז דער חלק ווערט אויסגעשטעלט דורך דעם גרעניץ.

און אזוי איז אויך משמע פון פרש"י אין פרשה פינחס:

אויפן פסוק[187] "לרב הרבה נחלתו", ברענגט אראפ רש"י אז "השבטים היו כתובים בשנים עשר פתקין, ושנים עשר גבולים בשנים עשר פתקין", וואס דא איז אויך דער פירוש פון "גבול" - (ניט גרעניץ, נאר) שטח.

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק אז אין די "שנים עשר פתקין" האט מען ניט געדארפט שרייבן די אלע גרעניצן פון יעדער חלק, נאר ווי די גמרא[188] זאגט "טרף בקלפי של שבטים ועלה בידו זבולון. טרף בקלפי של התחומין ועלה בידו התחום עכו", ד.ה.

- אז -

------------

186) פרשתנו לג, נד. 187) פינחס כו, נד. 188) ב"ב קכב, א.

אז דארטן איז ניט געשטאנען די אלע גרעניצן פון דעם שטח (ווארום דעמולט איז נאך ניט געווען נוגע צו וויסן די גרעניצן, מערנים לאחרי שנכנסו לארץ, וואס דעמולט דארף מען וויסן וואו איז מען מחוייב אין די מצוות התלויות בארץ), ס'איז נאר געשטאנען "תחום עכו".

נאר דאס איז אויך פארבונדן מיטן אפטייטש פון גרעניץ - וויבאלד אז דער שטח וואס געהערט צו דעם שבט ווערט אויס-געשטעלט דורך דעם גרעניץ, ד.ה. אז דער שטח וואס געפינט זיך אין דעם גרעניץ, איז עס דער חלק וואס געהערט צו דעם שבט.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס שרייבט רש"י "מצרני גבולי רוחותי'" (ביידע לשונות. "מצר" און "גבול") - וויבאלד אז דער אפטייטש פון "גבול" איז ניט נאר גרעניץ, נאר אדרבה, דער עיקר אפטייטש פון "גבול" איז - דער גאנצער חלק.

ווען מ'קומט אבער צום פסוק "וגבול ים", וואס דארטן קען מען ניט טייטשן אז "גבול" מיינט חלק, ווארום דער "ים הגדול" איז ניט קיין חלק פון א"י - מוז רש"י אפטייטשן אז "גבול ים" מיינט "מצר מערבי". ד.ה. אז דא מיינט "גבול" מערנים ווי דער פירוש הכדויק ומצומצם - "מצר" (גרעניץ).

לה. בנוגע צו פירוש רש"י אויף "בין המצרים":

אויף "בין המצרים" טייטשט אפ רש"י: "בין המצרים - שיש גובה מכאן ומכאן ואין מקום לנוס", און אין דעווייף באשטייט די קינה. אז מצד דערויף וואס ס'איז ניט געווען קיין "מקום לנוס", איז געווען דער "כל רודפי' השיגוה".

דערנאך איז רש"י ממשיך: "המצרים - גבולים של שדה וכרם".

[ס'איז קיין קשיא ניט אויפן סדר אין פרש"י, אז לכאו' האט ער פריער געדארפט אפטייטשן דעם ווארט "המצרים" (אז דאס זיינען "גבולים של שדה וכרם"), און ערשט דערנאך מבאר זיין ווי אזוי ס'איז געווען "כל רודפי' השיגוה בין המצרים" - כמדובר כמ"פ אז עס זיינען דא כו"כ ענינים וואס זיינען א טעות פון דעם בחור-הזעצער. ועד"ז בנדו"ד:

רש"י ברענגט ניט אראפ פון פסוק דעם ווארט "המצרים" נאכאמאל - נאר דאס קומט אלס א המשך בפירושו: "בין המצרים" מיינט "שיש גובה מכאן ומכאן ואין מקום לנוס". וויבאלד אז "המצרים" זיינען "גבולים של שדה וכרם"].

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

צוליב וואס דארף רש"י זאגן אז "המצרים" מיינט - "גבולים" -

הנחה הה' בלתי מוגה

"גבולים של שדה וכרם", לכאו' וואלט ער נאר געדארפט זאגן אז "המצרים" מיינט "גבולים", צוליב וואס דארף ער אבער מוסיף זיין "שדה וכרם"?

לכאו' וואלט מען געקענט זאגן אז דערמיט וואס ער זאגט "גבולים של שדה וכרם", וויל ער שולל זיין דעם ענין פון "גבול ים":

אויך צו פאנאנדערטיילן צווישן צוויי ערטער, קען מען דאס טאן דורך א זאך וואס האט א גובה, און מ'קען דאס אויך טאן דורך א נהר אדער א ים, וואס האט נים קיין גובה.

און אויף דערויף זאגט רש"י "גבולים של שדה וכרם" - אויף צו בדגיש זיין אז מ'מיינט אזא גבול וואס "יש גובה בכאן ומכאן" ("גבולים של שדה וכרם"), און נים "גבול ים", וואס האט נים קיין גובה.

עס איז אבער נאך אלץ נים פארשטאנדיק - ווארום:

א) פון וואנעט נעמט מאקע רש"י אז דא רעדט זיך וועגן אזוינע גבולים וואס האבן א "גובה מכאן ומכאן", אפשר רעדט זיך אויך וועגן "גבול ים", וואס דעמולט איז דאך אויך "אין מקום לנוס", ווארום מ'קען נים אנטלויפן אין ים?!

ב) אפי' אויב רש"י האט א הוכחה אז עס רעדט זיך וועגן גבולים וואס האבן א "גובה מכאן ומכאן" - איז נים פארשטאנדיק: פארוואס דארף רש"י זאגן "גבולים של שדה וכרם", סיי "שדה" און סיי "כרם"?

ג) אויב רש"י רעכנט שוין אויס אלע גבולים אויסער "גבול ים", זיינען דא נים נאר "גבולים של שדה וכרם". נאר אויך גבולים פון אן עיר, צווישן אן עיר מיט א שדה, אדער צווישן איין עיר מיט א צווייטע עיר, איז פארוואס דערמאנט נים רש"י גבולים פון אן עיר?

לט. דערנאך איז רש"י ממשיך: "ובדרש אגדה בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב", ד.ה. אז "בין המצרים" איז נים דער פירוש "שיש גובה מכאן ומכאן". נאר דאס גייט אויף די טעג וואס "בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב", וואס דעמולט איז געווען דער "כל רודפי' השיגוה".

וואס וויבאלד אז רש"י ברענגט צוויי פירושים - דארף מען האבן א ביאור ע"ד הפשט: פארוואס איז דער ערשטער פירוש נים מספיק. וואס דערפאר דארף מען אנקומען צום צווייטן פירוש:

און פארוואס ברענגט רש"י די פירושים אין דעם סדר דוקא וואס דער סדר ביי א חכם איז אויך ע"פ טו"ד וחכמה,

- און -

הנחה הה' בלתי מוגה

און איז א הוראה, וואס דאס באווייזט[189] אז דער ערשטער פירוש איז קרוב יותר צו פשש"מ, נאר דער פירוש איז נאך אלץ ניט מספיק, וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו א צווייטן פירוש, וואס אע"פ אז דער צווייטער פירוש איז "מדרש אגדה", איז עס אבער אן "אגדה המישבת דברי המקרא"[190], אבער אעפ"כ איז עס ווייטער פון פשש"מ מער פון דעם ערשטן פירוש.

וכפי שיתבאר לקמן.

מ. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

אין חגיגה[191] ברענגט זיך א מחלוקה צווישן "יוסי בן יועזר" מיט "יוסי בן יוחנן" ("שלא לסמוך" אדער "לסמוך"), און הוס'[192] ברענגט אראפ פון ירושלמי[193] אז "בראשונה לא הי' מחלוקת אלא על הסמיכה בלבד", און "זו היא מחלוקת ראשונה שהיתה בחכמי ישראל"[194].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס האט דוקא "יוסי בן יועזר" געזאגט "יהי ביתך בית ועד לחכמים" - ובהקדים:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן א ציווי (ובפרט אז מ'זאגט אז דאס איז גאר "מילתא דחסידותא"[195]) אז "יהי ביתך בית ועד לחכמים" - לכאו' אז מ'וועט זאגן א נארמאלן מענטשן אז זיין הויז דאל זיין "בית ועד לחכמים" (אזוינע וואס "הורה" דופט זיי אן "חכמים"), איז עס פאר אים דער גרעסטער כבוד.

איז לכאו', צוליב וואס דארף מען האבן א ציווי מיוחד אז "יהי ביתך בית ועד לחכמים", און וואו איז דא די "מילתא דחסידותא" - ער וועט דאס אליין מאן אויך צו נתפרסם ווערן אז זיין הויז איז אן ארט וואו עס קלייבן זיך צוזאמען די "חכמים" אויף צו באטראכטן אן ענין בתורה?!

איז דער ביאור בזה:

כל זמן אז ס'איז ניט געווען דער ענין-המחלוקת צווישן חכמי ישראל (איידער עס זיינען געקומען "יוסי בן יועזר" און "יוסי בן יוחנן"), וואס דעמולט איז געווען "דברי חכמים בנחת נשמעים"[196] (וויבאלד אז ס'איז ניט געווען קיין מחלוקה) - דארף מען מאקע ניט אנקומען צו א ציווי "יהי - ביתך -

---

189) ראה לקו"ש חי"א ע' 57. שם ח"ע 141 ואילך. ובכ"מ.
190) ראה פרש"י עה"פ בראשית ג, ח. 191) טז, א במשנה.
192) ד"ה יוסי - חגיגה שם. 193) חגיגה פ"ב ה"ב בהתחלה.
194) פרש"י ד"ה יוסי - חגיגה שם. 195) ראה ב"ק ל, א.
196) קהלת ט. יז.

הנחה הת' בלתי מוגה

ביתך בית ועד לחכמים" (וויבאלד אז ס'איז מעצמו מובן אז דאס איז א גוטע זאך);

ווען עס זיינען אבער געקומען "יוסי בן יועזר" און "יוסי בן יוחנן", וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ענין המחלוקת צווישן חכמי ישראל [די מחלוקת גופא איז אנגעגאנגען במשך כל ימי חייהם, און אויך אין די דורות שלאח"ז (און ניט אז מ'האט גלייך מכריע געווען לכאן או לכאן), און דערנאך זיינען געווען נאך כו"כ ענינים אין וועלכע ס'איז געווען א מחלוקת צווישן חכמי ישראל],

וואס דער ענין פון א מחלוקת איז – אז זה אומר כך מיטן גאנצן קאך, און זה אומר כך מיטן גאנצן קאך, ביז אין אן אופן אז "אורייתא הוא דקא מרתחא לי'"[197], ביז ווי די גמרא[198] דערציילט אז "נעצו חרב בביהמ"ד", און מ'האט געזאגט אז "הנכנס נכנס והיוצא אל יצא", מ'וועט קיינעם ניט ארויס-לאזן ביז מ'וועט פאנאנדערקלייבן און מכריע זיין צווישן די צוויי דעות –

האבן גלייך געדארפט באווארענען "יוסי בן יועזר" און "יוסי בן יוחנן" (וואס דורך זיי האט זיך אנגעהויבן דער ענין המחלוקת צווישן חכמי ישראל) – דער ראשון ועיקר צווישן זיי – "יוסי בן יועזר", אז אע"פ אז ס'איז געווארן דער ענין המחלוקת צווישן חכמי ישראל, איז אעפ"כ, מצד "מילי דחסידותא" דארף זיין "ביתך בית ועד לחכמים",

ד.ה. ניט אז אמאל בדרך מקרא לאָדט ער איין די "חכמים" צו זיך אין הויז, נאר אדרבה, ער שטעלט צו זיין הויז צו די "חכמים", אז זיי זאלן וויסן אז בשעת זיי דארפן זיך צוזאמענקלייבן, ווייסן זיי אז "ביתך" איז "בית ועד לחכמים" – ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס אין א "בית ועד לחכמים" איז אויך דא דער ענין פון מחלוקת (וויבאלד אז ס'איז געווארן דער ענין המחלוקת צווישן חכמי ישראל).

מא. דערנאך איז די משנה ממשיך: "והוי מתאבק בעפר רגליהם". והביאור בזה:

בשעת ס'איז דא א "בית ועד לחכמים", געפינען זיך דארטן די "חכמים" צוזאמען מיט זייערע תלמידים.

וואס ביז וואנעט דער תלמיד קומט צו דער דרגא פון א תלמיד ששמש כדי צרכו, איז דא א משך זמן וואס ער איז טאקע משמש את רבו, עס איז אבער נאך ניט כדי צרכו – ווי תוס'[199]

- ברענגט -

---

197) תענית ד, א. 198) שבת יז, א. 199) חגיגה שם.

ברענגט אז ס׳איז דא א מציאות פון תלמידים "שלא שמשו כל צרכן".

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז "שמש כדי צרכו" ווערט ניט גלייך מיטן ערשטן שימוש וואס ער איז משמש את רבו, נאר ער דארף אים משמש זיין כו"כ פעמים (יעדערער לויט זיין מעמד ומצב - וויבאלד אז "אין דעותיהם שוות"[200]), ביז וואנעט אז ס׳וועט זיין "שמש כדי צרכו", וויפל מ׳דארף האבן; ס׳איז אבער א דבר הפשוט אז אין תחלת השימוש איז עס נאך ניט "כדי צרכו", און דעמולט איז ער אין א דרגא פון תלמיד שלא שמש כל צרכו.

און בשעת אז דער תלמיד איז נאך ניט צוגעקומען צו דער שלימות פון "שמש כל צרכו", קענען זיך דעמולט אריינמישן ענינים פון "שלא לשמה" - ער לערנט תורה על מנת שיקרא חכם, ע"מ שיתקרא רבי[201],

ובפרט לויט ווי דער רמב"ם איז מבאר באריכה אין פיהמ"ש[202], אז מצד טבע האדם מוז זיין ההחלת הלימוד אין אן אופן פון "שלא לשמה", און ערשט דערנאך קומט ער צו צו דער דרגא פון עבודה לשמה, און ער לערנט תורה לשמה.

און ס׳איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס התחלת הלימוד איז אין אן אופן פון שלא לשמה, איז עס געווען אויך בזמן הגמרא און בזמן המשנה (וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט טבע האדם) -

ווי מ׳געפינט אין דעם פרק גופא[203] די באווארעניש פון "אנטיגנוס איש סוכו", אז "אל תהיו כעבדים המשמשין את הרב על מנת לקבל פרס, אלא הוו כעבדים המשמשין את הרב שלא על מנת לקבל פרס",

וואס דעמולט קען זיין אז אין דעם "בית ועד לחכמים" זאל זיין אן ענין בלתי רצוי - עס וועט זיין א מחלוקה אין אן אופן פון שלא לשמה, צוליב אן ענין של נצחנות. ד.ה. אז אויף צו באווייזן דעם צווייטן אז ער איז א גרעסערער חכם, וועט ער זאגן "איפכא מסתברא",

ווארום יעדערער האט דאך געוואלט מהנה זיין אנדערע בחורהו - מ׳זאל ניט זיין דער "לכם מרעהו חסד"[204], וועט ער זאגן "איפכא מסתברא" פון דעם צווייטן,

- און -

200) ראה ברכות נח. א. ועוד. 201) ראה הל׳ ה"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג. וש"נ. 202) לסנהדרין פ׳ חלק ד"ה וכה הפישית. 203) משנה ג. 204) איוב ו, יד. כתובות צו, א.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

און ווי מ'געפינט אין גמרא[205] אז ר' נחוניא בן הקנה האט מתפלל געווען אז "לא אכשל בדבר הלכה וישמחו בי חברי . . ולא יכשלו חברי בדבר הלכה ואשמח בהם כו'" - וואס ר' נחוניא בן הקנה איז געווען אין זמן התנאים, און ס'איז ידוע גודל מעלתו (ובפרט ווי מ'זעט פון תפלת "אנא בכח" וכו'[206]), און אעפ"כ האט ער מתפלל געווען די תפלה הנ"ל.

מב. און אויף דערויף זאגט מען "הוי מתאבק בעפר רגליהם":

"רגליהם" פון די "חכמים" איז כולל זייערע תלמידים, און בא די תלמידים קען זיין אז ס'זאל זיך אריינמישן אן ענין בלתי רצוי, אן ענין פון שלא לשמה, וואס דאס איז אן ענין של "אבק", היפך הקדושה,

[די "חכמים" אליין זיינען "חכמים" אמיתיים, און בא זיי זיינען אלע ענינים נאר מצד הקדושה; אבער בנוגע צו זייערע תלמידים, איז איידער זיי קומען צו צו תכלית השלימות, "שמש כל צרכו", קען זיך אריינמישן אן ענין פון היפך הקדושה - אן ענין פון "אבק"].

בא די תלמידים גופא איז דער עיקר הענין "עפר רגליהם", וואס "עפר" באווייזט אויף דעם ענין הקדושה (ווי דערמאנט פריער (סל"ב) אז עפר איז מצמיח), און עס באווייזט אויף הכליה הענוה והשפלות, "ונפשי כעפר לכל תהי'" (וואס דערפאר זיינען זיי "רגליהם") - עס קען זיך אבער אריינמישן אן ענין של "אבק", היפך הקדושה.

און דאס איז די הוראה פון דער משנה אז "יהי ביתך בית ועד לחכמים", און אע"פ אז אמאל קען דערפון ארויסקומען אן ענין של "אבק" - איז "הוי מתאבק בעפר רגליהם". ד.ה. אז דערפון דארף ער אויך זיין צופרידן.

שרייט ער אבער אז דאס איז אן ענין של "אבק", און דאס קען אים שאטן!

איז די משנה ממשיך: "והוי שותה בצמא את דבריהם" (כדלקמן).

מג. והביאור בזה:

בשעת א מענטש איז זיך "מתאבק", ער שלינגט איין אין זיך "פיל" (ווי מ'רופט דאס אן דא "דאסט") - ווערט ער דערבולט דארשטיג, און אויף צו מבטל זיין דעם דארשט איז די עצה ער זאל טרינקען.

- ועד"ז -

------------

205) ברכות כח, ב. 206) ראה תולדות הו"א (הייכאן) מערכו (ע' 923).



הנחה הת' בלתי מוגה

ועד"ז בנדו"ד: אע"פ אז דורך דערויף וואס ער איז זיך "מתאבק בעפר רגליהם" ווערט ביי אים א צמאון - איז גלייך דא די עצה אויף דערויף - "הוי שותה בצמא את דבריהם" פון די "חכמים", וואס דאס וועט באווארענען אז דער "אבק" זאל אים ניט שאטן.

ואדרבה: ניט נאר וועט אים דער "אבק" ניט שאטן, נאר ער וועט דאס נאך מהפך זיין לקדושה. והביאור בזה:

אויפן פסוק "ויאבק איש עמו", וואס דאס גייט אויף "שרו של עשו", זאגט די גמרא[207] אז "העלו אבק ברגליהם עד כסא הכבוד".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז פון "שרו של עשו" (לעו"ז) זאל ארויפגיין "אבק" ביז צו "כסא הכבוד" (אן ענין של קדושה)?!

איז מבאר אויף דערויף דער אלטער רבי[208] בארוכה. אז דורך דעם "ויאבק איש עמו", וואס אין דערויף האט יעקב מנצח געווען "שרו של עשו", ביז אין אן אופן אז "שרו של עשו" האט געבענטשט יעקב'ן[209] - האט ער מעלה געווען "שרו של עשו", ביז אין אן אופן פון "הדונות נעשו לו כזכיות"[210], אז דער "אבק" זיינער איז צוגעקומען "עד כסא הכבוד".

ועד"ז בנדו"ד - אז ניט נאר וועט אים דער "אבק" ניט שאטן. נאר אדרבה. ער איז מהפך דעם "אבק" לקדושה.

כד. עס איז דא נאך אן ענין אין "הוי מתאבק בעפר רגליהם, והוי שותה בצמא את דבריהם":

בשעה ער דערזעט א תלמיד וואס לא שמש כל צרכו. ובמילא איז ביי אים דא אן ענין של "אבק" - קען ער דאך טראכטן אז ער וועט זיך איינשליסן אין זיינע ד' אמות. און וועט לאזן יענעם מאטערן זיך אין דעם "אבק".

זאגט מען אים "הוי מתאבק בעפר רגליהם": וויבאלד אז בהשגחה פרטית האט ער געזעהן ווי א איד מאטערט זיך מיט אן ענין של "אבק". איז מאטערט זיך עד כדי כך אז ער ווייסט ניט אז ער מאטערט זיך. ער מיינט גאר אז דאס איז גוט - דארף זיין דער "ויאבק איש עמו". ער דארף זיך מיט אים מתאבק זיין (ווי דער אלטער רבי איז דארטן מבאר אז בשעה ס'איז זיך מתאבק מיט א צווייטן. איז מען אים חובק וכו'), ביז אז ער וועט פועל'ן אז דער "אבק" זאל נתהפך ווערן צו אן ענין של קדושה.

- און -
------------

207) חולין צא, א - ע"פ גירסת הע"י. 208) תו"א שם. 209) וישלח שם. ל. 210) יומא פו. ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

און דעמולט ווערט אויפגעטאן ביים משפיע דער "הוי שותה בצמא את דבריהם":

דער רמב"ם[211] איז מבאר די מעלה פון בעלי תשובה אויף צדיקים, אז "שכרו (פון א בע"ת) הרבה שהרי טעם טעם החטא ופירש ממנו וכבש יצרו", און דערפאר איז "מעלתן גדולה ממעלת אלו שלא חטאו מעולם, מפני שהן כובשים את יצרם יותר מהם", און ווי ער איז מאריך בארוכה אין די שמונה פרקים[212].

ועד"ז איז דער אלטער רבי מבאר אין תניא[213] אז מצד דערויף וואס "עד הנה היתה נפשו בארץ צי' וצלמות", איז דערפאר "צמאה נפשו ביתר עז מצמאון נפשות הצדיקים",

און דערפאר ווערט ביי אים אן "אהבה רבה וחשיקה ונפש שוקקה לדבקה בו ית'" - מצד דערויף וואס ער כאפט זיך צום אמת אז דער אויבערשטער והורתו ומצוותיו איז דער "מקור מים חיים" (ווי עס שטייט אין הייגטיקע הפטרה[214]), ביז אז דורך דעם עניין פון תשובה מאהבה איז (ניט נאר אז "זדונות נעשו לו כשגגות", נאר) "זדונות נעשו לו כזכיות"[215].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס ער איז "מתאבק בעפר רגליהם", ער פועל'ט ביי א צווייטן אידן אז דער "אבק" זאל נהפך ווערן לקדושה (ער זאל צוקומען צו דער דרגא פון בע"ת) - טוט דאס אויף אויך ביי אים די מעלה פון א בע"ת, אז זיין עבודה זאל זיין אין אן אופן של "צמאון" - "הוי שותה בצמא את דבריהם".

מה. אין דערויף איז אויך דא די באווארעניש פון "הוי שותה בצמא את דבריהם" כפשוטו:

ער קען דאך טראכטן אז וויבאלד ער האט מתקן געווען א צווייטן אידן, און האט אים אוועקגעשטעלט על דרך הטוב והישר - דארף ער שוין ניט אנקומען צו די "חכמים", ער איז אליין א "יא טיביע דאס", והראי', אז ער האט מחזיר בתשובה געווען איין אידן און א צווייטן אידן, און כו"כ אידן, וואס די בע"ת וועלכע ער האט אויפגעשטעלט זיינען גרעסער פון "צדיקים", און גרעסער פון די "חכמים".

זאגט מען אים אז אעפ"כ דארף ער אנקומען צו די "חכמים", דערפאר וואס "אל תאמין בעצמך".

און ניט נאר אז בדרך הכרח ובדרך גזירה דארף ער אנקומען צו די "חכמים" (וויבאלד אז ער האט ניט קיין אנדער

- ברירה -

------------

211) הל' תשובה פ"ז ה"ד. 212) פ"ו. 213) פ"ז. 214) ירמי' ב, יג. 215) אבות פ"ב מ"ד.

בירה, דערפאר וואס מ׳זאגט אים "אל תאמין בעצמך") - נאר "הוי שותה בצמא את דבריהם", ביי אים זאל זיין א צמאון אויף שותה זיין את דבריהם, ביז אין אן אופן פון "איזהו חכם הלומד מכל אדם"[216].

מיט נאך כמה דיוקים וואס מ׳קען זאגן אין דעם ענין.

מו. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

אין דער הערה איז מבואר אז די "מרכא כפולה" איז "תרי טעמי" וואס איז "רומז על או"א . . ויתכן לחושבם עם א"א שהוא כח"ב . . עם חג"ת ז"א ועם נה"י נוקבא" - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דאס איז אויך כולל נו"ה (ווי עס שטייט אין פרדס).

נאר אין פרדס איז מודגש ביז וואנעט קוכט אן די המשכה פון או"א - וואס דאס איז דער ענין פון נו"ה, כמבואר בב"מ[217] ווי כתר איז פארבונדן מיט "א-ל עליון גומל חסדים טובים . . ומביא גואל לבני בניהם", דער ענין פון נו"ה, וכמבואר אויך אין דעם ענין פון "מתלמידי יותר מכולם"[218], ובכ"מ.

מז. אין פרדס איז אבער דא א דבר תמוה וואס איז דורש ביאור:

אין פרדס[219] איז מבואר אז "תרי טעמי" פון "מרכא כפולה" גייט אויף נצח והוד, וואס אע"פ אז נצח איז אין קו הימין והחסד, און הוד איז אין קו השמאל והגבורה, זיינען זיי אבער ביידע נוטה לימין - פונקט אזוי ווי בא "גרשיים", וואס דאס איז אויך "תרי טעמי" (אזוי ווי "מרכא כפולה" - נאר למעלה מן התיבה). אז זיי זיינען נוטה לימין.

און דאס איז וואס ס׳שטייט בא יעקב׳ן "ויבא לו יין וישת" (מיט א "מרכא כפולה") - וויבאלד אז ענינו פון יעקב איז ספירת התפארת, און תפארת איז נוטה אל הימין, ועד"ז זיינען די "תרי טעמי" אויך נוטה אל הימין.

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: בשעה מ׳גיט א קוק אויף צורת הטעמים, זעט מען אז בא "גרשיים" (וואס איז למעלה מן התיבה) זיינען טאקע ביידע פאסיקלאך נוטה אל הימין (ווי ער זאגט דארטן אין פרדס), אבער בא "מרכא כפולה" (וואס איז למטה מן התיבה), זיינען ביידע פאסיקלאך נוטה אל השמאל (אזוי ווי א "מרכא" סתם איז נוטה אל השמאל) -

איז ווי שטימט דאס מיט דעם וואס שטייט אין פרדס אז

- די -

------------

216) שם רפ"ד. 217) ראה לקו"ת פרשהנו (כמעי) צ. ג - כפע"ח שער העבידה פי"ד-טו. ועוד. 218) תענית ז, א. 219) שם פ"ד.

די "תרי טעמי" פון "מרכא כפולה" זיינען נוטה ליכין - ס'איז דאך שווער צו זאגן אז דער פרדס האט געהאט אן אנדער ציור אין טעמי המקרא, ווארום מ'זעט אז אין אלע דפוסים איז א "מרכא כפולה" נוטה לשמאל?!

און דערפאר איז דער ענין דורש ביאור ועיון במו"מ מקומות, ובפרט אין אגרת הטעמים (ווי ס'איז אויך געדרוקט אין שפע טל, מיט א ביאור ע"ד), וואס דארטן זיינען מבואר כמה טעמים, אבער דארטן איז ניט מבואר דער טעם פון "מרכא כפולה" - דארף מען זוכן דעם ביאור בזה אין אנדערע ספרים וואס זיינען מבאר טעמי המקרא (ניט נאר ע"ד הפשט, נאר) אויך ע"ד הדרוש, רמז וסוד האמיתיים.

כה. דער ביאור אין פירוש רש"י אויף "בין המצרים":

דעם פסוק "כל רודפי' השיגוה בין המצרים", האט ירמי' הנביא געזאגט אויפן חורבן פון ביהמ"ק הראשון, אז דעמולט זיינען אידן אנטלאפן, און ס'איז געווען "כל רודפי' השיגוה בין המצרים".

און דערפאר קען רש"י ניט זאגן אז "המצרים" מיינט "גבול ים" - וויבאלד אז לעבן ירושלים (וואו אידן זיינען אנטלאפן) איז ניטא קיין ים וואס זאל זיי שטערן אז זיי זאלן ניט קענען אנטלויפן ("אין מקום לנוס").

און רש"י קען אויך ניט זאגן אז מ'מיינט א גבול פון אן עיר - ווארום: נאך דעם חורבן פון ביהמ"ק זיינען אידן אנטלאפן פון ירושלים. ווארום מ'האט דאך איינגענומען ירושלים - קען מען ניט זאגן אז "המצרים" גייט אויף די חומה פון ירושלים (גבול פון אן עיר), ווארום מ'איז אנטלאפן מחוץ להומה ירושלים, ווי קומט אהינצו הומה ירושלים.

און מ'קען אויך ניט זאגן אז עס גייט אויפן גבול פון אנדערע שטעט - ווארום מה-דאך אז מ'האט איינגענומען ירושלים. האט מען דאך זיכער איינגענומען לפנ"ז אלע אנדערע שטעט פון יהודה (ווי דערציילט אין הנ"ך באריכה) - קען מען ניט זאגן אז די גבולים פון די אנדערע שטעט זיינען געווען די "מצרים" וואס האבן געמאכט אז מ'זאל זיין "אין מקום לנוס". ווארום מ'איז אנטלאפן מחוץ פון די שטעט.

און דערפאר זאגט רש"י אז "המצרים" זיינען "גבולים של שדה וכרם":

ארום ירושלים זיינען געווען סיי שדות און סיי כרמים, און צווישן די שדות און כרמים זיינען דא גבולים, וואס די גבולים זיינען אין אן אופן פון "גובה מכאן ומכאן" (צי א "גובה" פון אבנים. פון עצים. אדער פון אדמה) -

- און -

און אויף דערויף זאגט מען "כל רודפי' השיגוה בין המצרים": ווען מ'איז אנטלאפן פון ירושלים, איז מען אנטלאפן אויף אלע זייטן, ע"ד ווי עס שטייט[220] "בשבעה דרכים ינוסו לפניך", ובפשטות איז מען אנטלאפן אין די שדות וכרמים וואס זיינען געווען ארום ירושלים - איז דארטן געווען דער "השיגוה בין המצרים", צווישן די "גבולים של שדוה וכרמים", וואס דארטן איז "יש גובה מכאן ומכאן", און דערפאר איז "אין מקום לנוס".

מט. דער פירוש איז אבער ניט מספיק. ווארום:

בשעת עס שטייט "בין המצרים", בה"א הידיעה, איז דער פירוש בזה אז כ'מיינט די "מצרים" הידועים - קען מען דאך ניט זאגן אז ס'מיינט די "גבולים של שדה וכרם", וויבאלד אז די זיינען בפירוש ניט ידועים: אידן זיינען אנטלאפן אויף אלע זייטן [ניט נאר "בשבעה דרכים". ווארום ס'מיינט ניט "שבעה" דוקא, נאר אויף צו באווייזן אויף אן ענין של ריבוי[221]], און עס זיינען געווען פארשידענע-ערליי שדות און כרמים - פאסט ניט זאגן "בין המצרים", בה"א הידיעה.

און דערפאר ברענגט רש"י דעם צווייטן פירוש: "ומדרש אגדה בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב". וואס לויט דעם פירוש איז פארשטאנדיק וואס מ'זאגט "בין המצרים", בה"א הידיעה - דערפאר וואס די טעג פון "שבעה עשר בתמוז" און "תשעה באב" זיינען שוין געווען ידוע קודם החורבן:

נאך איידער ס'איז געווען דער ענין פון "הובקעה העיר" אין "שבעה עשר בתמוז", איז שוין דעמולט געווען דער ענין וואס "נשתברו הלוחות" (ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ה[222]) - וואס דערפאר איז דער טאג פון "שבעה עשר בתמוז" געווען ידוע.

ועד"ז בנוגע צו "תשעה באב" - ווי רש"י האט שוין געזאגט פריער[223] אז "לילה של בכיה כרגלים בתשעה באב גרמה להם". אז מצד דערויף וואס "ויבכו העם בלילה ההוא"[224], איז נקבע געווארן די "בכי' לדורות" אין תשעה באב, און דערפאר איז דער טאג פון תשעה באב געווען ידוע קודם החורבן.

נ. דער פירוש איז אבער נאך ווייטער פון פשוטו של כתובים ווי דער ערשטער פירוש. ווארום:

- יוֹיטן -

-------------

220) תבוא כח, ז. 221) ראה פרש"י עה"פ. 222) עה"פ תשא לא, יח. ועוד. 223) איכה שם. ב. 224) שלח יד, א. וראה תענית כט, א.

לויטן פירוש אז "בין המצרים" איז "בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב", דארף אויסקומען אז "כל רודפי' השיגוה" איז געווען פאר תשעה באב (ווארום כ'איז געווען "בין המצרים");

אין דאס שטימט ניט מיט פשוטם של כתובים - ווארום ע"פ פשוטם של כתובים זיינען אידן אנטלאפן ערשט נאך תשעה באב, וואס דעמולט איז געווען דער "גלתה יהודה" (וואס גייט אויף גאנץ שבט יהודה, און אויף די אלע וואס זיינען געווען טפל צו יהודה, וואס זיי האבן זיך דעמולט געפונען אין ירושלים) - נאכן מצור אויף גאנץ ירושלים, וואס בסיומו איז געווען "הובקעה העיר" אין שבעה עשר בתמוז, ולאח"ז דער חורבן בית המקדש אין תשעה באב, איז דערפון פארשטאנדיק, אז דער "כל רודפי' השיגוה" איז געווען לאחרי תשעה באב, און ניט "בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב".

און דערפאר איז דער פירוש הקרוב יותר צו פשטות הכתובים - דער ערשטער פירוש, אז "בין המצרים" מיינט "גבולים של שדה וכרם" (וואס דעמולט איז פארשטאנדיק דער פירוש פון "בין המצרים"), און דעם פירוש אז "בין המצרים" מיינט "בין שבעה עשר בתמוז לתשעה באב", ברענגט ער נאר אלס א צווייטער פירוש.

נא. אין דערויף זעט מען אויך די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פירוש רש"י (ווי דערמאנט פריער (סל"ה)):

דער צ"צ איז מבאר אין זיינע רשימות אויף איכה, אז אלע ענינים וואס שטייען אין איכה האבן אויך א פירוש אין צד הטוב - וויבאלד אז ס'איז דא דער ענין פון "והפכתי אבלם לששון"[225], און יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים".

ועד"ז איז ער אויך מבאר[226] דעם פסוק "כל רודפי' השיגוה בין המצרים":

דער ענין פון "בין המצרים" איז בדוגמא הענין פון "מן המיצר קראתי י-ה ענני במרחב י-ה"[227], ד.ה. אז דורך דערויף וואס ס'איז זיך מתבונן אז דער גאנצער סדר השתלשלות איז אן ענין פון מיצר וגבול, און ס'איז לגמרי ניט תופס מקום, איז דורך דעם "מיצר" (וואס ווערט ע"י ההתבוננות) קומט מען צו צום "ענני במרחב י-ה", דער מרחב העצמי.

און דאס איז אין אן אופן פון "רודפי'" - בדוגמא ווי

- ס'שטייט -

------------

225) ירמי' לא, יב. 226) אוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'לה ואילך. 227) תהלים קיח, ה.

ס'שטייט[228] "אך טוב וחסד ירדפוני כל ימי חיי", וואס דאס באווייזט אז דער "טוב וחסד" איז ניט אין אן אופן פון מדה וגבול, נאר כ'יאגט אים נאך ("ירדפוני") און מ'גיט אים "טוב וחסד" למעלה ממדידה והגבלה לגמרי.

און אין דערויף זעט מען די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פרש"י - אז האמור לעיל איז מרומז אין דעם וואס רש"י זאגט אז "בין המצרים" מיינט "שיש גובה מכאן ומכאן" (כדלקמן).

נב. דער ביאור אין דעם:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאגט רש"י דעם לשון "שיש גובה מכאן ומכאן", לכאו' האט ער געדארפט זאגן "שיש גדר מכאן ומכאן"?

ובפרט אז מ'געפינט שוין אין חומש דעם לשון "גדר": עס שטייט[229] "ויעמוד מלאך ה' במשעול הכרמים גדר מזה וגדר מזה" - וואס דאס שטימט פיט אלע פרטים וועגן וועלכע עס רעדט זיך בנדון דידן:

דארטן איז געווען "ותט האתון מן הדרך ותלך בשדה"[230], און ס'איז געווען דער "משעול הכרמים" - סיי דער ענין פון "שדה" און סיי דער ענין פון "כרם", און כ'איז געווען "גדר מזה וגדר מזה", ובכילא איז ניט געווען קיין ארט וואו צו גיין, ע"ד ווי בנדו"ד אז "אין מקום לנוס" - האט דאך רש"י געדארפט זאגן דעם זעלבן לשון וואס שטייט דארטן "שיש גדר מכאן ומכאן". פארוואס זאגט ער "שיש גובה מכאן ומכאן"?

איז דער ביאור בזה - אין פשוטם של כתובים:

ויען כ'זאגט "גדר" סתם, מיינט מען א גדר של אבנים, ווי רש"י[231] זאגט "סתם גדר של אבנים הוא" - און וויבאלד אז ס'איז געווען "כל רודפי' השיגוה", וואו מ'האט נאר נאכגע-יאגט, אין אלע "שבעה דרכים", איז געווען דער "השיגוה בין המצרים", בא די "גבולים של שדה וכרם". קען רש"י ניט זאגן אז ס'איז געווען "גדר מכאן ומכאן", א גדר של אבנים, ווארום ס'איז שווער צו זאגן אז אומעטום איז געווען א גדר של אבנים:

און דערפאר זאגט רש"י אז ס'איז געווען "גובה מכאן ומכאן" - וואס "גובה" איז כולל אין זיך אלע אופנים של גבולים (וואס זיינען אין אן אופן פון "גובה"): א גובה פון (א גדר של) אבנים. א גובה פון עצים. אדער א גובה פון אדמה. וכיו"ב.

- דערבײ -

---

228) שם כג, ו. 229) בלק כב, כד. 230) שם, כג.
231) עה"פ שם, כד.

דערביי איז אויך מרומז דער ענין טוב וואס איז דא אין "בין המצרים" (כנ"ל סנ"א) - אז "במצרים" איז אן ענין של "גובה", וואס הגבהה ("גובה") באווייזט אויף א דבר טוב (מ׳קען דאס טאקע איבערקערן אויף אן ענין של ישוה פון לעו"ז, אבער סתם הגבהה באווייזט אויף אן ענין טוב), וואס אין דערויף זעט מען די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פרש"י.

נג. בנוגע צו דעם ענין פון "והפכתי אבלם לששון" - איז ח"ו צו זאגן אז מ׳דארף איבערווארטן ביז נאך "בין המצרים", און ערשט דעמולט זאל מען אנהויבן טראכטן אז איצטער קען זיך אנהויבן די צייט פון דער גאולה,

נאר דער אויבערשטער איז מקדים די "רפואה" פאר דעם ענין בלתי רצוי[232], ד.ה. אז נאך פאר די התחלה פון "בין המצרים" איז שוין דא דער ענין הגאולה. עאכו"כ אז מ׳איז שוין דורכגעגאנגען א טייל פון "בין המצרים". וואס דערמיט האט מען שוין יוצא געווען דעם ענין בלתי רצוי.

און ווי מ׳זאגט "אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח, ואע"פ שיתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבוא" - ווי די צוויי פירושים שבזה: דער פירוש העיקרי אין "אחכה לו בכל יום שיבוא", אז "בכל יום" איז "אחכה" אויף ביאת המשיח (ווען ער וועט נאר קומען). און אויך דער צווייטער פירוש - "בכל יום שיבוא", אז ער קומט היינטיקן טאג, אע"פ אז דאס איז ערב שבת אדער שבת. און אע"פ אז עדיין לא בא אלי׳, מיט אלע קושיות וואס מ׳קען פרעגן אויף דעריף.

און אויף דעריף זאגט מען אז בכל יום ובכל רגע ליגט דער ענין (פון ביאת המשיח) אין דער האנט פון א אידן - ווי דער רמב"ם[233] זאגט אז דורך דעריף וואס "עשה מצוה אחת" (במעשה, בדיבור, און אפי׳ במחשבה), איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות. וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

וכן תהי׳ לנו, ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין הבדלה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי׳ לנו". נאך זייענדיק אין די לעצטע רגעים פון גלות.

און מ׳זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה"[234] - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו. אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין" (בלשון הרמב"ם) - "מיד" ליטש כדה בשר ודם. בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים. במוב הנראה והנגלה. "ושמחה עולם על ראשם".

- צוה -

------------

232) ראה מגילה יג. א. וראה לקו"ש חי"ג ע׳ 280 ואילך.
233) הל׳ תשובה פ"ג ה"ד. 234) מגילה ו, סע"ב.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

* * *

נד. דער ביאור אין דעם וואס רש"י באווארענט ניט וואס איז געווארן מיט די "ענני הכבוד" לאחרי מיתת אהרן:

מ'האט גערעדט כמ"פ אז רש"י בפירושו על הש"ס און בפירושו עה"ת, איז ניט קיין פוסק, נאר א פרשן[235], משא"כ אין זיינע שו"ת אדער בסידורו, וואס דארטן ברענגט ער פסקי הלכה,

און דערפאר איז קיין קשיא ניט אז מ'געפינט אין פרש"י על הש"ס און אין פרש"י עה"ת ענינים וועלכע זיינען ניט מתאים מיט דער הלכה (אפי' ווי רש"י אליין פסק'נט די הלכה) - וויבאלד אז דארטן איז רש"י ניט קיין פוסק, נאר א פרשן.

ועפ"ז קען מען זאגן, אז אע"פ אז די גמרא זאגט אז "חזרו שניהם בזכות משה (פיר דער באר, און סיי ענני הכבוד), ווי די גמרא ברענגט די ראי' דערפון וואס ס'שטייט "ואכחיד את שלשה הרועים בירח אחד", וויבאלד אז לאחרי מיתה משה איז "נסתלקו כולן" - איז דאס נאר בשעת מ'לערנט לויטן דרך הלימוד פון גמרא. אבער ע"פ פשוטם של כתובים קען מען אזוי ניט זאגן.

והביאור בזה:

אויב מ'וועט זאגן אז ענני הכבוד האבן זיך אומגעקערט "בזכות משה", איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האט מען געדארפט ווארטן ביז ס'איז געווען "וישמע הכנעני גו' וילחם בישראל" - אויב די ענני הכבוד האבן זיך אומגעקערט בזכותו של משה, האבן זיי זיך געדארפט אומקערן גלייך נאך מיתת אהרן, ינאך אידער ס'איז געווען דער "וישמע הכנעני גו' וילחם בישראל"?

וואס עפ"ז דארף מען זאגן אז ע"פ פשש"מ האבן זיך די ענני הכבוד ניט אומגעקערט לאחרי מיתה אהרן - ווארום אין פשש"מ געפינט מען ניט קיין הלינה פון אידן אויף דעם וואס עס זיינען ניטא קיין ענני הכבוד. וואס די הלונה זאל מעורר זיין אז ענני הכבוד זאלן זיך אומקערן (אזוי ווי מ'געפינט בנוגע צום באר).

און מ'קען ניט זאגן אז די מלחמה גופא האט מעורר געווען דעם צורך פון ענני הכבוד - ווארום מ'זעט דאך אז אפי' אן ענני הכבוד האבן אידן געהאט א נצחון גדול (ביז אז דער "וישב מכנו שבי" איז "איננו אלא שפחה אחת"[236]. איז דאך

- דערפון -

---

235) ראה יד מלאכי כללי רש"י ס"א-ב.
236) חקת כא, א ובפרש"י.

הנחת הה' בלתי מוגה

דערפון פארשטאנדיק אז דער כנעני האט א טעות געהאט אין דעם וואס ער האט גערעכנט אז "נתנה רשות להלחם בישראל".

בנוגע צום באר געפינט מען בפירוש אז "לא הי׳ מים לעדה", און אלס תוצאה דערפון איז געווען דער "וירב העם עם משה"[237], ביז אז ס׳איז געווען דער "ויצאו מים רבים"[238]; אבער בנוגע צו ענני הכבוד געפינט מען ניט אז זיי האבן זיך אומגעקערט לאחרי מיתת אהרן, דארף מען זאגן אז ע"פ פשש"מ האבן זיי זיך טאקע ניט אומגעקערט.

נה. דער ביאור פארוואס האט מען טאקע ניט געדארפט האבן די ענני הכבוד לאחרי מיתת אהרן:

מיתת אהרן איז דאך געווען "בחודש החמישי באחד לחודש", ר"ה אב, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם זמן וואס איז געווען לאחרי מיתת אהרן און די מלחמה שלאחרי׳, זיינען שוין אראפ די היצן, וויבאלד אז "מחמשה עשר באב ואילך תשש כוחה של חמה"[239], ובמילא האט מען ניט געדארפט האבן די ענני הכבוד וואס זאלן מגין זיין מפני החום.

און בנוגע צו די הגנה פון אוה"ע - זעט מען דאך אז אפי׳ אן די ענני הכבוד האבן אידן געהאט א נצחון גדול, ביז אין אן אופן פון "ויחרם אתהם ואת עריהם"[240], ובמילא איז פארשטאנדיק. אז נאך דערויף האט זיך קיינער ניט געדוקט אויף צו מלחמה האלטן מיט אידן.

און ווי ב׳זעט בנוגע צו בלק, אז בלק האט מורא געהאט גיין אויף א מלחמה אנטקעגן אידן, נאר ער איז געגאנגען זובן בלעם׳ן אז בלעם זאל זאגן אויף אידן אן ענין פון היפך הברכה, און דעמולט וועט דאס אפשר העלפן - און דערנאך האט ער געזעהן אז דאס האט אויך ניט געהאלפן, ואדרבה, ס׳איז געווען "ברכה ברך זה שלש פעמים"[241].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלע אוה"ע האבן מורא געהאט גיין אויף א מלחמה אנטקעגן אידן, ובפרט נאך דער מפלה וואס עס האבן געהאט סיחון ועוג.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז מ׳האט שוין ניט געדארפט האבן די ענני הכבוד אויף צו ניצל ווערן פון די נחשים וואס זיינען געווען אין מדבר[242] - וויבאלד אז דעמולט איז מען שוין ארויסגעגאנגען פון דעם מדבר, און מ׳איז שוין געשטאנען

- אין -

---

237) שם כ, ג. 238) שם, יא. 239) תענית לא, א.
240) חקת כא, ג. 241) בלק כד, י. 242) ראה פרש"י עה"פ בהעלותך י, לד.

אין "עבר הירדן מזרחה", וואס דארטן זיינען שוין געווען אלע שטעט וואס מ'האט איינגענומען פון סיחון ועוג.

און ס'איז קיין סתירה ניט דערפון וואס עס שטייט[243] "ונשקפה על פני הישימון" - "ל' מדבר שהוא שמם"[244], וואס דערפון איז משמע אז דער ארט איז געווען א "מדבר שהוא שמם" - ווארום עס זיינען געווען שטיקלאך ערד וועלכע זיינען געווען אָן שטעט, א מקום שמם, עס איז אבער ניט קיין הכרה אז דארטן האבן זיך געפונען "נחשים ועקרבים" וואס צוליב זיי האט מען געדארפט האבן די ענני הכבוד.

נאכמער: מ'געפינט אז די ענני הכבוד האבן באווארענט ניט נאר די ענינים וואס זיינען געווען בהוה, נאר אויך די ענינים וואס וועלן זיין בעתיד:

רש"י[245] זאגט אז "הענן הולך לפניהם ומשוה את ההרים", און אעפ"כ איז "שלשה נשארו בהן, הר סיני לתורה, והר נבו לקבורת משה, והר ההר לקבורת אהרן".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ענני הכבוד האבן אויך באווארענט די ענינים וואס וועלן זיין בעתיד - וואס דערפאר האבן זיי משוה געווען אלע הרים וואס זיינען געווען ארום הר נבו (אע"פ אז אידן זיינען אהינצו געקומען לאחרי מיתת אהרן), און הר נבו איז געבליבן "לקבורת משה" - ובמכש"כ וק"ו אז זיי האבן אויך באווארענט די נחשים ועקרבים וועלכע זיינען דארטן געווען[246].

נו. עס בלייבט אבער די שאלה: וויבאלד אז דער מן איז געווען בזכות משה, איז וואס האבן אידן געגעסן לאחרי מיתת משה?

האט דאס מוין רש"י באווארענט אין פרשה בשלח:

אין פ' בשלח[247] שטייט: "ובנ"י אכלו את המן ארבעים שנה עד בואם אל ארץ נושבה את המן אכלו עד בואם אל קצה ארץ כנען", און רש"י זאגט אויף דערויף אז "בשמת משה בז' אדר פסק המן מלירד, ונסתפקו ממן שלקטו בו ביום עד שהקריבו העומר בששה עשר בניסן, שנאמר[248] ויאכלו מעבור הארץ ממחרת הפסח".

ד.ה. אז "עד בואם אל קצה ארץ כנען" - "קודם שעברו את הירדן, והוא ערבות מואב", איז נאך אלץ געגאנגען דער מן,

- אבער -

---

243) חקת שם. כ. 244) פרש"י עה"פ. 245) עה"פ שם כ, כב. 246) לשליכות הענין - ראה שיחה ש"פ דברים סכ"ה ואילך. 247) טז. לה. 248) יהושע ה, יא.

אבער נאך דערויף, "כשבת משה בז' אדר", איז "פסק הבן מלירד", כ'האט אבער געגעסן פון דעם מן וואס איז געגאנגען לפנ"ז "עד שהקריבו העומר בששה עשר בניסן".

נז. עס בלייבט אבער די שאלה בנוגע צו "בארה של מרים": וויבאלד אז דער באר איז געגאנגען ביז "הגיא אשר בשדה מואב ראש הפסגה"[249], וואס "שם מת משה ושם בטלה הבאר"[250] - איז וואס האבן אידן דעמולט געטרונקען?

איז דער ביאור בזה:

ווען דער באר איז בפל געווארן (אין "הגיא גו' ראש הפסגה"), זיינען שוין אידן געשטאנען אין "עבר הירדן מזרחה", לעבן דעם ירדן - האבן זיי געהאט צו טרינקען די וואסער פון דעם ירדן (וואס די וואסער פון דעם ירדן זיינען דאך ניט ווי די וואסער פון "ים המלח", נאר מ'קען זיי טרינקען).

בשעת דער באר איז בטל געווארן בא מיתת מרים, זיינען אידן געווען אין מדבר, און דערפאר איז "לא הי' מים לעדה", און "וירב העם עם משה גו'": אבער ווען דער באר איז בטל געווארן לאחרי מיתת משה, האבן זיי געהאט די וואסער פון ירדן.

וואס כל זמן אז דער באר איז מיטגעגאנגען מיט זיי (קודם מיתת משה), האבן זיי ניט געדארפט אנקומען צו די וואסער פון דעם ירדן. ווארום זיי האבן געהאט די וואסער פון דעם באר - א באר אויף וועלכע זיי האבן געזאגט שירה און שבח, "חפרוה שרים כרוה נדיבי העם במחוקק במשענותם"[251],

ובפרט לויט ווי רש"י[252] מפרש אפ אז "כרוה נדיבי העם" גייט אויף "כל נשיא ונשיא", אז "כשהיו חונים נוטל (הנשיא) מקלו ומושך אצל דגלו ומחנהו ומי הבאר נמשכין דרך אותו סימן ובאין לפני חנייה כל שבט ושבט - איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד זיי האבן געהאט די וואסער פון בארה של מרים לעבן דעם אוהל, האבן זיי זיך ניט געדארפט מטריח זיין גיין שעפן וואסער פון דעם ירדן:

אבער לאחרי מיתת משה, וואס דעמולט איז "בטלה הבאר" - האבן זיי זיך געדארפט מטריח זיין גיין שעפן וואסער פון ירדן, עס האט אבער ניט געפעלט קיין וואסער, ווארום זיי האבן געהאט דעם גאנצן ירדן.

- נה. -

------------

249) חקת כא, כ. 250) פרש"י עה"פ. 251) חקת שם, יח.
252) עה"פ שם, כ.

נח. דערביי האט מען א לימוד פון פירוש רש"י:

רש"י זאגט אז אפי׳ נאך דערויף וואס "פסק המן מלירד", וויבאלד אז ס׳איז שוין געווען לאחרי ז׳ אדר - איז כל זמן אז ס׳איז געווען א הכרח אין זכותו של משה בנוגע צו דעם ענין המן, האט זיין זכות אנגעהאלטן אז אידן זאלן קענען עסן פון דעם מן במשך פון דער גאנצער צייט וואס כ׳האט געדארפט דערצו אנקומען.

וואס אע"פ אז מ׳גיט א קוק אין וועלט זעט מען אז דער מן גייט שוין ניט, און דער מן וואס איז געגאנגען פריער איז געווען מדוד וכוגבל, ווארום ס׳איז געווען "עוכר לגולגולת", און "לא העדיף הכרבה והממעיט לא החסיר"[253] - האט אבער אין דערויף שורה געווען די ברכה, אז מ׳האט דערפון הנאה געהאט במשך פון דער גאנצער צייט וואס מ׳האט געדארפט דערצו אנקומען ("עד שהקריבו העומר בעשה עשר בניסן").

נט. און דאס איז דער ענטפער אויף דעה השואלים: וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין א דור יתום, און אין א חושך כפול ומכופל. און גדולי ישראל הלכו ועזבו אותנו לאנחות רח"ל - איז ווי אזוי וועט מען קענען אנהאלטן אין דעם חושך כפול ומכופל פון די לעצטע רגעים פון גלות?

איז אבער ידוע דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו שרייבט[254] וועגן זיין פאטער, אז צדיקים אפילו לאחרי הסתלקותם איז "לא יפרדו מעל צאן מרעיהם", און "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש"[255]. און ער איז מעורר רחמים רבים און איז מלמד זכות און איז ממשיך אלע-ערליי המשכות אזוי ווי ס׳איז געווען בחיים חיותו בעלמא דין,

וואס ע"ד ווי ער האט אפגע׳פסק׳נט בנוגע לאביו, איז עס אזוי אויך בנוגע צו אים אליין.

במבואר ככ"פ[256] וועגן הורה הבעש"ט[257] אויף דער משנה[258] "נפרעין מן האדם מדעהו ושלא מדעהו" - אז נאך דערויף וואס ער פסק׳נט אפ "מדעתו" אז ביי אים קומט אויס אז בנוגע צו א צווייטן דארף דער דין זיין כך וכך. ווערט דאס שוין דער פס"ד אויך בנוגע לעצמו. אז ווען עס טרעפט ביי אים לאחרי זמן אן ענין וואס איז בדומה צום ענין אויף וועלכן ער האט

- געפסק׳נט -

------------

253) בשלח שם. טז. 254) במכתבו ליום היאצ"ט הראשון של כ"ק אביו אדמו"ר נ"ע (נדפס בספר הכבי ישראל - נ.י. תרפ"ד - לג. א). 255) ל׳ רז"ל - סוטה יג, סע"ב. 256) לקו"ש ח"ד ע׳ 1207. ועוד. 257) כש"ט הוספות אות פה-פט. וש"נ. 258) אבות פ"ג מט"ו.

געפסק'נט, דארף מען טוין ניט פרעגן ביי אים וואס איז דער פס"ד, נאר דאס קען טוין זיין "שלא מדעתו", וויבאלד אז ער האט דאס טוין געפסק'נט "מדעתו" בנוגע צום צווייטן,

אז אויך לאחרי ההסתלקות שלו, ווערן נמשך אלע המשכות אזוי ווי ס'איז געווען בימי הנשיאות שלו,

כולל אויך די נתינה כח אויף דעם ענין פון הפצה היהדות והתורה ומצוותי' בכלל, ובמיוחד דער ענין פון הפצת המעיינות, מתוך שמחה וטוב לבב.

ס. וכידוע וואס ער שרייבט אין זיין אגה"ק[259] וועגן דער גאולה, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורהנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדערער האט דעם כח צו דורכפירן בפועל דעם ענין פון "עשרה שיושבין ועוסקין בתורה"[260] (וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דעם בריוו) - אז זיין לימוד התורה איז אין אן אופן פון "עשרה שיושבין כו'", וויבאלד אז ער לערנט מיט אלע זיינע עשר כחות הנפש,

כידוע דער וואָרט פון דעם רבי'ן נ"ע'ס שווער, דער זיידע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (וואס ער איז נקרא בשמו)[261], אז ווען מ'האט געהאט צו אים א טענה אז ער דאווענט ניט בציבור, האט ער געענטפערט, אז ער קלייבט צוזאמען אלע עשר כחות הנפש, און דערפאר געווערט דאס אים לענגער, ובמילא פארשטעיקט ער דעם מנין כפשוטו, ער דאוונט אבער בציבור - מיט אלע עשר כחות הנפש,

ועד"ז איז עס אויך בנוגע צו לימוד התורה, אז ער לערנט אין אן אופן פון "עשרה שיושבין כו'" - מיט אלע זיינע עשר כחות הנפש.

און ער באגנוגנט זיך ניט דערמיט, נאר ער זעט אויך אז ס'זאל זיין "עשרה שיושבין ועוסקין בתורה" כפשוטו - קובע זיין שיעורים אין לימוד התורה ברבים בכל מקום שידו מגעת, און וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[262], ברענגט דאס צו קיום המצוה בהידור, און אויך אין אן אופן פון רבים,

ווי דער אלטער רבי טוט אויף דעם הידוע אין אגה"ק[263] אז יעדער ענין של קדושה וואס ווערט געטאן במעמד עשרה

- בישראל -

------------

259) נדפסה בסה"ב הדפ"ה ע' קמו. הש"ח ע' 263.
260) אבות שם פ"ו. 261) לקו"ש ח"ב ע' 477 ואילך.
262) קידושין מ. ב. 263) סכ"ג.

מישראל, אן "עדה קדושה"[264], האט דאס א גרעסערן עילוי לגבי אן ענין וואס ווערט געטאן ביחידות, אדער אפי׳ ניט ביחידות, אבער ניט במעמד עשרה מישראל.

ועאכו"כ בנוגע צו דעם ענין פון קירוב נפשות ליהדות און לתורה ומצוותי׳ - אז יעדערער קען און דארף טאן אין דערויף.

סא. ובפרט בנוגע צו דעם ענין שהזמן גרמא - מוסיף זיין אין לימוד התורה, ובפרט אין דעם ענין פון הלכות (הלכות בית הבחירה און הלכות הקרבנות), און מוסיף זיין אין דעם ענין הצדקה,

כולל אויך דעם ענין הצדקה אז ער פועל׳ט דעם "ההיית את נפש העני"[265] אין תורה ומצוותי׳, אז ער מאכט אים לעבעדיק ("החיית") דורך תורה ומצוותי׳, וואס "הם חיינו ואורך ימינו".

און דאס ברענגט דעם ענין פון "מצוה גוררת מצוה" - אז מ׳איז מפיץ כל התורה כולה און כל המצוות כולם, ביז צו דעם ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו"[266].

און כל הנ"ל וועט מזרז זיין דעם "מיד הן נגאלין" - "מיד" אין אונזער ספירת הזמנים, אז בעגלא דידן וועט קומען משיח צדקנו ויקבץ נדחי ישראל, און פאר דערויף איז "יבנה ביהמ"ק במקומו"[267], "והיתה לה׳ המלוכה"[268], בקרוב ממש.

צוה לנגן האפ קאזאק.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

------------

264) ראה ברכות כא, ב. 265) ראה תנחומא משפטים סו. 266) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 267) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 268) עובדי׳ א, כא.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"ק פ' מטו"מ תשל"ט. **הנחה פרטית בלתי מוגה**

...וואס דאס איז אויך (כמדובר כמ"פ), אז בפרט שבת'ע נאכט איז ניט קיין ענין מצער זיין אידן און דערמאנען נאך ענינים שלא בזכותם של ישראל,

אבער מ'האלט אין די דריי וואכן במילא איז דאך אין לך יום שאין מרובה משל חבירו, איז דא מיום ליום וואס ר"ל ס'ווערט אלץ היפך פון מעלין בקודש, און מ'איז מחפה ומכסה מיט די פאר לירות וואס מ'באקומט - אויף ענינים מבהילים.

וואס מ'האט זיך גארניט משער געווען אפילו ווען עס זיינען געווען די דתיים וואס זיינען ניט אזוינע דתיים ווי די איצטיקע, לכל הדעות - האבן זיי ניט געהאט אין זיך די שטארקייט אויף מחפה זיין און מכסה זיין אויף ענינים, אע"פ וואס אויף כמה ענינים האט מען דעמולט אויך **מכסה געווען**.

איז נאך צוגעקומען איצטער, אז דארט וואו מ'בעט א **הכשר** גיט מען א הכשר, א חוץ ווען מ'בעט ניט קיין הכשר אדער קיין הכשר קען מען ניט געבן דערפאר וואס דאס איז אן ענין וואס קיינער וועט דאס ניט סובל זיין - איז עכ"פ שטייט מען מיט א שתיקה גמורה און מ'מאכט זיך ניט וויסנדיק פון זאכן וואס זיי זיינען ר"ל דוקר את העינים,

און דערנאך בשעת ס'ווערט שוין געדרוקט אין צייטונג און ס'ווערט נתפרסם, און מ'קען זיך שוין ניט משתמט זיין - הויבט מען זיך אן פארענטפערן מיט תירוצים שונים ומשונים, ביז ווי דער לשון הידוע וואס שטייט אין ראשונים אז אמתלא איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ווערטער - אמת לא.

ער אליין ווייסט אז ניט דאס איז די אמת'ע סיבה, ער אליין (דער וואס זאגט) ווייסט אז דער וועמען מ'וועט דאס זאגן ווייסט אויך אז ס'איז ניט קיין אמת,

אבער אעפ"כ, ער איז דאך אן אדם גדול, במילא דארף ער דאך ענטפערן אז אויף אים איז ניסא קיין קשיא, ענטפערט ער אן אמתלא, אן **אמת לא**.

און מ'זאגט אים ס'טייטש! ווי איז מען זיך אונטערגעשטאנען אויף פארשווייגן אזא זאך - ענטפערט ער: דא איז ער געשלאפן, און דא איז ער געווען עסוק בהורתו, און דא איז ער געווען פרנומען מיט צרכי ציבור וכו' וכו',

ביז־דוואנעט אז אפילו אז מ'באווייזט אים אז מ'האט דערציילט, און ער האט געהייסן שווייגן, און מ'ברייננט דעם מענטשן וואס ער האט אים געהייסן שווייגן - כדי ס'זאל ניט שאטן אט די פאר לירות וואס פאלן אריין אין א ישיבה.

וואס דאס איז היפך התורה היפך האנושיות היפך שכל הפשוט, און דער עיקר איז אז סוכ"ס וועלן זיך כאפן אט די אלע, סוכ"ס וועט דאך קומען אמאל א טאג פון בחירות. און דאס איז אזוינע מענטשן (וויידזט-אויס) וואס די איין און איינציקע זאך וואס קען זיי דערנעמען - אז מ'וועט זיי זאגן אז ס'וועט קומען דער יום הדין.

טענה'ן זיי, בנוגע יום הדין דלמעלה האבן זיי געגנוג זכיות:

מ'האלט אויס די ישיבה, מ'גיט א פאר לירות, און צו א צווייטע ישיבה גיט מען אויך א פאר לירות, און מ'נעמט אראפ פון איין ישיבה וואס פאלגט זיי ניט און מ'גיט אוועק אין א צווייטער ישיבה וואס דארט איז מען בטוח אז מ'וועט צו-באמפקען און מ'וועט זאגן אויף יעדער ענין - "הן הן". נעשה קודם לנשמע, נאך איידער מ'ווייסט וועגן וואס עס רעדט זיך.

וכאמור, מ'נעמט צו פון א ישיבה וואס פאלגט ניט און מ'גיט אפ אין א ישיבה וואס פאלגט יע, וואס דורך דערויף אז מ'נעמט צו (פון יענע ישיבה) איז מען יורד לחייו של הראש ישיבה פון דער ישיבה, און דערפאר ווערט מען אויך ניט נתפעל!

- קטע משיחת מוצאי ש"ק פ' מטו"מ תשל"ט - ב -

איז שוין איצטער געקומען צו אזא ענין וואס איז היפך ניט סתם פון חינוך הכשר, וואס ווערט אנגערופן דתית, נאר ס'איז היפך פון חינוך אלס יהודי בכלל, וואס אין כאן המקום לכאר, און דאס וואס איז דא ענינים וואס מ'דארף זיי זאגן אבער זיי זיינען ניט בזכותם של ישראל - זאלן אנדערע דאס טאן.

ס'איז מערניט וואס לרוב הבהלה, וואוהין מ'האט זיך אראפגעקייקלט, און מער כאפט זיך ניט, און מ'האט זיי מורא צו זאגן אז זיי חתמ'נען אויף זיך דעם דין למטה אז לע"ל סוכ"ז ועט מען דאך מוז קומען צו בחירות וועלן זיי ניט קומען בחשבון, און דאס איז די איינציקע זאך וואס קען זיי א טרייסל טאן.

כאמור, בנוגע דין שלמעלה ווייסט ער אז ער וועט טאן תשובה, און ער וועט תשובה טאן, און דאס וואס ס'שטייט אז "האומר אחטא ואשוב (איז דאך מערניט וואס) אין מספיקין בידו לעשות תשובה", שרייבט אבער צו דער אלטער רבי, אז "אם דחק ונכנס" - ער האט געפונען און האט זיך אריינגעשפארט און האט געטאן תשובה, איז "אין לך דבר העומד בפני התשובה", און דערפאר זאגן זיי

- ווייל מיט אמאל זיי זיינען געווארן חסידים פון אלטן רבי'ן -

דערווייילע וועט אריינכאפן נאך א טאג, נאך א וואך, נאך א חודש וכו', אזוי ווי מ'נוצט א זכוכית לבנה וואס מ'קען איר נוצן נאר ליום אחד, ולמחר וועט דאס צובראכן ווערן, אעפ"כ היינט נוצט מען דאס, און דערפאר האבן זיי ניט מורא פון יום הדין.

אבער וואס מאכט זיי יע טרייסלן, איז דאס - וואס וועט זיין אז מ'וועט קלייבן וועט מען דאך אים (קען זיין) ניט אויסקלייבן.

עכ"פ האט מען אין זיך ניט קיין שטארקייט אויף אראפזעצן זיי פון די בענקלעך איצטער; און אוועקזעצן אימעצן וואס אפילו ער וועט ניט האבן קיין תוקף גדול, אבער לכה"פ זאל ער האבן אט דעם תוקף אז מ'קומט צו אים צוגיין און מ'באווייזט אים אט-דא האסטיו דעם און דעם ענין וואס איז אסור מן התורה, און ס'איז פון די ג' דברים וואס יהרג ואל יעבור וכו' -

וועט ער האבן דעם תוקף אויף צו טאן וואס עס שטייט אין פסוק בנוגע צו א מענטש וואס ער איז א ירא ורך הלבב: ילך וישוב לביתו.

און ניט אז ער נוצט אויס זיין מעמד ומצב אז ימס לבב אחיו כלבבו (ראה קטע משיחת מוצאי ש"פ שמיני ס"א ואילך) - זיי זאלן אויך טאן גארניט, אדער זיי זאלן אויך ניט מוחה זיין.

און אט דעמולט ווערט אן ענין וואס ס'איז א דבר מבהיל ביותר, וכמדובר לעיל, וואס ס'איז ניט כדאי אין דערויף מאריך זיין, ס'איז גענוג אט דאס וואס מ'האט גערעדט, און אפשר האט מען דאס אויך געדארפט מקצר זיין.

און ויהי רצון אז מ'זאל מוסיף זיין, ניט קוקנדיק אויף די הנהגה מבהילה, און מסיח דעת מהם ומהמונם, וויבאלד אז צו זיי האט מען קיין השפעה ניט, ס'איז עומד בהוותו און עבר ושנה ושלש, וארבע, פערטן מאל און א פינפטן מאל, און אין לדבר סוף,

און ס'איז דעם אויבערשטן'ס ענין, מ'קאן זיך מיט זיי ניט איינקערן מצד סיבות שונות ומשונות, במילא איז הם רצים ואנו רצים, מיט רצים צו לימוד התורה וקיום המצוות בהידור, אנהויבנדיק פון צדקה, און לימוד אין תורה בנין בית הבחירה, וואס דעמולט וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחילה", אז די שופטים וועלן זיין כבראשונה, אז ס'ווערט אנגערופן "עיר הצדק", און די וואס גיבן עצות צו די שופטים וועלן זיין כבראשונה, ווי ס'איז יעמולט געווען די יועצים, אז ניט מ'פירט זיי ר"ל ווי מ'האט זיי איצטער אוועק געפירט, און ניט מ'שטעלט זיי פאר א ענין וואס ניט נאר טענו חיטים און זיי דערציילט מען

וועגן שעורים, ס'איז לגמרי ניט בדרי דאונא,

און ווי גערעדט כמ"פ, בארוכה אן ענין וואס האלט זיך פון פיקוח נפש קומט מען צו גיין און מ'איז מסיח דעת און מ'וויל איין רעדן אז דאס איז אן ענין פון א לאו בתורה פון לא תחנם, און מ'פארסומלט אט די וואס זאגן אז פיקוח נפש, אע"פ וואס (די וואס זאגן אז ס'איז פיקוח נפש) זיי זיינען מומחים בצבא ובטחון כמדובר כמ"פ בארוכה, און מ'לאזט ניט צו דעם געדאנקט בא א צווייטן אז ער וויל מציל זיין אידן פון סכנה, שטעלט מען זיך איין און מ'לאזט זיי ניט טאן אין דעם ביז וואנעט אז מ'וויל זיי איינרעדן אז מ'טוט דורך דערויף א מצות עשה מן התורה און דערפון וועט מען אויפשטעלן תלמידים יר"ש.

און ווי איינער פון די ביישפילן עד היכן הדברים מגיעים, איז דאך ידוע אז ער האט מכריז געווען בגלוי, אז מ'זאל וויסן זיין אז ארץ ישראל איז פארזיכערט מיט נפט, און אזוי האט ער געהערט פון א מומחה, אשר לכן איז שלום איז א הישג, דאס וועט מציל זיין נפשות, און ס'איז ניסא קיין סכנה וכו',

האב איך דעמולט געזאגט אז - לא היו דברים מעולם, ס'איז פונקט דער היפך פון דער מציאות, ביז וואנעט אז סוף-כל-סוף ווי גערעדט כמ"פ, מ'לאזט דאך ניט דרוקן כמה וכמה ענינים ביז וואנעט אז אמת מארץ תצמח, מ'קאן שוין מער ניט באהאלטן,

איז שוין איצטער אגעדרוקט אין אלע צייטונגען, אז דער גרעסטער מומחה באותו דבר, און דער וואס האט א דעה און קאן זיך אריין מישן אז מ'וועט עס אנהויבן געבן וויניקער געלט, וואס דעמולט וועט ער אין אים ניט מעיז פנים זיין, האט הפירוש געזאגט אז אויב מ'וועט דורך פירן אט דאס וואס מ'האט מבטיח געווען, איז ניט נאר מ'וועט ניט האבן דעם "אויל" (נפט) וואס מ'דארף, נאר ניינציק אכט פראצענט פון דעם "אויל" וועט מען דארפן באקומען פון מדינות אחרות.

און דאס איז תמורת זה וואס ער האט געזאגט אז מ'איז אינגאנצן פארזיכערט, האט מען דעמולט געזאגט אז ס'איז אן ענין וואס איז היפך המציאות, און דער פירט אראפ דעם בא וועמען ער איז א יועץ, בא די שופטיך, אז דערפאר פסק'ענען זיי דעם דין היפך המציאות.

וואס די דעה האט מען דעמולט אויך געוואוסט, ס'איז ניט וואס ס'איז איצטער נתחדש געווארן א נייע מציאות, און איצטער איז שוין אפגעדרוקט שחור על גבי לבן, אז ניט נאר מ'האט ניט אינגאנצן, נאר מ'האט קוים קוים צוויי פראצענט!

[פארוואס זאג איך - "קאם קאם", דערפאר וואס די דרישה אויף "אויל" ווי די איז היינט, איז בכל יום ויום ווערט זי נתגדל, און דאס וואס איז היינט צוויי פראצענט איז מארגן וועט דאס זיין ווייניקער, און איבער מארגן נאך וויניקער דערפאר וואס די דרישה (צוליב ענייני בטחון, מ'רעדט דאס ניט וועגן לוקסוס זאכן; צוליב ענייני בטחון) וועט אויך נתגדל ווערן].

עכ"פ זיי איצטער מבטל די הוראה וואס איז געבויט אויף די הבטחה אז מ'האט הונדערט פראצענט, איז דאס קען מען אויך ניט טאן, און מ'וויל ניט טאן.

ויהי רצון כמדובר וויבאלד אז צו זיי האט מען קיין עצה ניט איז דאס א סימן, דאס גופא א הוכחה, אז ס'איז ניט אונזער ענין, אונזער ענין איז אבער מוחה זיין און זאגן אז ניט דאס איז דעת תורה! דאס איז אן ענין וואס דאס איז היפך התורה, היפך א פסק דין גלוי אין טו"ע אין הלכות שבת, אז מ'דארף נעמען דעם נשק און ניט צו לאזן אז אין אן עיר וואס געפאנינט זיך על הגבול, אפי' ווען דאס איז אין חוץ לארץ, ס'האט קיין שייכות ניט צו לא תחנם, און ס'האט קיין שייכות ניט צו "אל תתגרה בגוי גדול", אדער בגוי קטן, אדער מיט די אלע ענינים וואס מ'האט דערצו צוגעטשעפעט, וואס האט דערצו קיין שייכות ניט,

- קטע משיחת מוצאי ש"ק פ' מטו"מ תשל"ט - ד -

און ס'האט קיין שייכות ניט צו די ג'שבועות און קיין שייכות ניט צו די אלע ענינים,

אחוץ דעם איין-און-איינציקן ענין, וואס דאס איז אבער אן ענין עיקרי - "פקוח נפשי" פון כמה וכמה פון ישראל הי"ת, און "ישרמרם הש צורם ויאריך ימיהם ושנותיהם בטוב ובנעמים".

און די אלע וואס טוען קאפויר, זאל זיי דער אויבערשטער מוחל זיין עונם און אראפנעמען זיי פון די ביינקלעך, און אוועק זעצן - ווי געזאגט פריער "שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחילה", ובעגלא דידן בביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט מען זעהן אז "אמת מארץ תצמח", איז די אלע ענינים וואס זיינען היפך האמת ווערן אינגאנצן בטל, ביז אז מ'איז זיי עוקר מעיקרו, און ס'איז מנצח תורת אמת מיט מצוותי' וואס זיי זיינען לא יהיו מוחלפין, כולל אויך דעם פסק דין אין שו"ע האמור אז מ'טאר ניט אפגעבן לפתיחת הארץ לפניהם, אפי' שעל אפי' קש ותבן, על אחת כמה וכמה אז ס'איז שלא בערך צו דעם מעמד ומצב.

און דער פעולתינו בזה איז, ע"י ווי כאמור לעיל דורך הוספה אין משפט - זו תורה, הלכה לאמיתתה, וע"י צדקה אמיתית, נעמען די צדקה זאל זיין א כשר'ע געלט, ניט געבויט און איינגעפלעט ר"ל אין א סכנה פון אידישע בלוט, און געבן דאס אין א כשר'ן אופן, ניט כפי שרירות לבו, און ניט אין אן אופן ווי יורד לחייו של חבירו אע"פ וואס יענער איז א ראש ישיבה אין א ישיבה וואס איז ניט לפי רוחו, און זיינען ניט קיין עבדים כנענים בא אים!

און אין תורה גופא - די הוספה ביתר שאת וביתר עוז אין הל' ביהב"ח, און אין הל' קרבנות וכיו"ב, ומצוה גוררת מצוה.

--------------- * ---------------

ב"ה. שיחת ש"פ דברים, שבת חזון ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. דער סיום ההפטרה פון היינטיקן שבת איז – "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[1].

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט און מעורר געווען כמ"פ במשך השנה (נוסף אויף דעדויף וואס מ'האט גערעדט אין די שנים שלפנ"ז), אז עס זיינען דא זמנים מיוחדים בשנה וואס דעמולט דארף זיין א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין פון "משפט" (דער ענין פון לימוד התורה[2]) און אויף דעם ענין פון "צדקה".

אע"פ אז דער ענין פון "משפט" און "צדקה" איז אויך דא בכל השנה כולה. און ס'איז גאר אן ענין עיקרי בכל השנה כולה. זיינען אבער דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט שטייט דאס בהדגשה יותר – בדוגמא ווי מ'געפינט בכו"כ ענינים אז אע"פ אז זמנם איז בכל השנה כולה, זיינען אבער דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט שטייט דאס בהדגשה יותר.

ב. ולדוגמא – דער ענין התשובה:

דער ענין התשובה דארף זיין בכל יום ויום, ווארום כללות הענין פון ירידת הנשמה בגוף איז א ירידה צורך עלי' – כדי אז ס'זאל זיין דער "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", דער ענין התשובה, וואס דעדפון איז פארשטאנדיק אז בכל יום ויום. און נאכמער: בכל רגע ורגע פון דעם יום. וואס דעמולט איז דא דער ענין פון ירידה הנשמה בגוף – דארף דעמולט זיין דער ענין התשובה. "והרוח תשוב אל האלקים".

און אעפ"כ זעט מען אז עס זיינען דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט שטייט דער ענין התשובה בהדגשה יותר – ע"ד ווי דאס איז "לפני יום השבת" (אין ערב שבת). ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגרת התשובה[4].

ועאכו"כ ביום השבת. וואס "שבת אותיות תשב"[5], וכידוע תורת הבעש"ט[6] אז "שבו אשר יקדאו לו בלה"ק" איז מהוה ומחי' ומקיים די זאך. ובכללא גיט דאס אויך ארויס דעם תוכן פון דער זאך. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער תוכן פון ענין השבת איז דער ענין פון תשובה (וויבאלד אז "שבת אותיות תשב").

– און –

------------

1) ישעי' א, כז. 2) לקו"ת דברים א, בע"ב. 3) קהלת יב, ז. וראה לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ. 4) פ"י. 5) אגה"ת שם. 6) שעהיוה"א בתחלתו.

און ווי מ'געפינט אין מדרש'אז מ'פארבינדט דעם ענין פון "מזמור שיר ליום השבת"[8] מיט דער תשובה פון אדם הראשון.

[און דאס איז אויך פארבונדן מיט הל' ביהב"ח להרמב"ם, וואס דארטן[9] זאגט דער רמב"ם אז "אדם ממקום כפרתו נברא" (וכפי שיתבאר לקמן (סכ"ד) אז ער ברענגט דארטן אראפ כו"כ מדרז"ל וועגן דעם מזבח, וואס לכאו' איז א דבר פלא, ווארום דער ספר "יד החזקה" איז דאך "הלכות הלכות"[10], און לכאו' איז עס ניט קיין ענין של הלכה) - וואס דאס איז פארבונדן מיט דער תשובה אויפן חטא הידוע וכו'].

ועד"ז איז דא דער זמן פון ערב ר"ח. וואס דעמולט שייך דער ענין התשובה בהדגשה יותר[11].

ביז צו יוהכ"פ - ווי דער רמב"ם[12] זאגט אז "יום הכפורים הוא זמן תשובה לכל וכו'".

ג. ועד"ז בנדו"ד - דער ענין פון "משפט" און "צדקה" דארף זיין בכל השנה כולה, עס זיינען אבער דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט שייך דאס בהדגשה יותר[13]:

די תפלה פון "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" און "המחזיר שכינתו לציון" (וואס דאס איז פארבונדן מיט "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה") - זאגט מען דאך בכל יום, און כמ"פ במשך היום.

און מ'זאגט "המחזיר (שכינתו לציון)", לשון הוה, בדוגמא ווי מ'זאגט אין ברכת התורה "נותן התורה", לשון הוה[14] - און "תפלה עושה מחצה", ביז "תפלה עושה הכל"[15] (וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[16], די נפק"מ איז נאר בנוגע צום זמן ווען עס ווערט אויפגעטאן: פדיער איז "עושה מחצה", און דערנאך איז "עושה הכל", כמבואר במ"א) -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז בכל יום דארף זיין דער ענין פון "משפט" און "צדקה", וויבאלד אז דורך דערויף ווערט דער "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה".

אבער אעפ"כ זיינען דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט דארף מען מוסיף זיין במיוחד אין "משפט" און "צדקה", וויבאלד אז דעמולט איז מודגש יותר דער היפך פון "תפדה" און "שבי'" -

- וואס -

---

7) ב"ר פכ"ב. וראה יפ"ת שם. 8) תהלים צב. א. 9) פ"ב ה"ב. 10) רמב"ם בהקדמתו לספרו (בסופה). 11) ראה אוה"ת בא ריש ע' רנג. ובכ"מ. 12) הל' תשובה פ"ב ה"ז. 13) בהבא לקמן ראה גם שיחה שבעה עשר בתמוז ס.ז. ס"ב. 14) לקו"ת הזריע כג. א. 15) ויק"ר פ"י, ה. 16) עירובין יג, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דאס איז דער זמן פון "בין המצרים", ובפרט די ניין טעג, ובפרט דער שבוע שחל בו תשעה באב,

דארף מען דעמולט מוסיף זיין נאכמער אין "משפט" און אין "צדקה", כדי צו אויפטאן דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה".

ד. און וויבאלד אז די התעוררות און דער זירוז אויף יעדער ענין דארף זיין (גלייך ווען כ׳דערוויסט זיך וועגן דעם ציווי, און) אויך בשעת מעשה[17] - איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט דער שבת שלפני השבוע שחל בו תשעה באב, וואס "מיני מתברכין כולהו יומי"[18], איז דעמולט דער זמן צו מעורר זיין און מזרז זיין אויף די הוספה מיוחדה אין "משפט" און "צדקה" וואס דארף זיין בימים אלו.

וואס "משפט" און "צדקה" איז דאך כללות כל התורה ומצוותי׳: "משפט" איז דער ענין פון לימוד התורה, און "צדקה" איז כללות כל המצוות, ביז ווי דער אלטער רבי ברענגט אין תניא[19] אז "בכל התלמוד ירושלמי היא נקראה בשם מצוה סתם".

און וויבאלד אז די התעוררות און דער זירוז אויף דערויף איז ביום השבת - דארף דאס געטאן ווערן אין דעם אופן העבודה פון שבת,

וואס שבת איז דאך "כל מלאכתך עשוי׳"[20], כמדובר כמ"פ אז "מלאכתך" איז "עשוי׳", עס איז אבער דא דער ענין פון "מלאכת שמים" וואס דארף זיין בשבת, וואס דאס ווערט געטאן אין דעם אופן העבודה פון שבת, וואס שבת איז "אין עצב בה"[21], און ענינה איז דער ענין התענוג.

וואס בשעת אז דאס ווערט געטאן אין אן אופן פון תענוג, נעמט דאס דורך אלע ענינים - כמדובר כמ"פ[22] אז דער ענין פון שבת און שמחה (וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התענוג) איז מפעפע און נעמט דורך אלע פרטים, ביז אפי׳ אין "ראש אזנו", ווי עס ווערט געבראכט אין שו"ע יו"ד[23].

ה. און מ׳זאל אויסנוצן די טעג ("בין המצרים" בכלל,

- ובפרט -

------------

17) פרש"י עה"פ יתרו יט, כד. 18) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 19) פל"ז (מח, ב). 20) מכילתא עה"פ יתרו כ, ט (וראה גם פרש"י עה"פ). שו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א). 21) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1090 ובהנסמן שם בהע׳ 29, 31. 22) ראה קונטרס ענינה של תורת החסידות ס"ז ובהנסמן שם הע׳ 51. 23) סק"ה ס"ה.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ובפרט די ניין טעג, ובפרט דער שבוע שחל בו תשעה באב) אויף צו מוסיף זיין אין "משפט" און אין "צדקה", וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער "תפדה" און "ושבי׳" - דער ענין הגאולה, וואס דאס איז די גאנצע כוונה פון דעם גלות וחורבן, כדי אז דערנאך זאל ארויסקומען דער ענין הגאולה.

והביאור בזה:

עס שטייט אין מדרש[24] "עלה ארי׳ במזל ארי׳ כו׳ עלה ארי׳ זה נבוכדנאצר דכתיב[25] עלה ארי׳ מסבכו, במזל ארי׳ כו׳ בחודש החמישי, והחריב אריאל . . על מנת שיבוא ארי׳ . . זה הקב"ה דכתיב בי׳[26] ארי׳ שאג מי לא יירא כו׳ ויבנה אריאל".

און ווי דער צ"צ[27] איז מבאר דעם לשון "על מנת שיבוא ארי׳ כו׳" - אז די גאנצע כוונה אין דעם ענין פון "עלה ארי׳ זה נבוכדנאצר כו׳" איז נאר "על מנת שיבוא ארי׳ כו׳", ד.ה. אז די כוונה אין דעם ענין החורבן והגלות ("עלה ארי׳ זה נבוכדנאצר כו׳") איז - אז ס׳זאל זיין דער ענין הגאולה ("שיבוא ארי׳ זה הקב"ה, ארי׳ שאג גו׳ ויבנה אריאל").

וואס די התגלות פון דעם ענין פון "יבוא ארי׳ זה הקב"ה כו׳ ארי׳ שאג גו׳" איז אין חודש אלול, כידוע[28] אז דער ר"ת פון "ארי" איז - אלול, ראש השנה, און יום הכפורים, און וויבאלד אז דעם ווארט "ארי׳" שרייבט מען אויך מיט א ה"א, גייט דער ה"א אויף הושענא רבה.

[וואס דא דארף מען האבן א ביאור - פארוואס ברענגט אראפ דער צ"צ[29] דעם ר"ת פון ארי׳, און ברענגט נישט דעם ר"ת פון דעם ה"א (אז דאס גייט אויף הושענא רבה), ואין כאן המקום להאריך בזה[30].]

און דער שבת מברכים פון חודש אלול (וואס רעמולט איז די התגלות פון "יבוא ארי׳ זה הקב"ה כו׳ ארי׳ שאג") איז אויך אין חודש מנחם-אב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די גאנצע כוונה פון דעם ענין החורבן והגלות פון חודש אב איז - "על מנת שיבוא ארי׳ כו׳ זה הקב"ה כו׳ ארי׳ שאג גו׳ ויבנה אריאל", וואס דאס איז דער ענין הגאולה.

ו. און וויבאלד אז אלע ענינים זיינען הלוי אין עבודה

- האדם -

---

24) יל"ש ירמי׳ רמז רנט. 25) ירמי׳ ד. ז. 26) עמוס ג, ח. 27) ברשימותיו לאיכה (אוה"ה נ"ך כרך ב ע׳ א׳נו ואילך). 28) של"ה ריג, א. שעח, ב. 29) אוה"ה שם ס"ע א׳נז. 30) ראה אוה"ה שם בהערה.

האדם, כידוע תורה הכגיד[31] אויפן מארז"ל[32] "דע מה למעלה ממך", אז אלע ענינים דלמעלה זיינען תלוי אין עבודת האדם - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "יבוא ארי׳ כו׳ זה הקב"ה כו׳ ארי׳ שאג גו׳", ווערט אויפגעטאן דורך עבודה האדם - אן עבודה וואס איז בדוגמת הענין פון "ארי׳ שאג".

והביאור בזה:

דער ענין פון "שאגה" (א געשריי גדול ביותר) באווייזט אויף אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, און אין עבודת האדם איז דאס די עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה.

ווארום ענינו פון דעם אדם (וואס ער ווערט אנגערופן "אדם" ע"ש זיין נפש השכלית[33]) איז דער ענין השכל, און "שכל" מיט "שאגה" זיינען הפכיים זמ"ז, ווארום "דברי חכמים בנחת נשמעים"[34] (ניט אין אן אופן של "שאגה") - וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז "שאגה" באווייזט אויף אן ענין שלמעלה כהשכל, למעלה ממדידה והגבלה.

און אויף דערויף זאגט מען אז דורך דערויף וואס עבודה האדם איז אין אן אופן פון "שאגה", אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, טוט דאס אויף אז ס׳זאל נתגלה ווערן און נמשך ווערן דער "ארי׳ שאג" דלמעלה.

ז. דער ענין פון "שאגה", וואס דאס איז די עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון ביהמ"ק - וואס דערמיט איז פארבונדן דער "על מנת שיבוא ארי׳ כו׳ זה הקב"ה כו׳ ארי׳ שאג מי לא יירא כו׳ ויבנה אריאל":

דער רמב"ן[35] זאגט אז "עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון". וואס דערמיט איז ער מבאר דאס וואס גלייך לאחרי הציווי הכללי פון "ועשו לי מקדש"[36] שטייט "ועשו ארון"[37] [נים ווי ס׳איז געווען עשית המשכן בפועל. אז "עשה המשכן תחלה ואח"כ עשה כלים[38]] - וויבאלד אז דער ארון איז "עיקר החפץ במשכן".

און בנוגע צום ארון זעט מען אז "מקום ארון אינו מן המדה"[39] - וואס דאס איז אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה.

- נאכמער: -

------------

31) לקו"א מקצ"ח (נ, סע"ג). או"ה קיב. ב. 32) אבות פ"ב מ"א. 33) דאה אוה"ת שבועות ע׳ קעא. ד"ה הב"ב אדם ת"ש. תש"ב. ועוד. 34) קהלת ט, יז. 35) ר"פ תרומה. 36) תרומה כה. ה. 37) שם. י. 38) פרש"י עה"פ פקודי לח, כב. ודאה ברכות נה. א. ירושלמי פאה פ"א ה"א (ב. ריש ע"ב). ב"ר פ"א, יד. ועוד. 39) יומא כא. א. וש"נ.

נאכמער: דאס וואס "מקום ארון איננו מן המדה", באווייזט אויף הכליה השליכות אין למעלה ממדידה והגבלה, ווארום:

"מקום ארון איננו מן המדה" איז געווען דוקא בשעת מ׳האט געמאכט דעם ארון לויטן ציורי פון דעם אויבערשטן - וואס דער ציורי פון דעם אויבערשטן איז געווען אז ס׳זאל זיין "אמתים וחצי ארכו ואמה וחצי רחבו ואמה וחצי קומתו"[40], ד.ה. אז דער ארון האט געדארפט זיין במדידה והגבלה דוקא,

און דוקא דורך דערויף וואס ער איז געווען במדידה והגבלה ("אמתים וחצי ארכו גו׳"), איז ער געווען אין אן אופן פון "איננו מן המדה" - למעלה ממדידה והגבלה,

וואס דאס איז הכליה השליכות אין למעלה ממדידה והגבלה, אז דאס איז גאר א חיבור פון צוויי הפכים: דער ארון איז געווען במדידה והגבלה דוקא. און אעפ"כ "איננו מן המדה".

ה. וויבאלד אז די עבודה פון אידן איז אן אופן פון "שאגה" (אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה) ברענגט דעם ענין פון "ארי׳ שאג כו׳ ויבנה אריאל", איז ע"ד ווי מ׳געפינט ביים ארון (וואס ער איז "עיקר ההפץ במשכן") דעם חיבור פון למעלה ממדידה והגבלה מיט מדידה והגבלה. דארף דאס אויך זיין אין דער עבודה פון אידן. אז די עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, דארף אראפקומען אין מדידה והגבלה.

והביאור בזה:

בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה ("משפט"), איז אע"פ אז תורה איז למעלה ממדידה והגבלה, ווארום נוסף לזה וואס עס זיינען דא מ"ט פנים[41], און שבעים פנים[42], איז דא אין תורה א ריבוי ביז אין אן אופן של א"ס (למעלה ממדידה והגבלה) - זעט מען אבער אז די הלכה בפועל איז נאר לויט איין דעה, וואס דאס איז אן ענין וואס איז במדידה והגבלה.

ועד"ז איז בנוגע צו דעם ענין פון "צדקה":

דער ענין הצדקה איז דאך אין אן אופן פון בל"ג. ווי ס׳שטייט[43] "וצדקתו עומדת לעד"[44], אבער אעפ"כ דארף די צדקה זיין אין אן אופן פון מדידה והגבלה. כדי אז ס׳זאל קענען נתקבל ווערן בא די מקבלים.

און ווי די גמרא[45] דערציילט אז בשעה מ׳איז געווען

- השפעת -

---

40) תרומה שם. 41) ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ב. מדרש תהלים עה"פ תהלים יב. ז. ועוד. 42) ראה זח"א כז, ב. ח"ג כ. א. רטז. א. רסג. א. במדב"ר פי"ג, טז. 43) תהלים קיא. ג. קיב. ג. 44) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 444. 45) תענית כג. א.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

השפעת "רוב טובה", איז "אינן יכולין לעמוד"; דאס איז טאקע "טובה", אבער מצד דערויף וואס דאס איז "רוב טובה", למעלה ממדידה והגבלה, קען דאס ניט נתקבל ווערן בא די מקבלים, און דערפאר דארף זיין א השתדלות ובקשה מיוחדת אז די השפעה זאל נמשך ווערן אין אן אופן אז ס'זאל קענען נתקבל ווערן אין וועלט.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס קאכט מען זיך אין דעם העלם והסתר פון וועלט, אז די השפעה זאל זיין אין אן אופן פון הגבלה, נאר לפי ערך המקבל?!

איז דער ביאור בזה: אמיתית ענין הצדקה וחסד איז - דוקא ווען די השפעה איז אין אן אופן פון מדידה והגבלה, וואס דעמולט קען דאס נתקבל ווערן בא די מקבלים, משא"כ ווען די השפעה איז למעלה ממדידה והגבלה, איז עס ניט אמיתית הענין פון השפעת טוב וחסד, ווארום דאס קומט ניט אָן צום מקבל.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו עבודת הצדקה של כאו"א מישראל [וואס זי נעמט זיך פון צדקת הקב"ה, וואס "לך ה' הצדקה"[46]], אז אע"פ אז עבודת הצדקה דארף זיין למעלה ממדידה והגבלה, דארף דאס אבער זיין אין אן אופן אז ס'זאל אראפ-קומען אין מדידה והגבלה, אזוי אז ס'זאל קענען נתקבל ווערן בא די מקבלים.

ס. דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'רעדט וועגן נקודת השליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז כאו"א זאל זיך מתעסק זיין מיט הפצה היהדות והתורה ומצוותי', ובמיוחד הפצה המעיינות - קען ער דאך טראכטן אז וויבאלד ער גייט אין דער שליחות פון נשיא הדור, דארף ער טאן אין דערויף אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

ווארום ער גייט דאך אין דער שליחות פון נשיא הדור, וואס "הנשיא הוא הכל"[47], וואס דער פירוש פון "הכל" איז, ניט נאר די אויף וועמען ער איז א "נשיא", נאר "הכל" מיינט כל המציאות כולה,

ווארום וויבאלד אז דער נשיא איז בטל לגמרי צו עצמות א"ס, און זיין נשיאות נעמט זיך פון התנשאות עצמית, וואס כל המציאות כולה נעמט זיך פון "אמיתת המצאו"[48] - איז פארשטאנדיק, אז "הנשיא הוא הכל": יעדער מציאות וואס איז דא בעולם. איז מציאותה - דער נשיא.

- קען -

------------

46) דניאל ט, ז. 47) פרש"י עה"פ חקת כא, כא.
48) רמב"ם ריש הל' יסוה"ת.

קען ער דאך טראכטן אז וויבאלד ער גייט אין דער שליחות פון דעם נשיא, וועט ער טאן אלע ענינים אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

זאגט מען אים אבער אז די כוונה איז אז ס'זאל אראפ-קומען אין מדידה והגבלה - בדוגמא ווי דאס איז ביים נשיא, אז עס דארף זיין "פרנס לפי הדור"[49], און אין דעם דור גופא דארף ער זיך פארנעמען מיט יעדערן לפי ערכו.

ס'איז א זיכערע זאך אז דער נשיא איז משפיע ענינים שלמעלה ממדידה והגבלה, ביז צו כללות הענין פון "בכל מאדך"[50], אבער דאס גופא איז אין אן אופן פון "מאד שלך"[51], וואדום אויב דער נשיא וועט אים משפיע זיין דעם "מאד" האמיתי, וועט ער ווערן בטל במציאות בפשטות.

און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער שליחות של כאו"א אין הפצת המעיינות, אז אע"פ אז די עבודה בזה דארף זיין אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה, דארף דאס אבער אראפקומען אין מדידה והגבלה, אין פועל ממש.

און דאס איז וואס מ'זאגט אים אז ער דארף ניט "קאכן" אין דעם ענין פון הפצת המעיינות, וואס "קאכן זיך" מיינט דאך אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה; ולאידך זאגט מען אים אז דאס דארף אראפקומען אין מדידה והגבלה - אין פועל ממש, און ניט אין אן אופן ווי ס'איז געווען בא "נדב ואביהוא".

ואדרבה: דורך דערויף וואס די עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה קומט אראפ אין מדידה והגבלה, איז מען מתקן דעם ענין וואס איז געווען בא "נדב ואביהוא" - וויבאלד אז מ'לערנט זיך פון זיי אז די עבודה דארף ניט זיין באופן ווי ס'איז געווען בא זיי,

[בדוגמא ווי מ'זאגט[52] בנוגע צו דוד, אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה", נאר דאס איז געווען "כדי ליתן פתחון פה לבעלי תשובה"[53], "הורית דרך תשובה"[54]].

י. די הוראה מכל האמור בנוגע לפועל:

מ'זאל מוסיף זיין אין די "מבצעים" וואס זיינען

- פארבונדן --

---

49) ערכין יז, א. יל"ש עה"פ תהלים כד, ו (רמז תרצז בסופו). 50) ל' הכתוב - ואתחנן ו, ה. וראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד. וש"נ. 51) הו"א מקץ לט, ד. דרמ"צ קכג, ב. קס, ב. ועוד. 52) ע"ז ד, סע"ב ואילך. 53) פרש"י שם ד"ה לא עשו. פכ"ז עה"פ ואתחנן ה, כו. 54) סליחות לצום גדלי'.

פארבונדן במיוחד מיט די טעג - די הוספה אין "משפט", דער ענין פון לימוד התורה, ובמיוחד הלכות פסוקות, און די הוספה אין "צדקה" (אין דעם אופן המותר בשבת[55]).

וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו די ג' שבועות בכלל, און נאכמער - אין די ניין טעג, און נאכמער - אין דעם שבוע שחל בו תשעה באב, און נאכמער - אין ערב תשעה באב און תשעה באב,

און מאן אין דערויף בהוכּכי שאר כל המבצעים, און בהוכּכי כל התורה ומצוותי',

וואס דורך דערויף וועט זיין דער "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", און ס'וועט זיין דער "חזון (ישעי')"[56], וויבאלד אז "תחזור הנבואה לישראל"[57],

בביאת משיח צדקנו, וואס "ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה"[58], און ער וועט זיין "מבית דוד ומזרע שלמה"[59], ובעגלא דידן.

* * *

יא. בנוגע צו דעם ענין פון "שבת חזון", איז ידוע דאס וואס ר' הלל פאריטשער ברענגט[60] בשם פון רלוי"צ בארדיטשאווער. אז "שבת חזון" איז מלשון מחזה, אז דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד מרחוק".

און ער ברענגט אויף דערויף א משל פון א בן מלך וואס אביו האט אים געמאכט א מלבוש יקר וכו', ביז אלע פרטים שבזה. ווי שוין אויך אפגעדרוקט.

וואס אע"פ אז דער ענין ברענגט זיך ניט אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו - האט מען דאס אבער געפונען בהשגה"פ אין דעם ביכל פון דרושי ר' הלל פאריטשער, און ס'איז דאך ידוע אז ר"ה איז געווען מקושר ונהון צו רבותינו נשיאינו, ביז אין אן אופן פון ביטול במציאות לגמרי, ווי עס ווערט דערציילט אין די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[61].

ובפרט אז מ'זעט אז די משלים פון רלוי"צ בארדיטשאווער - ברענגען -

------------

55) ראה לקו"ש חי"ג ע' 282 הע' 18-19. 56) ישעי' א, א. - הפטרה שבת זו. 57) אגרת תימן להרמב"ם (אגרות הרמב"ם ע' 66), 58) ישעי' יא, א. 59) פיהמ"ש להרמב"ם סנהדרין פ' חלק יסוד הי"ב. וראה לקו"ש ח"ה ע' 215 הע' 53. 60) ברשימות הצ"צ לאיכה בסופן בהערה (אוה"ת נ"ך ע' א'צז בהערה). 61) ראה סה"ש תש"ג ע' 79 ואילך. ראשי פרקים מתולדותיו - בריש ספריו פלח הרמון.

ברענגען זיך אין דא"ח (דרושי חסידות), ביז אז עס ברענגט זיך אויך אן ענין עיקרי ביותר - בידוע דער משל דיינער בנוגע צו דעם ענין פון תקיעת שופר[62].

[וואס דער ענין פון תק"ש איז דער ענין התשובה[63], און דער ענין התשובה איז אן ענין עיקרי וכללי, ווארום דורך דערויף ווערט דער ענין פון "נחת רוח לפני כו'"[64], און עס ווערט דער ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה" (ווי דערבאנט פריער (ס"ב)), וואס דארטן זאגט מען "בבי נמלך בנשמותיהן של צדיקים"[65], בידוע דער פירוש פון דעם מגיד[66] בזה (געבראכט אין דרושי חסידות[67]), אז עלה לפניו ית' דער תענוג וואס ער וועט זיך מהענג זיין פון עבודת הצדיקים דא למטה[68]].

ועפ"ז דארף מען גאר האבן א ביאור - פארוואס ברענגט זיך ניט דער ענין האמור (וועגן "שבת הזון") אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו. אבער אעפ"כ איז אזוי אכיתיה הענין.

יב. דער ביאור אין דעם ענין פון "שבת חזון"[69]:

אין דעם שבת באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד". ד.ה. אז מ'באווייזט דאס ניט נאר צו יחידי סגולה, נאר לכאו"א: ס'איז מערניט וואס דאס איז "מרחוק", וואס דערפאר זעט מען דאס ניט בעיני בשר.

וואס אין דערויף זיינען דא צוויי קצוות:

פון איין זייט זאגט מען אז דער שבת ווערט אנגערופן "שבת חזון", דערפאר וואס דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד",

ביז וואנעט אז "שבת חזון" (דער "מחזה" פון כאו"א) איז פארבונדן מיט "חזון ישעי'", וואס נאך משה רבינו[70] איז ישעי' געווען דער "גדול שבנביאים"[71], וואס אע"פ אז עס זיינען געווען נאך כו"כ נביאים נאך משה רבינו, איז אבער ישעי' דער "גדול שבנביאים",

און ווי ס'איז מבואר[72] דער חילוק צווישן ישעי' מיט

- שאר -

---

62) המשך וככה תרל"ז פ"ע (ס"ע קיא ואילך). 63) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 64) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ה. 65) ראה ב"ר פ"ה, ז. רות רבה רפ"ב. 66) או"ת ב, ג. וראה ד"ה כימים רבים דמוצאי ש"פ נח תשל"ח ס"ה ובהע' 44 שם. 67) המשך תער"ב ח"ב ע' התקב. 68) המשך ד"ה תש"ג פ"ג. ובכ"מ. 69) ראה גם לקו"ש ח"ט ע' 24 ואילך. 70) ראה לקו"ש שם ע' 204 הע' 7. 71) יל"ש ישעי' רמז שפה. 72) ביאוה"ז לס, סע"ד. אוה"ת הוספות למג"א ע' מג. סה"מ תרכ"ט ע' עה. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

שאר הנביאים - אז "אינו דומה בן כרך שראה את המלך לבן כפר שראה את המלך", וואס "בן כרך" גייט אויף ישעי', און "בן כפר" גייט אויף יחזקאל[73] - אע"פ אז יחזקאל איז געווען דער נביא וואס האט געזאגט די נבואה וועגן דעם ביהמ"ק השלישי (און למעלה מזה (פון דרגת ישעי') איז דרגת הנבואה פון משה רבינו, וואס דאס איז גאר אין עולם האצילות, כמבואר אין כתבי האריז"ל[74], און דער אלטער רבי ברענגט דאס אדאפ אין אגה"ק[75]) -

און דעם ענין פון "שבת חזון", אז דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד" - פארבינדט מען מיט "חזון ישעי'"

ולאידך זעט מען אבער אז מ'דארף זוכן איינעם (אדער עטליכע) וואס האט געזעהן אין "שבת חזון" דעם ביהמ"ק השלישי!

יג. איז דער ביאור בזה:

דאס וואס מ'זעט ניט דעם ביהמ"ק השלישי בעיני בשר, רירט דאס ניט אן אין אמיתיות הענין אז דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד".

וכידוע דער משל פון דעם רבי'ן נ"ע[76] וועגן א בעל עגלה וואס פירט תלמידי חכמים אין זיין עגלה, וואס דער בעל עגלה טראכט וועגן פרנסתו ופרנסת בני ביתו, דער פערד טראכט וועגן די "האבער", און די תלמידי חכמים רעדן וועגן אן ענין בתורה (אדער זיי פארן למקום תורה, וואס דארטן וועלן זיי צוקומען צו תכלית השלימות אין לימוד התורה) -

איז דאס וואס דער בעל עגלה טראכט וועגן זיין פרנסה, און דאס וואס דער פערד טראכט וועגן "האבער" - רירט דאס ניט אן דעם דבר שכל וועגן וועלכן עס רעדן די תלמידי חכמים (וואס זיצן אויף דער עגלה)!

ועד"ז איז ידוע דער פתגם[77] וועגן דעם ענין פון עלי' להורה, אז דורך דער עלי' להורה ווערט אן עלי' אין אלע דרגות הנשמה, אין "התחיים שניים ושלישיים", ביז אויך אין "רביעיים וחמישיים"[78] - די דרגא פון יחידה.

וואס אע"פ אז מ'פילט דאס ניט - רירט דאס אבער ניט אן אין אמיתיות הענין, וויבאלד אז מ'ווייסט אז די נשמה דערהערט דאס.

- יד. -

------------

73) חגיגה יג, ב. 74) שער הקדושה להרח"ו ח"ג ש"ו - הובא בתו"א בא ס, ב. לקו"ת במדבר ב, ב. שה"ש כה, ג.
75) סי"ס. 76) ראה סה"ש הרפ"ח הוספות ע"ע רא ואילך.
77) לקו"ד כרך א כה, ב ואילך. סה"ש תש"ב ע' 75. 78) ראה ד"ה לך לך דמוצאי ש"פ לך לך תשל"ה הע' 26.

יד. והביאור בזה:

אידן זיינען דאך "מאמינים בני מאמינים"[79], ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס זיי זיינען "מאמינים" מצ"ע, זיינען זיי אויך "בני מאמינים", זיי האבן דעם ענין פון "אלקי אבי וארוממנהו"[80] - גלויבן זיי אז די נשמה זעט דעם ביהמ"ק דלעתיד.

און מצד דעדויף וואס ביי אידן איז "נשמתם עיקר וגופם טפל"[81] - איז דער גוף נגרר אחרי הנשמה.

וואס בנוגע צו דעם אופן הראי' וואס די נשמה זעט דעם ביהמ"ק דלעתיד, קען זיין אין דערויף חילוקים,

[צי דאס זעט נאר יחידה שבנפש, אדער אויך חי' שבנפש, נשמה שבנפש, רוח שבנפש, און נפש הדוחני שבנפש - אדער עכ"פ ניט דער נפש המלובש בגוף, ד.ה. א ראי' בעיני בשר],

אבער בנוגע צום מעשה בפועל וואס דארף אדויסקומען דערפון וואס מ'ווייסט אז די נשמה זעט דעם ביהמ"ק השלישי - אין דערויף זיינען ניטא קיינע חילוקים.

וע"ד ווי דאס איז אין כללות התורה ומצוות:

די חילוקים וואס זיינען דא אין קיום ההומ"צ, איז נאר בנוגע צו ענינים של כוונה וכו', אבער בנוגע צום מעשה בפועל - איז א פחות שבפחותים וואס געפינט זיך אין דרא דעקבתא דמשיחא, לייגט ער די זעלבע תפילין (די זעלבע פרשיות וכו') וואס עס האט געלייגט משה רבינו, און דורך דערויף ווערט ער אין אן אופן פון צוותא וחיבור מיטן אויבערשטן[82].

וואס דערפון זעט מען דאך אז אין דעם ענין פון מעשה בפועל איז ניטא קיינע חילוקים - ועד"ז איז בנוגע צום מעשה בפועל וואס דארף ארויסקומען דערפון וואס מ'ווייסט אז אין "שבת חזון" זעט די נשמה דעם ביהמ"ק השלישי, אז אין דעדויף זיינען ניטא קיינע חילוקים.

טו. האמור לעיל אז מ'באווייזט "לכאו"א המקדש דלעתיד" אין אן אופן פון "מרחוק", וואס מצד דערויף זעט מען דאס ניט בעיני בשר - איז דאך אן ענין של ידידה;

אין דערויף איז אבער דא אן ענין למעליותא - אז פון דער ידידה קומט מען צו צו אן עלי' גדולה ביותר, "כיהרון

- האור -

---

79) שבה צז, א. 80) בשלח טו, ב. 81) ראה הניא רפל"ב. 82) ראה לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

האור מן החושך" און "כיתרון התכמה מן הסכלות"[83], ובדוגמת מעלה בעלי תשובה לגבי צדיקים, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער ירידה וואס מ'באוויזט דעם ביהמ"ק דלעהיד נאר אין אן אופן פון "מרחוק".

טז. דעם ענין אז דורך דער ירידה קומט מען צו צו אן עלי' גדולה ביותר - זעט מען סיי אין דער הפטרה און סיי אין דער סדרה פון היינטיקן שבת:

אין דער הפטרה פון היינטיקן שבת רעדט זיך דאך וועגן ענינים של גלות וכו' - איז אבער דא אין דערויף דער פירוש אז דאס איז למעליותא (ע"ד ווי דער צ"צ איז מבאר אין זיינע רשימות אויף איכה, אז די ענינים זיינען אויך דא למעליותא) -

וואס דאס איז דער פירוש פון רלוי"צ בארדיטשאווער אויפן פסוק[84] "עם כבד עון", אז בא זיי איז שווער ("כבד") צו טאן אן ענין של "עון".

בדוגמא ווי עס שטייט אין זהר[85] "ונפש כי תחטא - תווהא", אז ס'איז גאר א פלא ווי קומט צו א אידן אן ענין של חטא.

ועד"ז זעט מען דאס אויך אין דער סדרה:

אין ההתלה הסדרה שטייט "אלה הדברים", וואס "דברים" באווייזט אויף א לשון קשה[86], און ווי רש"י טייטשט אפ "שהן דברי תוכחות".

ולאידך - איז דאס "משנה תורה", וואס דאס האט משה רבינו געזאגט "מפי עצמו"[87], און דאס איז געווען אין אן אופן פון "כפלים לתושי'"[88].

ועאכו"כ ווען מ'קומט צום סיום הסדרה, וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם כיבוש פון ארץ קיני קניזי וקדמוני, וואס לעתיד לבא[89] איז עס ארץ אדום, עמון ומואב.

וואס דערפון זעט מען אז דורך דער ירידה, קומט מען צו צו אן עלי' גדולה יותר.

יז. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מקוים ווערן דער יעוד וואס

- שטייט -

------------

83) קהלת ב, יג. 84) ישעי' א, ד. 85) ח"ג יג, ב. וראה שם טז, א. 86) ראה מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו יט, ג. 87) ראה מגילה לא, ב. זח"ג רסא, א. 88) ראה שמו"ר רפמ"ו. 89) ראה ב"ב נו, א. ירושלמי שביעית פ"ו ה"א. קידושין פ"א ה"ח. ב"ר ספמ"ד. פרש"י עה"פ לך לך טו, יט. פרשתנו ב, ה.

שטייט אין סיום ההפטרה - אז ס'וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחלה"[90],

און עס וועט זיין דער "כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים" (וואס שטייט בהמשך לזה)[91] - וואס דאס גייט דאך אויף דעם בית המקדש.

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו זעהן דעם ביהמ"ק השלישי כפשוטו - וואס וועט געבויט ווערן ע"י משיח צדקנו[92], און אין דערויף וועט מען אויך האבן דעם ענין וואס איז בידי שמים[93],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ציון במשפט תפדה.

* * *

יט. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשה השבוע מיט פרש"י, און אויך אן ענין אין די הערוה פון סאטן, און אויך א משנה אין פרקי אבות פון היינטיקן שבת (לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "כל שבתות הקיץ") - פרק שני.

אויפן פסוק[94] "ובמדבר אשר ראית אשר נשאך ה' אלקיך כאשר ישא איש את בנו", שטעלט זיך רש"י אויף "כאשר ישא איש את בנו". און טייטשט אפ: "כמו שפירשתי אצל ויסע מלאך האלקים ההולך לפני מחנה ישראל וגו'[95], משל למהלך בדרך ובנו לפניו באו לסטים לשבוהו וכו'".

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

א) וויבאלד אז רש"י זאגט "כמו <u>שפירשתי</u> אצל ויסע מלאך האלקים גו'", איז צוליב וואס דארף ער נאכאמאל אראפברענגען דעם "משל למהלך בדרך כו'" - ער האט דאך דאס שוין מפרש געווען פריער, קען מען א קוק טאן דארטן און זעהן דעם משל?!

[ובדוגמא ווי רש"י זאגט אין פ' ויקהל[96] "כבר פירשתי נדבת המשכן ומלאכתו במקום צוואתם". וואס דערפאר דארף ער דאס ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל - ועד"ז האט רש"י געקענט זאגן "כמו שפירשתי כו'". און ניט ברענגען נאכאמאל דעם "משל למהלך בדרך כו'"].

- ב) לאידך -

------------

90) ישעי' שם, כו. 91) שם ב, ג. 92) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 42. 93) ראה בארוכה שיחה מוצאי ש"פ מטו"מ ס.ז. סי"ז ואילך. 94) פרשתנו א. לא. 95) בשלח יד, יט. ובפרש"י שם, כ. 96) לה, ה.

ב) לאידך גיסא: וויבאלד אז ער ברענגט דעם "כשל למהלך בדרך כו׳", און ברענגט אין דערויף כו"כ פרטים: "למהלך בדרך" - ע"ד ווי עס שטייט בפרשתנו "כאשר ישא איש את בנו", און "באו לסטים לשבוהו כו׳" - האט ער דאך שוין געזאגט דא דעם גאנצן ענין, איז צוליב וואס דארף ער זאגן "כמו שפירשתי כו׳", אז ער האט דאס שוין מפרש געווען פריער?!

און לכאו׳ קען מען ניט זאגן אז בפרשתנו ברענגט רש"י ניט אראפ אלע פרטי המשל, און דערפאר זאגט ער "כמו שפירשתי כו׳", וואס דארטן שטייען די אנדערע פרטים פון דעם משל -

ווארום בכגון דא איז דרכו של רש"י אז פריער ברענגט ער אראפ התחלת המשל (וויבאלד אז ליפטר בלא כלום אי אפשר), און דערנאך צייכנט ער דעם ארט וואו עס שטייען די אנדערע פרטים פון דעם משל - ועפ"ז האט רש"י געדארפט פריער זאגן "משל למהלך בדרך וכו׳", און ערשט דערנאך "כמו שפירשתי כו׳".

כ. בהמשך הענין[97] שטייט: "ההולך לפניכם בדרך לתור לכם מקום לחנותכם גו׳ ובענן יומם" - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ׳האט גערעדט אין דער פריערדיקער ההתוועדות[98] וועגן "ענני הכבוד".

וואס דעמולט האט מען גערעדט, אז ע"פ פשש"מ דארף מען זאגן אז לאחרי מיתה אהרן (וואס דעמולט "נסתלקו ענני הכבוד"[99]) האבן זיך די ענני הכבוד ניט אומגעקערט - וויבאלד אז מ׳געפינט ניט אז אידן זאלן מאכן א טומל אויף דעם וואס עס זיינען ניטא קיין ענני הכבוד, וואס דערפאר זאל מען זיי דאס אומקערן,

ע"ד ווי מ׳געפינט בא "בארה של מרים", אז לאחרי מיתת מרים איז "לא הי׳ מים לעדה", און "וירב העם עם משה גו׳"[100], ביז אז ס׳איז געווען "ויצאו מים רבים"[101] - דערפאר וואס דער באר האט זיך אומגעקערט,

איז וויבאלד אז מ׳געפינט ניט אז ענני הכבוד האבן זיך אומגעקערט. דארף מען זאגן אז זיי האבן זיך טאקע ניט אומגעקערט.

האט מען אויף דערויף געבאכט א שטורעם (ובצדק - אבער מפני העדר הידיעה). אז מ׳געפינט אז לאחרי מיתת אהרן זיינען נאך אלץ געווען די עננים:

- אנהויבנדיק -

------------

97) פרשתנו שם. לג. 98) שיחה הנ"ל סנ"ד ואילך.
99) פרש"י עה"פ במעי׳ לג, כ. וראה גם פרש"י עה"פ חקת כא, א.
100) חקת כ, ב-ג. 101) שם. יא.

אנהויבנדיק פון דעם פסוק בפרשתנו "ההולך לפניכם בדרך לתור לכם מקום לחנותכם . . ובענן יומם", אז דער ענן איז געגאנגען פאר אידן, און האט זיי באוויזן וואו זיי דארפן גיין, און וואו זיי דארפן זיך אפשטעלן - איז וויבאלד אז לאחרי מיתה אהרן זיינען נאך געווען כו"כ מסעות, איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז געווען דער ענן "ההולך לפניכם בדרך לתור לכם מקום לחנותכם גו'".

ועד"ז געפינט מען אין פ' בלק[102] אז דער אויבערשטער האט געהייסן משה רבינו "קח את כל ראשי העם והוקע אותם לה' נגד השמש", טייטשט אפ רש"י: "השמש מודיע את החוטאים, הענן נקפל מכנגדו והחמה זורחת עליו" - זעט מען דאך דערפון אז אויך דעמולט האבן אידן געהאט דעם ענן. ועד"ז אין נאך כמה מקומות.

וכפי שיתבאר לקמן - און דערכיט וועט מען אויך פארשטיין די דיוקים אין פירוש רש"י האכור.

כא. בנוגע צו די הערוה פון טאטן - איז אויפן זהר פון פ' דברים ניטא קיין הערוה, עס איז דא א הערה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ענני הכבוד - וואס דאס איז אין די הערות אויף מסכת סנהדרין[103].

וואס דארטן איז ער מבאר אז "ענני הכבוד שהיו בזכות אהרן הם בבחי' נצח, כמ"ש בע"ח שער הארת המוחין, ועיין במ"ח מס' לאה פ"ד מ"ד".

דארף מען פארשטיין: ס'איז מבואר בכ"מ[104] אז ענני הכבוד זיינען פארבונדן מיט דעם ענין החסד, ווי ס'שטייט "בענן יומם", וואס דאס איז דער ענין פון "יומם יצוה ה' חסדו"[105], וואס מדת החסד ווערט אנגערופן "יומא דאזיל עם כולהו יומין"[106], און דאס איז פארבונדן מיט אהרן הכהן, וואס א כהן איז איש החסד[107], ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס אהרן איז געווען "אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות כו'"[108] - וואס עפ"ז זיינען ענני הכבוד פארבונדן מיט חסד, און נים מיט נצח?

וכפי שיתבאר לקמן.

- כב. -

---

102) כה, ד. וראה שפ"ח עה"פ. 103) תורה לוי"צ ע' קעה. 104) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ב ערך אהרן ס"ס. וש"נ. 105) תהלים מב, ט. זח"ג קג, ב. קצא, ב. 106) ראה לקו"ש ח"ה ע' 174 בשוה"ג להע' 14. 107) זח"ג קמה, ב. ועוד. תניא רפ"נ. וראה ספר הערכים שם סי"ז. וש"נ. 108) אבות פ"א מי"ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

כב. אין דעם פרק פון היינטיקן שבת, פרק שני, זאגט די משנה[109]: "היום קצר והמלאכה מרובה כו'".

איז ניט פארשטאנדיק: דער אויבערשטער זאגט דאך אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[110], און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז דער אויבערשטער וועט ניט מאנען ביי א אידן ער זאל טאן א זאך וועלכע ער האט אים ניט געגעבן קיין כח צו טאן די זאך - במכש"כ וק"ו דערפון וואס א בו"ד מאנט ניט ביי א צווייטן ער זאל טאן א זאך וואס ער קען ניט.

איז לכאו', ווי קען מען זאגן "היום קצר והמלאכה מרובה": דער אויבערשטער גיט דאך יעדערן דעם מספר השנים וואס איז מתאים צו דער עבודה וואס ער דארף דורכפירן, ווי ס'שטייט[111] "ימים יוצרו ולו אחד בהם"[112] - איז ווי קען מען זאגן אז "היום קצר" בערך צו דער "מלאכה מרובה" וואס ער דארף דורכפירן?!

נאכמער: ניט נאר אז "היום קצר" און די מלאכה איז א מלאכה רגילה, נאר "המלאכה מרובה", ד.ה. אז אפי' בערך צו "יום" כהם (ניט "יום קצר"), איז עס אויך א "מלאכה מרובה"?

כג. דערנאך זאגט די משנה שלאח"ז[113]: "אם למדת תורה הרבה, נותנין לך שכר הרבה".

איז ניט פארשטאנדיק: ס'איז דאך א דבר הפשוט אז "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה", ווארום בשעת מ'לערנט תורה מעט. גיט מען שכר מעט. בשעה מ'לערנט תורה ע"ד הממוצע, גיט מען שכר ע"ד הממוצע, און בשעה מ'לערנט "תורה הרבה", גיט מען "שכר הרבה" - איז וואס איז דער חידוש פון דער משנה אז "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה"?

עס איז פארשטאנדיק וואס איז די "מילתא דחסידותא"[114] אין דער משנה, ועד"ז אין דער פריערדיקער משנה. "היום קצר והמלאכה מרובה" - ווארום דורך דערויף וואס ער וועט זיך מתבונן זיין אין דעם וואס "היום קצר והמלאכה מרובה", און אין דעם וואס "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה" (ע"ד ווי עס שטייט אין התחלת הפרק "הסתכל בשלשה דברים ואין אתה בא לידי עבירה כו'") - וועט דאס ביי אים פועל'ן א הוספה אין לימוד התורה וקיום מצוותי':

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער חידוש אין

- דעם -

------------

109) משנה טו. 110) במדב"ר פי"ב. ג. 111) תהלים קלט, טז. 112) ראה הו"א משפטים עה. סע"ד ואילך. יהל אור עה"פ ס"ג ואילך (ע' תקכו ואילך). אוה"ת ויחי כרך ו ע' תתשטז.
113) משנה טז. 114) ראה ב"ק ל, א.

דעם וואס די משנה זאגט "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה"?

עד"ז איז דא דער דיוק, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי איז שייך צו זאגן "אם למדה תורה <u>הרבה</u>" - וויפל ער וועט נאר לערנען, גייט דאס אלץ אריין אין דעם <u>חיוב</u> פון מצות הלמוד תורה, איז דאס ניט "<u>הרבה</u>"?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק לויט דעם וואס די גמרא[115] זאגט אז "הלל מחייב את העניים". ובהקדים[116]:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק פארוואס זאגט מען "<u>הלל</u> מחייב את העניים" - דער דין[117] איז דאך אז יעדער איד איז מחוייב ללמוד תורה. "בין עני בין עשיר". איז פארוואס זאגט מען אז "<u>הלל</u> מחייב את העניים"?

איז דער אלטער רבי'[118] מבאר, אז דער אופן ההנהגה פון הלל אין לימוד התורה, איז געווען מצד "מדת חסידות". און ניט אז מצד הדין איז ער געווען מחוייב אין דעם אופן פון לימוד התורה:

די גמרא[119] דערציילט: "אמרו עליו על הלל הזקן שבכל יום ויום הי' עושה ומשתכר בטרעפיק (חצי דינר[120]), חציו הי' נותן לשומר בית המדרש וחציו לפרנסתו ולפרנסת אנשי בני ביתו" - וואס ע"פ דין איז ניטא קיין חיוב אז נאך דערויף וואס ער האט מערניט ווי "חצי טרעפיק" אויף פרנסתו ופרנסת אנשי בני ביתו, זאל ער זיך מערניט פארנעמען מיט פרנסה, און זיך אוועקזעצן לערנען תורה - דאס איז א הנהגה וואס איז מצד "מדת חסידות".

און אויף דערויף זאגט מען אז "הלל מחייב את העניים":

"הלל", וואס "גדול מרבן שמו"[121] [וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "הלל" סתם, און ניט <u>רבי</u> הלל, וויבאלד אז "גדול מרבן שמו"]. איז געווען דער וואס סלל את הדרך אז מ'זאל זיך מסתפק זיין מיט א "חצי טרעפיק" אויף פרנסתו ופרנסת אנשי בני ביתו, און די איבעריקע צייט זאל מען לערנען תורה;

און דערפאר איז "<u>הלל</u> (דוקא) מחייב את העניים" -

- פארוואס -

------------

115) יומא לה. ב. 116) ראה לקו"ש ח"ב ע' 304 ואילך. ובארוכה - שיחת ש"פ תשא תשל"ה (שיחה ו). 117) רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ח. טושו"ע יו"ד סרמ"ו ס"א. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 118) קו"א להל' ת"ת שם ס"א ד"ה והשתא א"ש. 119) יומא שם. 120) פרש"י שם ד"ה טרעפיק. וראה הל' ת"ת שם ס"ג. 121) ראה ערוך השלם ערך אביי.

פאדוואס האבן זיי זיך ניט געפירט אין דעם אופן ההנהגה פון "מדה חסידוה" אזוי ווי ער (הלל) האט זיך געפירט.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס די משנה זאגט "אם למדה תורה הרבה" – ווארום בשעה ער לערנט מערער וויפל ער איז מחוייב מצד הלכות ה"ת, ער לערנט אין אן אופן פון "מדת חסידות" – ווערט דאס אנגערופן "למדת תורה הרבה", מערער דערפון וואס מ׳איז מחוייב ע"פ דין.

עס בלייבט אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער חידוש אין דעם וואס די משנה זאגט "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה"?

וכפי שיתבאר לקמן.

כד. בנוגע צו דעם לימוד אין הלכות בית הבחירה:

אין אנהויב פון פרק שני זאגט דער רמב"ם: "המזבח מקומו מכוון ביותר . . ובמקדש נעקד יצחק אבינו כו׳", און דערנאך איז ער ממשיך אין הלכה ב׳: "ומסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן ארונה הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק. והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה, והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא, ומשם נברא. אמרו חכמים אדם ממקום כפרתו נברא".

וואס לכאו׳ איז עס א דבר פלא (ווי דערמאנט פריער (ס"ב)):

א) דער ספר "יד החזקה" איז דאך "הלכות הלכות" – איז ניט פארשטאנדיק: לכאי נפק"מ אין הלכה דער גאנצער אריכות הסיפור אז דער מקום המזבח איז דער זעלבער מקום "שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כו׳, והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא"?!

ובפרט אז דאס איז גאר געווען קודם מ"ת, וואס דעמולט זיינען געווען אנדערע הנהגות וכו׳.

ב) וויבאלד אז דער רמב"ם ברענגט שוין אראפ די אלע פרטים, אז דאס איז דער מקום "שבנה בו אברהם המזבח" און "בנה בו נח" און "קין והבל" און "אדם הראשון" – האט ער בעדארפט זאגן אז דאס איז אויך דער מקום וואו יעקב אבינו האט געבויט דעם מזבח, ווארום יעקב האט דאך געבויט א מזבח אין דעם אדט וואו ס׳איז געווען עקידת יצחק[122]?

- ג) ס׳איז -

------------

122) פרש"י עה"פ ויצא כה, יז.

ג) ס'איז דאך ידוע[123] אז דער רמב"ם האט מדייק געווען בלשונו, ביז וואנעט אז מ'לערנט אפ כו"כ הלכות פון דיוקים אין לשון הרמב"ם - דארף מען פארשטיין: וואס איז דער דיוק הלשון "ומסורת ביד הכל"?

בפשטות קען מען זאגן אז "הכל" גייט אויך אויף אוה"ע, ד.ה. אז דאס איז א "מסורת" ניט נאר ביי אידן, נאר "ביד הכל", אויך ביי אומות העולם,

[וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס חזר'ט איבער דער רמב"ם אין הלכה ב' אז "הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק", ער האט ראך שוין געזאגט אין הלכה א' אז "במקדש נעקד יצחק אבינו" -

ווארום אין הלכה א' רעדט דער רמב"ם וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אידן, און אין הלכה ב' איז ער מוסיף אז דאס איז "מסורת ביד הכל", אויך ביי אומות העולם],

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז נוגע צו וויסן אז דאס איז א "מסורת ביד הכל", אויך ביי אומות העולם?!

וכפי שיתבאר לקמן.

* * *

כה. דער ביאור אין פירוש רש"י בנוגע צו דעם ענין פון ענני הכבוד:

אין פשט"מ קען מען ניט אנעמען דאס וואס די גמרא[124] זאגט אז "חזרו שניהם (דער באר און ענני הכבוד) בזכות משה", ווארום אין פשט"מ געפינט מען ערגעץ ניט אז לאחרי מיתת אהרן האבן זיך די ענני הכבוד אומגעקערט.

ובמילא - פונקט ווי ענני הכבוד האבן זיך ניט אומגע-קערט "בזכות משה", אזוי האט זיך "בארה של מרים" אויך ניט אומגעקערט "בזכות משה",

[ווארום עס לייגט זיך ניט מחלק זיין אין "זכות משה" און זאגן אז בזכותו קען זיין נאר דער מן און דער באר, און ניט ענני הכבוד - פונקט ווי "בזכות משה" קען זיין דער מן און דער באר, קענען די ענני הכבוד אויך זיין "בזכות משה"],

ס'איז מערניט וואס אזוי ווי "לא הי' מים לעדה", האט דער אויבערשטער געזאגט צו משה רבינו "והוצאת להם מים מן הסלע והשקית את העדה גו'"[125], ד.ה. ס'איז ניט דער טייטש אז

- דער -

---

123) ראה יד מלאכי כללי הרמב"ם ס"ג. 124) תענית ט, א. 125) חקת שם, ח.

דער באר האט זיך אומגעקערט "בזכות משה" (וואס דערפאר זיינען אויך די ענני הכבוד אומגעקערט געווארן "בזכות משה"), וואלטן ענני הכבוד אויך געדארפט אומקערן זיך "בזכות משה"), נאר אזוי ווי אידן האבן ניט געהאט קיין וואסער, האט דער אויבערשטער געזאגט צו משה רבינו ער זאל זיי געבן וואסער.

מ׳קען אבער ניט זאגן אז "חזרו שניהם בזכות משה" - וויבאלד אז אין פשש"מ געפינט מען דאס ערגעץ ניט.

כו. עס בלייבט אבער די שאלה וואס מ׳האט געפרעגט: מ׳זעט דאך אז אויך לאחרי מיתת אהרן איז געווען דער ענן (כנ"ל בארוכה), און אויך: פארוואס באווארענט ניט רש"י ווי האבן אידן געהאט לאחרי מיתה אהרן די אלע עניינים וואס ענני הכבוד האבן אויפגעטאן - איז דער ביאור בזה:

רש"י דארף ניט באווארענען ווי אזוי האבן אידן געהאט לאחרי מיתה אהרן די עניינים וואס די עננים האבן אויפגעטאן, ווארום ס׳איז מעצמו מובן:

דער פירוש פון "ענני כבוד" איז - די עננים וואס זיינען געווען לכבודם של ישראל, ד.ה. ניט קיין עננים וואס האבן אויפגעטאן אז אידן זאלן האבן דברים הכרחיים, נאר עננים וואס זיינען געווען מערניס ווי לכבודם של ישראל.

דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס לאחרי מיתה אהרן איז "נסתלקו ענני הכבוד" - איז דער פירוש בזה אז עס זיינען נסתלק געווארן נאר די עננים וואס זיינען געווען מערניס ווי לכבודם של ישראל (ענני כבוד), אבער די עננים וואס האבן אויפגעטאן אז אידן זאלן האבן די דברים המוכרחים (כדלקמן), זיינען מלכתחלה ניט נסתלק געווארן.

כז. והביאור בזה:

אין פ׳ בהעלותך[126] זאגט רש"י: "שבעה עננים כתובים במסעיהם. ארבע מד׳ רוחות ואחד למעלה ואחד למטה, ואחד לפניהם. בנמיך את הגבוה ומגביה את הנמוך. והורג נחשים ועקרבים".

אי... "ארבע מד׳ רוחות, ואחד למעלה ואחד למטה", ששה עננים. ז...נען געווען "ענני כבוד", ד.ה. אז זיי זיינען געווען מערניס ווי לכבודם של ישראל (זיי האבן ניט אויפגעטאן אז אידן זאלן האבן זייערע דברים הכרחיים), און זיי זיינען נסת...ק געווארן לאחרי מיתת אהרן;

אבער דער "אחד לפניהם", וואס ער איז ניט געווען פון - די -

------------

126) י, לד.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

די "ענני כבוד". ווארום ענינו איז געווען "מנמיך את הגבוה ומגביה את הנמוך, והורג נחשים ועקרבים" (ניט לכבודם של ישראל, נאר אן ענין הכרחי) - איז ער טאקע ניט בטל געווארן במיתת אהרן. נאר ער איז געגאנגען מיט אידן אין אלע מסעות (אויך די מסעות וואס זיינען געווען לאחרי מיתת אהרן).

כח. דער הכרח אז ניט אלע ענני' זיינען געווען "ענני כבוד" - איז:

אויפן פסוק[127] "כי בסוכות הושבתי את בנ"י בהוציאי אותם מארץ מצרים", טייטשט אפ רש"י אז "בסוכות" מיינט "ענני כבוד".

אין גמרא[128] איז דא אין דעריף א פלוגתא: ר"א זאגט אז "ענני כבוד היו", און ר"ע זאגט "סוכות ממש עשו להם": אבער אין פשט"מ ברענגט אראפ רש"י די דעה אז דאס זיינען געווען "ענני כבוד".

[דכבדיבר אמאל בארוכה פארוואס לערנט ניט רש"י אין פשט"מ אז "סוכות ממש עשו להם", וואס דער תוכן הדברים איז - אז עס לייגט זיך ניט אין פשט"מ אז "שש מאות אלף רגלי הגברים"[129], ונוסף לזה אויך נשים וטף, האבן געטראגן מיט זיך "סוכות ממש" אין אלע מסעות וואס זיי זיינען געגאנגען במשך ארבעים שנה!

ונוסף לזה: עפ"ז וועט מען דארפן זאגן אז דער אריבערשטער האט אנגעזאגט אז אידן זאלן נעמען מיט זיך עצים פון מצרים כדי אז זיי זאלן קענען בויען "סוכות" -, איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האבן זיי געדארפט נעמען מיט זיך עצים פון מצרים, וויבאלד אז "ויבואו אילימה ושם שתים עשרה עינות מים ושבעים תמרים"[130], האבן זיי געקענט מאכן די "סוכות" פון די "שבעים תמרים"?

וואס דערפאר זאגט רש"י אז ע"פ פשוטו של מקרא זיינען די "סוכות" ניט געווען "סוכות ממש", נאר "ענני כבוד"].

איז איצט מ'וועט זאגן אז אלע "שבעה ענני'" וואס רש"י רעכנט אויס אין פ' בהעלותך זיינען געווען "ענני כבוד" - וואלט מען געדארפט האבן אין א סוכה שבעה דפנות: ארבע בד' רוחות, ואחד למעלה ואחד למטה, ואחד לפניהם, אזוי ווי ס'איז געווען בא די "ענני כבוד" -

און דער דין[131] איז דאך אז מ'דארף האבן מערניט ווי ג' - דפנות -

------------

127) אמור כג, מג. 128) סוכה יא, ב. 129) בא יב, לז. 130) בשלח טו, כז. 131) סוכה בתחלתה. שם ו, ב. טושו"ע או"ח בהר"ל ס"ב.

דפנות, און אפי׳ לויט מנהגנו[132] אז מ׳מאכט ר׳ דפנות - איז צוזאמען מיטן גג און די רצפה איז עס מערניט ווי פון זעקס זייטן, און ניט ווי די "ענני כבוד" וואס זיינען געווען "שבעה ענניס", פון אלע זעקס זייטן און "אחד לפניהם"[133]!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז ניט אלע "שבעה עננים" זיינען געווען "ענני כבוד": דער "אחד לפניהם" וואס "מנמיך את הגבוה ומגביה את הנמוך, והורג נחשים ועקרבים", איז ניט געווען פון די "ענני כבוד", ווארום ער האט אויפגעטאן אן עניין הכרחי (ניט נאר אן עניין של כבוד); און די אנדערע עננים זיינען געווען "ענני כבוד", מערניט ווי לכבודם של ישראל.

כט. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם דיוק הלשון אין רש"י:

בשעת רש"י רעדט וועגן דעם וואס די עננים זיינען נסתלק געווארן במיתת אהרן, זאגט רש"י אז "נסתלקו ענני כבוד", משא"כ ווען ער רעדט וועגן די "שבעה עננים", זאגט ער "עננים" סתם, און ניט "ענני כבוד" -

איז דער ביאור בזה:

ניט אלע "שבעה עננים" זיינען געווען "ענני כבוד", ווי גערעדט פריער אז נאר די עננים וואס זיינען געווען מערניט ווי לכבודם של ישראל ווערן אנגערופן "ענני כבוד", משא"כ דער "אחד לפניהם" וואס "מנמיך את הגבוה כו׳ והורג נחשים ועקרבים", איז ער ניט געווען פון די "ענני כבוד" -

און דערפאר ווען רש"י רעדט וועגן אלע "שבעה עננים", קען ער ניט זאגן "ענני כבוד", ווארום ניט אלע "שבעה עננים" זיינען "ענני כבוד";

אבער ווען רש"י רעדט וועגן דעם וואס די עננים זיינען נסתלק געווארן במיתת אהרן, זאגט ער אז "נסתלקו ענני כבוד" - אז נאר די "ענני כבוד" (וואס זיינען געווען מערניט ווי לכבודם של ישראל) זיינען נסתלק געווארן, משא"כ דער "אחד לפניהם" וואס "מנמיך את הגבוה כו׳ והורג נחשים ועקרבים", וואס ער איז געבליבן מיט אידן במשך פון אלע מסעות.

ל. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך אן עניין אין פירוש רש"י:

אין סוף פרשת בשלח, אויפן פסוק[134] "וצא הלחם בעמלק", טייטשט אפ רש"י: "צא מן הענן והלחם בו".

- איז -

---

132) ספר המנהגים חב"ד ע׳ 65. וש"נ. 133) ראה גם רא"ם וגו"א עה"פ בהעלותך שם. 134) יז, ט.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט וועגן די "ענני כבוד", איז וואס זאגט אים רש"י אז "צא הלחם בעמלק" מיינט "צא כן הענן" - וועגן וועלכן "ענן" רעדט זיך דא?!

איז דער ביאור בזה:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין אנהויב פרשה בשלח[135] אז "והוי' הולך לפניהם יומם בעמוד ענן לנחותם הדרך", און דערנאך[136] שטייט "ויסע עמוד הענן מפניהם ויעמוד מאחריהם", און רש"י טייטשט אפ אז דער ענן איז געגאנגען מאחריהם "לקבל חצים ובליסטראות של מצרים", אז זיי זאלן ניט קענען אנקומען אין "מחנה ישראל" און שאטן אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענן נואס איז געגאנגען לפניהם ("אחד לפניהם"), האט אויך זיי מגין געווען פון די מלחמות פון אומות העולם.

[וואס דעם ענן האבן אידן געהאט גלייך ארויסגייענדיק פון מצרים, ווארום אע"פ וואס דעמולט האבן זיי נאך ניט געהאט קיין ריבוי זכיות, דערפאר וואס ס'איז נאך געווען קודם מ"ת, האט זיי אבער דער אויבערשטער באווארענט אז זיי זאלן זיין באשיצט פון אוה"ע - ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז ווייבאלד דער אויבערשטער האט ארויסגענומען אידן פון מצרים, האט ער זיי באווארענט דיי זאלן האבן אלע הצטרכות'ן]

און דערפאר ווען ס'איז געווען דער "ויבוא עמלק גו'"[137], האט משה רבינו בעזאגט צו יהושע "צא כן הענן והלחם בו", ווארום זייענדיק אין דעם ענן וואס האט אויך זיי מגין געווען, וואלט ניט געקענט זיין די מלחמה מיט עמלק'ן (און דעמולט וואלט זיי עמלק ניט געקענט אנרירן), און דערפאר האט געדארפט זיין דער "צא כן הענן והלחם בו".

און דאס וואס עמלק איז געקומען מלחמה האלטן מיט אידן, אע"פ אז ס'איז געווען דער ענן וואס האט אויך זיי מגין געווען - איז עס קיין קשיא ניט, ווארום עמלק האט זיך געפרואווט אפשר וועט ער קענען מלחמה האלטן מיט אידן.

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז א אידן קען אמאל איינפאלן א שטות, איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן עמלק'ן!

לא. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם דיוק הלשון אין פרש"י אויפן פסוק[138] "וישמע הכנעני", אז "כיתת אהרן היא השמועה שנסתלקו ענני כבוד, וכסבור שנתנה רשות להלחם בישראל" -

- דלכאו' -

------------

135) יג. כא. 136) יד. יט. 137) שם יז. ח. 138) במעי לג, מ.

דלכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער לשון "כסבור שנהנה רשות להלחם בישראל" - אדער מ׳קען מלחמה האלטן מיט אידן, אדער מ׳קען ניט?!

איז דער ביאור בזה:

די מעגליכקייט צו קענען מלחמה האלטן מיט אידן, האט ער סיי-ווי ניט געהאט, ווארום אפי׳ נאך דערויף וואס עס זיינען נסתלק געווארן די "ענני כבוד", איז נאך אלץ געבליבן דער ענן וואס האט אויף זיי מגין געווען;

נאר בשעת ער האט דערהערט אז "נסתלקו ענני כבוד", ד.ה. אז דער יחס פון דעם אויבערשטן צו אידן איז שוין ניט אויף אזוי פיל אין אן אופן של כבוד (ווארום "נסתלקו ענני כבוד") - האט ער גערעכנט אז "נתנה רשות להלחם בישראל", אבער קענען האט ער טאקע ניט געקענט מלחמה האלטן מיט זיי, דערפאר וואס ס׳איז געווען דער ענן וואס האט אויף זיי מגין געווען.

לב. עפ"ז ווערט אויך פארענטפערט דאס וואס ס׳שטייט אין ס"פ בלק "והוקע אותם נגד השמש". וואס אויף דערויף טייטשט אפ רש"י אז "הענן נקפל מכנגדו":

דער אויבערשטער האט דאך באווארענט אז אידן זאלן האבן אלץ וואס זיי דארפן האבן - האט ער זיכער אויך באווארענט אז זיי זאלן האבן די הגנה כפני חום השמש, ווארום זייענדיק אין מדבר איז מוכרח כ׳זאל האבן די הגנה כפני חום השמש.

ובכמכש"כ וק"ו: מה-ראך אז דער אויבערשטער האט באווארענט א דאגה פון אידן (אז זיי זאלן ניט דאגה׳ן), ווי כ׳געפינט בא קי"ב אז "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים"[א], און רש"י טייטשט אפ "שפלטן הים על שפתו, כדי שלא יאמרו ישראל כשם שאנו עולים כצד זה כך הם עולין בצד אחר רחוק ממנו. וירדפו אחרינו" - האט דער אויבערשטער זיכער באווארענט אז אידן זאלן ניט ליידן מפני חום השמש.

וואס דערפאר דארף מען זאגן אז אזוי ווי דער ענן האט מגין געווען אויף אידן פון אוה"ע, האט דער ענן [דער זעלבער ענן ("אחד לפניהם"), אדער אן אנדער ענן] אויך מגין געווען אויף אידן מפני חום השמש.

און דער ענן איז געבליבן אויך לאחרי מיתת אהרן (וויבאלד אז ער איז ניט געווען פון די "ענני כבוד") - און דערפאר געפינט מען אז ס׳איז געווען דער ענין פון "והוקע אותם נגד השמש", אז "הענן נקפל מכנגדו".

- לג. -

------------

139) בשלח יד, ל.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

לג. ועפ"ז ווערט אויך פארענטפערט דאס וואס רש"י[140] זאגט "אע"פ שהענן הולך לפניהם ומשוה את ההרים, שלשה נשארו בהם, הר סיני לתורה, והר נבו לקבורת משה כו'" -

וואס דערפון איז משמע אז אויך ווען ס'איז געקומען אין "הר נבו" (וואס דאס איז שוין געווען לאחרי מיתה אהרן) איז געווען דער "ענן" (וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם אז דער ענן האט איבערגעלאזט און ניט משוה געווען "הר נבו" אזוי ווי די אנדערע הרים שסביבו) -

ווארום דער ענן וואס "הולך לפניהם ומשוה את ההרים", איז ניט נסתלק געווארן בשעת מיתה אהרן (וויבאלד אז נאר די "ענני כבוד" זיינען נסתלק געווארן). כנ"ל בארוכה.

לד. האמור לעיל איז פארבונדן דערמיט וואס רש"י זאגט בפרשתנו אויפן פסוק "כאשר ישא איש את בנו" - "כמו שפירשתי אצל ויסע מלאך האלקים וגו', משל למהלך בדרך ובנו לפניו באו לסטים לשבותו ובו'":

דערפון וואס רש"י האט מפרש געווען פריער אויף "ויסע מלאך האלקים וגו'", איז פארשטאנדיק, אז דער אויבערמטער האט באווארענט אידן אז זיי זאלן האבן אלץ וואס זיי דארפן האבן - ווי מ'זעט אז גלייך ווען אידן האבן געדארפט אנקומען צו דער הצלה פון מצרים, איז געווען דער "ויסע מלאך האלקים וגו'".

וואס דאס איז געווען גלייך ווען מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים - און אויף דערויף זאגט מען אז די זעלבע הנהגה פון "כאשר ישא איש את בנו" (וואס איז געווען בא יצי"מ) איז געווען "בכל הדרך אשר הלכתם".

לה. האמור לעיל איז אויך פארבונדן דערמיט וואס ס'איז מבואר אין די הערות, אז ענני הכבוד זיינען פארבונדן מיט נצח - און אין דערויף זעט מען א דבר נפלא:

דער כללות הענין וואס "נסתלקו ענני כבוד", איז דאך אן ענין של ירידה, ווארום דער סילוק פון ענני הכבוד איז פארבונדן מיט סילוקם של צדיקים (מיתה אהרן הכהן), זואס "שקולה מיתתן של צדיקים כשריפת בית אלקינו"[141].

אבער אעפ"כ, איז די כוונה פון דער ירידה - אז דערפון זאל ארויסקומען אן עלי' גדולה ביותר[142].

- וואס -

---

140) חקת שם. כב. 141) ר"ה יח, ב. 142) ראה גם ד"ה ציון במשפט הפדה דההוועדוה זו.

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "נצח":

ס'איז מבואר אין דרושי ההילולא[143] אז כללות ענין המלחמה איז פארבונדן מיט מדת הנצח - אז מ'זאל מנצח זיין דעם מנגד.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז א מלך גדול ונורא זאל בכלל דארפן ארויסגיין אויף א מלחמה, און האבן דעם צער המלחמה וכו' - א מלחמה איז דאך שייך דוקא ווען ס'איז דא די מציאות פון א מנגד - איז ווי קומט דאס אז ס'איז דא א מציאות של מנגד וואס מ'דארף מיט אים מלחמה האלטן, און מבזבז זיין די אלע אוצרות המלוכה[144]?!

איז דער ביאור בזה - אז די ירידה וואס ס'איז דא א מציאות של מנגד (מיט וועמען מ'דארף מלחמה האלטן וכו') איז צוליב די עלי' וואס וועט דערפון ארויסקומען - אז ס'וועט נתגלה ווערן דער ענין הנצחון וואס איז דא ביים מלך, וואס דאס איז פארבונדן מיט מדת הנצח, וואס אויף דערויף זאגט מען "וגם נצח ישראל לא ישקר ולא ינחם גו'"[145].

און דאס איז אויך וואס ער ברענגט דארטן[146] דאס וואס די גמרא[147] זאגט אז דער וואס "מבי דינא שקלו גלימי'. ליזמר זמר וליזיל באורחא", ד.ה. אז אע"פ אז "שקלו גלימי'", מ'האט ביי אים צוגענומען דעם בגד, וואס דאס איז אן ענין של דין וגבורה - זאגט מען אים אבער "ליזמר זמר", ווארום דאס וואס "שקלו גלימי'" איז דערפאר וואס אזוי האט תורה גע'פסק'נט, וואס די כוונה פון דער ירידה איז - די עלי' שלאח"ז.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם וואס "נסתלקו ענני כבוד", אז די ירידה שבזה איז נאר כדי אז דערפון זאל ארויס-קומען אן עלי' גדולה יותר - וויבאלד אז לאחרי מיתת אהרן איז מען געווארן נענטער צו ארץ ישראל.

און דערפאר איז נאך זייענדיק אין זמן הגלות שטייט ער אין אן אופן פון "ליזכר זכר", ווארום ער ווייסט אז באלד וועט קומען משיח צדקנו, און עס וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם"[148], צוזאמען מיט די ענני כבוד וואס זיינען פארבונדן מיט אהרן, ביז וואנעט אז דעמולט וועט זיין דער "יתרון האור מן החושך", ביז אין אן אופן פון "אודך ה' כי אנפת

- בי" -

---

143) המשך באתי לגני ה'שי"ת פי"א. ספי"ז ואילך.
144) ראה שם ספי"א. פי"ט. 145) ש"א טו, כט. ד"ה הנ"ל פי"ח. 146) תורה לוי"צ ע"מ קעד. 147) סנהדרין ז, א - ע"פ גירסת הע"י שם. פרש"י שם ד"ה דמבי. 148) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

בי"[149], אז מ'וועט גאר מודה זיין צום איבערשטן אויף דעם ענין הגלות.

לו. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

דער ביאור אין דעם וואס די משנה זאגט "היום קצר", איז פארשטאנדיק לויט דעם פתגם וואס ברענגט זיך אראפ אין חסידות[150] אז לגבי "גדלות ורגממות הא"ס . . גם העבודה האמיתית הוא כלא ממש ואדרבה לחטא יחשב", וויבאלד אז ס'איז דא אן ענין נעלה יותר – דער ענין פון מס"נ.

וואס דאס איז אויך וואס די משנה[151] זאגט "ע"כ אתה חי" – וואס אע"פ אז מ'זאגט "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי העוה"ב"[152], און עד איז "חי" אין אן אופן אז ער איז זיך עוסק אין תומ"צ – זאגט מען אבער אז "ע"כ אתה חי", דערפאר וואס ס'איז דא אן ענין נעלה יותר דערפון – דער ענין פון מס"נ, ד.ה. אז זיין שאיפה איז אז ער זאל צוקומען צו דעם ענין פון מס"נ, און דערפאר איז "ע"כ אתה חי".

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם סיפור הידוע וואס איז געווען מיטן בית יוסף[153], אז מ'האט אים געגעבן אן עונש אז ער זאל נים זוכה זיין צו דעם ענין פון מס"נ בפועל –

וואס זייענדיק דא למטה האט דער בית יוסף געשריבן דעם שו"ע, און דאס איז געווארן דער פס"ד עד סוף כל הדורות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ער האט א חלק אין דעם קיום התומ"צ וואס אידן זיינען מקיים עשיריות און עשיריות שנים, וויבאלד אז דאס איז אין אן אופן פון "שנים אוחזין בטלית"[154] –

און אעפ"כ זאגט מען אז ער האט באקומען אן עונש ער זאל נים זוכה זיין צו דעם ענין פון מס"נ בפועל (אע"פ אז ווען ביי אים וואלט געווען דער ענין פון מס"נ בפועל, וואלט ער נים געקענט שרייבן דעם שו"ע וכו') – וויבאלד אז דער ענין פון מס"נ בפועל איז אן ענין הכי נעלה, העכער פאר די אלע ענינים.

און ווי ר"ע האט געזאגט "כל ימי הייתי מצטער מתי יבוא לידי (דער ענין פון מס"נ בפועל) ואקיימנו"[155] – וואס אויף ר"ע זאגט מען אז למד ולימד[156] און פירנס את ישראל[157],

- און -

---

149) ישעי' יב, א. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1339. 150) ד"ה החלצו תרנ"ט פי"ב (סה"מ תרנ"ט ע' סד). וראה גם ד"ה ויכנעו עמי הרנ"א. 151) אבות ספ"ד. 152) שם פי"ז. 153) ראה לקו"ש ח"ב ע' 775. ח"ה ע' 368. וש"נ. 154) ראה קונטרס לימוד החסידות ע' 20. סה"ב ה'ש"ה ע' 75. 155) ברכות סא, ב. 156) ר"ה לא, סע"ב. 157) ספרי עה"פ ברכה לד, ז.

און אעפ"כ האט ער זיך משתוקק געווען צו דעם ענין פון מס"נ בפועל.

און דאס איז וואס די משנה זאגט "היום קצר" - אז כללות ענין העבודה איז אין אן אופן פון "קצר", וויבאלד אז ס'איז דא אן ענין נעלה יותר דערפון - דער ענין פון מס"נ בפועל.

לז. און דערנאך זאגט די משנה "והמלאכה מרובה":

דער ענין פון מס"נ (וואס לגבי דערויף איז כללות העבודה אין אן אופן פון "היום קצר") איז "מרובה", דאס איז אן ענין נעלה נאכמער דערפון וואס דער מענטש קען זיך פארשטעלן בשכלו.

ובלשון הרמב"ם[158] אז לע"ל וועט זיין דער ענין פון "ישיגו דעה בוראם כפי כח האדם" - איז דער גודל המעלה פון דעם ענין המס"נ איז "מרובה" נאכמער פון "כח האדם".

און דערפאר איז דאס אן ענין פון "מילי דחסידותא" - וויבאלד אז דאס איז אן עבודה וואס איז העכער פון וועלט.

און אע"פ אז ער ווייסט אז "היום קצר והמלאכה מרובה", ד.ה. אז ס'איז דא אן ענין נעלה יותר פון זיין עבודה (דער ענין פון מס"נ בפועל) - אעפ"כ איז ער עובד עבודתו כדבעי, און טוט דאס מתוך שמחה וטוב לבב.

לח. און דערנאך איז מען ממשיך אין דער משנה שלאחרי' - "אם למדת תורה הרבה נותנין לך שכר הרבה":

דער חידוש אין דערויף וואס "נותנין לך שכר הרבה" איז - אז מ'גיט אים אזא שכר וואס איז "הרבה" און שלא בערך לגבי עבודתו, ד.ה. ניט נאר אז בצד דערויף וואס ער האט געלערנט "תורה הרבה" גיט מען אים "שכר הרבה". נאר מ'גיט אים "שכר הרבה" שלא לפי ערך עבודתו.

און דאס ווערט אנגערופן "הרבה" לגבי עבודתו - ע"ד ווי מ'זאגט אז "המלאכה מרובה" נאכמער וויפל ער שטעלט זיך פאר.

און דערנאך זאגט אים די משנה "ודע שמתן שכרן של צדיקים לעתיד לבוא":

דורך דערויף וואס ער ווייסט און איז זיך מתבונן ("דע") אין דעם וואס לע"ל וועט זיין דער ענין פון "מתן - שכרן -

------------

158) סוף הל' מלכים.



הנחת הת' בלתי מוגה

שכרן של צדיקים", וואס דאס איז בדוגמת העילוי פון מס"נ - פועל'ס דאס ביי אים אן עילוי בעבודתו, אע"פ אז ער האלט נאך ניט אין דעם אופן העבודה.

לט. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון סילוק ענני הכבוד:

דער ענין פון "ע"כ אהה הי", איז דאך אן ענין של ירידה (וואס דערפאר זאגט מען אז "היום קצר והמלאכה מרובה"), אבער די כוונה אין דער ירידה איז - אז דערפון זאל ארויסקומען אן עלי' גדולה ביותר.

וואס דאס איז בדוגמת הענין פון סילוק ענני הכבוד, אז כוונת הירידה שבזה איז, אז דערנאך זאל זיין אן עלי' גדולה יותר.

ווארום לע"ל, וועט זיין דער ענין פון "סוכה עורו של לויתן"[159], וואס דאס איז נאך העכער פון די "ענני כבוד".

מ. און דאס איז אויך פארבונדן מיט כללות הענין פון "שבת חזון":

אע"פ אז "שבת חזון" איז אין די ניין טעג, וואס דאס איז דאך דער זמן פון דעם חורבן וכו' - זאגט מען אבער אז שבת איז "אין עצב בה",

ביז וואנעט אז אע"פ אז בכמה קהילות זיינען דא מנהגים אז בשבת חזון איז מען משנה כמה ענינים (ווי דער ניגון פון "לכה דודי"[160] וכיו"ב) - איז אבער ידוע[161] אז דער אלטער רבי האט אויף דערויף מערער געווען, און האט דאס שולל געווען. און זיין הנהגה איז געווען אז ער האט ניט משנה געווען די מלבושי שבת לגריעותא ה"ו.

און דאס איז געווארן א פס"ד לכל ההולכים בדרכיו, און די וואס וועלן גיין בדרכיו מארגן אדער איבערמארגן - וואס מוכ"ס וועלן אלע אידן גיין בדרכיו. ווארום ס'וועט זיין "יפוצו מעינותיך חוצה".

וואס דאס איז דערפאר וואס די כוונה פון דער ירידה פון דעם חורבן וכו' איז - די עלי' וואס וועט ארויסקומען על ידי זה.

מא. אזוי ווי אידן זיינען דאך אבער מבן שהוא מתחטא על

- אביו -

------------

159) ב"ב עה, א. 160) ראה דברי תורה (לבעהמח"ס מנחת אלעזר) מהדורא ו אות צח. 161) ראה ספר המנהגים חב"ד ע' 46 הע' 10 - מ"לוח כולל חב"ד".

הנחת הת' בלתי מוגה

אביו המלך[162], און "כי נער ישראל ואוהבהו"[163], און "מי יקום יעקב כי קטן הוא"[164] - איז ניט געגוג דאס וואס מ׳איז מסביר ע"פ רמז דרוש וסוד אז כוונת הירידה איז די עלי׳ שעי"ז, נאר דער אויבערשטער דארף דאס באוויייזן בפועל ממש, ווארום ער דארף דאס געבן לפ"ע ההבנה וההשגה פון דעם "נער ישראל" און "קטן הוא".

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום "ותחזינה עינינו בשובך לציון", און מ׳וועט זעהן דעם ביהמ"ק השלישי.

און "היפלא מה׳ דבר"[165] - עס קען נאך זיין אז דעם תשעה באב פון שנת תשל"ט וועט מען פראווען צוזאמען מיט משיח צדקנו אין בית המקדש השלישי,

וואס אע"פ אז ס׳איז געבליבן אינגאנצן א פאר טעג ביז צו תשעה באב - איז עס נאך א סאך צייט לגבי דעם "מיד הן נגאלין"[166].

וכאמור - מ׳זאל זוכה זיין זעהן דעם ביהמ"ק השלישי, וואס ער וועט געבויט ווערן בידי אדם, ע"י משיח צדקנו, און אין דערויף וועט אויך נהלבש ווערן דער ענין וואס איז בידי שמים, וואס "יש בכלל מאתים מנה"[167], ובקרוב ממש.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

* * *

מב. דער ביאור אין הלכות בית הבחירה להרמב"ם:

עס איז ידוע די שאלה וואס ברענגט זיך אין מפרשים[168]: וויבאלד אז ס׳שטייט אין ירושלמי[169] אז "גולגולתו של ארנן היבוסי מצאו תחת המזבח", איז ווי קומט דאס אז מ׳האט געבויט דעם מזבח אין אן ארט וואו ס׳איז געווען אן ענין של טומאה?

וואס איינער פון די תירוצים וואס מ׳קען זאגן בזה איז - אז דאס איז געווען אין אן ארט וואו ס׳איז געווען פותח טפח, און דערפאר האט דאס ניט מטמא געווען[170].

עד"ז איז ידוע די שאלה[171]: וויבאלד אז הר הבית איז

- געווען -

-----------

162) ראה תענית יט, א במשנה. 163) הושע יא, א. וראה המשך תרס"ו ע׳ הקנ. תקב. 164) עמוס ז, ב. שם, ה. 165) וירא יח, יד. 166) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 167) ב"ק עד, א. 168) הובאו במעשי למלך לרמב"ם הל׳ ביהב"ה פ"א הי"ג. 169) פסחים פ"ט ה"א קרוב להתחלתה. סוטה פ"ה ה"ב (כג, א). ועי"ג. 170) ראה משנה למלך לרמב"ם שם. 171) ירושלמי ע"ז פ"ג סוף ה"ה - הובא בתוד"ה כל - ע"ז מה, א. פנ"מ לירושלמי פסחים שם.

געווען א מקום גבוה, און מ'ווייסט דאך אז "כל מקום שאתה מוצא הר גבוה וגבעה נשאה ועץ רענן דע שיש שם עבודה כוכבים"[173], איז ווי האט מען דארפן געקענט בויען דעם מזבח, עס איז דאך אן ענין פון "הקריבהו נא לפחתיך הירצך או הישא פניך"[172]?

און מ'פארענטפערט אויף דערויף, אז דעם מזבח האט מען געבויט ע"פ נביא, האט מען געוואוסט אז אין דעם ארט האט מען ניט געדינט קיין ע"ז.

און דעם ענין פארענטפערט דער רמב"ם דערמיט וואס ער ברענגט די גאנצע אריכות פון הלכה ב' (כדלקמן).

מג. והביאור בזה:

דער רמב"ם זאגט אז "מסורה ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן ארונה הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה, והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא".

וואס וויבאלד או דער ענין הנ"ל איז א "מסורה ביד הכל", ווי געזאגט פריער אז דאס איז כולל אויך אוה"ע - איז פארשטאנדיק, אז זיי האבן געהאלטן דעם ארט פאר א מקום קדוש.

און עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ברענגט ניט דער רמב"ם אז אין דעם ארט האט אויך יעקב אבינו געבויט דעם מזבח - ווארום דא רעדט זיך וועגן דער "מסורה ביד הכל", אויך ביי אוה"ע, און זיי האבן ניט קיין שייכות צו יעקב אבינו:

בשעת מ'רעדט וועגן דעם "מקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק" - האט דאס א שייכות צו בני ישמעאל, וויבאלד אז "אברהם יצא ממנו ישמעאל"[174], און עס האט א שייכות צו בני עשו, וויבאלד אז "יצחק יצא ממנו עשו"[175]; ווען מ'רעדט אבער וועגן יעקב. האט דאס ניט קיין שייכות צו אוה"ע, וויבאלד אז בא "יעקב אבינו איז געווען "מטהו שלימה"[176],

און דערפאר ברענגט דער רמב"ם אז "הוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה" - וויבאלד אז נח האט א חשיבות ביי אלע אוה"ע, ווארום נאכן מבול קומען אלע אוה"ע פון נח.



---

172) ע"ז שם. וראה גם ירושלמי שם. 173) מלאכי א, ח.
174) פסחים נו, א. ויק"ר פל"ו, ה. ועוד. 175) שם.
176) ויק"ר שם.

און דער רמב"ם ברענגט אויך "ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא" – וויבאלד אז אדה"ר איז פארבונדן מיט מציאות כל העולם כולו:

בשעת ס'איז געווען דער מבול, איז געווען די מציאות פון כל העולם כולו, נאר מערניט וואס "לא שמשו המזלות"[177], און ס'איז ניט געווען דער ענין פון "לרוקע הארץ על המים"[178], נאר די גאנצע וועלט איז געווען פארדעקט מיט וואסער, עס איז אבער געווען די מציאות פון כל העולם כולו; און די ההווה פון כל המציאות כולה, איז פארבונדן מיט אדה"ר.

און דער רמב"ם ברענגט אויך "והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל" – וויבאלד אז "קין והבל" זיינען די ערשטע וואס זיינען געבארן געווארן פון אן איש ואשה:

אדה"ר איז דאך געווען "יציר כפיו של הקב"ה"[179], קענען אוה"ע זאגן אז דאס האט ניט קיין שייכות צו זיי – און דערפאר דערמאנט דער רמב"ם "והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל". וויבאלד אז זיי זיינען די ערשטע וואס זיינען געבארן געווארן פון אן איש ואשה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער מקום האט געהאט א חשיבות ביי אלע אוה"ע (וויבאלד אז די חשיבות פון דעם מקום איז א "מסורה ביד הכל"), האבן זיי דארפן ניט באגראבן קיין מתים, און ניט געדינט קיין ע"ז, ווארום בא זיי איז עס אויך געווען א מקום קדוש.

און דאס וואס ס'שטייט אין ירושלמי אז "גולגולתו של ארנן היבוסי מצאו תחת המזבח" – איז עס געווען אין אן ארט וואו ס'איז געווען פותח טפח, אדער אז ס'איז ניט געווען אין אן אופן של קביעות, דערפאר וואס מ'האט אים ניט באגראבן דארטן, נאר די גולגולת איז דערנאך נתגלגל געווארן אהינצו[180], כמ"ש אלע ביאורים וואס זיינען דא אין דערויף.

כד. האמור לעיל אז אויך אוה"ע אנערקענען די קדושה וואס איז דא אין מקום המזבח (דערפאר וואס דאס איז א "מסורה ביד הכל"). איז פארבונדן דערמיט וואס וועט זיין לע"ל. ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון חגה"ס[181] אז "כל הנותר מכל הגוים" וועלן קומען "מידי שנה בשנה להשתחוות למלך ה' צבאות ולחוג את חג הסוכות". וואס דארטן וועט מען מקריב זיין די שבעים פרים[182], כמ"ש אלע ענינים המשתלשלים מזה.

- און -

---

177) ירושלמי פסחים פ"א ה"א. ב"ר פכ"ה. ב. פל"ג. ג (בסופה). פל"ד. יא. 178) תהלים קלו, ו. 179) קה"ר פ"ג, יא (בב). 180) מעשי למלך שם. 181) זכרי' יד. טז. 182) ראה סוכה נה. ב. במדב"ר פכ"א. כד. פרש"י עה"פ פינחס כט, לה.

און ווי כ'דערמאנט אין דער הפטרה אויך וועגן "משפחת מצרים"[183], אז זיי וועלן אויך אנערקענען די מעלה פון דעם ביהמ"ק און די מעלה פון אידן -

תמורת זה וואס איצטער הוט מען דעם גרעסטן שטות וואס מ'ווערט נתפעל פון מצרים, און מ'קערט זיי אום נאך א חלק און נאך א חלק פון די שטחים וואס אידן האבן איינגענומען דורך די נסים גלויים וועלכע דער אויבערשטער האט זיי באוויזן, און כ'מיינט אז דורך דעם וועט מען בא זיי נושא חן זיין - וואס דאס איז א שטות הכי גדול.

וואס באמת געהערט דאך די גאנצע וועלט צו אידן, ווארום די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית". וואס זיי זיינען פארבונדן מיט עליכות ההורה - "בשביל התורה שנקראת ראשית"[184].

ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן אזוינע שטחים וואס אע"פ אז זיי זיינען ניט קיין חלק פון א"י, נוצט מען דאס אבער אויס אויף עניינים וואס זיינען פארבונדן מיט הוכ"צ.

ביז וואנעט אז דאס איז גאר נוגע צו פקו"נ פון כו"כ כבנ"י - ווארום מ'דארף האבן די שטחים כדי אז ס'זאל קענען זיין דער "ושכבתם ואין מחריד"[185], ד.ה. אז אפי' די וואס זיינען נאך ניט ראוי אז דער אויבערשטער זאל זיי באווייזן נסים גלויים למעלה מדרך הטבע, זאלן זיי אויך קענען שטיין אין אן אופן פון "ושכבתם ואין מחריד", וויבנדיק אז מ'האט די הגנה פון דעם אויבערשטן וואס קוקט אראפ אין לבושים ע"ד הטבע -

גיט מען אפ די ערטער וואו ס'איז דא "אויל". וואס דאס איז נוגע צו דעם עניין פון בטחון, און מ'גיט אפ שטחים וואס מ'דארף זיי האבן צוליב דעם עניין פון בטחון - ווי גערעדט כו"כ פעמים, און ניט נאר וואס אין זאג אזוי, נאר אזוי האלטן אלע מומחים אין עניני בטחון (וועלכע רעדן בצד שעמי בטחון, און ניט בצד טעמים מדיניים).

מה. אזוי ווי דער אויבערשטער וויל דאך באווייזן יעדער זאך בגלוי - זעט מען איצטער דאס וואס ס'איז געווען אין צפון פון א"י. אז די אראבער האבן געמאכט א כרד אנטקעגן די אנשי הצבא והמשטרה, און זיינען ארויס בגלוי אנטקעגן אידן - ווי ס'איז שוין געדרוקט אין אלע צייטונגען. אויך אין א"י. דערפאר וואס מ'האט דאס ניט געקענט באהאלטן.

- און -

---

183) דברי' שם. יח. 184) פרש"י ר"פ בראשית. ועוד.
185) בחוקותי כו. ו.

און דערנאך הויבט מען אן צו טראכטן ווי קומט דאס אז זיי האבן געמאכט א מרד, און מ׳זאגט אויף דערויף אלע-ערליי "אמהלאוה", וואס "אכהלא" מיינט "אמה לא" (ביז אז מ׳מאכט דערפון איין ווארט - "אמחלא") - וואס באמת איז עס א דבר פשוט ביותר:

וויבאלד אז זיי זעהן אז אידן שטייען ניט בתוקף, און מ׳לאזט ניט אז אידן זאלן זיך באזעצן אין אזוינע שטחים וואס געהערן צו קיינעם ניט, ביז וואנעט אז מ׳קערט אום נאך א שטח און נאך א שטח - פועל׳ט דאס אויף זיי אז זיי זאלן ניט מורא האבן, און דערפאר מאכן זיי א מרד.

וואס דערפון זעט מען נאכמער אויף וויפל ס׳איז נוגע אז מ׳זאל שטיין בתוקף - וויבאלד אז דוקא דורך דערויף וואס מ׳שטייט מיט א תוקף, פירט מען אוים אז כ׳זאל מורא האבן פאר אידן.

וככדובר כמ"פ אז קיינער דינגט זיך ניט אז שלום איז ניט קיין גוטע זאך; שלום איז זיכער א גוטע זאך - די שאלה איז אבער וואס איז די וועג וואס פירט צו שלום: צי דורך דעם וואס כ׳האלט זיך מיט א תוקף, אדער דורך דעם וואס מ׳גיט נאך דעם לחץ און א צווייטן לחץ וכו׳.

און ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז דורך דערויף וואס מ׳גיט נאך איין לחץ, ברענגט דאס צו א לחץ נוסף, ובמילא גיט מען אפ נאך א שטח און נאך א שטח, ביז אז ס׳וועט ניט זיין וואס צו אפגעבן (ווארום זיי וועלן מאנען אזוינע שטחים וואס מ׳וועט שוין זיכער ניט מסכים זיין צו אפגעבן), און דעמולט איז דאס די וועג וואס וועט ברענגען צו א מלחמה רח"ל!

מו. און שלא כדעת הטועים אז ס׳איז שוין פארפאלן, און מ׳קען גארניט טאן. דערפאר וואס כ׳האט שוין אפגערעדט וכו׳ -

ווארום כ׳זעט שוין אז די אראבער האבן מבטל געווען כו"כ ענינים וואס כ׳האט אפגערעדט און גע׳חתמ׳ט אין "קעמפ-דייוויד" - האט מען דאך די געלעגנהייט צו טענה׳ן אז דאס איז געווען א "מקח טעות", ווארום זיי האבן מבטל געווען די הסכמים. בכילא האט מען חרטה אויף די גאנצע זאך.

כ׳וועט זיך טאקע זידלען איינער דעם צווייטן, און מיט די שארפסטע לשונות, אבער מערניט ווי אויף א דיפלאמאטישן אופן, און דאס וועט קיינעם ניט שאטן, ווארום ס׳איז א זיכערע זאך אז ס׳וועט זיין "ושכבתם ואין מחריד", און "חרב לא העבור בארצכם"[186], אפי׳ חרב של שלום[187] - אפי׳ חרב פון

- "יו-ען" -

------------

186) שם. 187) תענית כב. ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

"יו-ען" (כמדובר כמה פעמים).

און נאכמער: אפי' בנוגע צו די שטחים וואס כ'האט שוין אומגעקערט, איז עס נאך אלץ ניט פארפאלן, און מ'קען פועל'ן אז מ'זאל אומקערן אויף צוריק די אלע שטחים וואס מ'האט אפגעגעבן - דערפאר וואס זיי האבן מבטל געווען די הסכמים וואס מ'האט געמאכט.

ובדוגמא ווי דער ענין התשובה איז מתקן אויך דעם עבר - ביז ווי חסידות[188] ברענגט אראפ [וואס וויבאלד אז עס בדענגט זיך אין חסידות חב"ד, חכמה בינה דעת, איז פארשטאנ-דיק, אז דאס איז אן ענין וואס קומט אראפ בגילוי אין הבנה והשגה] אז "איתא בתיקונים"[189] אז אויב איינער איז נאר מחליט צו תשובה טאן [ע"ד ווי ס'שטייט בא דניאל[190], אז "מן היום הראשון אשר נתת את לבך להבין גו' נשמעו דבריך"], ווערט ער א צדיק גמור, און דעמולט קומט גלייך די גאולה דורך משיח צדקנו - וואס ענינו איז אויך דער ענין התשובה, וויבאלד אז "משיח אתא לאתבא צדיקיא בתיובתא"[191].

מז. דערנאך קומט צו דער ענין וואס מ'באקומט שוחד - דורך דערויף וואס מ'גיט געלט פאר ישיבות -

איז כמדובר כמ"פ אז מ'קען ניט בויען קיין חינוך ע"פ הורה און יראת שמים פון אזוינע געלט וואס זיינען פארפלעקט מיט אידישע בלוט!!! ווארום "לא לכם ולנו לבנות בית לאלקינו"[192]!

און ניט נאר וואס מיט אזוינע געלט קען מען ניט בויען קיין ישיבה, און מחנך זיין תלמידים מיט יד"ש, נאר נאכמער: די גמרא[193] זאגט אז אפי' א "בית שימוש" טאר מען אויך ניט בויען מיט אזוינע געלט!!!

און זאלן די תלמידים פון די ישיבות ניצל ווערן פון די וואס ווילן זיי "אנקאדמען" מיט אזוינע געלט!

מח. ויה"ר אז אידן זאלן זיך אוועקשטעלן מיטן תוקף המתאים לויטן פס"ד פון שו"ע, אין אן אופן פון "קוממיות - בקומה זקופה"[194],

אנהויבנדיק דערפון וואס "בחוקותי תלכו ואת מצותי - תשמרו" -

------------

188) בונה ירושלים ספ"ד. 189) וראה ז"ח ס"פ נח. 190) דניאל י, יב. וראה שו"ע או"ח סו"ס תקעא. 191) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. וראה זח"ג קנג, ב. 192) עזרא ד, ג. 193) ע"ז יז, רע"א. 194) בחוקותי שם, יג ובפרש"י.

השכרו"[195], וואס דורך דערויף וועט זיין "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו"[196], און "ושכבתם ואין מחריד", און "חרב לא תעבור בארצכם", ביז צו "ואולך אתכם קוממיות".

און אזוי ווי מ'גרייט זיך דאך צו שנה הבאה, וואס זי איז שנה השמיטה, "שבת לה'"[197], און מ'געפינט זיך שוין נאך דעם "חג הקציר" פון דער תבואה פון שנה הששית און נאך "חג הביכורים" - זאל מקוים ווערן דער "וצויתי את ברכתי לכם בשנה __הששית__ ועשה את התבואה __לשלש__ השנים"[198],

וואס דאס איז אויך כולל די שנה השביעית וואס איז פאר-בונדן מיטן אלף השביעי[199], "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[200], און אויך דער זמן שלאח"ז, וואס איז כנגד די שנה השמינית.

און אזוי ווי מ'געפינט זיך שוין אין דעם אלף הששי לאחרי חצות - דארף שוין זיין דער ענין פון "טועמי' חיים זכו"[201], און ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ[202] אז "טוב לטעום מכל התבשיל והתבשיל".

וואס די מצוה פון שמיטה איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו, ווי עס שטייט אין מדרש[203] אז בזכות-שומרי שביעית, וואס אויף זיי שטייט "גבורי כח עושי דברו גו'"[204] [סיי דאס וואס מ'האט מקיים געווען די מצוה אין דער שמיטה שלפנ"ז, און סיי וואס מ'איז מחליט צו מקיים זיין מצות השמיטה בשנה הבאה] ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "שבת[205] שבות (אדער "שבית"[206]) יעקב".

און אזוי ווי מ'גייט דאך לייגען צו מנחה "ואתחנן אל ה'" - זאל מקוים ווערן דער ענין פון "אעברה נא ואראה את הארץ הטובה גו'"[207], וואס "תפלה עושה כו'".

און מ'זאל זיין בגלוי דער ענין פון "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד"[208], אין אן אופן פון "אמליכהו' למעלה ולמטה ולד' רוחות השמים"[209] (ווי דער ב"י[210] ברענגט אראפ פון - סמ"ק) -

------------

195) בחוקותי שם. ג. 196) שם. ד. 197) בהר כה. ג.
198) שם. כא. 199) ראה רמב"ן עה"פ. 200) תמיד בסופה.
201) ראה לקו"ש ויעלה-י"ם כסלו תשל"ז ס"ב. ושי"נ.
202) בשו"ע או"ח סו"ס רנ: 203) מדרש תהלים עה"פ תהלים פה. א. 204) תהלים קג. כ. מדרש תהלים עה"פ. ועוד.
205) תהלים פה. א. 206) ראה מנחה שי עה"פ. 207) ואתחנן ג. כה. 208) שם ו. ד. 209) ברכות יג. ב. 210) או"ח שם ד"ה כתב סמ"ק. וראה שו"ע (ואדה"ז) או"ח סס"א ס"ו. לקו"ת תזריע כג. ג.

סג"ק), און "והיתה לה' המלוכה"[211], בביאת משיח צדקנו.

* * *

מס. אדוי ווי מ'האלט שוין אין דעם זמן פון רעוא דרעוין, און מ'גייט באלד ליינען און לערנען פ' ואתחנן - האט שוין דער זמן א שייכות מיט שבוע הבא.

וואס ביום ראשון (און גלייך בכוצאי שבת קודש), ה' מנחם-אב, איז דאך דער יום ההילולא פון דעם אריז"ל ההי -

וואס אע"פ אז מ'זאגט האר"י ז"ל, זאגט מען גלייך האריז"ל החי, ווארום אפי' אויף א נשמה בגוף קען מען אויך זאגן דעם לשון "זכרונו לברכה", מיוסד אויף דעם וואס מ'שטייט[212] "זכר צדיק לברכה", אז ווען מ'דערמאנט א צדיק, דארף מען אים דערמאנען "לברכה".

ווי מ'געפינט בא אלי' הנביא אז מ'זאגט אויף אים "זכור לטוב" - וואס אלי' הנביא געפינט זיך אויך איצטער, און ער קוקט אויף יעדער בריה מילה[213], און ער איז דער "מבשר טוב"[214], ער וועט קומען מבשר זיין ביאת משיח צדקנו.

און מקום מנוחתו פון דעם אריז"ל ההי איז אין עיה"ק צפת. וואס די געפינט זיך אין גליל. און ס'איז דאך ידוע[215] אז משיח וועט נתגלה ווערן אין גליל.

וואס דאס איז אויך דער טעם הפנימי אויף דעם וואס דער מרד פון די אראבער איז געווען אין גליל דוקא.

עס איז אויך געווען א מרד אין ירושלים - נאר מצד דער "צנזורה" האט מען דאס ניט מפרסם געווען אין די צייטונגען, דערנאך איז דאס אבער נתפרסם געווארן,

די "חכמי חלם" מיינען אז דורך דערויף וואס מ'וועט דאס ניט מפרסם זיין, וועט מען וועגן דעם ניט וויסן, און מ'וועט דאס פארגעסן - צו אידן דערציילט מען דאס ניט, אבער די אראבער ווייסן דערפון, וויבאלד אז איינער דערציילט דעם צווייטן. און דאס איז זיי מעודד צו ממשיך זיין אין דערויף,

דער עיקר המרד איז אבער געווען אין גליל.

וואס עניננו פון דעם אריז"ל איז פארבונדן בכיוחד מיט

- דער -

---

211) עובדי' א, כא. 212) משלי י, ז. וראה פרש"י ד"פ נח. ועוד. 213) ראה פרדר"א פכ"ט - הובא בטור יו"ד סו"ס רסה. וראה גם שו"ע שם סי"א. 214) ל' הכתוב - ישעי' נב, ז. וראה פרש"י עה"פ בחוקותי כו, מב. 215) זח"א קיט, א. ועוד. וראה רמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"ב וברדב"ז שם.

דער הפצה פון פנימיות התורה, ווי ס'איז מבואר אין שער ההקדמות להרח"ו (וואס איז געדרוקט בכ"מ, אויך אין קונטרס עה"ח[216]) אז עס דארף זיין דער לימוד און הפצה פון פנימיות התורה, ביז אין אן אופן פון "מצוה לגלות זאת החכמה"[217],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך חסידות חב"ד, כמבואר אין דער שיחה הידועה אין תורת שלום[218], און אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", וואס דאס איז געווען ענינו פון דעם רבי'ן מהר"ש[219], ביז אין אן אופן פון "יפוצו", ווי מ'האט דאס געגעבן אין די חסידות פון דעם מיטעלן רבי'ן[220].

ויה"ר אז מ'זאל מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין דעם כללות הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", כולל אויך די מבצעים, וואס זיי זיינען כללוה כל התומ"צ, און אויך די הפצה פון דעם ענין שהזמן גרמא - די הוספה אין לימוד התורה, ובפרט אין הלכות ביהב"ח, און אויך אין מצות הצדקה.

נ. אזוי ווי עס זיינען דא די זמירות פון דעם אריז"ל, אין וועלכע זיין נאמען איז אריינגעשטעלט געווארן -

זאל מען איצטער זינגען "אסדר לסעודתא", וואס דאס איז פארבונדן מיט סעודה שני' פון שבת, וואס דעמולט איז שוין אויך דא המשכת התענוג מלמעלה למטה,

און זינגען אויך "בני היכלא", וואס דאס איז פארבונדן מיט סעודה שלישית פון שבת, וואס דעמולט איז דער שלימות פון המשכת התענוג מלמעלה למטה[221],

און מ'זאל זוכה זיין בקרוב ממש זיין פון די "בני היכלא" - אין דעם היכל פון ביה המקדש השלישי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "אסדר לסעודתא", ואח"כ התחיל לנגן "בני היכלא".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

------------

216) ע' 61 ואילך. 217) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב).
218) ס"ע 112 ואילך. 219) ראה לקו"ש ח"א ע' 124. חי"ב ע' 186. ועוד. 220) ראה ספר התולדות אדהאמ"צ ע' 53.
221) ראה המשך תרס"ו ע' הקמג ואילך.



הנחה הת' בלתי מוגה

## שיחה לילדי מחנות קיץ יומיים שיחיו
## — בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —
## יום ב' פ' עקב, י"ג מנחם־אב ה'תשל"ט.

**א.** [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרז"ל[1]].

**ב.** מ'האט גערעדט אמאל באריכה[2] וועגן דעם פתגם[3] פון דעם אלטן רבי'ן[4] אז ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען, ובפרט ווען אידישע קינדער[5] קלייבן זיך צו־זאמען, איז עס פאר דעם אויבערשטן א גרויסע שמחה און פארגעניגן.

וואָרום ווען א טאטע זעט אז זיינע קינדער[6] קלייבן זיך צוזאמען און זיינען באחדות, פארשאפט דאס אים א גרויסן פארגעניגן.

און ווען דער צוזאמענקלייבן זיך איז פארבונדן דערמיט וואס מ'דאוונט צוזאמען, און דערנאך זאגט מען דברי תורה צוזאמען (און אלץ איז אין אן אופן פון שלום און אחדות) — פאר־גרעסערט דאס נאכמער דעם אויבערשטנ'ס פארגעניגן[7].

און וויבאלד אז דאס פארגרעסערט דעם אויבערשטנ'ס פארגעניגן, איז פארשטאנדיק, אז דאס פארגרעסערט אויך דעם אויבערשטנ'ס ברכות[8] פאר די קינדער וועלכע קלייבן זיך צוזאמען, פאר זייערע עלטערן, און פאר זייערע מלמדים, מדריכים און מדריכות, וואס (זיינען אליין געקומען, און) האבן גע־בראכט[9] די קינדער אז זיי זאלן זיך צוזאמענקלייבן אין א מקום קדוש[10] — וואו אידן דאווענען און לערנען תורה[11] א גאנץ יאר.

**ג.** אזוי ווי מ'געפינט זיך אין דער צייט וואס איז נאענט צום אנהויבס פון דעם נייעם יאר[12], איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אויך די פאסענדע צוגרייטונג אויף צו מקבל זיין די פארגרעסערטע מאס פון דעם אויבערשטנ'ס ברכות אין אלעם וואס מ'נויטיגט זיך,

און ספעציעל בא קינדער — אז זיי זאלן האבן א סאך הצלחה אין זייער לערנען, און אין זייער אלגעמיינער אויפפירונג, אזוי אז זייערע עלטערן, זייערע מלמדים, און זייערע מדריכים

---

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרז"ל" (ברוקלין, תשל"ה).

2) בהשיחה לתלמידי כתה הראשונית דהישיבות שיחיו — י"ב אדר תשל"ה (נדפסה בלקו"ש חכ"א ע' 319 ואילך).

3) להעיר מפרש"י קהלת (ח, יא) פתגם כמשמעו. ובתרגום (אסתר א, כ) פתגם המלך, פתגם גזירת מלכא.

4) קובץ מכתבים (שבסו"ס תהלים) ע' 100. וראה סה"ש קיץ הש"ת ע' 157.

5) שאין בהם חטא — שבת קיט, סע"ב.

6) כמו שנאמר "בני בכורי ישראל" (שמות ד, כב), "בנים אתם לה' אלקיכם" (ראה יד, א). ולהעיר ממאמר הבעש"ט (כש"ט — הוצאת קה"ת — הוספות אות קלג ושי"נ): "יעדער איד איז טייער ביי דעם אויבערשטן ווי א בן יחיד וואס איז געבוירן געווארן ביי עלטערן לעת זקנותם. און נאך טייערער".

7) ראה אגה"ק סכ"ג גודל המעלה ד"עסק התורה והמצוות בעשרה דוקא".

8) נוסף ע"ז שעצם הייתם באחדות ממשיכה ברכת ה', כמ"ש "ברכנו אבינו כולנו כאחד" (תניא פל"ב).

9) בפועל, או ע"י חינוכם והדרכתם.

10) "מקדש מעט" — מגילה כט, א.

11) "בית גדולי" (מ"ב כה, ט). "מקום שמגדלין בו תורה, מקום שמגדלין בו תפלה" (מגילה כז, א). וראה לקמן הערה [illegible].

12) בנוגע לתלמידים/ות וכפי מנהג מדינות אלו — עוד קודם ר"ה התחלת שנת לימודים חדשה.

ומדריכות, זאלן האבן פון זיי א סאך נחת.

און דאס אלץ זאל זיין אין א גרעסערע מאס לגבי ווי ס׳איז געווען פריער, לויטן אנזאג[13] „מעלין בקודש״.

ד. דערפון איז פארשטאנדיק אז פון דעם צוזאמענקלייבן זיך דארף מען מיטנעמען א נייעם כח, און א נייע חיות און פרייליכקייט, אין דעם טאג טעג־ליכן לעבן: אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און אין דער אלגעמיינער אויפפירונג ווי עס דארף זיך פירן א אידיש קינד.

וואס יעדער אידישער זון ווערט דאך אנגערופן[14] „בן אברהם יצחק ויעקב״ — עס איז פונקט ווי ער וואלט געווען אן אייגענער זון בא אונזערע אבות, אברהם יצחק ויעקב.

און יעדע אידישע טאכטער איז דאך[15] „בת שרה רבקה רחל ולאה״ — עס איז פונקט ווי זי וואלט געווען אן אייגענע טאכטער בא אונזערע אמהות, שרה רבקה רחל ולאה.

ה. און וויבאלד אז דער אייבער־שטער גיט יעדן אידישן קינד דעם כח[16] ער זאל זיך אויפפירן ווי עס דארף זיך אויפפירן בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה — איז א זיכערע זאך אז ווייטערדיק אידישע וואוילע קינדער, וועלן זיי זיך אזוי אויפ־פירן א גאנץ יאר.

און גרייטן זיך צו מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש, און גיין צוזאמען מיט אים לארצנו הקדושה (אין אונזער הייליקער לאנד).

און דארטן — לערנען תורה פון משיח׳ן[17], און מקיים זיין אלע מצוות, כולל אויך די מצוות וואס זיינען פאר־בונדן מיט דער ספעציעלער הייליקייט פון ארץ ישראל[18].

• • •

ו. דער צוזאמענקלייבן זיך קומט דאך פאר אין די טעג וואס זיינען גאר נאענט צו „חמשה עשר באב״, וואס בזמן שביהמ״ק הי׳ קיים איז עס געווען א יו״ט׳דיקער טאג[19] ביי אידן[20], און ס׳איז געבליבן א יו״ט אויך ביז אין אונזערע צייטן, וואס דערפאר זאגט מען ניט קיין תחנון[21] (מיט נאך מנהגים וועלכע זיינען פארבונדן מיט חמשה עשר באב).

דערביי איז אויך דא א ספעציעלער אנזאג, אז פון חמשה עשר באב דארף מען נאכמער מוסיף זיין אין לימוד התורה, ווי די גמרא[22] זאגט „מכאן ואילך דמוסיף יוסיף״, און רש״י[23] טייטשט אפ: „מחמשה עשר באב ואילך

---

13) ברכות כח, א. יש״נ.

14) ב״מ פג, א.

15) ברכות ס, ב.

16) שהרי רבקה אינה בכלל אלא לפי ביחו במדבר פי״ב, ג).

17) שהוא ילמד תורה את כל העם כולו — לקו״ת צו יז, א. שער האמונה פנ״ו.

18) וגם המצוות שאינם תלויות בארץ — עיקר שלימותם תהי׳ בימות המשיח — ראה תו״ח ויחי צה, א. צו, ג״ד. המשך וככה תרל״ז פ״ו ואילך.

19) ראה ד״ה נחמו עת״ר (כה״מ עת״ר ע׳ רכא), שחמשה עשר באב הוא „יו״ט ביותר מכאר מועדים, דהיינו אפילו מפסח וסוכות״.

20) תענית כו, ב במשנה. וראה בגמרא שם ל, ב ואילך. ב״ב קכא, א ואילך. ובחדא״ג מהרש״א לתענית שם (כו, ב) שטעמי שמחתו תלויים בבנין המקדש. ובהלכה לשו״ע רז״ל (או״ח סקל״א ס״ח): בט״ו באב שבזמן בית המקדש הי׳ יו״ט גדול כו׳.

21) שו״ע או״ח סקל״א ס״ו. אדה״ז בסידורו שם. ובא לציון. בהלכה לשו״ע אדה״ז שם.

22) תענית לא, א. ב״ב קכא, ב. וראה הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ד ס״ח.

23) ד״ה מכאן — תענית שם.

דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה יוסיף חיים על חייו".

וואס בפשטות איז דער טעם בזה[24] — דערפאר וואס פון חמשה עשר באב איז „הלילות מאריכין[25] והימים מתקצרין, צריך לעסוק בלימודו גם בלילה"[26].

וי"ל עוד: וויבאלד אז דער ארבעטס־טאג[27] איז קלענער, האט מען מערער צייט אויף לימוד התורה.

ז. דערפון האט מען א געוואלדיקע און א וואונדערליכע אפלערנונג פאר יעדן אידן, כולל אויך גאר קליינע אידישע קינדער:

דאס וואס פון חמשה עשר באב אן איז „הלילות מאריכין והימים מתקצרין", הייננט אפ אין דעם יחס (אויפפירונג) פון דעם שמש מיט דער ארץ — לויט ווי די זון באוועגט זיך ביחס צו דער ערד.

זאגט תורה אז דאס וואס די זון באוועגט זיך ארום דער ערד (וואס פון דעם הייננט אפ די ענדערונג אין דער לענג פון די נעכט), איז עס דערפאר וואס דער אויבערשטער וויל אז א איד זאל דערפון אפלערנען אז ער דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה — אז דערפאר וואס „הלילות מאריכין והימים מתקצרין", דארף ער מוסיף זיין „לילות על הימים לעסוק בתורה".

ח. און אז מ'טראכט זיך אריין אין דעם, זעט מען ווי טייער איז ביים אויבערשטן יעדער איד, ביז אויך גאר קליינע קינדער:

ווען מ'טראכט זיך אריין אין דער גרויסקייט פון דער ערד[28] און פון דער זון[29] אפילו אין גאר איינפאכן זין (דער שטח וואס זיי פארנעמען),

און מ'טראכט זיך אריין אין די כחות וואס געפינען זיך אין דער זון, און אין די טייערע זאכן וואס געפינען זיך אין דער ערד און אויף דער ערד,

ביז — אז אויף דער ערד געפינען זיך אזויפיל פעלקער, אזויפיל בעלי־חיים, אזויפיל צמחים און אזויפיל דוממים[30] —

פארשטייט מען דאך די גרויסקייט פון דער זון, און די גרויסקייט פון דער ערד.

זאגט אונז „תורת חיים" (די תורה

24) רשב״ם ד״ה מט״ו באב — ב״ב שם.

25) ראה ב״ח לטור או״ח סרל״ח: „האחרונים קבלו לומר משבכ״פ ימים עד שבכי קומי . . ומט״ו באב שאומרים קומי („קומי רוני בלילה לראש אשמורות" (איכה ב, יט)) עד חג השבועות שאומרים שבכי, קומי, חייב לקום קודם אור הבוקר כדי ללמוד, כיון דהלילות ארוכים". ועפ״ז הי׳ מט״ו באב.

וי״ל שהוא ע״ד שבהפעם דבטלה גזירת מתי מדבר קבעו היו״ט. כמו שהי׳ בפעם הראשונה, כ״ים שנתברר — ט״ו באב (תענית ל, ב ובפרש״י ותוס׳ שם. איכ״ר פתיחה לג). אף שנתברר שבטלה בט׳ באב שלפניו (ראה בתו״כ לאיכ״ר שם). ולהעיר מפתי הדעות דיו״ט בינה ואוקי באתרה או בינה ובינה (ב״ק כה, ב).

26) ובפרש״י „לא איברא ליליא אלא לגירסא" (עירובין סה, א). וראה שו״ע או״ח סרל״ח. שו״ע אדה״ז בהדו״ב ס״א ס״ג. הל׳ ת״ת לאדה״ז ס״ד ס״ח — גודל המעלה דלימוד התורה בלילה.

27) כמש״נ „והי׳ לנו הלילה משמר והיום מלאכה" (נחמי׳ ד, טז). וראה ברכות ב, ב).

28) ראה פסחים צד, א. וברמב״ם בהקדמתו לפיהמ״ש (ד״ה אחר כן): כדור הארץ . . הוא כדור שי״ש בהקיפו ארבעה ועשרים אלף מיל.

29) „השמש גדולה מן הארץ כמו מאה ושבעים פעמים" (רמב״ם הל׳ יסוה״ת פ״ג ה״ח). וראה סעהמ״א פ״ז (פד, א) שהשמש היא „כמו קס״ו פעמים כגודל כדור הארץ". ובהקדמת הרמב״ם לפיהמ״ש (שם) — „מאה וששים וששה פעם וג׳ שמיני פעם". וראה לקו״ש ביאורים לתניא ח״א ע׳ שנה.

30) כמ״ש (תהלים קד, כד) „מה רבו מעשיך ה׳".

וואָס איז אַן אָנווייזונג[31] אין לעבן, דעם טאָג טעגליכן לעבן) — וואָס צוזאַמען דערמיט איז זי אויך „תורת אמת״ (די זאַכן וואָס תורה זאָגט — זיינען אַלע־מאָל און אומעטום[32] „אמת״) — אַז דאָס וואָס די גרויסע זון באַוועגט זיך אַרום דער גרויסער ערד, און אין אַ באַשטימטן אופן,

[וואָס דערפון קומען אַרויס די ענדע־רונגען אין דער לענג פון די נעכט, כולל — אַז פון חמשה עשר באב אַן איז „הלילות מאריכין והימים מתקצרין״],

איז עס ניט אַ זאַך וואָס פּאַסירט סתם אַזוי, נאָר דאָס איז דערפאַר וואָס דער אויבערשטער האָט געוואָלט אַז אַ איד זאָל דערפון אָפּלערנען אַז דער אויבער־שטער בעט אים[33] אין ערוואַרט פון אים, און גיט אים דעם כח, אַז פון חמשה עשר באב אַן (וואָס „הלילות מאריכין״) זאָל ער מוסיף זיין „לילות על הימים לעסוק בתורה״.

ובפרט ווען ער טראַכט זיך אַריין אין דעם וואָס די גאַנצע וועלט (כולל אויך די זון און די ערד) איז באַשאַפן גע־וואָרן צוליב אים, ווי די משנה[34] זאָגט „כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם״,

ד.ה. אַז דאָס וואָס די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן, וואָס דאָס איז אויך כולל דעם באַשטימטן אופן אין וועלכן דער אויבערשטער האָט איר באַשאַפן, ובנדו״ד — דאָס וואָס פון חמשה עשר באב אַן איז „הלילות מאריכין״,

איז עס כדי אַז אַ קליין אידיש קינד, אַ אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, זאָל באַ־שליסן (און דערנאָך טאָן אַזוי) אַז פון חמשה עשר באב אַן וועט ער לערנען מערער און לעבעדיקער, און וועט אַרויסנעמען פון דעם לערנען דאָס וואָס מ'דאַרף אַרויסנעמען[35], און וועט זיך אַזוי פירן אין דעם טאָג טעגליכן לעבן.

ט. און אין דעם זכות וואָס דער קינד (און ערוואַקסענער) נוצט אויס די ערשיינונגען וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער זון און דער ערד, נוצט דאָס אויס אויף אַ גוטן אופן — אויף צו גיין אין דער וועג וואָס דער אויבערשטער וויל — אין דעם זכות האַלטן זיך אויף די זון און די ערד[36], און אין דעם זכות האַלט זיך אויף די באַוועגונג פון דער זון אַרום דער ערד.

און דאָס איז אויך מוסיף אין די ברכות וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן שמש,

[וואָס די שמש וואַרעמט, און זי מאַכט וואַקסן פירות[37] און פאַרשידענע זאַכן, און גיט כח „ענערגיע״, וואָס דערנאָך נוצט דאָס יעדערער אין זיין לעבן],

אַז זיי ווערן ערפילט מיט מער לעבעדיקייט און שטאַרקייט — ווי־באַלד אַז אידישע קינדער האָבן אויסגע־

31) ראה זח״ג נג, ב.

32) דאמת — היינו האין בו שינויים (ראה הגי״א פ״ג (יט, א). לקו״ש חט״ז ע׳ 427 ובהנסמן שם בהערה 25).

33) כמחז״ל: אם בחוקותי תלכו אין אם אלא לשון תחנונים (ע״ז ה, סע״א).

34) סנהדרין לז, סע״א. וראה פיהמ״ש להרמב״ם בהקדמתו ד״ה דע כי הקדמונים חקרו.

35) כי לימוד מביא לידי מעשה — קידושין מ, ב.

36) ראה פסחים סח, סע״ב: אילמלא תורה לא נתקיימו שמים וארץ, שנאמר (ירמי׳ לג, כה) אם לא בריתי יומם ולילה חוקות שמים וארץ לא שמתי.

37) כמ״ש (ברכה לג, יד) „ממגד תבואות שמש״. ובפרש״י: שהיתה ארצו פתוחה לחמה וממתקת הפירות.

נוצט די ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן שמש אויפן בעסטן אופן.

און אַזוי אויך בנוגע דער ערד.

יו"ד. און דערמיט גרייט מען אויך צו זיך און די גאַנצע וועלט צו דער צייט ווען משיח צדקנו וועט קומען,

וואָס דעמולט איז וואו מ'וועט נאָר אַ קוק טאָן, וועט מען זען ווי אַלע זאַכן זיינען פאַרבונדן מיטן באַשאַפער[38], תורה און אידישקייט[39],

מ'וועט זען ווי אַלע זאַכן ווערן גע־בענטשט פון דעם אויבערשטן[40], ווי־באַלד אַז מ'נוצט זיי ווי דער אויבער־שטער וויל — ווי אָנגעוויזן אין אונזער תורה.

• • •

יא. ווען אַ אידיש קינד וועט זיך אַריינטראַכטן אין דאָס אויבן־גוזאָגטע, וועט אים זיין אַ סאַך לייכטער צו אויפ־פירן זיך ווי אַ אידישער קינד דאַרף זיך אויפפירן:

דער קינד קען זיך פאָרשטעלן[41] אַז ווען דער פּרעזידענט פון „יונייטעד־סטייטס" וואָלט אים גערופן צו זיך, און וואָלט אים געבעטן אַז ער זאָל זיך פירן לויט ווי ער ווייזט אים אָן,

און דערפאַר וועט ער אים איינלאַדן אין זיין פּאַלאַץ אויף זיינע אַ שמחה, און וועט אים זעצן אויבן־אָן, און וועט איינ־שטעלן און איינאָרדענען דעם גאַנצן פּאַלאַץ וואָס איז אַרום אים לויט ווי עס וועט בעסער געפעלן און אויסנעמען ביים קינד, אַז דער קינד זאָל זיך פילן גוט און בעסער —

ווייס דאָך דער קינד ווי ער וואָלט געטאָן:

ער וואָלט זיך געהיט צו פירן זיך לויט ווי מ'פאַרלאַנגט פון אים, און ער וואָלט ניט געטאָן קיין שום זאַך וואָס איז אפשר געשמאַק, עס איז אָבער אַנטקעגן דעם ווילן פון דעם פּרעזידענט וואָס האָט אים איינגעלאַדן אין פּאַלאַץ וכו׳, און עס וואָלט אים גאָר ניט געווען שווער צו איינהאַלטן זיך און פירן זיך לויט ווי דער פּרעזידענט האָט אים געבעטן צו פירן זיך.

כל שכן ווען עס רעדט זיך כביכול וועגן דעם אויבערשטן,

ובמכ"ש וק"ו ווען תורה דערציילט אונז אַז דאָס וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפן „את השמים ואת הארץ" (ווי מ'האָט ערשט גוזאָגט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל דעם פסוק[42] „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"), איז עס „בשביל ישראל .. ובשביל התורה"[43], ד.ה. אַז די גאַנצע וועלט (דער הימל און די ערד, און אַלץ וואָס געפינט זיך אין זיי[44]) איז באַשאַפן געוואָרן כדי אַז אידן זאָלן לערנען תורה, און פאַרבינדן זיך מיט תורה, און פירן זיך ע"פ התורה —

איז אַ זיכערע זאַך אַז ווען אַ אידיש קינד וועט זיך אין דעריבער אַריינ־טראַכטן, וועט אים זיין לייכט צו מקיים

38) ראה תניא פל"ו.

39) כי יתגלה ראשית ותכלית הבריאה, שהיא בשביל התורה ובשביל ישראל (פרש"י ר"פ בראשית).

40) כמחז"ל דלעתיד קורות ביתו בו מעידים (תענית יא, א).

41) ראה שו"ע ושו"ע אדה"ז או"ח בתחלתו.

42) בראשית א, א.

43) פרש"י עה"פ.

44) כפרש"י „את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותיה" (פרש"י עה"פ שם, יד).

וואס איז אן אנווייזונג[31] אין לעבן, דעם טאג טעגליכן לעבן) — וואס צוזאמען דערמיט איז זי אויך „תורת אמת" (די זאכן וואס תורה זאגט — זיינען אלע־מאל און אומעטום[32] „אמת") — אז דאס וואס די גרויסע זון באוועגט זיך ארום דער גרויסער ערד, און אין א באשטימטן אופן,

[וואס דערפון קומען ארויס די ענדע־רונגען אין דער לענג פון די נעכט, כולל — אז פון חמשה עשר באב אן איז „הלילות מאריכין והימים מתקצרין"].

איז עס ניט א זאך וואס פאסירט סתם אזוי, נאר דאס איז דערפאר וואס דער אויבערשטער האט געוואלט אז א איד זאל דערפון אפלערנען אז דער אויבער־שטער בעט אים[33] און ערווארט פון אים, און גיט אים דעם כח, אז פון חמשה עשר באב אן (וואס „הלילות מאריכין") זאל ער מוסיף זיין „לילות על הימים לעסוק בתורה".

ובפרט ווען ער טראכט זיך אריין אין דעם וואס די גאנצע וועלט (כולל אויך די זון און די ערד) איז באשאפן גע־ווארן צוליב אים, ווי די משנה[34] זאגט „כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם",

ד.ה. אז דאס וואס די וועלט איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, וואס דאס איז אויך כולל דעם באשטימטן אופן אין וועלכן דער אויבערשטער האט איר באשאפן, ובנדו"ד — דאס וואס פון חמשה עשר באב אן איז „הלילות מאריכין",

איז עס כדי אז א קליין אידיש קינד, א אינגעלע אדער א מיידעלע, זאל בא־שליסן (און דערנאך טאן אזוי) אז פון חמשה עשר באב אן וועט ער לערנען מערער און לעבעדיקער, און וועט ארויסנעמען פון דעם לערנען דאס וואס מ'דארף ארויסנעמען[35], און וועט זיך אזוי פירן אין דעם טאג טעגליכן לעבן.

ט. און אין דעם זכות וואס דער קינד (און ערוואקסענער) נוצט אויס די ערשיינונגען וואס זיינען פארבונדן מיט דער זון און דער ערד, נוצט דאס אויס אויף א גוטן אופן — אויף צו גיין אין דער וועג וואס דער אויבערשטער וויל — אין דעם זכות האלטן זיך אויף די זון און די ערד[36], און אין דעם זכות האלט זיך אויף די באוועגונג פון דער זון ארום דער ערד.

און דאס איז אויך מוסיף אין די ברכות וואס זיינען פארבונדן מיטן שמש,

[וואס די שמש ווארעמט, און זי מאכט וואקסן פירות[37] און פארשידענע זאכן, און גיט כח „ענערגיע", וואס דערנאך נוצט דאס יעדערער אין זיין לעבן],

אז די ווערן ערפילט מיט מער לעבעדיקייט און שטארקייט — ווי־באלד אז אידישע קינדער האבן אויסגע־

---

31) ראה זח"ג נג, ב.

32) דאמת — היינו שאין בו שינויים (ראה תניא פי"ג (יט, א). לקו"ש חט"ו ע' 427 ובהנסמן שם בהערה 25).

33) כבחז"ל: אם בחוקותי תלכו אין אם אלא לשון תחנונים (ע"ז ה, סע"א).

34) סנהדרין לז, סע"א. וראה פיהמ"ש להרמב"ם בהקדמתו ד"ה דע כי הקדמונים חקרו.

35) כי לימוד מביא לידי מעשה — קידושין מ, ב.

36) ראה פסחים סח, סע"ב: אילמלא תורה לא נתקיימו שמים וארץ, שנאמר (ירמי' לג, כה) אם לא בריתי יומם ולילה חוקות שמים וארץ לא שמתי.

37) כבפ' (ברכה לג, יד) „וממגד תבואות שמש". ובפרש"י: שהיתה ארצו פתוחה לחמה וממתקת הפירות.

נוצט די ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן שמש אויפן בעסטן אופן.

און אַזוי אויך בנוגע דער ערד.

יו״ד. און דערמיט גרייט מען אויך צו זיך און די גאַנצע וועלט צו דער צייט ווען משיח צדקנו וועט קומען.

וואָס דעמולט איז וואו מ׳וועט נאָר אַ קוק טאָן, וועט מען זען ווי אַלע זאַכן זיינען פאַרבונדן מיטן באַשאַפער[38], תורה און אידישקייט[39].

מ׳וועט זען ווי אַלע זאַכן ווערן געבענטשט פון דעם אויבערשטן[40], ווי־באַלד אַז מ׳נוצט זיי ווי דער אויבער־שטער וויל — ווי אָנגעוויזן אין אונזער תורה.

• • •

יא. ווען אַ אידיש קינד וועט זיך אַריינטראַכטן אין דאָס אויבן־גערזאָגטע, וועט אים זיין אַ סאַך לייכטער צו אויפ־פירן זיך ווי אַ אידישער קינד דאַרף זיך אויפפירן:

דער קינד קען זיך פאָרשטעלן[41] אַז ווען דער פּרעזידענט פון „יונייטעד־סטייטס״ וואָלט אים גערופן צו זיך, און וואָלט אים געגעבן אַז ער זאָל זיך פירן לויט ווי ער ווייזט אים אָן,

און דערפאַר וועט ער אים איינלאַדן אין זיין פּאַלאַץ אויף זיינע אַ שמחה, און וועט אים זעצן אויבן־אָן, און וועט איינ־שטעלן און איינאָרדענען דעם גאַנצן פּאַלאַץ וואָס איז אַרום אים לויט ווי עס וועט בעסער געפעלן און אויסנעמען ביים קינד, אַז דער קינד זאָל זיך פילן גוט און בעסער —

ווייס דאָך דער קינד ווי ער וואָלט געטאָן:

ער וואָלט זיך געהיט צו פירן זיך לויט ווי מ׳פאַרלאַנגט פון אים, און ער וואָלט ניט געטאָן קיין שום זאַך וואָס איז אפשר געשמאַק, עס איז אָבער אַנטקעגן דעם ווילן פון דעם פּרעזידענט וואָס האָט אים איינגעלאַדן אין פּאַלאַץ וכו׳, און עס וואָלט אים גאָר ניט געווען שווער צו איינהאַלטן זיך און פירן זיך לויט ווי דער פּרעזידענט האָט אים געבעטן צו פירן זיך.

כל שכן ווען עס רעדט זיך כביכול וועגן דעם אויבערשטן,

ובמכ״ש וק״ו ווען תורה דערציילט אונז אַז דאָס וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפן „את השמים ואת הארץ״ (ווי מ׳האָט ערשט געזאָגט אין די י״ב פסוקים ומאמרז״ל דעם פסוק[42] „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ״), איז עס „בשביל ישראל .. ובשביל התורה״[43], ד.ה. אַז די גאַנצע וועלט (דער הימל און די ערד, און אַלץ וואָס געפינט זיך אין זיי[44]) איז באַשאַפן געוואָרן כדי אַז אידן זאָלן לערנען תורה, און פאַרבינדן זיך מיט תורה, און פירן זיך ע״פ התורה —

איז אַ זיכערע זאַך אַז ווען אַ אידיש קינד וועט זיך אין דעריף אַריינ־טראַכטן, וועט אים זיין לייכט צו מקיים

38) ראה תניא פל״ו.

39) כי יתגלה תכלית הבריאה. שהיא „בשביל התורה״ ו„בשביל ישראל״ (פרש״י ריש בראשית).

40) במאמר רז״ל ד״קורות ביתו כו׳ מעידים״ (תענית יא, א).

41) ראה פרש״י ישעי׳ אדה״י. איוב בתחלתו.

42) בראשית א, א.

43) פרש״י עה״פ.

44) כמ״ש „את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי׳״ (פרש״י עה״פ שם, יד).

וואס איז אן אנווייזונג[31] אין לעבן, דעם טאג טעגליכן לעבן) — וואס צוזאמען דערמיט איז זי אויך „תורת אמת" (די זאכן וואס תורה זאגט — זיינען אלע־מאל און אומעטום[32] „אמת") — אז דאס וואס די גרויסע זון באוועגט זיך ארום דער גרויסער ערד, און אין א באשטימטן אופן.

[וואס דערפון קומען ארויס די ענדע־רונגען אין דער לענג פון די נעכט, כולל — אז פון חמשה עשר באב און איז „הלילות מאריכין והימים מתקצרין"].

איז עס ניט א זאך וואס פאסירט סתם אזוי, נאר דאס איז דערפאר וואס דער אויבערשטער האט געוואלט אז א איד זאל דערפון אפלערנען אז דער אויבער־שטער בעט אים[33] און ערווארט פון אים, און גיט אים דעם כח, אז פון חמשה עשר באב און (וואס „הלילות מאריכין") זאל ער מוסיף זיין „לילות על הימים לעסוק בתורה".

ובפרט ווען ער טראכט זיך אריין אין דעם וואס די גאנצע וועלט (כולל אויך די זון און די ערד) איז באשאפן גע־ווארן צוליב אים, ווי די משנה[34] זאגט „כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם",

ד.ה. אז דאס וואס די וועלט איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, וואס דאס איז אויך כולל דעם באשטימטן אופן אין וועלכן דער אויבערשטער האט איר באשאפן, ובנדו"ד — דאס וואס פון חמשה עשר באב און איז „הלילות מאריכין".

איז עס כדי אז א קליין אידיש קינד, א אינגעלע אדער א מיידעלע, זאל בא־שליסן (און דערנאך טאן אזוי) אז פון חמשה עשר באב און וועט ער לערנען מערער און לעבעדיקער, און וועט ארויסנעמען פון דעם לערנען דאס וואס מ'דארף ארויסנעמען[35], און וועט זיך אזוי פירן אין דעם טאג טעגליכן לעבן.

ט. און אין דעם זכות וואס דער קינד (און ערוואקסענער) נוצט אויס די ערשיינונגען וואס זיינען פארבונדן מיט דער זון און דער ערד, נוצט דאס אויס אויף א גוטן אופן — אויף צו גיין אין דער וועג וואס דער אויבערשטער וויל — אין דעם זכות האלטן זיך אויף די זון און די ערד[36], און אין דעם זכות האלט זיך אויף די באוועגונג פון דער זון ארום דער ערד.

און דאס איז אויך מוסיף אין די ברכות וואס זיינען פארבונדן מיטן שמש,

[וואס די שמש ווארעמט, און זי מאכט וואקסן פירות[37] אין פארשידענע זאכן, און גיט כח „ענערגיע", וואס דערנאך נוצט דאס יעדערער אין זיין לעבן].

אז די ווערן ערפילט מיט מער לעבעדיקייט און שטארקייט — ווי־באלד אז אידישע קינדער האבן אויסגע־

---

31) ראה זח"ג נג, ב.

32) דאמת — היינו שאין בו שינויים (ראה תניא פי"ג (יח, א). לקו"ש חכ"ד ע' 427 ובהנסמן שם בהערה 25).

33) כמחז"ל: אם בחוקותי תלכו אין אם אלא לשון תחנונים (ע"ז ה, סע"א).

34) סנהדרין לז, סע"א. וראה פיהמ"ש להרמב"ם בהקדמתו ד"ה דע כי הקדמונים חקרו.

35) כי לימוד מביא לידי מעשה — קידושין מ, ב.

36) ראה פסחים סח, סע"ב: אלמלא תורה לא נתקיימו שמים וארץ, שנאמר (ירמי' לג, כה) אם לא בריתי יומם ולילה חוקות שמים וארץ לא שמתי.

37) כבפי' (ברכה לג, יד) „ממגד תבואות שמש". ובפרש"י: שהיתה ארצו פתוחה לחמה וממתקת הפירות.

נוצט די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן שמש אויפן בעסטן אופן.

און אזוי אויך בנוגע דער ערד.

יו״ד. און דערמיט גרייט מען אויך צו זיך און די גאנצע וועלט צו דער צייט ווען משיח צדקנו וועט קומען,

וואס דעמולט איז וואו מ׳וועט נאר א קוק טאן, וועט מען זען ווי אלע זאכן זיינען פארבונדן מיטן באשאפער[38], תורה און אידישקייט[39].

מ׳וועט זען ווי אלע זאכן ווערן געבענטשט פון דעם אויבערשטן[40], ווי באלד אז מ׳נוצט זיי ווי דער אויבערשטער וויל — ווי אנגעוויזן אין אונזער תורה.

• • •

יא. ווען א אידיש קינד וועט זיך אריינטראכטן אין דאס אויבן־געזאגטע, וועט אים זיין א סאך לייכטער צו אויפפירן זיך ווי א אידישער קינד דארף זיך אויפפירן:

דער קינד קען זיך פארשטעלן[41] אז ווען דער פרעזידענט פון "יונייטעד־סטייטס" וואלט אים גערופן צו זיך, און וואלט אים געבעטן אז ער זאל זיך פירן לויט ווי ער ווייזט אים אן,

און דערפאר וועט ער אים איינלאדן אין זיין פאלאץ אויף זיינע א שמחה, און וועט אים זעצן אויבן־אן, און וועט איינשטעלן און איינארדענען דעם גאנצן פאלאץ וואס איז ארום אים לויט ווי עס וועט בעסער געפעלן און אויסנעמען ביים קינד, אז דער קינד זאל זיך פילן גוט און בעסער —

ווייס דאך דער קינד ווי ער וואלט געטאן:

ער וואלט זיך געהיט צו פירן זיך לויט ווי מ׳פארלאנגט פון אים, און ער וואלט ניט געטאן קיין שום זאך וואס איז אפשר געשמאק, עס איז אבער אנטקעגן דעם ווילן פון דעם פרעזידענט וואס האט אים איינגעלאדן אין פאלאץ וכו׳, און עס וואלט אים גאר ניט געווען שווער צו איינהאלטן זיך און פירן זיך לויט ווי דער פרעזידענט האט אים געבעטן צו פירן זיך.

כל שכן ווען עס רעדט זיך כביכול וועגן דעם אויבערשטן,

ובמכ״ש וק״ו ווען תורה דערציילט אונז אז דאס וואס דער אויבערשטער האט באשאפן "את השמים ואת הארץ" (ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרז״ל דעם פסוק[42] "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"), איז עס "בשביל ישראל .. ובשביל התורה"[43], ד.ה. אז די גאנצע וועלט (דער הימל און די ערד, און אלץ וואס געפינט זיך אין זיי[44]) איז באשאפן געווארן כדי אז אידן זאלן לערנען תורה, און פארבינדן זיך מיט תורה, און פירן זיך ע״פ התורה —

איז א זיכערע זאך אז ווען א אידיש קינד וועט זיך אין דעריף אריינטראכטן, וועט אים זיין לייכט צו מקיים

38) ראה תניא פל״ו.

39) כי יתגלה ראשית יתגלות הבריאה, שהיא "בשביל התורה" ו"בשביל ישראל" (פרש״י ר״פ בראשית).

40) כמחז״ל דלעת״ל קורית ביתי כו׳ בצדיקים (תענית יא, א).

41) ראה טושו״ע ושו״ע אדה״ז או״ח בתחלתו.

42) בראשית א, א.

43) פרש״י עה״פ.

44) כב״ש "את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותיה" (פרש״י עה״פ שם, יד).

זיין דעם אויבערשטנ׳ס בקשה — אז ער זאל זיך פירן ווי א אידישער קינד דארף זיך אויפפירן.

ובפרט ווען ער באטראכט זיך אז זיין אויפפירונג איז אן ענין וואס איז פארבונדן ניט נאר מיט אים, מיט זיינע עלטערן, און מיט זיינע מדריכים, נאר דאס איז פארבונדן און איז נוגע צום גאנצן אידישן פאלק, און ס׳איז נוגע צו דער גאנצער וועלט[45], און נאכמער: דער אויבערשטער האט אים געבעטן ער זאל זיך אזוי אויפפירן.

יב. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז ווען עס וועלן צו אים קומען ניט-אידישע קינדער, און וועלן אים אנהויבן איינרעדן אז ער זאל עסן אזוינע מאכלים וואס א איד טאר ניט עסן, און ער זאל זיך אויפפירן אין דעם שבת׳דיקן טאג אזוי ווי ער פירט זיך אין א וואכעדיקן טאג (וואס א איד דארף זיך אויפפירן אין דעם שבת׳דיקן טאג גאר אנדערש ווי ער פירט זיך אויף אין א וואכעדיקן טאג) א.ז.וו. —

וועט ער אנקוקן גאר ליכטיג צו מקיים זיין דאס וואס דער אויבערשטער וויל, אויפפירן זיך אזוי ווי א אידיש קינד דארף זיך אויפפירן.

ובפרט אז ער ווייסט אז „ה׳ נצב עליו .. ומביט עליו כו׳"[46] (ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרז״ל), דער אויבערשטער שטייט לעבן אים און קוקט זיך צו ווי ער פירט זיך אויף.

און ער דערפט איבער אז ער זאל זיך קענען אויפפירן ווי עס דארף צו זיין, און טאן דאס מתוך שמחה[47] — ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרז״ל[48] „ישמח[49] ישראל בעושיו"[50].

און צוזאמען דערמיט וועט ער אויך ווירקן אויף זיינע חברים (און די מיידעלעך אויף זייערע חבר׳טעס) אז זיי זאלן זיך אויך אויפפירן אין דעם אופן — ווארום מ׳איז אנגעזאגט געווארן (ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרז״ל) אז ס׳זאל זיין „ואהבת לרעך כמוך"[51], מ׳זאל ליב האבן דעם חבר אזוי ווי מ׳האט זיך ליב.

און דעמולט שטעלט מען אויף צוזאמען אלע אידישע קינדער, און צוזאמען מיט זייערע עלטערן, זייערע מדריכים ומדריכות, און אלע אידן[52] — גייט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס ער וועט אונז ארויסנעמען פון גלות.

יג. מ׳גרייט זיך צו מקבל זיין דעם אויבערשטנ׳ס ברכות אין אלגעמיין, כולל אויף דעם אויבערשטנ׳ס ברכות אויף א כתיבה וחתימה טובה — אז צוזאמען מיט די ברידער און שוועסטער, עלטערן, זיידעס און באבעס, מיטן גאנצן אידישן פאלק, זאל מען פאר-

45) ראה רמב״ם הל׳ תשובה פ״ג ה״ד: עשה מצוה אחת הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה.

46) תניא רפמ״א.

47) כמ״ש (תהלים ק, ב) עבדו את ה׳ בשמחה. וראה רמב״ם סוף הל׳ לולב: השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה כו׳ עבודה גדולה היא.

48) תניא בפל״ג.

49) ל׳ הכתוב — תהלים קמט, ב.

50) ושמחה זו כו׳ בהשמחה ד„ישמח ה׳ במעשיו" (תהלים קד, לא. וראה לקו״ת שמע״צ פח, ד ואילך), שהרי השמחה היא „בשמחת ה׳ אשר שש ושמח בדירתו בתחתונים" (תניא שם).

51) קדושים יט, יח. וראה תו״כ ופרש״י עה״פ.

52) כמחז״ל (פרש״י עה״פ יתרו יט, ב) ויחן שם ישראל — כאיש אחד בלב אחד — נגד ההר (וע״י ענין ההר, כשה קיבל תורה בסיני).

שריבן ווערן און געחתמ'ט ווערן אויף א שנה טובה ומתוקה.

און נאך פאר דערויף זאל מען האבן ברכה והצלחה אין אלע זאכן, און מתוך שלום ואחדות וועט מען זיך פארנעמען מיט לימוד התורה וקיום המצוות, אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב,

און אין אן אופן פון „מעלין בקודש" — שטייגן אלץ העכער און בעסער, שענער און ליכטיקער.

• • •

יד. עס איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן ספעציעל מיט דעם איצטיקן זמן:

מ'האט גערעדט פריער (ס"ח) וועגן די גרויסע וויכטיקייט וואס יעדער איד און יעדער אידיש קינד האט אין די אויגן פון דעם אויבערשטן, אז („בשבילי נברא העולם") צוליב אים איז באשאפן געווארן די גאנצע וועלט, און זיין אויפפירונג פארגרעסערט דעם אויבערשטנ'ס ברכות צום גאנצן אידישן פאלק.

וואס איצטער דארפן אידן האבן א ספעציעלע ברכה — ווארום עס זיינען דא אזוינע וואס ווילן ניט צולאזן דעם ענין פון „שלימות העם":

זיי ווילן ניט צולאזן אז יעדער אידיש קינד זאל באקומען א אידישע ערציאונג, זיי טראכטן אז טאמער עס וועלן זיין איין קינד אדער צוויי קינדער א.ז.וו. וואס וועלן ניט באקומען א אידישע ערציאונג, איז עס ניט אזוי וויכטיק.

זאגט אבער תורה אז יעדער איינציקער אידיש קינד איז טייער ביים אויבערשטן, ביז וואנעט אז צוליב אים אליין איז באשאפן געווארן די זון און די ערד און די גאנצע וועלט — איז דער־ פון פארשטאנדיק אויף וויפל ס'איז נוגע אז יעדער אידישער קינד[53] זאל באקומען א אידישן חינוך.

אזוי זיינען אויך דא אזוינע וואס ווילן ניט צולאזן דעם ענין פון „שלימות התורה":

זיי זאגן אז ס'איז גענוג דער אופן פון לימוד התורה וואס איז געווען מיט א טאג פריער, און ס'איז ניט אזוי וויכטיק אז פון חמשה עשר באב זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה.

און אזוי ווי אידן און אידישקייט און תורה זיינען פארבונדן מיט ארץ ישראל (ווי דערמאנט פריער אז גאר אין גיכן וועט מען גיין צוזאמען מיט משיח צדקנו אין אונזער הייליקער לאנד),

ווי געזאגט (בתורה — ובפרט) אין היינטיקער סדרה: כי אם שמור תשמרון את כל המצוה גו' ללכת בכל דרכיו גו' והוריש ה' את כל הגוים האלה מלפניכם גו' כל המקום גו' לכם יהי' גו' פחדכם ומוראכם יתן ה' אלקיכם על פני כל הארץ אשר תדרכו בה גו' —

זיינען דא אזוינע וואס ווילן ניט צולאזן דעם ענין פון „שלימות הארץ":

זיי זאגן אז ס'איז ניט אזוי וויכטיק אז גאנץ ארץ ישראל זאל געהערן צו אידן און זיין באזעצט מיט אידן, עס מאכט ניט אויס אז א טייל פון ארץ ישראל וועט, ח"ו, ניט זיין ביי אידן.

זאגט אבער תורה אז די אלע זאכן זיינען פארבונדן זה בזה:

כדי אז א איד, אן ערוואקסענער אדער א אידיש קינד, זאל זיין א גאנצער און געזונטער („שלימות העם"),

---

53) שהוא „עולם מלא" — סנהדרין לז, א במשנה.

דארף ער זיך אויפפירן אין דעם גאנצן טעגליכן לעבן (ווי מ'האט ערשט גע־זאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל — "בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך"[54]) לויט ווי תורה — "ודברת בם בשבתך גו'"[55] — פארלאנגט פון אים ("שלימות התורה").

און דורך דערויף גיט אים דער אויבערשטער די ברכה אז ער זאל האבן "שלימות הארץ" — אז די גאנצע אידישע לאנד זאל האבן א שייכות צו אים, ער זאל זיין דארטן בעה"ב.

טו. אזוי ווי ס'איז אבער דא דער יצר וואס איז מבלבל און לאזט ניט צו אז מ'זאל דאס דורכפירן בשמחה (אדער — ער לאזט איינגאנצן ניט צו אז מ'זאל דאס דורכפירן), זאגנדיק אז דאס איז א שווערע זאך א.ז.וו. —

האט דער אויבערשטער מבטיח גע־ווען, אז בשעת א איד, און א אידיש קינד, וועט באשליסן אז א גאנצן טאג וויל ער זיך פירן אין א גאנצער אויפ־פירונג, ווי א איד דארף זיך פירן לויט "שלימות התורה",

וועט אים דער אויבערשטער געבן גאנץ ארץ ישראל ("שלימות הארץ") נאך זייענדיק אין זמן הגלות, מקיים זיין דארטן תרומות ומעשרות ושמיטה, און אפגעבן גאר איינגאנצן ווען עס וועט קומען משיח צדקנו און וועט אים, אונז און ארץ ישראל[56] ארויסנעמען פון גלות, און וועט אלעמען ברייגנען אין ארץ ישראל.

און בשעת דער קינד פרעגט: ווי אזוי וועט ער זיך קענען איינקערן מיטן יצר — דער יצר איז דאך שטארקער[57], און ס'איז שווער צו איינקערן זיך מיט אים?!

זאגט מען אים "עוצו עצה ותופר"[58]: די אלע עצות פון דעם יצר, און די אלע עצות פון די מענטשן וואס פאלגן דעם יצר — ווערן זיי אלע בטל,

און דער טעם אויף דערויף איז — "כי עמנו א־ל"[59]: דער אויבער־שטער געפינט זיך מיט יעדער איינצעל־נעם אידישן קינד (מ'דארף ניט ציילן וויפל קינדער זיינען שוין פרומע, און וויפל זיינען דערווייל נאך ניט אין דעם מעמד ומצב), און ער העלפט אים צו אויספירן זיינע באשלוסן בנוגע צו זיין גאנצקייט ("שלימות העם"), די גאנצ־קייט פון תורה ("שלימות התורה"), און די גאנצקייט פון ארץ ישראל ("שלימות הארץ"), און ער העלפט אים טאן דאס בשמחה.

• • •

טז. עס איז א פאסיקע זאך אז מ'זאל פארענדיקן דעם צוזאמענקלייבן זיך דורך דערויף וואס מ'וועט געבן יעדערן די חוברת וואו ס'איז אפגעדרוקט די שיחה וואס מ'האט גערעדט פאר־יארן[60], וואס דארטן זיינען געברענגט געווארן נאך עניני תורה בשייכות צו דעם אויבענגערעדטע,

54) ואתחנן ו, ז. פרשתנו יא, יט.

55) דבדברי תורה הכתיב מדבר וכפרי יפרש" עה"פ ואתחנן שם. יומא יט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ב) ילימוד מביא לידי מעשה בשבתך גו'.

56) שאז דוקא תהיינה כל המצוות התלויות בארץ ומן התורה.

57) ו"אקדמי סעניתי" — ראה זח"א קעט, סע"א ואילך. קהו"ר פ"ד, יג. ועד"ד בפרשתנו: "כי תאמר בלבבך רבים הגוים האלה ממני איכה אוכל להורישם גו'.

58) ישעי' ח, י.

59) שיחת י"א מנחם־אב תשל"ח — לילדי מחנות הק' יכ"ב שיחז ונדפסה בלקו"ש חי"ד ע' 186 ואילך).

און אויך געבן יעדערן מטבעות אויף צו געבן אויף „צדקה", וואָס מצות הצדקה איז כללות כל המצוות[60].

און פאַר דעם זאָל מען זינגען דעם ניגון אויפן פסוק[61] „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל".

און וויבאַלד אַז דער אויבערשטער איז „שומע קול תפלות עמו ישראל", ער הערט זיך צו צו די בקשות פון אידן, ובפרט בקשות פון אידישע קינדער[61], ובפרט ווען זיי קלייבן זיך צונויף אין בית־הכנסת און בית־המדרש[62] — וועט ער זיכער מקיים זיין, גאָר אין גיכן, דעם „עוצו עצה ותופר גו'",

און ס'וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

[ניגנו את הניגון „עוצו עצה ותופר גו' כי עמנו א-ל".

כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להמדריכים שיחיו חוברות דהשיחה ומטבעות ובקש שיחלקו לכל אחד ואחת בהילדים והילדות שיחיו: חוברת השיחה (לילדי מחנות קיץ יומיים שיחיו דיום ב' פ' ואתחנן, י"א מנחם־אב תשל"ח (בתרגום אנגלי)), שתי מטבעות של עשר סענט: א' לתת לצדקה, והב' — לעשות בה כטוב בעיניהם. וכן עשו].

60) ועד ש„בבל תלמוד ירושלמי היא נק' בשם מצוה סתמי" — תניא פל"ז (מח, ב).

61) שיש מעלה בתפלתם שהיא „הבל שאין בו חטא" (שבת קיט, סע"ב). וראה אסת"ר פ"ט, ד.

62) שאמחז"ל שתפלה צ"ל בביהכנ"ס ואוהב ה' שערי ציון כו' המצויינים בהלכה, ביהמ"ד וברכות ח, א. שו"ע או"ח סצ"ח).

בס"ד. שיחת ליל חמשה עשר באב ה'תשל"ס. <u>הנחת הה' בלי הגה</u>

א. אויף חמשה עשר באב [וואס הויבט זיך אן פון תפלת ערבית (און ק"ש של ערבית) פון ליל חמשה עשר באב, און די הכנות לזה הויבן זיך שוין אן אין תפלת הכנחה שלפנ"ז[1]] זאגט די משנה[2]: "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים".

און די גמרא[3] זאגט אויף דערויף כו"כ טעמים, וואס צוליב די טעמים איז דער טאג פון חמשה עשר באב געווען ניט סתם א יו"ט, נאר "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב כו'".

ב. איינער פון די טעמים אויפן יו"ט פון חמשה עשר באב איז[4] – אז דאס איז דער "יום שפסקו מלכרות עצים למערכה", וויבאלד אז "מחמשה עשר באב ואילך תשש כחה של חמה ולא היו כורתין עצים למערכה לפי שאינן יבשין . . וקרו לי' יום תבר מגל", ווי רש"י[5] טייטשט אפ: "שבירת הגרזן, שפסק החוטב מלחטוב עצים".

ד.ה. אז אין ימות החמה האט מען כורת געווען עצים למערכה, וויבאלד אז דעמולט איז דער כח פון דער זון געווען שטארק, האט דאס אויסגעטריקנט די עצים אז זיי זאלן ניט האבן קיין לחלוחית, אבער נאך דערויף וואס "תשש כחה של חמה", איז געווען לחלוחית אין די עצים (מער פון די לחלוחית פון כל ימות הקיץ), האט מען שוין ניט געקענט נוצן די עצים למערכה, צוליב צוויי טעמים:

א) וויבאלד אז ס'איז דא לחלוחית אין די עצים, זיינען זיי "מעלין עשן"[6].

[וואס אע"פ אז ס'שטייט "מעלין עשן" סתם, איז אבער דער פירוש בזה אז ס'איז דא א <u>הוספה</u> אין דעם עשן – זיי זיינען "מעלין עשן" <u>מערער</u> פון עצים וואס האבן ניט אזוי פיל לחלוחית.

ווארום ס'איז בהכרח צו זאגן אז אלעמאל איז געווען דער עשן פון עצי המערכה, ווי די משנה[7] זאגט אז צווישן די "עשרה נסים" וואס "נעשו לאבותינו בבית המקדש" איז געווען

– דער –

------------

1) ראה פמ"ג (כ"ז) או"ח סו"ס קלא. פר"ח שם סק"ו. העלכה לשו"ע רז"ל שם ס"ח. 2) תענית כו, ב. 3) שם ל, ב ואילך. ב"ב קכא, א ואילך. 4) תענית לא, א. ב"ב שם, ב. 5) תענית שם – ד"ה יום. וראה ג"כ רשב"ם לב"ב שם ד"ה יום. 6) רשב"ם לב"ב שם ד"ה מניסן. 7) אבות פ"ה מ"ה.

דער נס אז "לא נצחה הרוח את עמוד העשן", וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז אלעמאל איז געווען אן "עשן" פון עצי המערכה –

מוז מען דאך זאגן אז דאס וואס די עצים וואס האבן לחלותית זיינען "מעלין עשן" (וואס דערפאר קען מען זיי ניט נוצן למערכה), מיינט דאס א הוספה אין דעם עשן.

ב) די עצים וואס האבן לחלותית זיינען מגדל תולעים, און עצים וואס האבן תולעים זיינען פסול למערכה[9].

און דערפאר איז כריתת עצי המערכה לכל השנה געווען נאר אין ימות החמה, ווען דער כח פון דער זון איז שטארק, וואס דאס איז "מניסן ועד ט"ו באב"[9], און פון ט"ו באב וואס דעמולט איז "תשש כחה של חמה", איז "פסקו מלכרות עצים למערכה".

און דערפאר "קרו לי' יום תבר מגל" – וויבאלד אז דעמולט "נשברו הקרדומות ("שבירת הגרזן"), שאין צורך עוד בהן לחטוב עצים"[10].

וואס בפשטות איז דער טעם אויף "שבירת הגרזן" – אז וויבאלד מ'האט גענוצט דעם "גרזן" לחטוב עצים למערכה, האט מען אים ניט געוואלט נוצן אויף ענינים של חול, און דערפאר האט מען אים צובראכן.

ובפרט אז בנוגע צום מזבח דארף זיין "תחלת עשיתו לשמי"[11] – האט מען זיך געפירט מיט א זהירות יתירה אפילו בנוגע צו די ענינים וואס זיינען טפל און א הכנה צום מזבח, ביז וואנעט אז מיט דעם גרזן וואס מ'האט חוטב געווען עצים למערכה, האט מען זיך ניט גענוצט אויף ענינים של חול, און דערפאר האט מען צובראכן דעם גרזן.

ג. דער ענין איז אבער דורש ביאור:

פון פשטות לשון הגמרא איז משמע, אז דאס וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב", איז עס ניט דערפאר וואס דעמולט זיינען געווען כו"כ ענינים (משא"כ בשאר הימים טובים) – ס'איז א דוחק גדול אזוי צו מפרש זיין – נאר דער טעם וואס "פסקו מלכרות עצים למערכה" אליין איז אויך מספיק צו מבאר זיין פארוואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר ב.ב".

– דארף –

------------

8) פרש"י שם ד"ה מלכרות. תוס' שם ד"ה יום. רשב"ם שם. 9) רשב"ם שם. 10) רשב"ם שם ד"ה יום. 11) ראה מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו כ, כא. צפע"נ עה"ת שם. וש"נ.

דארף מען פארשטיין: וואס איז אזוי די גרויסע שמחה דערפון וואס "פסקו מלכרות עצים למערכה"?!

ואדרבה: דאס וואס "פסקו מלכרות עצים למערכה" דערפאר וואס "תשש כחה של חמה", באווייזט אויף א חלישות אין אן ענין טוב פון טבע: עס איז דא דער "כחה של חמה" וואס לאָזט ניט צו אז ס'זאל זיין לחלותית אין די עצים, כדי אז מ'זאל זיי קענען נוצן למערכה, און בחמשה עשר באב איז "תשש כחה של חמה".

איז עס לכאו' ניט קיין ענין של שמחה, נאר אדרבה: פריער האט מען געקענט מקיים זיין די מצוה פון כריתת עצים למערכה, און איצטער קען מען דאס שוין ניט מקיים זיין.

דארף מען פארשטיין: פארוואס זאגט מען אז מצד דעם וואס "פסקו מלכרות עצים למערכה" איז "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב"?!

אויך דארף מען פארשטיין – פארוואס איז דעמולט געווען "יום תבר מגל", "שבירת הגרזן":

אפי' אויב מ'וויל ניט נוצן דעם גרזן אויף עניני' של חול, דארף מען אים ניט צוברעכן – מ'קען אים אוועקלייגן אין זייט ביז חודש ניסן. און דעמולט וועט מען אים ווייטער קענען נוצן אויף "לכרות עצים למערכה" – איז פארוואס דארף מען צוברעכן דעם גרזן און עובר זיין אויף "בל תשחית" ללא כל תועלת?

ד. איז דער ביאור בזה:

דער רשב"ם[12] איז מבאר אז "אותו יום שפסקו (לכרות עצים למערכה) היו שמחים לפי שבאותו יום היו משלימין מצוה גדולה כזאת", אז מ'האט פארענדיקט די "מצוה גדולה" פון כריתת עצים למערכה לכל השנה.

וואס בפשטות איז די הסברה אין דעם וואס דער רשב"ם זאגט אז דאס איז א "מצוה גדולה" – ווייבאלד אז מ'זאגט אז חמשה עשר באב איז געווען נאך א גרעסערער יו"ט ווי שאר הימים טובים, ביז אז "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב", דארף מען זאגן אז די שמחה איז געווען פארבונדן דערמיט וואס מ'האט משלים געווען ניט סתם א מצוה [וואס ע"ד ווי מ'מאכט א שמחה ווען מ'איז מסיים א מסכת[13], און "גמרה של תורה"[14], איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו "גמרה של מצוה"] –

------------

12) שם ד"ה מניסן. 13) רמ"א יו"ד סו"ס רמו. 14) טור או"ח סתרס"ס. רמ"א או"ח שם.

מצוה"[15], נאר א "מצוה גדולה כזאת".

און וויבאלד אז דאס איז א "מצוה גדולה", איז פארשטאנדיק, אז די שמחה וואס איז פארבונדן מיט "גמרה של מצוה" (פון א "מצוה גדולה") - איז אויך א שמחה גדולה, און דערפאר איז "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב".

און וויבאלד אז די ענינים פון חמשה עשר באב ווערן נמשך אויך לאחרי שחרב ביהמ"ק, אפי' אין חו"ל, און אפילו בלילה וכו', איז פארשטאנדיק, אז די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חמשה עשר באב דארפן זיין אין אן אופן של הוספה לגבי דער רגילות אין ענינים כיו"ב, וויבאלד אז ס'איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט משלים געווען א "מצוה גדולה".

און מ'קען דאס אויך מקשר זיין מיטן מארז"ל[16] בנוגע צו דעם וואס מ'דארף ארויסנעמען פון חמשה עשר באב בנוגע למעשה בפועל (וואס "המעשה הוא העיקר"[17]) - אז "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", ווי רש"י[18] טייטשט אפ: "מחמשה עשר באב ואילך דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה יוסיף חיים על חייו" -

וואס דער לשון בזה איז, אז עס דארף זיין א הוספה ("דמוסיף יוסיף") מער ווי דאס איז ע"ד הרגיל, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט א "מצוה גדולה" - א הוספה אויף א מצוה סתם ע"ד הרגיל.

ה. מ'דארף אבער פארשטיין - פארוואס איז דער ענין פון כריתת עצים למערכה א "מצוה גדולה":

די עצים למערכה האט מען געדארפט האבן כדי אז מ'זאל קענען אנצינדן אש על המזבח, און דערנאך וועט מען קענען מקריב זיין דעם קרבן, אז ס'זאל זיין "ריח ניחוח לה'"[19] - קומט דאך אויס אז כריתת העצים למערכה איז מערניט ווי א הכשר מצוה, און ניט קיין מצוה?

נאכמער: מ'רעדט דאך ניט וועגן דעם וואס מ'לייגט די עצים אויפן מזבח, וואס דאס איז א הכשר מצוה וואס איז בסמיכות צו קיום המצוה (הקרבת הקרבן), נאר מ'רעדט וועגן כריתת העצים ביער, וואס די עצים דארף מען אפי' ניט האבן אויף הקרבת הקרבנות פון דעם טאג. ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז "מניסן ועד ט"ו באב היו כורתין

- עצים -

---

15) חזיו"ם לתענית כאן קה"ע לירושלמי סוף מס' תענית (פ"ד ריש ה"ז) ד"ה שבו זמן. 16) תענית וב"ב שם.
17) אבות פ"א מי"ז. 18) ד"ה מכאן - תענית שם. 19) ויקרא א, ט. ועוד.

עצים לצודך המערכה לכל השנה" (ביז צו ר"ח ניסן הבא, וואס דעמולט וועט מען כורת זיין נייע עצים) -

איז דאך די כריתת העצים אפי' נים קיין הכשר מצוה וואס איז בסמיכות צו קיום המצוה - בשעת מ'וועט נוצן די עצים פאר דער מערכה (במשך כל השנה), וועט דאס ערשט ווערן אן ענין פון הכשר מצוה (מיט אלע ענינים וואס זיינען דא אין הכשר מצוה), אבער איידער מ'נוצט די עצים פאר דער מערכה איז עס אפי' נים קיין הכשר מצוה - איז פארוואס זאגט מען אז כריתת העצים למערכה איז גאר א "מצוה גדולה"?!

ו. איז דער ביאור בזה:

צווישן אלע מצוות איז דאך מצות הצדקה א מצוה גדולה, ביז וואנעט אז "בכל תלמוד ירושלמי היא נק' בשם מצוה סתם" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[20]), ביז וואנעט אז זי איז כללות כל המצוות כולם, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם ביאור אין תניא דארטן.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס די משנה[21] זאגט "על שלשה דברים העולם עומד על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים" - וואס דער "עמוד" פון "גמילות חסדים" (צדקה) גייט אויף כללות הענין פון קיום המצווה.

און וויבאלד אז דער ענין פון כריתת עצים למערכה איז געווען פארבונדן מיט אן ענין של צדקה (כדלקמן) - איז עס געווען א "מצוה גדולה".

ז. והביאור בזה:

דאס וואס מ'האט אנגעגרייט עצים אין "לשכת העצים"[22], איז געווען כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין די קרבנות בעתם ובזמנם אן קיינע מניעות ועיכובים, ד.ה. אז אפי' בשעת מ'וועט דארפן מקריב זיין א קרבן אין א זמן וואס מ'קען נים גיין שניידן נייע עצים, אדער אז דער וואס ברענגט דעם קרבן קען נים ברענגען קיין עצים (ער האט נים קיין געלט, ער האט נים קיין צייט, וכיו"ב) - וועט מען האבן אין דער לשכה פארטיקע עצים צו דער מערכה, ובמילא וועט מען קענען מקריב זיין דעם קרבן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כריתת העצים למערכה איז פארבונדן מיט אן ענין של צדקה, וויבאלד אז מ'האט צוגעגרייט עצים למערכה כדי אז אפי' דער וואס האט נים קיין

- עצים -

------------

20) פל"ד (מח, ב). 21) אבות פ"א מ"ב. 22) מדות פ"ב מ"ה.

עצים זאל אויך קענען מקריב זיין דעם קרבן, דורך די עצים וואס מ'האט כורת געווען פריער און געהאלטן אין "לשכת העצים".

און ווי גערעדט אמאל באריכות[23] וועגן דעם וואס די משנה[24] זאגט "זמן עצי כהנים והעם תשעה", און רש"י[25] טייטשט אפ: "באלו הט' זמנים היו הכהנים והעם מתנדבים להביא עצים",

און ווי די גמרא[26] דערציילט: "כשעלו בני הגולה לא מצאו עצים בלשכה ועמדו אלו והתנדבו משלהם",

[וואָרום אזוי ווי מ'האט געוואלט מחדש זיין די עניינים פון ביהמ"ק, און עיקר ענינו פון דעם ביהמ"ק איז - "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" (ווי דער רמב"ם זאגט אין אנהויבט פון הל' ביהב"ח), האט מען געדארפט האבן די עצים למערכה כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין די קרבנות בפועל.

וואס נאך אלע הכנות וואס מ'האט געטאן (געבויט דעם ביהמ"ק, און געמאכט די כלי שרת וכו') - איז כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין די קרבנות (אין אן אופן פון "כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם"), האט מען געדארפט האבן עצים למערכה.

און אויף דערויף דערציילט די גמרא אז "כשעלו בני הגולה לא מצאו עצים בלשכה, ועמדו אלו (די משפחות וועלכע די משנה רעכנט אויס) והתנדבו משלהם"].

וואס פריער האט איין משפחה מנדב געווען עצים פאר דער מערכה, און נאך דערויף וואס עס האבן זיך געענדיקט די עצים וואס זיי האבן מנדב געווען, האט א צווייטע משפחה מנדב געווען עצים למערכה, ועד"ז בנוגע צו אלע משפחות וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער משנה.

און דערפאר "התנו נביאים שביניהן שאפילו לשכה מלאה עצים, יהיו אלו מתנדבין משלהן" - אז וויבאלד זיי האבן מנדב געווען עצים למערכה ווען "לא מצאו עצים בלשכה", זאל דאס בלייבן זייער א טאג און זייער א יו"ט על כל השנים כולם[27].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון כריתת עצים למערכה איז פארבונדן מיט אן ענין של צדקה, וויבאלד אז די משפחות האבן מנדב געווען די עצים למערכה - און דערפאר איז עס א "מצוה גדולה".

- ובפרט -

---

23) לקו"ש ח"ד ע' 1103 ואילך. ח"ט ע' 86 ואילך.
24) תעניות כו, א. 25) ר"ה תשעה שם. 26) שם כח, א.
27) תעניות יב. א ובפרש"י שם.

ובפרט וועז עס רעדט זיך וועגן נדבת העצים למערכה. וואס מ׳האט זיי כורת געווען ביער און דערנאך האט מען זיי געבראכט אין מקדש, אין לשכת העצים. און דאס אלץ איז ביהמ"ק השני - וואס די קדושה דאכאלט האט געהאט א מעלה לגבי די קדושה בזמן ביהמ"ק הראשון.

ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער רמב"ם[28] פסק׳נט אז די קדושה פון א"י (כולל אויך דער יער פון וועלכן מ׳האט געבראכט די עצים) וואס איז געווען בזמן בית ראשון, איז בטל געווארן לאחרי החורבן, כשא"כ קדושת א"י וואס איז געווארן בזמן בית שני - איז פארבליבן אויך לאחרי החורבן[29].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו קדושת הבנין[30] (ניט דער מקום) פון ביהמ"ק, כולל אויך לשכת העצים - אז וויבאלד "באו בה פריצים וחללוה"[31], אין ביהמ"ק הראשון, איז זיין קדושה אלס א טייל פון קדושת הארץ אויך בטל געווארן, כשא"כ אין ביהמ"ק השני.

ובפרט לויט דער דעה פון דעם ראגאטשאווער[32] אז אין בית שני איז ניט געווען דער דין פון "באו בה פריצים וחללוה".

און וויבאלד אז דורך די עצים וואס מ׳האט מנדב געווען למערכה האט געקענט זיין דער "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", איז פארשטאנדיק אז דאס איז געווען א "מצוה גדולה".

ח. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

אין די קרבנות ציבור וואס מ׳האט מקריב געווען אין ביהמ"ק, האט דאך יעדער איד געהאט זיין חלק, דורך דערויף וואס ער האט געגעבן "מחצית השקל".

וואס אע"פ אז די נתינה פון "מחצית השקל" איז געווען אין אן אופן פון "ימסרם לציבור יפה יפה"[33], עס איז געווארן אויס מכוון יחיד, נאר מכון פון ציבור, און דערנאך האט מען דערמיט געקויפט די קרבנות ציבור - אעפ"כ, האט יעדער איד געהאט א חלק אין די קרבנות ניט נאר אלץ א חלק פון דעם ציבור, נאר אויך אלס א יחיד[34].

- וכמדובר -

------------

28) הל׳ ביהב"ח ספ"ו. וראה אנציקלופדיה תלמודית מע׳ ארץ ישראל ע׳ רטו ואילך. ושי"נ. 29) ראה גם לקו"ש ח"ט ע׳ 67 ואילך. 30) ראה אנציקלופדיא תלמודית מע׳ ביהמ"ק ע׳ רלד. ושי"נ. 31) ע"ז נב, ב. נדרים סב, א. 32) ראה צפע"נ השלמה סו, ג. מהד"ת כא, ד. תרומות פ"א ה"ה. צפע"נ לרמב"ם ס׳ עבודה (ירושלים, תשל"ס) הל׳ ביהב"ח פ"ו הט"ז. 33) ר"ה ז, ריש ע"ב. 34) ראה צפע"נ כללים מע׳ קרבן ציבור (קכג).

וכמדובר כמ"פ[35] די ראי' אויף דערויף דערפון וואס רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[36] "אל תפן אל מנחתם", אז משה רבינו האט געזאגט "יודע אני שיש להם חלק בתמידי ציבור, אף חלקם לא יקובל לפניך לרצון" - וואס דערפון זעט מען אז יעדער יחיד האט געהאט א חלק אין די קרבנות ציבור אויך אלס א יחיד.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז די וואס האבן מנדב געווען עצים למערכה, איז דאס געווען ניט נאר פאר זייער חלק אין די קרבנות ציבור (לפי ערך ה"מחציח השקל" וואס זיי האבן בעגעבן אויף די קרבנות ציבור) - נאר זיי האבן מנדב געווען עצים פאר אלע קרבנות ציבור און קרבנות יחיד וואס מ'האט מקריב געווען במשך כו"כ ימים (ווי ס'איז משמע פון פשטות הסיפור אין גמרא).

איז דערפון פארשטאנדיק, אז דאס איז אן ענין של צדקה ניט נאר מיט כמה יחידים, נאר מיטן גאנצן ציבור - און דערפאר ווערט דאס אנגערופן "מצוה גדולה".

ט. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[37] וועגן דעם חילוק צווישן די וואס האבן מנדב געווען עצים ביז חמשה עשר באב, מיט די וואס האבן מנדב געווען עצים נאך חמשה עשר באב -

אז בשעת מ'האט מנדב געווען עצים ביז חמשה עשר באב, איז עס טאקע געווען א גרויסע מצוה, אבער דאס איז געווען אין אזא זמן וואס אויב ער וועט ניט מנדב זיין די עצים, קען מען אליין גיין אין וואלד און שניידן עצים למערכה,

אבער בשעת מ'האט מנדב געווען עצים לאחרי חמשה עשר באב, איז די תועלת בזה א סאך א גרעסערע ווי דאס איז אין דעם זמן שלפני חמשה עשר באב - ווארום דעמולט האט מען שוין ניט די ברירה גיין אין וואלד און שניידן עצים למערכה, וויבאלד אז ס'איז שוין "תשש כחה של חמה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די נדבת העצים וואס איז געווען אין דעם זמן ווען "תשש כחה של חמה", אנהויבנדיק פון חמשה עשר באב - איז עס א "מצוה גדולה" ביותר, נאכמער ווי דאס איז בכל השנה כולה.

י. דער ביאור אין דעם וואס חמשה עשר באב איז געווען "יום תבר מגל" - "שנשברו הקרדומות" ("שבירת הגרזן"):

- דער -

---

35) לקו"ש בהעלותך תשל"ז סי"ב. 36) קרח טז, טו. מתנחומא קרח ז. בבמדב"ר פי"ח, י. 37) לקו"ש ח"ד ע' 1104 ואילך. ח"ט ע' 88.

דער ענין פון א "קרדום" (סתם "קרדום" שבש"ס) איז דאך א כלי כתכת.

וואס א כלי כתכת, ברזל, איז אן ענין הפכי פון דעם מזבח - ווי ס'שטייט[38] "לא תניף עליהם ברזל", און ווי רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[39] "כי חרבך הנפת עלי' ותחללי'". אז "המזבח נברא להאריך ימיו של אדם, והברזל נברא לקצר יכיו של אדם", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון "ברזל" איז אן ענין הפכי פון דעם "מזבח".

איז בשעת מ'האט געמוזט האבן דעם "קרדום" כדי אז מ'זאל קענען זיין כריתת העצים למזבח (וואס אויף דערויף מעג מען נוצן א "קרדום"), האט מען קיין ברירה ניט געהאט און מ'האט געמוזט נוצן דעם "קרדום";

אבער גלייך נאך דערויף וואס עס האט זיך געענדיקט דער ענין פון כריתת העצים, וואס דעמולט האט כען שוין ניט געדארפט אנקומען צום "קרדום" (אז מ'זאל פון אים ארויסקריגן א תועלת צום מזבח) - האט מען אים געדארפט צוברעכן און מאכן אוים מציאות [ווי מ'געפינט אין דעם ענין פון טומאה כלים, אז דורך דערויף וואס מ'איז שובר דעם כלי, ווערט דער כלי טהור מטומאתו[40], וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין מציאות אויף וועלכע ס'זאל חל זיין דער שם טומאה], וויבאלד אז ער איז אן ענין הפכי פון דעם מזבח (און איצטער האט שוין ניט דער מזבח קיין תועלת פון דעם "קרדום").

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז דא איז ניטא דער איסור פון "בל תשחית" - ווארום ווען דער "קרדום" וואלט געבראכט אן ענין של חיים בעולם, איז ווען מ'צוברעכט אים איז עס אן ענין של "השחתה";

אבער וויבאלד אז דער "קרדום" ברענגט אן ענין פון היפך החיים, און דורך דעם וואס מ'איז שובר דעם "קרדום" איז מען מבטל דעם ענין פון היפך החיים - איז אין דערויף ניטא קיין איסור פון "בל תשחית", אדרבה, דאס ווערט גאר א מצוה גדולה (וויבאלד אז מ'דארף אים שוין ניט האבן פארן מזבח).

יא. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך א דיוק:

חמשה עשר באב ווערט אנגערופן "יום תבר מגל", דערפאר וואס "נשברו הקרדומות שאין צורך עוד בהן לחטוב עצים".

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

- דער -

---

38) תבוא כז, ה. 39) יתרו שם, כב. במדות פ"ג מ"ד.
40) כלים פ"ב מ"א.

דער יו"ט פון חמשה עשר באב איז דאך פארבונדן דערמיט וואס "באותו יום היו משלימין מצוה גדולה כזאת" (כריתת עצים למערכה) - איז וואס פאר א שייכות האט דאס מיט שבירת הקרדומות, ביז וואנעט אז דער טאג ווערט אנגערופן "יום תבר מגל"?!

נאכמער: פארוואס ווערט דער טאג אנגערופן "יום תבר מגל" - אמת טאקע אז פון חמשה עשר באב האט מען שוין ניט בעדארפט האבן די קרדומות לחטוב עצים, אבער וואס איז די הילענייש אז גלייך אין דעם זעלבן טאג זאל מען שוין צוברעכן די "קרדומות", ווען ערט אז מ'וועט זיי צוברעכן מיט א טאג שפעטער?!

איז עס פארשטאנדיק ע"פ האמור לעיל:

וויבאלד אז די מציאות פון "ברזל" איז אן ענין הפכי פון דעם מזבח, איז פארשטאנדיק, אז כל זמן וואס מ'דארף האבן דעם ברזל צוליב דער תועלת פון דעם מזבח (לכרות עצים למערכה), איז די מציאות פון דעם "ברזל" מסייע צום מזבח, און דערפאר דארף מען אים האבן;

אבער גלייך ווי עס ווערט בטל די תועלת וואס דער מזבח האט פון דעם ברזל (ווארום מ'קען שוין ניט כורת זיין עצים למערכה) - איז דער מזבח מבטל די מציאות פון דעם ברזל (וויבאלד אז דער ברזל איז אן ענין הפכי פון דעם מזבח), וואס דערפאר דארף מען אים גלייך צוברעכן,

און אין דעם צוברעכן איז מודגש אז דאס וואס דער ברזל איז געווען א מציאות ביז איצטער, איז עס נאר כדי אז מ'זאל מיט אים קענען כורת זיין עצים למערכה.

און דערפאר איז דער ענין פון "תבר מגל" פארבונדן דערמיט וואס "משלימין מצוה גדולה כזאת" (כריתת העצים) - ווארום דאס וואס מ'צוברעכט דעם "קרדום" באווייזט במוחש אז מ'האט פארענדיקט די כריתת העצים, וואס דערפאר ברעכט מען דעם "קרדום", וויבאלד אז מ'דארף אים מערניט האבן.

יב. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

וויבאלד אז די כריתת העצים למערכה איז געווען כדי מ'זאל קענען מקריב זיין קרבנות על המזבח, און דער מזבח זאל פ.על זיין די פעולה פון "להאריך ימיו של אדם", היפך פעולת הברזל -

איז נאך איידער מ'האט גענוצט די עצים אויפן מזבח צו מקריב זיין א קרבן - האט דער גמר פון כריתת העצים גופא שוין גע'פועל'ט אז מ'זאל צוברעכן דעם ענין הברזל וואס ער איז היפך פון פעולת המזבח, וואס דאס איז דער ענין פון "תבר מגל".

- ווי -

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ביז וואנעט מ'האט געגוצט די עצים וואס מ'האט גענדיקט כורת זיין בחמשה עשר באב (ביז אז מ'האט זיי אוועקגעלייגט און אנגעצונדן אויפן מזבח) - האט גענומען א משך זמן (ובפרט אז מ'האט גענוצט די עצים למערכה במשך כל השנה);

איז נאך איידער מ'האט גענוצט די עצים פארן מזבח בפועל, האט דער גמר פון כריתת העצים גופא שוין אויפגעטאן אז ס'זאל בטל ווערן דער ענין הברזל וואס ער איז היפך פון פעולת המזבח, און דערפאר איז עס געווען "יום תבר מגל".

יב. ויש לקשר דעם ענין פון "תבר מגל" מיט דעם ענין פון "וכתתו חרבותם לאתים" (דערפאר וואס "לא ישא גוי אל גוי חרב גו'"[41]) וואס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס די הכנה קרובה לזה ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה"[42], וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון לימוד התורה[43], און דורך דעם ענין פון "ושבי' בצדקה" -

וואס דער ענין פון "ושבי' בצדקה" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון כריתה עצים למערכה, ווי געערעט פריער (ס"ז) אז די כריתת העצים למערכה איז געווען אן ענין של צדקה וואס מ'האט געטאן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן (מיטן גאנצן ציבור), און מיטן ביהמ"ק, וואס דאס איז געווען דער משכן לו ית' בתחתונים, וואו ס'איז געווען דער "ושכנתי בתוכם"[44],

[וואס נוסף לזה וואס דער ביהמ"ק איז געווען "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", זאגט דער רמב"ן[45] אז "עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון, כמו שאמר[46] ונועדתי לך שם ודברתי אתך מעל הכפורת"].

און דורך דערויף וואס מ'איז מוסיף אין לימוד התורה ("משפט"), און מ'איז מוסיף אין דעם ענין פון צדקה -

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון כריתת עצים למערכה, ובפרט די עצים וואס מ'האט געבראכט נאך חמשה עשר באב, וואס דעמולט איז געווען דער "תבר מגל", דערפאר וואס מ'האט שוין ניט געקענט שניידן עצים למערכה, האט מען געמוזט אנקומען צו נדבת העצים (כנ"ל ס"ט) -

- ווערט -

---

41) ישעי' ב, ד. 42) שם א, כז. 43) לקו"ת דברים א, סע"ב. 44) תרומה כה, ח. 45) ר"פ תרומה. 46) תרומה שם, כב.

וועדט דאס די הכנה קרובה צום קיום היעוד "וכחתו חרבותם לאתים" (ע"ד "חבר מגל").

וואס ע"ד ווי ס'איז געווען דער ענין פון כריתת עצים למערכה בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז עס דא אויך איצטער ברוחניות הענינים, ביז אויך בגשמיות כפשוטו - דורך דעם ענין פון צדקה.

יד. און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמרא זאגט בנוגע צו חמשה עשר באב אז "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", ווי רש"י טייטשט אפ: "דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו".

וואס דער פירוש הפשוט אין "יוסיף חיים על חייו" איז - אז נוסף אויף מספר שני חייו שהוקצבו לו, וועט מען אים מוסיף זיין אין מספר שני חייו, ועאכו"כ אז בכל יום ויום פון ימי חייו איז מען נאך מוסיף אין דעם ענין החיים.

וואס די חיים האמיתיים פון א אידן וועלן זיין ווען דער ביהמ"ק וועט זיין על מכונו - ווארום דעמולט וועט זיין דער לימוד התורה בשלימות, און דעמולט וועט זיין קיום המצוות בשלימות, "כמצות רצונך"[47] - און "הם חיינו ואורך ימינו".

וכן תהי' לנו, במהרה בימינו ממש, אז בסמיכות ממש צו חמשה עשר באב פון שנת ה'תשל"ט לבריאת העולם, וועט זיין דער עולם על מכונו ובמילואו,

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ויבנה ביהמ"ק על מכונו, ובעגלא דידן.

* * *

טו. מ'האט דערמאנט פריער (ס"ז) דאס וואס די משנה זאגט "זמן עצי כהנים והעם תשעה", אז עס זיינען געווען תשעה זמנים אין וועלכע "הכהנים והעם מתנדבים להביא עצים", וואס איינער פון די זמנים איז געווען בחמשה עשר באב, וואס דעמולט האט די משפחה פון "זתוא בן יהודה" מנדב געווען עצים למערכה.

וואס בנוגע צו עצי המערכה וואס מ'האט מנדב געווען פון חמשה עשר באב ואילך, איז דא א מעלה לגבי די עצים וואס מ'האט מנדב געווען פאר חמשה עשר באב - וויבאלד אז פון

- חמשה -

---

47) ראה ספרי עה"פ עקב יא, יז. רמב"ן עה"פ אחרי יח, כה. ובכ"מ. תו"ח ויחי צה, א. צו, ג-ד. המשך וככה תרל"ז פי"ז ואילך.

חמשה עשר באב איז שוין ניט געווען קיין מעגליכקייט צו שניידן נייע עצים, האט מען געדארפט אנקומען צו די וואס האבן געהאט עצים וואס מ'האט געשניטן לפנ"ז.

טז. צווישן די תשעה זמנים וואס מ'האט געבראכט דעם "קרבן עצים", זיינען געווען משפחות וואס האבן געבראכט דעם "קרבן עצים" נאך חמשה עשר באב (ווי די משנה רעכנט אויס אז איינער פון די זמנים איז געווען "עשרים בו", עשרים באב, און אויך לאח"ז) - איז אבער דא א מעלה אין דעם "קרבן עצים" פון חמשה עשר באב, וואס דאס האט א שייכות צו אלע אידן:

די משנה זאגט אז "כל מי שטעה בשבטו", ער האט ניט געוואוסט פון וועלכע משפחה ער שטאמט, ובמילא האט ער ניט געוואוסט מיט וועלכע משפחה זאל ער ברענגען דעם "קרבן עצים" - האט ער זיך מצטרף געווען צום "קרבן עצים" וואס עס האט געבראכט "זתוא בן יהודה", וואס "זתוא בן יהודה" האט געבראכט דעם "קרבן עצים" בחמשה עשר באב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "קרבן עצים פון חמשה עשר באב האט א שייכות צו אלע אידן. וויבאלד אז "כל מי שטעה בשבטו" האט ער געבראכט דעם "קרבן עצים" בחמשה עשר באב.

יז. און דאס האט א שייכות מיוחדת מיט זמן הגלוה:

די גמרא זאגט אז וויבאלד די משפחות האבן מנדב געווען עצים למערכה בשעת ס'איז ניט געווען עצים בלשכה אין ביהמ"ק השני [וואס קדושתו איז א קדושה עולמית (כנ"ל ס"ז)], איז "התנו נביאים שביניהן שאפילו לשכה מלאה עצים יהיו אלו מתנדבין משלהן".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי וועט אויך זיין אין ביהמ"ק השלישי לאחרי ביאת משיח צדקנו - וואָרום די נביאים האבן מתקן געווען אז דער טאג זאל בלייבן א יו"ט בא דער משפחה לכל הדורות.

וואס צווישן דעם זמן פון ביהמ"ק השני ביזן זמן ווען ס'וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק השלישי, איז דא דער זמן הגלות (ביז צו דרא דעקבתא דמשיחא) - און דאס האט א שייכות מיוחדת מיטן "קרבן עצים" פון חמשה עשר באב:

זייענדיק אין זמן הגלות, איז "לא אתנו יודע עד מה"[48], קיינער ווייסט ניט צו וועלכן שבט און משפחה ער געהערט,

- ווארום -

---

48) תהלים עד, ט.

ווארום מ׳האט ניט דעם "ספר יוחסין" אויף צו וויסן צו וועלכן שבט און משפחה ער געהערט.

[וואס דער "ספר יוחסין" דארף זיין מצד הזכרים דוקא, און ס׳איז ניט מספיק אז מ׳האט א "ספר יוחסין" מצד הנקבות - ע"ד ווי ס׳איז געווען בא רבי׳ן, אז מצד הבת איז ער ארויסגעקומען פון בית דוד[49].]

און וויבאלד אז "כל מי שטעה בשבטו" האט ער א שייכות מיטן "קרבן עצים" פון "זתוא בן יהודה", וואס דאס איז געווען בחמשה עשר באב - איז פארשטאנדיק, אז דער "קרבן עצים" פון חמשה עשר באב האט א שייכות מיוחדת מיט יעדער אידן אין זמן הגלות, וויבאלד אז יעדערער איז אין א מעמד ומצב פון "מי שטעה בשבטו".

יח. עס בלייבט נאך אבער די שאלה הידועה:

דאס וואס מ׳ווייסט ניט צו וועלכן שבט מ׳געהערט - איז דאך ניט געזאגט געווארן בנוגע צו שבט לוי, כהנים ולוים,

[ווי ס׳איז פארשטאנדיק[50] דערפון וואס בא כהנים איז דא די מצוה פון נשיאת כפים מיט א ברכה אויך בזמן הזה, וואס דערפון איז א הוכחה אז מ׳פארלאזט זיך אויף דער חזקה וואס זיי האבן אז זיי זיינען כהנים.

ועד"ז אויך בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט לוים, ביז וואנעט אז מ׳באפרייט זיי פון "פדיון בכור" - מצד דער חזקה אז זיי זיינען לוים.

וואס דאס איז נוסף אויף שאר הענינים וואס זיינען פארבונדן מיט כהנים ולוים - ווי דער ענין פון נט"י צו כהנים, און דער סדר פון עלי׳ לתורה וכיו"ב],

קומט אוים לכאו׳ אז דער "קרבן עצים" פון חמשה עשר באב האט ניט קיין שייכות צו כהנים ולוים?

זאגט אבער די משנה אז "בחמשה עשר בו זתוא בן יהודה, ועמהם __כהנים ולוים__ וכל מי שטעה בשבטו", ד.ה. אז אויך די כהנים ולוים האבן געהאט א שייכות מיוחדת מיטן "קרבן עצים" פון "זתוא בן יהודה" וואס איז געווען בחמשה עשר באב.

יט. דער כללות הענין פון "קרבן עצים" (וואס מ׳האט געבראכט עצים למערכה) איז אויך דא אין עבודת האדם.

- וכמבואר -

---

49) כתובות סב, ב. 50) בהבא לקמן - ראה שד"ח כללים (כרך ב) מערכת כ׳ כלל צב (ש, ב ואילך). וש"נ.

__הנחת הת׳ בלתי מוגה__

וכמבואר אין די ספרים וואס זיינען כבאר טעמי הקרבנות (אויך אין רמב"ן בפירושו עה"ת[51]), אז דער וואס האט געבראכט דעם קרבן האט זיך געדארפט מתבונן זיין אז יעדער ענין וואס ווערט געטאן מיטן קרבן וואלט געדארפט געטאן ווערן מיט אים. נאר דער אויבערשטער ברוב חסדיו האט דאס אריבערגעטראגן אויף דער בהמה (שבאדם, ביז צו דער בהמה) כפשוטה וואס ער איז מקריב אויפן מזבח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער ענין וואס איז געווען פארבונדן מיטן קרבן, איז דא אן ענין בדוגמתו אין עבודת האדם, ועד"ז איז בנוגע צו דעם ענין פון "קרבן עצים". ברענגען עצים למערכה.

כ. והביאור בזה:

ס'איז מבואר אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו[52] בנוגע צו "מקושש עצים" (מיוסד אויף דברי הזהר[53]), אז "עצים" (לשון רבים, וואס מיעוט רבים שנים) גייט אויפן "עץ החיים" און "עץ הדעת", וואס זיי זיינען די עצים העיקריים (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשש"מ אין פ' בראשית, וואו עס ווערט דערציילט ווי די וועלט איז באשאפן געווארן).

וואס אין עבודת האדם גייט דער "עץ החיים" אויפן יצ"ט, און דער "עץ הדעת" אויפן יצה"ר[54], וויבאלד אז דורך ריבוי ההשתלשלות איז ארויסגעקומען פון דעם "עץ הדעת" דער ענין פון רע.

און עבודת האדם איז - צו מחבר זיין דעם "עץ החיים" מיטן "עץ הדעת", אז ס'זאל זיין "בכל לבבך - בשני יצריך"[55], אז די עבודה זאל זיין סיי מיטן יצ"ט און סיי מיטן יצה"ר, ביז ווי ביידע שטייען אין דעם זעלבן ווארט - "בכל לבבך", וואס דאס באווייזט אז זיי דארפן זיין צוזאמען,

[בדוגמא ווי מ'האט גערעדט כמ"פ[56] אז דערפון וואס די דריי ווערטער "שוע סווי ונוז" שטייען אין איין ווארט - "שעטנז", לערנט מען אפ[57] אז דער חיוב פון "שעטנז" איז דוקא ווען די אלע דריי זיינען צוזאמען].

וואס דער "מקושש עצים" האט געוואלט מחבר זיין דעם

- "עץ" -

------------

51) עה"פ ויקרא א, ט. וראה גם ספורנו עה"פ שם, ב. ועוד. 52) לקו"ת שלח מב, סע"ב. מג, רע"א ואילך. ובכ"מ. 53) ח"ג קנז, א. 54) לקו"ת שה"ש לא, ריש ע"ב. 55) ואתחנן ו, ה. ספרי ופרש"י עה"פ. ברכות נד, א. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אהבת ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ב. וש"נ. 56) לקו"ש ח"ב ע' 782. ובכ"מ. 57) נדה סא, ב.

"עץ החיים" מיטן "עץ הדעת", נאר זיין חטא איז געווען אז ער האט דאס געטאן ביום השבת*, משא"כ וועט ער וואלט דאס געטאן אין ימות החול, וואס דעמולט באשטייט די עבודה אין דעם חיבור פון עה"ח מיטן עה"ד.

ועד"ז קען מען זאגן אז דער ענין פון "קרבן עצים" אין עבודת האדם איז - דער חיבור פון "עץ החיים" מיטן "עץ הדעת"[60], אז די עבודה זאל זיין "בשני יצריך".

כא. דער ענין פון "קרבן עצים" - דאס וואס מ'איז מהפך תשוכא לנהורא, אז אויך דער יצה"ר זאל דינען דעם אויבערשטן מיטן גאנצן שטורעם - איז נאך ניט תכלית און שלימות העבודה, ס'איז מערניט ווי א הכנה (הכשר מצוה) צו תכלית ושלימות העבודה,

ווארום דער תכלית ושלימות העבודה איז - אז נאך דערויף וואס ער האט מהפך געווען דעם יצה"ר לטוב, זאל ער ארויסגיין אין וועלט, און מאכן פון דער וועלט א דירה לו ית', וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך קיום המצוות,

ולדוגמא: מצות תפילין (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[61]) וואס מען איז מקיים אין קלף גשמי, ועד"ז ציצית בצמר גשמי, וכיו"ב בכל המצוות, וואס דורך דערויף מאכט מען פון דער וועלט א דירה לו ית'.

וע"ד ווי דאס איז אין "קרבן עצים" כפשוטו - אז די עצים וואס כ'האט געבראכט פאר דער מערכה זיינען געווען מערניט ווי א הכנה צו דעם ענין פון "ריח ניחוח לה'" וואס האט זיך אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'האט מקריב געווען א דבר גשמי על המזבח,

- אנהויבנדיק -

------------

*) ע"פ מרז"ל[58] מקושש לשם שמים נתכוין, וע"פ פרש"י[59] ש"לקושש" היינו לחבר ענינים נפרדים. - נתבאר בשיחת מוצאי ש"פ ראה, מבה"ח אלול.

------------

58) תיב"ע עה"פ שלח טו, לב. תוד"ה אפילו - ב"ב קיט, ב. 59) עה"פ שמות ה, יב. 60) ראה לקוטי לוי"צ אגרות ס"ע תיב ואילך. 61) קידושין לה, א.

אנהויבנדיק פון די קרבנות וואס זיינען געווען פון סוג החי[62], און דערנאך אויך די נסכים און שכן און סולת וואס זיינען געווען פון סוג הצומח[63],

ועד"ז אויך דער "קרבן עצים" וואס מ'האט מקריב געווען עצים על גבי המזבח, און "טעונין מלח וטעונין הגשה"[64] - נוסף צו די עצים אויף וועלכע כ'האט מקריב געווען דעם "קרבן עצים"[65] - וואס דאס איז אויך פון סוג הצומח,

און דערנאך איז געווען דער ענין פון "על כל קרבנך תקריב מלח"[66], וואס "מלח" איז פון דעם סוג הדומם[63],

ובנוסף לזה - איז געווען דער אדם וואס האט מקריב געווען דעם קרבן (סוג המדבר), וואס ער האט בעדארפט טראכטן אז די אלע זאכן וואס ווערן געטאן מיטן קרבן (פון דוכם צומח און חי) איז עס כאילו ווי עס איז געטאן געווארן מיט אים, און עס זיינען געווען "כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם" - וואס דעמולט איז עס געווען א קרבן "כמצות רצונך".

כב. און אויף דעם זאגט מען אז מ'האט געדארפט ברענגען עצים למערכה ניט נאר פאר זיך, נאר אויך פאר א צווייטן אידן וואס האט ניט קיין עצים.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז א איד זאל ניט האבן קיין עצים, עס שטייט דאך אין תניא[67] אז "לכל איש ישראל אחד צדיק ואחד רשע יש שתי נשמות", סיי נה"א און סיי נה"ב (וואס נעמט זיך פון ק"נ), איז ווי קען זיין אז א איד זאל ניט האבן קיין עצים?!

איז דער ביאור בזה:

בשעת ער נוצט ניט די "עצים" (עה"ח און עה"ד, נה"א און נה"ב) לויט ווי דער אויבערשטער וויל, הייסט דאס אז ער האט ניט קיין "עצים" - די "עצים" זיינען ניט ברשותו,

- ווארום -

------------

62) ראה לקו"ת שם מ, ריש ע"ב ואילך. ובכ"מ. 63) ראה שם מא, ב ואילך. ובכ"מ. 64) מנחות כ, ב. קו, ב. וראה לקו"ש ויקרא תשל"ז. 65) מנחות שם. 66) ויקרא ב, יג. 67) פ"א. וראה לקו"ש ויקרא תשל"ו הע' 43.

ווארום ער איז ניט קיין בעה"ב אויף זיי, ער טוט ניט מיט זיי דאס וואס א בעה"ב טוט מיט ענינים וואס געפינען זיך ברשותו ובידו, ווארום ער טוט ניט מיט זיי דאס וואס מ'דארף טאן מיט זיי.

כג. קען ער דאך טראכטן: וואס פאר א שייכות האט ער מיט דעם אידן וואס האט ניט קיין "עצים" - ער האט "עצים" פאר זיך, ווארום ביי אים איז דא די עבודה פון "בכל לבבך - בשני יצריך", איז וואס פאר א שייכות האט ער מיט דעם אידן וואס האט ניט קיין "עצים"!

זאגט מען אים אז פון חמשה עשר באב לערנט מען אפ אז מ'דארף ברענגען עצים למערכה אויך פאר דעם אידן וואס האט ניט קיין "עצים":

ווען ער גיט א קוק אויף א צווייטן אידן, און זעט אז אפי' ווען ער וועט וועלן תשובה טאן, און וועט וועלן אפשניידן "עציב" - די "עצים" וואס זיינען ניט כדבעי,

[בדוגמא ווי רער אלטער רבי טייטשט אפ דעם ענין פון "חוטב עציך", אז ער שניידט אפ "עציב", דיינע עצים, און "שואב מימיך" - ארויסנעמען די מים וואס זיינען פארבונדן מיט זיין רגילות און זיין טבע],

וועט ער ערשט דארפן ווארטן א משך זמן ביז וואנעט אז דער כח החמה (עכ"פ די חמה שלו) וועט ווערן שטארק, און דערווייליק גייט דורך נאך א רגע, נאך א שעה און נאך א טאג (און אפשר נאך לענגער) -

איז די הוראה פון חמשה עשר באב, אז אע"פ אז דעמולט איז "תשש כחה של חמה" בעולם, און מ'קען ניט שניידן נייע עצים - גיט ער אוועק די עצים וואס ער האט מן המוכן, ניט קוקנדיק אויף דעם וואס בשעת ער גיט אפ די עצים וואס ער האט, האט ער שוין ניט קיין מעגליכקייט גיין און שניידן נייע עצים במקומם, וויבאלד אז ס'איז שוין "תשש כחה של חמה".

ד.ה. אז ער איז מוותר אויף די עצים וואס ער האט בא זיך כבר המוכן (אע"פ אז ער קען ניט שניידן נייע עצים), כדי אז דער צווייטער איד זאל האבן עצים.

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי[68] טייטשט אפ אז דער ענין

- פון -

---

68) לקו"ד כרך א סח, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

פון א "חסיד" איז - אז ער איז מוותר אויף טובת עצמו צוליב טובת הזולת,

און ווי געבראכט די ראי' אויף דעם דערפון וואס מ'זאגט[69] "שורפן חסיד": בשעת מ'איז שורף די צפרנים. א דבר וואס איז געווען אמאל מחובר צום גוף. קען דאס שאטן צום גאנצן גוף - איז דער אויפטו פון א "חסיד" אז ער פארבויגט אויף זיך און איז שורף די צפרנים, אע"פ אז דורך דעם קען ביי אים עפעס פעלן ח"ו - כדי צו באווארענען אז דערפון זאל ניט ארויסקומען קיין היזק ח"ו פאר א צווייטן אידן.

כד. און דאס איז דער לימוד והוראה לכל אחד ואחת כישראל וואס מ'נעמט ארויס פון חמשה עשר באב -

אז עס דארף זיין די עבודה רוחנית פון "קרבן עצים", סיי בנוגע צו אנשים, און סיי בנוגע צו נשים - ווארום אין דעם ענין פון "קרבן עצים" איז ניטא קיין אונטערשייד צווישן אנשים כיט נשים, כמובן פון דעם תוכן הענין, ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער עבודה רוחנית שבזה - דער חיבור פון דעם "עץ החיים" מיטן "עץ הדעת".

און ער טוט דאס אין אן אופן פון "טוב עין הוא יבורך כי נתן מלחמו לדל"[70] - ער זעט אז אויך דער וואס ביי אים פעלט דערווייילע דער ענין (מאיזה סיבה שתהי'), זאל ער אויך האבן די עבודה.

און ניט ווי טורנוסרופוס האט גע'טענה'ט[71] אז וויבאלד יענער איז א "דל" איז א סימן אז דער מלך (דער אויבערשטער) האט אים מעניש געווען און וויל ער זאל זיין א "דל", ובמילא קען מען זיך ניט ארייינמישן אין דערויף און טאן היפך רצון המלך -

נאר ווי ר"ע האט אים געענטפערט, אז עס רעדט זיך וועגן בנו של המלך, וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז דער מלך וויל אז מ'זאל אים העלפן.

און ער טוט דאס אין אן אופן פון "נתן מלחמו גו'", וואס "נתן" איז מלשון מתנה (כמבואר בכ"פ[72] בנוגע צו דעם לשון פון ברכת התורה - "נותן התורה"), וואס "כל הנותן בעין יפה נותן"[73].

כה. ובפרט ווען עס רעדט זיך אין א זמן וואס מ'דארף

- צוהיילן -

------------

69) נדה יז, א. ובתוס' שם. 70) משלי כב, ט. 71) ב"ב י, א. 72) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"ב ע' 119 הע' 19.
73) ראה ב"ב נג, א.

צוהיילן דעם בנין ביהמ"ק כפשוטו (וואס דער "קרבן עצים" כפשוטו איז פארבונדן מיט בנין ביהמ"ק) - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס יעדער איד איז בונה זיין בית המקדש, און ער זעט אז א צווייטער איד זאל בויען זיין ביהמ"ק,

וואס דורך דערויף איז ער מבטל דעם ענין וואס מ'זאגט[74] אז "כל דור שאינו נבנה (ביהמ"ק) בימיו . . כאילו כו'", אז ער איז גאר שולדיק אין דעם היפך דערפון.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיטן ביאור אין חסידות[75] אויף דעם וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב", אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס בחמשה עשר בחודש איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[76],

און מ'איז מבאר[77] אז אע"פ אז אין חמשה עשר פון יעדער חודש איז אויך "קיימא סיהרא באשלמותא", ועד"ז אין חודש ניסן - די התחלה פון "חג המצות", און אין חודש תשרי - די התחלה פון "חג הסוכות" - קומט דאס אבער ניט צום "קיימא סיהרא באשלמותא" פון חודש מנחם-אב, וויבאלד[78] אז דאס קומט לאחרי הענינים פון תשעה באב.

און דאס איז אויך וואס דער בירור אויף דעם אז עס זיינען בטל געווארן די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תשעה באב, איז געווען בשעת מ'האט געזעהן די לבנה בשלימותה אין חמשה עשר בחודש[79], כמדובר כמה פעמים -

וואס דאס איז אויך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב"[80].

כו. פון כל האמור לעיל קומט ארויס נאכמער די הדגשה אויף דער התעסקות אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי' -

אנהויבנדיק פון די ענינים וועלכע זיינען מיוסד אויף דעם ענין פון "אהבת ישראל" - וואס דאס איז דער יסוד אויף דעם וואס "נתן מלחמו לדל",

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "קרבן עצים" -

------------

74) ירושלמי יומא פ"א ה"א (ד, ב). מדרש תהלים עה"פ קלז, ז. 75) ד"ה נחמו עת"ר בתחלתו (סה"מ עת"ר ע' רכא) מפע"ת שכ"ב בסופו. וראה אוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'צו. 76) זח"א קנ, דע"א. ח"ב פה, א. ובכ"מ. 77) ד"ה הנ"ל שם. 78) ד"ה נחמו הנ"ל (סה"מ שם ס"ע רכט ואילך). וראה גם אוה"ת שם. 79) איכ"ר פתיחתא לג. הובא בפרש"י ותוס' - תענית ל, סע"ב. רשב"ם ותוס' - ב"ב קכא, א. 80) תענית ב"ב ואיכ"ר שם.

עצים", ווי געדעדט פריער בארוכה אז דאס וואס כ'האב בנדב געווען עצים למערכה איז געווען אן ענין של צדקה.

ביז וואנעט אז אין דערויף איז גאר דא די בע"ה הכי גדולה שבצדקה, אז דער נותן ווייסט נים ווער איז דער מקבל און דער מקבל ווייסט נים ווער איז דער נותן[81] - ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז דער וואס האט געבראכט דעם קרבן. האט ער נים געוואוסט וועמעס עצים נוצט מען פאר דער מערכה.

און דאס איז פארבונדן מיט אלע "מבצעים" הידועים:

"מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז "כל התורה כולה"[82].

"מבצע חינוך" - אז מ'איז מחנך אידישע קינדער אז זיי זאלן גיין אין דער וועג, און פירן זיך באופן האכור.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך "תורה צוה לנו משה"[83] - "מבצע תורה".

און וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה"[84] - קומט דאך אראפ אין קיום המצוות, אנהויבנדיק פון מצות תפילין. וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין".

און דערנאך קומט דאס אראפ אין מצות מזוזה, "וכתבתם על מזוזות ביתך ובשעריך"[85], ווי ער טייטשט אפ אין זהר[86] אז מצות מזוזה ברענגט ארויס בגלוי דעם ענין פון "ה' ישמר צאתך ובואך מעתה ועד עולם"[87], אז וואוהין ער גייט און וואוהין ער קומט, אין "כל מעשיך" און אין "כל דרכיך"[88] האט ער די שמירה פון דעם אויבערשטן, ווארום דאס איז דעם אויבערשטן'ס אן ענין, וויבאלד אז ער טוט דאס "לשם שמים", און נאכמער: אין אן אופן פון "דעהו"[89].

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע צדקה" - וואס "צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרן לבין האומות"[90], כדי אז זיי זאלן צוזאמענקלייבן די אלע ניצוצות קדושה[91] (מיט אלע פירושים שבדבר).

און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם ענין פון "בית מלא ספרים", און "מבצע נרות שבת קודש", "כשרות האכו"ש", און "טהרת המשפחה".

- און -

---

81) רמב"ם הל' מת"ע פ"י ה"ח. טושו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ז. 82) שבת לא, א. 83) ברכה לג, ד. 84) קידושין מ, ב. 85) ואתחנן ו, ט. 86) ח"ג רסו, ב. וראה גם רמ"א יו"ד סרפ"ה ס"ב. 87) תהלים קכא, ח. 88) ראה ד"ה ציון במשפט תפדה דש"פ דברים ש.ז. 89) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה טושו"ע או"ח סרל"א. 90) פסחים פז, ב. 91) ראה תו"א ר"פ לך לך. תו"ח ר"פ חיי שרה. ביאוה"ז חיי שרה קלו, א ואילך. ובכ"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

און בקרוב ממש וועט זיין דער "מבצע" פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד"[92], וכאמור לעיל אז עס וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק, "מקדש אד' כוננו ידיך"[93], ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו, אין אן אופן פון "כמצות רצונך".

וואס דעמולט וועט זיין דער יו"ט פון חמשה עשר באב נאך גרעסער דערפון ווי ס'איז געווען בחמשה עשר באב וביום הכפורים בזמן שביהמ"ק הי' קיים,

און אין אן אופן פון "כמצות רצונך" - לאחרי הגאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

* * *

כז. מ'האט דערמאנט פריער (ס"ד) אז בנוגע צו חמשה עשר באב זאגט די גמרא "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", און רש"י טייטשט אפ: "דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו".

וואס אע"פ אז דער ענין האט געקענט שטיין אויך מיט אן אנדער לשון (ניט קיין לשון פון הוספה), האט אבער "תורת אמת" - וואס זי איז אויך "תורת חיים", א הוראה בחיים - אויסגעקליבן דעם לשון פון הוספה דוקא ("דמוסיף יוסיף") - אויף צו מדגיש זיין אז עס דארף זיין א הוספה אין די ענינים פון טוב וקדושה, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט "יוסיף חיים על חייו".

וואס דער ענין פון הוספה איז - אז דאס איז נאכמער דערפון וואס מ'קען מאנען (און ערווארטן) פון אים ע"פ דין, ביז אז דאס איז נאכמער דערפון וואס מ'קען מאנען ביי אים אפי' "לפנים משורת הדין", מצד "ועשית הישר והטוב בעיני ה'"[94], וואס דאס איז דאך שוין אויך געווארן א חלק פון ציוויי התורה[95].

כח. אויף דערויף איז אבער דא די קושיא הידועה - ווי איז שייך צו זאגן אן ענין של הוספה אין לימוד התורה:

אפי' ווען ער לערנט תורה כל היום כולו, עס איז אבער דא איין רגע וואס ער האט געקענט לערנען תורה, און ער האט ניט געלערנט תורה - זאגט מען אויף אים "כי דבר ה' בזה גו'"[96] מיט די גאנצע אריכות וואס די גמרא זאגט אין סנהדרין[97], ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין התחלת ספרו תניא קדישא -

- איז -

---

92) ישעי' כז, יב. 93) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39. 94) ואתחנן ו, יח ובפרש"י. 95) ראה ב"מ ל, ב. וש"נ. רמב"ם הל' דעות פ"א ה"ה. 96) שלח טו, לא. 97) צט, סע"א.

הנחת הת' בלתי מוגה

איז ווי איז שייך צו מוסיף זיין אין לימוד התורה - וויפל ער וועט נאר לערנען איז ער אין דערויף מחוייב, און ס'איז ניט קיין הוספה?!

איז דער ביאור בזה:

עס זיינען דא די שיעורים הקבועים לכאו"א וויפל צייט ער דארף אפגעבן אויף דעם ענין פון לימוד התורה, כמבואר אין הל' ת"ת; דער וואס זמנו פנוי, דארף ער לערנען תורה כל היום כולו, און דער וואס דארף אפגעבן צייט אויף פרנסה וכיו"ב, דארף ער האבן די שיעורים הקבועים אין וועלכע ער איז מחוייב מצד הלכות תלמוד תורה.

דערנאך איז אבער דא א הוספה. וואס מ'איז מוסיף לפנים משורת הדין, ד.ה. אז אע"פ אז מצד הל' ת"ת איז ער ניט מחוייב אפגעבן דעם זמן אויף לימוד התורה, איז ער אבער מוסיף אויפן חיוב וואס ער האט ע"פ שו"ע, און גיט אפ די צייט פאר לימוד התורה.

ובדוגמא ווי מ'זאגט[98] אז "הלל מחייב את העניים" און "ר"א בן חרסום מחייב את העשירים" - וויבאלד אז זיי האבן מוסיף געווען און געלערנט תורה אויך אין די זמנים וואס לויטן שו"ע זיינען זיי דעמולט ניט געווען מחוייב אין לימוד התורה, ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[99].

נאכמער: נאך דערויף וואס מ'זאגט אז "הלל מחייב את העניים" און "ר"א בן חרסום מחייב את העשירים", איז עס שוין מערניט קיין הוספה, נאר דאס גייט שוין אריין אין דער גדר פון חיוב לימוד התורה -

און אויף דעם זאגט מען אז ווען עס קומט חמשה עשר באב, דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, נאכמער פון די אלע אופנים האמורים לעיל - מערער פון דעם חיוב ע"פ שו"ע, און מערער דערפון וואס "הלל מחייב את העניים" און "ר"א בן חרסום מחייב את העשירים".

כס. און אע"פ אז ביז איצטער האט מען זיך אויך געפירט בתכלית השלימות - דארף מען אבער מוסיף זיין אין דערויף נאכמער:

אויב מ'קען מוסיף זיין אין כמות הלימוד, איז פארשטאנדיק בפשטות ווי אזוי איז שייך דער ענין ההוספה אין לימוד התורה,

- און -

------------

98) יומא לה, ב. 99) שיחת ש"פ דברים, שבת חזון סכ"ג.

און אפי' אויב מ'קען ניט מוסיף זיין אין כמות הלימוד, וויבאלד אז דער גאנצער טאג איז ביי אים אנגעפילט כדבעי מיט לימוד התורה - דארף די הוספה זיין אין איכות הלימוד:

וויבאלד אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "בחוקותי תלכו - שתהיו עמלים בתורה"[100], איז בנוגע צו דעם ענין פון "עמל" קען מען אלעמאל מוסיף זיין, ווארום ס'איז דא "גוט" און ס'איז דא "בעסער", וכפתגם רבותינו נשיאינו[101] "צי אז גוט איז גוט איז בעסער ניט בעסער"?!

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער חידוש אין דעם פתגם - ביז וואנעט אז רבותינו נשיאינו האבן דאס געזאגט און איבערגעזאגט, ביז אז ס'איז אראפגעקומען בדפוס, וואס דעמולט איז עס אן ענין לדורות[102] -

איז דער חידוש בזה - אז דורך דעם וואס מ'איז מדגיש אז ס'איז דא בעסער, ווערט דעמולט דער "גוט" אויס "גוט", ווארום וויבאלד אז ס'איז דא בעסער, איז דער "גוט" נאך ניט ווי "גוט" דארף זיין.

און ווי דערמאנט פריער אז נאך דערויף וואס די הנהגה פון לפנים משורת הדין איז אריינגעשטעלט אין שו"ע, ווערט דאס א חלק פון ציוויי השו"ע (אע"פ אז פריער איז עס געווען א הנהגה פון לפנים משורת הדין) - און דער ענין פון לפנים משורת הדין דארף זיין לפנים פון דעם לפנים משורת הדין וואס שטייט אין שלחן ערוך.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון יגיעה בתורה ("עמלים בתורה") - אז ווי גוט ס'איז געווען ביז איצטער, איז ווען עס קומט חמשה עשר באב, דארף ער אין דערויף מוסיף זיין נאכמער.

ל. וכידוע דאס וואס דער רח"ו שרייבט[103] אויפן אריז"ל וואס מ'קומט דאך פון זיין יום הילולא - ה' אב אז "הי' מהיר וקל העיון בתכלית", און אעפ"כ, ווען ער האט געלערנט אן ענין אין נגלה דתורה, האט ער זיך מתייגע געווען אויף דעם ענין "עד שהי' נלאה ומזיע זיעה גדולה" - וואס דאס מיינט דאך ניט נאר ברוחניות, נאר אויך בגשמיות כפשוטו.

וואס דער סדר הלימוד פון דעם אריז"ל איז געווען, אז ער פלעגט לערנען "ששה דדכים של פלפול" אין דעם אופן

- הלימוד -

------------

100) בחוקותי כו, ג. תו"כ ופרש"י עה"פ. 101) הובא בסה"מ תש"ט ע' 6. 102) ראה לקו"ש ח"ב ע' 522. 103) שער המצוות פ' ואתחנן. סעהמ"צ שם.

הלימוד פון נגלה דתורה, "ואח"כ הי' מעיין דרך שביעי, ע"ד הסוד".

וואס לכאו', וויבאלד אז ער איז געווען א "כהיר וקל העיון בתכלית", ביז אז אין דעם לימוד ע"ד הסוד האט מספיק געווען מערנים ווי פעם אחת, איז וואס איז דער הכרח אז דער לימוד ע"ד הנגלה זאל זיין אין "ששה דרכים", און ער זאל אויף אזוי פיל הארעווען אין דעם ביז אז ס'זאל אים קאָסטן געזונט, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס "מזיע זיעה גדולה" - און אעפ"כ זעט מען אז אזוי איז געווען דער סדר הלימוד שלו.

וואס וויבאלד אז מ'האט דאס דערציילט ברבים, און ס'איז אראפגעקומען בדפוס, איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הוראה לרבים - ווארום נאך דערויף וואס דער אריז"ל האט סולל געווען את הדרך, איז לייכטער צו גיין אין דער וועג (כמדובר כמ"פ וועגן דעם ענין פון "פתח"[104]), ובפרט אז אין דער וועג זיינען שוין געגאנגען אלפים ורבבות מישראל, איז בשעת מ'איז נאר מחליט אז מ'וויל גיין אין דער וועג, איז עס א סאך לייכטער.

אין דערויף קומט אבער צו נאך א זאך:

וויבאלד אז מ'האט שוין סולל געווען את הדרך, איז אן ענין אויף וועלכן מ'האט געדארפט אנקומען צו זיעה קודם סלילת הדרך, איז לאחרי סלילת הדרך קומט דאס אָן לייכטער, און מ'דארף ניט אנקומען צו קיין ענין של זיעה.

קען ער דאך טראכטן אז ער קען יוצא זיין מיט דעם וואס מ'האט אים געגעבן פארטיקערהייד און ער דארף ניט הארעווען און שוויצן אויף לימוד התורה - זאגט מען אים אז נאך דערויף וואס מ'האט אים געגעבן פארטיקערהייד די ענינים אויף וועלכע א צווייטער האט געדארפט הארעווען און שוויצן (אז ס'זאל זיין סלילת הדרך), דארף ביי אים זיין דער ענין פון "עמלים בתורה" אויף העכערע ענינים, און הארעווען ביז אין אן אופן פון "מזיע זיעה גדולה", אין אן אופן פון "בכל מאדך"[105].

וכמבואר אין חסידות[106] אז עס קען זיין אז ביי א צווייטן איז דאס אן ענין פון "בכל מאדך", און ביי אים איז דאס אן עבודה שבמדידה והגבלה - קען ער ניט יוצא זיין מיט אן ענין וואס ביים צווייטן איז עס אן ענין פון "בכל מאדך",

- נאר -

------------

104) ראה סה"מ תרע"ח ע' רפג. תרפ"ח ע' קב. ובכ"מ.
105) ואתחנן ו, ה. 106) דרמ"צ קכג, ב. קס, ב. ועוד.



הנחת הת' בלתי מוגה

נאר מ'דארף האבן אז ביי **אים** זאל דאס אויך זיין אן ענין פון "בכל מאדך" - "מאד **שלך**".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ער דארף ניט מזיע זיין אויף דעם ענין, איז עס ביי אים ניט קיין ענין פון "בכל מאדך" - דארף ער הארעווען אויף אן ענין נעלה יותר עד שיזיע, וואס דעמולט וועט ביי אים זיין דער לימוד התורה אין אן אופן פון "בכל מאדך".

לא. און אויך דערויף זאגט מען "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", אז כל המוסיף מוסיפין לו, ד.ה. אז דורך דערויף וואס ער וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה, וועט מען אים מוסיף זיין "חיים על חייו".

וואס דאס איז אויך כולל דעם פירוש אז דורך דעם וואס ער וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה, וועט מען אים מוסיף זיין "חיים על חייו" - מ'וועט אים מוסיף זיין אין זיין אמת'ן חיים, וואס "הם חיינו ואורך ימינו".

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[107] אז "חיי הצדיק (וואס "עמך כולם צדיקים"[108]) אינם חיים בשריים כ"א חיים רוחניים שהם אמונה ויראה ואהבה", צוזאמען מיט "ענפיהם", ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער אגרת הקדש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס איז היינט בעיקר אן ענין של הוספה, איז וויבאלד אז מ'איז אים מוסיף אין זיין אמת'ן חיים, ווערט דאס שוין ביי אים אן ענין של **חיוב**, ניט קיין ענין פון הוספה, און דעמולט דארף ער האבן נאך א גרעסערע הוספה פון דער הוספה וואס איז ביי אים געווען אין דעם פריערדיקן טאג.

וואס דאס איז אלץ א מאמר המוסגר - אבער ס'איז נוגע לפועל - בנוגע צו דער הוספה אין לימוד התורה.

לב. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לג. בהמשך לזה וואס מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם וואס "חשש כחה של חמה" - איז באן המקום צו מבאר זיין דאס וואס ט'האט גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[109] בנוגע צו די "ענני כבוד", אז ע"פ פשש"מ איז יש מקום לומר אז לאחרי מיתת אהרן וואס דעמולט "נסתלקו ענני כבוד"[110], זיינען זיי מערנים צוריק געקומען.

- וואס -

---

107) סי' ז"ך (קמו, ב). 108) ישעי' ס, כא. 109) שיחת מוצאי ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנ"א ס"ל. סנ"ד-ה. 110) פרש"י עה"פ. חקת כא, א. מטעי לג, לח.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס אע"פ אז עס זיינען געווען ככה ענינים וואס די "ענני כבוד" האבן אויפגעטאן, און אידן האבן געדארפט האבן די ענינים אויך לאחרי מיתת אהרן,

ולדוגמא: די "ענני כבוד" זיינען דאך פארבונדן מיט מצות סוכה[111], וואס א סוכה איז דאך מגין מזרם וממטר ומחורב[112], איז פארשטאנדיק אז די "ענני כבוד" האבן מגין געווען אויף אידן מפני חום השמש -

האט מען דאך געדארפט האבן די הגנה פון חום השמש אויך לאחרי מיתת אהרן, וויבאלד אז דעמולט זיינען נאך געווען כו"כ מסעות - די "ח' מסעות שהיו לאחר מיתת אהרן"[113]?

האט מען מבאר געווען, אז הסתלקות אהרן איז דאך געווען "בחודש החמישי באחד לחודש"[114], ר"ח אב, איז עס שוין געווען קרוב צו חמשה עשר באב, וואס דעמולט איז "תשש כחה של חמה" - האט מען שוין ניט געדארפט אנקומען צו דער הגנה פון חום השמש, וויבאלד אז "תשש כחה של חמה".

האט מען אויף דערויף געמאכט א טומל:

רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת אויפן פסוק[115] "זרע וקציר וקור וחום גו'", אז "חום - הוא סוף ימות החמה, חצי אב ואלול וחצי תשרי, שהעולם חם ביותר . . שלהי קייטא קשי מקייטא" - איז ווי קען מען זאגן אז פון חמשה עשר באב האט מען שוין ניט געדארפט אנקומען צו די "ענני כבוד" וואס זאלן מגין זיין מפני חום השמש?

איז עס אבער ניט קיין קשיא אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות - די קשיא איז אויף דעם וואס די גמרא זאגט אז פון חמשה עשר באב איז "תשש כחה של חמה".

און דאס איז א קשיא וואס דער בן חמש למקרא וועט סיי-ווי פרעגן:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז ווען עס קומט חודש תשרי רעגנט שוין, און ער ווייסט אז אין חצי אב און אין אלול איז ניט אזוי הייס ווי אין תמוז, דעמולט איז "תשש כחה של חמה" - איז וואס זאגט אים רש"י אז אין "סוף ימות החמה, חצי אב ואלול וחצי תשרי" איז "העולם חם ביותר . . שלהי קייטא קשי מקייטא"?

און דערפאר איז קיין קשיא ניט אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות אז פון חמשה עשר באב איז "תשש

- כחה -

------------

111) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתרכ"ה. 112) ראה ישעי' ד, ו. 113) פרש"י ר"פ מסעי. 114) מסעי שם, לח. 115) נח ח, כב.

כחה של חמה". ווארום אזוי זעט דער בן חמש למקרא בפשטות - ד' קשיא איז אויף פירוש רש"י אין פרשה נח.

לד. והביאור בזה:

די קשיא באווארענט רש"י אין המשך פירושו און דער פלא איז - אז די וואס פרעגן שאלה כאפן זיך אן אויף א קשיא, און האבן ניט קיין סבלנות א קוק טאן אין דעם זעלבן פירוש רש"י, ביז א פאר ווערטער נאך דערויף, און זעהן אז רש"י באווארנט די שאלה:

נאך דערויף וואס רש"י זאגט אז "חום" גייט אויף "סוף יכות החבד, חצי אב ואלול והצי חשרי". איז ער מוסיף "שהעולם חם ביותר. כמו ששנינו במסכת יומא[116] שלהי קייטא קשי מקייטא".

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

א) וואס דארף רש"י מוסיף זיין "שהעולם חם ביותר", דער בן חמש למקרא ווייסט דאך דעם אפטייטש פון דעם ווארט "חום""

ב) פארוואס זאגט רש"י "כמו ששנינו במסכת יומא שלהי קייטא קשי מקייטא" - וואס שיקט ער אפ דעם בן חמש למקרא אין מסכת יומא, זאל ער אים הייסן ארויסגיין אויפן גאס און זעהן אז "העולם חם ביותר"?!

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק בפשטות:

רש"י קען ניט זאגן דעם בן חמש למקרא ער זאל ארויסגיין אויפן גאס און זעהן אז אין "חצי אב ואלול והצי תשרי" איז ווארעמער ווי אין תמוז - ווארום ווען מ'גייט ארויס אין גאס און מ'שטעלט אן א טערמאמעטער, זעט מען אז דעמולט איז א קלענערע טעמפעראטור, וויבאלד אז דעמולט איז "תשש כחה של חמה".

און דערפאר איז רש"י מוסיף אז דעמולט איז "העולם חם ביותר", און זאגט אויף דעם "כמו ששנינו במסכת יומא שלהי קייטא קשי מקייטא". והביאור בזה:

בנוגע צו חום השמש איז פון חמשה עשר באב (חצי אב) סאקע "תשש כחה של חמה", דער חום השמש איז שוואכער, אבער דער "עולם" איז "חם ביותר", ווארום וויבאלד אז דער אויר העולם איז אנגעווארעמט פון דעם גאנצן קיץ, איז ווען עס קומט דער סיום פון ימות הקיץ, איז שווערער צו פארטראגן די

- היץ -

------------

116) כט, רע"א.

היץ, וויבאלד אז מ׳איז אנגעווארעמט פון דעם גאנצן קיץ.

און דאס איז וואס רש"י שיקט אפ אין מסכת יומא וואס דארפן שטיים אז "שילהי דקייטא קשיא מקייטא" - אז דאס איז שווערער צו פארטראגן "לפי שכבר נתחמם כל האויר וגוף הבריות בחום הקיץ שעבר עליו"[117].

לה. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז אין סוף ימות החמה איז שווערער צו פארטראגן די היץ דערפאר וואס "כל האויר וגוף הבריוה" איז אנגעווארעמט פון כל הקיץ - דארף מען האבן די "ענני כבוד" צו באווארענען דאס וואס ס׳איז שווערער צו פארטראגן די היץ?

איז דער ביאור בזה:

בשעת מ׳געפינט זיך אין ימות הקיץ אויפן גאס, תחת השמש, איז ווען עס קומט דער סוף הקיץ, איז מען אנגעווארעמט פון דעם גאנצן קיץ, און דערפאר איז שווערער צו פארטראגן דעם חום;

אבער וויבאלד אז במשך פון דעם גאנצן קיץ האבן די "ענני כבוד" מגין געווען אויף אידן פון חום השמש, זיינען זיי ניט געווען אנגעווארעמט פון דעם חום פון דעם גאנצן קיץ, איז בא זיי ניט געווען שווער צו פארטראגן דעם סוף הקיץ.

ד.ה. אז בשעת "נסתלקו ענני כבוד" בר"ח אב, זיינען געבליבן מערניט ווי פופצן טעג צום "תשש כחה של חמה", און אפי׳ אין די פופצן טעג (דער חצי הראשון פון אב), קומט ניט דער חום השמש צום חום השמש פון חודש תמוז.

און די שוועריקייט פון "שלהי קייטא" איז בא זיי ניט געווען - כאמור לעיל אז במשך פון דעם גאנצן קיץ האבן זיי געהאט די "ענני כבוד", זיינען זיי ניט געווען אנגעווארעמט פון חום הקיץ.

און דא זעט מען ווי רש"י באווארנט אלע ענינים בפירושו, אין אן אופן אז ס׳זאל זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא - און מ׳דארף דאס ניט זוכן ערגעץ-וואו, ווארום ער באווארענט דאס בפירושו על אתר.

לו. עד"ז האט מען אויך געמאכט א שטורעם בנוגע צו א צווייטן ענין וואס מ׳האט גערעדט בנוגע צו די "ענני כבוד":

- מ׳האט -

------------

117) פרש"י יומא שם ד"ה שילהי.

מ׳האט מבאר געווען118 אז די "ענני כבוד" זיינען געווען - כשמם - מערנים ווי לכבודם של ישראל, ד.ה. אז זיי האבן ניט גע׳פועל׳ט אז אידן זאלן האבן די דברים המוכרחים, נאר מערנים ווי אן ענין של כבוד.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳איז "נסתלקו ענני כבוד", זיינען נסתלק געווארן נאר די עננים וועלכע זיינען געווען מערנים ווי לכבודם של ישראל, אבער דער ענן וואס האט אויפגעטאן אז אידן זאלן האבן די דברים המוכרחים - דער ענן וואס פעולתו איז געווען "הורג את הנחשים ועקרבים"119 - איז טאקע ניט נסתלק געווארן.

האט מען אויף דערויף געמאכט א שטורעם:

אויפן פסוק120 "שמלתך לא בלתה מעליך" טייטשט אפ רש"י: "ענני כבוד היו שפים בכסותם ומגהצים אותם כמין כלים מגוהצים, ואף קטניהם כמו שהיו גדלים הי׳ גדל לבושן עמהם",

קומט דאך אויס אז מ׳האט בעדארפט האבן די "ענני כבוד" צוליב א דבר המוכרח - ווארום: א) די "ענני כבוד" האבן גע׳פועל׳ט אז "שמלתך לא בלתה מעליך", וואס דאס איז א דבר המוכרח, ווארום א איד טאר ניט ארומגיין אן ארום, און לולא די "ענני כבוד" וואלטן די לבושים צופוילט געווארן,

ב) די "ענני כבוד" האבן גע׳פועל׳ט אז "הי׳ גדל לבושן עמהם", וואס דאס איז א דבר המוכרח, וויבאלד אז מ׳האט ניט געהאט קיין אנדערע לבושים?

לז. איז דער ביאור בזה:

דאס וואס "הי׳ גדל לבושן עמהם", האט קיין שייכות ניט צו דער פעולה פון די "ענני כבוד", ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון פירוש רש"י גופא:

בנוגע צו גיהוץ זאגט רש"י אז די "ענני כבוד היו שפים בכסותם ומגהצים אותם" - רש"י זאגט אבער ניט אז "ענני כבוד היו שפים בכסותם" און האבן גע׳פועל׳ט אז די לבושים זאלן מיט זיי מיטוואקסן, ווארום דאס וואס די "ענני כבוד היו שפים בכסותם" האט קיין שייכות ניט דערצו וואס "הי׳ גדל לבושן עמהם".

אויף דעם וואס "הי׳ גדל לבושן עמהם" זאגט רש"י "כלבוש הזה של חומט שגדל עמו": דאס וואס דער לבוש פון א

- "חומט" -

---

118) שיחת ש"פ דברים סכ"ה ואילך. 119) פרש"י עה"פ בהעלותך י, לד. 120) עקב ח, ד.

"חוכט" (א סשעריפאבע) איז "גדל עמו", איז עס דערפאר וואס אזוי איז ער באשאפן געווארן בטבע - עס האט קיין שייכות נים צו "ענני כבוד"!

און דאס וואס רש"י ברענגט אראפ אז "הי׳ גדל לבושן עמהם" אויפן פסוק "שמלתך לא בלתה מעליך", אע"פ אז עס האט קיין שייכות נים מים דער פעולה פון ענני הכבוד - איז דער ביאור בזה:

ווען דער בן חמש למקרא לערנט דעם פסוק "שמלתך לא בלתה מעליך", פרעגט ער גלייך די שאלה: פארוואס באווארענט נים דער פסוק וואס איז געווען מים די בגדים פון די וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים זייענדיק <u>קטנים</u> - פון וואנעט האבן זיי געהאט לבושים?

אויף דעם זאגט אים רש"י אז "הי׳ גדל לבושן עמהם" - ווי מ׳געפינט אז ס׳איז דא אזא מציאות אין וועלט - "כלבוש הזה של חומט שגדל עמו".

לח. עס בלייבט אבער די שאלה: וויבאלד אז די "ענני כבוד היו שפין בכסותם ומגהצים אותם", און דורך דעם איז "שמלתך לא בלתה מעליך", איז וואס האט מען געטאן ווען "נסתלקו ענני כבוד"?

וועט מען דאס פארשטיין בהקדים נאך א שאלה:

וואס האבן אידן געטאן ווען עס האט זיך אפגעריסן א קנעפל - אידן זיינען דאך געווען 40 יאר אין מדבר, און בדרך הטבע קען נים זיין אז אלע קנעפלאך האבן זיך געהאלטן, און עס קען דאך נים זיין אז ס׳איז געגאנגען אָן קנעפלאך (פאנאנדערגעשפילעט), ווארום ס׳איז היפך הצניעות - און מ׳געפינט נים אז רש"י זאל באווארענען אז די "ענני כבוד" האבן צוגענייט די קנעפלאך?!

איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז ס׳איז קיין קשיא נים - ווארום בשעת א קנעפל האט זיך אפגעריסן, האט די פרוי (עקרת הבית) גענומען א נאָדל מיט א פאָדים און האט צוגענייט דעם קנעפל.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מגהץ זיין די לבושים - אז די עקרת הבית האט גענומען א "פרעס" (נים קיין עלעקטרישער, נאר פון גחלים של עץ אדער גחלים של ברזל) און האט אויסגעפרעסט די לבושים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס די "ענני כבוד היו שפים בכסותם ומגהצים אותם", איז נים געווען קיין דבר <u>המוכרח</u>, ווארום מ׳האט דאס אליין געקענט טאן.

און בשעת די "ענני כבוד" האבן מגהץ געווען די לבושים,

- איז -

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

איז עס געווען אן ענין וואס איז פארבונדן מיט כבודם של ישראל - זיי זאלן דאס ניט דארפן סאן אליין, נאר די "ענני כבוד" האבן דאס געטאן פאר זיי; אבער נאך דעם וואס "נסתלקו ענני כבוד", האבן דאס אידן אליין געטאן.

לט. אין דערויף איז דא נאך אן ענין:

דער בן חמש למקרא געדיינקט וואס ער האט געלערנט אין חושב"כ [וואס דערפאר האב איך אפגעשיקט אז דער תירוץ אויף דעם זאל מען פרעגן ביי א תינוק בן חמש שנים] אז ווען אידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, האבן זיי מיטגענומען "כלי כסף וכלי זהב ושמלות"[121].

און ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[122] אז די "כלי כסף וכלי זהב" וואס מ'האט גענומען פון מצרים זיינען געווען מיט א מורא'דיקע כמות, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז מ'האט אויך מיטגענומען א ריבוי פון "שמלות",

וואס האבן אידן געדארפט האבן אזוי פיל "שמלות", זיי זיינען דאך שוין געווען אנגעטאן?

איז ע"פ פשט"ם האבן אידן מיטגענומען א ריבוי פון "שמלות", כדי אז ווען ס'וועט קומען דער זמן וואס דער לבוש וועט בטל ווערן, וועלן זיי האבן א צווייטן לבוש,

אדער - ווי עס פירט זיך איצטער בא בעלי-בתים חשובים, אז היינט גייט מען מיט איין לבוש, און אויף מארגן קען מען שוין ניט גיין מיטן זעלבן לבוש, און מ'דארף אנטאן א צווייטן לבוש.

[עס זיינען דא פרויען וואס האבן זיך איינגערעדט אז אויב מ'וועט ניט בייטן די לבושים מידי יום ביומו, פארלירט מען די צורת בני אדם! און דער מנהג פון א חשוב'ע בעה"ב'טטע איז - אז אזוי ווי "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[123], דארף זי האבן יעדן טאג א באזונדער לבוש].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס "ענני כבוד היו שפים בכסותם ומגהצים אותם", און דורך דעם איז "שמלתך לא בלתה מעליך" - איז ניט געווען קיין דבר המוכרח, ווארום אפי' ווען עס וואלט געווען "שמלתך בלתה מעליך", וואלטן אידן געקענט נוצן די "שמלות" וואס זיי האבן מיטגענומען פון מצרים.

מ. דערנאך איז דא נאך א תירוץ פשוט [וואס אויף דעם האב

- איך -

121) בא יב, לה. 122) עה"פ שם יג, יג. 123) זח"ג צד,ב.

איך ניט אפגעשיקט צום פינף יאריקן קינר - ווארום מ'האט זיך אליין געמעגט כאפן אויף דעם:

ווען אידן זיינען געגאנגען אין מדבר, איז עס ניט געווען אין אן אופן אז במשך פון די גאנצע 40 יאר זיינען זיי ניט געווען בקירוב מקום צו א מקום של ישוב, נאר מ'איז דורכגעגאנגען כו"כ מקומות של ישוב.

און ווי מ'זעט אין פ' מסעי אז אין די מסעות פון אידן ווערן אויסגערעכנט כו"כ נעמען פון מקומות ישוב - עס זיינען טאקע דא נעמען וואס ווערן אנגערופן ע"ש די מאורעות וואס זיינען געווען ביי אידן, אבער עס זיינען אויך דא כו"כ נעמען פון שטעט וואס זיינען געווען דארטן פון פריער, און בסמיכות צו די מקומות האבן זיך אידן אפגעשטעלט.

ד.ה. אז במשך פון די 40 יאר זיינען געווען זמנים וואס מ'איז געווען קרוב צו מקומות ישוב - מ'איז געווען ניט ווייט פון אדום, ניט ווייט פון מואב, ניט ווייט פון עמון, און ניט ווייט פון כו"כ מקומות של ישוב.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז מ'האט געקענט ארייג-גיין אין א מקום ישוב וואס איז געווען דערביי, און קויפן וואס מ'האט געוואלט;

אויב מ'האט געוואלט האבן אן "עפל" (נוסף אויפן טעם המן), אדער אז מ'האט געדארפט האבן א נאָדל אויף צו פאר-נייען א קנעפל - האט מען געהאט א ברירה ארייינגיין אין א מקום ישוב און קויפן.

ועד"ז איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען עס וואלט געווען "שמלתך בלתה מעליך", וואלטן אידן געקענט ארייינגיין אין א מקום ישוב, און קויפן דארטן אן אנדער לבוש.

און דערפאר איז די פעולה פון די "ענני כבוד" אז ס'זאל זיין "שמלתך לא בלתה מעליך" - ניט געווען קיין דבר המוכרח.

מא. האמור לעיל וועגן די "ענני כבוד" וואס זיינען נסתלק געווארן במיתת אהרן - איז פארבונדן מיטן שיעור חומש פון חמשה עשר באב, וואס דארטן[124] רעדט זיך וועגן מיתת אהרן.

וואס מיתת אהרן איז דאך געווען "בחודש החמישי באחד לחודש", בר"ח אב, וואס ר"ח אב איז כולל אין זיך אלע טעג פון חודש אב, ועאכו"כ דעם טאג פון חמשה עשר באב וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא".

- ווארום -

------------

124) י, ו.

ווארום דאס וואס עס קומט דער זמן ווען "קיימא סיהרא באשלמותא", איז עס דערפאר וואס פריער איז געווען דער מולד ה־לבנה בר"ח, און דערנאך איז די לבנה הולכת וגודלת ביז וואנעט אז "קיימא סיהרא באשלמותא".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס חמשה עשר באב איז כלול אין ר"ח אב, איז עס ביתר שאת וביתר עוז דערפון וואס כל ימי החודש זיינען כלול אין ר"ח.

און בקביעות שנה זו איז מודגש דער קשר צווישן חמשה עשר באב מיט ר"ח אב – ווארום אין דעם שיעור חומש פון חמשה עשר באב, רעדט זיך וועגן מיתת אהרן וואס איז געווען בר"ח אב.

מב. אין דער התחלה פון דעם שיעור חומש פון חמשה עשר באב[125] רעדט זיך וועגן דעם ציווי פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו "פסל לך שני לוחות אבנים כראשונים ועלה אלי ההרה" אויף צו מקבל זיין די לוחות אחרונות.

וואס בנוגע צום חילוק צווישן די לוחות ראשונות מיט די לוחות אחרונות – שטייט אין מדרש[126] אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו אז ער זאל זיך ניט מצטער זיין אויף די לוחות הראשונות, ווארום מצד די לוחות ראשונות וואלט געווען מערניט ווי עשה"ד, אדער חמשה חומשי תורה און ספר יהושע[127], און דורך די לוחות אחרונות וועט זיין דער ענין פון "כפלים לתושי׳", אז עס וועט צוקומען א ריבוי אין תורה "הלכות מדרש ואגדות", מיט נאך כו"כ ענינים פון תורה שבעל פה.

וואס דער ענין פון "כפלים לתושי׳" איז פארבונדן במיוחד מיט חמשה עשר באב, וויבאלד אז דעמולט זאגט מען "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף" – א הוספה אין לימוד התורה, בדוגמת הענין פון "כפלים לתושי׳".

מג. נאך אן ענין אין דעם קשר פון חמשה עשר באב מיט די לוחות אחרונות:

די לוחות אחרונות זיינען פארבונדן מיט דעם ענין התשובה – וואס דאס איז דער חילוק צווישן לוחות ראשונות מיט לוחות אחרונות[128], אז לוחות ראשונות זיינען געגעבן געווארן ווען אידן זיינען געווען אין דער דרגא פון צדיקים,

- און -

---

125) שם, א ואילך. 126) שמו"ר רפמ"ו. 127) נדרים כב, ב. 128) ראה המשך תרס"ו ע׳ פו ואילך. סה"מ קונטרסים ח"א קלו, ב ואילך. תרצ"ט ע׳ 61. תש"ו ע׳ 35 ואילך. ובכ"מ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און לוחות האחרונות זיינען געגעבן געווארן ווען אידן זיינען געווען אין דער דרגא פון בעלי תשובה, וואס דערפאר איז די נתינה פון לוחות אחרונות געווען ביום הכפורים[129].

און דאס איז דער קשר צו חמשה עשר באב - וויבאלד אז יוהכ"פ, וואס דעמולט זיינען געווען געווארן די לוחות אחרונות, איז פארבונדן מיט חמשה עשר באב.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס חמשה עשר באב איז אין די "שבעה דנחמתא", וואס ענינם איז דער ענין התשובה.

און ווי מ'זעט אויך אז איינער פון די טעמים אויפן יו"ט פון חמשה עשר באב איז - אז דעמולט האט מען געוואוסט אז ס'איז נתכפר געווארן דער חטא העגל[130], וואס די כפרה אויפן חטא העגל איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה.

מד. האמור לעיל אז אין דעם שיעור חומש פון חמשה עשר באב איז מודגש דער ענין התשובה - איז אויך פארבונדן דערמיט וואס חמשה עשר באב איז "יום תבר מגל", "שבירת הברזל":

עס שטייט אין כתבי האריז"ל[131] אז "ברזל" איז ר"ת בלהה רחל זלפה לאה, וואס דא שטייען די שפחות פאר די אמהות (בלהה פאר רחל, און זלפה פאר לאה), וואס דאס באווייזט אויף לעו"ז, וויבאלד אז דער סדר אין לעו"ז איז - "ושפחה כי תירוש גבירתה"[132].

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ברזל", וואס "ברזל" איז היפך הענין פון דעם מזבח, ווארום "המזבח נברא להאריך ימיו של אדם, והברזל נברא לקצר ימיו של אדם".

און אויף דעם זאגט מען אז ענינה פון א"י איז "ארץ אשר אבני' ברזל"[133] - וויבאלד אז דער אויפטו פון אה"ק איז אז זי טוט אויף דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא", אז "אבני'" פון א"י וואס ווערט אנגערופן "ארץ החיים", זיינען <u>איבערגעמאכט</u> געווארן פון "ברזל" וואס מצ"ע איז ער היפך החיים - וויבאלד אז עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא.

און דאס איז אויך וואס חמשה עשר באב איז "יום תבר מגל" - אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, וואס

- דורך -

---

129) פרש"י ד"ה זה מ"ח - תענית כו, ב במשנה. 130) ראה פרש"י שלח יד, לג. שיחת כ"ף מנ"א ש.ז. סל"ח. 131) ל"ה להאריז"ל עה"פ פרשתנו ח, ט. וראה אוה"ת תצוה ע' א'תרצב ואילך. א'תשל"ט ואילך. לקוטי לוי"צ אגרות ע' היז. ובכ"מ. 132) משלי ל, כג. 133) פרשתנו שם.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

דורך חשובה ווערט אויפגעטאן דער אתהפכא חשוכא לנהורא ובדירו למיתקא, אז עס ווערט דער "חבר מגל", מ'צוברעכט דעם ענין הברזל, און מ'מאכט איבער אז פון דעם "ברזל" זאל ווערן "ארץ אשר אבני' ברזל", אן ענין פון קדושה.

מה. און וואס איז דער כללות הענין פון א"י - אז מ'איז מהפך "ארץ כנען" אז דערפון זאל ווערן "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[134], אז דערפון זאל ווערן ארץ ישראל[135].

וואס דערפון איז נאכמער פארשטאנדיק אז דאס וואס עס קומט צוגיין א איד, און וויל אפרייסן שטיקער פון "ארץ ישראל" און מאכן דערפון "ארץ כנען" - איז עס אן ענין שאין בו ממש כלל, ווארום דער אויבערשטער האט געמאכט אז פון "ארץ כנען" זאל ווערן "ארץ ישראל", און מ'קען דאס ניט איבערמאכן.

און "מדשחקי רבנן שמע מינה כו'" - עס זיינען דא רח"ל אזוינע רבנים וואס גיבן ארויס א פס"ד אז מ'דארף און מ'מוז אפגעבן שטחים פון א"י, און דורך דעם וועט מען מציל זיין אידן!

מ'קען ניט מציל זיין אידן דורך דעם וואס מ'טוט דעם היפך הרצון פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז "מחי' חיים"[136] - וואס דער אויבערשטער האט טאקע געזאגט אז פקו"נ איז דוחה כל התורה כולה, איז עס אבער אויך דוחה דאס וואס א רב האט גע'פסק'נט היפך התורה, מצד דעם וואס ער איז געווען משוחד!

אזוי דארף מען דאך זיין נזהר אין דעם כבוד פון דעם רב, מ'דארף אים זעצן אויבן-אָן און אפגעבן אים כבוד, און ח"ו מ'זאל זאגן עפעס א ווארט נגדו - אבער במקום שיש היפך קידוש השם[137], עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן פקו"נ, טאר מען עס ניט פארשווייגן, וויבאלד אז ער זאגט אן ענין וואס איז היפך התורה, ועאכו"כ ווען דאס איז אן ענין וואס שטעלט אין סכנה אפי' "נפש אחת מישראל"[138], ועאכו"כ ווען דאס שטעלט אין סכנה כו"כ נפשות מישראל.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז מ'טאר ניט ווערן משוחד דערפון וואס מ'זעצט אים אוועק בראש, און מ'גיט אים כבוד המדומה אדער אפי' כבוד אמיתי, און מ'גיט געלט פאר זיינעו א מוסד - ווארום עס רעדט זיך וועגן פקו"נ פון אידן היל"ת, וויבאלד אז דורך דעם וואס מ'גיט אפ א חלק פון א"י

- איז -

---

134) תהלים קיא, ו. פרש"י ר"פ בראשית. 135) ראה תו"א תו"ח ר"פ וישב. 136) יומא עא, א. 137) ראה ברכות יט, ב. 138) ראה סנהדרין לז, סע"א במשנה.

איז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם"[139], וכמדובר ככ"פ אז דער דין איז סיי בנוגע צו חו"ל און סיי בנוגע צו "ארץ אשר עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[140].

מו. אין דעם שיעור חומש פון חמשה עשר באב שטייט אויך אז דער אויבערשטער האט מבדיל געווען שבט לוי "לעמוד לפני ה׳ לשרתו גו׳", און "על כן לא הי׳ ללוי חלק ונחלה עם אחיו ה׳ הוא נחלתו"[141], און ווי רש"י טייטשט אפ אז וויבאלד "אינן פנויין לחרוש ולזרוע" (וואס חרישה וזריעה זיינען די ענינים עיקריים אין עבודת האדמה), דערפאר האבן זיי ניט בעהאט קיין "חלק ונחלה".

און אויף דעם זאגט דער רמב"ם אין סוף הל׳ שמיטה ויובל, אז "לא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש כו׳ אשר נדבה רוחו אותו כו׳ לעמוד לפני ה׳ לשרתו כו׳ יהי׳ ה׳ חלקו ונחלתו כו׳".

וואס דער ענין פון "ה׳ הוא נחלתו" שטייט אויך אין פ׳ קרח ("אני חלקך ונחלתך")[142] - אבער דערפון איז ניטא קיין ראי׳ אז עס רעדט זיך אויך וועגן "כל איש ואיש כו׳", ווארום דארטן רעדט זיך וועגן די כ"ד מתנות כהונה[143] וועלכע זיינען ניטא בא כל אחד ואחד מישראל;

משא"כ בפרשתנו וואס רש"י טייטשט אפ [וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא] אז דאס וואס "ה׳ הוא נחלתו" איז פארבונדן דערמיט וואס "אינן פנויין לחרוש ולזרוע" - איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין וואס איז שייך צו "כל איש ואיש כו׳", אז בשעת "נדבה רוחו אותו והבינו מדעו להבדל כו׳", ווערט ביי אים דער ענין פון "ה׳ הוא נחלתו".

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף" - אז כאו"א מישראל, פון וועלכן שבט ער זאל נאר זיין, און בכל מקום וואו ער זאל זיך נאר געפינען - איז אויב ער וועט נאר מוסיף זיין אין דעם ענין פון "לעמוד לפני ה׳ לשרתו גו׳", איז מען אים מוסיף "חיים על חייו".

ובפרט ווען די הוספה אין לימוד התורה איז נאכמער דערפון וואס דארף זיין מיט דער מדידה והגבלה פון שו"ע (כנ"ל סכ"ז ואילך) - וואס דעמולט איז די הוספה וואס "מוסיף חיים על חייו" אויך אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

- מז. -

------------

139) שו"ע אדה"ז או"ח ססכ"ס ס"ו. 140) פרשתנו יא, יב. 141) פרשתנו י, ח-ט. 142) יח, כ. 143) פרש"י עה"פ שם, ז.

מז. ויה"ר אז דערפון וואס מ'לערנט די אלע ענינים, זאל מ'ז קומען צום קיום פון די ענינים בפועל - אז שבט לוי וועט טאן דעם ענין פון "לעמוד לפני ה' לשרתו גו'" אין בית המקדש השלישי.

וואס דעמולט וועט זיין דער חידוש אז שבט לוי וועט אויך האבן א "חלק ונחלה" - ווי עס שטייט אין יחזקאל בסופו[144] אז עס וועט זיין "שער לוי אחד", מיט אלע טעמים וואס מ'איז מבאר[145] דעם חילוק צווישן דער חלוקה וואס איז געווען בפעם הראשונה, מיט דער חלוקה וואס וועט זיין לע"ל.

און דעמולט וועט מען לערנען תורתו של משיח - וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "כפלים לתושי'" וואס איז געווען בא די לוחות אחרונות,

וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות עבודת התשובה, וואס דורך דעם ענין התשובה ווערט כללות העבודה אין תומ"צ און תפלה שלאח"ז אין אן אופן אז די מעשים זיינען טובים ומאירים[146].

מח. און דאס אלץ ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "ראו כל אפסי ארץ"[147], ווארום וועט עס רעדט זיך וועגן ענינים פון תושב"כ זיינען אפי' די צדוקים מודים בזה[148] -

און בשעת אז א גוי האט ניט קיין אחיזה אין די גוי'שקייט פון א אידן, שטעלט ער זיך ניט אנטקעגן אידן און אידישקייט[149].

וכמדובר כמ"פ אז די גאנצע שוועריקייט און סכנות פון ימים אלו נעמט זיך דערפון וואס "ונהי בעינינו כחגבים"[150] - מ'איז אראפגעפאלן בא זיך פאר גוי'שקייט און פאר גוים, און דערפאר האבן גוים די שטארקייט לוחץ זיין אויף אידן וכיו"ב.

און דערפאר בשעת מ'וועט זיך שטעלן מיטן תוקף האמור - וועט ניט זיין אזא ענין פון גוי'שקייט ביי א אידן, ובמילא וועט ניט זיין קיין ענין אין וועלכן גוים זאלן האבן אן אחיזה, און דעמולט וועט בטל ווערן דער תוקף פון די גוים,

ואדרבה: עס וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[151] נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות,

- און -

---

144) מח, לא. וראה ב"ב קכב, א. 145) ראה בארוכה ד"ה אך בגורל דמוצאי ש"פ פינחס תשל"ח. 146) לקו"ת שמע"צ פה, א. 147) תהלים צח, ג. 148) ראה סנהדרין לג, ב. 149) ראה שיחת מוצאי ש"פ משפטים ש.ז. סנ"ה. 150) ל' הכתוב - שלח יג, לג. 151) ישעי' מט, כג.

הנחת הת' בלתי מוגה

און בקרוב ממש וועט מען גיין "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[152] - דער גאנצער אידישער פאלק בשליכותו, ווארום מ'וועט גיין מיט תורה ווי זי איז בשליכותא,

און דעמולט וועט מען האבן גאנץ א"י בשליכות - ווי מ'האט שוין געזעהן נסי ה' הגלויים וואס ער האט עס אפגעגעבן צו אידן אין אן אופן שלמעלה מדרך הטבע,

אבער אזוי ווי דערוויילע האט דער אויבערשטער נאך ניט צוגענומען ביי אידן דעם ענין הבחירה - זאגט מען א אידן "ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב"[153], וואס דאס איז אויך כולל דעם ענין פון שלום, און כדי ס'זאל זיין דער ענין פון בחירה חפשית האט ער אויך געגעבן דעם ענין פון היפך החיים והטוב, און היפך השלום (א דירעקטע וועג צו א מלחמה כפשוטה),

און מ'זאגט אים "ובחרת בחיים"[154], און דער אויבערשטער העלפט צו און איז "מעמידו על חלק היפה" און "על גורל הטוב", און זאגט אים "אה זה קח לך"[155] - אז בא יעדער אידן און אלע אידן זאל זיין "ה' חלקך ונחלתך".

ובקרוב ממש ובעגלא דידן וועט דער אויבערשטער פועל'ן דעם "קץ שם לחושך"[156] פון דעם חושך הפנימי וואס איז נאך דא ביי עטליכע אידן, ובדרך מכילא וועט בטל ווערן דער חושך כפול ומכופל וואס איז נאך דא דערוויילע אין וועלט,

און מ'וועט זיין דער "לילה כיום יאיר"[157], דורך דער גאולה האמיתית והשלימה בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

מט. עס איז דא נאך אן ענין וואס מ'וויל דערמאנען (בקיצור על כל פנים):

מ'געפינט זיך דאך אין דער שנה הששית, וואס זי איז דער ערב פון שנה השביעית, שנת השמיטה.

וואס די שנה השביעית הויבט זיך אן פון ר"ה פון שנה השביעית (ר"ה פון שנת תש"מ) - זאגט אבער די משנה[158] אז "אין נוטעין ואין מבריכין ואין מרכיבין ערב שביעית פחות מל' יום לפני ר"ה", און לדעת ר' יוסי ור"ש קומען נאך צו "ב' שבתות" וואס מ'דארף האבן פאר דער קליטה.

- וואס -

------------

152) בא י, ט. 153) נצבים ל, טו. 154) שם, יט.
155) פרש"י עה"פ. 156) איוב כח, ג. 157) תהלים קלט, יב.
158) שביעית פ"ב מ"ו.

וואס "ל׳ יום" און "ב׳ שבתות" איז מ"ד יום - קומט דאך אוים אז מ"ד יום לפני ר"ה, וואס דאס איז דער טאג פון חמשה עשר באב [וואָרום חודש אלול איז א חסר, מערניט ווי כ"ט יום, דאַרף מען האַבן נאך ט"ו יום פון חודש אב (וואס כ"ט און ט"ו איז מ"ד)] - הויבן זיך אן כמה דינים וואס זיינען פאַרבונדן מיט שנת השמיטה, "שבת לה׳"[159].

ד.ה. אז איצטער שטייט מען שוין אין התחלת שנה השביעית, "שבת לה׳", נאר מ׳האט נאך דעם ענין וואס מ׳קען צוזאמענקלייבן די תבואה פון שנה הששית,

וואס אויף די שנה הששית זאגט דער אויבערשטער "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים"[160] - מ׳באַקומט ברכת ה׳ אויף די גאַנצע שנה הששית, אויף דער שנה השביעית, און אויך אויף דער שנה השמינית, וואס דעמולט הויבט זיך אן א נייע שמיטה.

ד.ה. אז די ברכה וואס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך מעשינו ועבודתנו אין זמן הגלות, און אין כללות הזמן פון שיתא אלפי שני דהוה עלמא[161] - נעמט מען דאס אויף דער שנה השביעית, "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[162].

און דאס ווערט אויפגעטאָן דורך דעם וואס מ׳מאַכט די החלטות טובות אז במשך השנה השביעית וועט מען זיך פירן אין אן אופן פון "שבת לה׳",

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון שומרי שביעית כהלכתה ווי דאס איז אין אה"ק, ועד"ז אויך ווי דער ענין פון שנה השביעית איז שייך אין חו"ל - ווי עס שטייט אין ספרי טעמי המצוות[163] אז דעמולט פאַרנעמט מען זיך מערער מיט תומ"צ, און מ׳האט ניט צוטאָן מיט עבודת האדמה - וואס אפי׳ לדעת ר׳ ישמעאל[164] קען דעמולט זיין דער ענין פון "תורתו אומנתו", און "הרבה עשו כר"י ועלתה בידן".

ובפרט אז מ׳מאַכט די החלטה טובה אויף דעם בחמשה עשר באב, וואס דעמולט איז דער אויבערשטער מוסיף חיות ("דמוסיף יוסיף - חיים על חייו") אין אלע ענינים פון א אידן, און אין אלע זיינע החלטות, וואס זיי זיינען "לעבעדיקע" החלטות, וויבאלד אז זיי זיינען פאַרבונדן מיט "תורת חיים", און מיט מצוותי׳ עליהם נאמר "וחי בהם"[165].

- נ. -

------------

159) בהר כה, ד. 160) שם, כא. 161) ד"ה לא, א.
162) תמיד בסופה. 163) ראה ספורנו עה"פ שם, ד. ובכ"מ.
164) ברכות לה, ב. 165) אחרי יח, ה. וראה יומא פה, ב. וש"נ.

נ. וכן תהי' לנו - אז מתוך שמחה וטוב לבב וועט מען זיך עוסק זיין אין אלע ענינים של שמחה גלוי', בטוב הנראה והנגלה,

מ'וועט זיך עוסק זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות, אנהויבנדיק פון אלע "מבצעים", ווי מ'האט אויסגערעכנט פריער (סכ"ו),

און מ'וועט זיך עוסק זיין אין דער הכנה אויף צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, און אין דברי נשיא דורנו (כ"ק מו"ח אדמו"ר) וועגן דער הכנה צו ביאת משיח צדקנו, כמבואר אין כו"כ שיחות ומאמרים וועלכע זיינען שוין אפגעדרוקט.

ובקרוב ממש וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, נאך זייענדיק אין חודש אב - און ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[166] אז דער ענין פון "עלה ארי' מסובכו"[167] איז געווען "על מנת שיבוא ארי' כו' זה הקב"ה דכתיב בי'[168] ארי' שאג מי לא יירא", און וועט גואל זיין עמו ישראל, בקרוב ממש, ובטוב הנראה והנגלה, ובחסד וברחמים, און אין אן אופן פון "שמחת עולם"[169].

און מ'וועט זיין דער יהפכו ימים אלו און חודש זה - ובפרט פון חמשה עשר באב, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא" - "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[170], בקרוב ממש.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. אני מאמין. אבינו מלכנו. אתה בחרתנו.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

ואמר: מסתמא וועט מען מיטנעמען די מזונות, און ממשיך זיין דעם פארברייינגען מחר במשך היום.

פרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

---

166) ש"פ דברים ס"ה. 167) ירמי' ד, ז. 168) עמוס ג, ח. 169) ישעי' לה, י. ועוד. 170) זכרי' ח, יט. וראה רמב"ם סוף הל' תעניות.

## ת י ק ו ן   ט ע ו ת

לשיחת מוצאי ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנחם-אב ש.ז.

בע׳ א  שו"ה במשך, הבא בחצע"ג - מיותר.

שם שו"ה אראפגעבראכט, אחרי תיבת רמב"ם[2] צ"ל: (אדער שלש וחצי שנים*[2]).

ובשוה"ג שם: *2) חילוף מנהגים בין א"י ובבל אות מח. וראה נחלת יעקב למס׳ סופרים פט"ז, י. ועוד.

א. ס'איז דאך א התוועדות (א צוזאמענקלייבן זיך) וואס איז פארבונדן מיט א יום הילולא (א יארצייט).

וואס אויף א יום הילולא איז מבואר אין תורה בכ"כ[1] אז דעמולט איז די נשמה עולה אין א העכערן עולם לגבי ווי זי איז געווען לפנ"ז,

און דערפאר ווערט אויפגעטאן אן עילוי אויך אין די אלע וואס האבן א פארבונד מיט דער נשמה - די וואס האבן געלערנט פון איר תורה, אדער די וואס האבן געהערט וועגן דער נשמה אדער וועגן איר אויפטו.

ב. וכידוע תורת הבעש"ט[2] אז פון יעדער זאך וואס מ'הערט אדער מ'זעט, דארף מען ארויסנעמען אן אנווייזונג און אן אפלערנונג אין טאג טעגליכן לעבן, ווי אזוי צו דינען דעם אויבערשטן,

וואס דאס איז דאך תכלית הבריאה פון א אידן - "אני נבראתי לשמש את קוני"[3], ד.ה. אז בשעת א איד באטראכט זיך אין דער אמת'קייט דערפון וואס ער איז באשאפן געווארן - פארשטייט ער אז ער דארף אויסנוצן זיין לעבן ניט סתם אויף עסן און טרינקען וכו' (אפי' ווען ער טוט דאס אין א כשר'ן און א גוטן אופן), ווארום ניט אין דערויף באשטייט די שלימות פון א מענטשן, ועאכו"כ פון א אידן, אז ער איז ממלא זיינע צרכים,

נאר ער באטראכט זיך (און נעמט דאס אויף זיך בשמחה) אז תכלית בריאתו איז - צו אויפטאן אין וועלט, מאכן די וועלט בעסער ווי זי איז געווען פאר (די מעגליכקייט און) די פעולה וואס ער האט אויפגעטאן.

און כדי צו וויסן ווי אזוי און וואס צו טאן אין וועלט, און פון וואס זיך אויסצוהיטן, כדי אז די וועלט זאל ווערן בעסער און העכער און שענער און פיינער ווי זי איז געווען מיט א רגע פריער -

האט דער אויבערשטער געגעבן די תורה, וואס דער אפטייטש פון תורה איז - אן אנווייזונג[4], און זי איז "תורה אור"[5], די באלייכט די וועג פון א אידן אז ער זאל וויסן אין

- וואס -

------------

1) שער הכוונות ענין הקדיש. פע"ח ש"ו ספ"א בהגה"ה. סי' האריז"ל קודם עלינו. ועוד. לחם הפנים ושיורי ברכה לשו"ע יו"ד סו"ס שעו. 2) כש"ט (הוצאה קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 3) קידושין בסופה. 4) זח"ג נג, ב. 5) משלי ו, כג.

וואס באשטייט זיין שליחות, און וויסן ווי אזוי דורכצופירן די שליחות, און וויסן אז אין דעם איז ער א שליח פון דעם אויבערשטן אליין.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער איז דער באשאפער און דער בעה"ב פון דער גאנצער וועלט - איז א זיכערע זאך אז ער וועט קענען דורכפירן די שליחות, ווארום וויבאלד אז די שליחות איז געגעבן געווארן פון דעם וואס איז דער בעה"ב אויף דער וועלט און אין דער וועלט, און אין אלע זאכן פון וועלט - וועט ער דאך פון אים ניט פארלאנגען א זאך, איידער ער האט אים געגעבן די פולע מעגליכקייט אויף ערפילן דעם פארלאנג און די שליחות וואס ער האט אים געגעבן[6].

נאר דער אויבערשטער וויל אז א איד זאל באווייזן אז ער געהערט צום "עם חכם ונבון"[7] - אז ער כאפט זיך (אויך מיטן אייגענעם שכל) אז ער דארף אריינקוקן אין תורה און אין שו"ע, און פון דארטן ארויסנעמען די אנווייזונגען, און אז תורה דארף זיין זיין וועג-ווייזער, און זיין באלייכטער אין דעם טאג טעגליכן לעבן -

ווארום ס'איז דא א ברירה צו פירן זיך אויף אן אנדער אופן, און מיט זיין חכמה און קלוגשאפט קלייבט ער זיך פאנאנדער וואס עס טוט זיך ארום אים, און לאזט זיך ניט אפנארן מיט אויסווייניקסטע פארגעניגן'ס, און מיט חיצוניות'דיקע זאכן אין אלגעמיין, נאר ער קוקט אריין אין דער אמת'קייט און אין דער נשמה פון יעדער זאך.

ועאכו"כ אז ער קוקט זיך אריין אין דעם וואס זיין אייגענע נשמה פארלאנגט פון אים, און פירט זיך אין זיין טאג טעגליכן לעבן לויט די באדערפענישן און לויט די אנווייזונגען פון דער נשמה.

ג. דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען מ'קלייבט זיך צוזאמען, און די סיבה וואס מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן היינט [און ניט מיט א טאג פריער אדער מיט א טאג שפעטער - מה יום מיומים] - איז פארבונדן מיט דעם לעבן פון דעם וואס היינט איז זיין יארצייט -

דערמאנט מען זיך וואס ער איז דורכגעגאנגען, און וואס ער האט געטאן - וואס די פעולות וואס ער האט געטאן און זייערע תוצאות איז רישומם ניכר אויך איצטער, ביז אין אן אופן אז זיי ווירקן און זיינען פועל אויך איצטער, ובמילא קען מען זיכער אפלערנען דערפון א הוראה.

- און -

---

6) ראה במדב"ר פי"ב, ג. 7) ואתחנן ד, ו.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דערפאר איז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס דער ענין פון א יארצייט האט אין זיך אן ענין פון היפך השמחה (וויבאלד אז מ'דערמאנט זיך אז דאס איז א יארצייט), ביז אז עס זיינען דא פארשידענע מנהגים, וואס זיינען פארבונדן מיט אן ענין פון היפך השמחה,

אבער אעפ"כ, צוזאמען דערמיט ווערט דאס אויך אנגערופן (בא באשטימטע בעלעבנהייטן און מענטשן) מיטן נאמען "הילולא", וואס דאס איז אן ענין של שמחה, ביז א שמחה גדולה[8].

און ווי די גמרא[9] זאגט בנוגע צו די אבות העולם (אונזערע פאטער'ס און פאטער'ס פון יעדער אידן), וואס דאס זיינען אברהם יצחק ויעקב, ובפרט בנוגע צו יעקב, וואס ער איז דער "בחור שבאבות"[10], אז "יעקב אבינו לא מת", ווארום "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים".

והביאור בזה:

ווען מ'קוקט זיך ארום און מ'זעט אז די פעולות און מעשים טובים פון דעם מענטשן, "פירותיהם של צדיקים"[11], זיינען קיים, מ'זעט ווי אזוי די פעולות האבן תוצאות ביז איצטער, און אין אן אופן וואס די תוצאות וועלן ברענגען נאך תוצאות, וואס דאס איז דאך דער אמת'ער קיום -

דערמאנט דאס אז "אף הוא בחיים" - ווארום וויבאלד אז זיין לעבן איז געווען אויף אויפצוטאן מעשים טובים, און די מעשים טובים זיינען בתקפם עד היום הזה, און אין אן אופן אז זיי וועלן ווירקן אויף מארגן און איבערמארגן, און "יש מחר לאחר זמן"[12] - געפינט ער זיך בחיים אויך איצטער.

ד. דערפון איז פארשטאנדיק אז בשעת אידן קומען זיך צוזאמען בקשר מיטן יום ההילולא - פועל'ט דאס אז יעדערער זאל מעודד זיין און מחזק זיין (ובמילא אויך משמח זיין) דעם צווייטן,

און אלע צוזאמען זאלן אנעמען נייע החלטות, אויף צוגעבן נאכמער אין מעשים טובים, לויט די אנווייזונגען פון תורתנו, וואס "ניתנה לעשות שלום בעולם"[13] - מאכן שלום צווישן נה"א מיטן נה"ב, און מאכן שלום צווישן די פארשידענע זאכן וואס זיינען דא אין וועלט וואס אמאל איז דא א מחלוקת צווישן זיי.

- ובכללות -

------------

8) ראה לקו"ש ח"ה ע' 86 שוה"ג להע' 1. 9) תענית ה, ב.
10) ב"ר פע"ו, א. 11) שם פ"ל, ו. וראה גם תנחומא נח ב.
12) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יג, יד. 13) רמב"ם סוף הל' חנוכה.

ובכללות - אזוי ווי דער אויבערשטער זאגט "נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב" און דעם היפך דערפון, און עס דארף זיין "ובחרת בחיים"[14], כדי א איד זאל באווייזן אז ער איז א "חכם ונבון" -

מאכט כען שלום צווישן "חיים" און היפך החיים, דורך דערויף וואס מ'פירט דורך דעם אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירא למיחקא, מ'מאכט איבער אז ס'זאל זיין "בכל לבבך - בשני יצריך"[15], אז אויך דער צד וואס איז ניט טוב, איז "עונה אמן בע"כ"[16].

וואס אין איינפאכע ווערטער מיינט דאס - אז דער גוף און די גשמיות זאל נאכגעבן די נשמה און רוחניות, און זאל דאס טאן מתוך שמחה, וואס דעמולט ווערט ער אויך נתהפך צו רוחניות און טוב.

ה. און דאס איז די איינציקע וועג ווי אזוי עס זאל זיין דער ענין פון שמחה:

עס קען בשום אופן ניט זיין אז די נשמה זאל זיך אונטערגעבן צום גוף (און דאס זאל אנהאלטן א לענגערע צייט), און דאס זאל זיין מתוך שמחת הנשמה ח"ו,

ווארום וויבאלד אז די נשמה איז א "חלק אלוקה ממעל ממש"[17], וואס אזוי ווי דער אויבערשטער איז א נצחי, אזוי איז אויך דער "חלק אלוקה" אן ענין נצחי, וואס דערפאר איז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'"[18] - איז פארשטאנדיק אז עס קען ניט זיין אז די נשמה זאל זיך אונטערגעבן צום גוף, און טאן דאס מתוך שמחה;

עס איז מערניט וואס אויף א שעה קלה (אויף א קליינע ווײַלע) קען זיין אז "תקפו יצרו", און אפי' בשעת מעשה, איז זיין אמת'ער רצון - נאר צו מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס רצון[19].

און ווען איז שייך אז ס'זאל זיין אן אמת'ע שמחה - נאר ווען דער גוף גיט זיך אונטער און ווערט אנגעפירט דורך דער נשמה, ביז אין אן אופן פון "ואהבת את ה' אלקיך בכל לבבך בכל נפשך ובכל מאדך"[20] - דעמולט ווערט ביי אים א שמחה אמיתית.

- און -

---

14) נצבים ל, טו. יט. 15) ואתחנן ו, ה. ספרי ופרש"י עה"פ. ברכות נד, א. ודאה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ב. וש"נ. 16) שבח קיט, ב. 17) תניא רפ"ב. 18) סנהדרין צ, א. 19) רמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 20) ואתחנן שם.

און ווען מ'טוט אלץ מתוך אהבת המקום - איז "כמים הפנים לפנים גו'"[21], אז עס איז אויך דא די אהבה פון דעם אויבערשטן צו יעדער אידן און צו אלע אידן,

וואס דעמולט איז דאך "באור פני מלך חיים"[22], אז דער אויבערשטער גיט צו נאכמערער אין זיינע ברכות, און טוט דאס מתוך אהבה, וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין דער שמחה.

ו. דערפון איז פארשטאנדיק אז דער צוזאמענקלייבן זיך גיט א באנייטן כח אז מ'זאל דערנאך אוועקגיין מיט נייע באשלוסן אויף צוגעבן נאכמער אין אידישקייט און גוטסקייט, אין לימוד התורה וקיום המצוות.

ובפרט אז מ'שטייט דאך נאענט צו חודש אלול, וואס ענינו איז "אני לדודי ודודי לי"[23], און דעמולט דארף זיין די הכנה צו כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה אויפן נייעם יאר - וואס צוגרייטונג צום נייעם יאר ווערט אויפגעטאן דורך די החלטות טובות און מעשים טובים באופן המתאים.

און נאך פאר דער צוגרייטונג צום נייעם יאר - זאל מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס נאך דערויף קומט אויך דער ענין פון תחה"מ, "הקיצו ורננו שוכני עפר"[24], והוא בתוכם,

און אלע צוזאמען - מקבל זיין די גאולה האמיתית והשלימה, ובמהרה בימינו ממש.

ז. עס איז אבער אויך דא דער מנהג אז ביום היאצ"ט זאל מען מאכן א סיום אויף א מסכת, וואס דעמולט גייט מען ארויס פון אלע ספיקות, און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'קען טאן ענינים של שמחה (אמירת לחיים וכיו"ב), ווארום א סיום פון א מסכת איז דאך א שמחה גדולה ביותר, וויבאלד אז "עושין משתה ושמחה ויו"ט לגמרה של תורה"[25].

ביי א סיום פון יעדער מסכת איז דא אן ענין של שמחה, ביז צו א סעודה של שמחה - עס זיינען אבער דא די מסכתות וואס זיי זיינען פארבונדן במיוחד מיט א יארצייט פון צדיקים, וואס דערוויילע געפינען זיי זיך אין ג"ע, און זיי גרייטן זיך צו תחיית המתים.

וואס דאס זיינען די מסכתות[26] וואס זיי זיינען מסיים

- סיון -

---

21) משלי כז, יט. 22) שם טז, טו. 23) שה"ש ו, ג. וראה אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שער ר"ה פ"א. שעה"פ להאריז"ל עה"פ. 24) ישעי' כו, יט. 25) שהש"ר פ"א, א [ט]. טור או"ח סתרס"ט. בנוגע לסיום מסכתא - ראה רמ"א יו"ד סו"ס רמו. יפה קול לשהש"ר שם. 26) ברכות ומו"ק.

מיסן מאדז"ל "ת"ח אין להם מנוחה לא בעוה"ז ולא בעוה"ב, שנאמר[27] ילכו מחיל אל חיל יראה אל אלקים בציון", ועד"ז אויך מסכת תענית, וואס איר סיום איז - "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע".

ובפרט אז מסכת תענית האט א שייכות צו חודש אב, און צום סיום פון חודש אב, ווארום אין סיום מסכת תענית[28] רעדט זיך אויך בנוגע צו עשרים באב (וואס דאס איז דער יום ההילולא), אז דעמולט איז געווען דער "קרבן עצים" פון "בני פחת מואב בן יהודה".

און פאר דערויף ווערט אויך דערמאנט דער "קרבן עצים" וואס איז געווען בחמשה עשר באב - און אין דעם סיום המסכת רעדט זיך בארוכה וועגן די שמחה און יו"ט וואס איז געווען בחמשה עשר באב.

און דער ענין פון "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים כו'" האט אויך א קשר מיט התחלת המסכת (וואס "מתכיפין התחלה להשלמה"[29]) - ווארום מסכת תענית הויבט זיך אן מיט "מזכירין גבורות גשמים", און "גבורות גשמים" איז מען מזכיר אין דער צווייטער ברכה פון שמע"צ, ברכת "מחי' המתים".

ח. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מקוים ווערן דאס וואס עס שטייט אין רמב"ם[30] אז "הבטיחה תורה" אז אידן טוען תשובה "ומיד הן נגאלין", און דערנאך וועט זיין דער ענין פון תחייה המתים,

כן תהי' לנו, לכל הנשמות בגופים, צוזאמען מיט "הקיצו ורננו שוכני עפר",

און עס וועט מקוים ווערן דאס וואס ס'שטייט אין סיום מסכת תענית, אז יעדערער באזונדער און אלע צוזאמען וועלן זאגן "ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו"[31],

אין דער ישועה האמיתית, און גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

* * *

ט. ס'איז דאך באוואוסט די תקנה פון נשיא דורנו (כ"ק מו"ח אדמו"ר) אז מ'זאל לערנען יעדער וואך די סדרה פון דער וואך, און אזוי ווי די סדרה איז דאך פאנאנדערגעטיילט אויף

- זיבן -

---

27) תהלים פד, ח. 28) כו, א במשנה. 29) רשות לחתן בראשית. וראה לקו"ש הרובה תשל"ו ס"ג. וש"נ. 30) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 31) ישעי' כה, ט.

זיבן חלקים - זאל מען לערנען יעדער טאג דעם חלק הסדרה וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג.

ולדוגמא: בשנה זו איז כ"ף אב אין יום שני פון פ׳ ראה - דארף מען דעמולט לערנען דעם חלק הסדרה פון יום שני, פון שני ביז שלישי.

וואס אע"פ אז א איד איז אלעמאל פארבונדן מיט דער גאנצער תורה,

[און ווי גערעדט כמ"פ בארוכה, אז עשה"ד [וואס דאס איז דאך די התחלה פון מ"ת] זיינען געזאגט געווארן בלשון יחיד, ווי עס שטייט[32] "אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך בו'", אע"פ אז דאס איז געזאגט געווארן במעמד פון אלע אידן וואס זיינען געווען אין יענעם דור בא מעמד הר סיני, ביז ווי עס שטייט אין פרדר"א[33] אז בא מעמד הר סיני זיינען געווען אלע אידישע נשמות עד סוף כל הדורות -

וואס דער טעם בזה (וואס דער אויבערשטער האט דאס געזאגט בלשון יחיד) איז - כדי אז מ׳זאל וויסן און מ׳זאל געדיינקען (און דאס זאל אריינגעשריבן ווערן אין "תורת אמת" און "תורת חיים") אז די גאנצע תורה, צוזאמען מיט אלע חידושים וואס קומען צו אין תורה, ביז "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש", וואס דאס איז דאך אויך ניתן למשה מסיני[34] - איז עס געגעבן געווארן צו יעדער אידן באזונדער, עד סוף כל הדורות],

איז אבער דא א הוראה מיוחדת (א ספעציעלע אפלערנונג און אנווייזונג) אין דער פרשה פון דעם טאג,

כידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי׳ן[35] אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט, וואס דער פירוש בזה איז - אז מ׳דארף לעבן מיטן חלק הסדרה וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג - וואס אין דערויף איז דא א ספעציעלער אינהאלט, וואס מאכט לעבעדיק זיין לעבן מיט חיים אמיתיים, אז ער זאל לעבן לויט דער הוראה וואס איז פארבונדן במיוחד מיט דעם טאג אין זיין טאג טעגליכן לעבן.

י. דער חלק הסדרה פון יום שני פ׳ ראה (וואס היינטיקן יאר איז עס דער טאג פון כ"ף מנ"א) הויבט זיך אן מיט דער שלימות הבריאה - "והי׳ המקום אשר יבחר ה׳ אלקיכם בו לשכן

- שמו -

------------

32) יתרו כ, ב. וראה יל"ש עה"פ. 33) פמ"א. 34) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד 1088 הע׳ 11. 35) היום יום ע׳ קא. סה"ש תש"י ע׳ 29 ואילך.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

שמו שם"[36], אז מ׳וועט קומען אין דעם ארט וואס דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן אז דארטן זאל זיין אנטפלעקט ג-טליכקייט, הייליקייט און נסים וכו׳.

און ווי רש"י טייטשט אפ "בנו לכם בית הבחירה בירושלים" - אז "המקום אשר יבחר גו׳" גייט אויף ירושלים, און אין ירושלים גופא - אויפן בית המקדש.

און דערנאך איז דער פסוק ממשיך "שמה תביאו את כל אשר אנכי מצוה אתכם עולותיכם וזבחיכם מעשרותיכם ותרומת ידכם וכל מבחר נדריכם אשר תדרו לה׳".

און דארטן וועט זיין "ושמחתם לפני ה׳ אלקיכם", אז מ׳וועט דארטן שטיין אין א שמחה, און אין דער שמחה וועלן נעמען איינטייל "אתם ובניכם ובנותיכם ועבדיכם ואמהותיכם והלוי אשר בשעריכם"[37], אז אין דער שמחה וועלן זיך פרייען אלע צוזאמען, אנהויבנדיק פון אייך אליין (די צו וועמען משה רבינו האט דעמולט גערעדט), און אויך אייערע קינדער (זין און טעכטער), און די אלע וואס האבן צו אייך א שייכות, "עבדיכם ואמהותיכם והלוי אשר בשעריכם".

וואס דא טייטשט דער פסוק ניט אפ פארוואס איז דא אן ענין של שמחה, וואס לכאו׳ איז דאך אלעמאל אן ענין של שמחה פארבונדן מיט א יו"ט, וואס דעמולט איז "מועדים לשמחה" -

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק אין פשטות הכתובים - אז בשעת א איד האט געבראכט א קרבן אין ביהמ"ק, איז דעמולט געווען ביי אים א יום של שמחה, ווי די גמרא זאגט אויך אין מסכת תענית[38].

און אין דער שמחה נעמען איינטייל אלע צוזאמען, "אתם ובניכם ובנותיכם גו׳" - וואס דאס איז מוסיף אויף דער שמחה וואס ער האט מצ"ע (מצד זיך אליין):

ווען ער זעט אז ער געפינט זיך צוזאמען מיט "בניכם ובנותיכם", צוזאמען מיט זיינע זין און טעכטער, און צווישן זיי איז ניטא קיינע מחלוקות ח"ו, און אפי׳ ניט קיין אונטערשייד אין אידישקייט וכיו"ב, נאר אלע שטייען צוזאמען,

און זיי פרייען זיך מיט א שמחה אמיתית, וואדום די שמחה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ירושלים, וואס ענינה איז א:געדייטעט אין איר נאמען: "ירושלים - על שם יראה ועל שם שלם"[39], אז דארטן איז דער ענין פון יראת ה׳ בשלימות,

- [וכמבואר] -

---

36) פרשתנו יב, יא. 37) שם, יב. 38) יב, א. וראה פרש"י שם ד"ה שיו"ט. 39) ב"ר פנ"ו, י. תוד"ה הר - תענית טז, א.

[וכמבואר אין מפרשי הש"ס[40] אז בשעת א איד איז געקומען אין ירושלים, און האט געזעהן כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם, האט דאס איט צוגעגעבן יראת ה' (כיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמיט) אויף דער גאנצער צייט, ביז ער האט עולה געווען לרגל צום צווייטן מאל],

איז בשעת אז די שמחה איז פארבונדן דערמיט וואס ער האט צוזאמען מיט זיך אויך "בניכם ובנותיכם" - ווערט פארגרעסערט די שמחה נאכמער און נאכמער[41].

יא. בנוגע לענייננו:

אזוי ווי עס זיינען איצטער דא כו"כ פון בני ובנות ישראל כ"י, קליינע קינדער וואס זיינען נאך פאר בר-מצוה - קומט נאך צו אין דעם דער ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז למען צורריך להשבית אויב ומתנקם"[42].

און אזוי ווי עס זיינען דא איצטער פארשידענע אומשטענדן אין וועלט, וואס אידן, אומעטום, ובפרט אין ארץ הקודש און אין ירושלים עיר הקודש, דארפן האבן א ספעציעלע ברכה פון דעם אויבערשטן,

און א ברכה אין דער גרעסטער מאס - ניט נאר אז מ'זאל באפרייט ווערן פון די ניט-געוואונטשענע זאכן, נאר נאכמער: מ'זאל קענען שטיין אין א צושטאנד פון א שמחה אמיתית -

איז דערפאר א פאסענדע זאך אז ס'זאל זיין דער "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז" - אז די "עוללים ויונקים" זאלן זאגן דברי תורה, אנהויבנדיק פון די י"ב פסוקים ומאמדז"ל.

און צוזאמען מיט די אלע וואס געפינען זיך דא (אדער הערן דאס במקום אחר) - וועט דאס זיין אין אן אופן פון "אתם" צוזאמען מיט "בניכם ובנותיכם".

און די שמחה וואס איז דערמיט פארבונדן וועט פורץ זיין אלע גדרים[43], און וועט מבטל זיין דעם "עוצו עצה" (די ניט-גוטע עצות) אז ס'זאל זיין "ותופר", ווארום "עמנו א-ל"[44], מיט אונז געפינט זיך דער אויבערשטער, ביז אין אן אופן פון "ועד זקנה גו' ועד שיבה אני אסבול גו' ואמלט"[45],

ביז ווי מ'איז דערנאך ממשיך בסיום התפלה - "אך

- צדיקים -

---

40) תוד"ה כי מציון - ב"ב כא, א. 41) דאה בהנסמן בלקו"ש חי"ד ע' 336 הע' 10. 42) תהלים ח, ג. 43) דאה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 44) ישעי' ח, י. 45) שם מו, ד.

צדיקים יודו לשמך ישבו ישרים את פניך"[46], וואס אין פשטות הדברים גייט דאס אויפן בית המקדש.

און דאס זאל נאך צוהיילן די גאולה - דורך דעם וואס מ'שטייט אלע צוזאמען, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו"[47], און מ'שטייט אין אן אופן של שמחה, און א שמחה וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט, מיט ירושלים און מיטן ביהמ"ק - ווארום יעדערער האַפּט צו ערצויגן זיינע קינדער אז זיי זאלן אויך לעבן מיט דער אמונה און מיט דעם "אני מאמין".

און נאך זייענדיק אין גלות וועט מען פארשטארקן און פארגרעסערן און פארטיפן דעם לימוד התורה וקיום המצוות - וואס דאס וועט צוהיילן נאכמער דעם "בעתה אחישנה"[48] - "זכו - אחישנה"[49], אז מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש.

יב. מסתמא וועלן די מדריכים און מנהיגים פון די קינדער אויסקלייבן איינעם וואס זאל זאגן דעם ערשטן פסוק, און א צווייטער וואס זאל זאגן דעם צווייטן פסוק, ועד"ז די אנדערע פסוקים ומאמרז"ל, און דער עולם וועט מיט זיי מיט-זאגן,

און דערנאך וועלן אלע צוזאמען, "אתם ובניכם ובנותיכם ובנותיכם", זינגען דעם ניגון אויפן פסוק "עוצו עצה ותופר. דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל" - אז מיט אונז איז דער אויבערשטער.

און מ'וועט שטיין אין אן אופן פון "קוממיות - בקומה זקופה"[50] אין די לעצטע טעג פון גלות, נאכמער ווי מ'איז געשטאנען ביז איצטער,

און בקרוב ממש וועט זיין דער "ואמר ביום ההוא", דער יום אחרון פון עקבתא דמשיחא, "הנה אלקינו זה", אז מ'וועט באווייזן באצבעו[51], און אז די אידישע קינדער "הם הכירורו תחלה"[52], בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

יג. אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרז"ל, ואח"כ ניגנו "עוצו עצה ותופר".

* * *

יד. מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן גודל המעלה פון לימוד התורה

- פון -

---

46) תהלים קמ, יד. 47) בא י, ט. 48) ישעי' ס, כב.
49) סנהדרין צח, א. 50) בחוקותי כו, יג ובפרש"י.
51) תענית בסופה. 52) סוטה יא, ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

פון "עוללים ויונקים" - ווי די גמרא[53] איז מבאר אז זייער לימוד התורה איז "הבל שאין בו חטא", וואס דערפאר האבן אפי' אמוראים געזאגט אז מ'דארף האבן דעם הבל פון תשב"ר דוקא.

ביז ווי די גמרא איז ממשיך אין דער זעלבער סוגיא אז "אין מבטלין תשב"ר אפילו לבנין ביהמ"ק" - ד.ה. אע"פ אז דער ביהמ"ק איז דער ארט "אשר יבחר ה'" אז דארטן זאל זיין זיין דירה, "ושכנתי בתוכם[54]" - איז אבער דא א זאך וואס איז נאך ווירקליכער דערפון, וואס דאס איז דער לימוד התורה פון תשב"ר, וואס אויף דעם האט דער אויבערשטער אליין אנגעזאגט אז "אין מבטלין תשב"ר (פון לימוד התורה) אפילו לבנין ביהמ"ק" - אויף אזוי גרויס און טייער איז דער לימוד התורה פון תינוקות של בית רבן!

וואס לכאו' איז נים פארשטאנדיק:

דער ביהמ"ק איז דער ארט וועלכע דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן פון דער גאנצער וועלט אז דארטן זאל זיין דער "אי זה בית אשר תבנו לי ואי זה מקום מנוחתי[55]", דאס איז די דירה פון דעם אויבערשטן כביכול, און דארטן איז זיין מנוחה (מיט אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט אין תפלת שלמה[56]).

איז לכאו', היתכן צו זאגן אז מ'זאל נים נעמען תשב"ר צוליב בנין ביהמ"ק, אע"פ אז דורך דעם וועט אויסקומען אז דער בנין ביהמ"ק וועט זיין שפעטער ווי ער וואלט געקענט זיין ווען מ'וואלט גענומען אויך תינוקות של בית רבן?!

איז איינער פון די ביאורים בזה:

בשעת מ'בוים א ביהמ"ק, דארף מען אין דעם האבן די הצלחה אז ס'זאל זיין "מקדש אד' כוננו ידיך[57]", אז דער ביהמ"ק זאל זיין געבוים און זאל זיך האלטן און זאל האבן א קיום לוים ווי דער אויבערשטער וויל, ווי עס דארף זיין "מקום מנוחתי".

און ווי מ'זאגט בנוגע צום משכן, וואס "משכן אקרי מקדש[58]", אז נאך דערויף ווי אלע פרטים זיינען שוין געווען פארטיק - האט מען ערשט געדארפט האבן תפלת משה אז ס'זאל זיין "ויהי נועם ה' אלקינו עלינו[59], יהי רצון שתשרה שכינה במעשה ידיכם[60]".

איז כדי אז דער בנין ביהמ"ק זאל זיין באופן נעלה

- יותר -

------------

53) שבת קיט, ב. 54) תרומה כה, ח. 55) ישעי' סו, א. 56) מ"א ח, יב ואילך. דה"ב קאפיטל ו. 57) בשלח טו, יז. 58) עירובין ב, א. 59) תהלים צ, יז. 60) פרש"י עה"פ שמיני ט, כג. וראה גם פרש"י עה"פ ויקהל לט, מג.

יותר, נאכמער ווי עס וואלט געווען ווען די חשב"ר וואלטן זיך באטייליקט אין דעם בנין כפשוטו - ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם וואס די תינוקות של בית רבן לערנען תורה,

[און לערנען תורה לויט ווי דער אויבערשטער וויל - אז דער "ושננתם לבניך"[61] איז אין אן אופן אז דערנאך קומט דאס אראפ אין "ודברת בם - בדברי תורה"[62], אז די ענינים פון תורה זיינען די ענינים וועגן וועלכע זיי רעדן איינער מיטן צווייטן, ביז אז דאס ווערט זייער לעבן, אז "בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך"[63] רעדן זיי אין תורה, ער לייגט זיך שלאפן מיט "שמע ישראל" (א פסוק פון תורה), און שטייט אויף אינדערפרי און גרייט זיך צו זאגן ווייטער אמאל "שמע ישראל", בבוקר ובערב],

וואס דורך דעם איז ניט נאר אז דער ביהמ"ק ווערט ניט אפגעהאלטן ח"ו, נאר אדרבה: דורך דעם קומט צו נאכמער הצלחה אין דעם בנין ביהמ"ק וואס ווערט געבויט דורך א צווייטן און א דריטן אידן - אז ס'זאל זיין בזריזות גדולה, און אין אן אופן פון "מקדש אד' כוננו ידיך", "שתשרה שכינה במעשה ידיכם".

סו. וכמדובר בארוכה אין די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו ווי אזוי מ'דארף זעהן אז די מדריכים און מדריכות, די לערער און לערערן'ס, זאלן באווייזן א לעבעדיקן ביישפיל ווי אזוי מ'דארף זיך פירן אין דעם טאג טעגליכן לעבן, לויט ווי ס'שטייט אין "תורת חיים און "תורת אמת",

וואס דעמולט זיינען זיי מצליח צו לערנען תורה מיט די קינדער אין א גוטן און הצלחה'דיקן אופן, ביז אין אן אופן אז דאס וועט פועל'ן בא די קינדער דעם "ודברת בם בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך".

און דאס איז מבטל די אלע שטערונגען צו בנין ביהמ"ק - ווארום וויבאלד אז ס'איז דא דער ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז", "אין עוז אלא תורה"[64], איז ניט נאר אז דאס האלט ניט אפ ח"ו דעם בנין ביהמ"ק, נאר אדרבה, דאס איז מזרז און מאכט נאך שנעלער דעם בנין בית המקדש.

סז. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

- עס -

---

61) ואתחנן ו, ז. 62) שם. ספרי ופרש"י עה"פ. יומא יט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ב. 63) ואתחנן שם. עקב יא, יט. 64) שהש"ר פ"ב, ג [ג]. ועוד.

עס ווערט דערציילט אין מדרש[65] אז בשעת ס'איז געווען דער ענין פון "אחז בתי כנסיות ובתי מדרשות" אז תשב"ר זאלן ניט קענען לערנען תורה - האט ישעי' הנביא (דער נביא פון ישועה[66]) געזאגט אז ער ווערט דערפון ניט נתפעל, און עס פועל'ט ניט אויף אים קיין עצבות און אומרואיקייט, דערפאר וואס "הנה אנכי והילדים אשר נתן לי ה' (וועלן זיין) לאותות ולמופתים בישראל[67]", אז "תתקיים תורה בישראל על ידם[68]".

עס זיינען דא אזוינע וואס "אותזין בתי כנסיות ובתי מדרשות" - מ'לאזט ניט צו אז די שולן זאלן זיין אָפן ווי אזוי ס'דארף זיין, און מ'זאל אין זיי דאוונען לויט ווי דער אויבערשטער וויל אז מ'זאל דאוונען אין א בית הכנסת.

ועד"ז אויך בנוגע בתי מדרשות - אז מ'לאזט ניט צו אז מ'זאל לערנען תורה מיט די קינדער, אין אן אופן פון שלימות התורה, ווי זי איז באגרינדעט אויף יראת ה' און אהבת ה'.

ביז ווי ס'איז לעצטן'ס געווען א זאך וואס לא הי' לעולמים:

א איד שעמט זיך ניט אויף וועלן צונעמען רח"ל די געלעגנהייט אויף לערנען מיט אידישע קינדער אידישקייט און תורה עכ"פ א שעה א וואך, און איז מפרסם אז ער וויל אוחז זיין (רח"ל, היל"ת) די בתי מדרשות, וואס דארטן איז דער "הקול קול יעקב[69]", אז תשב"ר מצפצפין בבתי כנסיות ובבתי מדרשות[70]!

ווערט מען דערפון ניט נתפעל, וואדוס זיין עצה וועט בטל ווערן מלכתחלה, אין אן אופן פון "ותופר", וואס דער ענין פון הפרה איז עוקר די זאך מעיקרו[71].

און "יערה עליו רוח ממרום[72]" - אז ער וועט טאן תשובה בגלוי, און וועט זיך מודה זיין אין דער גרעסטער סכנה רח"ל וואס ער האט געקענט פאראורזאכן אפי' איין קינד, פאד 10 קינדער און פאר 100 קינדער וכו', וואס יעדער קינד איז דאך אן "עולם מלא", און איז אין זיך כולל "זרעו וזרע זרעותיו[73]".

און די אלע תירוצים פון עולם השקר, אז מ'מיינט די

- טובה -

-------------

65) ב"ר פמ"ב, ג. 66) ראה לקו"ש פינחס תשל"ז ס"ד. וש"נ. 67) ישעי' ח, יח. 68) פרש"י עה"פ. 69) תולדות כז, כב. 70) ב"ר פס"ה, כ. 71) רמב"ם הל' נדרים פי"ג ה"ב. שו"ע יו"ד סרל"ד סל"ז. וראה השמטה לשיחת י"ב אדר ש.ז. - נדפסה בלקו"ש ויקרא ש.ז. 72) ע"פ ישעי' לב, טו. 73) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

טובה פון אידישקייט - זאלן זיי איבערלאזן די דאגה פאר רבנים און פאר מלמדים יראי שמים, אז זיי וועלן באזארגן אז אידישקייט זאל זיין ווי עס דארף צו זיין.

און ער אליין וועט האבן טענות - היתכן אז עסקני הציבור אין ארה"ב שטייען ארום און ארום און שווייגן, און לאזן אים אנגיין מיט די "מעשי תעתועים" און די "מעשי נבלה", אויף צו פרואוון פועל'ן (רח"ל, היל"ת) אז די שעה א וואך וואס מ'לערנט תורה מיט אידישע קינדער זאל מען אויך ניט צולאזן רח"ל!

און דער עולם שטייט און שווייגט, פונקט ווי עס וואלט זיך געהאנדלט וועגן א "פאלטיקל אישו", און ס'איז א שאלה וועמעס זיין בראש און ווער וועט מנצח זיין וכו' - אע"פ אז ס'איז דאך א דבר ברור אז עס האנדלט זיך וועגן "הם חיינו ואורך ימינו", וועגן לערנען "תורת חיים", און מקיים זיין אירע מצוות אויף וועלבע עס שטייט[74] "וחי בהם".

וואס אין דערויף קענען דאך אויפטאן "עוללים ויונקים" נאכמער וויפל עס טוען אויף ערוואקסענע - ווי געזאגט פריער (סי"ד) אז די גמרא פסק'נט אפ אז "הבל שאין בו חטא" קען אויפטאן ביתר שאת וביתר עוז.

יז. ויה"ר אז די אלע וואס (מצד טעמים משונים) האבן אריינ-געגעבן זייערע קינדער אין אזא בית-ספר וואס לפי שעה מוז מען יוצא זיין מיט לערנען אידישקייט מערנים ווי איין שעה א וואך - וועלן זיי זיך בקרוב ממש כאפן אויף זייער ביטערן טעות, וואס מ'גיט ניט אריין יעדער אידיש קינד, יעדערן פון "בניכם ובנותיכם", אין א בית-ספר וואו מ'לערנט תורה מיט יראת שמים.

און מ'וועט אפי' ניט ווארטן ביז התחלת שנת לימודים הבאה, נאר מ'וועט גלייך אריינגעבן די קינדער אין די בתי-ספר וואס מ'לערנט דארטן אויך זומער צייט, אדער אין די מחנות קיץ ומחנות יומיים (אין פארשידענע ערטער) וואס דארטן לערנט מען מיט קינדער די אידישע תורה און מצוות אויך בימי הקיץ.

יח. און דעמולט וועלן בדרך ממילא בטל ווערן די אלע גזירות וואס מ'וויל אויפשטעלן רח"ל,

ווארום ווען עס רעדט זיך וועגן דעם לימוד התורה פון "עוללים ויונקים" - איז א קינד פארשטייט דאך ניט קיין

- קונצן -

---

74) אחרי יח, ה. וראה יומא פה, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

קונצן, און פארשטייט ניט קיין "דיפלאמאטיע", פיינסטט ער אפ אז ס'איז ניט קיין "דיפלאמאטיע" און ס'איז ניט קיין "פאליטיק", נאר דאס איז א שקר, און דאס איז היפך פון "תורת אמת".

און ווען ער זאגט "שמע ישראל", מיינט ער דאס מיטן גאנצן הארצן - און סוכ"ס פועל'ט דאס אויף זיין פאטער און זיין מוטער אז זיי זאלן גלייך אים אריינגעבן אין א בית-ספר אדער א מחנה קיץ וואו מ'וועט מיט אים לערנען אידישקייט, און וואו ער וועט לעבן מיט אידישקייט, "בשבתך בביתך" און אויך "בשכבך ובקומך",

און אפי' "בלכתך בדרך" - ווען ער גייט נאך אין דער וועג פון גלות, וואס דעמולט איז אין וועלט א חושך כפול ומכופל, איז ביי אים איז דא דער "נר דלוק לו על ראשו"[75], אז דאס וואס מ'האט געלערנט מיט דער נשמה נאך איידער זי איז אראפ אין עוה"ז - באלייכט דאס אים אויך איצטער[76].

און דאס וועט אויך באלייכטן דעם לעבן פון זיינע עלטערן, און וועט באלייכטן די גאנצע וועלט אין אלגעמיין.

און דאס וועט פועל'ן דעם "והי' לך ה' לאור עולם"[77], און די פעלקער וואס זיינען ארום אידן וועלן זאגן "לכו ונעלה אל הר ה' גו'"[78], און מ'וועט זיך צוקוקן ווי אזוי אידן לעבן זייער אידישער לעבן ווי עס דארף צו זיין (און ניט באהאלטענערהייד),

אז נאך זייענדיק אין דרך הגלות, "בלכתך בדרך", גייט מען אין דער וועג פון דעם אויבערשטן, ווי עס שטייט[79] "ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט", און דאס ברענגט אויך אראפ "צדקה ומשפט" אין דער גאנצער וועלט.

יט. און אזוי ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז די קינדער "הם הכירוהו תחלה", און זיי האבן אנגעוויזן אז "זה א-לי ואנוהו"[80], זיי האבן דערקענט אידיש-קייט און ג-טליכקייט און דעם אויבערשטן נאך פאר די עלטערן. און דערמיט איז געווארן דער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[81],

וועט אזוי אויך זיין בקרוב ממש, אז "הילדים אשר נתן לי ה'" וועלן מבטל זיין די אלע ענינים וואס "אוחזין בתי כנסיות ובתי מדרשות",

- זיי] -

---

75) נדה ל, ב. 76) ראה אוה"ת שה"ש כרך א ע' סה. ס"ע עב ואילך. ע' פד ואילך. ועוד. 77) ישעי' ס, יט. 78) שם ב, ג. 79) וירא יח, יט. 80) בשלח שם, ב. 81) מלאכי ג, כד ובפרש"י.



הנחה בלתי מוגה

]זיי וועלן מבטל זיין די אלע ענינים וואס מ'זאגט אז ס'איז כאילו ווי דער ביהכ"נ איז אָפן, אבער אין אים דאוויענט מען פארקערט ווי דער אויבערשטער וויל, פארקערט ווי ס'שטייט אין שלחן ערוך רח"ל,

ועד"ז בנוגע צו בתי מדרשות - אז ס'איז כאילו ווי זיי זיינען אָפן, אבער דארטן איז מען מגלה פנים בתורה שלא כהלכה רח"ל[,

און מ'וועט האבן אפענע בתי כנסיות ובתי מדרשות (ווי עס דארף צו זיין) נאך זייענדיק אין גלות.

און בקרוב ממש וועט מקוים ווערן די הבטחה פון תורה[82] אז "עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבבבל שיקבעו בא"י", "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[83],

וואָרום בקרוב ממש וועלן די קינדער ארויסרופן און ברענגען משיח צדקנו מיט נאכמער זריזות און נאכמער מהירות.

ובזכותם, ובזכות צדיקי עולם, וועט מען גיין בקרוב ממש לארצנו הקדושה, און אין אן אופן אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' וועט בעהערן צו יעדער אידן און צו אלע אידן,

און זי וועט זיין צוגעגרייט אויף מקבל זיין יעדער אידן און אלע אידן, אין אן אופן פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[84], אז דער אויבערשטער אליין פארנעמט זיך מיט יעדער אידן אלץ אן איינצעלנעם[85], און נעמט אים ארויס פון זיין פנימיות'דיקן גלות, און פון גלות כפשוטו, און ברענגט אים צו דער גאולה האמיתית ושלימה.

און בקרוב ממש וועט זיין דער "והפכתי אבלם לששון"[86] - וואס איצטער האלט מען דאך אין די "שבעה דנחמתא" (נאך די דריי וואכן פון "בין המצרים") - אז עס וועט זיין דער "נחמו נחמו עמי"[87], און ווי דער אויבערשטער ענטפערט[88] אז ח"ו צו זאגן "ותאמר ציון עזבני ה' ואד' שכחני"[89], נאר אדרבה: "אנכי אנכי הוא מנחמכם"[90].

ובקרוב ממש טוען אידן תשובה, אין אן אופן פון "שובה ישראל עד ה' אלקיך"[91], און מ'האט א כתיבה וחתימה טובה, לשנה טובה ומתוקה.

* * *

- כ. -

------------

82) מגילה כט, א. 83) עקב יא, יב. 84) ישעי' כז, יב. 85) פרש"י עה"פ נצבים ל, ג. 86) ירמי' לא, יב. 87) ישעי' מ, א. 88) ראה אבודרהם בסדר הפרשיות וההפטרות. 89) ישעי' מט, יד. 90) שם נא, יב. 91) הושע יד, ב.

כ. ווען מ'רעדט וועגן דער מעלה פון אידישע קינדער, זאגט מען אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "אם אין גדיים אין תישים"[92].

אבער כדי אז עס זאלן זיין די "גדיים" - דארף מען פריער האבן די "תישים" וואס זאלן זיי מחנך זיין אין א תנועה פון מס"נ (וואס בא די קינדער ווערט דאס דערנאך נאכמער בתמימות ווי דאס איז ביי אן ערוואקסענעם, ווי מ'זעט דאס אויך בפועל).

און ווי מ'זעט אז בשעת ס'איז געווען במדינה ההיא דער מעמד ומצב פון "אחז בתי כנסיות ובתי מדרשות" - האבן זיך געפונען "תישים" וואס האבן זיך מוסר נפש געווען אויף אידישקייט בכלל, און אויף בתי כנסיות ובתי מדרשות בפרט.

און זיי האבן געזעהן אז אין אנדערע שטעט זאל אויך אנגיין די ארבעט - דורך געפינען און מחנך זיין די וואס זאלן דאס טאן יעדערער במקומו.

ביז וואנעס אז דאס האט גע'פועל'ט סיי אויף קינדער און סיי אויף ערוואקסענע, און סיי אויף ערוואקסענע דורך זייערע קינדער - "והשיב לב אבות על בנים",

אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס זיי זיינען געווען (און א טייל פון זיי זיינען נאך דערוויילע) במדינה ההיא, אין א מעמד ומצב וואס "אילמלי נגדוהו", וואס אויף דעם זאגט די גמרא[93] אז "אילמלי נגדוה לחנני' מישאל ועזרי'", איז ווער ווייסט צי זיי וואלטן בייגעשטאנען דעם נסיון - זיינען זיי בייגעשטאנען דעם נסיון, און שטייען איס ביי שוין העכער א יובל שנים, 60 יאר און נאכמער און גייען אן אין די ענינים פון אידישקייט.

כא. און עס זיינען דא די וואס האבן זוכה געווען און מצליח געווען אז דער אויבערשטער רעכנט אז זיי האבן שוין דארפן פארענדיקט די עבודת הבירורים, און דערפאר מעגן זיי שוין אוועקפארן פון דארטן, ווארום אין יענע מדינות דארף מען שוין ניט האבן זייער לעבעדיקן ביישפיל אויף אויפצו-האלטן אידישקייט, און דורך דעם - אויפהאלטן אידן, און דערפאר קענען זיי שוין קומען אין אן ארט וואס דארטן איז לייכטער צו לעבן א אידישן לעבן אין אלע פרטים, ווארום עס זיינען ניטא די נסיונות.

וואס א טייל פון זיי געפינען זיך אין אה"ק, אין שאר

- ארצות -

------------

92) ב"ר פמ"ב, ג. 93) כתובות לג, ב.

ארצות, און אויך אין ארה"ב, און אויך - בא דער איצטיקער התוועדות.

וואס דאס זיינען דאך "לעבעדיקע מופתים" פון די "תישים", די עסקנים און די רבנים, ובעל ההילולא בתוכם, וואס האבן זיך מוסר נפש געווען אויף צו אויפהאלטן און פארשטארקן און פארשפרייטן אידישקייט,

און זייער פעולה איז א פעולה נמשכת - דורך זייערע שלוחים, אדער דורך פירות פירותיהם, און עס האלט אן עד היום הזה,

ביז וואנעס אז מ'קומט ארויס פון דארטן "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו", צוזאמען מיט קינדער און אייניקלעך וואס ווען זיך פירן בדרך התורה והמצוה, ובפרט אז זיי געפינען זיך איצטער אין א לאנד און א מדינה וואס מ'קען דאס טאן אן קיינע שטערונגען.

וואס פאר זיי איז דאך ספעציעל צוגעפאסט דער צוזאמענקומען זיך - ווארום זיי זעהן ווי אזוי אידישקייט האלט אין וואקסן, און ווי אזוי דער יוגנט שטייט צו אלץ מערער צו אמת'ער אידישקייט,

און דערנאך וועלן זיי אויך איבערגעבן וועגן דעם צו זייערע קרובים און באקאנטע און גוטע פריינט, און אידן בכלל, וואס געפינען זיך נאך דערוויילע אין יענע מדינות - אויף צו מחזק זיין און שטארקן זיי אז זיי זאלן פארענדיקן דארטן די עבודת הבירורים, אז זיי זאלן אויפטאן די זאכן וואס זיי דארפן דארטן אויפטאן, כדי אויפצוהאלטן אידישקייט בכל מקום שהוא.

און דורך דערויף וואס זיי וועלן דא זיין א לעבעדיקער ביישפיל ווי אזוי עס זעט אויס א איד וואס איז געקומען פון רוסלאנד (אדער פון אן אנדערער קאמוניסטישער לאנד) - אז אין זיין טאג טעגליכן לעבן פירט ער זיך ווי א איד אין דעם פולן זין פון דעם ווארט, דורך לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און לעבן מיט אידישקייט אין טאג טעגליכן לעבן.

און דאס וועט זיין דער בעסטער מיטל און דער קירצעסטער וועג אויף צו איינארדענען זיך אין א גוטן אופן בגשמיות כפשוטו (גאר אין איינפאכסטן זין), עאכו"כ אז דאס וועט זיי געבן א געזונטן לעבן, צוזאמען מיט זייערע קינדער און קינדס-קינדער, לאורך ימים ושנים טובות, וואס "אין טוב אלא תורה" ומצוותי'[94].

- און -

------------

94) אבות פ"ו מ"ג.

און מאכן די התחלה סובה און די גוטע באשלוסן אין דעם - פון דער התוועדות, וואס זי איז פארבונדן כיס א אידן וואס האט זיך מוסר נפש געווען אויף אויפהאלטן און פאר-שפרייטן אידישקייט, און איז געבליבן אין גלות צוזאמען כיט א טייל פון צאן מרעיתו,

ובקרוב ממש וועט ער ארויסגיין פון דארטן צוזאמען כיט זיי, ווארום ס׳וועט זיין "הקיצו ורננו שוכני עפר", און תחיית המתים, בקרוב ממש.

[ובדוגמא ווי עס שטייט[95] בנוגע צו משה רבינו, רעיא מהימנא, אז ער וועט קומען צוזאמען מיטן דור המדבר, דער דור דעה[96], וואס איז בייגעשטאנען פארשידענע-ערליי (ארבעים ושתים) מסעות].

און אלע צוזאמען וועלן גיין אין ארץ הקודש - אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

כב. און אלס הכנה לזה - איז די אלע אידן וואס זיינען לעצטן׳ס געקומען פון דארטן, אדער די וואס זיינען געקומען פון דארטן מיט א קורצע ווײלע צוריק, אדער כיט א פאר יאר צוריק - זאלן זיי אלע צוזאמען זאגן לחיים,

און ווינטשן חיים וברכה ושלום צו די אלע אידן וואס דערווײלע געפינען זיי זיך נאך מאחורי המסך (ווי עס ווערט אנגערופן) - ווינטשן זיי אז זיי זאלן זיך האלטן שטארק ביי אידישקייט, ווארום דאס איז "חייהם ואורך ימיהם",

וואס דאס גופא וואס זיי וועלן זיך האלטן שטארק ("קוממיות") בא אידישקייט, וועט לייכטער מאכן די גזירות אין די רגעים וואס זיינען נאך געבליבן צו זייער גאולה, בקרוב ממש.

און זייער גאולה וועט זיין בקרוב מכש - נאר <u>פאר</u> ביאה משיח צדקנו, וואס ער קומט אויך בקרוב מכש, אבער זייער גאולה וועט זיין בקרוב ממש נאך <u>פאר</u> ביאת משיח צדקנו,

און טרעפן זיך אלע צוזאמען, מיט די קרובים און גוטע פריינט און מיט סתם אידן וואס זיינען ארויס מאחורי המסך.

און דורך דעריף וואס מ׳האט זיך געהאלטן שטארק און פעסט בא תורה ומצוותי׳, וואס "הם חיינו ואורך ימינו"

- וועט מען גיין אלע צוזאמען, אין אן אופן פון "שמחה

- עולם -

------------

95) במדב"ר פי"ט, יג. דב"ר פ"ב, ט. תנחומא חקת י.
96) במדב"ר שם, ג. ועוד.

עולם על ראשם"[97] - צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובשמחה ובטוב לבב.

כג. מסתמא וועט מען ניט ווארטן ביז מ'וועט איינלאדן יעדערן באזונדער אויף צו זאגן לחיים - נאר זאגן גלייך לחיים, און זעהן אז דער צווייטער (וואס ער ווייסט אז ער איז אויך פון דעם טוב) זאל אויך טאן די זעלבע זאך.

און דער וואס ביי אים איז א ספק צי ער געהערט צו דעם טוב צי ניט - איז ספיקא לחומרא - אז ער דארף אויך זאגן לחיים, ובשמחה ובטוב לבב,

און די שמחה וועט פורץ זיין דעם גדר פון דעם גלות, און וועט פארברענען די שיריים (די לעצטע איבערבלייבעכץ) פון דעם גלות,

און ס'וועט זיין דער "פרזות תשב ירושלים"[98], און "ואני אהי' לה גו' חומת אש סביב"[99] - אז דער אויבערשטער וועט פארבייטן די גדרים פון גלות מיט זיך אליין, אני אהי' לה גו' חומת אש",

וואס דער אש פון דער חומה וועט פארברענען דעם גלות כפשוטו - דורך דעם וואס דאס וועט פארברענען דעם פנימיות'דיקן און אינעווייניקסטן גלות, וואס מ'ווערט נתפעל פאר גוי'שקייט ח"ו,

און אין די לעצטע טעג פון גלות וועט מען שטיין "קוממיות - בקומה זקופה", לקבל פני משיח צדקנו.

צוה לנגן "סלי'שבא נאשא".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

כד. מ'האט דערמאנט פריער (ס"ז) בקיצור בנוגע צום סיום און התחלת מסכת תענית - אז ס'איז דא א קשר ושייכות צווישן זיי, וויבאלד אז יעדער ענין אין תורה איז בדיוק.

ובהקדים: וויבאלד אז "קוב"ה אסתכל באורייתא וברא עלמא", און אזוי איז אויך "בר נש מסתכל בה באורייתא ומקיים עלמא"[100] - איז פארשטאנדיק אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין אין וועלט וועגן וועלכן ער לערנט.

און ווי די גמרא[101] זאגט אז "כל העוסק בתורת חטאת

- כאילו -

------------

97) ישעי' לה, י. 98) זכרי' ב, ח. 99) שם, ט.
100) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 101) מנחות קי. א. וראה גם שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק ס"א סי"א.

הנחה הת' בלתי מוגה

כאילו הקריב חטאת". ועד"ז "כל העוסק בתורת עולה". און דאס איז אויך פארבונדן מיטן לימוד פון "הלכות החג בחג"[102].

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס מ'איז מסיים דעם לימוד פון מסכת תענית - איז מען מסיים דעם כללות ענין התעניות, אין אן אופן ווי דער רמב"ם איז מסיים הל' תעניות אז "כל הצומות האלו עתידים ליבטל לימות המשיח. ולא עוד אלא שהם עתידים להיות ימים טובים[103] וימי ששון ושמחה".

ועד"ז איז דער סיום מסכת תענית אין משנה[104] אויך פאר-בונדן מיט יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[105], - ווי מ'זעט אז דארטן רעדט זיך ניט סתם וועגן אן ענין של יו"ט, נאר א יו"ט גדול ביותר, ביז אז "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים".

ועד"ז איז אויך אין דעם סיום פון מסכת תענית אין גמרא - וואס דארטן שטייט אז "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע", וואס א "מחול" (א ריקוד) איז פארבונדן מיט אן ענין של שמחה, און א שמחה גדולה ביותר, ווארום א "מחול" איז אויך לשון עיגול, וואס ווי רבינו בחיי[106] איז מפרש באריכות אז עיגול אויף אן ענין "שאין לו סוף". ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ריקוד און שמחה, אז די שמחה איז אין אן אופן פון אין סוף[107].

וכמבואר אין לקו"ת[108] אז "מחול" איז פארבונדן מיטן לשון פון "מחילת עון" - וואס די שמחה וואס קומט לאחרי מחילת העון איז אין אן אופן פון "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[109], און דערפאר איז עס א שמחה גדולה ביותר, וויבאלד אז דאס קומט נאך דעם מצב ההפכי.

ובדוגמא ווי ס'איז מבואר בכ"מ[110] דער טעם אויף דעם וואס חמשה עשר באב איז א גרעסערער יו"ט (וואס יו"ט איז פארבונדן מיט שמחה) פון אלע ימים טובים - גרעסער פון חמשה עשר בניסן, דער יום ראשון פון חג המצות, און גרעסער פון חמשה עשר בתשרי, דער יום ראשון פון חג [וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין התחלת המסכת - "מאימתי מזכירין גבורות גשמים. ר"א אומר מיום טוב הראשון של חג"] הסוכות,

- וואס -

------------

102) מגילה בסופה. 103) ראה לקו"ש עשרה בטבת תשל"ח הע' 14. 104) כו, ב. 105) זכרי' ח, יט. 106) עה"פ תרומה כה. לא בסופו. ועוד. 107) ראה לקו"ש ט"ו באב ש.ז. סי"א. 108) שמע"צ פו, ג. 109) קהלת ב, יג. 110) ד"ה נחמו עה"ר פ"י (סה"מ עת"ר ס"ע רכט ואילך). וראה גם אוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'צו.



הנחה הת' בלתי מוגה

[וואס חגה"ס קומט לאחרי המחילה וסליחה פון ר"ה ועשי"ת ויוהכ"פ און די ד' ימים שלאח"ז, וואס דערפאר איז דעמולט א שמחה גדולה ביותר,

ביז ווי מ'זעט אין נוסח התפלה, אז אע"פ אז אלע דריי ימים טובים זיינען "מועדים לשמחה" [וואס דערפאר איז דאך דא די דעה[111] אז מ'זאל זאגן "זמן שמחתנו" בכל המועדים], איז אבער נקבע געווארן און איינגעשטעלט געווארן אין נוסח התפלה, אלס א דבר השוה לכל נפש, אז "זמן שמחתנו" זאגט מען דוקא בחגה"ס, אנהויבנדיק פון חמשה עשר בתשרי, ווייבאלד אז ער קומט לאחרי דעם "קץ מחילה וסליחה" פון יוהכ"פ[112], א "מחול" וואס קומט לאחרי המחילה וסליחה, וואס דערפאר איז עס א שמחה גדולה ביותר] -

ווייבאלד אז חמשה עשר באב קומט לאחרי גודל הירידה וואס איז געווען לפנ"ז - אין תשעה באב.

כה. אין סיום המסכת שטעלט זיך די גמרא[113] אויף דעם וואס די משנה זאגט "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים", און זאגט: "בשלמא יום הכפורים משום דאית בי' סליחה ומחילה כו' אלא ט"ו באב מאי היא" - און ברענגט אויף דערויף כו"כ טעמים.

[וואס אין דערויף דארף מען האבן א ביאור:

בעת די גמרא זוכט א טעם על איזה ענין שיהי' - זיינען דא אין דערויף צוויי נוסחאות.

אמאל זאגט מען גלייך אמר ר' פלוני אז דאס איז דער טעם אויף דעם ענין, און אמאל פרעגט מען פריער וואס איז דער טעם פון דעם ענין, און דערנאך זאגט מען אמר ר' פלוני אז דער טעם איז כך וכך.

ובנדו"ד זעט מען אז פריער זאגט די גמרא "ט"ו באב מאי היא", און ערשט דערנאך ברענגט מען אראפ די הסברה בזה, וואס דאס איז דורש ביאור].

וואס די זעלבע סוגיא ווערט אויך געבראכט אין ב"ב[114], און דארטן זאגט דער רשב"ם[115] אז "כל הנך אמוראי לא פליגי, אלא מר גמיר האי מרבי' ומר גמיר האי מרבי'", און דערנאך האט מען דאס אזוי איינגעשטעלט אין תורה שבעל פה.

[וואס לכאו' איז דאס גופא דורש ביאור והסבר: פארוואס

- האט -

---

111) כהרי"ל בשם י"א. הובא בד"מ או"ח סת"צ סק"א. ה"י שם סק"ס. 112) רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ז. 113) ל, ב ואילך. 114) קכא, א ואילך. 115) ד"ה יום שהותר.



הנחה הה' בלתי מוגה

האס רבו פון דעם אמורא געזאגט דעם טעם, און רבו פון א צווייטן אמורא האס געזאגט א צווייטן טעם?!

און אויב מ'וועט זאגן אויף רבו די זעלבע הסברה אז אזוי האט ער געהערט פון רבו, און רבו מרבו עד משה רבינו - ווערט דאך דעמולט די שאלה אויף משה רבינו עצמו: פארוואס האט ער אמאל געזאגט דעם טעם, וואס דערנאך איז דאס אראפגע-קומען ע"י אמורא פלוני אין איין טעם וואס די גמרא ברענגט אראפ, און א צווייטל מאל האט ער געזאגט א צווייטן טעם, ועד"ז נאך טעמים אחרים].

כו. און מ'האט זיך אפגעשטעלט במיוחד (אין דער התוועדות פון ט"ו באב) אויף דעם טעם אין וועלכן די גמרא איז מאריך במיוחד,

[ווי געברויכט אין כללי הש"ס אז דאס גופא וואס ס'איז דא א גרעסערע שקו"ט (אדער גאר א גרויסע שקו"ט) בנוגע צו איין דעה, איז עס א הוכחה אז די הלכה איז ווי די דעה.

און אפי' ווען מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי - איז עס אבער א הוכחה אז דאס איז א מער עיקר'דיקער טעם לגבי די טעמים אין וועלכע מ'איז נים אזוי מאריך],

אז דאס איז דער "יום שפסקו בלכרות עצים למערכה", דערפאר וואס "מחמשה עשר באב ואילך השש כחה של חמה, ולא היו כורתין עצים למערכה לפי שאינן יבשין". און ווי דער רשב"ם[116] זאגט אז "אותו יום שפסקו היו שמחים, לפי שבאותו יום היו משלימין מצוה גדולה כזאת".

וואס וויבאלד אז דער רשב"ם זאגט אז "באותו יום היו משלימין" דעם ענין פון כריתת העצים, איז פארשטאנדיק, אז בחמשה עשר באב האט מען נאך געשניטן עצים למערכה, נאר דעמולט האט זיך געענדיקט דער ענין פון כריתה העצים למערכה.

און דערנאך איז די גמרא ממשיך: "אמר רב מנשיא וקרו לי' יום תבר מגל", אז דעם טאג האט מען אנגערופן "יום הבר מגל". ווי רש"י[117] טייטשט אפ: "שבירת הגרזן, שפסק החוטב מלחטוב עצים", וויבאלד אז ביז ר"ה ניסן הבא וועט מען מערנים דארפן שניידן קיין עצים.

כז. און אויף דערויף האט מען זיך געשטעלט - אז לכאו' איז נים פארשטאנדיק פארוואס האט מען געדארפט צוברעכן דעם גרזן און עובר זיין אויף "בל תשחית", אמת טאקע אז מ'דארף

- מערניט -

------------

116) ב"ב שם, ב ד"ה מניסן. 117) ד"ה יום - העניה לא, א.

מערנים שניידן עצים, אבער וואס דארף מען מאכן פון דער כלי אוים כלי (צוברעכן איר)?!

די קשיא איז נאך גרעסער: דער ענין פון "מגל" ווערט געבראכט אין ש"ס בכ"מ, וואס פון דארטן איז א הוכחה במורה אז א מגל האט מען גענוצט נים נאר אויף כריתת עצים, נאר ס׳איז געווען א "מגל יד" און א "מגל קציר"[118], און "חצינ"י"[119], מים נאך כמה ענינים אויף וועלכע מ׳האט זיך גענוצט מיט א "מגל"[120].

ואדרבה: אין תושב"כ (אין נבואת ירמי׳[121] וכיו"ב) ווערט בפירוש געבראכט אז א מגל איז פארבונדן מיט קציר.

און ווי עס ווערט אויך געבראכט אין דער משנה[122] בנוגע צו קצירת העומר, אז "אומר להם . . מגל זו אומרים הין מגל זו . . שלש פעמים".

איז לכאו׳, אע"פ אז מ׳האט נים געקענט נוצן דעם "מגל" אויף כריתת עצים, האט מען דאס געקענט נוצן אויף כמה וכמה ענינים?

האט מען מבאר געווען אז א מגל וואס מ׳האט גענוצט אויף כריתת עצים למערכה, האט מען נים געוואלט נוצן אויף ענינים של חול.

ובפרט לוים ווי די גמרא זאגט אין שבת[123] אז לדעת ר"א איז "כורתים עצים לעשות פחמין לעשות ברזל" צוליב מצות מילה, ד.ה. אז די כריתת עצים ווערט אן ענין פון "מכשירי מצוה", און ס׳איז אויך דוחה את השבת (פונקט ווי מילה אליין).

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז כריתת עצים למערכה איז אן ענין פון "מכשירי מצוה", און נאכמער: ס׳איז געווען דער "קרבן העצים" וואס מ׳האט מקריב געווען אויפן מזבח[124], וואס דאס איז נים נאר א הכשר מצוה, נאר ס׳איז א קרבן און א מצוה בפ"ע.

און דערפאר האט מען נים געוואלט נוצן דעם "מגל" (מיט וועלכן מ׳האט כורת געווען עצים למערכה) אויף אנדערע זאכן - און דערפאר איז געווען "תבר מגל".

עס בלייבט אבער די שאלה: וואס האט מען געדארפט צוברעכן דעם "מגל" - מ׳האט דאך אים געקענט באהאלטן ביז עס

- וועט -

---

118) כלים פי"ב מ"א. ועוד. 119) מו"ק יא, א. 120) ראה ערוך השלם ערך מגל. 121) נ, טז. 122) מנחות סה, א. 123) קל, א. 124) מנחות כ, ב. קו, ב.

ווען קומען חודש ניסן הבא, און דעמולט וועט מען מקשיך זיין שניידן רערמים עצים למערכה?

[בנוגע צו די קינות פון תשעה באב, איז דא א מנהג בכמה קהילות בישראל אז נאך תשעה באב פלעגט מען פארוואַרפן די קינות אין אן ארט אז מ'זאל זיי נישט קענען געפינען, וואס דער טעם בזה איז, אז אויב מ'באהאלט די קינות איז א סימן אז עס פעלט רח"ל אין דעם "אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח, ואע"פ שיתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבוא", ווארום אויב ער גלויבט אין ביאת המשיח, איז צוליב וואס באהאלט ער די קינות?!

און דערפאר באווייזט מען (ווי מ'באווייזט בכמה ענינים) אז מ'איז זיכער אז אט קומט די גאולה בעגלא דידן דוקא, אנהויבנדיק פון תפלת מנחה פון תשעה באב, וואס דעמולט זאגט מען תפלת נחם[125], ועאכו"כ אז מ'זאל נישט היטן די קינות ע"מ מ'זאל עס נוצן אויב משיח וועט זיך פארהאלטן ח"ו.

דער ענין איז אבער נישט שייך צו זאגן בא כריתה עצים למערכה - ווארום בביהמ"ק השלישי וועט מען אויך דארפן האבן עצים למערכה, ווי דערציילט אין נבואת יחזקאל[126] וועגן די קרבנות וואס מ'וועט דעמולט ברענגען, וואס אויף צו מקריב זיין דעם קרבן, דארף זיין "וערכו עצים על האש"[127], וועט מען דאך דארפן האבן די כריתה עצים למערכה.

און אעפ"כ זאגט מען אז חמשה עשר באב איז "יום תבר מגל", אז דעמולט איז "שבירת הגרזן"].

כח. אנדערע מפרשים (תוס', ר"ח און רבינו גרשום) שטעלן זיך אויף "יום תבר מגל", און טייטשן אפ אז מ'האט אויפ-געהערט דעם שניידן פון די עצים, ד.ה. נישט אז מ'האט צובראכן דעם "מגל", נאר מ'האט צובראכן דעם שניידן פון די עצים - מ'האט מערניט געשניטן קיין עצים.

אבער דערפון וואס רש"י איז משנה פון אלע איבעריקע מפרשים (וואס זיי טייטשן אפ אז מ'האט מבטל געווען כריתת העצים) און טייטשט אפ אז "תבר מגל" מיינט "שבירת הגרזן" (ועד"ז אין רשב"ם - "נשברו הקרדומות"), איז פארשטאנדיק אז רש"י לערנט אז מ'האט צובראכן דעם גרזן.

און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס לערנט רש"י אנדערש פון אלע מפרשים - וויבאלד אז פירוש רש"י אויף ש"ס איז פשוטו

- של -

---

125) ראה ברכ"י לשו"ע או"ח סתקנ"ט ס"ו. זכור לאברהם ח"א אות ט (בשם הרח"ו). 126) מג, יח. 127) ויקרא א, ז.

של ש"ס (פונקט ווי פירושו עה"ת איז פשוטו של מקרא), און בפשטות איז דער פירוש פון "חבר מגל" – "שבירת הגרזן", און ניט דער ביטול פון כריתה העצים.

ווארום אויף מבטל זיין א פעולה פאסט ניט דער לשון "חבר" – דער לשון פון "חבר" פאסט אויף א כלי (גרזן), אבער ניט אויף א פעולה, און אויב מ'רעדט וועגן דער פעולה פון כריתת העצים, האט געדארפט שטיין דער לשון בטל, אדער פסק וכיו"ב.

נאך א הכרח פארוואס קען רש"י ניט אנעמען דעם פירוש אז "חבר" גייט אויף דעם ענין הכריתה:

אויב "חבר מגל" מיינט אז ס'איז בטל געווארן דער ענין פון כריתת עצים – איז מאי קמ"ל, און וואס איז דער חידוש פון ר' מנשיא אז "קרו לי' יום חבר מגל", אז ס'איז בטל געווארן דער ענין פון כריתת עצים – ר' אלעזר הגדול האט דאך שוין געזאגט אז פון דעמולט "לא היו כורתין עצים למערכה"?

און דערפאר לערנט רש"י איז "חבר מגל" מיינט "שבירת הגרזן", וואס דעמולט איז פארשטאנדיק דער חידוש פון ר' מנשיא לגבי דברי ר"א הגדול אז מ'האט נאר אויפגעהערט שניידן די עצים.

און אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דער חידוש באשטייט אין דעם וואס מ'פארבינדט דאס מיט א יום מסוים, "יום חבר מגל", איז אויך ניט מובן, ווארום:

דאס וואס בחמשה עשר באב האט מען ניט געשניטן קיין עצים, איז עס געווען ניט נאר בחמשה עשר באב, נאר אויך במשך כל הזמן שלאח"ז, ביז צו חודש ניסן הבא, וואס במשך פון דעם זמן האט מען ניט געשניטן עצים למערכה.

איז בשעת מ'טייטשט אז "חבר מגל" מיינט אז מ'האט צובראכן און בטל געווען כריתת העצים – איז דאך דאס ניט פארבונדן מיטן טאג פון חמשה עשר באב דוקא, ווארום יעדער טאג וואס מ'האט זיך אפגעהאלטן און ניט כורת געווען קיין עצים, האט מען רעכולט געבראכן און בטל געווען כריתה עצים למערכה. קומט דאך אויס אז ניט נאר חמשה עשר באב איז "יום חבר מגל", נאר אויך דער גאנצער זמן וואס מ'האט ניט כורת געווען עצים למערכה.

משא"כ אבער יוען מ'טייטשט אפ אז "חבר מגל" מיינט "שבירת הגרזן" – איז עס געווען מערניט ווי איין טאג, חמשה עשר באב. ווארום בשעת מ'האט צובראכן דעם גרזן בחמשה עשר באב, האט מען אים מערניט געדארפט ברעכן. און דערפאר איז דוקא חמשה עשר באב "יום חבר מגל".

- איז -

איז לדעת רש"י אז "חבר מגל" מיינט "שבידת הגרזן" - דארף מען פארשטיין פארוואס האט מען געדארפט צובדעכן דעם "גרזן" (כנ"ל סכ"ז).

כט. והביאור בזה:

מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות דאס וואס די משנה[128] זאגט אז "הברזל נברא לקצר ימיו של אדם והמזבח נברא להאריך ימיו של אדם, אינו בדין שיונף המקצר על המאריך", וואס דערפאר איז דא דער איסור פון "לא תניף עליהם ברזל"[129].

וואס דאס איז דאך א משנה נפלאה, וואָרום לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז "ברזל נברא לקצר ימיו של אדם" - מ'נוצט א ברזל אויף כמה ענינים טובים?

און אפי' לע"ל וואס דעמולט וועט זיין "וכתתו חרבותם"[130], זאגט מען דאך ניט אז עס וועט בטל ווערן דער ענין פון ברזל, נאר אנשטאט "חרבותם" וועט מען מאכן "אתים" - מ'וועט דערפון מאכן א כלי וועלכע מ'נוצט דאס אויף חרישה וכיו"ב, וואס דורך דעם וועט מען האבן "לחם" וואס "לחם לבב אנוש יסעד"[131].

וכאמור לעיל אז אין תושב"כ ווערט געברענגט דער ענין פון "מגל" בנוגע צו שניידן תבואה - וואס דאס איז אויך ווי דער אפטייטש פון "מהחל חרמש בקמה"[132], וואס "הרמש" גייט אויף א "מגל", און "מהחל חרמש בקמה" ברענגט מען אין בית המקדש דעם עומר און די שתי הלחם.

און אעפ"כ זאגט די משנה אז "הברזל נברא לקצר ימיו של אדם והמזבח נברא להאריך ימיו של אדם", און דערפאר איז "אינו בדין שיונף המקצר על המאריך".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק דער ענין פון "יום חבר מגל" - אז בשעת מ'האט אויפגעהערט כורת זיין עצים למערכה, איז דאך בטל געווארן דער תשמיש פון דעם ברזל ("מגל"), וואָרום מ'האט אים שוין ניט געקענט נוצן אויף ענינים של קדושה - ובמילא איז געבליבן אין דעם "מגל" מערניט ווי דער ענין פון ברזל וואס "נברא לקצר ימיו של אדם".

און אויף דעם זאגט מען אז ס'איז געווען דער חוזק (אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורה) בא די

- וואס -

------------

128) מדות פ"ג מ"ד. הובא בפרש"י עה"פ יתרו כ, כב.
129) תבוא כז, ה. 130) ישעי' ב, ד. 131) תהלים קד, טו.
132) ראה טז, ט. ה"א עה"פ.

וואס האבן כורת געווען עצים למערכה, עד כדי כך אז מ'האט צובראכן די מציאות פון דעם כלי וואס איז פארבונדן מיט "ברזל", וואס עניינו איז "לקצר ימיו של אדם".

ד.ה. אז כל זמן וואס מ'האט בעקענט כורת זיין עצים למערכה, האט מען מתקן געווען די מציאות פון דעם ברזל און מ'האט אים גענוצט אויף כריתת עצים למערכה, אבער נאך דעם וואס מ'האט נים בעקענט כורח זיין עצים למערכה, איז געבליבן מערניט ווי דער ענין הברזל ווי ער איז מצ"ע - "נברא לקצר ימיו של אדם", און דערפאר איז דעמולט געווען "יום חבר מגל", אז מ'האט צובראכן דעם גרזן כדי ס'זאל נים זיין דער ענין הבדזל וואס "נברא לקצר ימיו של אדם".

און דערמיט פאלט אפ די שאלה אז לכאו' איז עס אן ענין של "בל תשחית" - ווארום דער ענין פון "בל תשחית" איז דוקא אויב דאס איז באופן של השחתה, משא"כ ווען מ'טוט אויף צו מבטל זיין דעם ענין פון "לקצר ימיו של אדם".

און דאס איז דער אויפטו פון "יום תבר מגל" - אויף צו באווייזן אז נים נאר אז דער ברזל וואס "נברא לקצר ימיו של אדם" האט נים קיין שליטה אויפן מזבח וואס "נברא להאריך ימיו של אדם", נאר אדרבה: דער מזבח האט מבטל געווען די מציאות פון ברזל, ביז אז אפי' די כריתת עצים למערכה, וואס איז צוליב דעם מזבח (וואס "נברא להאריך ימיו של אדם"), האט אויך צובראכן און מבטל געווען די מציאות פון דעם מגל (ברזל), וויבאלד אז מ'קען אים מערניט נוצן אויף כריתת עצים למערכה.

ל. דער ביאור אין דעם קשר צווישן דעם וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב", מיט סיום המסכת:

אין סיום המסכת שטייט "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע וכל אחד ואחד מראה באצבעו, שנאמר ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה וגו'".

בפשטות133 איז עס פארבונדן דערמיט וואס די משנה זאגט אז בחמשה עשר באב איז "בנות ירושלים (אדער די צווייטע גירסא134 - "בנות ישראל") יוצאות וחולות בכרמים", אן ענין של "מחול", ועד"ז אויך אין סיום המסכת - "מחול לצדיקים".

דאס איז אבער בערניט ווי א קשר אין א פרט, און א פרט ספל (לכאו') - ווארום דער עיקר הענין איז, אז "עתיד הקב"ה

- לעשות -

------------

133) ראה לקו"ש הנ"ל ס"ד. ס"ס ואילך. 134) ראה שינויי נוסחאות למשניות כאן.

הנחה הת' בלתי מוגה

לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע, וכל אחד ואחד מראה באצבעו שנאמר הנה אלקינו זה קוינו לו וגו׳" - און ניט נאר אז ס׳איז דא אן ענין של "מחול".

לא. והביאור בזה:

דעם ענין פון "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע" (אדער ווי די צווייטע גירסא[135] "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים בג"ע והוא יושב ביניהם") - קען מען טייטשן אויף צוויי אופנים:

א) עס גייט אויף ג"ע, וואס אע"פ אז ג"ע איז דא אויך איצטער (ניט נאר "ביום ההוא"), געפינט מען אבער בכ"כ בש"ס אז ג"ע ווערט אנגערופן "עולם הבא", ובפרט לדעת הרמב"ם[136] אז עוה"ב גייט אויף ג"ע, וואס דאס איז תכלית השכר, און ווי ער איז מבאר[137] אז דאס וואס ער ווערט אנגערופן "עולם הבא" איז עס ניט דערפאר וואס "אינו מצוי עתה . . אלא כפני שאותו החיים באין לו לאדם אחר חיי העוה"ז".

ב) "ביום ההוא" גייט אויף "עולם הבא" כפשוטו - עולם התחי׳, לאחרי שיחיו המתים (ווי ס׳איז אויך משמע אין כמה דרושי חסידות[138] אז עוה"ב גייט אויף עולם התחי׳).

ובדוגמא ווי די משנה[139] זאגט "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", און דערנאך זאגט מען "ואלו שאין להם חלק לעוה"ב, האומר אין תחה"מ מה"ת", וויבאלד אז "הוא כפר בתחה"מ לפיכך לא יהי׳ לו חלק בתחה"מ, שכל מדותיו של הקב"ה מדה כנגד מדה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פירוש פון עוה"ב איז עולם התחי׳, לאחרי שיחיו המתים.

וואס לאחרי שיחיו המתים וועט דאך אויך זיין אן עולם ומלואו, ס׳וועט זיין ארץ ישראל און חוץ פון ארץ ישראל, נאר דעמולט וועט זיין "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות", אבער דעמולט וועט אויך זיין א חילוק צווישן א"י מיט "כל הארצות", ווארום מ׳זאגט דאך אז "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י"[140], וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס׳וועט זיין א חילוק צווישן א"י, וואס דארטן וועט זיין קדושת ירושלים, מיט "כל הארצות", וואס דארטן וועט זיין די קדושה וואס א"י האט איצטער, אבער ניט קדושת ירושלים.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז דעמולט וועט אויך זיין דער

- ענין -

------------

135) גירסת הע"י. ועוד. 136) הל׳ תשובה פ"ח ה"ב.
137) שם ה"ח. 138) ראה סה"מ ה׳ש"ה ס"ע 44. ובכ"מ.
139) סנהדרין צ, א. 140) יל"ש ישעי׳ רמז תקג.

ענין פון ג"ע, ווארום בבר הי' לעולמים [און ווי די גמרא[141] זאגט בנוגע צו תחה"מ "דלא הוי חיי, דהוה חיי לא כ"ש"], ווי ס'איז שוין געווען בשעת בריאת העולם, "עולם על מילואו נברא"[142], אן עולם מיט א קדושה במילואה, אז ס'איז געווען דער ארט אין וועלט וואס איז אנגערופן געווארן בשם "גן בעדן מקדם"[143], וואס דארטן איז געווען נאכמער קדושה ווי בכל העולם כולו -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לאחרי תחה"מ וועט אויך זיין דער מקום וואס וועט אנגערופן ווערן בשם ג"ע.

לב. עס איז אבער מסהבר צו זאגן אז "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע" וועט זיין לע"ל, ווען עס וועט זיין "לתקן עולם במלכות ש-די", ד.ה. אין עולם התחי'.

וואס אזוי איז אויך משמע פון מאמר המדרש[144] "אמר להם הקב"ה לישראל, בעוה"ז אברהם לפני פעם אחת זה א-לי, אבל לעתיד לבוא אתם אומרים אותו דבר ב' פעמים, שנאמר ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה וגו'",

ווארום בשעת ס'וועט זיין ביאת משיח צדקנו (דער יבוא ... ויקבל זאה"ע), וועט זיין גילוי אלקות שלא בערך ווי ס'איז איצטער, און דערפאר וועט מען זאגן ב' פעמים זה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים וגו'", גייט אויף עולם התחי', לעתיד לבוא,

ווארום אויב ס'וועט מיינען אז דאס גייט אויף ג"ע כפשוטו ווי דאס איז בזמן הזה - איז ניט פארשטאנדיק: פאר-וואס זאגט דער פסוק "ואמר ביום ההוא" - מ'דארף דאך ניט דארטן אויף אחרית הימים. ווארים דער ענין איז דא אויך בא די נשמות וואס געפינען זיך א געזעצ בגן עדן?

און ווילאלד אז כ'ו... "ואמר ביום ההוא". וואס "ההוא" איז א לשון נעלם - איז פארשטאנדיק, אז מ'רעדט וועגן אזא זמן וואס איז נעלם ונעלה לגבי דעם איצטיקן זמן וואס דאס איז דער זמן פון ימות המשיח, ובפרט לאחרי תחיית המתים.

לג. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם קשר צווישן סיום המסכת, מיט מאמר המשנה "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים":

- דאס -

------------

141) סנהדרין צא, א. 142) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג. 143) בראשית ב, ח. 144) שמו"ר ספכ"ג. תנחומא נג, ב.

דאס וואס "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים" וועט זיין לע"ל, לאחרי תחה"מ - וואס דעמולט וועט זיין "לא ישא גוי אל גוי חרב" און "וכתתו חרבותם לאתים"[130], וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "חבר מגל" וואס איז געווען בחמשה עשר באב, אז מ'איז מבטל דעם ענין הבלתי רצוי פון ברזל.

און דאס איז אויך דער ענין וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים":

ביוהכ"פ זיינען דאך אידן אזוי ווי מלאכים וואס "אין להם אכילה ושתי'"[146] (ביז אלע איבעריקע ענינים מיט וועלכע מ'איז דומים למלאכים[147]), וואס זיי זיינען דאך אויך קיימים, מיט אן אריכות ימים אמיתית, היפך פון דעם ענין פון "לקצר ימיו".

און דאס איז פארבונדן מיטן כללות הענין פון תחה"מ וואס וועט זיין לע"ל - וואס דאס באווייזט אז אידן זיינען נצחיים, וויבאלד אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" - עולם התחי'.

לד. נאך אן ענין אין דעם קשר צווישן סיום המסכת מיט מאמר המשנה "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב":

דער ענין פון "מחול לצדיקים" באווייזט אויף אן ענין של אחדות און אהבת ישראל, אז די אלע וואס געפינען זיך אין דעם "מחול" שטייען אין אן אופן של אחדות, ווארום דער ענין פון א "מחול" איז, אז אין איז ניטא קיין מעומ"ס:

בשעת מ'איז געזעסן[148] "כחצי" גורן עגולה (אויך אן עיגול, אבער ס'איז מערניט ווי חצי גורן עגולה) - געפינט מען[148] אז עס זיינען געווען "שלש שורות", און אין יעדער שורה איז געווען חילוקי דרגות, וואס דערפאר איז "כל אחד ואחד מכיר את מקומו";

ווען מ'זיצט אבער אין אן עיגול שלם, א "מחול" - איז דעמולט ניטא קיין חילוק צווישן איינעם מיטן צווייטן, נאר אלע זיינען בשוה, אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך"[149].

וואס בכלל זיינען דאך דא מדריגות חלוקות, און יעדער צדיק האט זיין חופה, ווי די גמרא[150] זאגט אז "כל אחד נכוה מחופתו של חבירו" - ווען זיי זיצן אבער אין א "מחול"

- און -

------------

146) פרדר"א פמ"ו. 147) שם. טור או"ח סתר"ו. סו"ס תרי"ס. רמ"א או"ח סו"ס תר"י. שו"ע אדה"ז או"ח סתר"י ס"ס. תרי"ס ס"ס וסי"ז. 148) סנהדרין לו, סע"ב ואילך. 149) קדושים יט, יח. 150) ב"ב עה, א.

און אין אן אופן אז "והוא (הקב"ה) יושב ביניהם", ווערט דעמולט דער "עושה שלום במרומיו"[151], אז זיי שטייען אלע צוזאמען אין אן אופן של אחדות.

ובדוגמא ווי דער דין איז אז ווען מ'געפינט זיך פארן מלך טאר מען ניט אנרופן יואב'ן מיטן לשון "אדוני יואב"[152], און אויב ער רופט אים אן מיטן לשון "אדוני", איז עס א מרידה במלכות[153]:

בשעת מ'געפינט זיך מחוץ להיכל המלך, איז דעמולט יואב זיין אדון, און ע"פ דין מוז ער אים אנרופן בשם אדון, וויבאלד אז ער איז למעלה ממנו - "ויואב בן צרוי' על הצבא"[154]; ווען זיי שטייען אבער ביידע פארן מלך - זיינען אלע בשוה, ביז אז אויב ער זאגט אז ס'איז דא א שר במעמדו של המלך, איז ער א מורד במלכות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק, אז ווען זיי זיצן אלע במחול, און דער אויבערשטער איז "יושב ביניהם", ווערט דער "עושה שלום במרומיו", און זיי שטייען אלע באחדות.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא פרק לב, אז ווען מ'כאפט זיך אז "אב אחד לכולנה", איז מען מקיים דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" בפשטות, וואדום וויבאלד אז "אב אחד לכולנה", זיינען אלע בשוה.

לה. און דאס איז דער קשר מיט "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב" - וויבאלד אז די טעמים שבזה זיינען אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון אחדות און אהבת ישראל.

והביאור בזה:

אויף דעם יו"ט פון חמשה עשר באב זאגט די גמרא דעם טעם אז דאס איז דער "יום שהותרו שבטים לבוא זה בזה" - וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של אחדות, אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן די שבטים.

עד"ז בנוגע צום טעם אז דאס איז דער "יום שהותר שבט [illegible]ימין לבוא בקהל" - וואס דאס באווייזט אויך אויף אן ענין ש[illegible] אחדות:

ס'איז געווען א סיבה וואס דערפאר האט מען געמאכט א חילוק צווישן שבט בנימין מיט שאר השבטים, און מצד דעם

- וואס -

---

151) איוב כה, ב. וראה במדב"ר פי"ב, ח. דב"ר פ"ה, יב. זח"ג יב, ב. אגה"ק רסי"ב. 152) ש"ב יא, יא. 153) שבת נו, א. 154) ש"ב ח, טז.

וואס מ'האט גע'דרש'נט פון דעם פסוק[155] "איש ממנו לא יתן בתו לבנימין", אז "ממנו ולא מבנינו", איז "הותר שבט בנימין לבוא בקהל", וואס דעמולט איז געווארן אן אחדות שלימה צווישן אידן.

וואס דאס איז נוגע צו אחדות כל ישראל - ווי מ'געפינט אז יעקב האט גע'דאגה'ט "ארד אל בני אבל שאלה"[156], דערפאר וואס "טרוף טורף יוסף"[157] - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ער האט דאך געהאט די אנדערע י"א שבטים?

דעם מען דאך דערפון אז בשעת עס פעלט אין "כמהו שלימה"[158], איז ניט דער.טייטש אז עס פעלט איינער, נאר עס פעלט אין יעדערן פון די אלע אנדערע י"א שבטים.

ועד"ז בנדו"ד: כל זמן אז שבט בנימין איז ניט געווען צוזאמען מיט אלע שבטים, האט געפעלט ניט נאר אין שבט בנימין, נאר עס האט געפעלט דער ענין האחדות אין אלע שבטים. און ווען "הותר שבט בנימין לבוא בקהל", איז געווארן די אחדות פון אלע שבטים, "כמהו שלימה".

לו. אין דערויף קומט אריין א חידוש נפלא פון דעם ראגאטשאווער:

רש"י און תוס'[159] זאגן אז ביי א קרבן ציבור איז ניט שייך קיין "שינוי בעלים", ד.ה. אז אויב ער איז שוחט דעם קרבן תמיד (וואס ער איז א קרבן ציבור) לשם יחיד, איז עס ניט קיין "שינוי בעלים", - וויבאלד אז יעדערער האט א חלק אין דעם קרבן תמיד, דערפאר וואס ער איז איינער פון דעם ציבור.

- וכמדובר כמ"פ[160] וועגן דעם וואס משה רבינו האט געזאגט בנוגע צו אנשי קרח "אל תפן אל מנחתם"[161]. און רש"י[162] טייטשט אפ: "יודע אני שיש להם חלק בתמידי ציבור אף חלקם לא יקובל לפניך" - אז דערפון לערנט מען אפ אז אפי' נאך דערויף וואס ער האט אפגעגעבן דעם מחצית השקל, און אין אן אופן פון "ימסרם לציבור יפה יפה"[163], ס'איז געווארן אויס מציאות פון ממון יחיד, נאר ס'איז געווארן ממון ציבור, אעפ"כ האט ער אין דערויף א חלק אויך אלס א יחיד.

און דא קומט צו נאך א חידוש נפלא - אז ניט נאר ער

- האט -

------------

155) שופטים כא, א. 156) וישב לז, לה. 157) שם, לג.
158) ראה ויק"ר פל"ו, ה. ועוד. 159) זבחים ד, סע"א.
160) לקו"ש בהעלותך השל"ז סי"ב. 161) קרח טז, טו.
162) מהנחומא קרח ז. בבמב"ר פי"ח. י. 163) ר"ה ז, ריש ע"ב.

האס א חלק אין דעם קרבן, נאר צו אים איז שייך דער גאנצער קרבן:

דער דין[164] איז, אז "לשם ששה דברים הזבח נזבח", וואס איינער פון זיי איז - "לשם זובח", און דערפאר ווען ס'איז דא "שינוי בעלים" (ניט "לשם זובח", נאר לשם פון א צווייטן), איז דער קרבן ניט בשלימותו, און עס זיינען דא קרבנות וואס ווערן אינגאנצן פסול דורך דעם.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק - פארוואס זאגט מען אז ביי א קרבן ציבור איז נישא קיין "שינוי בעלים":

אע"פ אז יעדער יחיד האט א חלק אין דעם קרבן, האט ער דאך מערניט ווי א חלק אין איין נקודה פון דעם קרבן - איז בשעת ער איז שוחט לשם יחיד, איז עס א "שינוי בעלים", ווארו'ם אנשטאט ער זאל שוחט זיין לשם דעם גאנצן ציבור, ששים ריבוא מישראל, האט ער שוחט געווען לשם יחיד?

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז יעדער יחיד איז א בעה"ב אויפן גאנצן קרבן, וואס דערפאר איז ווען מ'איז שוחט לשם יחיד, הייסט דאס ניט קיין "שינוי בעלים".

ובדוגמא ווי עס זיינען דא צוויי ביאורים בנוגע צו דעם ענין פון שותפות[165]: א) יעדערער האט א חלק וואס געהערט צו אים און ניט צום צווייטן, ב) אין יעדער חלק פון דער זאך (אין וועלכע זיי זיינען שותפים) האט יעדערער פון די שותפים א בעלות, יעדערער איז דער בעה"ב פון דעם חלק, ועד"ז קען מען אויך זאגן בנוגע צו קרבן ציבור, אז יעדערער איז א בעה"ב אויפן גאנצן קרבן.

און אויף דערויף זאגט דער ראגאטשאווער[166] אז די נפק"מ וועט זיין בנוגע צו קרבן פר העלם דבר, וואס לויט איין דעה דארף מען האבן א באזונדער פר לכל שבט ושבט (ווי די גמרא זאגט אין הוריות[167]), איז אויב "שחט קרבן שבט זה לשם שבט אחר", צי איז שייך אין דעם "שינוי בעלים".

און ער איז מבאר אז דארטן איז אויך ניט שייך "שינוי בעלים" - ווארום דאס וואס א קרבן ציבור איז אפגעגעבן געווארן צו די בעלים (אז דאס איז א קרבן פון דעם שבט), איז עס נאר בנוגע צו דער צורה כללית, דער "תואר" פון בעל הקרבן (דער שבט המסוים), און דערפאר איז ניט שייך אין דעם קיין ענין של "שינוי בעלים".

- וואס -

------------

164) זבחים ב, ב. מו, ב. 165) ראה לקו"ש ח"י ע' 267 בהערה. וראה ר"ן לנדרים מה, ב. 166) צפע"נ בהדו"ת יא, ג. כללי התוהמ"צ מע' ציבור אות ו (ע' קנב). 167) ד, סע"ב ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דאס איז א חידוש נפלא - אז אפי׳ פון איין שבט אויף א צווייטן איז אויך נים שייך קיין "שינוי בעלים", ווארום א קרבן ציבור סתם איז כולל אין זיך דעם גאנצן ציבור, אפי׳ ווען דער קרבן איז פארבונדן מים א שבט מיוחד.

וואס דאס איז פארבונדן דערמים וואס "הותרו שבטים לבוא זה בזה", און "הותר שבט בנימין לבוא בקהל" - וויבאלד אז דאס באווייזט אויפן חיבור און אחדות פון אלע אידן, צו וועלכן שבט זיי זאלן נאר געהערן, וואס דאס דריקט זיך אויס אין דעם וואס א קרבן ציבור איז כולל אין זיך דעם גאנצן ציבור, אפי׳ ווען דער קרבן איז פארבונדן מים א שבט מסוים.

לז. עד"ז אויך בנוגע צו דעם טעם אז דאס איז דער "יום שכלו בו מתי מדבר":

איידער ס׳איז געווען דער "כלו מתי מדבר", איז געווען א חילוק עיקרי צווישן אידן: עס איז געווען דער דור דעה, "אנשי משה"[168], וואס מיטן געוואלדיקן עילוי וואס מ׳זאגט אויף זיי, זיינען זיי אבער געווען דער "דור המדבר", און זיי האבן נים געקענט אריינגיין אין א"י; און עס זיינען געווען די וואס זיינען אריין אין ארץ ישראל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז איידער ס׳איז געווען דער "תמו כל אנשי המלחמה למות"[169], האבן זיי נים געקענט זיין כולם בשוה, ווארום דער אויבערשטער אליין טיילט זיי פאנאנדער - אז ס׳זיינען דא די אויף וועלכע ס׳איז נגזר געווארן די גזירה אז זיי קענען נים אריינגיין אין א"י, און עס זיינען דא די וואס מ׳האט זיי געזאגט אז זיי וועלן אריינגיין אין א"י, "וירשתם אותה וישבתם בה"[170], און דארט וועט זיין דער "מקום אשר יבחר ה׳ גו׳" (מים אלע פרטים וואס ווערט ווי דערציילט אין פרשת השבוע).

ווען ס׳איז אבער געווען דער "כלו מתי מדבר" - האט מען שוין געוואוסט אז ס׳איז בטלה הגזירה, און די אלע וואס זיינען דא וועלן לעבן און אריינגיין אין א"י (ווי רש"י ברענגט אראפ פון מדרש[171] דעם גאנצן סדר ווי אזוי איז דאס נתברר געווארן) -

ובמילא זיינען זיי אלע געשטאנען אין אן אופן של אחדות - "כולם שלמים ועומדים להכנס לארץ, שלא הי׳ בהם אף אחד מאותם שנגזרה גזירה עליהם, שכבר כלו מתי מדבר, ואלו

- מאותן -

---

168) ראה תו"א תצוה פג, ב. ד"ה ויאמר משה תש"ם פ"א. פ"י. פי"ד. ובכ"כ. 169) דברים ב, טז. 170) פרשתנו יא, לא. 171) איכ"ר פתיחה לג.

מאותן שבהוב בהן[172] חיים כולכם היום"[173], ווארום וויבאלד אז "אב אחד לכולנה", שטייען אלע פאר אים אין אן אופן פון אחדות אמיתית.

לח. און דאס איז אויך וואס די גמרא איז מוסיף אז "עד שלא כלו מתי מדבר לא הי' דיבור עם משה, שנאמר ויהי כאשר תמו כל אנשי המלחמה למות וידבר ה' אלי, אלי הי' הדיבור" - וואס לכאו' איז נים פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות האט דאס אין דער סוגיא?

באווארענט רש"י[174] אז "לפיכך יו"ט הוא", ד.ה. אז וויבאלד בחמשה עשר באב האט זיך אומגעקערט דער דיבור פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו (וויבאלד אז "כלו מתי מדבר"), איז עס דערפאר געווען א יום טוב.

וואס אע"פ אז אויך איידער "כלו מתי מדבר" געפינט מען אז ס'איז געווען דער דיבור פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו[175] - איז עס אבער נים געווען אין דרגת הנבואה פון משה רבינו,

וכידוע וואס דער רמב"ם איז מבאר בארוכה[176] וועגן גודל מעלת הנבואה פון משה רבינו, וואס "לא קם נביא עוד בישראל כמשה גו'"[177], אז אפי' נבואת יחזקאל, און נבואת ישעי', וואס ער איז געווען דער "גדול שבנביאים"[178] - קומט דאס נים צו נבואת משה רבינו.

און אויף דערויף זאגט מען אז "עד שלא כלו מתי מדבר לא הי' דיבור עם משה" - ס'איז געווען דער דיבור הנבואה צו משה, אבער נים אין דער דרגא הנעלית פון נבואת משה, נאר אין דרגה הנבואה פון שאר הנביאים.

וואס די דרגת הנבואה פון משה רבינו איז געווען פארבונדן מיט אידן - ווי ס'שטיים[179] "לך רד", און רש"י טייטשט אפ: "רד מגדולתך, לא נתתי לך גדולה אלא בשבילם", ד.ה. אז אין "גדולתך", מעלת הנבואה פון משה רבינו לגבי שאר הנביאים, איז געווען אן ענין של ירידה, "רד מגדולתך", וויבאלד אז "שחת עמך".

און בשעת "כלו מתי מדבר", וואס דעמולט האט מען צוריק

- אוועקגעשטעלט -

-------------

172) ואתחנן ד, ד. 173) פרש"י חוקת כ, כב. 174) ד"ה דאמר מר - תענית ל, סע"ב. וראה ג"כ רשב"ם ד"ה זה - ב"ב קכא, סע"ב. 175) פרש"י שם ד"ה לא הי'. רשב"ם ד"ה זה - ב"ב שם. ריש ע"ב. 176) הל' יסוה"ת פ"ז ה"ו. פיהמ"ש סנהדרין פ' חלק יסוד הז'. 177) ברכה לד, י. 178) יל"ש ישעי' רמז שפ"ה. 179) תשא לב, ז.

הנחה בלתי מוגה

אוועקגעשטעלט משה רבינו אין זיין גדולה, עס האט זיך אומ-געקערט דער דיבור צו משה לויטן גודל המעלה פון נבואת משה - האט מען דעמולט געוואוסט אז ס'איז בטל געווארן דער "שחת עמך", און דערפאר איז עס געווען א יום טוב.

ד.ה. אז דערפון וואס "כלו מתי מדבר" אליין איז נאך קיין ראי' ניט אז נתכפר עונם; ווען מ'האט אבער געזעהן אז עס האט זיך אומגעקערט "גדולתך" פון משה רבינו (דער דיבור הנבואה פון דרגת משה), האט מען געוואוסט אז נתכפר עונם; וויבאלד אז "לא נתתי לך גדולה אלא בשבילם".

וואס דאס איז אויך מתאים דערמיט וואס עס שטייט אין זהר[180] אויפן פסוק[181] "במדבר הזה יתמו ושם ימותו", אז "יתמו" איז מלשון תמימות, ועד"ז קען מען אויך טייטשן דעם פסוק "ויהי כאשר תמו כל אנשי המלחמה למות" - אז דאס איז ע"ד "במדבר הזה יתמו". מלשון תמימות, אז אלע ענינים זיינען נתכפר געווארן, און זיי זיינען געשטאנען אין אן אופן של תמימות.

ד.ה. אז נוסף אויף דער תמימות ואחדות פון די אלע וואס זיינען געבליבן, וואס אויף זיי זאגט מען "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום", אז זיי זיינען געווען "שלמים ועומדים להכנס לארץ" - איז אויך געווען דער ענין התמימות בנוגע צו די "מתי מדבר", אז ס'איז געווען דער ענין פון "תמו כל אנשי המלחמה", אז זיי זיינען געשטאנען אין א מעמד ומצב פון תמימות.

לט. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם טעם אז דאס איז דער "יום שביטל הושע בן אלה פרוסדיות שהושיב ירבעם בן נבט על הדרכים שלא יעלו ישראל לרגל":

דורך דעם וואס ירבעם בן נבט האט אוועקגעשטעלט שומרים אז אידן זאלן ניט קענען עולה זיין לרגל[182], און האט אוועק-געשטעלט דעם עגל אין דן און אין בית א-ל[183] - האט ער גע'פועל'ט א פירוד ביי אידן, אז אידן זאלן גיין אין אנדערע ערטער.

ויש לומר אז דאס איז געווען בדוגמא ווי חוניו האט געבויט א בית המקדש אין מצרים[184].

וואס דערמיט איז פאַרשטאנדיק ווי אזוי שטימען די אלע ענינים בלתי רצויים וואס מ'זאגט[185] אויף ירבעם בן נבט, מיט

- דעם -

------------

180) ח"ג קסג, ב. 181) שלח יד, לה. 182) ראה תענית כח, א. 183) מ"א י- ז-כב. קא, סע"א. 184) מנחות קט, ב.
185)



הנחת הת' בלתי מוגה

דעם וואס די גמרא[186] זאגט אז ידבעס בן נבט איז געווען אין דער דרגא פון אחי׳ השילוני, ביז אז "כל תלמידי חכמים (וואס זיינען געווען אין יענעם דור) דומין לפניהם כעשבי השדה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בחמשה עשר באב, ווען מ׳האט מבטל געווען די שומרים אז אידן זאלן נים קענען עולה זיין לרגל, און מ׳האט געקענט עולה לרגל זיין,

און ווי די משנה[187] זאגט אויך אז עס זיינען געווען "בני גונבי עלי ובני קוצעי קציעות" - וואס זיי האבן עולה לרגל געווען אע"פ אז מ׳האט אוועקגעשטעלט שומרים אז מ׳זאל נים קענען עולה לרגל זיין,

איז דעמולט געווארן דער ענין פון אחדות ביי אידן - אז אלע אידן, פון אלע י"ב שבטים, האבן עולה געווען לרגל אין דעם זעלבן ארט, דער "מקום אשר יבחר ה׳".

מ. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם טעם אז דאס איז דער "יום שנתנו הרוגי ביתר לקבורה":

די גמרא זאגט אז "אותו יום שנתנו הרוגי ביהר לקבורה תקנו ביבנה הטוב והמטיב, הטוב שלא הסריחו, והמטיב שנתנו לקבורה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בחמשה עשר באב האט זיך אויפגעטאן אן ענין של שלום און אחדות נים נאר בא די וואס זיינען געווען נשמות בגופים, נאר ס׳איז אויך געווארן א שלום און אחדות אויך בא די נשמות וועלכע זיינען שוין נים געווען אין גופים ("הרוגי ביהר") -

ווארום דורך דעם ענין פון "אל עפר תשוב"[188], ווערן זיי נתאחד מיט די אלע וואס וועלן אויפשטיין בא תחיית המתים. וואס צוליב דערויף דארפן זיי דורכגיין דעם "עפר אתה ואל עפר תשוב", ווי די גמרא זאגט אין שבת[189].

אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

די גמרא[190] זאגט אז אויף ביתר איז נגזר געווארן די גזירה דערפאר וואס ס׳איז נים געווען קיין שלום צווישן איר מיט ירושלים - בשעת אין ירושלים איז געווען א מעמד ומצב פון היפך השמחה, איז אין ביתר געווען אן ענין של שמחה,

- און -

-------------

186) שם קב. א. 187) תעניה כו, א. וראה בגמרא שם כח, א. 188) בראשיה ג. יט. 189) קנב, סע"ב. 190) ירושלמי תענית פ"ד ה"ה (כא. ב). איכ"ר פ"ב, ד. פ"ד, כא.

און דערפאר האבן זיי באקומען דעם עונש אז לא נתנו לקבורה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כל זמן די גזירה איז נאך געווען בתקפה, און דער עונש איז נאך ניט בטל געווארן - האט געפעלט אין דער אחדות פון אידן, ווארום עס זיינען געווען די וואס זיינען געווען אין דעם סוג פון "כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בשמחתה"[191], און עס זיינען געווען די וואס האבן ניט מתאבל געווען אויף ירושלים, ביז אז בא זיי איז גאר געווען דער היפך הענין פון "מתאבל על ירושלים",

[וע"ד האמור לעיל (סל"ז) בנוגע צום טעם פון "כלו מתי מדבר", אז אידער "כלו מתי מדבר", זיינען אידן ניט געווען אין דעם זעלבן מעמד ומצב, ווארום עס זיינען געווען די וואס אויף זיי איז נגזר געווארן די גזירה אז זיי זאלן בלייבן אין מדבר, און עס זיינען געווען די וואס זיינען דערנאך אריין אין ארץ ישראל].

ווען ס'איז אבער געקומען חמשה עשר באב, וואס דעמולט "נתנו הרוגי ביתר לקבורה", האט מען געוואוסט אז זייער עונש איז בטל געווארן (ווארום דאס וואס די גזירה איז בטל געווארן למטה, איז עס דערפאר וואס זי איז בטל געווארן למעלה) - און דערפאר איז געווארן דער ענין פון אחדות ביי אידן, אויך מיט די אידן וואס פריער זיינען זיי געווען אין א מעמד ומצב הפכי פון "כל המתאבל על ירושלים",

ווארום נאך דערויף וואס זיי האבן באקומען זייער עונש, זאגט מען "ונקלה אחיך לעיניך"[192], אז "כשלקה הרי הוא כאחיך"[193], און צו זיי איז אויך דא דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", אן אהבה ואחוה אמיתית, ע"פ תורה.

מא. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם טעם אז דאס איז דער "יום שפסקו מלכרות עצים למערכה" - אז דאס איז אויך פארבונדן מיט דער אחדות פון אידן:

בחמשה עשר באב האט זיך געענדיקט די כריתה עצים למערכה, און דעמולט האט מען געענדיקט צוגרייטן די עצים פאר דער מערכה ביז צו ר"ח ניסן הבא, אז במשך פון דער גאנצער צייט זאל מען האבן עצים למערכה פאר די קרבנות פון אלע אידן - וואס דאס באווייזט אויפן קירוב און אחדות פון כל בנ"י.

ונוסף לזה: בחמשה עשר באב איז געווען דער "קרבן העצים" פון "זתוא בן יהודה", וואס מיט אים האבן זיך משתתף

- געווען -

---

191) תענית ל, ב. 192) תצא כה, ג. 193) מכות כג, סע"א במשנה. ועוד.

געוועז "כהנים ולוים, וכל מי שטעה בשבטו", ד.ה. אז דער "קרבן העצים" פון חמשה עשר באב האט א שייכות צו אלע אידן, פון וועלכן שבט זיי זאלן נאר זיין - "כהנים ולוים", און "כל מי שטעה בשבטו".

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[194] אז דאס איז נוגע במיוחד צו זמן הגלות - וויבאלד אז אין זמן הגלות איז "לא אתנו יודע עד מה"[195], קיינער ווייסט ניט צי ער איז א כהן אדער א לוי, אדער ער געהערט צו די אנדערע שבטים, און אין דערויף גופא - צו וועלכן שבט ער געהערט, צו שבט ראובן אדער צו שבט שמעון וכו׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "קרבן העצים" פון חמשה עשר באב האט א שייכות מיוחדת צו אלע אידן אין זמן הגלות, וויבאלד אז אין דערויף האבן זיך משתתף געווען די "כהנים ולוים, וכל מי שטעה בשבטו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב", מיט סיום המסכת "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים כו׳" - וויבאלד אז דער ענין פון "מחול" באווייזט אויף דעם קירוב ואחדות פון די אלע וואס געפינען זיך אין דעם "מחול", און די אלע טעמים אויפן יו"ט פון חמשה עשר באב זיינען פארבונדן מיט דעם ענין הקירוב והאחדות פון אידן, כנ"ל בארוכה.

מב. האמור לעיל אז אלע טעמים אויפן יו"ט פון חמשה עשר באב זיינען פארבונדן מיט דעם ענין האחדות פון אידן - איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמרא[196] זאגט "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף". ווי רש"י[197] טייטשט אפ: "מחמשה עשר באב ואילך. דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו":

די הוספה וואס דארף זיין פון חמשה עשר באב ואילך, איז בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, וואס דער ענין פון לימוד התורה ברענגט אחדות צווישן אידן.

והביאור בזה:

בנוגע צו קיום המצוות, זיינען דא חילוקים צווישן אידן, וואדום עס זיינען דא מצוות וועלכע זיינען ניט שוה לכל נפש: עס זיינען דא מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט כהונה, מצוות וואס זיינען פארבונדן מיטן מלך וכיו"ב.

- אבער -

------------

194) שיחת ט"ו באב סי"ז-יח. 195) תהלים עד, ט.
196) תענית לא, א. 197) ד"ה מכאן.

אבער בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - זאגט מען אז "תורה אחת לכולנה", אין דערויף זיינען ניטא קיין חילוקים, ווארום אלע אידן זיינען מחוייב אין לימוד התורה, אפי' זקן און אפי' עני וכו'[198] - קומט דאך אויס אז אין דעם ענין פון לימוד התורה איז מודגש דער ענין האחדות פון אידן

און ווי דער צ"צ[199] איז מבאר אז אזא איד וואס ע"פ שו"ע איז ער יוצא י"ח לימוד התורה מיט "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית", איז ער דערמיט מקיים דעם ציווי פון "והגית בו יומם ולילה"[200], ווי ס'איז משמע פון פשטות הסוגיא אין מנחות[201], וואס דאס איז נאכמער מדגיש דעם ענין האחדות פון אידן וואס מ'זעט אין דעם ענין פון לימוד התורה.

און ווי דער ראגאטשאווער[202] איז מבאר אז גאנץ תורה איז איין נקודה.

וואס דערביי איז ער מבאר[203] דאס וואס די גמרא[204] זאגט אויפן פסוק[205] "נפש עמל עמלה לו גו'", אז "הוא עמל במקום זה ותורתו עומלת לו במקום אחר", אע"פ וואס לכאו' האט דאס נים קיין שייכות צו דעם ענין אין תורה אין וועלכן ער איז "עמל במקום זה" - וואס דאס איז דערפאר וואס מצד עצם ענינה איז גאנץ תורה איין נקודה.

וואס די גאנצע תורה נעמט זיך פון די עשה"ד - ווי עס שטייט אין ירושלמי[206] אז דערפון וואס עס שטייט[207] "מזה ומזה הם כתובים", לערנט מען אפ אז "בין כל דיבור ודיבור (היו כתובים) דקדוקי' ואותיותי' של תורה", ד.ה. אז אלע ענינים פון תורה, ביז מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש, איז עס איבערגעגעבן געווארן אין עשרת הדברות.

און ווי דער רס"ג[208] איז מבאר אז אין עשה"ד זיינען כלול אלע תרי"ג מצוה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווי מצוות שטייען אין תורה, איז אין זיי ניטא קיין התחלקות, וואס דערפאר איז ווען עס רעדט זיך וועגן לימוד התורה אין הל' כהונה אדער הל' מלכים וכיו"ב, איז אין דערויף ניטא קיינע חילוקים - בא יעדער אידן איז דער זעלבער חיוב פון לימוד התורה אין די ענינים פונקט ווי אין אלע אנדערע ענינים פון תורה.

- וואס -

-------------

198) רמב"ם הל' ה"ת פ"א ס"ח. סושו"ע יו"ד ר"ס רמו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג סוס"ד. 199) בחידושיו על הש"ס פאה פ"א מ"א. 200) יהושע א, ח. 201) צט, ב. 202) ראה צפע"נ מהדו"ה נט, א. פא, א. ועוד. 203) שו"ה צפע"נ נ.י. (ווארשא) ס"י. הל' הרוכה ג, ב. 204) סנהדרין צט, ב. 205) משלי טז, כו. 206) שקלים פ"ו ה"א. 207) תשא לב, טו. 208) הובא בפרש"י עה"פ משפטים כד, יב.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין פון המשה עשר באב ואילך, איז פאר-בונדן מיט דעם ענין האחדות פון אידן, וויבאלד אז אין תורה איז מודגש דער ענין האחדות פון אידן.

מג. ובדרך אגב – אין דעם ענין פון "דמוסיף יוסיף", זעט מען א דבר פלא:

אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן (קרוב לסופו[209]), ברענגט דער אלטער רבי אז פון חמשה עשר באב ואילך דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, און זאגט דערביי דעם לשון "מט"ו באב ואילך יוסיף מעט מעט".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז דער אלטער רבי מוסיף דעם לשון "מעט מעט" – מ'געפינט ניט די הוספה ניט אין רש"י און ניט אין תוספות?

און אפי' אויב מ'וועט דאס געפינען ביי איינעם פון די ראשונים [וואס באמת איז דער אלטער רבי אליין אויך א ראשון[210], און מ'קען זיך פארלאזן אויף אים, "כדאי הוא (ר"ש) לסמוך עליו"[211]] – איז די שאלה אויף דעם "ראשון": פארוואס זאגט ער אז די הוספה זאל זיין "מעט מעט"?

בפשטות וואלט מען געקענט זאגן, אז אזוי ווי דער טעם אויף דעם וואס מ'דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה פון חמשה עשר באב ואילך איז דערפאר וואס "הלילות מאריכין והימים מתקצרין"[212] – איז אזוי ווי דאס וואס "הלילות מאריכין" ווערט ניט מיטאמאל נאר "מעט מעט", איז אזוי אויך בנוגע צו דער הוספה אין לימוד התורה (וואס איז דערמיט פארבונדן), אז די הוספה דארף זיין "מעט מעט".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

מ'זעט דאך אז רש"י טייטשט ניט אפ פשטות הסוגיא אז די הוספה דארף זיין "מעט מעט" (אדער דערפאר וואס דאס איז מובן בעצמו, אדער צוליב אן אנדער טעם) – איז וואס דארף דער אלטער רבי (אראפברענגענדיק דעם ענין להלכה) זאגן אז די הוספה אין לימוד התורה דארף זיין "מעט מעט" – וועמען ארט אז ער וועט ארייינלערנען אין טאג (ניט דוקא ווען "הלילות מאריכין")?!

און ס'איז דאך זיכער אז די כוונה בזה איז ניט אז

– מ'זאל –

------------

209) פ"ד ס"ח. 210) הקדמת הרבנים בני הגאון המחבר ז"ל.
211) ברכות ט, א. ושי"נ. 212) רשב"ם ד"ה מט"ו באב – ב"ב קכא, ב. וראה שיחת י"ג מנ"א ש.ז. ס"ו ואילך.

 הנחה הת' בלתי מוגה

מ׳זאל קוקן אויפן זייגער און זעהן וויפל סקונדן זיינען צוגעקומען אין אריכות הלילה. און פונקט אזוי פיל סקונדן זאל מען מוסיף זיין אין ליכוד התורה!

מ׳דערציילט[213] אויף א דייטשישער איד וואס איז דערנאך געווארן א חסיד און א מקושר. אז ביי אים איז אלץ געווען אין אן אופן פון "תורה עם דרך ארץ", און ווען ער האט זיך מתבונן געווען צו ק"ש, האט ער געקוקט אויפן זייגער (אויפן טיש, אדער דער זייגער איז געהאנגען אויפן וואנט), און לאחרי עבודת התפלה האט ער געזאגט אז זאגנדיק "שמע ישראל" האט ער זיך מתבונן געווען "פאסט איינע מינוטע" (מעט איין מינוט), ער האט געהאט אין זינען אז די התבוננות איז געווען "פאסט איינע מינוטע".

ובנוגע לעניננו - קען מען ניט זאגן אז די כוונה פון דעם אלטן רבי׳ן איז, אז די הוספה אין ליכוד התורה זאל זיין מערניט ווי "מעט מעט" - מ׳זאל זיין "פאסט איינע מינוטע", און ניט "צוויי מינוטע"!

וואס דאס איז אלץ געווען א מאמר המוסגר.

מד. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם קשר מיט התחלת המסכת:

אין התחלת המסכת זאגט די משנה: "מאימתי מזכירין גבורות גשמים, רבי אליעזר אומר מיום טוב הראשון של חג, ר׳ יהושע אומר מיום טוב האחרון של חג. אמר לו ר"י הואיל ואין הגשמים אלא סימן קללה בחג למה הוא מזכיר, אמר לו ר"א אף אני לא אמרתי לשאול אלא להזכיר משיב הרוח ומוריד הגשם בעונתו, אמר לו א"כ לעולם יהא מזכיר".

ווען מ׳גיט א קוק אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, וואו ער רעדט וועגן דער ברכה שני׳ פון שמו"ע[214], זעט מען אז דער אלטער רבי זאגט: "והי׳ מן הדין להזכיר ולרצוה לפניו ביו"ט הראשון של חג . . אלא לפי שהגשמים הם סי׳ קללה בחג הסוכות שא"א לישב בסוכה בשעת הגשם, אין מזכירין הגשם עד עבור ז׳ ימי ישיבה בסוכה".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט דער אלטער רבי די סברא פון ר"א, די סברא איז דאך אפגעפרעגט געווארן דורך ר"י?!

איז דערפון פארשטאנדיק, אז במשנה לייגט זיך צו זאגן אזוי ווי ר"א, וואס דערפאר זאגט דער אלטער רבי אז "הי׳ מן הדין להזכיר ולרצות לפניו ביו"ט הראשון של הג", נאר צוליב

- דער -

------------

213) ראה גם [illegible]. 214) או"ח סקי"ד ס"א.

דער סברא פון ר"י, איז "אין מזכירין הגשם עד עבור ז׳ ימי ישיבה בטוכה".

והביאור בזה:

איידער מ׳בעט דעם אויבערשטן אויף דעם ענין פון ירידת גשמים, דארף מען אים פהיער מרצה זיין, ווי דער אלטער רבי זאגט אז "טרם שישאלו הגשמים בעונתם כשיגיע זמן השאלה, מרצין לפניו בהזכרת גבורותיו שמוריד גשמים", וואס דערפאר איז די הזכרה פון "מוריד הגשם" אין די ג׳ ראשונות, וואס ענינם איז[215] סידור שבחו של מקום (און ניט בקשת צרכיו).

און וויבאלד אז פאר שאילת הגשמים דארף זיין דער ריצוי דורך "הזכרת גבורותיו שמוריד גשמים" - איז פארשטאנ-דיק אז הזכרת גשמים דארף זיין מיו"ט הראשון של חג, און דערנאך ווען מ׳וועט קומען צום סיום החג, ביו"ט אחרון של חג, וועט זיין דער ענין פון שאילת גשמים.

און בשעת מ׳דערמאנט דעם ענין פון גשמים ביו"ט ראשון של חג, איז דאס ניט קיין ענין פון היפך הברכה (ס׳איז באר לא קיימא לשאלה אז ס׳איז ניט קיין ענין פון היפך הברכה) - ווארום מ׳דערמאנט דאס אין די ג׳ ראשונות, וואס זיי זיינען שבחו של מקום, און ניט דער ענין פון בקשת צרכיו (וואס דערפאר זאגט מען דאס אויך בשבת ויו"ט, ווען עס טאר ניט זיין בקשת צרכיו, און מ׳דערמאנט ניט די ענינים בלתי רצויים וואס זיינען פארבונדן מיט "סלח לנו כו׳").

ס׳איז מערבים וואס אזוי ווי עס קען זיין א סימן אויף אן ענין פון היפך הברכה - באווארענט מען אויך אז ס׳זאל ניט זיין אפי׳ א סימן פון היפך הברכה, און דערפאר "אין מזכירין הגשם עד עבור ז׳ ימי ישיבה בסוכה".

מה. און דאס איז דער קשר צווישן התחלת מיט סיום המסכת - "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים כו׳":

די מחלוקת פון ר"א מיט ר"י איז "מאימתי מזכירין גבורות גשמים", ד.ה. אז ביידע האלטן אז מ׳איז ניט מזכיר גבורות גשמים במשך כל השנה ("לעולם יהא מזכיר") - ווארום בכל השנה כולה איז דא דער ענין פון "טל" (ניט דער ענין פון "גשם"), נאר ס׳איז דא א זמן מסוים בשנה וואס דעמולט דארף מען האבן גשמים, און דעמולט איז מען מזכיר "גבורות גשמים".

וואס דער כללות החילוק צווישן "טל" מיט "גשם" איז -

- אז -

---

215) ברכות לב, א. רמב"ם הל׳ תפלה פ"א ה"ב. שו"ע אדה"ז או"ח סקי"ב.

אז "טל לא מיעצר"[216], דעם ענין פון "טל" גיט דער אויבערשטער אין אלע זמנים בשוה, און אין דערויף זיינען ניטא קיינע שינויים, משא"כ דער ענין פון "גשם". וואס אויף דערויף דארף מען אנקומען אנקומען צו עבודת האדם. שאילת גשמים. וכמרז"ל[217] אויפן פסוק[218] "יערוף כמטר לקחי", אז "שברו בריות את ערפן כיד מטר יורד".

און דאס איז דער קשר מיט סיום המסכה "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים":

מ'האט גערעדט פריער (סל"ד) אז דער ענין פון "מחול" באווייזט אויף אן ענין של אחדות, אז עס זיינען ניטא קיינע חילוקים צווישן די וואס געפינען זיך אין דעם "מחול".

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס סיי ר"א און סיי ר"י האלטן אז מ'איז ניט מזכיר גבורות גשמים בכל השנה (די מחלוקת איז נאר "מאימתי מזכירין גבורות גשמים"), דערפאר וואס בכל השנה כולה איז דא דער ענין פון "טל", וואס דער ענין פון "טל" קומט בחסדו הגדול של הקב"ה, און ס'איז ניט תלוי אין עבודת האדם, וואס דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של אחדות, ווארום ס'איז אין אלע זמנים בשוה, און ס'איז קיין חילוק ניט אין דעם מעמד ומצב פון אידן.

וכאמור לעיל אז די מחלוקת פון ר"א און ר"י איז נאר "מאימתי מזכירין גבורות גשמים":

בשעת עס קומט די צייט וואס מ'דארף האבן דעם ענין פון שאלת גשמים, און פאר דערויף דארף זיין דער "מרצין לפניו בהזכרת גבורותיו" – האלט ר"א אז די הזכרה פון גבורות גשמים דארף זיין מיו"ט הראשון של חג, און ר"י האלט מיו"ט האחרון של חג:

ר"א האלט אז כל שבעת ימי החג, כולל אויך שמע"צ, זיינען א נקודה אחת (נאר בנוגע צו פז"ר קש"ב איז שמע"צ א "רגל בפ"ע"[219]), און דערפאר איז מען מרצה און מזכיר גבורות גשמים אין תחלת הנקודה, ביו"ט הראשון של חג, און מ'איז שואל גשמים בסוף הנקודה, ביו"ט האחרון של חג.

און ר"י האלט אז שבעת ימי החג מיט שמע"צ זיינען באזונדערע נקודות, און דערפאר איז דער יו"ט הראשון של חג אזוי ווי כל השנה כולה, אז מ'איז ניט מזכיר "גבורות גשמים", מערניט ווי ביום טוב האחרון של חג.

- מו. -

------------

216) תענית ג, א. 217) ב"ר פי"ג, יד. וראה גם ירושלמי תענית פ"א ה"א. 218) האזינו לב, ב. 219) סוכה מח, רע"א. וש"נ.

מו. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דער ענין וואס "מזכירין גבורות גשמים" איז דאך אין ברכה השני' פון שמו"ע, די ברכה פון "מחי' המתים" (דער ענין פון תחיית המתים).

וואס דער אויפטו פון התה"מ איז - אז "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים", וואס דאס איז דער קשר פון תחלת המסכת מיטן סיום המסכת.

וואס דער ענין פון תחה"מ וועט זיין לאחרי הגאולה העתידה - און בנוגע צו דער גאולה איז דא די פלוגתא[220] צווישן ר"א מיט ר"י, אז "ר' אליעזר אומר אם ישראל עושין תשובה נגאלין", און ר"י זאגט "לא בתשובה ומעשים טובים" ("דאפילו אין עושין תשובה נגאלין"[221]).

און אין דער פלוגתא גייען זי [illegible] אין דער פלוגתא "מאימתי מזכירין גבורות גשמים", אז "ר"א אומר מיו"ט הראשון של חג", און "ר"י אומר מיו"ם האחרון של חג".

מז. בנוגע צו דער שייכות פון "גבורות גשמים" צו דעם ענין פון תחה"מ, וואס דערפאר האט מען קובע געווען דעם ענין פון הזכרת "גבורות גשמים" אין ברכת "מחי' המתים" - זאגט די גמרא[222] "מתוך שהיא שקולה כתחייה המתים קבעוה בתחיית המתים".

און אין ירושלמי[223] שטייט "כשם שתחיית המתים חיים לעולם כך ירידת גשמים חיים לעולם" - און אזוי ווערט אויך אראפגעבראכט אין טור[224], און דער ב"ח[225] זאגט אויף דעם אז "האי לישנא כמש בירושלמי ריש פ"ק דתענית".

אבער אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע[226] פארבינדט ער ביידע ענינים (דער בבלי מיטן ירושלמי). און מאכט דערפון איין זאך: "וקבעו הזכרה זו בברכה מחי' המתים מפני שהגשמים הם שקולים כתחיית המתים. שכשם שתחיית המתים חיים לעולם כך הגשמים חיים לעולם".

מח. דער ביאור אין דעם וואס דער ענין פון "גבורות גשמים" איז "שקולה כתחיית המתים", און "ירידה גשמים חיים לעולם" - איז פארבונדן דערמיט וואס די גמרא[227] זאגט "ג' מפתחות בידו של הקב"ה שלא נמסרו ביד שליח, ואלו הן, מפתח של

- גשמים -

---

220) סנהדרין צז, ב. 221) פרש"י שם ד"ה לא בכסף.
222) תענית ז, רע"א. 223) תענית פ"א ה"א (קרוב לתחלתה).
224) או"ח סקי"ר. 225) או"ח שם ד"ה ומ"ש וטעמו. 226) שם.
227) תענית בתחלתה.

גשמים, וכמפתח של חי׳, וכמפתח של תחיית המתים". און דערנאך איז די גמרא מוסיף "אף מפתח של פרנסה" (וואס "גשמים היינו פרנסה").

און ווי עס ברענגט זיך אין תור[228] אז עס זיינען דא די ד׳ ענינים וואס "אינן נמסרין בידי אדם, ואלה הן, מפתח של גשמים ושל פרנסה ושל תחיית המתים ושל חי׳, וסמני׳ מפה"ח. מסר פרנסה תחיי׳ חי׳".

וואס וויבאלד אז מ׳זאגט אז עס זיינען ענינים וואס זיינען "בידו של הקב"ה שלא נמסרו ביד שליח", איז פארשטאנדיק אז ס׳איז דא א קשר ושייכות צווישן זיי, ביז אז זיי זיינען איין ענין, וואס דערפאר געפינט זיך דער "מפתח" פון די ענינים אין דעם זעלבן ארט, וויבאלד אז עס האט די זעלבע חשיבות.

און אויף דערויף איז מען מבאר דעם קשר צווישן גשמים מיט תחה"מ - אז "הגשמים הם שקולים כתחיית המתים", ווארום "כשם שתחיי המתים חיים לעולם כך הגשמים חיים לעולם".

והביאור בזה:

די גמרא[229] ברענגט כו"כ ראיות אויף דעם ענין פון תחה"מ מה"ת, און דערנאך זאגט די גמרא[230] א סברא אויף דעם און ווי מ׳געפינט בכ"מ אין ש"ס אז א סברא האט מער הוקף ווי "קרא" - "דלא הוו חיי, דהוי חיי לא כ"ש", "אותן שלא היו מעולם נוצרין ונולדין וחיין, אותן שהיו כבר לא כ"ש שחוזרין וחיין"[231].

ועד"ז איז אויך דער ענין פון ירידת גשמים - אז דאס טוט אויף אז "דלא הוו חיי":

ווען מ׳ווארפט אריין א גרעין בארץ, איז אע"פ אז די ארץ האט דעם כח הצומח, און דער גרעין האט דעם כח הצומח וואס איז שייך צו דעם ענין, איז נאך אבער ניטא דער "והולידה והצמיחה"[232];

און דוקא "כאשר ירד הגשם", ווערט אויפגעטאן דער "והרוה את הארץ והולידה והצמיחה"[232], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון גשם טוט אויף אז "דלא הוו חיי", אז ס׳זאל זיין "הולידה והצמיחה". בדוגמה הענין פון "מפתח של חי׳". וואס דאס איז בדוגמה הענין פון התה"מ.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק ווי אלע ענינים וועלכע - זיינען -

------------

228) שם. 229) סנהדרין צ, ב. 230) שם צא, א. 231) פרש"י שם ד"ה דלא הוו. 232) ישעי׳ נה, י.

זיינען "בידו של הקב"ה, שלא נמסרו ביד שליח" זיינען פאר-בונדן זב"ז: "גשמים היינו פרנסה", און דאס טוס אויף דעם "הולידה והצמיחה". אז "דלא הוו חיי", וואס דאס איז בדוגמת "מפתח של חי׳", וואס "מפתח של חי׳" איז בדוגמת "מפתח של תחיית המתים".

מט. אין דערויף קומט אויך צו דער דיוק אז תחה"מ און גשמים זיינען "חיים לעולם", ד.ה. אז ס׳איז דא די מציאות פון דעם עולם, און דורך די ענינים ברענגט מען "חיים לעולם":

דער ענין אז מ׳זאל ברענגען "חיים לעולם" קען זיין מערניס ווי דורך דעם אויבערשטן, וואס ער האט באשאפן די וועלט באופן מסוים, און ער וויל אז מ׳זאל ברענגען "חיים לעולם",

ובדוגמא ווי די שאלה וואס טורנוסרופוס הרשע האט געפרעגט[233]: וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געמאכט אז איינער זאל זיין אן עשיר און דער צווייטער זאל זיין אן עני, איז היתכן אז מ׳זאל זיך ארייננמישן אין דער בעה"ב׳ש-קייט פון דעם אויבערשטן און געבן צדקה דעם עני - וואס דער ענטפער אויף דערויף איז, אז דער אויבערשטער וויל אז מ׳זאל געבן צדקה דעם עני, וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן "בנים", און ניט וועגן "עבדים",

וואס דערפון זעט מען אז דער ענין פון ברענגען "חיים לעולם" קען זיין מערניס ווי דורך דעם אויבערשטן - דערפאר וואס אזוי וויל דער אויבערשטער,

און דער ענין פון "חיים לעולם" קען אויפגעטאן ווערן דורך צוויי אופנים - דורך דעם ענין פון "גשמים", און דורך דעם ענין פון "התחיית המתים":

דער ענין פון "גשמים" איז פארבונדן און ווערט אויפגע-טאן ע"י מעשה בני אדם, ווארום "שברו בריות את ערפן מיד מטר יורד", ד.ה. אז דורך דעדויף וואס א איד איז מתפלל להקב"ה, ווערט אויפגעטאן אז "ירד הגשם גו׳ והרוה את הארץ והולידה והצמיחה", וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער "לחם לבב אנוש יסעד" - וואס דאס איז דער ענין פון "חיים לעולם" וואס ווערט אויפגעטאן ע"י גשמים, מעשה ידי אדם.

און דער ענין פון "תחיית המתים" ווערט אויפגעטאן דורך דעם אויבערשטן - כמבואר בארוכה אין יחזקאל[234] אין דער נבואה פון תחה"מ, וואס דארטן[235] שטייט "וידעתם כי אני ה׳

- בפתחי -

------------

233) ב"ב י, א. 234) לז, ג ואילך. 235) שם, יג.

בפתחי את קברותיכם" [ווי די גמרא ברענגט אראפ דעם פסוק אין אנהויב מסכת תענית[236]], און דערנאך ווערט זיין "ונתתי רוחי בכם וחייתם"[237].

און אויף דערויף זאגט מען אז א איד "נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית"[238] – אז אזוי ווי דער אויבערשטער ברענגט "חיים לעולם" דורך דעם עניין פון תחה"מ, ברענגט אויך א איד "חיים לעולם" דורך דעם וואס ער איז מתפלל להקב"ה אז ס'זאל זיין דער עניין פון ירידת גשמים.

וואס דער "מפתח של גשמים" איז אויך "בידו של הקב"ה" (אע"פ אז ס'איז פארבונדן מיט מעשה ידי אדם – "שברו בריוה את ערפן") – ווארום "אלמלא הקב"ה עוזרו אין יכול לו"[239].

און דער "מפתח של גשמים" ווערט אפגעגעבן צו א אידן דורך דערויף וואס דער אויבערשטער האט חרטה אויף דעם וואס ער האט באשאפן דעם יצה"ר [מכרז"ל[240] "ארבעה מתחרט עליהן הקב"ה שבראם", וואס איינער פון זיי איז "יצר הרע"]. וואס דעמולט האט א איד חרטה דערפון וואס "הקפו יצרו" –

און דעמולט ווערט דער עניין פון "חיים לעולם" אין ביידע אופנים – דורך דעם עניין פון "גשמים". און דורך דעם עניין פון "תחיית המתים".

נ. און דאס איז דער קשר מיט סיום המסכת וואס דארטן שטייט "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע כו'" – וויבאלד אז דאס גייט אויפן זמן פון "תחיית המתים", ווען ס'וועלן זיין נשמות בגופים. וואס דער עניין פון תחה"מ איז פארבונדן מיט גבורות גשמים. כנ"ל באריכות.

און ווי דערמאנט פריער (סל"א) אז בדוגמא ווי ס'זאגט "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות", און "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י", ד.ה. אז לע"ל וועלן כל הארצות זיין אין דער קדושה פון א"י, און א"י וועט זיין אין דער קדושה פון ירושלים – איז פארשטאנדיק, אז אזוי וועט דעמולט אויך זיין די דרגה הקדושה פון גן עדן,

[ובדוגמא ווי אין ביהמ"ק השלישי וועלן זיין די חילוקי דרגות צווישן קדש מיט קדשי קדשים, מיט אלע חילוקי דרגות פון "עשר קדושות הן"[241]],

און אויף דערויף זאגט מען אז "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע".

- נא. -

---

236) ב, ב. 237) יחזקאל שם. 238) שבת קיט, ריש ע"ב.
239) קידושין ל, ב. וראה גם סוכה נב. ב. 240) סוכה שם.
241) כלים פ"א מ"ו.

נא. וכן תהי׳ לנו בקרוב ממש - דער ענין פון "מזכירין גבורות גשמים", אז כ׳רעדמאנט דעם אויבערשטן׳ס גבורות אז ער גיט גשמי ברכה, ווי עס שטייט[242] "ונתתי גשמיכם בעתם", און ווי דער רמב"ן[243] טייטשט אפ אז דער ענין פון גשמים איז כולל אין זיך אלע ברכות, ביז ווי דער בעש"ט[244] טייטשט אפ אז אייערע גשמיות ("גשמיכם") וועלן זיין "בעתם".

און דערנאך וועט דער ענין פון שאילת גשמים - עס איז טאקע "הקב"ה עוזרו", דאס איז אבער תפלה בו"ד, און דערנאך איז "תפלה עושה מחצה", און נאכמער: "עושה כולה"[245].

און בקרוב ממש וועט דער "הקיצו ורננו שוכני עפר", ביז צום סיום המסכת - "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים ("ועמך כולם צדיקים"[246]) והוא יושב ביניהם בג"ע, וכל אחד ואחד מראה באצבעו, שנאמר ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה׳ קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו".

וואס די שמחה איז אויך פארבונדן מיט דער שמחה פון "גברה של תורה" און א סיום פון א מסכת - בדוגמא ווי די שמחה פון חמשה עשר באב (וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב") וואס זי איז פארבונדן דערמיט וואס "היו משלימין מצוה גדולה כזאת" פון כריתת עצים למערכה - מיטן דיוק בזה אז ס׳שטייט ניט "היו מסיימין כו׳", נאר "היו משלימין כו׳", אז מ׳האט דאס אפגעטאן בשלימות.

וכן תהי׳ לנו - אז מ׳איז משלים אלע בירורים, וכפתגם הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[247] אז מ׳דארף צופוצן די קנעפלאך, ובקרוב ממש וועט זיין דער "הקיצו ורננו שוכני עפר".

נב. און פון מסכת תענית גייט מען אריין אין מסכת מגילה, וואס דאס איז פארבונדן מיט "סמכך גאולה לגאולה"[248] - אז נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[249], וועט שוין אויפגעטאן דער ענין פון "מגילה נקראת".

וכידוע דער דיוק אין "מגילה נקראת" אז דאס איז בדוגמא ווי מ׳זאגט[250] "ויהיו נקראים לפני המלך", אז זיי ווערן געלייענט פון זיך אליין[251], ועד"ז בנוגע צו "מגילה נקראת", אז זי ווערט געלייענט פון זיך אליין.

וואס דער ענין פון "מגילה נקראת" הויבט זיך אן פון

- י"א -

------------

242) בחוקותי כו, ד. 243) עה"פ. 244) ראה כש"ט סרנ"ו (לה, א). 245) ויק"ר פ"י, ה. 246) ישעי׳ ס, כא. 247) שיחת שמח"ת תרפ"ט (הנחה). 248) מגילה ו, סע"ב. 249) שם יד, א. 250) אסתר ו, א. 251) מגילה טו, סע"ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

י"א אדר, ביז צו ט"ו אדר, ווען "קייכא סיהרא באשלבוהא"[252] -

כמבואר אין של"ה[253] אז ט"ו איז פארבונדן כ"ב י-ה פון שם הוי׳, און י"א איז פארבונדן כ"סן ו"ה פון שם הוי׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס איז דא ט"ו און י"א ווערט דער ענין פון "השם שלם", און דאס ברענגט אויך אז ס׳זאל זיין "הכסא שלם"[254],

וואס דאס ברענגט צו דער שלימוה פון עם ישראל, און שלימות פון א"י - וויבאלד אז כולם ביחד זיינען פארבונדן מים שלימות התורה, וואס דערפאר זאגט מען אז אפי׳ ווען "כל ספרי הנביאים וכל הכתובים עתידין ליבטל לימות המשיח", איז אבער "מגילת אסתר . . קייכת כחמשה חומשי תורה וכהלכות של תושבע"פ שאינן בטלים לעולם"[255].

און עס ווערט דער "כסמך גאולה לגאולה", וויבאלד אז זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן" האט מען שוין אפגעטאן אלע ענינים וואס מ׳דארף טאן בנוגע צו קבלת פני משיח צדקנו, און מ׳האט דאס געטאן ביתר שאת וביתר עוז, אין אן אופן של הוספה, מהדרין מן המהדרין, ווי די גמרא אליין איז מעיד אז "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[256], און מ׳פסק׳נט דאך אפ אין מסכת קידושין[257] אז דורך א הרהור חשובה ווערט ער גלייך א "צדיק גמור", וואס דאס איז א פס"ד אין הלכה בפועל אין עולם הזה הגשמי.

ביז אז עס ווערט דער ענין פון "קידושין" של הקב"ה - אז מ׳שטיים אין אן אופן של קדושה והפרשה[258] פון וועלט, און אויך מלשון קדושה להקב"ה (קדושה לבעלה), אז "שכינה ביניהן"[259] -

אז פון דעם מעמד ומצב פון אירוסין בעוה"ז, וועט מען קומען בקרוב ממש צום מעמד ומצב פון נישואין בעוה"ב[260],

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

- נג. -

------------

252) ראה זח"א קנ, רע"א. ח"ב פה, א. ובכ"מ. 253) של"ה שכס, א. של, ב. וראה אוה"ת הוספות למג"א ע׳ מה. סד"ה מגילה נקראת תרכ"ט (סה"מ תרכ"ט ע׳ עח). 254) תנחומא ב"פ תצא. פרש"י עה"פ בשלח יז, טז. ובכ"מ. 255) רמב"ם סוף הל׳ מגילה. 256) סנהדרין צז, ב. 257) מט, ב. וראה או"ז לברכות סקי"ב. לקו"ת דברים א, ב. 258) ראה תוד"ה דאסר לה - קידושין ב, ב. 259) סוטה יז, א. 260) ראה שמו"ר ספט"ו.

נג. ס'איז דאך רגיל אז אין א יום הילולא זאל מען דערמאנען אן ענין בשם פון בעל ההילולא,

אבער בנדו"ד דארף מען דאס ניט באווארענען - בדוגמא ווי די גמרא[261] דערציילט אז ר' יוחנן האט מקפיד געווען אויף דעם וואס "ר' אלעזר אמר לשמעתא בי מדרשא ולא אמרה משמי' דר' יוחנן", און אויף דערויף האט מען אים געזאגט אז "ר' אלעזר תלמידך יושב ודורש סתם והכל יודעין כי שלך היא"

וואס דארפן רעדט זיך וועגן סתם א תלמיד, ניט בנו של ר' יוחנן, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א תלמיד וואס איז אויך בנו [אפי' אין א פאל ווען ס'איז "חומץ בן יין", כלשון הש"ס[262]], וואס דעמולט דארף מען ניט מדגיש זיין און זאגן דאס בשמו, וויבאלד אז "הכל יודעין כי שלך היא".

אזוי ווי ס'איז אבער דא דער ענין פון לאפרושי פון א טעות - וויל מען דערמאנען אן ענין פון בעל ההילולא וועגן וועלכן מ'האט גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[263] בנוגע צו דעם ענין פון "מרכא כפולה" - וויבאלד אז עס זיינען געווען אזוינע וואס האבן א טעות געהאט אין דעם ענין.

נד. אין די הערות פון טאטן אויפן זהר[264] ברענגט ער אראפ אז עס זיינען דא "ל"א ל"ו ל"ה" וואס "בכולם הטעם הוא מרכא כפולה": "ויבא לו יין וישת"[265], "אשר לא צוה אותם ה'"[266], און "ויקרא לה נובח בשמו"[267].

זיינען געווען אזוינע וואס האבן געוואלט לערנען, אז א "מרכא כפולה" איז דא מערניט ווי אין די דריי ערטער אין חומש, און מער איז ניטא אין חומש קיין "מרכא כפולה".

איז אבער דא אין חומש נאך צוויי ערטער וואו ס'איז דא א "מרכא כפולה", ובלשון פון דעם מנחת שי[268] "תרין חוטרין" (ווי עס ברענגט זיך אין די ספרים וואס פארנעמען זיך דערמיט):

א) "למה תעשה כה לעבדיך"[269] - ווען "שוטרי בני ישראל" זיינען געקומען מיט טענות צו פרעה אז "תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים לנו עשו גו'"[270], האבן זיי געזאגט "למה תעשה כה לעבדיך", וואס דערווארט "תעשה" איז מיט א "מרכא כפולה".

- ב) ווען -

---

261) יבמות צו, ב. 262) ב"מ פג, ב. ועוד. 263) מוצאי ש"פ מסו"מ סל"ב. 264) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' רסח.
265) תולדות כז, כה. 266) שמיני י, א. 267) מסוח לב, מב.
268) עה"פ שמות ה, טו. 269) שמות שם. 270) שם, טז.

ב) ווען ס'איז געווען מעשה המרגלים. האבן אידן גע'טענה'ט "הלא טוב לנו שוב מצרימה"[271] - וואס דער ווארט "טוב" שטייט מיט א "מרכא כפולה".

נה. דער ביאור אין דעם וואס אויך אין די צוויי פסוקים איז דא א "מרכא כפולה":

אין דער כללות הטענה "למה תעשה כה לעבדיך", אז "תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים לנו עשו גו'", זיינען דא צוויי ענינים:

בפשטות איז עס געווען א גזירה חדשה, וואס האט כולל געווען אין דעם קושי השעבוד;

צוזאמען דערמיט איז אבער דא אין דערויף א טובה - ווי ס'איז מבואר אין מפרשים[272] אז דאס וואס דער "קץ" איז געווען לאחרי מאתים ועשר שנים, אע"פ אז דער אויבערשטער האט געזאגט "ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה"[273], איז עס געווען דערפאר וואס דער קושי השעבוד האט משלים געווען דעם מספר השנים.

וואס בגלוי אין תושב"כ געפינט מען דעם ענין פון קושי השעבוד אין דעם ענין פון "תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים לנו עשו" - ווארום ס'איז ניט קיין באזונדערע גזירה (אזוי ווי "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו"[274]), נאר אין דער זעלבער גזירה וואס איז געווען פריער, איז צוגעקומען דער קושי השעבוד אז "תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים לנו עשו", אז די לבנים זאלן זיין "כמנין הראשון"[275].

און וויבאלד'אז אין דעם זעלבן "תעשה" ("למה תעשה כה לעבדיך") זיינען דא צוויי ענינים, איז עס מיט א "מרכא כפולה", "תרין חוטרין".

נו. עד"ז איז אויך בנוגע צום פסוק "הלא טוב לנו שוב מצרימה":

ווען די מרגלים האבן גע'טענה'ט "הלא טוב לנו שוב מצרימה", זיינען בשעת מעשה געווען יהושע וכלב, וואס זיי האבן געזאגט "טובה הארץ מאד מאד"[276].

און דערפאר איז דא אין דערויף א "מרכא כפולה", "תרין - חוטרין" -

------------

271) שלח יד, ג. 272) ראה אבי עזר לראב"ע עה"פ שמות ב, כה. הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' (קה"ת תשל"ו) ע' קעט.
273) לך לך טו, יג. 274) שמות א, כב. 275) פרש"י עה"פ.
276) שלח שם, ז.

הוסרין" - וויבאלד אז ס'איז אויך געווען די וואס האבן בעזאגט אנדערש פון די מרגלים - אז "טובה הארץ מאד מאד".

נאכמער: אין טענה המרגלים גופא זיינען אויך דא "הרין הוסרין":

בנוגע צו די מרגלים געפינט מען א דבר והיפוכו: די משנה[277] זאגט אז "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב", וואס בפשטות איז עס אן ענין של עונש, אז "אין להם חלק לעוה"ב" - עס איז אבער דא דער פירוש[278] אז "אין להם חלק לעוה"ב" דערפאר וואס זיי זיינען העכער פון דעם ענין פון עולם הבא.

[און ווי דערמאנט אין א פריערדיקע התוועדות[279] דאס וואס עס איז מבואר אין כתבי האריז"ל[280] אז ס'איז דא דער ענין פון "חלק לעוה"ב", מערניט ווי א "חלק", ס'איז דא דער ענין פון "בן עוה"ב"[281], וואס א "בן" (אפי' אויב ער איז א בן יומו[282]) איז יורש הכל, נים נאר א "חלק", און ס'איז דא דער ענין פון "מזומן לחיי העוה"ב"[283]].

עד"ז געפינט מען אז אין זייער טענה "הלא טוב לנו שוב מצרימה" זיינען אויך דא צוויי קצוות, "הרין הוסרין":

ווי מ'לערנט דעם פסוק "הלא טוב לנו שוב מצרימה" לויט פשוטו של מקרא, איז עס טאקע אן ענין לגריעותא -

עס איז אבער דא דער פנימיות'דיקער פירוש שבזה (ווען מ'רעדט מצד הפנימיות פון די מרגלים), אז דער ענין פון מצרים איז א גוטע זאך:

ס'איז ידוע דער פירוש פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[284] אויפן מארז"ל[285] אז "הקב"ה חשב את הקץ לעשות", אז מ'דארף דאנקען דעם אויבערשטן אויף דעם וואס "חשב את הקץ", ווארום דער אויבערשטער האט געהאט א גרויסן תענוג פון דעם ענין הגלות -

אז זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון גלות מצרים, אין "ערות הארץ"[286], צוזאמען מיטן קושי השעבוד, זיינען זיי געשטאנען אין אן אופן אז "לא שינו את שמם" און לבושם וכו'[287], ועאכו"כ אז זיי זיינען געווען "מאמינים בני

- מאמינים" -

------------

277) סנהדרין קח, א. 278) עש"מ מאמר חקו"ד ח"ב פ"ח. 279) שיחת מוצאי ש"פ נשא סמ"א. 280) שער מאמרי רז"ל לסנהדרין צ, א. 281) ראה מגילה כח, סע"ב. נדה בסופה. ועוד. 282) ראה נדה מג, סע"ב ואילך. 283) ברכות סא, ב. ועוד. 284) רד"ה כי בחפזון תש"ח (סה"מ תש"ח ע' 151). 285) הגש"פ. 286) מקץ מב, ט. שם, יב. 287) ויק"ר פל"ב. ה. ועוד. פס"ז עה"פ וארא ו, ו.

מאמינים", ווי מ'האט געזאגט צו משה רבינו[288] אז ס'איז ניט ווי ער קוקט אויף אידן, נאר ער זאל וויסן אז אידן זיינען "מאמינים בני מאמינים", סיי מצ"ע, "זה א-לי ואנוהו", און סיי "בני מאמינים", "אלקי אבי וארוממנהו"[289].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין "הלא טוב לנו שוב מצרימה" איז אויך דא אן ענין טוב - מצד דעם גודל התענוג וואס דער אויבערשטער האט פון דער עבודה פון אידן זייענדיק אין גלות מצרים.

נז. לאחרי כל אריכות הביאור - איז איצטער דער זמן צו רעדן אן ענין בנוגע לפועל - דאס וואס מ'קען אפלערנען פון דעם בעל ההילולא בנוגע צו עבודת ה' (ווי דערמאנט פריער (ס"ב) אז פון יעדער ענין דארף מען אפלערנען אן ענין אין עבודת ה'):

מ'האט דערמאנט פריער (סכ"א) אז דער בעל ההילולא האט זיך מוסר נפש געווען פאר אידישקייט אין יענע מדינה, ביז וואנעט אז ער איז געבליבן אין גלות צוזאמען מיט א טייל פון צאן מרעיתו.

וואס דאס איז בדוגמא ווי עס שטייט אין מדרש[95] אויפן פסוק[290] "כי שם חלקת מחוקק ספון ויתא ראשי עם צדקת ה' עשה ומשפטיו עם ישראל", אז משה רבינו, רעיא מהימנא, איז געבליבן אין מדבר צוזאמען מיטן דור המדבר, דערפאר וואס "לא יעזוב את צאן מרעיתו", און ער וועט דערנאך קומען צוזאמען מיט זיי.

ועד"ז דארף זיין בא יעדערן וואס אים איז נוגע טובת הכלל (אדער הפכו) - אז דער סדר איז ניט אז מ'אנטלויפט דער ערשטער, און מ'לאזט איבער די ישיבה מיט די תלמידים, און דערנאך קומט מען און מ'זאגט דעה אז מ'זאל אפגעבן די ענינים און יענע ענינים, און דערמיט שטעלן אידן אין א סכנה רח"ל!

און דערנאך זאגט מען נאך אז די וואס לאזן ניט אז מ'זאל אומקערן די ענינים, זיי זיינען די וואס שטעלן אידן אין סכנה - "שמים חושך לאור ואור לחושך"[291]!

און דאס איז בא זיי א גאנצער לשיטתי': מיט יארן צוריק איז מען אנטלאפן די ערשטע, און געלאזט דארטן די תלמידים וכו', ואין כאן המקום להאריך בדבר המצער.

- נאר -

---

288) שבת צז, א. 289) בשלח טו, ב. 290) ברכה לג, כא. 291) ישעי' ה, כ.

נאר דער סדר איז אז מ׳דארף בלייבן צוזאמען מיט צאן מרעיתו - סיידן מ׳איז זיי מבריח אז זיי זאלן ארויסגיין מחוץ לגבול,

ע"ד ווי ס׳איז געווען בא כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז מ׳האט אים מבריח געווען ער זאל לאזן צאן מרעיתו נגד רצונו, און עד זאל ארויסגיין מחוץ למדינה - וואס די כוונה בזה איז געווען כדי ער זאל מציל זיין ארצות הבריח,

און סוכ"ס איז ער געקומען אין אמעריקע - און די התחלה בזה איז געווען אז מ׳זאל וויסן אז אמעריקע איז ניט אנדערש[292], נאר דאס וועט ווערן א מקום תורה.

און "דברי צדיקים קיימים לעד" - מ׳זעט בפועל דעם שינוי עצום וואס איז געווארן זינט דעמולט!

עס זיינען דא די וואס טענה׳ן אז דאס איז זייער אויפטו - ווייסן אבער אלע אז זיי זיינען געקומען נאך דערויף וואס "פתח ר׳ שמעון"[293], נאך דערויף וואס מ׳האט אויפגעפענט די וועג.

איז דאס וואס זיי ווילן דאס האבן פאר זיך - איז יהי להם אשר להם, געזונטערהייד; דער געוואלד שבזה איז אבער, אז מ׳איז שולל דעם וואס האט פותח געווען און סולל געווען את הדרך, און מ׳האט מלחמה מיט דער שיטה!

נח. עד"ז זעט מען אז ווען מ׳רעדט וועגן פקו"נ - וויל מען ניט א קוק טאן אין דעם סימן אין שו"ע וואו עס רעדט זיך וועגן דעם, און מ׳איז מונע א צו וויסן אז יענער זאל אויך ניט קוקן אין שלחן ערוך.

וואס ס׳איז דאך ידוע דאס וואס ברענגט זיך אין ספרים[294] אז א פס"ד וואס איז אפגע׳פסק׳נט געווארן אין שו"ע, איז עס בהסכמה פון 200 רבנים וואס זיינען געווען אין דעם דור פון דעם בית יוסף - וואס מ׳קען זיך פארשטעלן די גדלות פון אזא וואס האט געקענט זיין א רב בזמן הבית יוסף, ביז אז ער איז בגדר אז ער קען צוגעבן א תוקף אין דעם פס"ד פון דעם ב"י.

איז 200 רבנים פון יענעם דור, און דער בית יוסף בראשם, האבן גע׳פסק׳נט א דין, וואס דער פס"ד איז געדרוקט אין שו"ע, און יעדער "בר בי׳ רב דחד יומא" קען דארטן א קוק טאן,

- נאר -

------------

292) ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 364. סה"ש חש"ה ע׳ 77. ועוד.
293) ראה סה"מ תרע"ח ע׳ רפג. תרפ"ח ע׳ קב. 294) שה"ב להחיד"א ח"ב בערכו (מע׳ ב אות נט).



הנחת הת׳ בלתי מוגה

[נאר אויב ער וויל - ווארום מ'קען ניט צונעמען ביי א אידן זיין בחירה חפשית און מכריח זיין אים ער זאל טאן היפך רצונו, בשעת ער האט זיך איינגעשפארט. אז ער וויל ניט קוקן אין דעם סימן],

קומט ער אבער צוגיין און זאגט אז ער וויל ניט קוקן אין דעם סימן פון שו"ע, און איז מכריח אנדערע אז זיי זאלן אויך ניט קוקן און ניט וויסן וועגן דעם סימן אין שו"ע.

וואס דאס איז דאך ניט קיין פלוגתא אין א פשט אין א רמב"ם, אין א משנה אדער אין א גמרא (וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[295]) - ס'איז א פלוגתא אין אן ענין פון פקו"נ ממש!

וואס דאס איז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן "נפש אחת מישראל", ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן פקו"נ פון כו"כ מבנ"י הי"ת - ווי דער מעמד ומצב איז איצטער לדעה כל המומחים באותו ענין!

וואס די מומחים אין דעם ענין זיינען דא, און מ'האט זיי אנגערופן בשם, און זייער עדות איז אפגעדרוקט אומעטום. און מ'האט אים דערציילט וועגן דעם (אפי' אויב ער אליין לייענט ניט וואס עס שטייט אין צייטונג) - מ'האט זיך אבער איינגעשפארט אז מ'וויל בא זיי ניט פרעגן!

וואס דאס איז אלץ א מאמר המוסגר, און א מאמר של צער - וכמדובר כמ"פ אז ווען עס סוף-וויי א זאך, איז ניט נוגע צי ע"פ שכל איז דא א האפענונג אז דער געשריי וועט העלפן און יענער וועט תשובה טאן; דאס וואס מ'שרייט איז דערפאר וואס דאס טוט-וויי!

נט. איז דאך די קשיא: היתכן, ווי קען מען טרעפן אזא זאך?!

איז דער תירוץ - "תורה חיים" און "תורה אמת" האט געזאגט אז ווען מ'נעמט אן איין און. איינציקע פרוטה אלס "שוחד", איז מען פסול לדין, ועאכו"כ ווען מ'נעמט כמה פרוטות אלס "שוחד"!

ביז אז ס'איז גאר געווארן א דבר המבהיל:

ער איז געווארן דער בעה"ב אויף דער פרוטה, און ער נעמט צו די פרוטה בא דעם חבר - קען מען זיך פארשטעלן וואס פאר א "שוחד" דאס איז!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז קיין פלא ניט אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן דעם גדול הגדולים שבישראל -

- ווארום -

------------

295) עירובין יג, ב.

וואָרום מ'האָט זיי אַריינגעוואָרפן אַ פּרוטה אין קעשענע, און אפי' אז זיי האָבן באַרניט געוואוסט דערפון, האָט דאָס אָבער די "קעשענע" דערפילט, ובמילא האָט דאָס אויך דערפילט פנימיות נפשו, און דערפאַר איז ער מטה את הדין!

און דער פלא איז: הכל יודעים אַז ער האָט באַקומען געלט - ער האָט דאָס טאַקע פאַרנוצט אויף ענינים כשרים, און געגעבן אַנדערע די געלט - ס'איז אָבער אַ דבר ברור אַז ע"פ דין פון שו"ע חו"מ איז עס "שוחד".

און במילא איז דאָ דער צווייטער דין ברור אין שו"ע[296] (מיוסד אויף דער גמרא[297]) - אַז וויבאַלד ער האָט באַקומען "שוחד", דאַרף ער מכריז זיין "פסילנא לך לדינא"!

ס. וכאמור לעיל אַז ס'איז קיין נפק"מ ניט צי דער געשריי וועט העלפן - ס'איז ניט דער טייטש אַז מ'שרייט דערפאַר וואָס ס'איז דאָ אַ הסברה ע"פ שכל אַז דאָס וועט העלפן. נאָר דערפאַר וואָס דער ענין טוט-וויי!

און מסתמא איז מען אויך פאַרקאָכט אין דעם ענין - דאָס איז אָבער ניט פאַרבונדן דערמיט וואָס מ'באַקומט נחת רוח אָדער כבוד;

אויב מ'באַקומט - באַקומט מען דעם היפך דערפון, און איך האָב אויפגעהערט זיך נעמען צום האַרצן!

איינער האָט מיר אַמאָל געפרעגט: היתכן, ווי אַזוי קען זיין אַז מיר זאָל ניט האַרן וואָס דער זאָגט אַ תואר פלוני, יענער זאָגט אַ תואר פלוני, און אַ דריטער איז "עולה על כולנה". ער זאָגט נאָך כמה וכמה תוארים -

האָב איך אים געענטפערט אַז בא מיר איז עס "גירסא דינקותא": איך וועל ניט זאָגן אַז מיר אַרט דאָס ניט. דאָס וועט אָבער ניט פועל'ן עד כדי כך אַז איך זאָל משנה זיין די שיטה - וואָס די שיטה איז - אַז ווען עס קומט צו פקו"נ, טאָר מען ניט שווייגן!

וואָס דאָס איז אַ פס"ד ברור אין שו"ע, און ס'איז מיוסד אויף אַ פס"ד ברור וגמור (וואָס אין בו כל מחלוקת) אין גמרא - אַז מ'טאָר ניט שווייגן אין אַן ענין פון פקוח נפשות!

מיר האָט דער אויבערשטער געהאָלפן (ניט דורך מיין בחירה ורצון) אַז איך בין געבאָרן געוואָרן אַלס אַ בכור ביים טאַטן, וואָס דער טאַטע איז דערנאָך געווען דער רב ראשי (ווי מ'רופט -

---

296) טור חו"מ ס"ט. 297) כתובות קה, ב.



הנחת הה' בלתי מוגה

מ׳רופט דאס אן איצטער) אין יעקאטערינאסלאוו (איצטער הייסט דאס דניפראפעטראווסק).

און אזוי ווי ביכים ההם און בכדינה ההיא האט מען געדארפט פירן א ויכוח, אדער ענטפערן אויף א שאלה און א זידלעריי, וואס אויף דערויף האט מען געדארפט רעדן אויף רוסיש - איז אזוי ווי איך בין געווען דער עלטסטער זון פון דעם רב הראשי (הויפט-רב) פון שטאט, האט זיך דאס אויסגעלאזט צו מיר.

[וואס דאס איז אויך צווישן די זידלעריי אז איך קען רוסיש, איך קען די ענינים און יענע ענינים - וואס איך כאן המקום להאריך בזה, און איך כאך דערפון ניט קיין סוד.

עס זיינען דא אזוינע פון די וואס זיינען אים משחד וואס זיי האבן די אלע מעלות. נאר זיי מאכן דערפון א סוד - איך מאך ניט קיין סוד דערפון (און עס וואלט ניט געהאלפן, ווארום זיי ווייסן סיי-ווי דערפון)].

בין איך געוואוינט געווארן פון יענע צייטן אן (מיט 60-65 יאר צוריק), אז ס׳איז ניטא וואס צו ווארטן אויף א תואר של כבוד, און אויב זעצן זיך שווייגן - איז ניט איך האלט דערביי, ניט איך מעג האלטן דערביי, און ניט אויף דערויף האט מען מיר מחנך געווען און געהאדעוועט!

און איך האלט זיך אן אין דעם חינוך - אז ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ, טאר מען ניט שווייגן. אפי׳ ווען כ״ווייסט אז תוך כדי דיבור (אדער מחר, אדער לאחר זמן) וועט פב"פ ברענגען א לה"ר צו פלוני בן פלוני!

צו מיר וועט דאס ניט דערגיין, במילא בין איך ניט פון די "תליתאי" וועמען דאס שאדט[298] - אבער דאס וואס עס שאדט איז - אז דערנאך קומט צוגיין א איד און רעדט דברים שלא היו מעולם:

עס רעדט זיך ניט וועגן דעם לאו פון "לא תחנם"[299] וביו"ב, עס רעדט זיך וועגן פקו"נ!

און כדי אז מ׳זאל ניט קענען א טעות האבן, האט מען געזאגט און גע׳חזר׳ט און אנגעשריבן און אפגעדרוקט און מפרסם געווען און געבעטן אז כל הרוצה זאל דאס מפרסם זיין

- אז -

------------

298) ראה ערכין טו, ב. 299) ואתחנן ז, ב. פרש"י עה"פ. ע"ז כ, רע"א. רמב"ם הל׳ עכו"ם פ"י ה"ג-ד. הושו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ואילך.

- אז אין שו"ע או"ח הל' שבת סימן שכ"ט שטייען דברים ברורים בנוגע צו דעם ענין - ולא נגע ולא פגע, דאס דער-גרייכט ניט צו אים, וויבאלד אז ער איז כשוחד!

וכאמור לעיל אז דאס איז געווארן "גירסא דינקותא" - איך זאג טאקע ניט אז איך האב דערפון הנאה, און אויך ניט אז דאס איז אין אן אופן פון "שויתי"[300], אז ס'איז פונקט בשוה צי מ'וואלט געזאגט א תואר של כבוד, אדער אז מ'זאגט א תואר הפכי -

אבער בנוגע למעשה, האלט איך ניט בא משנה זיין די שיטה וואס דער טאטע און דערנאך דער שווער האבן דורכגעטראטן און סללו ופתחו את הדרך, און האבן אנגעזאגט אז מ'זאל זיך ניט רעכענען מיט עניינים פון היפך הכבוד, און אפי' ניט רעכענען זיך מיט א גזירה פון אומות העולם.

סא. און דאס איז אויך די טענה: היתכן אז מ'פארטשעפעט זיך מיט גוים?! - זעט מען אבער די הנהגה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר:

כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געהאט א ברירה ניט פארטשעפען זיך מיט גוים, און ניט פארטשעפען זיך מיט "אידישע גוים" (די יעווסעקציע) - ער האט געקענט זיצן רואיקערהייד און לערנען מיט בני ביתו און מיט זיינע תלמידים, און מיט אלע וואס ווילן לערנען פון אים, און קיינער וואלט אים ניט געטשעפעט.

ועאכו"כ אז ער האט געהאט די ברירה אנטלויפן פון דארטן, ווי אנדערע האבן געטאן,

און מ'שעמט זיך ניט דערמיט עד היום הזה, אע"פ אז מ'ווייסט אז זיי האבן אזוי געטאן, און דערמיט האבן זיי סולל געווען את הדרך אויך פאר א צווייטן - איבערלאזן זיין שיף און אנטלויפן למקום בטוח, כדי ער זאל קענען לערנען תורה מתוך מנוחה!,

האט ער אבער ניט איבערגעלאזט צאן מרעיתו, און איז געבליבן דארטן, ביז אז מ'האט אים מכריח געווען צו אוועק-פארן פון דארטן - דורך דערויף וואס מ'האט צוגענומען יעדער מעגליכקייט אז ער זאל זיך קענען מתעסק זיין אין הפצת התורה והיהדות, וואדום פון יענעם טאג און ווייטער איז יעדערער וואס איז געקומען במגע ומשא מיט אים, האט מען אים גלייך צוגענומען, אין אן אופן אז ער האט מערניט געקענט טאן אין הפצת היהדות.

- ואדרבה: -

------------

300) תהלים טז, ח. וראה צוואת הריב"ש ס"ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

ואדרבה: ווען ער איז געקומען מעבר לגבול, האט ער פון דארטן אנגעהאלטן דעם קשר מיט די וואס זיינען געבליבן במדינה ההיא - און ווי דערמאנט פריער (ס"ג) אז מ'זעט די פירות און פירי פירות דערפון - לעבעדיקע אידן יראי שמים, לומדי תורה ומקיימי מצוות, וואס האבן מס"נ אויף הפצת היהדות,

און זיי שרעקן זיך ניט פאר גוים, און שרעקן זיך ניט פאר "אידישע גוים", און שרעקן זיך ניט פאר די גוי'שקייט וואס איז דא בא יעדער אידן, דער "א-ל זר אשר בקרבך"[301],

און ער וואָרט ניט ביז ער וועט זיך איינקערן מיט זיין יצה"ר, און ביז דעמולט לאזט ער אידן וואלגערן זיך אין גאס, און מענה'ט אז אני את נפשי הצלתי, איך בין פארנומען מיט זיך, מיט אשתו כגופו[302], מיט בנו ובהו וכו', וואס איך כאן המקום להאריך בזה.

סב. אויף אומקערן זיך בנוגע למעשה בפועל - די הוראה וואס מ'קען ארויסנעמען דערפון וואס דער בעל ההילולא איז געווען אין גלות, און איז געבליבן אין גלוה:

דער חינוך[303] איז דאך מבאר אז דער עונש פון גלוה איז נאך שווערער פון היפך החיים, וואס בפשטות איז דער יסוד אויף דערויף - דאס וואס די גמרא זאגט "אלמלי נגדוה כו'", ד.ה. אז אן איין מאליקער נסיון קען מען ביישטיין, אבער אן ענין פון "נגדוה", ווייסט מען ניט ווי עס וואלט געווען - און כל זמן וואס מ'געפינט זיך אין גלות, שטייט מען אין א מעמד ומצב פון "נגדוה".

אבער אעפ"כ, אויך ווען עס רעדט זיך וועגן אידן וואס געפינען זיך בחסדי ה' אין מקום הרוחה, וואס דארטן איז ניטא קיין מונע אויף ליכוד התורה וקיום המצוות און פירן זיך אויף א אידישן וועג. ואדרבה, חכם אתקרי, רב אתקרי, גדול אתקרי, און רשכבה"ג אתקרי, מיט אלע תוארים של כבוד -

זאגט אבער די משנה[304] (וואס "טעה בדבר משנה חוזר"[305]): "הוי גולה למקום תורה".

ד.ה. אז אפי' ווען ער לעבט אין אן "עיר גדולה של חכמים ושל סופרים" (ווי ר"י האט געזאגט[306]) - זאגט מען אים אבער אז עס דארף זיין דער ענין פון "הוי גולה למקום תורה".

- און -

------------

301) ראה שבת קה, ב. 302) ברכות כד, א. וש"נ.
303) מצוה תי. 304) אבות פ"ד מי"ד. 305) סנהדרין לג, א. וש"נ. סושו"ע רמכ"ה. 306) אבות פ"ו מ"ט.

און אויב ער בלייבט במקומו, איז עס היפך הענין פון לימוד התורה.

ובדוגמא ווי דער דין איז בנוגע צו ערי מקלט - אז בשעת ער געפינט זיך דארטן, דארף ער גולה זיין משכונה לשכונה[307], ועד"ז בנדו"ד, ווען ער געפינט זיך אין אן "עיר גדולה של חכמים ושל סופרים".

און ווי מ'געפינט אין התחלת העבודה פון דעם ערשטן אידן, אברהם אבינו, אז בשעת ער איז ארויסגעגאנגען אין וועלט, ווי די וועלט איז געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "חרן", "חרון אף של מקום בעולם"[308] - איז התחלת עבודתו געווען דער ענין פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך"[309]:

ער דארף אוועקגיין "מארצך" - פון זיין אייגענעם רצון, אוועקגיין "ממולדתך" - פון דעם הרגל (וואס "נעשה טבע שני"[310]) אין וועלכן ער האט זיך איינגעוואוינט, און אוועקגיין "מבית אביך" - דערפון וואס אנדערע האבן אים געלערנט, וואס א רב ווערט אנגערופן "אב"[311],

און כל זמן אז ער גייט נישט אוועק פון זיין אייגענע מציאות, קען ער נישט צוקומען צו "והי' ברכה"[312], ער קען נישט צוקומען צו דעם ענין פון תורה ווי עס דארף צו זיין.

סג. און עס זיינען דא אזוינע אידן וואס ווייסן נישט פון דער גאנצער עבודה:

ער איז א חכם בן חכם, און איז געבארן געווארן אין אן "עיר גדולה של חכמים ושל סופרים", און ער האט זיך געהאדעוועט ביי א פאטער און מוטער (זיידע און באבע) וואס זיינען געווען יראים ושלמים און לומדים וכו' - איז וואס דארף ער גולה זיין למקום תורה, אדרבה: ווען ער וועט זיין במנוחה, וועט ער קענען לערנען בעסער!

און ווי די גמרא[313] זאגט אז חכמי עמון ומואב וואס זיינען נישט נעקר געווארן ממקומם, האבן זיי זיך געקענט בעסער מתרכז זיין אין זייער לערנען, משא"כ אידן, וואס וויבאלד אז זיי זיינען אוועקגעגאנגען אין גלות, האט דאס זיי מבלבל געווען צו לימוד התורה כדבעי, אז בא זיי זאל זיין א דבר ברור וכו'.

- זאגט -

---

307) מכות יב, ב. 308) פרש"י ס"פ נח. 309) לך לך יב, א. וראה סד"ה ויאמר גו' לך לך תרס"ז. לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך. ועוד. 310) שבילי אמונה נ"ד ש"ב. וראה שו"ת הרמ"ע מפאנו סל"ו. תניא ספי"ד. 311) פרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. ועוד. 312) לך לך שם, ב. 313) מגילה יג, ב.

זאגט אבער תורה א כלל, אז בשעה מ'וויל גיין אין דעם סדר וואס תורה פארלאנגט - דארף זיין דער "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך", ער דארף אוועקגיין פון זיין רצון וכו'.

ס'איז ניט דער פשט אז ער דארף ניט האבן קיין רצון - ער מוז האבן א רצון, און א רצון תקיף, דער רצון דארף אבער זיין ניט ווי ער איז געווען איידער ער האט זיך איבערגעמאכט.

ווי אזוי מאכט מען זיך איבער אז מ'זאל זיין אן "עובד אלקים" - איז דאך ידוע[314] אז "עובד" איז מלשון עיבוד עורות. ס'איז ע"ד ווי אן עור פון א בהמה, טאקע א בהמה כשרה, מ'דארף אבער מעבד זיין די עורות, שעפט ער זיך ניט און ער טוט דאס, און אז מ'דארף דערצו האבן צואה פון דער און דער חי'[315], נוצט ער אויך דעם ענין!

מ'זאגט אים טאקע אז אויב ער איז מעבד עורות, איז ער ניט ראוי צו כהונה גדולה[316] - איז ער אויך אלץ מסכים. ווארום ער וויל האבן קלף להתפילין מוז ער זיין א מעבד עורות, איי ער וועט ניט קענען זיין קיין כהן גדול - וועט ער אבער זיין אן עבד לה'!

אבער בשעת אז מ'האט ניט קיין אנונג אין דעם גאנצן ענין - איז קיין פלא ניט אז עס זיינען דא מכה ענינים מבהילים!

סד. וכאמור לעיל אז די הוראה וואס מ'דארף דערפון ארויס-נעמען איז - אז עס דארף זיין דער "הוי גולה למקום תורה":

דער אויבערשטער האט אונז ארייגעשטעלט אין אן ארט וואו ס'איז דא א מלכות של חסד. מ'העלפט לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, ביז אין אן אופן פון "מלכים אומניך"[317].

[און דאס וואס מ'זאגט אז זיי ווילן ניט וכו' - איז עס א שקר! מ'רעדט זיי אן און מ'גיט זיי "שוחד" און מ'שיקט צו זיי שלוחים, אז זיי זאלן מאכן א לחץ אז מ'זאל אפגעבן א טייל פון ארץ ישראל,

ועד"ז אז מ'זאל אנעמען די בקשה פון א אידן וואס וויל גורע זיין רח"ל אין דעם עליבות החינוך פון אידישע קינדער (ווי דערמאנט פריער (סס"ז)), ועד"ז וויל ער אויך גורע

- זיין -

-------------

314) תו"א משפטים עו, א. וראה לקו"ת ויקרא ב, ד.
315) ראה ברכות כה, א ובפרש"י שם ד"ה בזמן. פרש"י ד"ה הפקר - חגיגה ד, א. ובכ"מ. 316) ירושלמי פב. א. רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ו. 317) ישעי' מט, כג.



הנחה בלתי מוגה

זיין אין "שליכות העס", דורך א גיור שלא כהלכה, וואס "כל יחר כנסול דמי"[318].

זאגט מען אבער א אידן אז ער דארף אוועקגיין פון זיין אייגענעם רצון, און אפי' ווען ער זעט ניט קיין חסרון אין דערויף, זיין הנהגה איז מתאים לויט דעם אופן וואס שטייט אין שו"ע - זאגט מען אים אבער אז וויבאלד דאס איז ביי אים ניט פארבונדן מיט אן ענין פון עיבוד עורות, ער האט ניט געהארעוועט מיט זיך אויף דערויף - איז ער ניט קיין "עובד אלקים".

און ווי די גמרא[319] זאגט אז דער וואס איז "שונה פרקו מאה פעמים לבד", ווערט ער אנגערופן "לא עבדו", וויבאלד אז "בימיהם הי' הרגילות לשנות כל פרק מאה פעמים"[320], און דוקא ווען ער איז "שונה פרקו מאה פעמים ואחד", ווערט ער אנגערופן "עובד אלקים".

מ'זאגט ניט אז ער דארף זיך איבערמאכן און שונה זיין פרקו 200 מאל [וואס דעמולט וואלט געווען פארשטאנדיק דער אויפטו שבזה, אז דערפאר ווערט ער אנגערופן "עובד אלקים"], נאר מ'זאגט אים אז ער דארף לערנען מערניט ווי מיט איין מאל מער דערפון וואס ער איז איינגעוואוינט, און דעמולט ווערט ער אנגערופן "עובד אלקים", וויבאלד אז אויף דערויף האט ער געדארפט אנקומען צום "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך", און אוועקגיין אין גלות.

און דעמולט ווערט ער אין אן אופן פון "והי' ברכה", און נאכמער: "ונברכו בך כל משפחות האדמה"[321], ער שטעלט אויף תלמידים וועלכע זיינען אין אן אופן פון סופח על מנת להספיח, ביז אז ער פועל'ט אויף דער גאנצער וועלט ארום אים, אין אן אופן אז די גוים זיינען אים אויך מסייע.

סה. און דאס איז די ערשטע אפלערנונג וואס מ'דארף אפלערנען פון כל האמור לעיל - אז אע"פ אז בכ"ף אב איז ער געשטאנען אין א מעמד ומצב פון תכלית השלימות, ער איז געווען "שונה פרקו מאה פעמים ואחד" - זאגט מען אים אבער אז וויבאלד דאס איז שוין געווארן ביי אים אן ענין של הרגל, איז ניט גענוג דאס וואס ער וועט לערנען בכ"א אב "מאה פעמים ואחד", נאר עס מוז זיין דער ענין פון "מעלין בקודש"[322].

ד.ה. אז ס'איז ניט גענוג דער "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך" וואס איז ביי אים געווען אין דעם טאג פון כ"ף

- אב -

------------

318) חולין נח, ב. 319) חגיגה ט, ב. 320) תניא פט"ו. 321) לך לך שם, ג. 322) ברכות כח, א. ושנ"נ.

אב, נאר ווען עס קומט כ"א אב (וואס די נאכט פון כ"ף אב האט שוין א שייכות צו כ"א אב), דארף זיין דער ענין פון "מעלין בקודש".

סיי אויב דער ענין פון "מעלין בקודש" איז מדאורייתא. און סיי אויב דאס איז מדרבנן[323] - ווי דער רבי מהר"ש האט געזאגט אז מיט א'דרבנן שפילט מען זיך אויך ניט.

און בשעת אז עס קומט דער יום שלאח"ז - דארף זיין ניכר אויף אים אז ער איז געווארן עלטער מיט א טאג, ובמילא איז ער געווארן קליגער מיט א טאג. און וויבאלד אז ער געהערט צום "עם חכם ונבון", ווערט ער פריקער, ער איז מוסיף אין לימוד התורה, און איז מוסיף אין דעם הידור אין קיום המצוות, סיי א הוספה בכמות און סיי א הוספה אין איכות, און בכמות ובאיכות גם יחד.

סו. עס איז דא נאך אן ענין אן וואס רופט זיך שוין אן פון חמשה עשר באב, ועאכו"כ ווען עס זיינען שוין דורכגעגאנגען עטליכע טעג פון חמשה עשר באב -

און אין דעם ענין זעט מען ווי אזוי אין אמעריקע דארף מען כופל זיין און כשליש זיין יעדער ענין וואס מ'זאגט. און הלואי אז דאס זאל העלפן:

בנוגע צו חמשה עשר באב זאגט די גמרא "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", אז דעמולט איז מען "מוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה", וואס בפשטות איז די הוספה אין לימוד התורה פארבונדן מיטן לילה.

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט געמאכט א רעש גדול - און א רעש טוב - אז די בתי כנסיות ובתי מדרשות זאלן זיין אָפן אויך בלילה[324], וואס דערפון איז געווארן א התעוררות, מ'האט זיך אפגערופן און געטאן אזוי בפועל - אבער דערנאך איז דורכגעגאנגען א משך זמן. און איצטער איז אין קול ואין עונה.

פארוואס איז "אין קול ואין עונה" - דערפאר וואס דער מיהמ"נ און מיהמ"ד איז פארטאכט: ווען דער מיהמ"נ און מיהמ"ד וואלט געווען אָפן. וואלטן אידן אריינגעגאנגען אהינצו, און עס וואלט געווען דער "הקול קול יעקב" אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות.

איז אזוי ווי מ'קומט דאך פון חמשה עשר באב, און

- מ'געפינט -

------------

(323) ראה בהנסמן בשד"ח כללים מע' מ' כלל קצד. מאסף לכל המחנות או"ח סס"ד סק"ב. [illegible]

סכ"ב. סכ"ז.

מ׳געפינט זיך נאך אין חודש אב - איז כדאי אז מ׳זאל נאכ-אמאל מחדש זיין דעם רעש וואס מ׳האט דעמולט געמאכט, אז די בתי כנסיות ובתי מדרשות זאלן זיין אָפן אויך בלילה,

און טאן דאס אין אן אופן אז פון דעם רעש זאל עס ארויס-קומען אין א "קול דממה דקה"[325], אין "דברי חכמים בנחת נשמעים"[326] - דער לימוד התורה אין בתי מדרשות,

און כדי אז דער לימוד התורה זאל זיין בהצלחה - דארף מען דערצו האבן די הקדמה פון עבודת התפלה[327] אין בתי כנסיות, וואס דער ענין פון עבודת התפלה פועל׳ט דעם "ברכו בתורה תחלה"[328], אז דער לימוד התורה זאל זיין אין אן אופן פון יראת שמים, דער לימוד התורה לשמה[329].

וואס דעמולט איז דער לימוד התורה אין אן אופן פון "זכה נעשית לו סם חיים"[330], ווי רש"י[331] טייטשט אפ אז דאס גייט אויפן לימוד התורה לשמה, ניט כדי שיקרא חכם וכו׳[332] אע"פ וואס מ׳זאגט[333] "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה, שמתוך שלא לשמה בא לשמה".

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז אויך ווען ער האלט אין התחלת הלימוד, וואס דעמולט לערנט ער נאך שלא לשמה, דארף ער אויך האבן א ביהכ"נ וביהמ"ד פתוח, ובפרט אין שעות הלילה, וואס אין רעדויף באשטייט דער אויפטו פון דער הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אנהויבנדיק פון חמשה עשר באב.

סז. און דעמולט האט מען די הבטחה "דמוסיף יוסיף", ווי רש"י טייטשט אפ "יוסיף חיים על חייו".

וכידוע די צוויי דעות[334] בנוגע צו דער הוספה וואס מ׳האט מוסיף געווען צו חזקי׳ חמש עשרה שנה[335] - צי די הוספה איז געווען פון שני חייו, מ׳האט אים משלים געווען דעם מספר השנים וואס ער האט געדארפט לעבן, אדער אז מ׳האט אים מוסיף געווען נאכמער פון דעם מספר השנים וואס ער האט געדארפט לעבן - וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים".

- און -

---

325) ל׳ הכתוב - מ"א יט, יב. 326) קהלת ט, יז. 327) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. 328) ב"מ פה, ריש ע"ב. נדרים פא, א. 329) ראה ר"ן לנדרים שם (בשם רבינו יונה). ב"ח או"ח סמ"ז ד"ה ומ"ש ראמר. 330) יומא עב, ב. 331) שם ד"ה זכה. וראה הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג. 332) ראה תוד"ה העושה - ברכות יז, א. תוד"ה וכל - תענית ז, א. הל׳ ת"ת שם. 333) פסחים נ, ב. וש"נ. 334) ראה יבמות נ, א ובפרש"י וחום׳ שם. 335) מ"ב כ, ו.

און בנוגע צו "יוסיף חיים על חייו" - איז אזוי ווי בנוגע צו פקו"נ איז דער דין אז ספיקא לחומרא, איז דער ענין פון "יוסיף חיים על חייו" כפשטות הלשון, אז כ'איז אים מוסיף נאכמער דערפון וואס ער האט געהאט פריער.

און דעמולט שטעלט ער אויף תלמידים - "ושננתם לבניך אלו התלמידים"[336] - אין אן אופן פון "זרעו בחיים", און אלע צוזאמען זיינען מאריך ימים ושנים טובות, און מ'איז מקבל פני משיח צדקנו, און מ'לערנט פון אים תורה, וויבאלד אז משיח ילמד תורה את כל העם[337].

וואס דורך משיח צדקנו וועט זיין דער "יבנה ביהמ"ק במקומו" - און דעמולט וועט זיין כריתת העצים למערכה דורך אידן, און מ'וועט זיין דער "וערכו עצים על האש", דער אש שלמטה, וואס "מצוה להביא מן ההדיוט"[338] - דורך יעדער אידן און אלע אידן, און דערנאך וועט זיין דער "והצא אש מלפני ה'"[339].

און עס וועלן זיין די אלע פרטים וואס ווערן אויסגע-רעכנט אין נבואת יחזקאל וועגן "צורת הבית והכונתו ומוצאיו ומובאיו גו'"[340], מיט אלע קרבנות וואס מ'וועט דעמולט ברענגען. ביז אין דעם חודש הגאולה אריין,

ביז אין דער גאולה האמיתית והשלימה כפשוטה, לכמה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

* * *

סח. מ'דארף אויך דערמאנען די "מבצעים", וואס דורך דעם וואס מ'איז זיי מונה בשמם, באווייזט מען זייער חביבות[341] -

אז מ'זאל מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז, אין אן אופן פון "דמוסיף יוסיף", אין "מבצע חינוך" - וואס איצטער איז דאך די צייט וואס מ'איז מחליט אין וועלכן ביה-ספר מ'זאל אריינגעבן די בנים ובנות,

און מ'קען אויך אריינכאפן די לעצטע טעג פון ימי החופש (ווי זיי ווערן אנגערופן כלשון העולם - כלשון העלם והסתר[342]), אז מ'זאל אריינגעבן די קינדער אין א מחנה קיץ אין וועלכן מ'לערנט תורה מיט יראת שמים און אהבת ה', און אין אן אופן פון לימוד מביא לידי מעשה[343].

- וואס -

------------

336) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח. 337) לקו"ה צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 338) עירובין סג, א. פרש"י עה"פ ויקרא א, ז. 339) שמיני ט, כד. 340) יחזקאל מג, יא. 341) פרש"י ר"פ שמות. 342) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 343) ראה קידושין מ, ב.

וואס "מבצע חינוך" איז כולל אין זיך אלע ענינים, ווארום דורך דעם "חנוך לנער ע"פ דרכו", "דרך ה׳", טוט מען אויך אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[344].

וכאמור אז "מבצע חינוך" איז כולל אין זיך אלע ענינים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

און דער "מבצע" הכי גדול - דער עמדו הכן כולכם, כל אחד ואחת בפרט, לקבל פני משיח צדקנו, זייענדיק אויסגעפוצט אין תורה ומצוותי׳ כדבעי,

און גיין צוזאמען אין ביהמ"ק השלישי, "מקדש אד׳ כוננו ידיך", במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

סט. מ׳וויל אויך דערמאנען בנוגע צו דעם קרן וואס איז אויפן נאמען פון דעם טאטן (ווארום עס זיינען דא אזוינע וואס אויב מ׳וועט דאס ניט דערמאנען, וועלן זיי לערנען אין דערויף פשטים און רמזים, אז מסתמא איז דאס בשנה זו ניט נוגע).

מסתמא וועט מען געבן די צעטלען, און יעדערער וועט געבן כפי נדבת לבו הטהור - און וויפל ער האט מחליט געווען צו געבן, זאל ער מוסיף זיין אויף דערויף, און ניט "מעט מעט", נאר "הרבה הרבה".

און דער אויבערשטער וועט אים זיכער מוסיף זיין כמ"פ ככה, וויבאלד אז "מדתו של הקב"ה מדה כנגד מדה"[345], נאר כמ"פ ככה, אין אן אופן פון "מדה טובה מרובה כו׳"[346], ביז חמש מאות פעמים, ווי עס ברענגט זיך אין תוס׳[347] און אין מדרש[348].

וכן תהי׳ לנו בפשטות, למטה מעשרה טפחים, אז ס׳וועט זיין "כספם וזהבם אתם"[349] כפשוטו, און מ׳וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו אין אן אופן פון "קהל גדול"[350], "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו", ומתוך שמחה וטוב לבב.

- (ואמר:) -

------------

344) משלי כב, ו. 345) פס"ז עה"פ שמות ג, ו.
346) סוטה יא, א. תוספתא סוטה רפ"ד. 347) ד"ה מרים - סוטה שם. כתוספתא שם. 348) תנחומא באבער בשלח כא.
349) ישעי׳ ס, ט. 350) ירמי׳ לא, ח.

(ואמר:) מסתמא וועס מען געבן די צעטלען.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן והריקותי לכם ברכה.

צוה לנגן עוצו עצה. לכתחילה אריבער. ניגון הקפות לאביו דלוי"צ ז"ל. אני מאמין.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

הנחה הת' בלתי מוגה

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ראה, מבה"ח אלול ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש אלול.

וכמדובר כמ"פ אז אע"פ אז ס'איז דא א צד השוה אין אלע שבת מברכים החודש, ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם נוסח הבקשות וואס מ'זאגט פאר דער הכרזה פון ר"ח און לאח"ז - איז אבער אויך דא א שינוי און א חידוש פון איין חודש לגבי דעם אנדער חודש,

וואַרום פונקט ווי ס'איז דא א שינוי אין דער הכרזה פון ר"ח (אין וועלכן טאג וועט זיין דער ר"ח פון דעם חודש), איז אויך דא א שינוי אין דעם כללות הענין פון שבת מברכים החודש.

ואדרבה: ניט נאר אז ס'איז אויך דא א שינוי, נאר דער עיקר איז גאר דער שינוי און חידוש וואס איז דא אין איין חודש לגבי דעם צווייטן חודש -

וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן בשם "חודש" - וויבאלד אז דעמולט ווערט נהחדש א נייער ענין, ד.ה. ניט אז עס חזר'ט זיך איבער א פריערדיקער ענין (חזרה הישנות), נאר עס ווערט נהחדש א נייער ענין, ובדוגמת חידוש הלבנה, וואס אזוי איז אויך בנוגע צו אלע ענינים פון דעם חודש.

און אין דעם קומט צו נאך אן ענין:

נוסף אויף דעם חידוש וואס איז דא אין יעדער חודש לגבי דעם צווייטן חודש (אין אן אופן פון "אי אפשר לביהמ"ד בלא חידוש"¹), איז אויך דא אן עלי' אין די ענינים וועלכע זיינען בשוה אין אלע חדשים, וואַרום וויבאלד אז ס'איז דא דער ציווי פון "מעלין בקודש"², וואס דאס איז דאך א ציווי כללי אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי', איז פארשטאנדיק אז אין יעדער חודש דארף זיין אן עלי' לגבי כל החדשים שלפנ"ז (אויך אין דעם צד השוה וואס איז דא בכל החדשים).

ב. דער ענין המיוחד פון חודש אלול איז - וואס ער איז דער חודש ההכנה צו שנה הבאה, ד.ה. אז דאס איז א חודש וואס איז פארבונדן מיט א גאנצן יאר, און א נייער יאר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז חודש אלול (ובמילא אויך שבת מברכים חודש אלול) איז כולל אין זיך כל החדשים וכל הימים פון שנה הבאה, וואס זי איז אין אן אופן של עלי'

- והוספה -

---

1) חגיגה ג, א. ועוד. 2) ברכות כח, א.

והוספה לגבי די שנה שלפני׳ (שנה זו), כולל אויך חודש אלול שבה - ווי עס שטייט אין אגה"ק[3] אז בכל ר"ה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מיכי עולם אור עליון כזה".

ג. ומן הקל אל הכבד - אנהויבנדיק פון א דבר המובן ופשוט:

וויבאלד אז חודש אלול איז דער חודש ההכנה לשנה הבאה, וואס בראש השנה הויבט זיך אן א נייער יאר דערפאר וואס דעמולט איז נברא העולם - איז פארשטאנדיק, אז די הכנה צום נייער יאר (אין חודש אלול) דארף זיין פארבונדן מיט בריאה העולם און קיום העולם.

און וויבאלד אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית, ובשביל ישראל שנקראו ראשית"[4], און עס זיינען דא די "שלשה דברים" (שלשה עמודים) אויף וועלכע "העולם עומד"[5] און "העולם קיים"[6] - איז פארשטאנדיק, אז לכל לראש דארף זיין די הדגשה אין חודש אלול בנוגע צו די "שלשה דברים" אויף וועלכע "העולם עומד".

ד. וכמדובר כמ"פ׳ אז עס ווערט געבראכט בכ"מ אז "אלול" האט אין זיך די ר"ת פון די ג׳ קוין שעליהם העולם עומד, תורה עבודה און גמילות חסדים:

"אלול" איז ר"ת[7] "איש לרעהו ומתנות לאביונים"[8] - וואס דאס איז דער ענין פון גמילות חסדים.

"אלול" איז ר"ת[9] "אני לדודי ודודי לי"[10] (אדער "את לבבך ואת לבב"[11]) - וואס דאס איז דער ענין פון תפלה, קו העבודה[12].

און "אלול" איז ר"ת[13] "אנה לידו ושמתי לך"[14] - וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה, וויבאלד אז "דברי תורה קולטין"[15].

ה. און אזוי ווי בתחלת ברה"ע איז געווען "עולם על

- כילואו -

---

3) סוסי"ד. 4) פרש"י ר"פ בראשית. 5) אבות פ"א מ"ב. 6) שם מי"ח. 7) לקו"ש ח"ט ע׳ 297 ואילך. ועוד. 8) ספר ערוגת הבושם בשם ס׳ אמרכל. 9) אבודרהם סדר תפלה ר"ה. פע"ח שער ר"ה פ"א. שעה"פ להאריז"ל עה"פ שה"ש ו, ג. 10) אסהר ס. כב. 11) שה"ש שם. 12) נצבים ל, ו. בעה"ט עה"פ. ב"ח או"ח סתקפ"א ד"ה והעבירו. וראה לקו"ש ח"ב ע׳ 402 הע׳ 15. 13) ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 299 ובהע׳ 21. ובכ"מ. 14) ל"ת ושעה"פ משפטים כא, יג. פע"ח שם. 15) משפטים שם. 16) מכות י, א.

מילואו נברא", נאר דערנאך איז געווען אן ענין בלתי רצוי [וואס די התחלה בזה איז געווען פארבונדן מיט כיעוס הלבנה (וואס דערפון איז דערנאך געווארן דער ענין פון ר"ח)] - איז חודש אלול אויך פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, וואס דאס איז וואס "אלול" איז ר"ת "את לבבך ואת לבב" (אדער "אני לדודי ודודי לי" - ווי גערעדט אמאל באדוכה די צוויי סברות וואס זיינען דא אין דערויף) - דער ענין התשובה.

און חודש אלול איז אויך פארבונדן מיטן "עולם על מילואו נברא" ווי עס וועט זיין לעתיד לבוא,

[וואס עס זיינען דא צוויי מאל וואו עס ס'שטייט "אלה תולדות" מלא: "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם", וואס דאס איז ווי די וועלט איז געווען קודם החטא, "עולם על מילואו נברא", און "אלה תולדות פרץ", וואס דאס גייט אויף לע"ל, ווי ער איז דארטן מסיים מיט דוד, מלכא משיחא [וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט מוצאי שבת קודש].

און ס'איז מבואר בכ"מ אז לע"ל וועט זיין דער "עולם על מילואו" נאכמער ווי ס'איז געווען אין תחלת הבריאה - ווארום וויבאלד אז דאס איז א ירידה לצורך עלי', דארף זיין די עלי' אין א מקום נעלה יותר פון דעם מקום פון וועלכן ס'איז געווען די ירידה],

וואס דאס איז וואס עס שטייט אין פרע"ה אז "אלול" איז ר"ת "לה' ויאמרו לאמר אשירה" - וואס וויבאלד אז די הקדמה לזה איז "אז ישיר", "שר לא נאמר אלא ישיר", איז פארשטאנדיק אז דאס גייט אויף דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס "גואל ראשון (משה רבינו) הוא גואל אחרון" - איז אזוי ווי "כימי צאתך מארץ מצרים" איז געווען דער "אז ישיר משה" כפשוטו, וועט אזוי אויך זיין אין דעם "אראנו נפלאות" - די "שירה העשירית" וואס וועט זיין אין דער גאולה דלעתיד לבוא.

ו. וכן הוי' לנו - אז דורך דער עבודה אין אלע ג' קוין

- שעליהם - ------------

17) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג. 18) ראה ד"ה על כן יאמרו המושלים הרצ"א (סה"מ קונטרסים ח"א קצב, א ואילך). 19) ראה לקו"ש ה"ב שם. וראה גם ח"ט שם הע' 23. 20) ב"ר פי"ב, ו. 21) בראשית ב, ד. 22) רות ד, יח. 23) שם, כב. 24) ראה סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. 25) שם. 26) בשלח טו, א. 27) סנהדרין צא, ב. מכילתא עה"פ. 28) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 29) מיכה ז, טו. 30) מכילתא שם.

הנחה הת' בלתי מוגה

שעליהם העולם עומד, צוזאמען ובהקדמה עבודה התשובה, וואס דורך דעם ווערן אלע מעשים (די ג' קוין) "מעשים טובים"[31] - ווער ווערן דער "אלה תולדות פרץ", אין אן אופן נעלה יותר פון "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך כללות מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, וואס דעמולט איז עיקר העבודה דער ענין פון "ובקשתם משם"[32], דער ענין פון עבודת התשובה, וואס דאס איז די עיקר העבודה פון דרא דעקבתא דמשיחא[33], און אויך די עבודה פון משיח'ן אליין, וויבאלד אז "אתא לאתבא צדיקייא (וואס "עמך כולם צדיקים"[34]) בתיובתא"[35].

און דאס זאל זיין בפועל - אז מ'וועט דאס זעהן בעיני בשר. למטה מעשרה טפחים. ובעגלא דידן.

און מ'וועט זעהן ווי אזוי "העולם עומד" און "העולם קיים" אין אן אופן פון "על מילואו" - בביאת מלכא משיחא. יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו. בקרוב ממש.

* * *

ז. ע"פ האמור לעיל קומט דאך אויס אז די עבודה פון חודש אלול איז אן עבודה הכי נעלית, וויבאלד אז חודש אלול איז די הכנה און איז כולל אין זיך את כל השנה כולה.

וכמבואר אין דעם דרוש הידוע אין לקו"ת ד"ה אני לדודי ודודי לי[36] אז אין חודש אלול ווערן נתגלה די י"ג מדה"ר, און דורך דער התעוררות וואס קומט אדורים דערפון, ווערט נמשך מלמעלה דער ענין פון אהבה ויראה כל השנה כולה.

וואס "יראת ה' ואהבתו אינו ענין ונטוע בלב האדם מכח עצמו, כ"א מכח ההארה הנמשך עליו מלמעלה"[37],

און ווי דער צ"צ צייכנט אן[38] צו דעם דרוש אין פרשת משפטים ד"ה לא תהי' משכלה ועקרה[39], וואס דארטן איז מבואר אז די אהבה ויראה פון א אידן דא למטה קען זיין בשלימות דוקא ווען עס איז דא דער ענין פון "את מספר ימיך אמלא"[40], אז עס ווערט נמשך די אהבה ויראה מלמעלה,

און ווי ס'איז אויך מבואר אין דעם אלטן רבי'נס מאמר אין סידור[41] אין דער הערה להיקון חצות. אז "עיקר היראה היא הבאה מלמעלה באתערותא דלעילא" - - איז -

---

31) לקו"ה שמע"צ פה. א. 32) ל' הכתוב - ואתחנן ד, כט. וראה לקו"ת פרשתנו לב. ב ואילך. 33) ראה לקו"ש ה"ד ע' 1072. ח"ט ע' 32 הע' 55. ס"ע 173 ואילך. ועוד. 34) ישעי' ס. כא. 35) ראה זח"ג קנג. א. 36) לקו"ה שם. א ואילך. 37) שם. 38) בלקו"ה שם. 39) הו"א עה. ד. 40) משפטים כג, כו. 41) קנב. א.

איז דורך דער ההעוררות, וואס קומט ארויס דערפון וואס בחודש אלול ווערן נתגלה די י"ג מדה"ר [וואס זיי זיינען "הכנה כו' להיות אני לדודי כו'"] - ווערט נמשך בלמעלה דער ענין פון אהבה ויראה כל השנה כולה.

ד.ה. ניט נאר אז בחודש אלול איז די הכנה און אתערל"ה צו ר"ה, און בר"ה וכו' ווערט נמשך די אהבה ויראה מלמעלה (דורך כעשינו ועבודתנו), נאר ווי ס'איז משמע פון דעם דרוש אז דער פירוש בזה איז - אז בחודש אלול ווערט שוין נמשך האהעדל"ע אויך סו"ם די אהבה ויראה כל השנה כולה.

ומבואר אין דעם צווייטן דרוש פון אני לדודי ודודי לי[43] אז "אף שבכל השנה אומרים י"ג מדות הרחמים כו' הם רק הרחמנות על חיי הגוף בלבד, אבל י"ג מכילין דרחמי המאירים בחודש אלול הם הרחמים על חיי הנפש".

[וואס דאס מיינט ניט אז בחודש אלול איז ניטא ח"ו דער ענין פון "רחמנות על חיי הגוף", נאר דער פירוש בזה איז, אז נוסף אויף דער "רחמנות על חיי הגוף" וואס איז דא בכל השנה, קומט צו בחודש אלול די "רחמים על חיי הנפש"].

וואס "חיי הנפש" זיינען חיים רוחניים - ווי עס שטייט אין אגה"ק[44] אז "חיי הצדיק (וואס "עמך כולם צדיקים") אינם חיים בשרים כ"א חיים רוחניים, שהם אמונה ויראה ואהבה".

און אויף דערויף זאגט מען אז בחודש אלול איז דא די המשכה מלמעלה למטה צו נשמות ישראל, אז בא זיי זאל זיין דערנאך דער ענין פון אהבה ויראה כל השנה כולה.

ה. ע"פ האמור לעיל אז די עבודה פון חודש אלול איז אן עבודה הכי גדולה ונעליה - איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז די טעג פון חודש אלול זיינען "ימות החול" (ווי ער זאגט אין לקו"ה[45]). איז ווי קען מען דעמולט אויפטאן אזא עבודה נעליה?

איז עס דער אלטער רבי מבאר[46] "ע"פ משל למלך שקודם בואו לעיר יוצאין אנשי העיר לקראתו ומקבלין פניו בשדה, ואז רשאין כל מי שרוצה לצאת להקביל פניו. והוא מקבל את כולם בסבר פנים יפות. ומראה פנים שוחקות לכולם".

ד.ה. אז מצד דערויף וואס דער מלך געפינט זיך בשדה, קענען צוגיין צו אים ניט נאר "המיוחדים שבעם ויחידי סגולה" (וואס זיי קענען צוגיין צום מלך אויך ווען ער געפינט זיך

- אין -

42) לקו"ה שם לג, ג. 43) לקו"ה שם. וראה גם שם לד, ב. 44) סי' ז"ך (קמו, ב). 45) שם לב, סע"א. 46) שם ריש ע"ב.

הנחה הה' בלתי מוגה

אין היכל מלכותו), נאר "כל מי שרוצה", יעדערער וואס וויל קען צוגיין צום מלך, זעהן זיך מיטן מלך און רעדן מיטן מלך, און דער מלך איז אים מקבל בסבר פנים יפות, און נעמט אן זיינע בקשות וכו׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ ווען עס רעדט זיך וועגן אן איש וואס געפינט זיך בשדה, קען ער אויך צוגיין צום מלך:

מ׳זאגט ניט אז "כל מי שרוצה" טרעפן זיך מיטן מלך, דארף ער שטיין אין א מעמד ומצב פון אזא וואס געפינט זיך אין היכל המלך, און מ׳זאגט אפי׳ ניט אז ער דארף שטיין אין א מעמד ומצב פון איינעם וואס געפינט זיך אין אן "עיר מושב" (וואס זייענדיק אין אן "עיר מושב" איז מען אנגעטאן אנדערש ווי מ׳איז אנגעטאן ווען מ׳געפינט זיך בשדה) - נאר אפילו אויב זיין צוגרייטונג איז מערניט ווי איינער וואס געפינט זיך בשדה, קען ער אויך צוגיין צום מלך, ער דארף נאר <u>וועלן</u> צוגיין צום מלך.

און דאס איז דער אויפטו פון חודש אלול - אז דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה; דער זעלבער מלך וואס געפינט זיך במשך כל השנה בהיכל מלכותו און נעמט אויף נאר די "מובחרים שבעם ויחידי סגולה", געפינט ער זיך בחודש אלול בשדה, אזוי אז יעדערער קען צו אים צוגיין, און אין אן אופן פון "א-ל ה׳ ויאר לנו[47]", אז דאס איז מאיר בפנימיות.

און ווי מ׳זאגט אין דעם מזמור[48] "לדוד. ה׳ אורי וישעי" - וואס דאס זאגט מען בכל יום ויום פון חודש אלול[49] - "בקשו פני את פניך ה׳ אבקש[50]", וואס דאס איז די עבודה וואס איז פארבונדן מיט פנימיות הלב[51].

וכאמור לעיל אז דאס אלץ איז געזאגט געווארן אפילו וועגן איינעם וואס געפינט זיך בשדה -

וואס אין שדה איז טאקע דא א חילוק צווישן דוכס צומח חי מיט מדבר, און אין מדבר גופא איז דא א חילוק צווישן אידן מיט אוה"ע (וויבאלד אז "אתה בחרתנו מכל העמים") - איז אבער ביי אידן גופא אויך דא חילוקי דרגות אין דעם מעמד ומצב ווען מ׳געפינט זיך אין היכל המלכות, ווען מ׳געפינט זיך אין אן "עיר מושב". און ווען מ׳געפינט זיך בשדה -

איז דער אויפטו פון חודש אלול, אז אפי׳ אויב ער

- געפינט -

------------

47) תהלים קיח, כז. 48) תהלים כז. 49) מט"א סתקפ"א ס"ו. 50) שם, ח. 51) לקו"ה נצבים כד, ב ואילך. ועוד.

געפינט זיך בשדה, קען ער צוגייך צום מלך - ער דארף נאר וועלן צוגיין צום מלך ("כל מי שרוצה"), און דער מלך איז אים מקבל בסבר פנים יפות.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק ווי אזוי האט מען דעם כח צו אויפטאן אין חודש אלול (אין "ימות החול") אן ענין וואס זאל אנהאלטן במשך כל השנה כולה, כולל אויך ר"ה, עשי"ת און יוהכ"פ, חגה"ס און שמע"צ - וויבאלד אז דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה, און יעדערער קען צוגיין צו אים.

וואס דאס איז מעורר און מעודד און מוסיף כח אין אלע ענינים און פעולות וועלכע מ'דארף אויפטאן אין חודש אלול.

ס. דערנאך איז ער מוסיף אין דעם דרוש א דבר גדול יותר:

אפי' ווען איינער געפינט זיך אין א "מדבר", ניט אין א "שדה", נאר אין א "מדבר", און ניט א מדבר למעליותא[52], נאר א מדבר לגריעותא (ווי ער איז מבאר אין דעם דרוש[53] וואס איז דער ענין פון מדבר לגריעותא) -

איז אים תורה מבטיח אז עס וועט זיין דער "ובקשתם משם את ה' אלקיך ומצאת"[54]: אפי' אויב ער געפינט זיך "שם", ניט אין א "שדה", נאר אין א "מדבר" (ווי ער איז מבאר אין דעם דרוש וואס איז דער ענין פון "שם"), איז אויב עס וועט נאר זיין דער "ובקשתם", וועט זיין דער "ומצאת", אפי' אויב פריער איז ער געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "האובדים בארץ אשור"[55] (ווי ער ברענגט אראפ אין דעם דרוש).

וואס דאס איז דער כללות החילוק צווישן די עבודה פון חודש ניסן ביז דער עבודה פון חודש תשרי - אז די עבודה פון חודש ניסן איז עבודת הצדיקים, און די עבודה פון חודש תשרי איז עבודה התשובה[56].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א חילוק אין די הכנות צו חודש ניסן מיט די הכנות צו חודש תשרי - אז די הכנוה צו חודש תשרי (די עבודה פון חודש אלול) דארפן זיין לויטן אופן העבודה פון חודש תשרי, עבודת התשובה.

וכמדובר לעיל (ס"ו) אז עיקר העבודה אין עקבתא דמשיחא איז עבודה התשובה, וואס די דרגא פון בע"ת איז העכער פון דרגת הצדיקים[56], ביז אז די מעלה פון צדיקים איז - אז בא זיי וועט זיין דער "אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא", אז בא זיי וועט צוקומען די מעלה פון עבודת התשובה.

- י. -

---

52) ראה לקו"ת במדבר ד, ג. 53) לב, ב. 54) ישעי' כז, יג. 55) ראה אוה"ת בא ע' רנז ואילך. 56) ראה ברכות לד, ב. רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד.

י. און וויבאלד אז עליכות התשובה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לימוד התורה (כמבואר אין אגה"ת[57]) - איז פארשטאנ- דיק אז בהודש אלול דארף זיין א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין פון ליכוד התורה.

און ווי דערמאנט פריער (ס"ג) אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ההורה שנקראת ראשית", וואס דאס איז פארבונדן מיט "בשביל ישראל שנקראו ראשית".

ווי עס ברענגט זיך אין חסידות בכ"מ[58] דער מארז"ל[59] "מחשבהן של ישראל קדמה לכל דבר", און ווי עס שטיים אין חד"א[60] "שני דברים קדמו לעולם תורה וישראל ואיני יודע איזה מהם קודם, כשהוא אומר צו את בנ"י דבר אל בנ"י אומר אני ישראל קדמו" - דעם ענין איז טאקע הורה מגלה. אבער הורה איז מגלה די מעלה פון אידן לגבי תורה.

און דעם מה אויף דער עבודה פון הודש אלול - עבודת התשובה. ביז צו שליכוה ההשובה וואס איז פארבונדן מיט ליכוד ההורה - האס מען דערפון וואס בהודש אלול געפינט זיך דער מלך בשדה,

וואס דעמולט איז אפי' די וואס פארשפעטיקן זיך, דערפאר וואס מיט א רגע לפנ"ז האבן זיי זיך געפונען "שם", אין "מדבר" - קענען זיי חשובה טאן, און "בשעתא חדא וברגע חדא"[61] איבערשטעלן זיך מן הקצה אל הקצה, אז זיי זאלן זיין צוזאמען מיטן מלך בשדה.

ואדרבה: ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין הל' השובה[62] אז א בע"ה איז "אהוב ונחמד הוא לפני הבורא כאילו לא חטא מעולם", ביז אז "מעלתן גדולה ממעלת אלו שלא חטאו מעולם".

און ער סוס אויף די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש אלול צוזאמען מיטן כלל ישראל - אין אן אופן פון "ברכנו אבינו כולנו כאחד"[63].

יא. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

"אלול" איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ווערטער - "לא" (מיט אן אל"ף) און "לו" (מיט א וא"ו)[64].

- וואס -

---

57) כפ"ח ופ"ט. וראה לקוטי ביאורים לתניא ח"ב ע' רו ואילך. 58) ד"ה אז ישיר ה'ש"ת פ"ג (סה"מ ה'ש"ה ע' 61). ועוד. 59) ב"ר פ"א. ד. 60) ראה הדא"ר ספי"ד. פל"א. ב"ר שם. 61) ראה זה"א קכט. סע"א. 62) שם ה"ד. 63) ראה הניא פל"ב. 64) אוה"ת פרשהנו ע' השצז.

וואס דער ענין פון "לא" און "לו" איז - ווי עס ברענגט זיך אין די דרושים[65] אויפן מזמור המאה פון תהלים דער מאמר המדרש[66] אויפן פסוק[67] "הוא עשנו ולא אנחנו", אז אין דערויף זיינען דא צוויי ענינים: א) "לא אנחנו בראנו את נפשנו" ("לא" מיט אן אל"ף), ב) "לו אנו משלימים את נפשותינו" ("לו" מיט א וא"ו).

וואס דאס זיינען צוויי דרגות אין דער עבודה פון אידן: צום אלעם ערשטן דארף מען באווארענען דעם קס"ד אז "לא אנחנו בראנו את נפשנו", און ערשט דערנאך קען מען צוקומען צו תכלית השלימות - "לו אנו משלימים את נפשותינו".

[וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם מספר פון מאה (דער מזכור המאה פון תהלים) - ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות[68] דעם ביאור[69] אין מאמר המשנה[70] "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", אז דאס איז תכלית השלימות אין עבודה:

עס איז טאקע דא די מציאות פון וועלט, און ער געפינט זיך אין וועלט - עס איז אבער "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם": די וועלט שטייט אין א ביטול אמיתי, ביז אז זי איז אינגאנצן אוועקגעגאנגען פון איר פריערדיקן מעמד ומצב.

וואס דאס איז הכלית השלימות אין עבודה - "לו אנו משלימים את נפשותינו"].

וואס דאס איז פארבונדן מיטן גודל המעלה פון אידן ("לו אנו משלימים את נפשותינו") - ביז ווי עס איז מבואר בכמה דרושים[71] (מיוסד אויף תורת המגיד[72]) אז נשמות ישראל זיינען מושרש נאך טיפער פון תורה[73], און ווי דערמאנט פריער (ס"י) אז "מחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר". אפי' להורה (ווי תורה שטייט אין מחשבה).

וואס דער ענין אז "אלול" איז צוזאמענגעשטעלט פון די צוויי ווערטער "לא" און "לו" שטייט טאקע אין תורה, ד.ה.

- אז -

---

65) ד"ה דעו תרצ"ב (סה"מ קונטרסים ח"א רסו, א ואילך). תש"א (סה"מ תש"א ע' 146 ואילך). תש"ד (סה"מ אידיש ע' 146 ואילך). ועוד. 66) ב"ר פ"ק, א. 67) תהלים ק, ג. 68) ד"ה דעו דמוצאי ש"פ תו"ב. שיחה מוצאי ש"פ הנ"ל סי"א. 69) ראה אוה"ת חקת ע' תיז ואילך. ועוד. לקו"ש ח"א ע' 26. ח"ה ע' 87. ועוד. 70) אבות פ"ה מכ"ב. 71) ראה ד"ה מים רבים דמוצאי ש"פ נח תשל"ח ס"ה. וש"נ. 72) לקו"א ואו"ת בתחלתן. וראה גם או"ת ב, ג. 73) ראה גם לקו"ש (ראה) אלול תשל"ח ס"ד.

אז "תורה אור"[74] איז עס מגלה - דאס ווערט אבער אויפגעטאן ע"י ישראל, דורך דער עבודה פון אידן.

און דעמולט שטייען אידן בשלימותם ("לו אנו משלימים את נפשותינו"), דורך דערויף וואס בא זיי איז דער ענין פון תורה על מילואה, און זיי טוען אויף אין וועלט אז ס'זאל זיין אן "עולם על מילואו".

יב. און דורך דער עבודה האמורה לעיל ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחלה"[75] - וואס דאס איז פארבונדן מיט דער פרשה וואס מ'האט אנגעהויבן ליינען צו מנחה פון שבת מברכים חודש אלול - "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך"[76].

וכידוע וואס חסידות[77] ברענגט אראפ דעם פירוש פון ש"ך עה"ת, אז "בכל שעריך" פון דער "עיר קטנה זה הגוף"[78], דארף מען אוועקשטעלן "שופטים ושוטרים" -

וואס דורך דערויף ווערט דורכגעפירט עבודת התשובה, און כללות העבודה פון תורה ומצוותי', לכל פרטי'.

און דורך דעם וואס מ'שטעלט אוועק די "שופטים ושוטרים" אין "כל שעריך" פון דער "עיר קטנה" - איז וויבאלד אז מדתו של הקב"ה איז "מדה כנגד מדה"[79], נאר כמ"פ ככה[80], ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחלה",

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, וואס "אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא", ובעגלא דידן.

* * *

יג. מ'האט גערעדט כמ"פ אז דער שבת מברכים פון יעדער חודש איז אין דעם חודש שלפניו - וואס אזוי איז געווארן זינט מ'האט אויפגעהערט מקדש זיין די חדשים ע"פ הראי' (וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הגלות), וואס דעמולט האט מען מתקן געווען דעם ענין פון שבת מברכים החודש, און דאס איז געווארן א "מנהג ישראל" וואס "תורה הוא"[81].

און דערפאר איז כאן המקום משלים זיין כמה ענינים

- וואס -

------------

74) משלי ו, כג. 75) ישעי' א, כו. 76) שופטים טז, יח. 77) אוה"ת שופטים ע' תתכב. 78) ראה תנחומא פקודי ג. תקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו. 79) פט"ז עה"פ שמות ג, ו. ודאה סוטה ח, ב. ט, ב. 80) ראה סוטה יא, א. תוספתא סוטה רפ"ד. תנחומא (באבער) בשלח כא. תוד"ה כרים - סוטה שם.
81) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. ובכ"כ.

וואס מ'האט געפרעגט אויף דעם וואס עס האט זיך גערעדט אין דער התוועדות שלפנ"ז.

און אויך מבאר זיין אן ענין אין הל' ביהב"ח - ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[82] אז מ'זאל זיך עוסק זיין אין דעם לימוד פון הלכות בית הבחירה -

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט כללות ההוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אנהויבנדיק פון חמשה עשר באב ואילך[83], על מנת אז דאס זאל אנגייון "מקומי עד שכבי"[84], ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[85].

יד. אין אנהויב פון הל' ביהב"ח זאגט דער רמב"ם: "מצות עשה לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות".

וכמדובר כמ"פ אז דער ספר "יד החזקה" ("משנה תורה") איז מדויק ביותר, ביז וואנעט אז מ'לערנט אפ הלכות פון א ווארט און אפי' פון אן אות[86] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל איז עס מדויק.

[וואס אין דערויף איז דא א חילוק צווישן דעם ספר "יד החזקה" מיט דעם פירוש המשניות[87]: דעם "יד החזקה" האט דער רמב"ם אליין געשריבן אויף לה"ק, וואס דערפאר איז דאס מדוייק ביותר, משא"כ דעם פירוש המשניות, וואס דער רמב"ם האט דאס געשריבן אויף אראביש, און דערנאך האט מען דאס איבערגעזעצט אויף לה"ק - וואס דערפאר זיינען דא פארשידענע נוסחאות אין דער העתקה.

דער תוכן פון פיהמ"ש איז טאקע פון דעם רמב"ם - מ'קען אבער ניט מדייק זיין אין א ווארט (אדער אפי' אין כמה ווערטער), ווארום דעם ווארט האט דער מעתיק אויסגעקליבן אויף צו איבערזעצן דעם ווארט וואס דער רמב"ם האט געשריבן אויף אראביש, ובמילא איז נים מוכרח אז דאס איז בדיוק, ווארום עס קען זיין אז ווען א צווייטער וואלט דאס איבער-געזעצט, וואלט ער אויסגעקליבן אן אנדער ווארט וואס וואלט געווען מער בכוון צום אראבישן ווארט וואס דער רמב"ם האט געשריבן.

- וואס -

------------

82) שיחה ט"ו תמוז סל"ה. מוצאי ש"פ מטו"מ ס"ט. וראה גם מכתב דער"ח מנ"א ש.ז. - נדפס בלקו"ש דברים ש.ז. 83) תענית לא, א (ובפרש"י שם ד"ה מכאן). ב"ב קכא, ב (וברשב"ם שם ד"ה מט"ו). הל' ה"ת לאדה"ז פ"ד ס"ח. 84) ב"ח או"ח סרל"ח. 85) שיחת י"ג מנ"א ס"ו ואילך (ובהע' 25 שם). ט"ו באב סכ"ד ואילך. כ"ף מנ"א סמ"ב. 86) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ג. 87) לקו"ש חי"א ע' 121 הע' 37. וראה גם יד מלאכי שם אות א. כג.

וואס אע"פ אז אראביש האט אויך א שייכות צו להק (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די ווערטער אליין, מיט נאך כו"כ פרטים) - קומט דאס אבער ניט צו דער קדושה און דער דיוק פון להק, וואס דערפאר ווערט עס אנגערופן בשם "לשון הקודש",

וואס להק איז דאך דער לשון שבו נברא העולם, וכידוע תורת הבעש"ט[88] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה און באשאפט דעם נברא בכל רגע ורגע.

און דא איז דער רמב"ם מדייק אז די מצוה איז "לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף דער רמב"ם זאגן "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנוה", ווען ער וואלט נאר געזאגט "להיות מקריבים בו הקרבנות" וואלט אויך געווען פארשטאנדיק כוונה הרמב"ם.

טו. איז דער ביאור בזה[89]:

דערבים וואס דער רמב"ם זאגט "לעשות ביה לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנוה", איז ער מדגיש אז די מצוה באשטייט ניט אין דעם וואס מ'דארף בויען א "ביה לה'", נאר די מצוה איז אז ס'זאל זיין "בית לה' מוכן להיוה מקריבים בו הקרבנות",

און ווי דער ראגאטשאווער[90] איז מבאר אז אין דעם מקדש איז די מצוה אז ס'זאל זיין א מקדש, און ניט אז מ'זאל בויען, "שיהי' ולא שיבנה" (דער בויען איז ע"ד ווי א "הכשר מצוה"), משא"כ אין דעם משכן, וואס דארטן איז דער בנין גופא א מצוה,

און כל זמן אז דער "ביה לה'" איז נאך ניט "מוכן להיוה מקריבים בו הקרבנות", איז ניט מקוים געווארן די מצוה פון "ועשו לי מקדש"[91].

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער מחלוקה פון דעם רמב"ם מיטן רמב"ן[92] צי עשית כלי המקדש ווערט גערעכנט אלס א מצוה בפ"ע, אדער אז די איז א חלק פון מצוה בנין ביה המקדש:

דער רמב"ם[93] האלט אז "המנורה והשולחן והמזבח וזולתם כולם מחלקי המקדש" - ווארום וויבאלד אז די מצוה איז "לעשוה ביה לה' מוכן להיוה מקריבים בו הקרבנוה". און דורך

- די -

------------

88) שעהיוה"א בהחלהו. 89) ראה לקו"ש שם ע' 120 ואילך. 90) צפע"נ בהדו"ה ג. ב. פב. ג-ד - הובא בכללי ההוהמ"צ ה"א ע' צט. 91) הרומה כה. ה. 92) הובא בלקו"ש שם ע' 116 ואילך. 93) בהמ"צ מ"ע כ.

די כלים ווערט דער ביהמ"ק "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", איז פארשטאנדיק, אז עשית כלי המקדש איז א חלק פון דער מצוה "לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלע ענינים אין בית המקדש וועלכע זיינען מעכב אין הקרבת הקרבנות (ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין ירושלמי[94] ובכ"מ), זיינען זיי נכלל אין דער מצוה פון בנין בית המקדש -

וואדום וויבאלד אז די מצוה באשטייט אין דעם וואס עס דארף זיין "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", איז כל זמן אז דער "בית" איז ניט "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", איז נאך ניט מקוים געווארן די מצוה פון "ועשו לי מקדש".

טז. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין די קרבנות דארף מען דאך האבן די כהנים וועלכע זיינען עובד די עבודה אין בית המקדש, און מ'דארף האבן די בעלים פון דעם קרבן - "כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם".

וע"פ הנ"ל קומט אויס[95] אז די מציאות פון די כהנים וועלכע זיינען מקריב דעם קרבן, איז א חלק פון קיום המצוה "לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", ווארום אויב עס זיינען ניטא קיין כהנים, פעלט דער ענין פון "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות".

וואס בשעת ס'איז געווען די עלי' פון בבל, איז דאך געווען א זמן וואס עס האט געפעלט אין דעם מספר פון די כהנים[96] ולוים וואס מ'האט געדארפט האבן צוליב דער עבודה פון ביהכ"ק, ביז וואנעט אז מ'האט זיי מעניש געווען וכו'[97],

און בכלל איז ניט קיין הכרה צו זאגן אז אלעמאל איז אין א"י געווען א כהן, און א כהן וואס איז ראוי לעבודה (ניט קיין בה כהן, און ניט קיין קטן וכו').

ס'איז ידוע וואס דער רמב"ם[98] זאגט אז אלעמאל וועלן זיין אידן אין א"י, וויבאלד אז "הבטיחנו בהורה שלא תכלה זו האומה בלל".

און ווי דער ראגאטשאווער[99] איז מבאר דעם הכרה אויף דערויף:

- די -

------------

94) שקלים פ"ד ה"ב. 95) ראה גם לקו"ש שם ע' 124.
96) עזרא ב, סב. ח, טו. 97) יבמות פו, ב. 98) סהמ"צ מ"ע קנג. הובא במפרש לרמב"ם הל' קדה"ח פ"ה הי"ג. 99) צפע"נ לרמב"ם שם.

די גמרא[100] זאגט "גמירי דלא כלה שבטא", און וויבאלד אז דאס וואס אפרים און מנשה ווערן גערעכנט אלס צוויי שבטים איז עס נאר בנוגע צו נחלת הארץ[101], איז אויב עס וועלן נים זיין קיין אידן אין א"י, וועט נים זיין קיין תילוק צווישן אפרים מיט מנשה, נאר זיי וועלן זיין א שבט אחד, וועט דאך אויסקומען "כלה שבטא", וואס דערפון איז פארשטאנ-דיק, אז אלעמאל מוזן זיין אידן אין ארץ ישראל.

עס איז אבער ניטא קיין הכרח צו זאגן אז אלעמאל זיינען אין א"י געווען כהנים וואס זיינען ראוי לעבודה, און לוים וואס דארפן "לעמוד לפני ה' לשרתו"[102], דורך דעם ענין השירה וכיו"ב,

וועט דאך אויסקומען אז כדי די מצוה פון "לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" זאל געטאן ווערן בשלימותה, דארף מען האבן די השתדלות אז עס זאלן זיין די "כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם", וויבאלד אז דוקא דעמולט ווערט דער "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות".

און אע"פ אז לכאו' קען מען מדייק זיין אין דערויף אז עס דארף זיין "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", אז דער "בית" דארף זיין "מוכן", עס איז אבער נים נוגע אז דער קרבן אליין, אדער מקריבי הקרבן, זאלן אויך זיין דארטן -

אבער עכ"פ איז דא דער דיוק אז אלע ענינים פון ביהמ"ק וועלכע זיינען מעכב צו הקרבת הקרבנות, ועאכו"כ דער מזבח און די כלי שרת וועלכע מ'נוצט אויף הקרבת הקרבנות (אויף זריקה וכיו"ב) - זיינען א חלק פון מצות בנין ביהמ"ק, ד.ה. אז מ'דארף האבן אז די אלע ענינים זאלן זיין מן המוכן, און זיין בטהרתם, וואס דעמולט איז עס א "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות".

יז. עד"ז האט מען אויך גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[103] בנוגע צו די "ענני כבוד" - וואס דאס קומט אויך בהמשך צו דער סדרה וואס כ'האט געלייענט אין דעם פריערדיקן שבת, וואס דארטן[104] שטייט "שמלתך לא בלתה מעליך", און רש"י טייטשט אפ אז "ענני כבוד היו שפים בכסותם ומגהצים אותם", וואס דאס באווייזט אויף גודל החביבות פון אידן.

- וואס -

------------

100) ב"ב קטו, ב. 101) הוריות ו, ב. 102) עקב י, ח. 103) שיחת כוצאי ש"פ מטו"מ סנ"ד ואילך. ש"פ דברים סכ"ה ואילך. ליל ט"ו באב סל"ג ואילך. 104) עקב ח, ד.

וואס אין דערויף האט מען מבאר געווען[105] אז די "ענני כבוד" זיינען די עננים וועלכע זיינען געווען לכבודם של ישראל, און ניט דער ענן אין וועלכן ס'איז געווען א הכרח - ליישר את ההרים און להרוג נחשים ועקרבים וכיו"ב[106], וואס דער ענן המוכרח איז טאקע ניט נסתלק געווארן במיתת אהרן.

און אעפ"כ האט מען אויך מבאר געווען[107] אז לאחרי מיתת אהרן האט מען שוין ניט געדארפט האבן די פעולה פון די "ענני כבוד" - דערפאר וואס אין דערויף זיינען דא כמה דעות:

א) די דעה וואס רש"י ברענגט אראפ אין פשש"מ איז - אז "בסוכות הושבתי את בנ"י בהוציאי אותם מארץ מצרים"[108] זיינען די "ענני כבוד", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די "ענני כבוד" זיינען געווען בדוגמת סוכה, מד' רוחות ומלמעלה ומלמטה (ששה עננים), און דערנאך איז געווען דער ענן וואס האט אויפגעטאן די דברים המוכרחים (וואס ער איז ניט געווען פון די "ענני כבוד")[109].

און דערפאר זעט מען אז ווען רש"י רעכנט אויס די "שבעה עננים" אין פ' בהעלותך[110], זאגט ער ניט "ענני כבוד", נאר "עננים" סתם, דערפאר וואס ניט אלע עננים זיינען געווען "ענני כבוד"[111].

ב) די דעה פון מדרש[112] אז אלע "שבעה עננים" זיינען געווען "ענני כבוד".

און אין דערויף גופא קומט צו נאך אן ענין: צי דערנאך האבן זיך די "ענני כבוד" אומגעקערט "בזכות משה"[113], אדער ווי ס'איז משמע פון פשש"מ אז די "ענני כבוד" האבן זיך ניט אומגעקערט לאחרי מיתת אהרן, ווי גערעדט בארוכה[114].

און וויבאלד אז ס'איז ניט קיין הכרח צו זאגן אז די שאלה צי "ענני כבוד" האבן זיך אומגעקערט "בזכות משה" איז תלוי אין די צוויי דעות הנ"ל [ד.ה. אז אויב מ'זאגט אז אלע "שבעה עננים" זיינען געווען "ענני כבוד", דארף מען זאגן אז די "ענני כבוד" האבן זיך אומגעקערט "בזכות משה"], נאר אויך לויט דער דעה פון מדרש קען מען זאגן אז די "ענני

- כבוד" -

------------

105) שיחת ש"פ דברים סכ"ו. 106) פרש"י בהעלותך י, לד. חקת כ, כב. 107) שיחת מוצאי ש"פ מטו"מ סנ"ה. ס"ו באב שם. 108) אמור כג, מג. 109) ראה שיחת ש"פ דברים סכ"ח. 110) שם. 111) שיחה הנ"ל סכ"ט. 112) ספרי זוטא עה"פ בהעלותך שם. ברייתא דמלאכת המשכן פי"ד. במדב"ר פי"א, ב. יל"ש פקודי רמז תכז. וראה זח"ג קג, א. תקו"ז תכ"א (נה, א). 113) תענית ט, א. 114) שיחה הנ"ל סכ"ה. מוצאי ש"פ מטו"מ סנ"ד.

כבוד" האבן זיך ניט אומגעקערט (ווי ס'איז לויט פשש"מ) -

דארף מען אנקומען צום ביאור אז לאחרי מיתת אהרן האט מען שוין ניט געדארפט אנקומען צו די פעולה פון די "ענני כבוד", כדי צו מבאר זיין דעת המדרש (אז אלע "שבעה עננים" זיינען געווען "ענני כבוד") ע"פ פשש"מ (אז די "ענני כבוד" האבן זיך ניט אומגעקערט).

יח. עד"ז האט מען אויך גערעדט[115] וועגן דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[116] "צא הלחם בעמלק" - "צא מן הענן והלחם בו".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז בשעה אידן זיינען געווען אין דעם ענן האט זיי עמלק ניט געקענט אנרירן, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י זאגט אז עס האט געדארפט זיין דער "צא מן הענן והלחם בו",

און ווי רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[117] "וישמע הכנעני מלך ערד גו'", אז מצד "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני כבוד" איז ער געקומען מלחמה האלטן מיט אידן, משא"כ לפנ"ז ווען עס זיינען געווען די "ענני כבוד" -

איז ווי האט עמלק געקענט מלחמה האלטן מיט אידן, ביז אז עס האט געדארפט זיין דער ציווי "צא מן הענן והלחם בו"?

האט מען דאס געוואלט פארענטפערן לויט דעם וואס רש"י זאגט אין פ' תצא אויפן פסוק[118] "הנחשלים אחריך" - "חסרי כח מחמת חטאם, שהי' הענן פולטן".

איז כמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י לערנט מיטן בן חמש למקרא פ' בשלח, קען ער זיך ניט פארלאזן אז בשעה דער בן חמש למקרא וועט אנקומען צו פ' תצא וועט ביי אים פארענטפערט ווערן די שאלה וואס ער האט אין פרשה בשלח!

וואס דאס איז דאך א שאלה וואס וועט ביים בן חמש למקרא ווען ער לערנט פ' בשלח: וויבאלד אז זייענדיק אין דעם ענן האט זיי עמלק ניט געקענט אנרירן, איז וואס האט מען געדארפט ארויסגיין פון דעם ענן און מלחמה האלטן מיט עמלק'ן ("צא מן הענן והלחם בו") - זאל מען ניט ארויסגיין פון דעם ענן, וועט ניט זיין קיין מלחמה?!

און דא זעט מען דעם חילוק צווישן א בן חמש למקרא ביז - א "למדן": -

------------

115) שיחה ש"פ דברים ס"ל. 116) בשלח יז, ט. 117) חקת כא, א. במעי' לג, מ. 118) כה, יח.

א "למדן": א למדן איז זיך מעמיק אין פרש"י און פרעגט שאלות מיט אלע קונצן, אבער א בן חמש למקרא פארשטייט ניט קיין קונצן, און ער לערנט פרש"י בפשטות, זעט ער ווי רש"י באווארענט די שאלה:

אויפן פסוק[119] "היש ה' בקרבנו אם אין" - וואס גלייך נאך דערויף איז געווען דער "ויבוא עמלק" - זאגט רש"י: "משל לאדם שהרכיב בנו על כתפו ויצא לדרך, הי' אותו הבן רואה חפץ ואומר אבא טול חפץ זה והן לי והוא נותן לו, וכן שני' וכן שלישית, פגעו באדם אחד אמר לו אותו הבן ראית את אבא, אמר לו אביו אינך יורע היכן אני, השליכו מעליו ובא הכלב ונשכו" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין נמשל מיינט דאס אז זיי זיינען געווען מחוץ להענן.

און זעלבסטפארשטענדליך אז ניט אלע אידן האבן געפרעגט "היש ה' בקרבנו אם אין", ווארום ס'איז דאך געווען משה רבינו, און נאך אידן וואס זיינען געווען צוזאמען מיט משה רבינו - נאר די וואס האבן געפרעגט "היש ה' בקרבנו", בא זיי איז געווען דער "השליכו מעליו", אז זיי זיינען געווען מחוץ להענן, און דערפאר האט משה רבינו געזאגט צו יהושע "צא מן הענן והלחם בו".

יט. עד"ז האט מען אויך געפרעגט אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[120] בנוגע צו דעם ענין פון "קרבן העצים":

בנוגע צו דעם יו"ט פון חמשה עשר באב זאגט דער רשב"ם[121] אז "אותו יום שפסקו (מלכרות לבערכה) היו שמחים, לפי שבאותו יום היו משליכין מצוה גדולה כזאה".

און מ'האט מבאר געווען אז אע"פ אז לכאו' איז כריתת העצים למערכה מערניט ווי א "הכשר מצוה" (ווייבאלד אז דורך דעם קען מען מקריב זיין די קרבנות) - איז עס אבער אן ענין גדול ביותר, ביז צו א "מצוה גדולה":

דאס וואס מ'האט געבראכט עצים אין לשכת העצים, איז געווען אן ענין של צדקה - כדי אז די וואס האבן ניט געבראכט מיט זיך קיין עצים, זאלן אויך קענען מקריב זיין זייער קרבן, און דערפאר ווערט דאס אנגערופן "מצוה גדולה".

איז אזוי ווי מ'רעדט דאך וועגן "לומדים" - איז מען אריין אין א גאנצע שקלא וטריא:

- ווי -

---

119) בשלח שם, ז. 120) שיחת ליל ט"ו באב ס"ד ואילך.
121) ד"ה מניסן - ב"ב שם.

ווי קען מען זאגן אז בחמשה עשר באב (ווען עס האט זיך גענדיקט כריתת העצים למערכה) "היו משלימין מצוה גדולה כזאת" - די מצות הצדקה שבזה איז דאך אז ס׳זאלן זיין עצים אין ביהמ"ק, וואס דאס ווערט אויפגעטאן ווען מ׳ברענגט די עצים אין ביהמ"ק (און כריתת העצים איז מערנים ווי א הכנה דערצו), און די משנה[122] זאגט דאך אז ס׳איז געווען דער "קרבן העצים" וואס מ׳האט געבראכט "בעשרים בו" (עשרים באב) און "בעשרים באלול", נאך חמשה עשר באב?

איז פאר א "למדן" איז עס טאקע א געוואלדיקער אויפטו, ווען מ׳טראכט זיך אבער אריין אין פשטות הדברים, זעט מען אז דאס איז פארשטאנדיק בפשטות (כדלקמן).

כ. דער ביהמ"ק איז דאך געווען "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" - איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז אין ביהמ"ק זיינען געווען די וואס האבן פארזארגט אז עס זאלן זיין אלע ענינים וואס מ׳דארף האבן צוליב הקרבה הקרבנות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ׳האט זיך ניט פארלאזט אויף דעם וואס בעשרים באב וועלן קומען "בני פחת מואב בן יהודה" (אדער "בעשרים באלול" - "בני עדין בן יהודה") און וועלן מנדב זיין עצים למערכה - נאר ס׳איז געווען א ממונה אויף "לשכת העצים", וואס ער האט פארזארגט אז ס׳זאל שטענדיק זיין עצים אין "לשכת העצים".

ובדוגמא ווי ס׳איז געווען בנוגע צו "לשכת הטלאים", וואס דארטן זיינען געווען אנגעגרייט כבשים אויף הקרבת התמיד[123] (אז ס׳זאל קענען זיין דער "את הכבש אחד תעשה בבוקר ואת הכבש השני תעשה בין הערבים"[124]) - פארשטייט דאך דער "בן עשר למשנה" אז דער ממונה אויף דער לשכה האט זיך ניט פארלאזט אז אפשר וועט קומען אימעצער און וועט ברענגען כבשים אויף הקרבת התמיד, נאר ער האט אליין פארזארגט אז אין "לשכת הטלאים" זאלן זיין כבשים, ובפרט אז "תמיד טעון ביקור ארבעה ימים קודם שחיטה"[125].

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז ס׳איז היפך השכל צו זאגן אז "לשכת העצים" איז געשטאנען ליידיק, און מ׳האט זיך פארלאזט אז מסתמא וועט אימעצער קומען און וועט מנדב זיין עצים למערכה.

ס׳איז מערנים וואס "כשעלו בני הגולה לא מצאו עצים בלשכה, ועמדו אלו והתנדבו משלהם", און דערפאר "התנו

- נביאים -

------------

122) תענית כו, א. 123) תמיד פ"ג מ"ג וברע"ב שם. 124) פינחס כח. ד. 125) ערכין יג, ריש ע"ב. וש"נ.

נביאים שביניהן שאפילו לשכה מלאה עצים יהיו אלו מתנדבין משלהן"[126] - אבער ע"ד הרגיל האט דער ממונה אויף "לשכת העצים" פארזאָרגט אז אין "לשכת העצים" זאלן שטענדיק זיין עצים, כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין די קרבנות.

אין דערויף קומט צו נאך א זאך:

די משנה זאגט אין תמיד[127] אז "כל העצים כשרים למערכה חוץ משל גפן ושל זית", און ווי די גמרא[128] זאגט "משום דקטרי" ("יש בהן קשרים ובשביל הקשרים אין שורפים יפה ומעלין עשן"[129]), אדער "משום ישוב דארץ ישראל" ("שאם ישרפו הזיתים והגפנים לא ימצאו יין לשתות ושמן לסוך ותחרב ארץ ישראל"[130]).

ונוסף לזה: די משנה זאגט אין מדות[131] "הכהנים . . מתליעים העצים וכל עץ שנמצא בו תולעת פסול מעל גבי המזבח".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'האט זיך ניט געקענט פארלאזן אויף דעם וואס אימעצער וועט קומען און מנדב זיין עצים למערכה - ווארום עס קען דאך זיין אז יענער וועט ניט וויסן און וועט ברענגען "של גפן ושל זית", און אפי' אז ער וועט ברענגען פון די עצים וואס זיינען "כשרים למערכה", קען דאך זיין אז דארטן וועלן זיין תולעים, וועט מען בלייבן אן עצים - האט מען גענדארפט אליין באזאָרגן אז אין "לשכת העצים" זאלן שטענדיק זיין עצים למערכה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז די אלע פלפולים וועגן הויבט זיך אן מצות הצדקה [אז מצות הצדקה איז וועגן מ'גיט דאס אפ צום גבאי צדקה, ובעניננו: ווען מ'גיט דאס אפ אין "לשכת העצים" - און מ'געפינט אז בעשרים באב און בעשרים באלול האט מען אויך מנדב געווען עצים למערכה] זיינען דא ניט שייך -

ווארום מ'מוז זאגן אז בלאה"כ זיינען געווען עצים אין "לשכה העצים", וואס ביז חמשה עשר באב האט מען צוגעגרייט די עצים למערכה על כל השנה כולה, און דערפאר זאגט דער רשב"ם אז "באותו יום היו משלימין מצוה גדולה כזאת".

כא. עפ"ז ווערט אבער אן אנדער שאלה:

די משנה זאגט אין שקלים[132] אז עס זיינען געווען "שבעה אמרכולין ושלשה גזברין", וואס זיי זיינען געווען ממונה אויף כו"כ עניינים פון ביהמ"ק, און דערנאך איז די משנה[133]

- ממשיך -

---

126) תענית כח, א. 127) פ"ב מ"ג (כט, א). 128) שם, ב.
129) פרש"י שם ד"ה אמר רב פפא. 130) פרש"י שם ד"ה רב אחא.
131) פ"ב מ"ה. 132) פ"ה ה"ב. 133) מ"ג.

ממשיך אז ס'איז געווען דער "ממונה על הנסכים", און "מי שהוא מבקש נסכים הולך לו אצל יוחנן שהוא ממונה על החותמות, ונותן לו מעות ומקבל ממנו חותם, בא לו אצל אחי' שהוא ממונה על הנסכים ונותן לו חותם ומקבל ממנו נסכים".

זיינען מבאר מפרשי המשנה[134] אז דאס וואס מ'האט געדארפט באקומען די נסכים פון דעם "ממונה על הנסכים", און מ'האט אליין ניט געקענט ברענגען די נסכים (פונקט ווי מ'ברענגט דעם קרבן) איז - "שלא יהא כל מביא קרבן צריך לחזור אחר נסכים העשויין על טהרת הקודש",

ד.ה. אז אזוי ווי נסכים האבן געדארפט זיין "עשויין על טהרת הקודש", האט מען ניט געוואלט (אדער ניט געקענט) פארלאזן זיך אויף "כל מביא קרבן" אז ער וועט קענען ברענגען "נסכים העשויין על טהרה הקודש", און דערפאר האט מען באקומען די נסכים אין "לשכה הנסכים".

וע"פ האמור לעיל האט לכאורה געדארפט זיין דער זעלבער סדר בנוגע צו עצים:

אזוי ווי די עצים למערכה האבן געדארפט זיין פון א באשטימטן סוג עצים ("חוץ משל גפן ושל זית"), און מ'האט געדארפט האבן עצים וואס האבן ניט קיין תולעת - האט געדארפט זיין אז ניט יעדערער זאל קענען ברענגען עצים משלו, נאר דער ממונה אויף לשכה העצים זאל אים געבן עצים, אזוי ווי ס'איז געווען בנוגע צו נסכים?

[ס'איז קיין קשיא ניט פארוואס איז ניט געווען קיין ארט אין ביהמ"ק אויף צו האלטן די קרבנות אליין, נאר יעדערער האט אליין געבראכט דעם קרבן - ווארום א בהמה איז א דבר חי, איז ניט שייך אז ס'זאל מקבל זיין טומאה, און בנוגע צו א מום, קען מען אליין זעהן צי די בהמה האט א מום אדער ניט, און דערפאר האט יעדערער געקענט אליין ברענגען דעם קרבן.

משא"כ בנוגע צו נסכים, איז וויבאלד זיי האבן געדארפט זיין "עשויין על טהרה הקודש", האט מען זיך ניט פארלאזט אויף יעדערן, נאר מ'האט געדארפט נעמען די נסכים בא דעם "ממונה על הנסכים".

ולכאו' האט דער זעלבער סדר געדארפט זיין בנוגע צו עצים, אז אזוי ווי מ'האט געדארפט האבן א געוויסן סוג עצים, און עצים וואס האבן ניט קיין הולעת - האט מען זיך ניט געדארפט פארלאזן אויף יעדערן, נאר מ'האט דאס געדארפט באקומען אין "לשכה העצים"].

- כב. -

------------

134) קה"ע לירושלמי שקלים שם.

כב. איז דער ביאור בזה:

דער חילוק צווישן נסכים מיט עצים, איז גאר א פשוט'ער: ווען עס רעדט זיך וועגן נסכים, וואס דארטן האט מען געדארפט וויסן אז דער יין איז געמאכט געווארן "על טהרת הקודש", וואס דאס איז דאך אן ענין וואס מ'קען ניט דערקענען אויפן יין (מ'קען ניט דערקענען צי ס'איז נטמא געווארן, אדער ס'איז "על טהרת הקודש"), נאר מ'האט זיך געדארפט פארלאזן אויף זיין נאמנות - דארף מען דאך וויסן צי ער איז א ת"ח וואס מ'קען זיך פארלאזן אויף אים וכו', און דערפאר זאגט מען אז מ'האט אליין ניט געקענט ברענגען די נסכים, נאר מ'האט דאס געגומען בא דעם "ממונה על הנסכים".

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן עצים, וואס דארטן דארף מען נאר האבן אז ס'זאל זיין א באשטימטער סוג עץ, און אן עץ וואס האט ניט קיין תולעת - האט מען אליין געקענט זעהן וועלכער סוג עץ איז דאס, צי דאס איז אן עץ וואס האט "קשרי", און מ'האט אליין געקענט זעהן צי דארטן איז דא א תולעת, ובפרט אויב ער איז נאך א מומחה לאותו ענין.

און דערפאר זאגט מען אז ס'איז ניט געווען קיין הכרח אז מ'זאל באקומען עצים מערנים ווי פון "לשכת העצים", נאר דער וואס האט געוואלט האט געקענט ברענגען עצים משלו - וויבאלד אז מ'קען אליין דערקענען און ברענגען די עצים הכשרים למערכה, בשא"כ בא נסכים.

כג. עד"ז האט מען אויך געפרעגט בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט[135] בנוגע צו דעם "מקושש עצים" - איז דער ביאור בזה:

ב'האט גערעדט כמ"פ אז בנוגע צו "מקושש עצים" זיינען דא צוויי הסברות: א) דער "מקושש עצים" איז געווען א חוטא כפשוטו, ב) דער "מקושש עצים" איז "לשם שמים נתכוין"[136].

און ווי גערעדט אבאל בארוכה[137] אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז "לשם שמים נתכוין", און אעפ"כ האט ער געטאן אן ענין אויף וועלכן מ'איז חייב מיתה?

איז דער ביאור בזה[138]: וויבאלד אז "לשם שמים נתכוין" (כדי צו מברר זיין דעם דין אז אויף דערויף איז מען חייב מיתה), איז כלפי שמיא איז עס ניט געווען קיין חטא, וויבאלד אז דאס איז א מלאכה שאינה צריכה לגופה (נאר אויף

- צו -

---

135) שיחה ליל ט"ו באב ס"כ. 136) חיב"ע עה"פ שלח טו, לב. 137) ראה גם לקו"ש ח"ס ע' 111 הע' 29*. 138) ראה חדא"ג מהרש"א לב"ב קיט, א.

צו מברר זיין דעם דין), און אויף א מלאכה שאינה צריכה לגופה איז מען פטור;

נאר בנוגע צו ב"ד, וואס ב"ד קען זיך ניט פארלאזן אויף זיינע כוונות וכו', ווארום "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות"[139] (כידוע די תשובה פון דעם נודע ביהודה[140]) - איז ווי באלד אז ב"ד האט באקומען אן עדות אז מ'האט אים מתרה געווען און אעפ"כ האט ער געטאן די מלאכה, איז ער חייב מיתה, אע"פ אז כלפי שמיא איז עס ניט געווען קיין חטא, וויבאלד אז ס'איז געווען א מלאכה שאינה צריכה לגופה.

עד"ז זיינען דא צוויי אופנים אין דעם אפטייטש פון "מקושש":

א) אין תרגום יונתן בן עוזיאל טייטשט ער אפ אז "מקושש" מיינט "תליש".

ב) ווען מ'גיט אבער א קוק אין פרש"י, זעט מען אז רש"י טייטשט ניט אפ וואס איז דער פירוש פון "מקושש" (און זאגט אפי' ניט אז דער פירוש בזה איז "כהרגומו" - ווי דער תרגום יונתן בן עוזיאל) -

וויבאלד אז רש"י פארלאזט זיך אז מ'געדיינקט וואס ער האט אפגעטייטשט אין פ' שמות אויפן פסוק[141] "לקושש קש" - "לאסוף אסיפה ללקוט לקט . . קש לשון לקוט על שם שדבר המתפזר הוא וצריך לקוששו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לויט פשש"מ איז דער פירוש פון "מקושש" - מחבר[142].

כד. און בשעת מ'איז מבאר ע"פ פנימיות הענינים אז דער ענין פון "מקושש עצים" גייט אויפן "עץ החיים" און "עץ הדעת" - קען מען דאס מבאר זיין אין צוויי אופנים:

א) לויטן פירוש אז דער "מקושש עצים" איז געווען א חוטא כפשוטו - דארף מען זאגן אז ער האט מפריד געווען צווישן דעם עץ החיים מיטן עץ הדעת, וואס דאס איז דער פירוש וואס דער אלטער רבי ברענגט אין לקו"ת[143] פון זהר[144].

ב) אבער לויטן פירוש אז דער "מקושש עצים" איז "לשם שמים נתכוין",

וואס דאס איז אן עבודה נעלית ביותר: ער האט זיך מוסר נפש געווען אויף צו מברר זיין א הלכה בתורה,

- וויסנדיק -

------------

139) סנהדרין ו, ב. וש"נ. 140) או"ח מהדו"ק סל"ה.
141) ה, יב. 142) ראה גם שבת צו, ב. 143) שלח מג, א.
144) ח"ג קנז, א.

ווי־סנדיק אז דורך רעדויף וועט אים דערנאך פעלן דער ענין פון קיום המצוות וואס ער האט געקענט מקיים זיין במשך כו"כ שנים, און ס׳איז ניטא קיין חיוב צו טאן אזא זאך, והראי׳, אז קיין אנדערער האט דאס ניט געטאן,

און ער האט אויפגעטאן אן ענין נעלה ביותר - אז דורך אים איז נתחדש געווארן א הלכה בתורה, בדוגמא ווי מ׳זאגט בנוגע צו "בנות צלפחד" אז "כתובה פרשה זו לפני במרום"[145], נאר "זכו בנות צלפחד ונכתבה על ידן"[146],

קען מען ניט זאגן אז דער "מקושש עצים" האט מפריד געווען צווישן דעם עץ החיים מיטן עץ הדעת, וויבאלד אז מפריד זיין צווישן עה"ח מיטן עה"ד קען ניט זיין קיין ענין וואס איז "לשם שמים" -

נאר מ׳מוז זאגן אז דער עצם הענין פון "מקושש עצים" איז געווען א דבר טוב (וואס דערפאר קען מען זאגן אז "לשם שמים נתכוין"), נאר דער חטא איז באשטאנען אין דעם וואס ער האט דאס געטאן ביום השבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לויט דער דעה אז "לשם שמים נתכוין", דארף מען זאגן אז דער פירוש פון "מקושש" איז מחבר (ווי דער פירוש איז לויט פשש"מ) - אז ער האט מחבר געווען דעם עה"ח מיטן עה"ד, נאר זיין חטא איז באשטאנען אין דעם וואס ער האט דאס געטאן ביום השבת.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק. אז דאס וואס מ׳זאגט אז דער "מקושש עצים" האט מחבר געווען דעם עה"ח מיטן עה"ד, איז קיין סתירה ניט ח"ו צו דעם וואס דער אלטער רבי טייטשט אפ אין לקו"ת (פון זהר) אז דער "מקושש עצים" האט מפריד געווען דעם עץ החיים פון דעם עץ הדעת -

וויבאלד אז דער ביאור אין לקו"ת איז לויטן פירוש אז דער "מקושש עצים" איז געווען א חוטא כפשוטו, וואס דעמולט זאגט מען אז ער האט מפריד געווען צווישן דעם עה"ח מיטן עה"ד, משא"כ לויטן פירוש אז דער "מקושש עצים" איז "לשם שמים נתכוין", וואס דעמולט דארף מען זאגן אז ער האט מחבר געווען דעם עץ החיים מיטן עץ הדעת.

כה. האמור לעיל וועגן עה"ח מיטן עה"ד איז פארבונדן דערמיט וואס איז מבואר אין דערויף אין קונטרס עץ החיים.

און ס׳איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ׳האט גערעדט

- פריער -

---

145) פרש"י עה"פ פינחס כז, ז. 146) סנהדרין ח, א. ב"ב קיט, א. פרש"י עה"פ שם, ה.

פריער (סי"א) אז "אלול" איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ווערטער "לא" און "לו", "לא" מיט אן אל"ף, און "לו" מיט א וא"ו - וואס יש לומר אז אן אל"ף ("לא") איז פארבונדן מיט עה"ד, און א וא"ו ("לו") איז פארבונדן מיטן עה"ח.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס דער מאמר[147] איז מבאר בנוגע צו די "מרכא כפולה" וואס שטייט בא "לא" מיט אן אל"ף ("אשר לא צוה אותם"[148]) און בא "לו" מיט א וא"ו ("ויבא לו יין וישת"[149]).

און ווי ס'איז אויך מבואר[150] אויפן פסוק[151] "ימים יוצרו ולו אחד בהם" - די צוויי ענינים שבזה: "לו" מיט א וא"ו, און "לא" מיט אן אל"ף.

וואס דער כללות הענין בזה איז - אז "לו" (מיט א וא"ו) באווייזט אויף אן ענין של קדושה, און "לא" (מיט אן אל"ף) באווייזט אויף אן ענין וואס מ'דארף אים מהפך זיין מיט קדושה, ביז אין אן אופן אז דערפון ווערט אייך ווארט - "אלול".

ויש לקשר מיט דער תורה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו ברענגט[152] פון דעם אלטן רבי'ן אויפן פסוק[153] "כי לולא התמהמהנו כי עתה שבנו זה פעמים", אז "לולא" איז אותיות "אלול", און "שבנו זה פעמים" גייט אויף תשו"ה און תשו"ע.

וכן ההי' לנו - אז "בשעתא חדא וברגע חדא" טוען אידן תשובה, און ווי דער רמב"ם[154] פסק'נט אפ אז דעמולט איז "מיד הן נגאלין", בגהרה בימינו כמש.

* * *

כו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אני לדודי ודודי לי.

* * *

כז. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י.

ועד"ז אויך אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן מאמר'ס העדרה - וואס אויפן זהר פון פ' ראה זיינען ניטא קיין הערות. אבער אין זיינע אגרות שטעלט ער זיך אויף דעם ענין פון "מקצה שלש שנים" וואס שטייט בפרשתנו[155].

- ועד"ז -

---

147) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רסה. רעז. 148) שמיני י, א. 149) תולדות כז, כה. 150) יהל אור לתהלים קלט, טז ס"ד (ע' תקכז). ועוד. 151) תהלים שם. 152) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות יג. וש"נ. 153) וישב מג, י. 154) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 155) יד. כח.

ועד"ז אויך א משנה אין פרקי אבות - לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "כל שבתות הקיץ", וואס דער פרק פון שבת זו איז פרק חמישי.

כח. בפרשתנו[156] שטייט "לא תבשל גדי בחלב אמו", און דערנאך[157] שטייט "עשר תעשר את כל תבואת זרעך" - איז רש"י מעתיק דעם פסוק "לא תבשל גדי וגו׳ (און) עשר תעשר", און זאגט: "מה ענין זה אצל זה, אמר להם הקב"ה לישראל לא תגרמו לי לבשל גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן, שאם אין אתם מעשרים מעשרות כראוי, כשהוא סמוך להתבשל אני מוציא רוח קדים והיא משדפתן, שנאמר[158] ושדפה לפני קמה".

ד.ה. אז דער אויבערשטער זאגט אידן "עשר תעשר", כדי אז מ׳זאל ניט גורם זיין אז דער אויבערשטער זאל מבשל זיין "גדי בחלב אמו":

בדוגמא ווי א "גדי" האט אן "אם", איז עד"ז בנוגע צו "גדיים של תבואה", אז זיי האבן זייערע "אמותיהן", וואס דאס זיינען די זאנגען - און אויף דערויף זאגט דער אויבערשטער אז אויב ס׳וועט ניט זיין דער ענין פון "עשר תעשר", וועט ער מבשל זיין "גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן". אז "כשהוא סמוך להתבשל אני מוציא רוח קדים והיא משדפתן", וואס דערפאר דארף זיין דער "עשר תעשר".

דערנאך איז רש"י ממשיך: "וכן לענין ביכורים" - ווי מפרשים[159] טייטשן אפ אז אין פ׳ משפטים[160] און אין פ׳ תשא[161] שטייט "ראשית ביכורי אדמתך תביא בית ה׳ אלקיך לא תבשל גדי בחלב אמו" - איז דער פירוש בזה, אז דורך דערויף וואס מ׳וועט מקיים זיין מצות ביכורים, וועט ניט זיין קיין ענין פון שדפון (בדוגמא ווי מ׳זאגט בנוגע צו "עשר תעשר").

כט. ווערט דא גלייך א "קלאץ-קשיא" - וכמדובר כמ"פ אז דוקא אויף א "קלאץ-קשיא" שטעלט מען זיך ניט:

רש"י האט דאך ארויסגעגעבן א כלל אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", אדער "לאגדה המיישבת דברי המקרא"[162] [וואס דאס איז א כלל וואס רש"י האט אליין געזאגט - ניט קיין כלל וואס מ׳לערנט אפ פון פרש"י] - איז ניט פארשטאנ-דיק: ווי קען מען זאגן אין פשש"מ אז "לא תבשל גדי בחלב אמו" גייט אויף "גדיים של <u>תבואה</u>" וואס געפינען זיך "במעי אמותיהן"?!

- ע"פ -

_____________

156) שם, כא. 157) שם, כב. 158) מ"ב יט, כו. וראה פרש"י עה"פ. 159) שפ"ח. 160) כג, יט. 161) לד, כו. 162) עה"פ בראשית ג, ח.

ע"פ פשש"מ איז דער טייטש פון "לא תבשל גדי בחלב אמו" אז עס רעדט זיך וועגן א "גדי" כפשוטו און וועגן "חלב אמו" כפשוטו וויל רש"י[163] זאגט אז "בג' מקומות נכתב בתורה, א' לאיסור אכילה וא' לאיסור הנאה וא' לאיסור בישול" - וואס דערפון זעט מען אז רש"י טייטשט אפ "לא תבשל גדי בחלב אמו" כפשוטו - איז וואס פאר א שייכות האט דער פירוש פון "גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן" צו פשוטו של מקרא?!

נאכמער: רש"י זאגט ניט אויף דערויף "איתא במדרש", אדער "רבותינו דרשו" וכיו"ב, נאר ער זאגט דאס אלס א פירוש אין פשטות הכתובים!

וכאמור לעיל אז ביז איצטער האב איך ניט געפונען קיין איין און איינציקער וואס זאל זיך שטעלן אויף דער "קלאץ-קשיא".

ל. עד"ז איז דא נאך א דיוק - וואס איז אויך א "קלאץ-קשיא":

רש"י זאגט "וכן לענין ביכורים", אז די סמיכות פון "לא תבשל גדי בחלב אמו" צו ביכורים (וואס שטייט אין פ' משפטים און פ' תשא), איז אויך דערפאר וואס "אמר הקב"ה לישראל לא הגרמו לי לבשל גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן", דורך דערויף וואס מ'וועט מקיים זיין מצות ביכורים.

איז ניט פארשטאנדיק:

פארוואס דארף רש"יווארטן ביז מ'וועט קומען צו פ' ראה, וואס דארטן זאגט ער "וכן לענין ביכורים" - ער האט דאס בעדארפט זאגן גלייך צום ערשטן מאל וואו ס'שטייט "לא תבשל גדי בחלב אמו" צוזאמען מיט ביכורים, איז ווי קומט דאס אז אין פ' משפטים און אין פ' תשא זאגט דאס ניט רש"י (און איז עס אפי' ניט מרמז), און ערשט ווען מ'קומט צו פ' ראה זאגט ער "וכן לענין ביכורים"?!

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד רש"י לערנט פשש"מ מיט א בן חמש שנים למקרא - דארף מען געפינען אזא הסברה וואס דער בן חמש למקרא דארף גאר ניט ווארטן ביז אז ס'וועט זיין א פארברייינגען אין שבת מברכים חודש אלול. און דערנאך וועט מען פרעגן אלע קושיות און אלע תירוצים, און ערשט דעמולט וועט ער פארשטיין דעם פשט - נאר ס'איז אזא הסברה וואס ער פארשטייט אן קיינע פארברייינגעניש.

- וכפי -

------------

163) עה"פ משפטים ותשא שם.

וכפי שיתבאר לקמן.

לא. בנוגע צום טאטן׳ס הערות - איז אין די אגרות[164] ברענגט ער דעם פסוק "מקצה שלש שנים תוציא את כל מעשר תבואתך" וואס שטייט בפרשתנו, וואס דאס דארף זיין בשנה השלישית פון שנת השמיטה, וואס דעמולט דארף זיין די נתינה פון מעשר עני, ועד"ז איז אויך בשנה הששית פון שנת השמיטה, וואס די איז אויך "מקצה שלש שנים" לאחרי שנה השלישית, אז דעמולט דארף אויך זיין די נתינה פון מעשר עני.

און ער איז מבאר[165] אז "שנה הג׳ והו׳ הם לנגד ת"ת ויסוד דז"א, ובהם הוא מעשר עני . . והעיקר הוא שנת הג׳, כי הרי בשנות ד׳ ה׳ ו׳ הנה שנת הו׳ היא ג׳ לחשבונם, א"כ הרי סוכ"ס הוא שנת הג׳ . . ובאמת נחשבים לחד, שגוף וברית כחד חשבינן. וזהו שבתורה אמר מקצה שלש שנים בשנה השלישית, ג׳ דוקא", ווי ער איז דאס מבאר בארוכה אין אותיות פון קבלה, מיט כמה ראיות לזה, וש"נ.

אבער אזוי ווי מ׳געפינט זיך איצטער בשנה הששית - איז דאך איצטער דער זמן וואס עיקר ההדגשה איז אויף שנה הששית, וויבאלד אז דעמולט גייען דורך אלע ענינים דורך דעם ענין פון שנה הששית.

וע"ד המדובר כמ"פ בנוגע צו דעם ענין פון "במאי הוי זהיר טפי"[166], אז יעדער נשמה האט א מצוה מיוחדת, וואס דורך איר זיינען עולה אלע מצוות.

און ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז מצד דערויף וואס אלע מצוות זיינען עולה דורך א מצוה מיוחדת, פועל׳ט דאס אויף אלע מצווה -

•

ווארום אע"פ אז דאס איז מערנים ווי בדרך "מעבר" - כידוע דער חילוק צווישן מעבר מיט התלבשות[167], אז דער ענין פון התלבשות איז משנה די זאך בתכלית (וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן בשם התלבשות), כשא"כ ווען דאס איז בדרך מעבר, וואס דעמולט ווערט ניט נשתנה די זאך, ס׳איז מערנים וואס עס גייט-דורך דורך דערויף -

אבער אעפ"כ, אפי׳ ווען דאס גייט דורך נאר בדרך מעבר, פועל׳ט דאס אויך א שינוי אין דער זאך (נאר ניט ווי דאס איז בדרך התלבשות) - וואס דערפאר קענען די גילויים פון

- יו"ט -

-------------

164) לקוטי לוי"צ אגרות ע׳ רלט. 165) שם ע׳ רמד.
166) שבת קיח, סע"ב. 167) ראה לקו"ת מסעי פט, ב ואילך. ובארוכה - אוה"ת שמיני (כרך ב) ע׳ תסח ואילך.

יו"ט נתקבל ווערן אין עוה"ז, אע"פ אז זיי גייען דורך נאר בדרך מעבר, דערפאר וואס דער ענין פון מעבר האט אויך עפעס א התלבשות[168].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען אלע מצוות גייען דורך (בדרך מעבר) און זיינען עולה דורך דער מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי" - פועל'ט דאס אויף אלע מצוות, אז אין זיי איז ניכר אז עס טוט זיי א איד וואס זיין מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי" (די מצוה וואס שייכט בנשמתו[169]) איז די מצוה מיוחדת.

ובדוגמא ווי ס'איז מבואר בנוגע צו שבת, אז דעכולט איז עולה די גאנצע עבודה פון אלע ששה ימים שלפנ"ז - איז דאך נים דער טייטש אז די ענינים פון ששת ימי השבוע בלייבן בכעמדם וכצבם, נאר זיי זיינען עולה און שטייען אין א העכערע דרגא, דערפאר וואס זיי גייען-דורך דורך דעם ענין פון קדושת השבת.

ובדוגמא ווי עס שטייט[170] בנוגע צו אברהם אבינו "עקב אשר שמע אברהם בקולי וישמור משמרתי מצותי חקותי ותורתי", ובלשון הגמרא[171] "קיים אברהם אבינו כל התורה כולה" - און אעפ"כ ווערט ער אנגערופן "אברהם אוהבי"[172], און ער איז "איש החסד", א מרכבה צו מדת החסד[173].

ד.ה. אז אע"פ אז "קיים אברהם אבינו כל התורה כולה", וואס דאס איז דאך כולל סיי מדת החסד, סיי מדה הגבורה, און סיי מדת ההפארה - ווערט ער אבער אנגערופן "אברהם אוהבי". דערפאר וואס אלע ענינים גייען דורך און זיינען עולה דורך מדה החסד והאהבה, כמבואר בכמה מקומות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדון דידן:

דער בריוו איז געשריבן געווארן בשנה השלישיה, און דערפאר ברענגט ער דארטן ארויס די מעלה פון שנה השלישית דוקא, אז "העיקר הוא שנת הג'", ביז אז די שנה הששית איז "ב' לחשבונם . . סוכ"ס הוא שנת הג'", דערפאר וואס בשנה השלישית גייען דורך אלע ענינים דורך דעם ענין פון שנה השלישית.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז ווען מ'געפינט זיך

- בשנה -

------------

168) קו"א ד"ה להבין מ"ש בפע"ח (קנח. א). אוה"ת שם ס"ע תע ואילך. 169) ראה סה"ב תדפ"ח ס"ע קנד ואילך. הש"ה ע' 240 ואילך. וראה גם אגה"ק סוס"ז. 170) תולדות כו, ה. 171) יומא כח, ב. 172) ישעי' מא, ח. 173) ראה ספר הבהיר סקצ"א. נדפס בהשמטות לזה"א רסד. ריש ע"ב. וראה אגה"ק סט"ו בתחלתו. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אברהם אבינו ס"א. ס"ג.

הנחת הת' בלתי מוגה

בשנה הששית, גייען דורך אלע ענינים דורך דעם ענין פון שנה הששית.

וכפי שיתבאר לקמן אז ע"ד ווי ער איז מבאר אין דעם בריוו אז עס זיינען דא כמה ענינים וואס כצד זיי איז בהכרח צו זאגן אז ספירת היסוד ווערט דורך ספירה התפארת, וואס דערפאר איז ספירה התפארת דער עיקר (שנה השלישית) - געפינט מען אויך עד"ז כמה ענינים וואס אין זיי איז דא א מעלה אין ספירה היסוד דוקא. און דורך איר גייט אויך דורך ספירת התפארת (די מעלה פון שנה הששית). וכפי שיתבאר לקמן.

לב. אין דעם פרק פון היינטיקן שבת, איז דא א משנה תמוהה ביותר:

די משנה[174] זאגט: "ארבע מדות באדם, האומר שלי שלך ושלך שלי, עם הארץ. שלי שלי ושלך שלך, זו מדה בינוניה, ויש אומרים זו מדה סדום. שלי שלך ושלך שלך, חסיד. שלך שלי ושלי שלי, רשע".

איז ניט פארשטאנדיק:

די גמרא[175] זאגט אז מסכת אבות איז "מילתא דחסידותא", ד.ה. אז די ענינים אין וועלכע מ'איז מחוייב ע"פ דין, דארף מען ניט מחדש זיין אין מסכת אבות, ווארום דאס שטייט שוין אין אלע אנדערע מסכתות - און די ענינים וואס שטייען אין מסכת אבות זיינען לפנים משורת הדין.

פרעגט זיך די שאלה - וואס איז די "מילתא דחסידותא" פון דער משנה: אפי' דער וואס איז ערשט א מתחיל אין עבודת ה', פארשטייט ער אויך אז "שלך שלי ושלי שלי" איז היפך פון חסיד, און היפך פון צדיק, און ס'איז ניט קיין ענין פון "מילתא דחסידותא"?!

בנוגע צו "שלי שלך ושלך שלך". קען מען פארענטפערן אז דאס איז א הנהגה וואס איז לפנים משורת הדין -

איז בשעה ער פירט זיך ניט אין אן אופן פון לפנים משורה הדין (ער זאגט ניט "שלי שלך ושלך שלך"), איז ער מערניט ווי א "צדיק", און ווען ער פירט זיך לפנים משורת הדין (ער זאגט "שלי שלך ושלך שלך") - דעמולט איז ער א "חסיד".

וואס די דרגא פון "חסיד" איז העכער פון דער דרגא פון "צדיק" - ווארום דער נאמען "צדיק" באווייזט אז ער איז

- "צדיק" -

------------

174) פ"ה מ"י. 175) ב"ק ל, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

"צדיק ברינו"[176], ער טוט דאס וואס ער דארף טאן, משא"כ דער נאמען "חסיד", וואס דאס באווייזט אויף א הנהגה לפנים משורת הדין[177].

וכמדובר כמ"פ וועגן דעם פתגם וואס דער אלטער רבי האט געזאגט[178] ווען מ'האט ביי אים געפרעגט וואס איז א "חסיד" - אז א "חסיד" איז דער וואס פארבויגט אויף זיך לטובת הזולת, אפי' אין א פאל וואס ער קען דערפון האבן אן ענין של היזק, טוט ער דאס אבער כדי צו פארהיטן א צווייטן אידן.

און אזוי ווי אויף יעדער זאך וויל מען דאך האבן א ראי' פון נגלה - האט דער אלטער רבי געזאגט אז דאס איז א גמרא מפורשת אין נדה:

די גמרא[179] זאגט בנוגע צו צפרנים אז "שורפן חסיד", וואס דער ביאור בזה איז - אז אע"פ אז בשעת מ'איז שורף אן ענין וואס איז אמאל געווען מחובר כיפן גוף (צפרנים וכיו"ב), קען דאס שאטן דעם מענטשן, אעפ"כ טוט ער דאס כדי צו באווארענען אז אן "אשה מעוברת" זאל נישט ניזק ווערן דורך דעם, "ולכן הוא חסיד שמחמיר לשורפן אע"ג שמזיק לו"[180].

וואס מצד הדין וואלט ער געקענט באווארענען דעם היזק דורך דעם וואס "קוברן", ווארום דעמולט איז ניטא דער חשש אז "אשה מעוברת עוברת עליהן",

און אפי' אויב ס'וועט זיין א סיבה (רוח וכיו"ב) וואס וועט אראפנעמען דעם עפר וואס איז מכסה די צפרנים[181] - וועט דאך דאס אויך אריבערווארפן די צפרנים למקום אחר. און בשעה זיי בלייבן נישט במקומם, נאר מ'ווארפט זיי אוועק במקום אחר, האבן זיי מערנישט קיין שליטה[182] -

זאגט מען אבער אז א "חסיד" טוט לפנים משורת הדין - ער פארלאזט זיך נישט אויף דעם ענין פון "קוברן", וויבאלד אז עס קען זיין אז דער רוח וכיו"ב וועט אראפווארפן דעם עפר וואס איז מכסה די צפרנים, און די צפרנים וועלן בלייבן במקומם, און דערפאר איז ער "שורפן", און "לכן הוא חסיד שמחמיר לשורפן אע"ג שמזיק לו".

ווען כ'רעדט אבער וועגן "שלך שלי ושלי שלי" - איז עס לכאו' אן ענין וואס איז היפך הדין, און נישט קיין "מילתא דחסידותא"?

- ונוסף -

------------

176) הניא פ"א. 177) דע"ב לאבות כאן. המשך הער"ב ה"ב ע' תשעג. 178) לקו"ד כרך א סח, א. 179) נדה יז, א. 180) תוד"ה שורפן - נדה שם. 181) פרש"י ד"ה חסיד - נדה שם. 182) מו"ק יח, א. הובא בהוס' הרא"ש לנדה שם.

ונוסף לזה: ס'איז א דוחק גדול צו זאגן אז אין "שלי שלך ושלך שלך" איז דער דיוק אז ער ווערט אנגערופן "חסיד", און ניט "צדיק".

ועד"ז איז ניט פארשטאנדיק בנוגע צו "שלי שלי ושלך שלך, זו מדה בינונית, ויש אומרים זו מדת סדום" – וואו איז דא די "מילי דחסידותא", דאס איז דאך אן ענין וואס איז פארשטאנדיק אין שכל הפשוט פון מנהג העולם?

וכפי שיתבאר לקמן דער ביאור והסבר בזה.

לג. מ'האט גערעדט פריער אין דעם מאמר [וואס ער איז גענומען פון דעם מאמר ד"ה אני לדודי אין לקו"ת, און אויך פון ד"ה אני לדודי הב' וואס קומט אלס א המשך וביאור צום ערשטן מאמר, און אויך מיוסד אויף די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז, וועלכע קומען בהמשך צו די דרושים, אדער זיינען מיוסד אויף די דרושים] אז עס דארף זיין דער ענין פון "אחזתיו ולא ארפנו עד שהבאתיו אל בית אמי ואל חדר הורתי"[183], וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה.

און דערנאך איז ער מסיים אין לקו"ת[184] אז עס דארף אויך זיין דער ענין פון מצות הצדקה – וואס דאס זיינען די צוויי ענינים פון "תורה וחסד".

וואס דאס קומט בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט כמ"פ במשך פון חודש אב, אז עס דארף זיין דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[185] – דער ענין פון לימוד התורה[186], און דער ענין פון צדקה.

וואס אע"פ אז דער פסוק "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" שטייט אין דער הפטרה וועלכע מ'זאגט אין די ניין טעג – איז עס אבער די עבודה פון גאנץ חודש אב, וואס ער ווערט אנגערופן "מנחם-אב"[187], דערפאר וואס דעמולט דארף זיין די נחמה (לויטן אפטייטש פון חרטה[188]) אויף די ענינים בלתי רצויים וועלכע זיינען געווען אין דעם חודש, ביז אין אן אופן פון "והפכתי אבלם לששון"[189].

און דאס איז דער כללות הענין פון די "שבעה דנחמתא", וואס במשך פון דער גאנצער צייט פון די "שבעה דנחמתא", דארף זיין די נחמה אויף די ענינים בלתי רצויים פון חודש.אב.

וכידוע דאס וואס עס ברענגט זיך אין אבודרהם[190] ובכ"מ

- וועגן -

---

183) שה"ש ג, ד. 184) פרשתנו לב, ד. 185) ישעי' א, כז. 186) לקו"ת דברים א, סע"ב. 187) ערוך השולחן אה"ע סקכ"ו סט"ז. וראה אנציקלופדיא תלמודית מע' אב (ס, ב). וש"נ. 188) לקו"ש ח"ד ע' 1080 הע' 33. 189) ירמי' לא, יב. 190) בסדר הפרשיות וההפטרות.

הנחת הת' בלתי מוגה

וועגן דעם סדר ההפטרות פון די "שבעה דנחמתא" - אז די ערשטע הפטרה פון די "שבעה דנחמתא" איז "נחמו נחמו עמי יאמר אלקיכם"[191], אז דער אויבערשטער זאגט צו די נביאים אז זיי זאלן מנחם זיין אידן,

און אויף דערויף זאגן אידן (אין דער צווייטער הפטרה) "ותאמר ציון עזבני ה' ואד' שכחני"[192], אז וויבאלד די נחמה איז נאר ע"י הנביאים, קומט אויס אז "עזבני ה' ואד' שכחני",

און דער אויבערשטער איז מצדיק די טענה פון אידן - ווי ס'זאגט אין דער הפטרה פון היינטיקן שבת (די דריטע הפטרה) "עני' סוערה לא נוחמה"[193],

און דערפאר איז עס דער אויבערשטער מתקן - ווי מ'זאגט אין דער הפטרה שלאח"ז "אנכי אנכי הוא מנחמכם"[194], וואס דאס איז די נחמה פון דעם אויבערשטן אליין,

ביז אין אן אופן פון "אנכי אנכי הוא מנחמכם", צוויי מאל "אנכי"[195], אז דאס איז נאך א העכערער גילוי פון מ"ה, וואס דארפן שטיין אין מאל "אנכי", "אנכי ה' אלקיך"[196], "נחמה בכפלים"[197],

בדוגמת המעלה פון בעלי תשובה לגבי צדיקים [וואס בשעת מ"ה (ווען ס'איז געזאגט געווארן איין מאל "אנכי") זיינען אידן געשטאנען אין דער דרגא פון צדיקים[198]], אז בא זיי איז דא דער ענין פון "כפלים לתושי'"[199].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז במשך פון די "שבעה דנחמתא" איז דא דער ענין הנחמה אויף די ענינים בלתי רצויים וואס זיינען געווען בחודש אב, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", דער ענין פון לימוד התורה און דער ענין הצדקה.

און שלא כדעה הטועים אז וויבאלד מ'איז אוועקגעגאנגען פון די ניין טעג, איז וואס איז איצטער דער טומל בנוגע צו דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" -

ווארום דער כללות הענין פון די "שבעה דנחמתא" איז, אז דעמולט איז די נחמה אויף די ענינים פון תשעה באב -

- וואס -

------------

191) ישעי' מ. א. 192) שם מט. יד. 193) שם נד, יא. 194) שם נא. יב. 195) ראה לקו"ש ראה תשל"ו ס"ו ובהנסמן שם בהע' 40. 196) יתרו כ, ב. 197) איכ"ר ספ"א. יל"ש ישעי' רמז תמה. 198) ראה המשך תרס"ו ע' פו ואילך. סה"מ קונטרסים ח"א קלו. ב ואילך. הרצ"ט ע' 61. תש"ו ע' 35 ואילך. ובכ"מ. 199) ראה שמו"ר רפט"ו.

וואס כדי אז ס'זאל זיין דער ענין הנחמה, דארף ער צום אלעם ערשטן טאן דאס וואס היינגט אפ פון אים, אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", און ניט יוצא זיין דערמיט וואס א צווייטער טוט דאס, נאר ער דארף דאס אליין טאן.

לד. וכאן המקום לעורר נאכאמאל וועגן דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון חמשה עשר באב[200], אז ס'איז דא דער פס"ד וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת[201] אז פון חמשה עשר באב ואילך דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, וויבאלד אז "הלילות מאריכין והימים מתקצרין"[202].

און וויבאלד אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן ווי הורה וויל - דארף דער לימוד זיין אין אן אופן פון "מביא לידי מעשה"[203], וואס אין דערויף באשטייט די גדלות פון דעם לימוד[204] ("גדול הלמוד") וואס ער איז "מביא לידי מעשה". וואס דאס איז דער כללות הענין פון מעשה המצוות, וואס כללותם איז דער ענין פון חסד.

וואס דאס זיינען די צוויי ענינים פון "הורה" און "הסד" וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין סיום המאמר פון אני לדודי.

און די נהיגה בה אויף דערויף האט מען דערפון וואס אין הודש אלול געפינט זיך דער מלך בשדה, כנ"ל בארוכה.

לה. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין אין דער שייכות פון דער הוספה אין לימוד ההורה און אין מצוה הצדקה צו הודש אלול:

דער ענין פון חודש אלול איז דאך "אני לדודי ודודי לי". וואס נאך דערויף שטייט "הרועה בשושנים". און מ'טייטשט אפ אז "שושנים" מיינט "שונים בתורה"[205]. וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה.

ונוסף לזה:

עס ברענגט זיך אראפ אין טור[206] אז "בר"ח אלול אמר הקב"ה למשה עלה אלי ההרה שאז עלה לקבל לוחות אחרונות והעבירו שופר במחנה משה עלה להר כו'" - ד.ה. אז בר"ח אלול

- איז -

---

200) סכ"ז ואילך. 201) פ"ד ס"ח. 202) רשב"ם ד"ה מט"ו באב - ב"ב קכא, ב. 203) קידושין מ, ב. 204) ראה הל' ת"ת שם ס"ג-ד. 205) זח"ב כ, ב - הובא בלקו"ה פרשתנו לב. ד. 206) או"ח ר"ס תקפט - מפרדר"א פמ"ו.

איז משה רבינו אדויפגעגאנגען אין הר סיני, און האט דארטן געלערנט תורה אלם שלוחם של כל ישראל, און דערנאך האט ער מיטגענומען די תורה און האט איר אראפגעבראכט צו אלע אידן

ביז אז דאס וואס משה רבינו האט דעמולט מקבל געווען די תורה, ווערט דאס נמשך על כל הדורות כולם, כולל אויך דער זמן הזה און מקום הזה, ביז צו ביאת משיח צדקנו, און אויך נאך דערויף - כמדובר כמ"פ אז דער ענין פון מ"ת איז געווען מערניט ווי איין מאל[207].

וע"ד המבואר אין תניא[208] אז מצד דערויף וואס לגבי משה רבינו איז יראה א "מילתא זוטרתי"[209], איז עס אזוי אויך בנוגע צו יעדער אידן, וויבאלד אז בא יעדער איד איז דא א "שמץ מנהו"[210] פון נשמת משה רבינו, און דאס שטייט ביי אים בגלוי, ביז וואנעט אז מצד דערויף זאגט מען יעדער אידן "ועתה ישראל מה ה׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה גו׳"[211], אז ביי אים איז עס אויך א "מילתא זוטרתי", וואס דאס זאגט דאך "תורת אמת" און "תורת חיים" - הוראה בחיים.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם וואס "בר"ח אלול . . עלה (משה) לקבל לוחות אחרונות" - אז מצד דעם ניצוץ משה רבינו וואס איז בא יעדער אידן, האט דאס א שייכות צו יעדער אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בחודש אלול דארף זיין א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין פון לימוד התורה, וויבאלד אז דעמולט "עלה (משה) לקבל לוחות אחרונות".

לו. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון צדקה:

מ׳האט געערדט אמאל באריכה[212] אז בחודש חשרי איז דא א הוצאה מרובה, און אפי׳ נאכמער פון דער הוצאה מרובה פון חג הפסח [וואס דעמולט איז דא דער ענין וואס מ׳גיט "מעות חטים" און "קמחא דפסחא"[213]], ווארום נוסף אויף כו"כ ענינים וואס זיינען דעמולט דא, זיינען אויך דא די הוצאות אויף די סעודות וואס מ׳פראוועט במשך חודש תשרי,

אנהויבנדיק פון ר"ה, ווי עס ווערט געבראכט אין שו"ע[214] אז דעמולט דארף זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים"[215].

- ועד"ז -

-------------

207) המשך הרס"ו ע׳ כג. שם ע׳ הקמו. תער"ב ח"א ע׳ שסו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. ועוד. 208) רפמ"ב. 209) ברכות לג, ב. 210) תניא פמ"ד (סג, א). 211) עקב י, יב. ברכות שם. 212) לקו"ש חי"ד ע׳ 369 ואילך. 213) רמ"א או"ח ר"ס תכט. שו"ע אדה"ז שם ס"ה. 214) ב"י ושו"ע אדה"ז סתקפ"ג (ס"ד). 115) נחמי׳ ח, י.

ועד"ז בערב יוהכ"פ דארף זיין א יו"ט׳דיקע סעודה[216],
ועד"ז במוצאי יוהכ"פ, וואס דעמולט זאגט מען "לך[217] אכול
בשמחה לחמך"[218],

ועאכו"כ די סעודות וואס מ׳דארף פראוועו אין די ימים
שלאח"ז - אין "זמן שמחתנו", אין חגה"ס און אין שמע"צ
ושמחת תודה.

וואס דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין צושטעלן די אלע
ענינים צו די וועלכע דארפן אנקומען צו אן עזר בזה, און
צושטעלן זיי׳ אלע ענינים ביד רחבה -

ווארום אזוי ווי מ׳וויל פאר זיך האבן אז ס׳זאל זיין
א שנה טובה ומתוקה, און אז מ׳זאל האבן בני חיי ומזוני,
ובכולם רויחי, דארף מען זיך משתדל זיין אז א צווייטער איד
זאל האבן די אלע ענינים אין אן אופן של הרחבה, וואס
דעמולט גיט דער אויבערשטער די אלע ענינים אין אן אופן פון
"מדה כנגד מדה", אבער כמה פעמים ככה.

און אזוי ווי מ׳געפינט בנוגע צו חגה"פ אז שלשים יום
קודם החג דארף מען שוין טאן אין ענייני החג, איז עד"ז אויך
בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש תשרי -

ובנדו"ד: אזוי ווי יעדער ענין דארף דאך זיין באופן
מסודר, ובפרט אז עס רעדט זיך וועגן צדקה וגמ"ח בחשאי -
דארפן די עסקנים גלייך אנהויבן באטראכטן וואס צו טאן און
ווי אזוי צו טאן, און ווי אזוי מ׳זאל באווארענען אז ס׳זאל
אנקומען צו די אלע וואס דארפן אנקומען צו אן עזר בזה -
וואס ספיקא לחומרא, און ס׳זאל זיין אין אן אופן של כבוד.

און בשעה מ׳וועט אנהויבן טראכטן וועגן דעם גלייך
איצטער, איז וועו עס וועט אנקומען ר"ח אלול, שלשים יום
לפני ר"ה, וועט שוין די ארבעט קענען אנגיין מיטן גאנצן
שטורעם ווי אזא ארבעט דארף דורכגעטאן ווערן.

לז. ויה"ר אז מ׳זאל מוסיף זיין אין לימוד התודה און אין
מצות הצדקה בכל יום פון די טעג פון די "שבעה דנחמתא",
וביחד שאת וביתר עוז אנהויבנדיק פון ר"ח אלול, וואס
דעמולט "עלה (משה) לקבל לוחות אחרונות".

און טאן די אלע ענינים מתוך שמחה, וואס "שמחה פורץ
גדר" -

---

216) ראה טור או"ח סתר"ד. שו"ע אדה"ז ד"ס תדד. שם ס"ה.
217) ל׳ הכתוב - קהלת ט, ז. 218) קה"ר פ"ט, ז - הובא
בתוד"ה והאמר רב - יומא פז, ב. טור או"ח (ודאה שו"ע
אדה"ז) סתרכ"ד (ס"ט). וראה גם רמ"א שם סו"ס תרכד.

גדר"[219] און איז מבטל אלע מדידות והגבלות.

ובקרוב ממש ובעגלא דידן וועט דאס פורץ זיין די שיריים און גדרי הגלות, און ס'וועט זיין דער "מיד הן נגאלין"[220], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

להּ. רער ביאור אין פירוש רש"י:

ס'איז ידוע דער כלל וואס ברענגט זיך אין מפרשי רש"י אז רש"י שטעלט זיך אויף סמיכות הפרשיות נאר ווען ס'איז דא עפעס א הוכחה אז לכאו' וואלט ניט געדארפט זיין די סמיכות הפרשיות.

ועד"ז בנדו"ד – אז לכאו' וואלט "לא תבשל גדי גו'" ניט געדארפט שטיין בסמיכות צו "עשר תעשר":

פאר "לא תבשל גדי גו'" רעדט זיך וועגן איסור אכילה פון בהמות וחיות ודגים ועופות טמאים. און דערנאך שטייט "לא תאכלו כל נבלה גו' כי עם קדוש אתה לה' אלקיך לא תבשל גדי בחלב אמו".

איז ניט פארשטאנדיק: בפשטות איז "כי עם קדוש אתה לה' אלקיך" א טעם אויף די אלע איסורים האמורים – האט דאך "לא תבשל גדי גו'" געדארפט שטיין פאר "כי עם קדוש אתה גו'", וויבאלד אז דאס איז אויך א טעם אויף "לא תבשל גדי גו'" – און דערפאר שטעלט זיך רש"י מבאר זיין די סמיכות הפרשיות.

לו. אבער באמת קען מען ניט זאגן אז צוליב דער קשיא איז רש"י מבאר די סמיכת הפרשיות – ווארום:

אויף "כי עם קדוש אתה לה' אלקיך" טייטשט אפ רש"י: "קדש עצמך במותר לך, דברים המותרים ואחרים נוהגים בהם איסור אל תתירם בפניהם".

ד.ה. אז רש"י לערנט אז "כי עם קדוש אתה לה' אלקיך" איז ניט קיין נתינת טעם אויף די פריערדיקע איסורים, נאר דאס איז אן ענין בפ"ע – איז ניטא קיין הכרח אז דאס דארף שטיין נאך "לא תבשל גדי גו'".

ונוסף לזה:

ווען "לא תבשל גדי גו'" וואלט געשטאנען פאר "כי עם קדוש אתה גו'", און עס וואלט געווען בהמשך צו "לא תאכלו

- כל -

---

219) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 220) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

כל נבלה" - וואלט מען געקענט א טעות האבן און מיינען אז בא "לא תבשל גדי גו'" איז דער זעלבער דין ווי בא "לא תאכלו כל נבלה", אז "לגר אשר בשעריך תתננה ואכלה או מכר לנכרי", ד.ה. אז ס'איז מותר בהנאה - און רש"י האט דאך שוין געזאגט פריער אז "לא תבשל גדי בחלב אמו" שטייט ג' פעמים, "א' לאיסור אכילה וא' לאיסור הנאה וא' לאיסור בישול".

מוז דאך דער פסוק פאנאנדערטיילן צווישן "לא תאכלו כל נבלה" מיט "לא תבשל גדי גו'" (אז מ'זאל ניט א טעות האבן און מיינען אז ס'איז מותר בהנאה) - איז ממה נפשך:

אויב מ'וועט פאנאנדערטיילן מיט א דבר האסור בהנאה, וועט דאס ניט זיין מתאים מיט "לא תאכלו כל נבלה", וויבאלד אז בא נבלה זאגט מען "לגר אשר בשעריך ההננה ואכלה או מכר לנכרי"; און אויב מ'וועט פאנאנדערטיילן מיט א דבר המותר בהנאה, האט מען דאך גארניט אויפגעטאן, ווארום מ'וועט ווייטער קענען א טעות האבן אז "לא תבשל גדי גו'" איז מותר בהנאה -

און דערפאר טיילט מען דאס פאנאנדער מיט "כי עם קדוש אתה גו'", וואס דאס איז גאר א דבר היתר ["דברים המותרים ואחרים נוהגים בהם איסור אל תתירם בפניהם"] - וואס דאס איז דער בעסטער הפסק צווישן "לא תאכלו כל נבלה" (א דבר איסור וואס איז מותר בהנאה) מיט "לא תבשל גדי גו'" (א דבר איסור וואס איז אסור בהנאה).

ב. איז דער ביאור בזה:

רש"י איז דא ניט אויסן צו בבאר זיין די סמיכות הפרשיות. "למה נסמכה" די פרשה פון "עשר תעשר" צו "לא תבשל גדי גו'" - ווארום ע"פ פשט"ב דארף מען ניט האבן קיין טעם אויף סמיכות הפרשיות, סיידן ווען ס'איז דא עפעס א הכרח אז לכאו' וואלט דאס געדארפט שטיין באופן אחר.

[פונקט ווי רש"י איז ניט מבאר די סמיכות פון "לא תבשל גדי גו'" צו "כי עם קדוש אתה לה' אלקיך" (וואס דארטן רעדט זיך גאר וועגן "דברים המותרים כו'") - וויבאלד אז ע"פ פשט"ב קען מען שטעלן כו"כ מצוות צוזאמען, אע"פ אז צווישן זיי איז ניטא קיין שייכות פנימית].

נאר רש"י איז מדייק בלשונו און פרעגט "מה ענין זה אצל זה" (ניט "למה נסמכה") - וואס דעם זעלבן לשון געפינט מען אין פרש"י לפנ"ז[221] "מה ענין שמיטה אצל הר סיני", און דערפון פארשטייט מען אויך בנוגע לענינגו:

- די -

------------

221) ר"פ בהר.

הנחה הת' בלתי מוגה

די שאלה "מה ענין שמיטה אצל הר סיני" איז ניט קיין שאלה פון סמיכות הפרשיות ("למה נסמכה"), נאר: פארוואס האט מען ארייננגעשטעלט דעם ענין פון שמיטה "אצל הר סיני", ד.ה. וואס איז די שייכות פון שמיטה צו הר סיני, וואס צוליב דערויף האט מען ארייננגעשטעלט דעם ענין פון שמיטה אין דעם ענין פון "הר סיני".

און נאכמער: מצות שמיטה איז דאך פארבונדן מיט "כי תבואו אל הארץ" דוקא, איז דאך ענינה רחוק פון "הר סיני" נאכמער פון א ריבוי מצוות בא וועלכע עס ווערט ניט דערמאנט דער ענין פון "הר סיני" - איז פארוואס האט מען ארייננגע-שטעלט דעם ענין פון שמיטה אין דעם ענין פון "הר סיני".

ועד"ז בנדו"ד - רש"י פרעגט ניט "למה נסמכה" דער ענין פון "לא תבשל גדי גו׳" צו "עשר תעשר", ווי געזאגט פריער אז אין פשש"מ דארף מען ניט האבן קיין הסברה אויף סמיכה הפרשיות, נאר די שאלה איז - "מה ענין זה אצל זה":

פאר "לא תבשל גדי גו׳" שטייען כו"כ מצווה ל"ת (איסור אכילת בע"ח טמאים, איסור נבלה) - איז דערפון וואס כ׳איז מפסיק אין צווישן מיט "כי עם קדוש אתה לה׳ אלקיך", איז מוכח אז מ׳איז סומך דעם ענין פון "לא תבשל גדי גו׳" און מ׳שטעלט דאס אריין אין דעם ענין פון "עשר העשר".

און דאס איז די שאלה "מה ענין זה אצל זה": וואס איז די שייכות פון "לא תבשל גדי גו׳" (ל"ת) צו "עשר תעשר" (מ"ע), וואס דערפאר האט מען זיי ארייננגעשטעלט "זה אצל זה" - דעם ענין פון "לא תבשל גדי גו׳" צוזאמען און אין דעם ענין פון "עשר תעשר".

מא. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

דער זמן פון "עשר תעשר" איז דאך כשיגדלו (ע"ד "מיום השמיני והלאה ירצה גו׳"[222]), משא"כ "לא הבשל גדי גו׳" וואס רעדט זיך ביי א "ולד רך"[223] (ועד"ז איסור אכילה בע"ח טמאים וואס דער איסור איז גלייך ווען דער בע"ח ווערט געבאדן - ווען ער איז נאך "רך").

איז די שאלה "מה ענין זה אצל זה" נאך א גרעסערע: פארוואס האט מען ארייננגעשטעלט דעם ענין פון "לא הבשל גדי גו׳", א מל"ת, און ביי א "ולד רך", אין דעם ענין פון "עשר תעשר", וואס דאס איז א מ"ע, און נאר אין דעם זמן לאחרי שיגדלו.

- ע"ד -

------------

222) אמור כב, כז. 223) פרש"י כשפטים שם. תשא שם.

[ע"ד ווי דאס איז איך דער שאלה "מה ענין שמיטה אצל הר סיני" - אז די שאלה באשטייט אין דעם וואס מצות השמיטה איז אין דעם זמן פון "כי תבואו אל הארץ", און דערפאר איז רחוק ענינה פון "הר סיני", נאכמער פון אלע מצוות ביי וועלכע עס ווערט ניט דערמאנט "הר סיני" (כנ"ל)].

מב. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י שטעלט זיך ניט אויפן פסוק "ראשית ביכורי אדמתך תביא בית ה' אלקיך לא תבשל גדי בחלב אמו" - ווארום דארטן איז פארשטאנדיק דער קשר צווישן ביכורים מיט "לא תבשל גדי גו'":

דער זמן פון ביכורים איז דאך ווען די פירות זיינען נאך אין דעם אילן, ווי רש"י[224] זאגט "אדם יורד לתוך שדהו ורואה תאנה שבכרה כו'", ד.ה. אז די תאנה איז ערשט פארטיק געווארן און איז נאך אויפן אילן, "כביכורה בטרם קיץ גו'"[225] - און דערפאר איז עס מתאים צו דעם ענין פון "לא תבשל גדי גו'" וואס רעדט זיך ווענן א "ולד רך".

משא"כ בנדו"ד וואס מ'שטעלט אריין דעם ענין פון "לא תבשל גדי גו'" אין דעם ענין פון "עשר תעשר", וואס דער זמן דערפון איז לאחרי שיגדלו - איז עס ניט מתאים צו דעם ענין פון "לא תבשל גדי גו'", וואס רעדט זיך ווענן א "ולד רך", ג'לייך ווען ער איז געבארן געווארן.

מג. אויף דערויף זאגט רש"י "אמר להם הקב"ה לישראל, לא תגרמו לי לבשל גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן, שאם אין אתם מעשרים מעשרות כראוי, כשהוא סמוך להתבשל אני מוציא רוח קדים והיא משדפתן".

והביאור בזה - בהקדים דאס וואס רש"י איז מבאר אויף "מה ענין שמיטה אצל הר סיני":

רש"י זאגט "מה שמיטה נאמרו כללותי' ודקדוקי' מסיני, אף כולן נאמרו כללותיהן ודקדוקיהן מסיני".

וואס דערפון זעט מען אז דער אופן הלימוד פון "מה ענין זה אצל זה" ("מה ענין שמיטה אצל הר סיני") איז - אז מ'קוקט אויף אן ענין כללי:

מ'קוקט ניט אויף אן ענין פרטי פון מצות השמיטה (אז עס רעדט זיך ווענן א שדה וכרם, און עס טאר ניט זיין דער ענין פון חרישה וזריעה וכיו"ב), נאר מ'קוקט אויף אן ענין כללי - "נאמרו כללותי' ודקדוקי' מסיני".

- ועד"ז -

---

224) תבוא כו, ב.   225) ישעי' כח, ד.

ועד"ז בנדו"ד - אז מ'דארף קוקן אויף דעם ענין הכללי פון "לא תבשל גדי גו'" (וואס עפ"ז וועט מען פארשטיין "מה ענין זה אצל זה" - די שייכות דערפון צו "עשר תעשר"):

אין פ' תשא (ועד"ז אין פ' משפטים) טייטשט אפ רש"י דעם ווארט "גדי", אז "כל ולד רך במשמע . . שגדי סתם כל יונקים במשמע", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין הכללי פון "גדי" איז - אז ער איז בהתחלת ענינו, וואס דערפאר איז ער א "יונק", און איז פארבונדן מיט "חלב אמו".

און דער ענין כללי פון "גדי" איז אויך דא אין דעם ענין פון "עשר תעשר":

בא תבואה זיינען דא "גדיים של תבואה" - ווען די תבואה איז אין התחלת הגידול שלה, וואס דעמולט איז די תבואה בדוגמת "ולד רך" וואס איז "יונק" פון "חלב אמו", וויבאלד אז די "גדיים של תבואה" געפינען זיך "במעי אמותיהן".

און דאס איז די שייכות פון "לא תבשל גדי גו'" מיט "עשר תעשר" - אז "אמר להם הקב"ה לישראל, לא תגרמו לי לבשל גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן, שאם אין אתם מעשרים מעשרות כראוי, כשהוא סמוך להתבשל אני מוציא רוח קדים והיא משדפתן".

מד. אין דערויף איז אבער דא א דייטיקע קשיא:

צוליב וואס דארף רש"י שולל זיין אז דא רעדט מען ניט וועגן א "גדי" כפשוטו דוקא, נאר מ'רעדט וועגן דעם ענין הכללי פון "גדי" ("כל יונקים במשמע") - רש"י האט דאך געקענט ברענגען דעם מארז"ל[226] אויפן פסוק "עשר תעשר", "בשני מעשרות הכתוב מדבר, אחד מעשר בהמה ואחד מעשר דגן", און דעמולט וואלט געווען פארשטאנדיק די שייכות פון "לא תבשל גדי גו'" צו "עשר תעשר". וויבאלד אז "עשר תעשר" רעדט זיך אויך וועגן "מעשה בהמה"?

איז דער ביאור בזה:

אין פשש"מ קען מען ניט טייטשן אז "עשר תעשר" גייט אויך אויף "מעשר בהמה". ווארום עס שטייט "עשר תעשר את כל תבואת זרעך היוצא השדה גו'" - איז בנוגע צו "תבואה זרעך", וואלט מען נאך געקענט זאגן אז "זרעך" איז שייך אויך בנוגע צו "מעשר בהמה", אבער אז ס'שטייט "היוצא השדה גו'", קען מען ניט זאגן אז דאס גייט אויך אויף "מעשה בהמה". נאר

- מ'כוז -

---

226) ר"ה ח, א. וש"נ.



הנחה הת' בלתי מוגה

מ'מוז זאגן אז עס רעדט זיך נאר וועגן "הבואת זרעך", "מעשר דגן".

ונוסף לזה:

אין דעם פסוק שלאח"ז שטייט "ואכלת לפני ה' אלקיך גו' מעשר דגנך תירושך ויצהרך ובכורות בקרך וצאנך".

איז וויבאלד "עשר תעשר" וואלט געמיינט אויך "מעשר בהמה", האט דער פסוק געדארפט אויסרעכענען "מעשר דגנך גו'" און "מעשר בקרך וצאנך" - און וויבאלד אז דער פסוק איז מדגיש "ובכורות בקרך וצאנך" (ניט "מעשר בקרך וצאנך"), איז פארשטאנדיק אז "עשר תעשר" גייט ניט אויף "מעשר בהמה", נאר בערנים ווי אויף "מעשר דגן".

מה. דערנאך איז רש"י ממשיך "וכן לענין ביכורים", והביאור בזה:

דער ענין הכללי פון "גדי", "כל יונקים במשמע", וואס אין דערויף זיינען אויך נכלל "גדיים של תבואה", איז אויך דא בא ביכורים, ווי דערמאנט פריער (סמ"ב) אז דער ענין פון ביכורים איז ווען די פירות זיינען ערשט פארטיק געווארן און זיינען נאך באילן, ד.ה. אז זיי געפינען זיך נאך און זיינען יונק פון דעם אילן ("בחלב אמו").

און דערפון איז פארשטאנדיק אז אזוי ווי מ'זאגט בא "גדיים של תבואה" אז "אם אין אתם מעשרים מעשרות כראוי", איז "הגרמו לי לבכל גדיים של תבואה עד שהן במעי אמותיהן", איז עד"ז אויך בנוגע צו פירות האילן, בשעת מ'איז ניט מקיים מצוה ביכורים.

ולהעיר אז עפ"ז יומתק דער קשר צווישן ביכורים מיט "לא תבשל גדי גו'" (וואס זיי שטייען אין דעם זעלבן פסוק) - נוסף על האמור לעיל (סמ"ב) אז דער זמן פון ביכורים איז ווען די פירות זיינען נאך באילן, און "לא תבשל גדי גו'" רעדט זיך וועגן "גדי רך".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז רש"י דארף דא ניט מוסיף זיין קיין ביאור, וויבאלד אז אין פ' בהר האט ער שוין מבאר געווען דעם אופן הלימוד פון "מה ענין זה אצל זה".

מו. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

מ'האט גערעדט כמ"פ אז יעדער ענין אין תורה איז בדיוק, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א משנה, ווי דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו לפיהמ"ש[227] אז לשון המשנה איז "דבר קצר וכולל ענינים רבים".

- ועד"ז -

------------

227) ד"ה אחר כן.

ועד"ז בנדו"ד: די משנה איז מדייק און זאגט "ארבע מדות באדם, האומר שלי שלך וכו׳", ד.ה. אז דא רעדט זיך ניט וועגן זיין הנהגה, נאר וועגן דעם וואס ער זאגט, "האומר כו׳".

והביאור בזה:

עס רעדט זיך וועגן איינעם וואס בהנהגהו בפועל איז ער א צדיק און חסיד גדול, ער פירט זיך אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, ער איז מוותר על ממונו און גיט אפ דערפון א צווייטן אידן -

ער וויל אבער יענעם איינזאגן און מאכן אים שוועד, ער וויל אים א קיצל-טאן און רייצן זיך מיט אים - זאגט ער אים: "שלך שלי ושלי שלי".

וואס לכאו׳ איז וואס איז די עולה - ער האט ערשט געליען אדער געגעבן יענעם געלט, און האט אים געטאן אלע-ערליי טובות, נאר דערנאך קען ער זיך ניט איינהאלטן. גיט ער אים א זאג: "שלך שלי ושלי שלי", נאר אזוי ווי איך האב געוואלט האב איך דיר געגעבן.

[בדוגמא ווי דער נוכח וואס לבן הארמי האט געזאגט:[228] "הבנות בנותי והבנים בני גו׳ וכל אשר אתה רואה לי הוא", נאר אזוי ווי ער איז א גוטער, לאזט ער אים גיין אין א"י, און נאכמער: ער באגלייט אים, און עסט צוזאמען מיט אים א סעודה, און איז כורת בריה מיט אים וכו׳].

זאגט אויף דערויף די משנה, אז עס קען סאקע זיין אז כצד הדין קען מען ביי אים גארניט מאנען. ווארום דאס וואס ער זאגט "שלך שלי ושלי שלי", איז מערניט ווי דברים בעלמא,

און נאכמער: ער באווייזט אז בפועל פירט ער זיך להיפך פון דעם וואס ער האט געזאגט "שלך שלי ושלי שלי", ווארום ער גיט אפ יענעם אויך זיינע זאכן ("שלי שלך"), קען מען אים גארניט מאנען, וויבאלד ס׳איז נאר "האומר שלך שלי ושלי שלי" -

אבער אעפ"כ דארף ער וויסן אז בצד "מילתא דחסידותא". לפנים משורת הדין - איז אפי׳ אזא הנהגה פון "האומר שלך שלי ושלי שלי", אויך היפך ההנהגה פון "חסיד" (און "צדיק"), און אפי׳ היפך פון "מדה בינוניה" וכו׳.

מז. עד"ז איז אויך בנוגע צו "האומר שלי שלך ושלך שלך, - חסיד" -

------------

228) ויצא לא, מג.

חסיד", אז מצד די אמירה גופא ווערט ער שוין אנגערופן "חסיד":

בשעה ער קען געבן יענעם פון זיינע געלט און ער גיט אים, איז ער מקיים די מצוה פון גמילות חסדים און צדקה;

ס׳איז אבער דא א פאל וואס ער האט ניט וואס צו געבן - קען ער אוועקגיין פון יענעמס שווייגנדיקערהייד, אדער זאגן אים א גוטן טאג, ווארום ער האט אים ניט וואס צו געבן.

זאגט אויף דערויף די משנה, אז בשעת ער וויל יענעמס מאכן גוט אויפן הארצן און זאגט אים "שלי שלך ושלך שלך" (אפי׳ ווען ער האט ניט וואס צו געבן יענעם), ווערט ער אנגערופן "חסיד".

ווארום מצד הדין איז ניטא קיין חיוב אז ווען ער טרעפט א אידן זאל ער זיך אנשלאגן און זאגן "שלי שלך ושלך שלך" - וואס דערנאך וועט ער דאך וועלן זיין אן עומד בדיבורו, און מקיים זיין דאס וואס ער האט געזאגט - מ׳קען ביי אים ניט מאנען ער זאל טאן אזא זאך;

נאר מצד "מילתא דחסידותא", לפנים משורת הדין, איז דער סדר ההנהגה פון א "חסיד", אז ער זאגט ("האומר") "שלי שלך ושלך שלך", ד.ה. אז אפי׳ ווען ער קען יענעם גארניט געבן, זעט ער אבער מאכן יענעם גוט אויפן הארצן, דורך דעם וואס ער זאגט אים "שלי שלך ושלך שלך".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו די אנדערע אופנים וואס די משנה רעכנט אוים אין די "ארבע מדות באדם".

כח. בנוגע צו דעם ביאור פון טאטן אויף דעם ענין פון "מקצה שלש שנים" - איז אויך דא די מעלה פון "שנה הששית" (וואס איצטער געפינט מען זיך אין שנה הששית):

אין דעם בריווי[229] ברענגט ער אראפ אז תפארת און יסוד, יעקב און יוסף, איז עס דער ענין פון וא"ו און דער מילוי פון וא"ו - וואס אין דערויף איז מודגש די מעלה פון וא"ו (שנה הששית), ווארום תפארת גופא איז דער ענין פון וא"ו, און יסוד איז דער מילוי פון דעם וא"ו.

דער כללות הביאור בזה (עכ"פ בקיצור):

דער מספר פון שלשה (שנה השלישית), תפארת, באווייזט אויף דער מעלה פון "עושה שלום במרומיו"[230], דער חיבור פון

- הפכים -

------------

229) לקוטי לוי"צ שם ע׳ רמג. 230) איוב כה, ב. וראה אגה"ק רסי"ב. לקו"ת תזריע כג, ג. ובכ"מ.

הפכים, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך א דרגא וואס איז למעלה פון די הפכים - וואס דאס איז וואס תפארת דערגרייכט ביז אין פנימיות הכתר[231], וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון ג׳ (תפארת) איז אן ענין פון העלאה מלמטה למעלה, ביז צו פנימיות הכתר.

און דער מספר פון ששה (שנה הששית), יסוד, באווייזט אויף המשכה מלמעלה למטה, און ווי דאס איז אויך מרומז אין דעם ציור פון דעם אות וא"ו [כמבואר אין שעהיוה"א[232] אז תמונה האות איז "מורה על ציור ההמשכה"] וואס ער איז א קו ארוך, וואס דאס באווייזט אויף הכשכה מלמעלה למטה[233].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה פון שנה הששית, ספירה היסוד, ווארום בשעה עס רעדט זיך וועגן המשכה מלמעלה למטה, זאגט מען אז "אלה תולדות יעקב יוסף"[234], ד.ה. אז די שלימות פון יעקב (ספירה התפארה) איז דוקא ווען די המשכה קומט אראפ אין יוסף (ספירה היסוד), וואס "הוא המשביר בר לכל עם הארץ"[235], כמבואר בארוכה אין די דרושים אויף אלה תולדות יעקב יוסף[236].

וואס דאס איז די מעלה פון ספירת היסוד - אז דארטן שטייט אנגעגרייט דער שפע פון כל הספירות כולם [בדוגמא ווי געוועדט פריער (סי"ד ואילך) וועגן "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"], כולל אויך ספירת התפארת, אז פון דארטן זאל דאס נשפע ווערן למטה - אין נשמות ישראל, און דורך זיי אויך אין וועלט (כמבואר אין לקו"ת[237]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה פון שנה הששית אפי׳ לגבי שנה השלישית - וויבאלד אז דורך ספירה היסוד (שנה הששית) ווערן נמשך למטה אלע ענינים. אויך דער ענין פון ספירה התפארת (שנה השלישית).

מט. און דער ענין פון הכשכה מלמעלה למטה איז נוגע במיוחד צו שנה הששית פון שמיטה - ווארום בנוגע צו דער שנה הששיה זאגט דער אויבערשטער[238] "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשה את התבואה לשלש השנים". ד.ה. אז בשנה הששיה ווערט נמשך דעם אויבערשטן׳ס ברכה אויף "שלש השנים": אויף שנה הששיה. שנה השביעיה. וואס די איז "שבת לה׳"[239]. און אויף שנה השמינית.

- וכאמור -

------------

231) לקו"ת שם. 232) פי"ב בהגה"ה. 233) אגה"ת פ"ד (צד, ב). 234) וישב לז, ב. 235) מקץ מב, ו.
236) ביאוה"ז לאדהאמ"צ ויחי מט, ד ואילך. להצ"צ שם ע׳ קע ואילך. 237) אחרי כו, א. 238) בהר כה, כא. 239) שם, ב.

וכאמור לעיל אז איצטער געפינט מען זיך אין דער שנה הששית, און אין דערויף גופא - נאענט צו דער שנה השביעית,

[און ווי גערעדט אין א פריערדיקע ההתוועדות[240] אז עס זיינען דא כמה ענינים פון שנת השמיטה וואס הויבן זיך שוין אן "ל' יום לפני ר"ה", און לויט איין דעה[241] הויבט זיך עס אן "ב' שבתות" לפנ"ז, פון חמשה עשר באב - וואס איצטער איז שוין כמה ימים נאך חמשה עשר באב],

וואס ענינה פון שנה השביעית איז - "שבת לה'", וואס אזוי ווי דער ענין פון שבת איז אז "מיני מתברכין כולהו יומי"[242], איז עד"ז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו שנת השמיטה, "שבת לה'".

נ. ויה"ר אז כן תהי' לנו, בטוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים - אז דער אויבערשטער זאל געבן ברכתו "בשנה הששית", אין ערב שנת השמיטה, שנה השביעית, אין דעם ערב שבת פון "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[243], אין דעם ערב פון דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין "והיתה לה' המלוכה".

און וויבאלד אז אלע ענינים פון לע"ל [וועט עס וועלן זיין די ימים וואס "אין לי בהם חפץ"[244]] זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו אין משך זמן הגלות[245], און מ'האלט דאך שוין אין ערב שבת פאר-נאכט, און "אם לא עכשיו אימתי"[246] -

גיט דער אויבערשטער ברכתו אז מ'זאל מצליח זיין אין מעשינו ועבודתנו, מיט א הצלחה מופלגה למעלה מכל מדוה"ג,

וואס דורך דעם וועט מען האבן אלע ענינים "לשלש השנים" - אויף דער שנה הששית. און אויף דער גאולה האמיתית והשלימה וואס וועט זיין בשנה השביעית ("יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"), און אויך אויף דער עבודה שלאח"ז, אין דעם זמן שלאחרי התה"מ, וואס דאס איז בדוגמת שנה השמינית - למעלה מכל ההיקף[247].

נא. וכן תהי' לנו - אז עס וועט זיין דער ענין פון "הקיצו ורננו שוכני עפר"[248], און "אהרן ומשה עמהם"[249],

- און -

---

240) שיחת ליל ט"ו באב סמ"ט. 241) שביעית פ"ב מ"ו.
242) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 243) תמיד בסופה.
244) קהלת יב, א. שבת קנא, ב. 245) תניא רפל"ז.
246) אבות פ"א מי"ד. 247) שו"ת הרשב"א ח"א ס"ט. סה"מ תש"ד ע' 192. תש"ה ע' 169. ובכ"מ. 248) ישעי' כו, יט.
249) יומא ה, ב. וראה תור"ה אחד - פסחים קיד, ב.

און וויבאלד אז בר"ח אלול איז משה רבינו ארויפגע-גאנגען אין הר סיני "לקבל לוחות אחרונות" - זאל דאס גלייך אויפגעטאן ווערן מצד דערויף וואס "כל העוסק בתורת כו׳ כאילו הקריב כו׳"[250], וואס דאס איז דאך אן ענין וואס שטייט אין "תורת אמת".

און דורך דערויף וועט זיין דער "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה" - אז דורך דעם עסק אין הל׳ בנין ביהב"ח וועט מען אראפברענגען דעם "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"[251], ובמיוחד וועט עס רעדט זיך וועגן ביהמ"ק השלישי וואס ער איז שוין עומד בנוי ומוכן, און מ׳דארף אים מערניט ווי אראפברענגען דא למטה, כמדובר כמ"פ בארוכה[252].

און מ׳וועט אויך אראפברענגען משיח׳ן, וואס ער שטייט אויך מוכן צו קומען - ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[253] אז "אם בקולו תשמעו"[254] קומט ער "היום" - קומט ער צוגייען און נעמט ארוים פון גלות יעדער אידן און אלע אידן, און פירט זיי - אין אן אופן פון "ואשא אתכם על כנפי נשרים"[255] - לארצנו הקדושה תבנה ותכונן ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן,

און משיח צדקנו יבנה מקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל[256], אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב. ווארום מ׳גייט צוזאמען מיטן מלך וואס נמצא בשדה.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. ופרצה.

* * *

נב. אזוי ווי מ׳האט דאך מסיים געווען אז אלע ענינים זאלן זיין מתוך שמחה וטוב לבב, און אזוי ווי עס זיינען דא אזוינע וואס פארן אוועק פון דאנעט למדינות אדער עיירות אחרות -

זאל יעדערער פון די וואס פארן אוועק מיטנעמען א פלעשל פון יי"ש, כדי אז קומענדיק אהיים זאל ער מאכן א התוועדות און איבערזאגן דעם משל פון דעם אלטן רבי׳ן אז בחודש אלול געפינט זיך דער מלך בשדה,

און זאגן אז דאס הויבט זיך טאקע אן פון ר"ח אלול, אבער בשבה מברכים אלול הויבט זיך שוין אן דער לימוד בדבר, און אין אן אופן אז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[257]. ווערט

- שוין -

------------

250) מנחות קי, א. שו"ע אדה"ז מהדו"ק ס"א סי"ד.
251) רמב"ם ריש הל׳ ביהב"ח. 252) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 185 ובהנסמן שם הע׳ 39. 253) צח, סע"א. 254) תהלים צה, ז.
255) יתרו יט, ד. 256) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א.
257) תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

שוין אויפגעטאן דער "כאילו הקריב" (א מעין דערפון) פאר ר"ח אלול, ועאכו"כ פון ר"ח אלול אן.

און לאזן א טייל פון די יו"ש אויף לאח"ז - כדי אז ס'זאל אויך זיין א ההוועדות בר"ת אלול, אדער לאחרי ר"ח אלול.

און אויך מיטנעמען די נקודות וואס מ'האט גערעדט בנוגע צו חודש אלול - אז אין "אלול" זיינען דא די ר"ת פון אלע ג' קוין, תורה עבודה וגמ"ח (וואס זיי זיינען כולל אין זיך אלע ענינים פון תורה ומצוותי'), ווי גערעדט פריער בארוכה.

ובהקדמה לכל זה דארף זיין דער ענין פון "ובקשתם משם את ה' אלקיך ומצאת כי תדרשנו בכל לבבך ובכל נפשך" - דער ענין התשובה, וואס דער ענין התשובה איז אויך מרומז אין די ר"ה פון "אלול" (כנ"ל בארוכה).

און גרייטן זיך צו דעם ענין הגאולה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער "נודה לך שיר חדש"[258] אויף דער גאולה שאין אחרי' גלות[259], די שירה העשירית - וואס דאס איז אויך מרומז אין די ר"ה פון "אלול" - "לה' ויאמרו לאמר אשירה" (כנ"ל).

בג. ויה"ר אז מ'זאל טאן די אלע ענינים כהוך שכהה, און טאן דאס אן די בדידות והגבלות פון נה"ב. וכה טוב - אפילו אן די בדידות והגבלות פון נפש האלקיה,

און אריינציען אין שמחה אויך "בנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי אשר בשעריך והגר גו'"[260] (אויב ס'איז געווען גיור כהלכה).

און מעצמו מובן אז מ'זאל אויך טאן אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור אין אלע מבצעים הידועים: "מבצע חינוך", "מבצע אהבה ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און די מבצעים המיוחדים לנשי ובנות ישראל: נרות שבת קודש, כשרות האכילה ושתי', און טהרת המשפחה.

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, נאך זייענדיק אין שנה השמית, און פאר חודש אלול - וואס דעמולט וועט די עבודה פון חודש אלול

- זיין -

---

258) ברכת "אשר גאלנו". 259) תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 260) פרשתנו טז, יא.

זיין "כמצות רצונך"[261], וואדום ס׳וועט זיין שלימות האדם, צוזאמען מיט שלימות הארץ, און צוזאמען מיט שלימות התורה, וואס דאס ברענגט אראפ שלימות בכל העולם כולו - דער "עולם על מילואו" וואס איז פארבונדן מיט "אלה תולדות פרץ".

וואס משיח איז דאך "הנה זה עומד אחר כתלנו"[262], ובפירוש ווערט דער "כיד הן נגאלין" - נאך במוצאי שבת, ועכ"פ זונטיק אינדערפרי, וכל הזריז וכל המקדים הרי זה משובח,

און מיטנעמען אין דערויף אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו"[263], ומתוך שמחה וטוב לבב.

נד. מסתמא וועט מען צוגיין נעמען די משקה און קיין טובל, ווארום ס׳וועט סטייען פאר אלעמען, דארף מען זיך ניט שטופן.

ויה"ר אז ס׳זאל זיך אויפטאן דער עיקר הענין - אז ס׳זאל אוועקגיין בדרך הנכונה ובדרך הטובה. און אויף אלע גוטע זאכן.

(ואח״כ:) די וואס פארן אין אה"ק און אין אנדערע מדינות - זאלן צוגיין נעמען די משקה.

אחרי חלוקת המשקה התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן ניגון הקפות לאביו הר"ז"ל.

צוה לנגן האפ קאזאק.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

כרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

---

261) ראה הו"ח ויחי צה, א. צו, ג-ד. המשך וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 262) ל׳ הכתוב - שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ד ע׳ 104 הע׳ 38. 263) בא י, ט.

## שיחה לילדי מחנה קיץ "גן ישראל" שיחיו
## — בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —
## יום ב' פ' תצא, ד' אלול ה'תשל"ט.

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי רז"ל[1]].

ב. מען טרעפט זיך יעדער יאָר צום סיום פון דעם זיין אין דעם מחנה קיץ „גן ישראל" —

און די כוונה דערביי איז אויך — צו כולל זיין (איינשליסן) אין דעם די אַלע וועלכע געפינען זיך אין מחנות קיץ „גן ישראל" אין פאַרשידענע מדינות און ערטער — דורך דעם וואָס מ'האָט זיי אין זינען בא דעם צוזאַמענקלייבן זיך.

און ווי די מחנכים פון דער מחנה האָבן פריער דערמאָנט (בשם דער גאַנצער הנהלה) אַז בשעת אַלע געדיינקען[2] אַז ענין אין תורה וואָס מ'האָט געלערנט בעל־פה (אויסנווייניק) — פאַראייניקט די תורה[3] אַלעמען צוזאַמען, ביז אַז זיי ווערן איין זאַך.

ד.ה. אַז ניט קוקנדיק אויף דעם אונטערשייד און אויף דער ווייטקייט, וואָס מ'איז ווייט איינער פון דעם צווייטן אין מקום — איז מען אָבער פאַראייניקט אַלע צוזאַמען.

וואָרום דער אונטערשייד פון מקום איז נאָר לגבי דעם גוף, אָבער לגבי דער נשמה, וואָס זי איז העכער פון (זמן און) מקום — האָט אויף איר ניט קיין (עיקר־דיקע) ווירקונג דער אונטערשייד פון (זמן און) מקום.

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז ווען מ'פאַרבינדט זיך מיט תורה[4], וואָס דורך דערויף באַווייזט מען אַז די „נשמה" איז דער „עיקר" און דער „גוף" איז אַ „טפל" — איז מען פאַראייניקט אַלע צוזאַמען (ניט קוקנדיק אויפן אונטערשייד פון מקום)[5].

און ווי דער אַלטער רבי ערקלערט[6] אַז בשעת די „נשמה" איז דער „עיקר" און דער „גוף" איז אַ „טפל", קען זיין דער ענין פון „ואהבת לרעך כמוך"[7] (וואָס מ'האָט ערשט דערמאָנט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל) מיט אַן אמת[8] — וויבאַלד אַז די נשמות פון אַלע אידן (וואָס בא יעדערן איז די „נשמה" דער „עיקר") זיינען פאַראייניקט דורך דעם אויבערשטן, וואָס ער איז „אב אחד לכולנה".

ועד"ז איז פאַרשטאַנדיק אַז מ'ווערט פאַראייניקט מיט די אַלע וואָס געפינען זיך אין אַלע מחנות קיץ „גן ישראל" אין אַלע ערטער — אויך אַז צו

1) נדפסו בחיברת „י"ב פסוקים ומאמרי רז"ל" (ברוקלין, תשל"ו).

2) ראה לקו"ת ס"פ קדושים ד"ה והדרת.

3) „תורה אחת", שניתנה מ„ה' אחד", ל„גוי אחד".

4) שכל עניני התורה ומצוותי' הם „למעלה מגדר המקום והזמן" — ראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב ס"א ס"ח. וראה תניא פכ"ה: ויחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד.

5) ראה שיחת מוצאי שמח"ת תשל"ח ס"א־ב (נדפסה בלקו"ש ח"כ ע' 266 ואילך).

6) תניא פל"ב.

7) קדושים יט, יח.

8) „אהבה ואחוה אמיתית" — לשון התניא שם.

זיי וועט אויך דערגרייכן און אויף די וועט אויך האבן א ווירקונג דאס וואס מ'האט דא גערעדט פריער, וואס מ'וועט רעדן איצטער, און דאס וואס מ'וועט רעדן שפעטער.

ג. און דורך דעם וועט מען זיין „כולנו כאחד" — אלע צוזאמען ווי איין זאך,

וואס דאס וועט נאכמער פארגרעסערן דעם „ברכנו אבינו" — אז דעם אויבערשטנ'ס ברכות זאלן זיין אין א נאך גרעסערער מאס ווי זיי וואלטן געווען בלאה"כ (אן דעם).

ווארום אזוי ווי יעדער איד איז דאך „נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[9] (ווי מ'האט ערשט דערמאנט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל), דער אויבערשטער בארימט זיך און באשיינט זיך מיט יעדער אידן — איז דאך פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער בענטשט יעדער אידן און אלע אידן, בכל עת ובכל רגע —

קומט נאך צו אין דערויף דער „ברכנו אבינו (דערפאר וואס) כולנו כאחד" — אז דעם אויבערשטנ'ס ברכות ווערן נאכמער פארגרעסערט.

ד. און די ברכות פון דעם אויבערשטן וועלן נמשך ווערן אין אן אופן אז „צייט" האט אויף דערויף ניט קיין ווירקונג[10] (ווי גערעדט פריער (ס"ב)) —

אז די ברכות והשפעות וועלן האבן א ווירקונג אויפן גאנצן יאר, שנת תשל"ט.

און וועלן אויך האבן א ווירקונג אויפן קומענדיקן יאר — ווי רבותינו נשיאינו האבן ערקלערט פילע מאל אז חודש אלול איז דער חודש אין וועלכן מ'גרייט זיך צו צום קומענדיקן יאר[11], אז ער זאל זיין א געבענטשטער יאר און א אידישער יאר.

ד.ה. אז די צוגרייטונג פון דעם „כולנו כאחד" וועט אויפטאן דעם „ברכנו אבינו" סיי אויף היינטיקן יאר, און סיי אויפן יאר וואס הויבט זיך אן פון ראש השנה הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה ולברכה.

• • •

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'האט גערעדט בא דעם סיום פון מחנה „גן ישראל" פאראיארן (אויך אין חודש אלול)[12], האט אויך א ווירקונג אויפן סיום פון מחנה „גן ישראל" פון היינטיקן יאר, און אויך אויף די קומענדיקע יארן —.

וואס דערפאר וועט מען ניט איבער־חזרן נאכאמאל דאס וואס מ'האט גערעדט פאראיארן [נאר — אויף צו פארשטארקן דעם זכרון, אז מ'זאל געדיינקען דאס וואס עס האט זיך דעמולט גערעדט — וועט מען געבן יעדערן די חוברת („פאמפלעט") וואו דאס איז געדרוקט געווארן], נאר מ'וועט מוסיף זיין נאך עטליכע ענינים,

ווארום ס'איז דא דער אנזאג פון „מעלין בקודש"[13] — אז בשעת מ'ווערט עלטער, דארף צוקומען ניט נאר אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן גוף,

9) ישעי' ס, כא.

10) כולל גם שנמשך באופן ד„עד מהרה ירוץ דברו" — ראה לקו"ת ס"פ קרח.

11) ראה לקו"ש בהרי"ל במקומו. לי"ת להאריז"ל עה"פ (פרשתנו כא, יג) ובכתה גו' ירח ימים (וראה גם אוה"ת נ"ך כרך ב ס"ע א'נ ובשוה"ג שם). ביאורת [illegible] תקפא. סה"מ אדר"ש ע' 75. ובכ"מ.

12) [illegible] בלקו"ש ח"ד ע' 1284 ואילך.

13) ברכות כח, א. וש"נ.

נאר דער עיקר איז גאר אז ס'זאל צו־קומען אין די ענינים וואס זיינען פאר־בונדן מיט דער נשמה, און דורך דערויף וועט אויך צוקומען אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן גוף —

ווי מ'האט אויך געשריבן אין דעם בריוו[14] (וועלכן מ'האט פריער דער־מאנט[15]) ווי די נשמה מיטן גוף זיינען פארבונדן איינע מיט די צווייטע, און ביי א אידן איז די „נשמה" דער „עיקר".

ו. און דאס געזאגטע פריער אז די אלע ענינים וועגן וועלכע מ'האט גע־רעדט פאראיארן זיינען גילטיק אויך איצטער — איז די כוונה בזה, אז ס'זאל אראפקומען אין מעשה בפועל (וואס „המעשה הוא העיקר"[16]), אז ס'זאל ווירקן אויף אייער טאג טעגליכע אויפ־פירונג אין מעשה בפועל.

און דורך אייך — זאל דאס אויך ווירקן אויף אלע אידישע קינדער, אזוי אז ס'זאל זיין דער „כולנו (ממש) כאחד" —

דורך דערויף וואס מ'נעמט אריין אין דערויף אלע קינדער וואס געפינען זיך אין מחנות „גן ישראל" אין אלע ערטער, און דורך זיי נעמט מען אריין יעדן אידיש קינד און אלע אידישע קינדער.

און דורך די קינדער האט דאס א ווירקונג אויף אויף זייערע עלטערן[17] און משפחות — וואס דעמולט ווערט דער „כולנו כאחד" אין דער פולסטער מאס.

און דאס ברענגט אויך דעם „ברכנו אבינו" — אז דעם אייבערשטנ'ס ברכות זאלן אויך אראפקומען אין דער פולסטער מאס.

• • •

ז. די אפלערנונג פון איצטיגן חודש[18]:

יעדן טאג פון די טעג פון חודש אלול[19] זאגט מען צוויי מאל [סיי אין תפלת שחרית, ווען מ'הויבט אן דעם טאג, און סיי אין תפלת מנחה, ווען מ'שליסט אפ דעם טאג[20]] דעם מזמור[21] „לדוד ה' אורי וישעי וגו'"[22], וואס דאס איז א תפלה וואס דוד המלך (נעים זמירות ישראל[23]) האט געזאגט אין דעם נאמען פון יעדער אידן במשך פון אלע דורות און אין אלע ערטער.

וואס די תפלה הויבט זיך אן מיט „ה' אורי וישעי" — אז דער אייבערשטער באלייכט דעם טאג טעגליכן לעבן פון יעדער אידן („אורי")[24], און העלפט אים ארויס („ישעי") אז ער זאל קענען איינ־ארדענען זיין לעבן ווי עס דארף צו זיין

---

14) דכ"ף מנחם אב תשל"ט — לכל החונים/ות במחנה גן ישראל בכל מקום שהם שיחיו (נדפס בלקו"ש חי"ח ע' 492).

15) מדריכי המחנה שיחיו.

16) אבות פ"א מי"ז.

17) כמ"ש (מלאכי ג, כד) „והשיב לב אבות על בנים" — „ע"י בנים" (פרש"י שם).

18) כתורת הבעש"ט שבכל דבר שיהודי רואה או שומע ישנה הוראה בעבודת השם (היום יום ע' נב. כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכ"ז־קכ"ט. ועוד).

19) משא"כ בחודש תשרי שאמירתו רק עד אחר הושענא רבה.

20) דהרי „תפלות כנגד תמידין תקנום" (ברכות כו, ב) — ותמיד של שחר הי' התחלת העבודה בביהמ"ק, ותמיד של בין הערבים — סיום העבודה (פסחים נח, ב. ועוד).

21) תהלים כז. וראה יהל אור להצ"צ עה"פ.

22) מטה אפרים או"ח סתקפ"א ס"ו.

23) ש"ב כג, א. וראה שהש"ר פ"ד, ד (בתחלתו).

24) כדי שיראה איזוהי דרך החיים והטוב — כמ"ש (נצבים ל, טו) „נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב גו'", „ובחרת בחיים" (שם, יט), ובפרש"י שם: אני מורה לכם שתבחרו בחלק החיים כו' ומעמידו על חלק היפה.

(ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס אמאל איז עס ניט אזוי לייכט)[25],

און דערנאך איז מען ממשיך אין דער תפלה — „לחזות בנועם ה' ולבקר בהיכלו"[26] — אז מ'זאל זען די זיסקייט און גוטסקייט פון ג-טליכקייט, ביז אז מ'זאל פילן אז מ'באזוכט דעם אויבערשטן אין זיין היכל,

ביז צום סיום המזמור — „קוה אל ה'"[27] — אז אויך אין די צייטן און רגעים וואס מ'טראכט וועגן אנדערע זאכן, זאל שטענדיק זיין דער „קוה אל ה'", אז מ'האפט צום אויבערשטן און מ'פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן אז ער וועט זיין „אורי וישעי" — די ליכטיקייט און די הילף אין דעם טאג טעגליכן לעבן, יעדער טאג, אלע טעג און אלע יארן,

אז די ברכות און די הילף פון דעם אויבערשטן, וועלן נמשך ווערן במשך פון דעם גאנצן לעבן פון יעדן אידן.

ת. און דעמולט טוט ער זיין עבודה בשמחה[28], ווארום ער ווייסט אז „ה' אורי וישעי" — אז דער אויבערשטער לייכט אים און העלפט אים אין דעם טאג טעגליכן לעבן.

ובפרט ווען ער באטראכט זיך אז „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[29] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל), אז דער אויבערשטער האט באשאפן די הימלען און די ערד און אלץ וואס עס געפינט זיך אין זיי[30] — איז דאך פארשטאנדיק אז ער איז דער בעה"ב וואס פירט אז מיט זיי,

און דערפאר איז „ישמח ישראל בעושיו"[31] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל[32]) — אידן פרייען זיך מיטן אויבערשטן, וואס ער האט זיי באשאפן, און האט באשאפן „את השמים ואת הארץ",

און דעמולט ווערט אויך „ישמח ה' במעשיו"[33] — אז דער אויבערשטער פריידט זיך מיט די זאכן וועלכע ער האט באשאפן — מיט אידן, און אויך מיט שמים וארץ.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער איז בשמחה, איז פארשטאנדיק, אז עס קומט צו א הוספה, אין דעם אויבערשטנ'ס ברכות, און די ברכות קומען אראפ אין אן אופן פון שמחה.

ס. און מ'גרייט זיך צו א פרייליכן יאר — אנהויבנדיק פון די לעצטע טעג פון דעם יאר וואס גייט אוועק (די טעג פון חודש אלול), און דערנאך ווערט דאס נמשך אויף און אין אלע טעג פון דעם קומענדיקן יאר.

ובפרט אז דער קומענדיקער יאר (צו וועלכן מ'גרייט זיך) איז די שנה

25) כדי אשר ישנה בבה מכשולים וגסיונות בדרכו של אדם. כמרז"ל „יצרו של אדם מתגבר עליו בכל יום", וצ"ל „הקב"ה עוזרו" (סוכה נב, ריש ע"ב. קידושין ל, ב).

26) תהלים שם, ד.

27) שם, יד.

28) כמ"ש (תהלים ק, ב) „עבדו את ה' בשמחה". וראה רמב"ם סוף הל' לולב. תניא פכ"ו.

29) בראשית א, א.

30) כמ"ש „את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותיה" (פרש"י עה"פ שם, יד).

31) תהלים קמט, ב.

32) כתניא בפל"ג.

33) תהלים קד, לא. וראה לקו"ת שמע"צ פח, ד ואילך, שהשמחה ד„ישמח ה' במעשיו" קשורה עם השמחה ד„ישמח ישראל בעושיו".

וראה תניא שם: ישמח ישראל בעושיו פי' שכל מי שהוא מזרע ישראל יש לו לשמוח בשמחת ה' אשר שש ושמח בדירתו בתחתונים (אחד מהי"ב פסוקים ומאמרז"ל).

השביעית, שנת השמיטה, וואס זי ווערט אנגערופן „שבת לה'"[34]:

דעמולט שטייט א איד אין א מעמד ומצב וועלכער איז אזוי ווי אין דעם שבת'דיקן טאג[35] — ער איז באפרייט פון אלע וואכעדיקע זאכן[36], און ביי אים ווערט דער מצב פון שבת, „וקראת לשבת עונג"[37], ער פארנעמט זיך, ער האט נאר פארגעניגענדיקע זאכן — זאכן וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן, מיט זיין תורה, און מיט אידישקייט[38].

און די צוגרייטונגען דערצו הייבן זיך שוין אן פון חודש אלול[39] — דורך דערויף וואס יעדערער פון אייך וועט באשליסן אז ער דארף זיך פירן ווי געזאגט פריער (כולל — דאס געזאגטע אין דער חוברת תשל"ח, כנ"ל), און וועט משפיע זיין אויף די אלע וואס געפינען זיך ארום אים, אז זיי זאלן זיך אויך פירן אין דעם אופן.

יו"ד. די אפלערנונג פון היינטיקן טאג:

מ'האט גערעדט פילע מאל אז פון דעם טעגליכן שיעור חומש דארף מען ארויסנעמען אן אנווייזונג אין דעם טאג טעגליכן לעבן[40]:

אין דעם שיעור חומש פון יום שני פון פ' כי תצא, זיינען דא כמה פסוקים און דינים וועלכע זיינען מדגיש דעם ענין פון „אהבת ישראל":

„לא תראה את שור אחיך גו' נדחים והתעלמת מהם השב תשיבם לאחיך"[41] — בשעת ער דערזעט אז א צווייטער איד האט עפעס פארלארן, טאר ניט זיין דער „והתעלמת מהם", נאר „השב תשיבם לאחיך".

און נאכמער: אפילו „אם לא קרוב אחיך אליך ולא ידעתו"[42], יענער איז ניט לעבן אים, ער קען אים גאר ניט — זאגט מען אים אן, אז ווִיבאלד צו אים איז דערגאנגען א ידיעה אז יענער האט עפעס פארלארן, איז „ואספתו אל תוך ביתך והי' עמך עד דרוש אחיך אותו והשבותו לו"[42], און „לא תוכל להתעלם"[43] — דו טארסט זיך ניט באהאלטן און ניט העלפן א צווייטן אידן!

יא. אין דעם איז אויך דא דער פנימיות'דיקער (נשמה'דיקער) אפטייטש:

ווען עס רעדט זיך וועגן אידן, כולל — אידישע קינדער, אז זיי דערהערן אז ס'איז דא אן איד, אן אידיש קינד וואס האט עפעס פארלארן[44], ביי אים פעלט

34) בהר כה, ב"ד.

35) ראה לקו"ש ח"א ע' 275. ח"ז ס"ע 356 ואילך. ועוד.

36) שהרי בשבת צריך אדם לראות כאילו כל מלאכתו עשוי' — מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (כ"א).

37) ישעי' נח, יג.

38) ראה ספורנו עה"פ בהר שם, ד: כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה'.

39) להעיר שכמה דינים דשנת השמיטה מתחילים שלשים יום לפני ר"ה — ראה שביעית פ"ב מ"י: אין נוטעין ואין מבריכין ואין מרכיבין ערב שביעית פחות מל' יום לפני ר"ה.

40) כתורת אדה"ז (היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך): מען בעדארף לעבן מיט דער צייט .. מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואך.

41) פרשתנו כב, א.

42) שם, ב.

43) שם, ג.

44) ראה לקו"ת ד"ה אני לדודי ודודי לי (ראה לב, ב ואילך): בחי' הארת פנימיות רצונו ית' יש בכל אחד ואחד מישראל כו' אך יש מי שהוא בבחי' אבידה אצלו, ע"ד איזהו שוטה המאבד מה שנותנין לו.

ולהעיר שזהו כללות העבודה דחודש אלול, עבודת התשובה — „ובקשתם משם את ה' אלקיך

נאך אין זיין הנהגה אז זיין טאג טעג־ליכער לעבן זאל זיין א אידישער לעבן —

דערציילט מען אים — „לא תוכל להתעלם": זייענדיג א איד וועסט דו ניט קענען זיך באהאלטן און ניט העלפן דעם צווייטן אידן (דאס איז קעגען דער נאַטור פון אן אידן), אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס „לא קרוב גו׳ ולא ידעתו"[45] — נאר „ואספתו אל תוך ביתך והי׳ עמך עד דרוש אחיך אותו והשבותו לו", אז ער וועט אים אומ־קערן דאס וואס ער האט (אויף א קורצע ווילע) פארלארן, ביז אז (דרוש אחיך — ער וועט פאדערן זיין אבדה) זיין הנהגה וועט זיין אין אזא אופן אז ביי אים וועט מען זען בגלוי אז ער איז „נצר מטעי מעשה ידי להתפאר".

יב. און דורך דעם ווערט „כולנו כאחד" ניט נאר מצד דער נשמה, נאר אויך מצד הגוף — וויבאלד אז מ׳פועל׳ט אויף יעדער אידן אז זיין הנהגה זאל זיין ווי עס דארף צו זיין.

און דאס פארגרעסערט נאכמער דעם אויבערשטנ׳ס ברכות — „ברכנו אבינו כולנו כאחד",

ביז צו דער הויפט־ברכה — אז די נשמה מיטן גוף וועלן ארויסגענומען ווערן פון גלות, דורך משיח צדקנו,

וועלכער „ילחם מלחמות ה׳ וינצח"[46]

— ער וועט פירן אידישע מלחמות, וואס זיי זיינען דעם אויבערשטנ׳ס מלחמות, און דורך דעם אויבערשטנ׳ס הילף וועט זיין „וינצח", ער וועט האבן א פולן נצחון,

ובקרוב ממש וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה, דורך משיח צדקנו — עס וועט זיין א שנת גאולה, ביז אין איינפאכסטן זין — גאולה ממש.

• • •

יג. אזוי ווי דערווייל געפינט מען זיך נאך אין גלות, אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, אפילו נאך פאר „אתחלתא דגאולה"[47] —

איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז דא דער יצר וואס וויל שטערן, ה״ו, אז ס׳זאל ניט זיין „כולנו כאחד":

ער שטעלט זיך אנטקעגן „שלימות העם", די גאנצקייט פון דעם אידישן פאלק, אז קיין איין און איינציקער איד זאל ניט פעלן,

דורך דעם וואס ער שטעלט זיך אנט־קעגן „שלימות התורה" — אז יעדער איד און אלע אידן, ובפרט אידישע קינדער, זאלן לעבן לויט דער פול־קאמענהייט און גאנצקייט פון תורה,

און ער שטעלט זיך אויך אנטקעגן און וויל אנרירן „שלימות הארץ", די גאנצ־קייט פון אונזער הייליקע לאנד —

און דורך דעם אלעם וויל ער פאר־לייגנערן דעם גלות, הי״ת!

עס זיינען דא אידן וואס האבן א ביטערן טעות, און רעכענען אז מען קען אנרירן ח״ו די גאנצקייט פון ארץ ישראל!

---

גר׳ (ואתחנן ד, כט). „שתבקש ותחפש: אין חיפוש אלא אחר אבידה כו׳ שהוא בחי׳ ניצוץ אלקות הנ״ל, ע״ד מ״ש נחפשה דרכינו כו׳ שיפשפש במעשיו כו׳" (לקו״ת שם).

45) ראה היום יום ע׳ קיג: רבינו הזקן סיפר לבנו אדמו״ר האמצעי: דער זיידע (הבעש״ט) זאגט אז מ׳דארף האבן מס״נ אויף אהבת ישראל אפילו צו א אידן וועלכן מ׳האט קיינמאל ניט געזען.

46) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

47) ראה לקו״ש ח״ה ע׳ 149 הע׳ 51.

באַטש אַז דאָס איז דער היפך (און פולסטן געגנזאַץ) פון אַן אָפענעם און אַ קלאָרן דין אין שו״ע הל׳ שבת סימן שכ״ט!

— לויט ווי מ׳האָט דערמאָנט פריער (ס״ט) אַז מ׳גרייט זיך צו אַ יאָר וואָס איז „שבת לה׳״ (אינגאַנצן שבת׳דיק) — איז נאָכמער וויכטיק צו אונטערשטרייכן די הלכות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט שבת,

ובפרט די הלכות וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט פקוח נפשות, „שלימות העם״ — מ׳זאָל פאַרהיטן אַ סכנה און פקו״נ פון יעדן איינציקן אידן, ועאכו״כ ווען עס רעדט זיך וועגן אַ סכנה און פקו״נ פון מערערע אידן, הי״ת.

און פונדעסטוועגן זיינען דאָ אַזוינע וואָס האָבן פאַרשידענע ניט־ריכטיקע ניט־תורה׳דיקע ערקלערונגען, אַז מ׳דאַרף אָנרירן „שלימות הארץ״,

דורך דערויף וואָס מ׳רירט אָן אין „שלימות התורה״, די גאַנצקייט פון יעדער דין אין תורה (עאכו״כ אַ דין וואָס איז פאַרבונדן מיט פקו״נ), וואָס אין דערויף הייננגט אָפּ די שלימות פון אַלע דינים פון תורה,

וואָס דאָס איז אויך פאַרבונדן מיט „שלימות העם״, וויבאַלד אַז עס רעדט זיך וועגן פקו״נ.

יד. און דערפאַר בשעת עס קלייבן זיך צוזאַמען אידן, ובפרט אידישע קינדער וואָס זיינען פאַר בר־מצוה, וואָס זייער „הבל״ איז „הבל שאין בו חטא״[48],

און מ׳קלייבט זיך צוזאַמען אין אַ מקום קדוש[49], אַ בית־הכנסת און אַ בית־המדרש[50], אַן אָרט וואו מ׳דאַוונט און מ׳לערנט תורה[51],

און זיי זיינען מכריז און ערקלערן בגלוי אַז „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א־ל״[52]:

די אַלע עצות וואָס זיינען אַנטקעגן דעם פס״ד אין שו״ע הל׳ שבת (ועד״ז די אַלע עצות אַנטקעגן אַנדערע פסקי דינים) וועלן זיכער בטל ווערן און ניט האָבן קיין קיום,

וואָרום „כי עמנו א־ל״ — אַזוי האָט דער אויבערשטער אָפּגע׳פסק׳נט אין תורה, און האָט געהייסן אַז מ׳זאָל דאָס מפרסם זיין,

ער האָט אויך ערקלערט אין תורה אַז ווען עס רעדט זיך וועגן פקו״נ טאָר מען ניט שווייגן, און מ׳טאָר ניט וואַרטן ביז מ׳וועט קומען פרעגן דעם דין[53], נאָר מ׳דאַרף גיין און מכריז זיין אַז מ׳טאָר ניט אָפּגעבן קיין זאַך וואָס קען אָנרירן ח״ו פקו״נ פון אידן!

האָבן אידישע קינדער אַ ספּעציעלן כח צו אויפטאָן[54] אַז דאָס זאָל מקוים ווערן בקרוב ממש און בעגלא דידן (גאָר אינגיכן) —

אַז מ׳וועט זען ווי אַזוי עס ווערן בטל אַלע עצות און רייד וואָס ווילן אָנרירן „שלימות הארץ״ — דורך דעם וואָס

48) שבת קיט, ב. וראה אסת״ר פ״ט, ד.

49) „מקדש מעט״ — מגילה כט, א.

50) „בית גדול״ (מ״ב כה, ט). „מקום שמגדלין בו תורה, מקום שמגדלין בו תפלה״ (מגילה כז, א).

51) שתפלה צ״ל בביהכ״נ — מקום רינה, ואוהב ה׳ שערי ציון כו׳ המצויינים בהלכה — ביהמ״ד (ברכות ו, א. ח, א. טושו״ע (ואדה״ז) או״ח סי׳ צ ס״ח (ס״י)).

52) ישעי׳ ח, י.

53) ד„הנשאל הי׳ מגונה שהי׳ לו לדרוש ברבים״ — שו״ע אדה״ז או״ח סשכ״ח ס״ב. וש״נ.

54) ראה אסת״ר שם. שע״י תשב״ר בטלה הגזירה.

מ׳גיט עפעס אפ צו א ניט־אידן: דאס וואס מ׳וויל אנרירן ,שלימות העם׳ — דורך דעם ענין פון ,מיהו יהודי׳: און דאס וואס מ׳וויל אנרירן ,שלימות התורה׳ — דורך פארשידענע ניט־תורהדיקע צוגאנגען, וואס מ׳וויל אימעצן איינרעדן אז דאס מיינט תורה, וויסנדיק אז דאס איז היפך התורה.

איז ווען אידישע קינדער זיינען מכריז אז ,עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א־ל׳, ובפרט אז זיי זיינען דאס מכריז אין בית־הכנסת און בית־המדרש, און זיינען דאס מכריז נאכן דאווענען און נאכן זאגן פסוקים און כאמרז״ל (לימוד התורה) —

העלפט דאס צו דעם אויבערשטנ׳ס הבטחה אז ,(עוצו עצה) ותופר׳, אז די אלע עצות וועלן בטל ווערן, און אין אן אופן פון ,ותופר׳, אז זיי וועלן בטל ווערן בעיקרא[55].

און ס׳וועט זיין דער ,ילחם מלחמות ה׳ וינצח׳: דעם אויבערשטנ׳ס שו״ע, כולל סימן שכ״ט פון הל׳ שבת, וועט מנצח זיין.

ביז אז אלע פעלקער וואס זיינען ארום אידן וועלן מודה זיין אז עס דארף ניט זיין קיין מלחמה, עס וועט זיין ,ונתתי שלום בארץ׳[56], דערפאר וואס מ׳גייט אויפן וועג וואס פירט צו שלום —

דורך ,ואולך אתכם קוממיות׳[57] — אז מ׳האלט זיך שטארק און פעסט[58] בא תורה, וואס תורה האט געזאגט אז דער אויבערשטער האט אפגעגעבן ארץ ישראל צו יעדער אידן און צו אלע אידן עד סוף כל הדורות.

און אז ארץ ישראל איז אן ,ארץ חמדה׳[59] — ס׳איז א טייערע לאנד, א לאנד וואס דער אויבערשטער גלוסט צו איר,

ועד״ז איז אויך ביי אידן — מ׳קען זיך ניט באגנוגענען ח״ו דערמיט וואס מ׳געפינט זיך אין גלות און מ׳האט אנדערע ברכות (אפילו גאר גרויסע) פון דעם אויבערשטן, נאר ווי יעדער איד און אלע אידן בעטן דעם אויבערשטן אין דאווענען דריי מאל א טאג, יעדער טאג — ,ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים׳, אז מ׳האפט יעדן טאג אז אט קומט די גאולה דורך ,מלך המשיח׳.

וואס דעמולט וועט מען האבן גאנץ א״י בתכלית[60], ,שלימות הארץ׳, און מ׳וועט לערנען תורה בשלימות[61], מיט א טיפערן פארשטאנד און א טיפערע אמת׳קייט[62], אמת לאמיתו, ,שלימות התורה׳[63], און מ׳וועט אויך האבן

---

55) דהטעם הפרה פירושו ,עקירת הנדר מעיקרו׳ (רמב״ם הל׳ נדרים פי״ג ה״ב. שו״ע יו״ד סרל״ד ס״ל. וראה לקו״ש חכ״א ע׳ 325 בהערות).

56) בחקותי כו, ו.

57) שם, יג.

58) ראה פירש״י קה״פ: קוממיות — בקומה זקופה.

59) ירמי׳ ג, יט. וראה תנחומא (באבער) במשפטים יז: ארץ שחמדו לה גדולי עולם כו׳ וכל מלכי עולם נתאוו לה. תנחומא ראה ח.

60) בחיי ארץ שני כו״כ ׳קדמוני׳ (ספרי ופרש״י עה״פ שופטים יט, ח. ועוד).

61) להעיר בתיקו׳ — תשבי יתרץ קושיות ואבעיות (בוכח הערוך ערך תק. תוי״ט סוף מס׳ עדיות). משה ואהרן עמהם (ראה יומא ה, ב. תוד״ה אחד — פסחים קיד, ב), וכו״כ.

62) שהרי אז ילמדו טעמי תורה ,סוד טעמי׳ ונסתר צפונותי׳ (פרש״י שה״ש א, ב).

63) בכלל שלימות המצות — שאז דוקא תהיינה כל המצות התלויות בארץ מן התורה. וגם המצות שאינן תלויות בארץ, עיקר שלימותם תהי׳ ביבות

„שלימות (כולל עשרת השבטים) העם"[64].

טו. און דערפאר — (בהמשך צום געזאגטן) — איז צוגעפאסט אז מ'זאל זינגען נאכאמאל[65] דעם פסוק „עוצו עצה ותופר גו'", און זינגען דאס בשמחה.

און פארבינדן דאס מיט א מעשה בפועל — מען וועט געבן יעדערן צוויי מטבעות (יעדער מטבע פון צען[66] (פרוטות)), על מנת אז איין מטבע זאל מען אפגעבן אויף צדקה, און די צווייטע מטבע — טאן מיט איר לויט ווי ביי אים וועט אויסקומען, אין זיין אידישן טאג טעגליכן לעבן.

און מ'וועט אויך געבן יעדערן די חוברת וואו ס'איז געדרוקט דאס וואס מ'האט גערעדט פאראיארן, וואס דארטן זיינען געבראכט כמה דברי תורה.

טז. עס איז אויך כדאי אז מ'זאל נאכאמאל באשליסן (און מקיים זיין בפועל) וועגן דעם וואס מ'האט גערעדט באריכה אין די פריערדיקע יארן[67], אז ס'איז א גוטע זאך און א נויטיקע זאך אז יעדער אידיש קינד זאל האבן אן אייגענעם סידור, און אן אייגע־נע צדקה־פושקע,

וואס דורך דעריויף וועלן ביי אים זיין די אלע דריי קוין (זאכן) — תורה, עבודה, און גמ"ח:

אין דעם סידור זיינען דאך די תפלות וואס מ'דאווענט אין בית־הכנסת — דער עניין פון תפלה, קו העבודה[68], און דארטן זיינען דא עניינים פון תורה, וואס מ'לערנט אין בית־המדרש — דער קו פון תורה, צוזאמען מיט דער צדקה־פושקע וואו ער וועט לייגן אפט מטבעות אויף צדקה — דער קו פון גמ"ח.

וואס דאס זיינען דאך די דריי זאכן אויף וועלכע „העולם עומד"[69] און „העולם קיים"[70] — דורך דעריויף האלט זיך שטארק סיי דער „עולם קטן זה האדם"[71], און סיי די גאנצע וועלט — אז זי זאל זיך פירן לויט ווי תורה הייסט אז מ'זאל זיך פירן,

בכלל — אז ניט נאר מ'שטערט ניט אידן אין עניינים פון אידישקייט, נאר אדרבה, מ'העלפט זיי אין אידישקייט[72],

אזוי אויך בנוגע צו „שלימות הארץ" — אז מ'זאל זיך ניט טשעפען מיט ארץ ישראל, און ניט מיט אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט אז אמת'ן רצון (ארץ) פון אז אידן (ישראל)[73], אן אידישער אויפפירונג בכל מקום ומקום.

---

הפשיה (ראה תו"ח ייחי צה, א. צו, ג"ד. הפשד ובבה תרל"ז פ"ז ואילך).

64) שהרי הגאולה העתידה תהי' באופן שכל בנ"י יצאו מהגלות (ראה לקו"ש ח"א בתחלתו).

65) לאחרי שכבר ניגנו פסוק זה באמירת „אל תירא גו' עוצו עצה ותופר גו'" בסיום תפלת כנחה. אחרי אמירת „עלינו".

66) מספר שלם (פרדס ש"ב).

67) בהשיחה לילדי מחנות קיץ שיהי' דש"ב ג' פ' שופטים, ב' אלול תשל"ז ס"ה (לקו"ש חי"ד ע' 279 ואילך).

68) שהרי „תפלות כנגד תמידין תקנום". וראה תענית ב, א: עבודה שבלב כו' זו תפלה.

69) אבות פ"א מ"ב.

70) שם מי"ח.

71) ראה תנחומא פקודי ג. הקי"ז תש"ס קרוב לתחלתו. ועוד.

72) כמש"נ (ישעי' מט, כג) „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך גו'".

73) כדרז"ל (ב"ר פ"ה, ח) ארץ ע"ש שרצתה לעשות רצון קונה — וכמו"א מבנ"י אע"פ (ואפילו

ולפועל:

די וואס האבן שוין א סידור מיט א צדקה־פושקע, זאלן זיי זען צי דער סידור מיט די צדקה־פושקע זיינען גאנץ, און זען צי אין דער צדקה־פושקע זיינען דא מטבעות, און צוגעבן אין דעם.

און די וואס מאיזה סיבה שתהי׳ האבן זיי נאך ניט א סידור און א צדקה־פושקע — זאלן זיי דאס באקומען וואס פריער.

יז. נאך דעם וואס מ׳וועט זינגען דעם (ניגון —) פסוק „עוצו עצה ותופר״, זאל מען בלאזן שופר — לויטן „מנהג ישראל״ אז בכל יום פון חודש אלול איז מען תוקע בשופר⁷⁴.

און אע״פ אז מ׳האט דאס שוין געטאן אינדערפרי — קען זיין אז עס זיינען דא אזעלכע וואס האבן נאך היינט ניט גע־הערט תקיעת שופר.

און אפילו די וואס האבן שוין גע־הערט תקיעת שופר, וועלן זיי הערן נאכאמאל, און דאס וועט בא זיי פאר־שטארקן דעם ענין וואס תקיעת שופר טוט אויף — אז מ׳כוס תשובה⁷⁵, און אויך — מ׳דערמאנט זיך אויפן שופר פון מ״ת⁷⁶, וואס דאס פארשטארקט נאכ־מער די צוגעבונדנקייט צו תורה ומצוות⁷⁷.

און נאך תקיעת שופר זאל מען מכריז זיין „לשנה טובה תכתב ותחתם״⁷⁷ — יעדער איד צוזאמען מיט אלע אידן, בתוך כלל ישראל.

און גרייטן זיך צו שנה הבאה, וואס זי איז „שבת לה׳״, מתוך שמחה וטוב לבב.

• • •

יח. ניגנו את הניגון „עוצו עצה ותופר גו׳ כי עמנו א־ל״.

כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן להמדריכים שיחיו חוברות דהשיחה ומטבעות, ובקש שיחלקו לכאו״א מהילדים שיחיו: חוברת השיחה (לתלמידי מחנה קיץ „גן ישראל״ שיחיו, יום א׳ פ׳ שופטים, בדר״ח אלול תשל״ח (בתרגום אנגלי)), שתי מטבעות של עשר סענט: א׳ לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהם. וכן עשו.

תקעו — תשר״ת תש״ת תר״ת.

אח״כ אמרו בקול רם „לשנה טובה תכתב ותחתם״.

ואח״כ — ע״פ הוראת כ״ק אדמו״ר שליט״א — „לשנה הבאה בירושלים״.

טרם צאתו התחיל כ״ק אדמו״ר שליט״א לנגן וכל הנאספים שי׳ עמו: עוצו עצה ותופר גו׳ כי עמנו א־ל.

---

זה —) שתסא ישראל הוא (סנהדרין מד, רע״א). וראה רמב״ם הל׳ גירושין ספ״ב — וראה ג״כ אוה״ת בראשית ח״ג ע׳ 962 ואילך.

74) טור או״ח ר״ס תקפא. רמ״א או״ח שם. השלמה לשו״ע אדה״ז או״ח ר״ס תקפא.

75) כמ״ש (עמוס ג, ו) „אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו״. וראה טור שם. השלמה לשו״ע אדה״ז שם.

76) דא׳ הטעמים שמונה הרס״ג בהענין דתק״ש דר״ה הוא „להזכירנו מעמד הר סיני, שנאמר בו (יתרו יט, טז) וקול שופר חזק מאד״ (הובא באבודרהם במקומו).

77) ראה מס״א שם ס״ס (מלקוטי מהרי״ל): נהגין כשכותב אדם לחבירו אגרת .. מן ר״ח אלול .. רומז לו .. שיזכה בימי הדין הבאים לטובה להיות נכתב ונחתם בספר חיים טובים.

## שיחה להתלמידות דמחנה קיץ "אמונה" שתחיינה
## — בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —
## יום ד' פ' תצא, ו' אלול ה'תשל"ט.

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי רד"ל [1]].

ב. מ'האט גערעדט פריער [2] וועגן דער גרויסקייט פון „אהבת ישראל" — מיוסד אויף דעם וואס שטייט אין חומש [3] „ואהבת לרעך כמוך", און דערנאך אויך אין תושבע"פ [4] — „אמר רבי עקיבא זה כלל גדול בתורה", אז דאס איז א גרויסער (וויכטיקער) כלל אין תורה [5] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי רד"ל), ווי דער אלטער רבי ערקלערט דאס באריכה אין תניא פרק לב [6] (דער 32'סטן פרק) [7].

און כדי צו פארשטארקן דאס און באווייזן ווי עס דארף זיין דער בפועל — האט מען זיך ניט באנוגנט דערמיט וואס מ'האט דערציילט אז אזוי האט משה רבינו [8] איבערגעגעבן צו אידן וואס ער האט געהערט פון דעם אויבערשטן, און אז אזוי, און אזוי [9] האט געזאגט רבי עקיבא — נאר מ'האט געבראכט ביישפילן ווי אזוי עס האבן זיך געפירט און געטאן בפועל גדולי ישראל אין פארשידענע דורות,

אנהויבנדיק מיט א ביישפיל פון דעם בעש"ט, דערנאך — פון די נשיאים וואס נאך אים, ביז צו נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר [10] — וואס זיי האבן באוויזן די וועג און דעם ביישפיל ווי אזוי מ'דארף זיך פירן אין „אהבת ישראל",

און וויבאלד אז מען האט ביישפילן — ווייס מען גענוי ווי צו טאן, און דאס אונטערשטרייכט נאכמער ווי די הנהגה פון יעדן אידן דארף זיין אין דעם.

ג. עס ווערט אבער גלייך די פראגע:

די אלע ערציילונגען וואס מ'האט דערציילט וועגן די גדולי ישראל זיינען זייער גוטע און זייער שיינע ביישפילן — ווי קען מען זיך אבער גלייכן צו גדולי ישראל, ווי זיי האבן מקיים געווען דעם אנזאג פון משה רבינו [11] און ר"ע, אפלערנען זיך פון זייער הנהגה, אז אזוי ווי זייער הנהגה איז געווען אין א באשטימטן אופן, דארף אזוי אויך זיין די הנהגה פון יעדער אידן, אפילו ווען מ'רעדט וועגן גאר אן איינפאכן איד ?!

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומאמרי רד"ל" (ברוקלין, תשל"ז).

2) מנהלי המחנה שיחיו.

3) קדושים יט, יח.

4) תו"כ ופרש"י עה"פ. ועוד.

5) ירושלמי נדרים פ"ט ה"ד. — יתירה מזו: זו היא כל התורה כולה — שבת לא, א.

6) ראה לקו"ש ח"ט ע' 156 הע' 23.

7) ראה גם קונטרס אהבת ישראל.

8) להעיר ממנחות סה, סע"א: משה רבינו אוהב ישראל הי'. וראה שמו"ר פ"ב, ב.

9) שזהו כלל גדול בתורה.

10) ראה ד"ה באתי לגני תשי"א פ"ז — סיפורים מכאו"א מנשיאי חב"ד בענין אהבת ישראל.

11) ראה תניא פמ"ד (סג, א): מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו לגשת להשיג אפילו חלק אחד מני אלף ממדריגת אהבת רעיא מהימנא. וראה שו"ע יו"ד סו"ס רמב: האומר לחבירו אם הי'ת כמשה מלקין אותו משום בזיון (שהוא אומר אילו הי' אדם אחר כמותו, והוא בלתי אפשרי שהרי כתיב לא קם כמשה — ט"ז שם סק"כ).

ובפרט ווען מ׳רעדט וועגן קליינע קינדער, קליינע אינגעלעך פאר בר־מצוה, און קליינע מיידעלעך פאר בת־מצוה — און מ׳דערציילט זיי אז זיי דארפן זיך אפלערנען פון דער הנהגה פון גדולי ישראל!

ד. די ערקלערונג דערפון איז פאר־בונדן מיט דעם ענין פון אמונה[12]:

אידן זיינען „מאמינים בני מאמי־נים"[13], וואס דאס איז געזאגט געווארן אויף יעדער אידן און אלע אידן, אפילו אויף א איד וואס איז גאר ניט צו פארגלייכן מיט דער גרויסקייט פון דעם בעש״ט אדער פון זיינע תלמידים, און אפילו אן איד וואס ער איז נאך גאר קליין אין יארן[14].

דער ענין פון אמונה באשטייט אין דעם אז מ׳גלויבט אין דעם אויבערשטן, מ׳גלויבט אין דעם אויבערשטנ׳ס תורה, און מ׳גלויבט אין דעם אויבערשטנ׳ס שלוחים[16] — אנהויבנדיק פון משה רבינו[17], און דערנאך דער „משה רבינו" פון יעדן דור[18], וואס דאס זיינען די נשיאי ישראל פון יעדן דור[19], אזוי ווי דער בעש״ט אין זיין דור, און כ״ק מו״ח אדמו״ר — אין אונזער דור.

און וויבאלד אז בא יעדער אידן און ביי אלע אידן (אויך בא גאר קליינע קינ־דער) איז די זעלבע אמונה[20], און אמונה איז ניט באגרעניצט אין זמן און אין מקום (ס׳איז שטארקער און „שפרינגט אריבער" די באגרענעצונגען) — פאר־בינדט דאס אלע אידן צוזאמען, פון די גדולי ישראל ביז די גאר קליינע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, ווי־באלד אז בא זיי אלע איז די זעלבע אמונה.

נאכמער: דורך דער אמונה פאר־בינדט מען זיך מיט אלע אידן פון אלע (אויך — פריערדיקע) דורות (כולל —

12) להעיר ששם הבחנה הוא — „אמונה", ו„שמא גריס" (ראה השוטות וביאורים ע׳ 4. וש״נ).

13) שבת צז, א.

14) ע״ד מ״ש (בשלח טו, ב) „זה א־לי ואנוהו („באמינים" מצ״ע) אלקי אבי וארוממנהו" („בני מאמינים").

15) ואדרבה: מאחר שכח השכל מעלים על פשיטות הנפש (אמונה), י״ל שבקטנים כח האמונה בגלוי יותר, מאחר ששכלם אינו בגלוי כ״כ, ואינו מעלים על כח האמונה — ע״ד המבואר בכ״מ (ד״ה אין הקב״ה בא בטרוניא תרפ״ה (סה״מ קונטרסים ח״ג ע׳ קס ואילך). אני ישנה תש״ט (סה״מ תש״ט ע׳ 118 ואילך). ובכ״מ) שפעולת הרצון היא בעקב יותר מבראש: כח המס״נ הוא בגלוי יותר בזמן הגלות מאשר בזמן הבית.

ויתירה מזו: לא רק שאצלם אין ההעלם שמצד השכל, אלא משו״ז הי״ה כלי (יותר) לכח האמונה (ראה לקו״ש ח״ט ע׳ 75 הע׳ 30. לקו״ש ח״ז ע׳ 7־96. וש״נ).

ולכן: אף שגם שכל (דקדושה) מחוי״ב ענין האמונה, ועד ש„תכלית הידיעה שלא נדעך" (ראה בחינות עולם ח״ח ס״ב. עיקרים מ״ב פ״ל. של״ה קצא, ב) — הרי״ז כדבר שני שמכריח את האמונה, ובמילא מעלים עליו (במקצת עכ״פ), משא״כ בקטן שמצ״ע הי״ה כלי לענין האמונה, כנ״ל.

16) ד„שלוחו של אדם כמותו" (ברכות לד, ב. וש״נ), ועד״ז שלוחו של אדם העליון — כמותו (לקו״ת ויקרא א, ג), וראה זח״ב לח, א: מאן פני האדון הוי׳ דא רשב״י. וכעין זה בנגלה דתורה — ראה ירושלמי ביכורים פ״ג ה״ג: והוי׳ בהיכל קדשו דא ר׳ יצחק בר לעזר בכנישתא מדרשא דקיסרין. וראה בחיי תשא לג, ז.

17) ראה מכילתא עה״פ בשלח יד, לא: ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו .. שכל מי שמאמין ברועה נאמן כאילו מאמין במאמר מי שאמר והי׳ העולם. ולהעיר מאבות (פ״ד מי״ב) מורא רבך כמורא שמים.

18) ד„אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא" (תקו״ז תס״ט (קיב, א. קיד, א)), ו„אין דור שאין בו כמשה" (ב״ר פנ״ו, ז). וראה לקו״ש ח״ו ע׳ 255.

19) ראה תקו״ז שם (קיד, א): בכל צדיק וצדיק.

20) ראה תו״א וירא יד, ב: אפילו תינוקות יודעים שיש שם אלוקה מצו״ כו׳.

די גדולי ישראל פון יענע דורות) — ווארום די נשמה איז א נצחית (אן אייביקע), און זי וועט אויך ארויפקומען נאכאמאל אין גוף אין דער וועלט, ווי מ'האט ערשט געזאגט (אין די י"ב פסוקים ומאמרי רז"ל [21]) אז „כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב [22], שנאמר [23] ועמך כולם צדיקים לעולם יירשו ארץ נצר מטעי מעשה ידי להתפאר".

ה. דערפון איז פארשטאנדיק אז אפילו ווען ס'רעדט וועגן קליינע קינדער, אינגעלער און מיידעלער, אדער וועגן אזוינע ערוואקסענע אידן וועלכע מ'קען כלל ניט פארגלייכן צו גדולי ישראל אין אונזער דור אדער אין די פריערדיקע דורות —

וויבאלד אבער אז בא יעדערן פון זיי איז דא די אמונה — פארבינדט דאס זיי מיט די גדולי ישראל פון אונזער דור און פון די פריערדיקע דורות.

ווען א קליינע מיידעלע שטייט אויף אינדערפרי פון שלאף [24], און זי הייבט אן דעם טאג, איר טאג, מיט „מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך" — זי גלייבט און דאנקט דעם אויבערשטן, און מיט דער אמונה גייט זי דורך דעם גאנצן טאג [25],

אלע אירע איבערלעבונגען פון דעם גאנצן טאג, סיי אין איר טאן, סיי אין איר רעדן און אפילו אין איר טראכטן —

פארבינדט זי זיך דורך דעם מיט אלע אידן פון אלע דורות וואס האבן זיך געפירט אין דעם אופן, כולל אויך — מיט די גדולי ישראל און די אנפירער פון דעם אידישן פאלק אין אלע דורות [26].

און דערפאר איז גאר ניט קיין וואונדער אז מ'זאגט אז יעדע אידישע מיידעלע דארף זיך אפלערנען פון די ביישפילן וואס עס האבן באוויזן גדולי ישראל —

וויבאלד אז בא יעדע אידישע מיידעלע איז דא די אמונה — און די אמונה ווערט אריינגעגעבן [27] אין איר טאג טעגליכן לעבן דורך אונזער תורה, וואס זי איז „תורת חיים", און „היינו אורך ימינו" — דערמיט לעבט יעדער איד און אלע אידן יעדן טאג און אלע טעג, במשך פון אלע יארן.

ו. און ווען א אידישע מיידעלע באשליסט אז זי וועט זיך פירן לויט ווי געזאגט פריער — איז א זיכערע זאך אז „יגעת ומצאת" [28] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי רז"ל),

---

21) מסנהדרין צ, א. ויראה בארוכה תשובות וביאורים סי' ח (קה"ת, ברוקלין, תשל"ד).

22) שקאי בתחה"מ בעיקר (רמב"ן בשער הגמול — הובא בתניא עג, ב. ובכ"מ), וכדמוכח גם מהמשך המשנה שם: ואלו שאין להם חלק לעוה"ב האומר אין תחה"מ מה"ת, ובגמרא שם: הוא כפר בתחה"מ לפיכך לא יהי' לו חלק בתחה"מ .. מדה כנגד מדה.

23) ישעי' ס, כא.

24) „מיד כשניעור משנתו" אפילו קודם נט"י — שו"ע אדה"ז או"ח ס"א ס"ה (ובמהדורת — שם ס"ו). סידור אדה"ז בתחלתו.

25) להעיר מפתגם אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע, אשר ה„נקודה" (שאחרי תיבת בחמלה) שב„מודה אני" צריכים לפושטה (פאנאנדערשפרייטן) על כל היום כולו (קונטרס עניני של תורת החסידות סוס"ט).

26) ומכיון שהנשיאים סללו כבר את הדרך, נעשה זה נקל יותר להבאים אחריהם, וכידוע בהענין ד„פתחו" — ראה סה"מ תרע"ח ע' רסג. תרס"ח ע' קב. ועוד.

27) שהרי האמונה צריכה להאיר בפנימיות (כדי שלא יהי' „גנבא אפום מחתרתא רחמנא קרייא" (ברכות סג, א (ע"פ גירסת העין יעקב)) — „ורעה אמונה", שזה נפעל ע"י משה רבינו (ראה תניא רפמ"ב. תו"א קיא, א ואילך. ובארוכה ד"ה וקבל היהודים תרס"ו (סה"מ תש"א ע' 183 ואילך)).

28) מגילה ו, ב.

און מ׳זאָגט „יגעת ומצאת תאמין״ — מ׳גלויבט איר אין דעם, וואָרום זי האָט דעם כח צו וויסן וואָס צו טאָן און ווי אזוי צו טאָן, און אַרויסבראַנגן דעם כח אין מעשה, וואָס „המעשה הוא העיקר״ [29].

און דעמולט באַווייזט זי אַ לעבעדיקן און אַ פריילעכן און אַ לייכטענדן ביי־שפיל פאַר אַלע קינדער וואָס געפינען זיך אַרום איר, פאַר אירע עלטערן, לערער, מדריכים און מדריכות, און פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק — אַז זיי זאָלן זען וואָס עס קען אויפטאָן אַן איין און איינציקע אידישע מיידעלע [30], ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זי איז גאָר אַ קליינע מיידעלע,

וויבאַלד אַז דורך איר אמונה — וואָס זי ווערט אָנטפּלעקט דורך דעם וואָס זי פירט זיך לויט דער תורה — פאַר־בינדט זי זיך מיט אַלע אידן פון אַלע דורות [31].

ז. און דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט שמחה [32] — ווי געזאָגט (אין די י״ב פסוקים ומאמרי רז״ל [33]) „ישמח [34] ישראל בעושיו כו׳״,

ווייסנדיק אַז „כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו״ [35] (ווי מ׳האָט ערשט געזאָגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי רז״ל) — סיי ווען עס רעדט זיך וועגן זאַכן וואָס זיינען פאַר־בונדן מיטן רעדן — „בפיך״ (דיבור), סיי ווען עס רעדט זיך וועגן זאַכן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן טראַכטן — „בלבבך״ (מחשבה), און סיי ווען עס רעדט זיך וועגן זאַכן וואָס זיינען פאַר־בונדן מיטן טאָן — „לעשותו״ (מעשה) [36],

איז עס איז ניט קיין ווייטע זאַך צו דערגרייכן [37], נאָר אדרבה: „קרוב אליך הדבר״, און נאָכמער: „קרוב אליך הדבר מאד״, דאָס איז גאָר נאָענט צו דיר, און דערפאַר איז אַ זיכערע זאַך אַז מ׳וועט דאָס קענען טאָן און מצליח זיין אין דערויף.

און דורך דעם אַלעם ערפילט מען דעם אויבערשטנ׳ס בקשה — ווי גע־זאָגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי רז״ל [38] — „והנה ה׳ נצב עליו כו׳ ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי״: דער אויבער־שטער שטייט לעבן יעדן אידיש קינד, אַז אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, און קוקט זיך צו און האָט הנאה [39] דערפון וואָס ער פירט זיך ווי עס דאַרף צו זיין.

און דאָס פאַרגרעסערט נאָכמער דעם אויבערשטנ׳ס ברכות אין אַלעם וואָס מ׳נויטיקט זיך, און ספּעציעל — די ברכות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט׳ן איצטיקן חודש, חודש אלול [40] (דער

(29 אבות פ״א מי״ז.

(30 שהיא „עולם מלא״ — ראה סנהדרין לז, א במשנה.

(31 בכהנ״ל — ראה בארוכה ד״ה וקבל היהודים הנ״ל.

(32 כמ״ש (תהלים ק, ב) עבדו את ה׳ בשמחה. וראה רמב״ם סוף הל׳ לולב: השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה כו׳ עבודה גדולה היא.

(33 תניא ספל״ג.

(34 ל׳ הכתוב — תהלים קמט, ב.

(35 ל׳ הכתוב — נצבים ל, יד.

(36 בפיך ובלבבך לעשותו הם ג׳ בחי׳ דיבור מחשבה ומעשה — ראה ליקוט פירושים וכו׳ לתניא פ״ז אות א׳ב. וש״נ.

(37 כמ״ש (נצבים שם, יא) „לא נפלאת היא ממך ולא רחוקה היא״.

(38 תניא רפמ״א.

(39 כמ״ש (תהלים קד, לא) „ישמח ה׳ במעשיו״.

(40 ראה מס״א סתקפ״א ס״ט (מלקוטי מהרי״ל): נוהגין כשכותב אדם לחבירו אגרת .. מן ר״ח אלול .. רומז לו .. שיזכה בימי הדין הבאים לטובה להיות נכתב ונחתם בספר חיים טובים.

חודש איז וועלכן מ'גרייט זיך צום נייעם יאר [41] — אז מ'זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה.

• • •

ח. מ'האט גערעדט פריער אז יעדער איינצעלנער איד, אפילו א גאר קליין קינד, קען אויפטאן די גרעסטע זאכן.

און ווי דער רמב"ם [42] פסק'נט אז דורך אן איין און איינציקע מצוה (במעשה, בדיבור אדער במחשבה) קען א איד איבערוועגן „את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות", און אראפ־ברענגען „תשועה והצלה".

וואס דאס איז אן אלגעמיינע אנ־ווייזונג וואס איז נוגע צו דער הנהגה פון א אידן יעדן טאג און אלע טעג פון דעם גאנצן יאר.

דערצו קומט נאך צו א ספעציעלע אנווייזונג און אפלערנונג [43] פון דעם חודש, און אויך א ספעציעלע אנווייזונג און אפלערנונג פון דעם טאג, וואס יעדער טאג האט דאך א באזונדער עבודה [44] און א באזונדער אויפטו.

ט. די אפלערנונג פון דעם איצטיקן חודש — חודש אלול:

חודש אלול איז, כנ"ל, דער חודש אין וועלכן מ'גרייט זיך צום קומענדיקן יאר — און דעמולט פארריכט מען און מ'ערגענצט און מ'ברענגט אריין שלימות אין אלע מעשים [45] וואס מ'האט געטאן במשך פון אלע טעג פון דעם יאר וואס גייט אוועק.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די עבודה פון חודש אלול איז וויכטיקער און איז מער נוגע ווי די עבודה פון אלע אנדערע חדשים.

יו"ד. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דער אלטער רבי ערקלערט אין לקו"ת [46] דעם ענין פון חודש אלול „משל למלך שקודם בואו לעיר יוצאין אנשי העיר לקראתו ומקבלין פניו בשדה, ואז רשאין [47] כל מי שרוצה לצאת להקביל פניו, והוא מקבל את כולם בסבר פנים יפות, ומראה פנים שוחקות לכולם".

די ערקלערונג דערפון:

ווען א איד געפינט זיך אין א וואכע־דיקן טאג, אין א וואכעדיקן מעמד ומצב, און געפינט זיך (ניט אין שטאט, נאר) אין פעלד,

וואס זייענדיק אין פעלד איז מען אין אן אנדער מעמד ומצב ווי מ'איז זייענדיק אין שטאט:

זייענדיק אין פעלד איז מען פאר־נומען (בעיקר) מיט איינפאכע ארבעט (אקערן און זייען א.ד.ג.), וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין ספעצ־יעלן שכל און חכמה:

---

41) ראה לקוטי מהרי"ל במקומו. לי"ת להאריז"ל עה"פ (פרשתנו כא, יג) ובכתה גו' ירח ימים (וראה גם אוה"ת נ"ך כרך ב ס"ע א'נ ובשוה"ג שם). סהמ"ח ר"ס תקסא. סה"מ אידיש ע' 75. ובכ"מ.

42) הל' תשובה פ"ג ה"ד.

43) כתורת הבעש"ט שבכל דבר שיהודי רואה או שומע ישנה הוראה בעבודת השם (היום יום ע' נב. כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז־קכט. ושי"נ).

44) ראה זח"ג צד, ריש ע"ב: כל יומא ויומא עביד עבידתי".

45) כי ע"י התשובה (שזוהי עבודת חודש אלול — ראה במקומות שנסמנו לעיל הע' 41) נעשים המעשים „טובים ומאירים" (לקו"ת שמע"צ פה, א).

46) ד"ה אני לדודי ודודי לי — ראה לב, ריש ע"ב.

47) ומוסיף ומבאר כ"ק מו"ח אדמו"ר — רשאים ויכולים (סד"ה לך אמר לבי תש"י (סה"מ תש"י ע' 285)).

ווען מ׳געפינט זיך אבער אין שטאט, צווישן א סאך פארשידענע מענטשן, איז מען אנדערש אנגעטאן, מער אויסגע־רעכנט א. ז. וו. — ווער רעדט נאך אויב מ׳געפינט זיך אין דער הויפט־שטאט, די שטאט וואו עס געפינט זיך דער מלך,

איז געפינענדיק זיך אין פעלד, דארף מען האבן א ספעציעלע שטארקייט אז מ׳זאל ניט פארגעסן אז כאטש מ׳גע־פינט זיך אין פעלד געהערט מען אבער צום מלך, ובפרט — צום מלך פון דער גאנצער וועלט —

וואס יעדער איד איז דאך דעם אויבערשטנ׳ס א קינד, ווי עס שטייט[48] „בנים אתם לה׳ אלקיכם" — גלייך ווען א איד ווערט געבארן, ווייס מען שוין אז ער איז דעם אויבערשטנ׳ס א קינד, און נאכמער: ווי דער בעש״ט[49] זאגט אז יעדער איד איז טייער ביי דעם אויבערשטן ווי אן איינציקער קינד[50],

איז דערפאר — כאטש ער געפינט זיך אין פעלד, און פארנעמט זיך מיט אן ארבעט וואס איז ניט פאסיג פאר א קינד פון דעם מלך[51] — טאר ער ניט פאר־געסן אז ער איז בנו של מלך מלכי המלכים הקב״ה[52].

יא. און כדי אז ער זאל ניט פאר־געסן אז ער איז בנו של מלך מלכי המלכים הקב״ה — איז דא א צייט ווען דער מלך גייט ארויס פון זיין פאלאץ, און גייט ארויס פון זיין הויפט־שטאט, און קומט אראפ אין פעלד, און געפינט זיך צוזאמען מיט זיינע קינדער, ווי זיי געפינען זיך אין זייער מעמד ומצב זייענדיק אין פעלד — די צייט איז חודש אלול.

און כדי אז דער שטענדיקער געדיינ־קען אז מ׳איז א קינד פון דעם מלך זאל אנקומען לייכטער — איז דער מלך „מראה פנים שוחקות לכולם", ער באַ־ווייזט אלעמען ווי זיין פנים איז באַ־לויכטן[53], און ער שמייכלט צו יעדערן — ביז אז „ישמח ה׳ במעשיו".

און נאכמער: ער ווארט און בעט[54] בא יעדערן אז מען זאל זיין „רוצים לקבל פניו", מען זאל צו אים צוגיין און בעטן ביי אים וואס מען דארף האבן, און ער איז „מקבל את כולם בסבר פנים יפות", און (כמובן פון דעם) ערפילט ער זייערע בקשות.

יב. און דאס איז די ספעציעלע אנ־ווייזונג וואס מ׳נעמט ארויס פון חודש אלול:

אפילו ווען מ׳געפינט זיך אין א וואכעדיקן טאג[55], האט מען זיך ניט וואס צו שרעקן פאר אן עבודה, אפילו פאר דער עבודה פון חודש אלול, אז די איז צו א גרויסע און צו א שווערע —

ווארום זייענדיק א קינד פון דעם מלך, און געפינענדיק זיך צוזאמען מיטן

---

48) ראה יד, א.

49) כש״ט (הוצאת קה״ת) הוספות אות קלג. ושי״נ.

50) ויתירה מזו — ווי א בן יחיד וואס איז געבארן געווארן ביי עלטערן לעת זקנותם, און נאך טייערער (כש״ט שם).

51) דלאו אורחא דמלכא לאשתעי במילין דהדיוטא (לקו״ת שם).

52) ראה לקו״ת שם לב, ג: כי אינו דומה מעלת השר עם היותו בשבי׳ למעלת הדיוט וכו׳.

53) ראה לקו״ת שם: להקביל אור פניו ית׳ כו׳ יאר ה׳ פניו אליך.

54) במשי״נ אם בחוקותי תלכו — לשון תחנונים (ע״ז ה, סע״א). ובפרט בנדו״ד שחודש ושינה ויצא מהיכלו ומעיר כו׳ לשדה ומקבל את כולם וכו׳.

55) ראה לקו״ת שם לב, א. שימי חודש אלול הם „ימות החול" — נתבאר בלקו״ש ח״ד ע׳ 1343.

מלך, און אין אַן אופן אַז דער מלך באַ־וויַיזט „סבר פנים יפות" און „פנים שוחקות", און ערפילט זיַינע בקשות —

איז עס פאַר אים גאָר ניט קיין שווערע עבודה, און ער וועט דאָס זיכער דורכפירן בהצלחה — וואָס דער־פאַר קען ער און טוט די עבודה בשמחה ובטוב לבב.

יג. אין צוגאָב צו דער אַלגעמיינער אָפּלערנונג וואָס מ'לערנט אָפּ פון חודש אלול, איז אויך דאָ אַ ספּעציעלע אָפּ־לערנונג וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם טאָג — ווי געזאָגט פריִער (ס"ח) אַז יעדער טאָג האָט זיַין באַזונדער עבודה.

און די אָפּלערנונג קען מען געפינען אין דעם טעגליכן שיעור חומש וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם טאָג — ווי באַ־וואוסט דער וואָרט פון דעם אַלטן רבי'ן [56] אַז מען דאַרף לעבן מיט דער ציַיט . . מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואָך.

יד. דער שיעור־חומש פון היַינטיקן טאָג (יום רביעי פ' כי תצא) ענדיקט און שליסט זיך מיטן פסוק „מוצא שפתיך תשמור ועשית גו'" — מ'דאַרף אָפּ־היטן און מקיים זיַין דאָס וואָס מ'רעדט אַרויס מיט די ליפּן, וויבאַלד אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט „נדרת לה' אלקיך" [57].

וואָס דער „מוצא שפתיך" פון יעדער אידן, אַפילו גאָר קליינע קינדער, הויבט זיך אָן מיט „מודה אני לפניך כו'" — מיד [58], גלייך ווי ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף זאָגט ער „מודה אני לפניך [59] כו'".

זאָגט מען אים — „מוצא שפתיך תשמור ועשית": במשך פון דעם גאַנצן טאָג דאַרף ער געדיינקען און אָפּהיטן דאָס וואָס ער האָט געזאָגט „מודה אני לפניך כו'", אַזוי אַז דאָס זאָל ווירקן אויף אים אַז במשך פון דעם גאַנצן טאָג [60] זאָל ער זיך פירן ווי עס דאַרף צו זיַין,

און ער ווירקט אויך אויף די וואָס גע־פינען זיך אַרום אים [61], אַז זיי זאָלן אויך געדיינקען דעם „מודה אני לפניך כו'" במשך פון דעם גאַנצן טאָג.

און דאָס וואָס ער געדיינקט דעם „מודה אני לפניך" — גיט אים דעם כח און די שמחה און די הצלחה אַז ער זאָל זיך אויפפירן אין זיַין טאָג טעגליכן לעבן ווי עס דאַרף צו זיַין.

און דורך דער הנהגה איז „כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ה'" [62] — יעדערער וואָס זעט זיי דערקענט אַז זיי זיַינען קינדער וועלכע דער אויבער־שטער בענטשט יעדערן פון זיי, צוזאַמען מיט אַלע אידישע קינדער, אין אַלעם וואָס מ'נויטיקט זיך,

און דורך זיי — בענטשט ער אויך זייערע עלטערן, און דעם גאַנצן אידישן פאָלק, בענטשט בגשמיות וברוחניות גם יחד.

• • •

טו. דאָס וואָס מ'האָט גערעדט פריִער איז די אָפּלערנונג פון חודש אלול און פון יום הרביעי פ' כי תצא [63] יעדן יאָר — מ'דאַרף דאָך אָבער לערנען

(56) היום יום ע' כא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

(57) פרשתנו כג, כד.

(58) ראה לעיל הערה 24.

(59) כנ"ל — „נדרת לה' אלקיך".

(60) הו בבצות ל"ת (תשמור), הז במ"ע (ועשית) — ראה תיב"ע (וצע"ק שתרגם בסדר הפר. ואין לומר שבפרש בבריה (ו, א) — כי לפי"ז חסר תרגום „ועשית").

(61) בעיקר מקיים המ"ע דהוכח תוכיח, ואהבת לרעך כמוך.

(62) ישעי' סא, ט.

(63) שהוא תמיד בחודש אלול.

און נעמען אן אנווייזונג פון אלע איינצלהייטן —

איז אויך דא א ספעציעלע אנווייזונג און אפלערנונג וואס איז פארבונדן מיט דעם איצטיקן יאר און מיט דעם איצטיקן צוזאמענקלייבן זיך פון אידישע מיידעלעך, וואס יעדערע פון זיי האט דעם טיטול „בת שרה רבקה רחל ולאה"[64]:

דער איצטיקער חודש אלול (תשל"ט), וואס דעמולט איז די צוגרייטונג צום נייעם יאר וואס הויבט זיך אן פון ראש[65] השנה — וואס דער ראש השנה, פון דעם קומענדיקן יאר הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה, איז אויסגעטיילט פון א סאך אנדערע יארן, דערמיט וואס ער קומט אין דעם טאג פון שבת.

בנוגע צו דער צוגרייטונג צום שבת'דיקן טאג — איז דא א ספעציעלע שליחות און א ספעציעלע מצוה וואס איז איבערגעגעבן געווארן צו אידישע טעכטער[66], פרויען און מיידעלעך, אפילו קליינע מיידעלעך (שהגיעו לחינוך[67] — ובמילא האבן זיי שוין דעם כח מלמעלה צו ערפילן דעם איבערשטנ'ס שליחות) — די מצוה פון הדלקה בערב שבת פון די נרות שבת קודש[68],

וואס דורך דעם וואס מ'צינדט אן די ליכט בערב[69] שבת — גרייט מען צו דעם שבת'דיקן טאג, אז עס זאל זיין א ליכטיקער שבת.

טז. אין דעם קומענדיקן יאר אז דער ערשטער טאג פון יאר (ראש השנה) איז אין דעם טאג פון שבת (ועונג[70]),

וועט יעדע אידישע מיידעלע אנ־צינדן די ליכט בערב ראש השנה, צו־זאמען מיט אירע שוועסטער און מוטער, צוזאמען מיט אלע אידישע פרויען און טעכטער איבער דער גאנצער וועלט — וועט דאס זיין „נר של שבת ושל יום הזכרון (ווי מ'זאגט[71] אין דער ברכה פון הדלקת הנרות),

און גלייך נאך דערויף וועט זי מאכן די ברכה פון „שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה".

און זיכער האט יעדערע פון אייך אנגעצונדן ליכט יעדן ערב שבת און ערב יו"ט (אין די שבתות וימים טובים וואס זיינען געווען ביז איצטער), און וועט דאס טאן אויך אין די וויטער־דיקע שבתים, אין אן אופן פון „מעלין בקודש"[72] —

אחרי אז ווען עס וועט קומען ערב ראש השנה, וואס ער איז אויך ערב שבת, וועט זי דאס טאן מיט נאכמער שמחה און מיט נאכמער לעבעדי־קייט[73].

---

64) ראה ברכות טז, ב.

65) שהוא ראש לכל האיברים — כל ימות השנה (עס"ר בתחלתו).

66) ב"ר ספי"ז. תנחומא ר"פ נח. ס"פ מצורע.

67) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סשמ"ג ס"ג: ושיעור החינוך במ"ע הוא בכל תינוק לפי חריפותו וידיעתו בכל דבר לפי ענינו כו'.

68) ראה בארוכה — לקו"ש ח"יד ע' 197 ואילך ובהנסמן שם בהע' 11.

69) משא"כ בנרות ר"ה שחל בימות השבוע — שכשלא הדליקה בערב ר"ה — מדליקה בר"ה.

70) וכל מלאכתך עשוי'. — וידועה השקו"ט האם חיוב נש"ק ונר יו"ט שוה, כיון דכמה טעמים דנאמרו בנש"ק אינם שייכים ביו"ט וכו'. וראה נו"ם ח"ז ע' שעח ואילך. ושי"נ.

71) כהוראת ומעשה רב דרבותינו נשיאינו. וראה לקו"ש ח"יד ע' 378.

72) ברכות כח, א. ושי"נ.

73) ראה זח"א מח, ב: ואתתא בעיא בחדוה דלבא ורעותא לאדלקא בוצינא דשבת כו'.

און אזוי ווי דורך דעם וואס מ'צינדט אן ליכט אין ערב שבת און ערב יו"ט, מאכט מען ליכטיק דעם שבת און דעם יו"ט — איז אזוי אויך ווען מ'צינדט אן נרות ראש השנה (דער „קאפ" פון דעם יאר) — מאכט מען ליכטיק דעם גאנצן יאר וואס קומט נאך ראש השנה.

אזוי אז עס וועט זיין נאכמער ליכטי־קער ווי עס איז געווען איידער די קליינע מיידעלע האט אנגעצונדן איר ליכטל, מאכנדיק פריער די ברכה „להדליק נר של שבת ושל יום הזכרון", צוזאמען מיט ברכת „שהחיינו".

ובפרט ווען זי האט אויך מקיים געווען דעם „מנהג ישראל" [74] — געבן צדקה איידער מ'צינדט אן די ליכט [75].

יז. דערביי איז דא א ספעציעלע בקשה צו יעדע אידישע מיידעלע וואס געפינט זיך דא:

יעדערע פון אייך זאל בעטן און באַ־איינפלוסן אירע קרובות און גוטע פריינט און באקאנטע, און דורך זיי אויך אלע אידישע מיידעלעך און אידישע טעכטער און פרויען אין דער גאנצער וועלט — אז זיי זאלן אויך מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נרות שבת ויו"ט,

אנהויבנדיק פון די שבתות פון דעם חודש אלול, און דערנאך בערב ר"ה וואס איז אויך ערב שבת, און אין די שבתות וימים טובים וואס וועלן זיין נאך דערויף,

און סאן דאס מיט נאכמער לעבעדיקייט און מיט נאכמער שמחה, אין אן אופן פון „ישמח ישראל בעושיו".

• • •

יח. מ'האט גערעדט פילע מאל אז „המעשה הוא העיקר" — דארף מען פארבינדן יעדן ענין מיט א מעשה בפועל [76] —

וועלן די מדריכות געבן יעדערע פון אייך צוויי מטבעות (וואס יעדערע איז — פון צוויי): איין מטבע אפגעבן אויף צדקה, און די צווייטע מטבע — טאן מיט איר לויט ווי בא יעדערע פון אייך וועט אויסקומען, אין אן אידישן אופן און אין א הצלחהדיקן אופן,

און מ'וועט אויך געבן יעדערע פון אייך די חוברת וואו ס'איז דא (גע־דרוקט) דאס וואס מ'האט גערעדט פאראיארן [77].

וואס דערפאר וועט מען ניט איבער־חזרן נאכאמאל דאס וואס מ'האט גע־רעדט דאמאלס [נאר — פארשטארקן דעם זכרון דערפון, דורך דעם וואס מ'וועט געבן די חוברת] — מ'וועט נאר דערמאנען די נקודה דערפון:

יעדערע פון אייך זאל מקיים זיין אלע מצוות אין וועלכע זי איז מחוייב, ובמיוחד — די מצוה פון הדלקת נרות

74) קיצור שו"ע סי"ה ס"ב. כף החיים או"ח סרס"ג סקל"ד בתחלתו.

75) מובן ופשוט – שצריך להזהיר וככל הדרוש את הנשים והבנות המדליקות שלא לטלטל ח"ו את קופת הצדקה לאחרי ההדלקה.

ואולי זהו הטעם שלא נתפשט כ"כ מנהג נתינת הצדקה לפני הדה"נ מפני חשש האמור. ומפני גודל ענין השבת הנה גם לספק חששו. ועוד וגו"ז עיקר שהחשש הוא בנוגע לקדושת שבת (ושמירתה) – ותו"ז סתירת מיני' ובי' להכנס לחשש כזה ע"י הוספה במצות נש"ק שכל ענינה קדושת שבת. וצ"ע בכ"ז.

76) להעיר מרמב"ן עה"ת לך יב, ו. וראה לבוש על הרקנטי לך שם. דרשות הר"ן דרוש ב.

77) מספר שלם (פרדס ש"ב).

78) יום ד' פ' ראה, ר"ח מנחם־אב תשל"ח (נדפס בלקו"ש חי"ד ע' 195).

שבת וירט, וואס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אידישע פרויען, טעכטער און — גאָר קליינע מיידעלעך.

און כדי אַז דער קיום המצוה זאָל זיין מיט מער לעבעדיקייט — זאָל יעדערע האָבן אַן אייגענעם לייכטער, און אויך אַן אייגענע צדקה־פושקע.

אין צוגאָב דערצו וואָס זי האָט אַן אייגענעם סידור — ווי גערעדט ביי אַ פריערדיקע געלעגנהייט[79] מער בפרטיות.

גרייטן זיך צום קיום המצוה פון הדלקת נרות שבת קודש — וואָס די צוגרייטונג דערצו הייבט זיך שוין אָן פון מיטוואָך (היינטיקן טאָג), ווי די גמרא[80] זאָגט אַז אָנהויבנדיק פון יום הרביעי — די דריי טעג פאַר שבת ווערן אָנגערופן „קמי שבתא".

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האָט געזאָגט[81] דעם רמז אויף דעם אַז אין דעם „שיר של יום" פון יום הרביעי זאָגט מען „דעם קליינעם לכו נרננה" (די ערשטע דריי פסוקים פון „לכו נרננה") — וואָס דעם גאַנצן מזמור זאָגט מען אין ליל שבת, וואָס אין דעם איז מרומז אַז די צוגרייטונג צו שבת הייבט זיך שוין אָן פון יום הרביעי.

און סאָן די מצוה פון הדלקת נרות שבת קודש — צו וועלכע מ'גרייט זיך צו פון היינט אָן — איז אַן אופן פון „לכו נרננה": לאָמיר אַלע צוזאַמען זינגען און לויבן דעם אויבערשטן — מיט שמחה און פריילעכקייט, וואָס די שמחה וועט צוגעבן נאָכמער הצלחה אין דעם.

• • •

יט. איידער מ'פאַרענדיקט דעם צוזאַמענקלייבן זיך — ווייל מען גאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז מ'זאָל אָנגעמען דעם פעסטן באַשלוס אַז אויך ווען מ'געפינט זיך „בשדה" (אין פעלד) און מ'איז פאַרנומען מיט די אַרבעט וואָס איז דערמיט פאַרבונדן — דאַרף זיין דער „מוצא שפתיך תשמור ועשית":

מ'דאַרף געדיינקען אַז מ'האָט אָנגעהויבן דעם טאָג זאָגנדיק „מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך" — אַז מ'דאַנקט דעם אויבערשטן אויף דעם וואָס ער האָט אומגעקערט די נשמה, וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט „רבה אמונתך"[82].

און כדאי מ'זאָל אויך בלאָזן שופר — לויטן „מנהג ישראל"[83] אַז אין יעדן וואָכעדיקן טאָג פון חודש אלול (ווען דער מלך געפינט זיך בשדה) בלאָזט מען שופר [וואָס דאָס דערמאָנט דעם ענין פון ראש השנה, וואָס „מצות היום בשופר"[84]] — וואָס דאָס ברענגט דעם ענין התשובה[85], און עס דערמאָנט אויך אויף דעם שופר פון מ"ת[86].

79) שיחה לילדי מחנות קיץ שיחיו יום ג' ס' שופטים, ב' אלול תשל"ז ס"ה (לקו"ש שם ע' 279 ואילך).

80) פסחים קו, סע"א. ושי"נ. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ח.

81) היום יום ע' ה ואילך.

82) ראה איכ"ר עה"פ (ג, ח) חדשים לבקרים רבה אמונתך — „על שאתה מחדשנו בכל בקר ובקר אנו יודעין שאמונתך רבה לתחיית המתים".

83) טור או"ח ר"ס תקפא. רמ"א או"ח שם. השלמה לשו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תקפא.

84) ר"ה כו, ב במשנה.

85) כמ"ש (עמוס ג, ו) „אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו". וראה טור שם. השלמה לשו"ע אדה"ז שם.

86) דאי הטעמים שמונה הרס"ג בהענין דתקו"ש דר"ה הוא „להזכירנו מעמד הר סיני. שנאמר בו (יתרו יט, טז) וקול שופר חזק מאד" (הובא באבודרהם במקומו).

איבער־חזר'ן נאכאמאל „ישמח ישראל בעושיו וכו'", און — „כי קרוב אליך הדבר מאד וגו'".

און דערנאך זאל מען מכריז זיין די ברכה וואס איז פארבונדן מיט חודש אלול[87] — „לשנה טובה תכתבי ותחתמי", אז יעדע אידישע מיידעלע, צוזאמען מיט אלע אידישע מיידעלעך, צוזאמען מיט אלע אידישע טעכטער און פרויען, און צוזאמען מיטן גאנצן אידישן פאלק, זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה.

כולל אויך אז נאך ווייענדיק אין די טעג פון דעם יאר וואס גייט אוועק, זאל מען זען ווי דער גאנצער אידישער פאלק איז אין אן אופן פון שלימות — „שלימות העם",

צוזאמען מיט „שלימות התורה" — אז מ'פירט זיך ע"פ התורה ווי ז' איז בשלימותה, מיט אלע אירע איינצל־הייטן,

און דאס ברענגט אויך „שלימות הארץ" — אז גאנץ ארץ ישראל איז גאנץ און אידיש, און אינגאנצן — מיט אלע אירע טיילן געהערט זי צום גאנצן אידישן פאלק, וואס פירט זיך לויט דער גאנצער תורה.

און דאס העלפט זיין די צוגרייטונג צו דער גאולה האמיתית והשלימה, דורך משיח צדקנו, בקרוב ממש.

און מ'זאל אויך מכריז זיין „לשנה הבאה בירושלים" — דורך דעם[88] וואס משיח צדקנו וועט קומען גאר איינגיכן, וועט מען זיין „לשנה הבאה [שנה השביעית, א שבת'דיקער יאר, „שבת לה'"[89]] בירושלים", במהרה בימינו ממש.

• • •

כ. תקעו — תשר"ת תש"ת תר"ת.

אמרו (עוה"פ): „ישמח ישראל בעושיו.. בתחתונים", „כי קרוב אליך הדבר מאד.. לעשותו".

ואח"כ — „לשנה טובה תכתבי ותחתמי", „לשנה הבאה בירושלים".

כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להמדריכות תי' חוברות דהשיחה ומכבעות, ובקש שיחלקו לבאו"א מהילדות תי': חוברת השיחה (להתלמידות דמחנה קיץ „אמונה" תי' דיום ד' פ' ראה, ז"ך מנחם־אב תשל"ח (בתרגום אנגלי)), ושתי מטבעות של עשר סענט: א' לתת לצדקה, והב' — לעשות בה כטוב בעיניהן. וכן עשו.

---

87) ראה לעיל הערה 40.

88) ראה פתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר בלקו"ש ח"ב ע' 543.

89) בהר כה, ב.

בס"ד. שיחת אור ליום ב' פ' נצבים-וילך, ח"י אלול ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות פון ח"י אלול (וואס דאס איז די איצטיקע התוועדות) איז פארבונדן מיטן יום הולדת פון שני המאורות הגדולים, דער בעש"ט און דער אלטער רבי (בלשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[1]).

ובפרט אז די התוועדות קומט פאר אין א ביהכ"נ און א ביהמ"ד - וואס ענינם פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן איז פארבונדן במיוחד מיט די צוויי ענינים פון ביהכ"נ און ביהמ"ד - דער ענין פון עבודת התפלה (עיקר הענין פון ביהכ"נ[2]), און דער ענין פון לימוד התורה (עיקר הענין פון בית המדרש[3]):

נאך איידער דער בעש"ט איז נתגלה געווארן, איז שוין ביי אים געווען בגלוי דער ענין פון לימוד התורה, אנהויבנדיק פון התחלת הלימוד - דער לימוד פון אל"ף בי"ת מיט תשב"ר (אלס א באהעלפער), כידוע סיפורי רבותינו נשיאינו בזה[4].

ועד"ז איז אויך בנוגע צום אלטן רבי'ן, אז נאך איידער ער איז נתגלה געווארן אלס נשיא הדור, בחייו פון דעם מגיד וואס דעמולט איז געווען דעם מגיד'ס נשיאות, וכידוע[5] וואס מ'האט געזאגט אז "דבר אחד לדור ואין שני דברין לדור"[6], האט ער שוין געהאט "חדרים" אויף דעם ענין פון לימוד התורה[7].

ב. אין די "חדרים" פון דעם אלטן רבי'ן זיינען געווען כמה דרגות פון "חדרים" (דריי "חדרים") - וואס דאס איז מדגיש דעם ענין פון הפצת התורה:

דער ענין פון לימוד התורה דארף זיין ניט נאר ווען מ'האלט אין תכלית השלימות בא וועלכע עס האלט שוין דער רב, און אפילו ניט נאר ווען מ'האלט אין תכלית השלימות וואס קען זיין בא דעם תלמיד, ד.ה. אז ער וועט זיך אויסקלייבן די תלמידים הכי מצויינים והכי טובים און מיט זיי וועט ער לערנען תורה -

נאר דער לימוד התורה דארף זיין אין וועלכע דרגא

- מ'זאל -

------------

1) סה"ש תש"ג ע' 141 ואילך. 2) ראה ברכות ו, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ס"ד סי"ח (ס"י). 3) ראה ברכות ח, א. 4) סה"ש תש"א ע' 32. תש"ד ע' 163. סה"מ תש"ט ע' 87. 5) ראה לקו"ש ח"ה ע' 373 ואילך. 6) סנהדרין ח, א. פרש"י עה"פ פרשתנו (וילך) לא, ז. 7) לקו"ד כרך א כט, ב. התמים חוברת ב ע' נב.

מ'זאל זיך נאר געפינען - וואס דערפאר זיינען געווען כמה "חדרים", אויף צו באווייזן אז דער לימוד התורה דארף זיין בא יעדערן לפי ערכו.

ג. אע"פ אז לימוד התורה איז אן ענין אין וועלכן עס כוז זיין שלימות, ווארום דער ענין התורה איז די שלימות פון כל העולם און כל סדר השתלשלות (ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית"[8]) - איז אבער די שלימות אין יעדער דרגא לפי ענינה.

וכמדובר כמ"פ אז שלימות לימוד התורה פון תשב"ר באשטייט ניט אין דעם וואס זיי דארפן פארשטיין די ענינים פון תושבע"פ מיט אלע מפרשים - נאר זייער שלימות אין לימוד התורה איז, ווען זיי פארשטייען דאס וואס זיי קענען און זיינען שייך צו פארשטיין.

ווען עס רעדט זיך וועגן א תינוק בן חמש - איז הכלית השלימות אין זיין לימוד התורה, ווען ער לערנט מקרא לויט דער שלימות פון פשוטו של מקרא.

וואס אע"פ אז נוסף צום לימוד פון פשש"מ דארף מען אויך האבן די אנדערע אופנים פון לימוד המקרא, ביז אז עס זיינען דא מקראות וואס "הלכה עוקבת מקרא"[9] - אעפ"כ, ווען ער איז א בן חמש, איז שלימות הלימוד שלו ווען ער לערנט נאר פשש"מ, ווארום ער איז נאך ניט צוגעקומען צו לימוד המשנה, און אויך ביי אים דארף זיין די שלימות אין לימוד התורה.

ד. און דאס גיט די הסברה כללית אז מ'זאל האבן אין זיך די שטארקייט אויף צו אנגיין מיט כללות הענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי':

עס איז דאך ידוע איניש בנפשי' אז אפילו אויב ביי אים וועט זיין דער "יגעתי" כדבעי, וואס דעמולט האט ער די הבטחה אז עס וועט זיין "מצאתי"[10], איך אן אופן פון מציאה, שלא בערך לגבי זיין יגיעה[11] - איז עס נאך אלץ שלא בערך לגבי תורתו של משיח, כמרז"ל[12] "התורה שאדם לומד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח".

און אעפ"כ, איז ניט נאר וואס מ'זאגט אים אז ער דארף

- לערנען -

------------

8) פרש"י ר"פ בראשית. 9) סיטה טז, א. 10) מגילה ו, ב.
11) ראה לקו"ש ח"ב ע' 518. ח"ד ע' 1127. 1165. ועוד.
12) קה"ר פי"א, ח. וראה גם שם פ"ב, א.

לערנען תורה, און דארף מאכן ברכת התורה בשם ומלכות, און דארף דאס טאן בשמחה, און ער דארף פסק'נען א הלכה לפי הבנתו והשגתו - נאר מ'זאגט אים אז זיין פס"ד איז נכלל אין דעם וואס "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני"[13].

עס רעדט זיך וועגן א בו"ד (ניט וועגן מלאכי השרת), א "תלמיד ותיק" וואס געפינט זיך אין זמן הגלות, און אין די דורות האחרונים, וואס "אם הראשונים כמלאכים אנו בנ"א כו'"[14], און דערנאך ביז דאס דרגא אחר דרגא למטה מטה -

איז היתכן צו זאגן אז זיין פס"ד איז "ניתן למשה מסיני", בשעת אז תורה אליין זאגט אז "הבל היא לפני תורתו של משיח"?!

איז דער ביאור בזה - אז אין דעם זמן און אין דעם מקום, אין דעם עולם שנה ונפש, איז עס תכלית השלימות וואס קען זיין אין דעם.

וואס די הסברה בזה איז - אז דער אויבערשטער זאגט אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[15], דער אויבערשטער מאנט ביי א אידן נאר לפ"ע דעם כח וואס ער האט אים געגעבן.

דאס דארף טאקע זיין אין אן אופן פון "מאד", למעלה ממדידה והגבלה[16], דאס איז אבער "מאדך - מאד שלך"[17], ביז אז אפילו בזמנו ובמקומו קען זיין א איד וואס ביי אים איז דער אופן העבודה אן ענין פון מדידה והגבלה (און ביי יענעם מאנט מען טאקע די שלימות וואס איז לפי כחו) - נאר אזוי אז ביי אים איז עס אן ענין פון "מאד", ווערט דאס דער כלי וואס איז מעורר און ממשיך דעם "מאד" שלמעלה, דער "מאד" האמיתי, תכלית השלימות.

ה. און דאס איז אויך די הסברה אויף דעם כללות ענין הקרבנות:

אע"פ אז הקרבת הקרבנות איז אן אופן פון "כמצות רצונך" וועט ערשט זיין לע"ל, ווען עס וועט זיין די שלימות פון האדם, שלימות בן החי, שלימות פון הצומח און שלימות פון הדומם[18],

- במדובר -

------------

13) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 14) ראה שבת קיב, ב. תוד"ה ר"נ - שבת יב, ב. תוד"ה צדיקים - חולין ה, ב. ועוד. 15) במדב"ר פי"ב, ג. 16) תו"א מקץ לט, ג. דרכ"צ קכג, ב. קס, ב ואילך. ובכ"מ. 17) שם. וראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד. וש"נ. 18) ראה תו"ח ויחי צה, א. צו. ג-ד. ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. ובכ"מ.

במדובר ככ"פ בארוכה אז יעדער קרבן האט געהאט אין זיך די אלע פיר סוגים פון דומם צומח חי און מדבר[19].

זאגט מען אבער אז ווען א איד האט מקריב געווען א קרבן בזמן שביהמ"ק הי' קיים, האט ער מקיים געווען די מצוה בתכלית השלימות.

און נים נאר אין ביהמ"ק הראשון, נאר אויך אין ביהמ"ק השני, וואס דעמולט איז געווען דער "ואכבד"[20] חסר ה"א. דערפאר וואס עס האבן געפעלט חמשה דברים עיקריים[21],

און אפילו אין סוף הזמן פון ביהמ"ק השני, נאך די הסתלקות פון שמעון הצדיק כה"ג, וואס דעמולט האט געפעלט אין דער שלימות פון בית המקדש השני גופא[22] –

זאגט מען אבער אז בשעת א איד האט דעמולט מקריב געווען א קרבן, איז עס געווען "ריח ניחוח לה'", "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[23], ד.ה. אז "הורה אמה" זאגט אז דער אויבערשטער (וואס "אמיתי הוא"[24]) זאגט אז "אמרתי ונעשה רצוני".

וואס די הסברה בזה איז – אז דער אויבערשטער מאנט בא יעדערן נאר לפי כחו, כנ"ל.

ד. און דאס איז אויך די הסברה אויף מילוה הענין פון ח"י אלול:

מ'האט גערעדט בארוכה אין א פריערדיקע התוועדות[25] אז לכאורה איז דא א שאלה און א תמיהה בנוגע צו מילוה הענין פון ח"י אלול:

ח"י אלול איז מאקע דער יום ההולדה פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, און מ'האט טאקע די הבטחה פון תורה וואס שטייט אין כתבי האריז"ל[26] אויפן פסוק[27] "והימים האלה נזכרים ונעשים", אז בשעת עס ווערט דער "נזכרים" כדבעי, מ'דערמאנט דאס מיט פנימיות הלב, מיט אן אמת'ן טרייסל. ווערט דער "נעשים", אז עס ווערן נמשך די אלע המשכות ווי מ'איז געווען צום ערשטן מאל. און מיט א הוספה בזה. וויבאלד אז "מעלין בקודש"[28] –

– עס –

------------

19) ראה לקו"ת שלח מ. רית ע"ב ואילך. מא, ב. 20) לי הכתוב – חגי א, ח. 21) יומא כא, ב. 22) שם לט, ב. 23) פינחס כח, ח. ספרי ופרש"י עה"פ. 24) יומא סט, א. 25) שיחת ח"י אלול תשל"ג ואילך. 26) הב"ד בספר היכל שובבים. הובא ונתבאר בספר רב דוד להחיד"א בכ"מ 27) אסתר ט, כח. 28) ברכות כח, א. וש"נ.

הנחה הת' בלתי מוגה

עס בלייבט נאך אבער די שאלה: עס דארף דאך זיין א כלי מתאים צו דער המשכה והשפעה וואס ווערט נמשך מלמעלה (דער "נעשים") - איז ווי אזוי ווערט מען א כלי אויף צו מקבל זיין די ענינים וועלכע זיינען פארבונדן מיטן יום ההולדה פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן?!

עס רעדט זיך דאך וועגן דעם בעש"ט, וכידוע דאס וואס ר מענדלע הוראדאקער האט געשריבן[29] אויפן בעש"ט אז "אחד הי' כו'" - וואס דאס איז געזאגט געווארן ביחס צום מגיד ותלמידיו, ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך ביחס די דורות שלאח"ז,

ועד"ז בנוגע צום אלטן רבי'ן - כידוע דער גודל ההפלאה פון דעם אלטן רבי'ן, ווי עס ווערט דערציילט אין די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[30] אז דער בעש"ט האט געזאגט אז די נשמה פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען א נשמה חדשה, און בנוגע צו זיין נאמען "שניאור" האט ער געזאגט אז דאס איז "שני אור"[31], אז ער וועט באלייכטן די וועלט מיט די צוויי ליכטיקייטן פון תורת הנגלה און תורת הנסתר[32] -

און אעפ"כ, ווען עס קומט זייער יום הולדת, וואס דעמולט איז "מזלו גובר"[33], קלייבט מען זיך צוזאמען, און מ'זאגט איבער א וואָרט מהורתם ומהורת מכלאי מקומם - און דעמולט איז ניט נאר אז עס ווערט דער "נזכרים ונעשים", נאר מ'ווערט אויך א כלי מתאים צו מקבל זיין די אלע ענינים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן. אזוי אז דאס פועל'ט אין דעם מקבל און שומע.

איז דער ביאור בזה - אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן", איז בשעה ער טוט את התלוי בו, און אין אן אופן פון "בכל מאדך", נעמט ער דעמולט דעם "מאד" שלמעלה.

ז. און דאס פועל'ט אויף אים ניט נאר בדרך מקיף, נאר ווי תורת החסידות מאנט אז יעדער זאך דארף אראפקומען באופן פנימי - פועל'ט דאס אויף אים באופן פנימי, ביז באופן פנימי ממש.

וואס אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן תורת הבעש"ט, איז אויך פשוט ומובן פון כמה וכמה מקומות אז דאס דארף

- אראפקומען -

------------

29) באגרת שלו - נדפסה בספרו פרי הארץ (זיטאמיר תרכ"ז ע' 60. ווארשא הרל"ט ע' 54). 30) סה"ש תש"ה ע' 127 ואילך. 31) ראה יש"פ לג'יסין פ"ד סכ"ו. וראה בארוכה לקו"ש ח"ו ע' 37. 32) ספר התולדות אדה"ז ס"ע ו. וראה בית רבי ח"א פכ"ה הע' י (סג, ב). לקו"ד כרך א פג, א. 33) קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח.



הנחה הה' בלתי מוגה

אראפקומען באופן פנימי (און ניט נאר באופן מקיף), ועאכו"כ לויט ווי עס קומט אראפ אין תורת חסידות חב"ד, ווי רבותינו נשיאינו זיינען מבאר[34] אז אין יעדער ענין דארף זיין א "בכן",

און ס'איז ניט מספיק אז דער "בכן" זאל זיין אין חב"ד שבנפש און אין חג"ת שבנפש, נאר עס דארף דערלאנגען און פועל'ן אפילו אין נה"י שבנפש (אין די דרגות הכי תחתונות שבנפש), אזוי אז ס'זאל דורכנעמען אינגאנצן כל כחות נפשו, כולל אויך די לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "יתפרנסון"[35], וואס דער פירוש בזה איז[36] אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה, ביז אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל.

און דאס ווערט געטאן מתוך חיות, וואס דאס איז דער ענין פון ח"י אלול[37], ומתוך שמחה וטוב לבב.

ח. און דאס ווערט די הכנה והקדמה קרובה צו דער עבודה פון חודש תשרי,

כמאמר רבותינו נשיאינו[38] אז ח"י אלול איז דער טאג (פון די י"ב ימים) וואס איז מתקן און משלים (ביז אין תכלית השלימות) די עבודה פון דעם פארגאנגענעם חודש תשרי (פון שנת תשל"ט),

און דאס ווערט די הכנה קרובה צו דער עבודה פון חודש תשרי פון שנת תש"מ, וואס זי איז די שנה השביעיה, שנת השמיטה, "שבת לה'"[39].

ובקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום קיום היעוד "הקיצו ורננו שוכני עפר"[40], והם בתוכם, און לערנען תורהם מפיהם, צוזאמען מיט תורת משיח צדקנו, בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

ט. מ'האט גערעדט פריער וועגן די צוויי ענינים פון ביהכ"נ און ביהמ"ד - דער ענין התפלה און דער ענין התורה.

וואס דאס איז מתאים דערמיט וואס די רביים זיינען מדגיש כו"כ פעמים[41] אז א איד דארף זיין א כהלך (א גייענ-דיקער), ד.ה. אז אפילו ווען ער איז שוין בתכלית השלימות,

- זאל -

---

34) ראה סה"מ ת"ש ע' יא. תש"א ע' 69. תש"ט ע' 189.
35) ל' התקו"ז ת"ו בסופו. 36) ראה הקדמה מק"מ לזהר. כס"פ לתקו"ז שם. 37) ראה לקו"ד שם לד. א. כרך ג תעג, ב.
38) סה"ש תש"ג ע' 177. 39) בהר כה, ב. 40) ישעי' כו, יט.
41) ראה לקו"ת ר"פ בחוקותי. ובכ"מ.

זאל ער אלץ ניט בלייבן שטיין אין זיין בעמד ובמב, נאר ער זאל גיין ווייטער,

ווארום וויבאלד אז נאך דעם וואס ער איז צוגעקומען צו תכלית השלימות האט אים דער אויבערשטער געגעבן אריכות ימים ושנים טובות - איז א זיכערע זאך אז מ׳האט אים געגעבן דעם כח צו ממלא זיין דעם אויבערשטן׳ס ציווי אז "מעלין בקודש", וואס אלעמאל קען ער דערגרייכן צו א גדעסערע שלימות, און דערפאר דארף ער שטענדיק זיין א מהלך.

און דערפאר ווערן אידן (וואס "עמך כולם צדיקים"[42]) אנגערופן בשם "מהלכים", ווי עס שטייט[43] "ונתתי לך מהלכים בין העומדים האלה" - וויבאלד אז אידן דארפן האלטן אין איין גיין.

וואס אין כללות ענין ההליכה זיינען דא צוויי אופני הילוך ("והתהלכתי"[44]) - דער הילוך מלמטה למעלה, און דער הילוך מלמעלה למטה[45], וואס דאס זיינען די צוויי ענינים פון תפלה און תורה (כדלקמן).

י. דער ביאור אין דעם:

דער ענין התפלה איז - "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[46], ער הויבט אן פון "מודה אני", און "הודו לה׳ קראו בשמו" (דער ענין פון הודאה), ביז אז ער קומט צו "השמימה", וואס דאס איז אין תפלת שמו"ע, וואס דערבולט שטייט ער "בעבדא קמי מרי׳"[47], וואס דאס איז די הליכה מלמטה למעלה[48].

און דער ענין פון תורה איז - די הליכה מלמעלה למטה[49], וואדום אויף תורה שטייט[50] "הלא כה דברי כאש", און עס שטייט[51] "מן השמים השמיעך את קולו", און "משם נסעה וירדה בו׳ עד שנתלבשה . . בצרופי אותיות גשמיות בדיו על הקלף", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[52].

וואס דאס איז דאך אן ענין פון הליכה מלמעלה למטה - "מן השמים", פון דעם אויבערשטן, וואס "הוא וחכמתו אחד"[53], ביז אז עס קומט אראפ למטה מטה, ביז צו א תינוק וואס הויבט אן לערנען די אותיות פון תורה -

- ווי -

---

42) ישעי׳ ס, כא. 43) זכרי׳ ג, ז. לקו"ת שם. 44) ל׳ הכתוב - בחוקותי כו, יב. 45) ראה אוה"ת בחוקותי ע׳ תרנב. תרעא. סה"מ תרכ"ט ריש ע׳ קעז. ועוד. 46) ויצא כח, יב. זח"א רסו, ב. ח"ב שו, ב. תקו"ז תמ"ה. 47) שבת י, א. וראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צה. 48) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שיח, סע"ב ואילך. תש"ח ע׳ 80. 49) ראה סה"מ תש"י שם. 50) ירמי׳ כג, כט. וראה ברכות כב, א. 51) ואתחנן ד, לו. 52) פ"ד. 53) תניא רפ"ב.

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין הל׳ ת"ת[54] אז התחלת הלימוד ("משיתחיל לדבר"[55]) איז אז "מלמדו אותיות התורה" און "הקריאה בנקודות וטעמים כו׳" - קומט דאס אראפ למטה מטה, צו א תינוק וואס הויבט אן לערנען אל"ף בי"ת.

ובפרט לויט ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[56] אז דער ענין פון אותיות איז "למעלה מהשכל המושג ורובן אלא משכל הנעלם וקדמות השכל שבנפש המדברת" -

וואס וויבאלד אז אזוי איז דאס למטה דערפאר וואס "נשתלשלו מהן"[57], און אזוי איז דאס למעלה - איז פארשטאנדיק, אז אין דעם לימוד האותיות וואס מ׳לערנט מיט א תינוק, איז נאכמער מודגש דער ענין ההליכה מלמעלה למטה, נאכמער ווי דאס איז אין דעם לימוד פון רזין דרזין - וויבאלד אז די אותיות נעמען זיך פון "שכל הנעלם וקדמות השכל". און פון דארטן קומט דאס אראפ למטה מטה.

וואס דאס איז דער צווייטער ענין וואס איז דא אין דעם "סולם" (נוסף אויף דעם ענין התפלה, די הליכה מלמטה למעלה) - ווי עס שטייט אין מדרש[58] אז "סולם" זה "סיני", אותיות דדין הוא אותיות דדין" וואס דאס איז דער ענין פון תורה - די הליכה מלמעלה למטה.

און דאס זיינען די צוויי ענינים וואס זיינען דא אין דעם "סולם" - "עולים ויורדים בו": דער הילוך מלמטה למעלה, און דער הילוך מלמעלה למטה.

יא. אין דעם גופא איז אבער דא ווי די צוויי ענינים ווערן פאנאנדערגעטיילט אויף דריי ענינים - די ג׳ קוין אויף וועלכע "העולם עומד"[59] און "העולם קיים"[60], דער "עולם קטן זה האדם"[61], דער עולם בכללותו, און גאנץ סדר השתלשלות - וואס דעמולט קומט אויך צו דער ענין פון "גמילות חסדים". נוסף אויף די צוויי ענינים פון "תורה" און "עבודה" (תפלה).

ד.ה. אז ווען מ׳רעדט וועגן "תורה" און "עבודה" ניט אלס ענינים של הליכה, נאר אלס "עמודים" אויף וועלכע "העולם עומד" - זיינען דא דריי עמודים און קוין, דער מספר פון שלשה דוקא, וואס דאס איז דער ענין פון עולם התיקון, כמבואר בארוכה בכ"מ[62].

- יב. -

---

54) בתחלתו. 55) הל׳ ת"ת שם. וראה ספרי ופרש"י עה"פ עקב יא, יט. סוכה כב, א. 56) ס"ה (קז, ריש ע"ב). 57) תניא רפ"ג. 58) ב"ר פס"ח, יב. הובא בכה"כ הש"ח שם. 59) אבות פ"א מ"ב. 60) שם בי"ח. 61) ראה תנחומא פקודי ג תקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו (ק, ב. קא, א). 62) הו"א וישלה כד, ד. תו"ח וישלח נא, ג ואילך. ובכ"מ.

יב. און וויבאלד אז אין חודש אלול דארף זיין דער תיקון והשלמה פון כל השנה כולה, ובפרט אנהויבנדיק פון ח"י אלול, וואס דעמולט איז דער תיקון והשלמה פון חודש תשרי פון שנת תשל"ס,

איז דעמולט איז אויך די הכנה צום קומענדיקן ר"ה, דער יום שבו נברא העולם[63], וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין פון ברה"ע פון-דאס-נייי, ביז ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[64] אז בכל ר"ה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה",

וואס די הכנה לזה ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מ׳שטעלט אוועק די וועלט אז זי זאל זיין בתכלית השלימות, לויט דער שלימות פון שנת תשל"ס, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה אין די שלשה קוין שעליהם "העולם עומד" און "העולם קיים" -

איז פארשטאנדיק אז אין דער עבודה פון חודש אלול דארף זיין א הדגשה מיוחדת אויף די דריי קוין שעליהם "העולם עומד" - ווארום די עבודה פון חודש אלול איז צו פארריכטן די גאנצע וועלט, און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מ׳פארריכט די זאכן אויף וועלכע די וועלט שטייט און האלט זיך אויף.

יג. און דאס איז וואס מ׳האט שוין גערעדט כמ"פ (און שוין אויך געדרוקט[65]) אז אין חודש אלול זיינען מרומז די ר"ת פון אלע ג׳ קוין שעליהם העולם עומד:

"אלול" איז ר"ת[66] "אנה לידו ושמתי לך"[67], וואס דאס איז דער קו פון תורה, וואס "דברי תורה קולטין"[68].

"אלול" איז ר"ת[69] "אני לדודי ודודי לי"[70], וואס דאס איז דער ענין פון תפלה, וויבאלד אז דער ענין התפלה איז דער קישור והיבור פון אידן מיטן אויבערשטן, ווארום "תפלה הוא ל׳ היבור כמו נפתולי[71] אלקים נפתלתי"[72] - "אני לדודי", און "תפלות כנגד תמידין תקנום"[73], דער קו פון עבודה.

און "אלול" איז ר"ת[74] "איש לרעהו ומתנות לאביונים"[75], וואס דאס איז דער קו פון גמ"ח.

- און -

------------

63) ר"ה י, ב. 64) סו"ס יד. 65) לקו"ש ח"ס ע׳ 297 ואילך. ועוד. 66) ל"ת ושעה"פ להאריז"ל עה"פ משפטים כא, יג. פע"ח שער ר"ה פ"א. 67) משפטים שם. 68) מכות י, א. 69) אבודרהם סדר הפלת ר"ה. פע"ח שם. שעה"פ עה"פ שה"ש ו, ג. 70) שה"ש שם. 71) ויצא ל, ח. 72) תו"א תרומה עט, סע"ד. וראה גם פרש"י עה"פ. סה"מ תש"ט ע׳ 17 ובהע׳ שם. 73) ברכות כו, ב. 74) ספר ערוגת הבושם בשם ר׳ אברכל. 75) אסתר ט, כב.

און וויבאלד אז די אלע ענינים דארפן געסאן ווערן בשלימות, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין התשובה. וואס דורך דעם ענין התשובה ווערן די כעסים "טובים ומאירים"[76] -

געפינט מען אויך אז "אלול" איז ר"ת[77] "(ומל ה׳ אלקיך) את לבבך ואת לבב (זרעך)"[78], וואס דאס איז דער כלליות ענין התשובה, ווארום דער ענין פון תשובה באווייזט אז ביז איצטער איז מען ניט געווען אין דעם כעכד וכצב פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[79] (וואס דעדפאר דארף מען זיך אומקערן), וויבאלד אז ס׳איז געווען א העלם והסתר וואס ווערט אנגערופן בשם "ערלה", און אויף דערויף זאגט מען אז "ומל ה׳ אלקיך את לבבך ואת לבב זרעך" - וואס דורך דעם ווערן אלע קוין אין אן אופן פון "טובים וכאירים".

יד. עס בלייבט נאך אבער אלץ א שאלה:

וויבאלד אז מ׳ווייסט אז די שליכות הנ"ל קוכט ניט צו דער שלימות וואס וועט זיין לע"ל, און די שליכוה איז מערניט ווי לויט דעם איצטיקן כעכד וכצב (וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן") - איז ווי קען מען פילן אז דאס איז אן ענין פון שלימות, ווען ס׳איז דא די ידיעה אז עס קומט גאר ניט צו דער שלימות דלע"ל - די ידיעה אליין איז דאך מבלבל צום הרגש אז דאס איז אן ענין פון שליכוה?!

איז דא אויף רעם די עצה היעוצה אין תורת הבעש"ט[80] אז "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא":

בשעת ער וועט טראכטן בנוגע צו תורהו של כשית, און בנוגע צום כללות המעמד ומצב וואס וועט זיין בביאה הבעיה. און די מחשבה וועט זיין אן <u>אמת׳ע</u>, עס וועט זיין אין אן אופן פון תשוקה ותפץ ורצון (מיט אלע תכעה לקוגוה וואס מ׳זאגט בנוגע לעגינים כאלו[81]) אז ער <u>וויל</u> שטיין אין דעם מעמד ומצב -

זאגט מען אז "שם הוא נמצא": זייענדיק אין דעם איצטיקן מעמד ומצב, שטייט ער שוין אין דעם מעמד וכצב פון דער שלימות וואס וועט זיין לע"ל, וויבאלד אז אין דעם כעבד ומצב געפינט זיך זיין מחשבה ורצון.

וואס דאס איז אויך וואס דער ר"ה פון "אלול" איז

- "אשירה -

------------

76) לקו"ת שמע"צ פה, א. 77) בעה"כ עה"פ נצבים ל, ו. ב"ת או"ת סתקפ"א ד"ה והעבירו. 78) נצבים שם. 79) קהלת יב, ז. וראה לקו"ת ר"פ האזינו. 80) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לת ובהנסמן שם. 81) ראה ב"ר פ"ב, ז.

"לה׳ ויאמרו לאמר אשירה"[82] - וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער שירה דלע"ל, כמרז"ל[83] "שר לא נאמר אלא ישיר", לשון עתיד, וואס דאס גייט אויף דער שירה העשירית[84] וואס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו (ווי דערמאנט אויך אין דער פריערדיקער התוועדות[85]).

סו. און די אלע ר"ת׳ן האמורים לעיל שטייען אין דעם זעלבן ווארט - "אלול", וואס אין דערויף באשטייט כללות העבודה פון חודש אלול, אנהויבנדיק פון ר"ח אלול, און נאך פריער - פון שבת מברכים חודש אלול,

ובפרט פון ח"י אלול אן - לויטן פירוש פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[85*] אז ח"י אלול ברענגט אריין א חיות אין אלע ענינים פון חודש אלול.

וכן תהי׳ לנו - אז דורך דער מחשבה (אין אן אופן פון תשוקה וחפץ ורצון) אין די ענינים דלע"ל, צוזאמען מיטן טאן בשלימות לויט די כחות וואס מ׳האט אים געגעבן - וועט מען זוכה זיין בקרוב ממש צום "לה׳ ויאמרו לאמר אשירה",

און "אהרן ומשה עמהם"[86], און דער בעש"ט מיטן אלטן רבי׳ן עמהם - בקרוב ממש.

* * *

סז. מ׳האט דערמאנט פריער (ס"ז) דאס וואס רבותינו נשיאינו זיינען מדגיש אז פון יעדער ענין דארף זיין א "בכן", וואס באמת איז עס א "דבר משנה" - "לא המדרש עיקר אלא המעשה"[87].

ונוסף לזה: די בחינה צי די ענינים שלפנ"ז זיינען געווען כדבעי למהוי איז - ווען עס קומט אראפ אין דעם "בכן".

ועד"ז בנוגע לעניננו - אז מ׳דארף פארבינדן דאס וואס מ׳האט גערעדט פריער מיט א "בכן" וואס איז נוגע למעשה בפועל.

יז. מ׳האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[88] (און אויך אין די פריערדיקע יארן[89]) אז ע"ד ווי ס׳איז דא דער ענין פון "מעות חטים" קודם חגה"פ[90], אזוי דארף אויך זיין פאר ר"ה, וואס דעמולט איז דא דער ציווי[91] "אכלו משמנים

- ושתו -

------------

82) בשלח טו, א. פע"ח שער ר"ה פ"א. 83) סנהדרין צא, ב. מכילתא עה"פ. 84) מכילתא שם. 85) שיחת מוצאי ש"פ ראה, מבה"ח אלול ס"ד-ה. 86) יומא ה, ב. וראה תור"ה אחד - פסחים קיד, ב. 87) אבות פ"א מי"ז. 88) שיחה הנ"ל סל"ו. 89) לקו"ש חי"ד ע׳ 369 ואילך. 90) רמ"א או"ח ר"ס תכט. שו"ע אדה"ז שם ס"ה. 91) נחמי׳ ח, י. ב"י (ושו"ע אדה"ז) או"ח סתקפ"ג (ס"ד).

הנחת הת׳ בלתי מוגה

ושתו ממתקים", ווי רעך פר"ח[92] זאגט "ונוהג אני לשלוח כנוה לעניים ערב ר"ה כו׳".

און מ׳האט גערעדט אז מ׳דארף אנהויבן טאן אין שלשים יום קודם ר"ה, אזוי ווי מ׳געפינט בנוגע צו חגה"פ אז שלשים יום קודם החג דארף מען שוין טאן אין עניני החג.

עס ווייזט אבער אויס אז וויבאלד מ׳האט ניט אייסגע-טייטשט אז דאס האט א שייכות צו פב"פ, איז עס גלייך געווארן א "קדירא דבי שותפי"[93]!

מ׳האט פארשריבן אז עס האט זיך גערעדט וועגן דעם עניין. און מ׳האט דאס ארייגעלייגט אין דער פאליצע צוזאמען מיט די אנדערע רשימות, ובמשך הזמן איז כאילו ווי מ׳האט געמאכט אויף דעם צוויי רוקן׳ס (כידוע דער סיפור וועגן א ביכל חסידות וואס איז געווען מיט צוויי רוקן׳ס).

וואס בפשטות מיינט דער עניין פון צוויי רוקן׳ס - אז דאס איז "עורף ולא פנים"[94]: בשעה ס׳איז דא איין רוקן, איז דא פון דער צווייטער זייט א "פנים", ווען ער מאכט אבער רוקן׳ס פון ביידע זייטן, איז ניטא קיין "פנים", עס בלייבט מערניט ווי רוקן!

און דעמולט ווערט די שאלה: היתכן צונעמען ביי אידן די צייט וואס זיי האבן געקענט זיצן און לערנען, און רעדן מיט זיי אן עניין וואס קומט ניט ארויס בפועל, וואס דעמולט איז עס "דברים בטלים" (ככדובר כמ"פ)?!

וואס אע"פ אז ס׳איז ניטא קיין ברירה און מ׳מוז דאס טאן, ווארום ס׳איז דא דער ציווי אז בשעת מ׳רעכנט אז ע"פ שו"ע דארף א צווייטער איד טאן א געוויסע זאך, און דאס איז טובתו בזה ובבא, האט מען ניט קיין רשות צו מעלים זיין דאס פון אים -

איז מען דאך אבער ניט מחוייב צו זיין דער "שליח ציבור" פאר יעדערן און פאר אלעמען, און ניט לאזן יעדערן שלאפן - וויבאלד אז מ׳זעט אז ס׳איז "ושכבת וערבה שנתך"[95], ער שלאפט און "באסמאקעוועט" זיך דערפון וואס ער שלאפט געשמאק, איז וואס דארף מען שטערן א הענוג פון א אידן!

[וכידוע דער סיפור[96] אז ד"ש מונקעט האט געזאגט צום אלטן רבי׳ן (וואס היינט איז זיין יום הולדה): זייט איר א רבי, ווערט די זאך זיין כדבעי, און טאמער ניט - איז ווי נעמט איר דאס צו א תענוג בא כו"כ אידן?!].

- און -

------------

92) סו"ס תקפא. 93) עירובין ג, א. ב"ב כד, ב.
94) ירמי׳ ב, כז. ועוד. 95) משלי ג, כד. 96) בספר החולדות אדה"ז ע׳ קצה.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

און אזוי ווי מ'האט דאס גלייך געמאכט פאר א "קדירא דבי שותפי" - איז בא די וואס שלאפן געשמאק, איז געווארן גאר א תרדמה עמוקה, נאכמער ווי ס'איז געווען ביז דעמולט!

יח. מ'איז נים אויסן צו רעדן מוסר וכיו"ב - מ'וויל נאר אז עס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל:

די וואס זיינען זיך מתעסק אין דעם ענין פון "מעות חטים", איז לכל לראש אויף זיי מוטל צו זעהן אז דער ענין זאל באווארענט ווערן, און אויך די וואס האבן זיך משתתף געווען אין דער מגבית פון "מעות חטים" דורך ממונם (אע"פ אז א צווייטער האט דאס פאנאנדערגעטיילט בפועל), איז מוטל אויף זיי צו טאן אין דעם ענין.

ובפרט אז מ'געפינט זיך אין דער שנה הששית, אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים"[97] - איז וויבאלד אז אויף אידן זאגט מען "אתם קרויין אדם"[98], "ע"ש אדמה לעליון"[99], איז פארשטאנדיק אז מ'דארף טאן אין דעם ביתר שאת וביתר עוז, בדוגמת הענין פון "וצויתי את ברכתי גו' לשלש השנים".

ועכ"פ - זאל העלפן דאס וואס מ'האט דאס דערמאנט נאכ-אמאל, אז דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל, ובפרט אז מ'האט דאס דערמאנט אין דעם טאג פון ח"י אלול - וועט דאס געטאן ווערן מיט א חיות.

און מ'זאל נים ווארטן ביז אז עס וועט קומען צוגיין דער גבאי צדקה (דער גבאי פון "מעות חטים", אדער דער גבאי פון די מעות וואס זיינען פארבונדן מיט די ימים טובים פון תשרי) און וועט אים אויפוועקן פון שלאף -

נאר מ'זאל מפסיק זיין אין דעם געשמאק פון דעם שלאף (עכ"פ אויף א רגע קטן), און כאפן זיך אז ס'איז חודש אלול, און ס'איז ח"י אלול, און ס'איז אן ענין וועגן וועלכן מ'האט גערעדט אין ביהכ"נ און ביהמ"ד, און במעמד כמה וכמה מישראל.

וכל הזריז וכל המרבה - הרי זה משובח.

יט. עס איז דא נאך אן ענין וואס מ'וויל דערמאנען - אן ענין וואס האט א שייכות מיוחדת צו די שנה הששית (ווי דערמאנט מיט זיבן יאר צוריק, און אויך לפנ"ז[100]):

- דער -

-------------

97) בהר כה. כא. 98) יבמות סא. רע"א. 99) של"ה כ, ב. שא. ב. ובכ"מ. 100) וראה גם לקו"ש ח"ז ע' 355 ואילך.

דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו הל' הלואה[101] אז "זמן הפרוזבול הוא לכתחלה בסוף השנה לפני ר"ה של שביעית".

און אזוי ווי ביי א פרוזבול זיינען דא אלע-ערליי קולות - איז כדי צו מאכן דאס נאך לייכטער, וואלט געווען א דבר נכון אז די רבנים, מלמדים, מנהיגים און ראשי ישיבות פון כל עיר ומושב וביהכ"נ, זאלן מצרף זיין צו זיך נאך צוויי אנשים כשרים [ווי דער אלטער רבי[102] זאגט "לקבץ ג' אנשים כשרים שהם ב"ד"], און זיי זאלן אנשרייבן דעם נוסח פון א פרוזבול,

אזוי אז די אלע מיט וועלכע זיי טרעפן זיך, אדער די וואס גייען אריין צו זיי, וועלן האבן א פארטיקן שטר אויף וועלכן מ'וועט זיך קענען חתמ'נען, און דורך דעם איבערגעבן די חובות צו ב"ד (וואס דאס איז דאך דער ענין פון א פרוזבול).

און אע"פ אז מ'דארף ניט האבן קיין שטר פרוזבול, נאר ס'איז גענוג דאס וואס "אומר דברים הללו"[103] - וועט דאס אבער זיין גרינגער, וויבאלד אז יעדערער וועט זיך קענען חתמ'נען אויפן שטר, אפילו דורך א שליח. אדער דורך דעם טעלעפאן (וויבאלד אז מזכין לאדם ע"י שליח, און אפילו שלא בפניו[104]).

און דורך דעם וועט צוקומען נאך א זאך:

דער אלטער רבי ברענגט אראפ[105] אז "אין פרוזבול כותבי' אא"כ יש קרקע כ"ש ללוה או דבר המחובר לקרקע . . ואם אין לו מזכה לו המלוה קרקע כ"ש".

איז בשעת אז דאס וועט געמאכט ווערן דורך דעם רב - איז אזוי ווי דער רב האט אן אייגענע הויז, אדער איינער פון די "ג' אנשים כשרים" האט אן אייגענע הויז, אדער אז דער רב וועט געפינען א אידן וואס האט אן אייגענע הויז וכיו"ב,

[וואס אין ארה"ב איז עס א דבר הכי פשוט, ווארום מ'האט אייגענע הייזער כ"י, און מ'זאל האבן נאכמער און נאכמער,

און אזוי ווי עס זיינען דאך הייזער וואו מ'לערנט און מ'דאווענט וכו' - איז עס נכלל אין דעם וואס די גמרא[106] זאגט אז "עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבבבל שיקבעו

- בא"י -

------------

101) סל"ו. 102) שם סל"ה. 103) שם סל"ד.
104) עירובין פא, ב במשנה. ורש"י. 105) שם סי"ד.
106) [illegible] כט. א.

באה"י. בביאה בשיה צדקנו, כולל אויך די בתי כנסיות ובתי מדרשות וואס זיינען רכושו של הפרט,

וועט זיין גרינגער צו דורכפירן אז דער לוה זאל האבן קרקע - דורך דעם וואס דער רב (אלס שלוחו של המלוה) וועט מקנה זיין דעם לוה "קרקע כ"ש".

כ. און אפילו די וואס זיינען זיכער אז זיי האבן ניט קיין חובות וואס זיי דארפן איבערגעבן צו ב"ד, אדער זיי ווילן מוחל זיין דעם חוב וכיו"ב -

איז אזוי ווי ס'איז דאך אבער דא די חביבות פון אן ענין פון "דברי סופרים", תקנת פרוזבול[107], וואס "ערבים עלי דברי סופרים יותר מדברי תורה"[108],

און ס'איז דא די חביבות אין דעם וואס ער ווייזט אז ער איז הולך בדרכיו און איז מקיים דעם פס"ד פון דעם אלטן רבי'ן[109] וואס אזוי ווי למעלה איז "הוא וחכמתו אחד", איז אזוי אויך בנוגע צו דער תורה הוראה פון דעם אלטן רבי'ן און דעם אלטן רבי'ן אז "כל י"ש יחמיר לעצמו לעשות פרוזבול" (אע"פ וואס פריער[110] זאגט ער אז "עכשיו לא נהגו בפרוזבול במדינות אלו"),

און אויך בהפרט ווי ער איז ממשיך אין דעם סעיף שלאח"ז "וזמן הפרוזבול הוא לכתחילה בסוף השטית כו'" - וואס דעם "לכתחילה" קען מען טייטשן (און אפלערנען) אויף ביידע ענינים: (א) אויף זמן הפרוזבול, אז לכתחילה איז עס "בסוף השטית לפני ר"ה של שביעית, (ש)אף ששביעית אינה משמטת אלא בסופה וכו'", און (ב) אויך אויף כללות הענין פון פרוזבול, אז לכתחילה דארף מען מאכן א פרוזבול, אע"פ אז ער ברענגט פריער אז "עכשיו לא נהגו בפרוזבול במדינות אלו"*,

איז כדאי אז מ'זאל (האבן א חוב**. כדי אז מ'זאל קענען) מקיים זיין דעם ענין פון פרוזבול.

- ובפרט -

---

*) ואף שמוסיף "כל י"ש יחמיר לעצמו לעשות פרוזבול" - הרי כותב בזה לעצמו.

**) דיש לחלק מבדיקת חמץ - דכאן הנוסח "הריני מוסר לכם כל חובות שיש לי". ובפרט שגם בבדיקת חמץ נתפשט המנהג להניח פתיתי חמץ (שו"ע או"ח סו"ס תלב).

---

107) אדה"ז שם סל"ד. 108) ראה ע"ז לה, א ובפרש"י שם. ירושלמי סנהדרין פי"א ה"ד. ובכ"מ. וראה לקו"ת סוכות עט, ד ואילך. 109) שם סל"ה. 110) שם.

ובפרט אז ס'איז ידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[111] אז מ'האט איינגעוואוינט קינדער אז זיי זאלן לייען בעלס, כדי צו מחנך זיין זיי אין דעם ענין פון גמ"ח, וואס דער הרגל בזה איז א דבר הכי גדול, ביז אז דאס איז די וועג אז דאס זאל ביי אים ווערן אן ענין טבעי.

ועד"ז בנדו"ד - בנוגע צו דעם ענין פון פרוזבול.

כא. יעדן ענין דארף מען דאך אפטייטשן בפשטות,

[וארום אויב ניט - איז דא נאר דער "נזכרים ונעשים": פריער הערט מען - "נזכרים", און דערנאך איז "ונעשים" - מ'שרייבט דאס אויף א פאפיר, און דערנאך טוט מען נאך אן עשי' רבה - מ'שטעלט דאס ארויף אויף דער פאליצע, און מ'מאכט (ניט איין רוקן, נאר) צוויי רוקן'ס - וואס ניט דאס איז די כוונה],

איז כען מדגיש נאכאמאל דעם סיכום הדברים:

עס איז כדאי ונכון אז רבנים און ראשי ישיבות און מלמדים זאלן מצרף זיין צו זיך נאך צוויי מענטשן, כדי אז ס'זאלן זיין "ב' אנשים כשרים", און אנשרייבן דעם נוסח פון א פרוזבול (ווי עס ברענגט זיך אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע, אדער אין אנדערע ספרים), כדי אז יעדערער זאל קענען חתמ'נען אויף דעם.

און מודיע זיין ברבים וועגן דעם (אדער אויפהייבנגען דאס אין ביהמ"ד) - וואס דורך דעם וועט מען באווארענען אן ענין וואס בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז עס געווען פארבונדן מיט אן ענין מן התורה, און איצטער איז עס "מדברי סופרים" - וואס אין דעם איז דא די מעלה וואס "ערבים עלי דברי סופרים יותר מדברי תורה".

ובפרט אז עס קומט נאך צו די עריבות און חביבות וואס איז דא אין דעם וואס ער איז מקיים א פס"ד פון דעם אלטן רבי'ן - וואס היום איז יום ההולדת שלו, און "מזלו גובר".

כב. און אע"פ אז מ'ווערט נענטער צו דעם זמן וגאס "לא יהי' בך אביון"[112] - איז יש מקום לומר[113] אז דאס איז נאר בנוגע צו דעם ענין פון צדקה, משא"כ דער ענין פון גמ"ח, וואס איז "בין לעניים ובין לעשירים"[114], וועט אויך זיין לעתיד לבוא.

- וואס -

-------------

111) החנוכים חו' ז ע' סה. לקו"ד כרך ד הרפא, סע"ב ואילך. 112) ראה טו, ד. 113) ראה שיחת שבעה עשר בתמוז ס"ז. הערה 10. 114) סוכה מט, ב.

וואס אע"פ אז דאס וואס באותה שעה עני הוא איז אויך ניט מתאים צו דער שלימות דלע"ל - וועט מען דאס אבער דארפן האבן כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין די מצוה פון גמ"ח, און ווי עס שטייט אין מדרש[115] אז מ'דארף האבן דעם ענין פון גמ"ח דערפאר וואס "חסד ואמת מן ינצרוהו"[116] (בדוגמת הסיפור הנ"ל (ס"כ) פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[117]),

ובמילא וועט מען אויך דעמולט האבן דעם דריטן עמוד (גמ"ח) פון די דריי עמודים שעליהם "העולם עומד".

כג. ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים בחיות ובשמחה, סיי די וואס געפינען זיך דא, סיי די וואס הערן דאס, און סיי די וואס מ'וועט זיי איבערגעבן וועגן דעם, וכאמור אז כל הזריז וכל המרבה - הרי זה משובח.

און דאס איז דאך ניט קיין ענין וואס מ'דארף טאן דערפאר וואס פב"פ האט דאס געטאן - נאר דערפאר וואס אזוי שרייבט דער אלטער רבי אין שו"ע שלו אלס א פס"ד להלכה, מיוסד על דברי ראשונים ואחרונים, ביז אז "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[118] - אין די פסוקים פון תורה (ווי ער ברענגט דארטן אראפ כמה וכמה פסוקים).

און דאס זאל זיין די הכנה קרובה צו לימוד תורתו של משיח מפי משיח צדקנו, און טאן די אלע ענינים פון תורה עבודה און גמ"ח בתכלית השלימות, ובעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון השלש תנועות (דהבעש"ט, המגיד ואדה"ז).

* * *

כד. צוה לנגן ואמר מאמר ר"ה אתם נצבים (י"ל בקונטרס בפ"ע).

* * *

כה. מ'האט דאך גערעדט פריער וועגן דעם וואס "המעשה הוא העיקר" - וואס דערפאר האט מען נאכאמאל מעורר געווען און מעורר געווען (על מנת אז ס'זאל גלייך אראפקומען אין מעשה בפועל) בנוגע צו דער נתינה וואס איז פארבונדן מיט די ימים טובים פון חודש תשרי (בדוגמא ווי "מעות חטים" לפני חגה"פ),

און אויך אין דעם צווייטן קצה - העדר הלקיחה, וואס דאס איז דער ענין פון שמיטת כספים, וואס דערמיט איז מען מקיים די מצוה פון "לא יגוש"[119], און אויף דערויף מאכט מען

- א פרוזבול -

------------

115) תנחומא משפטים ט. וראה גם שמו"ר פל"א, ה.
116) תהלים סא, ח. 117) וראה גם ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש ע' 41. 118) ראה תענית ט, א. 119) ראה שם, ב. שו"ע אדה"ז שם סל"ד.

א פרוזבול (כמבואר אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע. כמובא אויך די פוסקים שלפניו, ביז אין פסוקים פון תורה שבכתב).

וואס די צוויי ענינים זיינען פארבונדן מיטן עמוד פון גמ"ח, וואס ער איז איינער פון די דריי עמודים שעליהם העולם עומד.

ועד"ז דארף דאס אויך אראפקומען אין א מעשה בפועל בנוגע צו די אנדערע צוויי עמודים, תורה און עבודה (דער ענין התפלה, "תפלות כנגד תמידין תקנום") – וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו שנת השמיטה, און אויך צום סיום פון שנה הששית, כדלקמן.

כו. בנוגע צו כללות הענין פון שנת השמיטה, ברענגט זיך אין די ספרים וואס זיינען מבאר טעמי המצוה [וואס אויף יעדער מצוה זיינען דא א ריבוי טעמים, טעמים וואס שטייען אין ראשונים, אין אחרונים, ביז אין אחרוני האחרונים], אז אזוי ווי שנת השמיטה איז "שבת לה'", און דעמולט איז דא דער ציווי פון "שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור"[120] (מיט אלע פרטים וואס שטייען אין פרשת השמיטה), איז בשעה מ'איז פנוי פון עבודת האדמה, האט מען מער צייט צו פארנעמען זיך מיט ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן.

און ווי עס ברענגט זיך אין מפרשי התורה[121] אויף דעם וואס שנת השמיטה ווערט אנגערופן "שבת לה'" – "שתהי' כל השנה הבטלה מעבודת האדמה מוכנת לעבודתו . . שגם עובדי האדמה כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה'".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה.

וע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו יום השבת פון יעדער וואך, אז דעמולט דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ווי עס שטייט אין מדרש[122] אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "עשה לי קהילות גדולות בשבת כדי שילמדו הדורות הבאים אחריך להקהיל קהילות בכל שבת . . ללמוד בהם תורה לרבים" –

איז ער"ז אויך בנוגע צו שנת השמיטה, וואס זי איז "שבת לה'", בדוגמא ווי "שבת בראשית"[123] – אז דעמולט דארף מען מוסיף זיין אין דעם ענין פון לימוד התורה.

- כז. -

------------

120) בהר כה, ד. 121) ספורנו עה"פ שם. ב-ד.
122) ילק"ש ר"פ ויקהל. הובא בשו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ג.
123) פרש"י עה"פ בהר שם, ב.

כז. לכאורה ווערט דא אבער א שאלה:

פארוואס געפינט מען ניט אין אלע ספרים אז מ'זאל מאכן א שטורעם אז עבינה פון שנת השמיטה איז - אז מ'דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה?!

איז איינער פון די ביאורים בזה - אז דאס איז אן ענין וואס איז מעצמו מובן:

בשעה אידן זיינען געווען אין א"י (וואס דארטן איז דא מצות השמיטה), זיינען רובם געווען פארנומען מיט עבודת האדמה - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים אז "כי תבואו אל הארץ" וועט זיין דער "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך"[124], ועד"ז אויך אין פ' קדושים[125] "וכי תבואו אל הארץ ונטעתם כל עץ מאכל".

און דערפאר זעט מען אז ווען מ'באשרייבט אין תנ"ך וועגן דעם זמן וואס אידן זיינען געווען בתכלית השלוה, זאגט מען אז אידן זיינען געזעסן "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[126] -

דלכאורה: וואס פאר א שייכות האט דאס צו כללות עם ישראל, דאס האט א שייכות מערניט צו די וואס האבן א גפן און א תאנה, עובדי האדמה?

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז רוב אידן האבן זיך פארנומען מיט עבודת האדמה, און דערפאר זאגט מען אז ווען ס'איז געווען "איש תחת גפנו ותחת תאנתו", האט דאס באווירקט אויף א מעמד ומצב פון "שלום ושקט אתן על ישראל ביכיו"[127].

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס עס שטייט אין מדרש[128] אז ווען אברהם אבינו ("אחד הי' אברהם"[129]) איז דורכגעגאנגען אין פארשידענע מדינות און האט געזעהן אז "אוכלים ושותים ופוחזים", האט ער זיך ניט געוואלט באזעצן אין די מדינות, און אנקומענדיק אין ארץ כנען און דערזעהנדיק אז דארטן זיינען די מענטשן "עסוקין בניכוש כו' בעידור כו'", מ'פארנעמט זיך מיט עבודת האדמה, האט ער מחליט געווען אז אין אזא לאנד וועט ער זיך באזעצן.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון כו"כ סיפורים אין משנה און גמרא און מדרשים, אז רובם ככולם פון אידן האבן געהאט צוטאן מיט עבודת האדמה.

און וויבאלד אז אין שנת השמיטה טאר מען זיך ניט

- פארנעמען -

------------

124) בהר שם, ב-ג. 125) יט, כג. 126) כ"א ה, ה. 127) רה"א כב, ט. 128) ב"ר פל"ט, ח. 129) יחזקאל לג, כד.

פארנעמען מיט עבודה האדמה, ובמילא ווערט באפרייט א חלק גדול מזמנו - דארף מען ניט האבן קיין ציווי מיוחד אז אין דעם זמן הפנוי שלו דארף ער זיך פארנעמען מיט לימוד התורה, ווארום דאס איז א ציווי מפורש אין שלחן ערוך.

ווארום אפילו אויב ער האט געלערנט כל היום כולו בהתמדה ושקידה, עס איז אבער געווען איין רגע וואס ער האט געקענט לערנען תורה און האט ניט געלערנט - זאגט מען אויף אים "כי דבר ה' בזה גו'"[130], מיטן עונש וואס איז דא אויף דעם סיי בעוה"ז און סיי בעוה"ב - ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[131], און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין התחלת ספרו תניא קדישא, גלייך אין דעם ערשטן פרק, און אין דעם ערשטן עמוד (וואס דער תניא איז געווען געדרוקט בחייו פון דעם אלטן רבי'ן).

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז עס דארף ניט זיין קיין ציווי מיוחד אז אין שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה - וויבאלד אז ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז בשעת זמנו ווערט פנוי (דערפאר וואס ער קען זיך ניט פארנעמען מיט עבודה האדמה), איז ער מחוייב אנפילן זיין צייט מיט לימוד התורה - דאס איז א הלכה פסוקה וברורה אין הלכות תלמוד תורה!

כח. האמור לעיל אז אין שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, דערפאר וואס דעמולט פארנעמט מען זיך ניט מיט עבודה האדמה - איז אויך געזאגט געווארן בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין חוץ לארץ:

אע"פ אז מצוה השמיטה איז א מצוה התלוי' בארץ, וואס דערפאר איז דער ענין פון שמיטת קרקעות מערניט יווי אין א"י - איז אבער פארשטאנדיק אז די קדושה און די ענינים רוחניים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן, זיינען אויך דא אין חו"ל. ביז וואנעט אז דער ענין פון שמיטה כספים איז נוהג סיי אין א"י און סיי אין חו"ל, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו[132].

און דערפון איז פארשטאנדיק במכש"כ וק"ו אז אין שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה אויך אין חוץ לארץ, וואס דארטן איז ניט נוהג דער ענין פון שמיטה קרקעות.

כט. די הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אין שנת השמיטה, דארף זיך שוין אנהויבן נאך איידער מ'גייט אריין אין שנת השמיטה:

- די -

------------

130) של"ה כו, לא. 131) צט, סע"א. 132) הל' הלואה ס"ה.

די משנה[133] זאגט "אין נוטעין ואין מבריכין ואין מרכיבין ערב שביעית פחות מל׳ יום לפני ר"ה" (און אין דערויף גופא איז דא די שקו"ט אין ירושלמי[134] וועגן זמן הקליטה, וואס לדעת ר"י און ר"ש קומען צו די "שתי שבתות" פון זמן הקליטה - ווי עס ברייגנגט זיך אויך אין פוסקים).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אין שנת השמיטה, דארף זיך שוין אנהויבן "ל׳ יום לפני ר"ה", וויבאלד אז דעמולט הויבן זיך שוין אן כמה דינים וואס זיינען פארבונדן מיט שנת השמיטה.

ועאכו"כ אנהויבנדיק פון ח"י אלול אן, וואס דער ענין פון ח"י אלול גיט אריין חיות אין אלע ענינים פון חודש אלול.

ד.ה. אז נוסף אויף דעם וואס דעמולט איז דער זמן אויף צו מאכן החלטות טובות בנוגע צו דער הוספה אין לימוד התורה במשך פון שנת השמיטה, וואס זי איז "שבת לה׳", בדוגמת "שבת בראשית", וואס ענינו איז "וקראת לשבת עונג"[135] - דארף זיך שוין אנהויבן די הוספה אין לימוד התורה וואס איז פארבונדן מיט שנת השמיטה.

ל. עס ווערט אבער די שאלה: ביז איצטער האט ער דאך אויך מקיים געווען דעם ציווי פון לימוד התורה אין דעם זמן הפנוי - איז וואס קען ער שוין מוסיף זיין אין דעם?!

איז דער ביאור בזה - אז די הוספה באשטייט אין דעם וואס ער נעמט אראפ פון די ענינים וואס אים ווייזט זיך אויס אז זיי זיינען מוכרחים, און גיט אפ דעם זמן אויף לימוד התורה.

און דעמולט ווערט דער "וצויתי את ברכתי לכם":

אזוי ווי ס׳איז געווען אין שנת השמיטה, אז אע"פ אז מ׳האט זיך ניט פארנומען מיט עבודת האדמה, האט מען געזען אז מ׳האט דערצו ניט געדארפט אנקומען, דערפאר וואס ס׳איז געווען דער "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים" -

איז אזוי אויך בשעת מ׳וועט מחליט זיין אז מ׳וועט זיין שומרי שביעית, און מ׳וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה, אנהויבנדיק פון חודש אלול פון שנה הששית - וועט זיין דער "וצויתי את ברכתי לכם", אז אין דעם מיעוט הזמן וואס ער וועט ארבעטן, וועט ער פארדינען א סאך מער דערפון

- וואס -

------------

133) שביעית פ"ב מ"ו. רמב"ם הל׳ שמיטה ויובל פ"ג הי"א.
134) שביעית פ"ב ה"ד. ובכ"מ. 135) ישעי׳ נח, יג.

וואס ער האט פארדינט ווען ער האט געארבעט א זמן מרובה יותר.

וואָרום די ברכה פון דעם אויבערשטן וועט זיין "ילשלש השנים" - פאר די שנה השביעית, און אויך פאר די שנה השמינית, נוסף אויך דערויף וואס עס וועט נישט פעלן אין די ענינים פון שנה הששית.

"והמעשה הוא העיקר" - אז "ל' יום לפני ר"ה" דארף מען שוין מוסיף זיין אין לימוד התורה, און פארבונד מיט דער הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אין שנת השמיטה. ועאכו"כ אז פון ח"י אלול אן דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה.

לא. עד"ז אויך בנוגע צו דעם קו פון עבודה, דער ענין התפלה. אז דאס האט א שייכות מיוחדה צו שנת השמיטה:

דער אלטער רבי (אין די הוספות צו תו"א[136]) און דער מיטעלער רבי[137] ברייננגען אז "אמרו בירושלמי[138] בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת", דערפאר וואס עיקר העבודה פון שבת איז גאר עבודה התפלה, און ווי ער איז מבאר דארטן פארוואס איז "התירו לדבר דברי תורה בשבת", און פארוואס איז עס גאר "בקושי" - וואס דערפון זעט מען אז עיקר העבודה פון שבת איז - עבודת התפלה.

און דאס איז אויך וואס ביום השבת קומט צו א תפלה מיוחדה, תפלת מוסף, וואס איז פארבונדן מיטן קרבן מוסף וואס מ'האט מקריב געווען בשבת - וואס אין דעריויף איז מודגש די הוספה אין דעם ענין התפלה וואס דארף זיין בשבת. ביז אז די תפלה גופא ווערט אנגערופן בשם "מוסף", מלשון הוספה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין שנת השמיטה, וואס זי איז "שבת לה'", דארף זיין א הוספה מיוחדה אין דעם ענין פון עבודת התפלה.

און ווי מ'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם לשון פון ספורנו אז "כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה'". וואס דער ענין פון "לדרוש את ה'" איז מודגש יותר אין עבודה התפלה, וואס ענינה איז "דע לפני מי אתה עומד"[139], מער ווי דאס איז אין לימוד התורה:

אין לימוד התורה איז מאקע דא דער ענין פון "ברכו



---

136) קיג, א-ב. 137) סידור רצ"ה, ד. (במב"ב). [illegible] ראה ירושלמי שבת פט"ו ה"ג. הובא בספר חרדים [illegible] שיס. 139) ראה ברכות כח, ב.

בהודה ההלל"[140] - דאס איז אבער קודם ההחלת הלימוד, ועד"ז ראס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין הניא[141] אז "כשלומד שעות הרבה רצופות יש לו להתבונן בהכנה זו הנ"ל בכל שעה ושעה עכ"פ" (דערפאר וואס "בכל שעה שולט צירוף אחד מי"ב צירופי שם הוי' . . וצירופי שם אד'") - איז עס נאר בהחלת כל שעה, אבער באמצע הלימוד איז ער גאר אריינגעטאן אין דער הבנה והסברה שבזה, און ער הארעוועט בשכלו לויט ווי עס לייגט זיך בשכלו.

משא"כ אבער בנוגע צו עבודת התפלה, וואס כל ענינה איז "לדרוש את ה'", ווי דערמאנט פריער (סי"ג) אז תפלה איז כלי' החתברות, ע"ד "התופל כלי חרס"[142].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין שנת השמיטה דארף זיין א הוספה אין עבודת התפלה - א הוספה אין דער התבוננות שלפני התפלה, אדער אין אריכות במשך התפלה, אדער אין ביידע ענינים גם יחד.

און די התחלה בזה דארף זיך שוין אנהויבן "ל' יום לפני ר"ה", ווי דערמאנט פריער (סכ"ט) אז דעמולט הויבן זיך שוין אן כמה דינים וואס זיינען פארבונדן מיט שנת השמיטה.

ובפרט אז עבודת התפלה האט א שייכות מיוחדת צו חודש אלול - כמדובר כמ"פ דאס וואס עס שטייט אין אחרונים[143] בנוגע צו חודש אלול, אז אפילו תלמידי חכמים וואס במשך כל השנה כולה איז עיקר עסקם אין לימוד התורה, איז ווען עס קומט דער זמן פון חודש אלול און עשי"ת, דארף מען מעט זיין אין לימוד התורה, און מוסיף זיין אין די ענינים פון תפלה והתחנונים לפני המקום.

וואס דאס איז דער "בכן" אין מעשה בפועל בנוגע צום דריטן קו - קו העבודה, אז עס דארף זיין די הוספה אין עבודת התפלה, וואס "תפלות כנגד תמידין תקנום".

ויה"ר אז יעדערער זאל טאן אין די אלע ענינים האמורים לעיל, ובפרט פון ח"י אלול אן - לויט דברי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז ח"י אלול טראגט אריין חיות אין אלע ענינים פון חודש אלול - וואס דאס איז כללות העבודה אין די ג' קוין, ווי גערעדט פריער בארוכה.

- כולל -

---

(140) ב"ב פה, ריש ע"ב. נדרים פא, א. (141) ספמ"א.

(142) כלים פ"ג מ"ה. וראה בהנסמן לעיל הע' 57. (143) ברכ"י או"ח סתקפ"א ס"ו. וראה כס"א שם סו"ס יא ובאלף למטה שם סקס"ו.

כולל אויך די עבודה אין קו התשובה, און אין דעם קו פון רצון ותשוקה וחפץ צו דעם ענין פון "לה׳ ויאמרו לאמר אשירה" - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

לב. האמור לעיל האט אויך א שייכות צו נשי ובנות ישראל,

וואס זיי האבן א שייכות מיוחדת צו ר"ה, כמבואר בארוכה אין די המשכים פון דעם רבי׳ן מהר"ש[144] אז ר"ה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "בינה יתירה ניתנה באשה יותר מבאיש"[145], וואס דאס איז פארבונדן מיט תושבע"פ, וויבאלד אז תושב"כ און תושבע"פ זיינען בדוגמת איש ואשה, ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס תושבע"פ איז מגלה די ענינים וואס שטייען אין תושב"כ, ווי מ׳געפינט בכ"מ דעם לשון "מנה"מ - דאמר קרא",

און ר"ה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון דיבור און ספירת המלכות, וואס מלכות איז בדוגמת נוקבא לגבי ז"א.

אז זיי דארפן אויך מוסיף זיין אין די ג׳ קוין שעליהם העולם עומד, תורה עבודה און גמ"ח:

דער ענין פון גמ"ח איז שייך אויך צו נשים ובנות, ובפרט לויט ווי די גמרא[146] איז מבאר די מעלה מיוחדה וואס איז דא אין צדקה פון נשים, אז וויבאלד זיי געפינען זיך בבית, קענען זיי געבן צדקה אין אן אופן וואס אי״ מוכן לאכילה ולהנאת האדם.

ועד"ז אויך בנוגע צו תפלה - וואס בכל הדורות האבן נשים מתפלל געווען בכל יום א תפלה קצרה עכ"פ, ובפרט ווי ס׳איז געווארן בדורנו זה אז זיי זיינען מתפלל כל התפלה כולה עכ"פ פעם אחת ביום, און עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען מתפלל מער פון איין תפלה בכל יום.

ועד"ז אויך בנוגע צו לימוד התורה - ווי דער אלטער רבי ברייננגט אדאפ אין הל׳ ת"ת[147] די אלע ענינים אין תורה וואס נשים זיינען מחוייב צו לערנען - וואס הלואי וואלטן די מאנסביל געלערנט בהתמדה ושקידה ובהיוה און וואלטן געדיינקט די אלע הלכות וואס נשים זיינען מחוייב צו לערנען -

וואס דאס איז א הלכה ברורה וואס איז אפגע׳פסק׳נט אין

- הל׳ -

------------

144) ראה המשך מצה זו תר"ס פי"ז ואילך. 145) ראה נדה מה, ב. ב"ר פי"ח, א. 146) תענית כג, ב. כתובות סז, ב. 147) בפ"א.

הל׳ ת"ת פון דעם אלטן רבי׳ן (וואס היינט איז זיין יום הולדת) - אז נשים ובנות זיינען אויך מחוייב אין לימוד התורה.

לב. און בשעת אז די נשים ובנות זיינען זיך מצטרף צו די אנשים, און אלע צוזאמען זיינען מוסיף אין אלע דריי קוין שעליהם העולם עומד - ווערט דאס אין אן אופן פון "איש וביתו",

אז ע"ד ווי ס׳איז געווען דער "הבאים מצרימה גו׳ איש וביתו"[148], וועט אזוי אויך זיין די יציאה פון מצרים [די יציאה פון גלות, וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל"[149]] אין אן אופן פון "איש וביתו",

און נאכמער: די יציאה פון מצרים איז געווען דורך נשי ובנות ישראל[150], וואס זיי האבן אויפגעשטעלט דעם דור וואס האט דערנאך געזאגט "זה א-לי ואנוהו אלקי אבי וארוממנהו"[151].

וכן תהי׳ לנו - אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו ביאת משיח צדקנו, און מ׳וועט גיין מקבל זיין פניו "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותינו"[152], און "כספם וזהבם אתם"[153], אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם"[154].

און פראוועון דעם ענין פון הכתרה המלך בר"ה אין א"י, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מראשית השנה ועד אחרית שנה"[155], א"י בשלימותה, און כל ישראל יחד בשלימותם, צוזאמען מיט די תורה בשלימותה,

און די הכתרה פון מלך מלכי המלכים הקב"ה וועט אויך זיין בשלימות - ביז אין אן אופן פון "גלה כבוד מלכותך עלינו", ובדרך ממילא וועט דאס דערנאך נמשך ווערן אין אלע עולמות, ביז אין עולם העשי׳, אז דארטן וועט זיין דער "וידע כל פעול כי אתה פעלתו", כמבואר אין כתבי האריז"ל[156].

און אלס הכנה לזה - איז נאך אין חודש אלול, נאך קודם ביאת וגילוי משיח צדקנו, וועט שוין זיין דער "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[157], און "והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה׳ גו׳ כאשר יביאו בני ישראל את המנחה"[158], זיי וועלן מסייע זיין אידן צו מאכן א"י כאו"א במקומו, כידוע די הוראה פון רבותינו נשיאינו בזה[159],

- און -

------------

148) שמות א, א. 149) ב"ר פט"ז, ה. 150) סוטה יא, ב. ובכ"מ. 151) בשלח טו, ב. סוטה שם. 152) בא י, ט. 153) ישעי׳ ס, ט. 154) שם לה, י. ועוד. 155) עקב יא, יב. 156) סידור האריז"ל במקומו. 157) ישעי׳ מט, כג. 158) שם סו, כ. 159) לקו"ש ח"ב ע׳ 621.

און דערנאך וועט יעדער איד מיטנעמען חלקו בעולם אין א"י, צוזאמען דערמיט וואס "עתידין בתי כנסיות ובתי כדרשוה שבבל שיקבעו בא"י" - בקרוב ממש, ובשמחה ובטוב לבב.

צוה לנגן ניגון השלש תנועוה. לכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א החחיל לנגן עסן עסט זיך שלאפן שלאפט זיך.

אח"כ התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

——— * ———

## בס"ד. משיחות ח"י אלול ה'תשל"ט.

א. דער ענין פון ח"י אלול איז — אריינברענגען חיות אין כללות העבודה פון חודש אלול[1].

וואָס די עבודה פון חודש אלול איז[2] — דער חשבון הנפש און תיקון פון דער עבודה פון כל השנה כולה.

[ובפרט אַנהויבנדיק פון ח"י אלול אַז, וואָס די י"ב ימים פון ח"י אלול ביז ר"ה זיינען כנגד י"ב חדשי השנה, יום לחודש, און בכל יום פון די י"ב ימים דאַרף זיין בפרט דער חשבון הנפש און תיקון פון דעם חודש שכנגדו[3]].

און אויך די הכנה צו דער עבודה פון דעם קומענדיקן יאָר הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה ולברכה.

ב. דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז בחודש אלול, ובפרט אַנהויבנדיק פון ח"י אלול אַז, דאַרף זיין אַ הדגשה מיוחדת און אַ הוספה אין די ג' קוין[4] שעליהם העולם עומד, תורה, עבודה און גמ"ח[5] — וויבאַלד אַז אין דעם באַשטייט די עבודה פון כל השנה כולה[6].

וכמדובר כמ"פ[7] אַז אין "אלול" זיינען מרומז די ר"ת[8] פון אַלע ג' קוין שעלי־הם העולם עומד:

"אלול" איז ר"ת[9] "אנה לידו ושמתי לך[10]" — וואָס דאָס איז דער קו פון תורה, "דברי[11] תורה קולטין"[12].

"אלול" איז ר"ת[13] "אני לדודי ודודי לי[14]", וואָס דאָס איז דער ענין פון תפלה, קו העבודה[15].

און "אלול" איז ר"ת[16] "איש לרעהו

---

1) לקו"ד כרך א לד, א. כרך ג תעג, ב.

2) ראה לקוטי מהרי"ל הל' ימים הנוראים. לקו"ת להאריז"ל עה"פ (תצא כא, יג) ובכתה גו' ירח ימים (וראה גם אוה"ת נ"ך כרך ב ס"ע אנ ובהוה"ג שם). שו"ע אדה"ז ר"ס תקפא. סה"מ אידיש ע' 75. ובכ"מ.

3) סה"ש תש"ג ע' 177.

4) כולל — עבודת התשובה, שע"י התשובה המעשים דהג' קוין הם בשלימות — "זכים ומאירים" (לקו"ת שבע"צ פה, א).

ובכלות עבודה הנ"ל צ"ל חזורה בהמתקה יהרצון תשוקה וכו' לענין הגאולה — דמאחר ש"במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא", ... ע"י עבודתו היא בתכלית השלימות. בענין השלימות דלע"ל — "כמצוות רצונך" (ראה תו"ח ויחי צה, א. צו, ג"ד. וכמה תרל"ז פ"ז ואילך).

5) אבות פ"א מ"ב.

6) ובפרט שבר"ה נתוסף בהענין דברה"ע (ועד שיורד אור חדש עליון יותר שלא הי' מאיר עדיין בימי עולם (אגה"ק סוס"ד)) — ולכן ההכנה לזה הוא ע"י הוספה בהענינים שעליהם "העולם עומד" (נוסף על התיקון והשלימות בעמידת העולם דשנה העברה).

7) לקו"ש ח"ט ע' 297 ואילך. ועוד.

8) וגם עבודת התשובה וענין הגאולה (כנ"ל בהע' 4) מרומזים בהר"ת ד"אלול":

"אלול" ר"ת "(ומל ה' אלקיך) את לבבך ואת לבב (זרעך)" (בעה"ט עה"פ נצבים ל, ו. ב"ח או"ח סתקפ"א ד"ה והעבירו) — עבודת התשובה, ו"אלול" ר"ת "לה' ויאמרו לאמר אשירה" (פע"ח שער ר"ה פ"א), שזה כולל הענין "שיר חדש" דלע"ל, כמרז"ל (סנהדרין צא, ב. מכילתא עה"פ בשלח טו, א) "שר לא נאמר אלא ישיר כו'".

9) לק"ת ושעה"פ להאריז"ל עה"פ משפטים כא, יג. פע"ח שער ר"ה פ"א.

10) משפטים שם.

11) מכות י, א.

12) ובפרט שבר"ח אלול "עלה (משה) להר לקבל לוחות אחרונות" (טור שם — מפרדר"א פמ"ו), שבזה מובן שבחודש אלול צ"ל הוספה מיוחדת בלימוד התורה (וראה שיחת מוצאי ש"פ ראה, מבה"ח אלול ס"ז. כל"ה).

13) אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שם. בעה"ט עה"פ שה"ש ו, ג.

14) שה"ש שם.

15) ראה ברכי יוסף או"ח סתקפ"א ס"ו (הובא באלף למטה למט"א סתקפ"א סק"ו), שגם אלו שתמיד עסוקים בעניני הרבים וחיבורים, הנה בחודש אלול היו מניחים קצת לימודם, ומוסיפים בתפלה ובתחנונים.

16) ספר ערוגת הבושם בשם ר' אמרכל.

ומתנות לאביונים"[17], וואס דאס איז דער קו פון גמ"ח[18].

ג. נוסף לזה — דארף זיין אין דעם אלעם א הדגשה מיוחדת וואס איז פארבונדן מיט דער אויסגעטיילטקייט פון דעם אלול פון היינטיקן יאר — סיום שנה הששית, און הכנה צו שנת השמיטה:

שנת השמיטה ווערט אנגערופן "שבת לה'"[19], וואס ענינה איז — "שתהי' כל השנה הבטלה מעבודת האדמה מוכנת לעבודתו .. שגם עובדי האדמה כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה'"[20].

דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה — וויבאלד אז דעמאלט איז מען פנוי פון עבודת האדמה, ווערט באפרייט כו"כ זמן, גיט מען אפ די צייט אויף לימוד התורה[21].

ובפרט אז כללות ענין השבת (וואס שנת השמיטה איז "שבת לה'", בדוגמת "שבת בראשית"[22]) איז פארבונדן מיט דער הוספה אין לימוד התורה — ווי עס שטייט אין מדרש[23], און געבראכט אויך לפסק הלכה[24], אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "עשה לי קהילות גדולות בשבת כדי שילמדו הדורות הבאים אחריך להקהיל קהילות בכל שבת .. ללמוד בהם תורה לרבים".

און די הוספה אין לימוד התורה וואס דארף זיין אין שנת השמיטה, דארף זיך אנהויבן פון חודש אלול — וויבאלד אז "ל' יום לפני ר"ה" הויבן זיך שוין אן כמה דינים וואס זיינען פארבונדן מיט שנת השמיטה[25].

וואס דאס איז די הדגשה מיוחדת וואס דארף זיין אין קו התורה.

ד. עד"ז בנוגע צו קו העבודה — עבודת התפלה:

עיקר העבודה פון שבת איז — עבודת התפלה, ביז אז "בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת"[26].

וואס דערפאר דארף זיין אין שנת השמיטה א הדגשה מיוחדת אויף עבודת התפלה — וויבאלד אז שנת השמיטה איז "שבת לה'".

און אויך: ענינה פון שנת השמיטה איז כנ"ל — "כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה'", וואס "לדרוש את ה'" איז מודגש אין עבודת התפלה מער ווי אין לימוד התורה:

אין לימוד התורה איז טאקע דא און עס מוז זיין דער ענין פון "ברכו בתורה תחלה"[27], וואס דעמולט טראכט ער ומתקשר ומתאחד מיטן "נותן התורה"[28] — דאס איז אבער קודם הלימוד אבער באמצע הלימוד איז ער איינגעטאן אין דער הבנה והשגה שבתורה.

משא"כ אין עבודת התפלה, וואס כל ענינה איז התקשרות וחיבור מיטן אויבערשטן ("לדרוש את ה'") — וויבאלד

17) אסתר ט, כב.

18) ראה טור או"ח ריש סתקפא: ונוהגין .. לשלוח מנות לעניים ערב ר"ה כדכתיב.. ושלחו מנות לאין נכון לו. וראה בארוכה לקו"ש חי"ד ע' 360 ואילך.

19) בהר כה, ב־ד.

20) ספורנו עה"פ שם.

21) ראה סנהדרין צב, א. תניא פ"א.

22) פרש"י עה"פ שם, ב. וראה לקו"ש חי"א ע' 273 ואילך.

23) יל"ש ריש ויקהל.

24) שו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ג.

25) שביעית פ"ב מ"א. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ג ה"א.

26) ראה ירושלמי שבת פט"ו ה"ג. הובא בספר היראה לרבינו יונה אות רס. וראה תו"א הוספות קיג, א־ב. סידור רצז, ד. ובכ"מ.

27) נדרים פא, א. ב"מ פה, רע"ב.

28) ראה ב"ח — הובא בר"ן נדרים שם. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס מז. ב"ח או"ח סמ"ז.

אַז „תפלה הוא ל׳ חיבור כמו נפתולי אלקים נפתלתי"[29], ובלשון המשנה[30] התופל כלי חרס"[31].

וואָס דאָס איז די הדגשה מיוחדת אין קו העבודה — וואָס דאַרף זיין אין שנת השמיטה — און אויך „ל׳ יום קודם ר״ה", וויבאַלד אַז דעמולט הויבן זיך שוין אָן כמה דינים פון שנת השמיטה (כנ״ל ס״ג).

ה. עד״ז בנוגע צום קו פון גמ״ח:

אויף „שנה הששית" זאָגט דער אויבערשטער „וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים"[32].

און וויבאַלד אַז „אתם קרויין אדם"[33], ע״ש אדמה לעליון[34], איז פאַרשטאַנדיק אַז אַזוי דאַרף טאָן אַ איד דעם קו פון גמ״ח בשנה הששית, ובפרט בסיומה — אַלס הכנה צו שנת השמיטה.

און דאָ איז דער אָרט דערמאָנען נאָך אַמאָל דעם המדובר כמ״פ באריכה[35] אַז אַזוי ווי קודם חגה״פ דאַרף זיין דער ענין פון „מעות חטים" צו די וואָס דאַרפן אָנקומען דערצו[36], עד״ז דאַרף אויך זיין קודם חודש תשרי, צוליב דעם ריבוי אין ימי המעשה והמלאכה, און בעיקר צוליב די הוצאות מרובות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די ימים טובים פון חודש תשרי.

דאַרפן זיי מאַן אין דעם קו וביתר שאת וביתר עוז[37] — בדוגמת ברכתו של הקב״ה וואָס איז אין אַן אופן פון „ועשת את התבואה לשלש השנים".

ו. האמור לעיל איז אויך שייך צו נשי ובנות ישראל[38] — אַז זיי דאַרפן אויך מוסיף זיין אין די דריי קוין שעליהם העולם עומד:

אין קו התורה — ווי דער אַלטער רבי ברענגט אין הל׳ ת״ת[39] די ענינים אין תורה וואָס נשים זיינען „חייבות ללמוד",

אין קו העבודה (תפלה) — ווי ס׳איז נתפשט און נתקבל געוואָרן בכל מקום אַז נשים ובנות זיינען מתפלל (חאָטש בהפרטים אין דעם — זיינען דאָ חילוקי מנהגים),

און אויך אין דעם קו פון גמ״ח — ואדרבא ווי די גמרא[40] איז מבאר אַז עס קומט צו באַ זיי, מצד דעם וואָס „איתתא שכיחא בביתא" איז „מקרבא הנייתה".

ז. ויה״ר אַז דורך דער עבודה האמורה, (די הוספה אין די ג׳ קוין שעליהם העולם עומד) וואָס וועט געטאָן ווערן ע״י כל אחד ואחת מבנ״י, „איש וביתו"[41], וועט מען זוכה זיין אַז בקרוב ממש וועט זיין די יציאה פון דעם גלות און — „איש וביתו",

און מ׳וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו"[42], „ושמחת עולם על ראשם"[43].

און פראַווען די הכתרה פון מלך מלכי המלכים הקב״ה ברה אין א״י, „ארץ

29) ויצא ל, ח. וראה פרש״י עה״פ.
30) כלים פ״ג [illegible]
[illegible]
31) [illegible]
32) בהר כה, כא.
33) יבמות סא, רע״א.
34) [illegible] ב, ב. נא, ב. יבמות.
35) [illegible] חי״ד שם.
36) רמ״א או״ח ר״ס תכט. שו״ע אדה״ז שם ס״ה.
37) כי „מדתו של הקב״ה מדה כנגד מדה" (פס״ז

עה״פ שמות ג, ו. וראה סוטה ח, ב. ט, ב).
38) [illegible] בהשיחות המיוחדת דנשי ובנות ישראל [illegible] בנד הנרות [illegible] — ספר השיחות.
39) [illegible]
40) תענית כג, ב. כתובות סה, ב.
41) [illegible] באורה עה״פ שבת א, א (עמוד א, ה, ה).
42) בא י, ט.
43) ישעי׳ לה, י. נא, יא.

אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[44] — א"י בשלי־מותה, צוזאמען מיט כל ישראל בשלי־מותם, און צוזאמען מיט שלימות התורה.

און האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בגשמיות וברוח־ניות גם יחד, ביז צו — שנת גאולה, גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

• • •

ח. אזוי ווי ס'איז קרבה שנת השמיטה, איז מצוה לפרסם דעם פסק דין פון אלטן רבי'ן בשולחנו[45], אז „זמן הפרוזבול הוא לכתחילה בסוף הששית לפני ר"ה של שביעית". און אע"פ אז „עכשיו לא נהגו בפרוזבול במדינות אלו"[46] — זאגט דאך אבער דער אלטער רבי, אז „כל י"ש יחמיר לעצמו לעשות פרוזבול"[47].

[ויתירה מזו יש לומר, אז דאס וואס ער איז ממשיך אין דעם סעיף שלאח"ז: „וזמן הפרוזבול הוא לכתחלה בסוף הששית כו'" — קען מען פון דעם „לכתחלה" אפלערנען ניט נאר אויף זמן הפרוזבול (אז לכתחילה איז עס „בסוף הששית לפני ר"ה של שביעית שאף כו'"), נאר אויך אויף כללות הענין פון פרוזבול, אז אע"פ אז ער ברענגט פריער ד„עכשיו לא נהגו בפרוזבול", דארף מען לכתחלה יו מאכן א פרוזבול].

וואס דאס איז א דבר קל לתקן — מקבץ זיין „ג' אנשים כשרים שהם ב"ד ולומר להם הריני מוסר לכם כל החובות שיש לי שאגבה אותם כל זמן שארצה"[46].

און כדי צו מאכן דעם ענין קל יותר — איז כדאי, ווי געקעדט שוין אמאל בארוכה[48], צו מאכן דעם פרוזבול גלייך נאך התרת נדרים, ווען מ'האט פאר זיך (בלאה"כ) „ג' אנשים כשרים".

ט. כדי צו נאך מער פארלייכטערן די זאך — וואלט געווען א דבר נכון, אז יעדער רב, ראש ישיבה וכיו"ב, זאל צו זיך מצרף זיין נאך צוויי אנשים כשרים און אנשרייבן דעם נוסח הפרוזבול אויף א שטר — וואס דאן, קען יעדערער זיך מצרף זיין צום פרוזבול דורך בלויז חתמ'נען זיין נאמען אויפן שטר פרוזבול: אדער נאכמער — ער קען אפילו מאכן א שליח צו חתמ'נען פאר אים (אדער בעטן א צווייטן דורכן טלפון).

[נאך א מעלה איז דא אין עשיית פרוזבול כנ"ל (לגבי אמירת נוסח הפרוזבול לפני ג' אנשים): דער דין[46] איז, אז „אין פרוזבול מועיל אא"כ יש קרקע כ"ש ללוה או דבר המחובר לקרקע .. ואם אין לו מזכה לו המלוה קרקע כ"ש" — בשעת דאס ווערט געטאן דורך דעם רב, וואס ער (אדער איינער פון די „אנשים כשרים" וועלכע ער איז מצרף צו זיך) האט אן אייגענע הויז, איז גרינג צו באווארענען אז דער לוה זאל האבן קרקע — דורך דעם וואס דער רב וועט מקנה זיין די חתומים אויפ'ן שטר „קרקע כ"ש"].

און בשעת יעדער רב וראש ישיבה וכו' וועט מודיע זיין וועגן דעם מיט א פרסום הכי גדול, וועט מען זיכער קענען מזכה זיין כל אחב"י אין עשיית פרוזבול.

יוד. אפילו די וואס זיינען זיכער אז זיי האבן ניט קיין חובות וואס זיי דארפן

44) עקב יא, יב.

45) חו"מ הל' הלואה סעיף לז.

46) שם סעיף לה.

47) ולא רק (ש„י"ש יחמיר) לעצמו.

48) נדפס בלקו"ש חי"ז ע' 355.

איבערגעבן צו ב״ד, אדער זיי ווילן מוחל זיין דעם חוב וכיו״ב —

איז אזוי ווי ס׳איז דאך דא די חביבות פון אן ענין של דברי סופרים — בנדו״ד תקנת פרוזבול — וואס „ערבים עלי דברי סופרים יותר מדברי תורה״ [49],

און ס׳איז דא די חביבות אין דעם וואס ער ווייזט אז ער איז הולך בדרכיו און איז מקיים דעם פס״ד פון דעם אלטן רבי׳ן [וואס אזוי ווי למעלה איז „הוא וחכמתו אחד״, איז אזוי אויך בנוגע צו דער תורה הוראה פון דעם אלטן רבי׳ן און דעם אלטן רבי׳ן], אז „כל ירא שמים יחמיר לעצמו לעשות פרוזבול״, און „לכתחלה״ דארף מען מאכן א פרוזבול בסוף השמיטה (כנ״ל סעיף ח),

איז כדאי אז מ׳זאל (האבן א חוב [50], כדי אז מ׳זאל קענען) מקיים זיין דעם ענין פון פרוזבול.

און דורך דער הנהגה וועט מען זוכה זיין בקרוב צום קיום היעוד פון „לא יהי׳ בך אביון״ [51], ווייל אז בכל זה וועט דער ענין פון גמ״ח [52] אויך דאן זיין

[נים ווייל דער עשיר וועט דאן אנקומען צום גמ״ח — וואס דעמאלט איז ער דאך אן עני (אביון) באותה שעה — נאר]

בכדי צו האבן דעם „עמוד״ פון גמ״ח [53] (וואס איז פון די ג׳ עמודים שעליהם העולם עומד), ובעגלא דידן.

---

49) עיין לה, א ובר״ש שם.

50) ד״ה לחלק מבדיקת חמץ — דכאן הנוסח „הריני מוסר . . החובות״. ובפרט שגם בבדיקת חמץ נתפשט המנהג להניח פתיתי חמץ (שו״ע אדה״ז סתל״ב).

51) ראה שם, ד.

52) שהוא גם לעשירים (סוכה מט, ב).

53) ע״ד מ״ש במדרש (תנחומא משפטים ט״ו) „תליה את עצמי הוא בבדי להק״ב ...״ ... וראה בהנסמן בלקו״ש חכ״ד ... קונטרסים ח״א קיח, א ואילך.

א. ס'איז ידוע תורת הבעש"ט וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר בדענגט אראפ[1], אז דער אלטער רבי האט דערציילט אז זייענדיק אין מעזריטש האט ער געהערט פון דעם מגיד בשם דעם בעש"ט - אז "החודש השביעי שהוא החודש הראשון לחדשי השנה. הקב"ה בעצמו מברכו בשבת מברכים שהוא השבת האחרון דחודש אלול, ובכח זה ישראל מברכים את החדשים י"א פעמים בשנה".

און דערנאך איז ער ממשיך: "כתיב[2] אתם נצבים היום, דהיום קאי על ר"ה שהוא יום הדין, וכמ"ש[3] ויהי היום וגו' ותרגם והוה יום דינא רבא, ואתם נצבים קיימים ועומדים [און ווי רש"י[4] זאגט אויף "היום" - "כיום הזה שהוא קיים . . ומאיר כך האיר לכם וכך עתיד להאיר לכם"], והיינו שזוכים בדין",

איז "בשבת שלפני ר"ה שהוא השבת האחרון דחודש אלול קורין אז פרשת אתם נצבים [ווי דער אלטער רבי זאגט אין לקו"ת בתחלת פרשתנו אז "פרשה זו קורין לעולם קודם ר"ה"]. דזהו ברכתו של הקב"ה, בשבת מברכים חודש השביעי שהוא המושבע והמשביע ברוב טוב לכל ישראל על כל השנה".

ב. דער ביאור אין דעם דיוק אז "אתם נצבים היום" וואס "קאי על ר"ה" - איז "יום דינא רבא":

מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן דעם ענין פון י"ט כסלו, אז דאס איז בדוגמא פון א שטר שיצא עליו ערעור, און דערנאך איז ער מקוים געווארן אין ב"ד[5].

וואס איידער דער שטר איז מקוים געווארן אין ב"ד, איז עס אויך געווען א שטר כשר, און מ'האט זיך פארלאזט אויפן שטר - אבער דעמולט איז נאך אלץ דא א נתינת מקום צו אן ערעור, אז מ'זאל מערער זיין אויף די נאמנות פון דעם שטר;

משא"כ אבער לאחרי שיצא עליו ערעור און ער איז מקוים געווארן - באקומט דאס א גרעסערן תוקף, און ס'איז מער ניטא קיין חשש אויף אן ענין של ערעור, וויבאלד אז ס'איז שוין געווען אן ערעור און מ'האט דאס מקיים געווען[6].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדון דידן:

בשעת ס'איז דא דער ענין פון "יום דינא רבא", און

- אעפ"כ -

------------

1) היום יום ע' צ. כש"ט הוספות אות לא. וש"נ. 2) ריש פרשתנו. 3) איוב ב, א. 4) פרשתנו כט, יב. 5) לקו"ד כרך ג שצ, א-ב. 6) ראה טושו"ע חו"מ סמ"ו.

אעפ"כ איז "אתם נצבים קיימים ועומדים" און "זוכים בדין", ובפרט אז עס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ראש אב ב"ד, ועאכו"כ דורך דעם וואס איז העכער פון דעם גאנצן ענין פון ב"ד - באקומט דאס א גרעסערן תוקף, און אין אן אופן אז עס קען ניט זיין קיין ערעור, וויבאלד אז ס'איז געווען דער "דינא רבא", און ס'איז נתברר געווארן אז "זוכים בדין".

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז וואס דער דין איז גרעסער, "דינא רבא", באקומט דער "זוכים בדין" א תוקף גדול יותר - ווארום ס'איז געווען א "דינא רבא", און אעפ"כ איז געווארן דער "זוכים בדין".

וואס דאס איז דער כללות הענין פון כר־תת ברית - אז אין דעם איז ניט שייך קיין ביטול ה"ו, און אפילו ניט קיין חלישות, און אפילו ניט קיין שינוי, נאר דאס איז אן ענין נצחי וואס איז קיים לעד ולעולמי עולמים[7].

ג. און דאס איז אויך מתאים מיט כללות העבודה פון חודש תשרי (וואס דער שבת איז דאך שבת מברכים חודש תשרי) - עבודת התשובה:

דער רמב"ם[8] איז מבאר די מעלה פון בעלי תשובה לגבי צדיקים, אז א בע"ת איז "טעם טעם החטא ופירש ממנו וכבש יצרו", משא"כ די וואס "לא חטאו מעולם".

וואס דאס איז בדוגמת האמור לעיל וועגן א שטר שיצא עליו ערעור (דער רמב"ם זאגט ניט דעם לשון "ערעור", ער איז אבער מבאר דעם ענין פון א נסיון וכיו"ב, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון אן ערעור):

בשעת מ'רעדט וועגן צדיקים וואס "לא חטאו מעולם", קען מען ניט וויסן ווי אזוי וועלן זיי זיך פירן ווען עס וועט קומען א נסיון; משא"כ א בע"ת וואס ער איז שוין בייגעשטאנען דעם נסיון, ווארום "טעם טעם החטא ופירש ממנו וכבש יצרו" - איז עס בדוגמא צו א שטר שיצא עליו ערעור און מ'האט אים מקיים געווען.

און דערפאר זאגט מען אז "מקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[9] - ניט נאר אז "אינם עומדים"[10], נאר "אין יכולין לעמוד".

ד. אין תורת הבעש"ט הנ"ל איז אויך מודגש אז דאס איז - "שבת" -

---

7) ראה לקו"ת פרשתנו מד, ב. 8) הל' תשובה פ"ז ה"ד.
9) רמב"ם שם. 10) ברכות לד. ב.

"שבת מברכים חודש השביעי", און ניט חודש חשרי - והביאור בזה:

דער אפטייטש פון "חשרי" איז - "חישרי וחשבוק כל חובינו" (ווי עד טייטשט אפ אין מדרש[11]), ד.ה. אז ס'איז דא אן ענין של חטא ועון, נאר מ'זאגט אז "חישרי וחשבוק כל חובינו".

און דא איז מען מדגיש אז דאס איז "שבת מברכים חודש השביעי" (און ניט חודש חשרי) - דערפאר וואס דאס ווערט אויפגעטאן אין דעם אופן העבודה פון שבת, וואס בשבת טאר מען ניט דערמאנען קיין ענין פון חטא ועון, אפילו ניט צוזאמען מיט סליחת ומחילת העון[12].

ה. דערנאך איז מען ממשיך אין חורת הבעש"ט הנ"ל אז דער חודש השביעי איז דער חודש "המושבע והמשביע ברוב טוב לכל ישראל על כל השנה".

וואס דערמיט וואס מ'זאגט אז דערכולט ווערט נבשך "רוב טוב לכל ישראל על כל השנה" מיינט מען ניט נאר אויף דעם יאר ח"ו, נאר אויך על כל השנים שלאח"ז - ווארום דער ענין פון "שנה" איז כולל אין זיך אלע שינויי הזמנים פון "זרע וקציר וקור וחום וקיץ וחורף ויום ולילה"[13], ד.ה. אז די ברכות ווערן נמשך על כל הזמנים כולם.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן "שבוע" און "חודש" - מיט "שנה":

ווען עס ענדיקט זיך איין שבוע, הויבט זיך אן א צווייטער שבוע וואס האט אנדערע ענינים, און לאו דוקא אז די ענינים פון דעם פריערדיקן שבוע זיינען דא בשבוע הבא לאח"ז, ועד"ז ווען עס ענדיקט זיך איין חודש, הויבט זיך אן א צווייטער חודש אין אן אנדער אופן, ביז אז דער אפטייטש פון "חודש" איז מלשון חידוש[14], ד.ה. אז דער צווייטער חודש איז אין אן אופן פון חידוש לגבי דעם חודש שלפניו;

משא"כ בנוגע צו "שנה", וואס דער אפטייטש פון "שנה" איז מלשון "שני", ד.ה. אז עס חזר'ט זיך איבער נאכאנאנד[14].

עס איז טאקע דא דער אפטייטש אז "שנה" איז מלשון שינוי[15], אבער דער עיקר אפטייטש פון "שנה" איז מלשון שני, משא"כ בנוגע צו "חודש", וואס דאס איז נאר מלשון חידוש.

- דאס -

------------

11) פסדר"כ פיסקא כג - הוצאת באבער קנג, א. 12) ראה רמ"א או"ח סתקפ"ד ס"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ח. 13) נח ח, כב. 14) ראה ראב"ע עה"פ בא יב, ב. ס' השרשים לר' יונה בן ג'נאח ולהרד"ק ערך חדש. 15) רמ"ז לזח"ג רעז, ב. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

דאס איז טאקע אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[16] - אבער אלץ אין די זעלבע ענינים פון פאריקן יאר.

נאר אזוי ווי עס רעדט זיך וועגן "מקור הברכות", דער אויבערשטער, וואס ער איז א"ס האמיתי, איז פארשטאנדיק, אז אלעמאל איז נאך דא א נתינת מקום צו מוסיף זיין אין די ברכות, ביז אין אן אופן פון א"ב - ד.ה. אז אין חודש השביעי פון כל שנה קומט צו א הו[illegible] אין דעם אויבערשטנ'ס ברכוה, ועד"ז במשך כל חדשי השנה.

ו. און די ברכוה פון דעם אויבערשטן הויבן זיך שוין אן פון דעם שבת, וואס דאס איז דער בלירות הענין פון שבת מברכים חודש תשרי, אז דעמולט לייענט מען די פרשה פון "אתם נצבים", וואס דאס איז "ברכתו של הקב"ה".

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "דיבורו של הקב"ה [ובפרט אין אן אופן פון "ברכתו של הקב"ה"] חשיב מעשה"[17], ובפרט אז מ'לייענט דאס אין דער תורה מיט א ברכה לפני' ולאחרי', וואס אין דער ס"ת איז עס אנגעשריבן "בדיו על הקלף"[18], וואס דאס איז ניט נאר אן ענין של דיבור, "מעש זוטא"[19], נאר דאס איז "מעשה רבה".

און עס ווערט נמשך "ברכתו של הקב"ה, בשבת מברכים חודש השביעי שהוא המושבע והמשביע ברוב טוב לכל ישראל על כל השנה" -

אנהויבנדיק פון דער כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, און דערנאך דער גמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה.

און דערנאך "לשנה טובה בלימוד החסידות ודרכי החסידות תכתבו ותחתמו", און דערנאך א ליכטיקן חנוכה, און א פריילעכן פורים, און א חג הפסח כשר ושמח, און "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות",

כולל אויך דעם ענין פון "זמן שמחתנו" - אין חגה"ס וואס איז שוין אין חודש תשרי,

וואס די שלש רגלים זיינען כולל אין זיך אלע ימים טובים און מועדים פון כל השנה כולה.

און דערפון ווערט נמשך דער ענין השמחה על כל השנה כולה, וואס "שמחה פורץ גדר"[20] - אז מ'איז פורץ די גדרים

- פון -

------------

16) ברכות כח, א. 17) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 18) ל' אדה"ז בתניא פ"ד. 19) ראה ב"מ צ, סע"ב. סנהדרין סה, א. 20) ראה ד"ה שבת תשמח תרנ"ז ע' 40 ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון גלות, און כ׳קומט צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

ז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אתם נצבים.

* * *

צוה לנגן ופרצת.

ח. ס׳איז דאך רגיל אז אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת לערנט מען אפ א פסוק פון פרשת השבוע מיט פרש"י, און אויך אן ענין אין די הערות פון דעם מאמן אויפן זהר פון פרשה זו, און אין די שבתות וואס מ׳לערנט פרקי אבות - אויך א משנה אין דעם פרק פון היינטיקן שבת.

בנוגע צו פרש"י - וועט מען זיך אפשטעלן אויף פירוש רש"י אין קאפיטל ל׳ פסוק י"ט.

וואס אע"פ אז "קאפיטל" איז אווארט אין לע"ז (ניט אין לה"ק) - געפינט מען אבער אז דער צ"צ ברענגט אראפ בב"ב דעם ווארט "קאפיטל". וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז פון די ווערטער וואס מ׳האט מברר געווען פון די לשונות פון אומות העולם.

וכמבואר אין תו"א[21] אז דער חילוק צווישן לה"ק מיט די לשונות פון אוה"ע איז בדוגמת החילוק פון "אבנים" מיט "לבנים", וואס "אין אבנים בבבל"[22], אין בבל, וואס דאס איז דער מקום הגלות, זיינען ניטא קיין "אבנים", נאר "לבנים". און אויף דערויף זאגט מען "ותהי להם הלבנה לאבן"[23]. אז מ׳מאכט איבער פון די לשונות פון אוה"ע אז דערפון זאל ווערן "אבנים".

און ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק[24] [אין דער אגה"ק וואו עס רעדט זיך וועגן דעם ערעור אויף הורת הבעש"ט] אז "הבעש"ט ז"ל הי׳ אומר דברי תורה בל"א ולא בלה"ק".

דלכאורה: וויבאלד אז דער בעש"ט האט געזאגט דברי תורה פון תורת החסידות, וואס דאס איז דאך "קודש", און נאכמער: "קדשי קדשים". האט ער דאס געדארפט זאגן אין לה"ק - זעט מען אבער אז דוקא אין אידיש (ניט אין לה"ק) האט ער מגלה געווען די ענינים פון "רזין", ביז "רזין דרזין", וואס זיי-

- זיינען -

\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-

21) משפטים עז, ג ואילך. וראה גם סה"מ קונטרסים ח"א קמב, ב ואילך. ובכ"מ. 22) פרש"י עה"פ נח יא, ג. וראה גם מדרש תהלים עה"פ כד, כ. 23) נח שם. 24) סכ"ה (קמא, א).

זיינען נאך העכער פון נגלה דתורה (ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין).

און דאס איז אויך וואס מ'נוצט דעם לשון "קאפיטל", [illegible] לשון הרגיל בזה - "סימן", דערפאר וואס דאס איז פון די ווערטער וואס זיינען נתברר געווארן פון די לשונות פון אומות העולם.

און אע"פ אז "סימן" איז אויך ניט אין לה"ק, נאר דאס איז דער תרגום פון "ציון"[25] - געפינט מען דאך אבער אז "סימניי' אורייתא"[26], און דער ווארט "סימן" ווערט געברויכט בכ"מ אין גמרא און אויך אין משנה, ביז אז מ'זאגט וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פון די ווערטער פון תרגום וואס זיינען אריינגעשטעלט געווארן אין תורה, משא"כ בנוגע צו "קאפיטל" (וואס מ'געפינט ניט אין משנה און גמרא).

וואס דאס אלץ איז א מאמר המוסגר.

ט. בנוגע לענייננו - שטעלט זיך רש"י אויף "העדותי בכם היום את השמים ואת הארץ", און ברענגט אויף דעם צוויי פירושים.

און ווי מפרשי רש"י[27] שטעלן זיך שוין אויף דעם, און זיינען מבאר פארוואס איז דער ערשטער פירוש ניט גענוג, וואס דערפאר דארף רש"י אנקומען צום צווייטן פירוש, און פארוואס איז ער אבער פארט קרוב יותר צו פשט"ב ווי דער צווייטער פירוש, וואס דערפאר ברענגט אים רש"י אלס פירוש הראשון[28].

וואס יש לשאול ולהוסיף בכ"ז, אבער אין כאן מקומו - און איצטער וועט מען זיך נאר שטעלן אויף די פרטים פון דעם צווייטן פירוש.

י. אין דעם צווייטן פירוש ברענגט רש"י א גאנצע אריכות, וואס דאס איז גענומען פון ספרי, נאר אין ספרי איז עס אין פ' האזינו[29], און רש"י ברענגט דאס אראפ בפרשתנו:

"ד"א העדותי בכם היום את השמים וגו', א"ל הקב"ה לישראל [וואָרום דא רעדט משה בשמו של הקב"ה] הסתכלו בשמים שבראתי לשמש אתכם [וואס וויבאלד אז "בראתי לשמש אתכם", דארף מען אויף דעם קוקן און אפלערנען זיך] שמא שנו את מדתם, שמא לא עלה גלגל חמה מן המזרח והאיר לכל העולם,

- כענין -

------------

25) ראה עירובין נד, ב. 26) ב"כ כה, א. 27) שפ"ח ומשכיל לדוד כאן. 28) ראה גם לקו"ש חי"א ע' 141 ואילך. 29) לב, א.

כעניין שנאמר[30] "וזרח השמש ובא השמש. הכהכ"ו בארץ שבראתי לשמש אתכם שבא שנתה כדהה, שמא זרעתם אותה ולא צמחה, או שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים".

און דאס איז וואס כ'דארף זיך דערפון אפלערנען: "וכה אלו שנעשו לא לשכר ולא להפסד, אם זוכין אין מקבלין שכר ואם חוטאין אין מקבלין פורענות, לא שנו את מדתם, אתם שבא זכיתם תקבלו שכר ואם חטאתם תקבלו פורענות עאכו"כ".

איז דער פירוש רש"י מלא קושיות מתחלתו ועד סופו:

א) צוליב וואס דארף רש"י ברענגען א דוגמא אויף "שמא שנו את מדתם" – "שמא לא עלה גלגל חמה כו'", צוליב וואס דארף מען אנקומען צו א דוגמא?

ב) פארוואס ברענגט רש"י א דוגמא פון דעם שמש ("גלגל חמה") און ניט פון דעם עניין הגשמים:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז די פעולה פון "שמים" באשטייט אין ירידת גשמים, ווי ער האט שוין געלערנט אין פ' בחוקותי[31] ("ונתתי את שמיכם כברזל") און אין פ' תבוא[32] ("יפתח ה' לך את אוצרו הטוב את השמים לתת מטר ארצך"), און ווי מ'זאגט אין ק"ש[33] "ועצר את השמים ולא יהי' מטר", ד.ה. אז "ועצר את השמים", באשטייט אין דעם וואס "לא יהי' מטר" – האט רש"י געקענט ברענגען א דוגמא פון דעם עניין הגשמים?

ג) אפילו אויב רש"י דארף ברענגען די דוגמא פון שמש ("שמא לא עלה גלגל חמה"), איז ניט פארשטאנדיק פארוואס זאגט ער ניט "וכיו"ב", אז עס זיינען דא נאך דוגמאות – דער עניין פון "עלה גלגל חמה כו'" איז דאך ניט דער איינציקער עניין וואס איז דא אין "שמים", האט רש"י געדארפט זאגן (אדער מרמז זיין) אז עס זיינען דא נאך דוגמאות אויף דעם וואס "שמא שנו את מדתם"?

ד) פארוואס זאגט רש"י "גלגל חמה" – דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט וועגן "גלגלים" [וואס אין דערויף איז באר דא די מחלוקת אין פסחים[34] – צי די "חמה" דרייט זיך, אדער אז די "חמה" שטייט במקומה, און דער "גלגל" דרייט זיך] – איז צוליב וואס דארף רש"י דערמאנען דעם גאנצן עניין פון "גלגל (חמה)"?

ה) פארוואס זאגט רש"י "שמא לא עלה גלגל חמה מן המזרח" – וואס איז דא נוגע אז די חמה איז עולה, און "מן המזרח" דוקא?

– ו) פארוואס –

---

30) קהלת א, ה. 31) בו, יט. 32) כח, יב. 33) עקב יא, יז. 34) צד, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

ו) פארוואס זאגט רש"י "והאיר לכל העולם" - וואס איז נא נוגע אז די חמה איז מאיר לכל העולם?

ואדרבה: עס זיינען דאך דא נאך ענינים וואס די חמה טוט אויף - די וואדעמס, און די פועל'ס דעם ענין פון "ממגד תבואות שמש"[35] וכיו"ב - איז פארוואס איז דא רש"י מדגיש דעם ענין פון "והאיר לכל העולם"?

ז) צוליב וואס דארף רש"י ברענגען א ראי' "כענין שנאמר וזרח השמש ובא השמש" - דעד בן חמש למקרא זעט דאך אליין ווי די זון שיינט יעדן טאג, איז צוליב וואס דארף אים רש"י ברענגען א ראי' דערפון וואס שטייט "וזרח השמש ובא השמש"?

ח) רש"י וויל ברענגען א ראי' אויף דעם ענין פון זריחת השמש, איז צוליב וואס ברענגט ער דעם המשך הכתוב "ובא השמש"?

ט) רש"י זאגט "גלגל חמה", און ברענגט א ראי' דערפון וואס שטייט "וזרח השמש ובא השמש", וואס דאס איז גאר א ראי' לסתור, ווארום עס שטייט "שמש" און ניט "גלגל חמה"?

ועד"ז אויך בנוגע צו "ארץ":

י) צוליב וואס דארף רש"י ברענגען דוגמאות אויף "שמא שנחה מדחה"?

יא) רש"י ברענגט א דוגמא פון "שמא זרעתם אותה ולא צמחה" - וואס דאס איז ניט קיין שינוי אין מדת הארץ ("שנחה מדחה"), נאר ביטול מדת הארץ, וויבאלד אז "לא צמחה"?

און אויב מ'וועט זאגן (בדוחק) אז דאס איז ניט קיין ביטול פון מדה הארץ, וויבאלד אז א חלק דערפון האט זי יע מקיים געווען - זי האט מקבל געווען די זריעה וואס מ'האט אין איר געזייט, נאר "לא צמחה" - דארף מען פארשטיין: אין וואס באשטייט דאס וואס די ארץ איז מקבל די זריעה, ביז אז צוליב דערויף הייסט דאס וואס "זרעתם אותה ולא צמחה" - "שנחה מדחה", און ניט "בטלה מדתה"?

יב) פארוואס איז די דוגמא פון "זרעתם אותה ולא צמחה" ניט גענוג, וואס דערפאר דארף רש"י ברענגען נאך א דוגמא - "זרעוה חטים והעלתה שעורים" (ניט ווי בא "שמים", וואו ער באגנוגנט זיך מיט איין דוגמא)!

יג) צוליב וואס דארף רש"י ברענגען א דוגמא פון חטים

- און -

---

35) ברכה לג, יד. וראה תיב"ע ופרש"י עה"פ.

און שעורים, לכאורה וואלט ער געקענט זאגן זרעתם זרע אחד והעלתה זרע אחר, וואס רעמולט וואלט דאס כולל געווען אלע-ערליי זרעים?

דערנאך קומען צו קושיות וואס זיינען (ניט על אתר, נאר) ממקום אחר:

יד) ווי קען מען זאגן אז די ארץ האט ניט משנה געווען. מרתה - דער בן חמש למקרא האט דאך שוין געלערנט אין פרשת בראשית[36] אז דער אויבערשטער האט געזאגט "תדשא הארץ דשא גו' עץ פרי", און רש"י האט אים אפגעטייטשט "שיהא טעם העץ כטעם הפרי", און אעפ"כ האט די ארץ משנה געווען פון דעם ציווי, ווי רש"י זאגט "והיא לא עשתה כן אלא ותוצא הארץ וגו' ועץ עושה פרי ולא העץ פרי" - איז ווי קען מען זאגן אז די ארץ האט ניט משנה געווען מרתה?

טו) ווי קען מען זאגן אז די ארץ איז געמאכט געווארן "לא לשכר ולא להפסד . . אם חוטאין אין מקבלין פורענות" - רש"י האט דאך שוין געזאגט דארטן אז "לפיכך כשנתקלל אדם על עונו נפקדה גם היא על עונה ונתקללה", וואס דערפון זעט מען אז די "ארץ" האט באקומען אן עונש?

טז) אין דערויף קומט נאך צו דער דיוק הכללי:

וויבאלד אז אין ספרי ברענגט זיך דער גאנצער פירוש אין פ' האזינו, איז פארוואס ברענגט דאס רש"י אין פרשתנו?

וואס דאס איז מכריח צו זאגן אז ע"ד הדרוש וההלכה, וואס דאס איז דער דרך הלימוד פון ספרי, דארף מען אנקומען צו דעם ביאור נאר ווען מ'קומט צו פ' האזינו, כשא"כ בפרשתנו דארף מען ניט אנקומען צום ביאור;

און אין פשט"מ, וואס דאס איז דער דרך הלימוד פון פרש"י, איז גלייך בפרשתנו דארף מען שוין אנקומען צו דעם ביאור,

און בנוגע צו פ' האזינו - קען מען זאגן בדוחק אז רש"י פארלאזט זיך אז דער בן חמש למקרא געדיינקט דאס וואס ער האט ערשט געלערנט אין פ' נצבים. ארער אז דארטן דארף מען גארניט אנקומען צו דעם ביאור.

וכפי שיתבאר לקמן.

יא. אין די הערה פון טאטן[37] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס שטייט אין זהר[38] "וכל אינון בריין הוו אתיין וסלקין ונחתין

- ובהגלפיי -

------------

36) א, יא. 37) לקוטי [illegible] ע' [illegible]. 38) [illegible] רפד, ב.

ומחגלפין חמן", און ער פייםשט אפ: "הד' לשוגות ("אחיין ומלקין ונחתין ומתגלפין") י"ל לנגד הד' אותיות דשם הוי'".

וואס דאס איז מתאים דערמיט וואס מ'געפינט דעם מספר פון ד' דרגות אין כו"כ ענינים, אין עולמות וכו', ביז אויך אין שם הוי'.

מ'דארף אבער פארשטיין:

אין שם הוי' געפינט מען אויך דעם מספר פון עשר, כמבואר בכ"מ[39] אז די ד' אותיות פון שם הוי' צוזאמען מיט זייער מילוי, איז עס דער מספר פון עשר.

וכמדובר כמ"פ אז "עשר" איז מספר השלם[40], און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם פס"ד[41] בנוגע צום נוסח פון ברכת המזון, אז דעם זעלבן נוסח וואס מ'זאגט "בעשרה" זאגט מען אויך "במאה" און "באלף" אדער "בריבוא" - אע"פ אז ס'איז דא א דעה[42] אז "במאה" אדער "באלף" אדער "בריבוא" קומט צו אין דער קדושה, ובמילא דארף אויך צוקומען אין דעם נוסח פון ברכת המזון.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס א דבר שבקדושה איז פארבונדן מיט אן "עדה קדושה" - "עשרה"[43].

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער חילוק צווישן דעם מספר פון ד' מיטן מספר פון עשרה - ווען איז מען מדגיש די מעלה פון מספר ד', און ווען איז מען מדגיש די מעלה פון מספר עשרה?

יב. האמור לעיל (וועגן מספר ד' און מספר עשרה) איז אויך פארבונדן מיטן פרק פון היינטיקן שבת - ווי עס ברענגט זיך אין די לוחות אז אין דעם שבת לערנט מען פרק חמישי און פרק ששי - וואס גלייך אין דער התחלה פון פרק חמישי ווערן אויס-בעדעכנט כו"כ ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "עשרה", און דערנאך ווערן אויסגערעכנט כו"כ ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "ארבע".

וואס דער חילוק צווישן די ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "עשרה" מיט די ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "ארבע" איז:

די ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "עשרה", זיינען ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט וועלט, און אויך

- מיט -

---

39) סידור קסו, ב. ועוד. 40) פרדס ש"ב. 41) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב ס"א (ס"ג). 42) ברכות מט, ב במשנה. 43) שם כא, ב.

מיט אוה"ע (ניט נאר מיט אידן) - "בעשרה מאמרות נברא העולם"[44], וואס דא רעדט מען וועגן וועלט, ועד"ז "עשרה דורות מאדם ועד נח" און "עשרה דורות מנח ועד אברהם"[45], וואס דא רעדט מען וועגן ניט-אידן,

אדער ענינים וואס זיינען העכער פון טבע העולם, ענינים פון נסים - "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים"[46], און "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש"[47].

און די ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "ארבע", זיינען ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט אידן - אנהויבנדיק פון "ארבע מדות באדם, האומר שלי שלך וכו׳"[48], ועד"ז "ארבע מדות בדעות, נוח לכעוס ונוח לרצות וכו׳"[49],

וואס אע"פ אז די ענינים זיינען אויך שייך ביי אוה"ע (וויבאלד אז זיי זיינען אויך מחוייב אין גזל[50] וכו׳) - אעפ"כ, וויבאלד אז עס ווערט דא דערמאנט דער תואר "חסיד" וכיו"ב, איז פארשטאנדיק, אז עס רעדט זיך וועגן אידן.

ובנוסף לזה: די משנה זאגט "ארבע מדות באדם", און "אתם קרויין אדם"[51], איז פארשטאנדיק אז עס רעדט זיך וועגן אידן.

יב. וכמדובר כמ"פ אז די ענינים וואס שטייען אין מסכת אבות זיינען ענינים פון "מילתא דחסידותא"[52], א הנהגה לפנים משורת הדין, אין וועלכע מ׳איז ניט מחוייב ע"פ שלחן ערוך.

אנהויבנדיק פון "האומר שלי שלך וכו׳" - ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[53] אז דער דיוק בזה איז אז עס רעדט זיך וועגן "האומר כו׳":

די משנה רעדט ניט וועגן אופן הנהגתו בפועל - די הנהגה בפועל איז זיכער ווי עס דארף צו זיין (ווארום אויב ניט, איז עס היפך הדין, און עס האט ניט קיין שייכות צו "מילתא דחסידותא"), נאר די משנה רעדט וועגן "האומר שלך שלי ושלי שלי", אז וויבאלד זיין אמירה איז באופן כזה (אע"פ אז בפועל פירט ער זיך כדבעי, היפך דערפון וואס ער זאגט), איז מצד "מילתא דחסידותא" ווערט ער שוין אנגערופן בשם "רשע".

ועד"ז לאידך: אע"פ אז בנוגע לפועל קען ער יענעם גאר-ניט געבן, זאגט אבער די משנה אז "האומר שלי שלך ושלך שלך",

- ווערט -

------------

44) משנה א. 45) משנה ב. 46) משנה ד. 47) משנה ה. 48) משנה י. 49) משנה יא. 50) סנהדרין נו, סע"א. רמב"ם הל׳ מלכים רפ"ט. 51) יבמות סא, רע"א. 52) ראה ב"ק ל, א. 53) מוצאי ש"פ ראה, מבה"ח אלול מב"ו ואילך.

ווערט ער אנגערופן בשם "חסיד" מצד די אמירה גופא, אע"פ אז בנוגע לפועל קען ער דאס ניט אויספירן.

ועד"ז בנוגע צו דער משנה "ארבע מדות בדעות" - אז דא רעדט זיך ניט וועגן דעם אופן ההנהגה בנוגע לפועל (דאס איז זיכער כדבעי, כנ"ל), נאר וועגן "דעות".

און דאס איז וואס די משנה זאגט "קשה לכעוס וקשה לרצות, יצא שכרו בהפסדו" - וואס די כוונה בזה איז ניט אויף צו מאכן אים שווער אויפן הארצן [וואָרום וויבאלד אז תורה איז "תורה חסד"[54], איז פארשטאנדיק אז די עניינים וואס תורה זאגט זיינען אן ענין של חסד], נאר אז ער זאל זיך איבערמאכן און ער זאל ווערן "נוח לרצות".

און ווי דער רמב"ם[55] איז מבאר אז דאס וואס דער טבע פון א מענטשן איז באופן מסוים, איז עס ניט כדעת הטועים אז דאס איז מכריח אז ער זאל זיך פירן באופן כזה, עס איז מער-ניט וואס מצד טבעו האט ער א נטי' צו דעם ענין, ער האט אבער די בחירה צו איבערמאכן זיין טבע.

ועד"ז בנוגע צו "נוח לכעוס ונוח לרצות, יצא הפסדו בשכרו" - ער זאל זיך ניט אראפפאלן און זיך ניט מייאש זיין דערפון וואס זיין טבע איז אין אן אופן פון "נוח לכעוס" - וויבאלד אז "יצא הפסדו בשכרו" מצד דעם וואס ער איז "נוח לרצות",

און דאס איז נאך ניט מספיק, נאר ער דארף זיך איבער-מאכן אז ער זאל זיין "קשה לכעוס ונוח לרצות".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער משנה "ארבע מדות בתלמידים"[56].

ווען כ'קומט אבער צו דער משנה "ארבע מדות בנותני צדקה"[57] - איז ניט פארשטאנדיק: צווישן די "ארבע מדות" רעכנט מען אויס "יתנו אחרים והוא לא יתן", און "לא יתן ולא יתנו אחרים", איז לכאורה, וויבאלד אז "לא יתן", איז ווי קען ער אריינגיין אין דעם כלל פון "נותני צדקה"?

לכאורה וואלט מען געקענט זאגן אז דא רעדט זיך אויך ניט וועגן "נותני צדקה" בפועל, נאר וועגן "ארבע מדות בנותני צדקה", ד.ה. אז בפועל גיט ער טאקע צדקה, נאר ער וויל ("הרוצה כו'") אז "יתנו אחרים והוא לא יתן", אדער אז "לא יתן ולא יתנו אחרים".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק, וואָרום וויבאלד

- אז -

------------

54) משלי לא, כו. 55) שמונה פרקים פ"ח. 56) משנה יב. 57) משנה יג.



הנחה הת' בלתי מוגה

אז עס רעדט זיך ניט וועגן "נותני צדקה" בפועל, נאר וועגן "מדות בנותני צדקה" - איז בשעה זיין מדה איז אז "לא יתן ולא יתנו אחרים", האט ער ניט קיין מדה פון "נותני צדקה". איז פארוואס גייט ער אריין אין דעם כלל פון "ארבע מדות בנותני צדקה"?

ועד"ז איז ניט פארשטאנדיק בנוגע צו "ארבע מדות בהולכי בית המדרש"[58]:

איינער פון די "ארבע מדות בהולכי בית המדרש" איז "לא הולך ולא עושה" - איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "לא הולך ולא עושה", איז פארוואס ווערט ער נכלל צווישן די וואס זיינען "הולכי בית המדרש"?

וכפי שיתבאר לקמן.

יד. כאן המקום צו דערמאנען וועגן דעם ענין פון "הכנסת אורחים", וואס כ'דארף דאס ניט דערמאנען בכל שנה ושנה, דערפאר וואס דאס איז א דבר הפשוט ומובן:

אזוי ווי עס קומען דאך כו"כ אורחים, און בא זיי איז דא "טלטולי דגברא". וואס "טלטולי דגברא קשין מדאיתתא"[59],- דער טלטול פון נשים איז אויך א שווערע זאך, אבער "טלטולי דגברא קשין מדאיתתא", אז בא זיי איז עס נאך שווערער -

זיינען דא די וואס האבן מסדר געווען דעם ענין פון "הכנסת אורחים". און זיי באזארגן די אלע אורחים מיט אש"ל. אכילה, שתי' און לינה[60] - און עס קומט זיי פאר דעם א גרויסן "יישר-כח".

דערביי דארף מען אבער באווארענען אז מ'זאל ניט טראכטן אז אזוי ווי ס'איז דא איינער, אדער עטליכע, וואס טוען אין דעם ענין פון "הכנסת אורחים". קען ער זיך שוין לייגן שלאפן, און ער דארף גארניט טאן אין דעם, וויבאלד אז ס'זיינען שוין דא די אחראים וואס טוען שוין אין דעם ענין - נאר יעדערער דארף ארויסהעלפן און טאן אין דעם ענין פון "הכנסת אורחים".

און אפילו די וואס זיינען פארנומען מיט אנדערע ענינים, און ענינים טובים, ביז אפילו "יושבי אוהל", דארפן זיי אויך אראפנעמען מזמנם און פארנעמען זיך מיט דעם ענין פון "הכנסת אורחים".

טו. און אזוי ווי כ'זאגט דאך אז "לעולם יעסוק אדם בתורה

- ומצוות -

------------

58) משנה יד. 59) כתובות כח, א. סנהדרין כו, סע"א.
60) ראה סה"כ תש"פ ע' 94 בהערה.

ומצוות אע"פ שלא לשמה"[61] - קען מען זיך אריינטראכטן אין דעם ענין השכר והרות שבזה, כמדובר כמ"פ וועגן דעם משל הידוע וואס ברענגט זיך אין ספרי מוסר:

בשעת מ'וועט קומען צוגיין אפילו צו א "יושב אוהל", און מ'וועט אים זאגן ער זאל אפגעבן א ביסל צייט אויף א געווויסן עסק, און דורך דעם וועט ער פארדינען "אלף אלפים דנרי זהב ואבנים טובות ומרגליות" (בלשון המשנה פון היינטיקן פרק[62]), און מ'זאגט אים אז ער האט ניט וואס צו פארלירן, ווארום עס זיינען דא די וואס פארנעמען זיך און טוען אין דעם עסק, און ער דארף נאר אפגעבן אויף דעם א ביסל צייט -

וועט מסתמא אפילו א "יושב אוהל" ניט פארלאזן זיך אויף אנדערע, אע"פ אז ער ווייסט אז די געלט וועט גיין אין אידישע הענט, נאר ער וועט אליין אפגעבן א ביסל צייט מזמנו צוליב דעם עסק, כדי צו פארדינען די "אלף אלפים דנרי זהב ואבנים טובות ומרגליות", וואס דעמולט וועט ער קענען געבן א סאך געלט אויף צדקה, אויפשטעלן ישיבות און כוללים, מיט אלע גוטע זאכן, און ער וועט אליין קענען זיצן און לערנען מתוך מנוחה.

מ'דארף ניט רעדן קיין ענין בלתי רצוי אויף אידן, ובפרט ווען מ'שטייט אין חודש אלול, און נאך ח"י אלול, און אין שבת סליחות - אבער אעפ"כ, בנוגע צו די פאר אידן וועלכע איך קען, בין איך משער סבע נפשם אז מ'וועט קענען פועל'ן אויף זיי מפסיק זיין פון דעם לערנען כדי שיעור הילוך מיל (ובפרט לויט דער דעה אז דער שיעור הילוך מיל איז נאר 18 מינוט, און ניט 24 מינוט[63]), און פארנעמען זיך מיטן עסק כדי צו האבן דעם רוח.

מ'וועט זיי טאקע דארפן נויטן און מכריח זיין אויף צו מפסיק זיין אין דעם לערנען, אבער סוכ"ס וועט מען קענען פועל'ן אויף זיי - ובלשון ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר פלעגט זאגן, אז דאס איז "באונס וברצון". מ'איז אים טאקע מכריח צו טאן דאס, אבער ער וויל דאס.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לעניננו - אז אפילו דער וואס איז א "יושב אוהל", דארף ער אפגעבן א חלק קטן מזמנו (קטן בכמות, אבער גדול באיכות) אויף צו פארנעמען זיך מיט דעם ענין פון "הכנסת אורחים".

און דערפאר בעט מען מיט אלע לשונות של בקשה, אז

- יעדערער -

------------

61) פסחים נ, ב. 62) פ"ו מ"ט. 63) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סהנ"ס ב"י. יש"נ.

יעדערער זאל ארויסהעלפן און טאן אין דעם ענין פון "הכנסה אורחים", און יעדערער זאל וויסן אז מ'מיינט ניט אז א צווייטער זאל טאן, נאר מ'מיינט טאקע אים אליין.

טז. נוסף אויף דעם ענין פון "הכנסת אורחים" וואס באשטייט אין אכילה ושתי' און לינה כפשוטו, איז אויך דא דער ענין פון אכילה ושתי' און לינה ווי דאס איז ברוחניות העינינים -

וואס דאס איז פארבונדן מיט די שיעורים אין לימוד התורה, וואס דאס איז דער ענין פון אכילה ושתי', און אויך דער ענין פון לינה - אז מ'לייגט זיך שלאפן מיט אן ענין אין תורה וואס מ'האט געלערנט, אדער מיט דער התבוננות אין כוונת התפלה, און אין דער כוונה פון ק"ש שעל המטה וכו'.

וואס דאס איז אויך וואס לימוד התורה דארף זיין ביום און בלילה, ביז אז אפילו דער וואס זיין חיוב אין לימוד התורה איז מערניס ווי "פרק אחד", דארף עס אבער זיין "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית"[64], אויך בלילה קודם השינה, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לינה.

און די שיעורים אין לימוד התורה זאלן זיין בפרט אין הלכות החג - ווי דער אלטער רבי[65] זאגט בא יעדער יו"ט דארף מען לערנען "הלכות הרגל שלשים יום לפני הרגל" (אע"פ אז אין טור און אין שו"ע המחבר געפינט מען דאס נאר בנוגע צו חגה"פ)*

און דאס איז אויך כולל דער לימוד פון די ענינים וועלכע ברענגען צו אהבת ה' און יראת ה' (ווי ס'איז כבואר אין קונטרס התפלה און אין קונטרס העבודה) - וויבאלד אז אהבה ויראה זיינען מצוות שהזמ"ג, און זמנם איז בכל השנה כולה, ווי געבראכט כמ"פ פון חינוך[66].

יז. האמור לעיל וועגן די שיעורים אין לימוד התורה (אין הלכות החג וכו') - איז שלא כדעת הטועים אז דאס איז געזאגט געווארן נאר בנוגע צו די אורחים, אז וויבאלד זיי מאטערן זיך טיי-ווי, זאלן זיי זיך אויך מאטערן מיט די שיעורים אין לימוד התורה, משא"כ בנוגע צו די היגע וואס געפינען זיך דא און זיינען "שוקטים על שמריהם", זיי זיצן אויף די הויבן'ס און שלאפן -

- נאר -

------------

*) ראה באחרונים בציוני המשנ"ב ועוד בזה. ולהעיר שגם לדעת אדה"ז אין נוהגין כך ל' יום לפני ר"ה (ואף דהל' תקיעות נוגע להתוקע - הרי יש בו כל דיני יו"ט כמו בשבועות). ואכ"כ.

------------

64) מנחות צט, ב. 65) שו"ע או"ח רסהכ"ס. 66) באגרת המחבר בריש הספר (בסופה).

נאר כ'רעדט אויך יועגן די וואס געפינען זיך דא, אז וויבאלד כ'געפינט זיך אין חודש אלול, און נאך ח"י אלול, און מ'שטייט שוין אין שבת סליחות, דארפן זיי זיך אויפכאפן פון שלאף, און מוסיף זיין אין די שיעורים פון לימוד התורה.

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז די אורחים וואס מאטערן זיך און זיינען ניט אויסגעשלאפן וכו' זיינען זיי מוסיף אין די שיעורים פון לימוד התורה, איז עאכו"כ בנוגע צו די וואס געפינען זיך דא, וואס זיי שלאפן אויף די אייגענע בעט, און עסן די אייגענע עסן - דארפן זיי זיכער מוסיף זיין אין די שיעורים פון לימוד התורה.

ואדרבה: וויפל די אורחים זיינען מוסיף אין די שיעורים פון לימוד התורה, דארפן די היגע בעלי-בתים מוסיף זיין צוויי מאל אזוי פיל, און מיט וויפל חיות עס לערנען די אורחים, דארפן די היגע לערנען מיט נאכמער חיות.

יח. בנוגע להאמור לעיל אז אפילו "יושבי אוהל" דארפן אפגעבן מזמנם און ארויסהעלפן אין דעם ענין פון "הכנסת אורחים" - קומט צו נאך א זאך:

עס ברענגט זיך אין אחרונים[67] אז אפילו די וואס בכל השנה כולה איז עסקם אין לימוד התורה, איז ווען עס קומט חודש אלול, דארפן זיי ממעט זיין אין דעם זמן פון לימוד התורה, און מוסיף זיין אין תפלה ותחנונים.

און כדי אז די תפלה ותחנונים זאל זיין ווי עס דארף צו זיין, דארף מען דאך האבן די הקדמה פון ענין הצדקה - ווי כ'זעט אז אמירה הסליחות הויבט זיך אן מיט "לך ה' הצדקה"[68].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך די "יושבי אוהל" דארפן אפגעבן בזמנם אויף צו ארויסהעלפן און מאן אין דעם ענין פון "הכנסת אורחים", וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון צדקה - נוסף אויפן גודל המעלה פון "הכנסת אורחים", וואס "גדולה הכנסת אורחים יותר מהקבלת פני שכינה"[69].

יט. ויה"ר אז אלע צוזאמען זאלן מוסיף זיין און טאן אין די ענינים האמורים לעיל, אין אן אופן פון "כולכם", "לאחדים כאחד"[70] וואס דאס וועט זיין די הכנה המתאימה צו ראש השנה.

- וואס -

-------------

67) ברכ"י או"ח סתקפ"א ס"ו. הובא באלף למטה למט"א שם בקפ"ו. 68) ל' הכתוב - דניאל ט, ז. 69) שבת קכז, א. 70) לקו"ת ריש פרשתנו. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1111 ואילך.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון ר"ה - איז אזוי ווי ס'איז דא דער ר"ה אין זמן, איז אויך דא דער ר"ה אין עולם, וואס דאס איז דער ענין פון ארץ ישראל[71], "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[72], ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[73] - וועט בקרוב ממש זיין די כניסה אין א"י כפשוטו, אזוי אז אמירת הסליחות וועט שוין זיין אין א"י, און אין בית המקדש השלישי.

און בדרך ממילא וועט מען פראוועןן די הכתרת המלך בר"ה (דורך תק"ש) אין א"י און אין ביהמ"ק השלישי, וואס אין "מקדש" מעג מען בלאזן שופר אויך אין "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת"[74], און ניט נאר אז מ'מעג, נאר אדרבה: דאס איז גאר א מצוה נעלית ביותר.

און אלס הכנה לזה וועט זיין נאך פאר ר"ה דער "תקע בשופר גדול לחרותנו",

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

ב. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דאס וואס רש"י זאגט "גלגל חמה" איז - אויף צו מבאר זיין די שייכות דערפון מיט "העדותי בכם היום את השמים":

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט "העדותי בכם היום את השמים", וואס דער פירוש בזה איז "הסתכלו בשמים כו'" - איז וואס פאר א שייכות האט דאס צום שמש, דער שמש איז דאך ניט קיין חלק פון "שמים", נאר ס'איז א בריאה בפ"ע (פון צבא השמים), ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס די "שמים" זיינען באשאפן געווארן ביום השני, און ערשט ביום הרביעי איז געווען דער ענין פון "יהי מאורות ברקיע השמים"[75] - איז וואס פאר א שייכות האט דאס מיט "הסתכלו בשמים"?

און דערפאר זאגט רש"י "גלגל חמה" - וואס דער "גלגל" איז א חלק פון "שמים", במילא קען מען זאגן אויף דערויף "הסתכלו בשמים כו'".

און דערפאר איז רש"י מוסיף "עלה גלגל חמה מן המזרח":

וויבאלד אז מ'רעדט דא וועגן די פעולה פון "שמים", "גלגל חמה", וואס ער איז מאיר דורך דעם שמש וואס געפינט

- זיך -

------------

71) לקו"ת הבוא כא, ג. 72) ר"ה כט, ב במשנה. 73) עקב יא, יב. 74) ב"ד. 75) בראשית א, יד.

זיך אין אים - זאגט רש"י "עלה גלגל חמה מן המזרח", וויבאלד "מזרח" איז איינער פון די ד׳ רוחות השמים.

און רש"י דארף ניט מבאר זיין די שייכות פון "מזרח" ("שמים") צו באלייכטן און מאיר זיין - וויבאלד אז בפשטות איז "מזרח" מלשון זריחה[76].

כא. עס איז אבער נאך אלץ דא א שאלה אין כללות הענין:

ווי קען מען זאגן צו אידן "הסתכלו בשמים שבראתי לשמש אתכם שמא שנו את מדתם, שמא לא עלה גלגל חמה מן המזרח כו׳" - דער שמש איז דאך ניט קיין בעל בחירה, און דערפאר פירט ער זיך לויט ווי ער איז באשאפן געווארן, אבער ביי א אידן דארף דאך זיין דער "ובחרת בחיים", ער קען טאן באופן הפכי, און מ׳זאגט אים אן "ובחרת בחיים" - איז ווי קען מען מאנען פון א אידן ער זאל זיך אפלערנען דערפון וואס דער שמש איז ניט משנה את מדתו?!

וואס פונקט אזוי ווי מ׳זאגט ניט אז מ׳דארף זיך אפלערנען דערפון וואס אן "אבן" איז ניט משנה את מדתו, וואס דער טבע האבן איז אז בשעת מ׳ווארפט אים פאלט ער מלמעלה למטה, וועט דאך קיינער ניט זאגן אז א איד דארף זיך אפלערנען דערפון וואס דער אבן איז ניט משנה את מדתו, וויבאלד אז דער אבן איז ניט קיין בעל בחירה, ער מוז אראפ-פאלן, צי ער וויל יע צי ער וויל ניט - איז אזוי אויך בנוגע צום שמש, אז מצד דערויף וואס ער איז ניט קיין בעל בחירה, קען זיך א איד (א בעל בחירה) דערפון ניט אפלערנען.

וואס אע"פ אז דער רמב"ם[77] זאגט טאקע אז "כל הכוכבים והגלגלים בעלי נפש ודעה והשכל הם", און ניט קיין דומם (אזוי ווי אן אבן) - איז ווען מ׳לערנט אבער מיט א בן חמש למקרא, זאגט אים דער מלמד אז דער שמש איז א גרויסער פייער (דערפאר וואס אזוי שטייט אין מדרש[78]), עס איז אבער ניט קיין לעבעדיקע זאך וואס קען האבן בחירה (נאר אזוי ווי אן אבן).

[און ווי מ׳זעט אז בנוגע צו בעלי-חיים האט דער אויבערשטער געזאגט אז "מוראכם וחתכם יהי׳ על כל חית הארץ גו׳"[79], דערפאר וואס לולא זאת וואלט געקענט זיין באופן אחר, משא"כ יוען מ׳רעדט וועגן צומח און דומם, וואס דעמולט דארף מען דאָ-צו ניט אנקומען].

אויף דערויף זאגט רש"י "כענין שנאמר וזרח השמש ובא השמש":

- וויבאלד -

------------

76) אוה"ה כמעי ע׳ א׳שצז. 77) הל׳ יסוה"ח פ"ג ה"ט.
78) ראה ב"ר פ"ו. ו. 79) נח ט, ב.

וויבאלד אז ס'שטייט "וזרח השמש ובא השמש", אז דער שמש אליין איז זורח, און דער שמש אליין גייט אפ, ניט "והובא השמש" (דורך דעם אויבערשטן. ע"ד ווי עס שטייט[80] "המוציא במספר צבאם"), נאר "ובא השמש", דער שמש אליין קומט צוגיין, איז פארשטאנדיק, אז דער שמש איז א בעל בחירה.

און אויך: וויבאלד אז מ'זעט אז ס'איז דא סיי דער ענין פון "וזרח השמש" און סיי דער ענין פון "ובא השמש", וואס "וזרח" און "ובא" זיינען ענינים הפכיים - זעט מען דאך אז דער שמש טוט ניט די גאנצע צייט די זעלבע פעולה, נאר אמאל איז "וזרח השמש" און אמאל איז "ובא השמש", איז דערפון פארשטאנדיק אז דער שמש איז א בעל בחירה, און דערפאר קען מען זאגן א אידן אז ער זאל זיך אפלערנען דערפון וואס דער שמש איז ניט משנה את מדתו.

כב. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט די דוגמא פון שמש, און ניט פון דעם ענין הגשמים:

בנוגע צו דעם ענין פון גשמים, קען מען ניט זאגן אז די שמים "לא שנו את מדתם", ווארום עס איז דא אמאל וואס עס גייען ניט קיין גשמים - ווען ס'איז א שנת בצורה, וואס דעמולט גייען ניט קיין גשמים.

דערפון וואס עס טרעפט אז עס גייען ניט קיין גשמים לאחר מ"ת, איז קיין ראי' ניט אז די "שמים" זיינען משנה את מדתם, ווארום דעמולט קען מען זאגן אז דאס איז פארבונדן מיט אן עונש פון דעם אויבערשטן (און ניט אז די שמים זיינען משנה את מדתם);

מ'געפינט דאך אבער דעם ענין פון בצורת און רעב אויך קודם מ"ת - ווי עס שטייט ביי אברהם אבינו "ויהי רעב בארץ וירד אברם מצרימה"[81], ועד"ז געפינט מען די "שבע שני השבע" און "שבע שני הרעב" וואס זיינען געווען בזמן יוסף[82] - וואס א רעב איז פארבונדן דערמיט וואס עס גייען ניט קיין גשמים, וואס דעמולט וואקסט ניט קיין תבואה (און עס קען ניט זיין דער "ויזרע גו' וימצא בשנה ההיא מאה שערים"[83]).

און דערפאר ברענגט מען ניט קיין דוגמא פון גשמים, נאר פון דעם שמש - וויבאלד אז בנוגע צו גשמים געפינט מען אז די שמים "שנו את מדתם". משא"כ בנוגע צום שמש.

כג. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

- דער -

------------

80) ישעי' מ, כו. 81) לך לך יב. י. 82) מקץ מא, נג ואילך. 83) תולדות כו. יב.

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט וועגן יעקב אבינו אז "וילן שם כי בא השמש"[84], און רש"י טייטשט אפ אז "שקעה לו חמה פתאום שלא בעונתה" - זעט מען דאך אז דער שמש האט יא משנה געווען את מדתו, איז ווי זאגט רש"י אז דער שמש האט ניט משנה געווען את מדתו?

איז דער ביאור בזה:

א) בא יעקב׳ן איז עס געווען אן ענין של נס, וואס דאס איז אן איין-מאליקע זאך וואס איז פארבונדן מיט "ה׳ נסי"[85], און ס׳איז ניט דער טייטש אז דער שמש האט משנה געווען את מדתו.

ובדוגמא ווי מ׳קען ניט זאגן אז דער ענין פון "הנני ממטיר לכם לחם מן השמים"[86] איז אן ענין וואס די שמים "שנו את מדתם" (דערפאר וואס "לחם" מיט "שמים" זיינען באזונדערע ענינים - ווי קומט דער ענין פון "לחם" צו "שמים") - וויבאלד אז דאס איז אן ענין של נס.

ב) אין דעם ענין פון "עלה גלגל חמה מן המזרח כו׳", איז טאקע ניט געווארן קיין שינוי, דער שינוי איז באשטאנען נאר אין דעם וואס דער "בא השמש" איז געווען פריער ווי יעדן טאג.

כד. עפ"ז ווערט אבער אן אנדער שאלה:

וויבאלד אז בשמים זיינען אויך פארבונדן מיט "שמים" (כנ"ל ס"י), און בנוגע צו דעם ענין פון בשמים האבן די "שמים" משנה געווען את מדתם - איז פארוואס זאל מען זיך אפלערנען פון דעם שמש וואס האט ניט משנה געווען את מדתו, און ניט פון בשמים וואס האבן יא משנה געווען את מדתם?!

אויף דערויף זאגט רש"י "והאיר לכל העולם":

דער ענין פון דעם שמש איז אז ער באלייכט די גאנצע וועלט, כולל אויך אז ער באלייכט דעם לעבן פון א אידן, אז ער זאל וויסן ווי אזוי ער דארף זיך פירן.

און דערפאר זאגט דער אויבערשטער צו אידן "הסתכלו בשמים שבראתי לשמש אתכם שמא שנו את מדתם, שמא לא עלה גלגל חמה מן המזרח והאיר לכל העולם" - אז וויבאלד "בראתי לשמש אתכם" [וואָרום די גאנצע וועלט איז דאך באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית". וגאס דאס איז פארבונדן מיט "בשביל התורה שנקראת ראשית"[87], וואס דאס האט שוין דער בן

- חמש -

------------

84) ויצא כח, יא. 85) ל׳ הכתוב - בשלח יז. טו.
86) שם טז. ד. 87) פרש"י ר"פ בראשית.

חכמ"ל מקרא געלערנט . און אין דערויף גופא איז עניינו פון דעם שבת אז "האיר לכל התבל". עס באלייכט דעם לעבן פון א אידן - דארף זיך א איד אפלערנען פון הנהגת השמש.

פון גשמים קען מען (און מ'דארף) אויך אפלערנען ענינים של מוסר וכו' - וועט מ'איז אבער דא אן ענין וואס בשמים זיינען משנה את מדתם, איז ניט אין דערויף באשטייט די הוראה וואס ער דארף אפלערנען פון דעם ענין הגשמים.

כה. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

עס זיינען דא אזוינע וואס ווילן ניט מקיים זיין תורה ומצוות, זאגנדיק אז זיי האבן שאלוה וכו' - דארפן זיי זיך אפלערנען דערפון וואס דער שמש האט ניט משנה געווען את מדתו:

גלייך ווען א מענטש שטייט אויף פון שלאף, זעט ער אז דער "גלגל חמה" איז עולה מן המזרח און איז מאיר לכל העולם - וואס דער שמש האט אויך טענות אז ער וויל ניט באלייכטן די וועלט. און מ'דארף אים נויטן צו באלייכטן, ווי די גמרא** זאגט אז "בכל יום ויום יורין בהן (אין די שמש וירח) חיצין וחניתות ומאירים" וואראום ער וויל ניט באלייכטן די וועלט, דערפאר וואס עס זיינען דא אזוינע מענטשן וואס מאכן פון אים אן ע"ז - און אע"פ אז דער שמש האט טענות וכו', איז ער אבער ניט משנה את מדתו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א מענטש כאפט זיך אויף פון שלאף, און ער וויל ווייטער שלאפן דערפאר וואס עפעס טוט אים וויי, אדער אז ער איז פאר'דאגה'ט פון זיינע עסקים וואס ער דארף דורכפירן במשך פון דעם טאג, ובכלל קען ער זיך ניט מתעסק זיין מיט די ענינים פון עבודת ה' ווי עס דארף צו זיין, ווייבאלד אז ער דארף אויס-רעכענען די אלע ענינים וואס ער דארף טאן במשך פון דעם טאג - און ער טענה'ט אז תורה זאגט אז עס דארף זיין "בכל אשר תעשה"*** -

זאגט מען אים אז ער דארף א קוק טאן אויפן שמש. און אפלערנען זיך דערפון וואס דער שמש איז ניט משנה את מדתו.

* * *

כו. דער המשך הביאור אין פירוש רש"י:

נאך דערויף וואס רש"י איז מבאר דאס וואס די משנה "לא שנו את מדתם", איז ער ממשיך: "המהלל בארץ שבראתי ישמש

- אהכ -

------------

**) נדרים לב, ב. [illegible]

אתכם שמא שנתה מדתה וכו׳" - וואס דער ביאור בזה וועט זיין פארשטאנדיק בהקדים נאך א שאלה:

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן דעם "העדותי בכם היום את השמים ואת הארץ", סיי "שמים" און סיי "ארץ" - דא רעדט מען דאך ניט וועגן סתם עדים, וואס דעמולט דארף מען האבן צוויי עדים ("על פי שני עדים גו׳ יקום דבר"[90]), נאר מ׳רעדט וועגן "שמים" - אלע הימלען, און וועגן "ארץ" - די גאנצע ערד, איז פארוואס איז ניט גענוג דער "העדותי" פון "שמים" אליין אדער פון "ארץ" אליין?

איז דער ביאור בזה:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז ביי א מענטשן איז דא א גוף און א נפש, ווי עס שטייט[91] "כי נפש הבשר בדם היא", ובמילא פארשטייט ער אז בנוגע צו ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן נפש, דארף ער זיך אפלערנען פון "שמים", וויבאלד אז "שמים" זיינען פארבונדן מיט ענינים רוחניים, און בנוגע צו ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן גוף, דארף ער זיך אפלערנען פון "ארץ", וויבאלד אז "ארץ" איז פארבונדן מיט ענינים ארציים.

וואס דאס איז דער כללות החילוק צווישן "שמים" מיט "ארץ" - אז "שמים" זיינען פארבונדן מיט די ענינים פון תומ"צ, ווי עס שטייט[92] "מן השמים השמיעך את קולו", און "ארץ" איז פארבונדן מיט ענינים ארציים.

כז. אין דעם נפש שבגוף גופא (כללות הענין פון תומ"צ) איז "תורה" פארבונדן מיט "שמים", און "מצוות" זיינען פארבונדן מיט "ארץ":

"תורה" איז פארבונדן מיט "שמים", ווי עס שטייט "מן השמים השמיעך את קולו", און ווי עס שטייט[93] "וירד ה׳ על הר סיני", און "אל משה אמר עלה אל ה׳"[94], און דארטן (אין "שמים") האט ער באקומען די תורה.

און ווי דער בן חמש למקרא זעט אויך בפשטות אז ווען ער לערנט תורה, דארף ער האבן אהבת ה׳ און יראת ה׳, און ער לערנט דערפאר וואס ער האט מורא פאר דעם מלמד, אדער מצד כיבוד אב ואם - עס איז אבער ניט פארבונדן מיט די מציאות פון דעם גוף און ענינים ארציים, און דערפאר איז דאס פארבונדן מיט "שמים".

- און -

------------

90) שופטים יט, טו. 91) אחרי יז, יא. 92) ואתחנן ד, לו. 93) יתרו יט, כ. 94) משפטים כד, א.

און "מצוות" זיינען פארבונדן מיט "ארץ" - ווארום דער ענין פון קיום המצוות איז די תוצאה בנוגע לפועל וואס קומט ארויס פון לימוד התורה - ער ווייסט אז איידער ער גייט עסן דארף ער מאכן א ברכה וכיו"ב, און דערפאר איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין פון "ארץ", וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט ענינים פון מעשה בפועל.

כח. און אויף דערויף ברענגט רש"י די דוגמא פון "שמא זרעתם אותה ולא צמחה", אדער "שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים" - וויבאלד אז דער כללות הענין פון מצוות (וואס איז פארבונדן מיט "ארץ") איז בדוגמת הענין פון זריעה און צמיחה, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז "עיקר תולדותיהם של צדיקים (וואס "עמך כולם צדיקים"[95]) מעשים טובים"[96].

און וויבאלד אז אין מצוות זיינען דא צוויי סוגים, מ"ע און מל"ת, ברענגט רש"י א דוגמא סיי אויף דעם סוג פון מ"ע, און סיי אויף דעם סוג פון מל"ת:

"שמא זרעתם אותה ולא צמחה" (אז מ׳איז זורע און די ערד איז מצמיח) איז בדוגמת הענין פון מ"ע - מ׳האט אין אים איינגעזייט, מ׳האט געלערנט מיט אים און אים מחנך געווען אין אן אופן אז דערפון זאל ארויסקומען דער ענין פון קיום המצוות.

און "שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים" (אז מ׳איז זורע איין זאך און די ערד איז מצמיח אן אנדער זאך) איז בדוגמת הענין פון מצוות לא תעשה:

דער ענין פון מל"ת איז - ניט אז ער טוט גארניט, נאר אז ער טוט אן ענין בלתי רצוי, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "זרעתם חטים והעלהה שעורים": מ׳האט געזייט אין אים און געלערנט מיט אים אין אן אופן אז זיינע תולדות זאלן זיין "מעשים טובים", און בפועל זיינען די "תולדות" געווען באופן בלתי רצוי, ניט ווי מ׳האט איינגעזייט.

כט. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט א דוגמא פון "חטים" און "שעורים":

דער חילוק צווישן "חטים" מיט "שעורים" איז - אז "חטים" איז א מאכל אדם, און "שעורים" איז א מאכל בהמה, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין פ׳ נשא[97] אז דער קרבן פון א סוטה דארף זיין פון "שעורים", וויבאלד אז

- "היא -

------------

95) ישעי׳ ס, כא. 96) פרש"י ר"פ נח. 97) ה. טו.

"היא עשתה מעשה בהמה וקרבנה מאכל בהמה"[98].

און דאס איז וואס דער אויבערשטער זאגט צו אידן "הסתכלו בארץ שבראתי לשמש אתכם שמא שנתה מדתה, שמא זרעתם אותה ולא צמחה או שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים", און אפלערנען זיך דערפון ווי אזוי דארף זיין די הנהגה אין קיום המצוות פון מצוות עשה און מצוות לא תעשה –

און בשעת ער פירט זיך שלא כדבעי און איז עובר אויף א מל"ת, איז עס בדוגמא ווי "זרעתם חטים והעלתה שעורים":

ווען מ'וואלט אים ניט געלערנט ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, און דעמולט וואלט ער זיך געפירט שלא כדבעי – איז ער אזוי ווי א בהמה ("העלתה שעורים", מאכל בהמה), אבער א כפר'ע בהמה; וויבאלד אבער אז מ'האט אים געלערנט ווי אזוי מ'דארף זיך פירן ("זרעתם חטים"), און אעפ"כ פירט ער זיך שלא כדבעי ("העלתה שעורים") – איז עס בדוגמא ווי ביי א סוטה וואס דאס איז גאר אן איסור הכי חמור.

ל. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

ווי קען מען זאגן "שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים", אז די ארץ האט ניט משנה געווען את מדתה – דער בן חמש למקרא האט דאך שוין געלערנט אין פ' בראשית[99] אז מ'האט געזאגט צו אדה"ר "וקוץ ודרדר תצמיח לך", און רש"י טייטשט אפ "כשתזרענה קטניות או ירקות גנה היא תצמית לך קוצים ודרדרים ושאר עשבי השדה" – וואס דערפון זעט מען אז די ארץ האט יע משנה געווען את מדתה, ווארום מ'זייט איין זאך און עס וואקסט אן אנדער זאך?!

[וואס אע"פ אז דאס איז טאקע פארבונדן מיט אן ענין של עונש, ווארום דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "אמור כאן בראש הענין ארורה האדמה בעבורך בעצבון תאכלנה, ואחר העצבון – וקוץ ודרדר תצמית לך"[100] – איז אבער דערנאך אזוי געווארן דער טבע פון דער ארץ.

וע"ד ווי מ'געפינט בא דעם עונש פון אדה"ד, אז אע"פ אז דער ענין המיתה איז געקומען אלס עונש אויפן חטא פון אדה"ר, "ביום אכלך ממנו תמות"[101] – איז עס אבער דערנאך געווארן דער טבע העולם אז "והיו ימיו מאה ועשרים שנה"[102], מ'האט טאקע אן אריכות ימים ושנים טובות, אבער אין א זמן מוגבל].

– איז –

------------

98) פרש"י עה"פ. 99) ג, יח. 100) פרש"י שם.
101) בראשית ב. יז. 102) שם ו. ג.

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק לויט דעם וואס רש"י זאגט "שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים", ד.ה. אז נאר בנוגע צו "זרעתם חטים" זאגט מען אז די ארץ איז ניט משנה מדתה צו מצמיח זיין "שעורים", משא"כ בנוגע צו "קטניות או ירקות גנה", וואס דארטן געפינט מען יע אז די ארץ האט משנה געווען את מדתה.

דער ביאור אין דעם חילוק צווישן "חטים" מיט "קטניות או ירקות גנה":

פון "חטים" מאכט מען א מאכל אדם - "לחם", וואס "לחם" איז אן ענין עיקרי אין חיי האדם, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'דארף באווארענען אז "לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי ה' יחי' האדם"[103], און ווי רש"י[104] זאגט אז "כל דבר מאכל קרוי לחם", וואס דערפון איז פארשטאנ-דיק אז "לחם" איז אן ענין עיקרי ביים מענטשן, משא"כ "קטניות או ירקות גנה".

און דערפאר דארף מען אפלערנען פון הנהגת הארץ בנוגע צו "חטים" ("שמא זרעתם חטים והעלתה שעורים"), און ניט פון הנהגת הארץ בנוגע צו "קטניות או ירקות גנה" ("כשהזרעתה קטניות או ירקות גנה היא תצמיח לך קוצים ודרדרים ושאר עשבי השדה") - וויבאלד אז "חטים" (פון וועלכע מ'מאכט "לחם") זיינען נוגע צו קיום האדם, משא"כ "קטניות או ירקות גנה", וואס זיי זיינען מערניט ווי א טפל.

לא. לשלימות הענין - פעלט נאך אבער דער ביאור אין כללות הענין פון "ארץ":

ווי אזוי זאגט מען א אידן ער זאל זיך אפלערנען דערפון וואס די "ארץ" האט ניט משנה געווען את מדתה - די "ארץ" איז דאך א דומם, און איז זיכער ניט קיין בעל בחירה,

[בנוגע צום "שמש" ווייסט דער בן חמש למקרא אז דאס איז א גרויסער פייער, ווייסע פייער אדער רויטע פייער (און די "לבנה" איז אזוי ווי א שפיגל, ועד"ז בנוגע צו די פרטים פון די כוכבים), אבער בנוגע צו "ארץ", זעט ער דאך און טאפט אן אז זי איז א דומם - ער טרעט אויף דער ערד, שפילט זיך דערמיט און טוט דערמיט וואס ער וויל, און ער קען אפרייסן א שטיקל ערד, און אין דערויף איז ניטא קיין איסור פון "בל תשחית" (ניט אזוי ווי אפרייסן א בלעטל פון א בוים, וואס אין דערויף זיינען דא דעות צי ס'איז דא דער איסור פון "בל תשחית"[105]),

- איז -

---

103) עקב ח, ג. 104) ויצא לא, נד. 105) ראה בשנה למלך הל' איסורי מזבח פ"ז ב"ג.

איז ווי קען מען זאגן א אידן, וואס ער איז א בעל בחירה, אז ער זאל זיך אפלערנען פון אופן הנהגת הארץ?

וואס דעם ענין האט שוין רש"י באווארענט לפנ"ז - וכפי שיתבאר לקמן.

לב. דער ביאור בנוגע צו דער הערה אויפן זהר:

דער חילוק צווישן מספר ד' און מספר יו"ד ווי דאס איז אין שם הוי' איז - אז דער שם הוי' מצ"ע איז ד' אותיות, און צוזאמען מיטן מילוי פון די ד' אותיות, ווערט דער מספר פון יו"ד.

וואס דער כללות הענין פון מילוי, איז פארבונדן מיטן זולת דוקא[106], ולדוגמא: ווען מ'שרייבט דעם אות י', ביז אין אן אופן פון אותיות החקיקה, שרייבט מען איר אן דעם מילוי, נאר בשעת מ'דארף דאס זאגן צום זולת, דארף מען אנקומען צום מילוי פון דעם אות, און עלה בכוונה אז דער מילוי פון אות י' זאלן זיין די אותיות ו"ד (יו"ד).

נאך א דוגמא לזה: דער ווארט "אבן" ווי ער איז מצ"ע, באשטייט ער פון די דריי אותיות א' ב' ן', און אין דעם ווארט "אבן" שטייען זיי אן זייער מילוי, און בשעת מ'וויל דאס אראפטראגן און מפרט זיין וכו', דארף מען אנקומען צום מילוי פון די אותיות (דער מילוי פון אות א' - "אל"ף", ועד"ז בשאר האותיות).

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שם הוי':

דער שם הוי' ווי ער איז מצ"ע (שם העצם, שם המיוחד און שם המפורש[107]), איז אויסגעשטעלט פון ד' אותיות, אבער ווען עס קומט אראפ למטה יותר (צום זולת), דארף מען אנקומען צום מילוי פון שם הוי', וואס דעמולט זיינען דא עשר אותיות.

און דאס איז אויך וואס מ'געפינט אז "רשות היחיד רחבו ד' ובבהו יו"ד"[108]:

דער ענין פון "רשות היחיד" באווייזט אויף דעם ענין פון אחדות און "יחיד"[109], וואס דאס איז פארבונדן מיט שם הוי'.

און אויף דערויף זאגט מען אז "רחבו ד'" - דערפאר וואס דער שם הוי' ווי ער איז מצ"ע (וואס דאס איז דער ענין

- פון -

------------

106) ראה סידור קסו, ב. קנט, ב. קצב, ב. אוה"ת תולדות קמב, א. 107) נסמן בלקו"ש ויצא תשל"ז הע' 36-38.
108) ראה תקו"ז בהקדמה יב. א. 109) ראה גם לקו"ת פרשתנו מד, סע"א.

פון "רחבו") איז ער אויסגעשטעלט אין ד׳ אותיות,

און "גבהו יו"ד" - וואס "גובה" באווייזט אויף התפשטות מחוץ הימנו, סיי מלמעלה למטה, און סיי מלמטה למעלה.

[בנוגע צו א בנין געפינט מען אז דער ענין הגובה איז נאר מלמטה למעלה, און ניט מלמעלה למטה[109*] (משא"כ בסוכה[110] *) - אבער בנדו"ד איז דער גובה סיי מלמטה למעלה און סיי מלמעלה למטה],

איז בשעת עס ווערט נתפשט און עס קומט אין אן אנדער עולם, וואס דעמולט דארף מען אנקומען צו דעם מילוי - ווערט דאס אין אן אופן פון עשר אותיות, "גבהו יו"ד".

וואס דאס איז סיי בנוגע צו דער התפשטות מלמעלה למטה, און סיי בנוגע צו דער התפשטות מלמטה למעלה - לויט ביידע אופנים וואס זיינען דא אין מילויים: מילוי איז פארבונדן מיטן זולת דוקא, וואס דאס באווייזט אויף דער התפשטות מלמעלה למטה; און אין דעם מילוי איז דא די פנימיות הכוונה[109*], וואס דאס באווייזט אויף דער התפשטות מלמטה למעלה.

לג. די מספרים פון ד׳ און יו"ד זיינען אויך דא אין א"י:

כללות א"י איז אויסגעשטעלט אין די ד׳ גבולות, וואס דאס איז דער מספר פון ד׳.

[און דא דערמאנט מען זיך גליין אויפן ענין הידוע פון "שלימות הארץ" - אז גאנץ א"י לגבולותי׳, אלע ד׳ גבולות, געהערט צו אידן, און כ׳טאר ניט אפגעבן קיין סייל דערפון].

און דערנאך איז דא ווי א"י שטייט אין א התרחבות והתפשטות, "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך"[111], וואס דעמולט וועט מען האבן די ארץ פון אלע עשר אומות, מספר עשר.

וואס איצטער האט מען נאר אדן ז׳ אומות, וואס איז פארבונדן מיט עבודת הז׳ מדות, און לע"ל וועט נתוסף ווערן אויך די ארץ פון אלע עשר אומות, וואס איז פארבונדן מיט עבודת המוחין, כמבואר בארוכה אין דעם מאמר ד"ה אל תצר את מואב[112].

לד. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער חילוק צווישן די

- מספרים -

---

*) ואולי יש לחלק בין קדימת המחיצות להגג (וכמו שהי׳ במשכן), משא"כ במחיצות עצמן - כבסוכה, אין נפק"מ. ואכ"מ.

---

*109) טושו"ע או"ח ססט"י. 110) סוכה טז, א במשנה.
*110) אוה"ת שלח ע׳ תקב ואילך. 111) ראה יב. כ. ספרי עה"פ. 112) לכ"ק אדהאמ"צ - ע׳ 11 ואילך.

מספרים פון "עשרה" און "ארבע" - אין דעם פרק פון היינטיקן שבת:

בשעת מ׳רעדט וועגן ענינים כלליים, ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט כללות העולם, "בעשרה מאמרות נברא העולם" וכיו"ב - איז מודגש דער מספר פון "עשרה", וויבאלד אז דאס איז שוין ווי די ענינים קומען אראפ אין וועלט, וואס דארפן דארף מען אנקומען צום מילוי.

ועד"ז אויך ווען מ׳רעדט וועגן ענינים שלמעלה מהטבע, "עשרה נסים כו׳", וואס דאס איז ווי דער "גובה" איז מלמטה למעלה - וואס דעמולט איז אויך דא דער ענין המילוי (דער העכערער אופן אין מילוי, כנ"ל), איז עס אויך אויסגעשטעלט אין דעם במספר פון עשר.

ווען מ׳רעדט אבער וועגן די עבודה פרטית פון א אידן, ווי זיין עבודה איז מצ"ע, ניט ווי דאס איז פארבונדן מיט וועלט - איז עס אויסגעשטעלט אין דעם מספר פון "ארבע", "ארבע מדות באדם" וכיו"ב.

לה. דער ביאור אין דער משנה "ארבע מדות בהולכי בית המדרש":

די משנה רעדט וועגן א אידן וואס עניינו איז - "הולכי בית המדרש"; ווען מ׳גיט א פרעג וואס איז די מציאות און דער חיות פון דעם אידן, זאגט מען אז דער איד איז פון די "הולכי בית המדרש", דאס איז זיין חיות און אין דעם לעבט ער.

עס קען אבער אמאל טרעפן אז מצד א סיבה שאינה תלוי׳ בו איז ער געווען אן "הולך ואינו עושה" - און ס׳איז זיכער צוליב א סיבה שאינה תלוי׳ בו, ווארום וויבאלד אז עניינו איז "הולכי בית המדרש", וועט ער דאך ניט גיין אין ביה המדרש כדי צו טאן דעם היפך דערפון וואס ער לעבט דארטן (זיין אן "הולך ואינו עושה").

און אויף דערויף זאגט די משנה אז אע"פ אז ער איז געווען אן "הולך ואינו עושה", רירט דאס ניט אן אין דעם "שכר הליכה" וואס אים קומט, נאר "שכר הליכה בידו".

דערביי באווארענט מען אבער אז ער האט כערניט ווי "שכר הליכה", ער האט אבער ניט "שכר מעשה", ווארום בפועל איז ער פארט געווען אן "הולך ואינו עושה".

און מ׳איז מדייק "שכר הליכה בידו": בנוגע צו עוה"ב וכו׳, רעכנט מען זיך מיט כללות הענין - די חשבונות אז דער "אינו עושה" איז געווען צוליב סיבות שאינם תלויות בו וכיו"ב; אבער בנוגע צום שכר וואס איז "בידו", זאגט מען אז "שכר הליכה בידו", און ניט "שכר מעשה", וויבאלד אז בנוגע לפועל האט געפעלט דער ענין המעשה.

- און -

און די כוונה אין דעם וואס מ'זאגט אים אז "שכר הליכה בידו" (און ניט "שכר מעשה") איז - כדי צו מעורר זיין אים אז ער זאל משלים זיין אויך דעם ענין המעשה.

לו. עד"ז איז אויך בנוגע צו "לא הולך ולא עושה":

ווי געזאגט פריער רעדט זיך דא וועגן אזא איד וואס איז פון די "הולכי בית המדרש", נאר צוליב סיבות שאינם תלויות בו האט אמאל געטראפן אז ער איז געווען "לא הולך ולא עושה".

וואס ע"פ שו"ע איז "אונס רחמנא פטרי'"[113], אבער מצד "מילתא דחסידותא" זאגט די משנה אז ער ווערט אנגערופן "רשע", ווארום דאס גופא וואס עס האבן פאסירט אזוינע סיבות אז ער זאל זיין "לא הולך ולא עושה", באווייזט דאס אז עס פעלט ביי אים עפעס.

און די כוונה בזה (וואס מ'זאגט אים אז מצד "מילתא דחסידותא" ווערט ער אנגערופן "רשע") איז - כדי ער זאל דאס מתקן זיין דורך דעם ענין פון תשובה (כדלקמן).

לז. וכידוע דער ווארט וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט[114], אז "אפילו א צדיק גמור וואס ער איז מבטל מהלמוד תורה מחמת חלישות הגוף, דארף ער מאן תשובה שלימה מעומקא דלבא".

[וואס אנדערע האבן געזאגט אז ער האט דאס געזאגט אויף אנדערע, דער אמת איז אבער אז ער האט דאס געזאגט אויך אויף זיך, בתוככי כלל ישראל, וואס "עמך כולם צדיקים"].

וואס בשעת איינער איז מבטל הורה צוליב בריאות הגוף, האט ער דאך ניט קיין אנדער ברירה, ווארום ער וויל זיין געזונט און ער דארף דאך זיין געזונט - זאגט מען אבער אז אעפ"כ דארף ער אויף דערויף תשובה טאן.

ועד"ז איז אויך בנדו"ד - אע"פ אז דאס וואס ער איז געווען "לא הולך ולא עושה" איז געווען צוליב סיבות שאינם תלויות בו, זאגט מען אבער אז מצד "מילי דחסידותא" ווערט ער אנגערופן "רשע", און ער דארף דאס משלים זיין און מתקן זיין דורך דעם ענין התשובה.

לח. און דאס איז דער כללות הענין פון תשובה - אז דערביים איז מען משלים און ממלא דעם חסרון וואס מ'האט פארפעלט, ד.ה. אז "בשעתא חדא וברגע חדא"[115] טוט ער אויף און איז

- משלים -

------------

113) ב"ק כח, ב. וש"נ. 114) לקו"ד כרך א קפג, א. קפד, ריש ע"ב. 115) זח"א קכט, סע"א.

משלים די אלע ענינים וואס ער האט פארפעלט.

און ווי עס שטייט אין מדרש[116] "שאלו לחכמה חוטא מה עונש. כו׳ שאלו לתורה כו׳", ביז אז "שאלו להקב"ה", און דער אויבערשטער האט געזאגט "יעשה תשובה ויתכפר לו".

וואס דער ענין התשובה פועל׳ט ניט נאר אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר ביום הדין כו׳", נאר נאכמער: "שיהי׳ לרצון לפני ה׳ ומרוצה וחביב לפניו ית׳ כקודם החטא"[117],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן מצד דעם וואס דורך דעם ענין התשובה ווערט נמשך אן אור חדש, וואס ער איז משלים און ממלא דעם חסרון.

און אע"פ אז מ׳דארף אויך האבן די כלים אויף צו מקבל זיין דעם אור - איז עס ע"ד המבואר אין כתבי האריז"ל[118] בנוגע צו ראב"ד אז ער האט באקומען די כלים פון דעם וואס "שמש בכהונה גדולה שמונים שנה ולבסוף נעשה צדוקי"[119], ד.ה. אז דורך דעם ענין התשובה האט ער אויך די מעלה פון אורות בכלים.

לט. אבער אעפ"כ, אפילו נאך דערויף וואס ער טוט תשובה, איז נאר "שכר הליכה בידו", און ניט "שכר מעשה", ווארום בפועל האט טאקע געפעלט דער ענין המעשה.

והביאור בזה:

עס איז ידוע אז אין כללות ענין השכר זיינען דא צוויי שיטות[120] - צי דער ענין השכר איז אן ענין סגולי, אדער אן ענין טבעי וואס קומט אלס מסובב פון מעשה המצוה, אין אן אופן פון "נשתלשלו מהן"[121].

און ע"פ המבואר אין חסידות בכ"מ, איז משמע אז תורת החסידות איז מער נוטה צו דער שיטה אז דער שכר איז אן ענין טבעי, ד.ה. אז דער ענין פון "בחוקותי תלכו" ברענגט באופן טבעי דעם ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם"[122].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז אפילו לאחרי ענין התשובה, איז נאר "שכר הליכה בידו", און ניט "שכר מעשה":

אויב מ׳וואלט געזאגט אז דער שכר איז אן ענין סגולי, וואלט מען געקענט זאגן אז וויבאלד ער האט געוואלט פירן זיך ווי עס דארף צו זיין (נאר בסיבות שאינם תלויות בו האט

- ער -

------------

116) יל"ש תהלים רמז תשב. 117) אגה"ת פ"ב. 118) ל"ת וס׳ הליקוטים תהלים לב. 119) ברכות כט, א. 120) של"ה יב, א-ב. 121) ל׳ התניא רפ"ג. 122) בחוקותי כו, ג.

ער דאס ניט געקענט אויספירן). און ער האט אויך חשובה געטאן אויף דעם, קומט אים אן ענין של שכר;

אבער אזוי ווי מ'נעמט אן אז דער שכר איז אן ענין טבעי - איז וויבאלד אז בפועל האט געפעלט דער ענין המעשה, קען מען אים ניט געבן קיין "שכר מעשה", וויבאלד אז דער שכר קומט באופן טבעי אלס מסובב פון דער מעשה המצוה.

ב. און דאס איז כללות ההוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דער משנה - אז מצד דער הנהגה פון "מילתא דחסידותא", איז אפילו אין א פאל וואס ער איז ניט שולדיק אין דעם וואס ער איז געווען "לא הולך ולא עושה", איז עס אויך אן ענין בלתי רצוי.

ועד"ז אויך בנוגע צו דער הוראה פון דער משנה "האומר שלי שלך כו'", און "ארבע מדות ברעות כו'" - אז מצד דער הנהגה פון "מילתא דחסידותא". איז ניט גענוג דאס וואס בנוגע לפועל פירט ער זיך כדבעי, נאר ס'איז אויך נוגע אז זיין דיבור ("האומר") און זיין מחשבה ("דעות") זאלן זיין ווי עס דארף צו זיין.

און אע"פ אז דאס איז אן ענין וואס באנגט זיך נאר מצד "מילתא דחסידותא", אעפ"כ, נאך דערויף וואס דאס איז אריינגעשטעלט געווארן אין משנה, ווערט דאס א הוראה פאר יעדער אידן.

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת[123] דעם ביאור אין דעם וואס מ'זאגט אז "הלל מחייב את העניים" און "ר' אלעזר בן חרסום מחייב את העשירים"[124], אז נאך דערויף וואס הלל האט פותח געווען דעם צינור און האט באוויזן אופן הנהגתו אין לימוד התורה זייענדיק אן עני גדול ביותר, האט זיך אויפגעטאן דער ענין וואס "מחייב את העניים" אז זיי זאלן זיך אויך פירן אין דעם אופן.

ועד"ז אויך אין דעם צד הטוב - "ר' אלעזר בן חרסום מחייב את העשירים", אז נאך דערויף וואס ר' אלעזר בן חרסום האט באוויזן אופן הנהגתו אין לימוד התורה זייענדיק אן עשיר גדול ביותר, האט זיך אויפגעטאן דער "מחייב את העשירים" אז זיי זאלן זיך אויך פירן אין דעם אופן.

און דערפון האט מען די הוראה פאר יעדער אידן - וואס בא יעדער אידן דארף זיין דער ענין העשירות כפשוטו, ביז צו דעם אופן העשירות פון ר"א בן חרסום, וואס היינטיקע "מיליאנערן" פון ארה"ב אין דעם דור קומען גאר ניט צום

- אופן -

------------

123) פ"ג מ"א בקו"א ד"ה והשתא א"ש. 124) יומא לה, ב.

אופן העשירות וואס איז געווען בא ר"א בן חרסום - דארף ער זיך פירן לויט דעם ענין וואס "ר"א בן חרסום מחייב את העשירים".

און אויך איידער מ'פירט זיך אין דעם אופן וועט דער אויבערשטער געבן יעדער אידן אלע ענינים וואס ער דארף האבן, ביז אין אן אופן פון עשירות - נאך קודם שנת השמיטה, וואס דעמולט געהערט אלץ צום אויבערשטן.

מא. און די אלע ברכות דארפן זיך שוין אנהויבן נאך אין חודש אלול - ווי מ'געפינט אז כמה דינים פון שנת השמיטה הויבן זיך שוין אן "ל' יום לפני ר"ה"[125].

און דאס איז אויך כולל די ברכה העיקרית - אז מ'זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד.

* * *

מב. דער ביאור אין פרש"י - ווי קען מען זיך אפלערנען דערפון וואס די "ארץ" איז ניט משנה את מדתה, "ארץ" איז דאך א דבר הדומם - האט דאס שוין רש"י באווארענט לפנ"ז:

רש"י האט שוין געזאגט פריער אז דער אויבערשטער האט געהייסן "תדשא הארץ גו' עץ פרי", "שיהא טעם העץ כטעם הפרי, והיא לא עשתה כן אלא ותוצא הארץ וגו' ועץ עושה פרי ולא העץ פרי" - וואס דערפון זעט מען אז אע"פ אז "ארץ" איז א דבר הדומם, קען זי משנה זיין און טאן באופן אחר.

און דער בן חמש למקרא דארף ניט האבן קיין הסברה אויף דעם, ווארום ער זעט דאס בא זיך אליין:

ער האט דאך א גוף, צוזאמען מיט א נשמה, וואס דער גוף מצ"ע איז מערניט ווי בשר ועצמות און עור, און אז ער וועט א פרעג טאן בא זיין חבר, וועט אים יענער זאגן אז בשר ועצמות און עור זיינען פון סוג הדומם, און אעפ"כ פילט ער אז ער האט א נפש וואס באלעבט אים (ער ווייסט טאקע ניט צי די נפש איז בעיקר אין מוח, אדער בעיקר אין לב, ער ווייסט אבער אז ער האט א נפש).

נאכמער: אין זיין גוף האט ער צפרנים און שערות, וואס בשעת ע' שניידט אפ די צפרנים אדער די שערות בערב שבת[126], פילט ער גארניט קיין כאב, און פונדעסטוועגן איז עס א חלק

- פון -

------------

125) שביעית פ"ב מ"ו. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ג הי"א.
126) שו"ע (ואדה"ז) או"ח סר"ס ס"א (ס"ב).

פון זיין גוף, וואס האט א נפש וואס באלעבט אים.

וואס דערפון פארשטייט ער אויך בנוגע צו דער ערד, אז אע"פ אז דאס איז א דבר הדומם, ער טרעט אויף דער ערד, און קען טאן מיט איר וואס ער וויל - איז עס קיין סתירה ניט דערמיט וואס מ'זאגט אז אין דערויף איז דא א נפש, און דערפאר איז שייך אז זי זאל משנה זיין פון דעם ציווי.

מג. עס בלייבט נאר אבער אלץ די שאלה: ווי זאגט מען אז די "ארץ" האט ניט משנה געווען אה מדתה - זי האט דאך ניט מקיים געווען דעם ציווי פון "תדשא הארץ גו' עץ פרי", ווי רש"י זאגט אז "היא לא עשתה כן, אלא ותוצא הארץ וגו' ועץ עושה פרי, ולא עץ פרי"!

איז דער ביאור בזה:

אויף דערויף וואס "היא לא עשתה כן כו'", זאגט רש"י "לפיכך כשנתקלל אדם על עונו נפקדה גם היא על עונה ונתקללה", ד.ה. אז דער קנס איז ניט געווען גלייך ווען זי האט משנה געווען פון ציווי הקב"ה. נאר "כשנתקלל אדם על עונו", ווי עס שטייט[127] "ארורה האדמה בעבורך".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק. אז דער עצם שינוי וואס די ארץ האט משנה געווען איז ניט קיין ענין של חטא (ווארום ווען דאס אליין וואלט געווען א חטא, וואלט זי נענש געווארן גלייך ווען זי האט עובר געווען אויפן חטא) - נאר דער חסרון אין דערויף באשטייט אין דעם וואס די ארץ האט גורם געווען דעם חטא פון אדה"ר, זי האט אים מחטיא געווען.

והביאור בזה:

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק, פארוואס האט מען ניט מעניש געווען די ארץ גלייך ווען זי האט משנה געווען ציווי הקב"ה - דממנ"פ: אויב דער שינוי הארץ איז אן ענין של חטא, דארף מען איר גלייך מעניש זיין, און אויב ס'איז ניט קיין ענין של חטא, איז וואס האט צוטאן דער חטא פון אדה"ר אז דעמולט זאל מען איר מעניש זיין?!

איז דערפון פארשטאנדיק אז דער שינוי הארץ איז'טאקע ניט קיין חטא. מערניט וואס דורך דעם האט זי גורם געווען (מחטיא געווען) אז אדה"ר זאל טאן דעם חטא עץ הדעת:

דורך דעם וואס די ארץ האט משנה געווען פון ציווי הקב"ה, און האט געמאכט א חילוק צווישן "טעם העץ" מיט "טעם הפרי" -

------------

127) בראשית ג, יז.

הפרי" - האט דאס גע׳פועל׳ט אז ס׳זאל זיין א חילוק צווישן אדה"ר כ׳ים חוה; א חילוק צווישן אדה"ר וואס ער האט בעהערט דעם ציווי הקב"ה אז "לא תאכל ממנו"[128], מ׳ים חוה וואס זי האט (נ׳ים געהערט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן אליין, און האט) געזעהן "כי טוב העץ למאכל וכי תאוה הוא לעינים"[129] - און דערפון איז ארויסגעקומען דער חטא עץ הדעת.

און וויבאלד אז דער שינוי פון דער ארץ מצ"ע איז נ׳ים קיין ענין של חטא, מערנ׳ים וואס דורך דערויף האט זי מחטיא געווען אדה"ר - איז כל זמן אז ס׳איז נ׳ים געווען דער חטא פון אדה"ר בפועל, איז זי נאך נ׳ים נענש געווארן, און ערשט "כשנתקלל אדם על עונו (ווען ס׳איז געווען דער חטא פון אדה"ר בפועל) נפקדה גם היא על עונה ונתקללה",

[ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז ווען איינער איז מחטיא דעם צווייטן, איז מען נ׳ים מעניש דעם מחטיא ס׳ידן אז יענער וועט טאן דעם חטא בפועל].

און ווי ס׳איז אויך מוכרח אין פשש"מ אז דער חסרון שבזה באשטייט נאר אין דעם וואס זי האט מחטיא געווען אדה"ר - דערפון וואס ס׳שטייט "ארורה האדמה בעבורך", ד.ה. אז איר עונש איז "בעבורך", צוליב דעם (וואס דורך איר איז ארויס-געקומען דער) חטא פון אדה"ר (וואס דערפאר איז רש"י מעתיק בפירושו אויך דעם ענין פון "ארורה האדמה בעבורך").

און וויבאלד אז דער עצם שינוי איז נ׳ים קיין ענין של חטא (מערנ׳ים וואס דערמ׳ים האט זי מחטיא געווען אדה"ר), איז פארשטאנדיק אז דאס איז נ׳ים קיין שינוי כ"כ.

מד. און דערנאך איז רש"י מסיים: "ומה אלו שנעשו לא לשכר ולא להפסד כו׳ לא שנו את מדתם, אתם שאם זכיתם תקבלו שכר כו׳ עאכו"כ".

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו דעם אופן העבודה אין דרא דעקבתא דמשיחא, וואס אע"פ אז "אכשור דרי (בחמי׳)"[130], און מ׳האט כו"כ נסיונות אויף די ענינים פון תומ"צ, שטייט מען אבער מ׳ים א מס"נ אויף די ענינים פון תורה ומצוות.

און ווי דער פס"ד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[131], אז אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא דארף מען האבן מס"נ אויף יעדער תנועה אין קיום התומ"צ - מצד דעם ענין פון "אל יבוש מפני המלעיגים" -

---

128) שם ב, יז. 129) שם ג, ו. 130) יבמות לט, ב בפרש"י. 131) ד"ה אני ישנה תש"א (בסה"מ אידיש) ותש"ס.

המלעיגים" (ווי עס ווערט אפגע'פסק'נט אין שו"ע אין דעם ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק פון שלחן ערוך)!

און אזוי ווי דער רמב"ם[132] פסק'נט אפ אז דורך א "מצוה אחת" איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה", ועאכו"כ ווען מ'האט א ריבוי פון מצוות און מעשים טובים -

וועט דאס אראפברענגען די "תשועה והצלה" פון דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו.

און אזוי ווי מ'רעדט דאך וועגן א בן חמש למקרא - איז ביי אים גייען ניט אן קיינע ענינים, נאר ער דארף האבן די גאולה כפשוטה, און משיח'ן כפשוטו, לכמה בעשרה טפחים. אין אן אופן אז מ'וועט דאס זעהן בעיני בשר, ובעגלא דידן.

* * *

מה. אזוי ווי ' נקהין על צרכי ציבור בשבת[133] - איז כאן המקום צו דערמאנען נאך אן ענין:

אזוי ווי ס'איז דאך איינגעפירט אז בערב ר"ה גיט מען (און מ'נעמט) צעטלאך וכו' - איז כדי להקל על הציבור, און להקל על היחיד וכו', וועט זיך דאס אנהויבן פון יום הרביעי לאחרי סליחות, וואס יום הרביעי ווערט שוין אנגערופן "קמי שבתא"[134], און אזוי אויך ביום חמישי לאחרי סליחות, און מער-ניט די וואס וועלן זיך ניט איספראווען אין די צוויי טעג, וועלן דאס קענען טאן בערב ראש השנה.

און ס'איז קיין נפק"מ ניט אין וועלכן טאג (פון די דריי טעג) דאס ווערט געטאן, נאר "כולם אהובים כולם ברורים כו' כולם קדושים", איןביידע קצוות שבזה, און אין אן אופן פון "כולכם", "לאחדים כאחד".

און דער אויבערשטער וועט ממלא זיין אלע בקשה פון אידן, און וועט זיי געבן "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה", כולל אויך אין אן אופן פון "הגדושה" (מיט א גימ"ל) - ווי גערעדט כמ"פ אז אזוי שטייט אין דעם בעש"ט'ס סידור.

און דאס איז אויך כולל די ברכות פון דעם אויבערשטן אין שבת מברכים חודש תשרי - ווי דערמאנט פריער תורת

- הבעש"ט -

---

132) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 133) ראה שבת קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו וסי"ב). 134) פסחים קו, סע"א. וש"נ. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ב"ח.



הנחה בלתי מוגה

הבעש"ט אז "בשבת שלפני ר"ה שהוא השבת האחרון דחודש אלול קורין אז פרשת אתם נצבים, דזהו ברכתו של הקב"ה",

און פון דעם שבת איז "מתברכין כולהו יומי"[135] - כולל אויך דער טאג פון ר"ה, ווארום אע"פ אז דער טאג פון ר"ה איז חל בשבת, ווערט ער אבער אויך מהברך פון דעם פריערדיקן שבת. ווי ס'איז פארשטאנדיק פון תורת הבעש"ט אז אין דעם שבת בענטשט דער אויבערשטער חודש תשרי, און די ברכה באשטייט אין דעם וואס "אתם נצבים היום", אין דעם טאג פון ר"ה, אז "נצבים קיימים ועומדים, והיינו שזוכים בדין".

און עס ווערט דער ענין פון "אתם נצבים היום", "כיום הזה שהוא קיים . . ומאיר", אין אן אופן פון "יום שכולו אור", ביז צו "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[136], בביאת משיח צדקנו, וואס "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", און "ילחם מלחמות ה' וינצח", "ויבנה ביהמ"ק במקומו", און "יקבץ נדחי ישראל"[137], אז ער וועט צוזאמענקלייבן אלע ניצוצות הקדושה, ובקרוב ממש.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. האפ קאזאק.

* * *

מו. מאן הבקום דערמאנען וועגן די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט ר"ה, ובמיוחד - דער ענין פון תקיעת שופר:

מ'זאל זעהן אז מ'זאל מקיים זיין די מצוה פון הק"ש אויך אין בתי-רופאים און בתי-אסורים, און בכל מקום ומקום וואו אידן געפינען זיך.

און דורך דעריויף וועט מען אויפטאן דעם ענין פון המלכת המלך בראש השנה.

און אזוי ווי ביום ההכתרה גיט דער מלך א ריבוי מתנות לכל בני מדינתו, און גיט דאס בריבוי גדול, און אן קיינע חשבונות - וועט דער אויבערשטער געבן אידן די מתנה הכי גדולה, וואס דאס איז דער ענין פון "גלה כבוד מלכותך עלינו",

און דערפון וועט דאס אדאפקומען בפרטיות אין אלע ענינים וואס אידן דארפן האבן, אנהויבנדיק פון דער כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, בגשמיות וברוחניות גם יחד, ובכל המצטרך.

און דורך דעם וואס אידן שטייען אין אן אופן פון "אתם

- נצבים -

------------

135) זח"ב סג, ב. פח, א. 136) תמיד בסופה.
137) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

נצבים היום כולכם". "כאחדים כאחד". און איז אז אופן פון "בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל"[138]. וועט דיך אויפטאן דער "והיתה לה' המלוכה"[139] בביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווערן ייבער מאכן א ברכה אחרונה.

---

138) ל' הכתוב – ברכה לג, ה. הובא בלקו"ת ריש פרשתנו.
139) עובדי' א, כא.

בס"ד. שיחה יום ד׳ פ׳ האזינו, ז"ך אלול ה׳תשל"ט –
לנשי ובנות חב"ד.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. מ׳קלייבט זיך צוזאמען (ווי אלעמאל) אין די לעצטע טעג פון חודש אלול – אין די לעצטע טעג פון דעם יאר וואס גייט אוועק, וואס זיי זיינען אויך א צוגרייטונג צום אנהויבט פון דעם נייעם יאר.

וואס דעמולט דארף מען זיך אפגעבן א רעכענונג ווי אזוי ס׳איז דורכגעגאנגען דער יאר פון תשל"ט, און אויך מאכן גוטע באשלוסן אלס א צוגרייטונג צום נייעם יאר – שנת תש"מ.

ווארום זעלבסטפארשטענדליך אז בשעת א מענטש (ובפרט אזא וואס געהערט צום אידישן פאלק, "עם חכם ונבון"[1]) דארף אנהויבן טאן א נייע זאך, א נייע אונטערנעמונג, ובפרט אן אונטערנעמונג אויף א גאנצן יאר – דארף ער זיך צוגרייטן דערצו.

און וויבאלד אז "אין חכם כבעל הנסיון"[2], חכמה קומט צוזאמען מיט פראקטיקע און אויספראוו ווי ס׳איז געווען אין אן ענליכע לאגע – איז פארשטאנדיק, אז די באשלוסן אויפן נייעם יאר זיינען באגרינדעט אויף דעם וואס ער טראכט זיך אדורך ווי אזוי זיינען ביי אים דורכגעגאנגען די חדשים פון דעם יאר וואס גייט אוועק, ווי אזוי האט ער זיך דעמולט געפירט, און וועלכע תוצאות (פאלגן) זיינען דערפון ארויסגעקומען.

און דאס פארבינדט די צוויי ענינים (דער חשבון אויפן יאר וואס גייט אוועק, און די צוגרייטונג צום נייעם יאר) – אז דורך דעם וואס מ׳גיט זיך אפ א חשבון אויפן גאנצן יאר וואס גייט אוועק (פון חודש תשרי, דער אנהויב פון יאר, ביז חודש אלול, דער אפשלוס פון יאר) – גיט דאס אן אריינבליק און א צוגרייטונג און א פעאיקייט אז מ׳זאל וויסן וועלכע באשלוסן מ׳זאל אנעמען אויף זיך,

און דער עיקר – אז מ׳זאל וויסן ווי אזוי צו דורכפירן די באשלוסן בפועל, וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[3]; ס׳איז טאקע וויכטיג אז מ׳זאל מאכן א גוטע החלטה, און ס׳איז וויכטיג אז דער אויבערשטער זאל זעהן אז מ׳נעמט אן א גוטע החלטה – די וויכטיגסטע זאך ("סוף דבר") איז אבער אז

– דערנאך –

------------

1) ואתחנן ד, ו. 2) עקידה שי"ד. וראה המשך תרס"ו ע׳ טצ ואילך. סה"מ קונטרסים ח"א קצה, א ואילך. ועוד.
3) אבות פ"א מי"ז.

דערנאך פירט מען דורך די החלטה אין מעשה בפועל.

ב. די החלטות וואס מ'מאכט אין אנהויבט יאר, זיינען החלטות אויפן גאנצן יאר, ווי דער אלטער רבי ערקלערט[4] אז דער ערשטער טאג פון יאר ווערט אנגערופן "ראש השנה", און ניט (ווי עס האט אין פלוג געדארפט הייסן) "תחלת השנה", דערפאר וואס אין צוגאב דערצו וואס ר"ה איז דער אנהויבט פון יאר, איז עס אויך דער "קאפ" פון אלע טעג פון דעם גאנצן יאר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי די "קאפ" פירט אן מיטן גאנצן קערפער, וואס דעמולט איז די "קאפ" א געזונטע און דער גוף א געזונטער, און ביידע צוזאמען ווערן איין געזונטער קערפער, וואס איז פארבונדן מיט א געזונטע נשמה,

איז אזוי אויך בנוגע צו ר"ה, דער "קאפ" פון יאר, אז די באשלוסן וואס מ'נעמט אן אויף זיך אין ר"ה, דארפן אנפירן מיט אלע טעג פון יאר, אזוי אז יעדער באשלוס ווערט דורכגעפירט אין איין טאג,

וואס דעמולט ווערט א געזונטער יאר בגשמיות און א געזונטער יאר ברוחניות - ווארום ער באקומט און נעמט אויף און קערפערט אין זיך ארייין די אלע ברכות וואס דער אויבערשטער גיט אין דער כתיבה וחתימה טובה וואס איז בר"ה, און דערנאך קומען זיי ארויס בפועל אין יעדן טאג פון דעם גאנצן יאר, אז יעדער טאג איז א געבענטשטער טאג אין אלע הינזיכטן.

ג. דאס הויבן-געזאגטע זיינען אלגעמיינע שטריכן וואס זיינען דא אין יעדן חודש אלול און ר"ה (וואס קומט נאך רעם) פון יעדן יאר.

א מענטש שטייט דאך אבער ניט אויף איין ארט, נאר ער ענדערט זיך פון צייט צו צייט, און זיכער ענדערט ער זיך ווען עס גייט דורך א יאר, וויבאלד אז ער ווערט עלטער און קליגער מיט א יאר, וואס דעמולט ווערט ער אויך פרימער און אידישער מיט א יאר -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז יעדער יאר האט זיך זיינע ספעציעלע אייגנשאפטן, וואס זיי דארפן ווירקן אויף די גוטע באשלוסן וואס מ'מאכט בראש השנה,

- אין -

---

4) לקו"ת תבוא מא, ג. נצבים מז, א ואילך. וראה בארוכה עס"ר בתחלתו.

אין צוגאב צו די אלגעמיינע באשלוסן - אז יעדער איד און אלע אידן דארפן לעבן א אידישן לעבן, לויט די אנווייזונגען פון דעם אייבערשטן. וואס אין דעם טאג פון ר"ה נעמט מען אים אן אלס א מלך, אלס אן אנפירער און א בעה"ב און א קעניג אויף זיך. אויף דער משפחה און אויף דער הויז,

און דורך דעם וואס ער ווערט "אלקינו" (פון אידן), ווערט ער אויך "מלך העולם", א מלך אויף דער גאנצער וועלט, וויבאלד אז אידן האבן אויפגעטאן דעם "תמליכוני עליכם"[5],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף זיך אויפפירן לויט די אנווייזונגען און לויט דעם רצון פון דעם מלך, וואס דאס ווערט ארויסגעגעבן אין תורה. וואס זי ווערט אנגערופן "תורה אור"[6]. זי באלייכט דעם מענטשליכן לעבן, דעם טאג טעגליכן לעבן, אין אלע זיינע איינצלהייטן - וואס דאס דארף זיין דער אלגעמיינער באשלוס פון ראש השנה.

און דערפון איז פארשטאנדיק אין וואס עס באשטייט די צוגרייטונג דערצו אין די טעג פון חודש אלול - אויף צו אנעמען אויף זיך די מלוכה פון דעם אייבערשטן, און דורכפירן די הוראות פון דעם מלך. אין יעדן טאג פון דעם גאנצן יאר.

ד. דער ספעציעלער ענין וואס איז דא אין היינטיקן יאר. דריקט זיך אויס אין דעם וואס דער טאג פון ראש השנה (דער "קאפ" פון יאר) קומט אויס אין יום השבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלגעמיינע אנווייזונגען וואס זיינען פארבונדן מיט ראש השנה,

אז מ'זאל לעבן א אידישן לעבן. סיי אלס אן איינצלנער פערזאן, און סיי אלס דער אנפירער פון דער פעמיליע (פון דער גאנצער הויז), און סיי אלס א מיטגליד פון דעם גאנצן אידישן פאלק.

דארפן זיין דורכגענומען מיט דער ספעציעלער אנווייזונג וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס ר"ה פאלט אויס אין שבת, וויבאלד אז ר"ה דארף דורכנעמען און אנפירן מיט יעדן טאג פון דעם גאנצן יאר, אזוי ווי די "קאפ" פירט אן מיט אלע טיילן פון דעם קערפער.

ה. די אויסגעטיילטקייט פון דעם שבת'דיקן טאג לגבי די

- וואכן-טעג -

------------

5) ר"ה כז, א. יד, ב. 6) משלי ו, כג.

וואכן-טעג זעט מען אין דעם וואס תורה (וואס זי באדייט דעם לעבן פון א אידן) האט געזאגט אז בשבת טאר מען ניט טאן קיין מלאכה.

ח"ו צו טראכטן אז דעמולט דארף מען ניט אויסנוצן דעם לעבן מיט די כחות וואס דער אויבערשטער גיט - נאר תורה אונטערשטרייכט אז וויבאלד מ'טוט ניט קיין מלאכה, קען מען דעמולט דורכפירן דעם אויבערשטן'ס אנזאג אז שבת איז "שבת קודש", א הייליקער טאג, און אז עס דארף זיין "וקראת לשבת עונג"[7], דעמולט דארף א איד זיין פארנומען מיט די זאכן וועלכע פארשאפן איס דעם אמת'ן פארגעניגן.

ו. דער תענוג פון דעם שבת'דיקן טאג איז ניט נאר דערפון וואס ער ווייסט אז ער איז מקיים דעם אויבערשטן'ס רצון און לעבט אן אידישן לעבן (וואס דאס אליין איז שוין דער גרעסטער נר און פארגעניגן וואס קען זיין), נאר אפילו ווי די נשמה געפינט זיך אין גוף, און דער גוף געפינט זיך אין עוה"ז הגשמי, וואס ער דארף ראך עסן און טרינקען און שלאפן. מיט אלע איבעריקע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיטן גוף - איז עס אלץ דורכגענומען מיט דעם ענין פון תענוג.

ד.ה. אז דער שבת'דיקער עסן און טרינקען ווערט ביי איס א מצוה פון עונג שבת[8], און אפילו דער שבת'דיקער שלאפן (ניט נאר אין דעם וואס ער רוט זיך אויס פון עשית מלאכה. נאר אפילו אין שלאפן אליין) - זאגט תורה אז דערמיט איז ער מקיים די מצוה פון עונג שבת[8].

א איד האט דעם כח און די מעגליכקייט אז מיטן שלאפן אליין זאל ער מקיים זיין די מצוה פון עונג שבת - ווען ער לייגט זיך שלאפן אלס אן ערפילונג פון דעם אויבערשטן'ס רצון.

וואס אע"פ אז ווען ער שלאפט האט ער ניט צוטאן מיט זיין רצון און כוונה - וויבאלד אבער אז ביים אנהויב פון שלאף האט ער באשלאסן אז ער גייט מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס א מצוה, איז אין יעדער רגע פון זיין שלאף איז ער מקיים די מצוה פון עונג שבת.

וואס דער ענין פון עונג שבת באשטייט אין דעם וואס ער פארשאפט פארגעניגן דעם אויבערשטן כביכול - און דורך דערויף פארשאפט איס דער אויבערשטער אז ער זאל האבן פארגעניגן. ביז צו אזא פארגעניגן וואס אויך דער גוף פארשטייט און פילט - אזוי אז ער האט א געזונטן שבת און א

- געזונטע -

------------

7) ישעי' נח, יג. א) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רבב.
8) ראה לקו"ש חי"ב ע' 172 הע' 18. וש"נ.

געזונטע וואך, א פרייליכע וואך. און פרייליכע שבתות און ימים טובים.

ביז אין אן אופן אז די פעלקער וואס זיינען ארום אידן זעהן אויך אז בשבת זיינען אידן אין אן אנדער מציאות (אנדערש ווי זיי זיינען אין דער וואך).

און נאכמער: די קדושה פון שבת נעמט דורך אפילו דעם מאכל פון שבת. ביז אז אפילו ווען א ניט-אידן (וואס האט ניט צוטאן מיט דעם ענין פון שבת) עסט דעם מאכל, פילט ער אין דערויף א ספעציעלן טעם, מצד קדושת השבת.

און ווי די גמרא[10] דערציילט אז בשעת א ניט-איד האט געגעסן א מאכל פון א אידן וואס איז געווען צוגעגרייט אויף שבת, האט ער זיך געוואונדערט אויף דעם וואס דער מאכל האט א ספעציעלן טעם - וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט קדושת השבת.

ז. אין דעם קומענדיקן יאר איז דער ענין פון שבת אונטער-שטראכן נאכמער:

כ'האב שוין געשריבן אין דעם בריוו צו ר"ה אז דער קומענדיקער יאר טיילט זיך אויס פון אנדערע יארן דערמיט וואס דאס איז דער זיבעטער יאר, שנת השמיטה, "שבת לה'"

ד.ה[11]. אז אזוי ווי דער אויבערשטער האט אויסגעטיילט דעם זיבעטן טאג פון די פריערדיקע זעקס טעג, האט ער אויך אויסגעטיילט דעם זיבעטן יאר פון די פריערדיקע זעקס יאר. און דער יאר ווערט אנגערופן "שבת לה'", אז דערביי דארף א איד זיין הייליקער ווי ער איז געווען אין די פריערדיקע זעקס יאר.

א איד דארף אלעמאל זיין הייליק, ווארום ער געהערט צום "גוי קדוש"[12]. צום הייליקן פאלק. וואס דאס ווערט אויס-געטאן דערמיט וואס זיין גאנץ טעגליכער לעבן איז פארבונדן מיט דער הייליקער תורה. וואס איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז דער "מקור הקדושה" (דער אנהויב און קוואל פון הייליקייט) - און דערפאר איז א איד הייליק:

עס קומט אבער ניט צו זיין הייליקייט ווי מ'איז אין שנת השמיטה, וויבאלד דעמולט איז א איד נאכמער הייליקער.

וואס אזוי ווי דאס איז אין די טעג פון דער וואך אז

- אע"פ -

------------

10) שבת קיט, א. 11) בהר כה, ב־ד. 12) ראה רמב"ן עה"פ שם, ב. חינוך מצוה פד. 13) יתרו יט, ו.

אע"פ אז אין אלע זעקס טעג פון דער וואך הייליקט זיך א איד און איז אפגעשיידט פון ניט קיין גוטע מאכלים און פון ניט קיין גוטע מנהגים און מעשים (לויט ווי ס'איז אנגעוויזן אין דער תורה), דערפאר וואס ער איז א "גוי קדוש", און פונדעסטוועגן, ווען עס קומט דער שבת'דיקער טאג ווערט ער נאך הייליקער - וויבאלד אז אין קדושה און אין גוטס און אין אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן קען מען אלץ שטייגן העכער און העכער,

איז אזוי אויך אין יארן - אז אין שנת השמיטה איז א איד נאך הייליקער ווי ער איז אין די פריערדיקע זעקס יאר.

און דאס אונטערשטרייכט נאכמער אז די באשלוסן פון דעם קומענדיקן ר"ה דארפן זיין מיט א ספעציעלע הייליקייט - וויבאלד אז אין צוגאב אויף דעם וואס ר"ה איז ביום השבת, איז אויך דער גאנצער יאר א שבת'דיקער יאר, "שבת לה'".

ח. דער ענין פון שנת השמיטה דריקט זיך אויס צום אלעם ערשטן אין זאכן שבין אדם לחבירו - די באציאונגען צווישן איין מענטשן מיטן צווייטן (ווי אנגעוויזן אין דעם בריוו):

בשעת דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט די לאגע אין אן אופן אז ס'איז דא א איד וואס דארף אנקומען צו זיין הילף, אז ער זאל אים געבן א הלואה - איז ווען עס קומט שנת השמיטה, איז ער מוחל די אלע הלואות, און פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן אז (ניט נאר דאס וועט אים ניט שאטן, נאר אדרבה:) דורך דעם וועט ביי אים צוקומען נאכמער, וויבאלד אז ער איז דערמיט מקיים דעם אויבערשטן'ס מצוה.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין אלע מעשים און פעולות און אויספירעכצן פון דעם קומענדיקן יאר, דארף זיין א ספעציעלע אונטערשטרייכונג אז מ'זאל צוגעבן אין די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט דער באציאונג פון איין אידן מיטן צווייטן.

ד.ה. אז מ'זאל ארויסהעלפן יעדן אידן, און אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס ער האט אים געטאן א טובה און געליען געלט, און איצטער דארף ער האבן זיינע געלט אויף צוריק, צוליב זיין פרנסה - איז ווען עס קומט שנת השמיטה איז ער מוחל דעם אידן אויף דעם חוב וואס ער קומט אים.

און שנת השמיטה שרייט אז דער אויבערשטער זאגט "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים"[14],

- ד.ה. -

-------------

14) בהר שם, כא.

ד.ה. אז בשעת מ'נעמט אן אויף זיך דעם באשלוס אז אין דעם שמיטה-יאר וועט מען זיך פירן ווי עס דארף צו זיין, איז ניט נאר אז דער אויבערשטער בענטשט אידן, נאר נאכמער: "וצויתי את ברכתי", דער אויבערשטער זאגט אן יעדער ברכה און אלע ברכות אז זיי זאלן דערגרייכן און אנקומען צו יעדער אידן אין אלע זאכן אין וועלכע ער נויטיקט זיך,

און ספעציעל אין די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט אפהיטן דעם ענין פון שמיטה אין אלגעמיין - אז ניט נאר אים וועט גארניט פעלן, דערפאר וואס דער אויבערשטער וועט דאס ערגענצן, נאר נאכמער: די ברכה וועט גאר זיין "לשלש השנים", דריי מאל אזוי פיל ווי דאס איז אין אן איינפאכן וועג.

און ס'איז פארשטאנדיק אז וויבאלד דער אויבערשטער זאגט "וצויתי את ברכתי", וועט קיין זאך דערצו ניט שטערן,

ווארום אפילו אויב א איד פאלט אמאל דורך ח"ו - האט שוין די ברכה דעם אנזאג פון דעם אויבערשטן אז זי מוז אנקומען צו דעם אידן,

און אין אן אופן אז אפילו דער גוף (דער קערפער) וועט אויך זעהן און פילן אז דאס איז א ברכה, און דעם אויבערשטן'ס ברכה, און אזא ברכה פון וועלכע עס האבן הנאה סיי די נשמה און סיי דער גוף.

ט. דאס אויבן-גערעדטע איז סיי פאר מאנסביל און סיי פאר פרויען, קליינע און גרויסע -

אבער אזוי ווי עס האבן זיך דא צוזאמענגעקליבן פרויען און מיידעלעך און קליינע מיידעלעך (וואס יעדער זאך איז דאך בהשגחה פרטית) - דארף זיין א ספעציעלע אנווייזונג אין וועלכע עס טיילן זיך אויס פרויען, אויך אינגעדע ניט-החתונה-געהאטע פרויען די חתונה-געהאטע פרויען זיינען אויך יונג, זיי זיינען אבער נאך אינגער, ביז אפילו גאר קליינע מיידעלעך.

די ספעציעלע אנווייזונג וואס איז פארבונדן מיט אידישע פרויען און טעכטער, איז אויך אונטערשטראכן אין דעם ענין פון שבת:

די צוגרייטונג צום שבת'דיקן טאג הייננט אפ בעיקר (ניט אן דעם מאנסביל, דער מאן (וואס ער ברענגט די פרנסה) אדער די זיי. נאר עס הייננט אפ) אן דער מוטער, די "עקרת הבית", וואס זי פירט אן מיט דער הויז, און זי גרייט צו אז די הויז זאל זיין שבת'דיק אין אלע היגזיכטן.

און דאס האט אויך א שייכות צו די טעכטער - ווי עס פירט זיך אין יעדער אידישע הויז און אין אלע אידישע

- הייזער -

הנחת הת' בלתי מוגה

הייזער וואס זיינען געבענטשט מיט טעכטער, אז גלייך ווי די מאמע איז עפעס אויסגעוואקסן, הויבט זי אן ארויסהעלפן דער מוטער אין פארשידענע זאכן, און ספעציעל אין דער צוגרייטונג צום שבת'דיקן טאג, אז דער שבת'דיקער טאג זאל זיין א ליכטיקער, און אנגעפילט מיט פארגעניגן.

י. און דאס איז די ספעציעלע אנווייזונג וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס דער ר"ה פון דעם קומענדיקן יאר הויבט זיך אן אין א שבת'דיקן טאג, און דער גאנצער יאר איז אויך א שבת'דיקער יאר -

א ספעציעלע אנווייזונג וואס איז פארבונדן מיט ספעציעלע כחות וואס דער אויבערשטער גיט יעדע אידישע פרוי און אלע אידישע פרויען (פון קליין ביז גרויס) אז זיי זאלן קענען דורכפירן די הייליקע שליחות וואס דער אויבערשטער האט זיי געגעבן - אז זיי זאלן מאכן פון יעדער אידישער הויז א געזונטע הויז, א ריינע הויז, א ליכטיקע הויז, און א הייליקע אידישע הויז.

און דער אויבערשטער גיט זיי בלכתחלה א גרויסן ייטר-כח אויף דעם וואס זיי באשליסן דורכפירן זייער שליחות.

יא. און צוגאב צו דעם וואס דער אויבערשטער גיט זיי די כחות צו דורכפירן זייער שליחות - קומט צו א ספעציעלער כח וואס ווערט געגעבן אין צוזאמענהאנג מיטן אנהויבט פון יאר, און א ספעציעלער כח וואס איז פארבונדן מיטן קומענדיקן יאר:

אנהייבנדיק פון דעם ערשטן שבת פון קומענדיקן יאר, וואס ער קומט צוזאמען מיטן טאג פון ר"ה (דער "קאפ" פון יאר), באקומען אידישע פרויען, און אויך קליינע מיידעלעך, די אלע כחות אויף צו באשליסן צו זיין א לעבעדיקער ביישפיל ווי אזוי א אידישע מאמע זעט אויס, ווי אזוי זי פירט זיך, און ווי אזוי זי האלט איר הויז - צוגרייטן די הויז אז די זאל זיין אין הכלית השלימות (אין א פערפעקטן אופן).

וואס די שלימות פון א אידישע הויז איז - ווען זי ווירקט אויף אלע דרויסנדיקע וועלכע געפינען זיך ארום איר, אז זיי זאלן זיך אויך פירן לויט איר ביישפיל.

און אין דעם קומענדיקן יאר - באקומען זיי א ספעציעלן כח אין א ספעציעלע שליחות, אז אין צוגאב דערצו וואס זיי מוזן אליין, זאלן זיי אויך העלפן די מענער צו אויפטאן אז בעסער פון דעם גאנצן יאר זאל זיך אנזעהן די שבת'דיקייט פון דעם יאר.

וואס דער שבת'דיקער טאג איז דאך אויסגעטיילט פון אלע אנדערע טעג ... דערביי וואס אין דערויף איז אונטערשטראכן

נאכמער

נאכמער אז "ששת ימים עשה ה׳ את השמים ואת הארץ וביום השביעי שבת וינפש"[15], וואס דערפאר האט ער אנגעזאגט אידן וואס זיי זיינען "עם קרובו"[16], דער פאקט וואס איז אפגעשטעלט צו אים. ביז אז אויף יעדער אידישער הויז זאגט מען "ושכנתי בתוכם"[17] אז זיי זאלן דעמולט זיין שבת׳דיק, און האבן צוטאן מערניט ווי מיט זאכן וואס ברענגען פארגעניגן.

און אז אין דעם קומענדיקן יאר זאל זיך אזוי פירן יעדער אידישער הויז און אלע אידישע הייזער במשך פון אלע טעג פון דעם גאנצן יאר - וויבאלד אז דער יאר איז "שבת לה׳", און דער "קאפ" פון יאר (אין וועלכן מ׳מאכט די אלע באשלוסן אויפן גאנצן יאר) איז אויך אין דעם שבת׳דיקן טאג.

און דאס איז די ספעציעלע שליחות (צוזאמען מיטן כח און זכוה) וואס דער אויבערשטער האט געגעבן יעדע אידישע פרוי און אלע אידישע פרויען - אז אין די לעצטע טעג פון חודש אלול זאלן זיי זיך גרייטן דערצו, און מאכן די אלע באשלוסן אויפן גאנצן קומענדיקן יאר.

און מאן דאס אין דעם אופן ווי מ׳גרייט זיך צו שבת - מיט פארגעניגן, מיט א שמחה און חשק און רצון - וויבאלד אז מ׳קוקט ארויס אז אט אט הויבט זיך אן דער שבת׳דיקער טאג. וואס דעמולט איז די הויז א ליכטיקע, אן קיינע דאגוה ח"ו. און מ׳גרייט זיך און מ׳נעמט אויף "שבת מלכהא".

יב. און דאס ווערט די הכנה קרובה (די נאנטע צוגרייטונג) צו די טעג און יארן ווען עס וועלן ביי אידן ניט זיין קיינע דאגוה - וויבאלד אז עס וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט אויך זיין א גאולה (אן אויסלייזונג) פון אלע-ערליי דאגות - ווי דער רמב"ם[18] ברענגט אראפ אז דעמולט וועט זיין נאר גוטס, און עס וועט קיין זאך ניט פעלן, און אידן וועלן זיך קענען אפגעבן נאר מיט אידישקייט. מיט אידישע זאכן, געזונטערהייד און פרייליכערהייד.

יג. און ווי געזאגט פריער איז אין דערויף דא די ספעציעלע און הייליקע שליחות צו יעדע פרוי און אלע פרויען - אז זיי

- זאלן -

------------

15) תשא לא, יז. 16) תהלים קמח, יד. 17) תרומה כה, ח. וראה של"ה סס, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להתחלתו. ובכ"מ. 18) הל׳ מלכים ספי"ב. וראה גם הל׳ תשובה פ"ט.

זאלן אליין פארענדיקן דעם יאר ווי עס דארף צו זיין. און ארויסהעלפן זייערע מענער און ברידער אז זיי זאלן זיך אויך פירן אין דעם אופן, און אנעמען די פאסיגע גוטע באשלוסן איבער גאנצן יאר.

און דאס ברענגט די כתיבה וחתימה טובה, אז דער אויבערשטער אליין שרייבט און חתמ׳ט אז יעדער איד און אלע אידן זאלן האבן א געזונטער יאר, א גוטער יאר און א הצלחה׳דיקער יאר.

און די צוגרייטונג דערצו ווערט שוין אויפגעטאן אין חודש אלול בכלל, און ספעציעל אין די לעצטע טעג פון חודש אלול, און ספעציעל אין היינטיקן טאג - וויבאלד אז ס׳האלט שוין דריי טעג פאר שבת, און די גמרא[19] זאגט אז פון מיטוואך אן ווערן שוין די טעג אנגערופן "ערב שבת".

יד. און בשעת אז מ׳טוט די אלע זאכן בשמחה ובטוב לבב, איז וויבאלד אז אידן פרייען זיך דא למטה, "ישמח ישראל בעושיו"[20], אידן פרייען זיך מיטן אויבערשטן, מיט זיין תורה און מיט די מצות און ברכות וואס ער האט זיי געגעבן - ווערט אויפגעטאן דער "ישמח ה׳ במעשיו"[21], אז דער אויבערשטער פרייט זיך מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן.

און וויבאלד אז "שמחה פורץ גדר"[22], איז א זיכערע זאך אז דעם אויבערשטן׳ס שמחה וועט מבטל זיין און מאכן אויס די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן גלות,

און מ׳וועט גיין גאר אינגיכן מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין דער גאולה האמיתית והשלימה. במהרה בימינו ממש.

טו. און דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, און דורך אייך - יעדע אידישע פרוי און אלע אידישע פרויען, וואו זיי געפינען זיך.

און ספעציעל די וואס געפינען זיך אין אה"ק, אין אונזער הייליקע לאנד - וואס ארץ ישראל איז א הייליקע לאנד און א שבת׳דיקע לאנד לגבי אלע לענדער פון דער גאנצער וועלט, אזוי ווי דער שבת׳דיקער טאג איז הייליקער פון די אנדערע טעג.

און שבת איז דאך פארבונדן מיט שלום[23], ביז אן אנה׳ן

- שלום -

---

19) פסחים קו. סע"א. וש"נ. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ח. 20) תהלים קמט. יב. 21) שם קד. לא. 22) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח הרנ"ז ע׳ 49 ואילך. 23) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג.

שלום - א שטים וואס איז געבויט אויף אידישקייט, אויף לימוד התורה און קיום המצוות.

ווי עס שטייט אין תורה[24] אז "אם בחוקותי תלכו גו'". דער אויבערשטער געט זיך[25] בא יעדער אידן און ביי אלע אידן אז מ'זאל גיין אין די געזעצן וואס זיינען אנגעוויזן אין תורה, "ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם"[26] - איז ער מבטיח אז גאנץ א"י וועט זיין גאנץ. וואָרום בשעה מ'פירט זיך אין א אידישן אופן, קען קיינער ניט אנרירן די גאנצקייט פון א"י. פונקט ווי ער קען ניט אנרירן די גאנצקייט פון אידישקייט און די גאנצקייט פון דעם אידישן פאלק.

און דאס איז די וועג וואס ברענגט דעם אויבערשטן'ס ברכה אז "ונתתי שלום בארץ"[27], אז עס וועט זיין אן אמת'ער שלום אין א"י, און עס וועט זיין אן אמת'ער שלום וואו נאר א איד געפינט זיך - וואס דאס מאכט ער פון זיין הויז אז די זאל זיין א דוגמא און א ביישפיל פון א"י[28].

און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות"[29], אז דער אויבערשטער מאכט אז יעדער איד און אלע אידן זאלן שטיין מיט אן אויפגעהויבענע קאפ. וואָרום מ'האט מיט זיך דעם אויבערשטן. דורך דעם וואס מ'האלט זיך אין תורה ומצוה.

און דעמולט ווערט מען בעלי-בתים אויף דער גאנצער וועלט, ובמילא האט מען ניט וואס צו שרעקן זיך פאר די וועלט, ואדרבה: "ושכבתם ואין מחריד וגו'"[30], אפילו שלאפנ-דיקערהייד האט מען מורא און מ'שרעקט זיך פאר אידן. וויבאלד אז מ'וועט זען "כי שם ה' נקרא עליך"[31], מ'וועט זען אז דאס איז א מענטש וואס געהערט צו דעם פאלק וועלכן דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן פון אלע פעלקער, און דאס אויס-געקליבן א"י פון אלע לענדער[32], און האט זיי אפגעגעבן צו אידן אין אן אופן פון "נחלה עולם". אז דאס וועט בלייבן אן אידיש לאנד אויף אן אייביקע ירושה.

טז. און דאס וועט ברענגען אז גאר איינגיכן וועט זיין ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[33], ניט נאר אז מ'וועט ניט קענען אנרירן די גאנצ-קייט פון א"י, נאר דער אויבערשטער וועט נאך פארברייטערן

- א"י -

------------

24) בחוקותי כו, ג. 25) ראה ע"ז ה, סע"א. 26) בחוקותי שם. 27) שם, ו. 28) ראה לקו"ש ח"ב ע' 621. 29) בחוקותי שם, יג. 30) שם, ה. 31) תבוא כח, י. 32) ראה תנחומא ראה ח. 33) ראה יב, כ. שופטים יט, ח. ספרי ופרש"י עה"פ.

א"י לגבולותי', און וועס זיי געבן די ארץ פון "קני קניזי וקדמוני" (ווי תורה ערקלערט וועלכע לענדער דאס זיינען[34]).

און דאס וועט נאכמער צוגעהיילט ווערן - דורך דערויף וואס יעדע אידישע פרוי (און יעדע אידישע סאכטער וואס וועט ארויסהעלפן איר מוטער) וועט מאכן פון דער אייגענער הויז א דוגמא און א ביישפיל פון א"י, אז דאס וועט זיין א אידישע הויז און א תורה-הויז.

יז. און דורך דעם אלעם קלייבן זיך אלע אידן צוזאמען. אין אן אופן פון "אתם נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם", אז מ'שטייט אלע צוזאמען פאר דעם אויבערשטן און מ'נעמט אן זיין מלוכה, און מ'גרייט זיך צו קרוינען אים אלס מלך אין דעם ראש השנה.

און נאך זייענדיק אין חודש אלול, ובפרט אז ס'איז שוין דער מיטוואך וואס איז פאר שבת און ר"ה. וואס דאס איז שוין ערב שבת און ערב ר"ה - האט מען שוין די כתיבה וחתימה טובה, בטוב הנראה והנגלה (אין אן אנטפלעקטן אופן), לכתה מעשרה טפחים, אין עוה"ז הגשמי, און אין די לעצטע טעג פון גלות,

און בקרוב ממש גייט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו. בגאולה האמיתית והשלימה.

—— • ——

------------

34) זאה אנציקלופדיא תלמודית ערך א"י. 35) נצבים כט, ט.

בס"ד. שיחה ערב ר"ה, כ"ט אלול ה'השל"ס. <u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת.

ב. ערב ר"ה איז דאך דער יום ההולדת פון דעם צ"צ[1], וואס דעמולט איז "מזלו גובר"[2], כמדובר כמ"פ[3].

וואס צווישן נשיאי חב"ד עצמם איז ענינו פון דעם צ"צ דער איחוד והתקשרות צווישן נגלה דתורה מיט פנימיות התורה[4].

[אע"פ אז מי הוא זה ואיזהו וואס קען זיך ארייגלאזן מברר זיין די דרגות פון די נשיאים, מאכן חילוקים און אוועקשטעלן גבולים וכיו"ב –

איז דאך אבער ידוע דער בריוו פון דעם רבי'ן נ"ע (דער פאטער פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו)[5], אז בשעת עס קומט ארויס דערפון א הוספה אין יראת שמים, אדער אין לימוד התורה און קיום המצוות, אדער איןביידע ענינים יחד, האט מען א היתר צו טאן אזא ענין].

ג. דער ביאור אין דעם:

עס זיינען ידוע די סיפורים פון רבותינו נשיאינו בנוגע צו דער גדלות פון דעם בעש"ט אין נגלה דתורה – אבער אעפ"כ, דאס וואס מ'געפינט בגלוי אין זיינע תורות, איז עס אלץ ענינים פון פנימיות התורה.

עד"ז ווייסט מען אויך די גדלות פון דעם מגיד אין נגלה דתורה[6], נאכמער בגלוי ווי ס'איז געווען ביים בעש"ט,

[וואס דערפון זעט מען אויך די גדלות פון דעם בעש"ט אין נגלה דתורה – לויט די עדות פון דעם מגידי[7] (וואס זיין גדלות אין נגלה דתורה געפינט מען נאכמער בגלוי) אויף דער גדלות פון דעם בעש"ט אין נגלה דתורה],

אבער אעפ"כ, דאס וואס מ'געפינט בגלוי אין זיין תורה וואס נמסרה לדורות, איז עס בעיקר (און רובם ככולם פון די ענינים) – ענינים פון פנימיות התורה.

און ביים אלטן רבי'ן, וואס דורך אים איז פנימיות התורה אראפגעקומען אין תורת חב"ד, אין אן אופן פון

– "יתפרנסון" –

------------

1) היום יום ס"ע צא. 2) ראה ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח ובקה"ע שם. 3) לקו"ש ח"ה ע' 86 שוה"ג הא' להע' 1. ובכ"מ. 4) ראה לקו"ש ח"ט ע' 250. 5) קונטרס עה"ח בסופו. 6) ראה או"ת (הוצאה קה"ת) הוספות אות נס. אות פא. אות צג. וש"נ. ועוד. 7) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות רלו. וש"נ.

"יתפרנסון"[8] - געפינט מען בגלוי ובהוקף ובעצם סיי ענינים פון נגלה דתורה און סיי ענינים פון פנימיות התורה:

אין נגלה דתורה - איז דא דער שו"ע שלו, נוסף אויף זיינע שאלות ותשובות,

[וואס ענינו פון דעם שו"ע איז נאך העכער פון די שו"ת - וואס דערפאר איז עס מערער בכמות וויבאלד אז ס'איז העכער באיכות.

און דער עיקר איז - אז אין שו"ע ווערט ארויסגעגעבן דער פס"ד להלכה למעשה, וואס ארויסגעבן א פס"ד להלכה למעשה איז נאך שווערער פון אן ענין של שקו"ט, ווי ס'איז פארשטאנ-דיק פון המשך הרס"ו[*] אויף וויפל ס'דארף זיך מתייגע זיין ווען ס'דארף ארויסגעבן א פס"ד לרבים - וואס דאס איז ענינו פון דעם שו"ע, פסקי דינים בנוגע להלכה למעשה, אן די גאנצע שקו"ט (טעמים ווי הלכות בטעמיהן, כמבואר אין הקדמת הרבנים בני הגאון המחבר)].

און אין פנימיות התורה - דארף מען ניט האבן קיין ביאור ווי מ'געפינט ביים אלטן רבי'ן דעם הוקף און עצמיות פון פנימיות התורה.

אנהויבנדיק פון ספר התניא, און אויף די דרושים אין לקוטי תורה און תורה אור, מיט נאך כמה דרושים וואס דוקא דורנו זה האט זוכה געווען אז מ'זאל דאס מפרסם זיין לרבים.

ועד"ז אויך בנוגע צום מיטעלן רבי'ן, אז ביי אים געפינט מען אויך ביידע ענינים פון פנימיות התורה און נגלה דתורה, בהקפם און אין אן אופן של גדלות:

בנוגע צו פנימיות התורה - זיינען דאך דא פון דעם מיטעלן רבי'ן א ריבוי ספרים, און בנוגע צו נגלה דהורה - איז דא דער מעט מזעיר וואס איז שוין נתפרסם געווארן, וואס דערפון זעט מען שוין זיין גדלות אין נגלה דהורה.

ובפרט לויט ווי דער צ"צ האט מעיד געווען[10] אויף די גדלות פון דעם מיטעלן רבי'ן אין נגלה דהורה,

[צו אן עדות סתם אויף זיין גדלות, האט מען ניט געדארפט אנקומען, ווארום ס'איז געווען ידוע לכל. דא רעדט מען אבער וועגן דער עדות פון דעם צמח צדק].

ווי ער האט געזאגט אז בשעת דער מיטעלער רבי פלעגט

- דורכגיין -

------------

8) ר' התקו"ז (ת"ו בסופו). וראה כס"ב שם. הקדמה מק"מ לזהר. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206 ובהערה שם. 9) ע' סב ואילך. 10) ראה ספר התולדות אדהאמ"צ ס"ע 148 ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

דורכגיין דעם בית המדרש פון איין כותל צום צווייטן, האט ער דעמאלט דורכגעטראכט א גאנצע מסכת.

וואס דורכטראכטן א מסכת מיינט ניט גלאט אפ׳חזר׳ן די ווערטער, נאר ווי דער <u>צ"צ</u> האט פארשטאנען ווי מ׳דארף דורכטראכטן א מסכת!

עס איז טאקע געווען א גרויסער בית המדרש, וכידוע וואס חסידים פלעגן זאגן ע"ד הצחות. אז דורכגייענדיק דעם גאנצן ביהמ"ק כהחלתו ועד סופו, האט מען געקענט דורכגיין דעם גאנצן דאוונען. פון "הודו" ביז "אך צדיקים" -

ס׳איז אבער פארשטאנדיק וואס פארא מוחין און הפיסה מ׳דארף האבן כדי צו קענען דורכטראכטן א גאנצע מסכת דורכגייענדיק אפילו אזא שטח גדול - וואס דאס איז אלץ מערניט ווי א שטח פון א ביהמ"ד אין ליובאוויטש, וואס באיכות איז עס טאקע געווען א כרך גדול, אבער בכמות איז דער שטח ניט געווען אזוי גרויס.

איך בין ניט געווען אין ליובאוויטש, אבער לויט ווי ס׳איז בציור דעם שטח המקום בכמות, זיינען דא שטעט אין דער וועלט וואס פארנעמען א גרעסערן שטח גשמי. און אין דעם שטח גופא זיינען געווען כו"כ בנינים. און אין איינעם פון די בנינים איז געווען דער ביהמ"ד פון דעם מיטלן רבי׳ן.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק די גדלות פון דעם מוח און די תפיסה פון דעם מיטלן רבי׳ן. אז דורכגייענדיק דעם גאנצן ביהמ"ד האט ער דורכגעטראכט א גאנצע מסכת.

ד. בשעה מ׳לערנט אבער די ענינים האמורים סיי אין נגלה התורה און סיי אין פנימיות התורה - איז עס צוויי באזונדערע לימודים אין תורה:

בשעה מ׳לערנט דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, דארף מען טאקע וויסן (און הלואי וואלט מען געוואוסט נאכמער) די ענינים ווי זיי שטייען אין פנימיות התורה, עס איז אבער ניט קיין הכרח אז מ׳מוז דאס וויסן, און ווי מ׳זעט אז עס זיינען געווען כו"כ וואס זיינען געווען גרויס אין דעם לימוד פון דעם אלטן רבי׳נס שו"ע. און ניט אלעמאל איז עס געווען פארבונדן מיט גרויסקייט אין פנימיות התורה.

וכידוע אז בשעה מ׳פסק׳נט אפ א דין, דארף דאס זיין אינגעהאלטן - בגלוי ובעיקר - לויט נגלה דהתורה, ביז ווי דער צ"צ ברענגט אראפ אין דער תשובה הידועה[1] אז מ׳קען ניט

- פסק׳נען -

------------

1) חידושים על הש"ס קעב. סע"א.

פסק׳נען לויט ווי די ענינים שטייען אין פנימיות התורה, נאר מ׳דארף דאס געפינען אין נגלה דתורה דוקא.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז בשעת מ׳לערנט לקו"ת צי תו"א צי אנדערע דרושים - זעט מען טאקע אז דארט ווערן געבראכט פסוקים און מאמרי רז"ל פון נגלה דתורה, אבער אין <u>דעם</u> לימוד איז נוגע די הבנה והשגה אין פנימיות התורה, דער לימוד החסידות.

ועד"ז בנוגע צו די ענינים פון נגלה דתורה און פנימיות התורה פון דעם מיטעלן רבי׳ן - אז מ׳קען לערנען און פארשטיין יעדער ענין בפ"ע; מ׳קען לערנען תורתו אין נגלה אן לערנען תורתו אין חסידות, און מ׳קען לערנען תורתו אין חסידות אן לערנען תורתו אין נגלה.

ה. און דער אויפטו פון דעם צ"צ[12] וואס ער איז געווען דער ממלא מקום פון נשיאי חב"ד שלפניו. און אויך דער ממלא מקום פון די נשיאים פון חסידות הכללית. דער בעש"ט און דער מגיד איז - דער <u>איחוד</u> פון נגלה דתורה מיט פנימיות התורה:

עס זיינען דא דרושים אין חסידות פון דעם צ"צ, וואס זיינען דורכגענומען מיט ענינים פון נגלה דתורה. ביז אויך מיט א פקי"ס אין נגלה דתורה, און עס זיינען דא כו"כ ענינים נעלים פון פנימיות התורה. וואס איז זיי איז נוגע די הבנה והשגה אין שקו"ט פון נגלה דתורה.

ביז אויך בנוגע צו ענינים וואס זיינען למעלה פון סדר השתלשלות - כידוע דער דרוש ד"ה בפ׳ יש בכור. וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם ענין פון כצח, וואס כצח איז העכער פון סדר השתלשלות. און העכער פון ציור אדם. וואס דארטן ווערן געבראכט די ענינים ווי זיי זיינען ע"פ קבלה און חסידות. און מ׳פארבינדט דאס מיט די ענינים ווי זיי זיינען אין נגלה דתורה.

ו. דעם חילוק הנ"ל צווישן דעם צ"צ מיט די נשיאים שלפניו, געפינט מען אויך בא די תנאים:

עס זיינען דא תנאים וואס תורתם ווערט געבראכט נאר בנוגע צו נגלה דתורה. און ניט בנוגע צו פנימיות התורה. און איניגע תנאים וואס תורתם ווערט געבראכט (אין גמרא. ועאכו"כ אין תהר וכיו"ב) נאר בנוגע צו סודות התורה. און ניט בנוגע צו נגלה דתורה.

- דערנאך -

------------

12) סה"מ הרכ"ה ע׳ כד ואילך. וראה לקו"ה סה"ש כג. ג בהגה"ה. אוה"ת בשלח ע׳ תנז ואילך.

דערנאך זיינען דא אזוינע תנאים וואס תורתם ווערט געבראכט סיי בנוגע צו נגלה דתורה, און סיי בנוגע צו פנימיות התורה - אזוי ווי בא ר' עקיבא:

אויף ר"ע זאגט די גמרא[13] אז "כולהו אליבא דר"ע", ד.ה. אז אלע ענינים פון משנה, ספרא און מכילתא (וואס זיינען געזאגט געווארן דורך כו"כ תנאים), זיינען "אליבא דר"ע", "ממה שלמדו מר"ע אמרום"[14].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די גדלות פון ר"ע אין נגלה דתורה.

און ביחד ע"ז ברענגט זיך אין זהר חדש[15] אז ווען ר"ע האט געלערנט די רזין פון שה"ש איז "זלגו עיניו דמעות" -

וואס בנוגע צו דעם וואס "זלגו עיניו דמעות", איז מבואר[15] אז בשעת דער מוח קען ניט פארנעמען דעם ענין, כצד דעם ריבוי השפע והאור, קומען ארויס דמעות פון די מותרי מוחין;

איז בנוגע צום לימוד פון רזין דתורה בכלל, האט מוחו פון ר"ע געקענט פארנעמען בפנימיות, נאר ווען ס'איז געקומען צום לימוד פון רזין דתורה פון שה"ש. איז עס געווען עד כדי כך אז אפילו מוחו פון ר"ע האט דאס אויך ניט געקענט פארנעמען בפנימיות, און דערפאר איז "זלגו עיניו דמעות".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די גדלות פון ר"ע בנוגע צו פנימיות התורה.

אבער אעפ"כ, אפילו בא ר"ע, וואס זיין תורה געפינט מען סיי בנוגע צו נגלה דתורה, און סיי בנוגע צו פנימיות התורה - איז עס אבער בגלוי ניט געווען איין זאך, נאר צוויי באזונדערע ענינים.

און ווי מ'געפינט אין זהר וכיו"ב כו"כ מאמרים פון ר"ע וואס זיינען פארבונדן מיט פנימיות התורה, וואס אין זיי זיינען ניט אריינגעשטעלט ענינים פון נגלה.

ועד"ז געפינט מען כו"כ מאמרים פון ר"ע אין נגלה דתורה, וואס אין זיי זיינען ניט אריינגעשטעלט ענינים פון אגדה שבתורה. וואס "רוב סודות התורה גנוזין בה"[17] - ווי די גמרא[18] זאגט אז מ'האט געזאגט צו ר"ע "מה לך אצל אגדה כלך אצל נגעים ואהלות".

- ז. -

-------------

13) סנהדרין פו. א. 14) פרש"י שם ד"ה אליבא.
15) בראשית ז. א. הובא בס"ז או"ה מרפ"ח סק"ב. וראה גם זח"א צח. ב. 16) תו"א וישלח כו. א. 17) אגה"ק סכ"ג (קלז. א). 18) חגיגה יד. א. סנהדרין לח. ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

ז. און אין דערויף קומט צו דער אויפטו פון רשב"י, וואס ער האט אראפגענומען די מחיצה צווישן נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, אזוי אז גליא און סתים זאלן זיין איין זאך - כמבואר בארוכה אין די מאמרים פון רבי'ן מהר"ש[19].

ד.ה. ניט ווי ביי אנדערע תנאים ואמוראים, אפילו די בא וועלכע ס'איז געווען סיי דער לימוד הנגלה און סיי דער דער לימוד הנסתר, וואס בא זיי איז עס ניט געווען בגלוי איין זאך - נאר ער האט מחבר געווען נגלה דתורה מיט פנימיות התורה אז זיי זאלן זיין איין זאך.

וואס דאס איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועלן רזי תורה שטיין בגלוי, ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו אויף שה"ש אויפן פסוק[20] "ישקני מנשיקות פיהו" (וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א דבר המובן ופשוט אפילו אין פשוטו של מקרא) -

און די הכנה לזה ווערט אויפגעטאן דורך דעם "יתפרנסון" פון דער תורה פון רשב"י, וואס ביי אים איז עס שוין געווען בזמן הגלות, וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן די הכנה קרובה צו די ענינים ווי זיי וועלן שטיין במעמדם ומצבם בביאת משיח צדקנו.

ח. עד"ז איז אויך בנוגע צו תורת הסידות חב"ד:

ס'איז ידוע די הודה פון דעם רבי'ן נ"ע[21] אז "דער עיקר פון יפוצו מעינותיך חוצה האט זיך אנגעהויבן נאך פעטערבורג" - וויבאלד אז דעמולט איז חסידות חב"ד אראפגעקומען אין הבנה והשגה, אין חב"ד.

וכידוע די שיחה[22] אז אין ספירות גופא זיינען דא חכמה בינה ודעה. און ענינו פון דעם צ"צ איז דער ענין פון דעת, וואס דעה איז כולל אין זיך חכמה און בינה, אין אן אופן ווי ביידע שטייען בההתאחדות, ביז אז זיי ווערן איין זאך, וואס דעמולט קומט דאס אראפ אין דעת,

און פון דעת ווערט דאס נמשך אין אהבה ויראה און אלע מדותי[23], כולל אויך אז עס ווערט נמשך ונתגלה אין ספירת המלכות.

און דערפאר געפינט מען ביים צ"צ די התאחדות פון נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, אז זיי ווערן איין זאך -

- ובדוגמא -

------------

19) ד"ה חייב אדם לברך הרל"ח פכ"ה. 20) שה"ש א, ב. 21) תו"ש ס"ע 112 ואילך. 22) סה"ש תש"ב ע' 19. חש"ה ע' 60. 23) דאה תניא פ"ג. ובכ"מ.

ובדוגמא ווי ס'איז געווען בא רשב"י, אז דאס איז געשטאנען בגלוי אין אן אופן מובן ומושג לכל אחד וואס האט געלערנט זיין תורה, איז עס אזוי אויך אין כו"כ דרושים פון דעם צ"צ.

ס. די הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון דעם טאג - דער יום ההולדות פון דעם צ"צ, ווען "מזלו גובר":

עס זיינען דא אזעלכע וואס לערנען אדער קאכן זיך בערנינס ווי אין איין חלק בתורה, אין נגלה דתורה, אדער אין פנימיות התורה -

איז אויף דערויף זיינען שוין דא די הוראה פון רבותינו נשיאינו בלשון ברורה (וואס זיינען שוין געדרוקט אין נתפשט געווארן און נתפרסם געווארן). אז ס'איז א דבר המוכרח אז מ'זאל לערנען סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה (תורת החסידות).

אבער נוסף לזה - קומט צו די הוראה פון דעם אופן ליכוד התורה פון דעם צ"צ, אז נגלה דתורה און פנימיות התורה זאלן ניט זיין קיין צוויי באזונדערע לימודים (אע"פ וואס דערביי קען מען אויך לערנען און פארשטיין און פסק'נען דינים אין נגלה דתורה, און מ'קען ארויסנעמען הוראות בנוגע צו פנימיות התורה), נאר דער תכלית השלימות אין דערויף איז - ווען מ'מאכט פון נגלה דתורה און פנימיות התורה איין זאך.

דער ליכוד הנגלה דארף טאקע זיין אין דעם זכן פון נגלה. און דער ליכוד החסידות אין דעם זכן פון חסידות - אבער דערנאך ווען עס קומט בנוגע צו פועל ממש, קומט דאס ביי אים ארויס אין אן אופן פון "והיו לבשר אחד"[24]. אז ע"י הדעה שבנפשו ווערן ביידע ענינים אין אן אופן של ביזוג. ביז אין אן אופן של התקשרות. ביז אין אן אופן של איחוד.

ביז אז ביי אים שטייט בגלוי דער ענין פון "תורה אחת". אז נגלה און חסידות ווערן אן איין און איינציקע זאך.

וואס דאס איז די הוראה מיוחדת וואס מ'דארף ארויסנעמען פון ענינו פון דעם צ"צ - וואס יעדער נשיא האט ממש'ך געווען ענינו המיוחד. בהוספה אויף דעם וואס עס האבן אויפגעטאן די נשיאים שלפניו[25], ווארום ס'איז דא דער ציווי פון "מעלין בקודש"[26]:

דער צ"צ האט באוויזן אין זיינע דרושים (און אין די

- היכפוה -

------------

24) ל' הכתוב - בראשית ב, כד. 25) ראה לקו"ש ח"א ע' 132. 26) ברכות כח, א. וש"נ.

הוספות וואס קומען אין הצע"ג) דעם פארבונד פון נגלה דתורה מיט פנימיות התורה. אין אן אופן אז "והיו לבשר אחד". אז עס ווערט איין זאך, און אזוי קומט דאס אראפ בנוגע לפועל, ביז אין בשר הגוף,

און דערנאך האט ער געהייסן אז מ'זאל דאס מפרסם זיין - כדי אז יעדערער זאל דערפון אפלערנען לפי ענינו ומצבו.

י. כל הנ"ל קומט אויך בהמשך להמדובר אין די פריערדיקע התוועדויות אז מ'געפינט זיך שוין אין דעם סיום פון שנה העשירית. אין חודש אלול פון שנה הששית, וואס "ל' יום לפני ר"ה" הויבן זיך שוין אן כמה דינים וואס זיינען פארבונדן מיט שנת השמיטה[27] -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דעמולט דארף שוין זיין די התחלה אין די החלטות טובות בנוגע צום קומענדיקן יאר, כולל אויך די החלטה בנוגע צו לימוד הנגלה והחסידות באופן האמור.

ובפרט וועז מ'שטייט שוין אין ערב ר"ה ווי דאס איז בקביעות שנה זו. אז ערב ר"ה קומט אויס אין ערב שבת - וואס ערב שבת איז פארבונדן מיטן ערב שבת פון דעם "יום שכולו שבת ומנוחה להיי העולמים"[28], און דעמולט וועט דאך זיין דער "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דבר"[29], עס וועט זיין דער "ונגלה כבוד ה'", און מ'וועט זעהן בעיני בשר "כי פי ה' דבר". וואדום "לא יכנף עוד מוריך"[30], כמבואר בארוכה אין שער האמונה[31].

יא. ובכן יהי' רצו - אז מ'וועט אנעמען די החלטה האמורה בנוגע צו לימוד פון נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, אין אן אופן אז זיי זאלן זיין איין זאך.

כולל אויך די החלטה וועגן וועלכע מ'האט גערעדט אין דער התוועדות שלפנ"ז[32] אז אין דער שנה השביעית, וואס זי ווערט אנגערופן "שבת לה'"[33]. א שבת'דיקער יאר, דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה,

וואס בשבת איז דער עיקר הלימוד אין פנימיות התורה[34], אבער אעפ"כ איז דעמולט דא די אמירה פון "איזהו מקומן",

- מיט -

------------

27) שביעית פ"ב מ"ו. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ג הי"א. 28) תמיד בסופה. 29) ישעי' מ, ה. 30) שם ל, כ. וראה תניא פל"ו (מו, א). 31) פכ"ה. ועוד. 32) שיחת ח"י אלול סכ"ו ואילך. 33) בהר כה. ב-ד. 34) ראה קונטרס עה"ח פכ"ה. לקוטי לוי"צ אגרות ע' רכז.

מיט נאך כמה שיעורים אין נגלה דתורה, כמדובר כמ"פ.

און דאס ווערט אויפגעטאן אנהויבנדיק פון ערב שבת, וואס "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת"[35],

און די טרחא גופא ווערט אויך אויפגעטאן אין אן אופן פון תענוג, ווארום וויבאלד אז דאס איז א הכנה צו "וקראת לשבת עונג"[36], דארף די הכנה זיין מעין פון דעם ענין צו וועלכן מ'גרייט זיך.

עאכו"כ וועז מ'שטייט שוין אין יום הששי, ובאס דעמולט איז מען שוין נענטער צום "טועמי' חיים זכו"[37], וואס "טועמי'" איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין התענוג, וואס "היך אוכל יטעם"[38].

יב. און דאס זאל נאכמער כהר זיין ביאה משיח צדקנו - אז עס וועט זיין דער "הקיצו ורננו שוכני עפר"[39], והם (די אלע נשיאים) בתוכם, און מ'וועט גיין קוממיות לארצנו, לקבל פני משיח צדקנו.

און דארטן (אין א"י) וועט מען מקיים זיין די מצוה פון תק"ש אויך ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, וויבאלד אז דעמולט וועלן בכל ווערן די אלע השוות וואס זיינען דא "במדינה",

ביז אז עס וועט זיין דער "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות". און "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י"[40]. ועאכו"כ אז עס וועט זיין דער "והחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", וואס דאס איז דער ענין פון בית המקדש.

און ווי מ'געפינט אז אפילו בזמן הגלות איז געווען דער ענין פון תק"ש ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת ביים אלפס וביה דינו[41], בדוגמא ווי ס'איז געווען בא ריב"ז אין יבנה[42] - וויבאלד אז די ערטער זיינען געווען בדוגמת בית המקדש,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בביאת משיח צדקנו וועט זיין דער ענין פון תק"ש ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת אויך "במדינה", וויבאלד אז "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות" און "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י".

און ווי דער צ"צ ברענגט אראפ אין ד"ה יו"ט של ר"ה

- שחל -

------------

35) ע"ז ג. א. 36) ישעי' נח, יג. 37) ראה לקו"ש ויקה"ל-י"ט בכ"ו השל"ה ס"ב. וש"נ. 38) איוב יב, יא. 39) ישעי' כו, יט. 40) יל"ש ישעי' רמז תקג. 41) ר"ן. ריטב"א ו"מלחמות" לרמב"ן לר"ה כט, ב. 42) ר"ה שם.

שחל להיות בשבת וואס איז געדרוקט אין די הוספות צו אוה"ת[43] (דער מאמר וואס מ'האט גע'חזר'ט פריער), אז "לפי שמשחרב ביהמ"ק אין להקב"ה בעולמו אלא ד"א של הלכה[44], נמצא התורה נק' ג"כ מקדש, ועי"כ מזכירים פסוקי שופרות גם ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת", ד.ה. אז אמירה פסוקי שופרות פון תורה, איז בדוגמת תקיעת שופר אין בית המקדש.

יג. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך אן ענין:

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאגט די משנה אז "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת במקדש היו תוקעין" - דער חידוש איז דאך ניט אז "במקדש היו תוקעין", נאר דער חידוש איז גאר "אבל לא במדינה", האט דאך די משנה געדארפט מדגיש זיין דעם חידוש אז "במדינה לא היו תוקעין"?

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דאס וואס "במקדש היו תוקעין", האט אויפגעטאן אויך בנוגע צו "מדינה", און דערפאר האט מען דארפן ניט געדארפט אנקומען צו תקיעת שופר.

וי"ל בדא"פ אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'זאגט פסוקי שופרות במדינה ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, דערפאר וואס דורך די פסוקים קען מען ממשיך זיין נאך העכער דערפון וואס וועלט נמשך כצד דעם ענין השבת, וואס "מקדשא וקיימא"[45] - וואס אין ביהמ"ק האט מען דאס ככשיך געווען דורך דעם ענין פון תק"ש בפועל, און אין מדינה (ועד"ז איצטער) איז מען דאס ממשיך דורך פסוקי התורה[46].

יד. און אזוי ווי מ'זאגט אז "כל העוסק בתורה כו' כאילו הקריב כו'"[47], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס כ'לערנט וועגן "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת במקדש היו תוקעין", איז עס כאילו ווי עס וואלט זיך אויפגעטאן בפועל -

זאל דאס זיין די הכנה קרובה אז פון דעם "כאילו" זאל עס ווערן אן א כ"ף הדמיון, נאר בפועל ממש,

אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין אז נוסף צו אמירת פסוקי שופרות וועט אויך זיין די תק"ש בפועל ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת. ווארום עס וועט זיין דער ביהמ"ק וואס ידד בנוי כלמעלה[48], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

- סט. -

------------

43) כדך ה ע' ב'קיד. 44) ברכות ח, א. 45) ביצה יז, א.
46) ראה בהבאמר דהתוועדות דו. וש"נ. 47) מנחות קי, א.
48) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39.

סד. עפ"ז קען מען אויך פארענטפערן א דבר פלא:

ס'איז דאך דא דער "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[49]) אז בכל יום פון ימי חודש אלול (חוץ פון שבתות) בלאזט מען שופר[50], און ווען עס קומט צו ערב ר"ה, בלאזט מען ניט קיין שופר[51],

וואס איינער פון די טעמים בזה איז[52] - כדי צו מפסיק זיין צווישן תק"ש פון חודש אלול וואס איז מערניט ווי א מנהג, מיט די תק"ש פון ר"ה וואס איז א מ"ע מן התורה (דער "מנהג ישראל" בלאזן שופר בחודש אלול איז טאקע "תורה הוא" - עס איז אבער ניט קיין מ"ע מה"ת, אזוי ווי תק"ש פון ר"ה).

איז לכאורה, ווען יו"ט של ר"ה איז חל בשבת, וואלט מען געדארפט בלאזן שופר אויך בערב ר"ה. ווארום וויבאלד אז אין דעם יום שלאחריו (יום א' דר"ה) בלאזט מען ניט קיין שופר, ווערט דער טאג זיין דער הפסק צווישן די תקיעות פון חודש אלול מיט די תקיעות פון ראש השנה?

איז איינער פון די טעמים וואס מ'קען זאגן אין דערויף בפשטות - אז אזוי ווי "אחכה לו בכל יום שיבוא". קען דאך זיין אז ערב ר"ה ביינטאג וועט ער קומען משיח צדקנו. און וועט גיין מיט אים אין ירושלים. אין דארטן וועט מען בלאזן שופר בר"ה של להיות בשבת - איז אויב ער וועט בלאזן שופר אויך בערב ר"ה, וועט ניט זיין קיין הפסק צווישן די תקיעות פון חודש אלול מיט די תקיעות פון ראש השנה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין יעדן ערב ר"ה, אפילו ווען דאס איז בערב שבת, קען מען ניט בלאזן שופר, ווארים אט קומט משיח צדקנו, און מ'וועט גלייך גיין אין ירושלים. אין אן אופן פון "מי אלה כעב תעופינה וכיונים אל ארובותיהם"[53].

ווי עס שטייט אין ילק"ש[54] אויף דעם וואס לע"ל וועט מען עולה זיין לרגל "מדי חודש בחדשו ומדי שבת בשבתו"[55], אז דער אויבערשטער וועט נעמען אידן פון יעדן ארט וואו זיי געפינען זיך, און וועט זיי פירן קיין ירושלים און פון דארטן צוריק צו זייער ארט - אויף ענגים (וואלקנ'ס).

יעפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס'איז דעמט אז מארגן נאכן

- דאווגען -

------------

49) הוד"ה נפסי - מנהות כ. ב. ובכ"מ. 50) טור או"ח ר"ס תקפא. רמ"א או"ח שם. הלכה לשו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תקפא.
51) רמ"א שם ס"ג. הלכה לשו"ע שם ס"ב. 52) לבוש שם - הובא בבג"א שם סק"ד. מ"ז שם סק"ד. הערה לשו"ע שם.
53) ישעי' ס. ח. 54) שם. 55) ישעי' סו. כג.

דאווגען וועט מען דארפן נעמען דעם פעקל און פליען צוזאמען מיט משיח צדקנו אין ירושלים עיה"ק, און גלייך אויף מארגן, אין יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, וועט מען הערן תק"ש פון דעם אכה´ן הוקע - און דערפאר קען מען ניט בלאזן שופר אין ערב ראש השנה.

טז. ויה"ר אז פון דעם "מעלה אני עליכם", ביז א כ"ף הדמיון, וואס ווערט אויפגעטאן בשעת מ´לערנט וועגן דעם ענין פון "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת" - זאל מען קומען צום קיום פון דעם ענין בפועל ממש,

ע"ד ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[56] אז פון דעם "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית" וואס שטייט בנוגע צום לימוד פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן בנין ביהמ"ק - קומט דאס אראפ למטה בפשטות. ווארום וויבאלד אז דאס איז א כ"ף הדמיון פון "הורת אמת", וועט דאס זיכער אראפקומען באמת, ביז אין אן אמה למטה מעשרה טפחים בפשטות,

אז מ´וועט הערן תק"ש אין ביהמ"ק, וואס דעמולט וועט מען בלאזן שופר אויך ביו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת,

און דעמולט טוט דאס אויף אן ענין הכי נעלה אין דעם "המליכוני עליכם", און דערנאך איז מען דאס ממשיך על כל השנה כולה.

* * *

יז. בהמשך צו דעם וואס מ´האט גערעדט נעכטן (ביום הרביעי)[57] בנוגע צום מיום פון שנה זו. און דער הכנה צו שנת השמיטה, שנה השבע, "שבת לה´" - איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דער צוגרייטונג צו שבת, וואס דאס איז דער ענין פון הדלקה נרות שבת.

וואס דער ענין פון הדלקה נרות שבת איז דאך ניט שייך פאר יום השישי. ניט אזוי ווי אנדערע ענינים הכנה צו שבת וועלכע קענען שוין זיין ביום הרביעי און ביום החמישי (וואס יום הרביעי ווערט שוין אנגערופן "קמי שבתא"[58]) - און דערפאר האט מען דעמולט ניט גערעדט געווען וועגן דעם ענין פון הדלקה נרות שבת. וויבאלד אז ס´איז ערשט געווען יום הרביעי. און דעמולט איז נאך ניט שייך דער ענין פון הדלקה נרות שבת (נאר דעמולט דארף מען זיך פארנעמען מיט די ענינים שהזמן גרמא).

- און -

---

56) שיחת שבעה עשר בתמוז ס"ז. מוצאי ש"פ מטו"מ ס"ט ואילך. 57) תנהומא צו יד. ועוד. 58) ז"ך אלול - לנשי ובנות חב"ד. 59) פסחים קו, סע"א. וש"נ. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ת.

און וויסנדיק אז בעזר ה' וועט זיין א המשך לזה אין יום השטי - האט מען איבערגעלאזט דעם רעדן וועגן דעם ענין פון הדלקה נרות שבת (די צוגרייטונג וואס מ'גרייט צו אז ס'זאל זיין א ליכטיקע אידישע הויז) אויף יום הששי, וואס דעמולט איז דער זמן פון הדלקת נרות שבת.

דערצו דארף מען טאקע האבן כו"כ הכנות, אבער די הדלקה אליין דארף זיין ביום הששי דוקא, ובלשון הגמרא[60] "ובלבד שלא יקדים".

און אין רערויף איז אויך דא די באווארעניש[61] "שלא יאחר" - וואס דערפאר קען מען ניט אפלייגן דעם דיבור בזה אויף שפעטער, וויבאלד אז דאס איז די התוועדות פון יום השטי.

יח. און דאס איז דער סיום צו דעם וואס עס האט זיך גערעדט ביום הרביעי בנוגע צו נשי ובנות ישראל:

דער תפקיד און די שליחות פון נשי ובנות ישראל [וואס רערפון איז פארשטאנדיק אז ס'האט געגעבן יעדערן פון זיי דעם כח אויף צו קענען דורכפירן דעם תפקיד און שליחות, און דורכפירן דאס בהכליה השלימות] איז - אז זיי זאלן מאכן ליכטיק די הויז מיט נרות שבת.

וואס אע"פ אז מ'צינדט אן א נר וואס דוגמתו האט מען אנגעצונדן ביום הרביעי וביום החמישי (ניט נאר ביום הששי). און נאכמער: מ'האט אים אנגעצונדן ביום השלישי. ביום השני, און אפילו ביום הראשון -

קומט דאס אבער ניט צום נר וואס מ'צינדט אן בערב שבת און ערב יו"ט (לכבוד שבת און יו"ט), וויבאלד אז דעמולט איז עס א מצוה מד"ס, וואס "חביבים עלי דברי סופרים יותר מדברי תורה"[62], נוסף לזה וואס עס זיינען דא כמה רמזים אויף דער מצוה אין הושב"כ, ביז אין די חמשה חומשי תורה, ווארום "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[63], ככבואר אין ספרי הרמז און אין ספרי הדרוש.

יט. און דאס איז וואס מ'וויל מדגיש זיין בנוגע לפועל - וויבאלד אז מ'געפינט זיך שוין אין יום הששי:

מ'רעדט דאך וועגן פארשידענע "מבצעים", וואס בכללות איז כל השנה כולה דער זמן פון אלע "מבצעים" -

- אנהויבנדיק -

------------

60) שבה כג, ב. 61) ירושלמי ברכות פ"א ה"ד. סנהדרין פי"א ה"ד. ע"ז פ"ב ה"ז. שהש"ר פ"א, ב [ב]. וראה ע"ז לה, א ובפרש"י. 62) ראה תעניה ס, א.

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", וואס די מצוה איז בתקפה בכל מקום ובכל זמן, פונקט ווי די מצוה פון "ואהבת את ה׳ אלקיך"[63] - כידוע די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן[64] אז "ואהבת את ה׳ אלקיך" איז "חד הוא" מיט "ואהבת לרעך כמוך"[65].

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע חינוך" - "להזהיר גדולים על הקטנים"[66], כולל אויך דעם אפטייטש פון חסידות[67] אז "להזהיר" איז אויך כלשון "לייכטן" (ע"ד "אבוך במאי הוי זהיר טפי"[68], וואס "זהיר" איז אויך מלשון "לייכטן") - אז דורך די קטנים ווערט ליכטיקער בא די גדולים.

וואס דאס איז ניט נאר אן ענין של רמז, נאר ס׳איז אויך א דין - ווי די משנה[69] זאגט אז "פלפול התלמידים" איז איינער פון די ענינים שהתורה נקנית בהם, ביז אז "מתלמידי יותר מכולן"[70].

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳",

און "מבצע נרות שבת קודש", "כשרות האכילה ושתי׳" און "טהרה המשפחה".

איז אזוי ווי מ׳געפינט זיך אבער אין יום הששי, וואס ער איז סיי ערב שבת און סיי ערב יו"ט [ווי מ׳זעט אין תפלת העבירה אז "יום הזכרון" ווערט אויך אנגערופן בשם "יום טוב"] - איז צווישן די "מבצעים" גופא איז דער ענין מיוחד שהזכן גרמא - דער "מבצע נרות שבת קודש", ובפרט אז אין דערויף קומט נאך צו ברכה "שהחינו".

עס איז אויך דא דער "מבצע" וואס איז פארבונדן מיט "אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות לאין נכון לו"[71], ווי ס׳איז שוין אפגעדרוקט די גאנצע שקו"ט בזה[72] - איז עס אבער אן ענין וואס מ׳האט שוין בעדארפט אפטאן (און זיכער האט מען דאס אפגעטאן) אין די ימים שלפנ"ז,

ועכ"פ - וועט מען דאס זיכער מכלא זיין במשך פון יום הששי, ערב שבת און ערב ר"ה, וואס דעמולט קען מען נאך ארייננכאפן און טאן אין דעם "טרח בערב שבת".

אבער עיקר הענין פון יום הששי, ערב שבת און ערב ראש

- השנה -

------------

63) ואתחנן ו. ה. 64) שה"ש ה׳ש"ת ע׳ 3. 65) קדושים יט. יח. 66) יבמות קיד, סע"א. תו"כ ופרש"י ר"פ אמור. 67) סה"מ תרפ"ח ס"ע קנד. וראה גם אגה"ק סוס"ז. 68) שבת קיח, ב. 69) אבות פ"ו מ"ו. 70) תעניה ז, א. 71) נחמי׳ ח, י. 72) לקו"ש חי"ד ע׳ 369 ואילך.

השנה, איז - דער "מבצע נרות שבת ויום טוב".

ובפרט לויט ווי עס שטייט[73] אז דער ענין פון נר שבת קודש איז א תיקון אויף דעם ענין בלתי רצוי וואס האט געטראפן אין דעם ערשטן ר"ה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אויף וויפל דער ענין פון נרות שבת ויו"ט איז נוגע אין צוזאמענהאנג מיט ראש השנה.

וואס דער עצם הענין פון הדלקת הנרות, איז איבערגעגעבן געווארן בעיקר צו נשים ובנות, כמבואר אין שו"ע[74] - ווען מ'רעדט אבער וועגן מעורר זיין אויף דעם ענין, איז אע"פ אז בשעה דאס ווערט געטאן ע"י נשים ובנות איז עס לייכטער, וויבאלד אז זיי קענען ברענגען א ביישפיל פון זיך אליין ("בדידי הוה עובדא") בנוגע צו דעם ענין פון הדלקת הנרות, אבער אעפ"כ. קענען טאן אין דערויף אויך אנשים ובנים.

אז זיי זאלן אויך נעמען איינטייל אין "מבצע נרות שבת קודש" - בדרך זיין די אלע צו וועלכע זיי קענען דערגרייכן. און טאן דאס אין אן אופן של צניעות. און אן בלבולים וכו' וכו'. באופן המתאים לכל אחד ואחד לפי ענינו.

כ. די נקודה וואס מ'וויל ארויסברענגען דערפון בנוגע לפועל:

צום אלעם ערשטן זאל מען משלים זיין בנוגע צו "אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות לאין נכון לו" (וואס דאס שטייט בלשון ציווי), אז די וואס דארפן זאלן האבן צרכי החג - וואס דעם ענין קען מען טון טאן נאך היינט ביינאכט.

און דערנאך קומט אויך די התעסקות אין אלע "מבצעים", ובמיוחד - אין דעם "מבצע" שהזמ"ג, וואס דאס איז דער ענין פון הדלקת נרות שבת און ר"ה, ובפרט אז דא קען מען מזכה זיין כו"כ נשים ובנות אויך מיט דער ברכה פון "שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה".

כא. און דאס ווערט אויך דער כלי אז בשעה דער אויבערשטער גיט א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה - איז עס בוסיף נאכמער הוקף והסברה והבנה, ביז אז עס ווערט בפשטות הגבורה. אז מ'דארף דאנקען דעם אויבערשטן "שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה".

וואס ברכה "שהחינו" איז דאך פארבונדן מיט א טובה

- וואס -

------------

73) ב"ר ספי"ז. תנחומא ר"פ נח וס"פ מצורע. 74) טושו"ע (ואדה"ז) או"ה סרס"ג ס"ג (ס"ה).

וואס קומט בגלוי (כמבואר אין פוסקים), ד.ה. אז דאס איז ניט פארבונדן מיט קיין ענין בלתי רצוי, אפילו ניט מיט אן ענין פון "צערא דינוקא"[75], כצד דערויף וואס ער פארשטייט ניט דעם יוקר פון דעם ענין המילה, און דערפאר פילט ער דעם צער פון ענין המילה - וואס דעמולט מאכט מען דאך ניט קיין ברכה "שהחינו"[76].

וואס בשעת מ'רעדט וועגן דער כתיבה וחתימה טובה, איז מען גלייך בוסיף ומבאר בפשטות אז דאס איז בטוב הנראה והנגלה. וואס דעמולט איז דא די ברכה פון "שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה" בשם ומלכות, לכל הדעות און בלי שום ספק.

און דעמולט איז "בלי שום ספק וספק ספיקא"[77] אז כן יהי' לנו - אנהויבנדיק פון א שנה אורה און א שנת ברכה, ביז צו א שנת גאולה בפשטות - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

דורך דערויף אז ס'וועט זיין א שנה הורה (ווי גערעדט פריער באריכה), מיט אלע ברכות וואס יעדערע פון די הויבט זיך אן מיט אן אות פון אל"ף בי"ת, פון אל"ף ביז תי"ו, לכתה כעשרה טפחים, ובטוב הנראה והנגלה.

* * *

כב. אזוי ווי מ'האלט שוין אין סוף שנת השמיטה, אין דעם לעצטן טאג פון יאר, איז כאן הזמן מעורר זיין נאכאמאל וועגן דעם וואס דער אלטער רבי שרייבט בשו"ע שלו[78] אז "זמן הפרוזבול הוא לכתחילה בסוף השמיטה לפני ר"ה של שביעית".

און די וואס האבן דאס ניט געטאן ביז איצטער, זאלן זיי דאס טאן במשך פון דעם טאג פון ערב ר"ה. וויבאלד אז מ'קען דאס ניט אפלייגן אויף שפעטער.

און דורך דעם וועלן בקוים ווערן די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט קיום במצות שמיטה - וואס אע"פ אז ענינו פון א פרוזבול איז אז מ'זאל ניט משמט זיין, איז עס אבער פארבונדן מיט קיום הענין פון מצות שמיטה, וויבאלד אז דורך דעם באווייזט מען אז מ'איז מדייק אין דעם ענין פון שמיטה. נאר הלל הזקן האט פאר אים געפונען אן עצה - ער זאל מאכן א פרוזבול[79].

כג. און דעמולט האט מען די הבטחה פון "רצית ה' ארצך שבת



75) כתובות ה, א. 76) אבודרהם ברכות שער ג. הגמ"י הל' מילה פ"ג ה"ג. 77) ל' אדה"ז באגה"ת פי"א (ק, א).
78) חו"מ הל' הלואה סל"ו. 79) שביעיה פ"י מ"ג. גיטין לו, א-ב.

שבות יעקב"[80], ווי ער טייטשט אפ אין מדרש[81] אז דורך דעם וואס "הרצה הארץ את שבתותי'"[82], ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "שבה שבוה יעקב", אז עס קומט דער ענין הגאולה.

אין דעם פסוק "תרצה הארץ את שבתותי'" (אין פרשת בחוקותי) רעדט זיך וועגן קיום מצוה שמיטה[83], אבער אין מדרש פארבינדט ער דאס אויך מיט דעם ענין פון מעשרות און כל המצוות התלויות בארץ - אבער אעפ"כ, דער ענין פון "רצית ה' ארצך שבת שבות יעקב", ווערט געבראכט צוזאמען מיט "תרצה הארץ את שבתותי'", צוזאמען מיט דעם ענין פון "עשו את השמיטים".

און ווי ער זאגט אין מדרש[84] אז "מפני כן ישראל נגאלין ביד", אז דורך קיום מצות שמיטה, קומט די גאולה אין אן אופן פון "ביד".

כד. און וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[85], איז פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער איז אויך מקיים די מצוה פון שמיטה - אז ער איז משמט און איז מבטל אלע חובות וואס זיינען דא ביי אידן, אפילו א חוב קל (וואס צו אן אנדער חוב איז דאך א איד ניט שייך), ווארום פון א חוב קל דארף מען אויך באפרייען.

און ווי געבראכט פריער (בהכאר) דאס וואס עס ברענגט זיך אין טור[86] פון מדרש[87], אז בערב ר"ה זיינען שוין אידן "לובשים לבנים ומתעטפים לבנים", דערפאר וואס זיי ווייסן אז מ'איז זוכה בדין.

און די תקנה פון פרוזבול (אז דער אויבערשטער וועט ווייטער מאנען ח"ו) איז ביים אויבערשטן ניט שייך, ווארום:

די גאנצע תקנה פון פרוזבול איז - ווי די גמרא[88] זאגט אז ווען הלל האט געזעהן בדורו אז עס קען זיין אז צוליב דעם ענין פון שמיטה וועט מען ניט וועלן לייען געלט. ווארום "קרבה שנה השבע גו' ורעה עינך באחיך גו'"[88]. האט ער מתקן געווען דעם ענין פון פרוזבול, כדי אז ס'זאל ניט זיין דער "רעה עינך".

דער אויבערשטער איז דאך אבער עצם הטוב. און טבע הטוב להטיב -

------------

80) תהלים פה. ב. 81) מדרש תהלים עה"פ. 82) בחוקותי כו. לד. 83) ראה פרש"י עה"פ שם. לד-לה. 84) שם - הוצאה באבער בהערות. 85) תהלים קמז. יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט. 86) או"ח מתקפ"א. 87) ראה דב"ר פ"ב. כו. וראה ירושלמי ר"ה פ"א ה"ג. 88) ראה מו. ס.

להטיב[89], און ביי אים איז ניט שייך אן ענין פון "ורעה" ה"ו - איז וויבאלד אז ביי אים איז ניטא דער חשש הנ"ל, האט פאר אים הלל הזקן ניט מתקן געווען דעם ענין פון פרוזבול!

און וויבאלד אז ער האט ניט די הקנה (כביכול), האט ער קיין ברירה ניט כביכול, און ער מוז מוחל זיין און מבטל זיין אלע חובות.

ביז וואנעט אז ווען עס קומט צוגיין א איד און זאגט אז ער וויל זיך קלאפן, ער וויל פראווען סיגופים און פאסטעניש (וואס דער אלטער רבי איז עס שולל אין אגה"ת[90]) - מוז דער מלוה שרייען "משפט אני"[91], נאר ער וויל אז ס'זאל זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות גו'", ער וויל אז אידן זאל זיין גוט, בטוב הנראה והנגלה.

און אז עס קומט צוגיין א מלאך און הויבט זיך אן "זאייקען" אז ס'איז דא אן ענין פון פרוזבול - זאגט דער אויבערשטער: ח"ו! "ורעה עינך"?! - עס קען ניט זיין אזא זאך! דאס איז דער היפך פון עצם הטוב, וואס טבע הטוב להטיב, ובמילא איז ביים אויבערשטן ניטא קיין ענין פון פרוזבול.

ובדוגמא ווי כ'זאגט אז בשעה ס'איז דא דער דין למטה, איז ניטא קיין דין למעלה[92] - איז אזוי אויך בנוגע צו דעם ענין פון שמיטה. אז דורך עשיית הפרוזבול למטה, אז ער גיט איבער זיינע חובות אין ב"ד. וואס דערביט באווייזט ער אז ער איז מקיים דעם ענין פון "שמוט כל בעל משה ידו"[93] - איז דער אויבערשטער אויך מקיים דעם ענין פון שמיטה,

ובמילא זיינען אידן "לובשים לבנים ומתעטפים לבנים", דערפאר וואס מ'איז א זיכערע זאך אז מ'איז זוכה בדין,

און אין אן אופן אז מלכתחלה איז גאר ניטא דער גאנצער ענין בלתי רצוי, ד.ה. ניט אז ס'איז דא אן ענין בלתי רצוי ח"ו, און מ'דארף זוכן אן עצה אויף צו מבטל זיין דעם ענין, נאר מלכתחלה איז גאר ניטא קיין ארט צו א פחד ודאגה וכיו"ב, ווארום וויבאלד אז "אני ה' רופאך", איז מלכתחלה "לא אשים עליך"[94].

והמעשה הוא העיקר[95] - אז די וואס האבן נאך ניט געמאכט קיין פרוזבול, זאלן זיי דאס מאכן קודם סוף שנה הששית.

- וכמדובר -

-------------

89) ראה עבה"כ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עם א). 90) פ"ג. 91) שביעית שם מ"ח. 92) לבוש או"ח סתר"ג. רמ"א או"ח סו"ס תרב. 93) ראה שם, ב. 94) בשלח טו, כו. וראה פרש"י עה"פ "לפי פשוטו". 95) אבות פ"א מי"ז.

וכמדובר בארוכה אין א פריערדיקע ההוועדות[96] דער גודל המעלה פון עשית פרוזבול – אז דאס האט די מעלה פון "דברי סופרים" וכו' וכו'.

כה. אזוי ווי מ'גרייט זיך דאך צו "הלא אלה כעב העופינה וכיונים אל ארובותיהם" (ווי דערמאנט פריער (סט"ו)) – זיינען דא אזוינע אידן וואס האלטן אין פליען אהערצו, נאר זיי האבן געהאט א "פאנטשער" (ווי מ'זאגט אין א"י), און זיי האבן זיך פארהאלטן אין וועג,

און לולא זאת – וואלטן זיי שוין געזעסן דא און פאר-בראכט צוזאמען מיט אחינו בנ"י הנמצאים אין דעם ביהכ"נ און ביהמ"ד וואו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געלערנט און געדאווענט במשך עשר שנים.

און דערפאר וועט מען פאר זיי לאזן פון די מזונות און פון דעם יין. און די וואס זיינען די אנפירער פון די "הכנסת אורחים" (וואס "גדולה הכנסת אורחים יותר מהקבלת פני שכינה"[97]) וועלן זיי זיכער מקבל פנים זיין (ניט קוקנדיק אויף דעם וואס זיי האבן זיך פארשפעטיקט אין דעם "כעב העופינה"). און ממשיך זיין מיט זיי אין א ההוועדות פעילה. בנוגע צו די ענינים וואס עס האבן זיך גערעדט כאן.

און דאס וועט ממשיך זיין נאך א הוספה און נאך א הוספה אין ברכת ה' בכל המצטרך – אז ס'זאל זיין א שנה טובה ומתוקה, אנהויבנדיק פון ערב ר"ה, און דערנאך בכל יום ויום וועט דאס זיין אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור,

ביז צו "ולילה כיום יאיר"[98], אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם"[99] – בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו. במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניע זשוריצי הלאפצי.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. פרזות תשב ירושלים.

* * *

כו. מ'איז דאך ידוע די הוראה פון דעם אלטן רבי'ן[100] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט – מיט דעם שיעור חומש פון דעם טאג.

וואס דער שיעור חומש פון היינטיקן טאג. יום ששי פון

– פ' האזינו –

------------

96) שיחת ח"י אלול מ"כ. 97) שבת קכז. א. 98) תהלים קלט, יב. 99) ישעי' לה, י. נא, יא. 100) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

פ' האזינו. ענדיקט זיך מיט "וכפר אדמתו עמו"[101], וואס דאס איז דער סיום וחותם פון דעם שיעור חומש.

טייטשט אפ אויף דערויף רש"י,

וואס פרש"י איז פשוטו של מקרא, וואס דארף זיין פארשטאנדיק אפילו פאר א בן חמש למקרא,

און דער פירוש ע"ד הפשט איז דער יסוד פון כל אופני הלימוד שבתורה - בדוגמא ווי עולם העשי' (וואס איז כנגד עולם הפשט[102]) איז דער יסוד פון כל העולמות כולם, וויבאלד אז ער איז דער עולם שאין תחתון למטה ממנו, און אויף אים האלט זיך דער ענין פון דירה לו ית' בתחתונים - ועי"ז אויך בכל העולמות כולם,

"ויפייס אדמתו ועמו", אז דער אויבערשטער איז מפייס "אדמתו", און איז מפייס "עמו", און טייטשט אפ "כשעמו מתנחמים ארצו מתנחמת, וכן הוא אומר רצית ה' ארצך, במה רצית ארצך, שבת שבות יעקב". וואס "שבת שבות יעקב" איז דער ענין הגאולה האמיתית והשלימה - וואס דאס איז דער שיעור חומש פון יום השבת. ערב ר"ה, דער ערב פון דעם גאנצן יאר הבא לקראתנו ולכל ישראל לטובה ולברכה.

און אויף דערויף זאגט מען "וכפר אדמתו עמו". וואס "וכפר" איז "לשון רצוי ופיוס"[103] - ד.ה. ניט נאר אז דער אויבערשטער איז מקיים דעם ענין פון "שבת שבות יעקב", און ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה, נאר ער טוט דאס אין אן אופן פון "ריצוי ופיוס". ווי רש"י ברענגט אראפ אין פשש"ב. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס דארף אויך זיין אין פשוטו של דברים.

וואס דער ביאור אויף דערויף איז - אז וויבאלד "אנו עמך ואתה אלקינו", מיט אלע ענינים וואס מ'ברענגט אויס נאך דערויף, איז פארשטאנדיק בפשטות. אז ניט נאר אז עס קומט אידן די אלע ענינים. נאר מ'גיט דאס זיי אין אן אופן אז דער אויבערשטער איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות ובראה פנים שוחקות לכולם"[104], וואס אזוי איז דאס במשך פון גאנץ חודש אלול, ועאכו"כ אין דעם סיום וחותם פון חודש אלול. ועאכו"כ ווען עס ווערט א בפירוש'ער פסוק אז "וכפר אדמתו עמו". צוזאמען מיט פרש"י עה"פ. וואס דאס איז פשוטו של

- מקרא -

------------

101) פרשתנו לב, מג. 102) ע"ח (הובא בנגיד ומצוה בתחלתו. נה"ש בהקדמת רחובות הנהר בסופו). כ"ה בס' חיוב הנשמות פ"א כ"ב. הובאו ונתבארו בלקו"ד כרך ד תשעא, א. 103) פרש"י עה"פ. 104) לקו"ת ראה לב, ב.

מקרא - וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז דאס ווערט מקוים אין פשוטם של דברים.

כז. ויה"ר אז מ'זאל ארויסגיין פון דעם יאר וואס גייט אוועק אין אן אופן פון "בשמחה תצאו", און דערנאך ווערט די שמחה נמשך אויפן קומענדיקן יאר, און מיט א הוספה, ביז צו א הוספה וואס איז שלא בערך, "שמחת עולם על ראשם" - דערפאר וואס "בשלום תובלון"[105],

א שלום אמיתי - דורך "שלימות הארץ", "שלימות העם", און "שלימות התורה", ובקרוב ממש.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער טוט די אלע ענינים אין אן אופן פון "ריצוי ופיוס", דארף ער דאס טאן אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה, ווי יעדער איד וויל, און ווי אלע אידן ווילן, און דאס ווערט מקוים לכמה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

— * —

------------

105) ישעי' נה, יב.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

**רשימת דברי כ"ק אד"ש, בזמנים שונים, ה'תשל"ס.**

י"א שבט: בעת היחידות נכנס א' (מאה"ק ביחד עם משפחתו שי' וביקש מאד"ש ברכה עבור אחותו שנשארה ברוסי' (יחידה מכל המשפחה), ומזמן מסחמה ששת הימים אין שום קשר איתה, והוסיף שהיא גרה באומאן, ואמר לו אד"ש: איך קענט דאך פרעגן די בראסלעבער זיי פארן דאך אהין וענה הנ"ל: שדבר אתם בנוגע לזה ולא מצאו שום דבר, ובפרט אלו הנוסעים מאה"ק אינם יכולים להסתובב שם כ"כ רק בהקבר של ר' נחמן ז"ל, ואמר לו אד"ש: שישנם כאלו שנוסעים מארה"ב וענה הנ"ל: שדבר ג"כ אתם ובנחיים ללא תוצאות היוביות, ומבקש את ברכת כ"ק אד"ש, אד"ש ברכו, ואח"כ שאל את בנו איזה גמ' הוא לומד, וענה פרק המקבל (בב"מ), ושאלו אד"ש כו"כ שאלות, אח"כ נתן דולרים לכל המשפחה.

ראש חודש סיון: ...אחרי תפלה ערביה ניגש א' לאד"ש ואמר לו שרוצה לדבר עמו ואמר אד"ש שיכתוב לו במכ'. הנ"ל: כבר כתב ולא קיבל מענה. אד"ש: שימסור שם משפחתו ויעשה קאפי וימסור להמזכירות (והם ימצאו המכ'). הנ"ל: רוצה לדבר רק 5 מינוט. אד"ש: דער וויל רעדן 5 מינוט, דער וויל רעדן 5 מינוט דער וויל רעדן 10 מינוט, דער וויל רעדן א פערטל שעה (הראה באצבעו על העומדים שם)... פרעגט ביי זיי (וועט איר זעהן)... הנ"ל: יש לו צרות. אד"ש: (בחיוך), אלע האבן צרות... בעת פתחו הדלת לצאת, אמר לו: איך האף אז איר וועט קיין פאריבעל ניט האבן, איך האב ניט קיין צייט.

בהלכו להמכונית (הביתה) התחיל לנגן "ניעט...".

ד' סיון: בבוקר כשבא ל-770 וראה ילדי אנגלי' אמר שינגנו "עוצו עצה..." נסע לאוהל. אחרי מעריב (9:45) הודיע שיתוועד - א "קורצער התוועדות" -. נכנס בשעה 10.

כשאמר שהאורחים יגידו לחיים ויעוררו את המקומיים אמר ( ברוסית): שיעוררו אותם ויאמרו להם אז מכיה איז רא...

אמר להרדב"פ הרי הדפסת את התניא (אנגלי-עברי), ושיגיד לחיים.

אחר השיחה אמר לא' (ברוסית): שיאמר לחיים און אן איינלאדנונג, שאל לא': "פארוואס זאגסטו ניט?... אחרי ההתוועדות אמר שעכשיו ילכו הילדים וכו' און די עלטערע זאלן ניט מבלבל זיין!... וחילק להם. לא' (מההורים) אמר: שהילד "זאלן אליין קומען" (חילק כשעה א' להילדים ואח"כ להילדות)...

ח' סיון: הר' מענטליק שי' סיפר שכשנתן לו אד"ש החלות אמר לו שא' יהי' בשביל הכינוס תורה של האנשים וא' בשביל הכינוס תורה של הנשים...

לפני תפלה מנחה נתן כסף לילדים לתת לצדקה, א' מהילדים אמר שכבר קיבל ונתן לו שוב ואמר לו שזה יותר חזק.

בשעה 3 נסע לביתו, כשנסע לביתו עמדה ע"י 770 מכונית שעלי' מתנוסס, לוח פרסומת (מואר) ובה הוראותיו של אד"ש, כ"ק אד"ש נעצר ע"י מכוניתו והביט עד לסוף המודעה, ואח"כ שאל את ד' י.ק. באם עשו את זה רק עבורי? ואמר הנ"ל שזה גם נוסע בכל רחובות מנהטן.

יום ב' דחגה"ש: אחרי תפלה מעריב עשה הבדלה, בברכת בורא מיני בשמים - הוריד את הכוס ואחז את הבשמים בשתי ידיו, בברכת בורא מאורי האש - שתי ידיו וכשאגודל מוסתר, וכן לצד שני.

ט"ז סיון: אחרי קריה"ת הגביה סיגריות שהיו מונחים על הרצפה (אצל הבימה) והניחם (על הבימה) אח"כ נטלם עמו להשולחן והניחם (שם), א' מהת' נטלם מהשולחן (בעוד שאד"ש עמד שם) והשליכם לאשפה).

י"ג תמוז; בעת ההתוועדות: באמצע א' השיחות אמר (כנראה לא' שפיהק): שלא ישב לצד מזרח און געניצן (כ"א יהפוך פניו).

יום ש"ק פר' ראה, מבה"ח, כ"ה מנ"א: בעת ההתוועדות חילק כ"ק אד"ש בקבוקי משקה לאורחים הנוסעים למקום יעודם (ע"מ להתוועד שם לפני ר"ח אלול ואחרי ר"ח), כ"א שנגש אמר לאד"ש לאן נוסע! להרבה ברך אד"ש בהצלחה רבה.

לז. ריבקין - (אמר אד"ש) עבור הביהכנ"ס שלו ( ביה מנחם) (בשביל הכפר, הרי יש עוד נוסע ממילא הוא כבר יקח) אח"כ אמר אד"ש איר קאכט זיך דאך אין דעם (ביה הכנסת), לכן תקח עבור כל הבתי כנסיות שם...

לר' מ.מ. גרליק - "פאר אייערע סאלדאטן" (שרגיל להתעסק שם במבצעים).

ליפסקר מפ"ת - הרי הינך (גם) מתעסק עם חיילים, לכן תקח עבור החיילים ושיהא בהצלחה.

לר' מ. נפרסטק - עבור כפ"ח ולכל המוסדות שם. לסטודנט מפריז - שאל אד"ש באם לוקח עבור כל הקבוצה.

לר' ש. יעקבוביץ - אמר: "מתוך שמחה" (והורה בידו הק' לאות שמחה וחייך).

לר' נ.י. טווערסקי - מקום חדש? (שנוסע לשליחות בדטרויט) וענה בחיוב. ר' שד"ב פרידמן (מאיטלי') - מסתמא הרב (ג.מ. גרליק) יבוא לבד. קרא להר' מ. טלשעווסקי ונתן לו עבור אביו ואמר לו שיעשה שם התוועדות ושיצא משם בקרוב (מהבי"ח). להרב ג.מ. גרליק - חייך אד"ש.

אד"ש התחיל לנגן ניגון דלוי"צ ורמז בידו להגברת השירה.

יום ה' י"ד אלול: בשעה 3 לערך נסע לאוהל וחזר בשעה 8.

יום א' י"ז אלול: בהתוועדות אחרי שיחה הא' קרא לר' יואל כהן ואמר לו שישאל לאחד שעמד מול אד"ש וצלם, אם למד תניא היום? רי"כ חזר לאד"ש ואמר שלא למד. הצלם הפסיק לצלם.

אחרי השיחה הב' קרא שוב לר' י. כהן ושאלו אם מסר ע"כ לצלם וענה בחיוב. אמר לו אד"ש עס ארט מיר ניט אם מצלם, רק שילמד תניא. ר"י מסר ע"כ לאברך שצלם וחזר לאד"ש ואמר לאד"ש שלומד תניא. עשה אד"ש בידו תנועת ביטול ונתן לו אגה"ת מסוף הסידור, ואמר לו שימסור לו שילמד בזה כמה (עכ"פ ג') שורות (ושיחזיר את האגה"ה) ויוכל להמשיך לצלם. אח"כ אמר אד"ש לר"י אנטשולדיגט מיר פאר משמש זיין א כהן.

* * *

בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א בעת ביקור הגאונים הרב פנחס מנחם אלתר שליט"א (אחיו של כ"ק אדמו"ר מגור שליט"א) והרב מנשה קליין (בעל משנה הלכות) - י"ג אלול, ה'תשל"ט.

הנחה פרטית בלתי מוגה

אד"ש ביקש שיביאו כסא להחתן "כי משפט כתיב בי'" (א מלך) מ'דארף האבען כבוד מלכות, און אז ער וועט שטיין ווייס איך ניט צי עס וועט זיין ווי עס באדארף צו זיין.

א. חודש אלול איז דאך "אני לדודי ודודי לי", ס'איז דאך אויך א זאך פון א שידוך און א חתונה, [צווישן כנס"י] מיטן אויבערשטן.

שבע ברכות האט זיך געענדיקט נעכטן?

רפ"מ: כן נעכטן ביי דער נאכט.

אד"ש: ווי אזוי איז בא אייך דער מנהג צו שלש סעודות (צו סעודה שלישית פון שבת) אויך געווען שבע ברכות ?

הנ"ל: כן

אד"ש: איז חוץ דעם וואס ס'איז געווען 'תורה' מיט א "פנים חדשות", איז אויך געווען שבע ברכות, מצד די חילוקי מנהגים וואס ס'איז דא אין דעם.

רפ"מ: הרי שבת הוא הפנים חדשות בכדי שיוכלו לעשות שבע ברכות ?

אד"ש: איך פרעג ספעציעל וועגן שלש-סעודות (סעודה שלישית).

בלילה וביום [השבת] איז דאך קיין ספק אז שבת אליין איז א פנים חדשות, און דעמולט איז גוט אפי' אן א פנים חדשות - "אינו דומה מאור פניו של אדם בשבת", בא שלש-סעודות איז דא כמה דעות אין דעם.

הנ"ל: הטעם שאין צריך פנים חדשות הוא מפני הנשמה יתירה ?

אד"ש: דאכט זיך מיר אז דער לשון איז "אינו דומה מאור פניו".

הנ"ל: עוה"פ כנ"ל.

אד"ש: די נשמה יתירה איז ווייניק, מ'דארף האבען "מאור פניו".

רמ"ק: שהנשמה פועלת ציור על הגוף.

אד"ש: אט דאס מיין איך - "אינו דומה מאור פניו".

הנ"ל: בב"ק (לז) איתא שבשבת (מלבושי שבת) אדם נראה שונה מכל שאר ימות השבוע.

אד"ש? בנוגע לשור - דער חידוש אין ב"ק איז אז אפי' א שור דערקענט דאס.

רפ"מ: השור נעלה יותר מהאדם (שהוא יכול להכיר והאדם לא).

אד"ש: אלמלא ניתנה רשות לעין לראות, און דערקענען א שבת'דיקן...

[ סעי' ב - י"א דובר בארוכה אודות הגדר דשביתת השור בשבת, הגדר דחרש שוטה וקטן בתורה ומצוות - חסר]

יב. רמ"ק הביא הגמ' (והרמב"ם) בנוגע לכה"ג שמטמאין אותו לפני יום הכיפורים, ובנוגע לזה אמר אד"ש:

מ'דערציילט וועגן דעם ראגאטשאווער, אז ס'איז געקומען פסח דעמולט איז דאך מצה שמורה, האט ער ניט געוואלט גיין אין פאדריאד (מאפי'), האט מען בא אים געפרעגט פארוואס? ס'איז דאך א מנהג ישראל? און מים שלנו? האט ער געענטפערט: אז בשעת ער וועט גיין וועט ער זיכער געפינען עפעס ענינים וואס... בא אים קומט אויס..., אבער בשעת ער פארלאזט זיך אויף "חזקת כשרות" איז קיין שייכות ניט, ניטא קיין שאלות אויפן שולחן ערוך.

ובנוגע צו דעם ענין (כה"ג שמטמאין אותו לפני יוה"כ) איז אויך אזוי, אז אויב מ'האט עם מטמא געווען און דערנאך מטהר געווען, איז דאס פארפאלן, אבער אזוי דארף מען זיך פארלאזן אז מסתמא האט ער זיך געהיט און מסתמא איז ער ניט געווען...

רפ"מ: (מהרמב"ם) שיותר טוב להוולד במידות רעות ולברר וכו', והמחלוקת דהרמב"ם והראב"ד...

אד"ש: איז עד ראַרטן מחלק די ענינים פון מדות סובות, ענינים פון מדות, ענינים פון שכל, אז מ'זאל ניט זאגן "אי אפשי" נאר "אפשי", "ומה אעשה שאבי בשמים גזר עלי".

עד"ז איז אויך דער חילוק צווישן א בעל תשובה מיט א צדיק, וואס א צדיק איז "מעיקרא לא חטא", און א בעל תשובה איז ווי דער רמב"ם שרייבט די מעלה - ער האט געוואוסט וואס דער היפך איז און דערנאך האט ער אין דערויף חוזר געווען,

חודש אלול דארף מען דאך רעדן די מעלה פון בעלי תשובה, וואס דאס איז דער חילוק פון ניסן מיט תשרי.

הנ"ל הביא מהגמ' (סוכה נג, א) "אשרי זקנותינו שלא ביישו את בעירותינו אלו שחסידים ואנשי מעשה (כלומר שמזה רואים מעלת הצדיקים)

אד"ש: דאס איז אין חודש תשרי, א "חסיד מעיקרא" (רש"י שם).

יג. אד"ש: ווי אזוי איז בא אייך דער מנהג בנוגע - אז א חתן אליין זאגט אויך תורה?

רפ"מ: כן, אבל מפסיקים אותו באמצע

אד"ש: בשעת דער שווער איז געקומען אין פולין, דעמאלט איז געווען די בר-מצוה ביים איידעניקל, האט ער אויך דעמאלט געזאגט אז אזילת לקראתא איז אזל בנימוסה, און דארט איז דער מנהג אז מ'דארף מפסיק זיין, און דערנאך איז דא די חביבות אז מ'חזרט א מאמר פון א רבי'ן, אשר לכן זאל ער חזר'ן אנער-האלבן מאל, האט מען געלאזט אפ-זאגן דעם גאנצן מאמר, און דערנאך כדי מ'זאל דאס אויסטאן האט ער געזאגט נאך א מאל און מ'האט מפסיק געווען אינמיטן.

אד"ש: עפעס א טעם מקבל אויף דעם, טעם וואס מ'איז מפסיק אינמיטן?

הנ"ל: שיש כמה טעמים ומהם: דמכיון שהתורה אין לה שיעור וכמה שאומרים יש יותר אשר לכן מפסיקים אותו באמצע בכדי שידע שכמה שיגיד בכ"ז יש יותר.

אד"ש: איז וואס עפעס בא א חתן דוקא? ... ווייל ס'איז א נייע זאך?

אד"ש: איך האב נאך נים געוואוסט פון קיינע ענינים דעמאלט, איך בין געווען דעמאלט דעם ערשטן מאל אין פולין, איז געווען עפעס א פלא, א איד זאגט תורה ובפרט נאך א חתן וואס איז דומה למלך?!

הנ"ל: שיש עוד טעם: כמו שאצל מלך, כשמדבר - מפסיקים אותו באמצע, ומוחים כפים וכל כמה מילים שאומר צועקים "בראווא" "בראווא" באמצע הדיבור ועד"ז בחתן,

אד"ש: מ'פלעגט זאגן אז דער ראש ... איז מהדר-בשעת דער מלך לייגט זיך שלאפן-שרייט ער בקול גדול מ'זאל זיין שטיל

יד. הנ"ל: סיפר שבחתונה בגלל רחיים על צוארו מפסיקים את החתן והוא מתחיל עוה"פ, והקהל מפסיק וכו' וככה ג' פעמים כדי להראות שלא יתפעל מהדחיים על צווארו.

אד"ש: אזוי איז דער סדר?

הנ"ל: שככה הי' בכל ה"שבע ברכות",

אד"ש: אבער צום דריטן מאל קאן מען שוין מסיים זיין?

רפ"ק: (בחיוך) ג' פעמים הוי' חזקה.

הנ"ל: שהרב בנאסאוו הי' נוהג שלאחר שהיו מפסיקים את החתן הי' החתן או' בשבילו את הדרשה בשקט.

אד"ש: ס'איז געווען ביט א דיוק אז מ'זאל מסיים זיין?!

הנ"ל: שהי' סיפור והחתן אמר שהוא לא הכין אז אמר הנ"ל: כנראה אתה יודע כבר מהסוד - שמפסיקים.

אד"ש: דאס איז אויך א תורה. מה-דאך משה רבנו הודה ולא בוש.

טו. אד"ש: ס'איז דאך איצטער די ארבעים יום וואס משה רבנו האט געלערנט דעם צווייטן מאל תורה - נאכן הפסק פון באמצע,

און ס'איז א דבר פלא, מ'ברייננט זיך אין אחרונים דער טעם - אז מ'קומט חודש אלול איז אפילו ה"ח ממעטים בליהוד ומוסיפין בתחנונים.

די ארבעים יום ראשונים איז דאך געווען בתפלה. און דערנאך איז (פירוש הפשוט אין פסוק אז כ' יום האחרונים איז אויכעט געווען התפלתי כראשונים) - אבער דערנאך אז מ'פרעגט וואס איז געווען דעמאלט - איז געווען דעמאלט קבלת לוחות האחרונים

און - פארקערט - דעמאלט איז געווען מפריים להוסי', ואדרבא ס'איז געווען די שבירה הלוחות וואלט געווען מערניט ווי חמשה חומשי תורה. און ספר יהושע

ווי דער מדרש זאגט אין כי תשא, אז משה רבנו האט זיך מצער געווען, האט אים דער אויבערשטער געזאגט, אז ער זאל זיך נים מצער זיין: אזוי וואלט

געווען חמשה חומשי תורה, און ספר יהושע, ונחלת הארץ, וויבאלד אבער ס׳איז געווען די שבירה וועט זיין ספרא ספרי און מכילתא, מיט א ריבוי תורה -

און דאס איז געווען די ארבעים יום פון לערנען תורה,

און בשעת ס׳קומט דערנאך אראפ במעשה בפועל. דעמאלט איז פארקערט: אפילו ת"ח ממעטים בתורה, כדי צו מוסיף זיין בתחנונים, תפלה?

רמ"ק: שהרי ביום הכפורים הי׳ "סלחתי כדברך" שזה בא בהמשך להמ׳ ימים, הרי שייך בזה ענין התפלה ולכן ממעטים מת"ת

אד"ש: איז מען דאך מדגיש אז יום כפור איז דער יום התשובה, אבער בפועל ממש, איז די סליחה אויף די תשובה געווען בארבעים האמצעים, און דערנאך איז געווען דער פסל לך שני לוחות כראשונים ועלה עלי ההרה.

הנ"ל: הגם שהכפרה היתה במ׳ יום האמצעים, אבל בכדי שיהיו כרוצים לפני הקב"ה כקודם החטא, ע"ז הי׳ צריך גם לתפלה במ׳ יום האמצעים,

אד"ש: דערפאר איז נאך אמאל תפלה, אין פסוק שטייט אויך ההפללתי,

הנ"ל: ולכן יש גם ענין התפלה בחודש אלול,

אד"ש: במעטים איז דער טייטש אז מ׳לערנט ווייניקער ווי פאר די פערציק טעג?! אזוי איז בפשטות.

טז. הנ"ל: שבזמן הזה מכיון שכל השנה לומדים בכל המעל"ע תורה ולכן כשמגיע חודש אלול שאז הוא זמן התשובה הרי שבדרך ממילא כממעטים בתורה,

אד"ש: אבער אזוי בפשטות איז דעמאלט געווען דער ענין פון ליבוד התורה-

פשוטו של מקרא שטייט בפירוש, אז דעמאלט האט משה רבנו כהפלל געווען -

און דערנאך בשעת מ׳זאגט, אין מדרש זאגט ער בפירוש אז דעמולט איז געווען די לוחות האחרונות, ס׳איז געווען פארבונדן מיט ספרא ספרי, און מכילתא,

און די לוחות ראשונות איז מער נים ווי חמשה חומשי תורה מיט ספר יהושע, ווי שטימט דאס?!

אין ירושלמי זאגט ער דאך אז די לוחות ראשונות מזה ומזה הם כתובים, איז אלץ געווען געשריבן דארטן אין די לוחות ראשונים מזה ומזה הם כתובים (וע"ז לא ענו)

רפ"כ: שאל כהגברא (ב"ק נה, א) כשמע שאמרת שלוחות ראשונים לא נאמר בהם טוב שמזה כשמע שישנו הבדל בין לוחות הראשונות ללוחות האחרונות ובצד שני אומר׳ שזכור ושמור בדבור אחד הרי שניהם דבר אחד, ולכאו׳ זהו סתירה?

אד"ש: ניין, דער חילוק וואס מ׳קלייבט זיך דארט איז אז נאמר, אז אין תורה איז געזאגט געווארן מערניט ווי דא זכור, און דא שמור, און דער׳אויבערשטער האט געזאגט אבער בדבור אחד.

ס׳דאך פאראן אין גברא אז ס׳איז דא זמן תפלה לחוד, און זמן תורה לחוד, ס׳איז אלץ באזונדערע ענינים.

יז. רמ"ק: שהתוס׳ (ב"ק קיג, א) מפרש שהתנא לא בקיאי בקרא, ומן הביא עוד ראי׳ מתוס׳ שהתנאים לא בקיאי בקרא,(ואכר שזה שייך למשכילים?),

אד"ש: איר רופט זיי אן משכילים ס׳קאן גאר ארויס - לשון הרע

הנ"ל: איר זייט זייער גערעכט

אד"ש: נאך מער בארבעה לא מצינא בשיתא מצינא (ב"כ קיד. ב) און רבי יהודה איז בקיא מערניט ווי אין נזיקין

הנ"ל: שמרש"י שם משמע שקדשים נוהג בזמן הזה,

אד"ש: ליכוד ההלכוה!

אד"ש: מ׳זאגט דאך דארטן וועגן עשר תעשר און דער ינוקא האט געזאגט ר׳

יוחנן עשר תעשר אז ער איז צוגעקומען צו דעם פסוק איז דעמאלט לא צריכנא לך (תענית ט, א), (בזה רמה אד"ש להביא ראי' שלמדו בתחילה מקרא).

זעט מען אז ס'איז געווארן א מנהג ישראל,

אלע ראשונים האבן געשריבן ככרוכיא. מען זאל לערנען פון בן חמש למקרא, און דערנאך לערנען משנה און דער סדר איז געווען אז מ'פלעגט גלייך אן הויבן לערנען גמרא?

רמ"ק: שהבני יששכר אמר שהוא מצטער והחלים שילמד את בניו כסדר "בן חמש למקרא" וכו' הגם שבעצם לא עלתה בידו אבל הוא התחרט באמרו שעכשיו אני רואה שצריך לעשות כפי מנהג ישראל.

אד"ש: ולא עלתה בידו!

אד"ש: ס'איז דאך דא נאך מערער אין מהר"ל צייטן, דער של"ה און אלע גדולים, (רצו שילמדו כסדר - בן חמש למקרא).

יח. רמ"ק: רצה לחדש שהמ' של ר' נהוראי שאמר אין אני מלמד את בני אלא תורה, אינה להלכה כי מזה משמע שצריכים להתחיל רק מגמרא,

אד"ש: ר' נהוראי זאגט תורה, איז דאך דאס כולל כל חלקי התורה, פון מקרא, נאר דאס איז ניט דער אופן ... (כנראה הכוונה להא שרק תורה ולא שאר אומנות)

רמ"ק אבל הוא לא אמר את סדר הלימוד,

אד"ש: דערפאר וואס דאס איז געווען מפורסם הטועה בדבר משנה אינו חטא,

בכל אופן דאס איז א משנה וואס ווערט געבראכט בכל מקום -

און צי דען וועט זיין א שאלה - צו דעם וואס ווערט גערעדט בנוגע "בן שלוש עשרה למצוה -

מאכן פון דער משנה חילוקים (כנראה הכוונה:בנוגע לסדר הלימוד לומר שזה אינה להלכה - ובן שלוש עשרה למצות - הוא להלכה) -

וועט ווערן דערפון א מבול!!! די משנה ברייננט דאך דאס.

רמ"כ: שהגמרא (קידושין ל, א) לעולם ישליש אדם שליש במקרא -

הרי תוס' אומר שם מכיון שזה המקרא והמשנה והגמרא מעורב אפשר ללמוד יחד, ועד"ז אפשר לומר בקטן שהכוונה שלמדו ביחד?

אד"ש: דאס וואס תוס' זאגט איז אויף גמרא, אבער זאגן אז מקרא און משנה ?

יט. רמ"ק: שהמחבר פוסק גם שילמדו לא כמו המשנה אלא כפי הבנה הילד,

אד"ש: דער אלטער רבי ברייננט דאס אין הלכות ת"ת אז מ'הויבט אן פון נקודות ביז אותיות. און דערנאך איז משנה,

רמ"ק: אבל הוא לא אומר שצריך ללמוד כל המשניות?

אד"ש: דאס איז נאך דערויף ווי ער ווערט שוין סייך צו בן חמש עשרה לגמרא- אבער זאגן. אז בריער דארף מען נאך לערנען משנה? (דאס איז וואס אלע גדולים בכל הדורות ...)

און ווי קומט דאס אז אלע גדולים בכל הדורות האבן געשריבן ככרוכי', און ווייזט אויס אז לויט די מענות וואס מ'האט געהאט - אז בכל הדורות האט מען זיך ניט געפירט אנדערש,(איר האט פריער דערמאנט אז אויף דערויף האבן די משכילים מקפיד געווען?)

רמ"ק: הביא איזה ספר שקראם חכמים משכיל - הביא מהם דר' חייא ור' חנינא אקרו קרא לינוקא,

אד"ש: אלע חמשה חומשי תורה, און דערנאך משנה, אבער דאס איז געווען בזמן ר"ח - איז דאך ניט געווען קיין גמרא, קיין תורה שבע"פ.

רפ"מ: הביא מהפסוק אשר צוויתי להורותם .. שהיו בקיאים בכללות לימוד הגמרא

אד"ש: דארס זאגט די גמרא נאך מערער, אז בשעת דער אויבערשטער האט געלע-רנט מיט משה רבנו ...

דער רמב"ם אין הקדמת הספר לערנט אשר צוויתי להורותם, אז תורה בפירושה ניתנה, לכתחילה בשעת נתינת התורה.

כ. רמ"ק: אמר איך שהסדר בפולין, בפולין למדו רק ביום שישי חומש ומלבי"ם למדו רק כרגיל על סדר החומש

אד"ש: איר האט פריער געזאגט אז מערנים ווי פריסיק פלעגט מען דאס לערנען

הנ"ל: שרק הישיבה הגדולה למדו ביום שישי ושבת חומש ורש"י

אד"ש: שבת אויכעט?

הנ"ל: שהי' גם שיעור,

אד"ש: שבת? מ'האט פריער דערמאנט אז בניך דארף אויך האבן מנוחה

הנ"ל: אמר את הסדר הישיבה איך שלמדו גם בשבת

אד"ש: שבת אבער אויכעט?

הנ"ל: שגם שבת למדו גמרא וכו'

אד"ש: אין הל' ת"ת שטייט אויכעט אז בערב שבת לאזט מען די תינוקות ביין אהיים.

רפ"מ: שבתנד"א כתוב שבשבת צריך לעשות תשובה (אד"ש ענה כשהו ע"ז?)

הנ"ל: שבפרשת משפטים ותרומה לא לכדו רק חומש רש"י

אד"ש: בשעת ס'איז געקומען די וואכן!

אד"ש: דערפאר וואס דארפן איז אין פירש"י (על התורה) אין משפטים, איז דא גאר א סאך, פשוט הלכות און דינים,

אבער פארוואס תרומה? דערפאר וואס ס'איז דא בנין המקדש.

* * *

כא. אד"ש: איך האב געוואלט פרעגן דא אייך (רפ"מ) סאקע וועגן דעם עניך.
ס'גייט דאך צו א שמיטה יאר און ס'ברייגנגט זיך אין ספורנו אז דער ענין פון שמיטה איז געווען, אזוי ווי מ'איז געווען באפרייט פון אדם חורש, און אדם זורע, איז במילא געווען דער לימוד התורה בריבוי,

האב איך זיך נאכגעפרעגט [ובעיקר דארף דאך דאס זיין אין אה"ק] צו דארטן האט זיך גערעדט עפעס וועגן א הוספה אין לימוד התורה,

האט כען געזאגט, מ'הערט נים וועגן דעם - אז ס'זאל זיין עפעס א הוספה אין לימוד התורה אין די ישיבות און ת"ת - מצד דערויף וואס דאס איז שמיטה.

אפילו אין חו"ל א ענין רוחני פון קרבנות איז שייך צו חו"ל אויכעט, איז עד"ז בנוגע צו שמיטה אויכעט,

אבער אין א"י גופא, וואס דארטן איז סאקע דא שמיטה (צי מיט א היתר אדער אן א היתר - ווי כ'איז נוהג) - איז לכאורה דאס וואס ס'שטייט בנוגע צו שמיטה אז "שבת לה'", און דערפאר איז אין יענעם יאר פלעגט מען לערנען מערער תורה - האט דאס געדארפט האבן א המשך (אין א"י) איצטער אויכעט?

איך האב זיך נאכגעפרעגט צי ס'איז דא עפעס מחליט זיין, ראשי ישיבות, צו הנהלה פון די ישיבות - אז כ'זאל דעמאלט מוסיף זיין. האט מען געזאגט ניין!

נישט קיינע שינוים!

רפ"פ: כל הנ"ל בעיקר שייך לבעל"ב אבל אצל הבחורים הרי כל זמן - שמיטה - שלומדים כל הזמן,

אד"ש: ס'דארף דאך עפעס זיין פארבונדן, אז דער פאסער זיינער לערנט מערער, פארהערט ער אים מסתמא מערער?

כב. הנ"ל: אז מ'הארעוועט א גאנץ יאר (כלומר שא"א עוד להוסיף)!

אד"ש: אויב אלע ישיבות אין א"י איז אין אזא-מין אופן, און מ'קאן נישט מוסיף זיין, איז דעמאלט וואלט שוין געווען לאחרי ביאה משיח, מסתמא!

עכ"פ לא לדרשא כאתינא, דאס וואס איך פרעג דאס, אפשר וואלט מען דאס גע בעקענט איינפירן,

הנ"ל: לחזק בלימוד התורה בודאי אפשר והדשת שיעורי תורה (דאגודת ישראל) עשו התעוררות.

אד"ש: דאס איז דאך במשך כל השנה,

הנ"ל: שלא, בנוגע לשמיטה דוקא,

אד"ש: נישט אין הלכות שמיטה ? (כלומר שההתעוררות היתה שילמדו הל' שמיטה).

הנ"ל: ההעוררוה היתה בכלל כי זה שנת השמיטה,

אד"ש: מ'האט דאס מפרסם געווען? פאר מיר איז דאס א נייעס! ווען איז דאס געווען די שמיטה? אדער די פאריקע שמיטה אויכעט?

הנ"ל: שלא, רק השנה

אד"ש: דאס איז געווען אין ועד הישיבות, צי אין ישיבה, אין אלע ישיבות?

הנ"ל: שזה הי' רק הדשת שיעורי תורה (דאגודת ישראל), אבל זה לא הי' באופן שהרבי התכוון שזה מצד ענין השמיטה,

אד"ש: אין ספר החינוך שטייט, אז מ'דארף זיך מתבונן זיין, אין התבוננות אין גדלות הא-ל,

ובכל אופן מאכן פון דערפון א גאנצן (סובעל), -

אזוי הויבט זיך אן, די ערשטע שאלה וואס מ'הויבט אן איז: מה יום מיומים, אז מ'קומט צוגיין און מ'זאגט: הויבט אן מאן! זאגט ער: היינט האסטו געטאן, פארוואס האסטו נעכטן נישט געטאן?

ווייבאלד אבער אז ס'איז אריבער דרייסיג טעג שלושים יום קודם השביעית - חודש אלול - האט מען געדארפט עפעסזען אין דערויף מעורר זיין,

ובכל"ב, איך האלט אז אין חו"ל האט מען אויך געדארפט מפרסם זיין - דער ענין פון שמיטה ברוחניות, איז דאך שייך בחו"ל אויכעט - מ'דארף מאכן א פרוזבול, שמיטה כספים, דאס איז דאך אין חו"ל אויכעט,

כג. הנ"ל: אמר בנוגע לשמיטה כספים

אד"ש: שמיטה כספים איז דאך דא אויכעט אין חו"ל

הנ"ל: שזה במחלוקה

רב"ק: הביא חת"ב שמיטה כספים גם בחו"ל

אד"ש: אויב אזוי דארף מען קיין עדות נישט האבן

אד"ש: ובכל אופן דער אלטער רבי ברענגט דאס פשוט אראפ אין שו"ע אלץ א פס"ד (חו"מ הל' הלואה סעיף יד וא"לך) און ברענגט נאך א חידוש אז מ'זאל מהדר זיין אז מ'זאל אפשר דאס מאן אין סוף שנת השמיטה. אזוי איז דאך משמעות בסופה, און כדי מ'זאל אפטאן בשלימות, איז א דין אין שו"ע, אז אין סוף פון שנת השמיטה

זאל מען מאכן א פרוזבול.

כד. אבער אס דעם ענין איז, בל"נ, איך וועל מאכן דערפון א טומל דא אין חו"ל אויכעט, אבער אין א"י איז דאס נאך ביתר שאת ויתר עוז,

ערשטנס דארף מען גאר ניט האבן קיין סיבה במיוחד, ווייבאלד אז יעדער רגע וואס "אפשר לו לעסוק בתורה ואינו עוסק" און די גאנצע חומרא ווי די גמרא זאגט, אפילו דער וואס לערנט א גאנצן טאג און איין רגע ניט איז די גאנצע חומרת הדבר,

איז ווייבאלד אז אין שנת השמיטה קומט צו פרייע צייט, דערפאר וואס "כלום אדם חורש אדם זורע, תורתן מתי נעשית"? דארף דאס די תורה גאר ניט מדגיש זיין ווייבאלד מ'נעמט(בא?)צו דעם ענין, באקומט ער צו פרייע צייט, דארף ער זיך זעצן לערנען,

אבער אעפ"כ היינטיקע צייטן איז דאך אזא מין ? וואס יעדער זאך דארף מען זאגן בפירוש.

און איצטער איז נאך חודש אלול אויכעט, און ווי געזאגט פריער, אז דעמאלט האט משה רבנו געלערנט תורה,

כה. דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין אגה"ת פון זהר אז תשו"ע איז אין לימוד התורה, תשו"ת איז ער מחלק אז ס'איז דא השוב ה' צוויי ההי"ן אין ש' הוי' ס'דא השו"ע און השו"ת און ווי ער זאגט אז ס'איז דא השובה מאהבה תשובה מיראה און ס'איז דא זדונות נעשו לו כשגגות צי נעשו לו כזכיות,

איז תשובה תתאה דארף זיין חרטה על העבר וקבלה טובה על להבא מיט וידוים,

און השו"ע ברייננגט ער אראפ פון זהר איז דאס דער ענין פון לימוד התורה.

דעם מען אז תורה האט נאך א ענין, אז מ'לערנט תורה ווי ס'דארף צו זיין וואס דאס גופא איז א ענין פון תשובה,

רמ"ק: שכל חטא הידוע מכפרים רק ע"י לימוד התורה,

אד"ש: אנטקעגן דערויף ברייננגט ער אראפ אז דאס וואס מ'זאגט אז מ'העלפט ניט קיין תשובה, העלפט ניט קיין תשו"ת, (ער ברייננגט אראפ אין אגה"ת),

אד"ש: שטייט דאך אין מגלה עמוקות אז שבת איז אותיות פון תשב, אז שבת איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, נאר אין שבת דארף דאך זיין אלע ענינים של שמחה, דערפאר מוז מען דאס ע"ט, און ווי געזאגט פריער שבת לה',

איר זיינט דאך ביידע זאכן, איר זיינט דאך זיכער א ראש ישיבה אין אייער ישיבה; און א פירער אין אגודת ישראל בראש; דערנאך זיינט איר דאך אין מועצת גדולי התורה אויכעט, קאנט איר דאך כובש זיין את כל העולם כולו. (ס'איז ניט ע"ד הצחות).

כו. אין לקו"ת ברייננגט זיך אראפ אויף אני לדודי ודודי לי הרועה בשושנים, אז אני לדודי ודודי לי איז ר"ה אלול, און הרועה בשושנים איז דא צוויי פייטשן: איין פייטש אז דאס איז א ענין פון התשובה; און דער צווייטער פייטש אז בשושנים "ששונים בתורה". אויכעט אויף חודש אלול ויוהכ"פ וביום חתונתו זה כ"ה, אויכעט מיט די לוחות אחרונות. (ווי געזאגט פריער אנטקעגן די תיקונים, דער ענין פון כפורים סליחה ומחילה). אבער דאס וואס דער(ראשון?) איז מדגיש ניט דאס וואס דער רמב"ם שרייבט אז התשובה כל השנה יפה היא, יום התשובה. סליחה ומחילה קץ סליחה ומחילה דאס איז דער ענין פון יוהכ"פ. און ווי די משנה זאגט אז לא היו ימים טובים כיוהכ"פ איז דאס דערפאר וואס ביום חתונתו זו מ"ת, לוחות אחרונות ווי רש"י מענה'ט דארט.

הנ"ל: מאס יעשו כרוז ע"י שילמדו יותר ואם לפועל לא ילמדו אז זה יראה... (כלומר שיעשו <u>כרוז</u> ולפועל לא ילמדו אז זה כמו להיפך...)

אר"ש: דאס האב איך זיך אמאל געדונגען. כמעט מ'האט געוואלט דא מכריז זיין א ענין פון א תענית וכו'. האב איך געזאגט אז להדעת' דארף ניט זיין קיין

הכרזה אז מ׳הייסט יענעם פאסטן, מ׳איז מציע, ובמילא וויבאלד אז מ׳איז מציע, נים קיין גזירה, נים קיין בי"ד, וואס איז נוגע צו רבים, א הצעה, במילא יענער איד פארנומען מיט גמ"ח, טוט ער א צווייטע גוטע זאך.

אבער דער ענין פון זאגן וויבאלד אז אפשר וועט יענער ? הוכח תוכח את עמיתך סאמער וועט יענער נים פאלגן, זעט מען אז בשעת תורה ברייגנגט דאס אדאפ אין דין, און זאגט אפילו מאה פעמים, דאס איז דאך נאך א גרעסערער חידוש, הוכח תוכיח הייסט אז מ׳האט מיט עס גערעט ניין און ניינציק מאל און ער פאלגט נים, איז אעפ"כ דארף מען עס הוכח תוכית אפילו אן הונדערסטן מאל אויכעס,

אבער בפרט נאך אז מ׳וועט מחלים זיין (נים אין א ענין של גזירה) נאר אין א לשון של הצעה, ותבוא עליהם ברכת טוב און מיט די אלע ענינים, און דער עיקר (נים?) מדגיש זיין דעם טעם הדבר, איז בא א סאך וועט דאס זיכער נתקבל ווערן, דאס איז לדעתי גאר קיין ספק נים, די שאלה איז צי בא אלע? צי ס׳וועט נתקבל ווערן אז ס׳וועט נים קאנען בלייבן קיין רגע פנוי פון לימוד התורה, צי מער נים ווי א קירצערן זמן, אבער ס׳איז א זיכערע זאך אז ס׳וועט צוקומען, אפילו די וואס זיינען נים אין דעם סוג,

כז. און די באווארעניש – אז ס׳זאל נים הייסן אז א ציבור האט מכריז געווען, צי בי"ד האט מכריז געווען, און ער איז פורץ ת"ו אין א ציבור, איז בשעת מ׳מאכט דאס נים אין א לשון של גזירה, נים אין א לשון של ציווי, אפילו נים א לשון של הוראה, נאר עצה טובה קמ"ל, איז דאס לדעתי נים קיין אחריות, דער עיקר איז אז מ׳גיים אויף א אייזערנעם בריק,

דאס איז נים קיין אייגענע סברא, נאר דאס איז (ווי געזאגט פריער) ס׳שטיים בכמה ספרים אז שנת השמיטה דארף מען מוסיף זיין (צי געמאכט געווארן צי א תועלת בדבר) אז מ׳איז מוסיף אין לימוד התורה,

איך א"י איז דאך אין א סאך ערטער וואס מ׳האט מוסיף געווען אין לימוד הל׳ שמיטה, אבער דאס איז דאך שיעורים מיוחדים, און ווי מ׳האט מיר געזאגט אז דאס איז נים מ׳האט מוסיף געווען אין זמן, מ׳האט נאר משנה געווען דעם ענין הלימוד, אז מ׳לערנט א ענין שהז"ג לערנט מען הל׳ החג בחג אדער שמיטה בשמיטה,

אבער דאס וואס לדעתי האט מען געדארפט פשוט מדגיש זיין, אז פונקט ווי ס׳איז געווען בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, וואס דעמאלט איז געווען לכל הדעות מדאו־רייתא מיט׳ן גאנצן פטורעם, און במילא האט מען זיכער מוסיף געווען בלימוד התורה, שטיים דאך אף שבה אויכעט אז ויקהל משה אז בקהיל קהילות ברבים, מ׳דארף שבת קובע זיין לימוד התורה,

ערשטנס קען מען דאס מחלים זיין אין אלול וואס בא א סאך איז דאס אנגענומען באלול אויכעס, און דערנאך דארף מען האבן אז מה"כ ס׳בלייבן אויף שנה השמינית אויכעס, אז מ׳וועט זיך צוגעוויינען אין שנת השמיטה אז מ׳זאל לערנען מערער וסעמו וראו –

אז ס׳איז גאר א געשמאקע זאך, וועט משמבא בלייבן דערנאך רישומו ניכר אויף שנה שלאחרי זה,

דערנאך דארף מען דאך האפן אז ס׳וועט קומען משיח בינתיים, דאס איז מען באווארנט פון עס, אבער אעפ"כ דארף מען צו־העלפן.

דער ? ברייננגט – ס׳איז גאר געווען א החלטה, וויבאלד אז ס׳איז בלבבך איז שוין דעמאלט דא דער שכר שבדבר.

כח. ס׳האט א ספעציעלע שייכות צו היינטיקע סדרה אויכעס, והי׳ כי הבוא אל הארץ אשר נתנו ה׳ אלקיך נחלה, און דערנאך וועט זיין וירשתה וישבת בה, ישוב הארץ לאמיתתה איז בשעת מ׳לערנט דארט תורה און מ׳איז דארט מקיים מצווה, איז דעמאלט ווי ער זאגט אין בחוקותי ווערט ארץ אשר עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית השנה ווערט דאס א ענין שבגלוי,

אז מ׳זעט אז ס׳קומט צו נאך א שיעור, צי נאך א לימוד, דאס איז דער עיני ה׳ אלקיך,

מ'קאן זעען אין ירושלים מיט מעשר שני, מ'פלעגט עולה לרגל זיין אין ירושלים פלעגט זיין ישראל במעמדם, ולוין בדוכנם, וכהנים בעבודתם, איז ער אוועק גיגאנגען מיט יראת ה' פון דארט.

*  *  *

כט. אד"ש: דער חתן בלייבט מסתמא אין א כולל?

? : שישאר שנתיים באמריקה ואח"כ יסע לא"י,

אד"ש: אבער אין אמריקה איז דאך אויך דא אדער חיוב פון לימוד התורה איז דאך קיין נפ"מ ניט צי בארץ צי בחו"ל אין חו"ל דארף מען האבן מערער לימוד התורה, די חכמים זאגן דאך אז אין תורה כתורת א"י פון "וזהב הארץ ההיא טוב" - דארף מען דאך לערנען אפ אזוי פיל ביז וואנעט ער קומט צו לימוד פון א"י.

אד"ש: ער איז געבארן געווארן אין א"י?

? : כן

אד"ש: דעמאלט איז כתרי מינייהו כחד מינן צוויי מאל אזוי פיל, און נאך בקדושה ובטהרה

וויבאלד אז ער איז מוסיף אין הל' ת"ת, אז אזוי איז רחיים על צוארו און א עוסק בתורה, נאך וויבאלד אז בן שמונה עשרה לחופה, איז ב' וג' שנים איז ניטא דער ענין פון רחיים על צוארו , איז דערפאר ווען ער איז בן עשרים הויבט זיך אן דער ענין, אזוי איז דער פסק הלכה אין הל' ת"ת, שסיים אז ב' ג' שנים כו',

ביי אייך ווייסט איר נאך ניט?

רכ"ק: שלא יודע בינתיים.

אד"ש: מ'דארט זיך . אז ס'איז דא א כולל אויכעט?

הנ"ל: שמסתמא ילך לכולל, והוא ידע יותר ממני ללמוד,

אד"ש: בכל אדם מתקנא חוץ מבנו ותלמידו,

רפ"מ: שהוא לא מקנא את החתן,(לא מרגיש),

רמ"ק: שבכללות לא מקנא לחתן,

אד"ש: מ'דארף וויסן צי דאס איז א מעלה, אויב ס'איז קנאת סופרים תרבה חכמה איז דאך גאר א מעלה בדבר, ותקנא רחל באחותה איז ע"ד ווי קנאת סופרים,

אד"ש: ער איז א נאמען נאכן שפת אמת,

ל. ס'האט זיך אמאל גערעדט וועגן דעם לימוד פון שפת אמת, אויף אפ-צודרוקן ס'רא נאך עפעס אויף צו דרוקן? קיין ענינים חדשים ניט געפונען, קיין כתבים?

רפ"מ: שבהשפת אמת אין ומהחדושי הרי"ם יש אולי,

אד"ש: מ'האט מסתמא בא-האלטן ערגעץ אין פולין אויכעט

הנ"ל: כן ועוד משהו תביא אבל עכשיו לא יודעים איפה

אד"ש: איך האב געהערט אז מ'האט עפעס געבראכט?

הנ"ל: אבל זה לא ברור אם זה כת"י וכו' וכו'.

אד"ש: די תלמידים האבן אויך ניט פארשריבן, ווייסט מען ניט.

אויב סיי-ווי-סיי רשימה פון תלמידים קען מען דאך מוסיף זיין מראי מקומות (וכל אחד ואחד אומר אחרת?). איך האב געפרעגט האט מען מיר געזאגט אז ס'איז דא א קבלה צי א מסורה אז מ'זאל ניט מאכן,

הנ"ל: שהחדושי הרי"ם כתב אבל בלי מראי מקומות.

אד"ש: מ'האט דאך געקענט מוסיף זיין לבסוף.

דער גאנצער ענין פון ציונים לתורה איז דאך אויכעט צו געקומען אין שלמה המלך׳ס צייטן, איז דאך א סימן אז ביז שלמה המלך איז ניט געווען קיין מראי מקומות, און ניט קיין ציונים,

ס׳איז דא א סיפור (איך ווייס ניט , איר האט עפעס א קבלה אויף דערויף?) אז דער מהלב"ך איז ניט געווען צופרידן פון בית יוסף וואס ער האט מעביר געווען די ... און האט געזאגט אז מ׳דארף ניט אנקומען מ׳זאל אן ווייזן וואו ס׳רעדט זיך אין גמרא ושו"ת וראשונים בזמן הבית יוסף,

און מ׳האט עס פארהערט, און מ׳האט געמוזט מודה זיין, ביז עפעס אין א ארט האט ער פארגעסן וואס עס שטייט, און ער האט געזאגט אז דאס איז א עונש פאר עס דערפאר וואס ער איז ארויס אנטקעגן דעם ,

און דעמאלט געזאגט אז מצד עצמו וואלט ער אויכעט געטאן.

לא. מ׳געפינט דאך א פלא דער רמב"ם שרייבט דאך בפירוש אויף זיך, אז ער האט ניט געמאכט קיין מראי מקומות, און דערנאך איז ער זיך מצטער, און אז מ׳האט בא עם געפרעגט האט ער אן געוויזן אז ס׳שטייט אין יבמות און מסתמא איז אין יבמות ניטא נאר אין גיטין, מצד די מראי מקומות ???

אבער דער רמב"ם אליין איז דערנאך זיך מצטער פארוואס ער האט ניט געמאכט מראי מקומות, וואס דארף מען האבן, ס׳איז די בעסטע ראי׳ ווייסנדיק אז יעמאלט איז געווען ציונים בתורה צו "מחבל לחבל", און דערפאר איז תלמידים מתקיימים בה אין יהודה און אין גליל,

און דערנאך איז בדידי הוה עובדא פשוט אז ס׳פעלט א מראה מקום, איז אמאל פעלט פסוק אין הבנה, אז מ׳גיט א קוק אינעווייניק איז אותיות מאירות,

אמאל איז גאר געווען די ענינים פארקערט, גדולי ישראל האבן גאר ניט געוואלט אז מ׳זאל דרוקן זייערע ענינים, מ׳זאל מעתיק זיין, און מפרסם זיין -

און דערנאך, איז איצטער זעט מען ניט איצטער געדאכט, וואס מ׳זאגט אז ס׳איז פארברענט געווארן, הלווי וואלט מען דעמאלט ניט געפאלגט, און מ׳וואלט דאס אפגעדרוקט, וואלט ראט מאקע געבליבן בשלימות,

הנ"ל: שזוכרים בע"פ וכשזה כתוב אחרים גם יוכלו ללמוד,

אד"ש: אפילו בזמנינו זה אפילו דער וואס געדיינקט, איז איננו דומה אז ער לערנט האט מהוך הכתב, זעט מען בפועל אז ס׳איז גאר כיט א טיפערן לערנען ? נאך אמאל ? דער ענין פון אותיות מחכיבוה צו אותיות מאירוה צו אותיות מכביר׳,

מ׳דערציילט אויפן צ"צ אז אמאליקע צייטן זיינען ניט געווען קיין לעשערס (מכבי אש) כיט אלע זאכן, נאר מ׳פלעגט דאס אליין מאכן אויף א פארבארגטן אופן, און ס׳איז געווען די הייזער געבויט עפ"י רוב פון עצים וכיו"ב, און רח"ל מ׳פלעגט זיין אפט דארטן שריפות,

און דערפאר איז געווען רגיל מזכן לזכן אז מ׳פלעגט האלטן די כתבים ניט אין איין ארט נאר פאנאנדער טיילן,

און דערנאך איז געווען א שריפה און ס׳איז פארברענט געווארן כו"כ ביכלאך,

האט ער דערנאך געשיקט זוכן אפשר איז געבליבן בא איינעם,

האט בא עם געפרעגט איינער פון די קינדער בא עם, מאמע, דו האסט דאך אליין געזאגט אז מ׳זאל ניט קוקן אינעווייניק? און עאכו"כ אזוי,

האט ער געזאגט: מ׳האט ניט געדארפט פאלגן,

לב. הנ"ל: מיש ספרים של הכהר"ש שמודפסים ויש שהם מודפסים בכת"י, האם יש בזה?

אד"ס: דאס איז געווען פשוט אז דער שוועד האט זייער משבח געווען ר׳ שמואל סופר וועכענס ס׳איז געווען זיין כת"י, און האט געזאגט אז זיין פאטער האט אים משבח געווען און וויבאלד אז מ׳איז געווען זיין כת"י, האט מען דאס

געדרוקט מיט א פאטאסטאט, און די וואס ס'איז נים געווען, גלאט אזוי פון א פעתיק האט מען געדרוקט אין אותיות מרובעות,

און דערנאך האט מען גערען בפועל לערנט מען אסאך מערער דאס וואס מ'האט געדרוקט מיט אותיות מרובעות, ווי די וואס איז געדרוקט פון כת"י, ס'איז פשוט לייכטער,

היינטיקע צייטן זעט מען אז מ'דארף זוכן אלע-ערליי עצות אז ס'זאל זיין א ריבוי אין מספר הלומדים – אז מ'דארף דאך האבן אותיות מרובעות ווייל התנאה לפניו במצות ס'זאל זיין קלף נאה צי נייר נאה צי דיו נאה...

דארף מען זיי נאכגעבן, אבי ס'זאל צוקומען נאך איינער וואס לערנט נאך א פאר וואס לערנען,

און דערפאר איז מראי מקומות וואלטן אויפגעטאן א גרויסן ענין, ווער רעדט נאך מאכן א מפתח ענינים וואלט נאך מערער מוסיף געווען,

און דערנאך איז ווי די גמרא זאגט דאס איז פשוט אן עצה, אז מ'זאל זיין "מקיים תלמודו", איז דאס בשעה ס'איז דא סימנים בתורה ציונים בתורה,

לג. הנ"ל: שאדמו"ר מבעלז הי' לו כת"י של קבלה (בתורת הסוד) והי' כתוב בהקדמה שבכדי ללמוד צריכים לצום ארבעים יום וטבילה,

אד"ש: בשעת דער שווער איז אהערצו געקומען (באזעצן זיך אין נ.י.), האט מען געהאט טענות אויף עם אז ער איז צופיל מקרב די וואס זיינען רחוקים,

האט מען געזען אז די טענה אזוי דערנעכט נים, האט מען געזאגט אז ס'איז דא א בפירוש'ער דיבור אין שו"ע הר"ב אין די לעצטע סימנים צי אין דעם מעין – בעלין ולא מורידין,

האט דער שווער געענטפערט צו עם אז ס'איז דא אין שו"ע 4 חלקים, יעדער חלק האט דאך הונדערטער און הונדערטער סימנים צי אפאר הונדערט צי הונדערט – אסאך סימנים –

דאס איז פון דעם לעצטן חלק אין די לעצטע סימנים איז ער עם מציע אז פריער זאל ער מקיים זיין אלץ וואס ס'שטייט אין די סימנים ביז סיכן ת"כ פון חו"מ, און בשעת ס'וועט בלייבן מער נים ווי דער סימן ה"כ, וועט ער דעמאלט פארנעמען ז זיך מיט..

אז מ'זאל פאלגן וואס ס'שטייט אין די ענינים, און דערפאר זאל מען דאס אפ-לייגן?

לד. ר' חיים וויטאל האט געהייסן אז מ'זאל די כתבים זיינע באהאלטן מיט עם צוזאמען – און דערנאך שטורמט מען אז מ'זאל דאס לערנען!

הנ"ל: היום בכלל יש קצת אנשים שלומדים קבלה וכו',

אד"ש: אבער נים מצד דערויף וואס ר' חיים וויטאל האט מקפיד געווען, ס'איז מסתמא מצד אנדערע טעמים,

רפ"ב: מבהאו"ח משמע שלפני שלומדים נסתר צריכים שיהי' לימוד התו' לשמה כו',

אד"ש: מ' איז דא די הקדמות לזה מיט אלע הכנות –

אבער אעפ"כ מ'דארף נים האבן מורא –) לעולם ילמד אדם שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה –

איי וואס זיי האבן געמאכט הגבלות – זאגט מען אז דאס איז געווען בזמן ההוא, און דאס איז געווען הגבלות פאר די תלמידים.

מ'זעט דאך גופא אז ר' חיים וויטאל שרייבט אין די הקדמה ווי אזוי אז דער גאנצער ענין ארוכות הגלות – מצד דערויף וואס מ'לערנט דאס נים. אז מ'לערנט נים חכמת הקבלה, חכמת הסוד, און איז גורם בזה א אריכות הגלות!

הנ"ל: בשלא לשמה הכוונה שיבאו לשמה, וכשאחד לא הגיע לדרגת לשמה, אסור לו ללמוד,

אד"ש: בשעת ס'איז דא א דין אין שו"ע, און מ'וועט אנהויבן לערנען פשטים, ווייסט מען ניט צו וועמען מ'וועט זיך אפשטעלן? -

בשעת אז ס'שטייט לעולם ילמד אדם תורה שלא לשמה, ובפרט נאך ווי דער רמב"ם איז דאס מסביר, אז דאס איז גאר דער סדר הטבע - אז לערנען תורה קען מען ניט לערנען (להתחיל) פון לשמה, דאס איז שייכות בשעת ער קומט שוין צו דרגות,

הנ"ל: שלא לשמה ה"ז ע"ד רפואה לחולה ולא כל אחד יכול לקחת את הרפואה, כלומר, כשאחד לוקח הרבה זה יכול להזיק לו ועד"ז בתורה,

אד"ש: בכל אופן (ווי געזאגט), בשעת דערנאך ווערט דאס אראפ אין א פסק דין אין שו"ע -

איז די ערשטע זאך דארף מען מקיים זיין כפשוטו לערנען אן קיינע תנאים,

ס'שטייט דאך נאך מערער, ובפרט אז דער אלטער רבי ברייגנט דאס אויבעט אראפ אין הל' ה"ה אלס א פס"ד:

אז בשעת דער וואס איז ניט אין דער דרגא - שלא כדבעי, איז די תומ"צ וואס ער לערנט, איז מוסיף חיות אין דעם צד שכנגד...

און דערנאך זאגט ער אז אעפ"כ דארף ער לערנען (די שאלה איז נאר צי דער מלמד דארף כיט עם לערנען) ווי זורק אבן למרקולית וויבאלד ער לערנט שלא לשמה, אבער דאס אלץ איז גערעדט געווארן וועגן דעם וואס מיט עם לערנען -

בנוגע אבער צו עם אליין, איז דאס קיין שאלה ניט אז ער דארף לערנען, און דערנאך איז בתוך שלא לשמה בא - וועט ער זוכה זיין וועט דאס עם ארוים נעמען, מה המאור שבה מחזירה למוטב,

הנ"ל: הלווי אותי עזבו...

אד"ש: ואת תורתי שמרו!

הנ"ל: תורה מגינה ומצלה שייך גם בשלא לשמה,

אד"ש: ניט נאר דאס איז שייך, פארקערט דאס איז גאר וויבאלד מ'זאגט אז מתוך שלא לשמה בא לשמה, איז א סימן אז דאס איז דער וועג און דאס איז די אמצעי וואס דורך דעריויף וועט ער קומען צו לשמה.

* * *

לה. אד"ש: ווי לאנג בלייבט איר נאך דא?

רפ"ב: עשר ימים לערך,

אד"ש: באזוכן דא אנדערע ערטער אויכעט?

הנ"ל: שכבר ביקר כאן בכמה בקהלות

אד"ש: די גערער שטיבלאך די וואס איז דא אין די אנדערע שטעט אחוץ נ.י.?

הנ"ל: שיש בהי כנסת בלוס-אנג'לעס ובשיקאגא אבל זה פשוט קשה לו לנסוע לשם,

אד"ש: אין אנדערע שטעט איז דאס סילטולא דגברא!

הנ"ל: וחוץ בזה הוא ראה כבר הרבה בחהונה של בנו,

אד"ש: אז מ'באזוכט יענעם במקומו איז דאס עם מסתמא מערער מחי', אז מ' ב'קומט אהער, איז פארקערט - מ'קומט אהער,

בשעת אבער מ'קומט צו עם אהיים און דארט רעדט מען מיט אים עפעס, וועט דאס אים מערער מחי' זיין וכו'.

און דערנאך איז היינטיקע צייטן איז געווארן אז איטסער איז דאך א וועלט וואס מען גייט, און דערנאך האט מען אן געהויבן פארן, און איצטער פליט מען דאך, ניט מ'גייט ניט מ'פארט - מ'האלט אין איין פליען, מ'פליט אז ס'איז געווארן א ענין וואס רגע כמימרא,

לו. אז מ'רעדט שוין וועגן פליען, ווי אזוי איז בנוגע צו ענין פון תפלת הדרך, און מיט א ברכה.
הנ"ל: שבדרך לשדה התעופה מברכים תפלת הדרך,

אד"ש: דער ראגאטשאווער(פלעגט דאך האבן אזוינע איין-פאלן), פלעגט זאגן אנקעגן תפלת הדרך - "דרך הנשר בשמים", שטייט דאך א בפירוש'ער פסוק, דעמאלט איז דאס געווען א חידוש, און ער האט נאך געבראכט א ראי' פון פסוק,

הנ"ל: הביא פסוק אחר "מי יעלה לנו השמימה,

אד"ש: ס'שטייט ניט דער לשון "דרך", דא שטייט דער לשון "דרך הנשר",

הנ"ל: בחתן כתוב... שגם יצטרכו...

אד"ש: בא א חתן מאכט מען דאך זיבן ברכות.

לפני שיצאו אמר אד"ש:
א גרויסן ישר כח און נאך אמאל בז"ט,

הנ"ל: שאחיו הרבי ביקש שיםסור (כנראה איזה ספר) ואמר שהוא ביקש שיחן לאד"ש, והתנצל שאחיו מאוד חלש ולכן הוא לא יכל לבוא וכו',

אד"ש: (בנוגע להנ"ל:) איך וועל האבן א געלעגענהייט אויף צו עפענען דאס ...

אד"ש: בשעת מ'רעדט דורך טלפון אויבעט -

מ'האט גערעדט אמאל אויף אריין ריידן די מגילה דורך טלפון הק"ש בחודש אלול,

האב איך געזאגט אז א טלפון הערט מען ניט דעם קול האדם דערפאר וואס דאס איז א קול ברזל שמתנענע. פארוואס איז דאס מתנענע דערפאר וואס דאס איז געווען פון "כוח כוחוי".

איז אז מ'רעדט דורך טלפון איז דאס א קול ברזל שמתנענע,

ובכל אופן זאל זיין א כתיבה וחתימה טובה ולשנה טובה וכתוקה און זאל זיין שמחות בא אידן,

רמ"ק: אמר משהו בנוגע להספרים

אד"ש: לספרא, אז מ'דארף האבן א ארט אויף אריין לייגן נאך א פעקל ספרים

הנ"ל: שרצה להביא כבר את החלק השביעי של(משנה הלכות?) אך מכיון שאד"ש לא הרגיש בטוב וכו',

אד"ש: אזא זאך ארט מיר ניט אפילו דורכן פאסט וכו',

אד"ש: ס'זאל זיין א בנין עדי עד און ס'זאל זיין בשורות טובות און א כתיבה וחתימה טובה.

* * *

רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע״י כ״ק אדמו״ר שליט״א והמקומות שנדפסו שם

תשל״ט ח״ג ג׳



---

הספרים לקוטי שיחות (כרכים א-כד) נסמנו באות המתאימה